יוסף מענדעלסאָן

# אַמאָל אין אַ האַלבן יובל



בועּנאָס איירעס
194



משה פייגענבלום

די איניציאַטיוו צו אַרויסגעבן „אַמאָל אין אַ האַלבן יובל" איז צו פאַרדאַנקען די פריינט: דוד גרויסמאַן, מאַרק טורקאָוו און מ. יאַגובסקי.

אויף דער איניציאַטיוו איז געגרינדעט געוואָרן אַ יובל־קאָמיטעט פון פריינט און לייענער־פאַרערער פונם מחבר, וואָס האָט דערמעגלעכט די רעאַליזירונג פון דער אויסגאַבע.

דער יובל־קאָמיטעט האָט פאָלגנדיקן באַשטאַנד:

דוד גרויסמאַן — פאָרזיצער; מאַרק טורקאָוו — סעקרעטאַר; כוליאָ לעווין — קאַסירער.

מיטגלידער פון אויספיר־קאָמיטעט: אברהם טורניאַנסקי, מרדכי ראָזאָווסקי און משה שענדעריי.

מיטגלידער פון פלענום:

בראָנשטיין מאַנועל, גאַרפונקעל ברוך, גערשונאָוו אַלבערטאָ, ד"ר משה גאָלדמאַן, מ. גרייווער, ד"ר דוכאָוונע לעאָן, ד"ר העלמאַן יעקב, ווענגראָווער יעקב, ד"ר זינגער יואל, טאָוו משה, טריוואַקס הירש, יאַגובסקי מאַקסימאָ, לעווין מאַקסימאָ, ד"ר מירעלמאַן כאָסע, מאַרגוליאַן בערנאַרדאָ, סטאָליאַר מ., עפּשטיין חיים, קאַזשעס דוד, קאָהן יוסף, ראַבינאָוויטש שמואל, רעגאַלסקי מ., שוסטער ענריקע, שוסהיים א. ל.



א גרופע פריינט און פאַרערער פון יוסף מענדעלסאָן האָבן געהאַלטן פאַר זייער חוב אונטערצונעמען די אויסגאַבע פון דעם דאָזיקן בוך, באַטראַכטנדיק עס אַלס ווירדיקע באַערונג פון יוסף מענדעלסאָנס דריי־פאַכיקן יום־טוב: 50־יאָריקן געבורטס־טאָג, 30־יאָריקן יובל פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט אין אַרגענטינע און 25 יאָר פון אומאיבערגעריסענער טאָג־טעגלעכער מיטאַרבעטערשאַפט אין „די אידישע צייטונג".

דאָס דאָזיקע בוך, וואָס אַנטהאַלט אַן אויסוואַל פון יוסף מענדעלסאָנס שריפטן, באַטראַכטן מיר ניט בלויז ווי אַ מתנה, וואָס ווערט אונטערגעטראָגן אַ יידישן שרייבער צו זיין יובל. דאָס איז גלייכצייטיק אַ מתנה, וואָס דער קאָמיטעט גיט איבער דער יידישער עפנטלעכקייט, די פריינט פון יידישן געדרוקטן וואָרט, די לייענער און פאַרערער פון יוסף מענדעלסאָנס פרוכטבאַרער ליטעראַרישער, פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכער און זשורנאַליסטיש־פּובליציסטישער טעטיקייט.

יוסף מענדעלסאָן געהערט, בלי־ספק, צו די אינטערעסאַנטסטע געשטאַלטן אין דער יידישער ליטעראַטור אין אַרגענטינע: ער האָט פאַרוואָרצלט טיפע שפּורן אין דעם אַרגענטינער יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן, דערציענדיק אַ נייעם דור יידיש לייענער, ביי וועמען ער האָט אַלס זשורנאַליסט געוועקט דעם אינטערעס צו אַלעם, וואָס קומט פאָר אין יידישן לעבן אויף דער גאָרער וועלט; אַלס ליטעראַטור־קריטיקער, באַקענט ער דעם היגן לייענער מיט אַלע וויכטיקסטע דערשיינונגען אין דער יידיש־העברעאישער און אַלגעמיין־וועלטלעכער ליטעראַטור און אַלס פּאָפּולער־וויסנשאַפטלער, האָט יוסף מענדעלסאָן דורך פּאָפּולאַריזאַציעס און פאָרשונגס־אַרבעטן באַוואויגן דעם לייענער צו וואַנדערן מיט אים אין די געמאַרקן פון אונזער עבר.

דערהויבנדיק דאָס יידישע געדרוקטע וואָרט צו דער העכערער מדרגה פון ליטעראַרישן און וויסנשאַפטלעכן באַגריף, האָט יוסף מענדעלסאָן אויף אַ דירעקטן אופן מיטגעווירקט צום וואוקס פון אונדזער יונגן ישוב און האָט דעריבער פאַרדינט אונדזער אַלעמענס אַנערקענונג און דאַנקבאַרקייט.

די אויסגאַבע פון דעם דאָזיקן בוך, איז דעריבער אַן אויסדרוק פון אַנערקענונג און דאַנקבאַרקייט צו יוסף מענדעלסאָן פאַר זיין ביז־איצטיקער טעטיקייט, און זאָל עס גלייכצייטיק דינען אַלס סטימול פאַר אים אין זיין ווייטערדיקן ליטעראַרישן און פּובליציסטיש - וויסנשאַפטלעכן שאַפן.

דער יובל - קאָמיטעט.

# אַמאָל אין אַ האַלבן יובל

דער נאָמען פאָדערט אַן אָנמערקונג, כדי דעם לייענער זאָל קלאָר ווערן דער פאַרוואָס.

דער מחבר פון די אַרבעטן און אַרטיקלען, אַריינגענומענע אין דעם בוך, איז אויסן געווען צו באַצייכנען מיטן נאָמען נאָר אַ טאָט־זאַך: עס איז געוואָרן אַ האַלבער יובל זינט דער מחבר האָט פאַרבונדן זיין לעבנס־גורל מיט „די אידישע צייטונג" (דעצעמבער 1917), נאָכדעם, ווי ער האָט פינף יאָר פאַר יענעם דאַטום אָנגעהויבן זיין זשורנאַליסטישע אַרבעט מיט אַן אַרטיקל, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין דער דאַן דערשינענער צוויי־וואָכן־שריפט „די יודישע האָפנונג" (דעצעמבער 1912).

דער נאָמען פונם בוך דאַרף גענומען ווערן, פאָלגלעך, פשוטו כמשמעו: סאיז אַ מין אָפּקלייב פון איניקע פון די פיל אַרטיקלען און אַרבעטן, וואָס דער מחבר האָט פאַרעפנטלעכט —הויפּטזאכלעך אין „די אידישע צייטונג"— אין לויף פון דעם האַלבן יובל יאָרן, וואָס ער איז טעטיק אין דער דאָזיקער צייטונג, אַלס איינער פון אירע רעדאַקטאָרן.

עס איז אַ צופעליקער אָפּקלייב, אָן אַ כוונה, אָן אַ ספּעציעלן פּלאַן, אָדער אַבזיכט צו שאַפן אַן אָרגאַניש גאַנצן בוך.

דער מחבר פון די זאַכן, צוזאַמענגענומען אין די ווייטערקומענדיקע דפים, איז מיט דער מיינונג, אַז אַ בוך דאַרף ווערן געשריבן אָדער געשאַפן ל ש מ ו; מיט דעם געדאַנק און כוונה למפרוע צו ש אַ פ ן אַ ב ו ך. אַ זאַמלונג פון אַרטיקלען און אַרבעטן צופעליקע, געשריבענע אין לויף פון יאָרן, אונטער אומשטענדן, שטימונגען און באַדינגונגען פאַרשיידענע, אונטער אַ געמיט־צושטאַנד אַ פאַרשיידענעם, אַרויסגערופן אָדער אָנגערעגט צום שרייבן דורך אַ טאָג־ אָדער צייט־געשעעניש, דורך אַ דאַטום פון געשיכטע־אינהאַלט, אָדער דורך אַ יובל אָדער יאָרצייט־דאַטום, אַזאַ זאַמלונג פון אַרבעטן — מעג אפילו זיין, בעין, אַ געוויסע איינהייטלעכקייט, אינם מהות און אין דער פאָרם פון די דאָזיקע זאַכן — קען ניט ווערן אַ ב ו ך אין דעם אייגנטלעכן, אָרגאַנישן זינען פונם וואָרט „בוך", נייערט עס פאַרבלייבט אַ זאַמלונג פון אַרבעטן אין ב ו ך־ פ אָ ר מ אַ ט אַ ר ו י ס ג ע ג ע ב ע נ ע, אַ מין זאַמלבוך, אָדער אַנטאָ־לאָגיע פון איין מחבר.

און, אַזוי ווי דער מחבר איז אַ ט אָ ג ־ אַ ר ב ע ט ע ר ביים אי־דישן זשורנאַליזם און דער טאָג, מיט זיין קורצאָטעמדיקייט און אינטענ־

סיווקיט האָט פאַרשלונגען זייט אַ האַלבן יובל יאָרן זיין זשורנאַליסטישע און — אפשר אויך פובליציסטישע — אַרבעט, האָט ער, דערום, ביז איצט נים געהאַט, ניט געפונען קיין צייט צו אָנשרייבן אַ בוך, ווי ער דענקט אַז אַ בוך דאַרף זיין געשריבן: „לשמו ולשמה ולשם בוך"... און אַרויסגעבן ביכער פון פובליציסטישע אַרבעטן, געשריבענע לכתחילה פאַר אַ טאָג-צייטונג, אונטער דער אָנרעגונג פון טאָג-געשעענישן, דאַטומס און טאָג-שטימונגען, האָט דער שרייבער פון די שורות געהאַלטן פאַר אַ ניט נויטיקע, אויב ניט איבעריקע זאַך...

זיינען, אָבער, געקומען פריינט און לייענער, און האָבן געטענהט, אַז איינמאָל אין אַ האַלבן יובל מעג מען עובר זיין אויף אַ פרינציפּ און לאָזן אַרויסגעבן אַ זאַמלונג פון אַרטיקלען, אָפּהאַנדלונגען און אייניקע פובליציסטישע אַרבעטן, ווען זיי זיינען אַפילו געשריבן געוואָרן נאָר פאַרן טאָג אָדער אין שייכות מיט אַ טאָג-געשעעניש...

אַמאָל אין אַ האַלבן יובל — האָבן אייניקע פריינט פּרובירט דעם מחבר צו איבערצייגן — מעג מען זאַמלען אַ קליינעם טייל פון דעם וואָס איז פינף-און-צוואַנציק יאָר געשריבן געוואָרן, טאָג-איין טאָג-אויס, אונטער דעם דראַנג פונם טאָג, וועלכער איז דער האַר און דער באַפעלער איבער יידישע צייטונגס-שרייבער.

דעם אמת געזאָגט, האָבן זיי מיך ניט איבערצייגט; אָבער דאָס בוך, ווי די לייענער זען, דערשיינט פאָרט; און כדי טאַקע עס זאָל ניט געמאַכט ווערן קיין טעות און כדי מען זאָל ניט מיינען, אַז כ'האַנדלט זיך וועגן אַ בוך אָן אָרגאַנישן, האָט דער מחבר געפונען פאַר דאָס בעסטע, אַז דורך דעם נאָמען זאָל גלייך ווערן דערקלערט דער כאַראַקטער און דער מאָטיוו פון דער דאָזיקער זאַמלונג פון אַרטיקלען; און פאַר דעם דאָזיקן מאָטיוו, האָט ער אויך באַצייכנט אונטער יעדער זאַך דעם יאָר-דאַטום, ווען זי איז געשריבן אָדער פאַרעפנטלעכט געוואָרן.

דאָס איז דער פאַרוואָס פונם נאָמען, וועלכער וואָלט, אפשר — אָן דער דאָזיקער פשוטער דערקלערונג — געקענט אויסזען אַביסל מאָדנע, אויב ניט פּרעטענזיעז.

---

דער מחבר פון „אַמאָל אין אַ האַלבן יובל" באַטראַכט, אַליין דאָס בוך — און ער בעט די לייענער אויך צו באַטראַכטן עס אַזוי — ווי אַ זאַמלונג, ווי אַ מין אָפּקלייב פון זאַכן, וואָס ער האָט געשריבן און פאַרעפנטלעכט, באַוואויגן פון געשעענישן, אומשטענדן און געלעגנהייטן, וואָס דער טאָג האָט יעדעס מאָל געבראַכט אָדער אַרויסגערוקט. דאָס זיינען זאַכן געשריבענע אָן פּרעטענזיעס אויף דויערהאַפטיקייט אָדער אויף גרינטלעכקייט: דער טאָג האָט זיי אַרויסגערופן און זיי זיינען, אַמיינסטן געקומען אַלס ענטפער אויף דעם רוף פונם טאָג, פון דער געלעגנהייט, פון דער געשעעניש, צי פונם דאַטום, וואָס איז מיטן טאָג געווען פאַרבונדן.

און ווי זיי זיינען פאַרעפנטלעכט געווען, אַזוי קומען די דאָזיקע זאַכן אריין אינם בוך; וואו ניט וואו בלויז אַן ענדערונג, אַ סטיליסטישע: אַ וואָרט, אַן אויסדרוק, וואָס וואָלט איצט אויסגעזען אַביסל פאַרעלטערט. מער ווי דאָס האָט זיך דער מחבר ניט דערלויבט צו ענדערן.

דער אָפּקלייב איז, ווי געזאָגט, אַ צופעליקער: ניט אַלין וואָס דער מחבר וואָלט געוואָלט אריינעמען אינם „אַמאָל אין אַ האַלבן יובל" האָט געקענט אריינגענומען ווערן און געווים ניט אַלין וואָס ער האָט יאָ אריינגענומען אין דער זאַמלונג איז ראוי געווען אריינגענומען צו ווערן...

פון די פיל און פארשיידענע זאַכן, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט במשך פון פינף־און־צוואַנציק יאָר אינטענסיווער און מיזאַמער זשורנאַליס־טיש־ליטעראַרישער אַרבעט, האָט דער מחבר ביים אָפּקלייב פון די זאַכן אָפּגעשטעלט זיך בלויז אויף דריי באַזונדערע גרופּעס:

1) אַרבעטן, וואָס זיינען אַזוי אָדער אַנדערש פאַרבונדן מיט טעמעס און ענינים פון יידישער געשיכטע — הגם איך זיי זיינען געשריבן געוואָרן אונטער דער אָנרעגונג אָדער אימפּעט פון טאָג און פון זיינע געשעענישן. ער האָט די אַרבעטן פון דער גרופּע, צוועלף אין צאָל, גרופּירט אין ערשטן אָפּטייל פונם בוך אונטערן נאָמען „אין די געמאַרקן פון געשיכטע".

2) אָפּהאַנדלונגען און עטוואָס גרעסערע, אַרבעטן, וואָס באַציען זיך צו אונדזערע גדולים, זיילן פון יידנטום און יידישקייט — זיבן אַזעלכע אַרבעטן — זיינען גרופּירט אין צווייטן אָפּטייל פון דער זאַמלונג, וואָס איז באַצייכנט מיטן נאָמען „זיילן", און:

3) קורצע עסייען, אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען וועגן דער געשטאַלט פון אונדזערע קלאַסיקער און פון שריפטשטעלער בכלל (פּופּצן — אין אונדזערע צוויי שפּראַכן און פיר — שרייבער אין שפּאַניש), זיינען גע־זאַמלט אין דעם דריטן אָפּטייל פונם בוך, באַצייכנטן אַלס „געשטאַלטן".

דאָס איז אַלעס; דאָס איז דער אָפּקלייב פון הונדערטער אַרטיקלען פון ריין־פּובליציסטישן כאַראַקטער און פון עסייען וועגן יידישקייט־ענינים, וועגן פּראָבלעמען פון געשיכטע, ליטעראַטור און וועגן ניט־יידי־שע שרייבער ווי אויך פעליעטאָנען איבער צייט־מאָטיוון א. אַ. וו. וואָס דער מחבר האָט פאַרעפנטלעכט אין יידישע צייטונגען און זשורנאַלן אין אַרגענטינע.

דער אָפּקלייב איז, ווי שוין געזאָגט, אַ ריין צופעליקער; דער קריטע־ריום אָבער וואָס דער מחבר האָט אָנגעהאַלטן, אין דריטן אָפּטייל פונם בוך איז געווען פאָלגנדיקער: ער האָט אין אים אריינגענומען אַמיינסטן אַרטיק־לען און אָפּהאַנדלונגען וועגן שרייבער, וואָס האָבן געהערט אָדער גע־הערן צו דער אָריענטאַציע פון „צוויי שפּראַכן אין איין ליטעראַטור", אַן אָריענטאַציע, וואָס דער מחבר פון די שורות פאַרטיידיקט פונם ערשטן טאָג אָן פון זיין שרייבעריש לעבן און וואָס איז געוואָרן זיין יידיש־שריי־בערישער „אני מאמין".

י. מ.

בועניאָס איירעס, אַפּריל 1943.

# אין די געמאַרקן פון געשיכטע

וועגן אָפּשטאַם פון אַ וואָרט, וואָס באַצייכנט אַ קאַפּיטל אין אונדזער מאַרטירערטום.

אויף דער שוועל פון דער יידישער געשיכטע אין אַמעריקע.

די שווערד פון קאַרל דעם גרויסן.

די גרינדונג פון בוענאָס איירעס.

יידן אַלס אַגריקולטור־פאָלק אין דער פאַרגאַנגענהייט און קעגנוואַרט.

דער תלמוד — אַ גייסטיקער פּראָצעס אינעם יידנטום.

דער פּויפּסט ר׳ אלחנן.

דער יאָרהונדערט פון אַנאָנימע קדושים.

פון די פאַרצייטיקע „אל מלא רחמים׳ס״ ביז קעגנוואַרט.

נאָך אַ וויכטיק ווערק, וואָס מיר האָבן געגעבן דער וועלט.

עטאַפּן אין דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע.

איבער אונדז הויערט דער מיטלאַלטער.

# וועגן אָפּשטאַם פון אַ וואָרט, וואָס באַצייכנט אַ קאַפּיטל אין אונדזער מאַרטירערטום

— 1 —

אַן אַלט וואָרט — עס איז געבוירן געוואָרן אין ליידן און יסורים אין מיטל-אַלטער אויפן פּירענעאישן האַלב־אינדזל און האָט זיך איינגעוואָרצלט, אָבער, ערשט אין דער רענעסאַנס-עפּאָכע, וואָס איז פאַר אונדזער פאָלק געווען, דאָרטן, ערגער, אפשר, ווי דער פינצטערער מיטלאַלטער — אַן אַלט וואָרט וואָס איז מיט בלוט פון קדושים אין פייער פון אויטאָ-דע-פע, איינגעקריצט פאַרבליבן אין די אַנאַלן פון אונדזער געשיכטע אין שפּאַניע, איטאַליע, פּאָרטוגאַל און זייערע קאָלאָניעס אין משך פון דעם 16-טן און 17-טן יאָרהונדערטן, האָט לעצטנס ווידער באַקומען אַקטואַליטעט, אין שייכות מיט די געשעענישן אין שפּאַניע, וועלכע איז פאַר-וואַנדלט געוואָרן אין אַ דעמאָקראַטישער רעפּובליק.

דאָס וואָרט איז „מאַראַנען": אנוסים.

אין שפּאַניע איז פאָרגעקומען אַ רעוואָלוציע: די מאָנאַרכיע, וואָס ערשט מיט געציילטע יאָרן צוריק האָט זי אויסגעזען פעלזן-פעסט, איז אָפּגעווישט גע-וואָרן אין יענעם לאַנד, אין וועלכן עס זיינען אָנגעשריבן געוואָרן אַזוי פיל ליכטיקע און אַזוי פיל פינצטערע דפים אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק.

שפּאַניע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רעפּובליק, צום צווייטן מאָל. די פּראָוויזאָרישע רעפּובליקאַנער רעגירונג פון דער נייער מלוכה האָט אין דע-פיניטיוון אָפּגטן זיך מיט דער קאַטוילישער קירכע אַלס אָפיציעלע מלוכה-אינס-טיטוציע. עס איז אָפיציעל אַנערקענט געוואָרן די פרייהייט פון געוויסן און פון קולט; קיין בירגער וועט ביי קיין שום אָפיציעלן אַקט, אַ שבועה אין דעם כלל, ניט געפרעגט ווערן וועגן זיין רעליגיעזער אָנגעהעריקייט. די זעלבע צייטווייליקע שפּאַנישע רעגירונג האָט איצט געלאָזט אָפיציעל אַנערקענען די יידישע קהלה אין מאַדריד, האָט אָפיציעל דערקלערט גלייכבאַרעכטיקונג פון יידן: און דאָס דאָזיקע מיינט צו זאָגן, אַז דער טרויעריק באַרימטער אין דער געשיכטע אונדזע-רער און שפּאַנישער, דער עדיקט פון די „קאַטוילישע מלכים", דער גירוש-עדיקט פון יאָר ה'רנ"ב (מערץ 1492) איז פּאַקטיש בטל געוואָרן. אין מאַראָקע, אין דעם טייל וואָס געהער צו שפּאַניע, מיט מעליזשע אַלס הויפּט-שטאָט נעמט איצט אַן ענדע צו דער שווערער לאַגע פון רעכטלאָזיקייט, אין וועלכער עס האָבן געלעבט דאָרט די יידן, די אור-אור-אייניקלעך פון די, וואָס זיינען געצוואונגען געווען אין יאָר ה'רנ"ב צו פאַרלאָזן די „טיערראַ באָניטאַ", און די שפּאַנישע רעגירונג האָט איצט ניט נאָר באַוויליקט, נאָר פּאַקטיש גוטגעהייסן די דאָזיקע גלייכבאַ-רעכטיקונג.

עס איז ווי די געשיכטע וואָלט אויפגעמישט צוריק לאַנג פאַרמישטע בלע-טער: עס איז ווי די ראָד פון דער געשיכטע וואָלט זוכן צו טון אַ דריי זיך אויף צוריק און אומקערן זיך צו יענעם ביטערן תשעה-באב פון ה׳רנ״ב, ווען יידן האָבן געהאַט אַ נייעם תשעה-באב, אַן אייגענעם, אַ קעגנוואַרטיקן, און זיי האָבן באַ-העפט פון דאַן אָן די קינות אויף דעם חורבן פון ציון מיט די קינות אויפן חורבן פונם ישוב אין קאַסטיליע, קלאָגנדיק:

— פערדי מי אַמאַדאַ סיאָן,

— פערדי מי אַמאַדאַ קאַסטיליאַ. (1)

עס איז, ווי אומקערן זיך צו יענעם ביטערן תשעה-באב, זוכנדיק צו פאַר-גיטיקן יענע שרעקלעכע אומרעכטן, און וועלן אָנבינדן צוריק דעם פאָדים, וואָס איז דאַן איבערגעריסן געוואָרן.

און צוזאַמען מיט די דאָזיקע געשעענישן ווערן פאַרשפּרייט סענסאַציעס, וואָס האָבן אַ ראָמאַנטישן הויך.

„דריי פון די איצטיקע שפּאַנישע רעגירער, אַלקאַלאַ סאַמאָראַ, פערנאַנדאָ דע לאָס ריאָס און כּאַוראַ זיינען פון דער יידישער אָפּשטאַמונג, פון דער אָפּ-שטאַמונג פון מ אַ ר אַ נ ע ן“.

„די גרעסטע פון די שפּאַנישע פירער שטאַמען פון יידן, פון די אנוסים, פון די מ אַ ר אַ נ ע ן הייסט עס, וואָס האָבן זיך באַונס געשמדט, בעתן גירוש און וועלכע די אינקוויזיציע האָט אַזוי ביטער פאַרפאָלגט, שפּעטער, אין משך פון יאָרהונדערטער: זיי און זייער אָפּשטאַם“.

אַ דריטל פונם שפּאַנישן בלוט, איבערהויפּט צווישן דעם אַדעל און מיטל-קלאַס, איז יידיש בלוט“ — דערמאָנט מען זיך איצט, אַ געפלינגלט וואָרט פון דעם באַרימטן שפּאַנישן שרייבער בלאַסקאָ איבאַניעס, — וועלכער איז געשטאָרבן, ניט זוכה זייענדיק צו זען אין זיין פאָטערלאַנד דעם זיג פון דער רעפּובליקאַנער אידייע פאַר וועלכער ער האָט זיין פאַרמעגן און לעבן אָוועקגעגעבן — די מ אַ ר אַ נ ע ן האָבן זיך אויסגעמישט צווישן אונדז און עס איז ניטאָ קיין איין מער-ווינציקער באַרימטע שפּאַנישע משפחה, וואָס זאָל ניט האָבן יידיש בלוט אין די אָדערן: מ אַ ר אַ נ י ש בלוט.

מ אַר אַ נ ע ן — דאָס וואָרט, וואָס איז מיט בלוט און פייער פון אינקווי-זיציע ענויים איינגעברענט געוואָרן אין דעם לייב פון אונדזער אומה דורך דעם סאַנטאָ-אָפיסיאָ: דאָס וואָרט, וואָס רופט אַרויס בילדער פונם ווייטן עבר, איינ-געהילטע אין דעם ראָמאַנטישן שלייער פון מאַרטירערטום; דאָס וואָרט וואָס רופט אַרויס אידעען-פאַרבינדונג מיט אַ יידישקייט, וואָס ווערט אין היילן אָפּגע-ריכט, מיט שולן-קאַטאַקאָמבעס, רבנים און כלי-קודש, וואָס זענען עס נאָר אין דער טיפעניש פון דער אונטערערד און זיי זיינען אויבן און ביי דער ליכט פונם טאָג, מאָנאַכן - דאָמיניקאַנער, גלחים - פראַנציסקאַנער, דינער אין די הייליקע קאָנווענטן; און אפילו שרים און ראַטגעבער פון די מלכים פון שפּאַניע-און-פּאָרטוגאַל און צומאָלס אפילו פּאַרטרויאונגס-לייט פון די גרויס-אינקוויזיטאָרן פון טרויעריקער באַרימטקייט, ווי דאָן פּעדראָ דע אַרבועס, אַגילאַר, מאַנריקע און מורילליאָ.

---

(1) כ׳האָב פאַרלאָרן ציון מיין ליבע, כ׳האָב פאַרלאָרן מיין געליבטע קאַסטיליע.

מ א ר א נ ע ן — דאָס וואָרט ארום וועלכן עס זענען געוועבט געוואָרן פּרעכטיקע טרערן-לעגענדעס, תפילות און נגינות, אָפּערעס, אָפּערעטעס, ראָמאַנען און דערציילונגען.

מ א ר א נ ע ן — דאָס וואָרט וואָס רופט ארויס אין געדאנק און אין זכרון די תפילות, וואָס „שפּאַנישע" מאַטראָנעס, מוטערס און טעכטער פון אנוסים און אליין מאַראַנען פלעגן שבת פאַרנאַכט, קניענדיק, לפנים, אין קלויסטער פאַר דעם בילד פון דער „הייליקער בתולה", צניעותדיק פליסטערן, מיט פאַרטרערטע אויגן און אַ נאָגנדיק האַרץ, פּונקט און אין דער זעלביקער צייט ווי אונדזערע מאַמעס און באָבעס וואָס פלעגן טון פליסטערן דעם „גאָט פון אברהם" יעדן שבת-צו-נאַכט.

— אָ, סעניאָר דע אבראַהאַם, דע איסאַק, דע כאַקאָב, אָ, סאַנטאַ סאַראַ, סאַנטאַ מאַדרע רעוועקאַ, ע' מאַדרע ראַקעל — בענדיגאַ נאָס אי אָל פּועבלאָ פּערעגרינאָ (2).

מ א ר א נ ע ן — דאָס דאָזיקע וואָרט האָט אָפּגעטרייסלט פון זיך דעם שטויב פון ראָמאַנטיזם און ווערט אַקטועל, קעגנוואַרטיק: עס דערמאָנט אָן זיך איצט, טאָג איין טאָג אויס, פון דער מיט פון דער צייטונגס-וואָכעדיקייט; שוין ניט דורך די מוזיקאַלישע טרוימערייען פון אַ האַלעווים אָפּערע.

דאָס וואָרט וואָס האָט אזאַ שאַרפן קאַנטיקן פּלאַץ אָנגעצייכנט אין אונדזער געשיכטע פון די ערשטע יאָרהונדערטער פון רענעסאַנס-צייט און איז ביז היינט-צו-טאָג פאַרבליבן אַ זידל-וואָרט אין שפּאַנישן רייד-אַרט, און קליין און גרויס וואָס באַנוצן דאָס דאָזיקע וואָרט ווייסן צומאָלס ניט דעם טייטש, דעם אָפּשטאַם. פון דעם, די וויכטיקייט פון דעם, די טיפקייט פון די דערינערונגען, פאַרהערלעכט דורך פּיין און יסורים פון אַן אומה. וואָס דאָס דאָזיקע וואָרט רופט ארויס — הערט אויף צו זיין אַ זידל-וואָרט, ווערט אַ בכבודע באַצייכנונג אין שפּאַניע, פּונקט ווי עס איז שוין לאַנג געוואָרן אַ בכבוד וואָרט ביי אונדז יידן.

די שפּאַנישעווירקלעכקייט, וואָס שטרעבט אָפּצואַווישן די שפּורן פון דעם גרעסטן אומרעכט אין דער געשיכטע, פאַרהערלעכט איצט דאָס דאָזיקע וואָרט, מאַכט פון דעם אַ באַצייכנונג פון כבוד און אַכטונג.

מאַראַנען — וואָס האָט באַדייטעט דאָס דאָזיקע וואָרט אַמאָל. ווען עס איז אַנטשטאַנען אין שפּאַניע נאָך די ערשטע, שרעקלעכע רדיפות אויף יידן אויף די באַלעאַרן-אינדזלען?

מאַראַנען — פון וואַנען שטאַמט דאָס דאָזיקע מיט טרערן פון פּיין און מסירת-נפש אָנגעזאַפּט דריי-זילביק וואָרט — מאַראַנאָ.

און — איז טאַקע זיכער, אַז דאָס דאָזיקע וואָרט איז פון שפּאַנישן שפּראַך-אָפּשטאַם?

— 2 —

פאַראַן ווערטער, וואָס זיי אליין באַצייכנען, רופן אַרויס אין זכרון אַן עפּאָכע אַ היסטאָרישע, רופן אַרויס דאָס בילד פון אַ גאַנצן לעבנס-קאָמפּלעקס,

---

(2) אָ, האַר פון אברהם, פון יצחק, פון יעקבֿ, אָ, הייליקע שרה, הייליקע מוטער רבקה און מוטער רחל — בענטש אונדז און דאָס פאָלק וואָס וואַנדערט אום אין גלות.

וואָס האָט זיך געצויגן דורות-לאַנג, און עס איז געווען, אַז מען זאָל דאָס דאָזיקע וואָרט דערמאָנען, אַז עס זאָל פּאַקטיש שוין ניט זיין נויטיק צו געבן לאַנגע דערקלערונגען און שילדערונגען וועגן דער לאַגע, וואָס האָט דאַן געהערשט, וועגן דעם לעבנס-שטייגער, וואָס האָט אין יענע לענדער אָנגעהאַלטן —

ווערטער באַרימטע, עפּאָכע-באַצייכנענדיקע.

וואָלט דאָך דאַכט זיך געדאַרפט קלאָר באַקאַנט זיין דער אָפּשטאַם פון אַזאַ וואָרט, זיין שפּראַכלעכע גענעאַלאָגיע אַזוי צו זאָגן, זיין יחוס: מען וואָלט געדאַרפט וויסן ווי אַזוי דאָס דאָזיקע וואָרט איז געבוירן געוואָרן, אַנטשטאַנען, די גלגולים וואָס עס האָט דורכגעמאַכט ביז עס האָט באַקומען די באַצייכנונג און דעם כאַראַקטער, וואָס דאָס וואָרט האָט אין זיין דעפיניטיווער פאָרמאַציע. צום סוף ווייסט מען עד היום ניט גענוי ניט זיין יחוס, ניט זיין געבורט-אָרט, ניט זיין שפּראַכלעכע מעטריקע: און לינגוויסטן האָבן נאָר איין ברירה: אַרויס-זאָגן השערות און סברות, איינע שאַרפזיניקער און האָרעשפּאַלטנדיקער פון דער צווייטער און אַלע צוזאַמען ניט מער ווי השערות, וואָס זיינען נאָך אַלעמען אַ פּראָדוקט פון דער רייכער פאַנטאַזיע פון וויסנשאַפטלער-לינגוויסטן.

דאַכט זיך, וואָס קען זיין שיין-רעדנדיקער און מער בילדעריש, ווי דאָס וואָרט „ג ע ט אָ“, וואָס רופט אַרויס אַזוי פיל טרויעריקע און פרייע לעכע בילדער פון דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט אין דעם כוח-הרמיון פון דעם, וואָס רעדט אַרויס דאָס וואָרט: אַ גאַנצע היסטאָרישע עפּאָכע רופט עס אַרויס, אַן עפּאָכע וואָס האָט זיך דורות-לאַנג געצויגן פאַר יידן אין די לענדער פון מיטל, פון מערב און פון דרום־אייראָפּע — און:

ווער וועט מיט זיכערקייט קענען באַהויפּטן וועגן דעם לינגוויסטישן אָפּ-שטאַם און פאָרמאַציע פון דעם וואָרט „געטאָ“?

עס זענען געשריבן געוואָרן אַ שפּאָר ביכל מאָנאָגראַפיעס וועגן דעם און יעדער מאָנאָגראַף זאָגט אַרויס אַן אַנדער סברה, גיט אָן אַן אַנדער אָפּשטאַם פאַרן וואָרט, ווייזט אַרויס אַן אַנדער לינגוויסטישע שאַרפזיניקייט, — איז פון דעם אַליין שוין צו דרינגען, אַז אַלע צוזאַמען טאַפּן זיי אין דער פינצטער: און קיי-נער פון זיי איז ניט ביכולת צו דערווייזן מיט פולער זיכערקייט, אַז זיין סברה איז די פּינקטלעכע, די אַבסאָלוט ריכטיקע.

דאָס זעלבע געשעט מיטן וואָרט „מאַראַנאָ“, אין באַצייכנונג צו אנוסים, צו די „נייע קריסטן“, ווי מען האָט גערופן די אנוסים אין פּאָרטוגאַל: מען ווייסט ניט גענוי, און קיינער וועט ניט זיין ביכולת צו אָנווייזן מיט אַבסאָלו-טער זיכערקייט, אויף דעם טייטש און אָפּשטאַם פון וואָרט: אויף זיין עטנאָ-לאָגיע און עטימאָלאָגיע: קיינער וועט ניט זיין ביכולת צו אָנווייזן, אַז דאָס דאָזיקע וואָרט, וועלכע קינדער און דערוואַקסענע וואָס רעדן אין שפּאַניש, באַ-נוצן עס אַלס זידל-וואָרט — דערפאַר, ווייל אַן ענלעך וואָרט צו דעם באַדייט אין שפּאַניש און פּאָרטוגעזיש „חזיר“ (מאַרראַנאָ) — איז ווירקלעך אַ שפּאַניש וואָרט און ניט אַ קאָנסעקווענץ פון עופאָניע, פון אַן ענלעכקייט און קלאַנג צו אַ העברעאיש אָדער אַראַמישן אויסדרוק, וואָס יידן אַליין האָבן באַנוצט, וואָס

אנוסים אליין האָבן באַנוצט צו באַצייכנען זייער רעליגיע-מצב אָדער זייער צושטאַנד אין דער געזעלשאַפט.

און דאָס איז דערפאַר, וואָס עס איז נאָך היסטאָריש ביז איצט ניט פעסטגעשטעלט געוואָרן, ווען און ווער עס האָט אָנגעהויבן באַנוצן דאָס דאָזיקע וואָרט, אין דער אָנווענדונג צו די יידן, וואָס זיינען צוליב דער מיטוויליקייט פון דער קאַטוילישער קירכע געצוואונגען געווען אויפן איבערישן האַלבאינדזל אָנצונעמען דעם קאַטוילישן גלויבן: צי דאָס זענען געווען די שפּאַניער זעלבסט, און זיי האָבן באַנוצט אַ שפּאַניש זידל-וואָרט, צי דאָס זענען געווען די אנוסים, וואָס האָבן זיך מיט דעם דאָזיקן אויסדרוק באַנוצט, ווי מיט אַ מין באַצייכנונג כדי צו אונטערשיידן זיך, פאַר זיך אליין און פאַר די יידן, פון די אַנדערע קריסטן און קאַטאָליקן...

אַ וואָרט, דאַכט זיך, וואָס האָט אַזוי שאַרף און קאָנטיק זיך איינגעשניטן אין אונדזער געשיכטע, איינגעשניטן מיט פיין און שמערץ — מאַראַנען — און כדי אָפּשאַצן דעם ריכטיקן טייטש און אָפּשטאַם פון וואָרט דאַרף מען אָנקומען צו סברות און השערות: און מאָנאָגראַפיעס מיט אַזעלכע היפּאָטעזעס זיינען שוין געשריבן געוואָרן איינע שאַרפזיניקער פון דער צווייטער, נאָר כדי צו באַגרינדן יעדער זיין מיינונג.

דער צוגאַנג צום פאָרשן וועגן דעם אָפּשטאַם פון וואָרט איז ענג פאַרבונדן מיט דער באַצייכנונג וואָס מען דענקט, אַז דאָס וואָרט האָט געדאַרפט געבן, פאַר דער פּסיכאָלאָגישער באַציאונג פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג צו די געצוואונגענע קריסטן און פאַר דער קעגנזייטיקער באַציאונג צווישן דעם אנוסים זעלבסט, וואָס האָבן דורך דעם געזוכט צו אָפּשיידן זיך, אַרויסטיילן זיך פון דער אַרומיקער קריסטלעכער באַפעלקערונג און דערקענען צו אונטערשיידן פון אַן אנוס ביז אַ קריסט, אין דער קריסטן-מאַסע.

— 3 —

די השערה, אַז דאָס וואָרט „מאַראַנאָס“ (אין מער-צאָל, ווי עס פלעגט געוויינלעך באַנוצט ווערן פונם איינצאָל „מאַראַנאָ“), מיט וועלכן מען האָט באַצייכנט די אנוסים, די געצוואונגענע געשמדטע, אין שפּאַניע, איז דאָס זעלבע, וואָס דאָס שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע וואָרט „מאַראַנאָס“, חזירים, האָט אָנגעהאַלטן אַ לאַנגע צייט; עס זענען פאַראַן איצט נאָך אויך מיינונגען, וואָס געבן אָן ווי אַן אומבאַשטרייטבאַרע וואַרהייט, אַז דאָס איז דאָס זעלביקע וואָרט און די זעלביקע באַדייטונג.

לויט דער דאָזיקער מיינונג איז דאָס וואָרט „מאַראַנאָס-חזירים“, באַנוצט געוואָרן אַלס באַצייכנונג פאַר די „אנוסים“ הן דורך די געבוירענע קריסטן און הן דורך די יידן אין שפּאַניע, נאָך פאַרן גירוש, נאָך אין די הונדערט יאָר, וואָס זענען פאַרבייגעגאַנגען פון די ערשטע רדיפות אויף יידן און געצוואונגענעם

שמד, אויף די באַלעאַרן - אינדזלען אין יאָר 1391 ביז דעם גירוש פון יאָר 1492. די קריסטן האָבן זיך געהאַלטן אָפּגעטיילט פון די „נייע קריסטן“, וועל־כע זיי האָבן באַטראַכט אַלס יידן, וואָס „עסן חזיר“ (מאַראַנאָס); דאַן זאָל גע־ווען האָבן אַנטשטאַנען דאָס ערשטע מאָל דאָס דאָזיקע וואָרט אין דער אָנווענ־דונג צו די צוואַנג-געשמדטע.

עס ווערט געוויינלעך פאַרבונדן די דאָזיקע אויסטייטשונג מיטן פאַקט, וואָס אין די באַלעאַרן-אינדזלען (אין מאַיאָרקאַ און מינאָרקאַ) און שפּעטער אויך אין פּאָרטוגאַל, פלעגן די געשמדטע יידן עסן עפנטלעך חזיר, כדי עס זאָל, חלילה ניט פאַלן אויף זיי קיין חשד פון געהיימער יידישקייט. דאָס דאָזיקע עפנטלעכע חזיר-עסן זאָל געווען, הייסט עס זיין אַ מין ע ב ו ד ה, אַ מין צערעמאָניעלער אַקט, וואָס האָט געדאַרפט דינען ווי אַ ז י כ ע ר ע ר ט ו י ף - ש יי ן פאַר די אנוסים.

די דאָזיקע מיינונג שטיצט זיך, אין איר באַהויפּטונג אויף דעם פאַקט, וואָס אויפן מאַיאָרקאַ-אינדזל זענען נאָך איצט צו טאָג פאַראַן אַ גרויסע צאָל קריסטן, פון דעם אָפּשטאַם פון די ערשטע „מאַראַנאָס“, פון וועלכע די איינגעבוירנערטע קריסטן האַלטן זיך אָפּגעזונדערט, באַטראַכטנדיק זיי נאָך אַלס יידן, און זיי רופן זיי „טשועטאַס“, וואָס איז אַ פאַרקירצונג פון דעם שפּאַנישן וואָרט „טשולע־טאַס“, אין דער באַדייטונג פון חזירישע ריפּן-פלייש, ווייל לויט עס ווערט איבער־געגעבן האָבן זייערע עלטערן געמוזט עסן עפנטלעך אַ חזירישע „טשולעטאַ“ כדי צו באַשטעטיקן זייער פאַראַכטונג צום יידישן גלויבן און אָנגעהעריקייט צום קריסטנטום.

אויף דעם פאַקט פון דער דאָזיקער פאַראַכטלעכער באַציאונג פון דער קריסט־לעכער באַפעלקערונג צו די „טשועטאַס“ איז געבויט בלאַסקאָ איבאַניעסעס באַ־רימטער ראָמאַן „לאָס מוערטאָס מאַנדאַן“ — די טויטע באַפעלן, — וואו עס ווערט אגב, געבראַכט אַ הערלעכע שילדערונג פונם לעבן פון די „טשועטאַס“ און פון זייערע מנהגים אויף די באַלעאַרן-אינדזלען.

דאָס דאָזיקע דאַרף דינען אַלס באַווייז, אַז די ערשטע צוואַנג - געטויפטע אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל האָבן געמוזט עפנטלעך עסן חזיר ; און פאָלגלעך איז די אָנווענדונג פון „מאַראַנאָס“ געקומען צו זיי אַלס באַצייכנונג פון דעם טייטש „חזיר“ אין שפּאַניש.

די יידן ווידער זאָלן אויך געווען אָנווענדן דעם דאָזיקן נאָמען, אַלס באַ־צייכנונג פון פאַראַכטונג, אַלס זידל-וואָרט „חזירים“ צו זייערע ברידער, וואָס האָבן נישט געהאַט גענוג כאַראַקטער - פעסטקייט צו קענען אויסהאַלטן די רדיפות, נישט פאַרראַטנדיק דעם גלויבן פון זייערע עלטערן.

די דאָזיקע היפּאָטעזע, אָבער, ווערט אָפּגעפרעגט דורך די ראיות זעלבסט, וואָס מען ברענגט צו באַשטעטיקן איר באַהויפּטונג :

אויב דער פאַקט, וואָס די „נייע קריסטן“ האָבן געגעסן חזיר האָט געדינט פאַר זיי אַלס „קענגערישע באַצייכנונג“, אַזוי צו זאָגן, ברענגענדיק צו דער אַנטשטייאונג פון אַ צונאָמען, פאַר די, וואָס האָבן דעם חזיר געגעסן אַלס „עבודה פון קריסטלעכקייט“ — וואָלט דער דאָזיקער צונאָמען געדאַרפט זיין,

ניט „מאראנאס“ נאר „טשועטאס“, (אדער אין דער פארקירצונג „טשועטאס“) ווי דאס איז טאקע פארבליבן אין די באלעארן-אינדזלען עד היום; אבער נאר אין די באלעארן-אינדזלען און נישט אין קיין שום אנדער פלאץ פון דעם פירענעאישן האלב-אינדזל.

חוץ דעם, איז דאס ווארט „מאראנא“ אין דער באצייכנונג חזיר, גאר ניטא אזא שכיחדיק ווארט אין שפאניש; פאר דער באצייכנונג פון דעם פלייש, וואס איז אסור פאר יידן און מאכמעדאנער, זענען פאראן אין שפאניש א שפאר ביסל אנדערע ווערטער, מער גאנגבאר, מער לויפנדיקע, מער באנוצט ווערנדיקע, ווי די ווערטער: סערדא, טשאנטשא, פוערקא, און אויך „קאטשינא“ (מער אין א מעטאפארישער באצייכנונג פון „מנובל“ אדער „נבזהניק“). די דאזיקע ווערטער זענען מער שגור אין מויל פון שפאנישן פאלק און ווען דער פאקט פון חזיר-עסן וואלט געווען פירן צו באצייכנען די „נייע קריסטן“ מיט א צונאמען, וואלט עס געוויס געדארפט זיין איינער פון די אויסגערעכנטע ווערטער וואס באצייכענען דעם באגריף „חזיר“, ווי פיזיש אזוי אויך מעטאפאריש — און נישט דאס ווייטע, און פאלקס-רעדן זעלטן באנוצט-ווערנדיקע ווארט „מאראנאס“, דעם טייטש פון וועלכן נישט אלע שפאניער אפילו ווייסן.

וואס אנבאלאנגט דער באהויפטונג, אז יידן זאלן עס געווען באנוצן אלס זידל-ווארט צו באצייכענען די אנוסים אלס „מאראנאס“ הזרים — דארף עס אויך גלייך אפגעווארפן ווערן צוליב פאלגנדע צוויי טעמים:

ערשטנס, טאקע צוליבן פאקט, וואס „מאראנאס“ איז נישט קיין לויפנדיק ווארט אין שפאניש, און אלס ווארט פון זידל און שימפונג, איז עס דאן — און אויך איצט — זיכער נישט געווען מסוגל צו ארויסרופן אזא בילד פון אפשיי-לעכקייט און עקל צו די יעניקע, צו וועלכע עס זאל געווען אנגעווענדעט ווערן, ווי דאס ווארט „פוערקא“-חזיר, וואס באצייכנט איינצייטיק דעם מין אויך די נבזהדיקייט און מיאוסקייט פונם חזיר. פאלגלעך, וואלט געווען לאגישער אז די פאראכטלעכע באציאונג צו די אנוסים — ווען אזעלכע וואלט געווען ווירק-לעך זיין מצד די יידן — זאל זיך געווען האבן אויסדריקן אין דער אנטשטייאונג פון א צונאמען „פוערקא“ אדער אן אנדער ווארט פאר „חזיר“, אנגעווענדעט צו די אנוסים.

צווייטנס, און דאס איז די הויפט-זאך: עס איז קיינמאל נישט געווען מצד יידן קיין פאראכטונג-באציאונג צו די צוואנג-געטויפטע; אדרבה, אין אלע לענדער פון דאמאלטיקן יידישן ישוב, האבן יידן זיך באצויגן צו די אנוסים מיט א געפיל פון טיפן רחמנות, מיט ליבע און סימפאטיע, וואס איז געווען דער אויס-דרוק פונם טיפן צער, וואס זיי האבן געפילט צו די נרדפים, געצוואונגענע צו פארלאזן דאס יידישע גלויבן.

עס איז גענוג צו מעיין זיין אין די תשובות פון די פוסקים פון יענער צייט און זען, אז אפילו די מחמירים האבן זיי, די אנוסים, נישט באטראכט פאר קריסטן, נאר פאר יידן אין אלע פרטים און דאס איז גענוג צו איבערצייגן זיך, אז עס האט נישט געקענט זיין קיין רייד פון א באציאונג פון פאראכטונג.

איינער פון די פוסקים פון יענער צייט, דער „ריב"ש“, רעדנדיק וועגן די

אנוסים זאָגט, אז „אויב זיי זענען נישט עובר אויף די מצוות פון דער תורה, נאָר באונס אָדער בשוגג, אָבער פאַרבאָרגענערהייט היטן זיי אָפּ זייער יידיש-קייט (כל כהאי גונא כשרים הם לכל דבר) אזעלכע דאַרפן געהאַלטן ווערן אַלס יידן און זענען כשר פאַר יעדער זאַך".

אין אַ מחזור פון רוים פון יאָר 1441, פאָלגלעך, מיט 51 יאָר פריער נאָך פאַרן גירוש פון שפאַניע, איז פאַראַן אַ תפילה פאַר די אנוסים. און די יידן פון איטאַליע, צווישן וועלכע עס זיינען געווען אַ סך אנוסים, אנטרינען געוואָרענע פון שפאַניע און פּאָרטוגאַל נאָך די ערשטע רדיפות אויפן איבעריישן האַלב-אינדזל, אין ענדע פון 14-טן יאָרהונדערט, פלעגן יעדן שבת מתפלל זיין די דאָזיקע תפילה וועלכע האָט געלויטעט: „אחינו אנוסי ישראל, הנתונים בצרה ושביה, המקום ירחמם ויחון אותם, בעבור שמו הגדול, יושיעם ויושיענו ויציאם ויוציאנו מצרה לרוחה, ומאפילה לאורה ונאמר אמן" (אונדזערע ברידער די אנוסים פון ישראל, וועלכע געפינען זיך אין צרה און געפאַנגענשאַפט, גאָט זאָל אויף זיי זיך דערבאַרעמען און ער זאָל זיי לייטזעליקן, צוליב זיין גרויסן נאָמען און ער זאָל זיי העלפן און ער זאָל אונדז העלפן, און ער זאָל זיי אַרויסציען און ער זאָל אונדז אַרויסציען פון צרה צו דער ברייטערנייש, און פון פינצטערנייש צו ליכ-טיקייט און לאָמיר זאָגן אמן).

קיין שטאַרקערער באַווייז פון דער באַציאונג פון טיפן מיטגעפיל און אַכ-טונג, וואָס יידן האָבן געפילט צו די אנוסים, וואָי דער אויסדרוק פון דער דאָ-זיקער שבת-תפילה, איז נישט נויטיק. די פוסקים פון יענער צייט האָבן געשאַפן פאַר זיי אפילו אַ נייעם נאָמען, אין די „תשובות" פון די רבנים פון יענער צייט ווערן זיי גערופן ניט משומדים, ניט מומרים, נאָר „מוחלפים" (פאַרביטענע), וואָס איז די איבערזעצונג פונם שפאַנישן וואָרט „קאָנווערסאָס", דאָס האָט גע-מיינט צו זאָגן, אז זיי זענען נישט קיין געטויפטע, נאָר זיי האָבן פאַרביטן למראה-עין זייער גלויבן, א נ ו ס י ם על פי הזמן והמקום (געצוואונגענע דורך אָרט און אומשטענדן).

עס מוז אַלזאָ אָפּגעוואָרפן ווערן לכל הדעות די השערה, אז דאָס וואָרט „מאַראַנאָס", איז אַ צונאָמען, וואָס יידן האָבן געגעבן די געטויפטע, באַציענדיק זיך צו זיי מיט פאַראַכטונג און רופנדיק זיי מיט דעם נאָמען, אינם זין פונם שפאַנישן טייטש „חזירים". (2).

נישט די קריסטן און נישט די יידן האָבן געקענט באַנוצן, ווי מיר האָבן עס דערוויזן דאָ, אַזאַ וואָרט פאַר דעם צוועק, וואָס אים איז ש פ ע ט ע ר צו-געשריבן געוואָרן, אַלס באַצייכנונג פון די אנוסים.

— 4 —

דער קלאַסיקער פון דער יידישער געשיכטע אין שפאַניע און פּאָרטוגאַל, ראָן כאַסע אַמאַדאָר דע לאָס ריאָס (אַ קיצור פון דער ערשטער אויפלאַגע פון

(2) נאָך אין אָנהויב פון 11-טן יאָרהונדערט האָט רבנו גרשון מאור הגולה, אין זיינע תקנות פאַרבאָטן צו באַציען זיך מיט שנאה צו אנוסים.

ועמעס ווערק, וואָס איז נאָך דערשינענע אין יאָר 1848, האָט געדינט אַלס מקור פאַר קייזערלינגס און גרעצס אַרבעטן איבער דער געשיכטע פון די יידן אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל), ברענגט אפילו נישט די סברה, אַז דאָס וואָרט „מאַ-ראַנאָס" איז אַ לאַטייניש-שפּאַניש און באַדייטעט „חזירים".

ער זאָגט גלייך, אַז דאָס וואָרט איז פון אַ העברעאישן מקור, הגם ער ווייזט ניט אָן די מאָטיוון פאַרוואָס עס האָט נישט געקענט זיין קיין שפּאַניש וואָרט; ער דערלאָזט עס אפילו נישט אין דער סברה.

אין דעם דריטן באַנד פון זיין מאָנומענטאַל ווערק „סאָציאַלע, פּאָליטישע און רעליגיעזע געשיכטע פון די יידן אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל", אין דעם זי-בעטן קאַפּיטל זאָגט ער: „דאָס דאָזיקע וואָרט (מאַראַנאָס) וואָס איז נאָך אַ זייער באַנוצבאַר וואָרט אין דעם וואולגאַרן קאַטאַלאָג פון די גרעבסטע זידל-ווערטער, שטאַמט וואַרשיינלעך פונם העברעאישן שורש „חרא" פון וואַנען עס קומט דאָס וואָרט „הרא" (לייענט הערע, וואָס באַדייטעט מיסט, אָפּפאַל: פון דעם איז גע-קומען אַלס דעריוואַציע דאָס העברעאישע וואָרט „מהראה" (אין דער הברה ספרדית לייענט זיך עס „מ אַ ה ר א ה — וואָס דער טייטש איז (אַמאַדאָר דע לאָס ריאָס ציטירט עס אין אַ לאַטייניש איבערזעצונג: לאָקוס, אובי אַלבוס דעפּאָניטור) אַ פּלאַץ, וואו עס ווערט אַרויסגעוואָרפן אָדער אָפּגעלייגט מיסט און אָפּפאַל". מיר לאָזן איבער פאַר אונזערע לייענער — אויב דאָס וואָרט „מאַראַנאָ" שטאַמט ווירקלעך אָפּ פון דעם שורש — צו ריכטן וועגן דער שטופּע פון גוטמוטיקער באַציאונג, וואָס דאָס יידנטום האָט געהאַט צו די געטויפטע". (3).

דאָס איז נישט מער, פאַרשטייט זיך ווי אַ ווייטער פילאָלאָגישער פלפול: מאַראַנאָ שטאַמט פון דעם העברעאישן וואָרט „מחראה" (אַ בית-הכסא, אַן אָרט פאַרן אָפּפאַל) און די אַנטוויקלונג פון דעם וואָרט זאָל געווען קומען דורך די אייגנ-לעכקייט פונם קלאַנג אין דער ספרדישער הברה: מחראה — מאַחראַן — מאַראַן, דער ח' איז אַ האַלדז-קלאַנג און דער ה' צום סוף קלינגט ווי אַן עין-נון אין וואָרט יעקב — יאַנקאָוו.

דאָס איז אַ ווייטער פילאָלאָגישער פלפול, וואָס איז אַבסאָלוט גרונטלאָז און אַמאַדאָר דע לאָס ריאָס אַליין האָט אים געבראַכט אונטער אַ פראַגע-צייכן; און מיר וואַרפן אים אָפּ ניט נאָר צוליב זיין ווייטקייט אין דער עטימאָלאָגיע פון די ווערטער, נאָר צוליב דעם טעם, וואָס מיר האָבן שוין אויבן אָנגעוויזן: יידן האָבן זיך צו די אנוסים — הגם ניט צו די משומדים להכעיס, און אַזעלכע זיינען דאָן אויך געווען — באַצויגן מיט דער העכסטער אַכטונג און זיי האָבן זיי בשום אופן נישט געקענט אָנרופן מיטן זידל-וואָרט „מחראה".

אויב מיר האָבן דאָ ציטירט דעם שפּאַנישן היסטאָריאָלאָג איז עס, ערשטנס, צוליב דער ביבליאָגראַפיע און די מיינונגען, וועגן דעם אָפּשטאַם פונם וואָרט „מאַ-ראַנאָס" און צווייטנס אַלס ראיה צום נעגאַטיוון; אַלס באַווייז, אַז די מיינונג, וואָס פאַרטייטשט מאַראַנאָס מיטן שפּאַנישן טייטש פון „חזירים" איז אַזוי ווייט גרונדלאָז, אַז דער שפּאַנישער היסטאָריקער ברענגט זי נישט אפילו אַלס סברה.

---

(3) Amador de los Ríos, "Historia" etc..., tomo 3 pág. 340.

עס זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן נאָך סברות וועגן דעם אָפּשטאַם פון דעם דאָזיקן וואָרט און אַלע סברות און היפּאָטעזעס דרייען זיך אַרום דעם, אַז דער אָפּשטאַם פונם וואָרט איז אַ העברעאישער, אָדער אַראַמיישער און און אַזאַ פאָרם איז אַנטשטאַנען דאָס דאָזיקע וואָרט צוליב זיין קלאַנג-ענלעכקייט מיט דעם שפּאַנישן וואָרט „מאַראַנאָ".

אַ מיינונג — וואָס איז ניט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט — גיט אָן דאָס וואָרט מאַראַן אַלס פאָנעטישע דעריוואַציע פון דעם העברעאישן וואָרט „מראה-עין" (מאַרע-אַאין) דאָס הייסט, אַז די אַנוסים זיינען געוואָרן קריסטן נאָר לפנים, נאָר צוליבן אויסערלעכן אויסזען. און די דאָזיקע באַצייכנונג זאָל געווען געבן די אנוסים זיך אליין, כדי איינער דעם צווייטן זאָל דערקענען צווישן דער מאַסע פון אמתע קריסטן; און זיי זאָלן עס אומיבטן געווען האָבן אויסגעדריקט מיט אַ קלאַנג, וואָס איז ענלעך צום שפּאַנישן וואָרט „מאַראַנאָ".

מעגלעך, אַז יידן האָבן זיי גערופן אַזוי: קריסטן „למראה-עין" — און פון דעם זאָל מיט דער צייט געווען אנטשטיין דאָס וואָרט „מאַראַנאָ".

ביי דער מיינונג האַלט זיך דער אינזשעניער שוואַרץ, וואָס האָט געמאַכט אין די לעצטע יאָרן אינטערעסאַנטע פאָרשונגען בנוגע די אנוסים פון פּאָרטוגאַל.

איייניקע פאָרשער ווילן האָבן, אַז דאָס וואָרט מאַראַנאָ, וואָס פלעגט אין די ערשטע צייטן אויך באַנוצט ווערן אין דער פאָרם פון „מאַראַנאַטאָ", איז פונם אָפּשטאַם פון די צוויי אַראַמעאישע ווערטער, וואָס ווערן אָפט באַנוצט אין דער אַראַמעאישער איבערזעצונג פונם נייעם טעסטאַמענט:

מאַראַנאַטאָ — זאָל קומען פאַרגלעך, פון דעם אויסדרוק: מרן-אתא, וואָס אין דער הברה כפרדית דאַרף עס געלייענט ווערן: מאַראַן-אַטאָ; און דער טייטש פון דעם איז „דער האַר איז געקומען", יעזוס איז געקומען, דער דערלייזער איז געקומען. האַר, אין זין פון גאָט, ווי אין שפּאַנישן „על סעניאָר".

פאַר די אנוסים פלעג דער נייער טעסטאַמענט, איבערגעזעצט ווערן אין אַן אַראַמייש, וואָס איז נאָענט געווען צום תלמודישן כטיל, מחמת דער גרעסטער טייל פון זיי האָט געקענט תלמוד; און די אנוסים, כדי צו ווייזן פאַר די קאַטאָליקן, אַז זיי זענען ווירקלעך פרומע קריסטן, פלעגן יעדער ווייַלע אַרויסרעדן דעם דאָזיקן אויסדרוק „מאַראַן-אַטא" — יעזוס איז געקומען — האָט מען מיט דער צייט די דאָזיקע אנוסים אָנגעהויבן רופן מיטן אויסדרוק וואָס זיי אליין האָבן אַזוי אָפט באַנוצט: „מאַראַנאַטאָ, מאַראַנאָ" און אין מערצאָל „מאַראַנאָס".

אויב די דאָזיקע היפּאָטעזע האָט אַ גרונט, וואָלט אויך געדאַרפט אפשר צוגעגעבן ווערן, אַז דער אַראַמעאישער אויסדרוק מאַראַן-אַטא, האָט געמוזט האָבן אַ דאָפּלטן ציל: פאַר די קריסטן האָט עס געדאַרפט באַצייכנען אַ מין פרומער שפּרוך, וואָס זאָל באַשטעטיקן פאַר דער אויפריכטיקער קריסטלעכקייט פון די „נייע" און פאַר די אנוסים אליין האָט דער דאָזיקער אויסדרוק געמוזט אפשר

דינען, ווי אַ פּאַראַל צווישן זיך, וואָס זאָל לאָזן דערקענען די אנוסים, קעגנזייטיק, אין דער מיט פון די קאַטוילישע מאַכן.

— 6 —

אַ צד השוה איז דאָך פאַראַן אין די אַלע סברות, ווי פאַרשידן זיי זאָלן נישט זיין; און דאָס איז דער פאַקט, אַז אַלע באַגרינדן דעם מקור פון דעם וואָרט אויף אַ פאָנעטישער און נישט עטימאָלאָגישער באַזע; און אויף אַ פאָנעטישער פון העברעאישן, אָדער העברעאיש-אַראַמעאישן מקור (אפילו דער שפּאַנישער געשיכטע-פאָרשער וויל אים אַרויספּולפּלען פון אַ העברעאיש וואָרט).

איז אויב צו באַזירן זיך אויף אַזאַ מקור, פאַרוואָס נישט דערפירן דעם פאָנעטישן אָפּשטאַם ביז דער פּשוטסטער פּשוטקייט, ביז אַן איינפאַכן דירעקטן, העברעאישן שורש, וואָס איז אי ענלעך אין קלאַנג, אי פּשוט, אי עס נוצט אויסערגעוויינלעך גלייך פאַר דער באַצייכנונג, וואָס מען איז אויסן געווען מיט אים צו מאַכן?

ביי פילאָלאָגישע חקירות טרעפט עס אַזוי אָפט, אַז „איבער די ביימער זעט מען דעם וואַלד נישט אַרויס”. דאָס טרעפט, ווען מען פאַרפּולפּלט זיך צופיל און צו ווייט.

דאַכט זיך מיר, אַז דאָס וואָרט מאַראַנאָס איז גאָר נישט קיין מער-צאָל, נאָר פּשוט אַ יחיד און אַ ריין העברעאישער אויסדרוק, וואָס באַשטייט פון צוויי ווערטער:

— מר-אנוס (לייענען: מאַר-אַנוס מיט דער הברה הספרדית) — דער הער אנוס —אָדער „דער הער איז אַן אנוס”; אָדער „ביטער — אַן אנוס צו זיין”. פּשוט.

דאָס וואָרט אנוס (אַנוס) אַלס באַצייכנונג פאַר צוואַנג-טויף איז באַנוצט געוואָרן מיט הונדערטער יאָרן פאַר די שמד-רדיפות אין שפּאַניע, נאָך פאַר די צייטן פון די ערשטע קרייציגע, מיט אַ פיר הונדערט יאָר פאַר דעם גירוש.

רש"י באַנוצט שוין דאָס וואָרט. דאָס וואָרט איז געווען אַ גאַנגבאַר וואָרט אין יענע יאָרן און פאַר דער דאָזיקער באַצייכנונג. די פּוסקים און רבנים באַנוצן עס אָפט אין זייערע שאלות ותשובות, טאַקע צוליב ענינים פון באַציאונגען און משפּחה-פראַגן פון די כלומרשטע קריסטן.

יידן, ווי די צוואַנג-געטויפטע, האָבן דאָס וואָרט באַנוצט פיל צייט פריער, איידער עס האָבן זיך אָנגעהויבן די רדיפות פון ענדע פון 14-טן יאָרהונדערט אין עס איז פאָלגלעך פאַרשטענדלעך און לאָגיש, אַז די געצוואונגענע צו טויפן זיך אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, האָבן אויך אָנגעהויבן צו באַנוצן זיך מיט דעם דאָזיקן וואָרט — מ ר - א נ ו ס — אַלס באַצייכנונג פאַר זייער צושטאַנד אין דער געזעלשאַפט און פאַר זייער אונטערשיד פון יידן, ווי פון קריסטן.

מען האָט דערמיט ווי געוואָלט זאָגן:

— „יענער איז ניט קיין ייד; ער איז אָבער אויך ניט קיין קריסט”; יענער הער איז אַן אַנוס: מ ר - א נ ו ס.

און איך דערקלער מיר דורך דער דאָזיקער פּשוטער היפּאָטעזע ניט נאָר

ווי אזוי דאָס וואָרט איז אנטשטאַנען, ניט נאָר ווי אזוי די באַצייכנונג איז גע־קומען, נאָר ווי אזוי עס איז אויך געשאַפן געוואָרן דער טעות אַרום דעם וואָרט, דער טעות, וואָס האָט דאָס וואָרט פאַרוואַנדלט אין אַ שפּאַנישס, מיט אַ פאַראַכ־טונג-טייטש פאַר די אַנוסים.

די צוואַנג-געטויפטע האָבן זיך אַליין און זייערע חברים גערופן תּמיד: מר-אַנוס (מאַר-אַנוס) — דער אין יענער איז אַן אַנוס, כּדי צו וויסן צו אונטער־שיידן זייערע גלייכע פון קריסטן, וואָס זיינען נישט קיין צוואַנג-געטויפטע. דער אויסדרוק האָט געדינט אַלזאָ אַלס באַצייכנונג צווישן זיך.

די יידן אין שפּאַניע פאַרן גירוש און שפּעטער אין אַנדערע לענדער נאָכן גירוש, האָבן די „נייע קריסטן", וואָס זענען עס געוואָרן אזוי „על פּי אונס", אויך באַצייכנט מיטן נאָמען „מר אַנוס". מעגלעך, אַז צווישן די אַנוסים אַליין איז די דאָזיקע באַצייכנונג געווען אויך אַ מין פּאַראָל, כּדי צו דערקענען אין דער מיט פון דער קריסטלעכער געזעלשאַפט, ווער עס איז נישט קיין קריסט, נאָר אַ געטויפטער איבער געוואַלד: — איינער האָט אַ פרעג געטון: „מר-אַנוס"? (מאַר-אַנוס); צי איז דער הער נישט קיין אַנוס? און אַז ער האָט געטראָפן האָט ער באַקומען דעם ענטפער: „מאַר-אַנוס", דאָס הייסט איך בין ווי דער הער, וואָס פרעגט, אַן אַנוס.

און די קריסטן אַרום, ווייסנדיק, אַז עסן חזיר-פלייש איז ווי אַ מין עפנט־לעכער אַקט ביי די ערשטע געשמדטע יידן, דורך וועלכן זיי באַשטעטיקן זייער קריסטלעכקייט, האָבן הערנדיק ווי זיי רופן זיך אַליין, און ווי יידן רופן זיי אַלע מיטן נאָמען „מאַר-אַנוס" (אין העברעאיש איין-צאָל) האָבן עס צוליב דעם קלאַנג פון שפּאַנישן וואָרט „מאַראַנאָס" (שפּאַניער האָבן געהערט אַן אָ, וואו יידן האָבן אַרויסגערעדט אַן או) אָנגענומען פאַרן מער-צאָל פון דעם ניט גאַנגבאַרן שפּאַנישן וואָרט „מאַראַנאָ"-חזיר אין באַטראַכט עס אַלס צונאָמען, וואָס יידן נעבן זיי דערפאַר, וואָס זיי עסן עפנטלעך חזיר-פלייש.

דאָס וואָרט, אַלזאָ, איז געבוירן געוואָרן נישט פון „מאַראַנאָ", נאָר אומ־געקערט; פונ׳ם העברעאישן „מר-אַנוס" איז געוואָרן אין שפּאַניש „מאַראַנאָס" און דערנאָך, ווען די אַנוסים און די יידן האָבן פאַרגעסן דעם העברעאישן אָפּשטאַם פון וואָרט האָט מען עס אַלע אָנגענומען פאַר אַ שפּאַניש זידל-וואָרט „חזיר" און באַצייכנט אין יחיד און אין רבים.

---

מיטן וואָרט, דורך וועלכן די אַנוסים זענען באַצייכנט געוואָרן איז געשען, וואָס מיט די אַנוסים זעלבסט.

מען האָט גענומען אַ ריין העברעאישן אויסדרוק, וואָס באַצייכנט עקזאַקט דעם צושטאַנד פון געצוואונגענעם טויף און מען האָט עס מיט פילאָלאָגישן צוואַנג געוואָלט מאַכן פאַר אַ שפּאַניש וואָרט און נאָך פאַר אַ זידל-וואָרט דערצו, דאַן ווען יידן האָבן נאָר געהאַט תּפילה און רחמים פאַר די אַנוסים און קיינמאָל נישט קיין פאַראַכטונג.

מען הערט אויף איצט, אין שפּאַניע צו שעמען זיך מיטן וואָרט „מאַראַנאָס“. נאָר אדרבה, עס ווערט אַ כבוד-וואָרט — איז די העכסטע צייט, פּרובירן צו אָנווייזן אויך אויף דעם אמתן מקור דעם העברעאישן, אויף דעם אור-אָפּשטאַם פון אָט דעם אויסדרוק פאַרן פיין און ליידן, וואָס אַ טייל פון אונדזער פאָלק האָט דורכגעלעבט אין משך פון יאָרהונדערטער.

.1931



# אויף דער שוועל פון דער יידישער געשיכטע אין אַמעריקע

ביום שנחרב בית־המקדש נולד משיח בן דוד ומנחם בן חזקיה שמו.
והיה מוטל כאבן: רגלים לו ואינו הולך, עינים יש לו ואינו רואה, פה יש לו ואינו מדבר...

— איתרע מזלו?

חס ושלום...

באה רוח מארבע פינות העולם החזיקה בו והשליתו לים הגדול...

יצאה בת־קול ואמרה:

— סבורים אתם שאבדה תשועת ישראל? חס ושלום! אלא ארבע מאות שנה ינוד בים הגדול ושמונים שנה בפתחה של רומי ושאר השנים יהזיר על כל המדינות הגדולות עד עת קץ"... (1).

(ציטירט מיט פאַרקירצונגען לויט ירושלמי־ברכות; איכה רבה און ר' יצחק אבירבנאלס „ישועות משיחו", פרק ב', „עיון ב'").

עמיצער פון די היסטאָריקער האָט געזאָגט, אַז די געשיכטע פון אַמעריקע אין די ערשטע פאָר יאָרהונדערטער נאָך דער אַנטדעקונג איז, פאַקטיש, די געשיכטע פון אייראָפּע. אַ פאָרזעצונג און אויסברייטונג אין נייע לענדער אונטער נייע קלימאַטערישע און געאָגראַפישע באַדינגונגען; די זעלביקע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אומשטענדן און סיטואַציעס, וואָס האָבן געבראַכט צום אויסדרוק, אָדער האָבן גורם געווען צו אַזעלכע אָדער אַנדערע געשיכטלעכע פּאַסירונגען אין דעראייגענישן אין די מלוכות פון אייראָפּע, האָבן אַקטואירט אויך אין די לענדער פון דער נייער וועלט אין דעם ערשטן פעריאָד נאָך דער אַנטדעקונג, אין דער אַזוי גערופענער קאָלאָניאַלער עפּאָכע.

דאָס זעלביקע דאַרף געזאָגט ווערן אויך וועגן דער יידישער געשיכטע אין אַמעריקע, אין די ערשטע יאָרן-צענדליקער נאָך דער אַנטדעקונג.

---

(1) אין דעם טאָג, וואָס דער בית המקדש איז חרוב געוואָרן איז געבוירן געוואָרן משיח בן דוד און זיין נאָמען איז מנחם בן חזקיה. און געלעגן איז ער ווי אַ שטיין, אַ געליימטער: פיס האָט ער, אָבער ער גייט ניט; אויגן האָט ער, אָבער ער זעט ניט; אַ מויל האָט ער, אָבער ער רעדט ניט.

— וואָס זשע? זיין מזל איז שלים געוואָרן?

— חס ושלום!

איז אַ ווינט געקומען פון אַלע פיר ווינקלען פון דער וועלט, האָט אים אָנגענומען פאַר די האָר און אריינגעוואָרפן אין גרויסן ים.

און אַ בת־קול איז אַרויס און האָט געזאָגט:

— איר זאָלט ניט מיינען, אַז די הילף פון ישראל איז חס ושלום, פאַרלאָרן געגאַנגען! נייערט פיר הונדערט יאָר וועט ער וואָגלען אינם ים הגדול, — אַכציק יאָר אויפן טויער פון רוים און די איבעריקע יאָרן וועט ער וואַנדערן איבער די גרויסע מדינות ביז די צייט פון דעם קץ וועט קומען"...

די יידישע געשיכטע אין אַמעריקע איז, אין יענער עפּאָכע, פאַקטיש, אַ פאָר־זעצונג פון דער דעמאָלטדיקער יידישער געשיכטע אין אייראָפּע, הגם אויסגעבריי־טערט און אַריבערגעטראָגן און נייע טעריטאָריעס, אין ברייטערע לאַנד־שטחים, אונטער נייע הימלען, אונטער נייע קלימאַטערישע באַדינגונגען, אונטערן דרוק און ווירקונג, *אפשר*, פון אַ סך נייע עקאָנאָמישע פאַקטאָרן, וואָס זיינען געקומען צום אויסדרוק אין יענער צייט, דורך *די נייע* רייכקייטן אין מע־טאַלן און אין „עבפּעביעס (מינים, געווירצן זאכן), וואָס זיינען צוגעקומען דורך דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע, — אָבער אַ *פאָרזעצונג פאָרט* פון די זעלבע געשיכטע־פּראָבלעמען און זעלביקע געשיכטע אַנגסטן, וואָס האָבן גע־ווירקט און געוירט אין דעם דעמאָלטדיקן יידישן לעבנס־ליידן אין די לענדער פון אייראָפּע.

די יידישע ישובים אין אייראָפּע, האָבן אין יענע יאָרהונדערטער געהאט קאָנצענטרירט זיך, הויפּטזעכלעך אין די לענדער אַרום דעם מיטללענדישן ים אין דערבייאיקן טייל פון דעם אַטלאַנטיק: שפּאַניע, פּאָרטוגאַל, די מלוכות פון דעם אַפּענינישן האַלב־אינדזל, די לענדער פון דעם אַזוי־גערופענעם הייליקן גערמאַ־נישן רייך, פון קאַרל דעם פינפטן (שפּעטער) און „וועמעס דאָמיניאָנס די זון איז קיינמאָל ניט פאַרגאַנגען" (חוץ מזרח־אייראָפּע: פּוילן, ליטע און די איצ־טיקע אוקראַינע) — און פון יענע לענדער איז עס געקומען די אויסברייטונג פון דער אַרענע פון דער וועלט־געשיכטע דורך דער אַנטדעקונג און ערשטע קאָנקיסטע־און־קאָלאָניזאַציע־פאַרזוכן אין דער נייער וועלט.

האָט די יידישע געשיכטע געמוזט, וויליק ניט וויליק פאַרגעזעצט ווערן אויך אין דער זעלביקער ריכטונג: אין דער ריכטונג פון די נייע לענדער, וואָס דער גענועזער גענויעזער אין זיינע נאָכפאָלגער האָבן אַנטדעקט: צענטער און דרום־אַמעריקע.

און די זעלביקע פּראָבלעמען, האָבן מיר געזאָגט, און די זעלביקע אַנגסטן, וואָס האָבן געדריקט און געשטיקט דאָס יידישע לעבן אין די לענדער פונם פּירע־נעאישן האַלב־אינדזל, זיינען, אין יאָרצענדליקער נאָך דער אַנטדעקונג פון „ניי־שפּאַניע", ניי־גראַנאַדע", און בראַזיל, געוואָרן די פּראָבלעמען און די אַנגסטן, וואָס האָבן געווירקט און באַוואויגן, געדריקט און באַאומרואיקט דאָס יידישע לעבן אין די ערשטע יאָרצענדליקער פון דער געשיכטע פון אַמעריקע: דאָס זיינען די פּראָבלעמען וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט דער מעגלעכקייט צו לעבן רואיק אַלס יידן אין די אַלע לענדער, וואו די *הערשאַפט* פון דער *שפּאַנישער און פּאָרטוגעזישער קרוין* האָבן געבראַכט, גלייכצייטיק, צו דער הערשאַפט פון דער אינקוויזיציע, און פונם סאַנטאָ־אָפיסיאָ, וועלכע האָט פאַרביטערט דאָס לעבן פון די מאַראַנען, פון די מער־ווינציקער דאָן פאַרשטעלט־געוועזענע יידן און מער־ווינציקער לפנימדיקע קריסטן אין דעם רי־זיקן שטח־לאַנד, וואָס ציט זיך פון דער איצטיקער טעקסאַס אין קאַליפאָרניע אין צפון, ביז קאָנסעפּסיאָן פון טשילע און דער שטאָט „סאַנטאַ־מאַריאַ דעל בוענ־אײרעס" — אונזער איצטיקע בוענאָס־איירעס, אין דרום.

דאָרט וואו עס ענדיקט זיך די געשיכטע פון יידן אין שפּאַניע, הייבט זיך אָן די געשיכטע פון יידן אין אַמעריקע. דאָס איז קלאָר.

אין דער עצם-עקספּעדיציע פון קאָלומבוס איז פאַראַן מער ווי איין מאָמענט, וואו מען דאַרף זוכן די עלעמענטן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט יידן; מיטן מאָמענט פון דער יידישער לאַגע אין שפּאַניע, וועלכע איז דאַן שוין געוואָרן אומדערטרעגלעך.

איך מיין דאָ נישט די מאָמענטן פון דער מאַטעריעלער און פּערזענלעכער באַטייליקונג פון יידן, ניט דאָס, וואָס אָפענע און פאַרבאָרגענע יידן האָבן זיך באַטייליקט אין קאָלומבוסעס עקספּעדיציע; ניט דעם פאַקט, וואָס די מאַראַנען האָבן אויסגעבאָרגט געלט אויף דער ערשטער רייזע קאָלומבוסעס און וואָס פאַר די קאָנפיסקירטע פאַרמעגנס פון די ארויסגעטריבענע יידן, האָט די שפּאַנישע קרוין פינאַנסירט זיינע וויטערדיקע רייזעס. איך מיין אויך ניט די פאַקטן, וואָס דעם רל"בג'ס אַסטראָנאָמישע דערפינדונג מיט יאָרן פריער און זאַקוטאָס געאָגראַפישע ווּיסנשאַפט און לאַנד-קאַרטעס האָבן צונעגרייט, אין פּאָטענץ די מעגלעכקייט פון קאָלומבוסעס געוואַגטע פּלענער און וואָס גבריאל סאַנטאַנגעלס און לואיס דע סאַנטאַנגעלס געלט האָבן, פאַקטיש, דערמעגלעכט די עקספּעדיציע. דאָס איז שוין אַ באַקאַנטע זאַך. איך מיין דעם יידיש-פּסיכאָלאָגישן מאָמענט, אַזוי צו זאָגן; דעם אונטערבאַוואוסטזיניקן מאָמענט, וועלכער איז, אפשר, געווען דער וואָס האָט געווירקט און אימפּולסירט אַמשטאַרקסטן, פאַר דער דאָזיקער ערשטער עקספּעדיציע, באַוואויגנדיק די היינטיקע מאַראַנען, נעכטיקע און מאָרגנדיקע יידן צו אַקטיווירן מיט אַלע מעגלעכקייטן פאַר דער רעאַליזירונג פון קאָלומבוסעס פּלענער.

פונקט, ווי פאַר דער רעאַליזאַציע פון קאָלומבוסעס רייזע האָבן געשפּילט אַ נאָר ווּיכטיקע ראָל די כוונות פון פרומער, רעליגיעזער עקספּאַנסיע (די פאַרשפּרייטונג פונם קריסטנטום צווישן די היידן פון דער אינדיע, וואוהין מען האָט געמיינט צו קענען קומען דורך קאָלומבוסעס פּלענער), אַזוי האָט, אומאונטערבאַוואוסטזיניק, אויב ניט שוין קלאָר פאַרטראַכט און באַוואוסטזיניק געפירט מיט די יידן אין שפּאַניע — די אָפענע און די פאַרבאָרגענע יידן — דעם ווילן, דער באַגער און די נעבלהאַפטיקע האָפנונג צו קענען געפינען אין „די אינדיעס" אַ לאַנד, וואו זיי זאָלן קענען לעבן רואיק „אין דעם גלויבן פונם אמתן גאָט", אָן צו דאַרפן טראָגן די מאַסקע פון קריסטן, אויף זייער וועזן.

אַזאַ היפּאָטעזע איז ניט אויסגעשלאָסן.

עס איז פאַראַן מער ווי איין צופעליקייט, וואָס פאַרבינדט דעם גירוש פון יידן פון שפּאַניע מיט דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע. אַ סך יידישע געשיכטע-פאָרשער, אַ סך יידישע שריפטשטעלער און דיכטער פון דעמאָלט ביז די נייע האָבן אָנגעוויזן אויף די דאָזיקע מער ווי צופעליקייט. אויף דעם דאָזיקן צוזאַמענבונד, וואָס איז געקומען פון דער השגחה עליון, אַזוי צו זאָגן, צווישן דעם גירוש פון יאָר 1492 און דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע.

קודם כל די צופעליקייט פון די דאַטומס צווישן דעם דעקרעט וועגן דעם

גירוש און דאָס אָננעמען קאָלומבוסעס פּלאַן: געציילטע טעג טיילן אָפּ צווישן די צוויי גרויסע, אויב ניט צו זאָגן גרעסטע געשיכטלעכע דעראייגענישן אינם סוף פונם 15-טן יאָרהונדערט:

אין חודש אַפּריל האָט קאָלומבוס פאַרענדיקט זיינע אונטערהאַנדלונגען מיט די קאַטוילישע מלכים וועגן דער ים־רייזע און מיט געציילטע טעג פריער, איז דער־שינען דער דעקרעט אַז די יידן מוזן אין אַ קורצן טערמין אַרום „פאַרלאָזן די מלוכות, סעווילִיאַ, מורסיאַ, גראַנאַדאַ א. אַ. וו.".

די דאָזיקע ערשטע צ ו פ ע ל י ק יי ט וואַרפט זיך נאָך מער אין די אויגן, ווען זי חזרט זיך איבער בולטער, שאַרפער, ביים רעאַליזירן ביידע געשעענישן: דאָ איז שוין דער „צוזאַמענפאַל" אַזאַ מאָדנער, אַז ער קען ממש ניט פאַרבייגיין אומבאַמערקט פון קיינעם:

אין דעם טאָג פון צווייטן אויגוסט 1492 — דאַן איז עס אויסגעפאַלן תשעה-באב, דער טאָג, וואָס איז באַשטימט, וואָלטן מיר געזאָגט, ווי פון דער השגחה אַליין אויף גרויסע געשיכטע-אומגליקן ניט נאָר פאַר יידן (די וועלט-מלחמה פון יאָר 1914 האָט זיך אויך אָנגעהויבן תשעה-באב) — האָבן דריי-הונדערט טויזנט יידן, וועלכע האָבן ניט געוואָלט אָננעמען דעם קאַטאָליציזם, פאַרלאָזט דאָס לאַנד שפּאַניע, וואו זיי האָבן געוואוינט זינט פיל יאָרהונדערטער פריער איידער דער קאַטאָליציזם האָט בכלל עקזיסטירט אַלס מאַכט אויף דער וועלט, און האָבן גע-ריכטעט זייערע פוסטריט, וואוהין זייערע אויגן האָבן זיי געפירט; און:

פאַרטאָג פונם 3-טן אויגוסט פון דעם זעלביקן יאָר — אויף מאָרגן נאָכן גירוש, ווען די אומגליקלעכע וואַנדערנדיקע יידן האָבן נאָך געבלאָנקעט איבער די וועגן פון שפּאַניע, אין דער ריכטונג פון די מלוכות פון נאַוואַראַ און פּאָרטוגאַל — זייערע צייטווייליקע אַזילן — און אין דער ריכטונג צו די ים-פּאָרטן, וואו זיי האָבן זיך איינגעשיפט, איבערגעבנדיק זיך אין די הענט פון דעם גורל און אין רשות פון ביזוויליקע קאַפּיטאַנען וואָס האָבן דערנאָך פיל פון די דאָזיקע וואַנדערער פאַר־קויפט פאַר שקלאַפן, דערנאָך, אין אַפריקע, אָדער איבערגעגעבן צו פּיראַטן — דעם 3-טן אויגוסט פון 1492, פאָרט אַרויס קאָלומבוס און זיינע באַגלייטער, צווישן וועלכע עס זיינען געווען אַ גאָר גרויסע צאָל „נײַ-קריסטן" — און אַ ל ט ע יי ד ן — אין זיין אומשטערבלעכע עקספּעדיציע צו געפינען אַ וועג קיין אינדיע, און געפינען געפינט ער אַ נייע וועלט; אַ וועלט וואָס ווערט שפּעטער די האָפענונג פון הילף פאַר אַלע פאַרפאָלגטע, געטרויפּטע און ליידנדיקע, ניט נאָר יידן אַליין...

אַזאַ צ ו פ ע ל י ק יי ט — אויב דאָס איז נאָר אַ צופאַל — מוז פירן אויפן געדאַנק, אַז עפּעס אַ פאַרבאָרגענע האַנט פון אַ העכערער השגחה פירט אָן מיט די געזעצן פון דער געשיכטע אַזוי, אַז דאָס שלעכטע זאָל באַקומען אַ קאָמפּענסאַציע דורך דאָס גוטע...

די דאָזיקע מאָדנע צופעליקייט האָט איבעראַשט ניט בלויז די שפּעטערדיקע היסטאָריקער, זי האָט איבעראַשט, דאַן, דעם הויפּט-אַנטיילנעמער אין דער גרוי־סער דראַמע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין שפּאַניע, קריסטאָבאַל קאָלומבוסן אַליין... און אין זיינע פּערזענלעכע כתבים איז פון אים פאַרצייכנט געוואָרן אָט דער דאָזיקער צוזאַמענפאַל אין אַן אָנמערקונג, וואָס לויטעט, אַז „אין דעם זעל-

ביקן חודש, וואָס די הערישער פון שפּאַניע האָבן פאַראָרדנט דאָס אַרויסטרייבן פון די יידן, האָבן זיי אים באַפּולמעכטיקט און אויטאָריזירט צו אונטערנעמען די רייזע קיין אינדיע".

די דאָזיקע מערקווירדיקע אָנמערקונג קלינגט אַזוי מאָדנע אויפפאַלענדיק, איבערהויפּט, ווען זי איז געשריבן פון אַזאַ פּערזאָן, ווי קאָלומבוס איז געווען, וואָס, ווי מען ווייל האָבן און ווי אָרטאָדאָקסאַלע היסטאָריקער פלעגן ביז ניט לאַנג צוריק פאַרזיכערן, האָט ער אין זיין אָפּשטאַם קיינמאָל ניט געהאַט צו טון מיט יידן... צו וואָס איז געקומען די דאָזיקע אָנמערקונג? שוין-זשע נאָר דער-פאַר אַליין, וואָס אויך קאָלומבוס איז דאַן שוין איבערראַשט געווען פון זאָט דעם דאָזיקן... צופאַל? אָדער עס איז הינטער די דאָזיקע פאַר אומשולדיקע שורות, געלעגן פאַרבאָרגן אַ כוונה, אַן אינטימע אָנדייטונג ווען אַ מער ווי אַ נאָענטע שייכות צווישן דער לאַגע פון יידן אין אַ ווייטן, אָפּן ניט-אַרויסגעזאָגט געוואָרענעם פון קיינעם, נאָר פון אַ כך געטראַכט געוואָרענעם, מאָטיוו, וואָס האָט באַצוועקט דעם פּלאַן פון קאָלומבוסעס רייזע, וועלכע איז דערמעגלעכט געוואָרן — דאָ דאַרף עס יאָ באַטאָנט ווערן — דורך דער פינאַנציעלער אינטער-ווענץ פון צוויי יידן-קריסטן און דער דאָזיקער פון וועלכע האָט געדאַרפט זיין אַ דריטער ייד-קריסט לואיס דע טאָררעס?

איך באַהויפּט ניט און וויל מיט דעם ניט באַהויפּטן, אַז אויך קאָלומבוס איז געווען אַ ייד, אָדער פון יידישן אָפּשטאַם, ווי דאָס זיינען געווען סאַנטאַנגעל און אַנדערע פון דער „פּלאַנאַ מאַיאָר", וואָס האָבן דערמעגלעכט די עקספּעדיציע.

איך באַהויפּט ניט און וויל אויך ניט באַהויפּטן דערמיט, אַז סאַנטאַנגעל, סאַנטשעס און אַנדערע מאַראַנען, האָבן געשטיצט קאָלומבוסעס פּלענער, ווייל זיי האָבן באַוואוסטזיניק פאַרבונדן די דאָזיקע רייזע מיט דער מעגלעכקייט, אַז דורך דער אַנטדעקונג פון אַ נאָענטער ים-פאַרבינדונג מיט אינדיע, זאָל קומען אַ דערלייכטערונג פאַר יידן און אַן אויפלייזונג פון די שווערע רעליגיעזע רדיפות, וואָס זיי זיינען אויסגעשטאַנען אין דער טעריטאָריע פון די קאַטוילישע מלכים... אָבער אַז אַזאַ זאַך האָט געקענט איינגעסטן זיך אין זייער אונטערבאַוואוסטזיין און דאָס האָט געבראַכט צום אויסדרוק די ענערגיע אין די ליבשאַפט, די טעטיקייט און איינשטעלונג פון די מאַראַנער מקורבים צו פערדינאַנדאָ-איזאַבעלס הויף, אַז קאָלומבוסעס פּלאַן זאָל קומען צו פאַרווירקלעכונג — איז געווים ניט אויסגעשלאָסן...

איך באַהויפּט ניט און וויל ניט באַהויפּטן, אַז דעם פּלאַן „צו געפונען אַ וועג קיין אינדיע דורך דער מערב-ים", האָט קאָלומבוס באַוואוסטזיניק פאַר-בונדן מיט דער שווערער לאַגע פון די יידן אין שפּאַניע — און אַז ער איז באַ-וואוסטזיניק אויסן געווען צו זוכן עפּעס וואָס אַזעלכעס, דורך וועלכן עס זאָל קענען אַרויסקומען אַ פאַרלייכטערונג פאַר יידן — אָבער אַז אין זיין אונ-טערבאַוואוסטזיין איז עפּעס וואָס ניט גאָר אין גאַנצן גלאַט און כשר געווען אין שייכות מיט יידן, אין שייכות מיט דער לאַגע פון די מאַראַנער, אין שייכות מיט דעם דעק-רעט וועגן דעם גירוש, וואָס איז דערשינען דעם זעלביקן חודש, ווען עס ווערט

אַנגענומען פון דער קעניגן זיין פּלאַן — דאָס איז זיכער; דאָס ווערט קלאָר אָנגעדייטעט דורך דעם זין, דורך דער באַדייטונג פון דער אינטימער אָנמער־קונג פון קאָלומבוסעס פאַרצייכנונג, וואָס מיר האָבן אויבן ציטירט.

איך בין זיך מודה, אַז די דאָזיקע אָנמערקונג האָט מיך מערקווירדיק איבער־ראַשט, ווען איך האָב זיך אויף איר אָנגעשטויסן, אַזוי דורך־אגב. זי האָט ביי מיר אַרויסגערופן מער ווי איין נאָכטראַכטונג וועגן דער לאַגע פון די הויפּט־העלדן פון יענער גרויסער היסטאָרישער דראַמע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דעם הויף פון דאָס „גליקלעך"־פרומע קאַטוילישע מלכים־פּאָר־פּאָלק: וועגן די אינטימע, איניגסטע איבערלעבונגען פון די הויפּט־העלדן; צווישן וועלכע אַ טייל זיינען גע־ווען אָפן־יידן און אַ טייל פאַרבאָרגענע־יידן. און צווישן וועלכע עס האָבן זיך גע־פונען נישט קיין קלענערע פּערזענלעכקייטן, ווי ר׳ יצחק אברבנאל, ר׳ אברהם סע־ניאָר, רבי אַבאַאַב, סאַנטאַנגעל, סאַנטשעס, טאָרקעמאַדע, איזאַבעל די שטייפע קעניגין און אהרון אחרון הביב, קאָלומבוס זעלבסט, וואָס טראָגט אַזאַ הונדערט פּראָצענטיק אַרכיקריסטלעכן נאָמען, ווי ק ר י ס ט אָ פ אַ ר (אין לאַטיין). וואָס איז שכיח נאָר ביי אַזעלכע, וועמען די עלטערן געבן דעם דאָזיקן נאָמען, כדי צו אונטערשטרייכן ב אַ ז ו נ ד ע ר ס ב ו ל ט, זייער קריסטלעכע פרומ־קייט, מסתמא ווייל זיי האָבן געהאַט אַ געגונגנדיקן מאָטיוו צו באַטאָנען, אַז מען זאָל, חלילה קיין טעות נישט האָבן און פאַרמישן זיי, אין שייכות אָדער נאָענט־קייט מיט יידן...

פאַראַן אַמאָל אַ פּראָזע אַזאַ, איין איינציקע צופעליקע באַמערקונג, אַזוי זיך אַ כמעט פאַרבייגייענדיקע, וואָס פאַראַט, וואָס גיט אַרויס ניט־ווילנדיק, וואָס ביי איינעם טוט זיך אינם אונטערבאַוואוסטזיין און זי גיט עס אַרויס מיט מער, ווי צענדליקער דאָקומענטן און דירעקטע מאַטעריאַלן וואָלטן עס געקענט באַווייזן. איז דען נישט אויף אַזעלכע ניט ווילנדיקע צופעליקע באַמערקונגען, פּראַזעס אָדער אומווילִיקע זשעסטן און האַנדלונגען אונדזערע, אויף וועלכע די גאַנצע וויסנ־שאַפט פון פּסיכאָ־אַנאַליז איז געבויט.

קאָלומבוסעס אומבאַדייטנדיקע באַמערקונג, אַ ריין צופעליקע דאַכט זיך, איז געווען פאַר מיר, ווי אַ שטראָם פון ליכט, וואָס האָט זיך אַריינגעשניטן אין דער טונקלקייט, אין וועלכער סאיז נאָך אַלץ, טראָץ אַלע פאָרשונגען, איינגעהילט, אַ סך פון דעם, וואָס האָט אַ גאָר נאָענטע שייכות, ווי מיט דער געשעעניש פון דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע אַזוי מיט די העלדן זעלבסט פון דער געשעעניש.

אין דער מיט פון אַזוי פיל טומלעניש, טורדות, איינשטעלעניש, געפּאַרן, מיט וועלכע אַן עקספּעדיציע פון אַזאַ פאַרנעם איז פאַרבונדן געווען — האָב איך גע־טראַכט — וואָס האָט באַוואויגן קאָלומבוסן צו פאַרצייכענען אָט די דאָזיקע אין פלוג אַזוי גאָרנישט באַדייטנדיקע צופעליקייט וואָס דער דעקרעט פונם גירוש און די אויטאָריזאַציע פאַר זיין נסיעה זיינען געשען כמעט איינצייטיק? צו וואָס זיינען קאָלומבוס׳ן אַזוי אָנגעגאַנגען יידן — אויב ער און זיין געפּלאַנטע רייזע האָבן מיט זיי די מינדעסטע שייכות ניט געהאַט אויך אינטים, פאַר זיך אַליין... אַז ער פאַרצייכנט אַפילו אין זיינע אַנאָטאַציעס דעם פאַקט פון אַזאַ ריינער צופע־ליקייט? און פאַרוואָס עפּעס האָט קאָלומבוס באַשטימט דעם טאָג פון זיין רייזע

דעם 3-טן אויגוסט, עטלעכע שעה נאָך דעם טאָג פונם גירוש? זאָגן אַז דאָס איז אויך געווען אַ צופאַל? עפּעס זיינען עס צופיל צופאַלן פאַר איין געשיכטלעכן אָביעקט; איבערהויפּט, ווען מען נעמט אין אנבאטראכט, אַז דער דאַטום פון דעם גירוש איז נישט באַשטימט געוואָרן אין דעם לעצטן מאָמענט, נאָר ער איז נאָך אָנגעוויזן געוואָרן אין דעם דעקרעט וועגן דעם גירוש, וואָס איז דערשינען אין אַפּריל און אין וועלכן עס ווערט געגעבן יידן אַ טערמין פון דריי חדשים צו פאַרלאָזן שפּאַניע (דער דאָזיקער טערמין איז פאַרלענגערט געוואָרן דערנאָך און דער גירוש האָט זיך אָנגעהויבן שפּעטער). אַז קאָלומבוס האָט געוואוסט פון דעם טערמין איז דאָך לאָגיש-קלאָר פון דעם פאַקט זעלבסט, פון דער ציטירטער באַמערקונג. טאָ ווי קומט עס וואָס ער האָט באַשטימט אַז דער דאַטום פונם אָנהויב פון זיין עקספּעדיציע. זאָל אויסבאַלן פּונקט אויף מאָרגן נאָך דעם ווי די יידן פון שפּאַניע האָבן אָנגעהויבן זייער טראַגישע אויסוואַנדערונג?...

דאָס איז שוין מער ווי אַ סוגעסטיווער צוזאַמענפאַל — וויבאַלד דער דאַטום איז באַשטימט געוואָרן, געוויס, נישט אימפּראָוויזירט, נאָר מיט אַ צייט פריער איידער די ערשטע עקספּעדיציע קאָלומבוסעס האָט זיך אָנגעהויבן...

איך אַליין באַטראַכט עס פאַר געוואַגט — אָבער איך קען מיר ניט באַפרייען פון די סוגעסטיעס וואָס די דאָזיקע אויפפאַלנדיקע באַמערקונג האָט אַרויסגערופן ביי מיר און האָב פּרובירט זיי צו אָנוואַרפן דאָ, נאָר אַלס ווייטע היפּאָטעזעס: מער ניט, ווי אַלס אַזעלכע:

1) די געשיכטע פון יידן אין אַמעריקע הויבט זיך אָן אויף מאָרגן נאָכן גירוש פון יידן אין שפּאַניע; און וואָס איז נעטען אויף מאָרגן נאָכן גירוש פון יידן אין שפּאַניע? קאָלומבוס איז אַרויסגעפאָרן צו זוכן דעם וועג קיין אינדיע.

2) קאָלומבוס איז געווען אַ ייד (צי פון יידישן אָפּשטאַם, צי פון מאַראַנישן — דאָס איז שוין פון גאָר קנאַפּער וויכטיקייט) און האָט גענומען נאָענט צום האַרצן דעם גורל פון יידן אין שפּאַניע, די רדיפות פון דער אינקוויזיציע אויף די מאַראַנען.

3) עס איז נישט אויסגעשלאָסן אויך די מעגלעכקייט אַז די יידן (וואָס האָבן מיט אַ גאָר קורצער צייט צוריק אָנגענומען, דאָן, קריסטנטום) סאַנטאַנגעל און סאַנטשעס, און אַנדערע האָבן געוואוסט פון דעם סוד (וואָס קיין אַנדערער האָט אפשר נישט געוואוסט) און זיי האָבן דערפאַר באַזונדערס שטאַרק געשטיצט און אַנטייל גענומען מיט געלט, טאַט, איינפלוס און אינטערווענץ פאַר דער רעאַליזירונג פון דעם פּלאַן.

4) דער מאָטיוו פון דער רייזע, ווי ביי קאָלומבוסן אַזוי ביי די מאַראַנער, וואָס האָבן אים מיטגעהאָלפן איז, געווען: מכּח-עקספּאַנסיע, רייכקייט אָבער; אונטערבאַוואוסטזיניק האָט זיי, מעגלעך, אימפּולסירט דער געדאַנקען-פונק, אַז פון דעם קען דירעקט אָדער אומדירעקט אַרויסקומען אַ פאַרלייכטערונג פאַר יידן און פאַר די „ניי-קריסטן„ אין שפּאַניע.

5) קאָלומבוס ווערט איבעראַשט פון דעם צוזאַמענפאַל, וואָס מיט אַן אינטערוואַל פון געציילטע טעג ווערט דעקרעטירט דער גירוש פון יידן און אוי-

טאַריזירט זיין עקספּעדיציע; מעגלעך, אַז ער זעט אין דעם אַ צ ײ כ ן פ ו ן ד ע ר ה ש ג ח ה (פרומקייט און אבערגלויבן זיינען לייבלעכע שוועסטער...) און דאָס רעדט אַזוי נאָענט צום אינטימען סוד וועגן וועלכן נ אָ ר ע ר האָט געוואוסט, אַז ער קען זיך ניט באַפרייען פון דער סוגעסטיע פון אָט דעם צופאַל און פאַרצייכנט עס פאַר זיך, אין זיינע נאָטירונגען, אַזוי זיך פאַרבייגייענדיק, כדי עס זאָל זיך קיינעם ניט וואַרפן אין די אויגן.

6) און דאָס דאָזיקע ר ע ד ט צו אים און ווירקט אויף אים אַזוי פיל און ווייט, אַז ווײַסנדיק, אַז דער גירוש דאַרף רעאַליזירט ווערן דעם 2-טן אויגוסט (תשעה באב — דעם טאָג פון חורבן...) נעמט ער און באַשטימט אַז דער טאָג פון זיין אָפּרייזע אין דער געוואַגטער אונטערנעמונג זאָל אויספאַלן אַ טאָג נאָכדעם — דעם 3-טן אויגוסט. און נאָר ע ר אַליין און אפשר די פאָר נאָענטע מאַראַנען, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט אים אין דער זאַך, האָבן געוואוסט פון דעם ס ו ד און דעם פ אַ ר וו אָ ס פון אָ ט ד ע ם ד אַ ט ו ם, וועלכער האָט דאַן קיינעם ניט געקענט אויסזען אויפפאַלנדיק, ווייל אָפן איז ניט געװען די מינדעסטע שייכות צווישן יידן און קאָלומבוסעס רייזע.

עס איז אַ געוואַגטע היפּאָטעזע, אָבער די אָנמערקונג אין קאָלומבוסעס כתבים רייסט ממש די אויגן מיט איר מאָדנער אויסטערלישקייט.

---

און דער גאָט פון דער יידישער געשיכטע האָט געוואָלט, אַז דאָרטן וואו עס זיינען געווען אַזוי פיל צופעליקייטן זאָל זיין נאָך איינע — און דאָס איז שוין, געוויס אַ צופעליקייט, געוויס און זיכער, הגם אַ זייער סימבאָלישע, ווערליג דער ג ר ו י ס ע ר ר אָ ל, פון הילף און טרייסט, וואָס דער אַמעריקאַנער קאָנטינענט שפּילט איצט און תמיד אין לעבן פון יידישן פאָלק:

קאָלומבוס האָט אַנטדעקט דעם ערשטן פּאַס אַמעריקאַנער ערד דעם 12-טן אָקטאָבער.

ווייסט איר אין וואָס פאַר אַ טאָג עס איז, אין יענעם „יאָר פון גאָטס גנאָד“, אין יאָר 1492 אויסגעפאַלן דער טאָג פון 12-טן אָקטאָבער?

אַז מען זוכט נאָך אין יידישן לוח שטויסט מען זיך אָן אויף אַזאַ מין אויסטערלישער צופעליקייט — וואָס וואָלט פון פיל געקענט באַטראַכט ווערן ווי אַן אמתער סימבאָל פאַרן אויסדרוק פון דער גרויסער ראָל פון הילף און שוץ וואָס דער אַמעריקאַנער קאָנטינענט שפּילט אין דעם יידן-לעבן פון אונדזער פאָלק.

דער 12-טער אָקטאָבער פונם יאָר ה׳רנ״ב — 1492 איז אויסגעפאַלן אין דעם טאָג פון... הושענא רבה.

לויט אונדזער יידישער פאָלקס-טראַדיציע און גלויבן, ווערט אין דעם טאָג אונטערגעצייכנט דורך דער אויבערשטער השגחה, דאָס „קוויטל“; עס ווערט דעפיניטיוו געאורטיילט און אונטערגעצייכנט אין דעם טאָג דער גורל פון דעם יחיד, ווי דער גורל פון פעלקער; עס איז דער טאָג פון „גמר התימה“; און דער נאָמען זאָגט עדות אויף דעם: „הושענא-רבה“ באַדייטעט אַ תפילה און איינצייטיק, אַן אויסדרוק פון ג ר ו י ס ע ר ה י ל ף.

די געשיכטע פון אַמעריקע הויבט זיך אָן פאַר יידן, אומאיבערגעריסן אין

איך קאָנטינואיטעט, מיטן סוף פון יידישן לעבן אין שפּאַניע, מיטן גירוש פון שפּאַניע, וואָס איז אויסגעפאַלן תשעה-באב, אין דעם סימבאָליש-טראַגישן טאָג פאַר אונדזער פאָלק; און די יידן אין שפּאַניע האָבן באַטראַכט דעם גירוש, ווי אַ דריטן חורבן און זיי האָבן געקלאָגט אויף אים דעם גירוש ווי אויף אַ חורבן.

און זי הויבט זיך אָן די געשיכטע פון אַמעריקע פאַר יידן, דורך מאַראַנער און יידן, וואָס אַקטואירן אַלס די הויפּט-פיגורן פון אָט דעם טאַט.

און אין דעם זעלביקן טאָג פון אָט דעם חורבן, ווערט געבוירן די שפּע-טערדיקע דערלייזונג, דער אַרויספאַר פון קאָלומבוסעס עקספּעדיציע; און, ווי אין דער משיח-לעגענדע פון דעם מדרש געבראַכט אַלס עפּיגראַף, טראָגט זיך דאָס ווינגל פונם געבוירענעם דערלייזער, די דריי זעגל-שיפן קאָלומבוסעס, איבער די כוואַליעס פונם ים-הגדול...

זיי טראָגן זיך און טראָגן זיך ביז עס ווערט אַנטדעקט דער קאָנטינענט פון דערלייזונג, אין דעם טאָג פון... הושענה-רבא... דער טאָג, ווען, לויט יידן גלויבן, ווערט דער גורל פון פעלקער באַשטימט...

עקזאַקט, ווי אין דעם מדרש, וואָס שטאַמט פונם צווייטן יאָרהונדערט און וועלכע ווערט דאָ ציטירט לויט דעם בוך „ישועות משיחו" — פון דאָן יצחק אברבנאל, שאַץ-מייסטער פון זייערע מאַיעסטעטן פערנאַנד און איזאַבעל, אליין איינער פון די הויפּט-העלדן פון אָט דער היסטאָרישער דראַמע פון דעם גירוש...

צופעליקייטן, היסטאָרישע סימבאָליסטיק... ווער גלויבט דען אין דעם אין אונדזער מאַטעריאַליסטיש - ראַציאָנאַליסטישער עפּאָכע?..

אָבער מען מוז דאָך מודה זיין, אַז: עס זיינען באמת מערקווירדיק און פאַר-באָרגן די געהיימע וועגן פון געשיכטע.

.1932



# די שווערד פון קאַרל דעם גרויסן

## אידייען־אַסאָציאַציעס פון פאַרצייטיקן און איצטיקן מיטלאַלטער

— 1 —

די יערלעכע צירקוס-שפּיל אין נירענבערג, וואָס די נאַציס שפּילן פאַר דער שטוינענדיקער עפנטלעכקייט פון פאַר דער וועלט; די צירקוס-שפּיל איינגעאָרדנטע „אַד מאַיאָרעם גלאָריאַם" פון דעם אַפּאָקאַליפּטישן מאָנסטער, וועמען זיי באַצייכענען מיטן טיטל „פירער", איז די טעג פאַרענדיקט געוואָרן; ווי יעדן יאָר, האָט מען אויף דעם דאָזיקן קאָנגרעס אָנגענומען נייע אַנטי-יידישע געזעצן, געשאָלטן, געזידלט, געשימפּט, געדראָעט דעם „אַלוועלטלעכן יידנטום", די דעמאָקראַטיע, די באָלשעוויקעס — אידענטיפיצירנדיק אַלע דריי; ווי תמיד האָט מען געשריען און געוואַלדעוועט ביז הייזעריק צו ווערן, וועגן דער „יידישער געפאַר" פאַר דער וועלט און געשוואָרן מיט שבועות און חרמות צו ווערן די „ריטער-רעטער פון דער מענטשהייט" דורך אויסראָטן יידן.

מען האָט דאָס שוין געהערט אין די פריקע יערלעכע צירקוס-שפּילן וואָס ווערן באַצייכנט אַלס קאָנגרעסן; די וועלט ווייסט שוין פון די פריקע, נירענבערגער ספּעקטאַקלען, וואָס מען האָט פון זיי צו דערוואַרטן.

די נירענבערגער וואַקכאַנאַליע פון היי-יאָר האָט זיך, דאָך, מיט עפּעס וואָס אונטערשיידט פון די פריקע; מיט עפּעס, וואָס האָט אַ היסטאָריש-סימבאָלישע באַדייטונג פאַר דער וועלט-געשיכטע. די נאַציס האָבן גענומען דעם דאָזיקן סימבאָל און אוזורפּירן אים פאַר זיך, ווילן אים אָפּירשענען און, ווי זייער שטייגער איז, פעלשן, פאַרשוועכן אים.

אין פלוג גענומען האַנדלט זיך עס וועגן אַ קלייניקייט, וועגן אַ היסטאָרישן דעטאַל, וועגן אַ היסטאָרישער זכרון-זאַך; דער ענין אָבער איז וויכטיק, איז פון באַדייטונג, טאַקע דערפאַר, וואָס די נאַציס אוזורפּירן עס און פעלשן דעם זין פון דעם.

— 2 —

עס האַנדלט זיך וועגן דער שווערד פון קאַרל דעם גרויסן; דער נירענבערגער בירגערמייסטער האָט עס, צום צירקוס-שפּיל פון די נאַציס אונטערגעטראָגן היטלערן, צום אָנדענק אַ מתנה: די שווערד פון קאַרל דעם גרויסן, דער זון פון פּיפּין דעם קורצן, דער קעניג פון די פראַנקן... די שווערד פון יענעם גרויסן קעניג אין ערשטן טייל פון פינצטערן מיטלאַלטער, וואָס אליין נאָך אַ האַלבער-

באַרבאַר, האָט ער באַוואוסטזיניק, געקעמפט מיט דער העכסטער עמפּערונג קעגן דער ב א ר ב א ר י ע פון די באַרבאַרן און פאַר דער גרינדונג פון מלוכות פון ק ר י ס ט ל ע כ ע ר צ י ו ו י ל י ז א צ י ע; געקעמפט מיט דער שווערד זיינער, וואָס איז אין משך פון די פינף-און-פערציק יאָר, וואָס זיין מלוכה האָט געדויערט, בלויז איין-איינציק מאָל באַזיגט געוואָרן...

אָט דער דעטאַל וועט בלייבן: די שווערד פון קאַרל דעם גרויסן, איבער וועלכן דריי מלוכות: פראַנקרייך, ענגלאַנד און איטאַליע — און טיילווייז אַ פּערטע, שפּאַניע, ווייל ער האָט דאָך געהאַט באַהערשט אויך באַרצעלאָנאַ, נאָכדעם ווי ער איז אַריבער די פּירענעען — רייסן זיך, ווי איבער אַ כשרע מציאה, שרייענדיק יעדע איינע: „כולו שלי“. ער, קאַרל דער גרויסער, (שאַרלמאַן, ווי די פראַנצויזן באַצייכנען אין איין וואָרט זיין נאָמען און זיין גרויסקייט), איז אונדזערער אין גאַנצן... און דער אמת זאָגט, אַז ער איז דער, וואָס צעטיילט זיי, אָבער אויך דער וואָס פאַראייניקט זיי אין דעם ווייט-ווייטן האָריזאָנט פון דער געשיכטע פון דער אנטשטייאונג פון די איצטיקע אייראָפּעער מלוכות

פון זיין ריזיקן וואָרצל שטאַמען זיי אָפּ אַלע דריי. מיט זיין אומבאַזיגבאַרער שווערד האָט ער זיי אויסגעקעמפט פון די באַרבאַרן, פאַרניכטנדיק די קעניגרייך פון די לאָנגבאַרדן, באַזיגנדיק נאָך פיל יאָרן פון ראַמף די באַרבאַרישע זאַקסן, די ווילדע באַערן, די סוועוון, די אונגאַרן. פון דרום-פראַנקרייך ביזן דונאַי, האָט זיין שווערד און קלוגע, ניכטערע, מלוכהשע קאָפּ, מיט בלאָנדע האָר באַוואַקסן, מיט אַ בלאָנד בערדל באַקרייזלט, איין מלוכה געבויט, געפירעמט קריסטלעכע ציוויליזאַציע; מיטן שווערד אַרויסגעצוואונגען: קאַפּיטולאַרע רעכט און די גרונטן פון פעאָדאַלער רעכט איינגעפונדעוועט; און פראַנקרייך, און איטאַליע, און דייטשלאַנד שטאַמען פון אים, פון זיין טיטאַנישער ענערגיע אָפּ, ווי עס שטאַמען אָפּ צומאָלס אַ סך טייכן פון איין אָזיערע.

ער האָט דעם פּויפּסט מאַכט און איינזען געגעבן צווינגענדיק באַרבאַרישע פירשטן און זייערע מחנות צו אָננעמען דעם צייכן פון קרייץ — מיט זיין שווערד — און דער פּויפּסט האָט אים געקרוינט פאַר אַ קייסער, פאַר אַ הערשער איבער הערשער, אים דעם גרינדער פון דריי, פיר און כמעט פינף מלוכות אין אייראָפּע; אים, קאַרל „מאַגנוס“, וואָס רעפּרעזענטירט אין דער געשיכטע, אין דעם ערשטן טייל פונם מיטלאַלטער אַן אַנאַלאָגישע ראָל, צו דער וואָס אַלעקסאַנדער מוקדון האָט דורכגעפירט אין דער געשיכטע פון דער אַנטיקער צייט: באַרבאַרן אַריינצוברענגען אונטער דער השפעה פ ו ן ד ע ר ג ר י כ י ש ע ר ציוויליזאַציע, דאַן פּאַגאַנישער; אין זיין צייט קריסטלעכער, וואָס מיינט צוזאַמען כמעט דאָס זעלביקע, ווייל אַ סינקרעטיזם פון פּאַגאַניזם מיט אויסערלעכע צייכנס פון יידישקייט.

די שווערד פון קאַרל דעם גרויסן וועט פאַרבלייבן אַלס זכרון פון דעם נירענבערגער קאָנגרעס, אַלס זכרון פון דעם, ווי ווייט מ ע נ ט ש ן קענען גרייכן אין זייער אַמביציע, ווען זיי ווילן פעלשן געשיכטע.

דאַכט זיך, אַ דעטאַל: דער נירענבערגער בירגערמייסטער האָט אונטערגעטראָגן היטלערן, ווען ער איז געקומען צום צירקוס-שפּיל ד מ ת ק ר י א

נאַצי-קאָנגרעס, אַלס אַ מתנה די שווערד פון קאַרל דעם גרויסן. און יענער האָט צוגענומען די מתנה מיט דאַנק. אַ דעטאַל דאַכט זיך, ניט מער. אין אַזעלכע דעטאַלן דריקט זיך אָבער אויס, ווייזט זיך אַרויס דער גאַנצער פּרצוף פון דער נאַציישער געשיכטע-אויפפאַסונג: זייער נידערטרעכטיקייט פון פּיראַטן, וואָס ווילן פאַרקאַפן אַ פרעמדן יחוס-בריוו, כדי כלומרשט צו באַקומען אַ בכבודיקע היסטאָרישע גענעאַלאָגיע.

— 3 —

דעטאַלן זיינען אַמאָל מער כאַראַקטעריסטיש, ווי דער עיקר, דער תוך, זיי וואַרפן צומאָלס אַ קלאָרע שיין, טייכלן אַרויס דאָס גאַנצע בולטער, קלאָרער; און דאָס וואָס האָט, צומאָלס, אויסגעזען מטושטש, טרעט אַרויס, מיט איינמאָל, דורכן דעטאַל, בולט, קלאָר.

ווען מוסאָליני, האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק, מיט אַמאָל זיך פאַרנומען מיט אַזאַ „וויכטיקער" אַרבעט, ווי אויסצופּאָמפּען די וואַסערן פון דער אָזיערע נעמי, כדי פון דאָרטן אַרויסצופּאַנגען די צעפוילטע ברעטער פון צוויי שפּאַציר-שיפן פונם פאַרצייטיקן, משוגענעם, רוימישן קעניג ק אַ ל י ג ו ל אַ, איז דורך דער דאָזיקער קלייניקייט אַרויסגעקומען בולט, העל דער גאַנצער פּרצוף פון מוסאָליניין, דעם קאַליגולאַ אין אַ איצטיקער אויפלאַגע, וואָס טרייבט איצט, אין זיין וואַנזין די וועלט צו אַ מלחמה-טראַגעדיע.

אַזאַ ד ע ט אַ ל איז איצט די רעפּראָדוקציע פון קאַרל דעם גרויסנס שווערד, וואָס דער נירענבערגער בירגערמייסטער האָט אונטערגעטראָגן היטלערן.

איך ווייס ניט צי איז דער נעמלעכער בירגערמייסטער, טאַקע, אַזאַ בקי און פאַרשטייער פון געשיכטע... עמיצער אָבער איז יאָ געווען צווישן יענעם היות-געזיניל וואָס האָט געפּראַוועט אין נירנבערג די ברוינע מעסע, וואָס האָט אים אונטערגעזאָגט דעם אויסוואַל פון דער דאָזיקער מתנה:

— „די שווערד פון קאַרל ד ע ם ג ר ו י ס ן, דער זין פון פּיפּין דעם קורצן אונטערגעטראָגן היטלערן, דעם באַרבאַר פון אונדזער צייט, אַ מתנה ערב דעם גרויסן צירקוס-שפּיל אין נירענבערג".

— וואָס זיינען די נאַצים אויסן געווען צו זאָגן מיט דעם?

—עס איז ניט שווער צו משער זיין זיך.

קאַרל דער גרויסער, אַליין אַ זון פון דעם קעניג פון די פראַנקן, האָט אויס-געבויט אַ גרויסע דייטשע מלוכה (אַזוי זאָגן דייטשן; פראַנצויזן זאָגן דאָס אומגעקערטע), כאָטש ער איז ניט געווען קיין דייטש געבוירענער. היטלער, אַ פאָרנאָגראַפיע-מאָלער פון דער עסטרייכישער זאַלצבורג איז דער באַרופענער —אַזוי מיינען זיי — צו אויפבויען מיטן שווערד אַ גרויסע דייטשע מלוכה, הגם ער איז ניט קיין דייטש-געבוירענער.

קאַרל דער גרויסער האָט געהערשט אין אַ מלוכה, וואָס האָט זיך געצויגן פון ביידע זייטן ריין, וואָס האָט אריינגענומען די בייערן, פּרייסן, אַוואַרן, לאַנג-באַרדן, הונען, סוועון און אַנדערע שבעים לשונות און אומות; דאָס איז געווען

אַ מלוכה וואָס האָט אַריינגענומען אי ווין, אי בערלין, אי פּאַריז, אי מעץ, אי שטראַסבורג, אי וואָרמס, אי נאַרבאָנאַ, אי באַרצעלאָנאַ, אי אַכען, אי טרואַ — אַלע טייכן פון ים ביז ים — און דאָס איז געווען אַ דייטשע מלוכה (אַזוי לערנט די דייטשע געשיכטע; און די פראַנצויזישע געשיכטע לערנט פּונקט קאַפּויר: אַז עס איז געווען אַ פראַנצויזישע מלוכה, והראיה, ער איז דאָך געווען אַ זון פון פּיפּין, דעם קעניג פון די פראַנקן...); קומט דערום זיין שווערד היטלערן, וואָס וועט אויפבויען אַזאַ (אָט פּונקט אַזאַ) מלוכה אויף ביידע ברעגן ריין, פון ים ביז ים; צווישן דעם באַלטיק, שוואַרצן ים און... אַטלאַנטיק; און פאַרוואָס טאַקע ניט ווייטער, ביזן אייז-ים, דעם פּאַציפיק און אינדישן ים.

די שווערד פון קאַרל דעם גרויסן אַ מתנה פאַר היטלערן. דאַרף אין דער אויסטייטשונג פון די נאַציס באַדייטן, אַז אַזוי ווי דאַן איז די אַנטשטייאונג פון יענער גרויסער מלוכה געווען דער רעזולטאַט פון די אָנשטרענגונגען פון איין געניאַלן מענטשן (אַזוי ווילן האָבן די נאַצי-פעלשער פון געשיכטע), פּונקט אַזוי וועט די אָנשטרענגונגען פון איין „פּירער“, היטלער, ברענגען אַלס רעזולטאַט דעם אויפבוי פון אַ גרויסער דייטשלאַנד וואָס זאָל זיך ציען פון יענער זייט פּירענייען ביזן דונאַי, פון נאָרוועגן ביז נאַפּאָלי, פון די ברי-טישע אינדזלען ביז... וולאַדיוואָסטאָק...

די שווערד פון קאַרל דעם גרויסן אין די הענט פון... היטלערן: וואָס פאַרא וואונדער-ווילדקייטן קען זי דען ניט אויפטון!...

— 4 —

די שווערד פון קאַרל דעם גרויסן באַדייטעט פּונקט דאָס אומגעקערטע צו דעם וואָס די נאַציס האָבן זיך פאָרגענומען און וואָס היטלער דיקטירט זיי:

יענע שווערד האָט געקעמפט פאַר ציוויליזאַציע; אין דער אויפאַסונג פון יענער צייט; קריסטלעכע ציוויליזאַציע. יענע שווערד האָט געזוכט צו פאַרטיליקן דעם פּאַגאַניזם פון צווישן די שבטים פון די באַרבאַרן פון מיטל-אייראָפּע. היטלער און זיינע האָרדעס טוען פּונקט דאָס אומגעקערטע: ציוויליזאַציע פאַרוואַנדלען זיי אין באַרבאַריע, קריסטנטום זוכן זיי צו פאַר-טרייבן, איינפירנדיק געצנדינערייַ אויף דעם פּלאַץ.

יענער האָט מיט זיין שווערד, באַגלייט פון באַזאַכטקייט פון אַ מלוכה-מאַן, געשאַפן געזעצן, ווערדליק פאַר יענער צייט מענטשלעכע (און ווערדליק פאַר דער איצטיקער — אודאי) און געזוכט צו פאַרבונדן אייראָפּע מיט אַזיע דורך פרידלעכע האַנדלונגס-פאַרבינדונגען; די מלוכה זיינע, מיט דער מלוכה פון בי-זאַנץ, מיט „קושטא“ און מיט דער אַראַבישער מלוכה פון האַרון-אַל-ראַשיד, פון דעם אומפאַרגעסלעכן קאַליף דעם גערעכטן צוליב וועמענס כבוד אַראַבישע דיכטער האָבן דעם טויזנט-און-איין-נאַכט געשאַפן, צויבער-מעשיות וועגן זיין פּראַכט און גלאַנץ פאַרצייכנט פאַר קומענדיקע דורות.

און קאַראַוואַנעס פון גרויס-האַנדל, אָנגעפירט פון יידן — ווי מאָדנע דאָס קלינגט אין דער צייט פון היטלער דעם ווילדן — אָנגעפירט פון יידישע סוחרים,

האָבן זיך פון נארבאָנע און פון אכען, און פון וואָרמיזע, און פון אַנדערע שטעט פון קאַרל דעם גרויסנס מלוכה, געצויגן צו מזרח, צו הארון-אל-ראַשידס קעניג-רייך; און ביז צו אינדיע דערגרייכט און רייך געמאכט די קריסטלעכע פּעאָדאַלע מאַגנאַטן פון דער יונגער מלוכה פון קאַרל דעם גרויסן.

און רעכטן האָבן יידן דאָרטן געהאַט, טראָץ דעם ווידערווילן פון אייניקע קירכע-מאַגנאַטן; און יידן האָבן אויך ערד באַארבעט און צוזאַמען מיט די נייע, ערשט-געוואָרענע קריסטן בשלום געלעבט, הגם די קירכע און די „קאַפּיטולאַרן" — האָבן שפּעטער פּרובירט צו אונטערדריקן און באַשרענקען די יידישע רעכטן...

און היטלער, וועמען מען טראָגט אונטער אַלס מתנה קאַרל דעם גרויסנס שווערד — טוט פונקט דאָס פאַרקערטע: אין זיין גרעניצלאָזער ווילדקייט מיינט ער צו קענען טרייבן די וועלט שוין ניט צו יענעם אָנהויב פון מיטל-אַלטער, נייערט צו דער... פאָרהיסטאָרישער צייט: צו דער ווילדקייט און באַר-באַריע פון דעם... הייל-מענטש. און יידן באַרויבט ער פון די עלעמענטאַרסטע רעכטן, און רודפט יידן מיט אַזאַ פּוריע, וואָס קאַרל דער גרויסער האָט צו די פינצטערע באַרבאַרן ניט אָנגעווענדעט.

קאַרל דעם גרויסנס שווערד, ווען אפילו אַ רעפּראָדוקציע נאָר, אַלס אַ מתנה „אַדאָלף דעם ווילדן" איז אַ בלאַספעמיע, די ערגסטע, די געמיינסטע לעסטערונג, פעלשונג, זילזול-באַהאַנדלונג פון דער געשיכטע...

— 5 —

פון דער טיף פון דער געשיכטע שווימען אַרויס איצט אין מיין פאָרשטעלונג, געשטאַלטן פון דריי פיר יידן. אין קיין געשיכטע-בוך, אָדער כראָניק פון יע-נער מערקווירדיקער צייט — פון דער צייט פון קאַרל דעם גרויסן — איז זייע-רע געשטאַלטן ניט צו געפינען, זייער נאָמען איז קוים אָנגעדייטעט אין כראָ-ניקעס, אין יידישע און ניט-יידישע: אין דעם ערשטן ראבד"ס „ספר הקבלה", אין דעם „ספר היוחסין", אין דעם לאַטייניישן בוך „געסטא קאַראָלי מאַגני", און, דאַכט זיך, אין טיומענעווס אַרבעט וועגן יידן אין מיטלאַלטער, איז קוים, קוים זייער נאָמען דערמאָנט. און דאָך שווימען זיי אַרויס, אין מיין פאָרשטע-לונג היינט די דריי-פיר יידן — גלייך איך וואָלט ערגעץ-וואו זייערע ביל-דער געזען, כמעט פיזיש-נאָענט איז זייער אָנבליק אין מיין מוח איינגעשטעמפּלט.

נעמען פון דריי-פיר יידן זיינען עס וואָס זייער נאָמען איז אפשר צוויי מאָל, ווען פיל, פאַרצייכנט, דרך-אגב, אין די טאָוולען פון אונדזער געשיכטע פון יענער מערקווירדיקער צייט, ווען אויף דער וועלט איז נאָך ניט געווען קיין פראַנק-רייך, ניט קיין ענגלאַנד, ניט קיין דייטשלאַנד, ניט קיין איטאַליע די מדינה, נייערט דער „מלך קרלייש", וואָס האָט געקיניגט בחסד עליון „מים עד ים" — און זייער פּרצוף צייכנט זיך מיר דאָך אַזוי בולט, איצט, אַזוי נעט פאַר די אויגן.

מכיר — איז דער נאָמען פון איינעם.

יצחק — איז דער נאָמען פונם צווייטן.

קלונימוס — און זיין זון משה — זיינען די נעמען פונם דריטן און פערטן.

און צוזאַמען מיט דעם, שווימען אַרויס אין מיין פאַרשטעלונג, בילדער און סצענעס, פון יענער מערקווירדיקער צייט, ווען אין איין טייל פון איראָפּע, צו דרום-מזרח פון דעם לאַנד, וואו די סאַרמאַטן האָבן געוואוינט, האָט אַ פאָלק פון דער ראַסע תוגרמא, אַ געזעמל פון טאָטערישע שבטים, וואָס האָבן געפירט אַ האַלב נאָמאַדישן, אַ האַלב איינגעזעצענעם לעבן פון פאַסטוכער און אַגריקולטאָרן — די כוזרים — אָנגענומען דאָס יידישע גלויבן און אין דעם צווייטן עק פון איראָפּע, אין יענעם טייל, וואָס ליגט פון יענער זייט פירענייען, האָט אָנגעהויבן לאַנגזאַם, צו איינוואָרצלען זיך תורה, דאָס וויסן פון דעם תלמוד מיט דריי הונדערט יאָר פאַר דעם, אָפּגעשלאָסענעם, אָבער וועלכן עס האָבן מסביר געווען און באַרטייטשט זיין לערע, די רבנו סבוראי און גאונים. זיין ליכט האָט אָנגעהויבן אַריבערצושטראַלן פון בבל איבער דעם מיטללענדישן ים אויפן שפּאַנישן האַלב-אינדזל, וואוהין עס דרינגען לאַנגזאַם אריין, די מאָרן פון צפון-אפריקע.

און, ווידער, שטייט מיר פאַר די אויגן דאָס בילד, ווי דער נירענבערגער בירגערמייסטער, ערב דעם נאַציאָנאַלן צירקוס-שפּיל, וואָס איז די טעג דאָרטן אָפּגעהאַלטן געוואָרן, טראָגט אונטער אַ מתנה צום ערגסטן אויסוואורף, וואָס האָט געשפּילט ווען אַ ראָל אין דער געשיכטע פון פעלקער, היטלערן, קאַרל דעם גרויסנס שווערד; און דער געדאַנק וואָס באַהערשט מיך, דערביי איז:

— צי ווייסן די דאָזיקע נאַציסטישע אויסוואורפן, די ראָל, וואָס יידן האָבן געשפּילט אין דער דאָזיקער זאַך? צי ווייסן די דאָזיקע „ריינע אַריער“, אַז קאַרל דעם גרויסנס שווערד, וואָס זיי טראָגן אונטער היטלערן, אַלס סימבאָל פון אַרישער גרויסקייט און שטאַרקייט, איז אַ טייל פון די מתנות, וואָס דער קאַליף דער גערעכטער, דער מושל איבער די גלויביקע, הארון-אל-ראשיד, פון באַגדאַד דער וואונדערלעכער, וואָס איז אינם פראַכט און צויבער פון טויזנט און איין נאַכט איינגעהילט געווען, האָט געשיקט צו קאַרל דעם גרויסן דורך דער פאַרמיטלונג פון אַ ייד ן י צ ח ק, וועלכער איז געווען דער שעף פון דער שליחות, דער פירער פון דער קאַראַוואַנע, געשיקט פאַר דער אָנשליסונג פון פריינטלעכע און האַנדלס-באַציאונגען צווישן די צ ו ו יי פון די ד ר יי גרויסע מושלים, וואָס די דאַמאָלסטיקע ציוויליזירטע וועלט האָט פאַרמאָגט: דער קעניג פון ביזאַנץ אין קושטא, דער קייסער פון אַכען, המכונה, וואָס ווערט גערופן אין די אַלטע יידישע ספרים ק ר ל יי ש ה ג ד ו ל און „זיין ליכטיקייט“ דער קאַליף פון באַגדאַד הארון-אל-ראשיד?

דריי זיינען געווען די פירער פון דער גרויסער קאַראַוואַנע, וואָס „דער קעניג איבער קעניגן“ קאַרל האָט געשיקט פון איראָפּע קיין אַזיע, קיין באַגדאַד צו אָנקניפּן פריינטשאַפט מיטן קאַליף פון גלויבנדיקע.

איין ייד יצחק, אַ סוחר, אַ למדן, אַ גאָטספאָרכטיקער מאַן, וועמענס קעמלען, געלאָדענע מיט כל המינים סחורות פון יענער צייט, פלעגן זיך ציען פון אַלע לענדער פון „ישמעאל און ערב“; אַ ייד, וואָס האָט געקענט אַראַביש, און גאַטיש, און גאַליש, און גערמאַניש, און סלאַוויש-סאַרמאַטישע רעדן, און ג ל ח י ש (לאַטיין) און אַראַמיש און העברעאיש אודאי און אודאי.

איין י י ד  י צ ח ק  און  צ ו ו י  אַ ר י ע ר,  ריינע אַריער משמעות, גראַפן פון קאַרל דעם גרויסנס הויף, גראַפן אמתע, ריינע מיט נעמען „כשרע", אַזעלכע ווי לאַנגפריד און  ז י ג מ ו נ ד.

און די דריי זיינען געפאָרן און געפאָרן און פאַרהאַנדלט מיט דערפאָלג מיטן „גערעכטן קאַליף", וועלכער האָט זיך אָנגעהערט פון דער גרויסקייט פונם קריסטלעכן הערשער... און ער האָט זיי צוריקגעשיקט מיט „אַ כתב-ידידות צום הערשער פון איירָאָפּע" און מיט מתנות לרוב; און צווישן די מתנות איז גע-ווען אַ שווערד, אַ טייערע פראַכט פון מזרח-צירונגען אין גאָלד צינזעלירט, און סאַפּירן און דימענטשטיינער זיינען איינגעפאַסט אין איר הענטל געווען.

און געווים האָט די דאָזיקע אָריענטאַלע שווערד, אַ מזרח-ייד, פון די דאַ-מאָלסטיקע יידן-גאָלדשמידער און יידן-איינפאַסער, פון געווער, געמאַכט — אַ מתנה פאַר קאַרל דעם גרויסן...

און ער האָט זי צו אַ יידן  י צ ח ק,  קרלייש הגדולם שליח פאַרטרויט, ווייל מיט אים האָט ער זיך געקענט צונויפרעדן, ניט מיט די  ר יי נ ע  אַ ר י ע ר, די גראַפן.

און וואָכן און חדשים איז די שיירה צוריקגעגאַנגען, פון באַגדאַד, קיין אַכען, די „איידעלע" אַריער, די גראַפן  ל אַ נ ג פ ר י ד  און  ז י ג מ ו נ ד האָבן ניט אויסגעהאַלטן דעם טילטול-הדרך; זיי זיינען אויפן וועג געשטאָרבן. דער י י ד  יצחק, פון דער „ניט-ריינער ראַסע", האָט אָבער אַליין דערפירט די קאַ-ראַוואַנע צוריק, געבראַכט קאַרל דעם גרויסן,  ד ע ם  מ ל ך  פ ו ן  ד י  פ ר אַ נ ק ן  די טייערע מתנה וואָס דער קאַליף האַרון דער גערעכטער האָט אים געשיקט :

די שווערד, וואָס אַ ייד אין באַגדאַד האָט מיט גאָלד געקריצט, מיט סאַ-פירן באַצירט, אַ מתנה פאַרן קעניג פון די ריינע... אַריער.

און — אַזוי דערציילן אַלטע העברעאישע און „גלחישע" (לאַטיינישע) כראָניקעס :

„דער קעניג קאַרל האָט אויפגענומען דעם כתב פון פריינטשאַפט און די טייערע מתנות וואָס האַרון-אל-ראשיד האָט געשיקט צו אים דורך דעם ייד יצחק. און דעם יידן אַליין האָט ער אויפגענומען מיט כבוד און רום, מיט ליבע און אַנערקענעניש; אין דעם קעניגס וואונדערלעכן פּאַלאַץ אין אַכען (1).

און צווישן די דאָזיקע מתנות, וואָס דער ייד יצחק האָט געבראַכט, איז געווען די שווערד, וואָס איז פאַרבליבן אין דער געשיכטע באַקאַנט מיט דער באַצייכנונג אַלס : „די שווערד פון קאַרל דעם גרויסן".

— 6 —

און נאָך אַ שווערד האָט קאַרל דער גרויסער געהאַט : אַ וואָכעדיקע אַזוי-צו-זאָגן. אַ קורצע צינזעלירטע שווערד מיט אַ קרייץ אַ צינזעלירטן אין זילבער, ביים הענטל.

---

(1) לאַטיינישע כראָניק פון עגיגהאַרד : „עניגהאַרדי אַנאַלעס".

אָבער אויך יענע שוועדר איז געווים פון א נ י ט - אַ ר י ע ר געשמידט געוואָרן, ווייל: אין יענע מערקווירדיקע צייטן איז דאָס דאָזיקע געווען איינע פון די הויפּט אומנות, פאַרשפּרייטע צווישן יידן: גאָלדשמידעריי און שטאָל-שמידעריי, צינזעלירונג און איינפאַסונג פון דימענטן און טייערע מעטאַלן אויף דעם געווער פון „נאָבעלע אריער“.

די נאָבעלע „אַריער“. די גראַפן און „מאַרקגראפן“, ריטער און שפּעטער-דיקע פּעאָראַלע פירשטן און פירשטלעך, פון עכט-אַרישע, עכט-רויבערישע מישפּחות, האָבן זיך מיט מלאכה און אָרנאַמענטיק-קונסט ניט פאַרנומען, פונקט ווי זיי האָבן זיך מיט מסחר ניט פאַרנומען, זיי האָבן וויכטיקערע אויפגאַבן געהאַט: רויב און מאָרד; אָנפאַלן און מלחמות אומאויפהערנדיקע; מיט פייער און שווערד דעראָבערן אַרבן און קנעכטן... האָבן יידן געאַרבעט אַלע מלאכות, אַלע אומנותן; אַלץ פאַר זיי, פאַר די ריינע אַריער-גערמאַנער און פראַנקן, באַיערן און אַווארן, גאָדן, כוועזן און זאַקסן, צוגעגרייט און צוגעשטעלט. אפילו קריסטלעכע „דברים שבקדושה“ האָבן יידן פאַר זיי געדאַרפט באַזאָרגן; און אַזוי שטאַרק איז דער דאָזיקער מסחר פאַרשפּרייט געווען דאַן צווישן יידן, אַז עס איז נויטיק געווען א באַזונדערע תקנה פון אַזא אויטאָריטעט, ווי רבנו גרשום מאור הגולה, — מיט יאָרהונדערטער שפּעטער — וואָס האָט בפירוש פאַרבאָטן „שלא ליקח גביע, תועבה או בגדים או כפר-תפלות תועבה ומשמשיה“, איינ-פאַך: ניט האַנדלען מיט זאַכן וואָס זיינען הייליק פאַר קריסטן...

דער דאָזיקער איסור, וואָס האָט, געוויס געמיינט אויך „כלי-זין“, איז גע-קומען שפּעטער מיט א פּאָר יאָר הונדערטער. אָבער ביים שוועל פון מיטלאַל-טער האָבן יי ד ן די דאָזיקע אַרבעט און מסחר אויסגעפירט. זיי האָבן די „ריינע אַריער“ מיט אַלעס באַזאָרגט, אויך מיט שווערדן און „שטעך-וואָפן“...

און די שווערד פון קאַרל דעם גרויסן, אויך די צווייטע, די וואָכעדיקע, ניט יענע וואָס דער ייד יצחק, דער ייד פונם הדרת-פנים און תורה, דער ייד פון מסחר און פון שפּראַכן, פון חכמה און וועלט-דערפאַרונג, האָט געבראַכט צו קאַרלען א מתנה פון באַגדאַד, נייערט די קורצע מיטן קרייץ ביים הענטל, האָבן אויך „ניט-אַרישע“ הענט געשמידט, געפאַסט, צינזעלירט, אין טייערן מעטאַל געצירט...

און מיר וועלן זיכער קיין טעות ניט האָבן, באַהויפּטנדיק, אַז די יידן פון די קהלות קדושות פון וואָרמיזע, מאַגענציע, שפּייער, אַשפּירה אָדער נאַרבאָנע, — די שטעט פון תורה און חכמה — האָבן דעם מלך הכבוד, וואָס האָט אַנערקענט די נוצלעכקייט פון די יידן, טראָץ די האַרטע קירכע-געזעצן — האָבן אים יענע שווערד פאַרשאַפט, ניט במתנה, ווייל יידן האָבן קיין וואָפן ניט באַנוצט אַלס מתנות — אָבער יידישע בעלי-מלאכה האָבן זיכער איבער איר געאַרבעט...

צי וויסן די דאָזיקע אַריער, אַז ביידע שווערדן קאַרלס, וואָלטן פאַר זיי געדאַרפט זיין מוקצה... ווייל דאָס זיינען דאָך: שווערדן, וואָס יידן האָבן אויף אַזא אָדער אַנדער אופן צוגעשטעלט קאַרל דעם גרויסן?

מיר שטייען אויפן שוועל פון מיטלאַלטער. כ'מיין דאָס ניט בלויז אין זין פון אַ מעטאַפאָרע און ניט בלויז אין זין פון דעם בילד וואָס איך האָב דאָ אָנ־געוואָרפן היטלער וויל טרייבן בפועל ממש דאָס לאַנד, זיינס און די וועלט, אפשר, צו מיטלאַלטער און, צוריקוועגס, נאָך צו פאַר־מיטלאַלטער: מיר שטייען אויף דער שוועל פון מיטלאַלטער, אָבער מיטן געזיכט געווענדעט ניט צו די יאָרהונדערטער פון די געשיכטע עפּאָכעס, וואָס זיינען געקומען נאָכדעם, נייערט צו די יאָרהונדערטער, וואָס זיינען געווען פאַר קאַרל דעם גרויסן; צווישן אים אין דער גרויסער איבערוואַנדערונג פון פעלקער, פון באַרבאַרן, ווען די אַלטע, אַנטיקע, וועלט פון רוים איז שוין געוואָרן חרוב, געפאַלן אונטער דער לאַסט פון דער אייגענער דעקאַדענץ, און די נייע וועלט, די פעאָדאַלע, האָט זיך נאָך ניט געהאַט אַרויסגעשניטן פון צווישן די רואינעס פון דער חרובער וועלט פון דער אַנטיקער ציוויליזאַציע, די באַרבאַרישסטע, די שרעקלעכסטע, די טונקלסטע דריי־פיר יאָרהונדערטער פון דער מענטשהייט. אויף דער שוועל פון אָט יענער עפּאָ־כע, ווען אונדזער פאָלק האָט זיך אַליין אַרומגעגרעניצט, אָפּגעזונדערט, פונם אַרומיקן כאַאָס און באַרבאַריע, כדי ניט פאַרמיישט און פאַרטרונקען ווערן פון דער דאָזיקער באַרבאַריע.

מיר שטייען איצט, ניט נאָר אין בילד, נייערט אין דער רעאַלער ווירקלעכ־קייט, פון היטלערס מלוכה, אויפן שוועל פון מיטלאַלטער, אַ מיטלאַלטער מיט מאָדערנער טעכניק; אַ מיטלאַלטער מיט לופט־שיפן, מיט מלחמה־מכשירים פון וועלכע די מיליטער־פירער פון יענע יאָרן — צווישן דער אינוואַזיע פון די וואַנ־דאַלן און הונען און קאַרל דעם גרויסן — האָבן געוויס אפילו ניט געחלומט. אָבער מיטלאַלטער איז עס אַלץ איינס: צי מיט טעכניק צי אָן טעכניק, צי מיט רענטגען־שטראַלן צו היילן און גיפטיקע גאַזן פאַר מאַסן־מאָרד, צי אָן זיי.

און בילדער פון איצטיקן מיטלאַלטער אונדזערן אין בילדער פון דעם דעמאָלטדיקן מיטלאַלטער מישן זיך אין איין פאָרשטעלונג, במעט אָן איבערייס, ווי עס וואָלט געווען צווישן זיי ממש, אָן אומאיבערגעריסענע קאָנטינואיטעט אין דער צייט־ווירקלעכקייט...

מען טראָגט אונטער דעם פירער פון די איצט־צייטיקע וואַנ־דאַלן, היטלערן, קאַרל דעם גרויסנס שווערד — איר יידישן יחוס־אָפּשטאַם האָבן מיר שוין געזען — וועלנדיק דערמיט ווי באַטאָנען זיין יחוס־אָפּשטאַם אין דער געשיכטע, וועלנדיק דערמיט אָפּן זיך אָנקניפּן אין דאָס שענסטע, אין דאָס בעס־טע, וואָס דער מיטלאַלטער אין זיין אָנהויב האָט געשאַפן.

די דאָזיקע לומפּן מיטן הויפּט־וואַנדאַל בראָש, ווייסן דאָך, ווי אַזוי דער קעניג פון די פראַנקן, דער „ריינער אַריער”, קאַרל דער גרויסער, דער זון פון פּיפּין דעם קורצן, דאָס אייניקל פון די מעראָווינגישע „מאַיאָרדאָמס”, האָט זיך באַ־צויגן צו ניט־אַריער, צו די יידן. און וואָלטן זיי נאָכגעפאָלגט דעם ביישפּיל פון יענעם, אין וועמעס יחוס זיי ווילן זיך אָנקניפּן, וועמעס גרויסקייט זיי

וועלן נעמען אַלס סימבאָל... וואָלטן זיי געטראַכט לפּחות וועגן דעם, ווי אַזוי יידן האָבן געלעבט אין יענע צייטן, געשעצט, ניט גערודפט.

פון קאַרל מאַרטעל, דער זיידע פון קאַרל דעם גרויסן, וואָס האָט איינגענומען נאַרבאָנע ביי די מאָרן מיט דער הילף פון יידן, איז גוטע באַציאונג צו יידן און פּריווילעגיעס פאַר די יידן געוועזן און פאַרבליבן אַן איינגעשטעלטע טראַדיציע אין דער מישפּחה פון די קאַרלאָווינגן. דאָס אייניקל פון קאַרל מאַרטעל, קאַרל דער גרויסער און דער נאָכפאָלגער זיינער לודוויג דער פרומ'ער — די נאַציס באַטראַכטן זיי דאָך פאַר אַריער-קיסאַרים — האָבן די טראַדיציע פון די פריינט־לעכע באַציאונגען צו יידן ביז דאָס העכסטע דערפירט.

מייחס זיין זיך אין קאַרל דעם גרויסן, וועלכער איז טאַקע געוועזן אַ גע־בירטיקער פון זאַלצבורג דער בייערישער (היטלער, להבדיל, איז אַ געבוירענער אויך פון זאַלצבורג אָבער אַ צווייטער) און טון להיפוך פון אים, להיפוך פון זיינע דרכים... דאָס איז מער ווי פעלשן, דאָס איז שענדן געשיכטע.

ווי האָבן יידן געלעבט אין יענע צייטן צווישן די אַריער ? וואָס פאַראַ ראָל האָבן זיי געשפּילט אין דער דאַמאָלסטיקער וועלט, אין דער ערשטער העלפט פון מיטלאַלטער?

ווען הורך דעם צעפאַלן פון דער רוימישער אימפּעריע און איבערוואַנדערונג פון די פעלקער, זיינען די פרידלעכע און האַנדלס-באַציאונגען צווישן דעם מערב און דעם מזרח כמעט אינגאַנצן איבערגעריסן געוואָרן, זיינען יידן געווען כמעט די איינציקע דורך וועלכע די דאָזיקע פאַרבינדונגען האָבן נאָך געקענט אנהאַלטן.

צדקה עשה הקב"ה לישראל ופיזרם לבין האומות (אַ גונסט האָט גאָט גע־טאָן צו ישראל — און זיי צווישן די פעלקער צעשפּרייט)... איבער דער דאַ־מאָלסטיקער וועלט האָבן אומעטום יידן געוואוינט : פון באַרצעלאָנאַ און באַג־דאַד ביז אינדיע, פון רוים ביז די נעפּלען פון סאַרמאַטיע-לאַנד, דאָס לאַנד פון קנעכט וואָס האָבן זיך גערופן ס ל א ו ן. אומעטום האָבן געוואוינט יידן — איבער גאָר דער דאַמאָלסטיקער וועלט און זיי האָבן געקענט צענויפרעדן זיך, אַלע יידן פון אייראָפּע מיט די יידן פון די ווייטסטע לענדער, אין לשון־קודש... און דאָס איז געווען אַ מעכטיקער געהילף-אויסשטאַנד פאַרן דאַמאָלסטיקן אינטערנאַציאָנאַלן מסחר.

איז דערום אין יענע צייטן דער מסחר צווישן די לענדער פון די באַרבאַרן, פון די קעניגרייכן פון אָסטגאָטן, וועסטגאָטן, פראַנקן, לאָנגבאַרדן און אַסטריאַזיע און די לענדער פון די גערמאַנישע שבטים — דער אינטערנאַציאָנאַלער האַנדל צווישן דעם מערב און מזרח — כמעט אינגאַנצן אין יידישע הענט געווען.

ד י א ר י ע ר זיינען געווען ים-רויבער, אָדער רויבער אויף דער יבשה.

ד י נ י ט - א ר י ע ר — ערלעכע סוחרים, וועמען די אַריער און די אַראַבער האָבן צו-גלייך געטרויט.

— 8 —

ווי אומגלויבלעך עס זעען אויס איצט — און דאָך איז עס וואָר — די בילדער פון יענער צייט : יי ד ן — ס ו ח ר י ם ט ר יי ב ן ק א ר א וו א־

נעס אין דער מדבר; פון אייראָפּע דורך אַראַביע קיין אינדיע...
און יידישע תורה און חכמה ווערט דורך די קאַראַוואַנעס געבראַכט פון באַגדאַד, קיין וואָרמס, קיין רעגענסבורג, אין דער אַלטער געגנט פון ביידע זייטן פונם טייך ריין, איבער וועלכן אשכנז און צרפת פאַרגיסן אַזוי פיל בלוט אין משך פון דורות.

אַ באַזונדערן נאָמען האָבן אַזעלכע יידישע סוחרים געהאַט דאַן „ראָדאַנער" האָט מען זיי גערופן... גאָט ווייסט פון וואַנען דאָס דאָזיקע וואָרט שטאַמט, אפשר פון דעם נאָמען פון טייך רהאָדאָנוס אין דרום פון גאַליע (פראַנקרייך) פון וואַנען דער יידישער מסחר אין שיירות האָט זיך געצויגן, ברענגענדיק וויסן און ציוויליזאַציע פון אָריענט...

און עס ווערט דערציילט אין אַלטע אַראַבישע כראָניקעס פון יענער צייט אַזוי צו זאָגן: (2)

„און דאָס איז געווען דער וועג פון די יידישע הענדלער, די ראָדאַנים, וועלכע האָבן געקענט רעדן פּערסיש, רוימיש, אַראַביש, פראַנצויזיש, אַנדאַלו-זיש (שפּאַניש) און סלאַוויש: זיי פלעגן טון ציען פון מערב צו מזרח און פון מזרח צו מערב; און זייער וועג איז דער וועג פונם ים און דער וועג פון דער יבשה; און זיי פלעגן טון אַרויספירן: סריסים, דינסטן, יונגען, זייד, פעל, רייכוואַרג און שווערדן. אין צרפת פלעגן זיי טון נידערן אויף שיפן אין דעם מערב-ים (מיטללענדישער) און טון ריכטן זייער וועג קיין פראַן (די וויסטע פון פראַן, אויפן וועג צווישן ארץ-ישראל און מצרים). און דאָרטן פלעגן זיי טון אַנלאָדן זייער וואַרע אויף קעמלען און ווידער גיין דורך דער יבשה ביז קולזאָם (כועץ), אַ מהלך פון צוואַנציק פּרסאות און פון דאָרטן, ווידער אין שיפן אויפן מזרח-ים (ים-סוף, רויטער ים), פלעגן זיי פאָרזעצן זייער וועג ביזן האַפן דזשידאָ; און פון דאָרטן מיט דער יבשה ווידער ביז צו סינד (ביים אריינפלוס פון טייך אינדוס) און דעם לאַנד פון אינדיע און כינע".

„און ביים פאָרן צוריק פלעגן זיי מיטפירן מיט זיך דאָס גוטס פון די געצעלטן: קאַמפאַר, צימערינג, געווירצן, און בשמים און אַנדערע תבואות פון די מזרח-לענדער; און ווידער פלעגן זיי פאָרן מיט זייער סחורה צום קולזאָם און פון דאָרטן קיין פּראַן, און טון ריכטן זייער וועג צום מעריב-ים, אַ טייל פון זיי פלעגט זייערע געזיכטער ווענדן טון קיין קושטא (קאָנסטאַנטינאָפּאָל) און — דאָרטן פאַרקויפן זייער וואַרע; און אַ טייל פלעגט זיך צוריקקערן אין די לענדער פון די פראַנקן.

און די יידישע סוחרים, ווען זיי פלעגן פאָרן אין די שיפן איבערן מערב-ים, פלעגן צומאָלס טון קערן קיין אַנטיוכע, און פון דאָרטן, ציענדיק אַ מהלך פון דריי טעג, פלעגן זיי גענענען ביז צו די ברעגן פון פרת און קומען אין דער שטאָט באַגדאַד".

דאָס איז געווען דער וועג פון דעם יידישן האַנדל; עס איז געווען נאָך אַ צווייטער וועג דורך וועלכן די יידישע האַנדלס-שיירות, האָבן אין יענע כאָאָ-

(2) ציטירט און איבערזעצט פונם העברעאישן „ספר הנתיבות והממלכות".

טייטשע צייטן אַנגעהאַלטן — די איינציקע — די פֿאַרבינדונג צווישן דער ציוויליזאַציע פֿון מזרח און די אַנטשטייענדיקע מלוכות פֿון די באַרבאַרן פֿון מערב: פֿון די לענדער פֿון די פראַנקן און פֿון שפּאַניע, דורכן ים קיין מאַראָקע, טאַנזשער; פֿון דאָרטן, פּאַזע דער לענג פֿון דעם צפֿון אַפֿריקאַנישן ברעג ביז מצרים, פֿון דאָרטן דורך רמלה, אין ארץ-ישראל, קיין דמשק, פּערסיע און אויך אינדיע און כינע.

און נאָך אַ דריטער וועג איז געווען פֿאַר די יידישע מסחר שיירות: פֿון דעם לאַנד פֿון די פראַנקן, אַלעמאַנען (איצטיקן דייטשלאַנד), פּרייסן צו די שבטים פֿון די סאַרמאַטן און סלאַוון (איצטיקע רוסלאַנד) מיט די גרויסע טייכן (דניעפּער און דאָן) צו דרום צו ביז דער הויפּט-שטאָט פֿון די כוזרים (נעבן דער איצטיקער אַסטראַכאַן, ביי דער וואָלגאַ); פֿון דאָרטן אויף שיפֿן איבערן ים פֿון די „גרוזן" (קאַספּישער ים) ביז דער געגנט פֿונם טייך אָוקסאַניע (אַמו-דאַריאַ) דורך וואַנען זיי פֿלעגן אַריינדרינגען מיט זייער האַנדל אין כינע און אינדיע.

מיט וויפֿיל סכנת-נפֿשות, מיט וויפֿיל שוועריקייטן, מיט וויפֿיל איינשטעלעניש איז געווען פֿאַרבונדן אַזאַ וועלט-האַנדל, אין יענע צייטן אויפֿן שוועל פֿון מיטלאַלטער, אָן פֿאַרבינדונגען, אָן זיכערקייט. ווען ים און יבשה האָבן אויף טריט און שריט געלויערט איבער די שיירות יידישע סוחרים?... אידן-וועלט-סוחרים וואָס האָבן דורך קאַראַוואַנען און שיפֿן פֿאַרקער אָנגעהאַלטן די פֿאַרבינדונגען צווישן צוויי ציוויליזאַציעס: די מזרחדיקע דאַן אַ מער סטאַביליזירטע און דער מערבדיקער, וואָס האָט געהאַלטן ביים כאַמע אָנהויב פֿון זיך אויסבילדן, פֿונם תוהו ובוהו פֿון באַרבאַרישע שבטים און רעשטן פֿון דער צעפֿאַלענער רוימישער וועלט, — אויסבילדן זיך אויף יסודות פֿון דעם אַנטשטייענדיקן פֿעאָדאַליזם.

לאָמיר זיך אַריינטראַכטן אין דער געוואַלדיקער היסטאָרישער ראָל, וואָס די „נ י ט - א ר י ע ר", יידן האָבן געשפּילט דורך דעם, פֿאַר דער געשיכטע פֿון דער אַנטשטייענדיקער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע, אין די לענדער, וואו עס האָבן געהערשט די מלכים פֿון די מעראָווינגען און קאַרלאָווינגען דערנאָך; און אין די לענדער פֿון די מזרח און מערב גאָדן, די לאָמבאַרדן און זאַקסן, און נאַרמאַנדער.

דורך די פּעק משאות וואָס האָבן זיך אויף זייערע קאַראַוואַנעס, געוויגט הין-און-צוריק איבער די וויסטעס פֿון אייראָפּע, צפֿון-אַפֿריקע, קליין-אַזיע, קאַווקאַז, קאַספּישע געגנט, מיטלאַזיע, כינע, אינדיע, אָדער אין די „פֿינצטערע לענדער, וואו עס וואוינען די סאַרמאַטן און שקלאַוון". האָבן זיי די לעצטע רעשטן, דעם ברוך פֿון די ציוויליזאַציעס דערהאַלטן, פֿאַרקניפּט, צעמענטירט: ניט דערלאָזט אַז אייראָפּע זאָל אינגאַנצן אַריינפֿאַלן און פֿאַרבלייבן באַרבאַריזירט און געשאַפֿן אַ באַוועגלעכן בריק צווישן מזרח און מערב.

און דאָס איז געטון געוואָרן ווען די א ר י ע ר, אין די לענדער פֿון די פראַנקן, אַלעמאַנען און מאָרן, האָבן אַלס איינציקע מלאכה געהאַט רויב, אָנפֿאַל און מאָרד, אַלס ציוויליזאַציע דאָס אָפּגעשטאַנענע היידנטום מיט אַ קריסטלעכער פֿאָליטור אויסערלעך באַפּאַרבט.

אויף איינעם פֿון די דריי אויבן-אויסגערעכנטע וועגן, דורך וועלכע די יידי-

שע שיירות האָבן דורך זייער האַנדל-פּאַרקער און פֿאַרבינדונג, די לעצטע רעשטן פֿון דער דעמאָלסטיקער ציוויליזאַציע דערהאַלטן; וואַרשיינלעך אויף דער ערש-טער פֿון די דריי — איז געפֿאָרן צוריק פֿון באַגדאַד די קאַראַוואַנע, וואָס קאַרל דער גרויסער האָט געשיקט צום ליכטיקן סולטאַן האַרון-אַל-ראַשיד מיטן ייִדן י צ ח ק בראש... די קאַראַוואַנע וואָס האָט צוריקגעבראַכט צום „גרויסן קעניג פֿון די פֿראַנקן" די פּריינטשאַפֿט-בריוו פֿון „קאַליף דעם גערעכטן" און די מתנות, וואָס ער האָט געשיקט צום קריסטלעכן קייסער.

און צווישן די מתנות אַ שווערד פֿאַר קאַרל דעם גרויסן.

עס איז אַ „ניט-אַרישע" שווערד. אַ סעמיטישע לכל-הדעות. אויב ניט ייִדן האָבן זי אַראַבער געשמידט און ייִדן אין גאָלד געצירט. ווי קען זי דינען אַלס סימבאָל פֿאַר דעם וואָס זוכט צו צעשטערן די ציוויליזאַציע און צריקברענגען דעם פֿאַר-מיטלאַלטער אין מיטן פֿון 20-טן יאָרהונדערט, פֿאַר דעם אָנפֿירער פֿון די נאַצים-וואַנדאַלן, וואָס שווערן פֿאַרניכטונג און אויסראָטונג פֿון ייִדן?

פֿעלשער פֿון געשיכטע, וואָס זוכן צו פּוצן זיך אין פֿרעמדע פֿעדערן...

— 9 —

דער מלך פֿון די אַריער, אין ווען די פֿעלשער פֿון געשיכטע, די נאַצים, זוכן צו יחוסן זיך און אַלס יורשים אומגעזעצלעכע פֿון ווען שווערד, זיי פּראָקלאַמירן זיך, האָט אין יענעם ווייטן מיטלאַלטער, געהאַט צו די ניט-אַריער גאָר אַן אַנדער באַציאונג, ווי די איצטיקע באַרבאַרן.

דער איצטיקער, פֿאַרטרייבט מיט שטיינער פֿון שנאה און גיפֿט, פֿון רדיפֿות און נגישות, פֿון רויב און מאָרד, פֿון זייער לאַנד דעם ווייסן, די גרעסטע מוחות, די וועלט-באַרימטסטע גאונים אויף אַלע געביטן פֿון וויסנשאַפֿט, א ו י ב זיי זיינען נאָר ייִדן.

יענער קאַרל דער גרויסער האָט מיט אַ זאָרג, וואָס איז אי רירנדיק, אי עס זעט אויס וואונדערלעך פֿאַר יענער צייט — און אַ פֿערזאָן וואָס איז דאָך פֿאַרט געשטאַנען נאָך מיט ביידע פֿיס פֿאַרזונקען, האַלב, אין אַ וועלט ניט אויסגע-הייטערטער פֿון באַרבאַריע — געזוכט, אדרבא, אַריינצוברענגען אין זיין לאַנד, פֿונם אויסלאַנד, וואו זיי זיינען געווען, וואָס מערער און וואָס גרעסערע חכמים פֿון צווישן ייִדן — פֿאַר די ייִדן, וואָס האָבן געוואוינט אין זיין לאַנד, פֿון ביידע זייטן פֿון ריין: אין צרפֿת און אין אשכנז, אין דעם לאַנד פֿון די פֿראַנקן, אין דעם לאַנד פֿון די גערמאַנער.

ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז וואָס מער די ייִדן וועלן זיך בילדן אין זייער תורה און וויסן, אַז זיי וועלן האָבן ביי זיך ישיבות און בתי-מדרשים וואו גאָטס וואָרט: די תורה שבכתב און תורה שבעל פּה וועט געלערנט ווערן, אַלץ טיי-פֿערע וואָרצלען וועלן זיי שלאָגן אין זיין קעניגרייך; איינגעזעסענער וועלן זיי ווערן; מער אידענטיפֿיצירט מיטן לאַנד און וועלן ניט זיין געצוואונגען צו פֿאָרן זוכן גאָטס וואָרט און לערע אין אַנדערע לענדער, אין די קעניגרייך פֿון די גאָדן, אָדער פֿון די לאָנגבאַרדן, וואו עס זיינען שוין געווען גרויסע חכמים און באַ-רימטע ישיבות של תורה.

. דאָס האָט יענער קלוגער אַרישער קעניג אויפן שוועל פון מיטלאַלטער פאַר־שטאַנען : די „גיט־אַריער„ זיינען נוצלעכע עלעמענטן פאַר זיין מלוכה און כדי איינצוהאַלטן יידן ביי זיך אין קעניגרייך מוז ער ברענגען פון אויסלאַנד יידישע וויסנשאַפטלער און געבן זיי פּריווילעגיעס, און שאַפן פאַר זיי אַ מעגלעכקייט צו עפענען יידישע לערן־אַנשטאַלטן, כדי זיי זאָלן קענען מפיץ זיין תורה ברבים.

דאָס איז דאָס בילד פונס ערשטן מיטלאַלטער. אַזוי האָט געהאַנדלט דער באַזיצער פון הארון־אַל־ראַשידס מתנה־שווערד. דאָס בילד פונס איצטיקן מיטל־אַלטער זעט אויס פונקט קאַפּויר : דער אומגעזעצלעכער יורש פון קאַרל דעם גרויסנס שווערד, פאַרטרייבט, יידן מיט פייער און בלוט, פון קאַרל דעם גרויסנס מדינה, פאַרטרייבט אויך די יידן־וויסנשאַפטלער, וואָס האָבן גרויס געמאַכט אין דער וועלט... דייטשלאַנדס נאָמען.

ווען קאַרל דער גרויסער האָט געשיקט זיין שליחות, מיטן יידן יצחק בראָש, צו הארון־אַל־ראַשידס, דעם קאַליף פון באַגדאַד, האָט ער אים פאַרזאָגט, אַז „הויז בשמים, צינזעלירטע שווערד און שטעך־וואָפן, געווירצן אין דיוואַנען טייערע פון פערסיע און בונטע שטאָפן פון קאַשמיר, זאָל ער בעטן ביי דעם געערבטן קאַליף ער זאָל אים שיקן אַ גרויסן געלערנטן פון צווישן יידן, פאַר די יידן פון זיין קעניגרייך, וואָס זיינען דורשטיק נאָך גאָטס חכמה־וואָרט און ניט האָבנדיק עס אין אשכנז, מוזן זיי וואַגלען איבער די וויינגערטנער פון גאָטס וואָרט אין אסאפמיה אָדער לאַנגבאַרדן־לאַנד".

און הארון־אַל־ראַשיד האָט אים אייך אין דעם געפאָלגט און אים געשיקט קיין אשכנז און צרפת, צוזאַמען מיט די מתנות, וואָס יצחקס קאַראַוואַנע האָט געפירט, דעם גרויסן למדן ר ב נ ו מ כ י ר , וועלכער איז געוואָרן דער גרונדלייגער פון דער ישיבה אין נאַרבאָנע, די שטאָט פון פּראָוואַנס, וואו עס האָבן זייט דאַן געבליט תורה און הכמה. דאָס „וויסנשאַפט פון ערב" און דאָס „וויסנשאַפט פון אדום" (רוים) צוזאַמען מיט דער הייליקער תורה.

ר ב נ ו מ כ י ר , וועמען קאַרל דער גרויסער האָט געלאָזט ברענגען אַזש פון באַגדאַד איז געווען דער גרונטלייגער פון די ישיבות אין דרום־פראַנק־רייך, וואו שפּעטער, אין משך פון דורות, האָבן געלעבט און געווירקט אַזעלכע באַריכמטקייטן ווי די רד"קס, די תיבונס, פיל פון די בעלי־התוספות און אַנדערע.

און אַזוי ווערט דערציילט אין אַן אַלטער העברעאישער כראָניק פונם 12־טן יאָרהונדערט.

„והמלך קרלייש שלה למלך בבל, שישלח מן היהודים אשר לו מזרע המלוכה מבית דוד, והוא שומע לו ושלה לו מישם חכם גדול ושמו ר ב י מ כ י ר , והוא הושיבו בנרבונה עיר הגדולה ונטעו שם, ונתן לו אחוזה גדולה שם, בעת כבשו אותה מישמעאלים". (3).

אין דער ווירקלעכקייט האָט די שטאָט אָפּגענומען ביי די מאַרן ניט קאַרל דער גרויסער, נאָר זיין זיידע נאָך, קאַרל מאַרטעל; אָבער דער פאַקט פון ברענ־גען רבי מכירן, באַזעצן אים אין נאַרבאָנא און געבן די יידן פון יענער שטאָט

(3) „ספר הקבלה" פון אברהם בן דוד (דער ערשטער „ראבד").

פולע אויטאָנאָמיע אין דעם יידישן טייל פון שטאָט, מיטן טיטל נשיא פאַר רבי מכיר און זיינע נאָכקומענדיקע דורות, ווי רעכט אויף אייגענע מטבעות, גע-ריכט, פאַרוואַלטונג א. א. וו. דאָס איז פעסטגעשטעלט היסטאָריש. דאָס האָט געטאָן, וואַרשיינלעך, קאַרל דער גרויסער. ביזן דרייצנטן יאָרהונדערט געפינט מען שפּורן פון דער מכיר-דינאַסטיע אַלס לייטנדע פּערזאָנען פון די יידישע קהלות אין „פּראַנס-מידי" (דרום-פראַנקרייך) און די ארומיקע קריסטן האָבן זיי גערופן „די יידישע מלכים פון פּראַוואַנס".

— 10 —

ניט נאָר פאַר פּראָוואַנס האָט קאַרל דער גרויסער געזאָרגט אין דעם אויפ-בנאָנגעוויזענעם פּרט. ער האָט אויך פאַר די פּראָווינצן פון זאַקסן און בייערן, פאַר די לענדער פון דער זייט ריין געזאָרגט, אַז די דאָרטיקע יידן זאָלן האָבן א מקום-תורה, כדי זיי זאָלן ניט זוכן צו אויסוואַנדערן, איבער זייער דורשט נאָך גאָטס וואָרט, קיין לאַנגבאַרדן, וועלכע קאַרל דער גרויסער האָט שפּעטער באַזיגט און אַנגעשלאָסן אין זיין מלוכה. (4)

אין לוקא, די אַלטע שטאָט פון לאָמבאַרדיע איז געווען דער צענטער פון יידישער תורה און וויסנשאַפט, פון גאָטס וואָרט און אויך פון „אדומישער חכמה". און אהין האָט זיך קאַרל דער גרויסער געווענדעט. נאָך די בלוטיקע מלחמות, וואָס ער האָט אין לאָמבאַרדיע געפירט, האָט ער אין זיינע געהאט רבנים און חכמים פאַר די יידן פון אשכנז, ארויסצופירן פון לוקא.

א גאַנצע פּלעיאַדע פון רבנים און חכמים האָט ער פון דער שטאָט לוקא אין די דייטשע שטעט וואָס ביים ריין געבראַכט...

אין דעם געביט פון דער געשיכטע זיינען זייערע נעמען פאַרשוואונדן גע-וואָרן; אָבער די וואָס זיינען געשטאַנען בראש פון די חכמים און בעלי-תורה, וואָס קאַרל האָט ארויסגערופן פון איטאַליע קיין דייטש-לאַנד זיינען באַקאַנט פאַרבליבן, אויף אייביקע אייביקייטן אין די כראָניקעס פון די אַלטע יידישע קהלות אין דייטשלאַנד.

רבי קלונימוס און זיין זון משה, — אין מאַגענציע האָט ער זיי באַזעצט, אין דער שטאָט, וואָס די פאַרצייטיקע יידישע חכמים האָבן גערופן „מגנציה"; „על שם מה? פאַרוואָס הייסט זי אזוי? ללמדך, צו לאָזן דיך לערנען" כי מגן-צינה היא, אַז אַ שוץ-פּאַנצער איז זי לתורת אל חי, צו דער לערע פון דעם לעבנדן גאָט".

ר' משה מלוקא בן רבנו קלונימוס", דער זון פון דעם באַרימטן פאָטער, רב און פייטן ,ווערן אָפט דערמאָנט אין די אַלטע יידישע כראָניקעס ביזן 14-טן יאָרהונדערט. די שפּעטערדיקע גאונים און חכמים פון אשכנז און לותיר" (גער-מאַניע און לאָטרינגען) זיינען ארויסגעקומען פון דעם יסוד. וואָס „ניט-אַרישע"

---

(4) די איצטיקע לאָמבאַרדיע, פלאַכלאַנד אין צפון איטאַליע צווישן די אַלפּן און אפּענינען.

וויסנשאַפטלער, געבראַכטע דורך קאַרל דעם גרויסן, האָבן געלייגט אין די קהילות ביים ריין.

אַזוי האָט געהאַנדלט קאַרל דער גרויסער. אַזעלכע זיינען געווען די אויפטו-אונגען פון זיין מלוכהשן זשעני.

דאָס איז געווען דער פּאַרדינסט פון ז ײ ן ש װ ע ר ד: די שווערד פון קאַרל דעם גרויסן און אַזאַ איז געווען זיין באַציאונג צו יידן.

אַזעלכע בילדער-און-געדאַנקען רופט אַרויס יענער גרויסער, איצט שוין געשיכטלעך-אַבסטראַקטער באַגריף וואָס הייסט:

די שווערד פון קאַרל דעם גרויסן. אָן אונטערשייד וועלכע פון אירע צוויי קאָנקרעטע פאָרמען: צי די שווערד, וואָס האַרון-אַל-ראַשיד האָט אים געשיקט, צי זיין אייגענע, די װ אָ כ ע ד י ק ע, וואָס יידן, געוועזער-שמידער פון „מאַגענציע", צי „רעגענסשפּרוק", „אַכען" אָדער „וואָרמייזע" האָבן פאַר אים גע-שמידט.

און אָט די שווערד טראָגט מען אונטער אַ מתנה אַ ווילדן, אַ באַרבאַר, וואָס טרעט אַלע מענטשלעכע רעכטן מיט זיינע בלוטיקע פיס.

פעלישער, פ אַ ר ש װ ע כ ע ר פון געשיכטע. זיי זוכן זיך צו פאַר-וואַנדלען אין יורשים פון קאַרל דעם גרויסן און טוען טוען זיי דאָס דיאַמעטראַל להיפּוכדיקע, וואָס קאַרל דער גרויסער האָט געטון מיט זיין שווערד.

.1935



# די גרינדונג פון בוענאָס איירעס

— 1 —

## בוענאָס איירעס — איר גרינדונג און עלטער

בוענאָס איירעס — איצט צו טאָג די גרעסטע שטאָט אין דעם דרומדיקן האַלבן כדור פון דער ערד און די זיבעטע שטאָט אין דער וועלט ווערט אַלט פיר הונדערט יאָר. אַזוי הייסט עס אָפיציעל, נאָכדעם ווי די היסטאָריע האָט אָנער־קענט, אַלס טאָג פון דער ערשטער גרינדונג פון בוענאָס איירעס, דעם 2־טן פעברואַר 1536.

גענוי, אָבער, איז עד־היום ניט פעסטגעשטעלט געוואָרן דער טאָג, ווען די טראַגישע און פּרעכטיקע פּערזענלעכקייט, אַדעליקער פונם הויף פון זיין מאַיעס־טעט קאַרל דעם פינפטן, דאָן פּעדראָ דע מענדאָסאַ וואָס האָט באַקומען אויף די דאָזיקע ערדן רעכטן פון אַ פּעאָדאַלן הערשער מיטן טיטל אַדעלאַנטאַ־דאָ, האָט געגרינדעט דעם האַפן און די שטאָט פון דער „הייליקער מאַריע פון בוען־איירע“, אָדער בוענאָס איירעס.

עס איז ניט געפונען געוואָרן מיטמעות, אַז עס איז אפשר ניט געווען גאָר — קיין שום אָפיציעלער אַקט װעגן דער דאָזיקער גרינדונג. די ערשטע רעפערענצן וועגן דער גרינדונג פון דער שטאָט, וועלכע איז אין געציילטע יאָרן אַרום חרוב געוואָרן און דערנאָך פאַרלאָזן געוואָרן פון אירע איינוואוינער, געפינט מען אין די דאָקומענטן פון די „אַרכיוון פון לאַס אינדיאַס“, אין בריוו, אין מעמואַרן־נאָטיצן פון עדי־ראיה, וואָס האָבן אַנטייל גענומען אין דער גרויסער עקספּע־דיציע פון דעם דערמאָנטן ערשטן „אַדעלאַנטאַדאָ“ און דערנאָך זיך אומגעקערט צוריק אין דער אַלטער וועלט. צווישן די דאָזיקע זיינען געווען אַ סך שפּאַנישע אַוואַנטוריסטן - קאָנקיסטאַדאָרן און אויך איין דייטש, אַ בייערישער סאָלדאַט, וואָס האָט געדינט אין שפּאַניע, אין דער אַרמיי פון מענדאָסאַן; ער האָט אים מיטגענומען מיט זיך אין די לענדער פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ; אולריך שמיצעל איז דער נאָמען פון דעם דאָזיקן דייטש, וואָס האָט מיט יאָרן שפּעטער פאַרעפנט־לעכט זכרונות „וועגן זיין רייזע אין ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ און אין די לענדער פון בראַזיל“, דערציילנדיק וועגן דער גרינדונג פון בוענאָס איירעס און דעם טראַגיש־שווערן לעבן, וואָס די ערשטע איינוואוינער האָבן דורכגעמאַכט דאָרטן, פאַקטן און גוזמאות צוזאַמענגעמישט אינאיינעם; ער איז אויך ניט געווען איבעריק פּאַרזיכטיק מיט די פּינקטלעכקייטן פון די דאַטומס.

אזוי ניט אָן אולריך שמיד (אָדער שמיצעל) „דער לאַנדקנעכט פון בייערן“, אַז בוענאָס איירעס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1535; און אַ לאַנגע צייט איז דער דאָזיקער דאַטום אָנגענומען געווען אַלס ריכטיקער. ביז פּאָל גרוסאַק און אַנדערע היסטאָריקער אין אַרגענטינע, אין פּאַראַגוואַי און אין שפּאַניע, וואָס האָבן געפאָרשט אין די אַרכיוון פון יענער צייט און דורכגעלופּטערט פיל דאָ-קומענטן, האָבן דערוויזן, גענוי, אַז אין יאָר 1535 איז מענדאָסאַ נאָך געווען אין שפּאַניע, פאָלגלעך האָט ער ניט געקענט גרינדן דאַן בוענאָס איירעס.

עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן דער דאַטום, ווען דער ערשטער גרינדער פון בוענאָס איירעס איז אַרויסגעפאָרן מיט זיין גרויסער עקספּעדיציע פון סאַן לוקאַר דע באַראַמעדאַ אין דער ריכטונג צו די לענדער פונם ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ, אָדער „מאַר דע סאָליס“ (דער ים פון סאָליס), ווי מען האָט אויך גערופן די איצ-טיקע טעריטאָריע פון אַרגענטינע, אורוגוואַי און פּאַראַגוואַי, אויפן נאָמען פון דעם שפּאַנישן נאַווינאַנט, סאָליס, וואָס האָט אַנטדעקט דעם לאַ פּלאַטאַ טייך אין יאָר 1515.

דאָס איז געווען דעם 24-טן אויגוסט פון יאָר 1535; עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אויך, אַז אָנהויב יאָר 1536 זיינען זיינע שיפן אריין אין דעם האַפן וואו ריאָ דע זשאַנעיראָ איז איצט; עס איז אָבער ניט פעסטגעשטעלט געוואָרן ווען די שיפן מענדאָסאָס זיינען אריינגעקומען אין דעם ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ און ווען מען האָט געגרינדעט די שטאָט, וועלכער עס איז פון דער געשיכטע אָנגע-צייכנט געוואָרן צו ווערן אין יאָרהונדערטער אַרום (נאָך איר צווייטער גרינ-דונג) די גרעסטע שטאָט אין די לענדער וואָס ליגן צו דרום פונם עקוואַטאָר. דאַן, ווען אייניקע היסטאָריקער געבן אָן אַלס דאַטום פון דעם ערשטן געבורט פון בוענאָס איירעס דעם 22-טן פעברואַר, געבן אַנדערע אָן — און ביז איצט איז עס אַזוי אָפיציעל אָנגענומען געוואָרן — דעם 2-טן פעברואַר פון יאָר 1536.

עס זעט אויס, אַז אָפיציעל באַטראַכט מען פאַר וויכטיקער דעם דאַטום פון דער צווייטער גרינדונג פון בוענאָס איירעס (אין 44 יאָר אַרום נאָך דער ערשטער), ווען זי איז דעפיניטיוו געגרינדעט געוואָרן דורך כואַן דע גאַראַי. פון דער ערשטער גרינדונג איז, גאָרניט געוואָרן, נאָכדעם ווי אין יאָר 1541 זיינען די געציילטע איינוואוינער, וואָס זיינען נאָך דאַן געווען פאַרבליבן אין בוענאָס איירעס אַוועקגענומען געוואָרן קיין אַסונסיאָן, ביים ברעג פונם טייך פּאַראַגוואַי, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין דעם זעלבן יאָר.

אַזאַ קריטעריום איז אָבער אַ טעותדיקער: די געבורט פון בוענאָס איירעס מוז, לכל הדעות, גערעכנט ווערן פון 1536, פון מענדאָסאָס גרינדונג, און ניט פון יאָר 1580 פון כואַן דע גאַראַיס ווידער-גרינדונג אירער: ווען מענדאָסאַ וואָלט דאָ ניט געווען גרינדן פריער די שטאָט, וועלכע איז, אמת, תיכף חרוב און פאַר-לאָזן געוואָרן פון אירע איינוואוינער און 39 יאָר האָט זי ניט עקזיסטירט, וואָלט גאַראַי, שפּעטער, זוכנדיק „צו עפענען אַ פּאָרט און גרינדן אַ שטאָט ביים אָקעאַן“, כדי צו פאַרלייכטערן די פאַרבינדונגען צווישן שפּאַניע און אַסונסיאָן, ניט גע-ווען זיך אָפּשטעלן אויף יענעם פּונקט דווקא, וואו מענדאָסאַ האָט מיט אַ קנאַפּן

האלבן יאָרהונדערט פריער געהאט אויפגעהויבן די ערשטע שטרויענע און ליי-מענע הייזקעס פון דער שטאָט בוענאָס איירעס.

נאָר ווייל דאָ, ביים א ר יי נ פ ל ו ס פ ו נ ם ר י א ט ש ו ע ל א א י נ ם ל א פ ל א ט א , איז שוין דער פּאַרזוך געמאכט געוואָרן פריער, ווייל פּאָרמעל און „געשיכטלעך" האָט דאָ שוין געהאט עקזיסטירט אין משך פון זעקס יאָר אַ האַפן מיט אַ פּרימיטיוו שטעטל; און ווייל צווישן די, וואָס זיינען אין ניין און דרייסיק יאָר אַרום נאָכן פאַרלאָזן „דעם האַפן און די שטאָט פון בוען-איירע" געקומען מיט כוואן דע גאַראַי צו גרינדן ו י ד ע ר „די שטאָט און דעם ה א פ ן פ ו ן ד ע ר ה יי ל י ק ע ר ד ר יי ה יי ט פ ו ן ב ו ע נ אָ ס א יי ר ע ס " (דאָס איז געווען דער נייער נאָמען, וואָס מען האָט איר געגעבן) איז נאָך געווען איינער פון די ערשטע איינוואוינער פון בוענאָס איירעס, וואָס זיינען אַהער געקומען מיט מענדאָסאָן און שפּעטער אַריבערגע-פירט געוואָרן קיין אַסונסיאָן — האָט מען דערפאַר דאָ דווקא און ניט אויף אַן אַנדער פונקט ביים ברעג פונם לאַ פּלאַטאַ טייך, ווידער געגרינדעט די שטאָט, וואָס מען האָט נויטיק געהאט, האָבנדיק אָנגעהאַלטן אויך דעם פּאָריקן נאָמען בוענאָס איירעס.

דאָס באַווייזט, אַז אין דער ווירקלעכקייט האָט גאַראַי אַליין ניט געדענקט, אַז ער גרינדעט אַ נייע שטאָט, נייערט, אַז ער בויט ווידער אויף, לעבט אויף אַ שטאָט, וואָס האָט שוין עקזיסטירט.

ווען גאַראַי וואָלט געווען אַנדערש דענקען, וואָלט ער זיכער געווען נ ע ב ן אַ נ יי ע ם נ אָ מ ע ן ד ע ר ש ט אָ ט , ו ו אָ ס ע ר ה אָ ט ג ע-ג ר י נ ד ע ט , ווייל דער נאָמען ב ו ע נ אָ ס א יי ר ע ס, וואָס איז פ אַ ר ב ו נ ד ן ג ע ו ו ע ן מ י ט אַ נ ד ר פ ו ן ד י ע ר ש ט ע ש פּ אַ נ י ש ע נ אַ ו ו ע ג אַ נ ט ן ה אָ ט ד אָ ך ק יי ן ז י ן נ י ט ג ע ה אַ ט פ אַ ר ד י אַ י צ ט י ק ע ג ר י נ ד ע ר, וואָס, צו ווידער-אויפבויען די שטאָט זיינען זיי געקומען ניט פון שפּאַניע, נייערט פון א י נ ל א נ ד שוין פון צפון-מזרח, פון אַסונסיאָן און זיינען כמעט אַלע געווען שוין הי-געבוירענע — ק ר י אָ ז ש אָ ס, און בלויז געציילטע צווישן זיי זיינען געווען אַריבער-געקומענע פון שפּאַניע. פּשוט, גאַראַי אַליין האָט דאָס גרינדן פון בוענאָס איירעס באַטראַכט ניט ווי די גרינדונג פון אַ גאַנץ נייער שטאָט, נייערט ווי דער ווידערבוי פון אַ האַפן און שטאָט, וואָס האָט שוין עקזיסטירט. פאָלגלעך, דאַרף אַלס געבורטס-דאַטום פון בוענאָס איירעס באַטראַכט ווערן דאָס יאָר 1536 און ניט 1580 און עס דאַרף און קען בכלל ניט זיין קיין רייד וועגן צ וו יי ג ר י נ-ד ו נ ג ע ן פון בוענאָס איירעס, ווען — באַטראַכט פון היסטאָרישער פּערס-פּעקטיוו די זאַך — איז אין דער ווירקלעכקייט בוענאָס איירעס ג ע ג ר י נ ד ע ט ג ע וו אָ ר ן איי נ מ אָ ל. זי איז געוואָרן חרוב, פאַרנאַכלעסיקט פון אירע ערשטע איינוואוינער און רעגירונג, און שפּעטער, א י ן י אָ ר ן א ר ו ם, ו י ד ע ר א ו י פ ג ע ב ו י ט, ו י ד ע ר ג ע ג ר י נ ד ע ט ג ע וו אָ ר ן.

זינט דער נאָמען בוענאָס איירעס ווערט אָנגעווענדעט אין שייכות מיט אַ

שטאַט, וועלכע פיר הונדערט יאָר, זינט אָבער עס עקזיסטירט אַזאַ שטאַט, אומ-איבערגעריסן, איז פאַראַן נאָר קנאַפּע 356 יאָר.

אזוי וואָלט געדאַרפט אויפגעפּאַסט ווערן די פּראָבלעם פון דער געבורט פון בוענאָס איירעס און די פעסטשטעלונג פון איר היסטאָרישן עלטער.

עס איז אָבער אָנגענומען צו רעדן וועגן איר „ערשטער גרינדונג“ און „צווייטער גרינדונג“, וועלן מיר זיך אויך מוזן האַלטן ביי דער דאָזיקער טעכנישער באַצייכנונג.

— 2 —

## סיסטעמען פון שפּאַנישן אריינדרינג אין „לאַס אינדיאַס“, קומען צום אויסדרוק אין דער גרינדונג פון בוענאָס איירעס

די מאָטיוון, וואָס האָבן באַוואויגן צו גרינדן די שטאָט בוענאָס איירעס דעם ערשטן מאָל זיינען קעגנזעצלעך צו די מאָטיוון, וואָס האָבן באַוואויגן צו גרינדן זי צום צווייטן מאָל, אָדער צו איבערגרינדן זי, אין פיר און פערציק יאָר אַרום נאָך דער ערשטער גרינדונג.

אין די דאָזיקע מאָטיוון, וואָס האָבן אין לויף פון איין האַלבן יאָרהונדערט באַוואויגן צו גרינדן און דערנאָך ווידערבויען איינע און די זעלביקע שטאָט, זיינען איינגעשלאָסן, אזוי צו זאָגן, די צ ווי י הויפּט-ליניעס, אין דער געשיכטע פון דער שפּאַנישער אריינדרינגונג און באַזעצונג אין די אַמע-ריקאַנער לענדער, וואָס זיינען דורך אירע נאַוויגאַנטן אַנטדעקט געוואָרן צווישן די יאָרן 1492, דאָס יאָר פון קאָלומבוסעס ערשטע רייזע און אַנטדעקונג פון אַמעריקע — און דעם יאָר 1516, ווען סאָליס האָט אַנטדעקט דעם לאַ פּלאַטאַ טייך און זיינע ברעגן, אָנרופנדיק אים מיטן נאָמען מאַר דולסע — „זיסער ים“ — ער האָט געמיינט אויפן לאַ פּלאַטאַ טייך, אַז דאָס איז אַ ים, נאָר די וואַסערן זיינע זיינען ניט געווען געזאַלצן.

אין וואָס זיינען באַשטאַנען די דאָזיקע צוויי הויפּט-ליניעס?

צו-ערשט — אין דער סיסטעם פון ק אָ נ ק י ס ט אַ, דעראָבערונג, אריינדרינגונג אין די אַנטדעקטע לענדער, אריינדרינגען דורך ק אָ נ ק י ס-ט אַ ד אָ ר ן (דעראָבערער) און כלערליי אַוואַנטוריסטן, ניט אַזוי לשם באַזעצן זיך דאָרטן און בויען דאָרט, אין די לענדער פון דער נייער וועלט, סטאַבילע ישובים, ווי מיט דער כוונה צו ד ע ר אָ ב ע ר ן דאָרטן גאָלד און זילבער און טייערע שטיינער.

די געשיכטע פון דער ק אָ נ ק י ס ט אַ פון די מלוכות פון פּערו און פון מעקסיקאָ, גיט די ריכטונגס-ליניע פאַר דעם דאָזיקן מין אריינדרינגונג פון די שפּאַנישע אַוואַנטוריסטן פון יענער צייט, אויך אין אַנדערע לענדער פון דעם אַנטדעקטן קאָנטינענט, איבערהויפּט אין די, וואָס זיינען געלעגן צו דרום פון מעקסיקע און פון פּערו.

די ווירקלעך-פּאַבולעזע אוצרות וואָס זיינען נאָך פאַרגרעסערט געוואָרן דורך דער אומגעהויערער פאַנטאַזיע פון די קאָנקיסטאַדאָרן און דורך די אומגעהויערע גוזמאות — וואָס מען האָט איבער זיי פאַרשפּרייט דאָן אין שפּאַניע און אין פּאָר-טוגאַל — וואָס מען האָט געפונען און געהאַלטן אין איין אַרויספירן פון מעקסיקע און פּערו, האָבן געמאַכט צעפלאַקערן די פאַנטאַזיע ביי די המונים אין די צוויי מלוכות פונם איבערישן האַלב-אינדזל: עס האָט זיך געשאַפן דער איינדרוק דאָן, אַז אַלע לענדער פון „אינדיעס" זיינען איבערגעפולט מיט גאָלד און זילבער, אַז די ערד איז דאָרטן ממש ווי פון גאָלד און זילבער.

די ליידנשאַפטן האָבן זיך צעפלאַקערט אין שפּאַניע; ביי די „אַדעליקע" פון קאַרל דעם פינפטנס הויף, אַוואַנטוריסטן, פאַרבליבענע פעאָדאַלע פירער, פאַראָרעמטע אין די אומאויפהערנדיקע מלחמות, וואָס זיינען געפירט געוואָרן דאָן אין אייראָפּע, האָט זיך צעפלאַקערט די פאַנטאַזיע; די אַפּעטיטן האָבן זיך צעעפנט און די תאוות, גאָלדגיריקייט און גייציקייט רייך צו ווערן האָבן געברויזט מיט יעדן טאָג שטאַרקער, אין פאַרבינדונג מיט די ניי-אַנטדעקטע און אַנטדעקט-ווערנדיקע לענדער.

עקספּעדיציעס פון אַלע סאָרטן זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן, אונטער די פאַרשידנסטע נעמען און קאַטעגאָריעס, טיטלען און ראַנגן, וואָס דער שפּאַנישער קעניג פלעגט זיי געבן, באַשטימענדיק פאָראויס זייערע רעכטן פון פעאָדאַלע הערשער איבער די לענדער און „וואַסאַלן", וואָס זיי וועלן דאָרטן אַנטדעקן און טרעפן, איבער די רייכטימער, וואָס זיי וועלן דאָרטן געפינען „אין גאָלד און אין זילבער און אין איידלשטיינער" (דער געוויינלעכער לשון פון די קעניגלעכע קאָנצעסיעס) בתנאי, אַז „אַ פינפטל (צומאָלס אַ גרעסער חלק) זאָל אַוועקגעגעבן ווערן דער קרוין".

אַוואַנטוריסטן האָבן אין יענע יאָרן ניט געפעלט; מענטשן פלעגן לעבנסלאַנג פאַרוויילן אין מלחמות, אין רויבערישע אַוואַנטורעס, פּיראַטערישע עקספּעדיציעס — איז ניט שווער געווען פאַר די „אַדעליקע" פון הויף, פאַר „קאַפּיטאַנען פון די ימים" און פאַר געווענלעכע מיליטער-פירער מיט אַ נאָמען צו אָרגאַניזירן אויף זייער חשבון אַזעלכע עקספּעדיציעס אין די נייע לענדער פון „די אינדיעס".

און ביי די קאָנפוזע ידיעות און פאַרשטעלונגען אויפן געביט פון געאָגראַפיע וואָס האָבן געהערשט, אין יענע צייטן, וועגן די נייע לענדער וואָס מען האָט געהאַט אַנטדעקט, שוין נאָכדעם אפילו ווי מאַגעלאַן האָט אַרומגעקרייצט דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט און אַנטדעקט דעם ים-דורכגוס, וואָס טראָגט זיין נאָ-מען, האָבנדיק דערנאָך זיין עקספּעדיציע דערגאַנצט די ערשטע דורכרייזע אַרום דער וועלט, האָט מען געמיינט אַז אַלע טייכן און ימים פון „די אינדיעס" פירן צו לענדער געהיימניספולע פון זילבער-און-גאָלד, ענלעכע אָדער נאָענטע צו די, וואָס קאָרטעס און פּיסאַראָ האָבן איינגענומען, אָדער פון לענדער פונם מיס-טעריעזן „ווייסן קעניג".

דאָס איז געווען די סיסטעם פון ק אָ נ ק י ס ט אַ, דעראָבערונג; אַרויס-פירן גאָלד-און-זילבער און איידלשטיינער פון „די אינדיעס". באַזעצן די לענדער, אַרבעטן דאָרט, שאַפן, קאָלאָניזירן, בויען נייע ישובים, וועגן דעם האָט מען

געטראַכט אַ סך ווינציקער ווי וועגן דעראָבערונג; דאָס איז געווען אויפן ווייטסטן פּלאַן אין דעם הויף פון קאַרל דעם פינפטן. בלויז די גאָלד-גייציקייט, דער „גאָלד-און-זילבער-פיבער" האָט געטריבן דעם אימפּעט פון די קאָנקיסטאַדאָרישע עקספּעדיציעס אין אַלע טיילן פון די אַנטדעקטע „אינדיעס".

די קאָלאָניזאַציע אין אייגנטלעכן זין פונם וואָרט און אַלס פּלאַנמעסיקע מעטאָדישע מלוכה-סיסטעם צו באַזעצן אַנטדעקטע לענדער, איז געקומען שפּעטער, נאָכדעם, אין יאָרצענדליקער אַרום, ווען די אַנטוישונג האָט פאַרענדיקט די גינגאָלדענע חלומות פון די „קאַפּיטאַנען" און „כענטיללייט"" פונם שפּאַנישן און פּאָרטוגעזישן הויפן, ווי אויך פון די טונקעלע, אומבאַקאַנטע אַוואַנטוריסטן די קאָנקיסטאַדאָרן; און אין די לענדער פון די אַמעריקעס זיינען אומעטום פאַרבליבן מחנות מענטשן, וואָס האָבן געמוזט און געדאַרפט זיך צופּאַסן צו די נייע פאָרמען פונם לעבן אין די לענדער, וואו קיין גאָלד איז אויף דער ערד ניט געווען, דערפאַר אָבער איז געווען גאָלד אין דעם כוח פון דער ערד און פון די נאַטור-רייכטימער פון די אַנטדעקטע לענדער: לענדער אומענדלעכע, אומבאַזעצטע כמעט, וועלדער, טייכן, פלאַנצן נייע, נוצלעכע, טייערע; פלאַנטאַציע פון בוימוואָל, קאַווע, קאַוטשוק, פאַרבן-ביימער, חיות פון כל-המינים, און מינעס; און פרייע אומענדלעכע סטעפּעס און לאָנקעס, און אין פּערספּעקטיוו אַ ניי פריי לעבן.

שפּעטער מיט יאָרן, ווען דער גאָלד-פיבער איז אַריבער נאָך דער אַנטוישונג און שווערע קרבנות, וואָס מען האָט פאַר דעם באַצאָלט, האָט זיך אָנגעהויבן די קאָלאָניזאַציע אין די אַמעריקאַנער לענדער: און געקומען איז זי, פון אינעווייניק דאַכט זיך, פריער ווי פון דרויסן; די פאַרבליבענע אין די שפּאַניש אַמעריקאַנער לענדער האָבן אָנגעהויבן די איינאָרדנונג, די באַזעצונג אפשר פריער נאָך איידער מהאָט זיך אויף דעם אומגעקוקט פון שפּאַניע און פון דאָרטן אָנגעהויבן פירן אַ קאָלאָניזאַטאָרישע סיסטעם פון באַזעצן די „אינדיעס", אַ מעטאָדישע קאָלאָניזאַציע. אַ קאָלאָניזאַציע-פּאָליטיק.

צו-ערשט, אַלזאָ, איז געווען „די קאָנקיסטע", אין הינזיכט פון „גאָלדזוכט", פון זילבער-גיריקייט; שפּעטער, אין יאָרן צענדליקער אַרום, ערשט איז געקומען די קאָלאָניזאַציע, וועלכע איז געפירט געוואָרן פריער פון די אין אַמעריקע פאַרבליבענע און פון די וואָס זיינען, פאַר דער צייט וואָס איז אַריבער, אויפן אַמעריקאַנער באָדן שוין געבוירן געוואָרן, אויפגעוואַקסן און ליב געהאַט די לענדער. און די שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע הויפן האָבן זיך אויך אָפּגעגעבן חשבון, נאָכדעם ווי די עשירות פון פּערו און פון מעקסיקע האָט אָנגעהויבן אויסצולאָזן זיך, אויסגעשעפּט צו ווערן, אַז די רייכקייט, וואָס „די אינדיעס" באַדייטן און אַנטהאַלטן פאַר זייערע „קאָרטעס", באַשטייט אין אַרבעט, אין דער עקספּלואַטאַציע פון די נאַטירלעכע רייכטימער פון די לענדער (און דער „לעבעדיקער אינווענטאַר" די „אינדיאָס" זיינען אויך באַטראַכט געוואָרן אַלס מאַטעריאַל פאַר אַרבעט און עקספּלואַטאַציע אין דער פאָרם פון „ענקאָמיענדאַס") און אין די אומאויפהערלעכע הכנסות, וואָס די דאָזיקע קאָלאָניעס קענען און וועלן אַריינברענגען דער מלוכה און דעם הויף.

דאָן האָט זיך אָנגעהויבן פירן די סיסטעם פון באַזעצן און אַנטוויקלען די באַזעצונג פון די לאַטייניש-אַמעריקאַנישע לענדער דורך קאָלאָניזאַציע: די קאָ-לאָניאַלע סיסטעם פון שפּאַניע מיט אַלע אירע ווילדקייטן, שמאָלקעפּיקייט און באַשרענקטקייט פון ענגהאַרציקע פּעדאַלע הערשער, וואָס זעען ניט און קענען ניט זען קיין אַנדערע אינטערעסן, ווי די אייגענע און באַלדיקע. און וואָס האָט זיך געצויגן אין דער לאַטיינישער אַמעריקע לערך דריי הונדערט יאָר, ביזן אָנהויב פון דער באַוועגונג פאַר אומאָפּהענגיקייט, דער וועג פון דער קאָלאָניזאַציע איז געגאַנגען אין צוויי ריכטונגען: פון דרויסן אין די אַמעריקאַנער לענדער און פון געוויסע צענטערן אין לאַנד צו די ראַנדן אויסברייטערנדיק זיך, אַזוי צו זאָגן, פונם צענטער צו דער פּעריפעריע, האָט זי זיך געצויגן פון די צענטער-פּונקטן צו די ישובים, וואָס זיינען געלעגן אויף די וועגן, דורך וועלכע עס איז נענטער און לייכטער געווען צו קומען אין פאַרבינדונג, אין קאָמוניקאַציע מיט דער אַלטער וועלט, מיט די מעטראָפּאָליטאַנישע צענטערן.

אין ביידע גרינדונגען פון בוענאָס איירעס, ריכטיקער געזאָגט, אין דער גרינדונג אירער אין יאָר 1536 און איר איבערגרינדונג, אין יאָר 1580, זיינען געקומען צו אַ קאָנקרעטן אויסדרוק די דערמאָנטע צוויי פאָרמען פון שפּאַניעס אריינדרינגונג און באַזעצונג אין „די אינדיעס".

צו-ערשט די סיסטעם פון ק אָ נ ק י ס ט אַ, וואָס האָט געזוכט נאָר „גאָלד און זילבער און איידלשטיינער", און דערנאָך די סיסטעם פון קאָלאָני-זאַציע, וואָס איז געגאַנגען איינצייטיק אי פ ו ן ד ר ו י ס ן צו די אַמערי-קאַנער לענדער, אי פון די צענטערן שוין באַזעצטע אין אַמעריקע אין דער ריכ-טונג צו די פּונקטן פון לייכטערער פאַרבינדונג מיט דער אַלטער וועלט: ביידע זיינען זיי בולט קענטיק, צ ו ע ר ש ט אין דער ג ר י נ ד ו נ ג פון בוענאָס איירעס, ד ע ר נ אָ ך אין איר ע וו אַ ק ו אַ צ י ע און ש פּ ע ט ע ר אין איר וו י ד ע ר אַ ו י פ ב ו י דורך כואַן דע גאַראַי (אַ געקומענער פון שפּאַניע) מיט דער הילף פון עטלעכע צענדליק משפחות פון „קריאָזשאָס", שוין געבוירענע אין אַסונסיאָן און בלויז אַכט משפחות פון שפּאַניע אריבערגעקומענע.

— 3 —

## דער וואונדערבאַרסטער האַלבער יאָרהונדערט אין דער געשיכטע

צווישן דער ערשטער רייזע קאָלומבוסעס און דער ערשטער גרינדונג פון בוענאָס איירעס דורך דעם „הידאַלגאָ" און „קאַבאַליעראָ" דאָן פּעדראָ דע מענ-דאָסאַ, זיינען אַריבער קנאַפּע פיר און פערציק יאָר. דאָס זיינען געווען יאָרן וואונדערבאַרע; יאָרן, וואָס האָבן אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט געלאָזט אַן אייביקן, אַן אומאָפּמעקבאַרן שפּור.

עס איז אין משך פון יענער צייט ניט אַריבער כמעט קיין איין יאָר אָן וויכטיקע אַנטדעקונגען, וואָס פלעגן געמאַכט ווערן דורך שפּאַנישע און פּאָר-

טוגעזישע נאַוועגאַנטן און אַוואַנטוריסטן אין לענדער, וואָס געהערן איצט צום אַמעריקאַנער קאָנטינענט, און אויף די אינדזלען, וואָס ליגן נאָענט צום קאָנ-טינענט אין זיינע ביידע ימים: אינם אַטלאַנטיק און פּאַסיפיק.

די פּאָרטוגעזן האָבן אַנטדעקט און פעסט זיך איינגעפונדעוועט אין בראַ-זיל, די שפּאַניאָלן אין ביידע זייטן צו צפון און צו דרום פון דער „גלייך-ליניע" (עקוואַטאָר) לענג-אויס דעם קאָנטינענט. און אויף געיעג נאָך נייע אַנטדעקונ-גען האָבן זיך אויך אַרויסגעלאָזן די האָלענדער, די פראַנצויזן, די ענגלענדער. די ריוואַליטעט צווישן די אייראָפּעאישע מלוכות פאַרן באַזיץ פון טעריטאָריעס אין די „אינדיעס" האָט זיך שוין דאַן אָנגעהויבן אָנצייכנען, אָנזאָגנדיק אין דער פּערספּעקטיווע לאַנגע פאַרביטערטע בלוטיקע מלחמות. דעם אורשפּרונג פון דער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק, וואָס הויבט אָן צו קומען קאָנקרעט צום אויסדרוק אין 19-טן יאָרהונדערט, דאַרף מען זוכן, אייגנטלעך, נאָך אין יענע צייטן, מיט איבער פיר הונדערט יאָר צוריק, ווען פאַר די אויגן פון די אייראָפּעער בעלקער און מלוכות, וואָס זיינען נאָך פון מיטלאַלטערלעכער השכּלות רעכט ניט געהאַט אַרויס, האָט זיך, ווי דורך אַ צייבער, געעפנט אַ נייע וועלט, נייע ערדן, לענדער, פאַבולעזע רייכקייטן, אומבאַקאַנטע ראַסעס און קולטורן, אומבאַקאַנטע פלאַנצן, חיות און ערדן אומענדלעכע...

מענטשן זיינען ווי פאַרחושט געבליבן; קעניגן האָבן ממש דעם גלייכגע-וויכט פאַרלוירן דורך די נייע אומענדלעכע לענדער, מיט וועלכע זיי זיינען פון היינט ביז מאָרגן באַרייכערט געוואָרן דורך אַנטדעקונגען, וואָס נאַוועגאַנטן און אַוואַנטוריסטן האָבן געמאַכט און דעראָבערט.

דער רעליגיעזער ברען אין וועלכן די גלחים און דער סאַנטאַ אָפיסיאָ אין שפּאַניע האָבן געהאַלטן די הכּינים און וועלכער איז געשפּייזט געוואָרן פריער דורך די אומאויפהערנדע מלחמות מיט די מאורן, דערנאָך דעם מאַכן צוואַנגס-שמד פון יידן און גירוש פון די, וואָס האָבן זיך ניט געטויפט, האָט — נאָכדעם ווי ביידע זאַכן זיינען פאַרענדיקט געוואָרן און געבליבן איז ניט מער ווי דאָס נאָכשפּירן די „נייע יידן", די מאַראַנען, צי זיי זיינען אין געהיים ניט קיין יידן — געפונען אַ נייעם יניקה-קוואַל אין די וואַנדערבאַרע לעגענדעס און מעשׂיות וועגן די רייכקייטן פון די ניי-אַנטדעקטע לענדער, אין דעם נס זעלבסט, וואָס עס ווערן אַלעמאָל אַנטדעקט נייע לענדער און אין דער באַדערפעניש צו באַ-קערן צום קריסטנטום די נייע אומגלויביקע; די גלחים און די פאַרשידענע „קריסט-לעכע ברודערשאַפטן" פון די אַרכיפראָמגלויביקע אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, האָבן ערנסט געטראַכט וועגן דעם, דענקענדיק כמעט וועגן אַ מין ווידערהאָלונג פון די קרייץ-צוגן, אָבער געריכטעט אין די „אינדיאַס".

עס איז נויטיק צו פאַרטיפן זיך אינם כאַראַקטער פון דער געשיכטע פון יענער עפּאָכע, עס איז כדאי צו פאַרטראַכטן זיך אויך איבער דעם גייסטיקן גרונט און באַוואוסטזיין פון די המונים פון יענער צייט.

אומאויפהערנדיקע מלחמות און רויבערישע אָנפאַלן, געפירט פון אַ קעניג, וואָס האָט געהערשט איבער שפּאַניע, דייטשלאַנד, בייערן און עסטרייך, האָבנ-דיק תּביעות כמעט אויף גאַנץ אייראָפּע און אין וועמענס לענדער „די זון איז

קיינמאָל ניט אונטערגעגאַנגען", האָבן געהאַלטן אין אומוויסנהייט גאַנצע פעלקער. דער גייץ און גיריקייט פון די פּראָפעסיאָנעלע סאָלדאַטן נאָך גאָלד און דוקאַטן, האָט ניט געקענט געשטילט ווערן דורך אַזעלכע אַקטן, ווי דער שטורם-אָנפאַל און צערויבונג, וואָס עס האָבן געמאַכט אויף דער פּויפּסטלעכער שטאָט רוים, די אַרמייען פון קאַרל דעם פינפטן, אַליין אַ קאַטוילִיש-פרומער און רעליגיעזער קעניג, אין זיין דראַנג צו דעראָבערן איטאַליע.

אגב, אין דעם פּאָגראָם, וואָס די אַרמייען, שפּאַנישע און בייערישע, פון דעם קאַטוילִיש-פרומען קעניג קאַרל דעם פינפטן, האָבן געמאַכט אויף דער רעזידענץ פונם פּויפּסט — האָט אנטיילגענומען אויך דאָן פּעדראָ דע מענדאָסאַ, דער, וואָס האָט אין אַ פּאָר יאָר אַרום געגרינדעט בוענאָס איירעס.

עס איז געווען אַ מין געמיש פון מיסטישער עקזאַלטאַציע און געלט-גייציקייט; עקסטרעם פון גלויביקייט האָט געגרעניצט מיט עקסטרעם פון הפקרדיקער באַציאונג צו יעדער גלויבונג. פאַרגרעבטקייט, אין די זיטן, אכזריות גרעניצלאָזע ביי די מאַסן, וואָס זיינען ברוטאַליזירט געוואָרן דורך הערשער, דורך אַן אכזריותדיקער קירכע און דורך אומוויסנקייט, האָט געמאַכט הפקר דאָס לעבן ביים יחיד און הפקר דאָס לעבן פון די מאַסן; דאָס האָט געשאַפן פּסיכאָלאָגישע גרייטקייט צום אויפנעם פון יעדער פאַנטאַסטישע, יעדער אומגלויבלעכע, יעדער אונטערנעמונג פון וואַנדערונג און פון מלחמה, פון „קאָנקיסטאַ", כדי צו דעראָבערן רייכטימער, צי כדי צו דעראָבערן ל יי ב ע ר און נשמות פאַר דער קירכע; גיכער איז עס געווען אַן אומבאַוואוסטזיניקע סינטעזע פון גיריקייט נאָך ביידע מינים דעראָבערונגען צוזאַמען: געלט און קירכע; גאָלד און נשמות פאַר דער קאַטוילישער קירכע.

און דאָ האָט עס גענומען יאָר-איין, יאָר-אויס צו רעגענען מיט אַנטדעקונגען, מיט נייע לענדער, נייע פעלקער, נייע ציוויליזאַציעס ,וואָס ביז ערשט נעכטן, האָט מען וועגן זיי קיין אַנונג ניט געהאַט.

עס איז געווען דער וואונדערבאַרסטער האַלבער יאָרהונדערט אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט, אין דער געשיכטע פון אונזער ציוויליזאַציע: קאָלומבוס, כאָליס, גאַבאָטאָ, קאַבראַל, וואַסקאָ דע גאַמאַ, מאַגעלאַן, פּיסאַראָ, קאָרטעס, אַלמאַגראָ — אַנטדעקער איבער אַנטדעקער. מענטשן-ריזן אין זייערע לייַדנשאַפטן, אין זייער גיריקייט נאָך גאָלד, אין זייער הפקרדיק-פאַראַכטלעכער באַציאונג צום לעבן, צום אייגענעם לעבן און צום לעבן פון די מאַסן, וואָס זיי האָבן ליכט געקענט מיטרייסן מיט זיך אויף יעדער אַוואַנטורע אין די ווייטסטע אומבאַקאַנטסטע לענדער, ווייל אויך ביי יענע איז דאָס לעבן געווען אַ זאַך, איבער וועלכער מען האָט ניט איבעריק שטאַרק געציטערט.

אַ הייפּעלע אַוואַנטוריכטן נעמען איין פאַר דער שפּאַנישער קרוין אַ ריזיקע רייכע מלוכה, די אינקאַאישע אין פּערו; און גאָלד ווי אַ מבול-רעגן גיסט זיך אויף שפּאַניע פון קאַרל דעם פינפטן; און די אַפּעטיטן ביי מיסיאָנערן צעפלאַקערן זיך.

אַ הייפּעלע מענטשן באַזעצט אַזאַ ריזיקן שטח ווי בראַזיל; אַנדערע נעמען איין מעקסיקאַנער מלוכה — און עס זעט אויס, אַז עס וועט זיך גאָר קיינמאָל

ניט אויסלאָזן די אַנטדעקונגען, די נייע לענדער, די זעלטענע זאַכן, וואָס מען אַנטדעקט, די ריזיקע מאָדנע טייכן, די נייע מינים.

קומט סאָליס און אַנטדעקט אַ „זיסן ים"; גאַבאָטאָ, שפּעטער, געפינט אויב, אַז דאָס איז אַ טייך, וואָס איז רייך מיט זילבער און פירט פון דרום קיין צפון צו די הערשאַפטן פונם זילבער-באַרג „פּאָטאָסי", וועלכער געהער צום געהיימניב-פולן „ווייסן קעניג", וועגן וועמעס רייכקייט מויל און אויערן האָבן גערעדט און געהערט שוין אין דעם גאַנצן איבעריישן האַלב-אינדזל; און ער גיט אים אַ נאָמען „זילבער-טייך".

דערשטוינונג פון אַזוי פיל וואונדער, רעליגיעזער עקסטאַז און גאָלד-גירי-קייט וואַקסט ביי די המונים, וואָס זיינען שטענדיק גרייט אויף די געפּערלעכסטע אונטערנעמונגען, געוואַגטסטע עקספּעדיציעס — דערצויגענע און געוואוינטע צו לעבן אויף דער שווערד, אויף די „אַרקאַבוז- און באָמבאַרדע"-קנאַלן, און אומ-אויפהערנדיקן מלחמה-טשאַד.

די געוואוינהייט און שטייגער פון די מענטשן אין יענער מערקווירדיקער צייט — אין דעם וואונדערבאַרבטן האַלבן יאָרהונדערט פון דער געשיכטע — דערקלערט די פּסיכאָלאָגישע מעגלעכקייטן פון דער קאָנקיסטע; דאָס גיט צו פאַרשטיין ווי אַזוי זיינען מעגלעך געווען אַזעלכע אוואַנטוריסטישע, זינלאָזע אונטערנעמונגען, ווי די, וואָס די עפּאָפּייע פון דער קאָנקיסטע פון דרום-אַמעריקע האָט פאַרצייכנט. און צווישן פיל אַנדערע די זינלאָזסטע און טראַגישסטע — אַן אמת דאָן-קיכאָטיישע אונטערנעמונג, וואָס דאָן פּעדראָ מענדאָסאַ האָט אונטערגענומען מיטן באַזעצן דעם ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ, „מיטן צוועק צו עפענען וועגן און דורכגאַנגען קיין פּערו": אַזוי האָט זיך געזאָגט בפירוש אינם כתב, וואָס דער קעניג האָט אים געגעבן, באַשטימענדיק אים אַלס „אַדעלאַנטאַדאָ" און גובערנאַטאָר פון די אַלע לענדער.

— 4 —

## די „גלענצענדסטע" עקספּעדיציע צום ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ

דער קעניג קאַרל דער פינפטער איז געווען צופיל פאַרטראָגן אין דער צו-גרייטונג פון דער מלחמה מיט איטאַליע, כדי צייט צו האָבן צו שענקען אויפ-מערקזאַמקייט דער באַזעצונג פון זיינע לענדער אין „די אינדיאַס". דערפאַר האָט ער פאַרנאַכלעסיקט דעם באַזיץ פון בראַזיל, וואָס שפּאַנישע נאַוועגאַנטן האָבן אַנטדעקט פריער, ווי די פּאָרטוגעזן אָכעדאַ און קאַבראַל. דאָך איז די דאָזיקע ריזיקע טעריטאָריע פאַרלוירן געגאַנגען פאַר שפּאַניע, אין הסכם מיט דעם אָפּמאַך פון טאָרדעסיללאַס און דער פאַרמיטלונג פונם פּויפּסט אַלעק-סאַנדער, וואָס האָט אָנגעצייכנט אַ געאָגראַפישע ליניע, וועלכע זאָל דינען אַלס גרעניץ-ליניע צווישן די באַזיצן פון ביידע מלוכות אין דער נייער וועלט, און פאַרשפּאָרן צווישן זיי מלחמות.

אָבער: איין זאַך איז אָפּמאַכן און אַ צווייטע זאַך איז באַזעצן לענדער

און — ווי מען האָט געמיינט דאַן — געפונען וועגן צו דעם „זילבער באַרג" און גאָלד-אוצרות פון דעם ווייסן קעניג".

האָט מען דארום געגרייט זיך אין דעם פּאָרטוגעזישן הויף צו פאַרכאַפּן און באַזעצן אויך די געגנט פון לאַ פּלאַטאַ טייך, שטעלנדיק דעם קעניג קאַרל פאַר אַ געשעענעם פאַקט.

מען איז פון דעם געוואויר געוואָרן אין שפּאַנישן הויף, אַ דאַנק דעם שטאַרק-אַנטוויקלטן ש פּ י אָ נ אַ ז ש - דינסט, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין ביידע הויפן, זינט די אַנטדעקונגען און די גרויסע עקספּעדיציע נאָך „די אינ-דיאַס" האָבן זיך אָנגעהויבן. דער קעניג קאַרל האָט זיך צוגעאיילט צו אָרגאַני-זירן אַן עקספּעדיציע צו באַזעצן דעם ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ, וועלכן עס האָבן שוין פריער באַזוכט סאָליס און גאַבאָטאָ. דער לעצטער האָט דאָ געהאַט געגרינדעט אפילו אַ מין פעסטונגל, כדי צו נעמען באַזיץ פון דער טעריטאָריע, אין נאָמען פון דער שפּאַנישער קרוין.

די דאָזיקע טעריטאָריע איז פאַרבליבן יאָרנלאַנג ניט באַזוכט פון עקס-פּעדיציעס און נאַווועגאַנטן, מחמת די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון דער מלוכה, ווי פון די „קאַפּיטאַנען פון ים" און זייערע אַוואַנטוריסטישע מחנות „דעראָבע-רער" איז קאָנצענטרירט געווען אויפן צפון, וואו פּיסאַראָ און אַלמאַגראָ האָבן איינגענומען אַ מלוכה „פון לויטער גינגאָלד, זילבער און דימענטן" — פּערו.

אָבער אַזוי ווי די לעגענדעס וועגן דעם לאַנד פון זילבער, וואָס געפינט זיך אין דער הערשאַפט פון דעם „ווייסן קעניג" האָבן דערציילט, אַז מען קען קומען אַהין דורך דעם „ים פון סאָליס", און דער טייך איז דערפאַר אפילו באַצייכנט געוואָרן מיטן נאָמען „זילבערנער", האָט קאַרל דער פינפטער באַשלאָסן צו שיקן אַהער אַן עקספּעדיציע, כדי צו באַזעצן דאָס דאָזיקן לאַנד, בויען דאָ שטעט און פעסטונגען, עפענען וועגן און דורכגאַנגען קיין פּערו. ניט וועגן קאָלאָניזאַציע האָט מען געטראַכט, הויפּטזעכלעך, נייערט וועגן גאָלד און זילבער.

און ווי נאָר ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט זיין קאַמפּאַניע אין איטאַליע, האָט ער גענומען טעטיק צוגרייטן די עקספּעדיציע, וועלכע ער האָט פאַרטרויט דעם „הידאַלגאָ" (אַדעליקן) דאָן פּעדראָ דע מענדאָסאַ, אַ יונגער מענטש, וואָס איז רייך געוואָרן טאַקע אין די מלחמות און האָט אויך אַנטיילגענומען אין דער מלחמה אין איטאַליע און רויב-אָנפאַל אויף רוים.

דאָס איז געווען די ערשטע און איינציקע עקספּעדיציע, וואָס איז אָרגאַ-ניזירט און אָנגעפירט געוואָרן ניט דורך עפּעס טונקעלע פּערזאָנען, אומבאַוואוסטע קאָנקיסטאַדאָרן, נייערט דורך אַ גלענצענדן „קאָרטעזאַן", אַ הויפּטמאַן, אַן אַדע-ליקער און אַ „ריטער פון דעם אָרדן פון סאַנטיאַגאָ". און באַטייליקן זיך אין דער עקספּעדיציע האָבן געדאַרפט מיליטערלייט, קאַפּיטאַנען, הויכגעשטעלטע גלחים, צו באַקערן צום קריסטנטום די נייע אונטערטאַנען, וואָס וועלן איינגע-נומען ווערן, און אַנדערע ג ל ע נ צ ע נ ד ע פּערזענלעכקייטן.

פון דעם איז צו זען די וויכטיקייט, וואָס מען האָט צוגעגעבן אין קאַרל דעם פינפטנס הויף דער דאָזיקער עקספּעדיציע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַזוי פיל גלאַנץ, פּאַרנעם, ברייטקייט, עשירות און גרויסע האָפענונגען און האָט

זיך פאַרענדיקט טראַגיש, מיט אַזאַ שווערער אַנטוישונג, ווי קיינע פון די עקס-פּעדיציעס וואָס זיינען אַרויס ביז דאַן אין דער ריכטונג צו „אינדיאַס“: די שענסטע יהודיקע אָנפירער און דער גרעסטער פאַרנעם איז צוגעגעבן געוואָרן דער עקספּעדיציע, וואָס האָט שפּעטער געגרינדעט בוענאָס איירעס: דאָס איז געטון געוואָרן, הפּנים, כדי צו אָוועקנעמען דעם חשק ביי דעם פּאָרטוגעזישן הויף צו וועלן לייגן אַ האַנט אויף די דאָזיקע לענדער.

אגב, דאָס האָט ווינציק געהאָלפן, ווייל די תביעות אויף דעם מזרח-ברעג פון לאַ פּלאַטאַ, איצט אורוגוואַי, האָט פּאָרטוגאַל אָנגעהאַלטן און דאָס האָט געפירט צו מלחמות אין משך פון פיל יאָרן, אין דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע און שפּעטער אויך צווישן אַרגענטינע און בראַזיל.

— 5 —

## די עקספּעדיציע און איניקע אַנטיילנעמער אין איר

דאָן פּעדראָ דע מענדאָסאַ, די לייטנדיקע פּערזענלעכקייט פון דער „גרויסער“ עקספּעדיציע, וואָס ער האָט איינגעאָרדנט און פינאַנצירט פון זיין אייגענעם פאַרמעגן, האָט באַקומען פונם קעניג דעם העכסטן טיטל פון „אַדעלאַנטאַדאָ“ און גובערנאַטאָר מיט רעכט צו רעגירן און עקספּלואַטירן די ערדן און די שבטים פון די לענדער, וואָס ער וועט דעראָבערן אין ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ, דער כתב, וואָס ער האָט באַקומען פונם קעניג איז, אַזוי צו זאָגן, די ערשטע שריפטלעכע קאָנסטיטוציע, וואָס די שפּאַנישע קרוין האָט געגעבן מכוח די ערדן און לענדער פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ.

דער דאָזיקער דאָקומענט איז סינטעטיזירט געוואָרן דורך אַ סך היסטאָריקער און ער אַנטהאַלט גאַנץ קוריאָזע פאַקטן, וואָס באַשטעטיקן קלאָר, אַז די כוונה, וואָס מען איז אויבן געווען מיט דער עקספּעדיציע איז גאָלד און זילבער. מיר וועלן דאָ רעזומירן איניקע פון זיי:

1) מענדאָסאַ דאַרף אַנטדעקן און עפענען דורכגאַנגען און וועגן צו פערו, כדי צו קומען דורך מזרח ביזן אָנזיכט פונם מערב-ים (פּאַסיפיק).

2) מיטפירן מיט זיך אַכט פראַנציסקאַנער מאָנאַכן.

3) באַטראַכטן די איינגעבירטיקע וואָס לעבן אין די דערמאָנטע לענדער ווי וואַסאַלן פון דער קרוין, און גלייכע צו אַלע אַנדערע שפּאַניער.

4) אַלע הוצאות דאַרפן גיין אויף זיין אייגענעם חשבון (מענדאָסאַס), און די קרוין זאָל קיין שום הוצאות ניט האָבן. „וואָרום דערפאַר האָט מען דאָך אים, באַשטימט אַלס „אַדעלאַנטאַדאָ“; און דער טיטל האָט געמיינט צו זאָגן: פעאָדאַלער הערשער איבער די דערמאָנטע לענדער מיט ירושה-רעכטן פאַר זיינע קינדער און קינדס-קינדער.

5) ער איז מחויב צו גרינדן לפּחות דריי שטעט אין דער דערמאָנטער געגנט, אָנהויבנדיק פונם אריינפאַל פון לאַ פּלאַטאַ טייך אין ים ביז צו די גרענעצן פון דער טעריטאָריע, אויף וועלכער ער באַקומט די רעכטן.

6) פון אַלע אוצרות און רייכטימער, וואָס וועלן דערלאַבערט אָדער פאַר־דינט ווערן, סיי אין מעטאַלן, טייער־שטיינער אָדער אַנדערע צירונגען און ווערט־פולע חפצים, דאַרף אָפּגעלייגט ווערן אַ פּ י נ פ ט ל פאַר דער קרוין, אַ ז ע ק ס ט ל פאַר דער „קעניגלעכער קאַמער" (הוצאות פונם קעניגלעכן הויף) און דער רעשט פאַרן אַדעלאַנטאַדאָ און זיינע הוצאות.

7) אין פאַל מען וועט באַזיגן אַ רייכע אימפּעריע — וועגן דעם האָט מען געטרוימט: נאָך אַ פּערו, נאָך אַ פּאַבולעזע אינקאַאישע רייכקייט — דאַרף אַ העלפט פון דעם, וואָס האָט געהערט צום באַזיגטן פּרינץ אריינקומען אין די קעניגלעכע קאַסעס און די צווייטע העלפט צעטיילט ווערן צווישן די זיגער.

די לעצטע צוויי פּונקטן פון דעם ציטירטן הרשאה־כתב, וואָס דאָן פּעדראָ דע מענדאַסאַ האָט באַקומען פון דעם קעניג און דעם „ראַט פון די אינקאַס", ווייזט קלאָר, אַז מען איז אויסן געווען נישט קיין קאָלאָניזאַציע, נאָר רייכקייט זוכן, גאָלד, זילבער, איידלשטיינער און צירונגען, ווי אויך „באַזיגן אַ רייכע אימ־פּעריע". און דאָס וואָס מען האָט אים פאַרפליכטעט צו בויען לפּחות דריי שטעט, איז, איינפאַך, כדי צו דערמעגלעכן דעם אַרויספיר פון די רייכטימער, וואָס מען האָט געדענקט צו דערלאַבערן און קענען דורך די שטעט אָנהאַלטן אַ פאַרבינדונג.

די עקספּעדיציע, ווי געזאָגט, איז צוגעגרייט געוואָרן אינגאַנצן אויף די הוצאות פון דעם „הידאַלגאָ" און ריטער, וועלכער איז רייך געוואָרן אין די פריער־דיקע מלחמות און רויב־קאַמפּיינען, וואָס ער האָט געמאַכט אין דער אַרמיי „פון זיין קאַטוילישער מאַיעסטעט".

ווי גרויס איז געווען די עקספּעדיציע אַליין?

די היסטאָריקער געבן אָן פאַרשידענע דאַטן. די כראָניקער פון יענער צייט ברענגען פאַרשידענע ציפערן. יעדנפאַלס אָבער איז זי געווען די גרעסטע און די קאָסטבאַרסטע עקספּעדיציע, וואָס איז ביז דאַן אַרויס פון שפּאַניע; זי איז באַשטאַנען ניט ווייניקער ווי פון עלף און ניט מער ווי פון 14 שיפן, וואו עס האָבן זיך קאָנצענטרירט צווישן 11 הונדערט (די קלענסטע ציפער, וואָס ווערט אָנגעגעבן) און 2 טויזנט פּערזאָן (די גרעסטע ציפער, וואָס ווערט פון אַנדערע אָנגעגעבן).

צווישן די רייזנדע זיינען געווען דאָס סאַמע זעמל־מעל פון דער דעמאָלטי־קער מיליטער־וועלט פון שפּאַניע: 32 „מאַיאָראַסגאַס" האָבן באַגלייט מענדאָ־סאַן; קאַפּיטאַנען, אָפיצירן פון דער אַרמיי; זיין ברודער, אַ מיליטער־מאַן ווי ער, דערנאָך: דער שעף פון אַלע שעפן: דער הויפּט־קאַפּיטאַן פון דער עקספּעדיציע.

צווישן פיל אַנדערע פּערזאָנען, וועלכע האָבן שפּעטער געשפּילט אָנגעזעענע ראָלן אין דער געשיכטע פון די ערשטע קאָלאָניזאַציע־ און „קאָנקיסטאַ"־יאָרן פון די לאַ פּלאַטאַ לענדער, האָבן זיך געפונען אין דער עקספּעדיציע די פאָל־גענדע: איאָלאַס, די ברידער קאַסעראַס, די קאַפּיטאַנען סאַלאַסאַר, אַבּרעאו און איראַלאַ, פראַנסיסקאָ מענדאָסאַ, כואַן רואיס גאַלאַן און דער גענעראַל אָסאָריאָ, אַ יונגער, שיינער, רייצנדער אַנדאַלוס, וועמען די גאַנצע עקספּעדיציע האָט ליב געקריגן און דערפאַר האָט דער קראַנקער, בייזער, אין שטענדיקע חשדים־לעבנדי־קער מענדאָסאַ, מורא באַקומען פאַר אים, ער זאָל ניט מאַכן קיין „רעוואָלוציע"

קעגן אים און ער האָט פאַראָרדנט אים צו דערשטעכן, ווען די עקספּעדיציע איז שוין געקומען קיין בראַזיל.

די רעשט פון דער עקספּעדיציע איז געווען אַ געמיש פון סאָלדאַטן פון אַלע פעלקער און שפּראַכן, וואָס האָבן געדינט דאַן אין די אַרמייען פון דער קאַסטיליער מלוכה: שפּאַניער, איטאַליענער, דייטשן, בייערן, פּאָרטוגעזן, שווייצאַרן און אַנדערע, עס זיינען מיטגעפאָרן אויך „פרידלעכע בירגער", עמיגראַנטן אַזוי צו זאָגן, וואָס האָבן בייגעשטייערט אויף די הוצאות, זוכנדיק צו מאַכן אַ גוט געשעפט דורך די „אוצרות", וואָס זיי וועלן אַנזאַמלען דאָ; עס זיינען געפאָרן אויך גלחים, אָפיצירן, אייניקע בעלי-מלאכה, א. א. וו.

רואיס דע גאַלאַן פאַרדינט אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט. ער איז געווען אין שפּאַניע דער אַדמיניסטראַטאָר פון מענדאָסאַס פאַרמעגן און זיין פאַרטרויאונגסמאַן און ער האָט אים מיטגענומען מיט זיך, וואַרשיינלעך, טרויענדיק אים, אין הינזיכט פון פאַרוואַלטונג, מער ווי אַלע אַנדערע, אפילו מער ווי זיין ברודער. און עס איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז ער, מיט נאָך אַ פּאָר, האָבן געשפּילט די ראָל פון אונטערהעצער צו דערמאָרדן אָסאָריאָן, דער שרעקלעכער עפּיזאָד, וואָס האָט געלייגט אַ טראַגישן צייכן אויף דער דאָזיקער עקספּעדיציע, איידער נאָך זי איז געקומען צו דער ענדע פון איר רייזע; אַ טראַגישן צייכן, אונטער וועלכן עס האָבן זיך שפּעטער אַנטוויקלט די געשעענישן פון דער ערשטער גרינדונג און באַלדיקן חורבן פון בוענאָס איירעס.

— 6 —

## יידן אין דער עקספּעדיציע, וואָס האָט געגרינדעט בוענאָס איירעס און אַסונסיאָן

די פּערזענלעכקייט פון דעם הויפּט-העלד פון דער דאָזיקער טראַגישער עפּאָפּייע, וואָס מיישט אויף דעם ערשטן בלאַט אין דער אַרגענטינער געשיכטע, איז ביז לעצטנס פאַרבליבן ניט געפאָרשט ווי געהעריק. לעצטנס, אָבער, אין שייכות מיטן פערטן יאָרהונדערט אַניווערסאַר פון דער גרינדונג פון בוענאָס איירעס, זיינען געמאַכט געוואָרן אייניקע גרינטלעכע פאָרשונגען: ווי וועגן מענדאָסאַן זעלבסט אַזוי וועגן זיינע באַגלייטער, און אויפן גרונט פון די דאָזיקע, קומט אונדז אויפן געדאַנק אַן השערה, אַז: י י ד ן און י י ד י ש ג ע ל ט האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין דער אָרגאַניזירונג פון מענדאָסאַס עקספּעדיציע און אין דער גרינדונג פון בוענאָס איירעס.

מיר האָבן אַ גרונט אויך צו דענקען, אַז צווישן די ע ר ש ט ע ע ק ס פּ ע ד י צ י אָ נ ע ר ן ז י י נ ע ן ג ע ו ו ע ן א ו י ך י י ד ן א ו ן א ל ס אַ ה ש ע ר ה א ו נ ד ז ע ר ע, ו ו אָ ס ב אַ ז י ר ט ז י ך א ו י ף ו ו י י ט ע ר ד י ק ע ל אָ ג י ש ע ב אַ ג ר י נ ד ו נ ג ע ן, ז אָ ג ן מ י ר אַ ר ו י ס א ל ס ו ו אַ ר ש י י נ ל ע כ ק י י ט — ו ו ע ר ו ו י י ס ט צ י ע ס

וועט אמאָל קענען גרינטלעך דערפאָרשט ווערן — אז איראַלטאָ און גאַלאַן זיינען געווען יידן, און אפשר אויך נאָך עמיצער...

עס איז נויטיק צו מאַכן די געהעריקע אָנמערקונג: ווען מיר זאָגן יידן, מיינען מיר ניט יידן ממש — ווייל נאָכן גירוש פון שפאַניע אין 1492 זיינען קיין אָפענע יידן ניט פאַרבליבן אין שפּאַניע — נאָר געטויפטע יידן, מאַראַנער, זיי אליין און זייערע קינדער; אין שפּאַניע האָט מען זיי גערופן נ יי ע יי ד ן, זיי האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין שפּאַניע גופא און זיי זיינען געווים ניט פאַרבליבן פרעמד צו די קאָנקיסטאַ-עקספעדיציעס, זוכנדיק אפשר צו קענען אָפּהיטן אין די נייע לענדער פון „די אינדיאַס", פרייער, ווי אין שפּאַניע, זייער יידישקייט.

עס איז זייער ווינציק נאָך געפאָרשט געוואָרן וועגן דעם אנטייל פון די מאַראַנען אין די עקספעדיציעס פון די קאָנקיסטאַדאָרן אין דעם ערשטן דריטל פון 16-טן יאָרהונדערט; וואָס אנבאַלאַנגט דעם אנטייל פון די מאַראַנען אין די עקספּעדיציעס און ערשטע באַזעצונגס-יאָרן, אין די לענדער פון ריאָ דע פּלאַטאַ, איז בכלל נאָרניט געפאָרשט געוואָרן. עס קען אָבער קיין ספק ניט זיין, אַז זייער אנטייל און זייער ראָל איז געווען אַן אָנזיכטיקע, אַ וויכטיקע, אין די טעריטאָריעס פון דער איצטיקער אַרגענטינע, אורוגוואַי, פּאַראַגוואַי, באָליוויע — ביז פּערו, פּונקט ווי עס איז דערוויזן געוואָרן די וויכטיקע ראָל, וואָס יידן האָבן געשפּילט אין דער קאָנקיסטאַ און די ערשטע יאָרן פון קאָלאָניזאַציע און אַנטוויקלונג פון בראַזיל.

מאַראַנען האָבן געזוכט, וואָס ווייטער צו זיין פון שפּאַניע, וואָס ווייטער צו זיין פון די שטענדיק אָפענע וואַכזאַמע נאָכשפּירנדיקע אויגן פון דעם סאַנטאָ אָפיסיאָ; און אין די נייע אומבאַקאַנטע, אומאַנטוויקלטע לענדער פון „די אינדיאַס" האָבן זיי געדענקט צו געפינען אזא געלעגנהייט און מעגלעכקייט.

דאָס איז דער אַלגעמיינער לאָגישער גרונט, וואָס לאָזט דענקען, אַז די עקספּעדיציע מענדאָסאַס, וועלכע איז צוגעגרייט געוואָרן, אין סעווילִיע, אין משך פון לאַנגע חדשים מיט אַזוי פיל גלאַנץ און ברייטקייט — און האָט דערוועקט אַזעלכע אַפּעטיטן אין שפּאַניע, אַז די צאָל פון די, וואָס האָבן אָנגעבאָטן זיך צו מיטפאָרן און ביישטייערן פאַר די הוצאות איז געווען אַ סך גרעסער, פון דער נויטיקער צאָל — האָט ניט געקענט פאַרביינגיין אומבאַמערקט פון דער אויפמערקזאַמקייט און אנטייל פון די מאַראַנען.

צו דער אַלגעמיינער לאָגיש-באַגרינדעטער השערה קומט צו דער פאַקט, וואָס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן וועגן מענדאָסאַן, אַז ער איז אין שפּאַניע געווען אין ענגן, אינטימען געשעפטלעכן קאָנטאַקט מיט די נ יי ע יי ד ן.

ווען מענדאָסאַ איז אַוועקגעפאָרן אין דער עקספּעדיציע צום לאַ פּלאַטאַ, האָט ער אין שפּאַניע איבערגעלאָזן אַלס פאַרוואַלטער איבער זיינע גיטער און גרויסע רייכטימער, אַ גאַנצע רייע יידן (מאַראַנען). עס איז באַקאַנט אפילו די רשימה פון די נעמען פון די יידן, וואָס האָבן פאַרוואַלטעט מענדאָסאַס גיטער אין שפּאַניע.

אויב יידן האָבן פאַרוואַלטעט זייַן פאַרמעגן און די עקספּעדיציע איז געווען אויף זייַנע הוצאות און זי האָט באַטראָפן (אין אונדזער איצטיקן געלט גערעכנט) לערך 2 מיליאָן פּעזעס, וואָס לויטן געלט-ווערט פון יענער צייט איז עס אַ כּבוד, וואָס איז ווערט צענדליקער מאָל אַזויפיל ווי איצט, איז דאָך ניט מעגלעך, אַז די יי ד י ש ע פאַרוואַלטער מענדאָסאַס זאָלן ניט געווען האָבן זיך באַטייליקט אין דער אָרגאַניזירונג און פינאַנצירונג פון דער עקספּעדיציע, נאָכדעם ווי מענדאָסאַ איז תּמיד געשטאַנען אין ענגען געשעפטלעכן קאָנטאַקט מיט זיי אַזוי ווייט, אַז ער האָט זיי פאַרטרויט די פירונג פון זייַנע אינטערעסן און גיטער.

און אַז זיי האָבן אַנטיילגענומען אין דער אָרגאַניזירונג פון דער עקספּעדיציע, האָבן זיי זיכער געזוכט צו אַריינזעצן צווישן דער עקספּעדיציאָנערן אייך אייגענע, יידן, מאַראַנען, וועלכע האָבן דאַן געזוכט אַ געלעגנהייט, ווי צו אויסוואַנדערן פון שפּאַניע אין די ווייטע לענדער.

מיר וועלן גיין נאָך ווייטער און באַהויפּטן, אויפן סמך פון אַט די לאָגישע דעדוקציעס, אַז דאָס איז ניט געווען אפילו קיין סוד פאַר מענדאָסאַן זעלבסט, ווײַבאַלד עס איז קיין סוד ניט געווען און ניט פאַרבליבן פאַר דער געשיכטע, אַז זייַנע געשעפטס-פירער, פאַרוואַלטער און יורידישע באַפולמעכטיקטע, זייַנען געווען יידן.

די געשיכטע דערציילט, אַז ווען מענדאָסאַ איז געלעגן קראַנק, געשלאָגן פון די וואונדן, וואָס זייַן קראַנקייט האָט אים פאַראורזאַכט — די כראָניקער באַצייכענען די קראַנקייט אַלס „מאַל דע גאַליאַ" (פראַנצויזישע קראַנקייט) אַ פאַרפיבערטער, אין דעם פון הונגער אויסשטאַרבנדיקן שטעטל, וואָס ער האָט מיט געצייילטע וואָכן צוריק געהאַט געגרינדעט, פלעגט ער אין פיבער-דעלירים אַרויסטרייבן פון זיך דעם שאָטן פון דעם גענעראַל אָסאָריאָ, וועלכן ער האָט פאַראָרדנט צו דערשטעכן („ביז די נשמה וועט אים אַרויס פון לייב"), ווען די עקספּעדיציע איז געווען ביי די ברעגן פון בראַזיל. מען האָט געזען, אַז דער דאַזיקער טאַט פון ווילדער רציחה האָט געפייניקט זייַן געוויסן. מאָמענטנווייז פלעגט ער אויפהויבן די אין וואונדן אייטערדיקע רעכטע האַנט — וואָס האָט אים ניט דערלויבט צומאָלס אונטערשרייבן די נויטיקע פּאַפּירן — און ווי טרייבנדיק פון זיך אַ געשפּענסט, אַ שאָטן, פלעגט ער ווילד אָנהויבן שרייען:

— אוועק, אוועק, אָסאָריאָ. כ'בין ניט שולדיק! ניט איך! ד אָ ס ז ייַ נ ע ן יע נ ע יי ד ן ש ו ל ד י ק; מיט זייערע ליגנס האָבן זיי מיך איינגערעדט, אָפּגענאַרט און געפּועלט, אַז איך זאָל דיך הייבן שטעכן! — און מיט דער האַנט געוויזן אויף די אַרומיקע.

אין דעם דעלירים פון פיבער קומט צום אויסדרוק, צומאָלכ, דער אמת, וואָס איז פאַרבאָרגן אינעם מענטשלעכן אונטערבאַוואוסטזיין...

און אויב מענדאָסאַ האָט אין פיבער געשריען, אַז יי ד ן האָבן אים צוגערעדט צו פאַרמשפּטן אומשולדיק אָסאָריאָן צום טויט, איז עס, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז די וואָס די האָבן אים אָנגעוויזן אויף דעם יונגן שיינעם אַנדאַלוזער גענעראַל, ווי אויף אַ מורד, וואָס גרייט אַן אויפשטאַנד קעגן אים — און זיי

זיינען געווען מיט אים צוזאַמען אויף דער שיף — זיינען געווען יידן, מאַראַ-נען מיינען מיר.

דאָס איז דער קלאָרסטער, דער קאָנקרעטסטער באַוויז, אַז מיט מענדאָסאַן אין דער עקספּעדיציע, אויף זיין קאַפּיטאַן-שיף זעלבסט — אויף דער „מאַגדאַ-לענאַ" — זיינען געווען יידן, און ניט בלויז זיינען זיי געווען צווישן די אומ-באַקאַנטע מאַסן-עקספּעדיציאָנערן, נייערט צווישן די פּ י ר ע ר, צווישן די עלטסטע, צווישן די מקורבים מענדאָסאָס זעלבסט; וויבאַלד ער אַליין האָט באַ-הויפּטעט, אין אַ מאָמענט פון פיבער-דעליריום, אַז „יידן האָבן אים צוגערעדט צום מאָרד", — איז קלאָר, אַז דאָס האָבן געמוזט זיין יענע פּערזאָנען, וואָס זיינען געווען אַמנאָענטסטן צום „אַדעלאַנטאַדאָ" זיינע פאַרטרויאונגס-לייט, די, אין וועמענס באַהויפּטונגען ער האָט ניט געצווייפלט, און אויף וועמעס רייד ער האָט זיך תמיד פאַרלאָזט, גלויבנדיק אַלעס, וואָס זיי דערציילן אים.

זיי האָבן אים משמעות דערציילט, אַז אָסאָריאָ זוכט צו פאַרכאַפּן די מאַכט איבער דער עקספּעדיציע און פּראָקלאַמירן זיך אַלס גובערנאַטאָר פון די לענ-דער, וואָס מען איז געפאָרן צו באַזעצן; אויסערלעך זיינען זיי געווען קריסטן; אָבער מענדאָסאָ האָט געוואוסט, אַז זיי זיינען יידן און ווען פיבער און הרטה דערדריקן אים, — שרייט ער אויס, אַז „דאָס האָבן אים איינגערעדט יידן".

— ווער האָבן געקענט זיין, אַלזאָ, די יי ד ן, אויף וועמען דער קראַנקער מענדאָסאָ האָט אָנגעוויזן מיט דער האַנט אין אַ מאָמענט פון פיבער-דעליריום?

מען דאַרף זיי זוכן צווישן די הויפּט-פריינט מענדאָסאָס, צווישן זיינע מקורבים, מיט וועמען געשעפטלעכע און אַנדערע ענינים האָבן אים פאַרבונדן נאָך אין שפּאַניע און דערפאַר טאַקע — אַלס זיינע פאַרטרויאונגס-לייט, האָט ער זיי מיטגענומען אין דער עקספּעדיציע, פאַרטרויענדיק זיי וויכטיקע אַמטן.

לייענען מיר די רשימה פון די דאָזיקע פּערזאָנען און דאָס אויג פאַלט אויף צוויי, וואָס זיינען געווען אַמנאָענטסטן צו מענדאָסאָן אין שפּאַניע און אַמ-נאָענטסטן אין וועג:

איראַלאַ און גאַלאַן.

דער לעצטער איז געווען דער הויפּט באַפולמעכטיקטער פון דער פאַרוואַל-טונג פון זיין פאַרמעגן נאָך אין שפּאַניע (און ווי מיר האָבן אָנגעוויזן, זיינען אַלע פאַרוואַלטער פון זיין פאַרמעגן געווען יידן). דער פאָרלעצטער איז געווען אין שפּאַניע זיין הויפּט-בוך-פירער און יורידישער פאַרטרעטער אַזוי צו זאָגן און אויב די פאַרוואַלטער מענדאָסאָס זיינען געווען יידן, איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז דער „אַדוואָקאַט" זיינער זאָל אויך געווען האָבן געהערט צו דער מאַראַנען-עדה.

עס איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז צו די זעלביקע האָט געהערט אויך דער אָפיציר איאָלאָס, וועלכער איז געווען דער, וועמען מענדאָסאָ האָט פאַרטרויט דעם ערשטן די פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבע צו געפינען דעם וועג צו פערו, זאַמלען גאָלד און זוכן אַן אָרט מיט אַ מער גינסטיקן קלימאַט פאַר אים זעלבסט.

ער האָט אים אויך באַשטימט אַלס גובערנאַטאָר, אין פאַל ער, מענדאָסאָ, וועט שטאַרבן. אַזאַ צוטרוי האָט מען צו אַ גאָר נאָענטן מענטשן. איאָלאָס האָט גוט געוואוסט, אַז ווען אָסאָריאָ לעבט, וועט ע ר קומען צו דער מאַכט, ניט

אַיאָלאַס; און עס קען זיין, אַז דערפֿאַר האָט ער מיט דער הילף פֿון די צוויי חברים און פּאַרטרויאונגס־לייט מענדאָסאַס געזוכט און אויסגעפֿירט צו באַזייטיקן אָסאָריאָן, פֿריי־מאַכנדיק פֿאַר זיך דעם וועג. זיי האָט עס מענדאָסאַ באַצייכנט — און ניט אומזיסט — אַלס יידן, אין דעם מאָמענט פֿון פֿיבער־אָנפֿאַל.

אַז איראַלאַ, גאַלאַן און אַיאָלאַס — אַלע דריי, האָבן געבילדעט איין כנופֿיא, איז צו זען פֿון דעם, וואָס אַיאָלאַס, איידער ער איז אַוועק זוכן גאָלד (און איז שוין מער ניט געקומען), האָט ער באַשטימט איראַלאַן אַלס גובערנאַטאָר אויף זיין פּלאַץ, אין פֿאַל ער וועט אומקומען (אויף דעם כמך פֿון דעם, וואָס מענדאָסאַ האָט אים פֿריער באַשטימט) און איידער מענדאָסאַ איז אַוועקגעפֿאָרן פֿון בוענאָס איירעס צוריק קיין שפּאַניע, וואוהין ער איז ניט דערפֿאָרן, האָט ער געלאָזט אין בוענאָס איירעס, וואָס ער האָט געגרינדעט, אַלס גובערנאַטאָר גאַלאַנען, זיין פּאַרטרויאונגס־מאַן און געוועזענעם פֿאַרוואַלטער פֿון זיין פֿאַרמעגן.

די אַלע דריי האָבן, אַלזאָ, פֿריער נאָך געהאַט אינטערעסן ניט צו דערלאָזן אָסאָריאָן צו דער מאַכט — ווייל זיי האָבן געוואוסט, אַז דער קראַנקער (הגם יונגער, אינגאַנצן 37 יאָר אַלט געוועזן) מענדאָסאַ וועט לאַנג ניט דויערן — האָבן זיי, וואַרשיינלעך איינגעבילדעט מענדאָסאַן, אַז יענער זוכט צו פֿאַרכאַפּן די מאַכט און זיי האָבן דערגרייכט אים צו באַזייטיקן; און זיי האָט עס, וואַרשיינלעך, מענדאָסאַ געטאַדלט, אין דעליריום־צושטאַנד, אַלס י י ד ן, שולדיקע אין אָסאָריאָס מאָרד.

דאָס זיינען השערות, נאַטירלעך, באַזירטע אויף לאָגישע דעדוקציעס. אָבער אויב עס איז אַזוי, איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז דער גרינדער פֿון אַסונסיאָן, די הויפּט־שטאָט פֿון פּאַראַגוואַי און אַז דער ערשטער קאָלאָניזאַטאָר און ערשטער גובערנאַטאָר פֿון ריאָ דע לאַ פּלאַטער טעריטאָריע (אַרגענטינע, פּאַראַגוואַי און באָליוויע) — אַיאָלאַס און איראַלאַ, — זיינען געוועזן י י ד ן מאַראַנען; אַז אין דער עקספּעדיציע, וואָס האָט געגרינדעט בוענאָס איירעס און אין אירע ערשטע טראַגישע חדשים האָבן געשפּילט אַ גאָר אָנגעזעענע ראָל — יידן־מאַראַנען און אַז אויך יידן מאַראַנען זיינען געוועזן די, וואָס האָבן אַ גאָר נאָענטן און טעטיקן אנטייל גענומען אין דער אָרגאַניזירונג און פֿינאַנצירונג פֿון מענדאָסאַס עקספּעדיציע.

מיר געבן דאָס אָן אַלס השערות, וואָס האָבן אַ געניג לאָגישע באַגרינדונג אויפֿן סמך פֿון אַ רייע א ו מ ד י ר ע ק ט ע פֿאַקטן. מעגלעך, אַז ווען מען זאָל זיך גריבלען אין די אַרכיוון פֿון „די אינדיאַס“ אין שפּאַניע, אין די גענעאָלאָגישע טאַבעלן (אויב אַזעלכע זיינען פֿאַרבליבן ערגיץ) פֿון די דריי דערמאָנטע פּערזאָנען פֿון דער עקספּעדיציע מענדאָסאַס, וואָלטן די דאָזיקע השערות געקענט דערוויזן ווערן, ווי פֿעסטגעשטעלטע היסטאָרישע פֿאַקטן.

.1936

# יידן אַלס אַגריקולטור-פאָלק אין דער פאַרגאַנגענהייט און קעגנוואַרט

— 1 —

### ערד־אַרבעט — דער יחוס־בריוו פון אונדזער ישוב

דער אַרגענטינער יידישער ישוב איז געבאָרן אונטערן צייכן פון קאָלאָניזאַציע. ניט ווי אַנדערע ישובים פון אונדזער וואַנדערונג איבערן ים אין די לעצטע דריי-פיר צענדליקער יאָרן פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. ניט, צום ביישפּיל, ווי דער יידישער ישוב אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אָדער אין קאַנאַדע, וואוהין עס האָבן זיך כּתם געצויגן שטראָמען פון יידישער וואַנדערונג פון דעם תחום המושב אין רוסלאַנד, פּוילן, ליטע, אוקראַינע, ווייסרוסלאַנד, בעסאַראַביע, אָדער גאַליציע און בוקאָווינע, וואָס האָבן דאַן געהערט צו עסטרייך, סתם געצויגן, אָן אַן אַנדער באַשטימטן קאָלעקטיוון אידעאַל און נאָר מיט דער כּונה צו אַוועק פון די ענגשאַפטן, פּונם געדרענג, פון דעם קליינשטעטלשן לעבן און פון די רדיפות פון דער צאַרישער רעגירונג.

די יידישע אימיגראַציע אין אַרגענטינע, גלייך פון איר ערשטן מאָרגן-אָנפאַנג, נאָך אין יולי 1889, דאָס מיינט צו זאָגן: צוויי יאָר פריער איידער דער באַראָן הירש האָט פאָרמולירט און קאָנקרעטיזירט זיין אידעאַל און פּלאַן צו אויפבויען גרויסע יידישע ערד-אַרבעטנדיקע ישובים אין אַרגענטינע, אַריבערנעמענדיק אַהין זיינע געפּלאָגטע פאָלקס-ברידער, האָט זיך דאַן שוין געהאַט אָנגעהויבן מיט אַן עלעמענט, וואָס האָט געהאַט אויסשליסלעך אַגריקולטור-צילן און אויפגאַבן: דאָס איז געווען די גרופּע פון אַזוי גערופענע קאַמענעצער אימיגראַנטן, וואָס האָט געפירט צו דער גרינדונג פון מאָזעסוויל.

מען קען זאָגן, אַז אָט די דאָזיקע גרופּע איז געווען די, וואָס האָט געבראַכט צום געבורט דעם אידעאַל פון אַ יידישער אַגריקולטור באַזעצונג אין אַרגענטינע; און אַז אַ דאַנק דעם דאָזיקן קאָנקרעטן פאַל, מיט וועלכן דער באַראָן הירש האָט זיך אָנגעטראָפן און פון וועלכן ער איז געוואויר געוואָרן גראָדע אין דער צייט, ווען ער האָט געהאַלטן אין וועבן און שפּינען דעם טרוים פון זיין קאָלאָניזאַציע-אידעאַל איז די קאָנקרעטיזירונג פון זיין קאָלאָניזאַציע אימיגראַציע-פּראָיעקט און די גרינדונג פון דער יק״א רעאַליזירט געוואָרן שנעלער.

די יידישע איינוואַנדערונג קיין אַרגענטינע איז אַלזאָ, געבוירן געוואָרן ניט אויף אַ ספּאָראַדישן אופן, ניט ווי אַ דערשיינונג פון ס ת ם א י מ י ג ר אַ-

צ י ע , נאָר זי האָט זיך אָנגעהויבן, היסטאָריש באַטראַכט אונטערן לאָזונג פון אַ באַשטימטן אידעאַל, וועלכע איז באַוואוסטזיניק אויסגעדריקט געוואָרן דורך דער לאָזונג: „קיין אַרגענטינע צו אַרבעטן ערד, צו לעבן דאָרטן פון די פרוכט פון אייגענער פראַצע אויף ערד!".

דעם דאָזיקן לאָזונג האָט געזוכט צו פאַרווירקלעכן די ערשטע גרופּע אַי-מיגראַנטן, וואָס איז אָנגעקומען מיט איבער צוויי יאָר פריער איידער דער באַראָן הירש האָט אין זיינע הענט גענומען די איינאָרדנונג פון דער קאָלאָניזאַציע-אימי-גראַציע, און דער דאָזיקער לאָזונג האָט אין אַזאַ אָדער אַנדער פאָרמולירונג באַ-גייסטערט די יידישע אימיגראַציע קיין אַרגענטינע פון דעם סאַמע אָנהויב אין פאַרלויף פון אַ סך יאָרן — מען קען זאָגן די ערשטע 15 יאָר — אין יענעם פעריאָד איז מען ניט ס ת ם געפאָרן קיין אַרגענטינע, נאָר געפאָרן איז מען קיין אַרגענטינע צו ווערן אַ קאָלאָניסט, אַן ערד-אַרבעטער, צו בייטן דאָס לעבן, די באַשעפטיקונג, צו איבערשיכטן זיך.

דאָס איז אַ גרויסער היסטאָרישער גליק פאַר אונדזער ישוב, וואָס האָט פאַרצייכנט אין יאָר 1939 דעם יובל פון זיין געבורט אונטער דעם דאָזיקן אי-דעאַל. דאָס איז אונדזער יחוס-בריוו אַזוי צו זאָגן, אויך פאַר די גרופּעס פון דער מאַכן - אימיגראַציע, וואָס זיינען אריינגעקומען קיין אַרגענטינע צווישן אויגוסט און דעצעמבער 1891, אויף די שיפן „ליסאַבאָן", „טיזשוקאַ" און „פּאַמפּאַ", און וועלכע פייערן איצט דעם פולן יובל — דער ריכטיקער אָנהויב פון אונדזער ישוב.

אין שייכות מיט די דאָזיקע היסטאָרישע דאַטעס פאַר אונדזער ישוב, דענק איך, אַז עס וועט ניט זיין איבעריק אויך אַן אָפּהאַנדלונג וואָס זאָל זיין געווידמעט פאַר אַ סכעמאַטישן איבערבליק איבער דעם ווי האָט עס אויסגעזען ביי יידן מיט קאָלאָניזאַציע בכלל, אין די פאַרשיידענע עפּאָכעס פון אונדזער געשיכטע פון יאָרן-טויזנטער און ווי האָט עס געהאַלטן מיט קאָלאָניזאַציע און אַגריקול-טור ביי יידן אין אַנדערע לענדער פון דער אַלטער און נייער וועלט, הארט פאַר דעם אויסברוך פון דער נייער וועלט-מלחמה.

עס איז אַ גרויס גליק פאַר אונדזער ישוב וואָס ער איז געבוירן געוואָרן אונטערן צייכן פון קאָלאָניזאַציע-אידעאַל, אונדזער ישוב איז געווען, איז און פאַרבלייבט ענג פאַרבונדן מיטן אידעאַל פון קאָלאָניזאַציע. דער בעסטער באַווייז פאַר דעם איז די וואַרעמקייט, מיט וועלכער עס ווערט אויפגענומען ביי אונדז די פּראָגראַם פון נייער קאָלאָניזאַציע אָנגעצייכנט פונם יידישן אַגראַר - באַנק („פאָמענטאָ אַגראַריאָ") און די עצם-אַנטשטייאונג פון דעם יידישן אַגראַר-באַנק, וואָס מיינט צו זאָגן: יידישע קאָלאָניזאַציע אויף געזעלשאַפטלעכע יסודות.

עס איז אונדזער יחוס-בריוו האָב איך געזאָגט, אין דער יידישער געשיכטע. איז עס דערום, פאַר אונדז פון באַזונדערן אינטערעס צו אָפּשטעלן זיך עטוואָס ברייטער, ביי דער געלעגנהייט פון די יובל-דאַטעס פאַרבונדענע מיט קאָלאָניזאַ-ציע — וואָרום די יק"א פייערט אין 1941, דעם יובל פון איר עקזיסטענץ, אין דערהווייזן, אַז דער אידעאַל פון דער קאָלאָניזאַציע האָט קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו באַגייסטערן די יידישע פאָלקס-מאַסן, אָנהויבנדיק פון די גאָר עלטסטע צייטן

פון אונדזער געשיכטע; אז ערד-ארבעט איז שטענדיק געווען די באשעפטיקונג צו וועלכער די יידישע מאסן האבן געשטרעבט און געצויגן זיך מיט אלע כוחות. און אויב זיי האבן עס ניט אלעמאל און ניט אומעטום געקענט רעאליזירן, גע-קענט דערגרייכן, איז עס ניט זייער שולד, ניט אונדזער יידישע שולד, ווייל איך זאגן, נאר די שולד און די שאנדע פון אונדזערע פיינט, פון אונ-דזערע פארפאלגער און די שולד צוזאמען פון געשיכטלעכע אומשטענדן און סיטואציעס.

אין דער וועלט, דער ניט-יידישער, און ניט נאר ביי איר אליין, נאר גופא אויך אין די יידישע רייען — איז איינגעווארצלט וועגן דעם ענין א מיינונג גראדע א קעגנזעצלעכע, א מיינונג וואס דערגייט צומאל אין אירע באהויפ-טונגען וועגן דער באציאונג פון יידישן פאלק צו אגריקולטור אונטער געשיכט-לעכער פערספעקטיוו באטראכט, ביז צו דער עקסטרעם-אבסורדישער באהויפ-טונג, אז יידן זיינען בכלל קיינמאל קיין אגריקולטור-פאלק ניט געווען.

בעת אונדזער ישוב, וואס איז געבוירן געווארן אונטערן אידעאל פון אגרי-קולטור, פארצייכנט זיין פופציק-יעריקע עקזיסטענץ זינט דער גרינדונג פון די ערשטע יק"א-קאלאניעס: מאוריציא, מאזעסוויל, דאמינגעס און סאן אנטאניא, וועט, אלזא, זיין ניט איבעריק צו אפשטעלן זיך עטוואס ברייטער אויף דעם ענין, כדי צו פעסטשטעלן דעםווירקלעכן אספעקט פון דער פראגע וועגן דער קעגנזייטיקער שייכות צווישן ערד-ארבעט און יידן, אין די פארשידענע עטאפן פון אונדזער 3.000-יעריקער געשיכטע: סיי אלס פאלק אויף אונדזער אייגנלאנד, און סיי אלס פאלק צווישן פעלקער אין א דיאספארא פון 1870-טן יאר.

דורך דעם וועט, אפשר דערוויזן ווערן און פארשטאנען ווערן, אז דער יחוס-בריוו פון קאלאניזאציע וואס באצירט די גענעאלאגיע פון אונדזער ישוב, איז געקומען צו אונדז ניט דורך א צופאל, נאר דאס איז געווען דער אונטערבאוואוסטזיניקער דראנג פון די יידישע מאסן תמיד, דער אונ-טערבאוואוסטזיניקער און אין אונדזער פאל, דער פאל פון דער אימיגראציע קיין ארגענטינע, איז עס געווען א באוואוסטזיניקער.

— 2 —

## אן איינגעווארצלטן פאראורטייל איז שווער צו אויסווארצלען

דער ענין וועגן דער געשיכטע פון אגריקולטור ביי יידן איז א יונגע צווייג פון דער נאך יונגער עקאנאמישער געשיכטע פון אונדזער פאלק. די דאזיקע צווייג פון יידישער געשיכטע-וויסנשאפט האט ערשט גאר לעצטנס אנגעהויבן צו ווערן געפארשט פון ספעציאליסטן היסטאריקער-עקאנאמיקער, אבער עס זיינען שוין פאראן פיל מסקנות און פארשטעלונגען, אויף וועלכע די דאזיקע וויסנשאפטלער איניקן זיך. מסקנות און פארשטעלונגען, וואס קענען דינען אלס ענטפער אויף דער פראגע: צי זענען יידן געווען אן אגריקולטור-פאלק? צי האבן יידן אין משך פון די יארהונדערטער פון זייער נאציאנאלן לעבן זיך אפגעגעבן מיט ערד-

אַרבעט אָדער צי איז אמת די באַהויפּטונג, וואָס האָט ביז נישט לאַנג צוריק גע־גילט אַלס אַקסיאָמע — אָנגענומען נישט דווקא פון אונדזערע שונאים — אַז יידן זענען אַ פאָלק פון הענדלער, זיי פאַרנעמען זיך נאָר מיט מסחר, מיט אינ־דוסטריע און אַז אין דער פאַרגאַנגענהייט האָבן זיי זיך פאַרנומען מיט וואוכעריי, און אָט די מסקנות און פעסטשטעלונגען וועלן מיר זיך באַמיען צו רעזומירן אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען פון דער דאָזיקער אַרבעט, וואָס האָט, חלילה, ניט קיין תביעות אויף וויסנשאַפט.

עס איז שווער אויסצואוואָרצלען אַ פאָראורטייל, וואָס איז איינגעפלאַנצט געוואָרן אין משך פון פיל יאָרן דורך אייגענע און פרעמדע, דורך פיינט און צו־מאָלס אויך דורך פריינט. און נאָך שווערער איז צו אויסוואָרצלען אַ בלבול, ווען ער ווערט פאַרגעשטעלט מיט פרעטענזיעס פון וויסנשאַפט: אַזאַ מין פאָראור־טייל, וואָס האַלט זיך און האָט זיך געהאַלטן יאָרהונדערטער אין דער געשיכטע, און וועלכער איז אויסגעדריקט מיט תביעות און פרעטענזיעס אויף וויסנשאַפט־לעכקייט, איז די באַהויפּטונג, אַז יידן זענען נישט געווען קיין אַגריקולטור־פאָלק, אַז יידן האָבן זיך נישט באַשעפטיקט מיט ערד־אַרבעט, נאָר מיט האַנדל און וואוכעריי, אין לויף פון די יאָרהונדערטער פון זייער געשיכטע.

און אַזוי ווייט זענען געגאַנגען אייניקע פסעוודאָ־וויסנשאַפטלער, אין דעם הינזכט און אין דער ריכטונג, פון וועלן „דערווייזן" עס, אַז מען האָט זיך פאַר־גינען אויך צו דערווייזן, אַז יידן זיינען א ו י ס ש ל י ס ל ע ך אַ האַנדלס־פאָלק און אַז אין אַלע צייטן זענען זיי געווען אַזוי, אַז ביי יידן איז פון תמיד אָן פאַראַן — ווי אַ מין אַטאַוויזם, רחמנה־לצלן — אַ דערווידערונג צו אַגריקולטור.

וויסנשאַפטלער אַזעלכע ערנסטע ווי זאָמבאַרט, צום ביישפּיל האָבן אויף אָט דער דאָזיקער פאַלשער הנחה געבויט גאַנצע „וויסנשאַפטלעך־עקאָנאָמישע" לופט־שלעסער וועגן דער ראָל פון יידן אין דער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם.

עס דאַרף הייסן, אַז דאָס יידישע פאָלק איז לויט זיין מהות געווען און פאַר־בליבן אַ נאָמאַדן־פאָלק, וואָס קען זיך ניט צובינדן צו ערד, און דערפון שטאַמט זייער שטענדיק וואַנדערן, און ווייל זיי זענען נאָמאַדן „פאַר עקסעלאַנס" זענען זיי הענדלער געווען, אפילו אין די ביבלישע צייטן, און דערפאַר איז זייער ראָל געווען גרויס און דעצידירנדיק אין דער אַנטוויקלונג פונם קאַפּיטאַליזם.

עס זענען אויך געווען געשאַווירענע וויסנשאַפטלער פון דער מאַרקסיסטישער שולע, וואָס אָנווענדנדיק אַ שטרענג־מאַטעריאַליסטישן צוגאַנג צו דער יידישער געשיכטע, האָבן זיי אָנגעבויט בערג מיט השערות און סברות, וואָס האָבן ניט קיין איבעריק פעסטן יסוד אין דער ווירקלעכקייט פון דער גע־שיכטע פון אונדזער פאָלק, צו באַגרינדן די טעאָריע, אַז יידן, זייענדיק לויט זייער נאַציאָנאַלן מהות אַ האַנדלס־פאָלק, האָבן תמיד אין אַלע עפּאָכעס פון דער גע־שיכטע, געהאַט אַ מין ווידערווילן צו ערד־אַרבעט.

אַזעלכע ווילן באַהויפּטן, אַז אפילו אין די צייטן פון בית ראשון זיינען יידן שוין קיין אַגריקולטור־פאָלק ניט געווען, אָפּגערעדט שוין פון דער עפּאָכע, פונם בית שני, פון דער צייט, נאָכדעם, ווען זיי האָבן געלעבט אונטער דער הער־

שאפט פון דער רוימישער אימפעריע, אין בבל, וואו מען האָט געשאַפן דעם תלמוד, שפּעטער אונטער דער מאַכט פון דער ביזאַנטיישער אימפּעריע, אונטער דער הערשאַפט פון די מעראָווינגען, קאַרלאָווינגען, אין דייטשלאַנד, פראַנקרייך, איטאַליע, שפּאַניע, אין מיטלאַלטער, אין דער נייער צייט, אונטער קריסטנטום-מאַכט, ווי אונטער דער איסלאַם-ממשלה, יידן — אַזוי האָט די קאָנאָניזירטע געשיכטע פון דער קריסטלעכער וועלט, די ניט-מאַרקסיסטישע ווי די מאַרק-סיסטישע, איינגעקנעלט מיט דער וויסנשאַפט אין משך פון דורות — זיינען קיינמאָל נישט געווען קיין אַגריקולטאָרן, זיי האָבן קיינמאָל נישט געשפּירט קיין איבעריקע צוגעבונדנקייט צו ערד, נאָמאַדן אין גייסט, אין געמיט, אין לעבן, אין דער געשיכטע — זיינען יידן דערפאַר געוואָרן הענדלער, אַ פאָלק אַ פּאַראַזיטאַ-ריש, אַ פאָלק וואָס לעבט ניט פון פּראָדוקטיווער אַרבעט, נייערט פון פאַרמיט-לעריי. דערפון זאָלן שטאַמען זייערע שטענדיקע וואַנדערונגען, ווייל דער וואָס איז צוגעבונדן צו ערד, וואָרצלט זיך אַזוי לייכט נישט אויס פון לאַנד. און אין די רדיפות, וואָס האָבן אונדז מיט כוח אויסגעוואָרצלט פון אונדזער איינגעזעסנ-קייט און געטריבן פון לאַנד צו לאַנד, אין דעם האָבן זיי פאַרגעסן, פון דעם ווילן זיי ניט וויסן. און פון דעם נעמט זיך, וואָס יידן זיינען אומעטום אַ שטאָטי-שער עלעמענט און ניט קיין דאָרפישער, ווייל זיי האָבן אַ נאַטירלעכן, אַן איינ-געבוירענעם ווידערווילן צו ערד-אַרבעט.

גאַנצע בערג מיט טעאָריעס פון עקאָנאָמישן פאַרנעם זיינען אויף דעם סמך פון אָט דער הנחה, פון אָט דער גרונט-לאַגע געשאַפן געוואָרן, ביכער און מאָנאָ-גראַפיעס אָן אַ צאָל. איינער „וויסנשאַפטלעכער" פון דעם צווייטן, זיינען אין פאַרשידענע שפּראַכן אָנגעשריבן געוואָרן אויף דער באַזע, אַז יידן זיינען ניט קיין ערד-אַרבעטנדיק פאָלק, נייערט ד אָ ס האַנדלס-פאָלק, אין דער אוני-ווערסאַלער געשיכטע פון דער עקאָנאָמיק, אַז יידן זיינען די יורשים פון די אַנ-טיקע פיניקער-כנענים און אוראַלטע גריכן-יונים, די יורשים, וואָס האָבן זיך דערהאַלטן דורך אַלע געשיכטע-ערעס און געשאַפן דעם קאַפּיטאַליזם אין דער פאָרם ווי ער האָט זיך אויסגעוויקלט ביז אונדזער צייט.

אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט — ביז דער דאָזיקער א ר כ י - ב ל ב ו ל אויף אונדזער אומה האָט זיך אָנגעהויבן איינצואוואָרצלען אין אונדזערע אייגענע גע-מאַרקן אויך. און די משכילים האָבן אונדז גענומען שטראָפן פאַרוואָס מיר טוען נישט צו פּראָדוקטיווער אַרבעט, און קערפּערשאַפטן האָבן זיך גענומען גרינדן מיטן איינציקן ציל אונדז צו „רעגענערירן", אין דעם פּרט פון פּראָדוקטיוויזאַ-ציע בכלל, און ערד-אַרבעט בפרט; און ביי אונדז אַליין האָט מען אויך אָנגע-הויבן גלויבן, אַז מען רודפט אונדז און מען האָט אונדז פיינט דערפאַר, וואָס: „מיר זיינען נישט קיין אַרבעטס-פאָלק און, דער עיקר, מיר זיינען נישט קיין ערד-אַרבעטנדיק פאָלק" דערפאַר, וואָס: „מיר פילן אַ ווידערווילן צו ערד-אַרבעט" — מיר אַליין האָבן זיך שוין אָנגעהויבן עס איינבילדן און אָנגעהויבן גלויבן אין דעם.

דאָס איז געווען און דאָס איז דער גרעסטער שקר אין דער געשיכטע און, ווי פיל אַנדערע שקרים וועגן יידן, ווערט ער אונטערגעטראָגן דער וועלט אין געשטאַלט פון וויסנשאַפטלעכע אמתן... פאַר אַלץ קען מען באַקומען, אויב מען

וויל נאָר; באַוויזן, און דאָקומענט. לאָזן זיך אויסטייטשן ווי אַזוי מען וויל, זיי לאָזן פון זיך אַרויסדרינגען וואָס מען וויל נאָר.

דער אָביעקטיווער געשיכטלעכער פֿאַקט אָבער, איז גאָר אַן אַנדערער: יידן האָבן כמעט קיינמאָל אין לויף פון דער דריי טויזנט-יאָריקער געשיכטע פון אונדזער פֿאָלק, ניט איבערגעריסן א י נ ג א נ צ ן מיט ערד-אַרבעט. און נאָך אַן אָביעקטיווער פֿאַקט איז, אַז גאָר ווינציק פון די קנאַפּע 19 יאָר-הונדערטער, וואָס מיר לעבן אַ לעבן פון אַ וואַנדער-פֿאָלק, הויפּטזעכלעך, זיינען יידן געווען בכלל אָפּגעריסן פון ערד-אַרבעט. איינע פון די גאָר באַדייטנדיקע באַשעפטיקונגען פון יידן אין כמעט אַלע לענדער פון דער דיאַספּאָראַ איז אייראָפּע, אַזיע, צפון-אַפריקע און שפּעטער אין אַמעריקע, איז געווען ערד-אַרבעט.

דאָס יידישע פֿאָלק איז אַן אַגריקולטור-פֿאָלק און האָט פון תמיד אָן, פון זיין פאָרגעשיכטע אָן אַרויסגעוויזן אַ געוואַלדיקע צוגעבונדנקייט צו ערד, צו ערד-אַרבעט, און ניט נאָר אין ארץ-ישראל האָט מען זיך פּאַרנומען מיט אַגריקולטור, נאָר אין אַלע לענדער פון זיין צעשפּרייטונג — פון דער צעשפּרייטונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ פּאָר יאָרהונדערטער פאַרן חורבן בית שני — האָבן יידן באַאַרבעט די ערד. פאַרנומען זיך מיט ערד-אַרבעט מיט גידול בהמות און עופות — אין מאסן-זינען פון וואָרט.

אומעטום און אַלעמאָל, ווען און וואו זיי האָבן נאָר געהאַט אַ מעגלעכקייט צו טאָן עס, ווען און וואו נאָר די ליבהאַרציקע קריסטלעכע וועלט אָדער מוסולמאַנישע מאַכט האָט נישט געשטערט פאַר דעם דורך פאַרבאָטן און גזירות ספּעציעלע, זיינען יידן א ו מ ע ט ו ם אין אַלע צייטן און לענדער געווען ערד-אַרבעטער.

זאָגן, אַז יידן, האָבן אַ ווידערווילן צו ערד-אַרבעט, אַז זיי זיינען נישט קיין אַגריקולטור-פֿאָלק און קיינמאָל עס נישט געווען אין אייגנטלעכן זין פונם וואָרט, הייסט: נישט נאָר פעלשן בביוון די געשיכטע, פאַרלייקענען די פאַקטן, נאָר אויך מאַכן זיך בלינד און ניט וועלן זען ניכטער, וואָס איז געשריבן אין ביבל, אין נביאים, אין כתובים, אין די אַפּאָקריפישע ליטעראַטור, אין משנה, אין תלמוד בבלי און ירושלמי, אין די מדרשים און תשובות פון די גאונים, מאַכן זיך ניט וויסנדיק, וואָס די רוימיישע היסטאָריקער דערציילן, וואָס פלאַוויוס דערציילט, און וואָס די אַלטע קירכע-פאָטערס דערציילן.

באַהויפּטן, אַז יידן האָבן זיך נישט פאַרנומען מיט ערד-אַרבעט אין אייראָפּע, אין מיטלאַלטער אפילו, הייסט: לייענען און נישט וויסן וואָס מען לייענט אין די פאַראָרדנונגען פון די פּויפּסטן, אין דעם י ו ס ט י נ י א ן - ק אָ ד ע ק ס , אין די ג ע ס ט א ס און געזעץ-קאָדעקסן פון די מלכים פון דער קאַראָלווינגער דינאַסטיע, פון די וועסטגאָטישע מלכים און פון די פירשטן מאַכטהאָבער און מלכים פון דער פעאָדאַל-צעפּיצלטער אייראָפּע.

וואָרום די אַלע אויסגערעכנטע שריפטן און דאָקומענטן: תורה שבכתב, תורה שבעל-פה, שאלות ותשובות פון גאונים, מדרשים און באַשרייבונגען פון אַלטע יידישע רייזנדע — יידישע דאָקומענטן, און געשיכטע-כראָניקעס פון רוימישע, גריכישע, ביזאַנטישע און שפּעטער פון אַנדערע אייראָפּעאישע היסטאָ-

דיקער און די פאַרשריפטן און געזעצן וועגן יידן אין שייכות צו ערד-אַרבעט, און גזירות און פאַראָרדנונגען אין פאַרשידענע קאָרעקסן פון דעם יוסטיניאַנער ביז דעם צאַרישן קאָדעקס אין דער רוסלאַנד פון 19-טן יאָרהונדערט — אין גאַנצן לויף פון דער וועלט-געשיכטע, הייסט עס, באַווייזן דעם היפוך, אַז יידן זיינען אַלעמאָל געווען אַגריקולטאָרן, אַז יידן האָבן אומעטום באַאַרבעט ערד און אַז מען האָט געמוזט אַרויסגעבן ספּעציעלע געזעצן און פאַרעפנטלעכן ספּעציעלע גזירות אונטער הארבע שטראָפן ווען מען האָט געוואָלט אָפּרייסן יידן פון ערד-אַרבעט.

און אויב די געזעצן און גזירות האָבן נישט אַלעמאָל און נישט אומעטום געהאָלפן אַזוי שטאַרק איז ווייל ביי די יידישע מאַסן איז געווען שטאַרק דער דראַנג צו ערד-אַרבעט.

דאָס דאַרף מען נים דרינגען אָדער אויספּשטלען, מען דאַרף נאָר לייענען אָביעקטיוו אָן אַ פאַרגעגומענער מיינונג די יידישע אָדער נים יידישע מקורים, וואָס זיינען אויבן דערמאָנט, — און מען איבערצייגט זיך, ווי פאַלש עס איז די איינבילדונג, אַז יידן זיינען נישט קיין אַגריקולטור-פאָלק.

מיט די, וואָס ווילן אַזעלכעס באַהויפּטן, בלומרשט וויסנשאַפטלעך, און אַ טייל, אפשר, טוען עס אויפריכטיק, ווייל זיי דענקען צו זיין איבערצייגט אין דעם, איז געשען איין קליינער אַקצידענט:

זיי האָבן אָנגענומען אַן עפּאָכע פון אַזעלכע זיבן יאָרהונדערטער — צווישן סוף פון 11-טן און סוף פון 18-טן יאָרהונדערט (פון דעם וואוקס פון פעאָדאַ-ליזם ביז ערב דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע) ווען יידן זיינען אין דעם גרעסטן טייל פון אייראָפּע ווירקלעך געווען אָפּגעריסן פון ערד-אַרבעט, זיי האָבן אָנגענו-מען, זאָג איך, אָט-די עפּאָכע, פאַראַ מאַסשטאַב פון אָפּשאַצונג פאַר דער גאַנצער געשיכטע פון יידן, פאַרגעסנדיק דערביי, אַז אין לעבן פון אַ פאָלק, וואָס ציילט זיין געשיכטע אין יאָרטויזנטער, און וועמעס כראָנאָלאָגיע הויבט אָן צו ציילן פון 15 הונדערט יאָר פאַר קריסטנטום ביז איצט, זיינען יאָרהונדערטער אַ פאַר-ביי־גייענדיקער עפּיזאָד. און נאָך האָבן זיי פאַרגעסן, אַז אויך אין די דאָזיקע זיבן יאָרהונדערטער, האָבן יידן אויפגעגעבן ערד-אַרבעט נים פרייוויליק, נאָר מען האָט זיי אויף כוח אָפּגעריסן, פאַרטריבן פון דער ערד דורך פאַרבאָטנדיקע גע-זעצן און דורך פיזישער געוואַלט.

אַרויסדרינגען פון דעם פּרט אַ כלל-געזעץ, אַז יידן זיינען קיינמאָל נים געווען קיין ערד-אַרבעטנדיק פאָלק הייסט, וועלן פאַרניינען דעם אמת פון דער געשיכטע דורך אָננעמען דאָס עפּיזאָדישע פאַר דער גרונט-לאַגע.

עס איז שוין איצט מער קיין ספק נישט אין דעם, אַז די באַהויפּטונג אַז יידן זיינען נים געווען אַ פאָלק פון ערד-אַרבעט אין ארץ-ישראל אפילו, און אַז ווי נאָר זיי האָבן זיך צעשפּרייט איבער דער וועלט, האָבן זיי אינגאַנצן פאַרלאָזט ערד-אַרבעט און מלאכה און זיינען געוואָרן אַ פאָלק פון אַ מין נאָמאַדן-אומה פון מסחר און פאַרמיטלעריי, שפּעטער פון וואוכער און פון גרויס-האַנדל, הייבט נים אויסדריקן די פאַקטישע היסטאָרישע וואַרהייט.

אויפריכטיקע געשיכטלער רעווידירן שוין די דאָזיקע פאַלשע טעאָריע און נאָר פאַרגליווערטע אין זייער איינמאָל אויפגענומענער דאָגמע, צי פון מאַרק־סיסטישן צוגאַנג צו געשיכטע, צי פשוט איבער יודאָפּאָבישע כוונות, האַלטן זיך נאָך ביי אָט דער דאָזיקער פאַלשע דאָקטרינע, אָבער אַ דאָקטרינע וואָס איז געפריידיקט געוואָרן אין משך פון דורות און האָט זיך איינגעוואָרצלט אין דעם וויסן און אין דער בילדונג פון די מאַסן אין, כמעט אַלע לענדער, ווערט נישט אַזוי גיך און אַזוי לייכט אויסגעוואָרצלט — דערום: וויפיל און וואָס מען זאָל ניט טון כדי צו אַרויסנעמען ביי די אומות העולם פונם באַוואוסטזיין, די איינבילדונג, די „איבערצייגונג“, אַז די יידן האָבן אַן אַטאַוויסטישע שנאה און ווידערווילן צו פּראָדוקטיווער אַרבעט, און באַזונדערס צו ערד־אַרבעט, וועט זיין ניט צופיל געטון.

— 3 —

## אין די צייטן פונם בית ראשון — איז ערד־אַרבעט די הויפּט־באַשעפטיקונג

איך האָב אויבן געזאָגט, אַז מיין אויפגאַבע וועט זיין געבן בלויז אַ סכעמאַטישן איבערזיכט וועגן דעם, ריכטיקער געזאָגט, מיסקנות, וואָס ווערן היינט צו טאָג באַטראַכט שוין פון יידישע און פיל ניט־יידישע היסטאָריקער ווי אומבאַשטרייטבאַרע אמתן.

און איך וועל עס פּרובירן טון, אַזוי קורץ ווי נאָר מעגלעך, מאַכנדיק אַן איבערלויפנדיקע עקסקורסיע, „גראָסאָ־מאָדאָ“, איבער אונדזער געשיכטע, ווייל אָפּשטעלן זיך אויספירלעך אויף יעדער עפּיזאָד באַזונדער וואָלט געפאָדערט אַ גאַנץ ווערק, ניט אַ באַשרענקטע אָפּהאַנדלונג.

אַז יידן זיינען פון זייער אור־געשיכטע אָן אַ פאָלק פון ערד־אַרבעטער געווען, דאָס ווייזט אונדז די ביבל, די תורה, די נביאים און די כתובים.

די אבות שוין, די העלדן פון אונדזער אור־געשיכטע, וואָס געפינט זיך אויפן ראַנד פון מיטאָלאָגיע, זיינען אין גרונט באַטראַכט, ערד־אַרבעטער, די אור־עברים זיינען איבערגעגאַנגען פון נאָמאַדן־לעבן צו אַגריקולטור: אברהם איז נאָך אַ פי־צוכטלער, אַ נאָמאַד, יצחק אָבער זייעט שוין גערשטן און שניידט אַ גוטע גערעטעניש, ווי עס ווערט וועגן דעם דערציילט אין דער תורה.

די ימים טובים אונדזערע, לויט זייער פּרימיטיווער באַדייטונג, ווערן באַשטימט צו פייערן די פאַרשידענע פאַזן פון אַגריקולטור־יאָר: פּסח, דער יום־טוב פון חודש אביב — און אביב מיינט צו זאָגן — „אַ רייפע זאַנג“ — ווערט געפייערט, ווען „מען הויבט דעם שנייד־מעבער אין דער שטייענדיקער תבואה“ (1), דער אָנהויב פון עומר, פון גערשטן־שניט. שבועות, אין דער יום־טוב פון ביכורים, פון די ערשטע צייטיקע פרוכטן און ערשטן ווייץ־שניט. סוכות, דער יום־טוב פון שלום פונם אַגריקולטור־יאָר און פון וויינטרויבן־שניט.

1. דברים ט״ז, ט׳.

א פאָלק שטעלט אוים זיינע אַרבעטס-טעג, רו-טאָג און זיינע ימים-טובים לויט אַן אַגריקולטור-באַזע; קען דען זיין אַ גרעסערער באַווייז פון דעם, אַז ס'איז געווען אַן ערד-אַרבעטנדיקן פאָלק? אַז זיין לעבנס-שטייגער איז געווען ערד-אַרבעט, הויפּטזעכלעך?

אָבער טאָמער איז עס ווינציק, קומען אַלע דינים, כמעט, פון דער תורה און באַווייזן, אַז די באַזע פון דער גאַנצער נאַציאָנאַלערווירטשאַפט איז פונדאַמענטירט אויף אַן אַגראַר-רעזשים אין לעבן און אין דער געזעלשאַפט, די סאָציאַלע הילף, די שטייער-סיסטעם, די אָפּשאַצונג פון רייך און אָרעם — אַלץ לויט אַגריקולטורעלער ווירטשאַפט: תרומה, מעשר ראשון, מעשר שני, ביכורים, לקט, שכחה, פאה, די סיסטעם פון שמיטה; די פּרטים פון דעם אַלעמען אין דער תורה און משנה, לערנען און ווייזן וועגן אַגריקולטור-פאָרמען און סיסטעמען — דאָס אַלץ קען נאָר פאַרשטאַנען ווערן נאָר ביי אַ פאָלק, וואָס איז דורכאויס אַגריקולטורעל.

ווען גאָט וויל, דורכן נביא, שעלטן זיין פאָלק, פאַר גיין אין שלעכטע וועגן, שעלט ער מיט אומגערעטעניש: „הימלען ווי קופּער, ערד ווי אייזן, הונגער און טרוקעניש" (2) און דאַקעגן, אַז ער וויל בענטשן זיין פאָלק, איז די גרעסטע ברכה: „און איך וועל געבן אייערע רעגנס אין דער צייט און די ערד וועט געבן איר פּרוכט און דאָס דרעשן וועט זיך פאַרציען ביזן טרויבן-דרוק און דער טרויבן-דרוק וועט דויערן ביז דער זיי-צייט און איר וועט עסן ברויט צו דער זעט" (3).

אַזאַ אויפפאַסונג איבער גליק און אומגליק פאַרן פאָלק, אַן אויפפאַסונג וועלכע איז אינגאַנצן פאַרבונדן מיט איינשטעלונג פון לאַנדווירטשאַפט, איז פאַרשטענדלעך נאָר פאַר אַ פאָלק, אַ הונדערט-פּראָצענטיק ערד-אַרבעטנדעס.

אין די צייטן פון בית ראשון איז דער העכסטער אידעאַל ביי יידן צו „לעבן רואיק אויף אַן ערד פון קאָרן און טרויבן-זאַפט, צו וואוינען אונטערן וויינשטאָק און פייגנבוים" (4) און דער אידעאַל פון נביא איז, אַז די פעלקער „וועלן שמידן זייערע שווערדן אויף אַקער-אייזנס און זייערע שפּיזן אויף שנייד-מעסערס (5), אָדער אַז „מען וועט זיך ציען צו גאָטס גוט: צו ווייז, בוימל און קאָרן" (6), דאַקעגן וועגן האַנדל טרעפט מען אין דער תורה זייער ווינציק דינים, וועגן אַן ערלעכעס מאָס און וואָג און דאָס וואָרט „הענדלער" איז געוואָרן אַ סינאָנים פון „כנעני", אַ שימפ-וואָרט; ווי אַ קינד פון אַ פרעמדער אומה, וועגן וועלכער צוויי נביאים הושע און זכריה זאָגן רעספּעקטיוו: „כנעני, וואָס האָט אין האַנט פאַלשע וואָגן, ער האָט ליב צו באַרויבן" (7) און „אין יענעם טאָג וועט ניט זיין מער קיין כנעני-הענדלער אין דאָס הויז פון גאָט צבאות" (8) — אַז דאָס פאָלק

2. דברים כ"ח - כ"ג.
3. ויקרא כ"ו - ד"ה.
4. מלכים א', ה', ה'.
5. ישעיה ב' - ד'.
6. ירמיה ל"א - י"א.
7. הושע י"ב - ח'.
8. זכריה י"ד - כ"א.

זאָל קענען פאַרשטיין אַזאַ מעטאַפאָרע האָט עס געמוזט זיין ערד-אַרבעטערישע און ווייט און פּיינטלעך צום האַנדל, אַנדערש וואָלט דער נביא ניט באַנוצט זיך מיט אַזעלכע מעטאַפאָרעס.

— 4 —

## פון גלות בבל ביז גלות רוים

און נאָכדעם, ווען נאָענט צום חורבן פון ערשטן בית המקדש דורך די מלכים פון בבל, ווערן יידן געצוואונגען צו אַ מאַסן-גלות, אין דער צייט פון יהויכין, וואָס זאָגט דער נביא ירמיהו, וואָס האָט שפּעטער אַליין דעם חורבן געזען? וואָס פאַר אַ ראַט גיט ער יידן אויפן וועג אין ווייטן גלות?

צו די, וואָס גייען אין גלות זאָגט ער, אַז אויך דאָרטן זאָלן זיי מיט ערד-אַרבעט זיך פאַרנעמען און אַזוי האָט ער זיי געזאָגט:

„בויט הייזער און וואוינט אין זיי און פלאַנצט גערטנער און עסט זייערע פרוכטן (9). אויך יחזקאל רעדט וועגן אַגריקולטור, און ער איז דאָך דער נביא, וועלכער האָט געלעבט צווישן דער „גולה אויפן טייך כבר" און האָט געזען די גרויסע וויזיע, ווי די פאַרטריקנטע ביינער ווערן צוריק אַ לעבעדיק נאַציאָנאַל וועזן. דורך דעם און אַנדערע באַווייזן ווערט פעסטגעשטעלט, אַז אין בבל האָבן יידן זיך באַשעפטיקט מיט ערד-אַרבעט.

די יידן וואָס זיינען פאַרבליבן אין ארץ-ישראל, ווען זי איז איינגענומען געוואָרן פון בבל — אין תנ"ך זיינען זיי באַצייכנט מיטן נאָמען „דלת העם" — האָבן באַקומען פון בבלים ווייגגערטנער און פעלדער — הייסט עס, אַז יידן האָבן אין ארץ-ישראל די אַגריקולטור נישט איבערגעריסן, אויך נאָכן בית ראשון, די וועלכע זיינען פאַרבליבן אין לאַנד האָבן פאָרגעזעצט צו באַאַרבעטן די ערד.

כורש נעמט איין בבל און לאָזט אַרויס זיין כורש-דעקלאַראַציע — „אַלאַ באַלפור-דעקלאַראַציע", און אין יאָר 538 פאַר ק. רעכנונג קערן זיך אום קיין ארץ-ישראל 42 טויזנט יידן — אַז יידן פאַרנעמען זיך מיט אַגריקולטור אויך דאָן, דאָס זעט מען פון די ספרים עזרה און נחמיה.

אין נחמיהס צייטן אַנטשטייט שוין אפילו אַן אַגראַר-פּראָבלעם און אַ קאַמף צווישן רייכע לאַנדווירטן. אַ מין אַגראַר - אַריסטאָקראַטיע (הורים און סגנים — רופט זיי נחמיה) אָדער „קולאַקעם" — און אָרעמע יידישע פּויערים — אַ קלאַסן-דיפערענצירונג איז עס, ביי אַן אַגראַר-פאָלק וואָס האָט נאָך דאַן זיין פּאָליטישע אומאָפּהענגיקייט נישט נאָר ניט געהאַט דערגרייכט, נייערט אפילו ניט געטרוימט, ניט געחלומט וועגן דעם.

אַזוי וואַקסט און אַנטוויקלט זיך יהודה אַלס אַגריקולטור-לאַנד — אין משך פון יאָרהונדערטער, וואָס זיינען אַדורך צווישן דער כורש-דעקלאַראַציע און דער רוימישער אויפשטייגונג, דורך אַלע פּאָליטישע וואַנדלונגען און ראַנגלענישן: פון פּרס און מדי צו דער מוקדונישער הערשאַפט, פון דער מוקדונישער הערשאַפט צו דער תלמישער דינאַסטיע, פון דער דאָזיקער ביז צו דעם סעלעוקיישן

9. ירמיהו כ"ט, ה'.

פאַרזוך צו באַהערשן יהודה, וואָס האָט געבראַכט צום מאַקאַבייער אויפשטאַנד — פון אַ מאָדערנעם שטאַנדפּונקט באַטראַכט איז עס געווען אַן אויפשטאַנד פון פויערים, געפירט פון רעליגיעזע פירער, וויבאַלד קיין פּאָליטישע וועלטלעכע פירער זיינען דאַן ניט געווען — נאָך וועלכן יהודה ווערט אַן אומאָפּהענגיקע מלוכה, וואָס ברייטערט לאַנגזאַם אויס אירע גרענעצן כמעט צו די זעלבע גרע-ניצן, וואָס דאָס לאַנד האָט געהאַט אין די צייטן פון שלמה.

אַז דאָס האָט אַן אַגריקולטור-פאָלק געקעמפט קעגן עקאָנאָמישער באַהער-שונג און פאַר זיין אַגריקולטור-פרייהייט, איז צו זען פון דעם, וואָס פאַר אַ שטייערן האָבן יידן דאַן געמוזט צאָלן די סעלעוקידן: אַ דריטל פון דער תבואה, אַ העלפט פון די פּירות האָט צוגענומען די סיריש-העלענישע מלוכה, חוץ שטייער פון זאַלץ און קאָפּ-שטייער. וועגן דעם דערציילן אונז די גריכישע היסטאָריקער — אַזאַ שטייער דורכאויס מיט אַגריקולטור-פּראָדוקטן צאָלט מען נאָר אין אַן אַגריקולטור-לאַנד.

אין די יאָרן וואָס די חשמונאישע דינאַסטיע הערשט — דערגרייכט די אַג-גריקולטור-אַנטוויקלונג צו דער העכסטער מדרגה אין פּאַלעסטינע. עדות פאַר דעם זעען מיר שפּעטער אין דער משנה; עס דערציילט אונדז וועגן דעם אונדזער ערש-טער היסטאָריקער אין דער גריכישער שפּראַך, פלאַוויוס: עס דערציילן וועגן דעם רוימישע געשיכטע-שרייבער פון יענער צייט.

יידן זיינען ניט סתם אַגריקולטאָרן, נאָר מען דערפירט די ערד-עקספּלואַ-טאַציע ביז צו דער העכסטער מדרגה פון אינטענסיווער קולטור.

דער רוימישער געשיכטלער סטראַבאָן באַהויפּטעט, אַז אין דער צייט פון חורבן האָבן געוואוינט אין ארץ-ישראל פינף מיט אַ האַלבן מיליאָן נפשות... פלאַוויוס באַהויפּטעט, אַז אין זיין צייט האָבן אין ירושלים און אומגעגענט געוואוינט צוויי מיט אַ האַלבן מיליאָן נפשות... מיט 19 הונדערט יאָר צוריק — אין אַזאַ קליין לאַנד, ווי ארץ-ישראל האָבן אַליין, געלעבט כמעט זעקס מיליאָן מענטשן — און זייער גרויסע מערהייט פון אַגריקולטור.

ווי אַזוי איז עס מעגלעך געווען?

מען האָט באַאַרבעט די בערג - שיפּועס, מען האָט אַנטוויקלט די אַזוי גע-רופענע טעראַסן-ווירטשאַפט, זייענדיק גאָרטנווארג אויף אָנגעשאָטענע ערד-פלאַסטן.

מען האָט זיך מוסר-נפש געווען פאַר אַגריקולטור. מען האָט געמיסטיקט די קליינע פאַרצעלעס לאַנד, מען האָט געזייעט אויף די דעכער און טעראַסן, אַרויסרופנדיק באַוואונדערונג פון די גריכן און רוימער וואָס זיינען געווען גראַ-דע קנאַפּע ליבהאָבער פון אַגריקולטור, נ י י ע ר ט : ד י ע ר ש ט ע ס ו ח ר י ם, י ו ר ש י ם פ ו ן ד י פ י נ י ק ע ר ; ד י צ ו ו י י ט ע : מ ל ח מ ה - ל י י ט, ד ע ר אָ ב ע ר ע ר, י ו ר ש י ם פ ו ן א ש ו ר א ו ן כ ש ד י ם .

באַשטעטיקונגען פאַר דאָס געזאָגטע:

עפנט אויף די משנה: דער פאַקט אַליין וואָס דער ערשטער סדר איז זרעים און איז אינגאַנצן געווידמעט דער אַגריקולטור און אירע פּראָבלעמען און פראַגן,

ציווילע, רעליגיעזע, עקאָנאָמישע, אַגראַר-געזעצן וועגן רעכט און פּאַכט, פון קויף און פאַרקויף פון באָדן און, אין אַלע אַנדערע בּרים פון דער משנה, איז גע- ווידמעט אַ גרויסע טייל אויך פאַר די זעלביקע ענינים אין שייכות מיט ערד- אַרבעט — דער דאָזיקער פּאַקט זאָגט עדות, אַז די הויפּט-באַזע, כמעט דאָס גאַנצע לעבן פון פאָלק איז געווען אַגריקולטור (און מלאכה פאַרשטייט זיך אויך), האַנדל — ווערליק אַ פאָלק האָט געמוזט האָבן, אָבער נישט מער, נאָר אין געוויסע פּעריאָדן פונם פּאָליטישן אומאָפּהענגיקן לעבן פון יהודה, האָט מסחר בריט זיך פאַנאַנדערגעבליט; אָבער אויך דאָס דאָזיקע איז געקומען ניט אויפן חשבון פון דער אַגריקולטור.

די משנה איז אַ גרויסער קולטור-דאָקומענט, מען דאַרף נאָר פאַרשטיין ווי צו לערנען זי, כדי צו ציען די געהעריקע מסקנות וועגן אונדזער אַמאָליקן לעבנס- שטייגער. מירן ברענגען נאָר איין קליינע אילוסטראַציע פון איר אַלס באַווייז פאַר אונדזער טענה:

עס איז פאַראַן אַ פראַגע אין משנה: אַז מען זייט אַרבעס אין אַ מולטער, צי איז מען מחויב צו געבן מעשר?

אונדז זעט איצט אויס ווילד-משונהדיק אַזאַ מין פּראָבלעם... וואָס זאָגט עס אונדז? די אינטענסיווקייט פון דער אַגריקולטור איז געווען אַזוי גרויס צום סוף פון בית-שני-צייט, אַז יידן פלעגן זייען אַרבעס און גאָרטנוואַרג אין מולטערס, אויף דעכער — אויף אָנגעשאָטענער ערד, אין פאַרשידענע כלים און עס איז אַנטשטאַנען אַ פראַגע וועגן „דיעסמאַ"-שטייערן, וועגן מעשר, צי דאָס דאַרף מען צאָלן ווען מען פאַרזייט נאָר אין באָדן-ערד, צי אויך ווען מען פאַרזייט תבואה אין מולטערס, קאָרעטעס, אויף דעכער, טעראַסעס א. א. וו.

יוסף פלאַוויוס אין זיין בוך קעגן אַפּיאָנען — אַ מין יוליוס שטרייכער פון ערשטן יאָרהונדערט — זאָגט מיט שטאָלץ: „היות ווי מיר פאַרמאָגן אַ פרוכט- באַר לאַנד, פאַרנעמען מיר זיך אַמייינסטן מיט לאַנדווירטשאַפט (10). אין אַ צווייטן פלאַץ פון זעלביקן בוך זאָגט אונדזער ערשטער היסטאָריקער, אַז מיר האָבן ניט צו טון מיט קיין האַנדל ניט מיר שיקן אונדזער סחורה צו קיינעם, וואָרום מיר באַזיצן אַ פרוכטבאַר לאַנד און מיר שטרענגען זיך אָן צו באַאַרבעטן עס און אויפהאַלטן עס. (11)

אין זיין בוך „די יידישע מלחמות" שילדערט דער זעלביקער היסטאָריקער דעם באָדן פון גליל ווי אַ פרוכטבאַר לאַנד, וואָס איז פאַרפלאַנצט מיט אַלע מינים בוימער און וואו עס איז ניט פאַראַן קיין איין אומבאַאַרבעט, אומפאַר- זייט שטיקל ערד (12).

אַריסטיעאַס, וועלכער האָט געלעבט לערך 198 יאָר פאַר קריסטוס ערא שרייבט אין זיין בריוו צו פילאָקראַטעס: „דאָס לאַנד איז גרויס און גוט, מיט

---

10. פלאַוויוס, קעגן אַפּיאָן — ערשטער בוך, קאַפּ. 12.
11. פלאַוויוס קעגן אַפּיאָן, קאַפּ. 22.
12. פלאַוויוס, „יידישע מלחמות", 3־טער בוך, 2־טער קאַפּ.

אַ סך פּליינען און מען באַארבעט עס און עס איז פאַראַן אַ שפע פון תבואה אין דעם ראַזיקן גאַנצן לאַנד" (13).

די יידישע ליטעראַטור וואָס איז פאַרבליבן פון יענער צייט — געוויסע קאַפּיטלען פון תהילים, דער „בן סירא". די אַפּאָקריפישע ליטעראַטור, די גריכישע און רוימישע ליטעראַטור, פילאָן און זיינע ספרים — ווייזן אַלע אָן און דערציילן וועגן ערד-אַרבעט, אַלס הויפּט-באַשעפטיקונג.

יוסף פלאַוויוס האָט געלעבט בשעתן חורבן און איז געווען אַליין אַן אַרמיי-פירער אין גליל, דערציילט ער אונז אויך, אַז די קעמפער און העלדן פון דעם אויפשטאַנד קעגן רוים, אין גליל און יהודה, זיינען געווען, הויפּטזעכלעך ערד-אַרבעטער, איינגטימער פון קליינע ערד-פאַרצעלעס, דאַמאָלסדיקע פאַרמער. ביי יידן איז דאַן קיין באַרנלאָזער פּראָלעטאַריאַט כמעט ווי ניט געווען און פון דעם איז צו זען, אַז די מלחמה, דאַן, איז געווען אַ קאַמף פון אַן ערד-אַרבעטנדיק פאָלק פאַר זיין לאַנד און אַרבעט קעגן דעם דאַמאָלסטדיקן רוימישן אימפּעריאַליזם, וואָס האָט פאַרשפּרייט זיינע נעגל און זיין רויב-מאַכט איבער אַלע לענדער פון דער דאַן באַקאַנטער וועלט: פון קאַלאַכירע-קאַווקאַז, דורך דעם העלעספּאָנט-קאָנסטאַנטינאָפּאָל, מיטללענדישן ים, דעם לאַטיינישן „מאַרע נאָסטרום", אין יהודה, פערסיע, קליין-אַזיע, צפון-אַפריקע, דרום-אייראָפּע, ביז די הערקולעס-זיילן פון דעם איצטיקן גיבראַלטאַר און די בריטישע אינדזלען.

און יהודה, דאָס לאַנד פון מוטיקע ערד-אַרבעטער איז געפאַלן, אָבער די אַגריקולטור אין יהודה איז פאַרבליבן אויך נאָך דעם פאַלן פונם צווייטן בית-המקדש.

דער בר-כוכבא-אויפשטאַנד, 65 יאָר נאָכן חורבן איז דער קלאָרסטער באַווייז פאַר דעם: דאָס פאָלק איז פאַרבליבן אין זיין לאַנד יהודה און האָט ווייטער פאָרגעזעצט צו באַארבעטן זיינע פעלדער, וויינשטאָקן, פייגנסעדער און איילבירט-גערטנער. דאָס ערד-אַרבעטנדיקע פאָלק האָט ניט געקענט אַריבערטראָגן דעם דרוק פון די רוימער-הערשער און האָט געזוכט צו באַפרייען זיך און צו אויפהויבן די גאַנצע וועלט קעגן דער אימפּעריאַלער מאַכט: דאָס איז דער בר-כוכבא-אויפשטאַנד. עס איז כדאי צו באַמערקן דאָ, אַז רבי יהודה הנשיא האָט „פאַרקלענערט" טעאָרעטיש די גרעניצן פון יהודה, כדי יידישע ערד-אַרבעטער פון יענער צייט, זאָלן ניט דאַרפן צאָלן תרומות און מעשרות אין פיל געגנטן פונם לאַנד.

די משנה און דער תלמוד ירושלמי, וועלכער איז געשאַפן געוואָרן, מערוויינציקער אין די ערשטע צוויי הונדערט יאָר פון דער קריסטלעכער ערא און אויך דער תלמוד בבלי, וואָס האָט זיך געשאַפן שוין נאָכדעם — זיינען פול מיט באַווייזן פאַר דעם, אַז יידן זיינען געווען און זיינען פאַרבליבן אַן אַגריקולטור-פאָלק און אַז יידן האָבן אין יענער צייט באַארבעט ערד ניט בלויז אין ארץ-ישראל, וואו זיי זיינען פאַרבליבן וואוינען, נאָר אויך אין אַלע לענדער פון דער

---

13. „דער בריוו פון אריסטעאס צו פאליקראטעס" לויט כהנאס אויסגאבע „ספרים חיצונים", כרך ראשון, ספר שני, דף מ"ב, פסוקים ק"ז און ק"ח.

דיאספּאָרא, וואוהין דער גורל האָט זיי אָנגעהויבן פּאַרטרייבן יאָרהונדערטער פאַר דעם.

— 5 —

## אַפּאָריזמען וועגן אַגריקולטור אין תלמוד און מדרש

די משנה און דער תלמוד — ביידע אויפלאַגעס, די ירושלימער ווי דער בבלישער — זיינען אן אומאויסשעפּלעכער קוואַל פאַר באַווייזן, אַז יידן האָבן זיך פאַרנומען הויפּטזעכלעך מיט אַגריקולטור אין גאָר דער וועלט, אין אַלע ערטער פון זייער דאַמאָלסטיקער וואוינונג.

די באַשרייבונג פון תענתים און גאָטעסדינסטן קעגן עצירת-גשמים פאַר וואָס עס ווערט אָפּגעגעבן דער אָנהייב פון מסכת תענית, באַווייזט, אַז פון דער ערד-אַרבעט, פון דער גערעטעניש איז אָפּהענגיק געווען דער גאַנצער וואוילשטאַנד פון דער יידישער באַפעלקערונג. וואָס האָט דאַן געוואוינט שוין נישט דווקא און ניט נאָר אין ארץ-ישראל.

די אומצאָליקע אַפּאָריזמען וועגן דער וויכטיקייט פון אַגריקולטור, איבערפולן די תלמודיישע ליטעראַטור. די משנה, די גאַנצע תורה שבעל פה פון יעדער עפּאָכע, און מיר וואָלטן געקענט פאַרפילן קאַפּיטלען און קאַפּיטלען מיט ציטאַטן פון דעם מין.

א פּאָר אַלס מוסטער:

ר׳ אליעזר האָט געזאָגט: „א מענטש וואָס האָט ניט קיין באָדן איז קיין מענטש ניט״ (14) וואָרום עס ווערט געזאָגט „דער הימל איז א הימל פאַר גאָט און די ערד, זי איז צו די מענטשן-קינדער אָוועקגעגעבן געוואָרן״ (15).

א מענטש דאַרף זיך פאַרוואַנדלען אין א קנעכט אין זיין אויפמערקזאַמקייט צו ערד-אַרבעט, אויב ער וויל זאַט זיין ברויט. אַנדערש וועט ער קיין ברויט ניט זאַט זיין — דערויף זאָגט דער פּסוק (אין משלי י״ב) עובד אדמתו ישבע לחם, דער וואָס אַרבעט ווי אַן עבד זיין ערד, דער איז זאַט אין ברויט (16). „אפילו א קעניג איז מחויב צו אַרבעטן אַליין זיין פעלד ווי א קנעכט, וואָרום עס איז געזאָגט געוואָרן (אין קהלת) „מלך לשדה נעבר״, א קעניג, מעג ער אפילו זיין א הערשער פון איין עק וועלט ביזן צווייטן, איז פאַרפליכטעט צו אַרבעטן אַליין די ערד (17). „האָבסטו געאַרבעט ערד — הייסט דיין אַרבעט מידקייט, האָסטו קיין ערד ניט געאַרבעט — האָסטו גאָרניט געאַרבעט (18).

ווער עס פאַרמאָגט ניט קיין אייגן שטיקל ערד, איז זיין לעבן קיין לעבן ניט, ער איז גאָר קיין מענטש ניט (19).

---

14. מדרש „ויקרא רבה״, פ. 23 - 1.
15. תהילים קט״ו - ט״ז.
16. מסכת סנהדרין, דף נ״ח.
17. מדרש „ויקרא רבה״.
18. דער זעלביקער מדרש.
19. יבמות ס״ג.

אזעלכע אפּאַריזמען זיינען דער אויסדרוק פון אַ לעבנס-שטייגער נאָר פון אַן אַגריקולטור-פאָלק.

— 6 —

## אין דער דיאַספּאָראַ פון סוף אַלטערטום און אָנהויב פון דער קריסטלעכער ערע

וואוהין האָט זיך געשאָטן די יידישע עמיגראַציע-דיאַספּאָרא אין די ערשטע יאָרהונדערטער פון דער קריסטלעכער ערא?

די עמיגראַציע פון יהודה, צוליב דער גרויסער ענגשאַפט אין יענעם לאַנד, האָט זיך אָנגעהויבן אייגנטלעך נאָך אַ סך צייט פאַרן חורבן, און געגאַנגען איז זי אין די לענדער אַרום דעם מיטללענדישן ים, רוים, איטאַליע, גריכנלאַנד, צפון-אַפריקע, קאַרטאַגאָ, בבל (סיריע און איצטיקע איראַק), עבר הירדן, מצרים און אַביסיניע, שפּעטער שפּאַניע און פראַנקרייך, פון קאַווקאַז ביז גיבראַלטאַר, אַלץ אַרום דעם מיטללענדישן ים; אָבער, געוויסנמאָס אויך ווייטער פון אים, האָט זיך אויסגעשפּרייט די יידישע עמיגראַציע אין צייט-שטח צווישן דעם ערשטן יאָר-הונדערט פאַר דער קריסטלעכער ערא ביזן פינפטן און זעקסטן יאָרהונדערט נאָך איר.

פריער איז די עמיגראַציע געגאַנגען לאַנגזאַם, נאָר דער אויפשטאַנד קעגן רוים האָט אַלס איינעם פון זיינע קאָנסעקווענצן געבראַכט, אַז מיט איינמאָל איז געוואָרן אַריבערגעוואָרפן פון יהודה קיין איטאַליע כמעט אַ מיליאָן יידן — און פון דאָרטן האָבן זיי דערנאָך פאַרשפּרייט זיך איבער די אויסגערעכנטע לענדער, דאָס האָט פאַרשנעלערט דעם פּראָצעס פון דער דיאַספּאָרא פון אונ-דזער פאָלק.

יוליוס צעזאַר נאָך האָט אָנגעהויבן צו קאָלאָניזירן יידן אין גאַליען (אין דער איצטיקער פראַנקרייך) — און אין צוויי הונדערט יאָר נאָכדעם זיינען נאָך געווען דאָרטן יידן ערד-אַרבעטער אין די מאַסן: אַ באַווייז? ווען רבי עקיבא איז אַרומגעפאָרן איבער דער גאַנצער יידישער דיאַספּאָרא צוצוגרייטן און זאַמ-לען געלט-מיטלען פאַרן בר-כוכבא - אויפשטאַנד, האָט ער באַזוכט אַלע יידישע ישובים: פון קאַווקאַז, וואָס אין תלמוד ווערן זיי באַצייכנט אַלס „מדינות הים“ ביז... גאַליען און אין קאַרטאַגאָ איז ער געווען, אין אַפריקע און אין אייראָפּע — און אומעטום וואו יידן האָבן דאַן געלעבט האָבן זיי באַאַרבעט ערד.

וואו זיינען די אַלע אַגריקולטור-קאָלאָניעס אַהינגעקומען?

פון די ערשטע צוויי-דריי הונדערט יאָר פון דער קריסטלעכער ערא זיינען בכלל פאַרבליבן ווינציק היסטאָרישע דאָקומענטן, אָבער עס איז ניט שווער צו אָנשטויסן זיך, אַז זיי זיינען פאַרניכטעט, פאַרשלונגען געוואָרן בעת דער גרוי-סער פעלקער-איבערוואַנדערונג. די אינוואַזיע פון די באַרבאַרישע שבטים פון די גערמאַנער, וואַלאַנען, הונען, פראַנקן, סוועווען, וואַנדאַלן, גאָדן א. אַ. וו., וואָס ציען זיך פון צפון צו דרום, און וואָס דערפירן סוף כל סוף צו דער צעפאַלונג פון דער רוימישער אימפּעריע.

הונדערטער טויזנטער יידישע אַגריקולטאָרן האָבן געלעבט אין דער איצטי-

קער צפון-פראנקרייך,ריין-געגנט, איטאַליע און אפשר אויך אינם דונאי-באַסיין, און אויך אין צפון-אַפריקע, אין עגיפּטן — און זיי זיינען אין עטלעכע יאָר הונ-דערטער פארשוואונדן געוואָרן: טיילווייז אויסגעמישט, טיילווייז אומגעקומען, טיילווייז עמיגרירט. אייניקע קיין שפּאַניע, מער צו מערב און דרום הייסט עס — וועלכע קיין ביזאַנץ — קאָנסטאַנטינאָפּאָל, וואָס ירשנט רוים און די יידן פון רויב, און וועלכע קיין גערמאַניע און צו די סלאַווישע שבטים, פון דאָרטן, דורך דער איצטיקער טשעכאָסלאָוואַקיע אָדער אנדערע וועגן קיין פּוילן — עס איז א פּראָ-צעס פון יאָרהונדערטער, אָבער באַווייזן זיינען דאָ אומבאַשטרייטבארע, אז או-מעטום האָבן יידן זיך באַשעפטיקט מיט ערד-ארבעט, מיט וויינגערטנעריי, תבואה-קולטור, פרוכט-צוכט און גידול-בהמות, ווער ביי אַנדערע אפילו, אַלס קנעכט פארקויפטע אין געפענקעניש דורך די באַרבאַרן, און וועלכע אַלס אייגנטימער און פאָסעסאָרס פון גרעסערע און קלענערע ערד-באַזיצן.

אין סיריע און איראַק, וואו דער יידישער צענטער האָט אָנגעהאַלטן פעסט ביזן 10-טן יאָרהונדערט (דורך דורות אמוראים, סבוראים און גאונים) איז די הויפּט-באַשעפטיקונג פון יידן געווען אַגריקולטור. דער תלמוד בבלי ברענגט אונז אָן א שיעור באַווייזן פאַר דעם. דער גרעסטער טייל פון יידן זיינען געווען פּאַכטערס. די דינים וועגן אריסות (פּאַכטע) פון ערד, וואָס זיינען אַזוי דעטאַלירט אין תלמוד, באַווייזן עס. אין תשרי און ניסן פלעגן מען קענען באַ-פרייען דאָרט אַלע תלמידים פון די ישיבות, כדי זיי זאָלן קענען גיין צו ערד-ארבעט (20).

אין עגיפּטן האָבן, לויט דער עדות פון דולאָן, געוואוינט א מיליאָן יידן — א גרויסער טייל פון זיי איז געווען ערד-ארבעטער. טיבעריוס האָט באַזעצט אין סיריע 4 טויזנט יידישע סאָלדאַטן אַלס קאָלאָניסטן און אין פערטן יאָרהונדערט האָבן דאָרטן עקזיסטירט די יידישע קאָלאָניעס; אין סיציליע איז סוף פון זעקסטן יאָרהונדערט געווען א גרויסע צאָל יידישע קאָלאָניסטן, וואָס האָבן באַארבעט ערד, וואָס האָט געהערט צו דער... קירכע, א סימן דער פּויפּסט גרעגאָריוס דער ערשטער זאָגט זיי צו הנחות אויפן שטייער, אויב זיי וועלן אריבערגיין צום... קריסטנטום.

דער זעלביקער פּויפּסט פאַרבאָט אין טאָסקאַנער פּראָווינץ יידישע ערד-באַזיצער צו באַשעפטיקן ביי זייער אַרבעט קריסטלעכע שקלאַפן.

פונם 5-טן יאָרהונדערט זיינען דאָ דאָקומענטן וועגן יידישע ערד-ארבעטער אין א גאָר גרויסער צאָל אויף די באַלעאַרן-אינדזלען, מאַיאָרקאַ און מענאָרקאַ.

דאַן האָט ניט געהערשט דאָרטן פראַנקאָ...

אין קעלן האָבן יידן באַארבעט ערד אין דעם ערשטן יאָרהונדערט, דאָס איז דערוויזן (21) דורכן היסטאָריקער גרעץ: אין רוים געפינט מען יידישע ערד-ארבעטער ביזן 10-טן יאָרהונדערט.

אונטער דער הערשאַפט פון קאַרל דעם גרויסן, האָבן יידן זיך באַשעפטיקט

20. ברכות ל"ה.

21. גרעץ-געשיכטע (אין העברעאיש) — 5-טער באַנד.

אין אַ גאַר גרויסן פאַרנעם אין אַלע זיינע הערשאַפטן — אין דעם איצטיקן נאַצילאַנד — מיט ערד-אַרבעט; זיי האָבן נאָר ניט געטאָרט אַוועקנעמען ביי קריסטן אָדער צונעמען ביי זיי דעם באָדן.

לויט דאָקומענטאַלע באַווייזן זיינען יידן געווען דאַן בעסערע אַגריקולטאָרן פון קריסטן, זיי האָבן ניט געטאָרט צונעמען קיין קריסטלעכע אַרבעטער, האָבן זיי דעריבער געמוזט אַליין זייער ערד באַאַרבעטן, און מען האָט ניט געדאַרפט דאַן אַוועקנעמען ביי עמיצן באָדן, ווייל עס איז געווען גענוג ערד פאַר אַלעמען, אין דער דאַמאָלסטדיקער אייראָפּע.

— 7 —

## אין דער ערשטער העלפט פון מיטלאַלטער אין אייראָפּע

אין דרום-פראַנקרייך האָבן אין דער ערשטער העלפט פון מיטלאַלטער, צווישן דעם זעקסטן און צענטן יאָרהונדערט, יידן באַזעסן און באַאַרבעט פעלדער און ווייננ[גע]רטנער, זיי פלעגן עקספּאָרטירן ווייַן אַפילו אין שיפן אין אַנדערע לענדער. לויט רענאַן באַהויפּטעט, האָבן יידן אין פראַנקרייך ביזן 13-טן יאָרהונדערט זיך פאַרנומען מיט די זעלביקע באַשעפטיקונגען ווי די פראַנצויזן: דאָס מיינט צו זאָגן, אַז זיי האָבן באַאַרבעט ערד.

אין דעם 6-טן יאָרהונדערט האָבן יידן געאַרבעט ערד אין אַלע לענדער און געגנטן פון אייראָפּע, וואו נאָר זיי האָבן געוואוינט — און ערד איז אויך געווען אַ סך פוסטע, ווייל די דאַמאָלסטדיקע וועלט האָט וויכטיקערס געהאַט צו טון, פאַרניכטן זיך קעגנזייטיק אין אומאויפהערלעכע מלחמות, דורך וועלכע דאָס קריסטנטום האָט זיך פארשפרייט איבער דער ערד.

פון דעם פאַקט, וואָס אין דעם יוסטיניאַן-קאָדעקס איז דאָ אַ געזעץ, וואָס נעמט-אַוועק ביי יידן דאָס רעכט צו דיספּאָנירן פריי מיט זייער אייגענער ערד — איז צו זען, אַז יידן האָבן באַזעסן באָדן. דאָס זעלביקע געזעץ איז אָבער ניט געווען אָנווענדבאַר פאַר יידן, וואָס באַאַרבעטן אַליין דעם באָדן. איז פון דעם צו זען, אַז יידן האָבן ניט נאָר באַזעסן נאָר אויך אַליין באַאַרבעט באָדן.

אין דעם זעקסטן און זיבעטן יאָרהונדערט האָבן יידן געלעבט אין תימן (אין אַראַביע) אין גאַנץ קאָמפּאַקטע מאַסן און זייער הויפּט-באַשעפטיקונג איז געווען ערד-אַרבעט און פלאַנטאַציע פון פרוכט-בוימער. דאָס האָט אָנגעהאַלטן ביז דעם אָנהויב פון דעם מאַכמעד-אויפשטאַנד, ווען אַ גרויסער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג איז רואינירט געוואָרן און אומגעקומען אין די מלחמות און אויפשטאַנדן.

שפּאַניע האָט גאָר אַ רייכע געשיכטע פון יידישער אַגריקולטור, וואָס ציט זיך כמעט פונם ערשטן ביזן 15-טן יאָרהונדערט — ביזן גירוש. די וועסגאָטישע מלכים האָבן פּרובירט צו באַשרענקען און באַגרעניצן יידן אין לאַנד-באַזיץ און ערד-אַרבעט, אָבער די מוסולמאַנישע הערשאַפט, וואָס האָט באַזעצט שפּאַניע, האָט געלאָזט יידן באַאַרבעטן און באַזיצן ערד אַזוי ווייט, אַז ווען עס האָט זיך

אין 13-טן און 14-טן יאָרהונדערט געשטאַרקט די הערשאַפט פון דער קאַטוי־לישער קירכע און זי האָט גענומען קעמפן קעגן יידישער ערד־אַרבעט, האָט זי אויך כמעט גאָר ניט געקענט אויפטון קעגן דעם אין יידן האָבן ערד באַאַרבעט אין באַזעכן אין שפּאַניע ביזן סוף פון 15-טן יאָרהונדערט, ד. ה. ביזן גירוש פון יאָר 1492.

עס וואָלט זיך געוואָלט אָפּצושטעלן ברייטער עטוואָס אויף דעם פּרט פון שפּאַניע און פון פּאָרטוגאַל: מען וואָלט געקענט דערווייזן אַ גאַנץ קוריאָזע זאַך, נעמלעך, אַז אין לויף פון דער גאַנצער און רייכער געשיכטע פון יידן אין שפּאַניע — אַן ערך פון 12 יאָרהונדערטער — איז איינע פון די הויפּט־באַשעפ־טיקונגען פון יידן אויף דעם איבערישן האַלב־אינדזל געווען ערד־אַרבעט, אונ־טער אַלע אומוואַנדלונגען פון דער פּאָליטישער געשיכטע, פון דער הערשאַפט פון די גאָדן, דורך די מאַורן ביז צו דער פאַרפעסטיקונג פון דער קאַטוילישער דינאַסטיע זיינען יידן ניט געווען אָפּגעריסן פון ערד־אַרבעט.

דער וועסטגאָדישער קעניג עדוויג גיט־אַרויס אַ געזעץ, וואָס פאַרבאָט יידן צו אַרבעטן ערד אום זונטיק און אין די קריסטלעכע ימים־טובים. דאָס איז אַ באַווייז, אַז יידן האָבן אונטער וועסטגאָדישער הערשאַפט באַאַרבעט ערד; שפּעטער פאַר־באָט מען יידן צו האָבן קריסטלעכע שקלאַפן ביי ערד־אַרבעט. דערמיט האָט מען געוואָלט זיי אַרויסשטויסן פון דער ערד־אַרבעט און ערד־באַזיץ. שפּעטער, אין יאָר 694, גיט דער קעניג עגיק אַרויס אַ געזעץ, וואָס פאַרבאָט יידן צו באַזיצן ערד. דערביי ווערט אָבער אָנגעמערקט, אַז די רעגירונג זאָל זיי באַצאָלן דעם באַטרעף פון דעם באָדן, וואָס ווערט ביי זיי קאָנפיסקירט.

דער דאָזיקער דעקרעט האָט אָבער קיין ממשות ניט געהאַט, ווייל אין עט־לעכע יאָר אַרום איז די וועסגאָטישע מלוכה באַהערשט געוואָרן פון די מאָרן (מאַורן) אין יאָר 711 און די יידן אין שפּאַניע באַקומען די מעגלעכקייט ווייטער צו פאַרנעמען זיך מיט ערד־אַרבעט און באַזיצן זייער באָדן ווי פריער.

דאָס דאָזיקע איז פאַרגעזעצט געוואָרן, כמעט אומאיבערגעריסן, אין לויף פון דער גאַנצער צייט פון דער הערשאַפט פון די מאַכמעדאַנער און אין משך פון די יאָרהונדערטער, וואָס עס האָט זיך געצויגן דער האמף פון די קריסטלעכע פירשטן קעגן דער מוסולמאַנישער הערשאַפט.

אין פּאָרטוגאַל האָבן יידן באַזעסן וויינגערטנער לרוב און אליין זיך פאַר־נומען מיט ווינקולטור, אַזוי ווייט, אַז דער רוב פונם ווייַן, וואָס מען האָט פאַרקויפט אין מיטלאַלטער אין פּאָרטוגאַל האָט געשטאַמט פון יידישע וויינ־גערטנער.

באַווייזן און דאָקומענטן, וואָס באַשטעטיקן עס אויף אַן אומבאַשטרייט־באַרן אופן זיינען דאָ פיל.

הויז דאָס עדות זאָגן פון שפּאַנישע היסטאָריקער און כראָניקעס פון יענער צייט האָבן מיר די גבית עדות פון אַן אַנאָנימען יידישן כראָניקער, וואָס האָט אליין איבערגעלעבט דעם גירוש און ער זאָגט וועגן די שפּאַנישע יידן, אַז זיי האָבן פאַרמאָגט פעלדער, וויינגערטנער, וואָס זיי האָבן באַאַרבעט און פּי לרוב.

עס איז כדאי אָנצואווייזן אויף פאָלגענדן קוריאָז: נעבן גאַרבאָנע (אין

דרום-פראנקרייך) האָט עקזיסטירט א בארג, וואָס האָט געטראָגן דער נאָמען „מאָנס יודאיקוס“, א געגנט ניט ווייט פון ליאָן האָט עקזיסטירט, וואָס האָט אין מיטלאַלטער געטראָגן דעם נאָמען: „טעררא העברעארום“.

פון דעם וואָס די בישאָפן און אפילו פויפּסטן אליין זיינען ארויסגעטראָטן מיט אזהרות און וואָרנונגען — צווישן 6-טן און 9-טן יאָרהונדערט, קעגן דעם, וואָס די מלכים און פירשטן פון די טעריטאָריעס, וואָס געהערן איצט צו פראנקרייך און צו דייטשלאַנד, לאָזן יידן באזיצן וויינגערטנער און פעלדער און נעמען-צו קריסטן צו העלפן זיי באארבעטן — איז צו זען, אז יידן האָבן אויך דאן און דאָרטן באארבעט די ערד, אין אזא פארנעם, אז די קירכע האָט זיך דערשפּירט דערשראָקן און געזוכט אַנצונעמען מיטלען, קעגן דעם.

די פרינצן און מלכים האָבן זיך אָבער קיין וועזן ניט געמאכט פון די פויפּסט-לעכע וואָרנונגען און זיי פלעגן דאָך געבן יידן פריווילעגיעס צו באזיצן און בא-ארבעטן ערד, אזוי האָט היינריך דער פערטער ארויסגעגעבן א פריווילעגיע די יידן פון שפּאַניע (אין יאָר 1090), אז זיי מעגן באזיצן הייזער, גערטנער, פעלדער און וויינגערטנער.

— 8 —

## פאַרוואָס יידן האָבן געמוזט פאַרזעצן ביי ערד-אַרבעט אין מיטל-אַלטער ביזן פעאָדאַליזם

עס איז קיין ספק ניט, אז אַגריקולטור איז געווען איינע פון די הויפּט-בא-שעפטיקונגען פון יידן אין לויף פון דער גאנצער ערשטער העלפט פונם מיטלאלטער ביז, לערך, דעם 11-טן יאָרהונדערט, דאָס מיינט צו זאָגן: ביז די קרייצצוגן האָבן רואינירט דאָס יידישע לעבן און פיל קהילות, פון מערב-אייראָפּע, פון איין זייט, און ביז דער פעאָדאליזם פון דער צווייטער, האָט זיך אזוי ווייט פארשפּרייט — אין פארשידענע פאָרמען און מדרגות — איבער אַלע לענדער פון מערב און דרום-אייראָפּע, ביז ער האָט פארכאַפּט דעם גאַנצן באזיץ פון דעם באָדן פון די „הערן“, לויט די מדרגות פון דער „סעניאָריא“, פארוואנדלענדיק די באפעלקערונג אין פּ א ק ט י ש ע ל א נ ד ס ק נ ע כ ט אויך פון פארשידענע מדרגות און קאטעגאָריעס, אין לאַנדסקנעכט, וואָס האָבן געאַרבעט פארן „סעניאָר“, אָדער געפירט זיינע מלחמות גרעסערע און קלענערע, און זיינע רויב-איבערפאלן אויפן שכנישן „סעניאָר“ — רויב-איבערפאלן אויך אין א גרעסערער און קלע-נערער מדרגה: פון דעם לאָקאלן קליינעם „סעניאָר“ אין אַן אַלץ-שטייגנדיקער שטופע ביזן סאמע קעניג, אָדער פויפּסט אליין.

ווען עס וואָלטן אפילו ניט עקזיסטירט קיין היסטאָרישע באווייזן פון וועל-כע איינציקע מוסטערן איך האָב אויבן רעזומירט, וואָלט גענוג געווען א פּשוטע באטראכטונג, אזוי צו זאָגן, פון דעם שטאַנדפּונקט פון היסטאָרישער קאָנסעקווענטקייט און פון פּסיכאָלאָגישן כאראַקטער, צו באַשטעטיקן עס: עס איז א באַקאַנטער און פארשטענדלעכער פאַקט, אז מ'מאַכן איבערשיכטן זיך ניט

פון היינט אויף מאָרגן, נישט אפילו אין גאָר גרויסע אימיגראַציע-שטראָמען. דאָס איז אַ לאַנגזאַמער פּראָצעס, וואָס דויערט יאָרהונדערטער און קומט אַלס רעזולטאַט פון אַ רייע אומשטענדן קאָמבינירטע צוזאַמען, ווי: גרויסע פּאָליטישע, עקאָנאָמישע איבערקערענישן, דעקלאַסירונג און אַרויסשטויסונג פון דעם מעמד, וואָס די מאַסן האָבן פריער פאַרנומען, וואָס געשעט אַלס קאָנסעקווענץ פון גזירות און פון רדיפות: מלחמות, וואָס פאַרוויסטן לענדער און מאַכן חרוב פעלקער — און אַנדערע אומשטענדן אָדער סיבות, וואָס רופן אַרויס אַן אימפּעראַטיוו פאַר די מאַסן צוצופּאַסן זיך צו דער ניי-געשאַפענער עקאָנאָמישער קאָניוקטור.

אויב אין אונדזער איצטיקער צייט, ביי אַזעלכע נעוואַלדיקע איבערקערענישן און געשעענישן אין לענדער, ווען און וואו יידן ווערן מיט געוואַלט אַרויסגעשטויסן פון זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס — איז דער פּראָצעס פון איבערשיכטונג אַ לאַנגזאַמער, אַ פּשיטא שוין, אַז דער פּראָצעס פון אַריבערגיין פון איין קלאַס באַשעפטיקונג צו אַ צווייטער האָט דאַן, אין מיטלאַלטער, נישט געקענט גיין געשווינד, נאָר האָט געמוזט זיך אַנטוויקלען זייער לאַנגזאַם. אין מיטלאַלטער, ווען דער גאַנצער טעמפּאָ פון דעם לעבן איז געווען אַן אַנדערער, אַ לאַנגזאַמערער, ווען די פאַרבינדונגען צווישן שטאָט און דאָרף, לאַנד און לענדער זיינען געווען שווערע, כמעט נישט עקזיסטירנדיקע, ווען געזעצן דיקטירטע אין איין געגנט האָבן ערשט אין אַ לאַנגער צייט אַרום, דעמאָלט געקענט באַקאַנט ווערן און נאָכגעמאַכט ווערן פון די אַנדערע, די שכנהשע געגנטן, איז קלאָר, אַז דער איבערבייט פון אַרבעט, באַשעפטיקונג און לעבנס-שטייגער אין די מאַסן, — וואָס מען רופט איבערשיכטונג — האָט דאַן געמוזט צוגיין זייער לאַנגזאַם, געשען זייער זעלטן.

איבערשיכטונג איז א י צ ט ע ר א ו י ך אַ לאַנגזאַמער און זייער אַ קאָמפּליצירטער פּראָצעס, האָבן מיר געזאָגט; אין מיטלאַלטער, ווען אַלץ איז געווען פּרימיטיוו, ווען דאָס לעבן איז געווען דורכאויס קאָנסערוואַטיוו, ווען לעבנס-פאָרמען און שטייגערס האָבן זיך קוים געענדערט, ווען אַגריקולטור איז געווען פּרימיטיוו, די אינדוסטריע איז באַשטאַנען פון אינדיווידועלע, קליינע וואַרשטאַטן, בעלי-מלאכות און פון איינצלנע בראַנזשן, ווען דאָס דאָרף איז געווען אָפּגעריסן, ניט בלויז געאָגראַפיש, נאָר אויך עקאָנאָמיש און פּסיכאָלאָגיש פון שטאָט — אין מיטלאַלטער, אַ פּשיטא שוין, אַז אַן ענדערונג אין דער באַשעפטיקונג און אַרבעטס-פאַרנעמונג פון די מאַסן האָט געמוזט זיין דאַן אַ פּראָצעס, וואָס האָט זיך געצויגן דורות, אפשר יאָרהונדערטער.

און נאָך איין זאַך: מיר פאַרשטייען איצט, אין אַלגעמיין באַטראַכט, אונטערן וואָרט א י ב ע ר ש י כ ט ו נ ג דעם אַריבערגאַנג פון אַ באָדנלאָזער שטאָטיש-לעבנדיקער מאַסע צו אַ דאָרפיש לעבן און ערד-אַרבעט. א ו י ב ב יי א י צ ט י ק ע א ו י ס ע ר ג ע וו יי נ ל ע כ ע א ו מ ש ט ע נ ד ן קומט עס אָן שווער, ווי קריעת ים-סוף, היינט ווי אַזוי האָט נעדאַרפט אָנקומען, וואָס פאַר אַ שווידערלעכע איבערלעבונגען האָבן די יידישע מאַסן נעדאַרפט אויסשטיין און וויפיל יאָרן און דורות האָט געדאַרפט נעמען אין מ י ט ל א ל ט ע ר אַזאַ פּראָצעס אין אַן אומגעקערטן סדר: אַז די יידישע באַפעלקערונג, וועלכע, ווי

מיר האָבן אויבן געזען, איז געווען הויפּטזעכלעך אַ ן אַ ג ר י ק ו ל ט ו ־ ר ע ל ע. אין כמעט אַלע לענדער פון איר דאַמאָלסטיקע דיאַספּאָרא־וואוינונג, זאָל געגצלעך פאַרטריבן ווערן פון דער ע ר ד — איר באַשעפטיקונג אין משך פון דער גאַנצער היסטאָרישער ערא — און אַריבערגיין צו לופט־פּרנסות אין שטאָט, צו האַנט־אַרבעט, נישט־קאָמפּליצירטער מלאכה, צו האַנדל און פאַר־מיטלעריי.

האָט טאָקע דער דאָזיקער פּראָצעס געדויערט יאָרהונדערטער — די יאָר־הונדערטער, וואָס די אַנטוויקלונג פונם פעאָדאַליזם האָט געדויערט; און די יאָר־הונדערטער פון די קרייצצוגן, וואָס האָבן מיט זיך געבראַכט חורבן און איבער־קערעניש אין יידישן לעבן, אין פיל לענדער געבראַכט, מיינט צו זאָגן, דירעקט און אומדירעקט, ווייל וואו די קרייץ־ציגלער האָבן דירעקט קיין חורבן ניט פאַר־אורזאַכט, האָבן זיי זיי, אומדירעקט אַרויסגערופן פּאַניק, שרעק צווישן די קהלות; און די גראַוויטאַציע פון דעם איז געווען שטאַרק.

און אפילו דאַן, האָט עס אויך ניט גאָר אינגאַנצן אָפּגעריסן יידן פון ערד־אַרבעט, און ווי מיר וועלן ווייטער זען, האָבן זיי זיך באַשעפטיקט אין אַ גרויסן פאַרנעם מיט ערד־אַרבעט אין פיל לענדער פון אייראָפּע, פון מזרח - אייראָפּע הויפּטזעכלעך, וואו די גראַוויטאַציע פון פעאָדאַליזם און פון דעם קאַטויליש ן דראַנג איז געווען אין פיל פּרטים פּאָליטיש און עקאָנאָמיש אַנדערש, שוואַכער, ווי אין לענדער פון מיטל, מערב און דרום־אייראָפּע.

מיר האָבן אויבן אָנגעוויזן, אַז אין פּאַלעסטינע זיינען יידן געווען אַן ערד־אַרבעטנדיק פאָלק. דער וואַנדערונגס־פּראָצעס פון פּאַלעסטינע און די אַרומיקע לענדער (עגיפּטן, צפון־אַפריקע, סיריע ביז דער געגנט פון שווארצן ים) האָט זיך אָנגעהויבן, ווי מיר האָבן אויבן שוין באַמערקט, אַ סך פריער — מיט אַזעלכע צוויי, אָדער, אַנדערהאַלבן יאָרהונדערט פאַרן חורבן, עס איז געווען אַ נאַטיר־לעכער פּראָצעס, וואָס איז אַנטשטאַנען איבער דער ד ע מ אָ ג ר אַ פ י ש ע ר געדיכטקייט און ענגשאַפט אין פּאַלעסטינע, און אויך ווי אַ קאָנסעקווענץ פון די מלחמות די אָפטע און נאָך אָפטערע מהומות און אויפשטאַנדן אין ארץ־ישראל זעלבסט.

איז פאַרשטענדלעך, אַז די מאַסן, וואָס האָבן אויסגעוואַנדערט דאַן, האָבן אין זייערע נייע היימען זיך באַשעפטיקט מיט דער ז ע ל ב י ק ע ר אַ ר ב ע ט, וואָס אין ארץ־ישראל: מיט ערד־אַרבעט. ערד האָט דאַן, ווי געזאָגט, ניט גע־פעלט אין ערגעץ און די קאָלאָניזאַציע, אַ פּרימיטיווע, האָט דאַן ניט געפאָדערט קיין איבעריקע געלט־מיטלען.

אַזוי זיינען אַנטשטאַנען אפשר אַ יאָרהונדערט נאָך פאַרן חורבן בית שני, גרויסע יידישע ערד־אַרבעטנדיקע צענטערן אין אַלע לענדער אין אייראָפּע, אַזיע און הויפּטזעכלעך אַפריקע, וואָס ליגט אַרום דעם מיטללענדישן ים און עטוואָס ווייטער פון אים: אין מצרים, קאַרטאַגא (איצטיקע טריפּאָלי), מאַראָקע אין אַפריקע און אין סיריע. אין איצטיקן איראַק און טערקישער טעריטאָריע, ביז דעם שווארצן ים, און קליין־אַזיע און איטאַליע (רוים), גריכנלאַנד, גאַליע; און פיל־ייכט אויך דאַן שוין אין צפון פון שפּאַניע — אין אייראָפּע.

דער פּראָצעס האָט זיך אָנגעהויבן און איז פאָרגעזעצט געוואָרן, אויף אַ נאַטירלעכן אופן, נאָך פון דער צייט פון פאַרן חורבן, דער חורבן בית שני, האָט נאָר פאַרשנעלערט דעם פּראָצעס. געבנדיק אים אַ האַסטיקן שטויס דורך דעם, וואָס דער זיג פון טיטוס האָט מיט איין מאָל אַריבערגעוואָרפן פילע הונדערטער און טויזנטער יידן פון ארץ-ישראל אין די דערמאָנטע לענדער פון דער דיאַספּאָרא.

דאָס האָט ניט נאָר ניט צעשטערט די יידישע ערד-אַרבעטנדיקע ישובים, נאָר זיי פאַרשטאַרקט דורך דעם צופלוס און צוקום פון דעם נייעם יידישן עלעמענט, דער גרעסטער טייל פון וועלכן האָט ניט געדאַרפט, ניט געהאַט צו וואָס און ביי וואָס און צוליב וואָס צו איבערשיכטן זיך, נאָר ער האָט פאָרגעזעצט אין חוץ-לאָרץ, זיין באַשעפטיקונג, ווי פריער, ערד-אַרבעט.

און דער דאָזיקער פּראָצעס האָט אָנגעהאַלטן הורות, וואו אַ לענגערע, וואו אַ קורצערע צייט. דאָס האָבן מיר שוין אָנגעוויזן אויבן דורך דעם פאַקט פון ר' עקיבאס פּראָפּאַגאַנדע-רייזע פאַרן בר-כוכבא אויפשטאַנד, איבער דער גאַנצער דאַמאָלסטיקער דיאַספּאָרא.

אונטערן דראַנג פון די גרויסע היסטאָרישע געשעענישן און פּראָצעסן אין די ערשטע דריי פיר יאָרהונדערטער פון דורך ריטערלעכער ערע — די אינוואַזיעס פון די באַרבאַרן, די עקספּאַנסיע פונם קריסטנטום, די פאַרכוירונג פון דעם צענטער אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל וואוהין די מאַכט פון רוים ווערט פאַקטיש אַריבערגעטראָגן. די גרויסע פעלקער איבערוואַנדערונג א. אַ. וו. — ווערט די יידישע וואַנדערונג באַנייט. טיילווייז, מיטגעריסן טיילווייז געטריבן פונם שטראָם פון די געשעענישן. און עס פאָרמירן זיך נייע יידישע צענטערן אין איראָפּע, אויך ווייטער פון די ברעגן פון מיטלענדישן ים, טיפער אינם קאָנטינענט; אין די גערמאַנישע לענדער, אין ריין-געביט, „אין לאַנד פון די פראַנקן” (דער פריער ערד-אַרבעטנדיקער יידישער ישוב אין גאַליע. האָט שוין דאַן ניט עקזיסטירט, משמעות, אַז ער איז טיילווייז אַסימילירט געוואָרן מיט דער אַרומיקער ניט-יידישער באַפעלקערונג, טיילווייז חרוב געוואָרן אין די ווידערהאָלטע אינוואַזיעס און שפּעטער אויך אין דער אימפּעריע פון קאַרל דעם גרויסן).

אָבער יידן, וואוהין זיי זיינען ניט געקומען האָבן, לאָגישערווייזע. געמוזט פאַרזעצן זייער באַשעפטיקונג פון תמיד: ערד-אַרבעט. ווארום ערד צום באַאַרבעטן האָט ניט געפעלט אין די איראָפּעאישע לענדער און די אַנדערע הויפּט-באַשעפטיקונג — רויב און מלחמה — איז קיינמאָל ניט געווען קיין יידישער ענין.

זעלבסטפאַרשטענדלעך. אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן אויסטיילן אויך אַ באַדייטנדיקער האַנדלס-שיכט ביי יידן און אַ טייל האָט זיך פאַרנומען מיט מלאכה, ווענדליק די באַדערפעניש פון יענער צייט, — אָבער אַגריקולטור איז נאָך אַלץ געווען און פאַרבליבן — לאָגיש און פּסיכאָלאָגיש קען דאָס אַנדערש ניט באַגריפן, אַנדערש ניט פאַרשטאַנען ווערן, איבער די אויבן-אָנגעוויזענע אומשטענדן און מאָטיוון — די הויפּט-באַשעפטיקונג פון די יידן; און יידן זיינען געווען

ערד-ארבעטער; אין דעם גרויסן מאסן-פארנעם פונם וואָרטן „ י י ד ן ", מיי-נען מיר דאָ צו זאָגן.

— 9 —

## די לאַגע פונם פעאָדאַליזם ביזן סוף מיטלאַלטער

מיטן לויף פון די יאָרהונדערטער פונם מיטלאַלטער און מיט דער אנט-וויקלונג פונם פעאָדאַליזם, ווען דער באָדן גייט ב י ס ל ע כ ו ו י י ז איבער אין באַזיץ פון די מאכט-האָבנדיקע, ווערן יידן ב ה ד ר ג ה ד י ק אראָפּ-געשטויסן פון דעם באָדן און אָפּגעריסן לאַנגזאַם פון ערד-ארבעט, דאָס איז א נאַטירלעכע קאָנסעקווענץ פון דעם נאָרמאַלן גאַנג פון די געשעענישן: יידן, אַנדערשדיקע לויט זייער אמונה און לויטן לעבנס-שטייגער, פון דער אָרומיקער ניט-יידישער באַפעלקערונג, האָבן ניט געקענט פארוואנדלט ווערן אין אומקאָנדי-ציאָנעלע קנעכט, וואָס ארבעטן פאַרן ה א ר; זייער אַנדערשדיקער לעבנס-שטייגער האָט זיי מ ח י י ב ג ע ו ו ע ן צו א געוויסער זעלבסטשטענדיקייט און דאָס האָט געפירט צו א לאַנגזאַמער איבערשיכטונג פון ערד-ארבעטער אין בעלי-מלאכות, וואָס וואוינען שוין אין די שטעט, אין הענדלער, מעקלער מסחר-פארמיטלעריי, מלווי בריבית, און הלפנים.

דער דאָזיקער פראָצעס איז געגאַנגען זיין נ אָ ר מ א ל ן אנטוויקלונגס-וועג, פ א ר א ל ע ל צו דער אנטוויקלונג פונם פעאָדאַליזם און צו דעם זיינען צוגעקומען די א ב נ אָ ר מ א ל ע, די געוואַלד-געשעענישן: מלחמות, מאסן-רדיפות, און אַנדערע קאַטאַסטראָפאַלע געשעענישן, מיט וועלכע די מיטלאַלטער-צייט איז אַזוי רייך.

די דאָזיקע געוואַלט-געשעענישן פלעגן פון צייט צו צייט אויפטרייסלען די יידישע ישובים, פארניכטנדיק א י נ י ק ע, אריבערוואַרפנדיק א נ ד ע-ר ע אין אַנדערע ערטער, און דאָס דאָזיקע האָט, אומפארמיידלעך פארשנעלערט דעם אויבן-דערמאָנטן פראָצעס פון אראָפּגעטריבן ווערן פון דעם באָדן און דע-קלאַסירט ווערן פון אַן ערד-ארבעטער שיכט צו א שטאַטישן האנדל- און פאַר-מיטלער-קלאַס.

צו דער צייט פון די קרייץ-צוגן און עטוואָס שפּעטער אַרום דעם 11-טן יאָרהונדערט איז שוין דער דאָזיקער פּראָצעס אַזוי רייך, אַז אין גאַנץ מיטל- און דרום-אייראָפּע, פון דער גרעניץ צווישן די סלאַווישע און גערמאַנישע לענדער אין מזרח ביז די פירענייען-בערג, וואָס טיילן אָפּ פראנקרייך פון דעם איבערישן האַלב-אינדזל אין מערב, וועלכער איז דאַן באַהערשט כמעט אינגאַנצן פון די מאָרן, זיינען שוין יידן הויפּטזעכלעך א הענדלער-קלאַס, הלפנים און באַשעפ-טיקטע ביי פאַרשידענע מלאכה-צעכן, הגם רעשטן פון יידישער ערד-אַרבעט פארבלייבן נאָך אויך דאַן אומעטום: אין שפּאַניע, אין איטאַליע, אין פראַנק-רייך, אין דער איצטיקער אונגאַרן, טשעכאָסלאָוואַקיע.

די צוויי עקסטרעמען פון אייראָפּע: דער מזרח-צפון טייל און דער מערב-דרום טייל (פוילן צו מזרח און צו צפון און דער איבערישער האַלב-אינדזל צו

דרום און מערב) זיינען אַן אויסנאַם פון דעם. אין די קליינע יידישע ישובים אין פוילן און ליטע אין 11-טן יאָרהונדערט איז אַגריקולטור איינער פון די הויפּט-באַשעפטיקונגען פון די יידישע מאַסן און אין שפּאַניע, פּאָרטוגאַל איז ערד-אַרבעט אויך דאַן — און פילע יאָרן הונדערטער נאָך דעם אויך — אַ באַשעפטיקונג, מיט וועלכער עס פאַרנעמען זיך גרויסע מאַסן יידן.

אַזאַ איז די פּאַנאָראַמע פון דעם מצב אין דער באַשעפטיקונג פון די יידישע ישובים אין אייראָפּע, צו דער צייט פון דער עפּאָכע פון די קרייץ-צוגן — וואָס אנבאלאנגט זייער גרעסערן אָדער קלענערן אנטייל אין ערד-אַרבעט.

עס קומען די קרייץ-צוגן און מיט זיי קומט דער גרויסער חורבן און שחיטות אין די קהילות פון דייטשלאַנד און איצטיקן צפון פון פראַנקרייך. גרויסע קהילות ווערן פאַרניכטעט: וועלכע סווערן אויסגעקוילעט, וועלכע סווערן פאַרשוואונדן דורך די זעלבסטמאָרדן אין די טויזנטער, און נאָך מער שמד'ן זיך אויס — און אַ גרויסע צאָל דאַן נאָך פאַרבליבענע לאַנדווירטן, יידישע זיינען צווישן די אויסגעשמדטע.

די קרייץ-צוגן האָבן געגעבן דעם שטאַרקסטן קלאַפּ דירעקט און אומדירעקט דער יידישער ערד-אַרבעט אין יענער געגנט פון אייראָפּע. זי איז שוין פריער אָפּגעשוואַכט געוואָרן דורכן פּראָצעס פון דער פעאָדאַליזירונג אין דעם טייל אייראָפּע. די פאַרשפּרייטונג פון פעאָדאַליזם מיט דער פאַרמירונג פון אַ פּויערטום, וואָס איז געווען פאַקטיש אַ לייב-אייגנטום פון די פעאָדאַלע הערשער פון די קלענערע און גרעסערע און שטייגנדיקע מדרגות ביז דעם פירשט, הערצאָג און קעניג, — האָט געגעבן דעם לעצטן קלאַפּ דער יידישער ערד-אַרבעט און דעם יידישן לאַנד-באַזיץ אין די אייראָפּעאישע מלוכות, און מיטגעווירקט, אַז יידן זאָלן ענגער אריבער צו מלאכה און הענדלעריי אין די דערמאָנטע לענדער.

דאָך איז נאָך אפילו דאַן ניט אינגאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן די ערד-אַרבעט צווישן יידן, אפילו אין דייטשלאַנד, וואו דער דאָזיקער פּראָצעס איז געווען אמבולטסטן און שטאַרקסטן.

אַ פּאָר קורצע פאַקטן, אילוסטרירן עס מיט באַווייזן אויף אַן אומבאַשטרייטבאַרן אופן.

דער קייסער ה יי נ ר י ך ד ע ר פ ע ר ט ע ר גיט אַרויס אין יאָר 1010 יידן פון שפּייער אַ פּריווילעגיע, אַז זיי מעגן באַזיצן לאַנד, גערטנער, פעלדער, וויינגערטנער און הייזער.

אין „ספר חסידים“, וועלכער איז געשריבן געוואָרן לערך אין יענער צייט, געפינען מיר אָנדייטונגען, וואָס באַשטעטיקן, אַז אין דייטשלאַנד זיינען נאָך אַלץ פאַרבליבן שפּורן פון יידישער ערד-אַרבעט אין גרויסן פאַרנעם.

ר ע נ אַ ן באַהויפּטעט — און אויף זיין גבית-עדות מעג מען זיך געוויס פאַרלאָזן — אַז אין פראַנקרייך האָבן יידן ביזן 13-טן יאָרהונדערט געהאַט די זעלביקע באַשעפטיקונג וואָס די פראַנצויזישע באַפעלקערונג, אָן שום דיפערענץ; ווי יענע האָבן זיך פאַרנומען מיט ערד-אַרבעט אַזוי די.

אין דער איצטיקער אויבערשלעזיען, דאַן אַ גערמאַנישער פירשטנטום, האָבן

יידן אין 13-טן יאָרהונדערט באַזעסן וויינגערטנער און פעלדער און באַאַרבעט זייער באָדן.

וואָס נענטער צו די צוויי אויבנדערמאָנטע עקסטרעמע גרעניצן פון מיטל-אייראָפּע, אין דעם יידישן וואוין-אָרט, אַלץ לענגער האַלט אָן די ערד-אַרבעט ביי יידן אויך אין דער צווייטער העלפט פונם מיטלאַלטער און אפילו אין דער נייער צייט; דאָס איז געשען, אָן ספק, איבער דעם, וואָס די עפעקטן פון דעם פעאָדאַליזם האָבן דאָרטן געווירקט אַנדערש ווי אין די דאָזיקע לענדער.

אין פּוילן און אין די דרום-טיילן פון אייראָפּע — די באַלקאַנען — פון איין זייט און אין שפּאַניע-פּאָרטוגאַל, דער צווייטער עקסטרעם פון אייראָפּע, האָט יידישע ערד-אַרבעט, וואו אין אַ גרעסערן, וואו אין אַ קלענערן פאַרנעם און מאַסשטאַב, אָנגעהאַלטן כמעט די גאַנצע צייט פון מיטלאַלטער; בנוגע דעם איבערישן האַלב-אינדזל האָבן מיר שוין אָנגעוויזן אויף דעם אויבן. וואָס אַנבאַלאַנגט פּוילן און אַנדערע לענדער פון מזרח-אייראָפּע, זיינען פאַראַן וויכטיקע באַווייזן, וואָס באַשטעטיקן עס און וועלכע ווערן געבראַכט פון ערנסטע היסטאָריקער, וואָס האָבן זיך ספּעציאַליזירט אין פאָרשונג פון עקאָנאָמישער געשיכטע.

דער רוסישער פירשט ד ע מ י ד אָ וו ס אַ ן - ד אַ נ אַ ט אָ אין זיין ווערק, וואָס טראָגט דעם נאָמען „די יידן פראַגע אין רוסלאַנד" ברענגט באַווייזן, אַז די יידן פון מיטל-אייראָפּעאישע לענדער האָבן נאָך אין אכטן יאָרהונדערט זיך געווענדעט צו די פּוילישע פירשטן מיט פּעטיציעס און בקשות אריינגעלאָזן צו ווערן אין זייער פירשטנטום, כדי צו באַזעצן זיך דאָרטן אויף ערד און באַשעפטיקן זיך מיט ערד-אַרבעט.

מיר קענען זיך פאַרלאָזן אויך אויף די באַווייזן, וואָס פּראָפעסאָר בערשאַדסקי ברענגט, אַז אין ליטע איז געווען אַ גאָר באַדייטנדיקע צאָל יידישע ערד-אַרבעטער. ווי נאָר יידן האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַזעצן דאָרטן אין מער קאָמפּאַקטע מאַסן, אריינדרינגענדיק אַהין פון פּוילן, טיילוויז אויך דורך די טעאוטאָנישע טעריטאָריעס (איצטיקע פּרייסן און פּאָמערן-פּראָווינצן), וואָס איז געשען לערך אינם 13-טן יאָרהונדערט, האָבן זיי אָנגעהויבן צו באַשעפטיקן זיך מיט אַגריקולטור.

לויט די באַהויפּטונג פון דעם זעלביקן פּראָפעסאָר בערשאַדסקי האָבן יידן זיך באַשעפטיקט מיט אַגריקולטור אין ליטע, הויפּטזעכלעך צווישן דעם 13-טן און דעם 16-טן יאָרהונדערטער.

וועגן דעם איז פאַראַן די גבית-עדות פון אַ סך קאָמפּעטענטע היסטאָריקער אַז יידן האָבן זיך באַשעפטיקט דאָרטן מיט ערד-אַרבעט ניט בלויז אַלס פּאַסעסאָרס און אַרענדאַטאָרס פון פּריצישע ערדן און... שענקן — אַ סך יאָרהונדערטער.

לויט עס ווייזט דער היסטאָריקער פון אונזער עקאָנאָמיע ד"ר יצחק שיפּער, זיינען אין פּוילן אין דעם עלפטן און צוועלפטן יאָרהונדערטער, יידן געווען ערד-אַרבעטער, אין יענער עפּאָכע איז דאָס דאָזיקע געווען זייער הויפּטזעכלעכע באַשעפטיקונג.

אויך פון אַנדערע קוועלן ווערט דערוויזן, אַז נאָך אין 15-טן יאָרהונדערט האָבן באַדייטנדיקע יידישע מאַסן אין פּוילן זיך באַשעפטיקט מיט ערד-אַרבעט.

עס איז אַ פאַקט, אַז די פּראָבלעם פון יידישער קאָנצענטראַציע אין די קליינע שטעטלעך און אַרום מסחר און לופט-פּרנסות הויפּטזעכלעך — אַ זאַך וואָס האָט זיך נאָך אַ לאַנגן פּראָצעס געהאַט אויסגעפורעמט אין פּוילן, אין אַ דעפיניטיווער פאָרם, צום שלוס פון דעם 17-טן יאָרהונדערט. באַשעפטיקט ערנסט פיל פון די פּוילישע מלוכה-לייט פונם אַכצנטן יאָרהונדערט און עס אַנטשטייט ביי פיל פון זיי אַ פּלאַן צו באַזעצן אַ גרויסע טייל פון דער יידישער שטעטלשער באַפעלקערונג אויף באָדן, פאַרוואַנדלענדיק זיי אין ערד-אַרבעטער. אַ פּלאַן וועלכער איז ענלעך, צו דעם, וואָס לערך הונדערט יאָר נאָך דעם, איז אויסגעאַרבעט געוואָרן פון דער צאַרישער רעגירונג פאַר די יידן וואָס האָבן, אגב, געשטאַמט טאַקע פון פּוילן.

פון דעם פּוילישן פּלאַן צו קאָלאָניזירן יידן איז, דאַן, גאָרניט געוואָרן איבער דעם. אפשר, ווייל פּוילן האָט דאַן דורכגעלעבט די טיפסטע טראַגעדיע פון איר געשיכטע דעם שאַרפסטן פּאָליטיש-עקאָנאָמישן קריזיס אירן, וואָס האָט געפירט צו איר צעטיילונג צווישן רוסלאַנד און עסטרייך.

אין די יאָרהונדערטער נאָכן גירוש פון שפּאַניע און געוויסערמאָס טאַקע אַלס קאָנסעקווענץ פון דעם גירוש, זיינען אַנטשטאַנען אין דעם דרום פון איי-ראָפּע און אין קליין-אַזיע אַ רייע נייע יידישע ישובים. חוץ דעם וואָס אַנדערע ישו-בים זיינען דורכן גירוש פאַרגרעסערט געוואָרן. אַ טייל פון די דאָזיקע ישובים זיינען געווען אונטער דער טערקישער הערשאַפט, וואָס פאַרשטאַרקט און פאַר-שפּרייט איר הערשאַפט אין אייראָפּע, אין דער מיט פון 15-טן יאָרהונדערט נאָך דעם ווי קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז געפאַלן אין יאָר 1453.

אין די יידישע ישובים, וואָס האָבן זיך דאַן פאַרמירט אין די אָנגעגעבענע געגנטן ווערט פאַרגעזעצט אויפן זעלביקן אופן די טראַדיציע פון ערד-אַרבעט צווישן די יידישע מאַסן.

אין נאָענטן אָריענט, אין גריכנלאַנד, אויף די באַלקאַנען, אין ארץ-ישראל — מיט וועלכער יידן האָבן די פאַרבינדונג אינגאַנצן קיינמאָל ניט איבערגעריסן — אין אַראַביע, אין תימן און אין אַנדערע ערטער פון טערקיי זיינען יידן געווען ערד-אַרבעטער געלעבט פון דעם און פון מלאכה אין גאָר אַ קליינער פּראָצענט פון האַנדל. ווען ארץ-ישראל איז פאַראַן די גבית-עדות פון צוויי יידישע רייזנדע פון איטאַליע, וועלכע האָבן באַזוכט ארץ-ישראל אינם 15-טן און 16-טן יאָר-הונדערט און זיי דערציילן, אַז יידן האָבן זיך באַשעפטיקט דאָרטן מיט אַגריקול-טור און וויינגערטנערייַ.

לויט ווי עס דערציילט דער באַרימטער רייזנדער בנימין פון טודעלאָ (ער האָט געמאַכט זיין רייזע איבער גאָר דער וועלט פון יענער צייט, צווישן די יאָרן 1160-1173), האָט ער געטראָפן יידן אין גריכנלאַנד, נעבן פאַרנאַס, פאַרנעמען

זיך מיט ערד-ארבעט: „זיי זייען און שניידן דאָס תבואה-גערעטעניש (22) זאָגט ער אין דעם דערמאָנטן בוך. (דאָס באַציט זיך, אַלזאָ, צום 12-טן יאָרהונ-דערט) און דאָס וואָס איז געווען אין גריכנלאַנד האָט געקענט זיין אויך אין די ארומיקע ישובים.

די קרייץ-צוגן און דער פעאָדאַליזם האָבן אָנגעהויבן ארויסצושטויסן יידן פון ערד-ארבעט. די שפּעטערדיקע פּאָליטישע געשעענישן און דער ווייטערדיקער פּראָצעס פון דער אַנטוויקלונג פון די מלוכות האָבן געפירט דערצו, אז יידן זאָלן אין די גרעסטע טיילן פון אייראָפּע ווערן אָפּגעריסן, וואָס ווייטער אַלס מער, וואָס ווייטער אַלס אבסאָלוטער פון ערד-ארבעט און קאָנצענטרירן זיך אין שטאָטישע ישובים, גרעסערע און קלענערע, אַלס חלפנים, קליינע בעלי-מלאכות און אממייסטן אַלס סוחרים און פארמיטלער.

— 10 —

## אָפּגעריסנקייט פון ערד־אַרבעט אין דער צייט פונם אַבסאָלוטיזם

ניט מיטאַמאָל איז עס געשען: אין דער געשיכטע געשעט קיין זאך ניט מיטאמאָל, נאָר בהדרגה, לאַנגזאַם. דאָס איז אויך געווען א פּראָצעס, וואָס האָט געדויערט יאָרהונדערטער ביז ער האָט זיך אויסגעקריסטאַליזירט, די יאָרהונ-דערטער פון דער אַזוי גערופענער נייער געשיכטע. ווען דער אבסאָלוטיזם איז אינם פולן פּראָצעס פון זיין אויסבילדונג, און פארפעסטיקט זיך אין דעם גרעסטן טייל פון די אייראָפּעאישע מלוכות פון די לענדער פון דעם אטלאנטיק ביז די ווייטע פעטראָגראַד און מ[illegible]סקווע, אין דער רוסלאַנד פון יענער צייט.

דער האַנדל פארשפּרייט זיך איבער אייראָפּע, די לעצטע רעשטן פון דעם פעאָדאַליזם ווערן פארשוואונדן, פארשלונגען פון זיין יוה״ש, די אבסאָלוטע מאָ-נאַרכיע, יידן ווערן אין די דאָזיקע עטלעכע יאָר הונדערטער כמעט לחלוטין אָפּ-געריסן פון ערד-ארבעט, און פארוואַנדלט, הויפּטזעכלעך אין א האַנדלס-שיכט, אַ רעכטלאָזיק האַנדלס-פאָלק וואָס האָט צו אויסשטיין, מער ווי אַנדערע פון רדיפות, רעכטלאָזיקייט און קאפּריזן פון מושלים, פון גזירות, רדיפות און שחי-טות, וואָס ווערן געמאכט אויך זיי אין פיל לענדער פון מזרח-אייראָפּע, און פון די אָפטע מלחמות און קריזיסן, וואָס די רעפאָרמאַציע-עפּאָכע האָט גע-בראַכט, אין די אַנדערע טיילן פון אייראָפּע.

אין משך פון די דאָזיקע יאָרן הונדערטער — מען דאַרף אינסיסטירן אויף דעם: נאָר פון די דאָזיקע — זיינען יידן דערווייטערט געוואָרן און פארבליבן אָפּגעריסן פון ערד-באַזיץ און פון ערד-ארבעט.

די דאָזיקע אָפּגעריסנקייט פון לאַנדווירטשאַפט דערגרייכט צו א כמעט

22. „מסעות של ר׳ בנימין ב״ר יונה מטודלה“, זייט 60 (ציטירט לויט דער וויס-שאַפטלעכער שפּאַנישער אויסגאַבע.

אַ ב ס אָ ל ו ט ע ר  שטופּע אינם 17-טן יאָרהונדערט און האַלט ווייטער אָן אינם 18-טן יאָרהונדערט.

צום שלום פונם לעצטן, קומען פאַר אין דער וועלט-געשיכטע צוויי גרויסע געשעענישן, וועלכע האָבן געהאַט אַזאַ איבערוויגנדיקע ווירקונג אויף דעם ווייטערדיקן גאַנג פון דער יידישער געשיכטע.

די צוויי גרויסע געשעענישן זיינען: איינע אין מערב-אייראָפּע — די פראַנצויזישע רעוואָלוציע — וואָס האָט אַן אוניווערסאַלע באַדייטונג; דורך אָננעמען „דאָס רעכט פון מענטשן" האָט זי אויך יידן באַפרייט; און עס הויבט זיך אָן די ערע פון דער אַזוי גערופענער עמאַנציפּאַציע; און די צווייטע אין מזרח-אייראָפּע, כמעט אין דער זעלביקער צייט, וואָס די ערשטע: די צעטיילונג פון פּוילן, וואָס האָט געפירט צו דער אויספאָרמירונג פון איין גרויסן פּילפּאַכיק מיליאָניקן, יידישן יישוב אין רוסלאַנד אונטער דער הערשאַפט פון דער צאַרישער מאַכט. דורך דעם, האָט עס געפירט צום שאַפן, פון איין זייט: אַן אינערלעך שטאַרקן אַפּגעזונדערטן און יאָרנלאַנג אָפּגעהיטן יידישן קיבוץ, און פון דער צווייטער זייט, האָט עס דערפירט צו דעם, אַז פאַר דער צאַרישער מאַכט זאָל אַנטשטיין אין אַ שאַרפער פאָרם די יידן-פּראָבלעם. די פראַגע פון געפינען נייע פאָרמען און געביטן פון אַקטיוויטעט כאָטש פאַר אַ טייל פון די יידישע מאַסן, וועלכע האָבן צו יענער צייט שוין איבערפולט איבער און אַריבער די שטעטלעך.

— 11 —

### „צוריק צו ערד-אַרבעט" — אינם נייצנטן יאָרהונדערט

דאָס דאָזיקע האָט, לאָגישערהייז, געמוזט דערפירן צו דעם, אַז מען זאָל אָנהויבן טראַכטן אין די יידישע משכילישע קרייזן ,אַזוי אויך אין געוויסע ספערן פון דער צאַרישער מלוכה-פאַרוואַלטונג וועגן אומקערן גרויסע יידישע מאַסן צוריק צו ערד-אַרבעט, דורך אַ פּראָצעס פון איבערוואַנדערונג פון די שטעטלעך אין די סטעפּעס פון דרום-רוסלאַנד אָדער סיביר; אומקערן זיי צו ערד-אַרבעט, האָט עס געמיינט צו זאָגן, דורך אַ פּראָצעס פון איבערשיכטונג, אימיגרירט פון דרויסן, אַרויפגעצוואונגען דורך דער מאַכט.

דער אָנפאַנג פונם 19-טן יאָרהונדערט באַצייכנט דער אויפשטייג-דאַטום פאַר אָט דעם מאָמענט. דעם גאַנצן 19-טן יאָרהונדערט האַלט אָן די דאָזיקע באַוועגונג פון „צוריק צו ערד-אַרבעט", און צו איבערשיכטונג פון די מאַסן, צו אַ נייַ לעבן אויף מער פּראָדוקטיווערע יסודות. די באַוועגונג האַלט אָן וועל מיט מער און וועל מיט ווינציקער אינטענסיווּיטעט — אָבער זי האַלט אָן אומאיבערגעריסן, און זי שפּרייט זיך ביסלעכווייז אויס איבער אַלע געדיכטע יידישע ישובים אין די לענדער פון מזרח-אייראָפּע, אָנעמענדיק, אין געוויסע מאָמענטן, פאָרמען פון אַן אמתער מאַסן-באַוועגונג, וועלכע דריקט זיך אויס צום אָנהויב אין דער געשטאַלט פון  א י ב ע ר וו א נ ד ע ר ו נ ג,  נאָר פון איבערוואַנ-

דערונג אין רוסלאנד גופא, פון די ווייסרוסישע שטעט און שטעטלעך אין די געגנטן פון נייַ-רוסלאנד (כערסאָן און טאַוריע)), וואו עס ווערן געגרינדעט קאָלאָניעס יידישע. שפּעטער ווערט די באַוועגונג אויך אָן אויסוואנדערונגס-באוועגונג, קיין ארגענטינע, וואו עס ווערן געגרינדעט אונדזערע קאָלאָניעס און אין פּאַלעסטינע, קאַנאַדע און אין א געוויסער מאָס אויך אין די פאראייניקטע שטאטן, הגם אהין האָט די מאַסן-עמיגראַציע זיך געצויגן ניט אויסשליסלעך אונטערן לאָזונג פון קאָלאָניזאַציע.

ניט נאָר אין רוסלאנד און פּוילן נאָר אויך אין גאַליציע און אין פּרייסן ווערן געמאכט פּאַרזוכן צו באַזעצן יידן אויף ערד; און ווי אין רוסלאנד אזוי אין אנדערע לענדער, האָט דער דאָזיקער פּראָצעס צוויי ריכטליניעס: איינע וואָס קומט פון דרויסן צו די יידישע מאַסן, מלוכהשע פּלענער ווי צו לייזן די יידן-פראגע; און א צווייטע ליניע וואָס קומט פון אינעווייניק פון די יידישע מאַסן גופא. ציענדיק זיך צום דרויסן, צו די מלוכות, צו די רייכע יידן, די פילאַנטראָפּן, און אַרויסרופנדיק און דערוועקנדיק פּלענער ווי צו אַיבערבויען דאָס יידישע לעבן אויף נייע יסודות פון ערד-ארבעט.

אָן שום ספק אז די צוויי אויבנדערמאָנטע געשעענישן: די פראַנצויזישע רעוואָלוציע וואָס האָט באַפרייט דעם מענטשן און גלייכגעשטעלט יידן אין רעכט מיט אנדערע און די צעטיילונג פון פּוילן (וואָס האָט געשאַפן א יידן-פּראָבלעם אין רוסלאנד) האָבן אומדירעקט (די ערשטע סיבה) און דירעקט (די צווייטע), געבראַכט צו דער אנטשטייאונג פון דעם פּראָצעס, וועלכער הויבט זיך אָן (אין רוסלאנד) פון דרויסן מיטן פּלאַן פון דעם רוסישן מיניס-טער און דיכטער דערזשאַווין און פון אינעווייניק מיט ר' יצחק-בער לעווינזאָנס פּראָפּאַגאַנדע אין זיין „תעודה בישראל“.

ביים אָנהויב פון 19-טן יאָרהונדערט, נאָך דער צעטיילונג פון פּוילן, האָבן די רעגירונגען פון רוסלאנד, עסטרייך און פּרייסן, באַוואויגן דערצו דורך פּאַר-שידענע מאָטיוון, פּרובירט די דאָזיקע אידייען, באַזעצן יידן אויף ערד, צו פאַר-ווירקלעכן דורך דערמוטיקן און מיטווירקן, אז יידן זאָלן באַקומען צוטריט צו לאַנד-ארבעט. „אין לויף פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, זיינען אין שוים פון דער יידישער געזעלשאַפט אַנטשטאַנען אינטעלעקטואַלן און פילאַנטראָפּן, וואָס האָבן אָנגעפירט אַן אינטענסיווע פּראָפּאַגאַנדע געריכטעט. אז יידן זאָלן זיך אומקערן צו ערד-ארבעט. די דאָזיקע פּראַגע איז חוץ דעם לעבהאַפטיק דיס-קוטירט געוואָרן אין דער פּרעסע, פאָלקס-דיכטער האָבן געווידמעט פאַר דעם לידער און נעזאַנגען („די סאָכע“, צום ביישפּיל), ראָמאַניסטן האָבן אָנגעשריבן ביכער, אין וועלכע זיי האָבן געשילדערט און באַשריבן אין לעבעדיקע אָנציען-דיקע פאַרבן דאָס יידישע לעבן אין דאָרף, אין פעלד, ביי ערד-אַרבעט“ (23).

די באַוועגונג צוריק צו ערד-אַרבעט האָט אין די דרייסיקער און פערציקער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט אָנגענומען אַזא מין שאַרפן דראַנג צווישן די

23) Dr. Kopel Liberman: Les Juifs Agricultoers dans le monde, p. 512, L'univers Israelite.

יידישע מאסן אין ווייסרולאַנד און פּאָלעסיע, וואו די אָרעמקייט איז געווען אָמ-שטאַרקסטן, אַז די צאַרישע רעגירונג, וועלכע איז געווען די וואָס האָט לכתחילה אַליין אויסגעאַרבעט די ערשטע פּלענער און געגעבן אויף די ערשטע הוצאות און די ערשטע דערמוטיקונג פאַר דעם, האָט זיך דערנאָך אַליין דערשראָקן פאַר דעם ברייטן, דעם מאַסןהאַפטיקן כאַראַקטער וואָס די באַוועגונג האָט אָנגענומען אין די יידישע צענטערן און זי האָט גענומען טאָרמאָזירן און סאַבאָטירן די באַוועגונג, ביז זי האָט עס אינגאַנצן פּאַראַליזירט אַלס אָפּיציעלע אַקציע. די באַוועגונג האָט אָבער ניט אויפגעהערט, נייערט זי האָט אָנגענומען אַנדערע ריכטונגס-ליניעס: אַנשטאָט אויף דער רעגירונג האָט זי זיך געשטיצט אויף פּריוואַטע מיטלען פון פילאַנטראָפּן יהידים (באַראָן הירש, יק"א) און אויף פאָלקס-מיטלען (די חובבי-ציון-באַוועגונג, שפּעטער קרן-קימת, קאָלאָניאַל-באַנק, קרן-היסוד, פאַרשידענע אַקציען-געזעלשאַפטן, פּריוואַטע אינדיווידועלע און קאָלעקטיווע אָנשטרענגונגען). און אַנשטאָט א י ב ע ר װ אַ נ ד ע ר ו נ ג ע ן זיינען געקומען א ו י ס װ אַ נ ד ע ר ו נ ג ע ן לשם קאָלאָניזאַציע און א י ב ע ר ב ו י פון אייגענעם לעבן, צי אַלס נייער געזעלשאַפטלעכער קלאַס (אין אַרגענטינע, קאַנאַדע, די פאַרמער-באַוועגונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן), צי אַלס נאַציאָנאַלע אויפלעבונג אין ארץ-ישראל.

די באַוועגונג האָט אָנגעהאַלטן אין די פאַרשידנסטע פאָרמען און מאַניפעסטאַציעס אין ווייטע און נאָענטע לענדער, אונטער אַלע מעגלעכע עקספּערימענטן און געזעלשאַפטלעכע אָדער נאַציאָנאַל-יידישע קערפּערשאַפטן — אָבער זי האָט אָנגעהאַלטן און האַלט-אָן זינט נאָך דער מלחמה מיט אַ פאַרדאָפּלטער און פאַרשטאַרקטער אינטענסיוויטעט אומאיבערגעריסן אין משך פון דעם גאַנצן 19-טן יאָרהונדערט.

אין רוסלאַנד, אוקראַינע, ליטע, פּוילן, אין גאַליציע, קאַרפּאַטן-רוסלאַנד, אין בעסאַראַביע, אין רומעניע, אין דער איצטיקער סלאָוואַקיע, האָבן זיך פאָרמירט יידישע ערד-אַרבעטער גרופּעס און קאָלאָניעס. אין אַמעריקע און קאַנאַדע איז אַנטשטאַנען אַ יידישע פאַרמער-באַוועגונג. שפּעטער הייבן אָן געגרינדעט צו ווערן פון רומענישע און אוקראַינישע יידן קאָלאָניעס אין ארץ-ישראל. עס אַנטשטייט עטוואָס שפּעטער די „בילו"-באַוועגונג צוזאַמען מיט דער חבת-ציון-טעטיקייט און אין געציילטע יאָרן נאָכדעם טרעט אַרויס דער באַראָן הירש מיט זיין פּלאַן צו קאָלאָניזירן יידן אין אַרגענטינע. און אין אָנהייב פון לעצטן צענדליק פונם 19-טן יאָרהונדערט גרינדעט ער די „איק"א" (אין אויגוסט-סעפּטעמבער 1891) צו פאַרזעצן די יידישע קאָלאָניזאַציע-טעטיקייט אין אַרגענטינע, בראַזיל און אַנדערע לענדער.

אַזוי ציט זיך די דאָזיקע אינטענסיווע באַוועגונג פון „צוריק צו ערד-אַרבעט" אין משך פון 19-טן יאָרהונדערט און פאַרציט זיך ביזן אויסברוך פון דער וועלט-מלחמה אין 1914.

די דאָזיקע באַוועגונג און אירע דראַמאַטישע ראַנגלענישן, די שטערונגען וואָס זי האָט געהאַט אויסצושטיין און באַזיגן, אירע עליות און אירע ירידות וועלן פאַרנעמען אַ גאַנץ באַזונדערן קאַפּיטל אין דער יידישער געשיכטע, וואָס וועט

געווים געשריבן ווערן און מען קען זיין זיכער, אַז דער נאָמען אונטער וועלכן דער קאַפּיטל וועגן דעם דאָזיקן יאָרהונדערט וועט קאַטאַלאָגירט ווערן אין אונדזער געשיכטע וועט זיין: „די באַוועגונג צו אומקערן זיך צו ערד־אַרבעט און צו פּראָדוקטיוון לעבן".

נאָך דעם איבעררייס וואָס די וועלט־מלחמה, ווי מיר האָבן געזאָגט, האָט אַריינגעבראַכט אין דעם פּראָצעס פון אָט דער באַוועגונג, האָט זי זיך ווידער באַנייט מיט מער קראַפט, ווי אין ראַטנפאַרבאַנד, אַזוי אין דעם נאַציאָנאַלן ווידער־אויפבוי פון דער יידישער היימלאַנד אין ארץ־ישראל, און ביי אונז אין אַרגענטינע. אין די אַלע לענדער און געגנטן אַנטשטייען פיל צענדליקער קאָלאָניעס פון די פאַרשידנסטע טיפּן און פאָרמען און מיט גרויסע ערד־אַרבעטנדיקע מאַסן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

ווען עס זאָל אמת זיין די איינבילדונג און די באַהויפּטונגען, אַז יידן האָבן אַן איינגעבוירענעם געפיל פון אָפּשטויס צו ערד־אַרבעט — וואָלט מעגלעך געווען, דען, אַזוי פיל קרבנות, אַזוי פיל אָנשטרענגונגען, אַזוי פיל באַמיאונגען און ראַנגלענישן צו דורכמאַכן צוליב דעם אידעאַל פון אומקערן זיך צו ערד־אַרבעט, וויפיל די יידישע מאַסן האָבן דורכגעמאַכט פאַר דעם לעצטן יאָרהונדערט אין אַלע לענדער, אין אַלע קלימאַטן, אויף אַלע קאָנטינענטן?

די באַהויפּטונג, אַז יידן זיינען ניט קיין ערד־אַרבעטנדיק פאָלק, איז אַ בלבול, ווי עס איז אַ בלבול, אַז יידן זיינען אָפּגעריסן געוועז אין פאַרלויף פון זייער גאַנצער געשיכטע פון ערד־אַרבעט, ווען אָפּגעריסן זיינען זיי געווען — און דאָס אויך ניט אין אַן אַבסאָלוטער פאָרם — בלויז עטלעכע יאָרהונדערט.

— 12 —

## רעזולטאַטן דערגרייכטע ביז 1939: ציפערן און רעזומירטע סך־הכלען

אינם פּלאַן פון דער דאָזיקער אָפּהאַנדלונג, ווי איך האָב עס שוין אָנגעוויזן אויבן און ווי עס איז אַנטוויקלט געוואָרן אין די פאָריקע קאַפּיטלען — גייט ניט אַריין צו געבן אַ שילדערונג, אָדער אפילו אַ סקיצע וועגן דער געשיכטע פון יידישע קאָלאָניזאַציע, נייערט אומגעקערט: ערד־אַרבעט אין דער יידישער געשיכטע, וואָס מיינט צו זאָגן, דערווייזן, ווען און ווי אַזוי זיינען יידן געווען, אויפגעהערט צו זיין און ווידער געוואָרן אַן ערד־אַרבעטנדיק פאָלק, סיי ווען זיי זיינען געווען אַ זעלבסטשטענדיק נאַציאָנאַל־פּאָליטישע מלוכה, אַזוי אויך אין דעם פּעריאָד פון זייערע 1870 יאָר לעבן אין דער דיאַספּאָראַ צווישן אַנדערע פעלקער אין אַלע קאָנטינענטן פון דער וועלט.

און מיר האָבן דערוויזן, אַז אויסערלעכע, פון זיי ניט אָפּהענגיקע, אומשטענדן און פּאָליטיש־עקאָנאָמישע תנאים וועלכע עס איז אויך ניט געווען אין די כוחות פון אונדזער פאָלק, ניט אין זיינע מעגלעכקייטן צו ענדערן — האָבן אָפּגעריסן יידן פון ערד־אַרבעט, אַלס מאַסן־באַשעפטיקונג און מיר זיינען פאַר־

בליבן אין אַזאַ צושטאַנד עטלעכע הונדערט יאָר, אָבער יידן האָבן צוריק זיך גענומען ציען צו ערד־אַרבעט און זיך ראַנגלען פאַרן באַזעצן זיך אויף ערד און ברענגען די גרעסטע קרבנות פאַר דעם — ווי נאָר די אָביעקטיווע פּאָליטישע, סאָציאַלע און עקאָנאָמישע אומשטענדן האָבן מעגלעך געמאַכט אַזאַ מין קאַמף, אַזאַ מין ראַנגלעניש און דערמעגלעכט אַזאַ מין באַוועגונג אין ברייטן פאַרנעם.

און כדי צו דערווייזן די דאָזיקע פּשוטע אמתן וואָס ווערן פאַרדרייט, און צו־מאָלס פאַרניינט ביודעים, הייך אַנטיסעמיטן, צומאָלס בלאָ יודעים, פּשוט מחמת ניט גענוג ידיעות אָדער איבער צופיל פאַלשע, פאַר־דרעכטיקטע אינפאָרמאַציעס וועגן דעם, האָבן מיר זיך באַנוצט מיט געשיכטע־פאַקטן אַלס אילוסטראַציע. זוכנדיק צו ברענגען פאַר יעדער געשיכטע־עפּאָכע פאַקטן פּשוטע באַקאַנטע, אָבער אַזעלכע, די וואָרהאַפטיקייט פון וועלכע זאָל ניט קענען ווערן באַשטריטן.

און אויך דערפאַר האָבן מיר ניט געגעבן קיין געשיכטע־בילד פון דעם גוואַלדיקן דראַנג און קאַמף צו און פאַר ערד־אַרבעט, וואָס איז אַנטשטאַנען אין 19־טן יאָרהונדערט אין די גרויסע יידישע ישובים און וואָס האָט אין געוויסע מאָמענטן אָנגענומען ממש דראַמאַטישע פאָרמען פון אַ קאָלאָסאַלער מאַסן־באַוועגונג, אין אַ פאָלק וואָס זוכט אַן עקאָנאָמישן תיקון, פאַר זינד וועלכע ניט ער איז באַגאַנגען, נאָר וואָס מען איז באַגאַנגען איבער אים, אויף זיין קערפּער, כמעט ווי דאָס לויטעט די ביבלישע מעטאַפאָרע: „אויף מיין רוקן האָבן געאַקערט די אַקערער און האָבן לאַנג געמאַכט זייערע בייטן“ (24).

כדי ניט צו שטערן דעם פּלאַן פון דער דאָזיקער אַרבעט האָבן מיר אויך וועגן דער באַוועגונג „צוריק צו ערד־אַרבעט“ — וואָס האָלט אָן לערך 130 יאָר, מיטן איבערייס פון די יאָרן פון דער וועלט־מלחמה און גרויסער רעוואָלוציע און בירגער־קריג — אין רוסלאַנד — ניט געבראַכט מער ווי רעזומירנדע, געציילטע געשיכטע פאַקטן, אַלס אָנדייטונגען בלויז, אַרויסגייענדיק פון דער הנחה, אַז די געשיכטע פון דער דאָזיקער גראַנדיעזער באַוועגונג לבחות אין אירע ראשי־פרקים, איז באַקאַנט די לייענער, וואָס זיינען באַהאַוונט מיט יידישער געשיכטע פון די לעצטע אַנדערטהאַלבן יאָרהונדערט.

און איבער די זעלביקע מאָטיוון וועלן מיר אויך אין די ווייטערדיקע שורות פון דעם שלום־קאַפּיטל פון אונדזער אַרבעט זיך באַנוגענען נאָר מיטן רעזומירן, אין אַלגעמיינע שטריכן, די רעזולטאַטן, וועלכע מען האָט דערגרייכט דורך דער באַוועגונג „צוריק צו ערד“, אין דער אַלטער, ווי אין דער נייער וועלט, אין לויף פון דעם אויבן־אָנגעוויזענעם צייט־אָפּשניט.

איידער מיר טרעטן־צו צו ברענגען ציפערן (די ציפערן באַציען זיך צו דאַטן, וואָס זיינען באַקאַנט געווען ביז די ערשטע חדשים פון יאָר 1939 — מער־וויניקער ביז סוף 1938, מיטן אויסנאַם פון די וואָס באַציען זיך צו אַרגענ־טינער יידישער קאָלאָניזאַציע, וואו די דאַטן זיינען ביזן 31־טן דעצעמבער (1940),

24. תהילים 129 - 3.

די מלחמה און די נאַצי-רדיפות האָבן, פאַרשטייט זיך, געענדערט די לאַגע, ווייל כמעט אומעטום זיינען יידן אַראָפּגעטריבן געוואָרן פון דעם באָדן) וועגן דעם פּאַרנעם און דערגרייכונגען פון יידישע ערד-אַרבעטנדיקע ישובים אין פאַרשי־דענע לענדער אין קאָנטינענט, וועלן מיר דאָ שוין ענטפערן אין רעזומען-פאָרם, אַזוי צו זאָגן, אויף דער פראַגע, געשטעלט אַלס הויפּט-ציל פון דער דאָזיקער אַרבעט: „צי זיינען יידן אַן ערד-אַרבעטנדיק פאָלק?“.

מיט דער פולסטער אחריות און אָן וואַקלעניש קען מען געבן אַ פּאָזיטיווע תשובה.

מיט דער פולסטער אחריות קען מען ענטפערן: יידן זיינען נישט קיין האַנדלס-פאָלק, ווי מען האָט זיך איינגערעדט; צווישן בעלי-מלאכה, פאַבריק-אַרבעטער, קוואַליפיצירטע אַרבעטער, ספּעציאַליסטן, ערד-אַרבעטער און פּראָפע־סיאָנאַלן האָבן יידן מער-ווינציקער, פונקט אַזאַ פּראָצענט פון באַפעלקערונג — באַטראַכט דאָס יידישע פאָלק אַלס איין גאַנצעס אין זיין צעשפּרייטונג פון גאַר דער וועלט — ווי יעטוועדער נאָרמאַל פאָלק אויף גאָטס ערד.

אָבער אין דעם געגעבענעם מאָמענט און אין דער דאָזיקער אַרבעט אינ־טערעסירט אונז בלויז אַגריקולטור. וועלן מיר באַשטעטיקן אונדזער באַהויפּ־טונג דורך אַ פּאָר גרונטלאַגן, וואָס זיינען פעסטשטעלונגען:

דאָס יידישע פאָלק האָט שוין איצט צו טאָג, צענויפגערעכנט די ערד-אַר־בעטער אין פּוילן, רוסלאַנד, טשעכאָסלאָוואַקיע, פּאַלעסטינע און ביי אונז אין אַרגענטינע, אַ גרעסערן פּראָצענט פון אַגריקולטאָרן ווי עס האָט גרויס-בריטאַניע אַליין — די הערשערן פון אַ זעקסטל פון ערד-שטח, וועלכע פאַרמאָגט בלויז זעקס פּראָצענט ערד-אַרבעטער. אין רומעניע, אין דייטשלאַנד, אין אונגאַרן און אין די פאַראייניקטע שטאַטן, איז די כמות פון יידישן ערד-אַרבעטער (אין צי־פערן) עטוואָס ווינציקער ווי 5 פּראָצענט פון דער אַקטיווער יידישער באַפעל־קערונג.

די יידישע ערד-אַרבעטערשאַפט איז 10 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל אַקטיוו יידישער באַפעלקערונג, אין אַזעלכע לענדער ווי פּוילן, רוסלאַנד און טשעכאָסלאָוואַקיע (25). אין פּאַלעסטינע גרייכט די יידישע ערד-אַרבעטנ־דיקע באַפעלקערונג אין די פאַרשידענע פאָרמען און טיפּן (פּלאַנטאַציעס, אַגרי־קולטור, עופות, פי-צוכט, ביישטאָטישע קאָלאָניזאַציע א. אַ. וו.) צו 25 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג.

אין צוויי באַזונדערע פּראָווינצן, אין גאַליציע און אין קאַרפּאַטן-רוסלאַנד (די ציפערן זיינען פאַר דער לעצטער אויפטרייסלונג וואָס עס איז פאָרגעקומען דורך דער צעגלידערונג פון טשעכאָסלאָוואַקיע און די צעטיילונג פון פּוילן אין אָנהויב פון דער מלחמה) באַטרעפן די יידישע ערד-אַרבעטנדיקע ישובים 18 און 28 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל יידישער באַפעלקערונג רעספּעק־טיוו, אין יעדער פּראָווינץ.

עס איז שווער צו געפינען אַ יידישן ישוב אויף דער וועלט — מיר רעדן

25. קאָפּל ליבערמאַן — אויבן-ציטירטע אַרבעט, ז. 513.

וועגן אַ מאַסן־ישוב — וואו עס זאָל ניט זיין קיין יידישע ערד־אַרבעטערשאַפט, וואו עס זאָלן אין לויף פון די לעצטע הונדערט יאָר ניט געווען געמאַכט געוואָרן קיין פּרוּוון צו איינאָרדענען יידישע מאַסן אויף דער באַזע פון ערד־אַרבעט. און פון דעם כלל איז ניט אויסגעשלאָסן אויך לענדער אַזעלכע, ווי צום ביישפּיל, די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס האָבן דערגרייכט צו אַ זייער הויכער עקאָנאָמישער און אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג און וואו יידן האָבן זיך געקענט איינאָרדענען אַלס פאַבריק־אַרבעטער אָדער אינדוסטריאַלן.

דער רעזולטאַט פון די אָנשטרענגונגען וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן במשך פון 19־טן יאָרהונדערט און די יאָרן פון דעם לויפנדן יאָרהונדערט, ביז דער וועלט־מלחמה, און צווישן דער ערשטער און דער צווייטער מלחמה, פאַר דער אויפגאַבע צו ברענגען יידן צוריק צו ערד־אַרבעט — איז באמת אַ וואונדערבאַרער.

די צאָל יידישע נפשות וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט ביי ערד־אַרבעט און האָבן געלעבט פון ערד־אַרבעט ביזן אָנהויב פון דער מלחמה, אין יאָר 1939, האָט דערגרייכט צו דער ציפער פון איבער 700 טויזנט; און די צאָל האָט גע־האַלטן אין ווערן גרעסער און איז געוואַקסן אין ארץ־ישראל, אין אַמעריקע, אין אייראָפּע און אין אַרגענטינע: די מלחמה האָט איבערגעשלאָגן, אָפּגעשטעלט און, נאַטירלעך, צוריקגעשטויסן די דאָזיקע ציפער.

אַז מען הויבט אָן צו באַטראַכטן די ציפערן פון יידישער ערד־אַרבעט אין איינצלנע לענדער פון יידישער מאַסן־וואַנדערונג, באַקומט זיך באמת אַן אימ־פּאָזאַנט בילד, פונם צוריקקער פון אידן צו לאַנד.

אין פּ אַ ל ע ס ט י נ ע, וואו דאָס דאָזיקע אומקערן זיך צו לאַנד־ווירט־שאַפט האָט איבער פאַרשטענדלעכע און זייער גינסטיקע מאָטיוון פון געשיכט־לעכן און פּסיכאָלאָגיש־נאַציאָנאַלן כאַראַקטער דערגרייכט די העכסטע פאָרם פון אינטענסיוויטעט אין אַ מינימום קורצער צייט, — אין פּאַלעסטינע האָבן זיך געפונען (ביז אָנפאַנג 1939) אין יידישע הענט, לויט די סטאַטיסטישע צי־פערן פון דער יידישער אַגענץ, 1.460.000 דונאַם לאַנד (פון 26 מיליאָן דונאַם —די גאַנצע טעריטאָריע) אויף וועלכן עס איז אויסגעבויט געוואָרן פון 1870 יאָר ביז 1939 (מיטן איבעררייס פון די יאָרן פון דער וועלט־מלחמה) 234 פאַרשי־דענע לאַנדווירטשאַפטלעכע ישוב־פּונקטן מיט אַ באַפעלקערונג פון 108 טויזנט נפשות. די אַגראַר־קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע האָט, בלי ספק, דערגרייכט צו אַ הויכער מדרגה, ביז איצט די העכסטע אין דער יידישער געשיכטע (26).

אין רוסלאַנד האָט די יידישע קאָלאָניזאַציע זיך אַנטוויקלט מיט אַ גוואַל־דיקן אימפּעט אין די יאָרן פון נאָך דער וועלט־מלחמה און גלייך נאָכדעם ווי עס זיינען פאַרענדיקט געוואָרן דער בירגער־קריג און קאַמפן, וואָס זיינען אַרויסגע־רופן געוואָרן דורך דער רעוואָלוציע. קאָלאָניעס האָבן זיך אַנטוויקלט אין פאַר־שידענע צענטערן און געגנטן פון דרום־רוסלאַנד, איז אַזיאַטישן רוסלאַנד (בירא־בידזשאַן) און אויך אין מערב־רוסלאַנד אין די געגנטן פון פּאָלעסיע. דאָס איז די אַזוי גערופענע נייע קאָלאָניזאַציע, און זי דאַרף ווערן אונטערגעשיידט פון דער

26. אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע — יידן א'; פּאַריז 1939, זייט 511.

אלטער קאָלאָניזאַציע, אין כערסאָנער און יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניעס, וועל־בע איז אָנגעהויבן געוואָרן, ווי אויבן געזאָגט, נאָך אין אָנהויב פון פאָריקן יאָרהונדערט.

די אַלגעמיינע ציפערן וועגן יידישער קאָלאָניזאַציע אין ראַטנפאַרבאַנד זייַנען עטוואָס הינטערשטעליק, כראָנאָלאָגיש, לגבי די פּאַלעסטינער. די לעצטע ציפערן וואָס זייַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין ראַטנפאַרבאַנד, באַציען זיך צום רעזולטאַט ביזן יאָר 1935 און זייַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „עמעס" פון 9-טן אָקטאָבער 1937. לויט די דאָזיקע ציפערן זייַנען צו יענעם יאָר באַאַרבעט געוואָרן פון יידן אין גאַנץ ראַטנפאַרבאַנד 824 טויזנט העקטאַר לאַנד און בייַ ערד־אַרבעט זייַנען באַשעפטיקט לערך 226 טויזנט יידישע נפשות (27).

אין פּוילן איז געווען באַשעפטיקט ביי ערד־אַרבעט לערך 150 טויזנט יידן (הוץ גאַליציע און אַנדערע געביטן פון דער געוועזענער עסטרייך).

אין בעסאַראַביע — 5.500 נפשות, אין בוקאָווינע, קאַרפּאַטן־רוסלאַנד, אונגאַרן, טשעכאָסלאָוואַקיע, פאַרשידענע דייטשע געביטן — גרייכט דאָרט די צאָל פון יידישע ערד־אַרבעטער צו פיל צענדליקער טויזנטער נפשות. עס איז אָבער אוממעגלעך צו אָפּערירן איצט מיט גענויע סטאַטיסטישע ציפערן וועגן די דאָזיקע געביטן איבער די לעצטע געשעענישן, וואָס האָבן צעבערעקלט און חרוב געמאַכט פּאָליטיש, עקאָנאָמיש און אויך דעמאָגראַפיש, גראָדע די געביטן וואו די יידישע קאָלאָניעס און לאַנדווירטן האָבן פיל אויפגעטון. די דאָזיקע געביטן זייַנען צעטיילט צווישן פּוילן, אונגאַרן, סלאָוואַקיע און טשעכיע, אָן אַ מעגלעכקייט צו פעסטשטעלן עקזאַקט די ציפערן, וואָס זייַנען אויסגעפאַלן אויפן חלק פון יעדער אַנעקסיע, און דער היטלעריזם און די אַנטיסעמיטישע קאָנפיסקאַציעס האָבן ווידער חרוב געמאַכט די יידישע ערד־באַזיצן און פאַרניכטעט די יידישע קאָלאָניעס.

אין די פאַרייניקטע שטאַטן, ניט געקוקט אויף דער הויכער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג פון דעם לאַנד און אויף דער אויסבילדונג פון אַ גרויסן מיליאָניקן שיכט פון יידישע פאַבריק־אַרבעטער, האָט זיך אַנטוויקלט אַ גאָר באַדייטנדיקע פאַרמעריי־באַוועגונג צווישן יידן, וואָס האָט פאַר די לעצטע 30-40 יאָר אויסגעבילדעט אַ שיכט פון אַזעלכע 150 טויזנט יידישע נפשות, איינגעטיילטע אין אַן ערך 25-30 טויזנט פאַמיליעס וואָס באַשעפטיקן זיך אויסשליסלעך מיט פאַרמעריי: אין די פאַרשידענע שטאַטן פון דער מדינה האָבן זיי באַאַרבעט לערך אַ מיליאָן אַקער־לאַנד.

די דאַטעס וועגן אונדזער היגער קאָלאָניזאַציע, רעזומירט אין בלויז געציילטע ציפערן, אין אַנקלאַנג מיט דעם סינטעטישן כאַראַקטער פון דער אַרבעט זייַנען צום ערשטן יאַנואַר 1941 געווען פאָלגענדע: ערד־באַזיץ 617.488 העקטאַר פון וועלכע עס ווערן באַאַרבעט 413.059 העקטאַר (דאָס איבעריקע איז רעזערוו), קאָלאָניסטישע משפחות — 3.946 (וואָס באַאַרבעטן דירעקט די פעלדער, צוזאַמען מיט אַרבעטער, מאַכט עס קרוב צו 27 טויזנט נפשות); באַטרעף פונם

27. אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע — אידן א'; פּאַריז 1939, זייט 519.

אינוועטאר לערך 22 מיליאָן פּעזעס; באַטרעף פון דער פּראָדוקציע, איבער 11 מיליאָן 500 טויזנט פּעזעס. דאָס איז נאָר די יק״א קאָלאָניעס גערעכנט. די אַנדערע יידישע קאָלאָניעס האָבן אויך לערך צוויי הונדערט דרייסיק קאָלאָניסטישע משפּחות. (28)

עס קומט צו, הוין דעם, די וואַקסנדיקע באַוועגונג אין קאָלאָניזאַציע-אַרבעט וואָס עס פירט אָן דער יידישער אַגראַר-באַנק, וועלכער האָט אין לויפנדיקן יאָר געגרינדעט די ערשטע פאַרם-גרופּע פון ביישטאָטישער קאָלאָניזאַציע, וואָס עפנט אַ נייע קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע.

דאָס זיינען „גראָסאָ מאָדאָ" באַטראַכט, די רעזולטאַטן פון דער גרויסער אָנשטרענגונג, וואָס אונדזער פאָלק האָט געמאַכט פאַר די 130 יאָר, מער-ווייניקער, כדי צו אומקערן זיך צוריק צו ערד-אַרבעט, נאָכדעם ווי מען האָט אונז מיט געוואַלט אָפּגעריסן און פאַרטריבן פון איר.

יעדער אויפריכטיקער אָביעקטיווער מענטש וועט, אריינטראַכטנדיק זיך אין די דאָזיקע ציפערן, מוזן צוגעבן, אַז עס איז ניטאָ וואָס צו שעמען זיך מיט אַזעלכע רעזולטאַטן, דערגרייכטע אין אַזאַ רעלאַטיוו-קורצן צייט-אָפּשניט און אונטער אַזעלכע שווערע אומשטענדן ווי די, וועלכע יידן האָבן געלעבט אין דער דאָזיקער צייט, כמעט אין גאַר דער וועלט.

אין יעדער אויפריכטיקער און פאַרנונפטיקער מענטש וועט מוזן אנערקענען, אַז אַ פאָלק וואָס האָט אָן אַטאַוויסטישן ווידערווילן צו ערד-אַרבעט — ווי די אַנטיסעמיטן ווילן פאַלש איינשמועסן די וועלט-מיינונג — וואָלט נישט געווען ביכולת צו מאַכן אַזעלכע העראָאישע אָנשטרענגונגען, וואָלט ניט געבראַכט אַזעלכע קרבנות, ווי די, וואָס יידן ברענגען כדי צו קומען צוריק צו ערד-אַרבעט, און וואָלט געוויס ניט דערגרייכט אַזעלכע באַדייטנדע רעזולטאַטן אין אַ בערך אַזאַ קורצן צייט-טערמין. (29).

.1939



(28) מיר האָבן פאַרגלייכט די דאַטן, וואָס ווערן דאָ געבראַכט מיט די אָפיציעלע, פון דער היגער יק״א-דירעקציע צום 1-טן יאַנואַר 1942 און דער אונטערשיד איז אַ ביז גאָר אומבאַדייטנדיקער, בלויז אינם באַטרעף פון דער פּראָדוקציע אין צאָל פון די נפשות. דאָס נעמט זיך פון דעם, וואָס אין די קנאַפּע דריי יאָר מלחמה איז, נאַטירלעך, כמעט קיין קאָלאָניזאַציע-אַרבעט ניט אָנגעפירט געוואָרן אין די יק״א-קאָלאָניעס.

(29) די דאָזיקע אַרבעט איז געשריבן געוואָרן לכתחילה פאַר דער שפּאַנישער אויסגאַבע (עס האָט געזאָלט אויך דערשיינען אַ יידישע)

"50 Años de Colonización Judía en la Argentina"

אַרויסגעגעבן פון די יידישע אינסטיטוציעס אין אַרגענטינע, גרופּירט אַרום דער „ד.א.י.א." און באַשטימט פאַר דער אַרגענטינער אָפיציאַליטעט און עפנטלעכקייט. איך האָב דערום ניט געענדערט דעם אַפּאָלאָגעטישן טאָן, וואָס איז פאַראַן אין אַ פּאָר ערטער.

# דער תלמוד — אַ גייסטיקער פּראָצעס אינם יידנטום (1)

— 1 —

היה רבי מאיר אומר: מנין שאפילו גוי ועוסק בתורה שהוא ככוהן גדול? שנאמר: „אשר יעשה אותם האדם וחי בהם" (ויקרא י"ח, ה'), כוהנים, לוויים, ישראלים לא נאמר, אלא "האדם", הא למדת, שאפילו גוי ועוסק בתורה הרי הוא כהן גדול. (2)

סנהדרין דף נ"ט.

---

פאַרן דורכשניטלעכן לייענער אין שפּאַניש —איבערהויפּט פאַרן ניט-יידישן— איז דאָס וואָרט „תלמוד" פאַרבונדן מיט עפּעס-וואָס — מ י ס ט ע ר י ע ז ע ס, געהיימניספּולעס: „עס איז דאָס געהיימע בוך פונם יידנטום" — אַזוי ווערט דער תלמוד באַצייכנט געוויינלעך פון פריינט אויך, ניט נאָר פון פיינט...

די וואָס באַהויפּטן אַזעלכעס, ווייסן אפשר ניט, אַז די „מיסטעריע" איז שוין לאַנג קיין מיסטעריע ניט, ווארום עס איז שוין פאַראַן וויסנשאַפטלעכע און מער-ווינציקער פולשטענדיקע איבערזעצונגען פון משנה און גמרא — וואָס מירן דאָ באַצייכנען מיטן נאָמען „תלמוד" א י ן ע נ ג ן ז י ן פונם וואָרט, תלמוד אַלס קאָלעקציע ביכער — אין ענגליש, פראנצויזיש און דייטש; די "מיסטעריע" האָט זיך אויסגעלאָזט פאַר די, וואָס ווילן קענען און וויסן די ליכט פון אמת; פאַר די וואָס ווילן האָבן אַן אָביעקטיוון צוגאַנג צו זאַכן, צו קעגנשטאַנדן אָדער צו גרויסע גייסטיקע פּראָצעסן אין דעם לעבן פון פעלקער — און דער תלמוד איז עס אין פולן זין פון וואָרט: דער תלמוד, מיינען מיר דאָ, שוין ניט בלויז די קאָלעקציע ביכער, נאָר פון משנה און גמרא, נייערט דעם גייסטיקן שאַפונגס-פּראָצעס אינם יידנטום, וואָס הויבט זיך אָן פון עזרא׳ן און ווערט פאַרענדיקט אין סוף מיטל-

---

1) פון אַן אריינפיר צו דער שפּאַנישער איבערזעצונג פון דר" גינזבורגס ביכל "דער תלמוד" — דערשינען אינם פאַרלאַג „כודאיקאַ".

(2) רבי מאיר פלעגט זאָגן: פון וואַנען איז צו דרינגען, אַז אַ גוי אפילו, אויב ער גיט זיך אָפּ מיט לערנען תורה, איז געגליכן צו אַ כוהן גדול? ווארום עס איז געזאָגט: „וואָס זיי וועט וועט טון דער א ד ם און ער זאָל דורך זיי לעבן"; עס ווערט ניט געזאָגט ניט „כהנים", ניט „לוויים", ניט "ישראלים" נייערט דער אדם (דער מענטש); פון דעם זאָלסטו לערנען, אַז אַ גוי אפילו, אויב ער לערנט תורה, איז ער גיגליכן צו אַ כוהן גדול".

אַלטער; וואָס הויבט זיך אָן מיט דער ביבל, מיט דער תורה שבכתב און ווערט פאַרענדיקט מיט די לעצטע שאלות ותשובות פון גאונים.

עס איז שוין מער קיין מיסטעריע ניט: ניט דער תלמוד, אין דעם ענגן זין פונם וואָרט, אַלס קאָלעקציע פון זעקס סדרים פון משנה און פון גמרא; און ניט דער תלמוד אין דעםברייטן אומבאַגרענעצטן זין פון דעם וואָרט, דער תלמוד אַלס פּראָצעס פון גייסטיקן שאַפן, וואָס גיט קיום דעם יידישן פאָלק — און וועלכער איז הויפּט-זעכלעך דער אָביעקט פון די ווייטערדיקע באַטראַכטונגען.

פון דעם מאָמענטן-אָן, וואָס עס איז פאַראַן איבערזעצונגען אין אייראָפּע-אישע שפּראַכן, איז אויס „געהיימניש" און יעדער איינער קען לייענען אין דער קאָלעקציע ספרים, אין וועלכער עס איז קאָדיפיצירט און געזאמלט געוואָרן דער אוצר פון אונדזערע געזעצן, לעגענדעס, טעאָלאָגישע דיסקוסיעס, גלויבונגען און אויך אבער-גלויבונגען, סאָציאַלע און ציווילע פאַרשריפטן, אַלץ וואָס איז אין גייסטיקן און קולטורעלן זין אַנטשטאַנען אינם יידנטום אין אַ צייט-אָפּשניט פון אַזעלכע אַכט הונדערט יאָר און עקספּאַנירט און אויסגעדריקט געוואָרן דורך אַזעלכע פינף טויזנט פּערזאָנען, געלערנטע, סופרים, חכמים, תנאים, אמוראים, סבוראים א. אַ. וו.

שפּאַניש איז אויך אַן אייראָפּעאישע שפּראַך — און האָט אַמאָל געהאַט אַ גאַר-נאָענטע שייכות מיט יידן, און אין איר איז איצט ניטאָ נאָך כמעט גאָרניט וועגן תלמוד.

אין דער נייער שפּאַנישער פּובליציסטיק הערשט אַ פולשטענדיקע אָפּוועזנ-הייט פון אַ ליטעראַטור, אָן אינפאָרמאַטיווער און פּאָפּולער-וויסנשאַפטלעכער אפילו — שוין אָפּגערעדט פון אַ וויסנשאַפטלעכער — וועגן דעם תלמוד און דער רבנישער ליטעראַטור, וועגן דעם תלמוד דאַרף געזאָגט ווערן, אין ענגן, שמאָלן, באַשרענקטן באַגריף פונם וואָרט, ווי אויך וועגן דעם תלמוד אין דעם ברייטן זין פון דעם וואָרט, וועגן דעם תלמוד אַלס פּראָצעס פון גייסטיקן שאַפן אין דעם יידישן פאָלק, אַ פּראָצעס וואָס האָט זיך געצויגן טויזנט פינפהונדערט יאָר, אויסגעדריקט אין אינטענסיווער גייסטיקער אַקטיווי-טעט, און וואָס האָט די גרעסטע באַדייטונג אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק און אין דעם געראַנגל פאַר זיין נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ.

בנוגע דעם תלמוד אין ביידע באַגריפן, וואָס מיר אונטערשיידן דאָ, הערשט צווישן דער יידישער און ניט-יידישער שפּאַניש-לייענענדיקער אינטעליגענץ אַ מערקווירדיקע אומוויסנהייט, איבער מאַנגל אין אינפאָרמאַציע. עס איז אָפט צום שטוינען צו וואָסערע לעכערלעכע רעזולטאַטן דאָס ברענגט: אַזאַ וויסנשאַפטלער, ווי אַ. באָניזשאַ אי סאַן מאַרטין, צום ביישפּיל, רעדט אין זיין געשיכטע פון דער פילאָזאָפיע אין שפּאַניע, אינם צווייטן באַנד, וועלכער איז געווידמעט יידן, וועגן תלמוד מיט אַזאַ פאַרשטענדעניש וועגן דעם, נאָר ווי אַ קינד פון ערשטן גראַד אָנפאַנג-שולע וואָלט געקענט רעדן צום ביישפּיל

וועגן דער... איינשטיין-טעאָריע. וועגן דער אַנטיסעמיטישער ליטעראַטור, אין שפּאַניש, וואָס פּלוידערט, איינפאַך, וועגן דעם תּלמוד, ניט האָבנדיק די מינ־דעסטע אַנונג וועגן אים און וועגן דעם, וואָס ד ע ר ת ל מ ו ד שטעלט פאָר מיט זיך, איז שוין אָפּגערעדט.

און עס איז באמת פּאַרדריסלעך, אַז אין דער שפּאַנישער מאָדערנער פּוב־ליציסטישער און וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור זאָל אַזעלכעס געשען: אין דער ש פ אַ נ י ש ע ר, באַטאָנען מיר, ווען נאָך אַלפאָנסאָ על סאַביאָ (דער געלערנ־טער, דער ווייסער) האָט געלאָזט איבערזעצן דעם תּלמוד אויף שפּאַניש; ווען שוין אין עלפטן יאָרהונדערט האָט זיך אין שפּאַניע, דער קריסטלעכער, אָנגעהויבן די פּאָלעמישע ליטעראַטור פאַר און קעגן דעם תּלמוד; און רבי שלמה אדרת (דער „רשב"א") האָט פאַרעפנטלעכט אַן אַפּאָלאָגעטיש ווערק וועגן תּלמוד קעגן די אָנפאַלן אויף אים פון רייִמאָנדאָ מאַרטין, ווען אין שפּאַניע איז נאָך אין 14-טן יאָרהונדערט אַזוי פיל געשריבן געוואָרן פאַר און קעגן דעם תּלמוד, אין העברע־איש און אין שפּאַניש, און צומאָלס איןביידע שפּראַכן, ווי עס איז דער פאַל מיטן אַנטי-תּלמודישן ווערק „מורה-צדק" — „מאַסטראַדאָר דע כוסטיסיאַ" פון אַבנר פון בורגאָס; ווען אין שפּאַניש און פּאָרטוגעזיש זיינען פאַראַן אָריגינאַל אָדער איבערזעצט, וועגן תּלמוד אַפּאָלאָגעטיק אַזעלכע ווערק ווי עמאַנועל אַבאָאַבס און דאַוויד ניעטאָ — דערמאָנט אַלס ביישפּיל צווישן פיל אַנדערע — איז פּשוט אומפאַרשטענדלעך, אַז עס זאָל הערשן אַזאַ מגושמדיקע אומוויסנ־הייט בנוגע דעם תּלמוד.

אין אונדזער איצטיקער צייט —מער ווי ווען עס איז פריער— ווען דער אַנטיסעמיטיזם און די יידן-שנאה האָט ווידער געמאַכט אַקטועל דאָס וואָרט „תּלמוד", פאָכנדיק מיט דעם, ווי מיט עפּעס אַ מין סטראַשידלע, ריידנדיק וועגן דעם, ווי וועגן עפּעס אַ געפערלעכער געהיימער לערע — איז דערפאַר פון גאָר וויכטיקן ווערט, אַז עס זאָל געגעבן ווערן דעם לייענענדיקן פּובליקום אין שפּאַניש, ניט-יידן ווי יידן, אַן אָביעקטיוו-אינפאָרמאַציע בוך, פּאָפּולער און סכעמאַטיש, אָבער גענוג אויספירלעך עקספּאָנירט, אַן ליידנשאַפט, אָבער מיט אַבסאָלוטן אמת און ליבע צו דער וואָרהייט פון וויסן.

איך וועל מיך דאָ ניט אָפּשטעלן אויף דעם ענין פון דעם ג ע נ ע ז י ס פונם תּלמוד, אויף דער געשיכטע פון זיין אַנטשטיין א י ן ד ע ם ע נ ג ן זי ן פ ו ן ד ע ם וו אָ ר ט. אין דעם באַגריף וואָס באַצייכנט אַ קאָלעק־ציע ביכער, אַלס אַן ענציקלאָפּעדיע, „סואַי גענערים". פון יידישן לעבן און שאַפן, פון יידישער דיאַלעקטיק און טעאָלאָגיע, סכאָלאַסטיק און הערמענעווי־טיק (דרוש), וואָס איז כולל די ל ע ג ע נ ד ע ס און ג ע ש י כ ט ל ע כ ע באַ־ציאונגען, וויסנשאַפטן און לעבנס - חכמה, גלויבונגען און אַבערגלויבונגען אין משך פון דורות; אויף דעם תּלמוד-קאָנצעפּט וואָס איז כולל: די ביכער פון משנה, ביידע סעקציעס און די אומציילִיקע מדרשים; אויף דעם תּלמוד אין דער עקזעקטיק פון זיינע גרויסע טיילן: הלכה און אגדה (יורי, לעבנס-שטייגער, ציווילע, רעליגיע־זע און סאָציאַלע, קרימינעלע און פּענאַלע רעכטן — איז הלכה. נאַציאָנאַלע

ראָמאַנטיק, לעגענדעס, פאַבלען, מיסטישע וואונטשן, נאַציאָנאַלע האָפנונגען, פאָלקלאָר, מעשהלעך, פאָלקסגלויבונג און פאָלקס-אבערגלויבונגען, אפאָריזמען און עטישע און מאָראַלישע סענטימענטן, אַלעגאָריעס און רמזים אויף היסטאָרישע פאַסירונגען און געשעענישן — איז אגדה).

איך וועל, זאָג איך, זיך ניט אָפּשטעלן אויף דער געשיכטע פון דער אנטשטייאונג און פאָרמירונג פונם תלמוד, ניט אויף דעם פּראָצעס פון זיין זאמלונג און קאָדיפיקירונג ניט אויף זיין סטיל, לינגוויסטיק, פאָרם, ארכאאישן אינהאַלט און ספּעציעלן ס ד ר.

אויף וואָס איך וועל זיך יאָ אָפּשטעלן ווייטער איז אויף דער באַדייטונג פ ו ן ד ע ם ת ל מ ו ד א י ן ב ר י י ט ן ז י ן פ ו ן ו ו אָ ר ט: אין זין פון אַ פּערמאַנענטן, שעפערישן, גייסטיקן פּראָצעס אינם יידנטום, וואָס ציט זיך דור-דורות — אויף דער באַדייטונג פונם ת ל מ ו ד א ל ס מ אַ - ר ע מ אַ ג נ ו ם פון דער תורה שבעל-פה, אין דער געשיכטע פון יידן און אויף דער ראָל, וואָס ער האָט געשפּילט פאַר דער דערהאַלטונג פונם יידנטום אַלס טעריטאָריעלאָז פאָלק, אין דעם געראַנגל פאַר זיין עקזיסטענץ צווישן פעלקער און פון זיין קיום אַלס פאָלק.

נאַטירלעך, אז דאָס איז אַן אויפגאַבע, וואָס קען ניט אויסגעשעפּט ווערן אין אַ קורצער ארבעט פון פּאָפּולער- און אינפאָרמאַטיוון כאַראַקטער, וואו עס קען זיין פּלאַץ בלויז פאַר אַ סינטעטישער עקספּאָזע פונם אַלגעמיין-געשיכטלעכן אַספּעקט און ניט פאַר אָפּשטעלן זיך אויף באַזונדערע ספּעציפישקייטן פון די אָדער יענע שטרעמונגען אין דעם תלמוד-פּראָצעס אין דיפערענצירונג פון טענדענצן, עפּאָכעס און פערזענלעכקייטן, וואָס האָבן זיך אַזוי אָדער אנדערש ארויסגעטיילט אינערהאַלב דעם תלמוד-פּראָצעס.

— 2 —

„ויאמר ד׳ אל משה: כתב לך את הדברים האלה (שמות ל״ד, כ״ו) הדא הוא דכתיב (יהושע ח׳) „אכתבה לו רובי תורתי כמו זר נחשבו״.

בשעה שנגלה הקב״ה בסיני ליתן תורה לישראל, אמרה למשה על הסדר, מקרא, ומשנה, תלמוד ואגדה, שנאמר (שמות כ׳) „וידבר אלהים את כל הדברים האלה״, אפילו מה שהתלמיד שואל לרב. (גירסא אחרת: „אפילו מה שישאל תלמיד ותיק לרבו אמר הקב״ה למשה באותה שעה).

מאחר שלמדה מפי הקב״ה, אמר לו: „למדה לישראל!״ (גירסא אחרת: „לך ולמדה את בני!״).

אמר לפניו: רבונו של עולם, אכתוב אותה להם?

אמר לו: איני מבקש ליתנה להם בכתב, מפני שגלוי לפני שאומות העולם עתידים לישלט בהם וליטול אותה מהם, ויהיו בזויים באומות; אלא: המקרא אני נותן להם בכתב, והמשנה, והתלמוד והאגדה, אני נותן להם על פה, שאם יבואו אומות העולם וישתעבדו בהם, יהיו מובדלים מהם (מדרש רבה, שמות פ׳ מ״ו, מדרש תנחומא, ק. פ. תשא).

„און גאָט האָט געזאָגט צו משהן: פאַרשרייב די דאָזיקע רייד״. דאָס איז וואָס ווערט געשריבן: „איך וועל אים פאַרשרייבן דאָס

פילע פון מיין לערע, ווי אַ פּרעמדער ווערן זיי באַטראַכט". ווען גאָט האָט זיך באַוויזן צו משה'ן אויפן באַרג סיני צו געבן יידן די תורה, האָט ער זי געזאָגט משה'ן לויטן סדר: מקרא, משנה, תלמוד און אגדה. אַלץ האָט ער אים געזאָגט, אפילו וואָס יעדער תלמיד וועט אַמאָל פרעגן זיין רבין.

נאָכדעם ווי ער האָט זי אים אויסגעלערנט, האָט גאָט געזאָגט משהן: „גיי און לערן זי אויס די קינדער פון ישראל".

זאָגט משה צו גאָט: רבונו של עולם! אפשר וואָלט איך זיי אויפגעשריבן די תורה?

האָט אים גאָט געענטפערט: ניין, איך וויל זיי ניט געבן די גאַנצע תורה שריפטלעך, ווארום פאַר מיר איז באַוואוסט און אַנטפּלעקט, אַז די אומות העולם וועלן שפּעטער זי אַוועקנעמען ביי די יידן און זיי וועלן צווישן די אומות פאַרשעמט ווערן: דערפאַר וועל איך געבן שריפטלעך נאָר מקרא, די משנה, אָבער, דעם תלמוד און די אגדה וועל איך זיי לאָזן איבערגעבן אויסווייניק; און ווען די אומות העולם וועלן קומען און וועלן די יידן פאַרקנעכטן, וועלן זיי דורך דעם (דורך דער תורה שבעל פה) פון זיי זיך אונטערשיידן.

---

עס איז ניט צו געפינען אין קיין צייט, אין קיין עפּאָכע פון דער אוניווערסאַלער געשיכטע אַ צווייטן ענלעכן פאַל אַזאַ, אַז אַ פאָלק אַ גאַנץ זאָל אַזוי אידענטיפיצירט זיין און ווערן מיט אַ בוך, וואָס שטעלט פאַר מיט זיך דעם פּראָצעס פון דער גייסטיקער, קולטורעלער און איינצייטיק וועלטלעך-יורידישער (לויט די באַגריפן פון יענער צייט) שאַפונג פונם פאָלק, אין אַ משך פון איבער טויזנט יאָר, ווי דאָס איז דער פאַל מיטן יידישן פאָלק אין באַצוג צום תלמוד. און עס איז ניט צו טרעפן אַ צווייטן פאַל אַזאַ, אין דעם גאַנג פון דער גאַנצער געשיכטע פון דער מענטשהייט, אַז אַ כעריע ביכער, וואָס זיינען אַ פּראָדוקט פון שאַפונגען אין אַ משך פון דורות לאַנג און אין דער שאַפונג פון וועלכע עס האָבן אינטערוועגירט ע ט ל ע כ ע ט ו י ז נ ט מענטשן ,געלערנטע (לויט די באַגריפן פון יענער צייט) און ניט-געלערנטע, קלוגע און ניט-קלוגע, באַגאַבטע און אומבאַגאַבטע, זאָל אַזוי אידענטיפיצירט ווערן מיט אַ פאָלק, ווי דאָס איז דער פאַל מיטן תלמוד אין שייכות צום יידישן פאָלק.

איין גורל האָט זיי פאַרייניקט אַזוי האַרט, אַזוי ענג, אַז ס'איז ניט צו צעשיידן געווען צווישן זיי: דער גורל פון ליידן און פון פאַרפאָלגונגען.

אַזאַ איז געווען דער געשיכטלעכער גורל פון יידישן פאָלק, וואָס האָט פאַרלוירן זיין אומאָפּהענגיקייט, זיין נאַציאָנאַלע טעריטאָריע, אַסך פריער איידער וועלכע-ניט-איז פון די איצטיקע נאַציעס און מלוכות האָבן עקזיסטירט אויף דער וועלט; און האָט נ י ט ג ע ק ע נ ט און ניט געוואָלט בשום אופן, אונטערגיין אַלס פאָלק, אויפגעלייזט ווערנדיק אין דער אַרומיקער וועלט.

דער דאָזיקער געשיכטלעכער גורל איז אַ רעזולטאַט געוואָרן מער פון אויסערע ווי פון אינערע היסטאָרישע סיבות. וואָרום אונדזער פאָלק איז תמיד געווען אַ פּ אַ ס י ו ו ע ר אָ ב י ע ק ט פון געשיכטע, וואָס אַנדערע האָבן געשאַפן. מיר ווי אַן אַליין אַ ק ט י ו ו ע ר ע ר, מער דער ס ו ב י ע ק ט פון זיין אייגענער געשיכטע.

האַבנדיק פאַרלוירן זיין אומאָפּהענגיקייט אין דער העלפט פונם ערשטן יאָר־הונדערט פון דער איצטיקער ערע, האָט דער פּראָצעס פון דעם גייסטיקן שאַפן זיינעם, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אין יענע צייטן, וואָס זיינען פאַרהילט אין דעם נעפל פון דער כמעט אור־געשיכטלעכער צייט און וואָס האָט זיך קאָנקרעט אויסגעדריקט אין דעם אָנהויבן שאַפן די ביבל (די פאַרהייליקט געוואָרענע פון אַלע רעליגיעס) ניט אָפּגעשטעלט מיטן חורבן פון אונדזער פּאָליטיש־נאַציאָנאַלן מלוכה־וועזן, אָבער ער האָט פאַרלוירן די פּאָליטישע אחיזה, דעם אָנהאַלט און באַזע פון זיין מלוכהשן קיום און געמוזט ווערן מער אַבסטראַקטלייט, מער דיאַלעקטיק, ווי רעאַל לעבן, אַזוי צו זאָגן: עס איז געשאַפן געוואָרן, און עס האָט געמוזט געשאַפן ווערן אַן ערזאַץ פון אַ טעריטאָריע, ווען די טעריטאָריע זעלבסט איז ניט געווען.

— 3 —

דער אָנהויב פון דער שאַפונג פון דער תורה שבעל־פה איז נאַטירלעך, פריער אין עלטער ווי די עצם תורה־שבכתב; אַזוי איז דער פּראָצעס פון דער מענטשלעכער קולטור, און אַזוי איז ער געווען ביי יידן אויך; די געזעצן, וואָס רעגולירן דעם לעבנס־שטייגער און ווערן דיקטירט פון די עלעמענטאַרסטע באַדערפעניש פון מענטשלעכע קעגנזייטיקע באַדינגונגען צווישן מענטשן און פון קעגנזייטיקע פאַרהעלטנישן צווישן מענטשן און דער נ אַ ט ו ר, צווישן מענטשן און דער אומזיכטבאַרער, א י ב ע ר נ אַ ט י ר ל ע כ ע ר קראַפט, ווערן פריער געשאַפן דורכן לעבן און מענטשלעכע געפילן זעלבסט און דערנאָך קאָנאָניזירט, רעגולירט, פיקסירט אין שריפטלעכע פאָרמען דורך קערפּערשאַפטן, וואָס האָבן געזעלשאַפטלעך־מלוכהשן כוח און פולמאַכט פאַר דעם.

אַזוי איז עס אויך געווען ביי יידן. און דער תנ"ך איז געווען דער אויסדרוק פון אַ גרויסן טייל פון די אורגעזעצן, וואָס האָבן געהערשט ביים פאָלק נאָך פון די אוראַלטע צייטן־אָן. דאָס ווייטערדיקע לעבן, נאָך דעם צוריקקער פון גלות בבל, דאָס לעבן פון יידן אין ארץ־ישראל טאַקע, אָבער אונטער דער פּאָליטישער הערשאַפט פון אַנדערע מלוכות — די פּערסן, די גריכן, די כעלעווקיטן, די רוימער — האָט אַנטוויקלט נייע באַדערפענישן, נייע קולטור־נאָרמעס, נייע סאָציאַלע נאָרמעס, אַ לעבנס־שטייגער, וואָס האָט זיך געענדערט און געמוזט ענדערן, ניט נאָר אונטער דער ווירקונג פון די אינערלעכע סיבות זעלבסט, נייערט אויך אַלס רעזולטאַט פון די שטענדיקע פּאָליטישע ענדערונגען, וואָס זיינען געקומען אין פּאַלעסטינע, אין יענער צייט, פ ו ן ד ר ו י ס ן , איבער די געשיכטלעכע געשעענישן איבערן גראַנגל צווישן דעם אימפּעריאַליזם פון דעם אָריענט, דעם מאַצעדאָנישן און רוימישן.

די נייע לעבנס־באַדערפענישן, די איינפלוסן, פון די פּאָליטישע און געשיכטלעכע טראַנספאָרמאַציעס און געשעענישן; די באַרירונג מיט אַנדערע פעלקער און קולטורן, וואָס האָט צייטנווייז שאַרפע שטרעמונגען און נויגונגען אריינגעבראַכט אין דעם יידנטום (ווי צום ביישפּיל, דער העלעניזם אין זיינע פאַרשי־

דענע אומוואַנדלונגען און סינקרעטישע אויספאָרמירונגען אונטער באַזונדערע פּאָליטישע פּראָצעסן (גריכנלאַנד, מזרח-קולטור און רוימישע מאַכט אין לויף כמעט פון דער גאַנצער געשיכטלעכער עפּאָכע פונם בית-שני) — האָבן געבראַכט נייע מוזען, נייע טענדענצן אין דעם גייסטיקן שאַפונגס-פּראָצעס; טייל-ווייז זיך-צופּאַסנדיקע — און זיי האָבן זיך אויסגעדריקט אין אויס-טייטשן די אַלע געהייליקטע געזעצן פון דער תורה אַזוי, אַז זיי זיינען געוואָרן מער הומאַניטאַר, מער אין הסכם מיט די נייע סאָציאַלע לעבנס-פאָדערונגען און באַ-דינגונגען; און טיילווייז אין פאַרייִדישן יענע קולטור-אָנ-ווייאונגען, וואָס זיינען געקומען פון דער דרויסנדיקער וועלט. וועלכע האָבן, לויט זייער מהות געקענט אַסימילירט ווערן פון דעם ייִדישן גייסט, אָן צו זיין אין אָפענעם קאַטעגאָרישן ווידערשפּרוך צו אים. איינצייטיק אָבער האָט די ייִדישע גייסטיקייט באַקעמפט און אָפּגעשטויסן דאָס, וואָס האָט ניט געפונען קיין מעגלעכקייט צו באַהעפטן זיך אין אים, ווי דער גריכישער פּאַגאַניזם, צום ביישפּיל, דאָס אָנבינדן דעם מהות און לעבן פון גאָטהייט אַ געשטאַלט, פאָרם און אינהאַלט פון מענטשלעכן וועזן. דען ווען לויט דער ייִדישער תורה איז די זאַך אומגעקערט געווען; גאָט האָט באַ-שאַפן דעם מענטשן אין זיין געשטאַלט.

דער פּראָצעס פון דעם גייסטיקן שאַפן ביי ייִדן — דאָס וואָס האָט זיך אויסגעדריקט — באַטראַכט אין גרויסע שטריכן — אין אַ תורה שבעל-פה, אין אַ לעבנס-געזעץ, אַ ניט-פאַרשריבנס נאָך, ניט קאַנאָניזירט נאָך, איז, פאָלגלעך, פאַרגעזעצט געוואָרן אומאיבערגעריסן, פּאַראַלעל מיט דעם אָפּשלוס פון דעם שריפטלעכן געזעץ פון דער תורה און דערנאָך, נאָכדעם, אונטער די פאַרשידנסטע געשיכטלעכע איבערלעבונגען און טראַנספאָרמאַציעס, וואָס דאָס פאָלק האָט דורכגעמאַכט: פריער אונטער די מאַצעדאָנער, אונטער דער הער-שאַפט פון די סעלעווקיטן, שפּעטער אונטער די רוימער און צווישן, אין דער קורצער צייט פון דעם גלאַנץ פון דער חשמונאים-דינאַסטיע (מיט אַלע מעלות און חסרונות פון איר הערשאַפט), ווען יהודה איז אַ קורצע צייט געווען פול-שטענדיק אומאָפּהענגיק.

דער פּראָצעס גייט אין איין ריכטונג און איז כולל אַלץ: דאָס איז די מינדלעכע אינטערפּרעטאַציע פונם שריפט-לעכן געזעץ, כדי צו צופּאַסן אים צו די אַלע מאָל זיך ענדערנדיקע פאָרמען פון נאַציאָנאַלן, געזעלשאַפטלעכן, סאָציאַלן און אפילו אינדיווידועלן טאָג-טעגלעכן לעבן; צופּאַסן דורך אויסטייטשונגען און אריינטייטשונגען פון און אין די הייליקע שריפטן, די אַלטע נאָרמעס צו נייע פאָדערונגען, באַגריפן, שטייגער און קאָנקרעטע אימפּאָזיציעס פונם לעבן.

דאָס איז דער פּראָצעס, וואָס הייסט תורה שבעל-פה און וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין די צייטן פון אַלעקסאַנדער מוקדונס הערשאַפט און פאַרענדיקט נאָך דעם פינפטן יאָרהונדערט פון דער איצטיקער ערא אין סיריע — וואו די

גייסטיקע יידישע צענטערן זיינען געווען דאַן קאָנצענטרירט — מיטן אָפּשלוס פון תלמוד בבלי.

— 4 —

— פאַרענדיקט? האָט זיך עס ווירקליך פאַרענדיקט דעמאָלט? ניין. דאָס וואָרט „פאַרענדיקט" קען דאָ באַנוצט ווערן בלויז אין רעלאַטיוון זין. דער תלמוד איז טאַקע דאַן אָפּגעשלאָסן געוואָרן, די תורה שבעל־פה, אויף וויפיל דאָס באַדייט קאָמענטאַרן, אויסטייטשונגען און דער עיקר אַ פּראָצעס פון פּער־מאַנענטער צופּאַסונג פון דעם דאַמאָלטיקן יידישן גייסטיק־רעליגיעזן לעבנס־צוגאַנג; ער איז אָבער פאַרגעזעצט געוואָרן שוין אין אַ שריפטלעכער פאָרם דורך די ווייטערדיקע און ווייטערדיקע גענעראַציעס פון געלערנטע, אין משך פון דורות און דורות, אין לויף פון דעם מיטלאַלטער, דורך די רבנים, סבוראים, גאונים, שפּעטער אין שפּאַניע, וואוהין דער גייסטיקער יידישער צענ־טער וואַנדערט איבער, ווערט אַריבערגעטראָגן, אין פּראָוואַנס, אין די קהילות פון ריין און שפּעטער אין ליטע,פּוילן און, ווידער אין ארץ־ישראל.

דער תלמוד איז טאַקע אָפּגעשלאָסן געוואָרן אינם 5־טן יאָרהונדערט אין בבל, אָבער זיין גרויסע ווירקונג אויף דעם יידנטום, די גוואַלדיקע אידענטיפיצי־רונג זיינע מיטן יידנטום, די אָרגאַנישע צוזאַמענשמעלצונג זיינע מיטן יידנטום איז צו פאַרדאַנקען דעם פאַקט, וואָס נאָכן אָפּשליסן פונם תלמוד, איז דער קולטור־פּראָצעס, וואָס האָט געפירט לכתחילה און פריער צו זיין אַנטשטייאונג — די נאַציאָנאַלע באַדערפעניש פון קולטורעלן און גייסטיקן פערמאַנענטן צופּאַסן זיך צו אַלע מאָל זיך ענדערנדיקע אָביעקטיווע, אויסערלעכע היסטאָרישע סיטואַציעס, צופּאַסונג דורך אינטערפּרעטאַציע פון די פריער־דיקע קאָנסאַגרירטע ווערטן, אָן צו איבערייסן מיט זיי, אָן צו אָפּברעכן אינ־גאַנצן מיט די אַלטע — פאַרגעזעצט געוואָרן אומאיבערגעריסן אויך ווייטער און ווייטער דורך דורות און געשיכטע עפּאָכעס ביז אונדזער איצטיקער צייט־עראַ.

דאָס איז געווען דער כוח פונם תלמוד — אינם ברייטן זין פונם וואָרט, ווי איך וויל עס דאָ פאַרשטיין: פון דער משנה ביז די לעצטע גלאָסאַרן פון דער תורה שבעל־פה אין די געטאָס פון דייטשלאַנד און אין די ישיבות פון פּוילן און פון ליטע:

עס איז די גייסטיקע עוואָלוציע פון דעם יידישן פאָלק, אומאיבערגעריסן אין משך פון זיין גאַנצער געשיכטלעכער עראַ: וואָס מיינט צו זאָגן די עראַ פון דעם קאַמף פאַר זיין גייסטיקן קיום.

דאָס איז דער פּראָצעס פון עוואָלוציע, וואָס אונדזער פאָלק האָט דורכגעמאַכט אַ דאַנק דעם מעטאָדוס און אופן פון אינטערפּרעטאַציע, וואָס די ערשטע תנאים האָבן אַנטוויקלט אַלס באַזע פון מהות פון יידישקייט: ניט איבערייסן, ניט אָפּברעכן מיט דאָס פאַריקע, דאָס פאַרהייליקטע פונם פאָלק, נאָר צופּאַסן די נייע פאָדערונגען, דעם

מוז פונם לעבן, דעם אימפּעראַטיוו פון געזעלשאַפט און פונם לעבן צו די אַלטע, פון דורות פריער געהייליקטע ווערטן; און דאָס דערגרייכט מען דורך דעם, וואָס מען אינטערפּרעטירט די תורה אַזוי, אַז דאָס נייע זאָל קענען פאַרשטאַנען ווערן אינם גייסט און ליכט פון דאָס טראַדיציאָנעלע.

די עוואָלוציע פונם יידנטום, אינערהאַלב דעם פּראָצעס פון זיין גייסטיקן שאַפן, אומאיבערגעריסן אין משך פון טויזנטער יאָרן, דאָס איז דער רעזולטאַט פון דער תורה שבעל-פּה, פאַרשטאַנען אין דעם ברייטן זין פונם באַגריף פונם וואָרט תלמוד. דאָס האָט געגעבן דעם יידנטום כוח צו לעבן ביז איצט. אַ דאַנק אָט דער דאָזיקער אייגנשאַפט זיינער — די אייגנשאַפט פון אינטערפּרעטאַציע צוליב נאַציאָנאַלער עוואָלוציע און צופּאַסונג — האָט דאָס יידנטום איבערגעלעבט אומאיבערגעריסן אַלס נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפט פון דער אוראַלטסטער געשיכטלעכער עפּאָכע, אַזעלכע 15 יאָר הונדערטער פאַר דער קריסטלעכער ערע, ביז איצט, די צייטן פון היטלערן, און וועט לעבן ווייטער אומענדלעך, ווי די צייט איז אומענדלעך.

דאָס איז תלמוד — אין בריטן, אינם נאַציאָנאַל-היסטאָרישן זין פון וואָרט, אינם זין ניט פון אַ באַשטימטער קאָלעקציע ביכער פון גרעסערן אָדער קלענערן היסטאָריש-ליטערארישן און קולטור-היסטאָרישן ווערט, נייערט אין זין פון דעם גרויסן, אומענדלעך-זיך-ציענדיקן פּראָצעס פון דער גייסטיקער עוואָלוציע פונם יידישן פאָלק, וואָס ראַנגלט זיך, דורך עפּאָכעס און צווישן אַלע פעלקער, פאַר זיין נאַציאָנאַל-קולטורעלן קיום, זייענדיק געצוואונגען דורך אויסערע היסטאָרישע סיבות צו לעבן אַלס טעריטאָריעלאָזע נאַציע.

און די איינצעלנע עטאַפּן, אויף דעם דאָזיקן פּראָצעס זיינען אין גרויסע שטריכן די פאָלגנדיקע:

די ביבל: דאָס שריפטלעכע געזעץ (תורה שבכתב).

די משנה — די אינטערפּרעטאַציע פון דער ביבל, כדי צו צופּאַסן זי צו נייע באַדינגונגען — די משנה, וואָס האָט קאַנאָניזירט, שריפטלעך, די תורה שבעל-פּה פון די תנאים, ביזן צווייטן-דריטן דור נאָכן חורבן.

די גמרא (תלמוד — אין ענגן זין פונם וואָרט), וואָס איז אַ ווייטערדיקע אויסוויקלונג פון דער זעלביקער ליניע פון אינטערפּרעטאַציע, און אַן אויסטייטשונג און קאָמענטאַר צו דער משנה: און זי באַשטייט פון צוויי גרויסע ווערסיעס, די ארץ-ישראלדיקע, געשאַפן אין גליל, און טראָגט, דאָך, דער נאָמען „ירושלמי. און די בבל'שע: די לערע און די קאָמענטאַרן פון אַלע אמוראים; דער דור געלערנטע, וואָס הויבט זיך אָן מיט רב אבא אריכא, אליין נאָך אַ האַלבער תנא, אַ תלמיד פון רבי יהודה הנשיא (דער אָרדנערער און קאָדיפיקאַטאָר פון דער משנה) ביזן לעצטן אמורא, וואָס האָט אין פינפטן יאָרהונדערט אָפּגעשלאָסן די גמרא (תלמוד אינם ענגען זין פונם וואָרט).

די סבוראים און די גאונים זעצן-פאָר דעם ווייטערדיקן פּראָצעס פון דער דאָזיקער גייסטיקער שאַפונג דורך נייע קאָאָרדינירן די שריפטלעכע טעקסטן

פונם תלמוד און פּאָרזעצן, ווייטער צו אויסטייטשן מסבירזיין די אַלטע ווערטן און היילקייטן אַזוי, אַז זי זאָל קענען דינען פאַר די געענדערט-ווערנדיקע לעבנס-באַדינגונגען.

די ווייטערדיקע מפרשים אין שפּאַניע, פּראָוואַנס, אין ריינלאַנד, רש״י, דער אַלפאַס, תוספות, דער רמב״ם, דער ראש, דער רשב״א, דער רלב״ג — די פּוסקים; די שפּעטערדיקע: מהרשא, מהר״ם און נאָך, און נאָך — ביזן לעצטן מחדש.

— 5 —

דאָס איז תורה שבעל-פּה, פאָרגעזעצט שריפטלעך, אַלס אומענדלעכער פּראָצעס פון גייסטיקן שאַפן אין אונדזער פאָלק, אין משך פון דורות און עפּאָכעס פון דער צייט פון זייער אומקער צוריק פון בבל קיין ארץ-ישראל ביז... ביזן אָנהויב פון דער נייער עפּאָכע אין דער אוניווערסאַלער געשיכטע.

עס איז די גייסטיקע טעריטאָריע, וואָס דאָס פאָלק האָט געשאַפן פאַר זיך, פּערמאַנענט, נאָכדעם ווי עס האָט פאַרלוירן די ערדישע טערי-טאָריע.

קיין פאָלק האָט אַזאַ מין גייסטיקן פּראָצעס ניט דורכגעמאַכט, ווייל קיין פאָלק האָט ניט דורכגעמאַכט ניט פּאָליטיש, ניט היסטאָריש אַזאַ פּראָצעס ווי ייִדן. צו לעבן יאָרהונדערטער אָן אַ טעריטאָריע, אָן אַ פּאָליטישער מאַכט, איינ-אָרדנענדיק אַזוי זיין לעבן, אַז דער קרייז פון גייסטיקן שאַפן זאָל דינען, ווי אַ „במקום טעריטאָריע“.

דאָס איינציקע פאָלק, וואָס האָט געלעבט אַנדעריש, ווי אַלע, מחמת זיין גע-שיכטלעכער גורל איז אויסגעפאַלן אַנדעריש — איז דאָס ייִדישע — האָט דער פּראָצעס פון גייסטיקן שאַפן זיך אויסגעלייגט ביי אים אַנדערש, ווי ביי אַלע פעלקער.

יענע האָבן קיין גייסטיקע טעריטאָריעס ניט געדאַרפט — ווייל זיי האָבן געהאַט לאַנד אונטער די פיס און מלוכה׳ש נאָרמאַל לעבן אין זייער קיום און פאַר דעם אָנפיר פון זייער קולטור.

ייִדן האָבן דאָס ניט געהאַט, האָט דארום דער פּראָצעס פון זייער נאַציאָנאַלן לעבן זיך אויסגעוויקלט אין די גרעניצן פון אַ גייסטיקער טעריטאָריע, אַזוי צו זאָגן: זיי האָבן געלעבט מיט דער פאַרגאַנגענ-הייט: דער גאַנצער לעבנס-שטייגער און לעבנס-באַזע פון דער ייִדישער געזעל-שאַפט איז פון דורות געווען דערום אַ נאַציאָנאַל - רעליגיעזער; און די באַזע פאַר דעם האָט דאָס ייִדישע פאָלק דורך זיין נאַציאָנאַלן אינסטינקט פונדאַמענטירט אין דעם פּראָצעס, וואָס האָט געהייסן „תורה שבעל-פּה“ און וואָס דער ריכטיקער, דער גרינטלעכער זין פאַר דעם איז: ביים גאַנצן קאָנסערוואַטיזם אָנהאַלט איז דאָס פאָריקע, איז דאָס פאַרגאַנגענע, איז דאָס טראַדיציאָנעל-געשיכט-לעכע, טייטשט - אריין און די לערע פון די אבות די ווערטן, וואָס דאָס לעבן, אין זיין אייביקן גאַנג און

אייביקן פראָצעס פון באַנייאונג, בראַנגט אריין.

דער נאַציאָנאַלער אינסטינקט האָט אונטערגעזאָגט די תנאים אין דער צייט, ווען רוים האָט געהאַלטן אין פאַרניכטן די פּאָליטישע גאַנצקייט, דעם פּאָליטישן קיום פון יהודה — וואָס צו טון, ווי אַזוי צו קענען ווייטער עקזיסטירן. דער נאַציאָנאַלער לעבנס-אינסטינקט האָט דיקטירט, אַז די תורה שבעל-פּה — תלמוד אין ברייטן זין פון וואָרט — זאָל ווערן דאָס, וואָס האָט דערמעגלעכט די עקזיסטענץ פון יידישן פאָלק אומאיבערגעריסן אין זיין נאַציאָנאַלער קאָנטינואיטעט, אין די ברייטע גייסטיק-רעליגיעזע נאָרמען פון לעבן.

ווי אַזוי?

ווייל אַ דאַנק דעם פּראָצעס פון דער תורה שבעל-פּה איז די ביבל-רעליגיע געוואָרן די נאַציאָנאַלע רעליגיע פונם יידישן פאָלק. ביסלעכווייז בהדרגה איז עס געוואָרן: עס איז געווען אַ פּראָצעס פון דורות, פון יאָרהונדערטער; אָבער דורך דער משנה, תלמוד (אין דער הלכה און אין דער אגדה), איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ נאַציאָנאַלע רעליגיעזע קולטור, וואָס האָט דעם אַלטן יידישן גאָט, דעם גאָט פון דער וויסטע, פריער, שפּעטער, דעם גאָט פון די נביאים, דעם גאָט וואָס איז אי אַ צאָרנדיקער, אי אַ באַרימהאַרציקער, פאַרוואַנדלט אין אַ גאָט פונם יידישן פאָלק אין גלות, אין דער שכינה (שכינה — מיינט צו זאָגן אַ רוענדיקע אין איר וואַנדערונג), וואָס וואַנדערט צוזאַמען מיט די פאַרוואָגלטע און געדורפט-ווערנדע יידן אין דער דיאַספּאָראַ, איבער דער גאַרער וועלט; און זי, די שכינה, קלאָגט אליין אויף דעם גורל פונם פאָלק; אין צוזאַמען מיט יידן שטייט ער —גאָט אליין כביכול— אויף פאַרטאָג און וויינט אויף די ליידן פון זיין פאָלק און קלאָגט אויף דעם חורבן פון זיין אומה און פון איר לאַנד.

דער צאָרנדיקער גאָט פון ישראל איז דורך דעם עוואָלוטיוון פּראָצעס, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין דער תורה שבעל-פּה — אינם תלמוד, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ באַרימהאַרציקן, אַלמעכטיקן קודשא בריך הוא, דער גאָט פון דער אומה אין גלות. און דאָס געשעעט הויפּטזעכלעך נאָכדעם, ווי דאָס קריסטנטום, וועלכעס איז אַרויסגעוואַקסן פונם יידנטום, האָט זיך שאַרף אָפּגעטיילט פון אים. אַ דאַנק דער עקספּאַנסיע איבער דער וועלט, דורך פּאָליטיש-וועלטלעכער מאַכט, צו וועלכער ער האָט געשטרעבט און וואָס האָט אים געגעבן אַ מעגלעכקייט אוניווערסאַליזירט צו ווערן.

דאָס איז די באַדייטונג פון דעם פּראָצעס „תלמוד" אין דער יידישער געשיכטע.

פאַר אַ סך, וואָס זיינען געוואוינט צו הערן, אַז דער תלמוד איז דער קאָנסערוואַטיווער בוך פונם אַלטן יידישן רעליגיעזן לעבנס-שטייגער — וועט מיין באַטראַכטונג דאָ, אַז דער תלמוד איז געווען דער אינסטרומענט פון פערמאַנענטער גייסטיקער עוואָלוציע אינם יידנטום, קלינגען פּאַראַדאָקסאַל. איבער-הויפּט פאַרן ניט-יידישן אינטעליגענטן לייענער, וועלכן עס פעלט — פּשוט אויס מאַנגל אין אינפאָרמאַטיווער ליטעראַטור וועגן דעם אין שפּאַניש — דער ברייטער און גענויער בליק איבערן גאַנג פון יידישער געשיכטע,

איבער דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג פונם יידנטום, דורך עפּאָכעס און צווישן אַלע פעלקער.

עס איז אָבער וואַרהאַפטיק אַזוי. דאָס איז דער אמתער זין, די טיף-געשיכטלעכע באַדייטונג  פ ו נ ם   ת ל מ ו ד — אינם ברייטן זין פונם וואָרט, וואָס אידענטיפיצירט אים מיטן פּראָצעס פונם גייסטיק-רעליגיעזן און קולטור-נאַציאָנאַלן שאַפן אינם יידנטום.

אַ דאַנק  אָ ט   ד ע ם   פּ ר אָ צ ע ס  איז דערמעגלעכט געוואָרן די קאָנטינואיטעט פון יידישן פאָלק, דורך אַלע טראַנספאָרמאַציעס, גייסטיקע, פּאָליטישע, געזעלשאַפטלעכע, היסטאָרישע און די... געאָגראַפישע וואַנדערונגען, וואָס ער האָט מיטגעמאַכט און דורכגעמאַכט פון  ע ז ר א   ה ס ו פ ר   ב י ז   א ו נ ד ז ע ר   צ י י ט.



און דערמיט ווערט אויך דערקלערט דער פאַקט, וואָס יידן האָבן זיך אַזוי מוסר-נפש געווען פאַרן תלמוד, אין די צייטן פון מיטלאַלטער, און שפּעטער, ביזן 17-טן יאָרהונדערט — ווען אַ גרויסער טייל פון די הלכות פון תלמוד האָבן פון לאַנג פריער שוין ניט געקענט גילטיק זיין אין לעבן, סיי-ווי-סיי: וואָס זיי זיינען אויף קידוש-השם געגאַנגען איבערן תלמוד, וואָס דאָס פאַרברענען פונם תלמוד, ווען און וואו דאָס פלעגט פאָרקומען — צי אין דער פּויפּסטלעכער רוים, צי אין שפּאַניע, צי אין דייטשלאַנד אָדער גאָר אין פּוילן — פלעגט באַטראַכט ווערן, ווי אַ טאָג פון חורבן, ווי אַ קלאָג-טאָג פאַרן יידנטום אין דער גאַנצער וועלט.

דער אינסטינקט פון פאָלק האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז דורך ווען אָפּרייסן אים פונם  ת ל מ ו ד  (פונם פּראָצעס פון זיין גייסטיק-רעליגיעזן און נאַציאָנאַלן לעבן) ווערט געמאַכט אַן אַטענטאַט אויף זיין קיום אַלס פאָלק, וואָס האָט קיין אַנדער ערדישן טעריטאָריעלן פונדאַמענט ניט. דער אינסטינקט פון פאָלק האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז ווען מען ברענט דעם תלמוד, איז מען אויסן ניט די ספרים, ניט די הלכות, וואָס זיינען אין זיי פאַרשריבן — און אַ גרויסער טייל פון וועלכע זיינען, ווי געזאָגט, סיי-ווי-סיי שוין ניט געווען גילטיק אין לעבן; ניט די דינים און די סיגים, וואָס דער תלמוד האָט איינגעשטעלט און פעסטגעשטעלט איז מען אויסן, נאָר מען זוכט צו פאַרברענען דעם כוח פון פּערמאַנענטער עוואָלוציע און טראַנספאָרמאַציע דורך צופּאַסן זיך, אָן צו איבעררייסן, אָן צו אָפּברעכן מיט דאָס פאַרגאַנגענע, כדי צו אָנהאַלטן די נאַציאָנאַלע קאָנטינואיטעט, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט באַקומען דורכן תלמוד — דער גייסטיקער פּראָצעס, וואָס האָט אַלס קווינט-עסענץ געהאַט די תורה שבעל-פּה.

און דערמיט ווערט אויך דערקלערט פאַר וואָס אַלע שטרעמונגען, וואָס זיינען אין פאַרשידענע צייטן און ביי פאַרשידענע באַדינגונגען אויפגעשטאַנען אינם יידנטום זעלבסט, צו קעמפן קעגן דער תורה שבעל-פּה, קעגן דעם תלמוד און זיין שיטה, קעגן דער העגעמאָניע, אַזוי צו זאָגן, פון דעם תלמודישן גייסט, האָבן

געליטן אַ דורכפאַל, זיינען צערונען און צעשוואומען געוואָרן און פארענדיקט זיך מיט גאָרניט. די צדוקים, איסיים, שפּעטער די קראים, א. אַ. — גאָרניט איז פון זייער באַוועגונג געוואָרן, ווייל זיי זיינען געווען די אמת-קאָנסערוואַטיווע אונטער אַ כלומרשטער, אויסערלעכער פאָרם פון רעוואָלוציע; און דער געזונטער אינסטינקט פון דער אומה האָט אויסגעשלאָסן, שנעל ליקווידירט אַזעלכע פּראָצעסן, ווי שעדלעכע פאַרן קיום פון דעם אָרגאַניזם פון דער אומה, שעדלעכע פאַר דער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ פון דעם יידנטום.

— 7 —

איך וועל רעזומירן דאָס געזאָגטע:

1) אונטערן באַגריף ת ל מ ו ד דאַרף פאַרשטאַנען ווערן נימ בלויז די ביכער, וואָס שליסן איין די מ ש נ ה און ג מ ר א, נייערט דער גאַנצער פּראָצעס פון גייסטיקער עוואָלוציע פונם יידישן פאָלק, וואָס ווערט באַצייכנט מיט דער פאָרמולע תורה שבעל-פה, אָנהויבנדיק פון די א ו ר - א ל ט ע ציימן און פאַרענדיקנדיק מיט דער נייער געשיכטע-אלטער.

2) אונטערן באַגריף ת ל מ ו ד — דאַרפן פאַרשטאַנען ווערן די אופנים פון א ו י ס ט ײ ט ש ו נ ג און צופּאַסונג פון דעם אַלטן ביבלישן לעבנס-שטייגער און געזעצן, וואָס זיינען אָנגעצייכנט אין דער תורה צו די נ יי ע ל ע ב נ ס - ב אַ ד י נ ג ו נ ג ע ן , וואָס בייטן זיך, וואָס ענדערן זיך, אומ-אויפהערנדיק פאַר אַלע פעלקער און פאַר יידן אַלס וואַנדערונגס-פאָלק און אַלס פאַרפאָלגט ווערנדיק-פאָלק — אָן אַ לאַנד, אָן אַ פאָליטישן צענטער — מער ווי פאַר אַנדערע.

3) די דאָזיקע אינטערפּרעטאַציע פון דער ביבל, אייביק און אומענדלעך, וואָס דאַרף געמאַכט ווערן פון די געלערנטע און פרומע פירער פונם פאָלק, און פונם פאָלק באַטראַכט ווערן אַזוי הייליק, גלייך ווי משה וואָלט זיי באַקומען פון גאָט אליין אויפן באַרג סיני — איז די קווינט-עסענץ, די מהות זעלבסט פון דעם תלמוד (אינם ברייטן זין פונם וואָרט) — און דאָס איז אָנגעדייטעט געוואָרן אינם תלמודישן אַפּאָריזם, אַז „גאָט האָט געוויזן משהן אויפן באַרג סיני פאָראויס אַלץ, וואָס יעדער געלערנטער וועט אין די שפּעטערדיקע דורות מחדש זיין“.

4) דער דאָזיקער אינטערפּרעטאַציע-אופן, וואָס די תנאים, אמוראים, סבוראים, גאונים — די גאַנצע פּלעיאַדע פון גייסטיקע שעפער במשך פון דורות — האָבן געלייגט אַלס באַזע פאַר דער איינאָרדנונג פונם לעבן פון די יידישע מאַסן אין זייערע צייטן האָט לאַנגזאַם פאַרוואַנדלט די י י ד י ש ע ר ע ל י ג י ע אין אַ יידיש - נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר וו ע ל ט - אָ נ ש ו י אַ ו נ ג , פאַרוואַנדלענדיק גאָט אליין אין אַ נ אַ צ י אָ נ אַ ל ן ע נ י ן , אין אַ מין האַר און וועכטער פון יידישן פאָלק, אין אַ טייל פון דעם שאַפונגס-זשעני פון דער יידישער נאַציע.

5) דאַן ווען פאַר אַנדערע פעלקער איז די רעליגיע געקומען פון דרויסן און האָט מיטן איניקסטן שאַפונגס-זשעני פון דער אומה כמעט ניט וואָס צו טון, און

האָט קנאַפּ וואָס באַווירקט דעם אינטימסטן שאַפונגס-כּוח פון דער נאַציע און איז ניט געווען און ניט געוואָרן קיין נאַציאָנאַלע קולטור-שאַפונג — איז ביי יידן די רעליגיע געקומען פון אינעווייניק: אַ נאַציאָנאַלע שאַפונג זעלבסט; אַן ערזאַץ פאַר דער טעריטאָריע און פאַר דער מלוכהשאַפט, וואָס זיי האָבן פאַרלוירן. און אָט דאָס דאָזיקע, וואָס איז געקומען דורך אַ לאַנגן עוואָלוטיוו-גייסטיקן פּראָצעס — איז צו פאַרדאַנקען דעם תּלמוד, אין דעם היסטאָרישן באַגריף פון דעם דאָזיקן וואָרט, אין דעם באַגריף פון אַ גייסטיקן פּראָצעס און ניט אינם באַדייט נאָר פון די זעקס סדרים משנה און פון די מסכתות.

6) ניט דערפאַר, וואָס יידן האָבן דערפילט אָדער דערפילן די דינים און הלכות פונם תּלמוד איז ער טייער און הייליק געווען און איז ביי יידן אַזוי, אַז זיי פלעגן זיך לאָזן מוסר-נפש זיין צוליב אים — נייערט דערפאַר, וואָס דער נאַציאָנאַלער לעבנס-אינסטינקט האָט אַזוי דיקטירט יידן; ווייל מיט זייער נאַציאָנאַלן אינסטינקט האָבן יידן געפילט, אַז אַלס אומה וואָלטן זיי ניט געווען עקזיסטירט, ווען זיי זאָלן ניט געוועזן האָבן דעם תּלמוד, דאָס הייסט, דער אויסערלעך - קאָנסערוואַטיווער לעבנס-איינשטעל, אָבער מיט דער שטענדיקער, פּערמאַנענטער און עוואָלוטיווער אינטערפּרעטאַציע-רעכט, וואָס גיבן די נייע ווערטן אַ כּוח פון הייליקייט, אָנבינדנדיק זיי אין דעם מהות פון די אַלטע ווערטן, וועלכע שטאַמען פון דער ביבל.

1937



# דער פּויפּסט ר׳ אלחנן

שומרי מצוות עדיך ועובדיך
נטלם ונשאם, להרבות כבודיך
בי הכל עבדיך, קדוש
אל חנן נחלתו בנועם להשפר
ידעם קרוא קרבנותיו במספר
ותיטב לד׳ משור פר, קדוש!

(פיוט פון שחרית, דעם
צווייטן טאָג ראש השנה).

— 1 —

## אַלטע פאַרצייטיקע מחזורים, היסטאָרישע רעליקוויעס...

איר בלעטערט די דפים פון אַלטע מחזורים, פון דער צייט פאַרגעלטע, מיט זייערע לעדערנע רוקנס צעראַצטע און צעקריצטע, פון דער צייט צעגעסענע, אויף גרוי גראָב פּאַפּיר געדרוקטע אין די אַלטע עמפּאָריעס פון יידישן פאַרלאַגס-וועזן; מיט די פּירושים „מטה לוי" און „בית לוי", ביי דער זייט; מיט די אָנצייכנונגען און אָנמערקונגען, איבער געוויסע פּיוטים, פון לעגענדעס אַלטע, פאַרצייטיקע, פון דעם ווייטן מיטלאַלטער, — און עס שווימען ארויף פאַר אייך בילדער מערק-ווירדיקע, בילדער וועגן אַ צייט, ווען דאָס לעבן פון אַ גאַנץ פאָלק איז ג ע ה א נ-ג ע ן אויף גאָרנישט, איז אָפּהענגיק געווען פון דעם חסד פון דעם אָדער יענעם הערצאָג, פון דעם אָדער יענעם ביסקופּ, פון דעם אָדער יענעם פעאָדאַלן מאַגנאַט, אָדער קירכע-מאַגנאַט — אָדער גאָר פון דער „ווייטער" רוים, וואו „אין דעם גאָלדענעם פּאַלאַץ פון דעם הייליקן פּעטער", זיצט דער פּויפּסט אליין און רעגירט איבער פעלקער און לענדער, איבער מלכים און גלחים, איבער די גרעסערע און קלענערע פעאָדאַלע מוטוויליקע הערשער; און ער באַשטימט איבערן לעבן פון די אַלטע, גרויסע יידישע קהלות פון אַלט-רהיין, פון די גרויסע יידישע קהלות, וואָס אין פּראַג, „מאַגענציע" און „וואָרמיזיע", וואו מופלגים און חכמים, לומדים און פּייטנים האָבן געלעבט און געשאַפן, געלערנט און פּיוטים און סליחות פאַר-פאַסט, אויסגיסנדיק דאָס האַרץ דאָס פאַרביטערטע אין פערזן ליטורגישע, וואָס האָבן שפּעטער די סליחות, קינות און פּיוטים צוזאַמענגעשטעלט, אָדער זינגענדיק, ווען ניט ווען פון האָפנונג און טרייסט פאַרן אויסדערווײלטן פאָלק, פאַר דער „אדרת איומה".

אַלטע פאַרצייטיקע מחזורים פון אונדזערע עלטערן און אור-עלטערן, וואָס זעט איך היינט? וואו זענט איר נאָך פאַראַן?

ווי גוט עס פלעגט זיין, אין די קינדער-יאָרן, אָפּצורוען — צווישן איין שווער שטיקל פיוט און דעם צווייטן אין די אַלטע בלעטער פון די מחזורים, איבער די שיינע מעשיות און לעגענדעס, מיט רש"י-כתב געדרוקטע וועגן טרעפעניישן, וואָס האָבן געטראָפן, געשעעניישן, וואָס זיינען געשען מיט פייטנים און מחברים, אין די צייטן, ווען „הגמונים" און „משומדים", בישאָפן און קאַרדינאַלן, הערצאָגן און פירשטן האָבן איבער דער וועלט געהערשט און פון זיי איז אָפּהענגיק געווען דאָס לעבן און דער טויט פון גאַנצע קהלות קדושות:

אָט איז די מעשה פון „רבי אמנון הקדוש", וואָס האָט דעם פאַרכטיקן „ונתנה-תוקף" פאַרפאַסט: אַ מאַרטירער-לעגענדע, צו וועלכער עס איז שווער צו געפינען ערגיץ וואו אַנדערש אַן ענלעכע.

אָט איז די לעגענדע וועגן דעם זון פון דעם רשב"א פון באַרצעלאָנאַ, וואָס האָט זיך געשמדט און איז געוואָרן ביי די קריסטן געהויבט און געקרוינט אַזוי, אַז ער איז בהשתמות געוואָרן פאַר אַן „אפיפיור" (פויפסט). דער גאון רב שלמה בן-אדרת האָט דעם פאַרלוירנעם זון נישט געקענט איבערצייגן און האָט אַזוי לאַנג מתפלל געווען, ביז דער איבערשטער האָט אריינגעשיקט אַ געדאַנק זיין זון, דעם פויפסט, ער זאָל צוריק אַ ייד ווערן, תשובה טון און ער האָט זיך מוסר-נפש געווען על קידוש השם.

און אָט איז ווידער אַ מעשה פון אַ פויפסט אַנדרעאַס, וואָס האָט פון יידן געשטאַמט און אַ גרויסער יידן-פריינט געווען און האָט יידישע קהלות פיל מאָל געראַטעוועט פון אונטערגאַנג. האָט ער אַ בקשה פאַרפאַסט און צוגעשיקט צו דער יידישער קהלה, מען זאָל זי אריינשטעלן אין דעם סדר פון סליחות; און זיין נאָמען האָט ער אויך דער בקשה געחתמעט אין די ראשי התיבות „אנדריאס" — עד היום הזה.

צי האָט אַ פאַרבלאָנדזשעטע פאַרוואָגלטע יידישע נשמה, וואָס איז געפאַנגען געוואָרן צווישן גוים, און איז מיט דער צייט געוואָרן דער פירער פון די געפאַנגענע, געזוכט אַ תיקון, אַ נשמה-דערלייזונג פאַר זיין פאַראַט קעגן פאָלק; און זיין אייגענעם נשמה-פיין אריינגענאָסן אינם פיין פון דער אומה, וועלכע ער האָט פאַרלאָזט. אין אַ ליטורגישער פאָעזיע, אין וועלכער ער האָט זיין נאָמען, דעם קריסטלעכן נאָמען, פאַראייביקט?

ווער ווייסט? ווער וועט מיט זיכערקייט קענען אָנווייזן אויף דעם? דאָרט וואו די וועגן פון לעגענדע און פון געשיכטע פאַרמישן זיך, ווערט צומאָל פון לעגענדע געשיכטע און פון געשיכטע לעגענדע...

און אָט איז ווידער אַן אָנמערקונג צו אַ פיוט, פון צווייטן טאָג ראש השנה:

„אל חנן נחלתו, ויש אומרים: בן היה לר' שמעון שנשתמד וסוף היה אפיפיור ועשה תשובה שמסר עצמו למיתה, ויסד אותו אביו לזכרון כמו שאמר כאן: אלחנן בני בדת לחשפר וליפות נחלתי. נחלתו בנועם עם ישראל ידעם קרבנותיו,

רצה שיהיה מנוי מנין קרבן גופו עם קרבנות צבור ותיטב לד׳ משור פר שהקריב אדם הראשון". (אל הנן נהלתו — גאָט האָט געלייטזעליקט זיין ארב, ווערט דערציילט, אַז ר׳ שמעון האָט געהאט אַ זון, וואָס האָט זיך געשמדט און לכוה איז ער געוואָרן אַ פּויפּסט און האָט תשובה געטין, איבערגעבנדיק זיך אליין צום טויט; האָט זיין פאָטער אַ פּיוט פאַרפאַסט צו זיין אָנדענק, ווי עס ווערט געזאָגט דאָ: „אלהנן מיין זון, האָט געטון ווי דער דין צו באַשיינען און באַפּוצן זיין ארב. זיין ארב אין דער זיכקייט פון פאָלק ישראל, וואָס ווייסט זיינע קרבנות, באַווייליק אַז דער אָפּפער פון זיין גוף זאָל געציילט און פאַררעכנט ווערן מיט די קרבנות פונם ציבור און עס זאָל פאַר גאָט זיין השובער פון דעם קרבן פון אָקסן-רינד", וואָס אדם הראשון האָט מקריב געווען).

קורץ; געציילטע ווערטער, וואָס ווינקן אָן מער ווי זיי זאָגן, פאַרבאַרגן מער ווי זיי אַנטפּלעקן; אָבער זיי רעגן די קינדערשע נייגעריקייט, וואָס איז אַזוי אויך אָנגעשטרענגט און אָנגעצויגן אין די „פּאָרכטיקע טעג".

— 2 —

## דאָרט וואו די וועגן פון געשיכטע און לעגענדע פאַרמישן זיך...

און עס הויבן זיך די אויגן פונם קינד צום פאָטער דעם למדן, וואָס איז אין ווייכן געהילט און אינם אַלטן מחזור פאַרטיפט; עס הייבט זיך דער בליק, אין אַ פראַגע-אויסדרוק צום פאָטער געריכטעט...

און אַ מעשה פון פאַרצייטן, אויף דער קאַנווע פון דעם דאָזיקן פּיוט געהעפט ווי מיט פעדים פון גינגאָלד געשפּינט; מיט פערל-טרערן. וואו ניט וואו באַשפּרענקלט, וועבט זיך דעם צווייטן טאָג ראש השנה נאָך מנחה (פריער טאָר מען ניט מפסיק זיין) און לאָזט איבער אין דעם מוח פון דעם קינד אַן איינדרוק, וואָס וועט קיינמאָל ניט אויסגעוועפּט ווערן:

אַ מעשה מיט אַ פּויפּסט, וואָס האָט געהייסן ר׳ אלחנן, ווען ער איז געווען אַ יידיש קינד, און וואָס האָט יונגערהייט דערגרייכט צו דער העכסטער מדרגה פון קריכטלעכער גרויסקייט. ער איז קליינערהייט פאַרלוירן געגאַנגען פאַר זיינע עלטערן; און האָט כל ימיו געזוכט די עלטערן און די עלטערן אים, ביז דורך אַ צופאַל, — גאָטס וועגן זיינען וואונדערלעך — האָט זיך דער טאַטע ר׳ שמעון הגדול, דער פּייטן, צוזאַמענגעטראָפן מיט זיין פאַרלוירענעם זון אלחנן, אויף וועמענס נאָמען ער האָט אַמאָל אַ פּיוט פאַרפאַסט, דעם צווייטן טאָג ראש השנה זאָגט מען אים; און יענער, כאָטש ער איז געווען אַ גרויסער כומר, און גלחים און ביסקופּן, און הגמונים און קאַרדענאַלן פלעגן פאַר אים קניען, האָט מקדש געווען שם שמים ברבים, פאַרלאָזט דעם פּאַלאַץ אין רוים און איז צוריק אין מאַגענציע געקומען, וואו ער איז דערנאָך אומגעקומען, אין דער צייט פון די נוסעי הצלב, על קידוש השם, צוזאַמען מיט דער גאַנצער קהלה קדושה פון מ א-

נ ע נ צ י ע, וועלכע די פּייטנים רופן אָן מגן-צינה, ווייל „אַ שוץ און אַ פּאַנ-צער" איז זי געווען פאר יידישער תורה און יידישע מידות".

און — דערציילט דער טאַטע דעם קינד — פון דאַן אָן איז נקבע געוואָרן לדורות, אַז דעם צווייטן טאָג ראש השנה זאָל מען דעם פּיוט זאָגן. דעם פּיוט, וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער:

„אל חנן נחלתו בנועם להשפר"...

אַלטע פּאָרצייטיקע מחזורים, וואָס אויך אייערע, פון דער צייט, געל-געוואָ-רענע דפּים, פאַרטויישן זיך די סטעזשקעס פון געשיכטע און פון לעגענדע, ווערנ-דיק אין איינס צוזאַמענגעגאָסן — זענט איר נאָך ערגיץ-וואו פאַראַן, אויבער די אַרכיוון און אין די ביבליאָטעקן? נוצט אייך נאָך, ערגיץ-וואו, אַן אַלטער גרייז-גרויער זיידע צו מסביר זיין זיין אייניקל דעם פּשט פון אַ שווער שטיקל פּיוט, און פאַראייניווענגס דערציילן אים די שיינע מעשׂיות פון אַמאָל? מעשׂיות וועגן אנוסים, וואָס האָבן זיך מוסר-נפש געווען צוליב זייער יידישקייט, וועגן פאַרשטעלטע פראַנציסקאַנער און דאָמיי קאַנער מאָנאַכן, וואָס האָבן אין טיפע קאַטאַקאָמבעס כל-נדרי געזונגען; וועגן יידן, וואָס זיינען אויף דעם טראָן פון דעם וואַטיקאַן געזעסן; און גנאָד און טובות צו זייער פאָלק געטון „פאָרשן"?

דאָרט, וואו די וועגן פון געשיכטע און לעגענדע גיסן זיך צוזאַמען, הויבט אָן אָפּט געשיכטע צו קלינגען ווי לעגענדע און אין יעדער אַלטער יידישער פאָלקס-מעשׂה, אין וועלכער די שפּורן פון יידישן פּיין האָבן זיך אָנגעהאַלטן אין משך פון פיל יאָרהונדערטער. זעט מען ניט ווילנדיק געשיכטלעכן אמת, אויב ניט אין גאַנצן איז — רובו ככולו — כמעט ווי אינגאַנצן.

— 3 —

## ווען לעגענדע און געשיכטע ראַנגלען זיך

און אַז דאָס קינד, וואָס איז צווישן ראש השנה און יום-כפּור פאַרטראַכט געווען, און געטרוימט אָן אויף דער וואָר געחלומט פון „רבי אלחנן בן ר' שמעון דעם פּויפּסט", איז עלטער געוואָרן און האָט מיט געשיכטע זיך פאַראינטערעסירט, מיט דער פאַרפלאָנטערטער נעבלהאַפטער יידישער געשיכטע אין מיטלאַלטער — האָט ער אין יעדן בארימטן פּויפּסט, ניט ווילנדיק, דעם ייד געזוכט:

וועלכער פּויפּסט איז רבי אלחנן געווען? צי איז עס געווען אַנאַקלעטוס דער צווייטער, וועלכער האָט ווירקלעך געשטאַמט פון יידן, אָבער ניט פון דייטשע יידן, נאָר פון איטאַליענישע?

צי איז עס געווען דער באַרימטער, גריגאָר דעם זיבעטנס, טרייער פריינט און פּאָליטיק-פירער, פּעליקס, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן אליין פּויפּסט, אונ-טערן נאָמען וויקטאָר דער דריטער, ווי אַנדערע ווילן האָבן?

צי איז עס געווען אַ פּויפּסט מיטן נאָמען אַנדרעאַס, וועלכער האָט, לויט דער לעגענדע אַ סליחה מחבר געווען און ווען די שפּאַנישע פאָלקס-לעגענדע באַ-צייכנט מיט דעם נאָמען „דער משוגענער פּויפּסט", ווייל ער האָט געהאַלטן אַ

ידישה פארן קריסטלעכן המון, לייקענענדיק אין דער געטלעכקייט פון יעזוסן?

די געשיכטע קערט זיך אָפּ פון די וועגן פון דער פאָלקס-מעשה. זי נעמט אויף נאָר דאָס, וואָס איז מ ע ג ל ע ך א פ א ק ט אָדער פ א ק ט י ש מ ע ג ל ע ך; האָט זי פאַרצייכנט בלויז נאָר איין פויפּסט פון יידישער אָפּשטאַמונג — אַנאַקלעטוס דער צווייטער — וועלכער איז געווען פויפּסט אין צוועלפטן יאָרהונדערט. די געשיכטע וויל פון דער לעגענדע כמעט ניט וויסן, כאָטש זייערע וועגן גיסן זיך אַזוי אָפּט צוזאַמען. און דערפאַר האָט די יידישע געשיכטע-פאָרשונג דעם פאַקט פון יידישן פויפּסט ניט צוגעגעבן קיין גרויסע וואַרהאַפטיקייט.

די יידישע לעגענדע וויל אָבער מיט דער געשיכטע זיך ניט רעכענען און אין משך פון דורות האָבן זיך בכתב און בעל פה אָנגעהאַלטן צענדליקער מעשיות ניט וועגן איינעם, נאָר וועגן עטלעכע יידישע פויפּסטן; און אין די אַלטע מחזורים, און אין די גאָר אַלטע מעשה-ביכלעך, זיינען די וואונדער-מעשיות פון אַמאָל פאַרצייכנט געוואָרן; און צענדליקער ווערסיעס, איינע שענער פון דער צווייטער זיינען וועגן דעם צו אונדז דערגאַנגען; אין פאַרשידענע נוסחאות זיינען זיי פאַרצייכנט געוואָרן; איינע: נ ו ס ח א ש כ נ ז — פון דייטשע אַלטע קהלות אָפּשטאַמענדיק; אַ צווייטע: נ ו ס ח ס פ ר ד — פון דער שפּאַנישער שטאָט באַרצעלאָנאַ, וואו דער גאון ר׳ שלמה בן-אדרת האָט געלעבט און גע- ווירקט, און אַ זון געהאַט, וואָס מען האָט איבער געוואַלד געשמדט; און אַ דרי- טער נוסח, אַן אַראַבישער אפילו, וואָס האָט דעם יידישן פויפּסט, אַזש פון קאַאיר געבראַכט...

און די ווערסיעס פלאָנטערן זיך, מישן זיך; פאַרטווישן זיך, איינע האָט אויף דער צווייטער משפיע געווען; די שפּעטערדיקע ווערסיעס האָבן מיט די פאַריקע זיך באַנוצט; און אויף זיי מוסיף געווען נייעס. און נאָוועליסטן האָבן דעם מאַ- טעריאַל באַאַרבעט, פליגל זייער פאַנטאַזיע געגעבן — און בילדער פון דעם יידישן שווערן, פיינלעכן לעבן אין מיטלאַלטער זיינען אויף דער דאָזיקער מסורה, גע- וועבט געוואָרן אין זייערע היסטאָריש-רעאַלע פאַרבן.

די אָרטאָדאָקסאַלע, טרוקן-שטרענגע געשיכטע וויל פון דעם ניט וויסן. אָבער ווער עמען אַרט עס?

אין יעדער לעגענדע איז דאָ אַ שטיק היסטאָרישער אמת; פונקט ווי אין יעדן היסטאָרישן אמת זיינען פאַראַן לעגענדע-שטיקער.

ווער-זשע פאַרט איז געווען יענער מערקווירדיקער רבי אלחנן דער פויפּסט? אַנאַקלעטוס דער צווייטער האָט דאָך געלעבט מיט איבער הונדערט יאָר שפּעטער פון רבי שמעון הגדול (אָדער הזקן) פון מאַגענציע?

צי איז בכלל געווען אַ „יידישער פויפּסט“?

ניין: די געשיכטע-פאָרשער האָבן די פראַגע שלעכט אָוועקגעשטעלט. די פראַגע וואָלט געדאַרפט פאָרמולירט ווערן אַנדערש אַביסל:

— צי איז מעגלעך געווען אַזא זאַך, ווי אַ יידישער פויפּסט?

און דאַן וואָלט די געשיכטע געמוזט ענטפערן פּאָזיטיוו אויף דער פראַגע; וואָרום:

אין מיטלאַלטער, איבערהויפּט אין יענער שטאָק-פינצטערער עפּאָכע — די פינצטערסטע פון מיטלאַלטער — וואָס ציט זיך צווישן 9-טן און 13-טן יאָרהונדערט, ווען די גלהים און דער מאָב פּלעגן אין די אַלט-דייטשע יידישע שטעט, מאַכן אָפטע צוואַנגס-טויף-אַבלאַזועס, אומעקרויבנדיק קינדער פון רבנים און פּייטנים, פון פּרנסים און כּתם פרומע לייט, אָפּשמדן זיי איבער גוואַלד, און אוועקגעבן פון קליינעדהייט אָן אין מאָנאַסטירן צו דערציען אונטער דער אויפזיכט פון פרום-קריסטלעכע געלערנטע — האָט אַזעלכעס געקענט געשען.

עס האָט געקענט געשען, אַז קינדער פון גאונים, אַזעלכע ווי ר' גרשום מאור הגולה, אָדער דעם רשב"א'ס אַ זון, איבער גוואַלד געשמדטע, און, דורך דער דערציאונג, פון זייער אָפּשטאַם אָפּגעריסענע, זאָלן די געירשנטע פונם פאָטער, חריפות, גרויסקייט אין פּעאיקייטן אין דער קריסטלעכער לערע אַרויכווייזן און דורך זייער גאונות, פונם פאָטער צום זון, איבערגעגעבענע, דערגרייכן צו דער העכסטער מדרגה פון קריסטלעכער קירכע-גרויסקייט, און קירכע-מאַכט.

די געשיכטע פון מיטלאַלטער מאַכט מעגלעך אַזעלכע פּאַסירונגען. טרעפן מיר דען ניט אין דער געשיכטע פונם 16-טן יאָרהונדערט מערקווירדיקע פּאַסירונגען פון דעם מין, געשיכטלעך פעסטגעשטעלטע?

אויב אָן אַנים דיעגאָ פּירעס, דער ליבלינג פון קעניגלעכן הויף אין פּאָרטוגאַל, דער פאַוואָריט פון די פרויען אין קעניגלעכן הויף — צוליב זיין שיינקייט — און הויפּט-פּראָקוראָר פון פּאָרטוגאַל, ווערט אַ ר' שלמה מולכו, אַ מקובל אין צפת, אַ משיח-פּרעדיקער איבער די קהלות פון גערמאַניע און אַ ליבלינג פון דעם פּויפּסט אין רויב, וועמען ער זאָגט פאַראויס זאַכן, וואָס ווערן שפּעטער מקוים — טאָ פאַרוואָס זאָל ניט מעגלעך זיין, אַז אויפן טראָן פון שפּעטער דעם הייליקן זאָל געווען זיצן אַ פּויפּסט, וואָס איז אַ ייד געבוירן געוואָרן, אַ זון פון אַ פּייטן און איז קליינערהייט צו די קריסטן אין רשות אריינגעפאַלן?

נישט נאָר איז עס מעגלעך, נאָר עס איז וואַרשיינלעך; ווייל פאַר יענע צייטן איז עס געווען אויך נאַטירלעך.

דאָס, וואָס די געשיכטע פון דעם וואַטיקאַן האָט עס ניט פאַרצייכנט זאָגט נאָך גאָרניט... האָט עס אונדזער פאָלקס-געשיכטע, די מסורה שבעל-פּה פאַרצייכנט אויף איר שטייגער און נוסח פון פּיוטים און פון סליחות:

אל חנן נחלתו בנועם להשפר
ידעם קרוא קרבנות במספר
ותיטב לד' משור פר, קדוש.

פאַרצייכנט אויף איר שטייגער, אויף דעם שטייגער, וואו לעגענדעס און געשיכטע גיבן זיך צוזאַמען אַזוי, אַז עס איז ניט צו צעטיילן, ניט צו אונטערשיידן צווישן זיי.

און עס איז ניט נויטיק אויך. וואָס מען דאַרף נאָר איז פאַרשטיין, צי עס איז פאַראַן אַ גענוג געשיכטלעכער גרונט פאַר דער לעגענדע און אַ מעגלעכקייט, אַז אין יענער צייט זאָל עס געווען קענען געשען?

## די ווירקלעכקייט פון מיטלאַלטער מאַכט אַלץ מעגלעך...

עס זיינען דערגאַנגען צו אונדז פאַרצייכנט פיל ווערסיעס, זיך אונטערשיידנדיקע אין די פּרטים — אָבער דער גרונט-אינהאַלט פון וועלכע איז איינער — פון אַ לעגענדע וועגן אַ יידן אַ פּויפּסט.

מעגלעך, אַז אין דעם טיפן מיטלאַלטער איז עס געווען לכתחילה אַ ל ע ג ע נ ד ע, וואָס איז געבוירן געוואָרן, אפשר אין איינער פון די געטאָס אין דייטשלאַנד, וואו יידן איז אויסגעקומען צו לעבן אין אומשטענדן, אין באַרגלייך מיט וועלכע עס ווערן טונקל די שרעקן פון דער דאַנטישער שילדערונג פונם גיהנום.

דער פּויפּסט איז אין יענע יאָרהונדערטער געווען די העכסטע מאַכט וואָס מען האָט געוואוסט: מלכים און שרים, מעכטיקע פעאָדאַלן און די שטאַרקסטע מלחמה-אויטאָריטעטן האָבן פאַר אים געקניט און פלעגן קושן די רייט-אייזנדלעך, אויף וועלכע זיינע פיס האָבן זיך אָנגעשפּאַרט, ער האָט געהאַט צו שאַפן איבער פעלקער און לענדער, איז קיין חידוש ניט, וואָס יידן — די דערשלאָגנסטע און געררודפטסטע צווישן אַלע, האָבן אָפט פאַרבונדן די האָפנונגען פון זייער ראַטעווען זיך פון פיל שרעקלעכע סכנות, אָפטמאָל ממש פון אומקום — אַ רעטונג, וואָס האָט אָפטמאָל אויסגעזען ממש, ווי אַ נס מן השמים — מיט דער אָנוועזנהייט פון אַ געהיימער יידישער פּערזענלעכקייט, ביי דער העכסטער מאַכט אין רוים, וואו די מעגלעכקייט פון אַזאַ רעטונג איז איינגעשטאַנען.

צי איז עס געווען דער פּויפּסט אַליין, צי איז עס געווען עמיצער פון זיינע נאָענטע, פון די רואי-פּני, די קאַרדינאַלן, אַרכיבישאָפן; אָבער אַז די האַנט פון אַ געהיימען יידן איז געווען אין דעם, וואָס די אָדער יענע קהלה איז געראַטעוועט געוואָרן פון אומקום, פון אַ שווערער גזרה, וואָס האָט זיך פּלוצים אויסגעגאָסן אויף איר — אין דעם האָט ביי די יידן דאַן קיין ספק ניט געקענט זיין. ווער דען איז געווען ביכולת בטל צו מאַכן אַ פּלוצלינגע גזרה פון גירוש, צי פון שווערע צינזן, צי פון שמד, וואָס אַ קעניג אָדער אַ הערצאָג, אַ אַרכיבישאָף אָדער אַ „הגמון“ פון די פעאָדאַלן, די מוטוויליקע, די ווילקירלעכע האָט אומדערוואַרטעט אַרויסגעגעבן אויף „מגן-צינה“ (מאַגענציע) אָדער אויף רעגענסבורג, אויף וואָרמאַזיע, אָדער אויף וועלכער ניט איז אַנדערער פון די קהלות קדושות פון אשכנז און צרפת — ווער דען אַנדערש, אויב ניט דער פּויפּסט? און צי וואָלט דען דער פּויפּסט געטון אַזאַ זאַך, ווען ער זאָל ניט באַאיינפלוסט זיין פון זיינע איינענע, פון זיינע מקורבים, וועלכע שטאַמען געוויס אָפּ פון יידן“... „אין אפשר שטאַמט ער טאַקע אַליין אויך אָפּ פון יידן“ און ווייסט, אַז ער איז אַ ייד און דערפאַר טאַקע וויל ער העלפן זיינע ברידער פון אָפּשטאַם, וועלנדיק דערמיט אויסקויפן זיינע זינד צו זיין פאָלק? וואָרום וואָס? עס איז דען ניט מעגלעך, אַז אַ ייד זאָל אַרויפשטייגן ביז דער העכסטער שטאַפּל פון דער קריסטלעכער רעליגיע-מאַכט? אַזעלכע גרויסע יידישן זין זיינען אַוועקגערויבט געוואָרן דורך

קריסטלעכע גלחים, ימה-שמם, און פארשפארט געוואָרן אין די מאָנאַסטירן; דאָרטן געלערנט פון קינדהייט אָן אין זייערע תפילות; מיטן גאונישן שכל אין פעאי־קייטן, וואָס זיי האָבן פון זייערע עלטערן, גאוני ישראל באַקומען בירושה, האָבן זיי די „טיפע תורה" פון דער קריסטלעכער אמונה, לאַנג אין גאַרטל פאַרשטעקט... און געוויס אליין געקענט פויפסטן ווערן"...

אזעלכע שמועסן און באַטראַכטונגען אין די געטאָס, צווישן 10-טן און 13-טן יאָרהונדערטער, האָבן געהאַט אַ גרונט צו פאַרקומען; וואָרום די יידישע געשיכטע פון יענע טונקעלע יאָרהונדערטער האָט פאַרצייכנט מער, ווי איין פאַל, ווען יידן זיינען דערלייזט געוואָרן פון שווערע צרות, דורך אַ כמעט וואונדער-אינגערעוועניש פון דעם פויפסט, דעם העכסטער פון רוים — צענדליקער דערציילונגען און נאָוועלן זיינען אויף דער קאַנווע פון די דאָזיקע היסטאָרישע פאַסירונגען אָנגעשריבן געוואָרן.

די פאַקטן, אַלזאָ, וואָס האָבן געקענט פירן צו דער אנטשטייאונג פון דער־לעגענדע זאָגן:

אַז פויפסטן האָבן אָפט אינטערווענירט לטובת די גערודפטע יידן, און דאָס האָט אַנדערש ניט געקענט געשען, סיידן נאָר זיי אָדער זייערע מקורבים שטאַמען פון יידן.

אַז עס איז געווען אַ זייער אָפטע דערשיינונג, אַז יונגע יידישע קינדער פון דער עלטער פון דריי, פיר יאָר, זין פון רבנים, פון לומדים און פון פייטנים זאָלן אָדער אָפן אַוועקגעריסן ווערן פון די עלטערנס רשות און היים, אָדער געהיימער־הייט „פאַרלוירן" גיין : אריינפאַלן אין די הענט פון די קריסטלעכע גייסטלעכע, און ווערן דערצויגן אין די קאָנווענטן, וואו די גאַנצע קריסטלעכע קולטור האָט זיך אויפגעהאַלטן אין די פינצטערע יאָר-הונדערטער פון דעם מיטלאַלטער.

אַז אין די דאָזיקע הונדערטער פאַלן פון צוואַנגס-שמד פון יידישע קינדער, איז דער גורל פון די געטויפטע פריער באַשטימט געוואָרן; גייסטלעכע צו ווערן; און, דורך זייערע פעאיקייטן זיינען זיי מסוגל געוואָרן צו אַרויפשטייגן ביזן העכסטן שטאַפּל פון דער מאַכט-לייטער פון דער דעמאָלטדיקער קירכע.

די דאָזיקע פאַקטן אַלזאָ, האָבן געגעבן אַ געניג היסטאָרישע וואַרשיינלעכ־קייט, דאָן אין מיטלאַלטער, און שפּעטער אין די ערשטע יאָרהונדערטער פון דער מאָדערנער היסטאָרישער תקופה. אַז עס זאָל קענען געשען דאָס, וואָס עס קלינגט פאַר אונדז איצט ווי אַ לעגענדע און אין וואָס אַנדערע היסטאָריקער זעען און ווילן ניט זען מער ווי אַ לעגענדע.

— 5 —

## אַן השערה וועגן דער אַנטשטייאונג פון דער ערשטער פויפסט־לעגענדע

מיר זיינען זיך מישער, אַז אין טיפן מיטלאַלטער, לאָמיר זאָגן אין 11-טן יאָרהונדערט, אין דעם רעכטן פיין און ליידן, וואָס די יידישע קהלות אין אייראָפּע זיינען אויסגעשטאַנען פון די קרייץ-ציגלער, איז באַשאַפן געוואָרן די ערשטע ל ע ג ע נ ד ע, וועגן דעם יידישן פויפסט, וואָס איז אַ „דורש טוב לישראל".

לכתחילה איז עס אפשר טאַקע גאָר קיין לעגענדע ניט געווען, נאָר אַ מסורה, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן וועגן אַ ווירקלעכן פאַקט: ווען ניט וועגן אַ פּויפּסט, איז וועגן אַ „כמעט פּויפּסט" — אַ קאַרדינאַל אַ הויכן וואָס שטאַמט פון יידן.

און ווי יעדע מעשה, וואָס ווערט איבערגעגעבן, מינדלעך, איז זי פאַר-פּוצט און באַשיינט געוואָרן מיט אַלערליי, איבערנאַטירלעכע צופּוצונגען און זאַכן, וואָס זיינען, איבערן דרך-הטבע, נאָר די השגחה האָט אַזוי געפירט.

שפּעטער איז די „לעגענדע" — עס איז שוין געוואָרן לעגענדע, צוליב דער אָנשיכטונג פון אָט די פאַנטאַזיע-באַפּוצונגען און פאַרשידענע מינים מסורות, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן אַרום דעם קערן פון אַ וואַרשיינלעך-היסטאָרישער גע-שעעניש — פאַרצייכנט געוואָרן; פאַרשטייט זיך, אַז ביים פאַרצייכענען זיינען אָנגעהאלטן געוואָרן אַלע פאַנטאַזיע-צוגאַבן; די גאַנצע פאָלקסטימלעכע פאָרם פון דער לעגענדע; ווי זי איז דערציילט געוואָרן אין משך פון צענדליקער יאָרן פריער.

דאַן איז זי איבערגעשריבן געוואָרן, אין משך פון יאָרן, פון פאַרשידענע איבערשרייבער, אין פאַרשידענע לענדער; און די איבערשרייבער זיינען געווען גאַנץ אָפּט אַליין די שעפּער, אַליין דיכטער, אַליין מענטשן מיט אַ שטאַרק אַנטוויקלטער פאַנטאַזיע און מען האָט איינגעפלאָכטן אין דעם אור-שטאַם פון דער לעגענדע, נייע אָנשיכטונגען, נייע געשעענישן און נייע „נסים" אין „למעלה מדרך הטבע זאַכן".

אַזוי זיינען אַנטשטאַנען פאַרשידענע ווערסיעס פון איינער און דער-זעלבער אור-לעגענדע וועגן אַ יידישן פּויפּסט, אַ זון פון ר' שמעון הגדול פון מיינץ, וואָס האָט געלעבט אין עלפטן יאָרהונדערט. און אין די פאַרשידענע ווער-סיעס, האָט דער פּויפּסט באַקומען שוין אַן אַנדער נאָמען: אָנפאַנגס האָט ער געהייסן אלחנן און דער פּיוט פון צווייטן טאָג ראש השנה, פאַרפאַסט פון זיין פאָטער, האָט אַ שייכות מיט אים; שפּעטער הייסט ער דער פּויפּסט אַנדרעאַס — און פאַרפאַסט אַ סליחה, א. אַ. וו.

לכתחילה איז דער אונטערשיד פון די ווערסיעס געווען נאָר אין פּרטים, לאָמיר זאָגן: ווי אַזוי דער פּויפּסט לאָזט זיך דערקענען צו זיין פאָטער; וואָס מיט אים איז געשען דערנאָך א. אַ. וו. שפּעטער איז דער אונטערשיד געוואָרן גרינטלעך, ווייל נייע געשעענישן — צומאָלס אין אַנדערע לענדער, וואוהין די לעגענדע, די פאַרצייכנטע אָדער מינדלעכע, האָט, אין לויף פון דער צייט, אַרי-בערגעוואַנדערט — האָבן געפירט צו דעם, וואָס אין איר זיינען אריינגעבראַכט געוואָרן נייע ענדערונגען; ביז דעם בייטן אפילו דעם נאָמען פון דעם העלד, די שטאָט, די מדינה און... דעם יאָרהונדערט אפילו: עס מאַכט דעם איינדרוק אַז דעם יידישן קיבוץ פון יעדער מדינה האָט זיך געוואָלט, אַז דער יידישער פּויפּסט זאָל געווען האָבן אָפּגעשטאַמט פון זיין מיט, און אַז די גאַנצע פּאַסירונג זאָל געווען האָבן געשען אין שייכות מיט די רדיפות און פּלאָגענישן אויף יידן.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די שפּעטערדיקע אויפגעקומענע ווערסיעס; און די ווערסיעס, וואָס זיינען באַשאַפן געוואָרן אין אַנדערע לענדער, אויסער דייטש-לאַנד, ווי אין שפּאַניע למשל, אָדער אין קאַטיר. האָבן ניט געקענט ניט אריינ-

ברענגען דעם „קולער לאקאל", די ארטיקע באפארבונג, די קאלעקטיווע פאנטא-זיע אנשיכטונג פון דעם דארטיקן יידישן קיבוץ, אויסדריקנדיק, אזוי צו זאגן, די פארשטעלונג, וואס די יידן פון דעם געגעבענעם ארט און אין דעם געגעבענעם פלאץ האבן געקענט האבן וועגן דער מעשה פון א יידישן פויפסט.

און אז מען אנאליזירט די דאזיקע ווערסיעס און מען פארגלייכט זיי צווישן זיך, איז ניט שווער צו אנווייזן, אין יעדן איינעם פון די באזונדערע נוסחאות, דעם עלעמענט, וואס איז אריינגעבראכט געווארן דורך דעם ארט, און דורך די פא-סירונגען פון דער צייט, ווען די ווערסיע איז אנטשטאנען.

אזוי צום ביישפיל איז לייכט צו זען, אז אין דער ווערסיע וועגן יידישן פויפסט, וואס איז דערגאנגען צו אונדז פון שפאניע — און וועלכע איז געווים אנטשטאנען איבער צוויי יארהונדערט נאך דער אור-לעגענדע, איז דער דאמינירנ-דיקער טאן וואס אימפאנירט, דער מארטירערישער; איינס גייסט, וואס האט דאן געהערשט אין שפאניע: דעם רשב"א'ס זון, וואס איז קליינערהייט געטויפט געווארן און דערנאך געווארן א פויפסט, איז שפעטער מקדש שם שמים ברבים און איז זיך אליין דן בשריפה: ער ווארפט זיך אין א ברענענדיקן שייטער-הויפן: און דער רשב"א האט געלעבט דאך אין 14-טן יארהונדערט.

דאס זעען מיר קלאר אן אנשיכטונג פון דעם כאראקטער און פארמע, וואס עס האבן אין יענער צייט געטראגן די שמד-גזרות און רדיפות אין שפאניע.

און אומאפהענגיק פון דער היסטארישער וואַרשיינלעכקייט פון דעם אור-שפרונג פאקט, וואס ווערט אין אלע ווערסיעס איבערגעגעבן — דער פאקט וועגן א פויפסט, וואס איז געקומען פון יידן און האט זיך צו יידן סוף-כל-סוף צוריק אומגעקערט — איז די דאזיקע לעגענדע אין אירע פארשידענע ווערסיעס, איינע פון די שענסטע פאלקס-שאפונגען, וואס איז צו אונדז דערגאנגען פון מיטלאלטער; עס איז אן אומאפשאצבארער מאטעריאל פאר פארשונג פון דעם יידישן לעבנס-שטייגער, פון די יידישע ליידן און האפנונגען אין יענער טונקעלער נעבלהאפטי-קער צייט אין אונדזער געשיכטע.

— 6 —

## ד"ר גידעמאנס אן השערה, וואס איז ניט געווען באגרינדעט

דער געלערנטער ד"ר גידעמאן, אין זיין ווערק „געשיכטע דער ערציאונגס-וועזענס אונד דער קולטור דעם אבענדלענדישען יודען, וועהרענד דעם מיטעל-אלטערס", ברענגענדיק א קורצע פארצייכנונג פון די פארשידענע ווערסיעס וועגן דער פויפסט-לעגענדע, דענקט, אז זי איז אנטשטאנען אין שייכות מיט די מעשיות, וואס האבן זיך געטראגן אין פאלק וועגן דעם פויפסט אנאקלעטוס דעם צווייטן (וועלכער האט אבער געלעבט מיט איבער הונדערט יאר שפעטער נאך ר' שמעון הגדול), וועלכער איז ווירקלעך געווען פון יידישן אפשטאם, הגם ניט פון דייטש-לאנד, נאר פון רוים.

„מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט ברייט אויף דער געשיכטע פון אַנאַקלעטוס און זיין פאַמיליע — זאָגט גידעמאַן אין דעם צווייטן טייל פון זיין דערמאָנט ווערק — הגם זיי האָבן קיין שום אַנדער שייכות נים מיטן איטאַליענישן יידנ-טום אויסער זייער אָפּשטאַם און אויסער דעם פאַקט, וואָס אַ פערזאָן פון יידיש: אָפּשטאַם איז דערוויילט געוואָרן אַלס פויפּסט. דאָס אליין איז אויך ניט אַזאַ וואונדערלעכע זאַך פאַר אַ פאָלק, וואָס האָט אין זיין געשיכטע איבערגעלעבט מער וואונדערלעכע זאַכן. אָבער דער פאַל פון אַנאַקלעטוס האָט געפונען פלאַץ אויך אין אונדזער ליטעראַטור פון מיטלאַלטער. וואָרום די לעגענדע האָט אים אויסדערוויילט צו רעדן וועגן אים און מאַכן אים אַן אָביעקט פאַר אירע וואונ-דער — דאָס איז אַ צייכן אַז דער רושם, וואָס דער דאָזיקער פאַל אין אונדזער פאָלק, האָט געמאַכט אין יענער צייט, איז געווען אַזוי גרויס אַז ער איז פאַרבליבן אַן אָנדענק לדורות. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די לעגענדע האָט עס געענדערט און געביטן לויט איר גייסט" (1).

דער געערטער געלערנטער האָט אָבער ניט דערקלערט פאַרוואָס עפּעס האָט די פאָלקס-לעגענדע פאַרבונדן דעם פאַקט פון דעם יידישן פויפּסט מיטן זון דוקא פון ר'שמעון הגדול, אַווירקלעכע גרויסע יידישע פערזענלעכקייט, וואָס האָט געלעבט ניט אין איטאַליע, נאָר אין מיינץ, פון דייטשלאַנד, הגם אָפּגעשטאַמט האָט ער פון פראַנקרייך, וואו ער איז געבוירן געוואָרן אין דער שטאָט לאָמאַן, זייענדיק אַ זון פון דעם באַרימטן פייטן ר' יצחק בן אבון. און ר' שמעון האָט דאָך געלעבט סוף פון 10-טן און אָנהויב פונם 11-טן יאָרהונדערט?

דער געלערנטער דערקלערט אויך ניט פאַרוואָס איז די לעגענדע פאַרבונדן געוואָרן דוקא מיטן פּיוט „אל חנן נחלתו" פון ר' שמעון הגדול וואָס האָט גע-לעבט און אַקטואירט אין די צייטן פון היינריך דעם צווייטן, וואָס מיינט צו זאָגן מיט איבער הונדערט יאָר פריער פאַר דעם פויפּסט אַנאַקלעטוס דעם צווייטן?...

ווען אַ לעגענדע ווערט פאַרבונדן מיט אַ געוויסער פערזענלעכקייטן, אַ היס-טאָרישער דערצו, וואָס האָט געלעבט און אַקטואירט אין אַ באַשטימטן קרייז, צייט און אָרט און איבערגעלאָזן ווערק, ווי פּיוטים — איז עס אומבאַדינגט דערפאַר, וואָס מיט דער דאָזיקער פערזאָן האָט ווירקלעך געמוזט געשען עטוואָס ענלעכעס צו דעם, וואָס איז אין דער פאָרם פון דער לעגענדע פאַראייביקט געוואָרן... אַנ-דערש איז ניט דערקלערבאַר דער פאַקט פון דאָס פאַרבינדן מיט דער באַשטימטער פערזאָן.

גידעמאַן איז נאָר גערעכט אפשר אין דעם, וואָס אין די שפּעטערדיקע ווער-סיעס פון דער דאָזיקער לעגענדע וועגן דעם פויפּסט ר' אלחנן, ווערסיעס, וואָס זיינען אַנטשטאַנען שוין נאָך דעם פויפּסט אַנאַקלעטוס (1130-38) זיינען געווים אריינגעקומען אָנשיכטונגען, וואָס זיינען אַנטשטאַנען אונטער דעם רושם פון דעם דאָן אַקטועלן פאַקט — אפשר נאָך איינער — פון דעם פויפּסט אַנאַקלע-

---

(1) ציטירט דאָ לויט דער העבראַאישער איבערזעצונג פונם ווערק געמאַכט פון א"ש פרידבערג: „התורה והחיים בארצות המערב בימי הבינים", אחיאסף, וואַרשע 1890, 2-טער טייל, זייט 60-61.

טוס, וואָס איז געווען פון יידישן אָפּשטאַם; פּונקט ווי אין די זעלביקע ווערסיעס זיינען פאַראַן אויך — אין דער שילדערונג פונם כאַראַקטער פון פּויפּסט — שטריכן בולטע אויך פון דער כאַראַקטעריסטיק פונם פּויפּסט אַלעקסאַנדער דעם דריטן, וועלכער האָט געלעבט נאָך שפּעטער (1159-81) און וועלכער איז ניט געווען פון יידן, אָבער ער האָט אַ געוויסע צייט געפירט אַ גאַנץ יידנטפריינט־לעכע פּאָליטיק — און גידעמאַן אליין ווייזט אָן אויף געוויסע טיילן אין דער לע־גענדע, וואָס שרייבן־צו דעם יידישן פּויפּסט שטריכן און איינגשאַפטן, וואָס אַלעק־סאַנדער דער דריטער האָט פאַרמאָגט.

עס איז בּאַלגלעך, מער ווי זיכער, אַז דער אורשפּרונג פון דער לעגענדע וועגן דעם פּויפּסט רבי אלחנן שטאַמט פון אַ צייט פריער פאַר אַנאַקלעטוס דעם צווייטן; עס איז מער וואַרשיינלעך, אַז זי באַציט זיך צו אַווירקלעכן פאַקט, וואָס האָט געקענט פּאַסירן אי מיט דער משפּחה פון רבי שמעון הגדול (אָדער הזקן) און מיט זיין קינד רבי אלחנן, וועלכער איז פאַרלוירן געגאַנגען קליינערהייט און איז פּי־לייכט געוואָרן אַ הויכער גייסטלעכער, ווען ניט אַ קאַרדינאַל אָדער אפילו אַ פּויפּסט אליין (און עס איז נאָך קיין ראיה ניט, וואָס די געשיכטע פונם פּויפּסטנ־טום האָט עס ניט פאַרצייכנט; אַמאָל האָט עס אפשר ניט געפּאַסט און שפּעטער איז עס פאַרגעסן געוואָרן); דאָס שפּעטערדיקע — די פאַרשידענע נוסחאות און ווערסיעס, זיינען געקומען אין לויף פון די דורות און אונטער דער השפּעה פון די פאַרשידענע פּאַסירונגען פון דער צייט און פון דעם אָרט — און די דאָזיקע השפּעה, ווי מיר האָבן עס אויבן שוין אָנגעוויזן, איז גאַנץ ניכר און בולט אין די ווערסיעס, וואָס זיינען צו אונדז דערגאַנגען פון פאַרשידענע לענדער.

כל־זמן עס וועט ניט דערוויזן ווערן דאָס קעגנזעצלעכע, ווייס איך ניט פאַרוואָס זאָלן מ י ר נ י ט גלויבן אין דער מסורה, וואָס איז אין אוראַלטע מעשה־ביכלעך און גאָר אַלטע, פאַרצייטיקע מחזורים י אָ פאַרצייכנט, און פאַרוואָס זאָלן מיר י אָ גלויבן אין דעם וואָס איז אין דער געשיכטע פונם פּ ו י פּ ס ט נ ט ו ם נ י ט פאַרצייכנט געוואָרן...

— 7 —

### לעמאַנס היסטאָרישע דערציילונג וועגן דעם פּויפּסט ר׳ אלחנן

די לעגענדעס וועגן דעם יידישן פּויפּסט האָבן, ווי מיר האָבן שוין אויבן אָנגעוויזן, געדינט אַלס מאַטעריאַל פאַר היסטאָרישע דערציילונגען, פון וועלכע איינע איז אָנגעשריבן געוואָרן פון דעם דייטש־יידישן שריפטשטעלער לעהמאַן. ער נעמט אַלס באַזע די ערשטע ווערסיע; די ווערסיע, וואָס איז אָן ספק באַ־שאַפן געוואָרן אין דייטשלאַנד און וואו דער פּויפּסט אלחנן, איז ר׳ שמעונס אַ זון, ער פאַרבינדט זי אָבער מיט היסטאָרישע פאַקטן, וואָס האָבן ווירקלעך פּאַסירט דאַן, אין די ערשטע יאָרן פונם 11־טן יאָרהונדערט, אין די צייטן, ווען היינריך דער פערטער האָט געפירט זיין קאַמף מיט דעם באַרימטן פּויפּסט גריגאָר דעם זיבעטן, וועלכער האָט איינגעפירט צעליבאַט צווישן די גלחים.

אוועקגעלאָזט זיך אויפֿן וועג פֿון היסטאָריזירן אַ לעגענדע — ווערט די לעגענדע אַן איר אַטעם-הויך, דעם הויך פֿון אַן אומבאַשטימטקייט און זי ווערט צוגעבונדן צו באַשטימטע פֿאַקטן און פּערזאָנען.

ר׳ אלחנן דער זון פֿון ר׳ שמעון הגדול פֿון מיינץ, ווערט, פֿאָלגלעך, אַ באַ-שטימטע פּערזאָן מיטן נאָמען פעליקס, דער גאַנצער שטאַטס-מיניסטער פֿון גריגאָר דעם 7-טנס הויף און דער, וואָס האָט צוזאַמען מיט אים געאַרבעט פֿאַרן פֿאַרפֿעסטיקן די „טעמפּאָראַלע“ מאַכט פֿון דעם פּויפּסטנטום. ווען עס האָט אויסגעבראָכן אַן אויפֿשטאַנד צווישן דעם קאַטויליישן קלער אין דייטשלאַנד, איבער דעם איינפֿיר פֿון צעליבאַט (פֿאַרבאָט פֿאַר גלחים חתונה צו האָבן), זאָל פעליקס-אלחנן געווען זיין דער, וואָס האָט איינגעשטילט די אויפֿגערעגטע גע-מיטער צווישן די דייטשע גלחים.

און אַז מען בינדט זיך צו צו-פֿעסט, אין אַזאַ פֿאַל, צו דעם וואָגן פֿון געשיכטע, מוז מען שוין, ווייטער, פֿירן די דאָזיקע משא אַן נאָכצולאָזן און אַן ספֿקות, מיט דער זיכערקייט און פֿעסטקייט, ווי דאָס וואָלט טאַקע געווען אַ היסטאָרישער פֿאַקט:

באַקומט זיך דערום, אַז נאָכדעם ווי גריגאָר דער זיבעטער האָט פֿאַרלוירן זיין קאַמף מיטן קעניג היינריך דעם פֿערטן, איז אַנטלאָפֿן און געשטאָרבן אין גלות, ווערט דער יונגער פעליקס, דער זון פֿון ר׳ שמעון הגדול, וועמען מען האָט קליינערהייט פֿון הויז אַוועקגעגנבעט, אין אַ מאָנאַסטיר דערצויגן, ביז ער איז געוואָרן דעם פּויסטס רעכטע האַנט — דערוויילט אַלס פּויפּסט אונטערן נאָמען וויקטאָר דער דריטער, וועלכער האָט נאָך גריגאָר דעם זיבעטן פֿאַרנומען דעם וואַטיקאַן-שטול.

דאָס איז דער פּויפּסט ר׳ אלחנן.

וועלכע איז די היסטאָרישע באַזע, אויף וואָס דער מחבר פֿון דער נאָוועלע זאָל זיך געווען האָבן געשטיצט? דאָס ווערט ניט אָנגעגעבן. אָבער עס איז פֿאַרשטענדלעך פֿון זיך אַליין: דער מחבר האָט גענומען באַשטימטע היסטאָרישע פֿאַקטן פֿון דער צייט, ווען ר׳ שמעון הגדול האָט געלעבט אין מיינץ און באַזונ-דיק זיך אויף דער לעגענדע, אַז זיין זון ר׳ אלחנן — פֿון וועמענס נאָמען וועגן דער פּיוט איז פֿאַרפֿאַסט — איז געווען דער יידישער פּויפּסט, האָט ער עס צו-זאַמענגעבונדן אינאיינעם. (ס׳איז אַ היסטאָריש-דערוויזענער פֿאַקט, אַז ר׳ אלחנן׳ס פֿאָטער, ר ׳שמעון דער פּייטן, איז געפֿאָרן אין רוים מיט אַ שליחות צום פּויפּסט, צו קאָפּשאַפֿן די גזירה פֿון גירוש איף די מיינצער יידן, אַ גזירה, וואָס איז געקומען פֿון דעם קיסר היינריך דעם פֿערטן); און במילא האָט ער עס געמוזט שוין צו-שרייבן צו באַשטימטע יאָרן; אַלס קאָנסעקווענץ פֿון דעם האָט עס געמוזט באַקו-מען זיך, אַז דער פּויפּסט וויקטאָר דער דריטער — איז עס דער יידישער פּויפּסט, ר׳ אלחנן.

דאָס איז אָבער, אַזוי צו זאָגן, אַ צו פֿרייער צוגאַנג צום מאַטעריאַל פֿון דער לעגענדע, ווייל: וויפֿיל די וועגן פֿון דער לעגענדע און דער געשיכטע זאָלן זיך ניט פֿאַרמישן — רעכנט זיך לעגענדע קיינמאָל ניט מיט כראָנאָלאָגיע אין דער

געשיכטע. פאַר איר איז „אין מוקדם או מאוחר"; זי קימערט זיך ניט פאַר אַנאַ-כראָניזמען.

און אויב עס איז היסטאָריש פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז ר' שמעון הגדול איז געפאָרן קיין רוים צום פויפּסט; אויב עס איז מער ווי וואַרשיינלעך, אַז ער האָט געהאַט אַ זון אלחנן און ער איז קליינערהייט פאַרלוירן געגאַנגען און איז מעגלעך געוואָרן אַ גייסטלעכער — איז עס אָבער ניט קיין באַווייז פון וועלכן מען זאָל קענען דרינגען, אַז דער איז ווירקלעך געווען וויקטאָר דער דריטער.

אין זיין ווייטערדיקער עקספּאָזע פון דער דערציילונג, האַלט זיך לעהמאַן שוין נאָענט בייַם טעקסט פון איינער פון די ווערסיעס פון דער לעגענדע; באַזונדערס בייַם קאַפּיטל, ווען דער זון האָט זיך געלאָזט דערקענען צום פאָטער.

— 8 —

## דער ספּור המעשה פון דער לעגענדע

מיר וועלן פאַרצייכענען, ווי מעגלעך קורץ, איינציקע פון די ווערביעס פון דער לעגענדע:

אין דער גרויסער קהלה אין דער שטאָט מאַגענציע, וואו ר' גרשון מאור הגולה איז רב געווען, האָט אין איין צייט מיט אים געוואוינט דאָרטן אַן איש נכבד, וועמענס נאָמען אַלס פּייטן בן פּייטן איז שוין פאַרשפּרייט געווען איבער גאַנץ דייטשלאַנד — ווייל זיינע פּיוטים פלעגן געזונגען ווערן אין אַלע שולן — ר' שמעון בן ר' יצחק בן אבון, באַקאַנט אונטערן נאָמען ר' שמעון הגדול (אָדער הזקן); רייך איז ער געווען, בארימט און גליקלעך געלעבט.

ער האָט געהאַט אַ זון וועלכער איז געבוירן געוואָרן דעם צווייטן טאָג ראש השנה און אַ נאָמען האָט ער אים געגעבן אלחנן, פאַרפאַבנדיק צוליב דעם אַ פּיוט מיט די ווערטער: „אל חנן נחלתו בנועם להשפר".

דאָס קינד האָט געהאַט אַ קריסטלעכע אַם, וועלכע האָט אלחנען ליב געהאַט ווי אַן אייגן קינד — אין דאָס האַרץ האָט איר ווי געטון, וואָס אַזאַ שיין קלוג קינד איז „נעבעך" פאַרמישפּט צו פאַרבלייבן אַ ייד, „אַ כופר" און וועט ניט וויסן פונם ליכטיקן קריסטלעכן אמת. זי פלעגט זיך מתודה זיין פאַר אַ גלח — און האָט פאַר אים דאָס דאָזיקע אויפגעקלערט.

דער גלח האָט איר געזאָגט, אַז זי קען קריגן אַ פאַרגעבונג פאַר אירע זינד — דאָס זויגן אַ יידיש קינד, — אויב זי וועט עס ברענגען אונטערן שוץ פון דער קאַטוילישער אמונה. זי האָט מסכים געווען; און איינמאָל ראש השנה, ווען דאָס קינד איז אַלט געווען דריי-פיר יאָר, און ר' שמעונס פאַמיליע איז געווען אין שול, האָט זי גענומען דאָס קינד אלחנן, עס אַוועקגעטראָגן צום גלח, וועלכער האָט עס צוזאַמען מיט דער אַם פאַרבאָרגן אין אַ מאָנאַסטיר, וואו דאָס קינד איז געוואַקסן און דערצויגן געוואָרן אַלס פרומער קאַטאָליק און גלח, איבעראַשנדיק אַלעמען מיט זיין שיינקייט, חכמה און גרויסע פעאיקייטן; ער איז געשטיגן אויפן לייטער פון קריסטלעכן וויסן, ביז ער איז, נאָך גאָר אַ יונגער, געוואָרן אַ

קאַרדינאַל, און דערנאָך, צוליב זײַנע גרויסע פֿאַרדינסטן פֿאַר דער קריסטלעכער קירכע איז ער, אַלץ נאָך אַ יונגער, דערוויילט געוואָרן אַלס פּויפּסט.

בנוגע דעם אַנטלויפֿן, ווי דאָס איז צוגעגאַנגען און בנוגע דעם עלטער פֿונם קינד, זײַנען פֿאַראַן אַנדערע ווערסיעס:

לויט איינער איז עס געשען, ווען אלחנן איז שטאַרק קראַנק געוואָרן און די אַם, אָדער דינסט, וועלכע האָט אים ליב געהאַט, האָט מורא געהאַט, אַז דאָס קינד וועט שטאַרבן אָן קריסטלעכן וידוי און תפילה, האָט זי אים דאַן אַוועק־גענגבעט און אַוועקגעטראָגן צום גלח; ער איז אָבער געזונט געוואָרן און איז שוין צוזאַמען מיט זײַן אַם פֿאַרבליבן דאָרטן.

לויט אַ צווייטער ווערסיע, איז שוין אלחנן דאַן ניט געווען אַזוי קליין, אַז ער זאָל אַבסאָלוט ניט געדענקען שפּעטער, ווען זײַן אָפּשטאַם: זײַן פֿאָטער זאָל פֿריער שוין געווען האָבן אײַנגעחזרט מיט אים דעם „אל חנן נחלתו" און ער האָט שוין אפילו געוואוקסט, ווי מען שפּילט אין שאַך און געקענט געווייסע באַזונדערע גענג, וואָס דער פֿאָטער האָט אים אויסגעלערנט און נאָך וועלכע זיי האָבן זיך אין יאָרן אַרום שפּעטער דערקענט (דער געלערנטער שטיינשניידער זאָגט אַרויס אַ סברה, אַז דער דאָזיקער צוגאָב איז געמאַכט געוואָרן אין דער לעגענדע אין דער צײַט, ווען צווישן די ייִדן פֿון דייטשלאַנד האָט זיך אָנגעהויבן פֿאַר־שפּרייטן דער שאַך־שפּיל).

ר׳ שמעון הגדול האָט יאָרנלאַנג געוויינט אויף דעם פֿאַרלוסט פֿון זײַן קינד און האָט קיין טרייסט ניט געפֿונען. יעדן יאָר פֿלעגט ער ראש השנה יאָרצײַט נאָך אים אָפּריכטן און וויינען, ווען קהל פֿלעגט זאָגן דעם פּיוט, וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער פֿון זײַן זונס נאָמען.

לויט אַ צווייטן נוסח, איז דאָס זאָגן פֿונם פּיוט „אל חנן נחלתו" אײַנגע־פֿירט געוואָרן שפּעטער, נאָכדעם ווי ר׳ אלחנן האָט שוין תשובה געטון און איז געוואָרן אַ קדוש.

אַז ר׳ אלחנן איז גרויס געוואָרן, האָט אים שטאַרק גענומען קימערן די מאָדנע סודותדיקייט וועגן זײַן אָפּשטאַם; ער האָט קיינמאָל ניט געקענט וויסן גענוי ווער ער איז און פֿון וואַנען ער שטאַמט; דער גלח און די אַם פֿלעגן אים זאָגן, אַז ער שטאַמט פֿון אַ נאָבעלער פֿאַמיליע, אַ קריסטלעכער, וואָס איז אומ־געקומען אין איינער פֿון די דאַן אָפֿטע בירגער־קריגן; ער האָט אָבער אינערלעך געשפּירט, אַז עפּעס איז ניט גלאַט: ווייטע מאָדנע אָפּקלאַנגען פֿון קינדער־לידער, דער ווייטער פֿאַרטויבטער אָפּקלאַנג פֿון אַנדערע רייד; בלייכע, נעבלהאַפּטיקע געשטאַלטן פֿון פּנימער אַנדערע, ייִדישע, וואָס ער געדענקט ניט וואו און ווען ער זאָל זיי געווען האָבן געזען, זײַנען אַרויפֿגעשוואומען אין זײַן זכרון — און האָבן אים קיין רו ניט געגעבן. צו דעם קומט צו זײַן אינערלעכע איבערצייגונג אין דער ניט גילטיקייט, פֿאַלשקייט פֿון דער קריסטלעכער לערע. ביז איינמאָל, האָט ער זיך אַנטשלאָסן און איז צוגעשטאַנען צום גלח, וועלכער האָט געוואַכט איבער זײַן קינדער־דערציאונג און איז געווען דער איינציקער, וועלכער האָט געמוזט עפּעס וויסן פֿון זײַן קינדהייט — און אונטער ערנסטע דראָונגען האָט ער ביי

אים ארויסבאקומען דעם סוד, אז ער איז א קינד פון יידישע עלטערן פון מיינץ, א זון פון ר׳ שמעון הגדול וואס לעבט נאך.

אין אנדערע ווערסיעס ווערט אויף אן אנדער אופן איבערגעגעבן, ווי אזוי דער ייד — דער פויפסט — האט זיך דערוואוסט וועגן זיין אפשטאם:

די קריסטלעכע אם, וואס האט אים אוועקגעגנבעט קליינערהייט פון הויז פון זיינע עלטערן און וועלכע איז געווען נעבן אים לאנגע יארן, האט פארן טויט זיך מתודה געווען פאר אים, פארן הייליקן פויפסט אליין.

עס איז פאראן נאך א נוסח, אז מען האט עס אים מגלה געווען אין א חלום; נאכדעם ווי ער איז א צייט פריער ארומגעגאנגען שטארק צעטראגן, טראכטנדיק אלץ וועגן זיין אפשטאם, א נוסח פון א פרווידיאנישער דערקלערונג אזוי צו זאגן.

אז דער פויפסט איז געוואויר געווארן וועגן זיין אפשטאם, האט ער פארארדנט, אז מען זאל ברענגען צו אים ר׳ שמעונען פון מיינץ און ער האט אים געצוואונגען ער זאל אים אויסרעכענען די נעמען פון אלע זיינע קינדער און זייערע סימנים. דער זקן האט עס געטון און אזוי ארום האט דער פויפסט געקענט פעסטשטעלן, אז ער איז ווירקלעך אלחנן, ר׳ שמעונס זון. ער אנטפלעקט זיין סוד פאר זיין פאטער און פרעגט אים צי איז פאראן א תשובה פאר אים; ר׳ שמעון דערקלערט אים, אז „במקום שבעלי תשובה עומדים, אין צדיקים גמורים יכולים לעמוד“. עס ווערט צווישן זיי אפגערעדט, אז ער ווערט א ייד צוריק. זיין פאטער קערט זיך אים צוריק קיין מיינץ. ער בלייבט אין וואטיקאן, וואו פון דער הויך פון דער קלויסטער-וואנט האלט ער, דער פויפסט אנדרעאס, — ווי ער ווערט אנגערופן אינם דאזיקן נוסח פון דער לעגענדע — א דרשה פאר די קארדינאלן און גלחים, אויפקלערנדיק זיי, אז ער אנטזאגט זיך פון קריסטנטום, אז ס׳איז פאלש די דאגמע זייערע, ליגן די מעשה וועגן יעזוסעס איבערנאטירלעכער געבורט.

און ווען די קארדינאלן און פארזאמלטע גלחים בלייבן שטיין אין שטוינונג, מיינענדיק, אז דער פויפסט אנדרעאס איז פון זינען געווירט, — ווארפט ער זיך פון דער הויך פון דעם קלויסטער-טורעם אויף דער ערד און שטארבט על קידוש השם — (רן את עצמו בסקילה) — זיין פאטער ר׳ שמעון דערוויסט זיך פון דעם אין מיינץ און דאן ווערט איינגעפירט. צום אנדענק פון דעם קדוש, ר׳ אלחנן, צו זאגן דעם צווייטן טאג ראש השנה דעם פיוט:

אל חנן נחלתו בנועם להשפר
ידעם קרא קרבנותיו במספר
ותיטב לד׳ משור פר, קדוש.

— 9 —

## איינ׳קע פון די מער ווייטע ווארי‌אציעס

אנהויבנדיק פונם מאמענט ווען דער פויפסט דערוויסט זיך, אז ער איז פון יידישן אפשטאם, ווערן די נוסחאות אין דער דאזיקער לעגענדע ווייט פארשידן איינע פון דער צווייטער; און עס ווערט בולטער און ניכרער די אנשיכטונגען

פון צייט און אָרט, אויף וועלכע מיר האָבן אָנגעוויזן. מיר וועלן פאַרצייכענען איי-ניקע, וועלכע זיינען, קענטיק, שפּעטער געשאַפן געוואָרן, נאָך דער, וואָס איז אין פאַבריקן קאַפּיטל איבערגעגעבן געוואָרן:

אַז דער פּויפּסט אַנדרעאַס (אלחנן) האָט זיך דערוואוסט וועגן זיין אָפּ-שטאַם, האָט ער געוואָלט, אַז זיין פאָטער זאָל צו אים קומען; אָבער ער האָט אים פריער געוואָלט אויספּרובירן. האָט דערום דער פּויפּסט אַרויסגעגעבן אַ שווערע גזירה אויף די יידן פון מיינץ. ער איז געווען זיכער, אַז די ראשי-הקהל פון מאַגענציע, און צווישן זיי זיין אַלטער פאָטער, וועלן געוויס קומען משתדל צו זיין זיך פאַר אים. און אַזוי וועט ער קענען אַנטפּלעקן און אויספאָרשן אין גאַנצן זיין סוד.

אַזוי איז עס ווירקלעך געשען: צווישן דער דעלעגאַציע פון יידן, וואָס איז געקומען זיך משתדל זיין פאַרן פּויפּסט, איז געווען ר׳ שמעון. (דאָס שטימט מיט אַ פעסטגעשטעלטן היסטאָרישן פאַקט: ר׳ שמעון איז געפאָרן אין רוים צו משתדל זיין זיך פאַרן פּויפּסט, אין די יאָרן 1020 לערך). די דעלעגאַציע האָט זיך פריער געזען מיט דער יידישער קהלה אין רוים, וועלכע איז איבערראַשט גע-וואָרן פון דער גזירה, ווייסנדיק אַז, אדרבה, דער פּויפּסט איז אַ דורש טוב לעמו, האָט ליב יידן און שפּילט אפילו מיט יידן אין שאַכמאַט (2). עס קומט פאַר די אוידיענץ צווישן דעם פאָטער און דעם זון — דעם רב און דעם פּויפּסט — און דער ערשטער איז אַנטציקט פונם צווייטנס גוטסקייט און וואוילגעלערנטקייט אפילו אין יידישע ענינים. דער פּויפּסט האָט דערקענט דעם פאָטער, אָבער ער האָט זיך פאַר אים ניט אַנטפּלעקט. אין עטלעכע טעג אַרום לאַדעט ער אים איין אין שאַכמאַט שפּילן; און שפּילנדיק אַזוי, גייט מען ביסלעכווייז אַריבער צו רע-ליגיעזן ויכוח. דער זון קען שוין לענגער זיין סוד ניט האַלטן און אַנטדעקט אים פאַרן פאָטער: „איך בין דיין זון אלחנן!„.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דער פּויפּסט באַשטימט צו ווערן אַ ייד; אָבער פריער שאַפט ער אָפּ די גזירה אויף דער מאַגענציער קהלה; זיין פאָטער פאָרט צוריק קיין מיינץ; דער פּויפּסט פאַרבלייבט נאָך אַ געוויסע צייט אין וואַטיקאַן, וואו ער שרייבט אַ חיבור קעגן דער קריסטלעכער אמונה, אָנווייזנדיק אויף איר גאַנצער פאַלשקייט; ער לאָזט איבער אין וואַטיקאַן דעם חיבור און אין אַ פינס-טערער נאַכט אַנטלויפט ער, ווערט פאַרשוואונדן — און קיינער אין וואַטיקאַן ווייסט ניט וואָס מיט אים איז געשען, וואו ער איז אַהינגעקומען. אָבער אין מיינץ — אין דער ישיבה פון רבי שמעון הגדול איז צוגעקומען אַ געהיימניספולע פערזאָן; אַ נייער פרומער ייד; אַ בעל-תשובה, אַ גר-צדק, וואָס לערנט יומם ולילה: דאָס איז דער געוועזענער פּויפּסט אַנדרעאַס, וועלכער איז צוריק געוואָרן — ר׳ אלחנן.

די אָפּצווייגונגען און וואַריאַנטן זיינען צענדליקער; ניט צום פאַרצייכענען אַלע.

---

(2) אין דעם זעט גידעמאַן אין זיין ציטירט ווערק אַן אָנדייטונג אויפן פּויפּסט אַלעקסאַנדער דעם דריטן.

פאראן א נוסח וואס דערציילט, אז דער פאטער האט דערקענט דעם זון דורך א באזונדערן גאנג אין שאכמאט, וואס ער האט אים געוויזן קליינערהייט, אדער וואס נאר יידן האבן דאן געוואוסט פון אים; פאראן א וואריאנט, וואו עס ווערט דערציילט, אז דער פאטער האט דערקענט דעם זון דורך א באזונדערן צייכן, א פלעק, וואס ער האט געהאט אויפן לייב און פון וועלכן קיין זייטיקער, אויסער דעם פאטער, האט ניט געוואוסט.

אויך וועגן דער האנדלונג פון אנדרעאס־אלחנן נאכן לאזן זיך צו דערקענען פונם פאטער, האט די מיטלאלטער־לעגענדע איבערגעלאזן פארשידענע ווערסיעס:

לויט איינער, האט ר׳ אלחנן דער פויפסט געזאגט זיין פאטער, אז עס איז גלייכער ער זאל נאך פארבלייבן ביים וואטיקאן, טאקע כדי צו וואכן און ראַ־טעווען דאס יידישע פאלק פון א גרויסער צרה, וואס עס רוקט זיך אן אויף אים, די קרייץ־ציגע; אז ער וועט זיין ביים וואטיקאן, וועט ער ניט לאזן, אז יידן זאל בייז געשען! אין קעגנטייל, „קען נאך הלילה א כליה קומען אויף שארית ישראל".

דערויף זאל אים זיין פאטער, ר׳ שמעון הזקן, געווען האבן געענטפערט מיטן פסוק: „לא ינום ולא יישן שומר ישראל". „גאט וועט וואכן איבער זיין פאלק; און עס איז ניט דיין זאך, מיין קינד; אויב דו ווילסט תשובה טון, דארפסטו ניט אפלייגן, איבער קיין שום זאך; „מצוה הבאה לידך אל תחמיצנה" — און פאר זיין פאלק וועט זיך גאט זארגן".

ר׳ אלחנן האט געפאלגט; ער איז אנטלאפן פון וואטיקאן, אומגעקערט זיך אין מיינץ צו יידישקייט, זיין מורא איז אבער מקוים געווארן: די קרייץ־ציגע זיינען, אין א טאג, אנגעפאלן אויף דער מיינצער קהלה — וועלכע איז אומגעקומען, אלע אירע איינוואוינער זיינען אומגעבראכט געווארן אויף קידוש השם און צווישן זיי — ר׳ אלחנן, דער געוועזענער פויפסט.

אין וואטיקאן האט מען ניט געוואוסט, וואו דער באליבטער פויפסט איז אהינגעקומען און אזוי ווי ער האט געשמט פאר א הייליקן מאן, איז ביי די גלחים אין קארדינאלן, „רואי־פני האפיפיור" נמנה ונגמר געווארן, אז ער איז אין קדושה נתעלה געווארן אויפן הימל און לעבעדיקערהייט האט ער זיין ארט געפונען לעבן „דעם הייליקן גייסט", ווערנדיק פארעכנט אלס הייליקער אנדרעאס. איז עס ניט די השפעה פון דער מעשה וועגן אליהוס און חנוכס ארויפשטייגן אויפן הימל?...

דאס איז דער תמצית, דער אינהאלט פון די לעגענדעס וועגן דעם יידישן פויפסט אנדרעאס־אלחנן; מיט אייניקע פון די מער וויכטיקע אפנויגונגען פון דעם ערשטן מקור און מיט אייניקע וואריאציעס; ווי עס איז אויף מחזורים פארצייכנט געווארן און אין אלטע מעשה־ביכלעך אין העברעאיש און אויף „עברי־טייטש".

דאס איז אבער נאר דער נוסח אשכנז — כ׳מיין די לעגענדע, ווי זי שטאמט פון דייטשלאנד. פאראן א צווייטער נוסח — א ספרדישער — אזוי צו זאגן, וואס שטאמט פון שפאניע און וואס טראגט איבער די האנדלונג אין 14־טן יארהונדערט, און ניט אין מיינץ, נאר אין בארצעלאנא, און ניט מיט ר׳ שמעון הגדול האט עס פאסירט, נאר מיטן בארימטן גאון און רב פון בארצעלאנא, דעם רשב"א (ר׳ שלמה

בן-אדרת), דער באַרימטער אין דער געשיכטע פונם חרם פון די רבנים קעגן דעם לימוד פון נאַטור-וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע.

זיינער אַ זון, וואָס איז קלײנערהייט פאַרשוואונדן געוואָרן, איז עס דער פּויפּסט געוואָרן לויט דער דאָזיקער ווערסיע.

אין וואָס עס דריקט זיך אויס דער אונטערשיד צווישן די צוויי נוסחאות, האָבן מיר שוין אויבן אָנגעוויזן און מיר ווילן עס דאָ ניט איבערחזרן. עס איז אָבער ניט שווער צו פאָרשטעלן זיך, ווי אַזוי די דאָזיקע לעגענדע האָט געקענט אַנט-שטיין און פאַרוואָס עפּעס דוקא דעם רשבא׳ס אַ זון:

דער רשב״א איז צוליב זיין ברייטער עפנטלעכער אַקטואַציע שטאַרק באַרימט געוואָרן צווישן שפּאַנישן און פּראָווענסאַלער יידנטום פונם 14-טן יאָרהונדערט; די רדיפות אויף יידן אין די קאַטוליש-שפּאַנישע שטעט, האָבן אין יענער צייט אָנגענומען אַ שאַרפן כאַראַקטער; יידישע קינדער זיינען דאַן אַוועקגערויבט געוואָרן — דורך דעם פינצטערן המון, אָנגעפירט פון די גלחים — פון זייער פּאָטערס הויז און דערצויגן געוואָרן אַלס קריסטן; די רדיפות אין דייטשלאַנד פון דער צייט פון די קרייץ-ציגע, האָבן זיך איבערגעחזרט אין אַ שאַרפערער פאָרם דאַן, און די פּויפּסטן זיינען אויך אין דעם פאַל געווען אָפט די, וועלכע האָבן גראָדע גערעטעוועט יידן פון דעם גלחישן פינצטערן האַס; האָט אַזוי אַרום די פאַנטאַזיע פון פאָלק גענומען אַ מסורה, וואָס איז מיט אַ פּאָר הונדערט יאָר צוריק אַרומגעגאַנגען צווישן דעם דייטשן יידנטום — וועגן דעם פּויפּסט ר׳ אלחנן — און איז געווים באַקאַנט געווען אויך אין באַרצעלאָנאַ און באַהעפט זי מיט דער פּערזאָן פון אַ באַקאַנטן גאון אין שפּאַניע, מיטן רשב״א, איבער-דערציילנדיק עס לויטן צוגאַנג פון שפּאַנישע יידן און פאַרענדיקנדיק עס מיט אַ קידוש-השם, מיט אַ אויטאָ-דע-פע.

עס איז מער ווי זיכער, אַז דער דאָזיקער נוסח האָט געקענט געשאַפן ווערן ניט פריער ווי נאָך די טרויעריק באַרימטע רדיפות אויף יידן אין שפּאַניע, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין יאָר 1391 און וועלכע האָבן אריינגעבראַכט אין אונדזער ליטורגישער פּאָעזיע פון יענער צייט אין מיטלאַלטער, אַ שפּאָר ביסל פּיוטים, סליחות און קינות, פאַראייביקנדיק צוזאַמען מיט יידישע טרערן די נעמען פון די וויכטיקסטע געוועזענע יידישע קהלות אין שפּאַניע — און אַזוי איז דאַן גע-בוירן געוואָרן דער צווייטער, דער שפּאַנישער נוסח פון דער מיטלאַלטערלעכער לעגענדע וועגן אַ יידן אַ פּויפּסט אָדער וועגן יידן פּויפּסטן.

.1931



# דער יאָרהונדערט פון אַנאָנימע קדושים

— 1 —

איך וויל מוסר-מודעה-זיין, גלייך ביים אָנהויב, דעם לייענער פון די דאָזיקע דפים, אַז דער שרייבער פון זיי, איז ניט קיין געשיכטע-פאָרשער און זוכט ניט צו מהדש זיין חידושים אין דער יידישער געשיכטע, אָדער אַנטדעקן נייעס. די אויפגאַבע וואָס איך האָב פאַר מיר אָנגעצייכנט אין דער דאָזיקער אַרבעט, איז אַ סך אַ פּשוטערע: אָנוואַרפן אַ פּאָר שטריכן פון דעם גרויסן פּיין און קליינער פרייד פון יידישן לעבן אינם 16-טן יאָרהונדערט דורך דערמאָנען אייניקע פיגורן און געשטאַלטן זיינע, וועלכע פון זיי עס זיינען באַקאַנט ברייט און אַנדערע ווינציקער, און אַנדערע נאָך ווינציקער פון ווינציק פאַר אונדזער לייענער-פובליקום אין יידיש.

דאָס זיינען פיגורן, וואָס זיינען אין פלוג ווייט איינע פון דער אַנדערער, וואָס האָבן ניט כמעט קיין אינערלעכע שייכות איינע מיט דער צווייטער — אָבער: דאָס דאַכט זיך נאָר אַזוי: דער אינערלעכער פאָדעם, וואָס האָט פאַראייניקט זייער לעבן, איז דאָס ליידן פאַר זייער גלויבן און פאָלק — „גלויבן" און „פאָלק" איז דאַן געווען איין זאַך, אַ סינטעז, ווייל גלויבן איז ג ע ו ו ע ן און א י ז , באַוואוסטזיניק אָדער אומבאַוואוסטזיניק, פאַר וועמען אַקטיוו, פאַר וועמען פּאַסיוו, אין דער נאַציאָנאַלער טעריטאָריע, און דאָס ליידן, דאָס מאַרטירערטום איז אויך געווען און איז — איצט אַזוי אַקטועל ווי אין מיטלאַלטער און ווי אין 16-טן יאָרהונדערט — די פּיינפולע און ליכטיקע נאַציאָנאַלע טעריטאָריע פון אונדזער אומה אין אַלע הונדערט זיבן און צוואַנציק מדינות פון אונדזער צעשפּרייטונג.

מיסטיק, טרוים, מאַרטירערטום, משיחישע אידייען און שטרעבונגען אויפצולעבן יידן מלוכהיש און רעליגיעז, צו דערלייזן זיי, גייסטיק צי פיזיש פון צווישן די אומות, וואו זיי זינקען און ליידן — דאָס איז דער אינערלעכער פאָדעם, וואָס פאַראייניקט די געשטאַלטן, וועלכע ווערן דערמאָנט, לויפיק אין די ווייטערדיקע זייטלעך.

כאָטש זיי האָבן געלעבט ווייט איינער פון דעם אַנדערן, ווייט געאָגראַפיש, ווייט כראָנאָלאָגיש, צעוואָרפן איבער אַ יאָרהונדערט און אין סביבות אַזעלכע ווייטע איינע פון די אַנדערע, ווי ווייט עס זיינען געווען די שפּאַנישע, פאָרטוגעזישע הויפן פון דעם טערקישן סולטאַנאַט פון 16-טן יאָרהונדערט און ווי ווייט עס איז אַ ישיבה פון צפתער מקובלים פון אַ מלוכהשן פּראָקוראָר אינם פּאָרטוגעזישן הויף און אַ מאַראַן, וואָס ווערט אַ גר-צדק, כדי צו מל-זיין אַנדערע

מאראנען, וואָס ווילן זיך אומקערן צו יידישקייט, און ווי ווייט די דאָזיקע זיינען, פון אַ מיסטיקער אַ דיכטער, וואָס פאַרפאַסט אַ שיר לכבוד דער כלה-מלכה שבת: כאָטש זיי האָבן געלעבט און געווירקט אַזוי ווייט איינע פון די אַנדערע, אין אַלע פּרטים ווייט, פאַרייניקט זיי אָבער איין אינערלעכע ליכטיקייט און באַשטראַלונג — אין דעם יאָרהונדערט פון אַנאָנימע קדושים — די ליבע צום פאָלק, אַ ליבע, וואָס האָט דערגרייכט ביז מסירת-נפש...

כדי בעסער צו באַגרייפן דעם פאַרנעם פון די געשטאַלטן, איז נויטיק צו אַנוואַרפן, זאָל זיין אפילו אין אַלגעמיינע שטריכן דעם כאַראַקטער פונם יאָרהונדערט.

— 2 —

אין דער וועלט-געשיכטע איז דער סוף פון פופצנטן יאָרהונדערט און דער זעכצנטער באַצייכנט, ווי די צייט פונם אויפבלי פון דער רענעסאַנס-עפּאָכע: די שאָטנס פונם גרויל־האַפטיקן, מוראדיקן מיטלאַלטער, הייסט עס, לויט די היסטאָריקער, זיינען שוין דאַן פאַרשוואונדן; הויפּטזעכלעך פון איטאַליע, די צעטיילטע, צעשטויבטע דאַן, אין אַזוי פיל מלוכות און מלוכהלעך, כמעט וויפיל שטעט וויכטיקע און האַפנס באַזייטנדיק דער אַפּענינישער האַלב-אינדזל האָט פאַרמאָגט, און אנשטאָט דעם מיטלאַלטער — הייסט עס אַלץ לויט די זעלביקע היסטאָריקער — האָט עס אַ שיין-געטון, פון דאָרטן אַרויס, אויף דער וועלט, מיט דער ליכט און וואַרימקייט פון קולטור, פון הומאַניסטישע וויסנשאַפטן, מיט שיינקייט און פּרעכטיקייט פון דער אַזוי גערופענער „לאַאישער". וועלטלעכער פּאָעזיע און קונסט; מען האָט ווידער אָנגעהויבן צו לערנען און שטודירן די אַלטע, די אַנטיקע קונסט, מיטאָלאָגיע, די קלאַסישע שפּראַכן און אַנטיקע פילאָזאָפיע פון אַטען און פון רוים. די וועלט האָט אָנגעהויבן צו „וועלטלעכן" זיך, אַזוי צו זאָגן, באַפרייענדיק זיך פון די פּענטעס, פון די קייטן און צוימען פון דער קאָנווענטואַלער סכאָלאַסטיק און טעאָלאָגיע, אַלס אַל-וויסנשאַפט, אַלס דער אלף און תיו פון אַל-דער-קולטור און פון אַל-דעם-וויסן.

מיט איין וואָרט, די וועלט, אונטער דער אַלץ-העלערער אויפשטראַלנדיקער ליכט פונם רענעסאַנס-יאָרהונדערט — אַזוי לויטעט דער קאַנאָן פון דער אָפיציעלער היסטאָריזאָפיע — האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו באַפרייען זיך פון דער השפּעה פון דער קירכע, פון דעם איינפלוס, וואָס די קלויסטערס האָבן געהאַט אויף אַלע ווינקעלעך און שפּאַרונקעלעך, צימערלעך און קעמערלעך פון לעבן, פונם אינטעלעקטועלן לעבן איבערהויפּט.

ניט מיין אויפגאַבע איז עס, דאָ איבערהויפּט, צו דיסקוטירן אָדער אָפּאַנירן די דאָזיקע באַהויפּטונג, וואָס ווערט אָנגענומען דורך די געשוואוירענע היסטאָריקער ווי אַן אומבאַשטרייטבארער אמת. וואָס איך בין אָבער יאָ אויסן דאָ, איז צו דערמאָנען, אַז דער 15-טער און 16-טער יאָרהונדערט — רענעסאַנס-צייט פאַר דער וועלט — זיינען פאַר אונדז יידן געווען, לכל הדעות נאָך, די פאַרלענגע-

רונג פֿון דעם ערגסטן, פֿון דעם פֿינצטערסטן, פֿון דעם גרויל־האַפֿטן מיטלאַלטער אין אייראָפּע דער פּעאָדאַלער נאָך.

די דאָזיקע יאָרהונדערטער האָבן געבראַכט פֿאַר אונדז דעם גירוש און די שמד־רדיפֿות אין שפּאַניע, דעם אינקוויזיציע־געריכט אויפֿן איבעריישן האַלבּ־אינדזל, פֿאַרן גירוש און נאָכן גירוש; רדיפֿות און אויטאָ־דע־פֿע אין די מלוכות פֿון איטאַליע; גירושים און גזירות אין די מדינות פֿון מערן, בעמען, דעמאָלטדיקע עסטרייך און דייטשע פֿירשטנטומס; צרות און רדיפֿות, אַלס קאָנסעקווענץ פֿון די רעליגיעזע מלחמות און אַזוי ווייטער...

איין גרויס פֿעלד פֿון בלוט, טרערן און מאַרטירערטום אין מיטל און מערב־אייראָפּע פֿאַר אונדז אין יענע יאָרהונדערטער, מיט זייער קליינע אויסנאַמען, מיט הפסקות כמעט אומבאַדייטנדע, געאָגראַפֿיש און כראָנאָלאָגיש, דאָ און דאָרט, ווי צום ביישפּיל אין פּוילן, אין טערקיי, וועלכע האָט אין דער העלפֿט פֿונם 15־טן יאָרהונדערט אירע גרויסע זיגן אָפּגעהאַלטן איבער דער צעפֿאַלן־ווערנדיקער ביזאַנץ און, מאַכנדיק באַדייטנדיקע דעראָבערונגען אין אייראָפּע, האָט זי פֿריי געעפֿנט אירע טויערן פֿאַר יידישע פּליטים פֿון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל; אָדער ווי צום ביישפּיל, אין די מלוכות פֿון ווענעציע און נעאַפּאָל, אויף אַ געוויסער צייט.

דאָס זיינען אָבער, ווי געזאָגט, געווען קליינע אויסנאַמען פֿון דעם אַלגעמיינעם רעגל, וואָס קומען נאָר צו באַשטעטיקן אים; און דאָס „נאָרמאַלע“ איז געווען, אַז:

די יאָרהונדערטער פֿון דעם רענעסאַנס פֿאַר דער ניט־יידישער וועלט זיינען געווען יאָרהונדערטער פֿון בלוט און טרערן, פֿון רדיפֿות און פֿאַרטיליקונג, פֿון ליידן אָן שיעור און מאַרטירערטום אָן גרענעץ און אָן כוח פֿאַר אונדזער פֿאָלק.

— 3 —

אין דעם 16־טן יאָרהונדערט זיינען אין דער יידישער געשיכטע פֿאָרגעקומען פֿאַלן און געשעענישן אַזעלכע, דורך וועלכע געשיכטע הערט אויף צו זיין דאָס, וואָס זי איז; הערט אויף צו זיין פֿאַקטיש געשיכטע און זעט אויס אַזוי אומגלויבלעך, ווי... לעגענדע; און לעגענדע ווערט געשיכטע. איך וויל דערמיט זאָגן, אַז עס קומען פֿאָר אַזעלכע פֿאַקטן און געשעענישן, וואָס קלינגען אומגלויבלעך, ווי וואונדער־שיינע מעשיות און ווי אויסגעטראַכטע ראָמאַנטישע לעגענדעס — מכּיש אומגלויבלעך; און דאָך זיינען עס פֿאַקטן, היסטאָריש־פֿעסטגעשטעלטע וואַרהאַפֿטיקייט.

די היסטאָריקער האָבן זיך אַנטזאָגט עס צו גלויבן, לכתחילה, מחמת דער מערקווירדיקער לעגענדאַרישקייט פֿון דעם אינהאַלט פֿון אַזעלכע „צופֿאַלן“, און דאָך האָבן אונדזערע היסטאָריקער סוף כל סוף קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, ווי צו בויגן זיך פֿאַר דער ווירקלעכקייט פֿון די פֿאַקטן, און אַנערקענען, אַז דאָס איז ניט קיין לעגענדע, נייערט געשיכטע.

אַזעלכע געשעענישן, ווי די דערשיינונג פֿון דוד ראובני אין פּאָרטוגאַל און

זיין השפעה אויף דעם מאראַן, דיאָגאָ פּירעס, שפּעטער דער ייד און משיח-פּרע-דיקער, מקובל פון צפת, ר׳ שלמה מולכו, וואָס ווערט דערנאָך פאַרברענט, אין אויטאָ-דע-פע אין מאַנטוא (1532) — געשיכטלעכע פאַקטן — קלינגען ווי לע-גענדע אומגלויבלעך: אַ געבוירענער אין קריסטנטום, אַ זון פון אַ מאַראַן, דער-צויגן אין דער פרום-קאַטוילישער אַטמאָספערע פון דעם פּאָרטוגעזישן קעניג-לעכן הויף, דער ליבלינג פון דעם קעניג, פון דער קעניגין און, אַ סברה, אויך דער ג ע ל י ב ט ע ר פון דער קעניגינס שוועסטער, שיין, געבילדעט, מיט אַ גלענ-צנדיקער קאַריערע, אַלס פּראָקוראָר פון קעניגלעכן הויף, נעמט פּלוצים דיאָגאָ פּירעס, לאָזט דאָס אַלעס איבער, פירט דורך איבער זיך אליין דעם אַקט פון מילה, שיעור ניט פאַרלוירן דאָס לעבן דערביי, אַנטלויפט פון פּאָרטוגאַל קיין טערקיי, פון דאָרטן קיין צפת, ווערט אַ מקובל, קערט זיך אום אין איטאַליע, פּרעדיקט אין די שולן וועגן אומקערן זיך קיין ארץ-ישראל, ווערט געמסורט פאַר דער אינקוויזיציע אין מאַנטוא, ווערט אַרעסטירט, זאָגט פאָראויס דעם פּויפּסט נביאות וועגן פּאָרטוגאַל און רוים, וועגן אַ פאַרפלייצונג פון די טייכן, וואָס וועט יענעם און יענעם טאָג געשען און וועט ברענגען גרויסע קרבנות; און די נבואה ווערט מקוים פּינקטלעך; און דאָך ווערט ער פאַרברענט. קידוש השם.

ווען ניט די צענדליקער באַווייזן, וואָס באַשטעטיקן די אַלע היסטאָרישע פאַקטן, קלינגט עס דען ניט ווי אַ שיין-צוגעטראַכטע לעגענדע?

אָדער, צום ביישפּיל, דער פאַל מיט ר׳ יוסף נשיא און זיין שוויגער דאָניאַ הנה-גראַציאַ מענדעס, אויך געוועזענע קריסטן-מאַראַנען, וואָס ווערן יידן און דאָן יוסף נשיא ווערט שפּעטער הערצאָג פון נאַקסאָס, פירשט פון טבריה, אָנ-געזעענער מלוכה-פירער אין טערקיי און אינטערנאַציאָנאַלער באַנקיר, אַ מין גע-מיש פון דיזראַעלי מיט אַ ראָטשילד צוזאַמען. און די טערקישע רעגירונג דראָט מיט רעפּרעסיעס, ווען די מלוכה פון ווענעציע קאָנפיסקירט דאָס פאַרמעגן פון דאָן יוסף נשיא׳ס משפחה, אונטערן אויסרייד אַז דאָס איז אַ קריסט, וואָס האָט פאַרשטויסן זיין אמונה. און דער זעלביקער דאָן יוסף נשיא, מיט דער שוויגזאַ-מער צושטימונג פונם סולטאַן זיין פריינט, לאָזט איינאָרדנען אַ מין פּיראַטן-עקספּעדיציע, וואָס פאַרכאַפּט פראַנצויזישע מלוכה-האַנדלס-שיפן, אין מיטל-לענדישן ים — ווען די פראַנצויזישע רעגירונג אַנטזאָגט זיך צו צאָלן דער פאַ-מיליע נשיא די חובות, דערפאַר, וואָס די פאַמיליע איז צוריק אַריבער צו יידיש-קייט — און אַזוי אַרום קאַסירט איין דער ייד, שטאַטסמאַן און באַנקיר, זיין חוב ביים פראַנצויזישן קעניג... דער אַמבאַסאַדאָר פון פראַנקרייך אין קאָנסטאַנטי-נאָפּאָל קריצט מיט די ציינער, פּראָטעסטירט, ער קען אָבער זיך גאָרניט העלפן; „אַז מען איז שולדיק אַ חוב, דאַרף מען באַצאָלן“ — לאָזט מיט אַ שמייכל אָנ-דייטן דער דאָן שטאַרקער סולטאַן...

אין די יאָרהונדערטער פון רענעסאַנס, ווען רדיפות און מאַרטירערטום זיי-נען געווען דאָס טאָג-טעגלעכע פּיינפולע ברויט פון יסורים און ליידן פון אונ-דזער פאָלק — פון וואַנען האָבן זיך גענומען אַזעלכע שטאַרקע, וואונדערפולע מענטשן, געבוירענע אפילו ניט צווישן יידן, ניט אויף די קני פון יידישן גלויבן, נייערט פון עלטערע מאַראַנען, און זיי זיינען גרייט געווען אויף די גרעסטע קרבנות,

און זיי האָבן געוואָרפן די גלענצענדסטע פּאָזיציעס, כדי אומצוקערן זיך צום גלויבן און צום פאָלק פון זייערע אבות? און זיי האָט ניט אָפּגעהאלטן פון צו באַגיין דעם דאָזיקן געפערלעכן שריט, דער באַוואוסטזיין, אַז זיי דערוואַרט אַ סוף אַ שרעקלעכער, אַ סוף פאַרברענט צו ווערן לעבעדיקערהייט, אויף אַן „אויטאָ-דע-פע-פלאַץ", נאָך שרעקלעכע עינויים און פּייניקונגען, אין די קאַזעמאַטן פון דעם „סאַנטאָ אָפיסיאָ".

פון וואַנען איז געקומען אַזאַ גבורה, אַזאַ אייזן-פעסטע שטאַרקייט צו מענטשן, וואָס האָבן שוין ניט געהערט צו דער ערשטער גענעראַציע פון די מאַראַנער, נייערט צום צווייטן אָדער דריטן דור? וואָס פאַר אַ באַהאַלטענער, פאַרבאָרגענער כוח פון דעם זשעני פון אונדזער אומה האָט געווירקט אין זיי, האָט זיי געשטויסן צו דעם דאָזיקן ה ע כ ס ט ן קרבן פאַר אַ פאָלק, צו וועלכן זיי האָבן פאַקטיש שוין ניט געהערט זינט צוויי דורות און פאַר אַ גלויבן, אין וועלכן זיי זיינען ניט דערצויגן געוואָרן און וועגן וועלכן זיי האָבן נאָר געקענט זיך אָנהערן שלעכטס, אין דער אַטמאָספער פונם עקסטרעם-אומטאָלערַאנטן קאַטאָליציזם, אין וועלכן זיי האָבן געלעבט?

וואונדערבאַר זיינען די וועגן פון אונדזער געשיכטע; אומפאַרשטענדלעך אומדערקלערבאַר, אין דער ליכט פון געוויינלעכן, ניכטערן פאַרשטאַנד און געדאַנק.

— 4 —

און עס וואָלט געווען אַ טעות צו מיינען, אַז אַזעלכע גייסטיקע העלדן זיינען געווען געציילטע, איינצלנע, אין יענע צוויי יאָרהונדערטער פון דעם רענעסאַנס פאַר דער וועלט, און פון פינצטערן מיטלאַלטער פאַר אונדז.

געציילטע, איינצלנע פון זיי זיינען ביז איצט אריין אין דער געשיכטע: שלמה מולכו, אוריאל ד'אַקאָסטאַ, ענריקע לאָפּעס — און אייניקע אַנדערע — אַלס מאַרטירער; חנה מענדעס און איר איידעם דאָן יוסף נשיא, אַלס גלענצנדיקע שטאַטסלייט אין באַנקירן פון דער צווייטער זייט, דער ליכטיקער. אָבער די באַוועגונג פון צוריקקערן זיך צו יידישקייט, איז, אין יענער צייט, אין דער מיט פון דער צווייטער און דריטער גענעראַציע פון די מאַראַנען-קינדער, געווען אַ מאַסן-באַוועגונג; אַ באַוועגונג, וואָס האָט אַרומגענומען די פילע טויזנטער משפחות אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. מען איז געלאָפן פון דאָרטן קיין האָלאַנד, קיין איטאַליע, קיין טערקיי — אין די טויזנטער משפחות, איבערלאָזנדיק אַלעס, מקריב-זייענדיק אייגענע רייכקייט, פּאָזיציע, צעברעכנדיק צומאָל די פאַמיליע, איבערלאָזנדיק צומאָל פרוי און קינדער, וואָס האָבן ניט געוואָלט נאָכפאָלגן, אַבי אומצוקערן זיך צום פאָלק, וואָס איז הונדערט יאָר שוין ניט געווען זייער פאָלק און צום גלויבן, וואָס איז שוין געווען ניט זייער.

אין דער געשיכטע איז אריינגעקומען דאָס לעבן און די ליידן, די קרבנות און די דערגרייכונגען נאָר פון איינצלנע, פון געציילטע; אָבער דאָס איז ניט דערפאַר, וואָס זיי זיינען דאַן געווען טאַקע נאָר די איינצעלנע. די יחידים — זייער

צאָל איז געווען אומענדלעך: טויזנטער און טויזנטער אַזעלכע מאַרטירער, וועמענס נעמען זיינען פאַרשוואונדן, זיינען פאַרבליבן פאַרגעסן פאַר דער געדעכעניש פון די נאָכקומענדיקע דורות, האָבן געלעבט, געליטן און זיינען אומגעקומען, אין די דאָזיקע וואונדערבאַרסטע יאָרהונדערטער פון אונדזער געשיכטע.

אַן אַנאָנימע מאַסע פון מאַרטירער, קינדער און קינדס-קינדער פון מאַראַנער, האָט געשפּייזט דעם וואונדער, האָט געשאַפן ווירקלעכקייט פון לעגענדע און לעגענדע פון ווירקלעכקייט. עס זיינען פאַראַן גענוג באַווייזן, אַז אין די אַרכיוון פון די אינקוויזיציע-טריבונאַלן אין שפּאַניע, פּאָרטוגאַל און אין די פאַרשידענע שטעט אין איטאַליע, וועגן פיל הונדערטער אַזעלכע מאַרטירער, זין און אייניקלעך פון מאַראַנען, וואָס זיינען אומגעקומען פאַר זייער פּלוצימדיקן אומקערן זיך צו יידישקייט, אָפטמאָל שוין אין דער טיפער עלטער נאָכדעם, ווי — געבוירן שוין אַלס קריסטן, האָבן זיי אָפּגעלעבט כמעט דאָס גאַנצע לעבן אַלס קאַטאָליקן.

עס זיינען פאַראַן גענוג באַווייזן פאַר דער געדעכעניש פון אַזעלכע קדושים-מאַסן, אין אונדזער ליטורגישער פּאָעזיע פון יענער צייט; עס זיינען פאַראַן פיל קינות, סליחות, פּאָעטישע קלאָג-לידער, וואָס זיינען פון באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע פּייטנים פאַרפאַסט געוואָרן נאָך אַזעלכע מאַסן אויטאָס-דע-פע, כדי אין סליחות און פּיוטים צו פאַרייביקן דאָס געדעכעניש פון אונדזערע מאַרטירער.

זייערע נעמען זיינען פאַרבליבן אומבאַקאַנט, אומאויפגעזאַמלט פון דער געשיכטע; בלויז די נעמען פון געציילטע, פון גרויסע, זיינען אָפּגעהיט געוואָרן אין דעם אָנדענק פון פאָלק. דער דאָזיקער פאַקט, אָבער, פאַרקלענערט ניט, אדרבה, עס פאַרגרעסערט נאָך זייער ווערט, זייער חשיבות און עס מאַכט נאָך הערלעכער דעם וואונדער פון מאַרטירערטום, וואָס באַשטראַלט אונדזער געשיכטע, אין דעם מערקווירדיקן פאַר אונדז אַזוי לעגענדע-אַרטיקן 16-טן יאָרהונדערט.

נאָר ווען ניט ווען ווערט פון צווישן דעם דאָזיקן גרויסן אַנאָנימאַט אויסגעפונען נאָך איין נאָמען, נאָך איין וואונדער-שטאַרקע מאַרטירער-פּערזענלעכקייט, עס ווערט געפאָרשט און באַשריבן איר לעבן, אירע ליידן, איר אומקום; און פון דער פאַרגעסנקייט ווערט אַזוי אַרום אַרויסגעראַטעוועט צו אייביקער געדעכעניש אין דער יידישער געשיכטע, נאָך אַ נאָמען אַ גרויסער, וואָס איז נעכטן-פאָרנעכטן, ביז מיט געציילטע יאָרן צוריק געווען אומבאַקאַנט, אומבאַוואוסט, איינער פון דער אַנאָנימער מאַסע פון די טויזנטער און טויזנטער מאַרטירער וועגן וועלכע מען ווייסט נאָר אין כלל, אָבער ניט אין דעם פרט פון יעדנס לעבן און פון יעדנס מאַרטירער-קראַנץ.

— 5 —

אַזוי איז ערשט מיט געציילטע יאָרן צוריק אויסגעפאָרשט און באַקאַנט געוואָרן — הגם נאָך אַלץ ניט מיט אַלע פּרטים, דאָס ליידן און מאַרטירערטום פון איינעם אַ גרויסן יידן, אַ קינד אָדער אייניקל פון אַ מאַראַן, וועלכער איז אין דער טיפער עלטער פאַרברענט געוואָרן דורך דער אינקוויזיציע אין רוים.

אין יאָר 1583, דערפאַר וואָס ניט נאָר ער איז אליין געוואָרן א ייד, נאָר ער האָט געהאָלפן א כ ט ה ו נ ד ע ר ט קריסטן, מאַראַנען-קינדער, אומצו-קערן זיך צו יידישקייט; און געהאָלפן האָט ער זיי מיט דעם, איינפאַך, וואָס ער איז געוואָרן מוהל, ספּעציעל כדי צו מל זיין מאַראַנען-קינדער, וואָס האָבן געוואָלט צו ווערן יידן...

דער נאָמען פון דעם דאָזיקן וואונדערבאַרן מענטשן — געוויס ניט דער איינציקער אין זיין פאַל אין דער געשיכטע פונם מאַראַנענטום — איז יוסף באַר-אַלבאַ, „אַליאַס" גאַבריעל הענריקעס (Gabrielo Henriques) דער מוהל פון מאַראַנען-קינדער.

יאָרהונדערטער איז דער דאָזיקער מערקווירדיקער נאָמען געווען און פאַר-בליבן פאַרגעסן, פאַרמישט אין דעם אַנאָנימאַט צווישן הונדערטער ענלעכע נע-מען פון העלדן און מאַרטירער, ווי ער. אינדזערע היסטאָריאָגראַפן האָבן אים ניט פאַרצייכנט: ניט גרעץ, ניט דובנאָוו, ניט שי"ר, ניט יאסט, ניט ווער אַנדערער האָבן אים פאַרצייכנט.

בלויז אַ דאַנק פאַרגעסענע, פאַרוואָרפענע פיוטים און ליטורגישער פּאָע-זיע, וואָס איז זיין מאַרטירערטום געווידמעט געוואָרן פון זיינע צייט-מענטשן, סינאַגאָגאַלע דיכטער, איז דער נאָמען זיינער דערהאַלטן געוואָרן, און שפּעטער, גאָר לעצטנס איז איבגעפאָרשט און באַשריבן געוואָרן מער-ווייניקער אויספיר-לעך זיין מאַרטירערטום דורך אייניקע מאָדערנע געשיכטע-פאָרשער, ווי כעסיל ראָט וואָס האָט געשאַפן אין ענגלישן אַ סאָליד ווערק וועגן דער געשיכטע פון מאַראַנען (1) אַ הויך איינצעלנע מאָנאָגראַפישע פאָרשונגען וועגן דעם זעל-ביקן און אַנדערע ענינים פון געשיכטע- נאָכזוכונגען און הר. שמעון בערנשטיין, וועלכער האָט געווידמעט אין זיין ייערק „שומרי החומות" („וועכטער פון די מויערן") אַ באַזונדערן מאָנאָגראַפיישן עסעי וועגן ר' יוסף באַר-אַלבאַ און די פּיוטים וועגן זיין מאַרטירערטום, וואָס האָבן זיך דערהאַלטן ביז איצט, אין פאַרשידענע אויסגאַבעס און מאַנוסקריפּטן.

דער זעכצנטער יאָרהונדערט איז רייך אין אַזעלכע וואונדערבאַרע גע-שטאַלטן, וועמעס לעבן קלינגט פאַר אונדז איצט ווי אַ לעגענדע אַרומגערינגלט און באַשטראַלט פון הערָאָאישקייט, פון מאַרטירערטום, פון אַן אַרעאָל פון מיסטי-ציזם אָדער פון הויכע גרויסע דערגרייכונגען אויף דעם פּאָליטישן און עקאָנאָ-מישן לייטער פון מצב און אַקטיוויטעט.

זייער לעבן קלינגט ווי לעגענדע: די לעגענדע איז אָבער געשיכטע, באַשטע-טיקטע היסטאָרישע פאַקטן... וויפיל וואונדער-לעגענדעס, וואָס זיינען אָבער אמתע געשיכטע-פאַקטן ווי דאָס לעבן און מאַרטירערטום פון ר' שלמה מולכו (מאָלקאָ) אָדער דאָנאַ פּירעס, אָדער ר' יוסף סאַראַלבאָ (דער וויסער האָר...) אָדער גאַבריעלאָ הענריקעס, פאַרגעסענע, פאַרבליבענע אינם אַנאָנימאַט צווישן די פּילצאָליקע מאַרטירער, האָט יענער מערקווירדיקער יאָרהונדערט פון דער „רענעסאַנס-צייט" פאַרמאָגט?

---

(1) דערשינען אין דער שפּאַנישער איבערזעצונג, אין פאַרלאַג „איזראַעל".

ווער ווייסט עס ווייסן? זיי זיינען פארלוירן געגאנגען אין די ארכיוון פון דער אינקוויזיציע, זייער געדעכעניש איז פארשוואונדן געווארן צוזאמען מיט די פארלוירן-געווארענע פיוטים, וואס זיינען פון צייט-גענאסן געווען אפשר גע-ווידמעט זייער קרבן, זייער קידוש-השם.

די צאל פון אזעלכע קדושים און העלדן, וואס זיינען אומגעקומען אויף קידוש השם אין יענעם יארהונדערט איז גרויס: אין די פיל טויזנטער ציילן זיי זיך, אין שפאניע, אין איטאליע, אין פארטוגאל, און, געוויסנמאס, אויך אין די מדינות פון דער דאמאלסטדיקער מיטל-אייראפע, אין די טויזנטער זיינען זיי אומגעקומען איבער דעם, וואס דורך א געהיימער, אומפארשטענדלעכער, אומ-דערקלערבארער קראפט, זיינען זיי געטריבן געווארן פון זיך אליין, און אפשר קעגן זיך אליין, אומצוקערן זיך צו יידישקייט, צום גלויבן, וועלכער, אין גרונט גענומען, איז געווען שוין, דאן, נאר דאס גלויבן פון זייערע עלטערן און זיידעס, אבער ניט זייער גלויבן.

אפשר וועלן וויטערדיקע פארשונגען אראפנעמען דעם שלייער פון דעם אנאנימאט פון נאך איינצעלנע און נייע נעמען פון קדושים וועלן ארויפשטראלן צו אונדז פון דעם אפגרונט פון די ארכיוון...

דערווייל אבער, ביז דאס וועט געשען, זאל דורך דער דערמאנונג און געשיכטע פון דעם לעבן און ליידן, דעם לעבן און אומקום פון די, וואס זיינען פונם אנאנימאט ארויסגערעטעוועט געווארן, באשטראלט ווערן אין ליכט פון פארהערלעכונג דער אנדענק פון יענע קדושים און העלדן, וואס זיינען ליידער יא פארבליבן אין דעם אנאנימאט...

און דאס זיינען די געשטאלטן און פיגורן פון די טרוימער און קדושים: ר' יוסף בארעלבא; ר' שלמה מולכו; די הערלעכע מלוכהשע געשטאלט פון דאן יוסף נשיא, „דער קעניג פון טבריה" און דער הערצאג פון נאקסאס און די מערק-ווירדיקע געשטאלט פון זיין שוויגער חנה-גראציא מענדעס, און די געשטאלטן פון די מיסטיקער-דיכטער און געזעצגעבער: ר' יוסף קארו, ר' שלמה אלקאביץ, ר' ישראל נאדזשארא און פילייכט נאך אנדערע...

זיי זיינען פיגורן און געשטאלטן פון טרוימער, שווערמער, קדושים, מלוכה-לייט, מיסטיקער און דיכטער, וואס האבן געלעבט אין דעם 16-טן יארהונדערט, אין וועלכן די וועגן פון געשיכטע און פון לעגענדע קרייצן זיך ביי אונדז און ווערן צוזאמענגעגאסן אין דעם יארהונדערט פון אזוי פיל אנאנימע מארטירער און העלדן, וואס האבן, פון זייער אנאנימאט ארויס באשטראלט און באלויכטן מיט נשמה, מיט ווארימקייט, מיט פערל-טרערן און מיטן קרבן פון זייער בלוט און פיין אונדזער געשיכטע אויף דורי-דורות.

.1938



# פון די פּאַרטיזאַנטיקע „אל מלא רחמים״ ביז קעגנוואַרט

— 1 —

...און פאַר אַ זכר פון היינטיקע כמאַרעס
וועט פאַרבלייבן אַ נייער „על נהרות״.

ח. נ. ביאַליק

ווען די ווילדע נאַצי-באַנדעס זיינען געקומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד, מיט זיבן יאָר צוריק — זיבן פינצטערע יאָר אין דער געשיכטע פון דער וועלט און אין אונדזער געשיכטע — האָבן מיר געמיינט, ווען זיי האָבן אָנגעהויבן די רדיפות אויף יידן אין זייער לאַנד, אַז כקען שוין קיין שרעקלעכערס, קיין שווידערלעכערס ניט זיין, ווי דאָס, וואָס יידן לעבן איבער אין דייטשלאַנד... יעדער טאָג האָט געבראַכט אַ נייע איוב בשורה, יעדע טעלעגראַפישע ידיעה פון דייטשלאַנד האָט אָנגעזאָגט אַ נייע צרה, אַ נייע גזירה, נייע רדיפות. עס האָט אויסגעזען, אַז די קללות פון דער גרויסער תוכחה, פאַרהונדערטפאַכט געוואָרענע, האָבן מיט איינמאָל זיך אָפּגעריסן אויף דעם קאָפּ פון די יידישע געמיינדעס אין דייטשלאַנד.

האָבן מיר דאַן געשריען, האָבן מיר דאַן פּראָטעסטירט, די געפילן זיינען נאָך ניט פאַרטעמפּט געוועזן. מען האָט נאָך דאַן געפילט שאַרף, שניידנדיק דעם ווייטיק, ווי מען פילט דעם שניט פון אַ שאַרפן ביסטורי אין אַ ניט אַנעסטיזירטן גוף.

מיר האָבן געטראַכט:

— צי קען דען געמאָלט זיין נאָך אַ טעמפּערע, שרעקלעכערע, מער בעסטיאַלע רשעות, ווי די דאָזיקע?

איז געקומען, פיר יאָר נאָכדעם דער „אַנשלוס״ פון עסטרייך — און די הריגות, רדיפות, סאַדיסטישע פּייניקונג און דעמאָנישע רדיפות אויף יידן אין ווין און אין דער עסטרייכישער פּראָווינץ; מאַסן זעלבסטמאָרדן פון פאַרצווייפלונג צווישן יידן; מאַסן-גירושים, הריגות פון אַרעסטירטע אין די קאָנצענטראַציעלאַגערן.

דאָס שווידערלעכסטע בילד פון די אָפּקומענדיקע אין דעם פּורגאַטאָריום פון דאַנטעס „געטלעכע קאָמעדיע״, ווערט רעדוצירט צו אַ בלייכער קאָמפּאָזיציע פון אַ מיטל-שילער לגבי דעם, וואָס הער בירקעל האָט דערוויזן צו קענען דערגרייכן אויף דעם געביט פון טאָרטורן אין עסטרייך.

און מיר האָבן נאָך געשריען, מיר האָבן נאָך פּראָטעסטירט, אונדזערע חושים זיינען נאָך ניט פאַרטעמפּט געוואָרן אינגאַנצן.

אָבער געזען האָבן מיר שוין, אַז דורך די רדיפות אין דייטשלאַנד האָבן נאָך די נאַציס ניט געוויזן אַלץ וואָס זיי קענען; געזען האָט מען, אַז די באַהאַנדלונג, וואָס זיי האָבן ביז דאַן געגעבן די דייטשע יידן איז געווען ממש אַ... ש פּ י ל כ ל, אין פאַרגלייך מיט דעם, ווי זיי ראָטן אויס, ווי זיי פאַרניכטן, ווי זיי ליקווידירן די עסטרייכישע יידן...

און אַ גרויל האָט אַרומגענומען ביים געדאַנק: טאָמער זיינען היטלערס און בירקעלס „דערגרייכונגען" אין דייטשלאַנד נאָך ניט דאָס לעצטע וואָרט פון זייער דעמאָנישער פאַנטאַזיע פאַר טאָרטורן.

געקומען איז דער פינצטערער נאָוועמבער פון 1938 — די פּאָגראָמען און הריגות, מאַסן אַרעסטן און מאַסן גירושים, שחיטות און עינויים-קשים פון יידן אין צענדליקער און צענדליקער שטעט אין דייטשלאַנד און עסטרייך; די ליק-ווידאַציע פון די לעצטע רעשטן פון יידיש פאַרמעגן, דער פאַרבאָט צו באַוועגן זיך, דער איסור אויף דער מינדעסטער אַקטיוויטעט; פאַרמשפּט צו אונטערגיין פון הונגער, אויב מען וועט פריער ניט אויסוואַנדערן פון דעם נאַצי-גיהנום, וואו עס איז צוריק איינגעפירט געוואָרן דער געטאָ און דער מיטלאַלטער-געזעץ אין אַ „פאַרבעסערטער", פאַרשפּיצטערער, פּערפעקציאָנירטערער, נאַצי-אויפלאַגע פון מיטל צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

— ערגער קען שוין ניט זיין. דאָס בייז פון דער אַפּאָקאַליפּטישער ברוינער חיה האָט דערגרייכט שוין צום קלימאַקס, האָבן מיר געטראַכט, אפשר וועט קומען נאָכדעם אַ מינוט פון פויזע פון איר גיפט און רשעות ...

אונדזערע חושים האָבן אָנגעהויבן טעמפּ צו ווערן, נאָך אַזוי פיל טעג, וואָכן, חדשים און יאָרן פון ידיעות טאָג-טעגלעכע, וועגן גזירות, שחיטות, גירושים, עקאָנאָמישן און פיזישן אויסראָט.

אונדזערע געפילן האָבן אָנגעהויבן פאַרלירן אין עמפּינדלעכקייט און זעל-טענער, זעלטענער רעאַגירן מיר אויף יעדער נייער און פינצטערער איוב-בשורה, וואָס האָבן איבערגעשטיגן די פון פאָריקן טעג.

און געקומען איז די מלחמה אין פּוילן און מיט איר האָט זיך אָנגעהויבן פאַרן גרעסטן יידישן ישוב אין אייראָפּע דער גרעסטער, דער שוידערלעכסטער קאָשמאַר פון בלוט און סאַדיזם, פון פאַרניכטונג און אויסראָטונג, פון עינויים קשים און פון בעסטיאַליטעט וואָס האָט קיין גלייכן צו זיך. אונדזער טרערן- און רדיפות-פולע געשיכטע פון אַ פאָלק, וואָס ליידט ניינצן יאָרהונדערט — האָט אין אירע טאָוולען אַזעלכעס נאָך ניט פאַרצייכנט. און קיין פאָלק אויף גאָטס ערד, קיין מענטשלעכע געמיינשאַפט אין לויף פון די געציילטע יאָרטויזנטער, וואָס געשיכטע איז, בכלל, אַלט, האָט נאָך ניט פאַרצייכנט אַזעלכעס, ווי דאָס וואָס צוויי מיליאָן יידן אין פּוילן לעבן איבער, ליידן דורך, אין אומקום אין כליה, רחמנא ליצלן, וואָס די נאַציס האָבן אויף זיי גוזר געווען, זינט די מלחמה איז דאָרט פאַרענדיקט גע-וואָרן מיט דער צעפאַלונג פון דער פּוילישער אַרמיי און דער צעטיילונג פון פּוילן.

וואָס פאַר אַ פאַרגלייך איז עס מיט דעם, וואָס יידן האָבן געליטן און ליידן, פריער און איצט אין דייטשלאַנד, דערנאָך אין עסטרייך, שפּעטער אין בעמען און מערען און אין סלאָוואַקיע!...

בלייך ווערט אַלץ, וואָס מענטשן האָבן וועגן געליטן אין פאַרגלייך מיט דעם. אפילו די מאַסן-שחיטות אין אוקראַינע, אין די פינצטערע יאָרן פון 1918 און 1919, די שחיטות פון די היידאַמאַקעס פון 1648 און פון גאָנטעס צייטן, ווערן פאַרווישט פון דעם שוידער פון די שחיטות אין כעלם, הרוביעשאָוו, סאַנדאָמיערזש, לאָדזש, וואַרשע, קאַליש און צענדליקער און צענדליקער נאָך קלענערע און גרעסערע קהלות... פון דעם שוידער פון טיפוס-געטאָ אין וואַרשע, דעם גיהנום פון לובלינער רעזערוואַט, וואו יידן ווערן אין הונדערטער, אין טויזנטער פאַרמישפּט צו אַ לאַנגזאַמען טויט פון פראָסט, הונגער, נויט, עלנט, פאַרצווייפלונג, און עפּידעמיישע קראַנקייטן; פון די מאַסן-גירושים אין בלאָמבירטע וואַגאָנעס, וועגן פרויען און קינדער שטאַרבן אויף אַ היילף און פאַרגעסענע, אין פאַרזיגלטע וואַגאָנעס — ערגעץ-וואו אויף אַ זייטיקער ליניע — פון פראָסט און הונגער...

אַזעלכעס האָט נאָך די געשיכטע ניט פאַרצייכנט...

אַז הויכע מיליטערישע באַאַמטע זאָלן פאַראָרדנען קהלה-פירער צו איינאָרדנען שאַנד-הייזער מיט יידישע מיידלעך פאַר סאָלדאַטן און אָפיצירן.

אַז מען זאָל פאַרבאָטן צו פאַרקויפן שפּייז און הייצונג אין דעם שרעקלעכסטן ווינטער.

אַז מען זאָל טרייבן טויזנטער יידן איבער וועלדער און פעלדער, אונטער מוראדיקע פרעסט, טרייבן טעג און נעכט הין-און צוריק פון איין גרעניץ-ליניע צו אַ צווייטער פון נאַצילאַנד צום ראַטנלאַנד און, אונטערוועגס זאָלן זיך סאָלדאַטן „פאַרווילן" דורך שיסן די, וואָס בלייבן הינטערשטעליק פאַרמאַטערטע פון דעם גייען — און אַזוי ווערן אויסגעשאָסן 1900 יידן פון כעלם און הרוביעשאָוו.

אַז אָפיצירן און סאָלדאַטן פון אַן אָרגאַניזירטער אַרמיי — אַזוי הייסט עס דאָך — ניט פון באַנדעס געפירטע פון סתם רוצחים, זאָלן זיך אַריינרייסן אין יידישע שטעטלעך, אויסשיסן די מענער און זקנים און זקנות און שלעפּן די טעכטער צו שאַנד...

און די וועלט זעט עס, הערט עס, פאַרצייכנט עס, הפנים גלאַט אַזוי, לשם כראָניק, און רעאַגירט ניט! און מענטשן פאַרקריצן ניט מיט די ציינער און הויבן ניט אויף קיין פויסטן צו צעשמעטערן אַזאַ מין... „ציוויליזאַציע".

פון אַזוי פיל צרות און איוב-בשורות זיינען אונדזערע נערוון פאַרטעמפּט געוואָרן — און מיר האָבן אָנגעוואוירן די ענערגיע צו רעאַגירן שוין ניט נאָר כלפּי חוץ, נאָר אויך כלפּי פנים, אין אונדזערע אייגענע געמאַרקן!...

מיר האָבן אויפגעהערט צו שרייען, צו פּראָטעסטירן, צו רופן צו דער וועלטס געוויסן, ווייל דער וויטיק און דער פּיין האָט איבערגעשפּאַנט, איבערגעשטיגן די גרעניץ פון דעם, וואָס ווערט באַצייכנט מיטן מענטשלעכן אויסדרוק — ווי שוואַך זיינען ווערטער פון מענטשן — פּאַראָקסיזמען פון שמערץ און עינויים!...

צי האָט שוין די נאַציסטישע רשעות איצט, אין דעם גהינום וואָס זייערע האָרדעס האָבן איינגעריכט אין פּוילן, דערגרייכט סוף-כל-סוף דעם „קלימאַקס" איידער זייער בראָך וועט קומען? אָדער דער גרויל און רשעות זיינען נאָך ניט

דערגאַנגען ביז צו דאָס שרעקלעכסטע און די מאָנסטערס וועלן צוטראַכטן נאָך עפּעס ערגערס, נאָך עפּעס אַזעלכעס, וואָס זאָל איבערשטייגן אין טייוולשער ווילדקייט דאָס ביז איצטיקע?...

— 2 —

אין אַזעלכע שווערע פינצטערע טעג, זוכסטו צו אַנטלויפן פון דער קעגנוואַרט צו דער... געשיכטע...

אפשר וועסטו אין איר היכל געפינען אַ שטיקל טרייסט.

אפשר וועסטו אין אירע געמאַרקן אָפּרוען...

אפשר וועסטו פון דעם וואָס איז געשען אין די פאַרגאַנגענע צייטן, אָפּפרישן אין זיך דעם מוט און האָפנונג, וואָס הויבן אָן אָפּגעשוואַכט צו ווערן אונטערן לאַסט פון אַזוי פיל גרויל און שרעק.

צו עפּעס מוז דאָך, דאַרף דאָך נוצן געשיכטע; אויב מענטשן און פעלקער האָבן פון איר ביז איצט גאָר ניט געלערנט פאַר דער פאַרבעסערונג פון זייערע זיטן, פאַר דער פּאַרמענטש׳לעכערונג פון זייערע קעגנזייטיקע באַציאונגען, אפשר וועט זי כאָטש נוצן פאַר טרייסט און דערמונטערונג, דערמיט, וואָס דורך אירע אַנאַלן וועט זי אונדז איבערצייגן, אַז „אַמאָל איז געווען ניט בעסער — און דאָך האָבן מיר איבערגעלעבט יענע צייטן און דערלעבט בעסערע. יאָ, מיר האָבן אָבער איבערגעלעבט די בעסערע צייטן און דערלעבן ווידער צו... ערגערע...

אין אַזעלכע מאָמענטן אַנטלויפסטו צום מיטלאַלטער. — לעבן מיר דאָך אין אַ צייט, ווען דער פינצטערסטער מיטלאַלטער האָט זיין מויל געעפנט און לויערט איבער אונדזער לעבן, און הויערט איבער אונדזער ווען — און בלעטערסט בלאַט נאָך בלאַט, דף נאָך דף די געשיכטע פון אונדזער מאַרטיראָלאָגיע, אין די זעלביקע ערטער, פון פּוילן, פון אשכנז, פון בעמען, פון מערען, אין ווין און אין פּרעשבורג, די געקרוינטע דורך תורה, חכמה, יידישע גרויסקייט און גייסטיקע פּראַכט, וואו עס ריכטעט איצט אָפּ זיין שדים-מעסע דער צעהוליעטער ברוינער אשמדאי.

און דאָס טרערן-בוך פון אונדזער געשיכטע ווערט דיין האַנט-בוך, דיין טרייסט-בוך.

און די געריימטע סטראָפן פון פּאַטעטישע אב-הרחמים׳ס, וואָס הויכן מיט אָרעאָל פון קדושה, מיט קראַנצן פון מאַרטירערטום און אָטעמען אויף דיר מיטן הויך פון יאָרהונדערטער פאַרגאַנגענע — יאָרהונדערטער פאַרגאַנגענע, וואָס האָבן פון אַן אַנדער וועלט פאַרבלאָנדזשעט אויף אונדזער איצטיקער זינדיקער ערד פון מענטשן-חיות — פון פּאַטעטישע אב-הרחמים׳ס און קינות און סליחות, פאַרפאַסטע פון גדולי ישראל נאָך יעדער שחיטה, נאָך יעדער רדיפה, ווערן דיין פּאַרצוגלעכסטער לעקטור-מאַטעריאַל, אין וועלכן דו זוכסט ניט נאָר באַשייד און ענטפער אויף דער פראַגע „פאַרוואָס, רבונו של עולם קומט עס אונדז?”, נאָר טרייסט און באַרואיקונג.

בלעטערסטו דעם טרערן-בוך: אַלטע אב-הרחמים׳ס, סליחות, קלאָג-לידער, אויף שחיטות אין פּוילן און עס דוכט זיך דיר, אַז דאָס זיינען גאָר עלעגיעס, וואָס

זיינען געשריבן געוואָרן אויף דער שחיטה וואָס איז מיט נעצייל׳טע טעג צוריק פאָרגעקומען אין הרוביעשאָוו און סאַנדאָמיערזש און לאָדזש.

„אל מלא רחמים הוא יפקוד ברחמיו העצומים הנפשות הקדושות והתמי־מות, קהלות קדושות שמכרו נפשם על קדושת השם כעולה וכחטאת וכאשם בעלי תריסין חכמי־חרשים בחורים ובתולות טף ונשים“.

קהילה המפוארה ק״ק לובלין, נהרגו - שמה תלי תלין, שבת משוש חדוה וגילין, נפשם בטוב תלין“.

הבט משמים וראה שוכן מעונים, הנהרגים בליטא ובוואָלין דשנים ורענים בקאָוולי ובגליל כעלם הרגו המונים, חסידים ותמימים אבות ובנים. ראה מה עשו בצאנך בקהלות הקודש בפולין גדול וק״ק פוזנא עם קדושיך, גם בקהלות הקדושות בפולין קטן ובק״ק נעמיראָוו בני בחוניך“. (גאָט, וועלכער איז פול מיט רחמים, זאָל טון דערמאָנען מיט זיין שטאַרקער באַרימהאַרציקייט די הייליקע און גאַנצע נפשות, די הייליקע קהלות, וואָס האָבן זיך מוסר נפש געווען אויף דער הייליקייט פון דיין נאָמען, ווי אַ בראַנד־אָפּפער, ווי אַ זינד־אָפּפער און ווי אַ שולד־אָפּפער, שילדנטרעגער פון תורה, די געשיקטסטע צווישן די ווייזע, בחורים און בתולות, קליינע קינדער און פרויען. אין דער באַצירטער קהלה פון לובלין, דאָרטן זיינען געוואָרן אומגעבראַכט „תלי־תלין“, און פאַרשטערט איז געווען דער טאָג פון פרייד און לוסט, זאָל זייער זעל טון נעכטיקן אין גוטס... וואוינער אין די אייביקייטס־וואוינונגען, טו קוקן פון הימל און זע ווי מען האָט דערמאָרדעט אין ליטע און וואָלין, יונגע זאַפטיקע מענטשן־צווייגן, און; אין קאָוועל און אין כעלם און אומגעגנט האָט מען אויסגעהרגעט מאַסן, מאַסן, חסידים און תמימים, עלטערן און זין. זע, וואָס מען האָט געטון מיט דיין קליינפי, אין די הייליקע קהלות פון גרויס־פוילן און אין דער קהלה פון פויזן מיט דיינע הייליקע און אין די הייליקע קהלות פון קליין־פוילן און פון נעמיראָוו, זע וואָס מען האָט געטון מיט דיינע אויסגעפּרוּווטע זין“.

ווען איז דער דאָזיקער אב הרחמים געשריבן געוואָרן? נעכטן, פאַרנעכטן, מיט אַ חודש צוריק? אויף דער שחיטה פון „כעלם דער באַצירטער?“ אָדער דאָס איז אַ קלאָגנעבעט, וואָס אַ פייטן האָט פאַרפאַסט אויף דעם חורבן פון לובלין „די געקרוינטע שטאָט און מוטער אין ישראל. אַ היים פאַר בעלי־תריסין אין תורה און „ווייזהייט“. וואו עס שטאַרבן אויס פון פראָסט, פייניקונג, נויט און הונגער „גאָטס קליינפי, בתולות, יונג־פרויען און קינדער“ אין דעם „יידן־רעזערוואַט“. וואָס דער אַפּאָקאַליפּטישער ארמילוס־היטלער האָט דאָרטן געשאַפן?

ניין! דאָס איז אַ ציטאַט פון אַן „אל מלא רחמים“, וואָס אַן אַנאָנימער קלאָג־דיכטער האָט אָנגעשריבן אויף גזירת ת״ח ות״ט (אין יאָר 1648), ווען „כאמיל דער רשע“ האָט הרוב געמאַכט די קהלות, „אין פוילן, אוקראַינע, פּאָדאָליע, וואָלין און ראַסיין“ (געדרוקט אין דעם זאַמלבוך „קינת הגזירות על ישראל“). ווי אַקטועל עס איז, ווי נעכטן דאַכט זיך וואָלט עס געשריבן געוואָרן, כדי מען זאָל מזכיר זיין, דערמיט, דעם אָנדענק פון די קדושים, וואָס זיינען אָן שולד אין זייער וועזן געפאַלן אויף דער הייליקייט פון דעם יידישן נאָמען...

ווי די געשיכטע חזרט זיך איבער אומבארימהארציק, ברוטאל, גרויל־האפטיק לגבי אונדז, אין די זעלביקע ערטער כמעט, אין צוויי הונדערט צוויי און ניינציק יאר ארום, דאן זיינען עס געווען קאזאקן, טאטערן און רוסן. איצט זיינען עס נאצי-דייטשן און פאליאקן-פארעטער צו זייער אייגן פאלק און לאנד — די קרבנות, אבער, זיינען מיר... איצט, ווי דאן.

— 3 —

א שיינער מנהג איז געווען אמאל ביי יידן: נאך יעדער שחיטה, נאך יעדער הריגה פלעגט מען פארפאסן א תפילה אדער א קלאג-ליד, צי אין דעם נוסח פון אן אל מלא רחמים, מיט א רעגיסטער פון די נעמען פון די אומגעקומענע, „זייער ליכט זאל טון שיינען, ווי די ליכטיקייט פון הימל", צי אין דער פארם פון א קינה, א סליחה, אדער סתם א פארצייכנונג אין דעם פנקס פון דער קהלה, וואס איז חרוב געווארן. אזוי איז פארבליבן, אפגעהיט — גאטס קויל, זי זאל ניט אויסגעשלאשן ווערן — דער אנדענק, דאס געדעכעניש פון די אומגעקומענע.

און די געשיכטע פון אונדזער מארטירערטום — א ו נ ד ז ע ר ר ו ם, ד ע ר וו ע ל ט ס - ש א נ ד ע — איז אפגעהיט געווארן אין די איינפאכע קלאג-פערזן און אומגעקינסטלטע גראמען פון הארציקע ליטורגישע פארפאסונגען.

בלעטערסטו ווייטער אין דעם טרערן-בוך, וואס ג ע א נ ג ר א פ י ש, פאר-נעמט ער גאנץ אייראפע, כ ר א נ א ל א ג י ש פארנעמט ער דארט די גאנצע קריסטלעכע ערא... און קלייבסט אויס די אל-מלא רחמים׳ס פארפאסטע איבער די שחיטות און הריגות און בלוט-בלבולים, און גירושים אין די שטעט פון „פוילן דער שטארקער"...

„די הריגה האט זיך אנגעהויבן דעם צווייטן טאג פסח אין מ ד י נ ת פ ו י ל ן און אין דעם גאנצן קרייז און א גרויסע צרה איז געווען אין אנדערע מדינות"...

און עס קומט א רייסטער פון גאונים, רבנים, מנהיגים, וואס זיינען אומגע-קומען, מיט א באשרייבונג פון די סאדיסטישע פייניקונגען, וואס די קרבנות זיינען אויסגעשטאנען, איידער מען האט זיי אומגעבראכט...

אויך דער סאדיזם האט זיך ניט געענדערט אין לויף פון די יארן... דאן ווי איצט און איצט איז ער, ווי ער איז דעמאלט געווען...

ווען איז עס געווען, די שחיטות אין „מדינת פוילין והגליל", איבער וועלכע דער אל מלא רחמים קלאגט? נעכטן, פארנעכטן? אנהויב פון דעם יאר פון גאטס צארן ת"ש? ניין, דאס איז געווען אין אכט יאר נאך דער גזירה פון ת"ח, אין יאר תי"ו (1656) — די געשיכטע האט אזוי ליב זיך איבערצוחזרן אין די זעלביקע ערטער... און דער ציטירטער אל מלא רחמים איז געשריבן געווארן אין א קהלה פון פויזנער קאנט.

און אט קומט א ציטאט פון אן „אל מלא רחמים" וועגן א שמד-גזירה אין ק"ק לבוב (לעמבערג).

...„מען האט געהרגעט און געשאכטן מער ווי הונדערט נפשות מיט צארן

און גרימצאָרן, לומדים ומופלגים, אַנגעזעענע לייט, רייכע און פירער, וואָס פלעגן זיין אונדזער שוץ אין אַ טאָג פון צאָרן, מען האָט בארויבט גאָלד און זילבער אין דער צייט פון דער מהומה. מען האָט פאַרוואונדעט איבער צוויי הונדערט מענטשן; מען האָט הרוב געמאַכט שולן און בתי-מדרשים און מען האָט געטין צעשניידן און צערייסן ספרי תורה ד׳ תמימה"...

און דער אל מלא רחמים, וועלכער איז געשריבן געוואָרן אויף דער שחיטה און פּאָגראָם אין לעמבערג אין תכ"ד (1664) ווערט אָפּגעשלאָסן מיט אַזאַ מין עלעגישער מליצה:

על זאת יבכו עש כסיל וכימה.

ונאבדו ילדים, נפזרו ונפרדו בין האומה.

יתומים ואלמנות בוכים ומבכים בנהימה.

על אלה דמעתי על לחיי אזרימה.

בכי ונהי ארימה.

העל אלה תתאפק ד׳ איש מלחמה?

און אָט איז אַן „אל מלא רחמים" אויף די קדושים אין... סאַנדאָמיערזשער קהלה — געשריבן נאָכן טויט פון אכט קדושים, וואָס זיינען אומגעקומען בעת דער שחיטה, וואָס איז אין יענעם יאָר דאָרטן געווען.

אל מלא רחמים שוכן מרומה המצא מנוחה נכונה, בצל שוכן מעונה לאלה הקדושים שמונה...

און עס קומען די נעמען פון אכט קדושים. די שילדערונג פון דעם שרעקלעכן טויט פון יעדן און די כאַראַקטעריסטיק פון יעדן קדוש, זיינע פּערזענלעכע מעלות.

„העל אלה תתאפק יוצר הרים? אל נקמות ד׳ דם עבדיו יקום ונקם ישוב לצרים"...

סאַנדאָמיערזש.

נעכטן, פאַרנעכטן האָבן די נאַציס אויסגעשאָסן, אומגעבראַכט דאָרטן, דורך אַלע מעגלעכע און אוממעגלעכע פּייניקונגען צענדליקער און צענדליקער יידישע נפשות.

די בלוטיקע געשיכטע פון 276 יאָר צוריק — איז ווידער געוואָרן שרעקלעכע אַקטואַליטעט... געשיכטע ווערט קעגנוואַרט און קעגנוואַרט ווערט פאַרקליידעט אין אַלטע לבושים פון געשיכטע. עס פאַרשווינדט דיסטאַנץ פון צייט פון יאָרהונדערטער...

„צי וועסטו עס דולדן, דו, באַשעפער פון בערג?

גאָט פון נקמות איז אדני; ער וועט נקמה נעמען פאַר בלוט פון זיינע קנעכט און וועט דורך נקמה באַצאָלן די פיינט"...

מען דאַרף האָפן, אַז אַזוי וועט עס זיין...

אָבער:

דערווייל לעבן מיר יאָרהונדערטער אין דעם מיט בלוט פאַרכישופטן קרייז... און דער אָרעאָל פון מאַרטירערטום באַקראַנצט אַלץ די געזיכטער פון אונדזערע קדושים, אין די זעלביקע ערטער, און אויב איר ווילט, אויך אין דער זעלביקער כראָנאָלאָגישער סימעטריע, וואָס דאָן...

1648 — אוקראַינע און פּוילן.
1656 — פּוילן און גאַליציע.
1669 — פּוילן, גאַליציע און פּויזן.
דאָס איז דאַן געווען.
און איצט:
1918 - 1919 — שחיטות אין אוקראַינע.
1936 - 1940 — שחיטות, גזירות און פּורעניות אין אשכנז, בעמען, מע־רען, אסטערמארק די מדינה אין ווין, אין פּרעסבורג, אין פּראָג די קהלות הקודש.
1940 — שוידערלעכע שחיטות, גרוילהאַפטיקע פּייניקונגען און גזירות רעות, אין פּוילן...

די כראָנאָלאָגישע סימעטריע פון אַנדערהאַלבן ביז צוויי צענדליק יאָר צווישן איין שחיטה און דער צווייטער, חזרט זיך איבער אין די זעלביקע ערטער, אין אוקראַינע און פּוילן, וואו זיי זיינען פאָרגעקומען אין 17־טן יאָרהונדערט...

— וואָס איז עס, צופעליקייט, אָדער... איז אונדזער היסטאָרישער גורל. חלילה, אַזעלכער?

בלעטערסט אין די דפים פון אַלטע „אל מלא רחמים׳ס”, פונם 17־טן יאָר־הונדערט, צו געפינען אַ טרייסט פאַר די איצטיקע צרות אין די געוועזענע, און אַנשטאַט אַ טרייסט, קומט דיר אויף דעם געדאַנק, אַז ס'איז אייביק אמת דאָס אַלטע וואָרט פון דעם ערשטן פּעסימיסט און סקעפּטישן פילאָזאָף, וואָס האָט געהייסן קוהלת:

„וואָס איז געווען דאָס וועט זיין, און וואָס איז געשען, דאָס וועט געשען.
און נישטאָ קיין נייעם אונטער דער זון”.

— 4 —

בלעטערסט צווישן פאַרצייטיקע אל מלא רחמים׳ס פונם 17־טן יאָרהונ־דערט.

און פאַרוואָס עפּעס דווקא צווישן די, וואָס שטאַמען פונם 17־טן יאָרהונדערט.

איז דען דער דאָזיקער יאָרהונדערט פון יידן־רדיפות אין פּוילן, אין אוקראַי־נע, אין מיטל־אייראָפּע ניט געווען אַ היסטאָרישע איבערחזרונג פון די פאָריקע יאָרהונדערטער, פּונקט ווי אונדזער צוואַנציקסטער יאָרהונדערט איז אין דעם הינזיכט אַ ווידערהאָלונג פון די פאָריקע?

בלעטערט, בלעטערט אין דעם בלוט־ און טרערן־לאָגל פון אונדזער לעבן אין אייראָפּע און איר וועט זען, אַז אַלע יאָרהונדערטער זיינען כמעט אין דעם פּרט גלייכווערטיק. דאָס יידישע לעבן אין דער קריסטלעכער אייראָפּע, אָנהויבנדיק פון די ערשטע יאָרהונדערטער, כמעט ביזן סוף פון דעם אכצנטן, איז אַן אומאוי־בערגעריסענע קייט פון... אל מלא רחמים׳ס, פון קינות, פון סליחות, געשאַפענע צום אָנדענק, אין דער אייביקייט, פון אומגעקומענע קדושים; געשאַפענע צו דער פאַרצייכנונג פון חרוב־געוואָרענע קהילות־קודש; פאַרפאַסטע לזכרון פון גזירות, פּורעניות, שמד, גירושים, רדיפות, נגישות און שחיטות.

ג ע אָ ג ר א פ י ש — גאַנץ אייראָפּע. אַמאָל דאָ, אַמאָל דאָרטן; אַמאָל אין מערב, אַמאָל אין מזרח, ווען אין דרום, און ווען אין צפון, און ווען אין מיטל-אייראָפּע, און ווען אין אירע עקסטרעמען; און גאַנץ אָפט אומעטום פּאַראַמאָל. איינצייטיק...

כ ר אָ נ אָ ל אָ ג י ש — אַלע צייטן, פון אָנהויב פון מיטלאַלטער ביז דער צייט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וועלכע האָט אָנגעהויבן די עפּאָכע פון דער — מיר וועלן עס אַזוי אָנרופן, ווייל דאָס איז די וואַרהייט — פאַלשער עמאַנציפּאַציע.

א פויזע אויף עטוואָס מער ווי אַ יאָרהונדערט אנשטייט, און דאָס ניט אומעטום; און דאַן ווידער שהיטות, רדיפות, נגישות, גרויל פון אויסראָטונג און כליה, רחמנא ליצלן, אויף מיליאָנען יידן. אומקום און אויסראָטונג אין דעם בוכשטעבלעכן זין פון די ווערטער און אין אַלע זייערע טייטשן און קאָנצעפּציעס: עקאָנאָמישע, פיזישע, קולטורעלע... אַ פויזע פון אָנהויב פונם 19-טן ביזן אָנהויב פונם 20-טן יאָרהונדערט — און פאַר רוסלאַנד האָט עס אויך קיין יאָרהונדערט ניט אָנגעהאַלטן.

אַ געשיכטע פון אַ פאָלק, די כראָניקעס פון וועלכע זיינען:

אל מלא רחמים׳ס, און סליחות און קינות.

און אַזוי האָבן מיר געלעבט; אַזוי לעבן מיר; שוין-זשע וועלן מיר א ײ ב י ק אַזוי לעבן?...

און אַזוי האָבן מיר געליטן; אַזוי ליידן מיר; שוין-זשע וועלן מיר א ײ ב י ק אַזוי ליידן?...

אַ געשיכטע פון אַ פאָלק, וואָס קען רעקאָנסטרואירט ווערן אינגאַנצן כמעט, נאָר דורך אַלטע, פאַרצייטיקע אל מלא רחמים׳ס, און סליחות און קינות און טרויער-פיוטים...

היינט און דאָ אָבער באַגרענעצן מיר זיך נאָר אויף די געביטן, וואו די נאַציס בושעווען; וועלן מיר אַ בלעטער-טון אין די טרויער-פיוטים, אין די סליחות, אין קינות, וואָס באַציען זיך צו יענע געאָגראַפישע געביטן.

מדינת פ ו י ל ן אזכרה,\
אשר נגזרה גזרה\
מקהל וחבורה,\
כולם קהליך.

העיר ק א ל י ש , ק ר אָ ק ע\
וגם ג ל ו נ א ;\
גם עמהם ו י ר א ;\
כולם אנשי סגוליך.

אשא נהי וקינה\
על אוסטרייך המדינה\
היתה לראש פינה\
בתהפוכות גיליך.

אוי ואבוי! יללה
על ווינא סגולה
וספדו כל בני גולה
בכל מיני יליליך...

הרג במשמניך,
שדד יקר הוניך
זבח שגר צאניך
מכחר עמליך.

(„מדינת פוילן טו איך דערמאָנען, וואו עס זיינען פאַרשניטן געוואָרן פון קהל און געזעלשאַפט אַלע דיינע געמיינדעס. קאַליש און קראָקע, די שטעט; און אויך גלאָנא און ווירא מיט זיי. איך טו הויבן א קלאָג-ליד אויף עסטרייך די מדינה, אויף ווין דער „עיר סגולה" טוען קלאָגן אַלע זין פאַרטריבענע מיט אַלע מיני קלאָגן. דיינע בעכטע האָט מען אויסגעמאָרדעט, דיין טייערסטן גוטס האָט מען צערויבט, די בעסטע פון דיין קליינפי און רינדער האָט דער פיינט געשאָכטן"...).

איינצלנע סטראָפן זיינען עס געקליבענע פון א לאַנגער קינה, וואָס א פּאָעט פון ערפורט האָט פאַרפאַסט צו פאַראייביקן די שחיטות און רדיפות אין דער צייט פון דער שווארצער פעסט. אין דער מיט פונם 14-טן יאָרהונדערט האָט די פעסט נעבושעוועט אין גאַנץ אייראָפּע פון די גרעניצן פון דעם דעמאָלטדיקן מאָסקווער גרויס-פירשטנטום ביז דעם עקסטרעם פון שפאַניע. 25 מיליאָן מענטשן זיינען אויסגעשטאָרבן פון דער פעסט. די וואַנזיניקע אייראָפּע פון מיטל-אַלטער איז אינגאַנצן משוגע געוואָרן, און:

— מען האָט געשחטן און געמאָרדעט יידן...

דריי יאָר האָט געדויערט די שווארצע פעסט (1348-1350) און דריי יאָר האָט מען געקוילעט און געמאָרדעט, און גערויבט, און געברענט, און פאַרניכטעט יידן פון דער וויטער אראגאָן אין שפאַניע, ביז דער נאָענטער פוילן. מיט א גוואַלדיקער איינשטימיקייט. עס האָט דאָן אויסגעזען — ווי איצט זעט עס אויס, אין די נאַצי-געביטן, אַז די פעלקער האָבן זיך צונויפגערעדט אויסצוראָטן און פאַרטיליקן יידן...

— פאַרוואָס האָט מען דאָן געוואָלט אויסראָטן די יידן? און פאַרוואָס זוכן די נאַצים איצט צו אויסראָטן זיי?

דאָן זיינען יידן „שולדיק" געווען פאַר דער שווארצער פעסט... זיי פאַרגיפטן די ברונימער, האָבן די ווילדע געשריען. איצט זיינען זיי שולדיק אין אַלץ: אין קאַפּיטאַליזם, אינם קאָמוניזם, וואָס זוכט צו פאַרניכטן דעם קאַפּיטאַליזם, מיט וועלכן דער נאַציזם „שלאָגט בלאָט" סוף-כל-סוף, און זיי זיינען שולדיק פאַר וואָס די דעמאָקראַטיע לעבט; און זיי זיינען שולדיק אין דער ערשטער מלחמה, דער ווערסאַלער פרידן איז זייער אַרבעט; די איצטיקע מלחמה האָבן זיי געוואָלט און צו איר דערפירט... און אַזוי ווייטער.

און מאָרגן, ווען היטלער וועט צעשלאָגן ווערן און מען וועט שליסן פרידן,

וועט מען, אויף מאָרגן נאָכן נייעם פרידן ווידער שרייען, אַז יידן זיינען שולדיק אין דער דייטשער נידערלאַגע און פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן שלעכטן פרידן...

נישטאָ קיין פאַרוואָס...

אַזוי איז געווען תמיד אין לויף פון געשיכטע; אַזוי איז עס איצט — יידן זיינען שולדיק... און:

— שוין-זשע וועט זיין אַזוי אייביק?... אַ רייסטער, אַן אומענדלעכער פון יזכור-ליסטעס, פון אל מלא רחמים׳ס פון קינות אויף קהילות אומגעבראַכטע — און פאַסט די זעלבע שטעט, פון דייטשלאַנד, עסטרייך, מערן, בעמען און פוילן, דאָקומענטן פון יענער צייט.

און אויך פון דער איצטיקער...

— 5 —

און דו בלעטערסט ווייטער און ווייטער צווישן די פאַרצייטיקע אל מלא רחמים׳ס און קינות, און אָפּזאַצן פון אַלטע פּנקסים און פון מעמואַרן וועגן די געשעענישן פון בלוט און רדיפות, שחיטות און רויב, גזירות און פייניקונג, דאָן, פונקט ווי איצט. און דו טרעפסט זיך אָן אויף שילדערונגען פון מאָרדן און רדיפות — און דער עיקר פון זעלבסטמאָרדן, נאָכדעם ווי מען האָט זיך פאַרזאַמלט אין שולן, און געפאַסט אין געזאָגט ווידוי, און יענע זיינען מערקווירדיק ענלעך צו פיל פון די כראָניקעס פון איצטיקע געשעענישן אין פוילן; גלייך ווי די אַלטע, פאַרצייטיקע סליחות און קינות וואָלטן געווען אַ קאַפּיטל פון די טעלעגראַפישע באַריכטן, וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן פאַר די לעצטע וואָכן פון פוילן וועגן דעם, ווי גאַנצע געמיינדעס אין די קלענערע שטעטלעך פון נאַצי-פוילן, האָבנדיק פאַרלוירן די האָפנונג אויף אַ רעטונג און, ניט קענענדיק מער אויסשטיין די עינויים פון די נאַצים, האָבן זיך געגרייט צום טויט, זאָגנדיק ווידוי אין שול און, נאָכדעם, אין מאַסן זעלבסטמאָרד באַגאַנגען...

סצענעס פון דעם ערשטן און צווייטן קרייצצוגן אין די קהילות פון צפון-פראַנקרייך, אין די אַלט ריין-געביטן, אין מיטל-אייראָפּע; סצענעס פון בעסטיאַליטעט, אינם צענטן און עלפטן יאָרהונדערט, ווען מהנות האָבן זיך געצויגן פון אַלע ווינקלען פון אייראָפּע צו באַפרייען דעם קבר פון זייער „דערלייזער“ און, אויפן וועג האָט מען אויסגעראָטן און פאַרניכטעט קלענערע און גרעסערע יידישע געמיינדעס, אויסמאָרדנדיק, נאָך שרעקלעכע עינויים, טויזנטער און טויזנטער יידן; סצענעס פון אַכט און ניין הונדערט יאָר צוריק חזרן זיך איצט איבער, אין הונדערטער שטעטלעך און שטעט אין נאַצי-פוילן:

יידן, אין די שולן פאַרזאַמלטע אין אַ צושטאַנד פון פאַראַאָקסיזם, פון פאַרצווייפלונג. זיי ווייסן, אַז פונם שונא איז ניט צו דערוואַרטן קיין רחמנות, נאָר שוידערלעכע עינויים; איז דאָס גלייכסטע זיך אַליין דאָס לעבן צו נעמען, און דאָס לעבן פון די קינדער... שטאַרבן, לפחות, אָן ליידן. זאָגט מען ווידוי... און, געוויס, אויך די פיוטים, סליחות, קינות און די פאַרצייטיקע אל מלא רחמים׳ס פראַגמענטן, פון וועלכע מיר האָבן ציטירט, אַ טרייסט אינם גלויבן! און מען

שטאַרבט, ווי פאַרצייטיקע יידן, אין העלדנמוט פונם גלויבן; אין ה ע ל ד נ מ ו ט. וואָס נאָר די פאַרצווייפלונג גיט... מען שטאַרבט אין פאַרברענט-ווערנדיקע שולן; מען שטאַרבט דערמאָרדעט פון די נאַציס אין טלית און תפילין איינגעהילט; און יענע, וועמען די פאַרצווייפלונג ברענגט דעם העכסטן מוט — פאַרשפּאַרן די ברוינע בעסטיעס די מי צו טויטן... זיי נעמען זיך אליין דאָס אייביקע לעבן.

די זעלביקע סצענעס, וואָס אין די יאָרן ד׳תת״נו (1095-1096) און פופציק יאָר שפּעטער, בעתן ערשטן און צווייטן קרייצצוג, ווי דאַן, אזוי איצט אין אָנ-הויב פון יאָר ה׳ת״ש אין „מדינת פּוילן״...

דער לייטמאָטיוו פון די סליחות און אל מלא׳ס, אין וועלכע מען האָט פאַראייביקט שרעקלעכע סצענעס, איז דאַן געווען:

— אלהים, אל דמי לדמי! גאָט! עס זאָל ניט פאַרשוויגן ווערן אונדזער בלוט...

און נאָך איינער, אין וועלכן עס האָט זיך אויסגעדריקט די פאַרווירונג. אפילו פון די פרומסטע, פון די גלויביקסטע, אין יענער צייט:

—„העל אלה יתאפק ויחרש? ווי קען דולדן און שווייגן אַזעלכעס, ער, דער אַלטער, אייביקער אַלמעכטיקער גאָט פון ישראל?

און ניט געפינענדיק קיין ענטפער אויף אָט דער פראַגע — וואָס עגבערט דעם מוח ביז משוגע צו ווערן — און מורא-האָבנדיק ארייננצופאַלן אין אָפּגרונט פון צווייפל, וואָס פירט, רחמנא ליצלן, צו כפירה — האָבן זיי געזוכט שוץ אין באַהעלטעניש קעגן די פראַגן, אין דעם תלמוד-אויסדרוק:

— אין כמוך באלמים ד׳, ניטאָ ווי דו צווישן די שטומע, גאָט! קיינער קען ניט אַזוי לאַנג שווייגן און דולדן...

און מיטן געשריי פון „אחד״ פלעגן יידן שטאַרבן אין די צייטן פון די קרייצצוגן, בעת די הריגות איבער דער שוואַרצער פעסט, בעת די שחיטות, מחמת דעם בילבול פון דער „האָכטיע״, בעת די רדיפות איבער עלילת-דם, בעת די שחיטות פון כאַמיל הרשע, בעת די הריגות פון גאַנטין, בעת די צאַרישע פּאָג-ראָמען, בעת די פּעטלורישע שחיטות, און איצט, ווען די נאַציס פאַרניכטן און וואַרצלען-אויס ביזן גרונט יידישע ישובים אין פּוילן.

—אלהים אל דמי לדמי! גאָט, זאָל אונדזער בלוט ניט פאַרשוויגן ווערן...

— 6 —

ניין...

כ׳ווייס ניט ווי אין אַנדערע געשיכטעס; אין אונדזער יידישער געשיכטע, אין דער געשיכטע פון יידישער דיאַספּאָראַ, איז ניט צו געפינען קיין גרויסע טרייסט...

אין דער געשיכטע, וואָס איז אַ כראָניק פון בלוט און טרערן, אַ זאמלונג פון קינות און אל מלא רחמים׳ס צום אָנדענק פון קדושים, וואָס האָבן העלדנ-מוט געשעפּט אינם גלויבן, וואָס מיר ק ע נ ע ן שוין אים ניט האָבן אין אַזאַ סופּערלאַטיווער מאָס, איז שווער צו געפינען אַ שטאַרקע טרייסט.

עס איז שווער צו געפינען טרייסט פון דערמוטיקונג אין א געשיכטע, וואס פאר אונדזער לעבן און ליידן, האט זי זיך אין אייראפע ניט געענדערט זינט טויזנט יאר און מער... די זעלביקע וואקכאנאליע פון רדיפות און אויסראט...

די איינציקע שטיקל טרייסט, אפשר, — וואס טראץ אלעם, לעבן מיר דאך, און האבן איבערגעלעבט אונדזערע שונאים.

דאס איז די גרויסע לערע, וואס אונדזער געשיכטע קען געבן. די גרויסע לערע — פאר אונדזערע בלוטיקע שונאים, וואס זעען ניט אין פארשטייען נים, אז מיר זיינען שטארקער פון זיי; והראיה, מיר האבן זיי איבערגעלעבט און וועלן זיי ווייטער איבערלעבן, און:

די קליינע טרייסט זאגן מיר פאר אונדז: וואס פארא לעבן איז עס, פארמשפט צו פאסט אומאיבערגעריסענעם ליידן...

און פון געשיכטע — צוריק צו ווירקלעכקייט. פון אלטע אל מלא רחמים׳ס און ליטורגישער פאעזיע איבער בלוט-פארגליווערנדיקע שחיטות צום לעבעדיקן לעבן.

איז שוין טאקע אין אונדזער יידיש פאלקס-לעבן קיין טרייסט ניטא?... צווישן אזוי פיל חורבן אין אייראפע, וואו פון קבר איז ארויס דאס אלטע אדום, די בלוטיקע רוים, אין דער פארגרעסערטער אויפלאגע פון טייוולישע נאצים, שיינט ווי אן אנזאג פון האפנונג, היילונג, פון הילף און פון ווידערבוי דאס יידישע לעבן... אויסער אייראפע:

די מיליאניקע יידישע ישובים אין אמעריקע — וואס איז א רעזערוו פון הילף.

דער האלב-מיליאניקער יידישער ישוב אין דער אלט-נייער ארץ-ישראל, וואס ווערט ווידערגעבויט פארן פאלק, אינגאנצן, פאר זיינע רעשטן, וואס וועלן ארויס-געראטעוועט ווערן פון דער פארדאמטער, מיטיגע-געווארענער אייראפע.

אין מיטלאלטער האבן זיי עס ניט געהאט. זייער איינציקע האפנונג איז געווען די ירושלים של מעלה.

מיר — אויב מיר ליידן די זעלביקע רדיפות, אויב אונדזערע ברידער קומען אום איצט פון שחיטות, ענלעכע צו יענע — האבן אבער די צוויי גרויסע רעטונגס-רעזערוואוארן, וואס יענע האבן ניט געהאט:

ארץ-ישראל און די ישובים אויפן אמעריקאנער קאנטינענט.

און אויב די געשיכטע לערנט אונדז, אז מיר לעבן-איבער אונדזערע פארדאמטע פארפאלגער, ווייזט אונדז די ווירקלעכקייט, אז די האפנונג פון אונדזער לעבן איז ניט אויף אייראפע, נאר אין אמעריקע און ארץ-ישראל...

.1940



# נאָך אַ וויכטיק ווערק וואָס מיר האָבן געגעבן דער וועלט

— 1 —

עס וואָלט געווען אַ זייער אינטערעסאַנטע און באַלערנדיקע אויפגאַבע דורכצושטודירן, אין פאַרלויף פון דער יידישער געשיכטע, דעם פּראָצעס פון דער אנטשטייאונג און פון דער נאָכגעקומענער אַנטוויקלונג פון דער סאָציאַלער הילף פאַר די אומפאַרמעגלעכע קלאַסן אינם יידנטום.

עס קען זיין, אַז אַזאַ מין פאָרשונג וואָלט געפירט צו באמת איבעראַשנדיקע מסקנות, וועגן דער ראָל, וואָס געזעלשאַפטלעכע הילף, אין די פאַרשידענע פאָרמען, מאַניפעסטאַציעס און אופנים, ווי דאָס פלעגט ווערן פּראַקטיצירט ביי יידן, האָט געשפּילט אין די פאַרשידענע עפּאָכעס פון אונדזער געשיכטע, וואָס איז אַלט איבער דריי טויזנט יאָר.

מען וואָלט אָן שום ספק זיך געקענט איבערצייגן — דורך אַזאַ גרינטלעכער פאָרשונג — אַז אין אַלע צייטן, אין אַלע עפּאָכעס און עראַס פון דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק, אין וועלכע אומשטענדן עס זאָל ניט געווען אויסקומען צו לעבן יידן, און נאָך פון די אוראַלטע צייטן אָן ווי נאָר דאָס פאָלק איז אַריבער פונם שטאַנד פון נאָמאַדע־משפחות און שבטים צו אַן אַספּעקט פון אַן איינגעזעסן ווערנדיק אַגריקולטור־פאָלק אין זיין אייגן לאַנד, האָט די געזעלשאַפטלעכע הילף פאַרן נויטבאַדערפטיקן, פאַרן אומבאַמיטלטן, פאַרנומען אַ פונדאַמענטאַלע וויכטיקייט אומעטום ביי יידן.

אַלע מאָל אין אַלע פאַרוואַנדלונגען, טראַנספאָרמאַציעס און עוואָלוציע־פאָרמעס, וואָס די דאָקטרינע און עטיק פון יידנטום האָט אָנגענומען, פלעגט באַקומען פון די פאַר־ביבלישע צייטן, דורך דער משנה און תלמוד שפּעטער, דער רבנישער און גאונישער ליטעראַטור אינם טונקעלן מיטלאַלטער, און בעת די רדיפות און עינויים וואָס יידן זיינען אויסגעשטאַנען, ווען די קריסטלעכע וועלט איז שוין געשטאַנען מיט ביידע פיס אין דער רענעסאַנס־עפּאָכע ביז אונדזער נייעסטער צייט — אין אַלע עראַס און עפּאָכעס, צוגלייך, אָן שום אויסנאַם, האָט די געזעלשאַפטלעכע הילף פאַרן נויטבאַדערפטיקן, פאָרמירט ביי יידן איינע פון די באַזעס פון דער יידישער לערע, איינע פון די הויפּט־פאָרשריפטן וואָס זיינען געווען אַ פליכט פאַר יעדן יחיד, און פאַר דער געזעלשאַפט דער יידישער, אין דער פאַרשידנהייטלעכקייט פון די סטאַדיעס, וואָס די געזעלשאַפט האָט דורכגעמאַכט.

מיר וואָלטן, אָן שום ספק, געקומען דורך אַזאַ מין פאָרשונג, צו אַזאַ איבעראַשנדיקער אַנטדעקונג, צום ביישפּיל:

אַז אין דער צייט ווען אין דער אַנטיקער קלאַסישער וועלט, אין דער

וועלט פון דער גריכישער פ יי נ ע ר קולטור און רוימישער וועלטמאכט איז ניט נאר ניט פראקטיצירט געווארן קיין שום הילף פארן נויטבאדערפטיקן, נאר עס איז נאך, אדרבה, באטראכט געווארן, ווי א פארברעכן קעגן דעם ווילן פון די געטער, ווען עמיצער האט געהאלפן אן ארימאן, א קראנקן, א הילפסלאזן — ווייל לויט דער עטיק פון יענע פעלקער זיינען ארימקייט, קראנקייט און נויט געווען א שטראף וואס די געטער שיקן אן אויפן מענטשן; ווייל אזוי איז זייער ווילן און מען טאר ניט זיך קעגנשטעלן אים — אין דער זעלביקער צייט איז הילף און וואוילטאט פארן געפלאגטן און פארווארלאזן מענטשן געווען ניט קיין רשות, נאר א חוב, א פליכט פאר יעדן יידישן יחיד, ווי פאר דער ארגאניזירטער געזעלשאפטלעכקייט, א גערעכטיקייט — ניט געשאנק, נאר א גערעכטיקייט (צדקה-גערעכטיקייט) — וואס די געזעלשאפט קומט דעם זיך-נויטיקנדן: צדקה איז געווען איינער פון די גרונדן פון אונדזער יידישער לערע און דער וואוילטאט, צי אין דער פארם פון הילף פון יחיד צו יחיד, צי אין דער פארם פון א געזעל-שאפטלעכער קאסע, וואס דארף פארמירט ווערן דורך די בייטראגן פון יחידים, כדי מלוכה (אדער געזעלשאפטלעכע ארגאניזאציע) זאל פון דעם און דורך דעם קע-נען העלפן די נויטבאדערפטיקע, איז איינע פון די יסודות פון יידישן סאציאלן און מלוכה-לעבן.

— 2 —

דאס איז דאן שוין געווען אזא פעסטער און וויכטיקער יסוד פון דעם יידישן געזעץ און פון דער יידישער עטיק, אז אין דער תורה פריער, און שפע-טער אין משנה און אין דעם תלמוד, שטויסט מען זיך אן טריט און שריט אויף הונדערטער, אויף טויזנטער פארזאגן, פרעצעדענטן, אפאריזמען, אויס-דרוקן, פאראבאלעס, אנווייזונגען, שטרענגע אזהרות און פארזאגן וועגן דעם חוב פון צדקה; און די מלוכה, ווי די פארשידענע געזעלשאפטלעכע ארגאניזא-ציעס באקומען דאס רעכט צו צווינגען, צו נויטן, צו נעמען דורך דער מאכט דעם בייטראג פאר צדקה, ביים ווידערשפעניקסטן יחיד, וואס אנטזאגט זיך צו ביי-טראגן זיין טייל.

דער קאנטראסט אין דעם פרט: צווישן דער ד א ק ט ר י נ ע פ ו נ ם יי ד נ ט ו ם, וועמעס מאנאטעאיזם האט געשאפן א גאט וואס איז ניט נאר א קנא ונוקם, נייערט אויך אל רחום וחנון, וואס פארזאגט צדקה און וואויל-טאט אלס פליכט — און ד ע ר ד א ק ט ר י נ ע פון דער געצנדינערישער וועלט, וועמענס געטער האבן געלעבט אליין אין וואוילשטאנד און אייביקער הוליאנקע און אין פרעכטיקייט פון דער קונסט און פאעזיע, ניט האבנדיק קיין זארג פארן אומבאהאלפענעם מענטשן, פארן ארימען און נויטבאדערפטיקן, — איז געווען דאן, אין דער אנטיקער וועלט שארף און שניידנדיק, כמעט אין די אויגן זיך ווארפנדיק. און מיר געפינען מער ווי איין כאראקטעריסטישע אנווייזונג וועגן דעם אין תלמוד, אין משנה, און אין דער רוימישער און גריכישער לי-טעראטור, וואס איז דערגאנגען צו אונדז פון יענער עפאכע.

אין תלמוד זיינען פאראן וועגן דעם א סך בילדערישע, זייער כאראקטעריס-

טישע אַנדייטונגען, און דיאַלאָגן צווישן די תנאים פון איין זייט און רוימישע הערשער פון דער אַנדערער.

און ווען מען זעצט פאַר ווייטער, דורך מיטלאַלטער די פאָרשונגען אין דער יידישער און אין דער וועלט-געשיכטע, אין דער אַנגעוויזענער ריכטונג און מכוח דעם דערמאָנטן געביט ,קען מען קומען צו אַזאַ מין איבערראַשנדיקער אַנטדע-קונג: ווען אין דעם פינצטערן מיטלאַלטער זיינען יידן גערודפט געוואָרן, פאַר-פּאָלגט און געפּייניקט געוואָרן כמעט אין אַלע לענדער פון דער דאַמאָלסטיקער פעאָדאַלער וועלט; ווערט אין דער רבנישער ליטעראַטור פון יענער צייט אָנ-געוויזן צענדליקער מאָל, אַז יידן זיינען אין זייער וואוילטאַט פאַרפליכטעט ניט נאָר צו יידן אליין, נאָר אויך צו ניט-יידן, צו נויטבאַדערפטיקע בכלל. און דער תלמודישער פּרעצעדענט, וואָס לויטעט „אין בודקין למזונות“, מדאַרף ניט אונטערזוכן ווען מען מדאַרף שפּייזן, אויב יענער איז הונגעריק, ווערט אַ פליכט פאַר יידן.

מיר וואָלטן געקענט קומען צו אַ סך אַזעלכע איבערראַשנדע שלוסן און „אַנטדעקונגען“, ווען מען וואָלט שטודירן און פאָרשן גרינטלעך און סיסטעמאַ-טיש, די געשיכטע פון סאָציאַלער הילף ביי יידן.

— 3 —

עס וואָלט כדאי געווען, אַז וויסנשאַפטלער, ספּעציאַליסטן-היסטאָריקער זאָלן זיך פאַראינטערעסירן מיטן קעגנשטאַנד: מאַטעריאַלן פאַר אַזאַ פאָרשונגס-אַרבעט וואָלטן ניט געפעלט. די ביבל, די כתובים אחרונים, די פראַגמענטן פון העלעניסטישע ליטעראַטור פון די יידישע אַלעקסאַנדריער, די רוימישע ליטע-ראַטור ביז די ערשטע דריי-פיר יאָרהונדערטער פון דער קריסטלעכער ערע און פון די עלטסטע צייטן, — די אַזוי גערופענע „לאַטייניש ליטעראַטור“ — די משנה, דער תלמוד, די מדרשים, די תשובות פון די ערשטע און פון די שפּע-טערדיקע גאונים; די תלמוד-מפרשים און ביבל-מפרשים פון די שפּעטערדיקע יאָרהונדערטער פון מיטלאַלטער, אין שפּאַניע, פּראָוואַנס און קהילות פון אַלט-דיין; די שפּעטערדיקע און פריערדיקע פוסקים; די שאלות-ותשובות פון די רבנים אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד; די דאַמאָלסדיקע עולמישע שריפטן: מעמוארן, לידער, פאַראַבאַלן, מוסר, ספרים, מחקר-ספרים, פיוטים, תפילות, סליחות א. אַ. וו., און שפּעטער די פינקסים פון פאַרשידענע קהילות אין אַלע יידישע ישובים; די מגילות פון די רדיפות און עינויים, גירושים און גזירות (וואָס האָבן פאַרגרעסערט די אָרימקייט און קראַנקייטן צווישן דער יידישער באַפעלקערונג) און ווי די יידישע קהילות האָבן דורך דעם ווערק פון צדקה, פילאַנטראָפּיע און סאָציאַלער הילף רעאַגירט אויף דעם; שפּעטער די אַקטן פון די פאַרשידענע חברות און צעכן און די תקנות פון די רבנים און פון די „פרנסים“ און שתדלנים פון גאַנצע קהילות אָדער פון איינצלנע פאַריינען, אָרגאַניזאַציעס אָדער בתי מדרשים — דאָס אַלעס און נאָך פיל דאָקומענטן, ווערק, פאָרשונגען, בעלעטריסטישע ליטעראַטור, פאָלקס-לידער און רעדנס-אַרטן

ביי די פֿאַרשידענע צעכן פֿון דער יידישער אָרימקייט און פֿון דעם מער-פֿאַר-מעגלעכן באַלעבאַטישן גראַד; געוויסע דעקרעטן און עדיקטן פֿון דער מלוכה, אָדער פֿון דער מאַכט בכלל, אין פֿאַרשידענע לענדער, אין מיטלאַלטער און דער נייער צייט, דורך וועלכע עס פֿלעגט ווערן רעגלאַמענטירט די יידישע צדקה-אַרבעט; אַרכיוון פֿון די בתי-דין אין פֿאַרשידענע צייטן אין קהילות און אַרכיוון פֿון געריכטס-פּראָצעסן, וואָס האָבן אַ שייכות צו דעם ענין א. אַ. וו.

מאַטעריאַלן פֿאַר אַזאַ פֿאָרשונג וואָלטן ניט געפֿעלט, ווייל די זאַך פֿון סאָציאַלע און אינדיווידועלע הילף פֿאַרן נויטבאַדערפֿטיקן געזונטן און קראַנקן, ביי יידן, איז געווען אַזוי איינגעפֿעסטיקט, אַזוי טיף פֿונדאַמענטאַל, אין דער יידישער עטיק, אין דער יידישער לערע, אין אונדזער רעליגיע און לעבנס-שטייגער — אין אַלע צייטן; אין יעטוועדער געשיכטלעכער ערע; אונטער אַלע אומשטענדן און הרפתקאות פֿון אונזער לעבן אַלס פֿאָלק אין ארץ-ישראל אָדער אין דער דיאַספּאָראַ, אין דער היים צווישן פֿעלקער, אַז קיין זאַך, דאַכט זיך, האָט ניט געלאָזט אין אונדזער פֿאַרצווייגטער קולטור, אין אונדזער באַטראַכטונגס- און- שטייגער-ליטעראַטור, ווי אין אונדזער שיינע ליטעראַטור און פּאָעזיע, אַזעלכע טיפֿע אומאָפּמעקבאַרע שפּורן, ווי די באַציאונג און ווירקונג, האַנדלונגען און רעאַגירונגען פֿון יידן — אין געזעלשאַפֿט ווי אין פּריוואַט; אינדיווידועל, ווי אַלס קיבוצים — איופֿן געביט פֿון וואוילטאָג און פֿון סאָציאַלער הילף.

מאַטעריאַלן — בערג גאַנצע; מען דאַרף זיי ניט זוכן; מען דאַרף זיי נאָר אויפֿזאַמלען אין סדר, קלאַסיפֿיצירן לויט עפּאָכעס און קענטשטאַנדן, און די הערלעכע געביידע פֿון סאָציאַלער הילף ביי יידן, דורך עפּאָכעס און יאָר-טויזנטער, צווישן פֿעלקער און לענדער, וואָלט לייכט געקענט ווערן רעקאָנסטרואירט, אויפֿגעהויבן ווערן פֿאַר די אויגן פֿון דער מענטשהייט.

און מען וואָלט געזען, ווי אַ פֿאָלק וואָס האָט געלעבט אַמייסטנס אין אָרימקייט — וואָרום אין ארץ-ישראל האָבן אויך יידן ניט געלעבט רייך, ניט אין וואוילטאָג — אמייסטנס אין רדיפֿות און גזירות, וואָס האָבן רעגלאַמענטירט און באַגרעניצט זיין עקאָנאָמישע עקספּאַנסיע און באַרויבט פֿאַרמעגנס, האָט געזאָרגט תמיד פֿאַר זיינע אָרימע שיכטן, ניט מיט זאָרגפֿעלטיקייט, וואָס קומט פֿון אַ געפֿיל פֿון רחמנות און ווייכהאַרציקייט, נאָר מיט דעם זאָרג וואָס איינער האָט פֿאַר דער דערפֿילונג פֿון איינעם אַ חוב, פֿון זיינעם אַ מענטשלעכן חוב; מיט דעם זאָרג וואָס איינער האָט צו גוט-מאַכן אַ סאָציאַלע אומגערעכטיקייט.

עס וואָלט דערוויזן געוואָרן, אַז אויך אין דעם פּרט, ווי אין אומצייליקע אַנדערע, זיינען מיר געווען די ערשטע צו וויזן, פֿון זיך, דעם ביישפּיל פֿאַר דער וועלט; און פֿון אונדז, דורך דעם קריסטנטום — האָט עס די וועלט באַקומען, איבערגענומען, ווי זי האָט איבערגענומען אונדזער ביבל, אונדזער שבת-איינפֿיר אַלס רו-טאָג.

.1935

# עטאַפּן אין יידישער היסטאָריאָגראַפיע

— 1 —

אין אַזעלכע שווערע צייטן, ווי די איצטיקע, צו וועלכע מען וועט ניט קענען געפינען קיין גלייכן, אין שלעכטסקייט, אין בייזקייט, אין רשעות, אין בלוטדורשטיקייט מצד מענטשן-חיות און פעלקער-חיות; אין אַזעלכע שווערע צייטן, ווי די איצטיקע, ווען אַלע קללות פון דער תוכחה זען אויס בלאָס, אין פאַרגלייך מיט דער ווירקלעכקייט פונם אויסדערוויילטן פאָלק; אויסדערוויילט צו עינויים, צו רדיפות, אויסדערוויילט צו זיין דער צילברעט פון אַלע גיפטיקע פיילן, וואָס פעלקער-רשעים און מענטשן-בעסטיעס וואַרפן אין אונדז; ווען עס ווייזט זיך אויס, אַז סאיז שוין כלו כל הקיצין, און עס איז ניט צו זען קיין אויסוועג, ניט קיין הילף פון ערגיץ-וואו; און האָפנונגסלאָזיקייט רופט צו פאַר-צווייפלונג, כדי צוזאַמען אויסצושפּרייטן זייערע פליגל, איבער די יידישע אַלטע קאָמפּאַקטע ישובים פון אייראָפּע — אין אַזעלכע מאָמענטן איז ראַטזאַם ווענדן זיך צו אונדזער געשיכטע. בלעטערן אין איר, זוכן אין איר, ווייל מען קען אין איר געפינען... טרייסט אין דעם שווערן טרויער, וואָס פאַרפלייצט די נשמה און האָפנונג אויף בעסערע צייטן.

טרייסט: מיר האָבן איבערגעלעבט פיל מאָל און אין גאָר די לענדער פון דער וועלט פינצטערע צייטן — אמת ניט אַזעלכע סופּערלאַטיוו בעסטיאַלע ווי די איצטיקע, אָבער אויך גענוג ווילדע, גענוג בלוטיקע, גענוג פּיינפולע צו קענען מאַכן פאַרגליווערן דאָס בלוט אין די אָדערן; און דאָך האָבן מיר עס איבערגעלעבט; און מיט באַנייטע נאַציאָנאַלע כוחות און מיט אַ געשטאַרקטן מוט זיינען מיר אַרויסגעקומען פון אַלע פּרוואוון.

די דאָזיקע טרייסט גיט אונדז די געשיכטע, ווען מיר ווענדן זיך צו איר. די טרייסט ניט פון רעזיגנאַציע נאָר פון האָפנונג, וואָס קומט פון דער איבער-צייגונג, אַז אונדזער אייביקייט וועט ניט אַנטוישן, וועט ניט פעלשן אין אונדז; אַז אויב מיר האָבן אין לויף פון אכצן יאָרהונדערטער איבערגעלעבט אַלע צרות און פּורעניות, וועלן מיר אויך איבערלעבן די איצטיקע, כאָטש זיי אַקערן די אַקערער איבער אונדזערע רוקנס טיפער און גרוילהאַפטיקער ווי תמיד ביז איצט.

די וואַרהאַפטיקייט פון קוהלתעס וואָרט: „וואָס איז געווען דאָס וועט זיין, און וואָס איז געשען דאָס וועט געשען, און ניטאָ קיין נייעס אונטער דער זון“. פאַראַן אַ זאַך, וואָס מען זאָגט דערויף: „זע, דאָס איז אַ נייעס; איז עס שוין געווען אין אַלטע צייטן פאַר אונדז“ — די וואַרהאַפטיקייט פון דעם דאָ-זיקן פּשוטן קלוגן וואָרט, ווערט באַשטעטיקט דורך די בענד פון אונדזער גע-שיכטע, און דאָס דינט פאַר אונדז אַלס טרייסט און האָפנונג.

עס איז אַ פאַקט, אַז דובנאָווס צענבענדיקע (1) געשיכטע פון יידישן פאָלק, פון אייביקן פאָלק, פונם וועלט-פאָלק — וואָס נעמט אַרום די היסטאָריע אונדזערע פון קדמונים ביז דער וועלט-מלחמה — איז אין איר פולער דייטשישער איבערזעצונג שטאַרק פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן דייטשישן יידנטום, אין די לעצטע זיבן יאָר, די יאָרן פון פיין און ליידן פאַרן דייטשישן יידנטום, וואָס האָט געהאַט דעם נאָבעלן גליק-אומגליק צו זיין דער ערשטער, אויף וועמען עס האָבן זיך אָנגעשלאָגן די רדיפות, אויסראָטונגס-כוואַליע און חורבנות, פון די נאַצים אויפגעהויבענע קעגן אונדזער פאָלק. זיי — די ערשטע; און נאָך די דייטשישע יידן, אַנדערע אונדזערע ישובים.

קיינמאָל נאָך האָט מען געלייענט אַזוי פיל יידישע געשיכטע, צווישן דייטשישע יידן, ווי אין די לעצטע יאָרן זינט עס איז פון דער ווייטער פאַרגעסנהייט פון דער צייט צוריק אַרויסגערופן געוואָרן דורך דעם אַשמדאי - היטלער, דער פינצטערער מיטלאַלטער, אין אַ פאַרגרעסערטער, אויסגעבעסערטער פאָרם; און עס איז פאַרשטענדלעך פאַרוואָס: מען האָט געזוכט צו געפינען טרייסט און האָפנונג, אין די בענדער פון אונדזער געשיכטע; טרייסט און האָפנונג און איינצייטיקע ענטפער אויף דער פראַגע, וואָס עגבערט אין מוח: פאַרוואָס? פאַר ווען? און ביז ווען?

און אַז מען פאַרטיפט זיך אין דאָס לייענען פון אונדזער געשיכטע, און אַז מען טראַכט נאָך וועגן דעם זין פון די פאַקטן און געשעענישן, וועגן וועלכע די דערציילט אונדז אָביעקטיוו, אָן ליידנשאַפט, און מיט שטאָלצן געפיל און שטילן טרויער — קען מען געפינען, ניט נאָר די געזוכטע טרייסט, די געגאַרטע האָפנונג, נאָר אויך דעם ענטפער אויף די דערמאָנטע פראַגן, וואָס מיר אַליין און וואָס אַנדערע שטעלן אונדז.

— 2 —

ניט אַזוי גרינג, און ניט אַזוי שנעל איז אויפגעבויט געוואָרן דער גראַנדיעזער בנין פון דעם יידישן געשיכטע-בוך.

ביים שרייבן יידישע געשיכטע, האָבן זיך אָנגעשטויסן און שטויסן זיך נאָך איצט אָן, די היסטאָריקער אויף גוואַלטיקע שוועריקייטן:

עס האַנדלט זיך וועגן אַ געשיכטע פון אַ פאָלק, וואָס לעבט אַ היסטאָרישע עראַ פון איבער דריי טויזנט יאָר און איז צעוואָרפן, זינט איבער צוויי טויזנט יאָר, איבער אַלע לענדער און קאָנטינענטן, לעבנדיק צווישן, כמעט, אַלע פעלקער. עס איז אַ געשיכטע פון איין פאָלק, וואָס אין דער זעלביקער צייט איז עס אַ געשיכטע אַן אוניווערסאַלע. עס איז אַ געשיכטע פון אַ פאָלק, וועמעס צענטערן זיינען יאָרהונדערטער געווען אין קאָנסטאַנטער באַוועגונג פון מיגראַציע, פון בויען אַלע מאָל נייע צענטערן, נאָכדעם, אָדער איידער נאָך די פאָריקע צענטערן

(1) ווען די אַרבעט איז געשריבן געוואָרן איז נאָך ניט געווען באַקאַנט דובנאָווס עלפטער באַנד, וואָס שליסט אָפּ זיין געשיכטע אין יאָר 1938.

זיינען הרוב געוואָרן דורך רדיפות, גזירות און מעכטיקע עקאָנאָמישע געזעצן. עס איז אַ געשיכטע פון אַ פאָלק, וואָס האָט געלעבט צווישן פעלקער, אונטער־געוואָרפן אונטער זייערע געזעצן, און אונטער די שטענדיקע חומרות און אויס־נאַם־רעגלען. עס איז אַ געשיכטע פון אַ פאָלק, וואָס האָט געשאַפן די העכסטע גייסטיקע ווערטן פאַר דער מענטשהייט און וועמעס ליטעראַטור, אין דער טראַנספאָרמאַציע פון שפּראַכן און פון פאָרמען, אין דער אומענדלעכער פאַרענ־דערונג פון אופנים, זשאַנרען און קאָנצעפּציעס, פילאָזאָפישע, מיסטישע, וועלט־לעכע, איז אויך אַלט, לערך דריי טויזנט יאָר...

ביים בויען דעם בנין פון דער יידישער היסטאָריע איז, פאָלגלעך נויטיק גע־ווען צו גובר זיין אַזעלכע שוועריקייטן, וואָס קיין אנדער היסטאָריאָגראַפיע אויף דער וועלט, פון קיין אומה ולשון, האָט ניט געהאַט, ניט באַדאַרפט גובר זיין.

ביי אַלע אומות זיינען די מאַטעריאַלן קאָנצענטרירט אין געאָגראַפישן שטח פון איין לאַנד, סיסטעמאַטיזירט אין מלוכה־אַרכיוון, אין מלוכה־אַמטן, אין פּאַרלאַמענטן, אין געזעץ־קאָדעקסן אין סיבטעמאַטיש געזאַמלט־ווערנדיקע כראָניקעס, מעמואַרן א. אַ. וו. — אין אַלע אינסטיטוציעס, וואָס אַ נאָרמאַל מלוכה־לעבן האָט איינגעאָרדנט.

אין די פאָריקע יאָרהונדערטער האָבן די מלוכות געהאַט ספּעציעלע כראָ־ניקער, וואָס פלעגן רעגולער פאַרצייכענען זייער מעשים און אויפטואונגען. אין מיטלאַלטער, איז די געשיכטע־כראָניק געפירט געוואָרן מער־ווייניקער רעגולער און אויפגעהיט געוואָרן אין די קירכעס און אין די קאָנווענטן. די גריכן און די רוימער האָבן איבערגעלאָזן אַ רייכע ליטעראַטור און אויך פאַר אונדזער אַלטער געשיכטע זיינען די נביאים ראשונים און דברי־הימים, מערקווירדיק רייכע, אויספירלעכע, און כמעט פולקאָם געטרייע געשיכטע־מאַטעריאַלן — פון דער אור־צייט ביזן אָנהויב פון דער פערסישער הערשאַפט איבער יהודה.

ניט אַזוי אָבער איז עס געווען מיט מאַטעריאַלן פאַר אונדזער געשיכטע פון דער שפּעטערדיקער צייט: געאָגראַפיש באַציען זיך די מאַטעריאַלן צו גאָר דער וועלט און זיי זיינען צעוואָרפן אין כמעט אַלע לענדער. שפּראַכלעך — אין צענדליקער אַלטע און נייע שפּראַכן, חוץ העברעאיש און יידיש. און ניט סיס־טעמאַטיזירט, און ניט צענטראַליזירט.

דאָס אַלעס האָבן די היסטאָריאָגראַפן געדאַרפט אַליין טון, אַליין זאַמלען, אַליין קלאַסיפיצירן, אַליין אַנאַליזירן, פאַרגלייכן, קריטיצירן, פעסטשטעלן די וואָרהייט דורך פאַרגלייכונגען אנאַליטישע און קאָמפּאַראַטיווע שטודיומס א. אַ. וו.

ניט אַזוי גרינג, און ניט אַזוי שנעל אַלזאָ, איז צוגעגאַנגען די דאָזיקע גיי־גאַנטישע אַרבעט פון אויפבויען דעם בנין וואָס טראָגט דעם נאָמען: יידישע היסטאָריאָגראַפיע. די געשיכטע פון דער יידישער גע־שיכטע איז טאַקע אַן אינטערעסאַנטער, אַ זייער באַלערנדיקער קאַפּיטל אין דער יידישער גע־שיכטע גופא; עס וואָלט כדאי געווען צו אָנשרייבן אַן אויספירלעכע געשיכטע פון דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע און היסטאָריאָזאָפיע, ווייל אויך די חכמה, די פילאָזאָפיע פון דער יידישער היסטאָריע האָט אַ גאַנץ קאָמפּלי־

צירטע געשיכטע פון צוגאנגען, אַפּשאַצונגען, פון נאַציאָנאַלע, גייסטיקע, פּאָלי-טישע, קולטורעלע און מאַטעריאַליסטישע קאָנצעפּציעס און דאָס איז אויך אַ צווייג, און ניט פון די אומבאַדייטנדיקע, אין דער יידישער געשיכטע...

דען פּונקט ווי ניט אַזוי לייכט און ניט אַזוי שנעל איז אָנגעקומען דאָס אויפבויען דעם בנין פון דער יידישער היסטאָריע, אַזוי אויך ניט מיט אַמאָל, און ניט אָן שוועריקייטן, ניט אָן אַ לאַנגזאַמען פּראָצעס פון אַנטוויקלונג איז די יידישע היסטאָריאָגראַפיע געקומען צו דער וויכטיקער מדרגה, אויף וועל-כער זי געפינט זיך איצט צו טאָג. עטאַפּנווייז, מדרגותווייז איז די יידישע היס-טאָריאָגראַפיע געבויט געוואָרן. מענטשן - וויסנשאַפטלער האָבן אוועקגעגעבן לע-בנס פון אַרבעט פאַר פאָרשונג און סיסטעמאַטיזירונג פון מאַטעריאַלן פון פאַר-שידענע עפּאָכעס און יידישע ישובים, און ביסלעכווייז, פון שטאַפּל צו שטאַפּל, אין וויסנשאַפטלעכן און אין אינפאָרמאַטיוון פּרט, איז דער בנין פון יידישער געשיכטע געוואַקסן, אין לויף פון יאָרן און יאָרן.

אַז מען שטודירט און מען פאַרגלייכט די גרויסע ווערק פון יידישער גע-שיכטע, פון יידן, ווי פון ניט-יידן געשאַפענע, באַמערקט מען לייכט די פאַר-שידענע מדרגות אין דעם פּראָצעס פון שטייגן אין דער יידישער היסטאָריאָ-גראַפיע, אָנהויבנדיק פון די ערשטע גרינדער פון אונדזער היסטאָריאָגראַפיע און פאַרענדיקנדיק מיט דובנאָוון און מיט שפּעטערדיקע, נאָך יונגע געשיכטע-וויסנשאַפטלער. און מען באַמערקט אויך דעם פאַרשידענעם צוגאַנג, וואָס איז פאַראַן ביי יעדן איינעם פון די היסטאָריקער: יידן ווי ניט-יידן, צו דער יידי-שער געשיכטע-שרייבונג.

עס איז אַ באַקאַנטע זאַך, — אַז אין דער אָנגענומענער וועלט-געשיכטע פיגורירט די יידישע געשיכטע בלויז אַלס אַנטיקע געשיכטע, ביז דער אַנטשטיי-אונג פון קריסטנטום, ניט ווייטער און ניט מער.

דאָס איז ניט קיין צ ו פ אַ ל, נייערט אַ צוגאַנג אַזאַ צו דער יידישער געשיכטע, אַ בליק אַזאַ; אַן אַנשויאונג אַזאַ וועגן דעם וואָס יידישע געשיכטע מיינט צו זאָגן און ווען זי ווערט אָפּגעשלאָסן. דעם דאָזיקן צוגאַנג האָבן די מיינסטע קריסטלעכע געשיכטע-שרייבער; אָבער עס זיינען געווען אויך יידישע היסטאָריקער, וואָס זיינען ניט פריי געווען פון אַזאַ קאָנצעפּציע אין דער יידישער היסטאָריע.

דער דאָזיקער ענין ,פאַרדינט מען זאָל זיך אָפּשטעלן אויף אים מער אויס-פירלעך, ווייל ער איז אַ וויכטיקער עטאַפּ אין אונדזער היסטאָריאָגראַפיע.

— 3 —

דער באַרימטער פראַנצויזישער שריפטשטעלער און היסטאָריקער פון קריס-טנטום, ערנסט רענאַן, הויבט אָן די „געשיכטע פון פאָלק ישראל“ — וועלכע איז אַ מין פּרוזדור, ביי אים, צו דער געשיכטע פון יעזוסן און פונם קריסטנטום — מיט פאָלגנדיקער פעסטשטעלונג:

„פאַר אַ פילאָזאָפישן גייסט, וועלכן עס באַשעפטיקט און אינטערעסירט דער אָפּשטאַם פונם מענטש, זיינען פאַראַן נאָר דרייווירקלעך אינטערעסאַנטע היסטאָריעס אין דעם עבר פון דער מענטשהייט: די גריכישע, די היסטאָריע פון ישראל און די רוימישע. די דאָזיקע דריי היסטאָריעס צוזאַמענגענומען בילדן דאָס, וואָס קען ווערן באַצייכנט אַלס געשיכטע פון דער ציוויליזאַציע, וואָרום די ציוויליזאַציע איז דער רעזולטאַט פון דער, איינער נאָך דער צווייטער מיט־אַרבעטונג פון גריכנלאַנד, יהודה און רוים". און ער עקספּאַנירט ווייטער, וואָס פאַר אַ טייל יעדער איינע האָט אַריינגעבראַכט, לויט זיין מיינונג און אויפפאַסונג איבער דעם בייטראָג פאַר דעם אַלגעמיינעם בנין פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע.

קענען מיר ניט מסכים זיין מיט רענאַנען אין זיין בליק און צוגאַנג צו יידישער געשיכטע, אַז די איינציקע אויפגאַבע און פונקציע, וואָס יידן האָבן געהאַט איז געווען צו באַשאַפן דעם קריסטנטום, צו ברענגען דער וועלט דעם יעוד פון מאָנאָטעאיזם און אַז מיט דער אַנטשטייאונג פונם קריסטנטום ווערט אָפּגעשלאָסן דאָס יידישע געשיכטע-בוך: וואָס סאיז אָבער וויכטיק אין זיין פעסטשטעלונג, איז, אַז אויך ער האָט געשטעלט די יידישע געשיכטע אויף איין מדרגה פון וויכטיקייט פאַר דער דערקענטניש און שטודיום פון דער ציוויליזאַציע פון דער מענטשהייט, מיט דער געשיכטע פון רוים און פון אַטען, די יסודות פון דער אַנטיקער קלאַסישער וועלט.

די זעלבע מיינונג, מער-ווינציקער, טיילן אויך און האָבן געטיילט פיל ניט-יידישע געשיכטע-פאָרשער פאַר אים, און נאָך אים וועגן דער באַדייטונג און וויכטיקייט פון דער יידישער געשיכטע פאַר דער וועלט.

מער ניט, ווען זיי פלעגן קומען צום אָנהויב פון מיטלאַלטער, אין דעם צווייטן און דריטן יאָרהונדערט, נאָכדעם ווי עס פאַרשווינדט דער לעצטער אָפּקלאַנג פון דעם מערקווירדיקן, איינציקן אין זיין פאַרנעם בר-כוכבא אויפשטאַנד קעגן רוים, און עס אַנטשטייט, אינטענסיוו, די דיאַספּאָראַ פון אונדזער פאָלק, כמעט אויפן שוועל פון דער עפּאָכע פון דער גרויסער איבערוואַנדערונג פון פעלקער און דעם אָנהויב פון דער אַנטשטייאונג דורך דעם פון נייע מלוכות און פעלקער, ביי דער צעפאַלונג פון דער רוימישער אימפעריע און ערשטע אוואַנסן פון דער קריסטלעכער „מלכות-שמים", וואָס איז דאַן געוואָרן קריגעריש און האָט געזוכט גראַדע מער „מלכותא דארעא" איידער הימלישע — ווען זיי קומען צו דער דאָזיקער עפּאָכע, פלעגן די ניט-יידישע היסטאָריקער בלייבן שטיין פאַרגאַפט, אין אַ מאָדנער פאַרלעגנהייט, ממש ניט וויסן וואָס צו טון, ווי אַזוי צו גיין ווייטער:

— וואָס טוט מען מיט יידן, מיט דער יידישער געשיכטע, ווייטער? שוין-זשע עקזיסטירט נאָך, דאַן, ווייטער, אַ יידישע געשיכטע? ווי אַזוי איז עס מעגלעך? באַטראַכט נאָר אָקאָרשט: רוים — פאַרלוירן, גריכנלאַנד — פאַרשוואונדן; אַ נייע רעליגיע איז אַנטשטאַנען, נייע מעכטיקע מלוכות גייען אַרויס אויף דער אַרענע פון דער וועלט און קעמפן, און פאַרניכטן זיך קעגנזייטיק נאָך אַ געוויסן פּראָצעס פון וואוקס און אַנטוויקלונג; טאָ ווי אַזוי קען עס הייסן,

אַז די יידישע געשיכטע ווערט פאָרגעזעצט? רוים פאַרשווינדט אין אויפגעפרעסענע פון איר אייגענער דעקאַדענץ; זי צעגייט אין דער באַרבאַרישער וועלט, ווי זאַלץ אין אַ גלאָז טריבע וואַסער, און מען דערקענט גראָדע יאָ, אַז אין איר, אין דער באַרבאַרישער וועלט איז זי אויפגעלייזט געוואָרן. קומט ביזאַנץ, איר יורשטע, און זעצט נאָך פאָר, כלומרשט, איר ירושה אין אַ נייעם קריסטלעכן פירוש: אַנטשטייען מלוכות נייע אין אייראָפּע, וועלכע לעבט דאַן (כמעט ווי איצט) אין גייסטיקער און מאָראַלישער באַרבאַריע, און דאָס קריסטנטום באַמיט זיך רעזולטאַטלאָזיק צו אויספיינערן זיך, אויסאיידעלן. און פון מזרח אַנטשטייט ווידער אַ נייער גלויבן, אַ מין סינקרעטיזם, וואָס מיינט צו זיין אַ סינטעז פון משה׳ס און להבדיל יעזוסעס תורה, און איז און בלייבט נאָר אַן אָרימער פּלאַגיאַט פון ביידע אמונות, ווי באַלד קריסטנטום אַליין איז אויך אַ סינקרעטיזם פון יידישקייט און פּאַגאַניזם. דאָס שטערט אָבער ניט מאַכמעדן און זיינע נאָכקומענדיקע קאַליפן צו איינגעמען אַזיע, באַהערשן דעם צפון פון אַפריקע, דעם עקסטרעמען מערב פון אייראָפּע, און האָט יאָרהונדערט שפּעטער, דורך דער טערקישער מאַכט — אויך אייראָפּע אַרום דעם מיטללענדישן ים, כמעט ביז די טויערן פון ווין.

עס אַנטשטייען און פאַרשווינדן, אַלטערנאַטיוו, די מעכטיקע מלוכות פון די מעראָווינגען, קאַרלאָווינגען, די מלוכה פון וועסטגאָטען, די קאַליפאַטן פון באַגדאַד, פון קאָרדאָווע און גראַנאַדע; דאָס פּויפּסטנטום קעמפט פאַר ערדישער צייטווייליקער מאַכט; די קרייץ-צוגן זוכן שפּעטער צו געבן אַ שטיים אויף צוריק די געשיכטע. צוריק צו איר אַמאָליקן אָפּשטייג פּונקט אין איינעמען צוריק דעם אָריענט — און, פאַרבייגייענדיק זוכן זיי צו פאַרניכטן דאָס פאָלק, וואָס האָט זיי געגעבן אַ גאָט, אין וועמעס נאָמען זיי זאָגן, אַז זיי קעמפן. זיי וויקלען אין בלוט פאַרטרינקען די יידן אין דער פעאָדאַלער מיטל-אייראָפּע און מערב-אייראָפּע, פון דעם דונאַי ביזן ריין און ווייטער. עס ווערן ווידערהאָלטע מאָל געמאַכט פאַרזוכן — פאַרשידנאַרטיק, פון פאַרשידענע געאָגראַפישע, עטנאָגראַפישע און מלוכהשע ווינקלען און געביטן — ווידער צו אויפלעבן די „הייליקע רוימישע אימפּעריע“; און דאָס אַליין ווייזט, אַז די געשיכטע האָט ניט געקענט אַ לאַנגע צייט פועלן ביי זיך אַז רוים, אַלס אימפּעריע, איז אויף אייביק פאַרשוואונדן פון דער ווירקונגס-ספערע און ווירקלעכקייט. און אַלע פאַרזוכן פאַלן, סוף-כל-סוף קלעגלעך דורך...

עס איז אַן אומאויפהערנדיקער שטרייט און קאַמף אין אייראָפּע פון דעם מיטלאַלטער און פון דעם אָנפאַנג פון דער נייער צייט; עס קעמפן צווישן זיך רעליגיעס פאַר העגעמאָניע פון גלויבן הייסט עס; און אין דער אמתן, פאַר ערדישער מאַכט.

די צעפּיצלטע, צעגלידערטע, נאָך אומדיפערענצירטע אין קלאַסן אייראָפּע קעמפט קעגן איר אייגענער אומבאַהאָלפנקייט: פעאָדאַליזם און מלוכהשע מאַכט; קריסטלעכע מאַכט קעגן מלכים; מוסולמאַניזם מיט קריסטנטום; שטעט קעגן דערפער; קירכע פירשטן קעגן סתם פירשטן; אַזיע קעגן אייראָפּע. יאָרהונדערטער נאָך דער אינוואַזיע פון טשינגיס-כאַן וואָס האָט געגרייכט פון מזרח ביז

ד ע ר זייט פונם דונאַי און שוואַרצן ים, אַנטשטייט, צווישן אייראָפּע און אַזיע, אַ נייע קרעפטיקע מלוכה, אַן אויסקריסטאַליזירטע אין ווייטיקן פון מלחמות און פּעאָדאַליזם, „סואַי-גענערים". די מלוכה פון די געוועזענע סאַרמאַטן-סלאַווען — די שפּעטערדיקע רוסלאַנד. און אין מיטן, צווישן דער דאָזיקער אייראָפּע און אייראָפּעאישער אַזיע איז, ווידער: וואָקס און שטרייט, אומאויפהערנדיקער אויפגאַנג און אונטערגאַנג פון מלוכות; פּוילן, בעמען, מערען, סלאַווישע און פֿינישע שבטים, טעוטאָנער, וואָס זיינען מגולגל געוואָרן אין פּרייסן.

עס איז אַ בונטער געוועב פון פעלקער-געמיש. פון מלוכות-געראַנגל פון בלוט און אומאויפהערנדיקן קאַמף, אין אַלטערנאַטיוון פון אויפשטייג און ירידה, אויפקום און אומקום; אַזוי 15-16 יאָרהונדערטער אָן איבעררייס כמעט, אָן אָפּשטעל...

— 4 —

שטייען געשיכטע-פאָרשער פאַרגאַפט און קוקן-צו ווי אין דער מיט פון אָט דעם געווירבל, וואָס הייסט וועלט-געשיכטע — פון דער צעפאַלונג פון דער רוימישער אימפּעריע ביז דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, — לעבן און ווירקן, אין כמעט אַלע לענדער, אין כמעט אַלע מלוכות, וואָס זיינען אויפגעקומען און אומגעקומען אין דער צייט, אַ מענטשן-געמיינשאַפט. וואָס הייסט יידן: כּפּק אַ פאָלק, ספק אַ ראַסע; ספק אַן אומה, ספק בלויז אַ רעליגיעזע געמיינשאַפט — און זיי ווירקן און אַקטואירן דורך דירעקטער גראַוויטאַציע און גאַנץ אָפט אומדירעקט, אויך אויפן גאַנג פון דער אַלגעמיינער געשיכטע פון פעלקער און מלוכות.

אין די געשיכטע-וויסנשאַפטלער שטייען אין אַ שווערער פאַרלעגנהייט: זיי פאַרשטייען ניט די דאָזיקע דערשיינונג: בעת זייערע אַרבעטן און פאָרשונגען, איז זיי גאַנץ אָפט אויסגעקומען צו אָנשטויסן זיך אויף דער „יידישער דערשיינונג" אין דער היסטאָריע, „אָנטאַפּן", צומאָלס, די גראַוויטאַציע, וואָס די יידן-פּראָבלעם — די פּראָבלעם פון אַ פאָלק צווישן פעלקער — האָט אויף דער געשיכטע געהאַט. זיי האָבן אָפט אָנגעשטויסן זיך אויף דעם אפילו אין אַ גאַנץ קאָנקרעטער פאָרם. זיי האָבן עס אָבער ניט געקענט פאַרשטיין; און זיי האָבן בשום אופן ניט געוואָלט אַנערקענען, אַז סאיז פאַראַן אַזאַ זאַך, ווי יידישע געשיכטע, אויך נאָך דער אַנטשטייאונג פונם קריסטנטום. ווייל, ווען זיי, די ניט-יידישע געשיכטע-פאָרשער, וואָלטן אַנערקענען די עקזיסטענץ פון אַ באַזונדערער יידישער געשיכטע, אין דער אוניווערסאַלער אויך אין מיטלאַלטער, נייער אין נייעסטער צייט-אַלטער, וואָלטן זיי דאָך געמוט אַנערקענען, אַלס לאָגישע קאָנסעקווענץ פון דעם, אויך די עקזיסטענץ פון אַ באַזונדער יידיש פאָלק, אַ וועלט-פאָלק, וואָס לעבט אין לויף פון דער גאַנצער געשיכטע ווי אַ באַזונדער פאָלק, טאַקע צווישן פעלקער — און דאָס האָבן זיי ניט געוואָלט און ניט געקענט אַנערקענען.

אַ סך היסטאָריקער האָבן געשפּירט, אַז דער אמת פון דער געשיכטע טרייבט זיי, פירט זיי, אומפאַרמיידלעך, צו דעם, צו אַנערקענען די עקזיסטענץ פון אַ

יידישע היסטאָריע, אַלס קאַפּיטל פון דער וועלט-געשיכטע, ניט נאָר אין דער אַלטער עראַ; זיי פלעגן אָבער אַליין דערשרעקן זיך פאַר אַזעלכע מסקנות און פאַר אַט דעם געדאַנק אַפּטרעטן, ווי פאַר אַ געשפּענסט, מורא-האָבנדיק, אַז דאָס זאָל ניט מאַכן שטירצן דעם בנין פון דער וויכנשאַפט, וואָס זיי, די היסטאָריאָ-גראַפן האָבן אויפגעבויט מיט אַזוי פיל מיזאַמקייט.

— פאַרוואָס?

— ווייל:

די בין-איצטיקע געשיכטע וויכנשאַפט איז פונדאַמענטירט אויף אַ הנחה פון טעריטאָריעלע מלוכות, אַלס הויפּט-באַזע; אויף געשיכטע פון מלוכות, מיינען מיר צו זאָגן, אין די גרעניצן פון אַ באַשטימטער טעריטאָריע און עפּאָכע, וואו עס גילטן באַשטימטע פאַקטאָרן, דעמאָגראַפישע, עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און אויך מאָראַל-פּאָליטישע — צו דער געשיכטע פון יידן קען דאָס אַלעס אָבער, ניט אָנגעווענדעט ווערן: אין אַלע לענדער, צווישן אַלע פעלקער און שפּראַכן, אין אַלע עפּאָכעס, אין די פאַרשידנסטע געשיכטלעכע אומשטענדן, עקזיסטירן זיי און עס מערקט זיך זייער גראַוויטאַציע, און עס איז אָנזיכטיק זייער ווירקונג אין דער געשיכטע און אויך זייער ראָלע, צומאָל אַן אַקטיווע, צומאָלס אַ פּאַסיווע — ריכטיקער געזאָגט: אַקטיוו אינערלעך פאַר זיך, פּאַסיוו, דורך דעם איינפלוס אויף דעם גאַנג פון דער אויסערער וועלט.

„און ווי זאָלן זיי זיך, באמת באַטראַכטן, אַלס אַ טייל פון דער וועלט-געשיכטע, אָנהויבנדיק פון דעם טייל אירן, וואָס הויבט זיך אָן מיט מיטל-אַלטער-צייט?“ — האָבן געדענקט די אָפיציעלע היסטאָריע-וויסנשאַפטלער, לויט זייער אנשויאונג און בליק אויף פעלקער און מלוכות זיינען זיי געווען גערעכט: אויב זיי זאָלן אָנערקענען בירגער-רעכט פאַר דער יידישער היסטאָריע פון נאָך דער ביבלישער צייט, וואָלט מען געדאַרפט, ראשית מודה זיין, אַז עס עקזיסטירט נאָך אַ יידיש פאָלק און, צווייטנס, אַז געשיכטע ווערט געשאַפן ניט בלויז דורך מלוכות פּאָליטיש-טעריטאָריעל באַצייכנטע, ניט בלויז דורך פעלקער וואָס זיצן אויף זייער לאַנד, נאָר אויך דורך אַזעלכע, וואָס האָבן ניט, זינט יאָרהונדערטער קיין פּאָליטיש-שטאַטלעכן צענטער און וואוינען אין אַלע לענדער.

אנערקענען אַט דיביידע זאכן האָבן די קאַנאָניזירטע וועלט-היסטאָריאָ-גראַפן ניט געקענט און ניט געוואָלט.

אויך די „עליטע“, דער יידישער-אַסימילירנדיקער קלאַס, וואַרפט זיך אָפּ מיט הענט און פיס פון דעם געדאַנק, אַז יידן קענען נאָך באַטראַכט ווערן אַלס באַזונדערע אומה; זיי האַלטן אין איין שרייען אַז מיר זיינען נאָר אַ גלויבנס-געמיינשאַפט; דייטשן, פראַנצויזן, פּאָליאַקן, מאַדיאַרן פון משה׳ס גלויבן.

און די ניט-יידישע געשיכטע-וויסנשאַפטלער האָבן דאָך, לכל הדעות, רעכט צו ריכטן זיך לויט אַזאַ מין אַרגומענטאַציע, די אַרגומענטאַציע פון דעם יאַ-הודימטום.

די ניט-יידישע היסטאָריקער, ווייל זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז דערלאָזן די הנחה פון דער מעגלעכקייט פון געשיכטע פאַר אַ שטאַטלעך ניט-קאָנסטיטואירט

און ניט-טעריטאָריעל פאָלק, הייסט מאַכן אַ רעוואָלוציע אין דעם גאַנצן געבוי פון דער דאָזיקער וויסנשאַפט, הייסט שטירצן אירע יסודות, וואָס זיינען געלייגט געוואָרן אין משך פון דורות, האָבן ניט געקענט דערלאָזן אַזאַ אויסנאַם מיט יידן און מיט געשיכטע פון יידן. אַזאַ מין הנחה וואָלט געפאָדערט פון זיי אַ מין „רעוואָלוציאָנערן" שריט אין דער געשיכטע-וויסנשאַפט; און געשיכטע-וויסנשאַפטלער — וואָס זיי זיינען זיינען זיי, ר ע וו אָ ל ו צ י אָ נ ע ר ן אָבער, זיינען זיי זעלטן; זיי זיינען אַממערסטן עוואָלוציאָניסטן, וואָס אפילו אין די שאַרפסטע ר ע וו אָ ל ו צ י ע ס ווילן זיי אויסזוכן פאַרבאָרגענע צעלן פון עוואָלוציע.

האָט דערפאַר די יידישע היסטאָריע ניט פיגורירט אין דעם בוך פון דער אוניווערסאַלער געשיכטע, הגם אויף טריט און שריט איז אַזאַ יאָ געווען אין דער פאַרגאַנגענהייט פון דעם לעבן, אין דער ווירקלעכקייט פון אַלע פעלקער, פון אַלע מלוכות, אין אַלע געאָגראַפישע ברייטן און לענגען און אין אַלע צייט-עלטערס; און אונטערן באַגריף „יידישע געשיכטע" איז פון די היסטאָריאָגראַפן פאַרשטאַנען געוואָרן בלויז אַלטע יידישע געשיכטע, ביבלישע, דאָס הייסט די צייט, ווען יידן זיינען געווען אַ פּאָליטיש טעריטאָריעלע מלוכה. אמת, שוין דאַן, זיינען יידן געווען עקסטעריטאָריעל, ניט וויינציקער ווי אַ טעריטאָריעלער מלוכה-איינס. שוין דאַן האָבן אין דער דיאַספּאָראַ, צווישן דער רוימישער וועלט און אַרום דעם מיטללאַנד אין אַפריקע, אַזיע און אייראָפּע — געלעבט ניט ווינ-ציקער יידן, ווי אין ארץ-ישראל — אָבער:

די היסטאָריאָגראַפן האָבן עס ניט געוואָלט זען, ניט געוואָלט פאַרשטיין און עס איז אַ באַקאַנטע זאַך, אַז עס איז ניטאָ קיין ערגערער בלינדער, ווי דער וואָס וויל ניט זען: די אָפיציעלע היסטאָריאָגראַפן האָבן דאָס דאָזיקע, פשוט ניט געוואָלט באַמערקן, ניט געוואָלט אַנערקענען.

און דערפאַר האָט פאַקטיש ניט עקזיסטירט קיין יידישע היסטאָריאָגראַפיע, פון זינט נאָכן חורבן בית שני; פון נאָך אונדזער ערשטן היסטאָריאָגראַף, יוסף בן מתתיהו הכוהן (יאָזעפוס פלאַוויוס) פון נאָך דער אַנטשטייאונג פון קריסטנ-טום ביזן 19-טן יאָרהונדערט האָט אָנגעהאַלטן דער דאָזיקער בליק אויף דער יידישער געשיכטע, ביי אַ טייל פון יידישע געלערנטע און אַלע ניט-יידן. און, ביי די לעצטע, האַלט עס נאָך איצט צו טאָג אָן, נאַטירלעך מיט זייער קליינע אויסנאַמען וואָס קומען נאָר צו באַשטעטיקן צום כלל.

דערמיט דערקלערט זיך, וואָס אין דער צייט, ווען די אַלטע יידישע היס-טאָריע און אפילו די אור-אַלטע, ביבלישע א. אַ. וו. איז גרינטלעך געפאָרשט געוואָרן פון אַזעלכע ערנסטע און באַרימטע וויסנשאַפטלער, ווי גראַף, בורע, וויילהויזען, קיטעל, דעליטש, רענאַן, קענט, דערנבורג, מאַרע און צענדליקער אַנדערע — וועט מען אומזיסט זוכן אין די בעסטע, סאָלידיסטע ווערק פון אַלגעמיינער געשיכטע, דעם יידישן טייל, דעם יידישן קאַפּיטל, כאָטש אַ קורצן רמז אויף דער עקזיסטענץ פון אַזאַ זאַך.

אין די טיילן, וואָס באַציען זיך צו שפּעטערדיקע צייט-עלטער ביז איצט, איז עס אַזוי פאַרבליבן אין דער אָפיציעלער היסטאָריאָגראַפיע: פאַר איר עק-

זיסטירט אין דער וועלט-געשיכטע, די יידישע, נאָר אַלס אַ טייל פון דער געשיכטע פון דער אַלטער צייט, פון דער צייט ווען יידן האָבן פאַרמאָגט אַ מלוכהש-פּאָליטישן צענטער אויף אַ באַשטימטער טעריטאָריע; ביזן הורבן פונם בית שני, ביז דער אַנטשטייאונג פון קריסטנטום — ניט ווייטער, ניט שפּעטער, ניט מער, ניט לענגער.

דאָס ווייטערדיקע, די געשיכטע פונם יידישן פאָלק אין דיאַספּאָראַ-צייט, ווערט פון דער אָנגענומענער וועלט-היסטאָריאָגראַפיע באַטראַכט נאָר ווי רעליגיע, ווי געשיכטע פון געדאַנק, פון ליטורגישער און רעליגיעזער ליטעראַטור אפשר, אָבער ניט ווי געשיכטע פון אַ יידיש פאָלק.

— 5 —

אַזוי איז עס פאַרבליבן פאַר די מערסטע וויסנשאַפטלער-היסטאָריקער פון ניט-יידישן לאַגער.

דאָך: איינצלנע קריסטלעכע געלערנטע האָבן יאָ מורד געווען אין דעם דאָזיקן כלל... — רעוואָלוציאָנערן, קעגן דעם אָנגענומענעם קאַנאָן — אָבער דאָס דאָזיקע קומט נאָר צו באַשטעטיקן אים, דעם כלל.

יידישע היסטאָריאָגראַפן זיינען ניט געווען; זיי זיינען ערשט אַנטשטאַנען, אין אָנהויב פון 19-טן יאָרהונדערט, ווען עס איז, אייגנטלעך, בכלל אַנטשטאַנען היסטאָריאָגראַפיע, אַלס וויסנשאַפט. און די ערשטע יידישע היסטאָריאָגראַפן זיינען אין דעם הינזיכט ניט אָפּגעשטאַנען — ניט געהאַט קיין אַנדער בליק וועגן דער יידישער געשיכטע בכלל — פון די ניט-יידישע היסטאָריקער, און זיי האָבן באַאַרבעט די מאַטעריאַלן און דאָקומענטן, אַזוי צו זאָגן, פון אָט דעם צוגאַנג: מיר זיינען נאָר אַ רעליגיעזע געמיינשאַפט און שאַפן נאָר ביכער-ווערטן.

אין משך פון דער גאַנצער צייט, אַ שטח פון זיבעצן הונדערט יאָר, פון יוסף פלאַוויוסן — אונדזער יידישער העראָדאָט, וואָס האָט פאַרביטן די שווערד פון מלחמה אויף דער פעדער פון אַ היסטאָריקער — ביזן ערשטן קריסטלעכן היסטאָריאָגראַף, וואָס האָט מורד געווען אין דעם אויבנאָנגעוויזענעם פּרינציפּ, איך מיין דעם פראַנצויזישן דיפּלאָמאַט און טעאָלאָג זשאַן באַנאַזש, האָט מען ניט דערמאָנט וועגן יידישער היסטאָריע, ניט אַרומגעקוקט זיך אויף דעם, ניט באַאַרבעט קיין שום אַרכיוו-מאַטעריאַלן, וואָס האָט מיט דעם אַ שייכות, גלייך אַזאַ זאַך וואָלט ניט עקזיסטירט, הוץ די מיטלאַלטערלעכע העברעאישע כראָניקעס; אַזוי גאַנצע: זיבעצן הונדערט יאָר.

ער, באַנאַזש, איז געווען, פאַקטיש, דער ערשטער, וואָס האָט איבערגעהאַקט דעם דאָזיקן אָנגענומענעם שטייגער און האָט פאַרעפנטלעכט, אין אָנפאַנג פון 18-טן יאָרהונדערט אַ מערקווירדיק ווערק אויפן געביט פון יידישער היסטאָריע: „ל'היסטואַר דע לאַ רעליזשיאָן זשיוו". באַמערקט: אויך נאָך „געשיכטע פון רעליגיע פון יידן".

אַכצן הונדערט יאָר כמעט — פונם זיג פון רוים איבער יהודה — האָבן

זיך געזאַמלט און אָנגעזאַמלט מאַטעריאַלן אויף מאַטעריאַלן אין אַלע לענדער, אין אַלע צייטן, אויף אַלע מענטשלעכע שפּראַכן: אוצרות גאַנצע, אַרכיוון אום-אויסשעפּבאַרע: אין תּלמוד, מדרשים, שאלות ותשובות פון גאונים און רבנים; דעקרעטן פון מלכים און פּרינצן; דאָקומענטן אין מלוכהשע אַרכיוון, אין מוניציפּאַלע אַרכיוון — אומעטום זיינען געווען צעוואָרפן מאַטעריאַלן וועגן יידישן לעבן, געשעעניש, ליידן, וואָגלעניש, מאַטערניש, מאַרטיראָלאָגיע, לעבנס-שטייגער, געוואוינהייט פאַרנעמעניש; און קיינער האָט די מאַטעריאַלן ניט באַאַרבעט; אומעטום: אין מלוכה-אַמטן, אין די קאָנווענטן פון מיטלאַלטערלעכער קאַטוילישער און פּראַוואָסלאַוונער פרומקייט און, להבדיל, אין אונדזערע בתי מדרשים און קהלה-שטיבלעך:

כראָניקעס און פּינקסים, רעגולאַמינס, דעקרעטן און אוקאַזן; מעמואַרן פון שתדלנים און פירער אין ישראל, פּיוטים, סליחות און קינות איבער רדיפות און גזירות, שחיטות און גירושים; פערזענלעכע מעמואַרן פון יידן וואָס זיינען געווען פירער און וואָרט-זאָגער אין די געמיינדעס און היסטאָרישע כראָניקעס, ווי דער „סדר הדורות“ דער „סדר עולם רבה“, דער „סדר עולם זוטא“, דער „שבט יהודה“, דער „עמק-הבכא“, טאָג-ביכער פון ניט-יידישע פעאָדאַלע הערשער; הקדמות צו פּירושים אויף תורה מיט שטיקער מעמואַרן-געשיכטע, ווי דעם אברבנלס; שריפטן פון פּוסקים; פעסטשטעלונגען פון מוניציפּאַליטעטן וועגן יידן-געזעצן; תקנות פון חברות און שטייגער-ספרים פון צעכן; פאָלקס-לידער און פאָלקס-מעשיות אויף היסטאָרישע פּאַסירונגען, אַרכיוון פון דער אינקוויזיציע א. א. וו. — אָן ענדע, אָן סוף וואָלט געקענט זיין די קלאַסיפיקאַציע לויט זשאַנרן, שפּראַכן, געאָגראַפישע געביטן און כראָנאָלאָגישע עראַס; אָבער מאַטעריאַלן, — בערג מאַטעריאַלן — ימים, מאַטעריאַלן, אומענדלעכע, אומדערשעפּלעכע, זיינען געלעגן יאָרהונדערטער דאָרטן וואו די צייט האָט זיי געלאָזט, נאָכדעם ווי דער צופאַל האָט זיי אהין פאַרוואָרפן, און האָבן געוואַרט אויף די היסטאָריאָגראַפן, וואָס זאָלן זיי באַאַרבעטן, שטודירן, קלאַסיפיצירן, אָפּטרייסלען פון זיי דעם שטויב פון יאָרהונדערטער, געבן זיי אַ תיקון אין דער פאָרם פון מאָנאָגראַפישע אַרבעטן איבער יידישער געשיכטע.

17 הונדערט יאָר מאַטעריאַלן. אַ סך מאַטעריאַלן זיינען אַזוי טאַקע לאיבוד געגאַנגען אין די אומענדלעכע וואָגלעניש און וואַנדלונגען פון אונדזערע פאָלקס-מאַסן זיינען זיי פאַרלאָרן געגאַנגען; אָבער עס איז געבליבן גענוג צו קענען מיט זיי אויפהויבן דעם הערלעכן בנין פון יידישער געשיכטע אין דער דיאַספּאָראַ.

איז געקומען זשאַן באַנאַזש דער גלח, דער פּאַסטאָר, וועלכער איז פאַרטריבן געוואָרן צוזאַמען מיט נאָך הוגענאָטן אין יאָר 1686 — און דערפאַר אפשר האָט ער אַזוי נאָענט געקענט פילן די ליידן פון דעם פאָלק, וואָס ווערט אייביק געטריבן און פאַרפאָלגט — און אָנגעשריבן די ערשטע יידישע געשיכטע פון דער דיאַספּאָראַ.

פון פלאַוויוסן ביז זשאַן באַנאַזש; ס'איז פאָלג מיך אַ גאַנג! 17 יאָר-הונדערט! אָבער באַנאַזש האָט אָנגעהויבן זיין געשיכטע פּונקט פון יענעם

אָרט אין דער צייט, וואו פלאַוויוס האָט פאַרענדיקט; און ער האָט זי פאָרגעזעצט און דערפירט ביזן סוף פונם 17-טן יאָרהונדערט...

עס איז אַ געשיכטע פול מיט באַציאונג, מיט וואַרימקייט, מיט האַרץ, מיט מענטשנליבע צו יידן — די ערשטע סיסטעמאַטישע יידישע געשיכטע, וואָס אַ קריסטלעכער טעאָלאָג האָט געשריבן, זעענדיק אין דער ליידנפולער היסטאָריע פונם יידישן פאָלק די סימבאָלישע פאַרקערפּערונג פון משה רבינוס וויזיעס, וועגן סנה, וואָס ברענט, און ברענט; אָבער ער קומט ניט אום, ווערט ניט פאַר-ברענט...

ער איז דער ערשטער ניט-יידישער היסטאָריקער, וואָס האָט פאַר זיין ווערק, וואָס עס איז, אַזוי צו זאָגן, די אור-געשיכטע פון יידן אין דער דיאַס-פּאָראַ, אויסגענוצט אַ ברייטן אַרכיוו-מאַטעריאַל; עס איז, פאַרשטייט זיך, ניט קיין וויסנשאַפטלעך ווערק, אָבער אַ וואַרים-האַרציק ווערק; און דער עיקר:

זשאַן באַנאַזש, אין זיין „ל'היסטואַר דע לאַ רעליזשיאָן זשיוו", איז דער ערשטער קריסטלעכער היסטאָריקער, וואָס האָט געהאַט צו אונדזער געשיכטע און צו אונדז זעלבסט, אַ צוגאַנג ווי צו אַ לעבעדיק פאָלק, ניט ווי צו אַ רע-ליגיעזער געמיינשאַפט, אַ וועלטלעכן צוגאַנג, אַזוי צו זאָגן, הגם זי טראָגט דעם נאָמען פון רעליגיע-געשיכטע.

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט עטוואָס לענגער אויף באַנאַזשן, ווייל ער איז דער ערשטער קריסטלעכער היסטאָריקער, וואָס האָט אַ לעבנס-ווערק געווידמעט אונדזער היסטאָריע, און ער פאַרדינט אונדזער אויפמערקזאַמקייט מער ווי אַן אַנדערער. עס מאַכט ניט, וואָס גרעץ האָט אַ שטרענגע באַציאונג צו אים, וואָס גרעצן איז ער ניט געפעלן.

דער אָנדענק פון אָט דעם הוגענאָט טעאָלאָג איז, דער עיקר, ערשטער היס-טאָריקער פון יידן, פאַרדינט אַ וואַרימע דערמאָנונג: אונדזערע שונאים פאַר-געסן מיר — אונדזערע פריינט, אָבער, לאָמיר קיינמאָל ניט פאַרגעסן. (1)

לאָמיר אויך דערמאָנען אַ צווייטן גלח, יעקב שודט, וואָס האָט געשריבן אין דייטש „יידישע מערקווירדיקייטן" און אין לאַטיין „קאָמפּענדיום היסטאָריע יודאַאיצע", דעם דענישן געשיכטער האָלבערג, וואָס האָט אויך געבראַכן דעם כלל און אין זיין אַלגעמיינער געשיכטע, געווידמעט אַ קאַפּיטל דער יידישער געשיכטע אין די צפון-לענדער פון אייראָפּע; די אַמעריקאַנער שרייבערין האַנאַ אַדאַמס וואָס האָט אָנהויב 19-טן יאָרהונדערט פאַרעפנטלעכט אַ „היסטאָרי אָף דהי זשוס" אין באָסטאָן און לאָנדאָן.

אין 18-טן יאָרהונדערט הויבט זיך אָן די באַאַרבעטונג פון די מאַטעריאַלן פון אַרכיוון דורך ניט יידישע געלערנטע, אין פאַרשידענע לענדער, הויפּטזעכ-לעך, אין פראַנקרייך, ענגלאַנד, דייטשישע מלוכות, עסטרייכישע לענדער און איטאַליענישע מלוכות: עס ווערט צוגעגרייט, אַזוי צו זאָגן, מאַטעריאַל פאַר צוקונפטיקע אַרכיטעקטאָרן פון דעם בנין פון יידישער היסטאָריע: יאָסט,

(1) ד"ר גאַסטער איז מיט דער מיינונג, אַז פון באַנאַזשן איז פאַרבליבן אויך די געשיכטע אין אַ העברעאישער איבערזעצונג אָדער איבעראַרבעטונג.

צונץ, גידעמאַן, גייגער, ראַפּאַפּאָרט, גרעץ, ריינאַך, פּיליפּסאָן און דובנאָוו נאָך זיי.

אין אָנפאַנג 19-טן יאָרהונדערט איז געקומען אַ געוויסער אויפלעב און אינטענסיוויטעט אין די אַרבעטן איבער געשיכטע וויסנשאַפט בכלל — און אויך אין דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע. עס ווערן געגרינדעט אין מערב-אייראָפּע, אין דייטשלאַנד און פראַנקרייך יידיש-היסטאָרישע געזעלשאַפטן, וואָס שטיצן די וויסנשאַפטלער, דערמוטיקן זיי, אין זייער אַרבעט, שטעלן צו די נויטיקע מאַ-טעריעלע מעגלעכקייטן, געבן אַרויס וויסנשאַפטלעכע אַנאַלן און צייטשריפטן ספּעציעל פאַר היסטאָרישע אַרבעטן, מאָנאָגראַפישע ווי דאָקומענטן-זאַמלונגען. עס אַנטשטייט די אַזוי-גערופענע „חכמת ישראל“, די יודאַאישע וויסנשאַפט, אויף וועלכער עס האָבן זיך אַזוי פיל ביטערע פיילן געשאָטן, פון שפּעט, אין אונדזער אייגענעם לאַגער. זי איז אָבער די וואָס האָט געראַמט דעם וועג — טוענדיק די שווערע פּיאָנערן-אַרבעט — פאַר דער שפּעטערדיקער היסטאָריאָ-גראַפיע אונדזערער...

אָן דער ערשטער, חכמת ישראל, איז זיך שווער פאָרצושטעלן די שפּע-טערדיקע, די איצטיקע וויסנשאַפט אונדזערע און אירע פיל אָפּצווייגונגען פונם זעלביקן שטאַם: דעם העברעאישן אוניווערזיטעט, דעם „ייוואָ“, די ווערט-פולע אַרבעטן פון די אַמעריקאַנער יידישע געלערנטע אין די קאָלעדזשן פון סינסינאַטי, פילאַדעלפיע, ניו-יאָרק א. א.

— 6 —

דאַן קומען די ערשטע ווירקלעכע היסטאָריאָגראַפן אונדזערע: לעאָפּאָלד צונץ און יצחק מרדכי יאָסט און אויך ש״יר (שלומה-יהודה ראַפּאַפּאָרט) און דער היסטאָריאָזאָף ר׳ נחמן קראָכמאַל. באַזונדערס י. מ. יאָסט וואָס ווערט פאַרדינסטפול באַצייכנט מיטן נאָמען „פאָטער פון יידישער געשיכטע“.

— אין וואָס באַשטייט, אייגנטלעך, דער פאַרדינסט, דער אויפטו פון יאָסטן פאַר דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע, צו האָבן זוכה געווען אַזאַ אַנערקענונג, אַזאַ נאָמען, ווי דער וואָס מיר האָבן פריער פאַרצייכנט?

— זיין גרויסער אויפטו באַשטייט אין דעם, וואָס ער איז געווען דער ערשטער פון די מערב-אייראָפּעאישע יידישע געלערנטע, פון די ערשטע יודאַי-קער, וואָס האָט זיך ניט אָפּגעשראָקן פאַר דער כמעט טיטאַנישער אויפגאַבע צו אָנהויבן באַאַרבעטן סיסטעמאַטיש דעם גאַנצן מאַטעריאַל פון יידישער גע-שיכטע, אָט יענעם אומגעהויערן מאַטעריאַל, וואָס איז אין גאָר דער וועלט געווען צעוואָרפן, אין די אַרכיוון, קהלות און ביבליאָטעקן, און געטון האָט ער עס, כמעט אָן צו האָבן פאַר זיך פאָר-אַרבעטן אויף דעם געביט.

אָן די מעטאָדן פון געשיכטע-קריטיק, וואָס מען האָט אָנגעהויבן שפּע-טער צו אָנווענדן האָט יאָסט געשאַפן, קען מען זאָגן, אַ יש מאין, און פאַר אָט דעם ווערק האָט ער געווידמעט זיין גאַנץ לעבן. זיין ברייט פאַר-טראַכט ניין-בענדיק ווערק וועגן יידישער געשיכטע „געשיכטע דער איזראַע-ליטען“ איז אַלס ערשט ווערק, אַ מאָנומענטאַלע אַרבעט.

ווי דער נאָמען זאָגט עדות, איז עס נאָך ניט קיין געשיכטע פון יידישן פאָלק, נאָר אַ געשיכטע, דערהויפּט, פון איזראַעליטן... און אין וואָס באַשטייט דער אונטערשייד צווישן יידן און איזראַעליטן, פאַרשפּאָרן מיר דאָך צו אָנווייזן...

יאָסט האָט זיין געשיכטע אָנגעהויבן פון דער צייט פון די חשמונאים, ווייל דאַן ווערט פאַרענדיקט, לויט זיין אויפפאַסונג, די ביבל און די אַפּאָקריפן און ער האָט זי דערפירט ביז כמעט זיין צייט. (מיטן צוגאָב פון דער דריי-בענדיקער „נייעסטע געשיכטע דער איזראַעליטען), וואָס נעמט אַרום דעם פּעריאָד צווישן 1815 און 1845 — און דערשינען איז זי אין 1847. יאָסט האָט נאָך אָנגעשריבן באַזונדער אַ געשיכטע פונם יודענטום און פון זיינע סעקטן אין דריי בענדער און, פאַר מאַסן-לייענער, אַ פּאָפּולערע צוויי-בענדיקע אַלגעמיינע געשיכטע פון „איזראַעליטישן פאָלק" — אַלץ „איזראַעליטישן" און ניט יידישן; און דאָס כאַראַקטעריזירט יאָסטס צוגאַנג צו יידישער געשיכטע, און זיין בליק אויפן יידישן פאָלק: אַ טיפּישער בליק פון אַ קלאַסישן יודאַאיקער; ניט קיין לעבעדיק יידיש פאָלק, נאָר אַ פאַרבאַלזאַמירטע יודאַאישע וויסנשאַפט.

ער האָט, אמת, געזוכט צו זיין אָביעקטיוו, זיין אָביעקטיוויטעט אָבער איז גיכער אַ סוביעקטיוויטעט פון אַ ראַציאָנאַליסט וואָס האָט צו טון ניט מיט אַ מאַטעריאַל פון אַ פאָלק וואָס לעבט, וואָס ווירקט, נאָר גיכער מיט מאַטעריאַל פון דער געשיכטע, פון אַ געשיכטע פון... גלויבנס-גענאָסן.

זיין עקספּאָזע איז טרוקן ווי פּאַרמעט, בלוטלאָזיק; ווי אַ ווייט פרעמדער וויסנשאַפטלער, וואָס עקספּאָנירט, לאָמיר זאָגן, וועגן אַרכעאָלאָגיע-ענינים, וואָס קענען אינטערעסירן נאָר ספּעציאַליסטן; די געשיכטע פון די „איזראַעליטן", וואָס ער האָט עקספּאָנירט באַאַרבעטנדיק, דער ערשטער, די מאַטעריאַלן, איז אַ געשיכטע פון אַ מומיפיצירט פאָלק, און איינציייטיק פון אַ מין רעליגיעזער קאָנסיסטאָריע.

חוץ דעם איז זיין אינטערפּרעטאַציע און אויכטייטשונג פון די געשיכטלעכע מאַטעריאַלן, ווי עס איז נאָכדעם אָנגעוויזן געוואָרן, אין פיל פּרטים געווען טעותדיק. אָבער: מען טאָר ניט און מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז ער איז געווען דער ערשטער, דער שעפער, דער בורא יש מאין; ער האָט קיין פאָרגענגער כמעט ניט געהאַט; די תלמודישע מאַטעריאַלן האָט מען ביז אים און פאַר אים כמעט נאָך ניט געהאַט באַאַרבעט, און ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעהויבן זוכן און אַרויסבאַקומען פונם תלמוד היסטאָרישע מאַטעריאַלן און דאָקומענטאַציע.

אויב *קיין* אַרבעט איז ניט פולקאָם, מוז אָבער נאָך ווינציקער פולקאָם זיין די אַרבעט פון אַן ערשטן, פון אַן אָנהויבער אויף אַ וויסנשאַפטלעכן געביט.

די יידישע געשיכטע-וויסנשאַפט האָט דערום אייביקע דאַנקבאַרקייט פאַר יאָסטן, דעם פאָטער פון יידישער געשיכטע, ווייל ער איז געווען, אייגנטלעך, דער ערשטער ייד-היסטאָריאָגראַף, דער ערשטער וואָס האָט די מאַטעריאַלן געזאַמלט, קלאַסיפיצירט זיי, געשליפן זיי, ווי ווייט אים איז מעגלעך געווען און אליין מיט די מאַטעריאַלן געבויט דעם בנין פון יידישער היסטאָריע; געבויט אים נאַטירלעך לויט זיין געשמאַק, לויט זיין באַציאונג, לויט זיין צוגאַנג צו

דער געשיכטע, וואָס איז דאַן נאָך, אפשר קיין וויסנשאַפט ניט געווען, אָבער — דער בנין איז פּאָרט געווען אַ בנין; און ער, וואָס האָט פאַרלייכטערט די אַרבעט, אויסגעלייגט דעם וועג פאַר די צוויי גרויסע היסטאָריאָגראַפן אונדזערע, וואָס זיינען נאָך אים געקומען, און וועלכע האָבן אייגנטלעך געשאַפן דאָס ווערק פון יידישער היסטאָריע:

פאַר היינריך גרעצן און שפּעטער פאַר שמעון דובנאָוון.

— 7 —

אין דער צייט ווען יאָסט האָט געשאַפן זיין געשיכטע-ווערק און תיכף נאָכדעם זיינען געווען נאָך פיל געלערנטע יידישע היסטאָריאָגראַפן, וועלכע האָבן אַרויסגעגעבן וויכטיקע מאָנאָגראַפישע ווערק איבער יידישער געשיכטע, איבער איינצעלנע עפּאָכן אָדער געביטן, אין פאַרשידענע לענדער פון מערב- און מיטל-אייראָפּע, איבער דער געשיכטע פון דער תורה שבעל-פה, געשיכטע פון יידישן רעכט, געשיכטע פון דער רוימישער הערשאַפט אין יהודה א. ד. גל. אַזעלכע נעמען, ווי לעאָ הלוי, יוסף סאַלוואַדאָר, ר׳ נחמן קראָכמאַל (פילאָזאָפיע פון געשיכטע), אייזיק הירש וויים, יעלעניק, שי״ר (ראַפּאָפּאָרט), ש״דל (לוצאַטאָ), הערצפעלד, מונק, אברהם גייגער א. אַ. — מיר גייען זיי אַריבער, ליידער, כאָטש זיי זיינען זייער וויכטיק פאַר דער געשיכטע פון דער יידישער געשיכטע: אויף וואָס מיר האָבן זיך דאָ געוואָלט הויפּטזעכלעך אָפּשטעלן איז אויף היסטאָריקער, וואָס האָבן געשאַפן דעם בנין פון אַ פולער, אַלגעמיינער יידישער געשיכטע.

גייען מיר אַריבער דירעקט צו דער וויכטיקסטער פיגור אין דער געשיכטע פון דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע: צום דיכטער פון דער יידישער געשיכטע, צו „דר. פּראָפעסאָר היינריך גרעץ אוים ברעסלוי״.

וועלכער ייד פון אונדזער דור אין אפילו פונם עלטערן האָט ניט געהערט דעם נאָמען גרעץ? זיין פיל-בענדיקע „געשיכטע דער יודען״, פאַר וועלכער ער האָט געווידמעט צענדליקער יאָרן אַרבעט איז פאַרשפּרייט געווען אין אַלע יידישע ישובים: אין מיטל- און מערב-אייראָפּע אין דעם אָריגינאַל; אין די פראַנצויזישע לענדער אין אַ פראַנצויזישער איבערזעצונג; אין די ענגליש-רעדנדיקע ישובים פון אייראָפּע און אַמעריקע אין ענגלישע איבערזעצונגען; אין רוסלאַנד: צווישן דער אינטעליגענץ אין אַ שיינער רוסישער איבערזעצונג און צווישן דעם וואויל-קענענדיקן און משכילישן פּובליקום אין דער באַרימט-געוואָרענער איבערזעצונג פון שאול פנחס ראַבינאָוויטש, צו וועלכער גרעץ אליין האָט געשריבן אין העברעאיש אַ קורצע איינלייטונג, און דער איבערזעצער האָט צוגעגעבן, צוזאַמען מיט אברהם אליהו האַרקאַווין אָנמערקונגען.

עס וועט ניט זיין איבערטריבן צו זאָגן, אַז שפ״רס איבערזעצונג איז געווען ניט ווייניקער פּאָפּולער צווישן יידן, ווי גרעצס אָריגינאַל, אַזוי ברייט איז זי, פאַרשפּרייט אין רוסלאַנד, פוילן, אַמעריקע, אין אַלע יידישע ישובים, אין יידיש איז אויך שטאַרק פאַרשפּרייט געוואָרן גרעצס איבערזעצונג, אין צוויי

אויפלאגעס: זיין גרויסע פולבענדיקע געשיכטע און אויך די קלענערע, וואס איז געשריבן געוואָרן מער סינטעטיש און מער צוגענגלעך פאר די ברייטע לייע-נער-מאסן. פון גרעצעס יידישער געשיכטע האָבן אין משך פון צענדליקער יאָרן פיל צענדליקער טויזנטער יידן, אין די פארשידנסטע לענדער און אין די פאר-שידנסטע שפראכן געלערנט די יידישע פארגאנגענהייט, באקאנט זיך מיט אונ-דזערע ליידן און שאפן אין משך פון דורות און עפאכעס; פון איר און דורך איר האָבן יידן און ניט-יידישע אינטעלעקטואלן אנטדעקט, אזוי צו זאָגן, דאָס יידי-שע לעבן און שאפן אין לויף פון דער גאנצער געשיכטלעכער ערא.

נאך יאָסטס געשיכטע פון „איזראעליטען" איז געקומען גרעצעס „געשיכטע דער יודען" — פון א י ז ר א ע ל י ט ע ן ביז יודען. דאָס איז לויט אונדזער מיינונג, די ריכטיקסטע באצייכענונג פארן אונטערשיד צווישן דעם צוגאנג וואָס יעדער פון די צוויי היסטאָריקער האָט צום אָביעקט פון זיין ארבעט: פאר יאָסטן זיינען כיר נאָר איזראעליטן; פאר גרעצן זיינען מיר יידן... כאָטש ער איז נאך ווייט ניט פריי פון דעם סכאָלאסטישן און „יודאאיסטישן" צוגאנג און קאָנצעפּציע וועגן יידישער געשיכטע.

גרעץ האָט געהאט פאר זיך יאָסטס ווערק און דאָס איז געווען פאר אים אן אומגליק און א גליק; ער האָט געזען די חסרונות פון יאָסטס געשיכטע און געזוכט און געשטרעבט זיך צו באפרייען פון זיי. עס איז אים, אָבער, נאָר טייל-ווייז געלונגען, ווייל ער איז דאך אין פיל הינזיכטן זיין תלמיד געווען, און גע-פינט זיך אונטער זיין השפעה. ניט האָבנדיק געקענט אינגאנצן איבערייסן מיט דעם „הכמת ישראל"-גייסט און בליק אויף דער מיסיע פון יידישן פאָלק צווישן פעלקער. ער האָט געוואָרצלט אין ישיבה און ראבינער-שול, ניט נאָר אין פרט פון ווייסן, נייערט, הויפּטזעכלעך אין דעם פרט פון זיין וועלט-אָנשויאונג און דערפאר האָט ער נאך אויך ניט געקענט האָבן קיין צוגאנג צו יידישער געשיכטע, ווי צו א געשיכטע פון א פאָלק, וואס לעבט און שאפט.

און דערפאר איז גרעצעס געשיכטע, ביי דער טיפער וואריכקייט מיט וועל-כער זי איז געשריבן, ביי דער מערקווירדיקער פאטעטישקייט פון דער עקספּאָזע וואָס ער באנוצט, ביים טיפן ליריזם זיינעם, וואָס איז ניט צום חסרון פון דער וויסנשאפטלעכער גרינטלעכקייט, ביי אירע גרויסע עקספּאָזיטיווע מעלות, אלץ נאך ניט א געשיכטע פון יידן ווי פון א נאציאָנאלן אָרגאניזם, וואָס האָט זיך אנטוויקלט אויף א באזונדערן, אייגנארטיקן, יידישן אופן, אנדערש ווי אנדערע פעלקער — אנטוויקלט זיך עקסטראטעריטאָריעל. אָבער דאך פּאָליטיש, סאָציאל, עקאָנאָמיש און קולטורעל, ווי עס אנטוויקלט זיך א לעבעדיק פאָלק, הגם עס לעבט צווישן אנדערע פעלקער. גרעצעס געשיכטע איז די געשיכטע פון יידישן געדאנק, די געשיכטע פון יידישן בוך, די געשיכטע פון אנטוויקלונג פון דער יידישער אמונה.

גרעצעס שטאנדפּונקט וועגן דעם מהות פון יידישער געשיכטע ווערט אויסגע-דריקט אין זיין פאָררעדע צום 4-טן באנד זיינעם, און דאָרטן זאָגט ער פאָלגנ-דעס: „לערנען און וואנדערן, דענקען און ליידן, דערקענטעניש און געדולד — דאָס איז די אויפגאבע פון דעם יידנטום" א. א. וו.

און דער מייסטער-היסטאָריקער, דער יידישער היסטאָריקער „פאר עקסעלאנץ",

האָט לויט דער דאָזיקער אָנשויאונג זיינער, באַארבעט פונדאַסניי דעם גאַנצן מאַטעריאַל פאַר דעם ריזיקן בנין און ער האָט אוועקגעגעבן אַ לעבנלאַנג פאַר דעם.

ער האָט זיך געקענט באַנוצן מיט יאָססעס ארבעטן; אָבער ער האָט זיי מער וויסנשאַפטלעך - גרינטלעך, מער קריטיש - היסטאָריש אונטערזוכט, פאַרריכטנדיק די פעלערן, וואָס יענער האָט צוגעלאָזן, טאַקע איבערן מאַנגל פון אַ קריטישן און וויסנשאַפטלעכן מעטאָד ביים שטודירן די מאַטעריאַלן.

און ווען מיר האָבן אויבן געזאָגט אַז יאָסט איז געווען גרעצס אומגליק און גליק, האָבן מיר געמיינט מיט דעם: ז יי ן ג ל י ק , וואָס ער האָט געזען יענעמס פעלערן פון היסטאָריאָגראַפישן און וויסנשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט און האָט זיי פאַרריכט, האָט זיך באַמיט זיי צו אויסמיידן, און זיין א ו מ ג ל י ק , וואָס ער האָט ניט געקענט אומעטום און אַלע מאָל זיך באַפרייען פונם סכאָלאַסטישן צוגאַנג פון איין זייט און פון דעם א י ז ר א ע ל י ט י ש ן צוגאַנג, אַזוי צו זאָגן, פון דער צווייטער — דאָס איז דאָס „יאָסטישע“ אין זיין, מאָנומענטאַל ווערק, וואָס וועט דאָך פאַרבלייבן אייביק אַלס קלאַסיש ווערק פון אידישער געשיכטע.

ער האָט אפילו יאָ באַארבעט דעם פּאָליטישן געביט אין דער געשיכטע, אָבער אויך דאָ איז ער ניט פריי פון סכאָלאַסטיק און פון דעם געדאַנק פון אַ ספּעציעלער יידישער שליחות צווישן פעלקער.

די איינטיילונג פ ו נ ם מ א ט ע ר י א ל ביי גרעצן, אין זיין געשיכטע, די גרויסע, ווי די קלענערע, ווייזט קלאָר אויף אָט-דעם סכאָלאַסטישן און איינצייטיק שטאַרק-קאָנסערוואַטיוון צוגאַנג צום קאָנצעפּט פון יידישער געשיכטע: עס איז אַ פאַרטיילונג ניט לויט פּאָליטישע עפּאָכעס, ניט לויט געאָגראַפישע צענטערן, וואו יידן האָבן געלעבט, נאָר לויט תקופות, דורות און עראַס פון גייסטיקן שאַפן. די תקופה פון ערשטן דור, פון תנאים, דער צווייטער-דריטער דור פון גאונים, דער פערטער דור פון רבנים, די תקופה פון גייסטיקער ירידה, די עפּאָכע פון השכלה א. א. וו.

און האָבנדיק אַזאַ צוגאַנג צו דער אויפגאַבע און מהות פון יידישער געשיכטע, איז פאַרשטענדלעך פאַרוואָס גרעץ האָט ניט געזען ווי געהעריק די לעבעדיקע מאַסן פון יידישן פאָלק א י ן ד י ר א מ ע ן פון יעדער תקופה, ווען ער האָט זי היסטאָריזירט און האָט ווינציק אויפמערקזאַמקייט געהאַט פאַרן פאָלקס-פּאָליטישע פּראָבלעמען, פאַרן געראנגל פאַר זיין מאַטעריעלן קיום, פאַר זיינע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פּראָבלעמען און דיפערענצירונגען אין לויף פון דורות און ישובים. דער עקאָנאָמישער און סאָציאַלער מאָמענט פעלן לחלוטין אינגאַנצן אין גרעצס גרויס ווערק און די געשיכטע פון דעם, וואָס מיר וואָלטן באַצייכנט מיטן נאָמען „יידישע ציוויליזאַציע“ — צו אונטערשיידן פון קולטור און ריין-גייסטיקייט — איז קוים, קוים באַרירט; גרעצן אינטערעסירט קוים ווי אַזוי האָבן יידן געלעבט, וואָס איז געווען זייער באַשעפטיקונג, זייער פאַרגעמעכן, זייער לעבנס-שטייגער א. א. וו. ניט אפילו דאָס אינערלעכע קהילה-לעבן אין אונדזערע פאַרגאַנגענע דורות איז פון אים גענפאָרשט געוואָרן מיט אַזאַ גרינט-

לעכקייט און נעגווילעכקייט ווי, צום ביישפיל, ער האָט געפּאַרשט דאָס בוך, די ליטעראַטור.

פיל פון דעם, וואָס עס קען אינטערעסירן אַ מאָדערנעם מענטשן און יידן אין דער יידישער געשיכטע וועט שווער זיין צו געפונען אין גרעצס מעכטיקן געשיכטע-בנין.

דער סאָציאַל-עקאָנאָמישער צוגאַנג צום געשיכטע-אָביעקט, ווירטשאַפטלע-כער פאַקטאָר אין דער געשיכטע — און זאָל מען עס, דאָ, נאָך ניט פאַרביי-טן איר מיט אַ מאַטעריאַליסטישער פאַרשטענדעניש פון געשיכטע: דאָס זיינען צוויי באַזונדערע זאכן — ניט דער בליק אויף די מאַסן און זייער ראָל אין דער געשיכטע פון פאַרשידענע עפּאָכעס: עס איז אַ געשיכטע פון יידן אַלס גייסטיק-שאַפנדיק פאָלק; עס איז די געשיכטע פונם „עם הספר" אַלס פאָלק פון בוך, ראָס גייט דורך ווי אַ רויטער שנור אין דעם הינטערגרונט פון גרעצס מאָנומענ-טאַל ווערק, פון וועלכן, ווי געזאָגט, פיל צענדליקער טויזנטער יידן האָבן געשעפּט און שעפּן נאָך ביז איצט צו טאָג זייער ידיעה פון יידישער היסטאָריע.

גרעץ איז געווען אַ העגליאַנער, לויט זיין פילאָזאָפישן „אני מאמין". אין זיין צייט איז דער העגליאַניזם געווען דער „דערניע קרי די מאָד דאָן לאַ פילאָ-זאָפי", און ער האָט דעם העגליאַנער מעטאָד אָנגעווענדעט אין דער אינטער-פּרעטאַציע פון זיין געשיכטע-פילאָזאָפיע. אַז מען לייענט אויפמערקזאַם מיט אַ קריטישן צוגאַנג די דערמאָנטע טיילן פון זיין ווערק, שפירט מען עס אויף טריט און שריט.

ש. בערנפעלד האָט אין אַ קורצער מאָנאָגראַפיע וועגן גרעצן געגווי זיך אָפּ-געשטעלט אויף דעם דאָזיקן אייגנאַרטיקן אופן פון אינטערפּרעטאַציע פון די געשיכטע-דערשיינונגען:

לויט העגלס געשיכטע-פילאָזאָפיע איז אַלץ וואָס האָט אַנטוויקלונג, היס-טאָרישע אַנטוויקלונג, וועלן מיר זאָגן, איז גוט און וואויל, פיין, גערעכטיק. דאָס פלוצים-געקומענע דאַרף אָפּגעוואָרפן ווערן: דאָס האַסטיקע, אומדערוואַרטעטע, דער „עקס-אַברופּטאָ" אין דער געשיכטע איז תמיד אַ נעגאַטיווער עלעמענט און דאַרף, פאָלגלעך, פונם היסטאָריקער פאַראורטיילט ווערן.

ווענדעט גרעץ אָן, צום ביישפיל, אָט דעם העגעל-געזעץ פאַר דער אויס-טייטשונג און אָפּשאַצונג פון דערשיינונגען אין דער יידישער געשיכטע פונם בית שני, פון די פּאַרטיי-שטרייטן (ביי אים: שמדרייטן פון רעליגיעזע כוחות) צווישן די פּרושים און צדוקים און זייערע ביטערע און, צומאָלכ, גאַנץ בלוטיקע מחלוקתן, איז ער, גרעץ, מיט די פּרושים דערפאַר, וואָס לויטן העגליאַנער געזעץ פון גע-שיכטע-פילאָזאָפיע זיינען די פּרושים פּראָגרעס, אַנטוויקלונג, געשיכטלעכע עוואָ-לוציע, אין קעגנזאַץ צו די צדוקים; מהאי טעמא זיינען גערעכט די רבנים און זיינען אַ פּאָזיטיווער עלעמענט אין דער געשיכטע קעגן די קראים-קאַראימעס, וואָס זיינען ניט קיין אַנטוויקלונג, און פאָלגלעך אַ נעגאַטיווער פאַקטאָר.

דערפאַר באַציט זיך גרעץ אויך שאַרף נעגאַטיוו, ממש מיט האַס צו דער קבלה און צו מקובלים אין דער יידישער געשיכטע, ווי בכלל צו יעדער מיסטי-טישער שטרעמונג אינעם יידנטום; דעם חסידיזם האָט ער ניט פאַרשטאַנען און

ניט געקענט פאַרשטיין; ער טיילט פאַר אים אָפּ ווינציק פּלאַץ און דאָס ביסל, וואָס ער גיט דעם יאָ — איז צו פאַרניינען, פאַראורטיילן אים פונקט ווי ער פאַראורטיילט די רעפאָרמאַציע-באַוועגונג פון זיין צייט: אַלץ אין דער געשיכטע, וואָס איז ניט גראַדלייניק אין דער עוואָלוציע, אין דער אַנטוויקלונג — וואָס איז ניט לויטן שולחן-ערוך פון דער העגעליאַנישער פילאָזאָפיע פאַר דעם באַגריף פון פּאָזיטיוויזם אין דער געשיכטע — איז פּסול און, פאַלגלעך, פון גרעץ פאַראורטיילט.

נאָך אַ גרויסער פעלער פון גרעצעס געשיכטע איז, וואָס אין דער באַאַרבעטונג פון די מאַטעריאַלן פון די לעצטע יאָרהונדערטער, הערט זי כמעט אויף צו זיין אַ געשיכטע פון יידן, בכלל, און ווערט ביסלעכווייז, אומבאַמערקט אפשר פונם מחבר אַליין, אַ געשיכטע פון מערב-אייראָפּעאישע יידן: דער געשיכטע פונם גרויסן קיבוץ פונם רוסישן און פוילישן יידנטום שענקט גרעץ רעלאַטיוו ווינציק פּלאַץ און אויפמערקזאַמקייט.

און טראָץ די אַלע בלויזן, איז גרעצעס געשיכטע פון יידן ממש, אַ גאַנצער פון יידישן העראָאיזם, אַ פּאָעמע פון יידישן מאַרטירערטום, אַ מוסטער-ווערק פון יידישער היסטאָריע אויף דור-דורות. ס'איז פול מיט וואַרימקייט און האַרציקייט; די עקספּאָזע פון יידישע ליידן און וואַגלענישן איז אין פיל ערטער געמאַכט מיט אַ גיוואַלטיקער אינערלעכער באַציאונג, די אַכטונג און יראת-הכבוד צום יידישן גדאַנק און דעם יידישן בוך איז ממש אַ סופּערלאַטיווע און עס איז ניט מעגלעך צו פאַרשטעלן זיך איצט אַ גרינטלעכע קענטעניש פון יידישער געשיכטע אָן צו האָבן געלייענט אויך גרעצעס מאָנומענטאַל קלאַסיש ווערק.

— 8 —

מיר זיינען געקומען ביז צו דובנאָוון. דערווייל דער לעצטער, דער אַקטועלסטער, אַזוי צו זאָגן, עטאַפּ אין דער געשיכטע פון דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע. ער איז, חוץ היסטאָריאָגראַף, אַן אינטערעסאַנטע און קאָמפּליצירטע פערזענלעכקייט, אַן ערשטראַנגיקער געלערנטער און ערשטראַנגיקע געזעלשאַפטלעכע פערזענלעכקייט ביי יידן; אַ שעפער פון אַ שיטה אינם יידנטום, די שיטה וועלכע איז טאַקע באַקאַנט אונטערן נאָמען ד ו ב נ אָ ו י ז ם. אגב, די דאָזיקע שיטה זיינע האָט זיך ביי אים אויסגעפורעמט פּאַראַלעל צום פּראָצעס פון רייף-ווערן אין אים, זיין זייער אייגנאַרטיקע קאָנצעפּציע פון יידישער געשיכטע. און ער האָט איבערגעאַרבעט, קלאַסיפיצירט און אינטערפּרעטירט די מאַטעריאַלן און פאַקטן פון דער יידישער היסטאָריע מיט אַ מערקווירדיקער האַמאָגענישקייט, אין דער ליכט און שיין פון אָט דער טעאָריע זיינער. אין די גאַנצע יידישע געשיכטע האָט, ביי די זעלביקע פאַקטן, באַקומען, דאַכט זיך, אַן אַנדער אינהאַלט און אַ גאָר אַנדער אינטערפּרעטאַציע.

דובנאָווס איינפלוס אויפן רוסישן יידנטום איז געוועזן אין אַלע הינזיכטן פון גאָר חשובער באַדייטונג: ער איז אַ פיינער ליטעראַטור - קריטיקער, אַ גלענצנדער עסעאיסט, אַן אויסגעצייכנטער לעקטאָר איבער געשיכטע-ענינים;

א זאַמלער פון רוי-היסטאָרישע מאַטעריאַלן פאַר דער געשיכטע פון יידן אין פוילן, רוסלאַנד און ליטע, פאַר דער געשיכטע פון חסידיזם איבערהויפּט — וועגן וועלכן ער האָט געשאַפן אַ באַזונדער היסטאָריש ווערק, דאָס איינציקע, וואָס ער האָט געשריבן אָריגינעל אין העברעאיש. דאַן קומט זיין ווערק: „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום" (אין רוסיש); פאַראַן אַ העברעאישע איבערזעצונג, זיין בוך פון זשאַרגאָן צו יידיש, זיין דרייבענדיקע אויטאָביאָגראַפיע, און — אחרון, אחרון — זיין לעבנס-ווערק: די צענבענדיקע געשיכטע פון יידישן פאָלק.

דובנאָוו, אין זיין געשיכטע-ווערק, איז לגבי גרעצן מער-ווינציקער, ווי גרעץ איז געווען לגבי יאָסטן. מיטן גרויסן אונטערשיד, וואָס דאָס וואָס גרעץ האָט ניט דערוויזן צו קענען דערגרייכן: באַפרייען זיך פון יאָסטס השפעה אינגאַנצן, האָט דובנאָוו יאָ דערוויזן: ער האָט זיך ניט נאָר אינגאַנצן באַפרייט פון גרעצס בליק אויף יידישער געשיכטע, נייערט ער האָט אינגאַנצן אַן אַנדער באַציאונג, אַן אַנדער צוגאַנג, אַן אַנדער אינטערפּרעטאַציע פון די דערשיינונגען אין יידישער היסטאָריע. און ער האָט פאַרפולט די בלויזן, וואָס גרעץ האָט געלאָזט. און ער האָט איבערגעשאַצט אַ סך. זייער אַ סך ווערטן אין דער יידישער געשיכטע. ער האָט פאַר זיך געהאַט גרעצס ווערק; איז ער לכתחילה געווען אונטער זיין השפעה און שפּעטער, לאַנגזאַם, אין גאַנג פון דער אַרבעט איבער די רוי-מאַטעריאַלן, האָט ער איינגעזען יענעמס פעלערן און זיי אויסגעמיטן, יענעמס בלויזן און זיי פאַרפולט.

ניט מיט איין מאָל האָט דובנאָוו דערקענט די היסטאָרישע וואָרהייט וואָס ער פירט דורך, דורך זיין לעצטער צען-בענדיקער געשיכטע, נייערט אין לויף פון צענדליקער יאָרן, לאַנגזאַם, לאַנגזאַם האָט זיך די קאָנצעפּציע אין אים געפורעמט, קריסטאַליזירט ביז זי איז דעפיניטיוו רייף געוואָרן און באַקומען זיין אויסדרוק. דער דאָזיקער פּראָצעס האָט זיך אין אים אַנטוויקלט פּאַראַלעל און אין דער זעלבער ריכטונג, וואָס זיין יידישע וועלט-אַנשויאונג:

יענע איז געגאַנגען אין אים דעם וועג, וואָס פירט פון משכילישן קאָסמאָפּאָליטיזם ביז צו פאָלקס-אויטאָנאָמיזם. און אין זיין געשיכטע-אינטערפּרעטאַציע איז מיט אים געשען דער זעלביקער פּראָצעס: פון אַ ראַציאָנעל-יודאַאיסטישן קאָנצעפּט וועגן יידישער געשיכטע מיט שטאַרק סכאָלאַסטישע סימפּאַטיעס, ווי גרעץ, איז ער געקומען ביז צו מאָדערן-וועלטלעכן וואָס ער האָט דורכגעפירט אין דער לעצטער, אַנטגילטיקער איבער-רעדאַקציע פון זיין געשיכטע, אַלס וועלט-געשיכטע פון יידן אַלס וועלט-פאָלק, מיינענדיק — ווי ער אַליין פאַרטייטשט עס — מיט די ווערטער צו זאָגן, אַ פאָלק וועמענס טעריטאָריע איז אומעטום, און אומעטום איז עס לעבעדיק, צאַפּלדיק, דינאַמיש, אַקטיוו, שעפעריש אויף אַלע געביטן פון מענטשלעכער אַקטיוויטעט און שאַפונג: פּאָליטישן, סאָציאַלן, עקאָנאָמישן און קולטורעלן: ניט בלויז אַן עם-הספר, ווי ביי גרעצן, נאָר טאַקע אַ לעבעדיקער פאָלקס-אינדיווידו, אַ פאָלק מיט פעל-

קער גלייך, וואָס לעבט, אמת, ניט אָפּגעזונדערט אין די גרעניצן פון אַ באַ־שטימטער טעריטאָריע, ווי אַנדערע פעלקער, נאָר אדרבה, אין דער גאַנצער וועלט: מלא כל הארץ כבודו. אומעטום שאַפט דאָס יידישע פאָלקס־אינדיוויד, אין זיין גוואַלטיקן כוח פון צופּאַסונג צום אַרום, צו די ספּעציפישע באַדינגונגען, לויט צייט און אָרט, דאָס וואָס ער האָט נויטיק פאַר זיין קיום אַלס וועלט־פאָלק, אַלס עקס־טעריטאָריעל פאָלק ווע׳לן מיר זאָגן, צוליב מער קלאָרקייט.

ווי אַזוי?

— דורך זיין ספּעציעלער פעאיקייט, וואָס די באַזונדערע געשיכטלעכע אייגנ־אַרטיקייט האָט, דורך אַ פּראָצעס פון פיל יאָרהונדערטער, אין אים אויסגעאַר־בעט;

דורך וועלכע מיטלען און אופנים?

ער פּאַסט צו פאַר זיך אַ שפּראַך־אינסטרומענט פונם אַרום (חוץ זיין נאַציאָנאַלער שפּראַך, העברעאיש) און שאַפט אין איר, אין משך פון יאָרהונ־דערטער אייביקע ווערטן: אַראַמיש — דער תלמוד און די קבלה; גריכיש — די העלעניסטישע פילאָזאָפיע פון די אַלעקסאַנדרינער און די אַפּאָקריפן, אַראַ־ביש — דער כוזרי, מורה־נבוכים, פירוש המשניות פונם רמב״ם, „ספר האמונות והדעות" פון ר׳ סעדיה גאון, און שפּעטער, אונזער י י ד י ש מיט זיין פאַר־צווייגטער ליטעראַטור, פּאָעזיע, וויסנשאַפט א. אַ. די שפּראַך אויף וועלכער עס רעדן, טראַכטן, שאַפן און לעבן 12 מיליאָן יידן.

ער שאַפט זיך זיין אייגענע אויטאָנאָמיע, אַמאָל יאָ, אַמאָל ניט פאָרמעל־אַנערקענטע פון דער אויסערלעכער וועלט; אָבער תמיד, אין אַלע צייטן פון דער געשיכטע, איז זי פאַראַן, אונטער פאַרשידענע פאָרמען און נעמען, אָבער זי איז פאַראַן די יידישע זעלבסט־פאַרוואַלטונג און זי באַקומט אויסערלעכע פאָרמען און אינערן אינהאַלט, לויט דער גראַוויטאַציע פון די אומשטענדן און פון די באַדינ־גונגען וואָס זיינען ווירקנדיק אין יעדן געגעבענעם מאָמענט און אין יעדער אַנדערן ישוב־צענטער:

נשיאים, תיכף נאָכן חורבן, ריש־גלותא, אין בבל, קהלות אַנערקענט אין שפּאַניע, אין דייטשלאַנד, פרנסים, ראשי־קהלות, ועד ארבע הארצות א. אַ. וו.

און אויך אַ ספּעציפישע יידישע עקאָנאָמיק און סאָציאַלן באַשטאַנד, שאַפט פאַר זיך דאָס יידישע וועלט־פאָלק, דאָס יידישע פאָלק צווישן פעלקער. אין לויף פון זיין געשיכטע, אונטער אַלע אומשטענדן, צייטן, עפּאָכעס, געאָגראַפישע ברייטן און לענגען.

דאָס איז דובנאָווס אַנטגילטיקע קאָנצעפּציע פון יידישער היסטאָריע און אין דעם ליכט האָט ער גרופּירט און אינטערפּרעטירט די מאַטעריאַלן, וואָס ער האָט אין משך פון פופציק יאָר געזאַמלט און איבער וועלכע ער האָט זעכציק יאָר געאַרבעט, איבערגעאַרבעט און נאָכאַמאָל ווידער איבערגעאַרבעט: דען די איצטיקע צען־בענדיקע געשיכטע זיינע איז די דריטע איבעראַרבעטונג פון אַ ווערק, וואָס קען אַלע הונדערט פּראָצענט באַצייכנט ווערן אַלס לעבנס־ווערק.

דובנאָוו האָט אין זיין ווערק אויך ניט געשטעלט דעם געשיכטע־אַקצענט,

אַזוי צו זאָגן, אויף דער אַלטער ארץ-ישראלדיקער תקופה, דוקא — אין קעגנזאַץ צו די היסטאָריקער פאַר אים — נייערט גראָדע אויף דער דיאַספּאָרא, אויף די קאַמפן, וואָס יידן האָבן געפירט פאַר זייערע רעכטן, פּאָליטישע נאַציאָנאַלע, עקאָנאָמישע און קולטורעלע, אין די פאַרשידענע גלות-לענדער, וואו זיי האָבן, אין לויף פון זייער געשיכטע, ווי פאַרן חורבן בית-שני, אַזוי נאָך דעם חורבן, געבויט ישובים און אויפגעהויבן צענטערן, וועלכע פון קורצער, וועלכע פון לענגערער דויערהאַפטיקייט. עס איז אַ פאַקט, אַז אין דובנאָווס צען-בענדיק גע-שיכטע-ווערק, פאַרנעמט די ארץ-ישראלדיקע תקופה בלויז 2 בענדער (ביז נאָכן חורבן).

און די בלויז, לגבי אַנדערע היסטאָריאָגראַפן, וואָס ער האָט פאַרפולט: ער האָט געוויסנמאָס אויך אומגעדרייט די יוצרות אין דער אָפּשאַצונג וועגן דעם ווערט און באַדייטונג פון איינצלנע יידישע צענטערן פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק. ביי יאָסטן און איבערהויפּט ביי גרעצן, איז דאָס קרוין פונם יידנטום דאָס מערב-אייראָפּעאישע, ריכטיקער געזאָגט, דאָס דייטשישע: עס איז דאָס סאַמע בחיר: און דאָס רוסישע און פּוילישע יידנטום איז ווייס-איך-וואָס, פון היסטאָרישן ראַנג נחות-דרגא'ס: וואָס האָבן מזרח-יידן געטאָן פאַרן יידישן פאָלק און געשיכטע? עמאַנצי-פּאַציע — דאָס מערב-אייראָפּעאישע יידנטום; קולטור און יידישע וויסנשאַפט אויך זיי. איז געקומען דובנאָוו און האָט די גאַנצע פּרשה געלייענט פאַרקערט; אין וויסנשאַפטלעך דערוויזן, אַז גערעכט איז זיין אינטערפּרעטאַציע ניט זייערע. דאָס מערב-אייראָפּעאישע יידנטום איז אַ מומיפיצירטע יידיש-קייט, ניט קיין לעבעדיקע, צאַפּלענדיקע, אַקטיווע, דינאַמישע, ווי די מזרח-אייראָפּעאישע, און די דאָזיקע זיינען עס פאַר דער געשיכטע פונם לעבעדיקן יידישן פאָלק די פּולווערטיקע. זיי האָבן געטאָן די אויטאָנאָמע יידישע פאַר-וואַלטונג מיט טראַדיציאָנעלן יידישן לעבנס-שטייגער און דערציאונג, מיט זיין קאַמף פאַר רעכטן, נאַציאָנאַלע און מענטשלעכע, מיט אַ לעבעדיקער אייגענער יידישער שפּראַך, וואָס האָט אַ רייכע ליטעראַטור, אַ לעבעדיקעס אייגן צייטונגס-וועזן, אינסטיטוציעס, קערפּערשאַפטן א. אַ. וו. מיט איין וואָרט, אַ לע-בעדיק פאָלק, ניט קיין פאַרבאַלזאַמירטע טעמפּל-יידישקייט אין קאָנפירמאַציע-דערציאונג פון קינדער.

דובנאָוו האָט אויך פאַרפילט דעם בלויז פון גרעצן געשיכטע בנוגע חסידות און קבלה — שענקענדיק פאַר ביידע אַ גרינטלעכע אָפּשאַצונג אין זיין גע-שיכטע, הוץ וואָס ער האָט געווידמעט פאַר דאָס ערשטע אַ באַזונדער קאַפּיטאַל דריי-בענדיק ווערק.

— 9 —

אונטערציענדיק אַ סך-הכל צו דאָס געזאָגטע, קומען מיר צום שלום, אַז אין די עטאַפּן פון דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע פון יוסף פלאַוויוסן ביז אונדזער צייט, וועלכער מיר האָבן דאָ איבנאַויפיק באַרירט, איז דובנאָוו ביז

איצט, אזוי צו זאָגן, דער „געשיכטלעכסטער״, אינם וועלטלעך-אָנגענומענעם מאָ-דערנעם באַגריף, עטאַפּ און זיין צוגאַנג צו יידישער געשיכטע איז דער מאָדערנסטער און פולסטער: ער פאַלט ניט אריין אין קיין עקסטרעמען פון טעאָריעס: רעכטע אָדער לינקע, סכאָלאַסטישע אָדער מאַרקסיסטישע אויסטייטשונג פון געשיכטע איז פרעמד זיין גייסט און זיין קאָנצעפּציע פון געשיכטע בכלל. אָבער ער פאַר-זעט ניט און פארניינט ניט קיין איינעם פון די פאַקטאָרן, מאַטעריעלע ווי גייסטיקע, עקאָנאָמישע ווי סאָציאַלע, וואָס האָבן געקענט און געמוזט ווירקן אויף דעם גאַנג פון דער יידישער היסטאָריע.

דובנאָווס געשיכטע איז ביז איצט, אַלזאָ, די פולקאָמסטע דערגרייכונג פון א וועלטלעכער יידישער געשיכטע, אָבער די יידישע געשיכטע-פאָרשונג איז, ווי מיר האָבן געזען, אַלט ערשט 120 יאָר: וואָס פאַרא עלטער איז עס פאַר א פאָלק, וואָס ציילט זיינע עראַס אין יאָרהונדערטער.

אונדזער פאָלק איז א וועלט-פאָלק און אייביק פאָלק, און זיין געשיכטע-פאָרשונג וועט ערשט דאַרפן פאַרגעזעצט ווערן אין וועלט-פאַרנעם און זיין היסטאָריאָגראַפיע וועט זיכער דערגרייכן נייע עטאַפּן.

.1938

# איבער אונדז הייערט דער מיטלאַלטער

עס איז ניט צו געפינען אין דער יידישער געשיכטע — אַ געשיכטע פון אַזוי פיל רדיפות און יסורים און אַזוי ווינציק פרייליכע געשעענישן — אַ צייט, צו וועלכער אונדזערע איצטיקע צייט פון ליידן און פון פורעניותן זאָל קענען פאַרגליכן ווערן.

איך האָב, אין זכרון און אין בוך, איבערגעבלעטערט אונדזער פיינפולן וועג דורך דער געשיכטע פון מיטלאַלטער, פון דער רענעסאַנס-צייט, וואָס פאַר אונדזער פאָלק איז זי געווען פינצטערער ווי אַ שטורעמדיקע ווינטער-נאַכט, די יאָרן פון ת״ח-ת״ט — די צייט פון כמעלניצקישינע — די יאָרן פון גאַנצעם מרידה אויף דער אוקראַינע שוין אין רעכטן אכצנטן יאָרהונדערט: ניט קיין פאַרגלייך...

אין די יאָרהונדערטער עלפטן און צוועלפטן, ווען עס האָבן מאַרשירט איבער אייראָפּע — אין דער נאַכט פון רויב און פעאָדאַליזם פאַרזונקען, אין דער שטאָק-פינצטערניש פון מיטלאַלטער אונטערטוקטער — די חיילות און דער באַנדיטן-מאָב פון קרייץ-ציגלער, איז געווען אַן „עת צרה ליעקב“. צענדליקער טויזנטער יידן זיינען אין יענער צייט אומגעבראַכט געוואָרן, קרבנות פונם רעליגיעזן עקסטאַז האָט עס געהייסן; קרבנות פון נעלטניריקייט און רויב-גייציקייט, אין דער אמתן. אַ גרויסע צאָל יידן זיינען דאַן אומגעקומען פרייוויליק על קדוש השם: מיט אַ „ברכה על השחיטה“, ווי די פייטנים פון יענער צייט האָבן באַצייכנט די מוראַדיקע כוואַליע פון זעלבסטמאָרד וואָס האָט דאַן באַהערשט פיל קהלות פון דעם איצטיקן ריינלאַנד, וואו די נאַצי-האָרדעס בושעווען. דער זעלבסטמאָרד — מיט רעליגיעזן און מיסטישן עקסטאַז. וואָס יעדער מאַסן-באַוועגונג באַקומט „עפּאָ איפּסאָ“, שוין דערפאַר אליין, וואָס סאיז אַ מאַסן-באַוועגונג — האָט געהאַט אַ ציל און אַ זין, אויף וויפיל עס זיינען בכלל אָנווענדבאַר די דאָזיקע ווערטער פאַר אַזאַ זינלאָזיקייט און ציללאָזיקייט. פּראָדוקט פון עקסטרעמער פאַרצווייפלונג, ווי זעלבסטמאָרד איז: מען האָט ניט געוואָלט אריינפאַלן אין די הענט פון דעם צעבושעוועטן המון קרייציגלער, וואָס האָט געמאַרדעט, געפייניקט, פאַר שקלאַפן פאַרקויפט און, וואָס נאָך ערגער, געטויפט איבער גוואַלד און די יונגע קליינע עופהלעך-קינדער אין די קאָנוועגטן פאַרשפּאַרט.

אָבער דאָס איז געווען ווי אַ שטורעם, ווי אַ טייפון, וואָס טראָגט זיך אָן פון דעם ווייטן פאַרנעפּלטן ים אויף די אינדזלען פונם אוקינוס. מען ווייסט ניט ווען מען זעט ניט ווי אַזוי; טראָגט זיך אָן, בושעוועט אָפּ, פאַרניכטעט, צעשטערט, מאַכן אָן חורבן; אָבער ער גייט באַלד אריבער, פאַרשווינדט; און עס ווערט

צוריק שטיל, זוי געווינלעך, דאָס זעלביקע, אין גוטס אָדער אין שלעכטס, ווי פאַר דעם שטורם.

אזוי זיינען געווען דאַן די גזירות-שמדות, די חורבנות און שחיטות פון די ערשטע צוויי קרייץ-צוגן.

חוץ דעם, דאַרף יעדע אָפּשאַצונג וועגן דער יידישער לאַגע ניט גענומען ווערן אויסגעטיילט - אויסגעשיילט אין גאַנצן פון דעם מצב אין וועלכן עס לעבט די אַרומיקע, די ניט-יידישע געזעלשאַפט; צוזאַמען מיטן „ניוואָ" פון דער אַרומיקער, פון דער ניט-יידישער סביבה דאַרף זי געשאַצט ווערן. און די אַרומיקע, די ניט-יידישע סביבה איז דאַן געווען פון מיטלאַלטער: פינצטערניש, אַנאַלפאַבעטיזם, מוראַדיקע פאַרווילדקייט פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, אָרעמקייט, דערשלאָגנקייט, קנעכטשאַפט און פאַרקנעכטונג פאַר אַלעמען און פון אַלעמען, חוץ געציילטע אויבנזיצנדיקע, אויבערהערשנדיקע פירשטן פון דער קירכע, בישאָפן אָדער פעאָדאַלע אַלמעכטיקע.

ביי דער גאַנצער שלעכטקייט, ביי דער שרעקלעכער לאַגע פון שוצלאָזיקייט, אין וועלכער זיי האָבן געלעבט, האָבן יידן געלעבט דאַן, מער-ווינציקער אין אַ ניוואָ אַ גלייכן צו דעם, אין וועלכע די אַרומיקע, די אַלגעמיינע ניט-יידישע „געזעלשאַפט" האָט געלעבט, ווייל אויך דאָס לעבן און דאָס פאַרמעגן פון די „וואַסאַלן" און פון דעם המון אין אַלגעמיין איז געווען הפקר, שוצלאָז און אינגאַנצן אין רשות פון די העכערע האַרן און הערשער פונם פעאָד, ווי זייערס אָן אייגנטום.

אגב האָט מען געהאָפט און געקענט האָפן דאַן, אז ווען אַלץ וועט זיך ענדערן — און די דאָזיקע האָפנונגען האָבן זיך קלאָר אָנגעצייכנט אויפן ראַנד פון דער מיטאַלטער-עפּאָכע, ווען עס האָט שוין גענומען שאַריען אויף רענעסאַנס-צייט — וועט אויך ענדערן זיך דער גורל פונם יידנטום; ער וועט בעסער ווערן, ווען עס וועט ענדערן זיך צו בעסער דער מצב פון די פאָלקס-מאַסן בכלל.

און אזוי איז עס געשען ווירקלעך, הגם מיט אַ פאַרשפּעטיקונג פון... דריי יאָרהונדערט. נאָך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, ווען עס זיינען אַנערקענט געוואָרן רעכטן פאַר יידישע מענטשן אויך, מען האָט ניט אויסגעשלאָסן יידן באַזונדער, יידן כּחוץ דער געזעלשאַפט, יידן ווי אַ צווייטראַנגיקע מענטשן-געמיינשאַפט, יידן ווי פּאַריער.

איצט, אין אונדזער געמיינער צייט, איז אונדזער לאַגע ניט אין פאַרגלייך ערגער, שרעקלעכער, פּיינפולער, ווי דאַן:

די רדיפות זיינען נים, ווי אַ שטורם, וואָס טראָגט זיך אָן מיט פאַרניכטנדיקן וואוט אויף אַ ישוב, האַלט אָן אַ קורצע צייט, פאַראורזאַכט חורבנות, אָבער ער טראָגט זיך באַלד אריבער, פאַרשווינדט און עס ווערט דערנאָך רואיקער. ניין: די איצטיקע רדיפות און עינוים ווערן געטריבן און געפירט מיט קאַלטער פּלאַנמעסיקייט, מיט דייטשישער מעטאָדישקייט, ביי דעם גאַנצן סאַדיזם, מיט וועלכן זיי ווערן אָנגעווענדעט.

גזירה נאָך גזירה, פּורעניות נאָך פּורעניות ווערן אָנגעווענדעט מיט אַ „סדר", מיט אויסגערעכנטקייט, אַז איינע זאָל די צווייטע דערגאַנצן, „משלים זיין דעם

פּגם״, וואָס יענע האָט איבערגעלאָזן, און, צוזאַמען, זאָלן זיי ענגער מאַכן דעם רינג, וואָס דריקט דעם יידישן קיום אין אייראָפּע; שטייפער, ענגער, זאָלן זיי איינציען דעם „טויטן-שלייף״, וואָס די נאַציס האָבן אַרויפגעוואָרפן אויפן האַלדז פון מיליאָנען יידן.

ניט קיין שטורם, וואָס בושעוועט מיט איספּעט און וואוט און טראָגט זיך שנעל פאַרביי איז עס, און ניט איין ישוב, אַ שטאָט, אַ דיסטריקט, אַן אָפּגעגרע־ניצטע געגענט, פאַרכאַפּט עס, ווי עס פלעגט געשען געוויינלעך מיט די רדיפות און גזירות, חורבנות און שחיטות אין מיטלאַלטער און אין די יאָרהונדערטער פון דער אַזוי גערופענער „נייער צייט״ (צווישן 15-טן און 18-טן) נייערט אַ סיסטעם, אַ מיט מעטאָד־אָנגעצייכנט ווערנדי־קער סאַדיסטישער פּלאַן פון לאַנגזאַמער אָבער זיכערער פאַרניכטונג פון די יידישע ישובים אין דייטשלאַנד, עסטרייך, סלאָוואַקיע, מערן, בעמען, שלעזיען, רומעניע, אונגאַרן א. א. וו.

און די נעצן ווערן פאַרוואָרפן וואָס ווייטער אַלץ ברייטער, וואָס ווייטער אַלץ טיפער, וואָס ווייטער אַלץ ערגער. דער גיפט פון פאַרניכטונג ווערט געטריבן צו אַריינדרינגען פון גערמאַנישע אין סלאַווישע לענדער; פון גערמאַנישע אין מאַדיאַרישן לאַנד; פון גערמאַנישע און לאַטיינישע לענדער.

עס איז שוין ניט קיין פאַרבייגייענדיקער, קיין זיך פאַרבייטראָגנדיקער טייפון, ווי עס זיינען געווען די צאַרישע פּאָגראָמען, ווי עס זיינען געווען די שחיטות פון דער פּעטליוראָווישטשינע — אַ צייט פון כאַאָס און פאַרניכטנדיקן בירגער-קריג — דאָס איז אַ רעזשים אַזאַ, אַ מלוכה-אָרדנונג וואָס באַ־קומט, ביסלעכווייז — ווי שרעקלעך די דאָזיקע ווערטער קלינגען אין דעם פאַל — אַ מין אויסזען פון „לעגאַליטעט״ פון נאָרמעס, פון „געזעצן״.

און דאָס איז דאָס שוידערלעכסטע, דאָס שרעקלעכסטע, דאָס טראַגישסטע, דאָס גרויל־האַפטיקסטע אין דער איצטיקער לאַגע פון יידן: וואָס דער באַנ־דיטיזם הייסט מלוכהשע געזעצמעסיקייט; און וואָס אַנ־דערע מלוכות „נאַלענס-וואָלענס״, געוויינען זיך ביסלעכווייז איין צו באַטראַכטן עס אַלס אַזעלכעס.

און נאָך עפּעס: איצט זיינען נאָר יידן די פּאַריער, די אויסערן געזעץ געשטעלט-געוואָרענע, די פון לעבן-אַרויסגעשטויסן ווערנדיקע, די ביי וועלכע מען האָט אַלע רעכטן באַרויבט און וועמען מען האָט אַלע גזירות און פּיינען איינ־געטיילט. נאָר יידן טאָרן ניט לעבן, טאָרן ניט אַרבעטן, טאָרן ניט אָטע־מען, ניט באַוועגן זיך; נאָר זייער פאַרמעגן איז הפקר פאַר יעדן לומפּ; נאָר זיי ווערן דערנידעריקט און באַליידיקט; נאָר איבער זיי איז־דעקעוועט מען זיך; נאָר זיי מאָרדעט מען אומבאַשטראָפט און נאָר זיי וואַרפט מען אומבאַשטראָפט אין די גהינומס וואָס הייסן קאָנצענטראַציע-לאַגערס, נאָר זיי און נאָר דערפאַר, וואָס זיי זיינען יידן.

דער איצטיקער נייער מיטלאַלטער — ניט ווי עס איז געווען אין דעם ערשטן מיטלאַלטער — איז נאָר פאַר אונדז צוריקגעקומען אין דער אייראָפּע וואָס ליגט צווישן שוואַרצן ים, דונאַי, בוג, פּרוט און ווייכסל און

דעם ריין; פאַר אונדז בלויז, ניט פאַר דער ניט־יידישער געזעלשאַפט; להיפוך צו דעם ווי עס איז געווען אין מיטלאַלטער, ווען דער מיטלאַלטער־איבל און פינצטערניש איז געווען פאַר אַלעמען, פאַר יידן ווי ניט־יידן.

און די פּריווילעגירט געוואָרענע געזעלשאַפט פון ניט־יידן, אין די לענדער פון דעם נאַצי־גהינום און פון זיינע וואַסאַלן, שווייגט, ווער אויס מורא, ווער אויס אַפּאַטיע, ווער אויס איינשטימיקייט מיט די הענקער.

דאָס איז, וואָס אין מיטלאַלטער איז געווען אַנדערש: מיר האָבן געליטן, אָבער ניט מיר אַליין; די וועלט איז געווען אַזאַ, אַ פינצטערע; געליטן האָבן אַלע; מיטלאַלטער איז געווען פאַר אַלע; רעכטן, געזעצלעכקייט פאַר קיינעם כמעט ניט; פאַר די פאָלקס־מאַסן זיכער ניט, נאָר אויסעדרווויילטע שיכטן.

איצט איז דער מיטלאַלטער אין אייראָפּע, נאָר פאַר אונדז אַליין, פאַר אונדז, מיין איך, אַלס פאָלק, אַלס מענטשן־איינס... און, דוכט זיך, אַז דאָס איז דאָס ערגסטע פון תוכחה, אין וועלכער עס קומט אויס איצט צו לעבן מיליאָנען יידן.

ניין: עס איז ניט צו געפינען אין דער געשיכטע אַ צייט, וואָס זאָל קענען ווערן פאַרגליכן צו דער איצטיקער, אין דער מדרגה פון געמיינקייט, אין דער שטופּע פונם גרויל, פון די ליידן פון די רדיפות, וואָס מיליאָנען יידן אין אייראָפּע לעבן איבער.

און זייער האָפענונג? זייערע בליקן אויף הילף זיינען געווענדעט צו אונדז, אַמעריקאַנער יידן.

צו אונדז: דער יידישער רעזערוו אין אַמעריקע און אין די לענדער פון דער ענגלישער וועלט־אימפּעריע.

דאָס איז דאָס איינציקע האָפענונגסווערטע, מיט וואָס דער איצטיקער מיטלאַלטער — דער מיטלאַלטער נאָר פאַר אונדז — שיידט זיך אונטער צו נוטן פון יענעם מיטלאַלטער, וועלכער איז געווען גלייך פינצטער־גרוילהאַפטיק פאַר אַלעמען.

מיטן יידישן רעזערוו. וואָס איז אַנטשטאַנען אין אַמעריקע, אין ארץ־ישראל אין די ענגלישע לענדער.

דער דאָזיקער רעזערוו דאַרף איצט זיין די רעטונגס־תיבה. וועט ער האָבן גענוג כוח פאַר דעם?...

.1938



# ז י ו י ן

# רש״יס אָרט אין דער געשיכטע פון אונדזער גייסטיקן קיום

„מימיו אנו שותים ומפיו א נ ו ח י י ם; אשר אזן, וחיקר ותקן אזנים לתורה; שפתותיו שמרו דעת, ותורה נתבקשה מפיהו; תורת אמת היתה בפיו; בשלום ובמישור הלך, והעמיד לעולם רגל שלישי, והגדיל תורה והאדיר״.

ראב״ן, צפנת פענח, סימן קו, דף לו (1).

— 1 —

## אַ פראַגע צו װעלכער מען קערט זיך אָפּט אום

מיט װאָס האָט רבנו שלמה יצחקי זוכה געװען צו אזא אייביק לעבן, צו אזא אומשטערבלעכקייט, װי קיינער נאָך אים צװישן די יידישע גדולים? מיט װאָס האָט ער זוכה געװען צו אזא פון קיינעם נאָך אים נאָך ניט איבערגעשטי-גענער פּאָפּולאַריטעט צװישן אַלע שיכטן פון פאָלק, אָן אונטערשייד צי לומדים, צי בראָסטאַקעס? מיט װאָס האָט ער זוכה געװען צו אַזא איינשטימיקער, צו אזא אומדיסקוטירבאַרער אויטאָריטעט, און מער װי אויטאָריטעט, גרעניצלאָזע ליבע און פאַרערונג, ביי אונדזער פאָלק, אין לויף פון אזא אייביקייט, װי קנאַפּע ניין הונדערט יאָר, ביז איצט?

צו דער דאָזיקער פראַגע קערט מען זיך אום, איבערהויפּט איצט, אין צו-זאַמענהאַנג מיטן ניינהונדערטן געבורטס-יאָר זיינעם, װאָס האָט געדינט אַלס מאָטיװ צו באַנייען אָדער אָפּפרישן דעם שטודיום אין רש״יס װערק, צו פאַר-טיפן זיך אין זיינע פירושים, צו אריינטראַכטן זיך אין ד ע ם מ ה ו ת פון די שאַפונגען, װאָס ער האָט געלאָזט לדורות, אין דעם כאַראַקטער פון זיין פער-זענלעכקייט און אין דער השפעה, װאָס האָט אַרויסגעשטראַלט פון זיינע פירושים און פון דער פערזאָן פון רש״י, אין לויף פון מיטלאַלטער פון דער נייער צייט, כמעט ביז אונדזערע טעג.

עס איז אַ פראַגע, װאָס מיר שטעלן זיך אליין, פאָרמולירנדיק זי פאַרשיידנ-

(1) — פון זיינע װאַסערן טוען מיר טרינקען און פון זיין מויל לעבן מיר; דען ער האָט פאַרנומען און געפאָרשט און האָט מתקן געװען מען זאָל תורה הערן. זיינע לעפצן האָבן געטון היטן װיסן און פון זיין מויל האָט מען תורה געזוכט; תורת אמת איז אין זיין מויל געװען; אין פרידן און אין גראַדעקייט איז ער געגאַנגען און ער האָט געמאַכט אויפשטעלן פאַר דער װעלט אַ „דריטן געשטעל״ און ער האָט געמאַכט גרויסן די תורה און קרעפטיקן זי.

אַרטיק; און עס ווערט געזוכט צו געבן, אויף איר, ענטפערס אויך פון פאַרשיידענעם מין און פון פאַרשיידענעם צוגאַנג.

ווער עס ווייזט אָן אַז רש"יס פּאָפּולאַריטעט איז דער רעזולטאַט פון דעם, וואָס ער האָט דורך זיין פּירוש צו תורה פאַרטריבן עם־הארצות פון די געמאַרקן פון אונדזער פאָלק; איז ער פּאָפּולער און באַליבט, פאָלגלעך, ווי דער פּאָפּולערסטער און באַליבטסטער לערער, ווי דער אייביק־פאַרבליבענער און שטענדיק פאַראַנענער און אַנוועזנדער לערער פון פאָלק.

ווער עס ווייזט אָן, אַז דאָס איז געשען איבער דער מערקווירדיקער איינגשאַפט פון זיין פּירוש צו תורה, אין וועלכן עס איז געקומען צו אַ וואונדערבאַרער מזיגה, פּשט מיט דרש: דאָס הייסט, אַז רש"י האָט מיט זיין פּירוש אויף תורה צוגעטראָפן אין דעם כּאַכע תוך, אין דאָס באַמע אינינכטע פון דער יידישער פאָלקס־נשמה; און דערפאַר איז ער פאַרבליבן אייביק, ווייל ער האָט געשאַפן דאָס וויכטיקסטע, דאָס סאַמע נויטיקסטע ווערק פאַר דער יידישער־און־יידישקייט דערציאונג פון אונדזערע מאַסן.

ווער עס שרייבט צו רש"יס אייביקייט, זיין וואונדערבאַרע לעבהאַפטיקייט און אויך זיין אומפאַרגייענדיקע אומשטערבלעכקייט און די אומאיבערגעריסענע אַנגעהאַלטנקייט פון זיין ווירקונג און השפעה, צו זיין פּירוש אויף תלמוד בבלי; און דערביי אַרגומענטירט מען, אַז ווי גרויס פּירוש רש"י צו תורה איז ניט, זייכען אין לויף פון דער צייט געשאַפן געוואָרן צו דער תורה בעסערע פּירושים פון רש"יס (דאָס איז נאָך זייער דיסקוטירבאַר: פּירושים פון אַן אַנדער כאַראַקטער, יאָ, פון מער פּשט, מער גרינטלעכקייט, אָבער ניט קיין... בעסערע אין פּעדאַגאָגישן, יידיש־דערציערישן און ליריש־פּאָעטישן הינזיכט), דאַן ווען זיין פּירוש צו תלמוד בבלי בלייבט ביז איצט איינציק אין דעם מין, אין זיין אויספירלעכקייט, אין זיין גאַנצקייט, אין זיין לייכטקייט, אין זיין צוגענגלעכקייט פאַר יעדן יידישן־מענטשן, וואָס קען און וויל מעיין זיין אין תלמוד; דען זיין פּירוש אויף תלמוד איז ביז איצט פון קיין מפרש, מהרש"א, גאון און תלמוד־קענער ניט איבערגעשטיגן, נייערט אַלע האָבן פון אים געלערנט, ביי אים געזוכט און געפונען, אין די וועגן פון זיין פּירוש געגאַנגען, אויף דער גייסטיקער ראַגווע פון זיין פּירוש, געהאָפט און געוועבט ווייטער דעם אומענדלעכן אייביקן געוועב פון דעם תלמודיש־רבניש־גייסטיקן שאַפן.

אין זיין פּירוש, אַלזאָ, צו תלמוד ליגט דער שליסל צו פאַרשטיין דעם פאַרוואָס פון רש"יס אייביקייט, אין דעם פּרט פון השפעה אויפן לעבן פון אונדזער פאָלק און אין פּרט אויך פון דער גרעניצלאָזער פאַרהערלעכונג, וואָס דאָס פאָלק ווייזט אַרויס צו זיין אָנדענק.

ווער עס ווייזט אָן, אַז דער שליסל צו פאַרשטיין די דאָזיקע וואונדערבאַרע דערשיינונג, וואָס הייסט: אייביקייט פון רש"י אין יידישן פאָלק, דאַרף מען זוכן ניט בלויז אין דעם פּירוש זיינעם אויף תורה און אויף נ"ך, ניט בלויז אין דעם פּירוש זיינעם צו תלמוד, ניט בלויז אין דער ווירקונג פון דעם וואָס ער

איז געווען און איז פארבליבן דער לעבעדיקער לערער פון פאלק, דער דערציער פון די דורות און אויך ניט אין דער מערקווירדיקער השפעה, וואס זיין פערזענלעכקייט — ווי זי האט זיך אויסגעבילדעט אין דער פאנטאזיע פונם פאלק דורך לעגענדעס יארהונדערטער אלטע — האט געהאט אויף יידן אין אלע צייטן און ערטער פון אונדזער צעשפרייטונג; ניט אין יעדן איינעם פון די דאזיקע ענינים, נייערט אין אלע צוזאמענגענומען, אין די אלע פרטים, וואס בילדן דאס איינע, דאס גאנצע, דעם קאמפלעקס, וואס הייסט רש״י, און וואס איז, ווי געזאגט, א קולטור-פאזיציע, וואס ציט זיך פון דורות און וואס צײלט דורות פון אנטוויקלונג.

פארשיידענע זיינען, ווי געזאגט, די ענטפערס וואס ווערן געגעבן פאר דעם דאזיקן וואונדער. גיכער איז דער אמת ניט אין דעם אדער אין יענעם ענטפער, נייערט אין אלע צוזאמען און אלע דערקלערונגען צוזאמענגענומען גיבן נאך ניט קיין פולן באשייד, וואס זאל דערקלערן דעם דאזיקן וואונדער, וואס האט קיין גלייכן צו זיך ניט אין דער געשיכטע פון יידישער גייסטיקייט.

יעדער איינע פון די אויסגערעכנטע ענינים איז וויכטיק פאר דער דערקלערונג פון דער פארהערלעכונג, פון דער אייביקער ליבע און אייביקער דאנקבארקייט, וואס יידן פילן צום אנדענק פון דעם פרשן-דתא. אלע צוזאמען, אבער, שעפן זיי נאך ניט אויס גרינטלעך דעם דאזיקן ענין און באווייזן אלץ ניט דעם מיט וואס און דעם פארוואס האט רש״י זוכה געווען צו אזעלכעס, וואס קיין גדול בישראל זינט נאך אים האט ניט זוכה געווען: ווערן און פארבלייבן דער באליבטסטער, פאפולערסטער און אנערקענטסטער אינם טראדיציאנעלן און נאציאנאל-טראדיציאנעלן יידנטום.

מיר דאכט זיך, אז צו די אלע אויסגערעכנטע דערקלערונגען פעלט נאך צו צוגעבן די ראל וואס דער קולטור- און טראדיציע-פראצעס, וואס הייסט רש״י האט געשפילט אין דער געשיכטע פון דעם קאמף, וואס יידן האבן געפירט פאר זייער עקזיסטענץ; א קאמף וואס איז געפירט געווארן מיט איין געווער און וואפן, בלויז: מיט דעם געווער פון גייסטיקייט, מיט דעם געווער וואס מיר באצייכנען איצט מיטן באגריף יידישקייט, אין דעם זינען פון א סינטעזע, וואס איז כולל אלדאס גייסטיקע, אלדאס קולטורעלע, וואס מיר האבן געשאפן אלס יידן.

כדי מען זאל מיך פארשטיין ניט טעותדיק, וויל איך דא באטאנען דעם דאזיקן געדאנק עטוואס ברייטער, ווען עס וועט אפילו אויסקומען, אפשר, צו־ווידערהאלן עטוואס.

מיר דאכט זיך אז צו רש״ין — צום קולטור-פראצעס פון יידנטום וואס קען באצייכנט ווערן מיט די דאזיקע דריי אותיות און וואס באדייטן: רש״י די פערזאן, זיינע ביידע פירושים, זייער השפעה אויפן יידנטום אין לויף פון כמה וכמה יארהונדערטער — דארף מען צוגיין אויך פון היסטארישן שטאנדפונקט; איך וויל זאגן דערמיט, אז מען דארף אפשאצן די באדייטונג וואס אט דער גייסטיקער פראצעס האט געהאט אין דער געשיכטע פון דער דערהאלטונג פונם יידנטום.

אז מען רעדט וועגן רש"ין: די מערקווירדיקע פערזענלעכקייט, איינגעהילט אין לעגענדעס כמעט, ווי אליהו הנביא, וועגן זיינע פירושים. וואָס ווערן אין פאָלקס-טראַדיציע אידענטיפיצירט כמעט מיט תורת משה זעלבסט, טאָר מען ניט פאַרגעסן — און דאָס איז אפשר דער עיקר — דיראָל, וואָס רש"י און דאָס רש"יש ע (אַלס ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון דעם פראַצעס, וואָס ער האָט אָנגעהויבן) האָבן געשפּילט אין דער געשיכטע פון דער פאַרפעסטיקונג פון אונדזער קיום, אין דער געשיכטע פון דער דערהאַלטונג פון אונדזער עקזיסטענץ, אין דער געשיכטע פון פאַרהיטן אונדז פון נאַציאָנאַלן אומקום; מיט איינעם וואָרט. אין דער געשיכטע פון אונדזער רעטונג פון אונטערגאַנג אַלס פאָלק, פון די שווערע פינצטערע צייטן פון מיטלאַלטער ביז דער אַנטשטייאונג פון דער נייער מאָדערנער קאָנצעפּציע פון וועלטלעך-נאַציאָנאַלער יידישקייט.

— 2 —

## וואָס וואָלט געווען ווען רש"י זאָל ניט געווען אַנטשטיין?

כדי צו פאַרשטיין און אָפּשאַצן די, אין פלוג, אַזוי וואונדערלעך אויסערגעוויינלעכע דערשיינונג פון רש"יס סופּער-עקזיסטענץ אין דער אייביקייט פון אונדזער פאָלק און די ניט אָפּגעקילט-ווערנדיקע וואַרימקייט פון ליבע וואָס אונדזער פאָלק האָט צו זיין אָנדענק, מוז מען באַטראַכטן רש"ין, אַזוי צו זאָגן, היסטאָריאָזאָפיש; מען מוז אַ קוק טון, הייסט עס, וואָס באַדייטעט זיין אויפטו. פאַר דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק. נאָך קלאָרער: מיר מוזן נעמען אין אַ טראַכט טון, וואָס וואָלט געקענט געשען מיט אונדזער פאָלק, ווען אין דער העלפט פון עלפטן יאָרהונדערט, אין דער רעכטער פינצטערניש פון מיטלאַלטער, אין דעם רעכטן אָנהויב פון דער אַנטוויקלונג פון פעאָדאַליזם, ביים סאַמע אָנהויב פון דער שרעקלעכער עפּאָכע פון די קרייץ-צוגן, וואָלט ניט געווען זיך אָנהויבן אין ישראל יענער פראַצעס פון גייסטיקייט, וואָס רבי שלמה יצחקי-רש"י האָט אָנגעהויבן אין יאָר 1065 אין טרוא פון שאַמפּאַן, וואָס איז איצט אַ קליינע פראַנצויזישע פּראָווינץ-שטאָט?

מיר פאָרמולירן די פראַגע אַזוי:

— וואָס וואָלט געווען, ווען אין יענער פינצטערער, פאַרגרעבטער באַרבאַרישער צייט, ווען יידן האָבן געלעבט אַרומגערינגלט מיט אַזוי פיל שונאים, גראָבקייט און שלעכטסקייט וואָלט ניט געווען אויפשיינען דאָס ליכט פון תורה, ווי עס האָט יאָ אויפגעשיינט פון רש"יס ישיבה אין טרוא — פאָלקס-טימלעך, פּאָפּולער, צוגענגלעך פאַר יעדן יידישן מענטשן, ניט בלויז פאַר אַריסטאָקראַטן למדנים?

— וואָס וואָלט געשען מיטן יידנטום — פאָרמולירן מיר ווייטער, און אין אַ מער קאָנקרעטער פאָרם די זעלביקע פראַגע — ווען רש"י זאָל ניט געווען

קומען מיט זיין פירוש צו תורה און דער עיקר מיט זיין מערקווירדיקן פירוש צו, פאסט, גאנץ תלמוד און דערמיט אָנגעהויבן פון ס'ניי דעם פּראָצעס פון דעם ווייטערדיקן גייסטיקן וועבן אויף דעם טראַדיציאָנעלן געוועב פון תורה שבעל פה?

דער ענטפער אויף דער פראַגע, וואָס כהאָב אזוי קאָנקרעט געשטעלט, דאַרף ווערן געגעבן אויך קאָנקרעט, קורץ און ווי מעגלעך פּשוטער:

— מיר וואָלטן ניט געהאַט איצט אזא יידיש פאָלק. נאָר עטוואָס ענלעכעס צו א מין קאַראַאימער סעקטע.

איך באַנוץ אפילו ניט דאָס וואָרט אפשר. אזוי טיף איבערצייגט פיל איך, די אבסאָלוטע, די קאַטעגאָרישע וואַרהאַפטיקייט פון דאָס געזאָגטע; עס איז פאַר מיר ניט קיין „שמא“, נאָר א הונדערטער־פּראָצענטיקער „ברי“:

ווען ניט רש"יס פירושים בכלל, און איבערהויפּט, ווען ניט זיין פירוש צו תלמוד (געוויסע פּירושים און קאָדיפיקירונגען צום תלמוד און פון תלמוד זיינען געווען אויך פאַר אים — מיר באַטאָנען אָבער זיין פירוש, רש"יס, ווי ער האָט אים אויפגעפאַסט, פאַרשטאַנען און רעאַליזירט), וואָלט איצט קיין יידיש פאָלק ניט געווען. אין בעסטן פאַל, וואָלט געווען אזא אָדער אנדער מין קאַראַאימישער יידנטום, ניט קיין לעבעדיק, אַקטיוו, שאַפנדיק יידיש פאָלק.

רש"י האָט נעראַטעוועט דאָס יידישע פאָלק פון אונטערגאַנג; פון גייסטיקן אונטערגאַנג און, במילא, אויך פון מאַטעריעל־פיזישן נאַציאָנאַלן אומקום.

— ווי אזוי? מיט וואָס?

— דורך דעם, וואָס ער האָט דורך זיין פירוש — ווייל ער איז געווען ניט פאַר לומדים בלויז, נאָר אויך פאַרן פאָלק, פאַר קינדער אפילו — געמאַכט, אַז דער תלמוד זאָל ווערן אויב ניט קיין האַנט־בוך, איז א שטוב־בוך, א צוגעגנלעך בוך אין יעדן יידישן הויז.

דורך דעם, וואָס ער האָט געמאַכט אַז תורה זאָל ניט פאַרגעסן ווערן פון ישראל, אַז תלמוד זאָל אויפהערן צו זיין א תורה נאָר פאַר לומדים, פאַר יחידי־סגולה, פאַר לומדישער אַריסטאָקראַטיע און אַז תנ"ך זאָל יעדער יידיש קינד קענען לערנען און פאַרשטיין, האָט ער געראַטעוועט יידן פון אונטערגאַנג. דער עיקר אָבער, איז ער געוואָרן דער רעטער פון דעם קיום פון יידנטום דורך דעם, וואָס ער האָט דורך זיין פירוש פאַרשפּרייט דעם תלמוד־וויסן צווישן אַלע יידישע קרייזן.

היסטאָריש גענומען — איז רש"י, אַלזאָ, דער, א דאַנק וועמען עס איז געוואָרן דערהאַלטן דער קיום פון יידישן פאָלק, דורך דעם, וואָס רש"יס פירוש האָט געעפנט פאַרן פאָלק די ספרי־התלמוד. וואָס זיינען האַרט, איידער ער איז געקומען, שוין כמעט געוואָרן ווי א פאַרזיגלט בוך פאַרן פאָלק און אין זיין צייט, האָט דער תלמוד שיעור אָנגעהויבן צו ווערן שוין א וויסן בלויז פאַר יחידי־סגולה.

— 3 —

## דריי אויסטערלישע מאָמענטן אין אונזער געשיכטע — און רש"י דער פערטער

אַז מען גייט צו צום ענין, וואָס הייסט די באַדייט פון רש"י און זיין אָרט אין דער געשיכטע פון דעם גייסטיקן קאַמף, פון גייסטיקן געראַנגל פאַר אונדזער קיום, ניט פונם שטאַנדפונקט, ווי צו אַן איינצלנער פּערזאָן בלויז, ניט מיט דער אָפּשאַצונג, ווי צו אַ גדול נאָר, ווי צו אַ יחיד בלויז, וואָס האָט געווירקט אויף באַשטימטע געביטן, — מעגן זיי זיין ווי וויכטיק, ווי נרויס די דאָזיקע געביטן — נייערט מיטן צוגאַנג, ווי צו אַ דערשיינונג, וואָס קומט אין אַ באַשטימטן מאָמענט פון אַ געשיכטע-פּראָצעס, ווי צו אַ מאָמענט פון וועלכן עס הויבט זיך אָן אַ נייע ווענדונג, אַ נייע ריכטונג אין אָט דעם פּראָצעס און ער ווערט אַקטיווירט מיט מער אינטענסיוויטעט, מיט מער גייסטי-קער ענערגיע, אַזוי, אַז אנשטאָט צו באַדינען און נוצן יחידים, גייסטיקע אריס-טאָקראַטן, הויבט עס אָן צו נוצן און באַדינען דעם גאַנצן פאָלק (און אַזאַ איז דער צוגאַנג, וואָס מען וואָלט באַדאַרפט האָבן צום רש"י-ענין) ווערט קלאָר, אַז רש"י, די פּערזענלעכקייט און זיינע ווערק — הויפּטזעכלעך זיין פּירוש צום תלמוד — שטעלט מיט זיך פאָר אַזאַ מין קולמינאַציע מאָמענט אין דער יידישער געשיכטע, ווי גאָר ווינציקע, אַזאַ מין אויסטערלישן מאָ-מענט, ווי בלויז גאָר געציילטע זיינען פאַראַן אין דער געשיכטע פון יידישן געראַנגל פאַר זיין גייסטיקן קיום; געציילטע אין אַזאַ קליינער צאָל, אַז מען וועט ניט פאַרברויכן אַלע פינגער פון איין האַנט אפילו צו אויס-ציילן זיי.

עס ווערט קלאָר אַז די באַהויפּטונג וואָס איך האָב געמאַכט אויבן איז ניט קיין גוזמא; רש"י איז באמת דער רעטער פון יידישן גייסטיקן און, פאַלגלעך אויך פיזישן קיום.

עס ווערט אויך קלאָר, אַז דער פּראָצעס וואָס הויבט זיך אָן פון און מיט זיינע פירושים צו תורה און צו תלמוד און וועלכער איז פאַר-געזעצט געוואָרן דורך זיין שולע און זיינע נאָכפאָלגער, די בעלי-התוספות, אין צרפת, אין אשכנז, אין משך פון לערך צוויי הונדערט יאָר, איז געווען די באַ-נייאונג פון דעם פּראָצעס פון שפּינען און וועבן ווייטער דעם גייסטיקן געוועב פון דער תורה שבעל-פה אָבער אין אַ ריכטונג שוין ניט פאַר יחידים, נאָר ניט פאַר לומ-דישער אַריסטאָקראַטיע בלויז, נייערט פאַר די ברייטע שיכטן פון פאָלק; און דער דאָזיקער געוועב פון דער תורה שבעל פה, איז פאַרגעזעצט געוואָרן פון רש"ין און די בעלי-התוספות, צו די פוסקים, מבארים און מפלפלים פון ווייטערדיקן מיטל-אַלטער און דער נייער צייט, ביז צו די אחרונים, גאונים פון דער נייער צייט-אַלטער און פון זיי ווייטער און ווייטער, דורך דער נייעסטער ערא פון דער געשיכטע אין פראַנקרייך, דייטשלאַנד און איטאַליע, דורך פּוילן, גאַליציע, ליטע,

רופלאנד א. א. וו. ביז איצט צו טאָג אין ארץ-ישראל און אויפן אמעריקאנער קאָנטינענט.

דאָס איז דער זעלביקער פּראָצעס, די אומענדלעכע קייט פון ת ו ר ה - ש ב ע ל - פ ה - שאַפונג (ניט געקוקט, וואָס זי איז, אין דער ווירקלעכקייט א געשריבענע תורה, אָנהויבנדיק פון צווייטן יאָרהונדערט), וואָס ציט זיך, — אין גוואַלטיקע וואַריאַציעס אַרויסגערופענע דורך דער ענדערונג פון געאָגראַ-פישע, עקאָנאָמישע, כראָנאָלאָגישע און פּאָליטיש-היסטאָרישע אומשטענדן און באַדינגונגען, אין וועלכע עס איז יידן אויסגעקומען צו לעבן אין אָט דעם לאַנגן פּעריאָד — פון דער עפּאָכע פון די אנשי כנסת הגדולה ביז די רבנים און גאונים פון אונדזער צייט, א קיימא-לן פון אזעלכע 23 הונדערט יאָר. דער פּראָצעס פון ג ײ ס ט י ק ן ג ע ר א נ ג ל פ א ר א ו נ ד ז ע ר פ י ז י ש ן א ו ן נ א צ י אָ נ א ל ן ק י ו ם, וואָלט געדאַרפט באַצייכנט ווערן אַלס דער פּראָצעס פון דער אנטשטייאונג פון דער תורה שבעל פה, פון די ע ר ש ט ע תנאים, דורך דעם מסדר פון משנה, ביז צו דער אנטשטייאונג פון דעם תלמוד בבלי; און פ ו ן דאַן, ד ו ר ך די רבנן סבוראי, בעלי-דרוש, גאונים, ערשטע מבארים און אריבערפירער פונם תלמוד בבל און ארץ-ישראל, אין די יידישע ישובים אין אייראָפּע, ד ו ר ך די ערשטע ישיבות אין איטאַליע, דייטשלאַנד, לאָטרינגען, ד ו ר ך די בעלי-תוספות, ווייטער און ווייטער איבער גאַנץ אייראָפּע, איבער גאָר דער וועלט ב י ז היינט-צו-טאָג.

אין דעם דאָזיקן אומענדלעכן פּראָצעס, וואָס נעמט אַרום אונדזער וועג אין דער געשיכטע, איינגאַנצן פון דעם אָנהויב פון א ו נ ד ז ע ר היסטאָרישער ערע ביז איצט פ א ר נ ע מ ט ר ש " י איינעם פון די ק ו ל מ י נ א צ י ע-מ אָ מ ע נ ט ן, ווי איך האָב געזאָגט, איינעם פון די וויכטיקסטע, פון די באַ ד ײ ט נ ד י ק ס ט ע, פ ו ן ד י ג אָ ר ו ו י נ צ י ק ע מ אָ מ ע נ ט ן ל ו י ט ד ע ר ו ו י כ ט י ק ײ ט פ ו ן ז ײ ע ר ב א ד ײ ט ו נ ג: א מאָמענט, וואָס ב א ש ט י מ ט ד ע ם ג ו ר ל פ ו ן א ו נ ד ז ע ר ק י ו ם. און רש"י אליין — דורך דעם וואָס זיין ווערק האָט באַדייטעט פאַר דער פאַרזעצונג און אָפּפרישונג פון דעם פּראָצעס פון תורה שבעל-פה און פאַרן געבן אים א נייע אָריענטאַציע — איז געוואָרן ד ע ר ר ע ט ע ר פ ו ן א ו נ ד ז ע ר ג ײ ס ט י ק ן און, במילא, נ א צ י אָ נ א ל ן ק י ו ם.

אין היסטאָרישער חשיבות — נאַטירלעך, נעמענדיק אין באַטראַכט די אומ-שטענדן פון צייט, עפּאָכע, סביבה, גייסטיקע און סאָציאַלע באַדינגונגען פון יעדן איינעם פון די ווייטער אויסגערעכנט-ווערנדיקע מאָמענטן — אין ה י ס-ט אָ ר י ש ע ר ח ש י ב ו ת, וואָס דאָס האָט באַדייטעט פאַר דער ווייטער-דיקער נאַציאָנאַלער און קולטורעלער עקזיסטענץ פון אונדזער פאָלק, דאַרף דער ר ש " י - מ אָ מ ע נ ט: וואָס מיינט צו זאָגן ז ײ נ ע פ י ר ו ש י ם צ ו ת ו ר ה א ו ן צ ו ת ל מ ו ד, וואָס האָבן געעפנט די תורה שבכתב און תורה שבעל-פה פאַר די מאַסן פון אונדזער פאָלק אין גאָר דער וועלט' ווערן גע-שטעלט אויף איין נאַציאָנאַלער הויך מיט די פאָלגנדיקע מאָמענטן, אויסטער-לישע געשעענישן אין דער יידישער געשיכטע:

מיטן יאָר 444 פאַר דער קריסטלעכער ערע, אין ירושלים; דאָס יאָר ווען עזרא הסופר האָט פאַרעפנטלעכט פאַר יידן די תורה שבכתב און זי איז אָנגענומען געוואָרן, ווי די גייסטיקע און נאַציאָנאַלע קאָנסטיטוציע פון אונדזער פאָלק אויף אייביקע אייביקייטן.

מיטן סוף פון צווייטן יאָרהונדערט נאָך דער קריסטלעכער ערע — ווען רבי יהודה הנשיא האָט מסדר געווען די משנה אין זעקס סדרים און:

מיטן יאָר ה. ר"ס (500 יאָר פון ק. ערע). ווען דער לעצטער פון די מסדרים פון תלמוד בבלי ר' יוסי האָט פאַרענדיקט דאָס שליכן פון תלמוד, וואָס איז אָנגעהויבן געוואָרן פאַר אים דורך די אמוראים רב הונא און רב אשי.

— 4 —

## עזרא, ר' יהודה הנשיא און די לעצטע אמוראים

אין דער געשיכטע פון דעם גייסטיקן קאַמף פאַר אונדזער קיום זיינען די דאָזיקע דריי מאָמענטן די וויכטיקסטע:

עזרא האָט באַקאַנט געמאַכט און פּאָפּולער געמאַכט די תורה פאַר יידן; ער האָט די תורה ניט אויסגעטראַכט: זי איז געגעבן געוואָרן מגילות, מגילות, ווי דער תלמוד דריקט זיך אויס; זי איז געשאַפן געוואָרן דורך א גייסטיקן פּראָצעס וואָס האט זיך געצויגן הונדערטער יאָרן, אויף דער באַזע פון מינדלעכע טראַדיציעס, אויף דער באַזע פון א תורה שבעל פה, אויף דער באַזע פון געזעצן „דע פאַקטאָ" און מנהגים און טראַדיציעס, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן און איבגעארבעט געוואָרן, און איינגעוואָרצלט געוואָרן אין ישראל — פון די צייטן פון יציאת מצרים און כיבוש כנען, אין לויף פון דער עפּאָכע פון בית ראשון, פון משה רבנו ביז יחזקאל דעם נביא, דורך אַלע אַנאָנימע גייסטיקע שעפער, די כהנים און נביאים און, שפּעטער סופרים, ביז עזרא הסופר.

שוין דער תלמוד, וועלכער איז ווייט געווען פון א קריטיש-וויסנשאַפטלעכן צוגאַנג צו דער פאָרשונג פון דער תורה, האָט אָפּגעשאַצט די באַדייטונג פון עזראס אויפטו און דעם באַדייט פון אָט דעם קולמינאַציע-מאָמענט, וואָס דאָס יאָר 444 באַדייטעט אין דער געשיכטע פון ישראל: די דעפיניטיווע פאַרעפנטלעכונג פון דער תורה אַלס שריפטלעכער געזעץ פאַרן פאָלק, וועלכער איז צוריקגעקומען פון בבל, און האָט ערשט נעהאַט אָנגעהויבן זיין נאַציאָנאַל-קולטורעלן ווידער-איינפלאַנצן-זיך אויף דעם באָדן פון זיין פאָטערלאַנד, און אין פיל ערטער קערט זיך אום דער תלמוד צו אָט דעם מאָמענט און באַצייכנט אים ווי איינעם פון די העכסטע (2): „עזרא איז ראוי געווען אַז די תורה זאָל געגעבן ווערן דורך

---

(2) — מיר ברענגען דאָ אייניקע פון די פיל ערטער, וואו אין תלמוד ווערט דירעקט אָדער אומדירעקט גערעדט וועגן עזרא בן שריה הסופר.

מגילה טו, מגילת טז, ברכות ד׳ יומא ט׳ סנהדרין כא, און כב, סוכה כ, סוטה מח, שקלים, פרק ח' און אין אומצייליקע ערטער אין די מדרשים.

אים צו ישראל, ווען משה זאָל זיך אים ניט געווען פעדערן" (3); קלאָר, אַז די חכמי התלמוד האָבן שוין פאַרשטאַנען און געוואוסט, אַז ער איז טאַקע געווען דער, וואָס האָט זי געגעבן, וואָס האָט זי, לפּחות, רעדאַקטירט און באַקאַנט געמאַכט. ישראל איז ווערט געווען — ווערט געזאָגט אין אַ צווייטן פּלאַץ אין תלמוד (4) — אַז עס זאָלן געשען מיט זיי אַ נס ווי אין די צייטן פון יהושע בן-נון, נאָר די זינד (פון באַהעפטן זיך מיט פרעמדע פרויען), האָט גורם געווען". די חכמי-התלמוד האָבן גוט פאַרשטאַנען, אַז דער נס איז יאָ געשען: דער נס, וואָס די עולים פון בבל און די פאַרבליבענע אין יהודה פון פריער, האַלב אדומים, האַלב שומרונים, האַלב סתם געצנדינער, אויסגעמישטע מיט די אַרומיקע ניט-ישראלישע פעלקער האָבן זיך געקענט איינהאַלטן אין לאַנד, אַלס באַזונדער נאַציאָנאַל-עטנישער איינס און פון אַט דער כמעט אַמאָרפער מאַסע, האָט זיך אויסגעפורעמט און אויסקריסטאַליזירט דאָס פאָלק ישראל, אין לאַנד יהודה. דעם דאָזיקן נס — מיר באַצייכנען עס אַלס קולמינאַציע-מאָמענט אין דער ביז דאַמאָלסטיקער געשיכטע פון ישראל און יהודה — איז געווען עזרא הסופר, וואָס האָט פאַרעפנטלעכט פאַר ישראל די תורה.

עזרא הסופר האָט די תורה ניט אויסגעטראַכט; ווארום קיינער טראַכט ניט אויס קיין תורה. „די תורה איז געגעבן געוואָרן מגילותווייז, אָנהויבנדיק פון משה בן עמרם אויפן באַרג סיני. וואָס-זשע איז געווען עזראס אויפטו?

ער האָט צענויפגענומען, אין בבל, די „מגילות" פון די פאַריקע דורות, וואָס די כוהנים, די נביאים, די סופרים פאַר אים האָבן פאַרשריבן אין ישראל, אין יהודה, לויט די מסורות פון די צייטן פון משה און יהושע ביז אים, די מגילות וואָס האָבן זיך געפונען צווישן די גולים אין בבל און ער — האָט עס רעדאַקטירט; און דער עיקר, פּאָפּולאַריזירט, פאַרגעלייענט „לעיני כל ישראל" און „מפורש ושום שכל", פאַרגעלייענט און איבערגעגעבן עפנטלעך און דורך דעם געמאַכט עס פאַר אַ קנין פון גאַנצן פאָלק אויף אייביקע אייביקייטן.

אָט דאָס איז דער נס וואָס איז דאַן געשען, וואָס אין דעם נויטיקן מאָמענט, איז געקומען די פערזענלעכקייט, וואָס דער מאָמענט האָט געפאָדערט און האָט פּאָפּולאַריזירט די תורה אין ישראל און פאַרפּליכטעט יישראל צו מקיים זיין זי, ווי זייער שריפטלעכן געזעץ.

(3) — תניא ר' יוסי אומר: ראוי היה עזרא שתנתן תורה ע"י לישראל אילמלא קדמו משה. במשה מה הוא אומר: (שמות יט'), ומשה עלה אל האלהים, בעזרא הוא אומר (עזרא ז') הוא עזרא עלה מבבל, מה עליה האמור כאן תורה, אף עליה האמור לחלן תורה, במשה הוא אומר (דברים ד'), ואותי ציוה ד' בעת ההיא ללמד אתכם חוקים ומשפטים, בעזרא הוא אומר (עזרא ז'), כי עזרא הכין לבבו לדרוש את תורת ד' (אלהיו) ולעשות וללמד בישראל חוק ומשפט, ואף על פי שלא נתנה על ידו נשתנה על ידו הכתב (סנהדרין כא', עמוד ב').

(4) — ברכות ד' — אמרו חכמים: ראוים היו ישראל ליעשות להם נס בימי עזרא, בדרך שנעשה להם בימי יהושע בן נון, אלא שגרם החטא.

עזרא האָט ניט אויסגעטראַכט, ניט געשאַפן די תורה; ער האָט זי נאָר רעדאַקטירט, פּאָפּולאַריזירט און זי געמאַכט פאַרן אייגנטום פונם יידישן פאָלק. דורך דעם האָט ער געראַטעוועט אין יענעם מאָמענט, אין יענע היסטאָרישע באַדינגונגען, אין יענע אומשטענדן, ישראל פון אונטערגאַנג, אַוועקלייגנדיק די באַזע פאַר זיין גייסטיקן און נאַציאָנאַלן קיום.

אַז מיר קוקן אריין טיפער, מיט אַ צוגאַנג אַ היסטאָריזאָפּישן, אַזוי צו זאָגן, אין דעם גייסטיקן לעבן פון אונדזער פאָלק אין דעם מאָמענט ווען רש"י אַנטשטייט, מיט זיין אויפטו צו מפרש זיין, כדי צו מאַכן צוגענגלעך פאַר יעדן, מפרש זיין כדי צו פּאָפּולאַריזירן תורה, און דער עיקר תלמוד, זעען מיר אַז אין דעם מאָמענט און אין רש"יס אויפטו הזרן זיך איבער אַלע עלעמענטן, וואָס זיינען געווען אין דער אַקטואַציע פון עזרא הסופר.

ער האָט אויך צונויפגענומען די פירושים, די קונטרסים, וואָס זיינען געווען פאַראַיים געשאַפן שוין אויף תלמוד, די פירושים און די דערהויבענע מדרשי-אַגדה, וואָס זיינען געווען פאַראַיים אויף די פסוקים פון תורה, האָט זיי געלייטערט, ווי מען לייטערט גאָלד אין דעם טעכט פון זיין זשעני, האָט זיי פאַרגלייכט, רעדאַקטירט, געזיפּט, גערייניקט, אויבגעפורעמט, מכדר געווען, משלים געווען דורך שאַפונגען פון זיין אייגענער גאונות. דאָרט וואו עס האָט אים געפעלט תורה פון זיינע לערער אָדער פון קדמונים; האָט דאָס אַלעס געמאַכט ווי מעור אחד און האָט עס רעדאַקטירט און פּאָפּולער געמאַכט — דורך זיין וואונדערלעכן קאָמענטאַטאָרישן טאַלאַנט און זיין מערקווירדיקער העברעאיש-לינגוויסטישן חוש און פעאיקייטן — אַזוי, אַז דאָס פאָלק האָט די אויגן געעפנט און דערזען די תורה, און האָט אָנגעהויבן אָן איבעריקער שווערקייט פאַרשטיין און אויפנעמען דעם תלמוד, וואָס איז פאַר אים געווען, ווי אַ ספר החתום פאַרן פאָלק. רש"י האָט, אַלזאָ, ווי עזרא אין זיין צייט, אונטערגעטראָגן פאַר די אויגן פון כלל ישראל „מפורש ושום שכל" די תורה שבכתב און די תורה שבעל פה, תנ"ך און תלמוד.

און דערמיט, וואָס ער האָט געמאַכט, אַז תלמוד זאָל ניט פאַרגעסן ווערן פון ישראל קיינמאָל — און נאָר ער און זיין פירוש האָבן עס געמאַכט — האָט ער געראַטעוועט ישראל פון אונטערגאַנג, פונקט ווי עזרא אין זיין צייט האָט געלייגט די באַזע פאַר דער ווייטערדיקער עקזיסטענץ פון אונדזער אומה, אין אַ מאָמענט ווען דאָס פאָלק האָט געדראָט פאַרשלונגען צו ווערן צווישן די אַרומיקע פעלקער (און דווקא אויף זיין לאַנד), איבער דעם, וואָס עס איז נאָך ניט געווען רעדאַקטירט די שריפט, וואָס זאָל גייסטיק פאַרפעסטיקן זיין נאַציאָנאַל-מלוכהשן קיום.

און מיט פולער איבערצייגונג, אָן שום הגזמה קען צו דער היסטאָרישער באַדייטונג פון רש"יס אויפטו, ווערן אָנגעווענדעט די דערהויבענע אָפּשאַצונג, וואָס דער תלמוד זאָגט וועגן עזראן: „געזאָגט האָט ריש לקיש: אַנפאַנגס ווען די תורה איז פאַרגעסן געוואָרן פון ישראל, איז אַרויפגעקומען עזרא פון בבל און

האָט זי פאַרפעסטיקט; או אַז זי איז שפּעטער ווידער פאַרגעסן געוואָרן, איז אַרויפגעקומען הילל פון בבל און האָט זי פאַרפעסטיקט, און אַז זי איז ווידער פאַרגעסן געוואָרן איז געקומען רבי חייא און זיינע קינדער און האָבן זי פאַר-פעסטיקט" (5).

און אַז זי איז שפּעטער ווידער שיעור ניט פאַרגעסן געוואָרן, איז געקומען רש"י און האָט דורך זיין אויפטו פאַרפעסטיקט די תורה און ער האָט געמאַכט אַז זי זאָל שוין קיינמאָל ניט פאַרגעסן ווערן.

און תורה — אין זינען פון אייביקן, קיינמאָל ניט איבערגעריסן-ווערנדיקן פּראָצעס פון  ג י י ס ט י ק ע ר  נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר  שאַפונג אויף דער באַזע, קאַנוועס און לערע פון די ראשונים: פון די נביאים, סופרים, תנאים, אמוראים און סבוראים — איז געווען דער דערהאַלט פון אונדזער אומה און איר רעטונג. והראיה: די כיתות און כעקטעס אין אונדזער פאָלק וואָס האָבן דאָס דאָזיקע ניט געוואָלט אַנערקענען, וואָס האָבן זיך אָפּגעטיילט פון אָט דעם פּראָצעס פון תורה-שבעל-פה, זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן, אָפּגעטרוקנט געוואָרן פון דעם שטאַם פון ישראל און פאַרלאָרן געוואָרן אין דעם קעסל-גרוב  פ ו ן  צ י י ט  און פון געשעענישן, וואָס צוזאַמען הייסט עס געשיכטע: פון די שומרונים און צדוקים ביז די קראים (קאַראימעס) איינצעלנע רעשטן פון וועלכע זשיפען נאָך ערגעץ-וואו. האָט די ווירקלעכקייט באַשטעטיקט די דאָזיקע וואַרהייט: אַז די לערע פון חכמים, אויף דער קאַנווע פון דער תורה, אָנגעקניפּט עוואָלוטיווי, בהדרגה, פּראָצעס-מעסיק, דאָס נייע, די נייע לערע, אויף דער טראַדיציע פון דער מקרא, און אַזוי אַז די לערע זאָל זיין דאָס וויסן פון פאָלק, ניט פון איינצלנע געלערנטע און אַקאַדעמיקער, אַז משנה, הלכה און אגדה — פאַרייניקט אין תלמוד — האָבן יידן ניט געהאַט קיין נאַציאָנאַלע לעבנספעאיקייט און פאַר-וואַנדלט געוואָרן אין אומוויכטיקע סעקטעס. וואָס זיינען לאַנגזאַם, אין לויף פון דער צייט, אָבגעשטאָרבן דורך פאַרמישונג מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג.

— 5 —

## זיי דריי, און רש"י דער פערטער

און דאָס זעלביקע וואָלט, נעווייס, געווען אויך דער גורל פון די יידישע דורות אין מיטלאַלטער, ווען דאָס גייסטיקע שאַפן פון די פאַריקע דורות — דער תלמוד — וואָלט פאַרגעסן געוואָרן.

און אין רשי"ס צייטן האָט עס געהאַלטן ניט ווייט פון דעם, ווייל דאַן, צוליב דער ווייטקייט אין צייט, צוליב דעם אונטערשייד אין אָרט, שפּראַך, לעבנס-באַדינגונגען און לעבנס-אומשטענדן — פון  ב ב ל,  פון די ערשטע פינף יאָר-הונדערטער  ב י ז  פ ר אַ נ ק ר יי ך - דייטשלאַנד - לאָטרינגען פון צענטן-

(5) — סוכה כ' — „אמר ריש לקיש: הריני כפרת רב חייא ובניו שבתחילה כשנשתכחה תורה מישראל עלה עזרא מבבל ויסדה; חזרה ונשתכחה, עלה הילל הבבלי ויסדה; חזרה ונשתכחה, עלו רבי חייא ובניו ויסדוה.

עלפטן יאָרהונדערט, — האָט דער תּלמוד און אפילו די תּורה אָנגעהויבן ווערן פאַרגעסן אין פאָלק און בלייבן אַ וויסן, אַ קענטעניש פון וואָס ווייטער אַלץ קלע-נער-ווערנדיקע גרופּעס אין ישראל...

עס האָט זיך געוויטיקט אַז אָפּפרישנדיק, פּאָפּולאַריזירנדיק ווערק, וואָס זאָל מאַכן אריינברייננגען ווי די תּורה שבכתב אַזוי תּלמוד, אין יעדן יידישן הויז, כדי זי זאָל געגעבן ווערן פונדאַסניי צום פאָלק, כדי זי זאָל ווידער געשטעלט ווערן אין באַזיץ פון פאָלק, ווי אין די צייטן פון עזרא — די תּורה; ווי די משנה, דורך דער רעדאַקציע פון רבי יהודה הנשיא אין צווייטן יאָרהונדערט. וואָס האָט דורך דעם אויפגעטון אַז אויפטו, ווי עזרא: ער האָט נאָך אַמאָל פונדאַסניי די תּורה געגעבן ישראל. שוין נאָכדעם ווען זיי האָבן זייער פּאָליטישע אומאָפּהענגיקייט פאַרלאָרן און געלעבט נאָך טיילווייז אין ארץ-ישראל, האַלטנדיק אין פאַרשפּרייט ווערן דאַן שוין איבער די לענדער פון דער רוימישער אימפּעריע, אין אַזיע, אַפריקע און אייראָפּע; און ווי דער תּלמוד בבלי דורך דעם אויפטו, פון רב הונא, ר' אשי און פונם לעצטן אמורא און ערשטן סבוראי ר' יוסי, אין יאָר ר"ס לאלף הרביעי — פינפטער יאָר-הונדערט — וואָס האָט דעפיניטיוו געשלאָסן דעם תּלמוד, אַלס אַן אייביקן גייסטיקן ווערט פון אונדזער פאָלק, וואָס איז כולל אויך די משנה, רעדאַקטירטע מיט דריי הונדערט יאָר פאַר דעם, און ווי די תּורה מיט קנאַפּע זיבנהונדערט יאָר פאַר דער משנה.

רש"י איז געווען דער. וואָס האָט די דאָזיקע אָפּפרישונג דורכגעפירט אַ דאַנק זיין פירוש צו תּלמוד, וואָס איז געווען ניט נאָר אַ סיסטעמאַטישער. אַן אויס-שעפּנדיקער, אַ פּאָפּולערער. אַן אויסגעהאַלטענער אין גייסט פון דער פרומער טראַדיציע און אין דער זעלביקער צייט ניט קיין עקסטרעם קנאַישער, נייערט אויך אַ מין כולל פון פירושים, אַן אַפּשלום פון די חידושים און פירושים, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן פאַר אים, פון די צייטן פון די סבוראים און גאונים ביז זיינע רביים, די תּלמידים פון רבנו גרשם מאור הגולה. און די פירושים, וואָס יענער האָט באַקומען בקבלה פון זיינע רביים.

רש"י איז אויך געווען אַ התם; ער איז געווען דער אָפּשלי-סער פון דעם אַזוי גערופענעם פעריאָד פון דעם קונטרסים-פירוש; און דער אָפּ-שליסער פון דעפיניטיוון טעקסט פון תּלמוד, וועלכן ער האָט געריניקט פון גרייזן, פון צוגעשריבענע נוסחאות, כדי צו פעסטשטעלן אַ וויסנשאַפטלעך ריכטיקן פנים.

ער האָט צוזאַמענגענומען וואָס איז געווען פאַר אים געשריבן און געשאַפן אויף דעם געביט פון אויפקלערן תּלמוד, האָט עס סיסטעמאַטיזירט, פּאָפּולאַריזירט, צוזאַמענגעשטעלט אַ דעפיניטיוון טעקסט פון תּלמוד, באַקרוינט אים מיט זיין פירוש, וואָס איז געווען אי אויספירלעך, אי לייכט פאַרשטענדלעך, אי מעטאָדיש, אי תּלמודיש, וועזנטלעך און אין גייכט, — אי אויסשעפּנדיק — און האָט דאָס אונטערגעטראָגן דעם פאָלק, געמאַכט אַז עס זאָל קענען ווערן אַ לערן-ספר ניט נאָר אין ישיבה, נאָר אין יעדן יידישן הויז. האָט ער מיט דעם און דורך דעם געגעבן נאָך אַמאָל תּורה (די גאַנצע תּורה) צום פאָלק: און האָט

דורכדעם גערעכטעוועט ישראל פון גייסטיקן אומקום וואס וואלט אין מיטלאלטער געווען אנטשטאנען ווען מען זאל דעם תלמוד ניט געווען קענען לערנען און די תורה ניט געווען קענען מאכן אלס א לער-בוך פאר תינוקות של בית רבן. פאלגלעך: רש"ים אויפטו האט גערעטעוועט יידן פון א זיכערער ק א ר א י - מ י ז י ר ו נ ג, וואס וואלט געווען אנטשטיין, ווען מען זאל דעם תלמוד ניט געווען פארוואנדלען אין א לימוד פארן ברייטן פאלק.

ר ב נ ו ש ל מ ה י צ ח ק י האט אין זיין צייט געטון עקזאקט דאס זעלביקע וואס ע ז ר א האט געטון אין זיין צייט.

ר ב נ ו ש ל מ ה י צ ח ק י האט געטון אין זיין צייט עקזאקט דאס זעלביקע וואס עס האט געטון ר ב י י ה ו ד ה ה נ ש י א בשעתו; יענער האט געזאמלט אלע מ י נ ד ל ע כ ע ט ר א ד י צ י ע ס און ל ע ר ע ס: גייסטיקע, מאראלע, רעליגיעזע, עקאנאמישע, סאציאלע, לעבנס-שטייגערישע, א. א. וו. וואס אלע חכמים, אנהויבנדיק פון די אנשי כנסת הגדולה ביז דעם לעצטן פון די תנאים, ביז איך, האבן געשאפן, נעלערנט, געדרשנט אין די בתי-מדרשים, און האט עס איינגעטיילט אין סדרים, מסכתות און פרקים, און רעדאקטירט אין א וואונדערבארן פאלקסטימלעכן, אבער וויסנשאפטלעך-פרעציזן העברעאיש, דאן די גערעדטע שפראך פון פאלק. און האט עס געמאכט דורך דעם פאר א קנין פון גאנצן פאלק, אויף אייביק. און דורך דעם האט ער, רבי אין זיין צייט, גערעטעוועט פון גייסטיקן אומקום דאס פאלק, וואס האט דאן שוין נעהאלטן שטארק אוואנסירט אין דעם פראצעס פון צ ע ש ט ו י ב ט ווערן דורך א י ב ע ר ו וא נ ד ע ר ו נ ג פון ארץ-ישראל און בבל אין איי-ראפע, און אין אפריקע. די משנה האט דאן גערעטעוועט דאס יידנטום.

ר ב נ ו ש ל מ ה י צ ח ק י האט, אין זיין צייט, געטון דאס זעלבע, וואס די לעצטע אמוראים האבן געטון דורך קאדיפיקירן דעם תלמוד; וואס מיינט צו זאגן, צונויפזאמלען די לערעס פון די אמוראים, וואס האבן זיך אנגעהויבן מיט א ב א א ר י כ א (רב) רבי יהודה הנשיאס בן גיל, אליין האלב-תנא האלב-אמורא און פארענדיקן זיך מיט ר' יוסין — א פראצעס פון דריי הונדערט יאר פון גייסטיקן שאפן און לערנען. און זיי האבן עס רעדאגירט, אויף זייער שטייגער, נעשריבן ווי זיי האבן עס געזאמלט אין דעם יי ד י ש פון יענער צייט, אין דער פאלקס-שפראך פון יענער צייט — — העברעאיש און אראמיש — כדי עס זאל זיין פארשטענדלעך פארן פאלק, פאר זיינע ברייטסטע שיכטן; און זיי האבן ווייטער עס סיסטעמאטיזירט, לויט זייער שטייגער דאן און צוגאנג, דאן, צום באגריף פון סיסטעם און סדר, אין די זעלביקע סדרים ,מסכתות, פרקים און באזירט אויף די זעלביקע משנות, וואס רבי יהודה הנשיא האט גע-ארדנט אין זיינע זעקס סדרים. די מ ס ד ר י ם פון תלמוד האבן דורך דעם יו י ד ע ר א פ ג ע פ ר י ש ט, צוגענגלעך געמאכט פארן פאלק די תורה וואס איז געווען, ה א ט ג ע ד א ר פ ט ז יי ן א ו ן א י ז פ א ר ב ל י ב ן דער קוואל פאר דער דערהאלטונג פון דער אומה אין די גלות-וואנדערונגען. און דורך דעם האבן זיי, די מסדרים פון דעם תלמוד, אין זייער צייט גערעטעוועט די אומה און פארפעסטיקט ווייטער איר קיום און איר גייסטיקן שאפונגס-קוואל,

פאַרהיטנדיק איר פון פאַרגליווערונג, פאַרשטיינערונג — דאָס וואָס מיר באַצייכנען מיטן וואָרט: קאַראַימיזאַציע.

רש״י האָט אין זיין צייט, געטון אַלזאָ, אַן אויפטו פון דער זעלביקער ווערטיקייט, ווי די וואָס עס האָבן געטון, אין די אויסטערלישע מאָמענטן פון אונדזער געשיכטע, פאַר אים, עזרא, ר׳ יהודה הנשיא און די אמוראים, וואָס האָבן דעם תלמוד געשלאָסן און דעפיניטיוו רעדאַקטירט און קאַנאָניזירט. זעענדיק, אַז דאָס פאָלק פאַרשטייט שוין שווער דעם תלמוד, אַז אָט-אָט וועט מען אים פאַרגעסן און, אויב מען וועט אים פאַרגעסן קען חלילה יידישקייט אונטערגיין און זעענדיק אַז אַפילו דאָס פאַרשטיין תנ״ך הויבט אָן פאַרמינערט צו ווערן צווישן די ברייטע יידישע פאָלקס-מאַסן, האָט רש״י דורך אַ פירוש אויף תורה פאַרטריבן עם-הארצות פון די יידישע געמאַרקן און דורך זיין פירוש אויף תלמוד וואָס האָט ווי אַ שוואָם איינגעזאַפּט דאָס גאַנצע פאָריקע, וואָס איז אויף דעם געביט פון פירושים געשאַפן געוואָרן, האָט ער געעפנט דעם תלמוד פאַר יעדן יידישן מענטשן, און געעפנט יעדעס יידישע הויז פאַר דעם תלמוד; ער האָט געגעבן פונדאָסניי די תורה שבעל-פה די יידן און דערמיט געראַטעוועט די יידן פון מיטלאַלטער פון קאַראַימיזירונג, וואָס מיינט צו זאָגן פון גייסטיקער פאַרגליווערונג, פון אָפּגעריסנקייט פון דעם גייסטיקן אורקוואַל.

— 6 —

## די אַנאַלאָגיע שטימט אין אַלע פּרטים

רש״ים אָרט אין דער יידישער געשיכטע, ריכטיקער — אין דער געשיכטע פון דעם גייסטיקן פּראָצעס וואָס הייסט יידישקייט — איז, פאָלגלעך, זייט ביי זייט מיט דעם אָרט וואָס עס פאַרנעמט עזרא, וואָס עס פאַרנעמט רבי יהודה הנשיא, וואָס עס פאַרנעמען די לעצטע אמוראים קאָדיפיקאַטאָרס פון דעם תלמוד בבלי. און צו דער אָפּשאַצונג פון זיין לעבנס-ווערק דאַרף אָנגעווענדעט ווערן די זעלביקע מאָס, וואָס צו דער אָפּשאַצונג פון זייערע אויפטוען רעספּעקטיוו. זיי האָבן געראַטעוועט דאָס יידישע פאָלק פון גייסטיקן אונטערגאַנג, אין אויסטערלישע מאָמענטן פון אונדזער געשיכטע, און ער, רש״י, האָט געראַטעוועט דאָס פאָלק פון עם-הארצות דורך זיין פירוש צו תורה, און פון גייסטיקער פאַרגליווערונג דורך זיין פירוש אויף תלמוד, וואָס האָט דערקלערט דעם תלמוד, געמאַכט אים פאַרשטענדלעך פאַר יעדן, פאָלגלעך פאַרהיט אַז ער זאָל ניט פאַרגעסן ווערן צוליב אומפאַרשטענדלעכקייט; און פאַרהיטנדיק אַז תלמוד זאָל ניט פאַרגעסן ווערן איז רש״י, דורך דעם געוואָרן דער דעריהאַלטער פון דעם יידישקייט-פּראָצעס, דער רעטער פון דעם קיום-האומה.

און מערקווירדיק ווי די אַנאַלאָגיע צווישן דעם אויפטו פון רש״י און זיין דערגרייכונג פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון תורה, אַלס באַזע פאַרן קיום פון יידישקייט, און די אויפטוען פון עזרא הסופר און פון די מסדרים פון ש״ס און תלמוד בבלי, האַלט אויס אינגאַנצן אין אַלע פּרטים.

ניט נאָר זיינען ענלעך די דאָזיקע מאָמענטן אין דעם פּרט, פונם לעבן פון די יידישע מאַסן צווישן די אַרומיקע פעלקער — באַזונדערס די צייט פון חתימת התלמוד צו דער צייט פון רש"ין, אין דעם פרט פון איבערבּרוך, וואָס קומט אין יעדן איינעם פון די מאָמענטן פון דער מענטשהייט: אָ נ ה ו י ב פון אמתן מיטלאַלטער, אין דער צייט פון חתימת התלמוד און אָ נ ה ו י ב פון פעאָדאַ־ליזם, וואָס צעברעכט, פאַרבאַרבאַריזירט די אייראָפּע פון מיטלאַלטער אין רש"יס צייטן, ניט נאָר זיינען די דאָזיקע מאָמענטן ענלעך צווישן זיך אין דעם פרט פון דעם שווערן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן מצב אין וועלכן יידן קומט אויס צו לעבן דאַן — נייערט די ענלעכקייט צווישן די אָנגעוויזענע אויסטערלישע מאָ־מענטן און דעם מ אָ מ ע נ ט פ ו ן ר ש " י און פון זיין אויפטו, דריקט זיך אויס אין דעם פּרט פון דינען אַלס אָפּשטייג־פּונקט פאַר ווייטערער נייער פאָרזעצונג פון דעם פּראָצעס צו וועבן דעם געוועב פון תורה שבעל פה, אָנקניפּנ־דיק די נייע געוועבן פון דעם גייסטיקן שאַפן אָן די פּערדים, געשאַפענע פון די פאַריקע דורות.

נאָכדעם ווי עזרא הסופר האָט קאָדיפיצירט די תורה און זי איבערגעגעבן צום פאָלק, הויבט זיך אָן די ערא פון די אנשי כנסת הגדולה, וואָס זעצן פאָר דאָס לערנען אויף דעם סמך פון דער מקרא: — התורה נדרשת — אַנטשטייען די חכמים, די תנאים; דורות־לאַנג ציט זיך דער פּראָצעס, און ער ווערט פון רבין אָפּגעשלאָסן דורך דעם סידור המשנה.

אָבער דורך ד ע ם גופא, דורך רבים סידור המשנה ווערט גלייך ווײ־טער פאָרגעזעצט — אין צוויי גרויסע אָפּצווייגונגען: ארץ־ישראל און בבל — דער זעלביקער פּראָצעס פון דעם גייסטיקן שאַפן, הגם די ריכטונג, פאָרם פון דער עקספּאָזע, דעבאַטע און אויך די שפּראַך ווערן טיילווייז געענדערט. אבא אריכא פאַרבינדטביידע טיילן פונם פּראָצעס, ער איז סוף אמוראימטום; אָן אמורא און אַ תנא אין דער זעלביקער צייט. אויף דער ק אַ נ ו ו ע פ ו ן ד ע ר מ ש נ ה ווערט געהאָפטן דאָס גייסטיקע געוועב פון דורות אמוראים: ד ע ר ת ל מ ו ד.

דער מאָמענט פון סידור המשנה דינט אַלס אָנהויב, אַלס אָנרעגונג, אַזוי צו זאָגן, פאַר אַ נייער גייסטיקער אַקטיוויטעט, דער קולמינאַציע־פונקט פון וועלכער איז ה ח ת י מ ת ה ת ל מ ו ד.

רש"יס פּירושים, אַנאַלאָגיש צו דעם, דינען אויך אַ ל ס אָ נ ה ו י ב פון באַנייאונג, פון אָפּפרישונג, פון אינטענסיווע אַקטיוויזירונג אין דעם גייסטיקן פּראָצעס, וואָס הייסט די פ אָ ר ז ע צ ו נ ג פ ו ן ד ע ם ת ל מ ו ד - ג ע־ו ו ע ב. רש"י שאַפט אַ ש ו ל ע: די בעלי־התוספות, די ערשטע פון וועלכע זיינען געווען אפילו פון זיין פאַמיליע און אָפּשטאַם, און די בעלי־התוספות — אַ פּראָצעס פון עכטן תלמוד־שאַפן אין משך פון אַזעלכע צוויי הונדערט יאָר, הויבן אָן מיט שטודירן דעם תלמוד — ד ו ר ך ר ש " י ס פירוש, זיי פאַר־טיפן זייער אַרבעט, גייען אַריבער, שפּעטער, פון רש"יס אינדוקטיוון מעטאָד צו דעדוקטיוון, פון סינטעז און אַנאַליז, פון פשטות צו עמקות און חריפות,

פון הסבר צו פלפול; זיי ווענדן אָן עקזאַקט די זעלביקע מעטאָדן פון דעבאַטע און אפילו דיאַלעקטיק, וואָס די אמוראים.

די בעלי-התוספות, אַרויסגעקומענע פון רש״יס שולע און פון דעם מאָמענט, וואָס זיין פירוש באַדייטעט אין דער געשיכטע פון תורה שבעל פה, זיינען, אייגנטלעך... ת ל מ ו ד: אַ פאָרזעצונג פונם תלמוד בבלי אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד, אָנהייבנדיק פון פינף יאָרהונדערטער נאָכדעם ווי ער איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן אין בבל, און ריכטיק האָט אָנגעוויזן רבי מ. א. עמיאל, דער הויפּט-רב פון תל-אביב אין זיינער אַן אַרבעט וועגן די בעלי-התוספות, אַז „ווען מיר נעמען אַריין אַ גרויסן טייל פון די רייד פון די בעלי-התוספות אין דעם תלמוד גופא און שרייבן אויף זייער שקלא וטריא די נעמען פון פאַרשיידענע אמוראים, וואָלטן מיר, זיכער, קיין שום שינוי ניט געפילט און מיר וואָלטן באמת געמיינט, אַז דאָס איז פון דעם תלמוד גופא" (6).

די בעלי-התוספות זיינען די אמוראים פון עלפטן און צוועלפטן יאָרהונדערט אין דייטשלאַנד און פראַנקרייך. און פאַר זיי איז, אָנפאַנגס, רש״י געווען דער זעלביקער מאָטיוו פאַר אָנרעגונג צו גייסטיקן שאַפן, די זעלביקע קאַנווע צו דרשנען ווייטער דעם תלמוד, וואָס ר ב י און זיין מ ש נ ה איז געווען פאַר די ערשטע אמוראים, וואָס האָבן אָנפאַנגס פאַרגעזעצט די ו ע נ ן פון דער מ ש נ ה און גמרא און וואָס ווייטער אַליין מער דיפערענצירט זיך פון דעם שטייגער, אָריענטאַציע און מעטאָדן פון די תנאים. די אַנאַלאָגיע איז פאָרמיטעפּלעך אין אַלע אירע פרטים און אין דאָס גאַנצע.

רש״י איז ווי עזרא הסופר, ווי רבי יהודה הנשיא, ווי די ל ע צ ט ע א מ ו ר א י ם — ד ע ר גייסטיקער ריז, וואָס האָט אין אַ וויכטיקן א י ב ע ר ב ר ו ך -מאָמענט אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק דורך זיין אויפטו ניטנאָר פאַרפעקטיקט, אַז די תורה זאָל ניט פאַרגעסן ווערן, אַז זי זאָל ווערן דערגרייכבאַר פאַרן פאָלק, נייערט ער האָט אויך, ווי זיי אין זייער צייט, אויפגעשטעלט אַ שולע, וואָס האָט פאַרגעזעצט ווייטער די ת ל מ ו ד - ש אַ פ ו נ ג ע ן, דורך די בעלי-התוספות, ווייטערדיקע גאונים און רבנים, בעלי פלפול, בעלי-הלכה און פוסקים ביז אונדזער צייט, דער געוועב געווען באַנייט דורך רש״י — און ווערט מער ניט איבערגעריסן.

אין דעם מאָמענט פון א י ב ע ר ב ר ו ך ביים אָנהויבן פון דער שוועדער צייט פון פעאָדאַליזם האָט רש״י דורך זיין לעבנס-ווערק און זיין אויפטו באַוואָרנט און דערגרייכט, אַז דער א י ב ע ר ב ר ו ך זאָל ניט ווערן קיין צ ו ז א מ ע נ ב ר ו ך: ער האָט גערעטעוועט ד ע ם ת ל מ ו ד פון פאַרגעסונג, און אָנהויבנדיק פון א י ם איז ער אָפּגעפרישט און באַנייט געוואָרן דורך ווייטערדיקן לערנען, אין נייעם פאַרטיפן און אויסברייטערן, און דורך דעם ווערט דערהאַלטן דער קיום פון דער אומה.

---

(6) — „שאם היו מכניסים חלק גדול מדברי התוספות לתוך התלמוד גופא והיינו רושמים על השקלא וטריא שלהם שמות אמוראים שונים, בודאי שלא היינו מרגישים שום שינוי, והיינו חושבים באמת שזהו מדברי התלמוד גופא" — הרב מ. א. עמיאל „רבותינו בעלי התוספות", ההד 7, ה'תרצ"ט.

מ י ר פאַרשטייען עס איצט און דרינגען עס אַרויס איצט דורך פאַרטיפן זיך אין דעם באַזונדערן גאַנג פון אונדזער געשיכטע, דורך שטודירן דעם פּראָצעס פון דעם גייסטיקן יידישקייט-שאַפן אין לויף פון דורות און צייטן. מיר פ א ר-ש ט י י ע ן עס, ש ט ו ד י ר ן עס אויס דורך דעם מעטאָד פון געשיכטע-אַנאַלאָגיעס. די ק ד מ ו נ י ם, די בעלי-התוספות, כמעט תיכף נאָך רש"ין האָבן עס פשוט ג ע פ י ל ט, ג ע ש פּ י ר ט אינטואיטיוו. זיי האָבן געפילט, אַז רש"י איז געווען פאַר זיי, ווי רבי פאַר די אמוראים, ווי עזרא פאַר דער כנסת-הגדולה — אַלץ, דער קוואַל פון זייער גייסטיק לעבן; און אָט די שפּירונג האָט אויף אַ וואונדערבאַרן אופן אויסגעדריקט דער ראב"ן, וואָס האָט געלעבט אין צוועלפטן יאָרהונדערט, אין זיין ספר „צפנת פענח", אין דעם שטעל, וואָס מיר האָבן געבראַכט אַלס עפּיגראַף פאַר דער דאָזיקער אַרבעט: „פון זיינע וואַסערן טוען מיר טרינקען און פ ו ן ז י י ן מ ו י ל ל ע ב ן מ י ר", ווארום „ער האָט אויפגעשטעלט פאַר דער וועלט אַ ד ר י ט ן ג ע ש ט ע ל און האָט פאַרגרעסערט די תורה און זי געטון קרעפּטיקן".

רש"י האָט אויפגעשטעלט פאַר דער וועלט אַ דריטן געשטעל אין תורה; וועלכע זיינען געווען די פריקע געשטעלן?

ביז רש"ין איז געווען צוויי: מקרא און תלמוד, וואָס איז כולל משנה און גמרא (הלכה און אגדה). רש"י האָט אויפגעשטעלט דעם „דריטן געשטעל":

— מקרא, תלמוד און רש"י.

זיין אָרט אין דער געשיכטע איז זייט ביי זייט מיט עזראן, מיט רבין און מיט רב הונא, רב אשי און רב יוסי, ווייל זיין אויפטו גלייכט זיך אין פולער ווערט צו זייערן.

וועגן רש"יס אָרט אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק, וואָלט מען געקענט לערנען אין סיגנון המשנה, אַזוי צו זאָגן:

שנו הכמים בלשון המשנה: שלשה הצילו את ישראל מטמיעה ואבדון רוחני — כל אחד בזמנו עשה מה שעשה לפי צורך השעה — ואלו הם: עזרא הסופר, רבי יהודה הנשיא והאמוראים האחרונים שחתמו את סדרי הבבלי. ובא הרביעי, רבנו שלמה יצחקי הצרפתי והעמיד גם הוא רגל שלישי לתורה, כדי להצילה משכחה ובזה הגדיל את התורה והאדירה. כמותם הציל את ישראל מטמיעה והתנונות רוחנית; וכמותם העמיד ע"י פירושיו ישיבות של תורה שבהן המשיכו להרחיב ולחדש את התורה והתלמוד עד אין קץ (7).

---

(7) — די הכמים האָבן געלערנט מיטן לשון פון משנה: דריי האָבן געראַטעוועט ישראל פון אַסימילאַציע און גייסטיקן אומקום — און יעדער פון זיי האָט זיין זאַך געטון לויט די צייט האָט געפאָדערט — און זיי זיינען: עזרא הסופר, רבי יהודה הנשיא און די לעצטע אמוראים, וואָס האָבן אָפּגעשלאָסן די סדרים פונם תלמוד בבלי, און עס איז געקומען דער פערטער, רבנו שלמה יצחקי הצרפתי און ער האָט אויך אויפגעשטעלט אַ דריטן אָנהאַלט פאַר דער תורה, כדי צו ראַטן זי פון פאַרגעסן ווערן און דורך דעם האָט ער פאַרגרעסערט און געשטאַרקט די תורה, ווי יענע, האָט ער דורך זיינע פירושים אויפגעשטעלט ישיבות של תורה און אין זיי האָט מען פאָרגעזעצט צו אויס-ברייטערן און באַנייען די תורה און דעם תלמוד ביז אומענדלעכקיים.

.1940

# רש"י — אין דער לעגענדאָגראַפיע

— 1 —

## לעגענדע אַלס געהילף צו ביאָגראַפיע

די שייכות צווישן ה ל כ ה און א ג ד ה, צווישן ערנסטער יורידישער פאָרשונג און געזעצן-טעאָריע און לעגענדעס און שיינע מעטאַפאָרעס, די וויכטיקייט זייערע פאַר די פאַרשיידענע צווייגן פון אונדזער אַלטן וויסן און דאָס פּלאַץ וואָס זיי פאַרנעמען אין דער וויכטיקייט פון דאָס לערנען און פון קולטור בכלל, איז מער ווי איין מאָל נעווען אַן ענין, מיט וועלכן אונדזערע פארצייטיקע חכמים וואָס פלעגן קולטיווירן די דאָזיקעביידע צווייגן פון יידישן וויסן, האָבן זיך פאַרנומען. אין תלמוד און מדרש זיינען צעוואָרפן אומציילליקע טרעפלעכע פאַרגלייכן, פאַראַבאַלעס און אַפאָריזמען צו באַצייכנען די וויכטיקייט פון לעגענדע פאַרן מענטשלעכן גייסט און פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער קולטור.

„אויב דו ווילסט לערנען-קענען דעם, וואָס האָט דורך זיין געבאָט באשאפן די וועלט — ווערט געזאָגט אין אַן אָרט (1) — לערן אגדה".

זאָלסט ניט זאָגן „אויב איך האָב געלערנט הלכה איז גענוג"; דערויף זאָגט דער פסוק: „דען ניט אויף ברויט אליין לעבט דער מענטש", נייערט „אויף אלץ וואָס קומט פון גאָטס מויל אַרויס לעבט דער מענטש" — דאָס מיינט מען אגדה (2).

אין אַ צווייטן פּלאַץ (3) ווערן געבראַכט זייער טרעפלעכע פאַרגלייכן צו כאַראַקטעריזירן די וויכטיקייט פון לעגענדע פאַר דער דערקלערונג פון אַנדערע וויסנשאַפטן: „לעגענדע איז געגליכן צו אַ שטריק, וואָס מען בינדט אָן אין אַ כלי צו קענען אַרויסציען דורך דעם פון אַ ברונעם, קאַלטע געשמאַקע וואַסער צום טרינקען. וואָס קומט אַרויס, וואָס דער ברונעם איז פול מיט וואַסער; אָן אַ שטריק און עמער קען מען פון דעם ניט געניסן". אָדער: „לעגענדע איז געגליכן צו די אויערן, וואָס מען מאַכט צו אַ קרוג, וואָס איז פול מיט זידיקע וואַסער; אָן דעם אויערל שטייט דער קרוג אומבאַנוצט; מאַכט מען צו דאָס הענטל — אַזוי קען מען טראָגן דעם קרוג פון איין אָרט אויף אַ צווייטן".

דורך אַזעלכע פאַרגלייכן האָבן אונדזערע פארצייטיקע חכמים געוואָלט באַטאָנען, אַז לעגענדע איז און קען זיין אַ וויכטיקער געהילפס-מיטל צו קענען

---

(1) רצונך שתכיר את מי שאמר והיה העולם — למד אגדה (ספרי, עקב).

(2) — לא תאמר: „למדתי הלכות — די לי"; תלמוד לומר: "למען הודיעך, כי לא על הלחם לבדו יחיה האדם" — זה מדרש, „כי על כל מוצא פי ה'" יחיה האדם" (דברים ח, ג) — אלו אגדות ((ספרי, עקב).

(3) — אין שיר השירים רבה.

דורך דעם לערנען און פאָרשן , פּאָזיטיוו, דאָס וויסן פון מענטשן, דעם וועלט-באַשאַף, די אויפירונג אין לעבן — דאָס וואָס ווערט באַצייכנט אין דער תּלמו-דישער ליטעראַטור מיטן ברייטן, אומפּאַסנדיקן באַגריף „הלכה“.

אויב לעגענדעס און אגדות זיינען וויכטיק ניט נאָר אַן און פאַר זיך צוליב זייער פּאָעטישער שיינקייט, צוליב די עלעמענטן פון מאָראַל, עטישקייט און מידות-לערנונג, וואָס זיי אַנטהאַלטן, נאָר אויך אַלס ג ע ה י ל פ ס - מ י ט ל פאַר פאָרשונגען פון געשיכטע פון פעלקער ,קענען לעגענדעס, וואָס באַציען זיך צום לעבן און ווירקונג פון יחידים, פון גרויסע לייט, וועמענס נעמען האָבן ווייט און לאַנג איבערגעלעבט זייער ערדיש לעבן, לעגענדעס, מיט וועלכע די פאַנטאַזיע פון פאָלק האָט אַרומגערינגלט, ווי מיט אַן אָרעאָל פון קדושה, דאָס לעבן און דאָס ווירקן פון זיינע באַליבטע העלדן, דינען, אָן צווייפל, אַלס מ ע כ ט י - ק ע ר א י נ ס ט ר ו מ ע נ ט פאַר דער פאָרשונג פון דער ביאָגראַפיע, פון דער לעבנס-באַשרייבונג פון אַזעלכע העלדן; ווייל:

ווי פאַנטאַסטיש, ווי ראָמאַנטיש, ווי ליריש, אָדער עפּיש עס זאָל ניט זיין אויסגעדריקט איינע אָדער אַ גאַנצער ציקל אגדות און לעגענדעס וועגן אַ געוויסן גדול, מוזן זיי אין זיך אַנטהאַלטן געוויסע שפּורן, געוויסע קערנער, אויב ניט אויטענטישע מאַטעריאַלן, פון זיין ווירקלעכן לעבן און טעטיקייט.

לעגענדעס וועגן דעם לעבן פון פעלקער — אַנטהאַלטן אַ סך היסטאָרישן מאַטעריאַל. לעגענדעס וועגן דעם לעבן פון יחידים-גדולים אַנטהאַלטן ביאָגראַפישן מאַטעריאַל. לעגענדעס זיינען אין פיל פּרטים ענלעך צו חלומות: אין נאַכט-שלאָף, אין טיפן אָדער אין האַלב-דרימל, וועבט די פאַנטאַזיע דאָס וואָס ווערט ניט קאָנטראָלירט פונם באַוואוסטזיניקן געדאַנק, וויזיעס, סצענעס, געשעענישן, צומאָלס גאַנצע אויסוויקלונגען פון אַ געוויסן געדאַנקלעכן פּראָצעס, פּריי, ווי אַ דיכטער אָדער נאָוועליסט וואָס וועבט עס אין זיין פאַנטאַזיע אויף דער וואָר; אָבער דאָס ווערט געוועבט אויף דער באַזע פון געדאַנקען, טראַכטונגען, דאַכ-טונגען, געשעענישן אָדער זאָרגענישן, וואָס האָבן דעם מענטשנס געדאַנק, באַ-וואוסטזיניק אָדער אונטערבאַוואוסטזיניק, באַשעפטיקט פריער אויף דער וואָר. פאַלגלעך אַנטהאַלטן חלומות און זיי מוזן אַנטהאַלטן אַ געוויסן קערן פון וויר-קלעכקייט, אַ באַזע פון געוויסער רעאַליטעט פאַרן אינדיווויד, וואָס האָט דעם חלום געזען. מען דאַרף נאָר קענען און וויסן ווי אַרויסשיילן דעם קערן פון דעם טפל, די באַזע פון דעם, וואָס די פרייע שאַפנדע פאַנטאַזיע פונם נאַכט-מלאך האָט אויסגעדיכטעט אין זיין חלום-שאַפונג.

מיט לעגענדעס, געשעט אין אַ היפּשער מאָס דאָס זעלביקע; מיטן אונטער-שייד, וואָס דאָ האָט אַקטואירט אָדער אַקטואירן אַנאָנימע מחברים, — די פאָלקס-שאַפונג — און וועבן און שפּינען אויס א י ן מ ש ך פ ו ן פ י ל י אָ ר - ה ו נ ד ע ר ט ע ר , פאַנטאַסטישע מעשיות, שיינע פּאָעטישע פיקציעס אַרום דעם לעבן פון העלדן, אָדער פון די פעלקער זעלבסט, אָדער פון זייערע פּרימי-טיווע גלויבונגען, וואָס אין אַ חלום ווערט עס פּאַרטיק אין געציילטע מינוטן פון נאַכט-שלומער. אָבער אויך לעגענדע איז ניט אויסגעטראַכט אינגאַנצן, נייערט עס איז אַ פּאָעטישע שאַפונג אויף אַ באַזע, וואַרשיינלעך, פון געוויסע דאַטן אָדער

מאַטעריאַלן, וואָס די שעפער פון ד ע ר אָדער פון ד י לעגענדעס, האָבן אפריער, דאָן געהאַט אין באַזיץ, נאָר צו אונדז זיינען זיי ניט דערגאַנגען אין קיין אַנדער פאָרם, ווי נאָר די פאָרם פון אַ פאָלקס-מעשה.

און פונקט ווי פ ס י כ אָ אַ נ אַ ל י ט י ק ע ר פּרובירן אויף דער באַזע פון זייערע חלומות אויסגעפינען דאָס פאַרבאָרגענע אין לעבן פון אַ פּערזאָן, אַזוי קענען ביאָגראַפן דורך אַ היסטאָרישן אַנאַליז פון לעגענדעס, אָרויכשיילן, צו-מאָלס, פיל פאַקטן וויכטיקע אָדער, לפּחות, אינטערעסאַנטע פאַרן לעבן פון דעם ביאָגראַפירט ווערנדיקן, פאַקטן אין אפילו געשעענישן וועגן וועלכע עס איז קיין אַנדערע באַווייזן, דאָקומענטן אָדער מאַטעריאַלן ניט פאַרבליבן אין דער געשיכטע פון דער פּערזענלעכקייט, וועמענס לעבן און טעטיקייט עס ווערט רעקאָנסטרו-אירט אין דער ביאָגראַפיע.

און מען קען זיך, צומאָלס פאַרלאָזן אויף דער לעגענדע — נאַטירלעך, אָפּ-טיילנדיק די אַנטוויקלונגען פון דער פרייער שאַפנדיקער פאָלקס-פאַנטאַזיע. פון דעם קערן פון פאַקטן, אָדער פון דער באַזע פון דאָס ווירקלעכע, אויף וועלכער לעגענדעס ווערן געוויינלעך געשאַפן.

לעגענדעס, אַ ן א ו ן פ אַ ר ז י ך , ש י י ן , דערהויבן, אין זייער פאָרם און אינהאַלט אַלס פּאָעטישע פאָלקס-שאַפונג, פּרעכטיק. ג אַ נ ץ ווי זיי זיינען, קענען הויך דעם ווערן, ווי געזאָגט, אַ מעכטיקער אינסטרומענט פאַר ביאָגראַפן, וואָס קענען זיך באַנוצן מיט זיי ווי מיט אַן אינסטרומענט צו דער-גרענצן די רעקאָנסטרוקציע פון דעם לעבן און איבערהויפּט — כאַראַקטער, גייס-טיקע פיזיאָגנאָמיע, נייגונגען, באַשעפטיקונג און אפילו השפּעה פון דער פּער-זענלעכקייט וואָס אינטערעסירט זיי צו אויפלעבן אין דער ליטעראַטור אָדער אין דער קונסט. מען דאַרף נאָר וויסן, ווי צו באַגיין זיך מיט די לעגענדעס.

ווי געזאָגט, האָבן דאָס דאָזיקע שוין גוט פאַרשטאַנען אונדזערע חכמי-התלמוד און בעלי-מדרש, מיט אַזעלכע צוואַנציק יאָרהונדערטער צוריק און זיי האָבן עס אויסגעדריקט אין אומציילעכע פאָרמעס אין פּאַראַבאַלעס, אין וועלכע עס ווערט אָנגעוויזן אויף די קעגנזייטיקע וויכטיקייט און באַציאונג צווישן הלכה און אגדה, אויף דער וויכטיקייט פון דאָס צווייטע פאַר דערקלערונג פון דאָס ערשטע און אויך אויף דעם, וואָס לעגענדע - אין - אגדה אַן און פאַר זיך שוין אָנציענדיק און געשמאַק, איז ווי שטאַרקער שוימענדיקער וויין, וואָס פאַר-שיכורט, באַפליגלט, נעמט אַרויס פון דאָס אָרומיקע, ניכטערע לעבן און טראָגט אַריבער אין דער הערלעכער, שיינער וועלט פון דער פרייער שאַפנדיקער פאַנטאַזיע.

— 2 —

## וואו לעגענדע ווייכט אָפּ פון ביאָגראַפיע

דער פרייער אַנאָנימער דיכטער אָדער נאָוועליסט — דאָס פאָלק — שאַפנ-דיק לעגענדעס וועגן אַ העלד אָדער גרויסער פּערזענלעכקייט, האָט פיינט צו בינדן די פליגל פון זיין שאַפנדיקער פאַנטאַזיע מיט פּענטעס און צאַמען פון

ביאָגראַפישע דאַטעס, מיט מ נ י ע ו ת פון נעאָגראַפישן אָדער כראָנאָלאָגישן כאַראַקטער, מיט וועלכע אַ ביאָגראַף דאַרף און מוז זיך רעכענען. פריי ווי אַן אמת-שאַפנדיקער גייסט, שפּינט זיך די לעגענדע אויס איר אייגענע ביאָגראַפיע — לאָמיר עס אָנרופן ל ע ג ע נ ד אָ נ ר אַ פ י ע, ניט רעכענענדיק זיך מיט נ ע ש י כ ט ע, מיט געאָגראַפיע, מיט כראָנאָלאָגיע, פונקט ווי די שאַפנדיקע פאַנטאַזיע פון דעם נאַכט-מלאך רעכנט זיך ניט מיט אַזעלכע זאַכן, ווען ער פירט דורך פאַרביי אונדז, אין שלאָף, אַ הערלעכן פילם.

דאָס וואָס די ווירקלעכקייט קען ניט דערוויזן, דערווייזט די לעגענדע: זי ברענגט צונויף צוויי גייסטיקע ריזן, וואָס אין דער ווירקלעכקייט האָבן זיי זיך ניט געקענט טרעפן איבערן פשוטן מאָטיוו, וואָס ווען איינער איז געבוירן געוואָרן איז דער צווייטער, דער פאָריקער, שוין לאַנג געווען אין דער אומשטערבלעכקייט; זי מאַכט וואַנדערן צומאָלס, איבער ימים און מדבריות, ווייטע לענדער און פאַרוואָרפענע מקומות אַ פּערזאָן, וואָס אין דער ווירקלעכקייט איז ער פון שטאָט ניט אַרויסגעפאָרן; דאָס געשעט, געוויינלעך, ווען ד י ל ע ג ע נ ד ע פאַ ר ש ט ע ה ט, אַז פאַר דער בעסערער און מער פולער כאַראַקטעריסטיק פון דער פּערזאָן, וואָלט זיך געלוינט, אַז ער זאָל געווען האָבן געוויזט, אָדער געווען האָבן געטראָפן זיך מיט דעם צווייטן גדול, וועלכער האָט געלעבט פאַר אָדער נאָך אים. די לעגענדע ד ע ר ג אַ נ צ ט אַזוי אַרום די ווירקלעכקייט, כדי צו דער-גאַנצן דורך דעם די געשטאַלט, דאָס בילד פון דער פּערזאָן.

דאָס מיינט, אָבער, ניט צו זאָגן, אַז די לעגענדע איז אַבסאָלוט אין אַנטאַ-גאָניזם צו די ווירקלעכע פאַקטן. אין קעגנטייל, די לעגענדע, ווי מיר האָבן עס אויבן שוין אָנגעוויזן, אַנטהאַלט תמיד אַ געוויסן טייל פון ביאָגראַפיע, אַזוי צו זאָגן, איבערהויפּט אַנטהאַלט זי פיל עלעמענטן פון דער כ אַ ר אַ ק ט ע ר אָ-ג ר אַ פ י ע פון דער פּערזאָן, פון זיין מאָראַלישן אָדער עטישן פּרצוף. פאַר דער רעקאָנסטרואירונג פון דער מאָראַלישער ביאָגראַפיע פון אַ פּערזענלעכקייט, זיינען די לעגענדעס, וואָס זיינען ווען אים געשאַפן געוואָרן באמת דער בעסטער מאַטעריאַל.

פון דעם כאַראַקטער, אינהאַלט און צאָל פון די לעגענדעס — פון דעם כמות און פון דעם איכות, אַלזאָ פון די לעגענדעס — וואָס עס זיינען געשאַפן געוואָרן וועגן דער אָדער יענער פּערזענלעכקייט, איז אויך ניט שווער צו אורטיילן וועגן דער מאָס פון באַציאונג, ליבע, פאַרערונג, פאַרהערלעכונג, אָדער אין קעגנטייל: האַס און פאַראַכטונג, וואָס דאָס פאָלק האָט געפילט צו דער פּערזאָן און די ק וו אַ נ ט י ט ע ט שפּילט אין דעם פאַל ניט קיין קלענערע ראָל ,ווי די ק וו אַ ל י ט ע ט.

די לעגענדע קומט צונויף דעם ביאָגראַף אין פיל פּרטים און פאַלן; ער קען דורך איר ניט נאָר דערגענצן דעם פּרצוף פון דער פּערזענלעכקייט, וועמעס לעבן ער שילדערט, נייערט ער קען דורך דער לעגענדע אויך שילדערן די השפּעה וואָס די פּערזענלעכקייט האָט געהאַט אויף דער געזעלשאַפט פון זיין צייט און אומנעקערט.

און וואָס ווינציקער פאַקטן און דאָקומענטירט-פעסטגעשטעלטע עס זיינען

פאַראַן וועגן דעם לעבן און טעטיקייט פון אַ פּערזאָן, אַלץ מער נוצלעכער איז די לעגענדאָגראַפיע, אויב אַזעלכע איז פאַראַן, ווייל מען קען דורך איר און מיט איר הילף אויפקלערן פיל פאַקטן און בלויזן וואָס, אָן דעם, וואָלטן זיי פאַרבליבן טונקל אין דער ביאָגראַפיע.

די וועלט-געשיכטע און אונדזער אייגענע היסטאָריע ליפערן פיל ביישפּילן פאַר דעם באַווייז פון דעם, ווי ווייט לעגענדאָגראַפיע און דער אַנאַליז פון לעגענדעם זיינען און וואָלטן געקענט זיין נוצלעך פאַר דער דערגאַנצונג פון ביאָגראַפיעס פון העלדן, פאַר דערגאַנצונג פון געשיכטע און פון דעם לעבן פון גרויסע פּערזענלעכקייטן; ווי ווייט אַ רייכע לעגענדאָגראַפיע ליפערט אומפאַרבייטבארע מאַטעריאַלן פאַר אַ פּסיכאָאַנאַליטישן שטודיום, אַזוי צו זאָגן, פון דער ביאָגראַפירט - ווערנדיקער פּערזענלעכקייט. ניט דאָ, אָבער, איז די געלעגנהייט צו אָפּטשעלן זיך אויף דעם; אונדזער אויפגאַבע איז באַשרענקט נאָר אויף דער לעגענדאָגראַפיע פון רבנו שלמה יצחקי; און אויב איך האָב זיך אָפּגעשטעלט עטוואָס ברייטער צו אויסדריקן די פריער-געבראַכטע באַטראַכטונגען, איז עס דערפאַר, וואָס רש״י איז איינער פון די באַליבסטע העלדן פון דער יידישער פאָלקס-מעשה און פון דער אַנאָנימער לעגענדע און דורך זיין לעגענדאָגראַפיע קענען דערוויזן און באַשטעטיקט ווערן די געדאַנקען און באַטראַכטונגען, וואָס זיינען אויבן אַרויסגעזאָגט געוואָרן.

— 3 —

## רש״י — דער באַליבטער העלד פון אונדזער פאָלקס-מעשה און לעגענדע

אונדזערע היסטאָרישע און האַלב-היסטאָרישע העלדן און פּערזענלעכקייטן פון די אוראַלטע צייטן אָן זיינען באַגלייט געוואָרן פון דער פריער שאַפונג פון דער פאָלקס-פאַנטאַזיע וואָס הייסט לעגענדע, אויף אַלע וועגן און שטעגן פון זייער לעבן: די אבות, משה און אהרון, יהושע בן נון, שמשון הגיבור, דוד המלך און זיין זון שלמה, אליהו הנביא, ישעיה און ירמיהו, די נביאים, באַזיצן אַרום דעם אָנדענק פון זייער לעבן און ווירקונג, אַזאַ שפע פון לעגענדעס וואונדער-מעשיות פון אַמאָל, וואָס וועגן קיין העלד, ביי קיין אומה ולשון איז ניט דערוויזן געוואָרן צו שאַפן; איבערהויפּט וועגן די אבות, דוד המלך און אליהו הנביא (פאַרקירצט אין פאָלקס-לשון אויף דעם נאָמען אַלינביא); זייער לעגענדאָגראַפיע בילדעט אַ טייל פון די הייליקע שריפטן, אַ גרויסער טייל איז פאַרצייכנט פאַרבליבן, קאַנאָניזירט געוואָרן אין די מדרשי-אגדה, פון גאָר פריער און אויך שפּעטער צו איר אַנטשטייאונג. עס זיינען אָבער אויך פאַראַן וועגן זיי נאָך גענוג לעגענדעס שבעל פה, פאָלקס-טראַדיציעס, וואָס פלעגן פון מויל צו מויל איבערגעגעבן ווערן, אמתע פאָלקלאָרישע מעשיות, און אַ גרויסער טייל פון וועלכע (איבערהויפּט די פון דוד המלך און פון „אלי-נביא“) ווערן קאָמבינירט אין דער טראַדיציע און אין דעם פאָלקלאָר מיט די לעגענדעס וועגן

תחית המתים, ביאת המשיח און ווידער-אויפלעב פון אונדזער אומה אין איר היסטאָרישן לאַנד.

פון די יידישע פּערזענלעכקייטן פון דעם שפּעטערדיקן פּעריאָד — פון מיטלאַלטער — ווען די שאַפונגען פון לעגענדעס און אגדות, אַלס דער באַליבטס-טער פון עפּישן זשאַנר אין דער דרוש - און - אגדה ליטעראַטור האָט כמעט ווי אויפגעהערט, איז רש"י, ווי געזאָגט, דער באַליבטסטער העלד פון דער יידישער לעגענדע; די לעגענדעס וואָס זיינען וועגן אים און זיין לעבן, ווענן אים און זיין פּערזענלעכקייט געשאַפן געוואָרן, זיינען הן אין כמות הן אין איכות אַזוי פיל און וויכטיק, אַז אין דעם הינזיכט קענען זיי נאָר פאַרגליכן ווערן מיט דער לעגענדאָגראַפיע וועגן דוד המלך אָדער וועגן אליהו הנביא.

און פון יעדער ציקל לעגענדעס זיינען פאַראַן צענדליקער וואַריאַנטן און פאַרשיידענע ווערסיעס; און די לעגענדעס וועגן רש"ין באַגלייטן אים פון פּ אַ ר זיין געבורט אָן, דעם גאַנצן לעבנס-וועג זיינעם, עקזאַקט ווי דאָס איז מיט דער לעגענדאָגראַפיע פון אברהם אבינו אָדער פון משה רבנו.

און מערקווירדיק: רש"יס לעבנס-וועג איז געווען איינער פון די רואיקסטע, איינער פון די פּשוטסטע, פון די געוויינלעכסטע, וואָס וועלכער ניט איז פון אונדזערע גייסטיקע גדולים האָט ווען דורכגעמאַכט; דער לעבנס-וועג פון דעם רמב"ם, צום ביישפּיל (געבוירן געוואָרן דרייסיק יאָר נאָך רש"יס טויט), איז ניט אין ערך בונטער, אינטערעסאַנטער פאַר אַ ביאָגראַפיע, ווייל רייכער אין גע-שעענישן, אין וואַנדלונגען, ווי דאָס לעבן פון רש"ין, וועלכער האָט פון די פינף און זעכציק יאָר פון זיין לעבן, אָפּגעלעבט אין דער קליינער טרוא גאַנצע פּערציק, ביי תורה און אין דער ישיבה, אַרבעטנדיק איבער די אומשטערבלעכע פּירושים זיינע, און ציענדיק חיונה פון זיין ווייַנגאָרטן. וואו איז דאָ פאַראַן פּלאַץ פאַר פאַנטאַזיע, פאַר לעגענדע-שאַפונגען? און דאָך איז ער, רש"י, דער באַליבטסטער העלד פון דער יידישער לעגענדע אין מיטלאַלטער; וועגן רמב"ם זיינען אויך געשאַפן געוואָרן לעגענדעס, אָבער עס איז זיי ניט צו פאַרגלייכן ניט מיטן ראַל הייליקייט, ניט אין דער וואַרעמקייט און ליבע פון אינהאַלט, מיט די לעגענדעס וועגן וואָס די פאַנטאַזיע פון פאָלק האָט אויסגעשפּינט און אויסגעוועבט אַרום דער פיגור פון רבי שלמה יצחקי.

דאָס אַליין ווייזט שוין, ווי גרויס די ליבע, די דאַנקבאַרקייט פון פאָלק איז געווען צום אָנדענק פון רש"ין, אָנהויבנדיק פון דעם טיפן מיטלאַלטער ביז אונ-דזערע צייטן: די שאַפנדיקע פאַנטאַזיע פון אַנאָנימע דיכטער — בעלי דרוש און בעלי-אגדה — האָט אויסגעקליבן דווקא זיין פּערזענלעכקייט אַלס העלד פאַר זייערע לעגענדע-אויסדיכטונגען, ווייל די פאַרערונג פון פאָלק צו רש"יס אָנדענק איז געווען גרויס אין אַלע צייטן און צו דער דאַנקבאַרקייט פונם פאָלק רש"יס אויפטו צו ב א ש יי ד ן די תורה, די נביאים וכתובים און דעם תלמוד, איז קיין גרעניץ ניט געווען. דאָס פאָלק האָט געשפּירט, אינטואיטיוו, אַז אַ דאַנק רש"יס אויפטו איז די תורה שבכתב און די תורה שבעל פה געוואָרן, צוגענגלעך, פאַר יידן און אַז אַ דאַנק דעם, איז זי פאַרשפּרייט געוואָרן און אָפּגעהיט גע-

וואָרן צווישן די יידישע פאָלקס-מאַסן און אַז אַ דאַנק דעם איז דערהאַלטן געוואָרן דאָס פאָלק: דער גייסטיקער קיום האָט געזיכערט דעם פיזישן קיום. און דאָס פאָלק האָט דערפאַר באַדאַנקט רש"ין מיט דער צערטלעכסטער ליבע, באַשיינט זיין לעבנס-געשיכטע מיט די שענסטע גירלאַנדן וואָס זיין פאַנטאַזיע האָט געקענט אויסדיכטן: מיט אַן אומאויסשעפּבאַרן אוצר פון שיינע לעגענדעס, וואָס זיינען הונדערטער יאָרן איבערגעגעבן געוואָרן בקבלה פון דור צו דור און ערשט די לעצטע יאָרן זיינען זיי, אין זייערע פאַרשיידענע וואַריאַנטן פאַרצייכנט געוואָרן.

דער אוצר פון לעגענדעס וועגן רשי"ן גיט אונדז אין פיל פּרטים אַ שליסל צו אויפקלערן געוויסע כּמעטנטן אין רש"יס לעבן, וואָס זיינען ניט אינגאַנצן אויפגעקלערט געוואָרן דורך די באַקאַנטע פאַקטן. מער ווי דאָס דאָזיקע איז דער אוצר פון די לעגענדעס וועגן רש"ין וויכטיק פאַר דער כאַראַקטעריסטיק פון זיין פערזענלעכקייט, פאַר דער פאָרשטעלונג פון זיין באַציאונג צום ערשטן קרייץ-צוג און צו די צרות, וואָס דאָס האָט פאַרשאַפן דאַן די יידישע קהלות אין דייטשלאַנד און פראַנקרייך.

פאַראַן אַ ציקל לעגענדעס אין וועלכע דאָס פאָלק דריקט אויס זיין באַציאונג, זיין אָפּשאַצונג צו רש"יס פירושים. נאָך אַ כעריע לעגענדעס איז פאַראַן, אין וועלכע עס ווערט אויסגעדריקט, אַזוי צו זאָגן, אַ פאַרגלייך-אָפּשאַצונג וועגן רש"ין און אַנדערע יידישע גדולים וואָס זיינען תיכף נאָך אים אַנטשטאַנען (אין דער לעגענדע ווערן זיי פאַרוואַנדלט אין זיינע צייט-גענאָסן) ווי דער רמב"ם צום ביישפּיל, אָדער זיין אייניקל, דער רבנו תם (רבי יעקב תם); און עס פעלן אויך ניט קיין לעגענדעס, וואָס האָבן אַלס באַזע, די כאַראַקטעריסטיק פון רשי"ס מידות, פון זיין הויכע עטישע פערזענלעכקייט.

אין אנקלאַנג מיט דער דאָזיקער פאַרטיילונג פון דעם לעגענדע-אוצר וועגן רש"ין, לויטן אינהאַלט פון זייערע פאַרשיידענע וואַריאַנטן, וואָלט די רש"י-לעגענדאָגראַפיע געקענט איינגעטיילט ווערן אין פאָלגענדע קאַפּיטלען:

א) לעגענדעס וואָס באַציען זיך צו רש"יס ביאָגראַפיע, צו זיין לערנען, וואַנדערונגען איבער די ישיבות. זיי הויבן זיך אָן נאָך פאַר רש"יס געבורט און האָבן אַלס העלדן זיינע עלטערן.

ב) לעגענדעס, וואָס באַציען זיך צו דער וויכטיקייט און באַדייטונג, ווערט און אָפּשאַצונג וועגן זיינע פירושים.

ג) לעגענדעס וואָס האָבן אַלס אינהאַלט די פּערזאָן פון רש"י אין באַציאונג מיט אַנדערע יידישע פערזענלעכקייטן.

ד) אַזעלכע, וואָס כאַראַקטעריזירן רש"יס עטישע פערזענלעכקייט.

לויטן אָנגעוויזענעם איינטייל וועלן מיר איבערגעבן ווייטער דעם אינהאַלט פון די הויפּט-ווערסיעס פון די לעגענדעס, אָפּשטעלנדיק זיך אָבער זייער ווינציק אויף די וואַריאַנטן פון די פאַרשיידענע פאָרמעס, וואָס יעדער איינע פון די אָנגעצייכנטע פיר גרופּעס פאַרמאָגט.

## לעגענדעס וואָס באַציען זיך צו רש״יס געבורט

די לעגענדע באַגלייט רש״ין ניט נאָר פון זיין געבורט אָן, נייערט נאָך אַ לענגערע צייט פאַר זיין געבורט. אין דעם פּרט קען ער שטאַרק פאַרגליכן ווערן צו די אבות און הויפּט-העלדן פון אונדזער אומה: צו אברהם און יצחק, משה רבנו, שמשון הגיבור און שמואל הנביא.

די לעגענדעס פון פּ אַ ר רש״יס געבורט — דאָס זעט מען תיכּף, אין זייער אינהאַלט, האָבן די כאַראַקטעריסטיק פון יענע לעגענדעס און זיינען אין דער פאַנטאַזיע פון פאָלק אויסגעשפּינען געוואָרן, אָן שום ספק, אויף דער קאַנווע פון יענע תנ״כישע דערציילונגען, באַפּוצטע מיט וואונדערבאַרע לעגענדעס אין מדרש און אגדה.

די לעגענדעס וועגן אברהם אבינו, וועגן משהן, וועגן שמשון, וועגן שמואל — הויבן זיך אָן אַ צ ייט פ אַ ר ז יי ע ר ג ע ב ו ר ט; מיט די לעגענדעס וועגן ר ב י ש ל מ ה י צ ח ק י געשעט דאָס זעלביקע.

ווי שרה אמנו, פאַרן געבורט פון יצחקן; ווי מנוחס פרוי — שמשון הגיבורס מוטער; ווי חנה, — שמואלס מוטער, פאַרן געבורט פונם ערשטן רואה; אַזוי איז אויך ר׳ יצחקס פרוי, רש״יס מוטער, אַן עקרה, לאַנגע יאָרן און דאָס פאַרשאַפט צער און אנגסט דער פאַמיליע, איבערהויפּט ר׳ יצחקן, אַ פרומער ייד, אַ גרויסער למדן, וואָס ציטערט פאַר דעם געדאַנק, אַז ווען עס וועלן אַריבער די צען יאָר, וועט ער זיך מוזן שיידן מיט זיין פרוי די עקרה. אגב: די לעגענדע האָט געוואָלט באַשענקען רש״יס מוטער מיטן נאָמען ש ר ה — אפשר דעריפאַר, וואָס דאָס איז דער קלאַסישער נאָמען פון אַן עקרה, וואָס איז נפקד געוואָרן על פי נס? ווארום, פונקט ווי דאָס געשעט מיט דריי עקרות פון תנ״ך: שרה, שמשונס מוטער און חנה, ווערט אויך ש ר ה, די פרוי פון רבי יצחק, נפקד נאָכדעם ווי דעם הייליקן מאַן געשעט אַ גרויסער נס און ער שטייט ביי אַ גאָר גרויסן נסיון.

און פונקט ווי אין די תנ״כישע לעגענדעס זיינען די קינדער פון די עקרות וואָס זיינען נפקד געוואָרן, אויף דעם אויבערשטנס ווילן, ניט קיין געוויינלעכע בשר ודמס, נאָר קינדער, וואָס זיינען פאַרבאַשטימט על פי הדיבור פאַר גרויסעס, פאַר דערהויבענעס, פאַר הייליקייט אָדער העלדישקייט; ווי יצחק, שמשון דער נזיר און העלד, וואָס האָט געהאָלפן יידן פון די פּלישתים, און שמואל דער רואה, דער נביא און גרינדער פון מלוכה אין ישראל — אַזוי איז רבנו שלמה בן יצחקי געבוירן געוואָרן דורך זיין מוטער שרה, נאָך צען יאָר פון זיין עקרה, געבוירן נאָכדעם ווי זיין פאָטער איז געשען אַ נס און איז ביישטאַנען אַ גרויסן נסיון, באַשטימט ע ל פּ י ה ד י ב ו ר — דורך אַ בת-קול, וואָס זאָגט אָן זיין פאָטער וועגן דעם געבורט פון זיין זון, צו זיין אַ ליכט אין ישראל, צו באַלייכטן די אויגן פון זיין פאָלק און לייכטן מיט זיין ליכט פון תורה עד סוף כל הדורות.

די ענלעכקייט פון די לעגענדעס וועגן רש"ים געבורט צו די ביבלישע לעגענדעס וועגן אזעלכע געבורטן ווארפט זיך אין די אויגן: דאס באווייזט, אז דער אנאנימער שאפונגס-כח פון פאלק האט געהאלטן רש"ין ווערט פאר אזעלכע נסים ונפלאות, ווי די וואס האבן באגלייט די געבורט פון אונדזערע אבות און גרויסע ביבלישע העלדן; דאס איז שוין א געוונגנדער מאסשטאב פאר דער אפשאצונג פון דער גייסטיקער הויכקייט און היסטארישער וויכטיקייט, וואס אונדזער פאלק האט געגעבן דער פערזאן פון רבנו שלמה יצחקי — און זיין אינטואיציע האט אים ניט אפגענארט.

די דאזיקע לעגענדעס אנטהאלטן אבער חוץ דעם, אן ספק א ווערטפולן ביאגראפישן מאטעריאל וועגן רש"ים עלטערן.

די באזע-לעגענדע — ווארום עס איז פאראן פארשיידענע וואריאנטן — וועגן רש"ים געבורט איז ווי פאלגט:

ר' יצחק, רש"ס פאטער, האט געוואוינט א לענגערע צייט אין טולאן. ער איז געווען א גרויסער בן-תורה, אבער אויך א גרויסער אריטאן; דאס האט אים אבער ווינציק געקימערט. עס האט אים וויי-געטון, וואס זיין ווייב איז געווען אן עקרה; עס דערנענטערט זיך שוין צען יאר, זינט ער האט התונה געהאט מיט זיין ווייב שרה און קיין קינד איז נאך ניט געבוירן. ר' יצחק פלעגט מתפלל זיין צו גאט אויף פרנסה, אבער מער ווי אלץ, אז ער זאל ניט פארבלייבן קיין חשוך בנים. און ניט נאר תפילות אליין פלעגט ער טון, נייערט ער פלעגט אויך פאסטן אפטע תעניתים. איינמאל איז ער אומגעגאנגען ביים ברעג ים כדי צו זוכן ארבעט, און ער האט פלוצים דערזען אויף דעם זאמד א בלישטשענדיקע זאך; ער איז צוגעקומען און דערזען ליגן א פערל גרויס ווי אן איי. ער האט פארשטאנען, אז גאט האט דערהערט זיין תפילה און זיך מרחם געווען אויף אים.

קומענדיק אהיים האט ער געדאנקט גאט פאר זיין גרויס גנאד; אבער דערביי האט ער פרום אויסגערופן:

בארעמהערציקער גאט! עשירות האסטו מיר געשיקט אבער צו וואס טויג מיר די עשירות, אז איך שטארב אן א יורש? ווער וועט ירשענען מיין עשירות (4)?

ר' יצהקס פרוי האט פארשטאנען, אז דער פערל איז פון גוואלטיקער ווערט; כדי צו וויסן גענוי האט זי גענומען דעם פערל און איז אוועק צו א יובעליר; יענער האט אים אפגעשאצט אין זיין ריכטיקער ווערט, אבער ער האט גלייך פארגעשלאגן צען מאל אזוי פיל, ווייל דער בישאף זוכט אזא פערל, כדי צו איינפאסן עס איז דער אויג פון אן איקאן פון דער הייליקער מרים, וואס אין דער טולאנישער קאטעדראלער קירך; איין פערל אזא פארן צווייטן אויג, האט שוין דער בישאף.

שרה, דערהערנדיק אזא זאך, האט גענומען דעם פערל און איז אנטלאפן

---

(4) פארגלייכט מיט אברהמס תפילה צו גאט (בראשית טו, ב) וואו ער זאגט „וואס וועסטו מיר געבן, אז איך גיי אוועק אן א קינד".

אין שרעק פאַר  ע ב ו ד ה  ז ר ה ,  אַהיים, וואו זי האָט דערציילט וועגן דעם איר מאַן. ר׳ יצחק האָט באַשלאָסן דעם פערל ניט צו פאַרקויפן צו עבודה־זרה; דער בישאָף איז צונעשטאַנען און געשיקט אים רופן, פאַראָרדענענדיק זיין הויז־פאַרוואַלטער ניט צו אָפּשטעלן זיך פאַר קיין פּרייז, וואָס דער ייד וועט בעטן.

ר׳ יצחק איז דערנאָך איינגעלאַדן געוואָרן פונם בישאָפס פאַרוואַלטער אויף אַ שפּאַציר אין אַ שיפל, כדי דאָרטן צו אויסדינגען די פּרייז פאַרן פערל; יצחק האָט אריינגעלייגט דעם פערל אין קעשענע צוזאַמען מיט ניס; בעתן שפּאַציר אויפן שיפל, האָט ר׳ יצחק געקנאַקט ניס און געדונגען זיך איבערן פּרייז. שפּעטער האָט ער אַרויסגענומען די שאָלעכץ פון קעשענע, צוזאַמען מיטן פערל און אַריינגעוואָרפן כלומרשט אומבאַמערקט, אין וואַסער די שאָלעכץ מיטן פערל צוזאַמען, מאַכנדיק דערביי אַ געשריי, די דינער זאָלן זען, ווי אַזוי ער האָט דורך דעם אַקצידענט פאַרלאָרן דעם פערל.

דאַן איז אַרויס אַ בת־קול פון הימל און האָט געזאָגט: „יצחק! צוליב מיין כבוד האָסטו אַריינגעוואָרפן אין וואַסער אַ פערל, וואָס האָט דיין גאַנץ לעבן געקענט באַלייכטן מיט גליק און רייכקייט! דערפאַר וועט צו דיר געבאָרן ווערן אַ זון, וואָס וועט לייכטן, שענער ווי די שענסטע פערל אין דער וועלט; ער וועט לייכטן אייביק מיט דער ליכט פון תורה פאַר זיין פאָלק“.

אינגיכן איז זיין פרוי שרה נפקד געוואָרן און עס איז געבאָרן געוואָרן דאָס קינד שלמה, וואָס האָט באַלויכטן מיט זיינע פירושים צו דער תורה און תלמוד, דאָס לעבן פון פאָלק (5).

---

(5) אַרום דער דאָזיקער לעגענדע עקזיסטירן אומציילקע וואַריאַנטן. מירן פאַר־צייכנען דאָ אין קורצן, אַ פאָר בלויז.

לויט איינער: איז ר׳ יצחק אליין געגאַנגען צום יובעליר און דערהערנדיק פאַר וואָס מען וויל קויפן ביי אים דעם פערל, האָט ער אים גלייך אַריינגעוואָרפן אין ים.

לויט אַ צווייטער: האָט ער, אונטערהאַנדלענדיק מיטן מאַיאָרדאָם פונם בישאָף, ניט געמאַכט אפילו דעם אָנשטעל, אַז ער וויל אים פאַרקויפן און ער האָט עס אַריינגע־וואָרפן אין ים דורך אַ צופאַל, כדי עס זאָל אפילו למראית־עין ניט אויסזען, אַז ער איז מסכים צו פאַרקויפן דעם פערל צו אַ עבודה־זרה, נייערט ער האָט מקדש געווען שם שמים, איינשטעלנדיק זיך דאָס לעבן און האָט אַריינגעוואָרפן פאַר אַלעמען אין די אויגן דעם פערל אין ים.

לויט אַ דריטער, האָט דער בישאָף געדאַרפט דעם פערל ניט פאַר דער איקאָן, נאָר פאַר זיינער אַ קרוין — ווינציקער עבודה זרה — און דאָך האָט ר׳ יצחק ניט גע־וואָלט אפילו פאַר דעם צוועק פאַרקויפן דעם פערל און אים אַריינגעוואָרפן אין ים.

אַ פערטער וואַריאַנט דערציילט בכלל ניט וועגן דעם סוף פון דער מעשה מיטן פערל, נאָר וועגן דעם, אַז ר׳ יצחק האָט מתפלל געווען צו גאָט ער זאָל ביי אים צונעמען דעם פערל, די עשירות הייסט עס, און געבן אים בעסער אַ זון — און דערפאַר האָט אים גאָט באַגליקט מיט אַ זון, וואָס איז דערנאָך געוואָרן דער גרעסטער און אייביקסטער ביי אידן.

אַ פינפטער וואַריאַנט פון דער דאָזיקער לעגענדע דערציילט, אַז ר׳ יצחק האָט דעם פערל ניט געפונען נאָר פאַרמאָגט, די קריסטן זיינען פון דעם געוואָר געוואָרן, דער־ציילט דעם בישאָף און יענער האָט געשיקט קויפן ביי אים דעם פערל פאַרן צוועק וואָס ווערט דערציילט אין די אַנדערע וואַריאַנטן; ר׳ יצחק האָט דעם פערל אַריינגעוואָרפן ליבערשט אין ים, פאַראורטיילנדיק זיך צו אָרימקייט דאָס גאַנצע לעבן, אַבי ניט צו

אין דער דאָזיקער פאָלקס-מעשה וועגן ריש"ים געבורט איז קלאָר צו זען אַלס באַזע די תנ"ך-דערציילונגען וועגן ענלעכע פאַלן מיט עקרות, וואָס זיינען נפקד געוואָרן: אין דער תפילה פון ר' יצחק הערט מען דעם אָפּקלאַנג פון אברהם אבינוס ווערטער: „ד' אלהים! מה תתן לי ואנכי הולך ערירי"! אין דעם בת-קול, דעם אָפּקלאַנג פון דער דערציילונג פון שופטים וועגן דעם מלאך, וואָס האָט זיך באַוויזן צו מנוחן, אָנזאָגנדיק אים וועגן געבורט פון אַ זון. דער געשטאַלט פון די ביבל-דערציילונגען האָט אָן ספק געדינט אַלס באַזע פאַר דער דאָזיקער לעגענדע. אָבער דאָך איז אָנגעהאַלטן געוואָרן אין זיי די אַטמאָספערע פון דעם לעבנס-שטייגער און גאַנצן לעבנס-שניט אין מיטלאַלטער; און עס זיי-נען אויך פאַראַן ביאָגראַפישע אָנשיכטונגען: מיר ווערן געוואויר, אַז רש"ים עלטערן האָבן אין זייער יוגנט געוואוינט אין דער פראַנצויזישער האַפן-שטאָט טולאָן, און מיר ווערן געוואויר אַז רש"י איז, וואַרשיינלעך געווען אַ בן-יחיד ביי זיינע עלטערן. און דער איינפאַל מיטן פּערל און דאָס גיין צום יובילער, פּירט אַרויף אויף דער השערה, אַז רש"ים פאָטער האָט, מעגלעך, געהאַט אַ באַשעפ-טיקונג ביי צירונג, אָדער געהאַנדלט מיט דעם.

די סביבה און אַטמאָספער פון מיטלאַלטער ווערט אויסגעדריקט אויך אין דעם אַנטייל פון דעם בישאָף און זיין מאַיאָרדאָם, די הערשאַפט זייערע איבער דער פּשוטער באַפעלקערונג. דער אונטערדריקטער געמיט ביי די יידן; דער געמיט פון סכנה פאַר יידן אין דער הויך פון קידוש-השם, וואָס שוועבט איבער דער דאָזיקער פאָלקס-מעשה, איז אינגאַנצן אין דעם קאָלאָריט פון דער ווירקלעכקייט אין מיטלאַלטער.

און די לעגענדע באַגלייט ווייטער ריש"ים ערב-געבורט. דאָס מאָל קומט פאָר די האַנדלונג ניט אין טולאָן (פראַנקרייך) נאָר שוין אין וואָרמס (דייטש-לאַנד), וואוהין ר' יצחק האָט זיך אריבערגעצויגן נאָך דער מעשה מיטן פּערל, מורא האָבנדיק פאַר די רעפּרעסיעס פון די קריסטלעכע גייסטלעכע. דאָרטן, אין וואָרמס, איז שרה — לויט דער לעגענדע ריש"ים מוטער — פאַרגאַנגען אין טראָגן מיטן צוקונפטיקן פ ר ש ן - ד ת א. בעתן טראָגן איז געשען מיט איר אַ נס:

זי איז איינמאָל אין אַ פרימאָרגן געגאַנגען אין מאַדק איינקויפן די שטוב-באַדערפעענישן פאַרן טאָג; אין איינער פון די שמאָלע גאַסן פון דער מיטלאַלטער-לעכער וואָרמס, איז איר אַנטקעגן אָנגעפאָרן אַ פור, וועלנדיק אויסמיידן זי, האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער צווייטער זייט גאַס, אָבער אַנטקעגן איז אָנגעפאָרן אַ קאַרעטע מיט אַ פעאָדאַלן הערשער, ווען עס האָט קנאַפּ וואָס געקימערט, וואָס זיין קאַרעטע וועט צעטרעטן אַ מעוברתע יידישע פרוי; פּילנדיק זיך פאַרלאָרן, אויף אַ שפּאַן פון אומקום, האָט ריש"ים מוטער אינסטינקטיוו זיך

---

ווערן אַ שותף לעבודה זרה. יענע נאַכט האָט זיך אים געחלומט אַ חלום, אַז דערפאַר וועט אים גאָט באַגליקן מיט אַ זון, וואָס וועט באַלויכטן די אויגן פון זיין פאָלק.

די וואַריאַנטן, אין וועלכע די דאָזיקע פאָלקס-מעשה פון מיטלאַלטער איז דער-גאַנגען ביז צו אונדזער צייט זיינען אומציוליק.

צוגעשפּארט האַרט צו דער וואַנט פון אַ געביידע, ווי זי וואָלט זיך וועלן אַריינ־דריקן אין איר פאַר דער געפאַר און מאַכן אָרט צווישן איר און די צוויי פּורן, וואָס האָבן אין רייע געמוזט זיך אָנשטויסן אין דער שמאָלער גאַס און צעדריקן איר. קיין שפּאַן פריי פּלאַץ איז ניט געבליבן צווישן איר און דער פור און אַלע האָבן געזען ווי די פרוי וועט צום טויט דערדריקט בלייבן צווישן דער וואַנט, אין וועלכער זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט און דער שווער געלאָדענער פור; דאָ אָבער איז געשען אַ נס: די וואַנט, צו וועלכער שרה האָט זיך צוגעשפּאַרט האָט זיך אויס־געקרומט אויף אינעווייניק, בילדנדיק אַ מין געוועלבונג, עקזאַקט אין דעם פאַר־נעם און אויסזען ווי אַ קערפּער פון אַ פרוי; די פור איז אַדורך, אַזוי אַרום, ניט באַרירנדיק שרהן; דער נס האָט געראַטעוועט רש"ין אין דעם טראַכט פון זיין מוטער.

קריסטן זיינען זיך צונויפגעלאָפן קוקן אויף דעם וואונדער ווי אַזוי די יידישע פרוי איז געראַטעוועט געוואָרן פון טויט, וואָס האָט אויסגעזען אומ־באַרמיידלעך; אין צווישן האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז זי איז אַ כישוף־מאַכערן, און נאָר אַ דאַנק איר כישוף האָט זי זיך געקענט רעטן. דאָס האָט באַדייטעט — אינם פינצטערן מיטלאַלטער — אַ גרויס געפאַר, באַזונדערס פאַר אַ יידישער פרוי: פאַר כישוף פלעגן די גריכטן און די קירכע פאַרברענען לעבעדיקערהייט. כדי צו ראַטעווען זיך האָט ר' יצחק פאַרלאָזט וואָרמס און אַריבערגעפאָרן קיין טרואַ, וואו רש"י איז געבאָרן געוואָרן (6).

די יידן אין וואָרמס פלעגן ביז גאָר די לעצטע יאָרן אָנווייזן די אויסגע־בויגענע געוועלבאַרטיקע וואַנט אויף וועלכער רש"יס מוטער האָט זיך אָנגע־שפּאַרט, בעת דעם נס, וואָס איר איז דאָרטן געשען און יידן טוריסטן, וואָס פלעגן עס זען, פלעגן פרום אַ ברכה מאַכן: „ברוך שעשה לנו נס במקום הזה".

די סביבה פון מיטלאַלטער: שמאָלע גאַסן, לעבן פון מענטשן, וואָס איז הפקר פאַר דעם ווילקיר פון די פעאָדאַלע הערשער, די מורא פאַר כישוף און די געפאַר, וואָס אַזאַ באַשולדיקונג האָט באַדייטעט פאַר דעם, אויף וועמען זי איז געוואָרפן געוואָרן, איז די רעאַליסטישע באַזע, אַזוי צו זאָגן, פאַר דער דאָזיקער פּרעכטיקער פאָלקס־מעשה.

ווען רש"י איז געווען קליין נאָך — אַזוי דערציילט ווייטער די לעגענדע — פלעגן מענטשן פון פאַרשיידענע שטעט און מדינות קומען זען דאָס דאָזיקע וואונדער־קינד, וועמעס חכמה און וויסן איז געווען איבעראַשנד און טיף; זיין וואונדערבאַרער זכרון און טיפער שאַרפער שכל — גאַרניט ווי פון אַ קינד — האָט איבעראַשט אַלעמען. נאָך האָט אים אָנטפּלעקט אַלע סודות פון דעם וועלט־באַשאַף און די געהיימנישן פון אַלדאָס וויסן; אַלע שבע חכמות האָט ער געקענט, גלייך ווי נאָר ער האָט אָנגעהויבןריידן. חוץ העברעאיש און פראַנ־צויזיש האָט ער געקענט, לויט דער לעגענדע לאַטיין, גריכיש, אַראַביש און פערסיש.

---

(6) — די זעלביקע לעגענדע ווערט דערציילט אין אַנדערע וואַריאַנטן אָבער מיט אומוויכטיקע ענדערונגען.

עס איז פאַרשטענדלעך, די פאַנטאַזיע פון פאָלק האָט אַנדערש ניט גע־קענט זיך פאָרשטעלן רש״ין. דער וואָס האָט געעפנט און פאַרטייטשט אַלע אומקלאָרקייטן אין תנ״ך און תלמוד האָט געמוזט זיין אַ וואונדער־קינד, אַ פון גאָטס־געבענטשטער מיט אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן, אַ קענער אין אַלע הכמות און קענער פון פיל שפּראַכן; קיין חכמה האָט ניט געקענט בלייבן פאַרהוילן פאַר אים — וואָרום דאָס וויסן פון דער תורה איז כולל אַלע הכמות.

— 5 —

## די לעגענדעס וועגן רש״יס וואַנדערונגען

עס איז פאַראַן אַ גאַנצער ציקל לעגענדעס, — וואָס געהערן אויך צום ביאָגראַפישן עלעמענט, אַזוי צו זאָגן, — אין וועלכע עס ווערט דערציילט וועגן רבנו שלמה יצחקים וואַנדערונגען. די דאָזיקע לעגענדעס ווערן אויך דערציילט אין פאַרשיידענע וואַריאַנטן; לויט אייניקע קומט עס אויס, אַז רש״י האָט גע־וואַנדערט אין זיין פריסטער יוגנט, ווען ער האָט זיך ערשט פאַרמירט. ווען ער האָט געוואַנדערט איבער די ישיבות כדי צו הערן תורה פון די גדולים פון יענער צייט און אָנזאַמלען וויסן און מאַטעריאַלן פאַר זיינע קינפטיקע פירושים.

דער ביאָגראַפישער עלעמענט אין די דאָזיקע ווערסיעס איז בולט; רש״י האָט אין זיין יוגנט געלערנט אין צוויי (אָדער דריי ישיבות): אין וואָרמס און מיינץ זיכער (און מעגלעך אויך אין דער ישיבה פון שפּייער) — פאַר דער פאַנטאַזיע פון פאָלק איז עס אָבער ווינציק געווען: „הוה גולה למקום תורה״, ווערט געזאָגט, זאָלסט וואַנדערן פאַרוואָגלט ווערן צו אַן אָרט פון תורה; האָט רש״י דערום, נ ע מ ו ז ט וואַנדערן איבער אַלע ישיבות פון גאָר דער דאַ־מאָלסטיקער וועלט, וואָרום וואו נאָר סאיז פאַראַן תורה, וואו נאָר מען קען הערן אַ וואָרט פון תורה, אַ גוטע אויפקלערונג, אַ הידוש אַ וויכטיקן — דאַרף עס רש״י הערן און פאַרנעמען, כדי צו איינפּאַסן עס אין זיינע פירושים... אַזוי האָט באַגריפן דאָס פאָלק.

און די לעגענדע פירט רש״ין צו־ערשט אין נאַרבאָן צו הערן תורה ביי ר׳ משה הדרשן (7), פון דאָרטן פאָרט ער אין לונעל (8), פון דאָרטן פירט אים

(7) — רש״י ציטירט ר׳ משה הדרשן עטלעכע מאָל אין זיין פירוש אויף תורה; אָבער דאָס איז נאָר געווען מפי השמועה, ווייל ווען רש״י וואָלט געקענט געווען זיין אין נאַרבאָן, איז שוין ר׳ משה הדרשן געווען טויט.

(8) — לונעל, דרום־פראַנקרייך האָט אָנגעהויבן שפּילן אַ ראָל אין דער יידישער תורה און קולטור אין מיטלאַלטער, שפּעטער פון דער רש״י־עפּאָכע און בכלל איז דער יידישער צענטער אין צפון־פראַנקרייך קנאַפּ וואָס געווען פאַרבונדן דאַן מיטן צענטער פון תורה פון דרום־פראַנקרייך, וועלכער האָט זיך געפונען אונטער דער השפּעה פון די ספרדים, דאַן ווען דער פון פראַנצויזישער איז געווען אַ מין פאָרזעצונג פון דעם צענטער אין דייטשלאַנד און לאָטרינגען.

אין די דאָזיקע לעגענדעס זעט מען אַן אָנשיכטונג פון ביאָגראַפישע עלעמענטן, פון שטעט און פון סיטואַציעס, וואָס האָבן געשפּילט אַ ראָל אין ת ו ר ה ־ מ אַ פּ ע פון מיטלאַלטער, אָבער שפּעטער, און מער אויף אַנדערע געביטן, ווי אויף דעם געביט פון תלמוד־דערקלערונגען.

די לעגענדע אין מרחקים: אין גריכנלאַנד, איטאַליע, עגיפּטן, ארץ-ישראל, פּערסיע און צוריק קיין אייראָפּע, קיין דייטשלאַנד, וועלכע ער רייזט דורך צו-פוס, פאַרוויילנדיק אין פאַרשיידענע ישיבות ביז ער קומט צוריק קיין טרוא.

לויט אַ צווייטער ווערסיע האָט רש״י דורכגעמאַכט זיינע וואַנדערונגען און נסיעות, ניט אַלס יונגער, נאָך אומפאַרהייראַטער בחור, פאַרנדיק ערשט אין די ישיבות, נייערט שפּעטער אין פיל יאָרן אַרום, ווען ער איז שוין געווען באַרימט אין דער וועלט דורך זיינע פירושים, וועלכע ער האָט שוין געהאַט פאַרענדיקט; און וואָס ער האָט געוואָלט אין זיינע רייזעס דערגרייכן איז צוויי זאַכן: ערשטנס האָט ער געוואָלט געוואויר ווערן צי איז פאַראַן ערגעץ-וואו אויף דער וועלט נאָך דברי-תורה, דערקלערונגען אַזעלכע אין די דברי-חכמים, וואָס ער זאָל פון זיי ניט געווען האָבן געהערט, ניט געוואוסט און האָט זיי ניט אריינגענומען אין זיינע פירושים; צווייטנס האָט ער מיט דעם דאָזיקן געוואָלט דערגרייכן אַ תשובה, אַ תיקון, ניט חלילה פאַר אַ זינד, וואָס ער, רש״י, זאָל געווען האָבן באַגאַנגען — ניין, רש״י זינדיקט ניט און קען ניט זיין זינדיק — נייערט פאַר דעם, וואָס ער האָט זיין פאָטער גורם געווען צער און ליידן פ א ר זיין געבורט נאָך: אין שייכות מיט זיין געבורט, האָט זיין פאָטער געמוזט אָנ-ווערן דעם פּעריל, אויסשטיין אַ שווערן נסיון, איז אפשר האָט ער פון דעם גע-האַט צער, אפשר האָט עס אים באַנג געטון און דורך דעם האָט ער, רש״י, ניט וועלנדיק, נ אָ ך א יידער ע ר א י ז ג ע ב ו י ר ן ג ע וו אָ ר ן, עובר-געווען אויף כיבוד-אב, איינע פון די עשרת-הדברות, האָט ער פ א ר דעם נ י ט וו ע ל נ ד י ק ן חטא, פ א ר ז יי ן ג ע ב ו ר ט, גע-זוכט אַ תיקון, אַ תשובה אין גלות.

אין דעם דאָזיקן וואַריאַנט פון די לעגענדעס וועגן רש״יס וואַנדערונגען זעען מיר, אַלזאָ, שוין די עלעמענטן, אין וועלכע עס ווערט אויסגעדריקט רש״יס עטישע פערזענלעכקייט: ער זוכט אַ תשובה פאַר דעם וואָס דורך זיין געבורט, איז זיין פאָטער געבראַכט געוואָרן צו אַ שווערן נסיון און האָט, פיליכט, געהאַט עגמת-נפש, פאַרדרוס.

מען זעט אין דער דאָזיקער לעגענדע אויך די הויכקייט פון אָפּשאַצונג, אויף וועלכער דאָס פאָלק האַלט רש״יס פירושים: ער רייזט אום די גאַנצע וועלט, אומעטום לערנט ער תורה, זוכט, הערט, וויל געוואויר ווערן, אפשר האָט ער עפּעס פאַרפעלט אין זיינע פירושים, וואָס ער האָט ניט געוואוסט, וועט ער עס צוגעבן, אפשר האָט ער עפּעס שלעכט פאַרשטאַנען, שלעכט אויסגעטייטשט אין זיינע דערקלערונגען, וועט ער פאַריכטן, אפשר זיינען די פירושים זיינע צו תורה און תלמוד ניט אין אָנקלאַנג מיט דעם, ווי מען לערנט ערגעץ-וואו אַנדערש, וועט ער זיינע פירושים איבערמאַכן — און ער געפינט אין ערגעץ ניט אַזעלכעס, וואָס זאָל באַצייכנען אַ בלויז אָדער אַ פעלער אין זיין פירוש...

מען געפינט אין דעם וואַריאַנט אויך די עלעמענטן פון ע ט י ש ע ר ה ו י כ ק יי ט , וואָס דריקט אויס רש״יס אויפריכטיקייט, זיין שטענדיקן שטרעבן צו וועלן לערנען, צו וועלן דערגרונטעווען זיך צום אמת אין דער אויס-טייטש פון דער תורה; עטישע הויכקייט וואָס דריקט זיך אויס אין וועלן שטענ-

דיק פאַריכטן, פאַרפולקאָמען זיין פירוש... און אין דער זעלביקער צייט קומט אין דעם דאָזיקן וואַריאַנט פון די לעגענדעס וועגן רש״יס וואַנדערונגען צום אויסדרוק אויך די מיינונג פון פאָלק, אַז קיין העכערע, קיין מער וואַרהאַפטע, קיין מער גרינטלעכע פירושים ווי רש״יס איז ניטאָ, קיין ריינערע תורה, ווי זיינע איז פון קיינעם ניט געלערנט געוואָרן נאָך, והראיה, אין אַלע זיינע רייזעס און וואַנדערונגען, אין קיין איינער פון די ישיבות, וואו ער האָט פאַרבראַכט און תורה געהערט, האָט ער ניט געהערט אַזעלכעס וואָס זאָל זיין אין סתירה צו דעם, ווי ער האָט איינגעטייטשט די תורה; דאָס וואָס ער האָט אומעטום געהערט האָט אים נאָר טיף איבערצייגט, אַז ער האָט ריכטיק מכוון געווען דעם אויסטייטש פון מישהם תורה, און אַז ער האָט ריכטיק פאַרשטאַנען אַלע כוונות און באַהויפטונגען פון די חז״ל.

די הויכע מיינונג, וואָס די טראַדיציע האָט געהאַט אין משך פון יאָרהונדערטער וועגן רש״יס פירושים צו תנ״ך און תלמוד, דער גייסטיקער פרצוף פון רשי״ס הייליקער פערזענלעכקייט, קומט אין די דאָזיקע לעגענדעס צו אַ בולטן אויסדרוק.

די לעגענדע, אין דער ווערסיע, וואָס ווערט דאָ איבערגעגעבן, ברענגט צונויף דעם רמב״ם מיט רש״ין; אויף דעם וועג פון זיינע גלות-וואַנדערונגען קומט רש״י אויך קיין מצרים, וואו רבנו משה בן מיימון איז הויף-דאָקטאָר ביים קאַליף. דער רמב״ם נעמט אויף רש״ין מיטן כבוד, וואָס רש״י פאַרדינט און רש״י לייענט אים פאָר זיינע פירושים אויף תנ״ך. רבנו משה בן מיימון הערט אויס די פירושים און גייט אריין אין התפעלות פון זיי; און ער דערקלערט אויפריכטיק רש״ין, אַז ער אַליין, דער רמב״ם, האָט זיך ארומגעטראָגן מיטן געדאַנק צו שאַפן אַזאַ פירוש, נאָר איצט, זעענדיק, אַז רש״י האָט דעם פירוש געמאַכט איז אודאי שוין ניט נויטיק צו פאַרפאַסן אַ צווייטן פירוש אַזאַ.

און דער רמב״ם האָט — לויט די ווערטער פון דער לעגענדע — איבערגעחזרט נאָכדעם פאַר זיינע תלמידים און מקורבים דעם זעלביקן געדאַנק: „איך וואָלט געוואָלט געמאַכט אַזאַ פירוש אויף תורה, אָבער ר׳ שלמה יצחקי פון פראַנקרייך האָט זיך מיר געפעדערט (9).

די ווירקלעכקייט האָט ניט צוזאַמענגעבראַכט די צוויי גרויסע שאַפער,

---

(9) — רש״י איז געשטאָרבן אין יאָר 1105 אין טרואַ. דער רמב״ם איז געבוירן געוואָרן אין דער שפּאַנישער שטאָט קאָרדאָוואַ, דרייסיק יאָר שפּעטער, אין יאָר 1135; דער רמב״ם איז, אָן ספק, געווען באַקאַנט רשי״ס פירוש אויף תנ״ך (וועגן תלמוד — צי ער האָט געקענט רש״יס פירוש — איז נים פעסטגעשטעלט), ווייל דער רמב״ם דערמאָנט רש״י איינמאָל אין דעם „מורה נבוכים“, ציטירנדיק אים ביי אַ געוויסער אויסטייטשונג פון יחזקאל. קיין אַנדערע באַווייזן וועגן דעם, וואָס פאַראַ מיינונג דער רמב״ם זאָל געווען האָבן וועגן רש״ין זיינען נים פאַרבליבן. די „משנה תורה“, און רמב״ם פירוש צו משניות איז גאָר פון אַן אַנדער כאַראַקטער ווי רש״יס פירוש צו תלמוד; דער מעטאָד איז אַ דעדוקטיווער, די פאָרם אַ סינטעטישע, אַ קאָדיפיצירנדיקע, כדי אויסצומיידן די שקלא וטריא און פלפולים, און דעבאַטעס וואָס אין תלמוד; דאַן ווען ביי רש״י איז דער פירוש אומעטום אַן אינדוקטיווער און פאַר אים איז דער תלמוד גופא, דער „דרך הבבלי“, די פלוגתא׳ס, דעבאַטעס, דער תלמודישער משא-ומתן און סיגנון

וואָס אונדזער פאָלק האָט געהאַט, אין מיטלאַלטער, האָט די פאָלקס-פאַנטאַזיע זיי צוזאַמענגעבראַכט אין דער לעגענדע און האָט געלאָזט דעם רמב״ם זאָגן אַ מיינונג וועגן רש״ין און זיינע פירושים, פאַר דער פאַנטאַזיע איז כראָנאָלאָגישע און געאָגראַפישע אומעגלעכקייטן קיין שום אָפּהאַלט ניט — דערויף איז דאָך די פאַנטאַזיע באַפליגלט.

לויט דער דאָזיקער ווערסיע פון די לעגענדעס וועגן רש״ים וואַנדערונגען האָט ער זיינע רייזעס געמאַכט ב ע י ל ו ם ש ם, איקאָגניטאָ; און עס איז פאַרשטענדלעך אַז אַזאַ עניו זאָל עס טון: זיין נאָמען איז דאָך שוין דאַן באַרימט געווען אין גאָר דער וועלט — טאָ ווי וואָלט ער געקענט אָפּריכטן גלות אונטער זיין ריכטיקן נאָמען.

— 6 —

## די לעגענדעס וואָס ברענגען רש״ין קיין פראָג

די וואַריאַנטן פון דער לעגענדע וועגן רש״ים וואַנדערונגען איבער דער וועלט — הגם אין דער ווירקלעכקייט איז רש״י נאָך דער עלטער פון פינף און צוואַנציק יאָר, ווען ער איז צוריקגעקומען פון די ישיבות אין לאָטרינגען און דייטשלאַנד, וואו ער האָט זיך אויסגעפורעמט אין תורה, וואַרשיינלעך ניט אַרויסגעפאָרן פון טרוא, זיין געבורטס-שטאָט, זיין ישיבה-שטאָט, יעדנפאַלס קיין ווייטע נסיעות האָט ער זיכער ניט געמאַכט — געהערן צו די שענסטע, פאַנטאַסטישע און פאַרבנרייכסטע, אין דער אומדערשעפּלעכער רש״י-לעגענדאָגראַפיע.

אין זיי זיינען פאַראַן אַלע עלעמענטן, וועלכע מיר האָבן אויבן אָנגעוויזן אַלס הויפּט-באַשטאַנד, כאַטעריאַלן, וואָס קענען העלפן אין דעם שטודיום פון רש״י אַלס גייסטיקע פּערזענלעכקייט און שעפער: עס איז פאַראַן אין זיי ביאָגראַפישע עלע-

---

ניט ווינציקער וויכטיק פאַר דער אויסטייטשונג און אויפקלערונג, ווי די מסקנות און דער פסק הלכה.

טרעפלעך און אויסשעפּנדיק פאַר דער באַצייכנונג פון דעם אונטערשייד צווישן דעם צוגאַנג פונם רמב״ם און דעם וועג פון רש״י, אין דער דערקלערונג פון דער משנה, איז די פּאַראַלעל כאַראַקטעריסטיק, וואָס דער ת ו ס פ ו ת י ו ם - ט ו ב האָט געמאַכט אין דער הקדמה צו זיין פירוש אויף משנה: „דער וועג פונם רמב״ם און די סוגיא פון זיין פירוש איז צו שטעלן עיקרים און כללים פאַר דער משנה און צו פ אַ ר אַ ל ג ע- מ יי נ ע ן א י ן ג ר ו פּ ע ס אירע ענינים, צונויפהעפטן די ענינים און דורך דעם זאָלן מיר פאַרשטיין די כוונות פון דער משנה; ניט אַזאַ איז אָבער דער וועג פון רש״י און פון זיין סוגיא. ער דערקלערט די משנה א יי נ צ ל ו ז ווי ז, משנה נאָך משנה; ער צעגלידערט יעדן זאַץ אין איינצלנע קורצע טיילן — און זיין פירוש איז אַזוי פאַר־שפּריט אויף מקרא און גמרא“.

דער אונטערשייד אין צייט, און אין דער כאַראַקטעריסטיק פון די פירושים, דער פאַקט, וואָס די צוויי גאונים זיינען פון פאַרשידענע וועלטן און קולטורן, און פון פאַר־שידענעם צוגאַנג צום אופן פון מפרש זיין משנה און מקרא, תלמוד און אגדה — האָט דער לעגענדע ניט געקימערט; זי ברענגט זיי צוזאַמען און לאָזט דעם רמב״ם זאָגן, אַז ער וואָלט געוועז אָנגעשריבן עקזאַקט אַזאַ פירוש, ווי רש״י, „לולא קדמני הצרפתי“.

מענטן, אָפּשאַצונג וועגן דעם אומאיבערשטייגבאַרן ווערט פון זיינע פּירושים, מאַטעריאַל פאַר דער כאַראַקטעריסטיק פון זיינע זויבערע מידות און מאַטעריאַלן וואָס באַווייזן רש״יס באַציאונג פון ליבע צו מענטשן בכלל.

כאַראַקטעריסטיש אָבער איז, וואָס אין איין לעגענדע פון דעם דאָזיקן ציקל ווערט רש״י, דער לעגענדאַרישער רש״י געבראַכט קיין פּראָג, די שטאָט, וואָס די יידישע פאָלקס-פאַנטאַזיע האָט באַקרוינט מיט אַזויפיל העררלעכע לעגענדעס, מיט אַזוי פיל וואונדער-מעשיות, ווי קיין אַנדערע פון די שטעט פון מיטל-אייראָפּע, וואו יידן האָבן געהאַט געשאַפן אין מיטלאַלטער און אין די ערשטע יאָרהונדערטער פון דער נייער צייט, אַ גרויסן צענטער פון תורה, חכמה און איינגאַרטיקן יידיש לעבן.

די לעגענדע האָט אויסגעוועבט אַ וואונדערשיינע נאָוועלע, איינגאַנצן אויסגעהאַלטן אין קאָלאָריט פון דער מיטלאַלטערלעכער ווירקלעכקייט און דאָמאָלדיקן לעבנס-שטייגער. די דאָזיקע פּרעכטיקע פאָלקס-מעשה איז, ממש, ווי פאַר אַ פילם; כאַפּט נעם און פילמיר עס תיכף.

רש״י איז וואַרשיינלעך קיינמאָל ניט געווען אין פּראָג. די אַנטשטייאונג פון פּראָג אַלס גרויסער און גאָר באַרימטער יידישער צענטער פון תורה און יידישן פּראַכט און גרויסקייט איז געשען אין דורות אַרום נאָך דער צייט פון רש״ין; פּראָג אין דער יידישער פאָלקס-מעשה, איז פאַרבונדן מיטן מהר״ל, און מיט די וואונדער-מעשיות וועגן דעם גולם, וואָס ער האָט געשאַפן — און דער מהר״ל האָט געלעבט יאָרהונדערטער נאָך רש״ין. אָבער די לעגענדע, די יידישע, האָט מיט דעם אַלעמען זיך ניט געקענט רעכענען. פּראָג איז אַן „עיר ואם בישראל״, אַ שטאָט, וואו אַזויפיל נסים האָט געטראָפן זיין, אַ שטאָט פון תורה און יידישער גרויסקייט, די שטאָט ארום וועלכער די פאַנטאַזיע פון יידישער פאָלקס-שאַפונג האָט אַזוי פיל שיינע צויבער-מעשיות אויסגעוועבט, טאָ ווי קען געמאָלט זיין, אַז רש״י, וואַנדערנדיק איבער גאָר דער יידישער וועלט, זאָל ניט אַריינפאַרן אָדער קומען קיין פּראָג און אים און דורך אים פאַר אַנדערע, זאָלן קיין נסים דאָרטן ניט געשען?

שפּרינגט די פאָלקס-פאַנטאַזיע איבער יאָרהונדערטער איבער געאָגראַפישע מרחקים און רש״י, דער יונגערמאַן, דער בחור, דער ישיבה-מאַן, אין זיין וואַנדערונג איבער די ערטער פון תורה — רש״י וואָס איז שוין דאַן געווען אַ הייליקער מאַן, הגם יונג נאָך, אַ געמלעבער מאַן פיל מיט תורה און אַלע שבע חכמות, מעדיצין אַריינגערעכנט, הגם נאָך גאָר אַ יונגער בחור — ווערט געבראַכט דורך דעם צופאַל, קיין פּראַג.

אין דער לעגענדע איז דאָס פאַרבונדן און פאַרוויקלט מיט אַ גאַנץ פאַרפּלאָנטערטער נאָוועלע:

אויף זיינע וואַנדערונגען האָט רש״י איינמאָל, אין וועג, אין אַ לאַנד פון מזרח, זיך אָנגעטראָפן מיט אַ מאָנאַך, אָדער גלח; זיי האָבן אָפּט, אין דער רייזע, דיספּוטירט; פאַרשטייט זיך, אַז וועגן רעליגיעזע ענינים (10), אָבער אָן קרענקלעכע

(10) — אַ רמז אויף די אָפטע דיספּוטן וואָס פלעגן פאָרקומען דאַן, אין מיטלאַלטער צווישן קריסטלעכע גייסטלעכע און רבנים וואָס פלעגן פון די ערשטע גערופן ווערן צו אַזעלכע ויכוחים איבער רעליגיע.

לײדנשאַפטן, נאָר בנעימות, באַזאָכט, „בניחותא", ווי רש"י אַליין וואָלט געזאָגט. דער גלח האָט געוואוסט, אַז רש"י איז אַ ייִד, הגם זײַן נאָמען האָט ער ניט געוואוסט. אײנמאָל, האָבנדיק פאַרפאָרן אין אַכסניה, איז דער גלח ערנסט קראַנק געוואָרן. רש"י, וועלכער האָט געקענט גוט חכמת הרפואה האָט גענומען היילן דעם מאַנאַך, וועמעס לעבן איז געווען אין סכנה. טאָג ווי נאַכט איז ער געווען נעבן דעם קראַנקן בעט, ניט אָפּטרעטנדיק פון אים. ער האָט אים באַהאַנדלט, ווי מען באַהאַנדלט אַ ברודער, כאָטש זײ זײַנען געווען פון פאַרשײדענע אמונות און פעלקער; און מיט גאָטס הילף און אַ דאַנק דעם, וואָס רש"י איז געווען גרויס אויך אַלס מעדיצינער, האָט ער אים אויסגעהײלט, ראַטעווענדיק אים פון אַ זיכערן טויט.

געזונט-ווערנדיק, שוין פאַרן אָוועקפאָרן — זײערע וועגן האָבן זיך צעשײדט — האָט דער גלח געוואָלט באַלוינען רש"ין פאַר זײַן טרחה, געבנדיק אים אַ סך גאָלד און זילבער. רש"י אָבער, אַן אָרעמער ישיבה-מאַן, האָט זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען עפּעס פאַר זײַן טרחה: „דו ביסט מיר גאָרניט שולדיק, האָט ער נאָכגעזאָגט דעם מאַנאַך; אונדזער אמונה לערנט אונדז צו העלפן יעדן מענטשן אין נויט, אָן צו שטרעבן צו באַקומען דערפאַר אַ באַלוינונג און ניט צו נאָכפאָרשן זיך וועגן ער איז צי ייִד, צי ניט-ייִד. דאָס אײנציקע, וואָס איך בעט דיר איז: קענגזײַטיקייט: אויב דיר וועט אַמאָל אויסקומען צו אָנטרעפן אַ ייִדן אין אומגליק, העלף אים, ווי איך האָב דיר געהאָלפן".

רש"יס הויכע עטישע פּערזענלעכקייט שײַנט אַרויס אין דער דאָזיקער לעגענדע אין דער וואַרהאַפטיק-ביאָגראַפישער ווירקלעכקייט; אַזאַ איז געווען רש"י דער גאון, אין זײַן לעבן און אין זײַנע מעשים.

און אין דער זעלביקער פאָלקס-מעשה ווערט ווײַטער דערצײלט, אַז אין עטלעכע יאָר אַרום, שוין אויף זײַן צוריקרײַזע פון מזרח, צו זײַן היים אין טרוא, איז רש"י געקומען קיין פּ ר אַ ג — דער באַליבטסטער העלד פון דער ייִדישער לעגענדע ווערט געבראַכט אין ד ע ר ש ט אָ ט, אין דער אויסדערווײלטסטער פאַר דער פאָלקס-לעגענדע — אין פּראָג איז מען געוואויר געוואָרן אַז ר ש " י קומט און די גאַנצע שטאָט איז אַרויס צום טויער מקבל-פּנים זײַן דעם פּרשן-דתא, דעם חכם און גאון פון פראַנקרײַך; און מען האָט אים אויפגענומען מיט כבוד, ווי עס קומט אַזאַ גדול ווי רש"י, און מען האָט זיך געפרייט מיט זײַן קומען, כאָטש רש"י דעם עניו איז עס געווען ניט צום האַרצן.

די שמחה פון דער ייִדישער קהלה האָט פאַרדראָסן דעם דוכוס (פירשט) וו ר אָ ט י ס ל אַ וו אָדער וו ל אַ ד י ס ל אַ וו, דעם פעאָדאַלן הערשער פון פּראָג, וועלכער איז דערצו געווען אַ שונא-ישראל. ער האָט געלאָזט פאַרהאַפטן רש"ין, באַשולדיקנדיק אים אין שפּיאָנאַזש (רש"י איז דאָך געווען פון שאַמפּאַן, אַ פראַנצויזישער פירשטנטום אין יענער צײַט). דער המון האָט דערוויל גענומען מאַכן אַ פּאָגראָם אויף ייִדן; זעענדיק אַז דער ייִדישער גדול איז אַרעסטירט, איז עס פאַר זײ געווען אַ צײכן, אַז ייִדיש לעבן, האָב און גוטס איז, ווידער, הפקר.

דעם אַרעסטירטן רש"י האָט מען געבראַכט צום פירשט וואַראַטיסלאַוו אין פּאַלאַץ. דער דוכוס אַליין זאָל אים אויספאָרשן. דאָרטן, צוזאַמען מיטן פירשט

איז געווען דער ב י ש אָ ף פ ו ן אַ ל מ ו , וועלכער האָט גלייך דעריקענט רש״ין: דער דאָזיקער בישאָף איז עס געווען דער מאָנאַך, וועמען רש״י האָט געראַטעוועט פון טויט, אויסהיילנדיק אים פון זיין קראַנקייט.

דער בישאָף האָט עס דערציילט דער פּראַגער פירשט און דאָס האָט, נאַטירלעך, געווירקט, אַזוי, אַז מען האָט רש״ין תיכף באַפרייט מיט גרויס כבוד; אויף רש״ים בקשה האָט דער פירשט געהייסן גלייך אונטערדריקן די אומאָרדנונגען, אָפּגעשטעלט דעם פּאָגראָם; דער פירשט איז געוואָרן אַן אוהב ישראל און יידן האָבן פון דאַן אָן געלעבט אין פּראָג בשלום ושלוה.

רש״י איז איינגעשטאַנען ביים ראש-הקהל פון פּראָג; אין יענעמס יונגע טאָכטער, אַ יפת-תואר און גרויסע צדקנית, רבקה, האָט זיך פאַרליבט אין רש״ין און רש״י אין איר. מען האָט ניט פאַרזאַמט צו שטעלן חופּה, מיט דער צושטימונג פון אירע עלטערן.

די דאָזיקע לעגענדע וועגן רש״יס פאַרווילן און ראָמאַן אין פּראָג, ליפערט אונדז אַן אינטערעסאַנטן און באַלערנדיקן מאַטעריאַל וועגן לעבן פון יידן אין מיטלאַלטער אין מיטל-אייראָפּע, וועגן רש״יס עטישער הויכקייט און וועגן די באַציאונגען זיינע צו דער ניט-יידישער וועלט. די דאָזיקע לעגענדע, אָבער, האָט אַלע סימנים פון אַ שפּעטערדיקער; זי געהער אָן שום ספק צום ציקל לעגענדעס וואָס זיינען אַנטשטאַנען אין יאָרהונדערטער שפּעטער נאָך רש״יס עפּאָכע, וועגן פּראָג און מהר״ל פון פּראָג. די דאָזיקע פאָלקס-מעשיות זיינען אויסגעשפּינען געוואָרן, וואַרשיינלעך אין יענער צייט, ווען יידן זיינען שוין געווען לאַנג פאַרטריבן פון טרואַ און די תורה האָט געהאַט איבערגעוואַנדערט צוזאַמען מיט די יידן מער צו מזרח; פון פראַנקרייך און מיטל-אייראָפּע, אין פּראָג, וויין א. אַ. וו.

דאָך איז דער ביאָגראַפישער עלעמענט אין דער דאָזיקער געשיכטע אויך פון באַדייטנדיקער ווייכטיקייט: רש״י ווערט געשילדערט אַלס מעדיצינער, דאָס קען דינען אַלס פאַרשטאַרקערונג פאַר יענער מיינונג וואָס באַהויפּטעט, אַז רש״י איז געווען אַ מעדיקער. אין קעגנזאַץ צו דער מיינונג פון אַנדערע ביאָגראַפן, וואָס לייקענען עס. אַלנפאַלס, זעט מען פון דער דאָזיקער לעגענדע, וועלכע שטאַמט, אָן ספק פון דעם דרייצנטן אָדער פערצנטן יאָרהונדערט (איר אינהאַלט, באַשטאַנד-עלעמענטן און דער קאָלאָריט פון איבערלעבן לעבן, וואָס אין איר ווערט געשילדערט זאָגן עדות אויף דעם), אַז דאַן איז מען איבערצייגט געווען, אַז רש״י איז געווען אַ מעדיצינער (11).

---

(11) — וועגן דעם צי איז רש״י געווען אַ מעדיקער צי ניט, הערשט אַ גרויסע חילוקי-דעות צווישן רש״יס ביאָגראַפן און בכלל רש״י-פאָרשער. די הערשנדיקע מיינונג איז, אַז ער איז ניט געווען קיין מעדיצינער; רש״י האָט אָבער געקענט די מעדיצין פון זיין צייט; אַנאַטאָמיע און כירורגיע אפילו. זאין זיין פירוש אויף תלמוד ווינען אין פאַרשיידענע ערטער צעוואָרפן ניט נאָר עקזאַקטע אַנאַטאָמישע באַצייכנונגען און ידיעות, נאָר אויך פּרעציזע כירורגישע באַשרייבונגען און פאַרשיידענע רפואות.

עס איז ניט אויסגעשלאָסן די השערה, אַז רש״י איז געווען אַ מעדיקער, אָבער ער האָט פון דער דאָזיקער פּראַפעסיע ניט געלעבט, פּונקט ווי ער האָט ניט באַקומען קיין שכר פאַר זיין רבנות.

דרעפּער, אין דעם דריטן באַנד פון זיין ווערק: „די געשיכטע פון דער אינטעלעק-

פון דער דאָזיקער וואונדערשיינער פאָלקס-מעשה איז פאַראַן נאָך אַ צווייטער וואַריאַנט, קענטיק אַ שפּעטערדיקער פון דעם פריקן, אין וועלכן עס קומט אַ צוגאָב, אַז נאָכדעם ווי רש״י האָט חתונה געהאַט אין פּראָג און געקליבן זיך צו פאָרן אַהיים, האָט אים דעם פירשט וראַטיסלאַוווס אַ פריינט, אַ גרויסער צורר יהודים געוואָלט דערמאָרדן; על פי נס איז רש״י ניצול געוואָרן; אָבער כדי צו באַרהיטן פון אַ צווייטן אַטענטאַט, און ווייל ניט יעדן טאָג קען זיך טרעפן אַ נס, האָט רש״ים שווער, דער ראש הקהל (לויט אַנדערע וואַריאַנטן, איז עס געווען אַ רייכער סוחר פון פּראָג), געלאָזט פאַרשפּרייטן אַ קלאַנג, אַז רש״י איז געשטאָרבן. מען האָט גענומען אַ ליידיקן ארון און מקבר געווען, זאָגנדיק אַז דאָס איז רש״ים לויה און רש״י אליין, איבערגעטון אין אַנדערע קליידער האָט זיך געראַטעוועט, פאַרלאָזנדיק פּראָג (12).

— 7 —

## אַנדערע עלעמענטן אין דער רש״י-לעגענדאָגראַפיע

אין עטלעכע קורצע לעגענדעס האָט די פשוטע אומיטלבאַרע מיינונג פון פאָלק אויסגעדריקט די העכסטע אָפּשאַצונג וועגן דעם ווערט און באַדייטונג פון רש״ים פירושים אַן אַן פאַר זיך און אויך אין פאַרגלייך מיט די פאַרהייליקט-געוואָרענע ווערק פון אַנדערע מפרשים און גאונים פון זיין צייט.

מיר האָבן שוין אויבן ציטירט די לעגענדע, אין וועלכער רש״י ווערט צוזאַמענגעבראַכט מיטן רמב״ם, אַלס מוסטער פון דער דאָזיקער סעריע פאָלקס-מעשיות. פאַראַן אויך לעגענדעס אין וועלכע משה רבנו אליין זאָגט אַרויס אַ מיינונג וועגן רש״ים פירושים אויף תורה. מיר ברענגען אַלס מוסטער איינע פון פיל וואַריאַנטן וואָס זיינען, פון דעם מין, דערגאַנגען צו אונדז.

„אַז רש״י האָט פאַרענדיקט זיין פירוש אויף תורה, האָט זיך משה רבנו

מועלער אַנטוויקלונג פון אייראָפּע״ זאָגט צווישן אַנדערעס: „צווישן די יידישע מעדיצינער, וואָס באַשיינען דעם 11-טן יאָרהונדערט, דאַרפן מיר דערמאָנען רש״ין, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן גלייכע פעאיקייטן און געשיקטקייט אין זיין פירוש אויף תלמוד, ווי זיינע באַשרייבונגען פון גרויסע כירורגישע אָפּעראַציעס — קייזערשניט צווישן אַנדערע. ער איז געווען דער באַרימטער פראַנצויזישער מעדיקער פון זיין צייט.

אַ גרעסערע אויספירלעכע אָפּהאַנדלונג וועגן דעם ענין „רש״י אַלס מעדיקער״ האָט פאַרעפנטלעכט ד״ר י. ל. קאַצענעלסאָן אין דער רוסישער „יעווריעסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ״ (בראַקהאַוז-עפראָן, 13-טער באַנד, זייט 345-6).

דער אינהאַלט פון דער פאַרצייטיקער פאָלקס-מעשה שטאַרקט די מיינונג פון דרעפּערן.

(12) — דער דאָזיקער טייל פון דער פאָלקס-מעשה איז זייער ענלעך צו דער מעשה וואָס ווערט דערציילט אין מסכתא גטין וועגן דעם, ווי מען האָט אַרויסגעפירט ר׳ יוחנן בן זכאי פון ירושלים בעת די שטאָט איז געווען באַלאַגערט פון אַספּאַסיאַנוס-פלאַוויוס. אָן ספק אַז די תלמודישע לעגענדע האָט געדינט אַלס באַזע פאַר דער דאָזיקער פאָלקס-מעשה; אין דער פאַנטאַזיע פון פאָלק איז פּראָג געווען דאַן פאַרגליכן צו ירושלים און רש״י נאָענט אין גייסט (ווי ער איז עס ווירקלעך געווען) צו ר׳ יוחנן בן זכאי און אַזוי האָט געקענט געבוירן ווערן די ענלעכקייט אין דער לעגענדע.

באַווייזן צו איר, אים אַ קוש געטון אויפֿן קאָפּ און געזאָגט: שלמה מיין זון, יפה דרשת! דו ביזט דער ערשטער וואָס דו האָסט ריכטיק פֿאַרשטאַנען מיין כוונה, ירדת לסוף דעתי!".

קען מען זיך פֿאַרשטעלן אַ העכערע אָפּשאַצונג און לויב, ווי די דאָזיקע, וואָס דאָס פֿאָלק האָט געגעבן, לויט זיין שטייגער, פּשוט, אויפֿריכטיק און נאַאיוו?

רש"י באַגעגנט זיך מיט משה רבנו נאָך אין איינִיקע לעגענדעס; אין איינער איז עס וועגן דער מחלוקת, וואָס רש"י האָט מיט זיין אייניקל, דעם גרעסטן פֿון די בעלי־התוספות רבנו תם, וועגן דעם סדר פֿון די פּרשיות אין די תפילין (13): דער זיידע און דאָס אייניקל קענען ניט דורכקומען צווישן זיך, איז געבליבן, אַז מען זאָל פֿרעגן ביי משה רבנו אליין, וואָרום ווער נאָך ווי ע ר קען פּסקענען וועגן דעם? ווענדעט מען זיך צו משה רבנו און יענער פּסקנט, נאַטירלעך, ווי... רש"י! ווי דען אַנדערש? קען דען רבי שלמה יצחקי אויסטייטשן אַ דין, ניט ווי ער דאַרף זיין? אַזוי האָט דאָס פֿאָלק פֿאַרשטאַנען.

אין דער דאָזיקער לעגענדע ווערט אָבער צוגעגעבן, אַז רבנו תם איז ניט נתפּעל געוואָרן אַפֿילו פֿאַר דעם פּסק־דין פֿון משה רבנו אליין און איז זיך געבליבן ביי זיין מיינונג, זאָגנדיק משה: „דו האָסט וואַרשיינלעך פֿאַרגעסן"... די הייליקע געוואַגטקייט פֿון די בעלי־התוספות, צו דעבאַטירן, שפּעטער, רש"ים מיינונגען, אַנאַליזירן זיינע סברות און אויסטייטשונגען, — הגם רש"י איז דער, וואָס האָט דער ערשטער גרינטלעך אריינגעדרונגען ביזן סאַמע סוף פֿון משהס כוונות — ווערט אויסגעדריקט אין דער דאָזיקער לעגענדע מיט ליכטיקער און נאַאיווער ציכטיקייט און לויטערקייט.

וועגן רש"ים באַציאונג און געפֿילן צו דעם אומגליק, וואָס האָט יידן גע־טראָפֿן דורך דעם ערשטן קרייץ־צוג (אין יאָר 1096), איז פֿאַרבליבן, אין פֿאַר־שידענע נוסחאות, די לעגענדע וועגן רש"ים צוזאַמענטרעף מיטן ריטער און קרייצלער־פֿירער גאָטפֿריד פֿון בויאָן. די לעגענדע איז ברייט באַקאַנט און איז פֿאַר־צייכנט אין פֿאַרשידענע וואַריאַנטן. מירן דאָ, איבערגעבן, דעם אינהאַלט פֿון איינעם:

פֿאַר זיין לאָזן זיך אין וועג מיט די קרייצלער צו באַפֿרייען יעזוסעס קבר פֿון די מוסולמענער, האָט דער הערצאָג גאָדפֿריד געוואָלט האָבן אַ פֿאָרויסזאָג פֿון רש"ין, וועגן וועמעס חכמה און הייליקייט ער האָט זיך פֿיל אָנגעהערט. ער איז פֿאַר דעם צוועק געקומען צו רש"ין אין זיין ישיבה־בית מדרש אין טרואַ; איז געוואָרן אַ רואה ואינו נראה (14). דער הערצאָג האָט אים אָנגערופֿן ביים

---

(13) אין דער ווירקלעכקייט איז רבנו יעקב תם אַלט געווען פֿינף יאָר ווען זיין זיידע רש"י איז נפֿטר געוואָרן.

(14) — לויט אַ צווייטן נוסח איז גאָטפֿריד בויאָן געקומען צו רש"ין פֿאַר־שטעלט ווי אַ ייד, אַ מחזיר על הפּתחים, און רש"י, וועלכן מען האָט מגלה געווען פֿון הימל „פֿריער, אַז ער וועט עס זיין, האָט אים גלייך באַגריסט מיט דער באַגריסונג, וואָס קומט, לויטן דין, אַ מלך. דאָס האָט איבערצייגט דעם הערצאָג, אַז רש"י איז, ווירקלעך, אַ געטלעכער מאַן.

נאָמען, רש"י האָט אים געענטפערט, אָבער זען האָט אים דער ריטער ניט געקענט, ביז וואַנען ער האָט פריער געשוואָרן ביי גאָט, אַז פון רש"ין וועט ניט גענומען ווערן אפילו אַ האָר אויפן קאָפּ. דאָס איז געטון געוואָרן, כדי דער הערצאָג זאָל זיך איבערצייגן אין רש"יס הייליקייט. אויף דער פראַגע, וואָס וועט זיין זיין גורל אין דעם קרייץ-צוג, האָט רש"י געענטפערט דעם בויאָנער הערצאָג, אַז ער וועט איינגעמען די הייליקע שטאָט, וועט רעגירן אין ירושלים דריי יאָר און אויפן פערטן וועט ער פאַרטריבן ווערן פון די מוסולמאַנער און וועט קומען צוריק אהיים בלויז מיט דריי רייטער.

אין גרימצאָרן האָט גאָטפריד געענטפערט רש"ין: „אויב דיין נבואה וועט ניט מקוים ווערן אינגאַנצן און ווען אפילו נאָר מיט פיר רייטער וועל איך צוריקקומען, וועל איך אויסראָטן אַלע יידן פון פראַנקרייך און דיך בתוכם".

די נבואה איז מקוים געוואָרן, עקזאַקט ווי רש"י האָט פאָרויס געזאָגט. נאָכדעם ווי גאָטפריד האָט געקיניגט אין ירושלים געציילטע יאָר, אַנטלאָפן שפּעטער פון דאָרטן, איז ער געקומען קיין פראַנקרייך מיט דריי רייטער; דערנענטערנדיק זיך צום בריק פון טרוא האָט ער געטראַכט, אַז רש"יס נבואה איז דאָך ניט מקוים געוואָרן און ער וועט זיך מיט אים אָפּרעכענען; פאַרבייפאָרנדיק אין טרוא דעם טויער, איז אַראָפּגעפאַלן פון דער וואַנט אַ גרויסער שטיין און דערהרגעט איינעם פון די רייטער און זיין פערד... רש"יס נבואה האָט געמוזט מקוים ווערן.

דער פאַקט וואָס די פאַנטאַזיע פון פאָלק האָט פאַרבונדן רש"ין מיט דער פערזאָן פון דעם הויפּט-אָנפירער פון דעם ערשטן קרייץ-צוג, שפּעטער „פירשט פון הייליקן קבר" אין ירושלים, באַווייזט ווי ריכטיק דער אַנאָנימער מחבר האָט אָפּגעשאַצט די שווערע שפּורן, וואָס די שחיטות און שמדות פון דעם ערשטן קרייץ-צוג האָבן געלאָזט אויף דעם געמיט פון רש"י. אין אונדזער פאָלקס-לעגענדע ווערט דער געפיל פון אונדזער נקמה פאַר אַזויפיל פאַרגאָסן אומשולדיק בלוט, אויסגעדריקט אין רש"יס פאָראויסזאָגן די מפּלה, וואָס דער פירער פון די קרייצלער וועט האָבן.

אויב עס קען ניט פעסטגעשטעלט ווערן היסטאָריש צו האָט רש"י בכלל זיך ווען געטראָפן מיט גאָטפריד פון בויאָן, קען מען דערפאַר פעסטשטעלן קלאָר אַז דער סוף פון דער מעשה, איז געווים לויטער לעגענדע, ווען דער פירער פונם ערשטן קרייץ-צוג איז געשטאָרבן פאַרסמט, אין ירושלים, אין יאָר 1100, פינף יאָר פאַר רש"יס טויט.

דער סוף פון רש"יס לעבן ווערט באַגלייט פון פיל הערלעכע לעגענדעס, דעם זין פון וועלכע עס איז רש"יס הייליקייט און עטישקייט.

אין איינע פון די דאָזיקע לעגענדעס ווערט רש"י געבראַכט קיין באַרצעלאָנאַ.

אַז רש"י האָט זיך דערנענטערט צום סוף פון זיינע יאָרן — דערציילט די לעגענדע — האָט ער געוואָלט וויסן, ווער וועט זיין זיין שכן אין גן-עדן; ער האָט געפּראַוועט תעניתים, סיגופים און מען האָט אים מגלה געווען מן השמים, אַז זיין שכן אין גן-עדן וואוינט איצט אין באַרצעלאָנאַ און הייסט אברהם בן גרשון הצדיק. רש"י איז אוועק קיין שפּאַניע, געקומען קיין באַרצעלאָנאַ, זיך

נאָכגעפרעגט אויף אזאַ צדיק, אָבער קיינער האָט ניט געוואוסט אים אָנצוווייזן; וואָס יאָ: מען האָט אים אָנגעוויזן אויף אַ גרויסן גביר, אַ מאַגנאַט, וואָס האָט אַזאַ נאָמען, אָבער יענער איז שוין זייער ווייט פון אַ צדיק: ער גייט ניט אין שול און איז מזלזל אין מצוות. רש"י איז אַוועק אַהינצו. זיין גן-עדן-שכן, דער גרעסטער מאַגנאַט אין באַרצעלאָנאַ, האָט געוואוינט אין אַ פּרעכטיקן פּאַלאַץ, ווי אַן אמתער שררה. ער האָט אויפגענומען רש"ין מיט גרויס כבוד. דערקלערנדיק, אַז עס איז פאַר אים אַ גרויסע זכיה צו אויפנעמען רש"ין ביי זיך אַלס גאַסט.

פאַרבלייבנדיק ביי אים אין שטוב האָט רש"י זיך איבערצייגט, אַז זיין גן-עדן-שכן איז אַ גרויסער בעל-צדקה און אַז זיינע מעשים טובים שטייגן איבער די וואָס די גרעסטע צדיקים וואָלטן געקענט טון: ער האָט געדאַרפט התונה מאַכן זיין טאָכטער, אָבער אַ טאָג פאַר דער חופּה איז ער געוואויר געוואָרן, אַז דער חתן האָט פאַרלאָזט אַ אָרים מיידל, אַן אלמנהס אַ טאָכטער, זיין פריערדיקע כלה, פאַרלאָזנדיק זי צוליב דער רייכקייט פון זיין טאָכטער. ער האָט דערום געלאָזט פירן צו דער חופּה, אונטערן שלייער-דעק, ניט זיין טאָכטער, נאָר דעם התנס ערשטע כלה, געבנדיק איר די גאַנצע כתובה, גלייך ווי זי וואָלט געווען זיין טאָכטער. רש"י האָט זיך איבערצייגט, אַז ער איז, באמת, ווערט צו זיין זיין גן-עדן-שכן, ווייל, הגם ער היט ניט אָפּ די קליינע מצוות, איז ער אָבער גרויס אין זיינע מצוות און מעשים טובים און אין דעם באַשטייט די אמתע יראת-שמים און אהבת-שמים.

אויף ווי ווייט מיר איז באַקאַנט די רש"י-לעגענדאָגראַפיע, איז די דאָזיקע פאָלקס-מעשה די איינציקע אין וועלכער רש"י, דער אַשכנזי-צרפתי ווערט גע-שטעלט אין קאָנטאַקט מיט אַ ספרדי. הויך דעם הויבן עטיישן ווערט פון דער דאָזיקער לעגענדע, וואָס איז אינגאַנצן אויסגעהאַלטן אין גייסט פון רש"יס בליק אויף פרומקייט און מצוות: אַז מעשים טובים זיינען וויכטיקער ווי קליינע' דינים און מצוות מעשיות, שיינט מיר, אַז דער אַנאָנימער מחבר פון דער דאָ-זיקער מעשה האָט געוואָלט בכיוון געבן רש"ין אַלס גן-עדן-שכן אַ יידן פון באַרצעלאָנאַ, כדי דערמיט צו באַטאָנען, אַז אַשכנזים און ספרדים דערגאַנצן זיך קעגנזייטיק אין יידישער גייסטיקייט: און דער גרויסער רש"י באַקומט דערום אַלס שכן אין הימל אַ ספרדי.

.1940



# דער רמב"ם אין פערספעקטיוו פון געשיכטע

— 1 —

אין דער יידישער און ניט-יידישער וועלט פייערט מען איצט דעם אכטן יאָרהונדערט זינט אין קאָרדאָבאַ (שפּאַניע) איז געבוירן געוואָרן דער גרויסער דענקער און קלאָרסטע פּערזענלעכקייט, וואָס איז אויפגעשטאַנען צו אונדזער פאָלק — אין פעריאָד פון זיין וואוינען, אין פריידן און ליידן — אויפן שפּאַנישן האַלב-אינדזל: דעם אכטן יאָרהונדערט פונם רמב"ם ז"ל.

פון דער הויך פון הר הצופים, וואו דער העברעאישער אוניווערזיטעט — די מאָדערנע פאַרקערפּערונג פון אַ פּאַרציייטיקער יבנה — בויעט זיך, פורעמט זיך וויסנשאַפטלעך, איז דער חודש ניסן פּראָקלאַמירט געוואָרן פאַר דער גאַנצער יידישער וועלט אַלס רמב"ם-חודש, אַ חודש פייערונגען צום אָנדענק פון יענעם גרויסן יידישן דענקער, וואָס האָט דורך זיין לעבן, פירונג און מידות, דורך אַרבעטזאַמקייט און געלערנטקייט, און דורך זיין טיפן, קלאָרן, סיסטעמאַטישן דענקען געזוכט צו באַלייכטן דעם וועג פאַר די בלאָנדזשענדיקע אין אונדזער יידישער מחנה; און זיינע ביכער און ספרים זיינען געוואָרן, שפּעטער, אויך אַ קוואַל צו שטילן דעם דורשט נאָך אַ קלאָר דורכזיכטיק גאָטס וואָרט אין די מהנות פון דענקער אין אַלע צייטן אין מהנות פון קריסטן און סאַראַצינער אויך, ניט נאָר אין יידישע מחנות.

דאַכט זיך, אַז וועגן קיינעם פון יידישע דענקער און גאונים פון דער אַלטער צייט, איז ניט געשריבן געוואָרן אַזוי פיל, אַזוי פאַרשיידן און אין אַזוי פיל שפּראַכן, ווי וועגן דעם רמב"ם, וועלכן די אַראַבער פון זיין צייט און פון נאָך זיין צייט האָבן באַצייכנט מיטן לאַנגען נאָמען: „אבו אימראן מוסא בען מיימון איבן אבראלאה אל קורטובי" (בן עמרם, משה בן מיימון גאָטס קנעכט פון קאָרדאָבאַ).

מען האָט אים געפּאָרשט, פאַרצייכנט, מפלפל געווען זיך אַרום זיינע ווערק, איבערזעצט, מפרש ומבאר געווען. מען האָט וועגן אים געשריבן אַלס דענקער, אַלס פילאָזאָף, אַלס גאון אין תורה שבעל פה, אַלס גרויסער מעדיקער.

פיל האָבן רעזומירט זיין פילאָזאָפישן געדאַנקען-סיסטעם עקספּאָנירנדיק זיין שיטה אין פילאָזאָפיע; אַנדערע האָבן עקספּאָנירט זיין שיטה אין הלכה. דריטע, דאַקעגן, האָבן בכלל, געלייקנט אַז דער רמב"ם איז געווען אַ שעפער פון אַ שיטה.

ווער עס האָט אים געהויבן ביזן הימל און ווער פון די יידישע דענקער, ווי שד"ל צום ביישפּיל, האָט אים באַטראַכט ווי אַ נעגאַטיווע דערשיינונג, ווי אַ דענקער, וואָס האָט שאָדן געבראַכט יידן.

ווער עס האָט געזען אין אים בלויז דעם הלכה'יסט, ניט וועלנדיק הערן פונם רמב"ם דעם דענקער-פילאָזאָף, און וועלכע עס האָבן געהאט די העכסטע ווענע־ראציע בלויז פארן לעצטן, אוועקמאכנדיק מיט דער האַנט איבערן ערשטן.

און עס האָבן זיך געפונען אויך אזעלכע יידישע און ניט-יידישע פאָרשער, וואָס האָבן ערנסט געדענקט, אז דער פאקט, וואָס דער רמב"ם האָט אויף דער עלטער, שוין נאָך דעם „ספר המאור" און „משנה-תורה" געקענט אָנשרייבן אזא „אפיקורסישן" ספר, ווי דעם „מורה נבוכים", באווייזט אז דער רמב"ם האָט דאָן איבערגעלעבט א טיפן רעליגיעזן קריזיס...

די דאָזיקע געוואלטיקע קעגנזעצלעכקייט אין מיינונגען וועגן א דענקער, וועמענס לעבן איז געווען אַן אָפענער בוך, אין וועלכן אַלע האָבן געקענט און קע־נען איצט אויך נאָך לייענען, זעט אויס מישונהדיק באַוונדערס איצט. ווען מען פייערט שוין דעם אכטן יאָרהונדערט פון זיין געבורט...

מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז געשען דערפאַר, וואָס מען האָט דעם רמב"ם באטראכט ווי א מין אינדיווידועלן-וואונדער, ווי אַן איינצעלנעם פאַל, אויס־גענומען פון צייט, סביבה און געשיכטע, ווי א מין „וואונדער-קינד", אַזוי צו זאָגן, אין אונדזער געשיכטע; ווי א מין גאון א יחיד, וואָס איז פלוצים אַרויס־געוואַקסן הויך און העכער פון זיין צייט און זיין דור... זעלטן ווער פון די מיימאָן-פאָרשער האָבן אים באטראכט אין דער ליכט פון דער געשיכטע און אַלם דערשיינונג פון ז יי ן צייט, וואָס האָט געגעבן אַן ענטפער אויף פאָדערו־נגען און באַדערפענישן פון יענער עפּאָכע.

די יידישע גאונים אין שפּאַניע — ווי אויך די אראבישע — האָבן וועגן דעם וואָס מיר באַצייכנען איצט מיטן נאָמען צוגאַנג צו געשיכטע, געזעצמעסיקייט פון געשיכטע-אַנטוויקלונג קיין אַנונג ניט געהאַט; איז דער רמב"ם באַטראַכט גע־וואָרן דערום, פון אזא צוגאַנג.

דאָס מיינט, אָבער, ניט צו זאָגן, אַז ער האָט געווירקט און געשאַפן אויסער די אומזיכטיקע אָבער אומבאַדינגט, שטענדיק, ווירקנדיקע געזעצן פון אַט דער געשיכטע-אַנטוויקלונג; און אַז מיר קומען פאָרשן די דאָזיקע דענקער און שע־פער, גאונים אין הלכה, פילאָזאָפיע, פּאָעזיע אָדער קבלה, דאַרפן מ י ר אַנ־ווענדן צו זיי דעם געשיכטע-מעטאָד; באַטראַכטן זיי אין דער פ ע ר ס פּ ע ק ט י ו ו פון געשיכטע, אין דער ל י כ ט פון דער ע פּ אָ כ ע, — ניט דווקא פונם דור אין וועלכן זייער גייסטיקע טעטיקייט און ווירקונג האָט זיך אַנטוויקלט.

אַז מירן צוגיין מיט אַזאַ באַציאונג צום רמב"ם, וועלן דאַכט זיך, פאַר־שווינדן די כלומרשטע סתירות אין זיין דענקען, די כלומרשטע ווידערשפּרוכן צווישן די פאַרשיידענע פּאַזעס אין זיין לעבן; און עס וועט פאַרשפּאַרט זיין צו באַטראַכטן אים עפּעס, ווי אַ קאַפּריז פון אונדזער קולטור-געשיכטע.

ער דערשיינט פאַר אונדז, ווי אַן אויסגעהאַלטענער דענקער, קאָנסעקווענט זיין גאַנץ לעבן, אין איינער און דער זעלבער שיטה, וואָס איז געקומען צו פאַר־ענטפערן דאַן א צייט-פאָדערונג. און קיין סתירה און קריזיסן איז ניט צו באַ־מערקן אין אים. און דאָס איז די אויפגאַבע פון די ווייטערדיקע באַטראַכטונגען:

איך נעם אָן, „אַ פּריאָרי“, אַז די לייענער זיינען מער-ווינציקער באַקאַנט מיטן רמב"מס לעבנס-געשיכטע און מיטן כאַראַקטער און מהות פון זיין לעבנס-טעטיקייט און מיטן מהות פון זיינע ווערק און וועל עס רעזומירן אין אַ פּאָר ווערטער בלויז: ער איז געבוירן געוואָרן אין דער קאַליפייטער שטאָט קאָרדאָבא. געוועזן אַ וואַנדערער, איבער די רעליגיעזע רדיפות פון די אַלמאָהאַדן, אין משך פון צען יאָר, איבער שפּאַניע, שפּעטער געוואוינט אין מאַראָקאָ, באַזוכט ארץ-ישראל, דאַן זיך באַזעצט אין מצרים, אין קאַאיר, וואו ער איז אין משך פון פערציק יאָר געווען הויף-דאָקטאָר ביים באַרימטן עגיפּטישן קאַליף סאַלאַדין און זיין נאָכפאָלגער, און ער האָט כמעט אין משך פון דער דאָזיקער גאַנצער צייט אָנגעפירט, אַלס „נגיד“ און „ראש“ דעם יידישן ישוב אין דעם דאַמאָלסטיקן עגיפּטן און האָט דאָרטן אָנגעשריבן אָדער פאַרענדיקט אין אַראַביש און העברע-איש הונדערטער מאמרים, חיבורים, בריוו, שאלות ותשובות און ריזיקע ווערק אויף די געביטן פון פילאָזאָפיע, הלכה, און מעדיצין, די באַקאַנטסטע צווישן וועלכע זיינען דער „פירוש המשניות להרמב"ם“ אָדער ספר „המאור“ מיט די שמונה פרקים, די עקרים (אַ טייל פונם פאָריקן), דער ספר המצוות, דער „משנה תורה“, דער „מלת ההגיון“, דער פירוש אויף געוויסע טיילן פון ש"ס (אַ טייל פון וועלכע זיינען פאַרלוירן געוואָרן אין כתב-יד), דער „מורה נבוכים“, די „מגילת סתרים“ (וועגן קבלה), „ערוגת הבושם“, בריוו און מאמרים וועגן קידוש השם, תחית המתים און צענדליקער ווערק וועגן מעדיצין, מעדיצינישע אפאָריזמען און הי-גיענע, אַ טייל פון וועלכע געפינען זיך נאָך אין די כתב-יד אין אַראַביש, וואַר-טנדיק שוין באַלד אכט הונדערט יאָר צו ווערן אויסגעלייזט, איבערזעצט און אַרויסגעגעבן.

איך נעם אויך אָן „אַ פּריאָרי“, אַז די לייענער זיינען באַקאַנט מיטן גרויסן קאַפּיטל אין דער יידישער קולטור-געשיכטע, וואָס הייסט די מחלוקת צווישן די מייטאָניסטן און די אַנטי-מיימאָניסטן, אַ קריג, וואָס האָט זיך אָוועקגעצויגן דורות לאַנגע; נאַטירלעך, מיט געוויסע לענגערע און קורצערע הפסקות און וואָס האָט פאַרשאַפט אַ שפּאַר ביסל בייז בלוט, צרות און גאָר ניט קולטורעלע אַקטן און נעשעענישן, ווי מסירות, רדיפות, חרמות פון ביידע צדדים און אויטאָ-דע-פע-אַקטן איבער דעם רמב"מס ספרים, וואָס זיינען געשען איבערן אייפער פון קנאים.

און איך דערמאָן עס דאָ ביים אָנהויב פון מיינע באַטראַכטונגען, ווייל די דאָזיקע מחלוקת אַליין באַווייזט, ס'אַרא טיפן שפּור, ס'אַרא גרינטלעכע איבעראַנדערשונג דעם רמב"מס שאַפן און ווערק האָבן פּאָטענציעל געקענט אריינ-ברענגען אינם יידישן לעבן... אַזוי טיף האָט געקענט זיין די קראַפט פון באַווירקונג, וואָס זיין שאַפונג האָט, משמעות, באַזיצט פּאָטענציעל, אַז זי איז מסוגל געווען, לויט דער אָפּשאַצונג, ווי פון פריינט אַזוי פון קעגנער און פון פיינט, צו דערגרייכן ביז די סאַמע וואָרצלען פון דעם יהדות און

איבעראנדערשן, חלילה, די סאמע עיקרים, די יסודות פון יידישקייט. די רבנים און גאונים, פירער פון די דורות, פילאזאפן און וויסנשאפטלער פון יענער צייט און פון די ערשטע דורות נאך אים, פון בײדע לאגערן, פון דעם רמב״מס מצדדים און פון דעם רמב״מס קעגנער האבן עס געשפירט אונטערבאוואוסטזיניק, געפילט מער אפשר ווי באגריפן, אז נאכן רמב״ם טעטיקייט, נאך זיינע ספרים, נאך דעם ווי עס ווערט פארשפרייט זיין לערע און זיין שיטה — וועט ווארשיינלעך געשען אזעלכעס אין ישראל, וואס איז גאר ניט ענלעך און קען ניט פארגליכן ווערן מיט דעם. וואס איז געווען פאר אים, אפשר פון די צייטן פון התימת המשנה אן; און קנאים האבן זיך נעוועדט זעענדיק אין דעם א געפאר פאר דער אמונה.

און די תלמידים און אנהענגער אליין, שטייענדיק מיטן גאנצן לייב און לעבן אין דער הלכהישער יהדות, האבן אויך אויפגענומען דאן דעם ענין מער אונטערבאוואוסטזיניק, אבסטראקט, ווייט און נאענט מיט דער פולער הכרה; אבער זיי האבן פארנומען די שפירונג אז מיט דעם רמב״מס ווערק איז „געפאלן אזא ווארט אין ישראל״, וואס קען שוין ניט אפגעמעקט ווערן, קען ניט פארנעסן ווערן, קען ניט פארשווינדן אן טיפע קאנסעקווענצן.

ביידע האבן געשפירט, אז די דאזיקע דערשיינונג, וואס הייסט רמב״ם איז פון אזא טראנסצענדענטאלן פארנעם אין דער געשיכטע פון דער יידישער גייסטיקער אנטוויקלונג און פון דער אנטוויקלונג פון דער גייסטיקער יידישקייט, אז פאר דעם איז אזעלכעס ניט געווען און נאכדעם, קען עס גלאט ניט פארבייגיין. — און מען האט געקעמפט יעדער שיטה פאר איר פאזיציע, יעדער שיטה פאר איר צוגאנג צום מהות פון דער גייסטיקייט ביי יידן, געקעמפט דורות-לאנג — מיט הפסקות, איבעררייסן, אבער אלע מאל מיט א פונסניי אויפשוימענדער קראפט; געקעמפט געווים מיט א פארענדערונג פון ארגומענטן און צוגאנגען, לויט דער צייט און עפאכע — אבער, דאכט זיך, ביז דער גאר לעצטער צייט: פון דעם דריטן „ראבד״, און דעם באגדאדער גאון שמואל ב״ר עלי פון ר׳ שלמה פון מאנפעליע ביז ר׳ מאיר אבולאפיע און ר׳ יהודה אלפאכאר. פון דעם רמב״ן ביזן רשב״א, פון ספינאזאן ביז צו מענדעלסאנען, מיימאנען, פון די משכילים ביז שד״לען און סמאלענסקין, — ציט זיך די דאזיקע דיסקוסיע ארום דעם רמב״מס שיטה, ארום זיינע „הלכות דעות״, וואלט איך געזאגט. אנווענדנדיק זיינעם א טערמין, ווי א רויטער שנור, אין אונדזער געשיכטע.

אט דער דאזיקער קאמף אליין קעגן אדער פאר דעם רמב״ם, אין משך פון דורות-לאנגע, וואלט גענוג געווען צו אונטערשטרייכן די גרויסע וויכטיקייט פון דעם רמב״מס ראל אין דער געשיכטע פון יידישן געדאנק. ווען עס וואלט אפילו נישט געווען אנגעשריבן און געשאפן געווארן, אין משך פון די אכט הונדערט יאר, חוץ די ריזיקע צאל ווערק און מאנאגראפיעס וועגן רבי משה בן מיימון, זיינע ביכער און שיטות, וואס זיינען פאר דער דאזיקער צייט יא געשאפן געווארן אין אלע לעבעדיקע שפראכן פון דער וועלט.

אויב די גייסטיקע פירער פון א פאלק צעטיילן זיך אין משך פון דורות

וועגן דער אָפּשאַצונג און באַדייטונג פון אַ שיטה, וואָס אַ גאון אַ דענקער האָט אויסגעדריקט אין זיינע ווערק, איז עס געווים ניט איבער אַ צופעליקייט, ניט איבער אַ קאַפּריז פון גייסטיקע פירער, ניט איבער עקשנות און ווילן פון יחידים, נייערט עס האָבן געמוזט זיין טיפע אינערלעכע גרונטלאַגן, וואָס האָבן גורם געווען דערצו, און דאָס איז: דער קאַמף צווישן צוויי וועלט־אַנשויאונגען איבער יהדות; צווישן דעם שכל און דאָס הארץ; לייענט: צווישן פילאָזאָפישער אַריסטאָקראַטישקייט און פרום־פשוטער דעמאָקראַטישקייט.

— 3 —

דער רמב"ם אליין, ווען ער האָט געשאַפן זיינע ווערק, האָט זיכער ניט גע־שפּירט דעם גאַנצן פאַרנעם פון דער גייסטיקער רעוואָלוציע, וואָס עס איז על־ידי אים אַריינגעבראַכט צו ווערן דורך זיי, ניט בלויז דורך דעם פילאָזאָפישן „מורה" נייערט אויך דורך זיינע ריזיקע ספרים אויפן געביט פון הלכה — ביי יידן.

איבעריקנס אַזעלכעס איז געשען און געשעט נאָך מיט אַ סך גרויסע שעפער, דענקער און שרייבער ביי יידן און ניט־יידן: זיי האָבן געשאַפן אליין ניט־שפּירנדיק דעם טראַנסצענדענטאַלן ווערט לדורות פון דעם, וואָס זיי שאַפן; אַנ־דערע האָבן צומאָלס געהאַט מיט זייער ווערק גאָר אַן אַנדער כוונה ווי די, וואָס מען האָט שפּעטער אויסגעפונען אין זיי.

דער רמב"ם האָט געשאַפן זיינע ווערק לצורך השעה. אויף דעם ווייזט ער אָן אליין אין די הקדמות צו זיינע חיבורים. די משנה תורה איז געווען אַ צייט־נויטווענדיקייט, פאַרן פּסק פון הלכה, דאָס זעלביקע די עיקרים (וואָס האָבן אַרויס־גערופן אַזוי פיל מחלוקת שפּעטער). דער „מורה" זעלבסט איז געווען אַ צייט־נויטווענדיקייט דאַן, „צו מכוון זיין די תורה אויפן דרך פונם אמת", ווי דער רמב"ם זאָגט אליין אין דער פתיחה צו מורה נבוכים, צו מאַכן שלום צווישן דער אמונה און דעם שכל; דער רמב"ם אליין האָט נישט געשפּירט די טיפקייט און שאַרפקייט פון דער אידעען־איבערקערעניש, וואָס זיינע ספרים, זיין סיס־טעמאַטיזאַציע, זיין קאָדיפיצירונג און שיטה איז מסוגל אַריינצוברענגען ביי יידן — דאָס האָבן אָבער אָנגעהויבן שפּירן תיכף זיינע תלמידים און זיינע קעגנער גלייך ווי די ווערק האָבן אָנגעהויבן אַראָפּגעשריבן צו ווערן, דאָס האָט געשפּירט מער בולטער, שאַרפער, בוואָלט זאָגן, מער קאָנקרעטער, דער ערשטער דור נאָכן רמב"ם, ווען די מחלוקת האָט זיך צעפלאַקערט שטאַרקער; און וואָס ווייטער האָט מען אַלץ שאַרפער, באַוואוסטזיניקער אָנגעהויבן פילן פריער, דערנאָך באַגרייפן די געוואַלדיקע גרויס פון אָט יענער רעוואָלוציע, וואָס איז דורכן רמב"ם — דאַכט זיך אליין גאָר אַ קאָנסער־וואַטיווער גאון, וואָס איז אינגאַנצן געשטאַנען אין דער הלכהשער יידישקייט — אַריינגעבראַכט געוואָרן אין דעם מהות פון יהדות.

חסידים און מעריצים פונם רמב"ם, ווי מתנגדים און שאַרפע פיינט, האָבן

געשפּירט, אַז דורך דעם, וואָס דער רמב"ם האָט געטון און געלערנט, געפּרע-
דיקט און פאַרשפּרייט דורך זיינע ספרים, ווערט געגעבן אַ נייע ריכטונג דעם
גאַנג פון דער אַנטוויקלונג פונם ייִדישן מחשבה־לעבן. אַ גאַנצע צייט איז ער
ווי ביז איצט; און אַז, פאַלגלעך געשעט עפּעס וואָס אַזעלכעס, וואָס דינט
און ווערט דינען ווי אַ גרעניץ צווישן צוויי גאַנץ באַזונדערע
עפּאָכעס אין ישראל: די וואָס ביזן רמב"ם און די,
וואָס נאָכן רמב"ם.

און דערמיט דערקלערט זיך די אין פּלוג אומפאַרשטענדלעכע, געוואַלדיקע
הגזמה, אין שבחים און באַצייכענונגען, וואָס די תּלמידים און מעריצים פונם
רמב"ם האָבן וועגן אים געשריבן און צווישן וועלכע עס זיינען פאַראַן אַזעלכע,
וואָס קלינגען ממש געצנדינעריש:

איך פאַרצייכן דאָ אַלס מוסטער איינציקע פון די אומצאָליקע, מיט וועלכע
די ליטעראַטור פון יענער צייט איז רייך:

1) אַן אומבאַקאַנטער מחבר האָט אויפגעקריצט אויפן רמב"םס מצבה די
פאָלגנדע צוויי פערזן:

אדם — ולא אדם, ואם אדם היית ממלאכי רום אמך הרתה.

או אומרה לאל: באין איש ואשה מלאך בעולם התהתון בראת; (אַ שטער-
בלעכער און פאָרט ניט קיין מענטשנקינד. און אויב דו ביסט יאָ אַ מענטשנקינד
געווען האָט דיין מוטער פאַרשוואַנגערט פון אַ מלאך פון הימל.

אָבער איך טו צו גאָט זאָגן: דו האָסט פאַר דער אונטערשטער וועלט, ניט
פון אַ מאַן און פרוי, אַ מלאך געטון באַשאַפן).

2) דער דיכטער אלחריזי, וואָס האָט אויך איבערזעצט אויף העברעאיש
דעם מורה, האָט וועגן רמב"ם געשריבן, כמעט דאָס זעלביקע, וואָס דער אַנאָנים:

מלאך אלהים אתה ונבראת בצלם אל: ואם אתה בתבניתנו,

בגליך אמר אלהים נעשה אדם בצלמנו ובדמותנו (דו ביסט אַ געטלעכער
מלאך און אין גאָטס געשטאַלט ביסטו באַשאַפן; און אויב דו ביסט דאָך אין
אונדזער מענטשגעשטאַלט, איז נאָר צוליב דיר האָט גאָט געזאָגט, לאָמיר באַ-
שאַפן אַ מענטשן אין אונדזער פורעם און געשטאַלט).

3) אַ דיכטער פון דורות שפּעטער (יעקב בן עזרא גבאי) האָט ווידער אַן
ענלעכע הערצה וועגן רמב"ם:

מי אערוך אליו ולמי ידמה כי אין עלי ארץ בחין ערכו:

אם אעלה מעל לשרפי־רום — שם אמצא לו בחין ערכו. (מיט וועמען זאָל
איך אים פאַרגלייכן, אַז אויף דער ערד איז גלייכונגס־אָפּשאַץ צו אים ניטאָ;
סיידן אין דער הויך צווישן די שרפים וועט זיך געפינען אַ פאַרגלייך צו אים).

4) דער רמב"ן האָט פאַרצייכנט דעם פאַקט, אַז אין תּימנער קהלות דער-
מאָנט מען דעם רמב"םס נאָמען אין יעדן קדיש, זאָגנדיק „בחייכון וביומיכון
ובחיי דרבנן משה בן מיימון".

אַזעלכעס שרייבן, זינגען און זאָגן וועגן אַ מענטשן, אין די צייטן פון מיטל-
אַלטער — און דער צווייטער צד, די מתנגדים, זיינען ניט געווען ווינציקער
עקסטרעם אין זייערע זידלערייען, שימפונגען, קללות און חרמות — האָט גע-

קענט נאָר נעשען, ווען עס איז ביי בײדע צדדים געווען, אויב ניט דער באַוואוסטזײַן, איז אַ זיכערע אינטואיטיווע שפּירונג, אַז דער דאָזיקער מאַן האָט דורך זײַן שאַפן און דענקען, אָפּגעגרענעצט שאַרף, קאַנטיק די תקופות אין דעם פּראָצעס פון דער געדאַנקלעכער אַנטוויקלונג פונם ײדנטום: די תקופה ביז אים פון דער תקופה, וואָס איז דורך אים געקומען נאָך אים.

און אַזוי איז עס ווירקלעך: אין דער געשיכטע פונם קאַמף, וואָס דאָס ײדישע פאָלק פירט יאָרטויזנטער פאַר זײַן גײַסטיקער עקזיסטענץ, איז דער רמב"ם ניט קײן ווינציקער וויכטיקע גרענעץ-תקופה, ווי רבי יהודה הנשיא איז געווען אין זײַן צײַט.

די מליצים און די משכילים פון זײַן דור האָבן געוואָרפן אַלס באַצײכנונג וועגן רמב"ם די באַקאַנטע מימרא: „ממשה עד משה לא קם כמשה"; געוויס זײַנען זיי, אין דעם מיטגעריסן געוואָרן פון דער מליצה זעלבסט, פאַר וועלכער עס האָט געגעבן אַ גרונט דער נאָמען משה. אײנער אַ דיכטער פון יענער צײַט האָט געשריבן וועגן דעם רמב"ם עטוואָס ענלעכעס:

משה במקום צור נאמן הוא —
על קו יושר העמיד דתות;
גם עטו שם במקום מטה —
ויעש בו את האותות. (משה איז פעסט גלויבנסווערט ווי אַ פעלז — געזעצן טוט ער אײַנשטעלן אויף אַ גערעכטן שטריך — און אויך זײַן פעדער נוצט ער אַנשטאַט דעם שטעקן וואָס משה האָט גענוצט — און ער שאַפט מיט אים צײכנס).

זיי אַלעמען האָט געלאָקט די מליצה וואָס לאָזט זיך לײַכט ציען פון דער נאָמען-ענלעכקײט צווישן משה בן עמרם און משה בן מיימון; אָבער בײַ דער גאַנצער איבערטרײַבונג אין דעם פאַרגלײַך, קען וועגן זיי אָנגעווענדעט ווערן דער אויסדרוק „נבאו ולא ידעו מה נבאו"; אינטואיטיוו האָבן זיי געטראָפן מיטן פאַרגלײַך; אין דעם פּרט, וואָס דער רמב"ם, אין זײַן צײַט און עפּאָכע שטעלט פאָר מיט זיך אַזאַ אָפּשטײג-פונקט אין דער געשיכטע פון דער אַנטשטייאונג פון ײדישער רעליגיעזער געדאַנקלעכקײט, ווי די עפּאָכע פון משה בן עמרם — וואָס ליגט נאָך אויפן גרעניץ צווישן ײדישער מיטאָלאָגיע און פאָר-געשיכטע — שטעלט פאָר מיט זיך אַלס אָפּשטײג-פונקט פאַר דער אַנטשטייאונג פונם ײדנטום.

— 4 —

איך האָב דאָ ניט בדעה צו אַרײַנלאָזן זיך אין פּלפּולים מכוח דעם, ווער פון די מיימאָניסטן, למיניהם, איז גערעכט, צי דער מאַן דאמר אַז דער רמב"ם איז געווען דורכאויס אַן אַריסטאָטעליאַנער דענקער, וואָס איז געווען מחולק מיט זײַן רבין אַריסטו, נאָר אין אַזאַ „קלײניקײט" ווי דער ענין פון השגחה און וועגן דעם צי די וועלט איז אַ קדמון און ניטאָ גאָט האָט זי באַשאַפן, ווי אַריסטו זאָגט, נײַערט גאָט איז דער מצוי ראשון און ער האָט באַשאַפן די וועלט פון גאָר נישט, ווי אין דער תורה ווערט געזאָגט און ווי אונדזערע חכמים האָבן עס פאָרמולירט: בורא יש מאין און די קריכטלעכע מפרשים האָבן עס אַקוראַט

פאַרטייטשט: „קרעאַוויט עקס ניהילאָ“; צי געדעכט זיינען די וואָס האַלטן, אַז דער רמב״ם איז אַ נעאָפּלאַטאָניקער פון דעם מין, וואָס פילאָן דער אַלעקסאַנדריער איז געוועזן אין זיין צייט, ווי דער באַרימטער דייטש-יידישער פילאָזאָף הערמאַן כהן איז גורס; צי איז ער גאָר געוועזן אַ פילאָזאָף אַ זעלבסטשטענדיקער, אַן אומאָפּהענגיקער, אַ פילאָזאָף „סואי יורים“, וואָס איז מחולק אין גאָר אַ סך פּרטים מיט זיינע גריכישע און אַראַבישע „רביים“ אין פילאָזאָפיע; מיט אַוויסענאָן, מיט אַלעקסאַנדער דעם אַפראָדיסיער און מיט אַריסטאָן אליין — ווי עס איז גורס וועגן רמב״ם גראַדע אַ שפּאַנישער פאָרשער, דער היסטאָריקער פון דער פילאָזאָפיע אין שפּאַניע אַדאָלפאָ באָניזשאַ אי כאַן מאַרטין, וועלכער איז, חלילה, גאָרניט קיין מחדש, נייערט ער רעזומירט נאָר די מיינונג פון היסטאָריקער פון פאַר אים.

די, וועמען עס אינטערעסירן באַזונדערס שטאַרק די דאָזיקע קלאַסיפיקאַציע און דיקדוקי-גריבלענישן פון אַקאַדעמיש-פילאָזאָפישן כאַראַקטער, וועלן מיר אָפּשיקן צו מונקען, דעם פראַנצויזישן איבערזעצער פונם „מורה נבוכים“, צו נייגערן, צו צינצן, צו גוטמאַנען, פרידלאַנדן, פראַנקן און אונדזערע איינענע ניימאַרקן, אחד-העמן, קלויזנערן און אַנדערע — פאַראַן ברוך השם גענוג, אפשר צופיל שוין, וואָס האָבן געזאָגט פאַר דעם.

מיין אויפגאַבע דאָ איז אַ סך באַשיידענער און באַשרענקטער. איך וויל באַטראַכטן דעם רמב״ם ווי אַ קולטור-געשיכטלעכע דערשיינונג, און אויב איך האָב פריער געזאָגט, אַז „דער דאָזיקער מאַן האָט דורך זיין שאַפן און דענקען אָפּגעגרעניצט שאַרף, קאַנטיק די תקופות אין דער געשיכטע פון דער געדאַנקלעכער אַנטוויקלונג פונם יידנטום: די תקופה ביז אים, פון דער תקופה, וואָס איז דורך אים געקומען נאָך אים“, וויל איך באַוואָרענען אַז מען זאָל מיר פאַרשטיין ניט טעותדיק.

דער רמב״ם, אַלס אומגעהויערער קענער און וויסנשאַפטלער — לויטן באַגריף און מאַסשטאַב פון זיין צייט — אין תורה, הלכה, גאונישער ליטעראַטור, פילאָזאָפיע, מאַטעמאַטיק, פיזיק, מעטאַפיזיק, מעדיצין און באָטאַניק, איז אַלס פערזאָן טאַקע אַ וואונדער; דער מ יי מ אָ נ י ז ם אָבער, אָט דאָס, וואָס עס גרעניצט אָפּ די פאַר רמב״ם-תקופה פון נאָך איר, דורכן רמב״מס ווערק און שיטה, איז ניט קיין פלוצלינגע דערשיינונג. נאָר עס איז געקומען דורך אַ בהדרגהדיקער אויסוויקלונג פון אַ גייסטיקן פּראָצעס אין דעם יידנטום; און די אויפטוען און איינפירונגען פון דעם רמב״ם זיינען ניט געוועזן קיין ש פּ ר ו נ ג אין אונדזער קולטור-געשיכטע, נאָר אַ צייט-באַדערפעניש, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אָנצוצייכענען אַ לאַנגע צייט פריער — מיט איבער צוויי הונדערט יאָר פריער נאָך, ווען רבי סעדיה גאון נאָך האָט שוין געפילט, אַז ס'איז נויטיק צו זוכן צו פאַרפעכטיקן די אמונה אויף דער באַזע פונם פילאָזאָפישן וויסן און האָט אָנהויב 10-טן יאָרהונדערט פאַרפאַסט זיין פילאָזאָפישן ספר „האמונות והדעות“, דער ריכטיקער פאָר-בוך פאַרן רמב״מס „מורה נבוכים“, דאַן נאָך האָט עס אָנגעהויבן רייף צו ווערן.

דורך דעם רמב״ם, אַ דאַנק זיין גאונישער פערזענלעכקייט, אומגעהויערער

אַרבעטסזאַמקייט, געוואַלדיקן זעלבסט-אויטאָריטעט, אומדערשראָקנקייט פאַר די עקסטרעמסטע קאָנסעקווענצן און מסקנות, אויב נאָר די לאָגיק און דער שכל פאָדערט עס; אַ דאַנק דער אַנטשלאָסנקייט פון זיין כאַראַקטער, וואָס לאָזט אים ניט צו בלייבן אין מיטן וועג פון דענקען און עס שרעקן אים ניט אָפּ אויבנ-אויפיקע סתירות צו דער אָנגענומענער דאַן טראַדיציע; דורך דעם רמב״ם — אַ דאַנק די אַלע קוואַליטעטן זיינע, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן אָן איבעררייס אין משך פון אַ לעבן לאַנג און, ו ע ל כ ו ל ם, אַ דאַנק דעם ביכטעמאַטיזירנדן מוח פון אַן אָרגאַניזאַטאָר, קאָדיפיקאַטאָר, אינטעלעקטועלן בוי-מייסטער, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, זיינען אָט יענע באַדערפענישן וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן אָנ-צייכנען מיט אַ צייט פריער, אַלס נויטיקייט פאַרן יידנטום, געקומען צום פולסטן אויסדרוק, אַלזייטיק: אין דער הלכה, אין דעם טראַדיציאָנעלן לעבנס-שטייגער, און אין דער וועלטלעכקייט דאָמאָלסטיקער, אין דער וויסנשאַפט פון דאַן.

אין זיין צייט איז ער געווען דער העכסטער אויטאָריטעט אין ביידע: אין הלכה און אין וויסן און ער האָט מרכיב געווען, ריכטיקער געזאָגט, ער האָט גע-זוכט צו מרכיב זיין ביידע טיילן פונם וויסן צוזאַמען, ניט משעבד זיין איינס צום צווייטן, נאָר לייגן, אַלס גרונט פאַר דער תורה, אמונה און וויסנשאַפט דעם ריינעם שכל, ווייל גאָט איז דורכאויס שכל; און ער האָט געשאַפן פאַר זיין דור און פאַר די דורות נאָכקומענדע אַ מין דעת-אלהים, וואָס איז באַזירט אויף לאָ-גיק, אויף שכל און וואָס איז אויסגעדריקט געוואָרן דורך אים פריער אין די קורצע, קלאָרע, פּרעציזע סעיפים, פּרקים און הלכות פון די פערצן ספרים פון זיין משנה תורה, וועלכע ער האָט טאַקע אָנגעהויבן מיטן ספר המדע און מיט די הלכות יסודות התורה (גרונטן, פילאָזאָפישע גרונטלאַגן פאַר דער דערקענטע-ניש פון גאָט, וועלט, מענטשן און לעבן) און מיט יאָרן שפּעטער די צווייטע זייט פון דער זעלביקער „סומא טעאָלאָגיקא“, די סומא פילאָסאָפיקא, וואָלט איך זיך אויסגעדריקט, דעם מורה נבוכים, וואו ער האָט זיך געפּלייסט צו דערווייזן, אַז סאיז גאָר ניטאָ קיין שטרייט צווישן דעם, וואָס אין דער תורה איז געשריבן און דעם, וואָס די וויסנשאַפט און די פילאָזאָפיע האָט אויסגעפונען און אויס-געדרונגען דורך שכלדיקע ספּעקולאַציעס, מען דאַרף נאָר קענען אויסטײַ-טשן און אַרייַנטייטשן די תורה און אין דער תורה, די פּסו-קים און די זאָצן, די שילדערונגען און די דערציילונגען, אויסגעפינענדיק די סתרי-תורה, וואָס מען איז מגלה ניט דעם המון, נאָר די „צנועים“ לאָמיר זאָגן, דעם „אדם השלם“, וואָס האָט שוין באַקומען פריער די געהעריקע פאָרבאַרייטונג אין די וויסנשאַפטן — און אַלעס וועט שוין רעכט זיין; עס וועט שוין ווערן דערוויזן, אַז ליכא מידי דלא רמיזא באוריתא.

נאָר ער האָט עס געקענט דערווייזן, און דורך דעם באַפרידיקן אַ גייסטיקע באַדערפעניש פאַר זיין דור.

פּרוּאוון אָבער צו טון עס זיינען געמאַכט געוואָרן אַ סך צייט פאַר אים אין דער זעלביקער אָדער ענלעכער ריכטונג. עס איז אָבער ניט געלונגען, ווייל

יענע האָבן ניט פאַרמאָגט די נויטיקע פאַר דעם כאַראַקטער-אייגנשאַפטן, וואָס ער האָט יאָ באַזעסן.

רבי סעדיה גאון אין דעם „אמונות ודעות“, ר׳ יהודה הלוי, אויף אַן אַנדער שטייגער, אין דעם „כוזרי“, ר׳ שלמה בן גבירול אינם „מקור חיים“; אין הינזיכט פון הלכה האָבן ענלעכעס פּרובירט צו טון דער אלפס, דער רבי פונם רמב״מס פאָטער; און אַלס נאָענטע, האַרט-נאָענטע פאָרגענגער פונם רמב״ם אויפן וועג צו האַרמאָניזירן די פילאָזאָפיע מיט דער אמונה, שטייען ר׳ יוסף בן יעקב אבן-צדיק מיט זיין ספר „עולם קטן“, אַ פילאָזאָפיש-רעליגיעזע באַטראַכטונג פונם מענטשן אַלס קליין וועלטל, אַלס אַ מין מיקראָקאָסמאָס און דער „אמונה נשאה“ אָדער „אמונה רמה“ פון דעם ערשטן ראב״ד ר׳ יהודה הלוים בן-עיר און בן-דור, וואָס האָט שאַרף באַקעמפט ר׳ שלמה בן גבירולס „מקור חיים“, טאָקע פאַר זיין געבן אויבערוועדט דער פילאָזאָפיע איבער דער אמונה.

— 5 —

עס איז דאָן געווען אַ פּראָצעס, וואָס האָט זיך אָנגעצייכנט ביי יידן, פּונקט ווי ער איז שפּעטער מיט יאָרהונדערטער, אין אַנדערע היסטאָרישע אומשטענדן, צייטן און געאָגראַפישע באַדינגונגען, נאָכאַמאָל אָנגעצייכנט געוואָרן. אין 18-טן יאָרהונדערט, אין דער צייט פון דעם מערב-אייראָפּעאישן ראַציאָנאַליזם, ווען עס איז אַנטשטאַנען די השכלה.

עס איז געווען דאָן אַ צייט, ווען אין דער ליכט פון דער אַראַבישער קולטור, וויסן, פּאָעזיע און פילאָזאָפיע, האָבן די ווענט פון דעם הלכהשן לעבנס-שטייגער געקענט געווען אָנהויבן צו שפּאַלטן זיך; אָבער דערווייל האָבן יידן, דאָן, געלעבט נאָך אין אמונה און הלכה.

דאָס אויסערלעכע יידישע לעבן איז געווען פון צעשפּרייטונג איבער דער גאַנצער וועלט; פון מצרים ביז אינדיע האָבן יידן געלעבט, געוואָגלט און געפירט מסחר; אין תימן און אין מאַראָקאָ, אין פּראָוואַנס און אין צפון פון פראַנקרייך, האָבן געבליט יידישע ישובים, וואו מען האָט געלערנט תורה און חכמה, וואו מען האָט געשאַפן פיוטים און שירים; און מען האָט פון איין זייט נאָכגעאַמט די אַראַבישע דענקער און דיכטער און פון דער אַנדערער זייט געלערנט תורה, הלכה, אויסגעהאַלטן ישיבות און בתי-מדרשים.

דאָס איז געווען איין זייט פון דער יידישער מטבע; און פון דער צווייטער:

די פינצטערע קרייץ-פאָרער וואָס האָבן זיך אין די לענדער פון אשכנז געצויגן, מיט בלוט און פייער אויסגעראָטן אַלע יידישע קהלות — איך וויל דאָ באַצייכנען מיט גרויסע שטריכן אַן עפּאָכע פון צוויי הונדערט יאָר אין דער דאַמאָלסטיקער יידישער וועלט, אַלס גאַנצעס, אַלס „ווער“ און „אַנווער“ פון דער עפּאָכע. און אויב די קרייץ-פאָרער האָבן ניט באַוויזן אויסצומאָרדן, איז עס, ווייל יענע האָבן פריער אַליין זיך אומגעבראַכט על קידוש השם יתברך; פון איין זייט ליכט פון וועלטלעכן וויסן און תורה, עשירות און מסחר; פון דער אַנדערער זייט עלנט, אַנגסט, אומזיכערקייט און רדיפות, אָן סוף — דאָס איז דער פּאָן, דער

ברייטער סצענאַריום, פון דעם יידישן לעבן אין דער וועלט פון יענער צייט, אין די יאָרהונדערטער צווישן צענטן און צוועלפטן. אין משך פון וועלכע עס זיינען אנטשטאַנען דער אויפבלי און די דעקאַדענץ פון דער אַראַבישער קולטור אויפן איבערישן האַלב-אינזל, און די קרייץ-פאָרער פון יענער זייט פון די פּי-רענעער בערג, איבער דער מיטל-אייראָפּע...

דאָן, כמעט אין דער זעלביקער צייט, ווען די שאָטנס איז מערב און מיטל-אייראָפּע, די שאָטנס פון דעם מיטלאַלטער רוקן זיך אָן אויף יידן געדיכטער, בעת די רדיפות און גזירות פון די ערשטע דריי קרייץ-נסיעות, הויבט אויך אָן צו וואַקלען זיך די זיכערקייט און טונקעלער ווערן די ליכטיקייט פונם יידישן לעבן אין דער קאַליפאַטישער שפּאַניע: אויסערלעכע מלחמות מיט די קריסט-לעכע מלוכות; אינערלעכע מלחמות צווישן די מאַוריטאַנישע הערשער, וואָס דרינגען אריין אַלע מאָל נייע פון מוהראַב, פון מאַראָקע, דורך דעם ים-וועג פונם גיבראַלטאַר. מאַכן זינקען דעם באָדן, וואָס האָט אויסגעזען אַזוי זיכער פאַר יידן; קומען די מאַכמעדאַנישע קנאים די אַלמאַהאַדן און נעמען איין קאָרדאָבא. אַזוי מוזן יידן אנטלויפן. אָדער אריבערגיין צום איסלאַם, פונקט ווי מיט צוויי און מיט דריי יאָרהונדערטער שפּעטער, האָבן זיי געמוזט אנטלויפן אָדער שמדן זיך, ווען די זעלביקע אָרטער נאָענטע שטעט און אינדזלען זיינען פון די מאַכ-מעדאַנער אריינגעפאַלן ווידער אין רשות פון די קאַטאָליקן... די געשיכטע חזרט זיך פיינלעך איבער פאַר אונדז, אַזוי רעגולער-פּעריאָדיש.

עס איז געווען אַ מערקווירדיקע צייט יענע; אַ צייט, ווען ליכט און שאָטן האָבן זיך אין איין ווינקל פון אייראָפּע נאָך געראַנגלט, ווען דער גאַנצער רעשט פון דער וועלט איז שוין געווען פאַרזונקען אין דער טיפער פינצטערניש — פאַר אונדז מער נאָך פינצטער ווי פאַר אנדערע — פון דער פעאָדאַליזירט ווערנדי-קער אייראָפּע פון מיטלאַלטער.

יידן האָבן געליטן פריער נאָך בעת אָט דעם שפּיל פון ליכט און שאָטן און אין דער פ אָ ר ש פּ י ר ו נ ג פון דער זיך אָנרוקנדיקער נאַכט, האָט מען גע'דאַרפט עפּעס זוכן, עפּעס געבן דעם יידנטום אַזעלכעס, וואָס זאָל אים קרעפ-טיקן אין די ליידן, געבן אַ זין, אַן אינהאַלט פאַר זיין לעבן און ליידן רדיפות, פאַר זיין גיין אויף קידוש-השם.

די געשיכטע האָט זיך געגרייט אויף אונדז ניט אויף אַ קורצער צייט. נאָר אויף יאָרהונדערטער, ווי מיטן רוח הקודש האָבן איינצעלנע אויסדערוויילטע געשפּירט דאָס אָנקומען פון דער שווערער נאַכט אין דער געשיכטע, וואָס האָט זיך פאַר אונדז פאַרצויגן כמעט ביז דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

וואָס-זשע האָט דאָס יידנטום אין יענער מערקווירדיקער צייט באַזעסן אַזעל-כעס, וואָס זאָל אים קענען גרייט-האַלטן אין שטאַרקייט און פעסטקייט. אין דעם פאַרשטייענדיקן נייסטיקן קאַמף פאַר זיין עקזיסטענץ?

די מערב-אייראָפּעאישע און מיטל-אייראָפּעאישע יידן, די קהלות פון אַלט-ריינלאַנד, פון דער איצטיקער עלזאַס, פון צפון-פראַנקרייך, האָבן ניט געוואוסט פריער, כמעט, פונם וועלטלעכן וויסן, פון סתירות צווישן פילאָזאָפיע און אמונה, ווייל זיי האָבן ניט געלעבט, ווי זייערע ברידער אין שפּאַניע, אין דער ליכט פון

קולטור, פּאָעזיע און וויסנשאַפט, וואָס האָט אין משך פון צוויי יאָרהונדערט העל געלויכטן אין דעם קעניגרייך פון די קאַליפן אין שפּאַניע און אין מזרח.

האָבן זיי געשאַפן פּלפּולים און הלכות, גדרים און סינים, אָנגעהויפנט בערג פון תוספות און פירושים; אַבסטראַקציע, סכאָלאַסטיק, אָבער געלעבט האָבן זיי פעסט אין דער אמונה, אין דער פרייד און ליכט פון תורה: אין הלכה און אגדה, און מיט שמחה און „אחד" געגאַנגען אויף קידוש-השם שחיטה, בעת די אָנפאַלן פון די קרייץ-ציגלער.

אין דרום-פראַנקרייך, אין דער באַרימטער נאַרבאָנאַ האָט זיך „געיידלט ווי געקריסטלט". דאָרטן האָבן די אַלביגענזן געקעמפט פאַר גייסטיקער פרייהייט קעגן דעם אָרטאָדאָקסישן קאַטאָליציזם; און אַ מער פרייע באַציאונג צו דער שטרענגקייט פון דת, האָט זיך געשפּירט דאָרטן אויך צווישן די יידן: דער אָפּ-גלאַנץ פונם ליכט פון דעם אַראַבישן און יידישן וויסן האָט אַריינגעדרונגען אהינצו פון דער זייט פון די פירענעען; די תיבונס, די קימחים, די אלחריזים און צו זיי ענלעכע, פאַר זיי און תיכף נאָך זיי, האָבן דאָרטן געלעבט, געווירקט, געשאַפן און איבערזעצט; אין שטרייט מיט די חכמים פון צפון-פראַנקרייך, וועלכע זיינען געווען שטרענג קאָנסערוואַטיוו און סכאָלאַסטיש.

אָבער, ביי דעם אַלעמען האָט דאָס דרום-פראַנצויזישע ווי דאָס שפּאַנישע, מאַראָקאַנישע און בכלל מזרח-יידנטום שוין געשפּירט זיך אומרואיק; ניט זיכער; מען פרעגט אָן דעם רמב"ם וועגן ענין פון קידוש-השם און אנוסים, פון תימן און פון אַפריקע — ווי נאָר די רדיפות הויבן זיך אָן דאָרטן — וואָס איז עס גאָר פאַראַ אָנפרעגן? וואָלטן די יידן פון וואָרמס אָדער מאַגענציע, מיט אַ יאָרהונ-דערט פאַר דעם געוואַגט אפילו צו שטעלן אַזאַ פראַגע?...

עס איז סימפּטאָמאַטיש, דעם רמב"ם מאמר „קידוש השם" און זיין „אגרת תימן". און נאָך סימפּטאָמאַטישער איז, וואָס דער דאָזיקער קאַלטער שכל-מענטש צעגערט ניט צו מקיל-זיין; ער טרייסט און פּשטלט זיך און איז מקיל אין אַזאַ ענין, ווי קידוש השם.

פאַרוואָס? ווייל דער סימפּטאָם פון זוכן אַ „פאַרוואָס" פאַר דער יידיש-קייט, אַ פ א ר ו ו אָ ס פ א ר ן ל י י ד ן א ל ס י י ד, האָט זיך אָנגעהויבן צו מערקן, ביים שפּאַניש-מאַראָקאַניש-עגיפּטישן יידנטום פריער נאָך מיט יאָר-הונדערטער אין דער ליכט פון דער אַראַבישער קולטור, ביים גליקשיין פון דער אַלגעמיינער (אַראַבישער) פּאָעזיע, וויסנשאַפט און פריי וואויל לעבן, פון וועלכן יידן האָבן גענאָסן עפּעס מער ווי אַ יאָרהונדערט, בעתן אויפבלי פונם קאַליפאַט.

האָט מען געשפּירט אָט די באַדערפעניש שאַרף, אַנגסטלעך ווייטעקלעך און מען האָט געזוכט און געצעגערט.

האָט ר' שלמה בן גבירול, געפינענדיק אַ פאַרלייכטערונג פאַר זיינע מיס-טישע ספקות אין הונדערטער האַרציקע לידער, אין דער פראַגע פון פילאָזאָפיע און אמונה דאָך פּרובירט צו געבן די הענעמאָניע פאַר דער ערשטער. ער האָט ניט גע-שפּירט, משמעות, די צרות, וואָס וועלן זיך אָנרוקן און צונישט מאַכן די גאַנצע אַראַבישע קולטור, איבערלאָזנדיק אונדז נאָר די שטאַרקע פּעסטונג פונם דת-ישראל.

האָט אַ צווייטער דיכטער, שפּעטער, ר' יהודה הלוי, אָנגענומען אַ פּונקט קעגנזעצלעכע שטעלונג אין דעם טעאָרעטישן שטרייט צווישן דער רעליגיע און פילאָזאָפיע: גערעכט איז, און די העגעמאָניע קומט דער אמונה, דער טראַדי-ציע; די מסורת אבותינו איז פאַר אים איבערצייגנדיקער ווי די זאַכלעכסטע באַ-ווייזן און אַרויסדרינגענישן פון די פילאָזאָפן, אויב נאָר עס איז פאַראַן אַ סתירה צווישן ביידן...

פאַרוואָס האָט ר' יהודה הלוי אַזוי סובר געווען און אויסגעדריקט עס אין דעם כוזרי?... ניט ווייל ער איז געווען אויבערפלעכלעך אין דער פילאָזאָפיע, ווי אונדזערע דייטשע „דוקטוירים לפילוסופיה" ווילן איינ-שמועסן זיך און אַנדערע, נייערט ווייל ער איז געווען טיף, טיפער ווי אַנדערע איינגעוואָרצלט אין יידישקייט, ווייל ער איז געווען דער משורר „פאַר עקסעלאַנס" פון אונדזער נאַציאָנאַלער פּאָעזיע, ווייל ער האָט געזונגען די ציון-לידער, ווייל מיט אַלע פיברען פון זיין נשמה האָט ער געלעבט מיט דער פּאָעזיע פונם יידישן עבר און קערפּערלעך. ממש פיזיש געריסן זיך צו ארץ-ישראל.

זיין יהדות-פּראָבלעם איז געווען שוין דאָן אַ נאַציאָנאַלע פּראָבלעם. אַזוי צו זאָגן; קיינער האָט עס דאַן ניט פאַרשטאַנען נאָך, און ניט געקענט פאַרשטיין; ער אַליין האָט עס אויך אפשר נאָר דיכטעריש און מיסטיש געשפּירט; און דאָס מיסטישע האָט פאַרטראָטן פאַר אים דאָס. וואָס מיר באַצייכנען, היינט, אַלס נאַציאָנאַלע.

קיין לייזונג אָבער פאַר דער באַדערפעניש פונם דור, וועמעס אמונה האָט זיך געקענט אָנהייבן וואַקלען און וועמען מען האָט געדאַרפט באַוואָרגן מיט אַ שמירה מעולה, מיט אַ מין זיכערע צידה-לדרך, אויף דעם שווערן וועג פון גזירות און רדיפות, וואָס מען האָט אין יענע אומרואיקע צייטן גוט שוין געשפּירט און געקענט פאָראויסזען האָט ניט דער „כוזרי", ניט די תפלות און פיוטים, הגם דורכגעווייקטע מיט טיפער בענקשאַפט צו ציון, געקענט ווערן.



דאָן איז ער אַנשטאַנען, רבנו משה בן מיימון, וואָס האָט אָפּגעגרע-נוצט די תקופה און געשאַפן וואָס איז נויטיק געווען פאַרן דור — און וואָס האָט גענוצט פאַר אַ סך דורות נאָכדעם.

אַ מקיל — אין ענין פון קידוש השם, ווייל סאיז קיין אַנדער ברירה דאָן ניט געווען. דאָס יידישע פאָלק וואָלט חלילה אומגעקומען... אַ גרויסער למדן און וויסנשאַפטלער, אַ בקי, ווי קיינער פאַר אים. אין זיינע דורות. אַ סיסטעמאַ-טיזירטער מוח. אַ בוימייסטער פון געדאַנק, אויסגעדריקט אין קאָדעקס-פאָר-מען, פאַרשטייט ער גלייך, אַז וואָס מען מוז איצט פאַרן דור — ער האָט ניט פאַרדאַכט דאָן אַז דאָס וועט אויך נוצלעך זיין פאַר די קומענדיקע דורות — איז. אַז אמונה און חכמה זאָלן זיין תאומי-צביה, אַ צווילינג, זאָלן זיין צוזאַמען גאַנץ און פּרעציז; עס איז נויטיק פעסטקייט און ניט צעגערונגען און זעלבסט-גריבלעניש פון אומענדלעכע פלפולים און סברות: עס איז נויטיק. איינמאָל פאַר אַלעמאָל שלימות פון חכמה און דער אונטערצי פון עקרים... און וויכטי-

קער פון אלין איז, אז עס איז ניטאָ גאָר קיין ווידערשפּרוך אָדער דיסהאַרמאָניע צווישן תורה און חכמה. וואָרום תורה איז דאָך הכמה און דער בורא עולם איז אַ שטיק אַבסטראַקטער שכל. ווי עס איז אויסגעדריקט אין דער תורה און דורך די נביאים, וועלכע זיינען אליין דער אויסדרוק פון שלימות און פון שטרעבונג צו איר; וואָרום דער בורא האָט באַשאַפן די וועלט מיט שכל און דעם מענטשן אין איר, כדי ער זאָל צו אים, צום תכלית השלימות שטרעבן, ווייל שטרעבנדיק צו אים, שטרעבט ער צו פולקאָמענהייט, וויבאַלד גאָט איז שכל, און שכל איז פולקאָמענהייט און די גלגלים זיינען שטיקער פון שכל אָן גופים, אומאָפּהענגיקער שכל וואָס ווערט געבראַכט אין באַוועגונג דורך דעם מצוי ראשון; און די מידות טובות פונם מענטשן זיינען שכל; און גוטס און שלעכטס איז אויך נאָר די אַנוועזנהייט און אָפּוועזנהייט פון שכל, וואָס איז דער אור-אמת; און אַלע וויסנשאַפטן, וואָס זיינען על פי שכל זיינען פאַראַן אין אונדזער הייליקער תורה.

וואו? ווי אַזוי? דאַכט זיך, אַז דאָרט איז גאָר אַנדערש? ניין. מען דאַרף קענען פאַרשטיין, טייטשן די תורה; אויב איר וועט זי טייטשן תמיד, אַזוי ווי זי ווערט געטייטשט אין דעם פּראָסטן פּשט פאַרן ברייטן אומוויסנדן המון. וועט איר דאָך קענען, חלילה, גאָר פאַררעכנט ווערן ווי קראים...

עס זיינען פאַראַן דאָך סתרי תורה... דאַרף מען זיי פאַרשטיין.

און וויבאַלד, אַז אַלעס אין דער פילאָזאָפיע און אין די שבע חכמות, שטימט מיט דער תורה און איז נכלל געוואָרן אין דברי חז"ל, איז דאָך שוין במילא קיין סתירה ניטאָ צווישן זיי — און אַלעס איז שכלדיק, פּרעציז, שטייף, ווי מעור אחד, אומבאַרירט, ווי אומבאַרירט עס איז דער העכסטער שכל הפועל. וואָרום דער יסוד היסודות ועמוד החכמות איז גאָט, דער מצוי ראשון (און אין די ראשי-תיבות פון דעם דאָזיקן אויסדרוק איז נכלל דער שם הויה) און מיט דעם הויבט ער אָן טאַקע, ווי אַלס סימבאָל זיין משנה תורה.

און דאָס ווערט דער לעבנס-באַרוף פון דעם רמב"ם. דער וועג, אויף וועלכן ער גייט גראַד, פון זיין פריסטער יוגנט: מיט אַ התמדה און פּלאַן, וואָס באַווייזט זיין שלימות.

פריער דער פירוש המישניות, אין וועלכן ער נעמט אריין יסודות פון מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע, אַנדערע וויסנשאַפטן, אפילו מעטאַפיזיק. קומט צו אַ הארבן ענין וועגן פילאָזאָפיע און אמונה? איז אויסגעטייטשט אַזוי, אַז סאיז קיין סתירה נישטאָ. דאָס איז זיין „ספר המאור" — דער ערשטער פירוש פון דעם מין. און דאָרטן גופא שליסט ער שוין איין די עקרים. עס איז נויטיק קלאָר-קייט, מסקנות: אַ ייד זאָל וויסן וואָס ער איז און וואו האַלט ער מיט דער אמונה: פאַרוואָס און דורך וואָס איז ער אַ ייד.

דאַן קומט דער „ספר המצוות": געציילט, געמאָסטן, פּינקטלעך אויסגעדריקט און אויסגערעכנט — פּאַרט אַ מהנדס: תרי"ג, פונקט זעקס הונדערט דרייצן. עס פעלט קיין איינע ניט:

„אָט האָסטו, פאָלק ישראל, דעם קאָדעקס אין שווערן וועג און ווייס ווי צו פירן זיך און פאַרוואָס צו ליידן אַלס ייד — אינם ווייטן מיטלאַלטער", און שפּעטער אויך אין דעם נייעם און נייעסטן צייט-אַלטער. ביז וואַנען? ווער ווייס

ביז וואנען אפשר „אדעטערנאס עטערניטאטיס“.

דאָן, ווי דער רמב״ם אליין זאָגט אין דער הקדמה צו „משנה תורה“, ווען „די צרות האָבן זיך געשטאַרקט און עס ווערט פארלוירן די חכמה פון די קלוגע אין דער פארשטאַנד פון די פארשטענדיקע“, טויגן ניט קיין פלפולים, מוז מען האָבן אַ פ ס ק - ה ל כ ה. ווידער אַ מין: ע י ק ר, מ ס ק נ ה.

און דער גרויסער בוימייסטער שאפט אין משך פון צען יאָר דעם גרעסטן טעאָלאָגיש-פילאָזאָפישן טראַקטאַט ביי יידן, פון די צייטן פון משנה אָן, דעם „משנה תורה“ איז י״ד ספרים: קורץ, קלאָר, זאכלעך, אין אַ בריליאַנטענעם, מוסטערהאַפטן העברעאיש, ריינעם משנה סטיל, וואָס דאַרף נאָך איצט דינען אַלס מוסטער פון סטיל פאַר פובליציסטיק און וויסן אין העברעאיש.

און דאָ טרעט שוין זיין ווייטער פּלאַן אַרויס בולטער: ער הויבט אָן מיט פ י ל אָ ז אָ פ י ע, וואָס איז ווי ה ל כ ה און מיט הלכה, וואָס איז ווי פ י ל אָ ז אָ פ י ע; מיט דעם „ספר המדע“; ער איז איבערצייגט, אַז די חז״ל האָבן געוואוסט פון אַלע וויסנס, אַז די יידישע תורה איז אי פילאָזאָפיע, אי עטיק.

און ווידער, אויסגעציילט, אויסגערעכנט פּרעציז, פּינקטלעך, מאַטעמאַטיש די מצוות עשה און די לאוין פאַר יעדער איינער פון די הלכות, וועלכע קומען אריין אין יעדן איינעם פון די פערצן ספרים פון דעם משנה תורה, פון דעם „ספר היד“, וואָס איז שפּעטער געוואָרן ווירקלעך אַ „יד החזקה“, אַ שטאַרקע האַנט צו פירן אונדזער פאָלק, פון דעם צוועלפטן כמעט ביז צום סוף 19-טן יאָר-הונדערט, ווען די טויערן פון דער רעליגיעזער געטאָ הויבן אָן פאַלן אונטערן דראַנג פון דער צייט.

אויסגעציילט און אויסגערעכנט, ספר נאָך ספר, הלכה נאָך הלכה און כך וכך „עשה׳ס“ און לאוין — צוזאַמען תרי״ג; גאַנץ תורה איז גאַנץ; עס פעלט אין איר איין מצוה ניט. און אויב רבי האָט מתקן געווען די תורה שבבעל פה אין זעקס סדרים, האָט ער, מ ש ה ב ן מ י י מ ו ן ס ״ ט (ספרדי טהור) געטין אָנגורטן זיינע לענדן און מסדר געווען די תורה שבבעל פה אין פערצן ספרים. צוליב וואָס? „כדי אַ מענטש זאָל קענען לערנען פריער די תורה שבכתב און דערנאָך לייענען אין דעם דאָזיקן ספר, וועט ער ניט דאַרפן לייענען צווישן זיי קיין אַנדער ספר“.

דאָס איז געזאָגט געוואָגט. דאָס הייסט פּאַקטיש באַזייטיקן דעם גאַנצן תלמוד, און מען האָט עס אים פאַרגעוואָרפן... אָבער צי איז דען ניט ריזיק גע-וואַגט געווען די גאַנצע אַרבעט פון מסדר זיין אַליין די תורה שבבעל פה? צי איז דען ניט געוואָגט דער נאָמען אַליין „משנה תורה“?

רבנו משה בן מיימון האָט געוואָגט, ווייל ער האָט געשפּירט, אַז דער דור, די עפּאָכע זיינע נויטיקט זיך אין דעם און — האָט ער דען שפּעטער ניט גע-מאַכט קיין גרעסערע געוואַגטקייט אינם ספר „המורה“? וואָס ער האָט דאָרט געזאָגט איז אָנווענדבאַר אויך פאַרן משנה תורה. אין זיין דרייסטקייט פון אַ גייסטיקן ראַציאָנאַליסט און רעוואָלוציאָנער האָט ער דאָרטן באַרעכטיקט מיטן פּסוק: „עת לעשות לד׳ הפירו תורתך“; ווען מען דאַרף פאַרזיכערן דעם גלויבן אין גאָט, וואָגט מען אפילו גאַנץ לערע ז ע ל ב ס ט שטערן.

דער רמב"ם אליין האָט, ווי עס איז ניט שווער צו משער זיין זיך, פון דער הקדמה צו דער „משנה תורה", מער „פאַרדעקט ווי אַנטפּלעקט": ביי אים איז געווען דער „סוף מעשה במחשבה תחילה"; ער האָט געוואָלט שוין אין דעם משנה תורה שאַפן דעם קאַנאָן פון פילאָזאָפיע און וויסן אין דער פאָרם פון הלכה און פאַרקערט, מאַכן פון דער הלכה פילאָזאָפיע, כדי צו דערווייזן, אַז קיין פּיקפּוקים זיינען ניטאָ און קיין שטרייטיקייטן צווישן אמונות און דעות, אויך ניט, און פאָרזעצן שפּעטער די דאָזיקע אַרבעט אין אַ ריין פילאָזאָפישן טראַקטאַט, כדי צו געבן דאָרטן די צווייטע זייט פון דעם זעלבן מיטאַל, וועלכער האָט געדאַרפט באַדייטן איין גאַנצער און אומצעטיילבאַרער קאָדעקס פון א רעליגיעז-פילאָזאָפישן מהות פון יהדות.

צען יאָר דויערט די שווערע אומדערמידלעכע אַרבעט פון אויפבויען דעם דאָזיקן וואָלקנקראַצער פון תורה שבעל - פה; און ער איז אַרכיטעקטאָניש אַזוי שיין און שטאַרק, אַז איצט צו טאָג, זיבנהונדערט פופציק יאָר נאָך זיין אויפבויען, איז אַ פאַרגעניגן צו שפּאַצירן איבער זיינע דעפּאַרטאַמענטן און מען קען עס טון אָן מורא צו בלאָנדזשען, ווייל דער וועג איז ברייט, גרוים, קלאָר אנגעצייכנט.

די משנה תורה ווערט אָנגענומען, תיכף, גלייך נאָך איר דערשיינען — א מערקווירדיקע זאַך — פון יענעם דור: אָבער שאַרפזעער ווי דער דריטער ראב"ד, שפּירן עפּעס, פילן עפּעס, אַז דאָ איז ניט אינגאַנצן גלאַט. עפּעס איז עס הלכה אָבער איינצייטיק איז עס גאָר פילאָזאָפיע, וויסן? איניקע שאַרפזעער שטרויבן זיך שוין דאָן אָן אויף דער כוונה, וואָס דער רמב"ם האָט פאַרבאָרגן צווישן די ספרים, הלכות, פרקים און סעיפים פונם „יד" און מען קריטיקירט אים שאַרף. דער ראב"ד פון „בעל השגות". דער ענגהאַרציקער ניט-פאַרגינער באַגדאַדער גאון... אָבער: די משנה תורה אימפּאָנירט זיך.

דער ערשטער גרויסער פּרואוו פון סדר, קאָדיפיצירונג, רעאַקציע קעגן האָרשפּאַלטנדיקן פּלפול פון בעלי-התוספות און דער עיקר פון רעזומירן צוזאַמען הלכה און וויסנשאַפט, גיט זיך איין דעם רמב"ם.

גייט ער דערנאָך, שוין אין דער עלטער פון זיינע טעג, צום לעצטן שטאַפּל פון יענעם גייסטיקן לייטער, וואָס ציט זיך פון דעם „ספר המאור" אָדער פירוש צו משניות, דורכן „יד החזקה" צום „מורה נבוכים", וואו ער האָט געגומען מגלה זיין די סתרי תורה, דורך מיטלען פון פילאָזאָפיע, אַלעגאָרישע אויסטייטשונגען און ראיות פון דער געשיכטע און דאָקטרינע פון פילאָזאָפיע אַון פון דער אַלטער פאַרצייטיקער קולטור, וואָס משה, דער העכסטער פון די נביאים האָט געווים געקענט און געוואוסט.

דער „מורה" — אין דעם פאָרנעם פון זיינע דריי טיילן און הונדערט אכט און זיבעציק קאַפּיטלען, אין אַ ענין פאַר זיך: עס איז אַ הויכער באַרג, דעם שפּיץ פון וועלכן אַלע זעען, אָבער ניט אַלע וואַגן צו קלעטערן.

אויף אים; און אז מען וואגט, מוז מען — ווי דער רמב"ם אליין זאָגט אין דער פתיחה צום ספר — זיין גוט פאָראויס באַזאָרגט מיט וויסן, קענטעניש, מיט שלימות. דער „מורה" איז דער העכסטער גייסטיקער... אַלפּיניזם, ניט יעדער בשר ודם קען ווערן אַן אַלפּיניסט און קלעטערן אויף די הויכקייטן, אפילו ווען ער איז באַזאָרגט מיט די נויטיקע אינסטרומענטן; קלעטערן ביזן שפּיץ און צוריקקומען בשלום. דער „מורה", אין קעגנזאַץ צום „משנה", איז באַשטימט ניט פאַר „יעדן פון ישראל" נאָר פאַר געציילטע, פאַר אַריסטאָקראַטן אין גייסט און שכל, באַזאָרגטע מיט וויסן און חכמה; און ווי זיינען עס די, וואָס דאַרפן זיין די פירער, די וועגווייזער; פאַרן המון. דער געפירט-ווערנדיקער פון די חכמים די בעלי-אשכלות, איז פאַראַן אַן אַנדער באַשטימונג, אַן אַנדער אויפגאַבע אין וועלט און אין לעבן.

קלאָר אָבער איז, אַז דער „מורה" איז די צווייטע זייט פון דער איינער שיטה אין גאַנצן ווערק, וואָס דער רמב"ם האָט זיין גאַנץ לעבן געשאַפן, געשמידט, ווייל דער דור האָט עס נייטיק געהאַט, כדי עס זאָל אין דער נשמה פונם יידן, וואָס ווערט געטריבן און געפלאָגט און פאַרוואָגלט אויף זיין יידישקייט, קיין נשמה-ריס ניט בלייבן צווישן דעם וויסן און דער אמונה.

און די ערשטע זייט פון דער דאָזיקער שיטה זיינען: דער „ספר המאור", דער „ספר המצוות" און די „משנה תורה". אין דאָרט ווערט דערוויזן מיט אותות ומופתים און מיט ראיות פון פילאָזאָפיע און פון תורה, פון קדמונים און פון אחרונים, אַז גאָט איז שכל; און די עבודה צו אים זיינען די מיטלען, וואָס דער געדאַנק שטעלט צו דינסט כדי צו דערהויבן זיך, אין דער שטרעבונג צו דער העכסטער קראַפט פון שכל. און די נבואה ווערט דערקלערט אויף אַ שכלדיקן אופן, „על פי חכמת הפילוסופיה", וועלכע איז חלילה ניט קעגן דער תורה. און די השגחה ווערט אויך דערקלערט, אַז זי איז ניט פאַר יעדן יחיד, נאָר פאַרן מין, און עולם הבא איז ניט קיין ענין פון גשמיות, נאָר דאָס זיינען מדרגות פון שלימות און דערנענטערונג צו גאָט ברוך הוא, דעם מצוי ראשון, דער העכסטער אויסדרוק פון שלימות און אייביקייט.

אַלעס ווערט דערקלערט; ניטאָ קיין זאַך, וואָס זאָל מיטן שכל ניט קענען דערוויזן ווערן; פאַרשטייט זיך, אַז ער לייקנט ניט חלילה אין התגלות אלוהים, וואָס דאָס איז אפילו למעלה פון דעם דרך הטבע; אָבער ווען ניט ווען מעג דאָך גאָט — דער העכסטער שכל — דערלויבן אַזאַ התגלות, וואָס דער מענטשלעכער שכל, נאָך אַלעמען אַ באַגרענעצטער, קען ניט משיג זיין.

אַ לערנונג פון אַ ראַציאָנעלער אמונה, וואָס איז פאַר פּערפעקטע יחידים: דער רמב"ם איז ניט קיין דעמאָקראַט; פאַרן המון האָט ער אַן אַנדער באַשטימונג, ווי פאַר די חכמים, די געלערנטע פילאָזאָפן. דער המון איז „נמשלו כבמהות נדמו". דער רמב"ם — דאָס איז גייסטיקער אַריסטאָקראַטיזם, באַשטימט פאַר יחידים, וואָס דאַרפן ווערן און זיין די וועגווייזער פאַר די מאַסן — דאָס איז אַ דבר ידוע — און איך וועל זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אויף דעם. וואָרום, וואָס איך בין אויסן דאָ — איז: דעם רמב"ם אַלס גאַנצן, אַלס איינעם און אומצעטיילבאַרן, דעם מיינ אָ-

נ י ז ם א ל ס א יי נ ע א ו ן ג א נ צ ע ש י ט ה א ו ן ה ל כ ה ו י א י ן ד ע ר ד א מ אָ ל ס ט ד י ק ע ר פ י ל אָ ז אָ פ י ש ע ר ו ו י ס נ ש א פ ט.

און דער מורה פאַרענדיקט די גאַנצע שיטה דעם רמב"םס; א לעבנס-אַרבעט פון אָפּשליסן א תקופה; קאָדיפיצירן די הלכה, רעזומירנדיק זי אויף יסודות פון די פילאָזאָפישע און וויסנשאַפטלעכע מסקנות פון יענער צייט, כדי יידן זאָלן קענען ג א נ ץ ז יי ן אין זייער ש כ ל ד י ק ע ר א מ ו נ ה און אויפ־הערן „מאָלן די מעל די שוין פיל מאָל איבערגעמאָלענע" פונם פוסטן פּלפול, פון איין זייט און פון דער צווייטער זייט, געזיכערט זיין קעגן סתירות אין געדאַנקען-שטרייט צווישן גלויבן אין גאָט און גלויבן און ליבע צו דער וויסנשאַפט.



און די פונקציעס פון הארץ, פון געפיל, פון דער פּאָעזיע, פון מיסטיק: די אויסגוסן פון א געפילפול יידיש הארץ, וואָס איז זיך מתרפק על אביו שבשמים?

דער רמב"ם לאָזט פאַר דעם קיין פּלאַץ ניט אין זיין שכלדיק אויסגעבויטער גאַנצער שיטה פון א ראַציאָנעלער אמונה.

ער האָט א בפירושן לאו אין דער תורה, וואָס פאַרבאָט עס; אין דער תורה איז דאָך אַלץ דאָ, אַלץ, לרבות די פילאָזאָפיע פון די „מדברים": ולא תתורו אחרי לבבכם ווערט געזאָגט אין דער תורה. א האַרץ איז פאַרפירעריש (און עס האָט אים אויך פאַרפירט אָפּט צו טרייבט און רחמנות אויף גערודפטע — ווי מען זעט עס פון זיינע בריוו און תשובות). און פּאָעזיע איז נאַרישקייט; מען דאַרף אפילו קיין פיוטים ניט זאָגן, ווייל דאָס איז נאַרישקייטן און הפסק אין תפלה.

און ער דונערט אפילו קעגן דעם „כתר מלכות" פון בן גבירול; פּאָעזיע איז פאַר אים טפשות און אומזיסטער צייט-פאַרלוסט; פונקט ווי מוזיק. וואָס איז ניט קיין שכל און ניט קיין וויסן.

ווארום, וואָס דער דור דאַרף איז: שטרענגקייט און קאָנסעקווענטקייט פון געדאַנק; ע ק ר י ם, דינים פאַר א געזונטמעסיק לעבן און וויסנשאַפט, וואָס שטימט ב ד ב ב ד מיט דער הייליקער תורה שבכתב ושבעל פה.

ווארום אַז מען וועט זיך אָנהויבן איז אַזעלכע צייטן ווי יענע שווערע און אויך די ווידערשפּעניסטיקע, וואָס זיינען נאָכדעם געקומען זיך לאָזן באַהערשן פון האַרץ און געפיל, פאַלן אָפּ די עקרים, ווערט ווידער דער ריס צווישן וויסן און אמונה — און וואָס וועט חלילה דאַן פון יידן בלייבן?...

עמיצער פון די ביאָגראַפן פונם רמב"ם האָט אָנגעוויזן אַז ס'איז א גליק וואָס דער „מורה" איז געקומען נאָכן „יד חזקה", ווייל דער פּרעסטיזש פון דעם גאון האָט געווירקט, אַז דער „אפיקורסישער" ספר זאָל אויסזען ווינציקער שאַרף און באַטראַכט ווערן מיט מער צוגאַנג אפילו פון פרומע קנאים, ווארום ווען עס זאָל חלילה, געווען זיין פאַרקערט, וואָלט מיטן רמב"ם געקענט געשען דאָס זעלביקע, וואָס איז, מיט יאָרהונדערטער שפּעטער געשען מיט ספּינאָסאַן...

מיר דאַכט זיך, אַז דאָ איז ניט קיין ענין פון „גליק", אַז דער רמב"ם וואָס

איז געווען הונדערט פּראָצענט שכל און סדר, און סיסטעם, און אויסגערעכנטקייט אין זיין ארבעט, האָט אַזוי געשאַפן בכיוון, אויסגערעכנט. ווייל ער האָט געקענט זיין פאָלק, און ער האָט געוואוסט וואָס ער טוט, פאַר וועמען ער שאַפט, צוליב וואָס ער טוט עס און ער האָט אָפּ-געשאַצט דעם אויפריים און ווידערווילן, וואָס די רעוואָלוציע פון שכל און חכמה, פון דער אמונה וועט אַרויסרופן, האָט ער, בכיוון, אין אַזאַ סדר געשריבן: משנה, עיקרים, מצוות, תורה שבעל פה און דערנאָך ערשט דעם „קלימאַקס“ און דער ראַציאָנעלער אויסטייטשונג פונם מהות פון יהדות; ווי אַן אמתער פּעדאַ-גאָג איז ער געגאַנגען פון דאָס נאָענטע צום ווייטן און פון דאָס מער קאָנקרעטע צום אַבסטראַקטן, אין זיין איינער און גאַנצער, איינער אומצעטיילבאַרער שיטה, וואָס מיר באַצייכנען איצט מיטן נאָמען מיימאָניזם.

דער דור האָט דאַן באַקומען, וואָס ער האָט נויטיק געהאַט אויפן וועג אינם ווייטן מיטלאַלטער: עס איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן דער פּראָצעס, וואָס האָט גע-האַלטן אין אַנטוויקלען זיך איבער צוויי יאָרהונדערטער — און די זון פון שאַפן ביים שפּאַנישן יידנטום האָט נאָכדעם אָנגעהויבן זיך צו דערנענטערן זיך צו שקיעה... קיין גאונים פון וועלט-פאַרנעם האָט זי מער ניט אַרויסגעגעבן און, ביי אַ תקופה וואָס איז דורך אַזאַ ווי דער רמב״ם אָפּגעשלאָסן געוואָרן, ניט געקענט אַרויסגעבן...

— און די גרויסע מחלוקת, וואָס איז איבערן רמב״ם נאָך אים אַנטשטאַנען?

דאָס איז געווען די פאָרזעצונג פון דעם גייסטיקן אויפברויז אינם יידישן פאָלק. און דאָס איז אויך געווען די רעאַקציע פון הארץ, פון יידישן הארץ קעגן דער אַבסאָלוטער העגעמאָניע פונם שכל; די זעלבסט-פאַרטיידי-קונג פון דער יידישער פּאָעזיע און הייסער מיסטיק קעגן דער איינהער-שאַפט און אַליינהערשאַפט פונם געדאַנק און פון דעם שכל, אין דער תורה און אין דער אמונת ישראל. דאָס הארץ האָט געפאָדערט פּלאַץ אין דער אמונה — און עס האָט געקעמפט פאַר דעם מיט צוויי מיטלען: מיט דער פּאָעזיע — אַ זייער שוואַכער וואָפן געווען אין מיטלאַלטער און אין די צייטן פון דער השכלה — און דורך דער מיסטיק פון קבלה: דער שטאַרקסטער וואָפן, וואָס די יידישע פאַנטאַזיע צו-דינסט דעם הארץ האָט אויסגעאַרבעט אין יענער צייט; און נאָר שפּעטער, אין אונדזער דור און אין דעם דור פאַר אונדז האָט דער דאָזיקער קאַמף פון הארץ פאַר אַ פּלאַץ אין יידנטום, זיך אויסגעדריקט דורך דעם וואָפן, וואָס רבי יהודה הלוי האָט אונטערבאַוואוסטזיניק און אינטו-איטיוו באַנוצט פאַר דעם: נאַציאָנאַלע פּאָעזיע, חיבת-ציון, שטרעבונג צו נאַ-ציאָנאַלער שלימות.



ווער האָט געזיגט אין דעם דאָזיקן קאַמף, וואָס האָט זיך געצויגן דורות-לאַנג, אין דעם דאָזיקן קאַמף צווישן הערשאַפט פון שכל, געדאַנק און דעם רעכט פון הארצן און פונם געפיל?

דער רמב"ם ביז איצט ניט, ווייל עס איז נאָך ווייט צו דער צייט, ווען נאָר שכל זאָל אימפּאָנירן אין לעבן אַלס העכסטע גאָטהייט און ווען פעלקער זאָלן פאָלגן נאָר די דיקטאַטן פון פאַרנונפט.

אויך אין הינזיכט פון אָפּשאַפן פּלפּול און צעשוואומענע שאַרפזיניקייט ביי יידן — האָט דער רמב"ם ניט געזיגט: אין דורות שפּעטער האָט מען פון זיין משנה תורה אליין געמאַכט אין די ישיבות פּלפּול, פּירושים אויף דעם פאַרפאַסט, „הילוקים" שאַרפע געזאָגט. מען האָט אים אריינגענומען אין כלל פון די פּוסקים, און: אַ רינג אין דער קייט פון דעם אומענדלעכן פּלפּול איז געוואָרן דער „היד החזקה".

און דאָס זעלבע, כמעט, איז געשען מיטן מורה נבוכים: דער לעצטער אָבער האָט געהאַט אין אונדזער געשיכטע אַן אַנדערע, אַ גאָר געהויבענע קולטור-היסטאָרישע באַשטימונג; ער איז געוואָרן פּערמענט-שטאָף: תמיד, ווען עס פלעגט אנשטיין אַ צייט, וואָס איז ענלעך געווען צו דער צייט, ווען דער „מורה" איז געשריבן געוואָרן: ווען די פּיקפּוקים אין צעגערנישן אין אמונה האָבן זיך אָנגעהויבן אריינצורייסן אין די בתי-מדרשים, וואו משנה-תורה איז געלעגן אויף די סטענדערס און מען האָט אים געלערנט, ווי ש"ס, ווי דעם אלפ"ס, און ווי די פּוסקים פון אַלע צייטן, פלעגט קומען דער „מורה נבוכים" ווי אַ קאַלטער, אָפּפרישנדיקער שטראָם פון שכל, אַנקלאַפּן שטיל, געהיים, אין די טירן פון די בתי-מדרשים, אריינגנבענען זיך און פאַרבאַהאַלטן זיך אינעווייניק אין די סטענדערס, אונטער די גמרות, און אין געהיים טון זיין אַרבעט, זיין פער-מענט-אַרבעט.

און געשען איז אין משך פון די דורות אַ מאָדנע זאַך:

דער איינער און גאַנצער אומצעטיילבאַרער רמב"ם פונם „ספר המאור ביזן „ספר המורה" — דאָס וואָס באַצייכנט דעם מיימאָניזם, אַלס גאַנצע שיטה — איז צעטיילט געוואָרן אין צווייען: און גאָר פאַרשיידן זיינען געוואָרן זיינע פונקציעס: איין טייל אויפן סטענדער — ביי דער זייט פון דער גמרא; אַ צווייטן טייל אין סטענדער אָדער אונטער דער גמרא...

איין טייל פונם רמב"ם פאַר די ראשי-ישיבה, פרומע תלמידים און עילוים. אַ צווייטער טייל פונם רמב"ם פאַר די, וואָס זיינען מעיין אין ספרים חיצו-נים, פאַר די ,וואָס האַלטן אין נתפקר ווערן, אין ארויסגיין לתרבית רעה, רחמנא ליצלן.

און דאַן, ווען דער רמב"ם פונם משנה תורה איז געוואָרן אַ רינג אין דער קייט פון תורה שבעל פה, איז דער רמב"ם פונם „מורה" געוואָרן כמעט אַ מסית ומדיח, איבער וועלכן מען האָט ישיבה-בחורים פון שטאָט פאַרטריבן און אָפּט-מאָל צו ערגערס דערטריבן.

דאָס וואָס איז לכתחילה געשאַפן געוואָרן ווי אַ סינטעז, איז איבער דער אומנאַטירלעכקייט פון אונדזער לעבן פון אַ פאָלק אין גלות צעטיילט געוואָרן...

ווען אַמאָל די דאָזיקע אומנאַטירלעכע צעטיילטקייט, צעשפּאַלטונג פון דעם

רמב"ם באַקומען צוריק אַ תיקון און דאָס צעשפּאָלטענע וועט ווידער ווערן אַזוי גאַנץ-איינס, ווי עס איז געווען גאַנץ און איינס ביים שעפער פון דער שיטה.

די פראַגע איז ניט אין דעם „וועט" נאָר אין דעם „ווען" און אין דעם „ווי אַזוי".

עס קען קיין ספק ניט זיין ביי קיינעם, אַז ווען דאָס וואָלט געווען באַשטימט פאַר אַ פאָלק, וואָס האָט געפירט אַ נאָרמאַל געזונט נאַציאָנאַל לעבן, וואָלט די השפעה פון דעם רמב"מס שאַפונג און די ווירקונג פון אַזאַ קאָנסעקווענטן און אין אָרדנונג-אויסגעבויטן סיסטעם פון אַ קאָדעקס פון רעליגיעזער פילאָזאָפיע, געווען אַן ערך, גרעסער און פרוכטבאַרער.

און עס וואָלט אויך געווים ניט מעגלעך געווען אַזאַ מאָדנע דערשיינונג, ווי אַז איין גאַנצע פילאָזאָפישע שיטה, אין צוויי פּאַזעס, קאָנסעקווענט אויסגעבויעטע, וואָס בילדן איין שאַרפע סינטעזע, זאָלן באַקומען אַזאַ צעטיילונג אין דעם לעבן פון איינעם און דעם זעלביקן פאָלק, אַז זיי זאָלן באַטראַכט ווערן ניט שוין ווי צוויי באַזונדערע, נייערט, ווי צוויי קעגנזעצלעכע, ווי זיך קעגנזייטיק-באַקעמפנדיקע וועלט-אַנשויאונגען; און די וואָס האַלטן און לערנען אין איין זייט פון דער טעזע, זאָלן באַקעמפן ווי שונאים די יעניקע, וואָס האַלטן און לערנען פון דער צווייטער זייט אין דער זעלביקער טעזע.

דאָס איז דער רעזולטאַט פון די נאַציאָנאַל-פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעך-נאַציאָנאַלע אומשטענדן אין וועלכע דאָס יידישע לעבן האָט זיך אַנטוויקלט אין משך פון די יאָרהונדערטער פון מיטלאַלטער און פון דער נייער און אפילו נייעסטער געשיכטע, אין משך פון וועלכער פאַר אונדזער יידיש לעבן האָט זיך נאָך געצויגן אַ שטיק מיטלאַלטער...

און אין דער מסקנה פון דעם דאָזיקן געדאַנק, ליגט אויך דער ענטפער אויף דער פראַגע, וואָס איך האָב אויבן באַצייכנט: „ווען" און ווי „אַזוי" וועט די אומנאַטירלעכע צעשפּאַלטונג אין דעם רמב"מס איינער און גאַנצער קאָדיפיצירטער שיטה אין דער הלכה-פילאָזאָפיע און פילאָזאָפיע-טעאָלאָגיע, באַקומען צוריק די אָרגאַנישע גאַנצקייט און אומצעטיילבאַרקייט אירע?

דאָס וועט געשען נאָר דאָרט און דאַן, וואו און ווען דאָס לעבן פון אונדזער פאָלק וועט ווערן נאַציאָנאַל-גאַנץ, ווען עס וועט דערגרייכן — באַנוצנדיק דעם רמב"מס טערמינאָלאָגיע אין דער אָנווענדונג צו מיין און ניט צום יחיד — צו דער שלימות פון אַ נאַציאָנאַלן שכל הפועל...

.1935



# דער לעצטער פון די גדולים אין שפאַניע

„נאום הגבר ראה עני הגירוש והנדוד, מר ונאנה על אבדן מולדתו והוא עיף ויגע, כי השקט לא יוכל מבני עם ד׳ מפוזר ומפורד, גלות ירושלים אשר בספרד״. (1)

(פון ר׳ יצחק אברבנאלס אויטאָביאָגראַפישער נאָכשריפט צו זיין ספר „תשובות לשאלות רבי שמואל הכהן מאי קנדיה״, וואָס ווערט ציטירט אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען).

---

חכמים עצרו מלים לפניו
זירוצו לשמעו כצבאים
ויחלו כמטר אל דברו;
ויטוף בם כמו טל על דשאים
ופיהם פוערים לדבש לשונו
לצוף הכו רעבים גם צמאים (2).

(פון אַ שיר פון ר׳ יהודה אברבנאל (לעאָ העברעאָ) וואָס געפינט זיך בראש פון ר׳ יצחקס פירוש צו נביאים).

— 1 —

## די צייט

עס איז געווים אַ צופאַל, וואָס דער האַלבער יאָרטויזנט זינט דעם געבורט פונם גרויסן יידן, וואָס האָט געטראָגן נאָבל און הויך די פאָן פון יידישקייט אין
דער מיט פון די שווערסטע און שרעקלעכסטע ליידן און וואָגלענישן, וואָס אים
און „די קינדער פון ישראל אין ספרד״ איז אויסגעקומען צו איבערלעבן — דער האַלבער יאָרטויזנט זינט דעם געבורט — אין ליסאַבאָן דער פּאָרטוגאַלישער — פון רבי יצחק אברבנאל, אָדער „דון יצחק אברבנאל נשיא״, דער לעצטער „גראַנדע״ צווישן די יידן אין שפּאַניע — פאַלט אויס אין דעם יאָר, ווען דאָס שפּאַנישע

---

(1) דאָס זיינען די רייד פונם מאַן, וואָס האָט געזען דעם פּיין פונם גירוש און פון דער פאַרוואָגלונג, אַ פאַרביטערטער און אַ זיפצנדיקער איבער דעם פאַרלוסט פון זיין געבורטס־לאַנד; און ער איז אויסגעשעפּט און פאַרמאַטערט און רוען קען ער ניט איבער דעם, וואָס די קינדער פון גאָטס פאָלק זיינען צעזייט און צעשפּרייט; דער ירושלים־גלות, וואָס אין ספרד.

(2) ווייזע פלעגן איינהאַלטן די ווערטער אין זיין אָנוועזנהייט און, ווי הירשן פלעגן זיי לויפן צו הערן אים; ווי מען וואַרט אויף רעגן פלעגט מען אויף זיין וואָרט וואַרטן; און ער פלעגט טריפן מיט זיי, ווי ראָסע אויף גראָז. און צום האָניק פון זיין צונג זייער מויל טוען זיי עפענען, הונגעריקע און אויך דורשטיקע צו דער פּאָטעקע פון זיין גומען.

פאָלק גייט אָפּ מיט בלוט פון בירגער-קריג און ברודער-מלחמה, ווערט חרוב און פאַרוויסט, פאַרברענט און פאַרצערט אויף די אויטאָ-דע-פע פון דעם בירגער-קריג אויפגעפלאַקערט, אינם דינסט פון די צוויי „גלויבנס"-פראָנטן, אין וועלכע שפּאַניע איז צעטיילט: דאָס פאַשיסטישע און לינק-דעמאָקראַטישע.

געוויס איז עס אַ צופאַל, וואָס דאָס יאָר, ווען דאָס יידישע פאָלק דערמאָנט מיט ערפורכט דעם אָנדענק פון דעם לעצטן גדול, וואָס אונדזער פאָלק האָט אַרויסגעגעבן אין שפּאַניע — דער גדול, אין וועלכן עס איז פאַרייניקט געווען תורה, גדולה, כבוד-מלכים, עשירות, פרומקייט און ליבע צו זיין פאָלק; און דערמאָנט עס אין דעם פינפהונדערטסטן יאָר זינט ער איז געבוירן געוואָרן — פאַלט אויס אין אַ צייט, ווען טויזנטער און צענדליקער טויזנטער פון שפּאַניעס קינדער האָבן געמוזט נעמען דעם וואַנדער-שטאָק אין האַנט און פאַרוואָגלט ווערן אין פרעמדע לענדער צו זוכן רו, פון דעם חורבן אין דעם אייגענעם לאַנד, ווי עס האָבן געמוזט נעמען דעם וואַנדער-שטאָק אין האַנט מיט 445 יאָר צוריק, „די קינדער פון ישראל, וואָס אין ספרד", ווען זיי זיינען געטריבן געוואָרן פון די פרומע, באַרימהאַרציקע קאַטוילישע מלכים און זייער פרומען אינקוויזיטאָר. און ווען די קינדער פון שפּאַניע וואַלגערן זיך איצט יתומים איבער די פאַר-ברענטע שטעט און פאַרוויסטע דערפער פון קאַסטיליע, לעאָן, אַראַגאָן, מורסיע, גראַנאַדע, נאַוואַרע, א. א. וו. אָדער אין ווייטע לענדער, אַרויסגעראַטעוועטע, דורך דער באַרימהאַרציקייט פון פרעמדע, זיינען זיי אויסגעשטעלט צו בעטל-ברויט, ווי אויסגעשטעלט עס זיינען געווען די יידישע קינדער און די „מענער, פרויען, אַלט-און-קינד, פון די דריי הונדערט טויזנט יידישע פוסגייער", וואָס זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון שפּאַניע אין דעם טרויעריק-באַרימטן יאָר רנ"ב (1492) און בראש פון די אַרויסגעטריבענע איז דאָן ער געגאַנגען און „זיין הויזגעזונט", רבי יצחק אברבנאל, דער שאַץ-מייסטער פון דער שפּאַנישער מלוכה ביז פאַרן גירוש.

געוויס איז עס אַ צופאַל. — עס האָט געקענט אַנדערש זיין. עס וואָלט געדאַרפט אפשר אַנדערש זיין: אין שפּאַניע דער רעפּובליקאַנישער, אין איר רעגירונגס-פּאַלאַץ, אין אירע „קאָרטעס" האָט געדאַרפט געפייערט ווערן דער האַלב-טויזנטיעריקער אַניווערסאַר פון יענער פּערזענלעכקייט, דאָן יצחק אברבנאל, וואָס האָט דורך זיין פעאיקייט און גרויסקייט אַלס „פינאַנץ-אַגענט" פון שפּאַניעס קרוין מעגלעך געמאַכט פאַר דער מאָנאַרכיע צו אָפּהאַלטן איר לעצטן אַנטגילטיקן זיג איבער די מאָרן און פאַרייניקן שפּאַניע דעפיניטיוו אין איין גרויסער מלוכה. און ווי נאָר די „באַרימהאַרציקע" פרומע מלכים, פער-נאַנדאָ און איזאַבעלאַ, האָבן באַזעצט גראַנאַדאַ, האָבן זיי אַרויסגעטריבן פון גאַנץ שפּאַניע די יידן צוזאַמען מיטן מיניסטער-אַגענט, וואָס האָט זיי פאַר-שאַפן די פינאַנציעלע מיטלען פאַר „זייער" זיג...

געוויס איז עס אַ צופאַל. די געשיכטע האָט אָבער, משמעות, ליב אַזעלכע צופאַלן; די געשיכטע האָט גאַנץ אָפט ליב אַ שפּיל צו טון זיך אין אַזעלכע צו-פאַלן, ווייל זי האָט אין זיך עטוואָס פון דער אוראַלטער געטין פון עגיפּטן, עטוואָס פון דער גאַכפּערטער, געהיימניספול-צאָרנדיקער געטין נעמעזידע, וואָס

פלעגט קיין זאַך ניט שענקען און קיין זאַך ניט פאַרגעסן און ליב געהאַט נקמה צו נעמען אין יאָרן, יאָרן, אַ סך יאָרן אַרום פאַר עוולות באַגאַנגענע. באַצאָלן פאַר פאַרברעכנס שווערע. נקמה נעמען פאַר פאַראַט שוואַרצן צומאָל אין דורות אַרום — און טון פלעגט זי עס געוויינלעך אויף דעם זעלביקן אָרט, וואו דאָס פאַרברעכן איז באַגאַנגען געוואָרן.

און קיין שוואַרצערער פאַראַט, ווי שפּאַניע איז באַגאַנגען דאָן, אינם 1492-טן יאָר קעגן אונדזער פאָלק. קעגן זיינע פירער. קעגן אַבּרבּנאַלן — דון יצחק הויפּטזעכלעך — איז, דאַכט זיך, קיין מלוכה ניט באַגאַנגען.

„פּוקד ד' עוון אבות על בנים, על שלשים ועל רבעים" — לויטעט דער צאָרנדיקער, אומפאַרמיידלעכער געזעץ פון דעם שר פון יידישער געשיכטע: גאָט דערמאָנט צו אויפּאַסן און באַצאָלן די זינד פון די עלטערן אויף די קינדער און קינדס-קינדער, ביזן דריטן און פערטן דור.

דאָס איז אַן אומפאַרמיידלעכער געזעץ אין דער ביאָלאָגיע פון דעם לע-בעדיקן וועזן. דאָס איז, מיטמעות, אויך אַן אומפאַרמיידלעך געזעץ אין דער ביאָלאָגיע פון דעם וועזן, וואָס הייסט געשיכטע.

— וואָס זיינען שולדיק די אייניקלעך און אוראייניקלעך, אַז זייער אור-זיידע. וועלכן זיי האָבן צומאָלס ניט געקענט. האָט געזינדיקט?

— געוויס זיינען זיי ניט שולדיק. זיי מוזן אָבער אויסקויפן די זינד. דאָס איז דער אומדערבאַרעמדיקער געזעץ פון ירושה אינם וועזנטלעכן לעבן, אַזוי אין דער פאַמיליע; אַזוי אין דער געשיכטע... שפּאַניע צאָלט איצט פאַר די זינד פון אירע אור-אור-זיידעס.

צי מיר ווילן יאָ צי מיר ווילן ניט — עס איז אַזאַ געזעץ, וואָס דער קאָס-מאָס אַליין, אין זיין אומדורכדרינגבאַרער געהיימניש האָט פעסט-געשטעלט און געגרונט-פעסטיקט „אַר עטערנאַס עטערניטאַטיס", אויף אייביקער אייביקייט: ניטאָ קיין אייביק פאַרפאַלנס. קיין אומבאַצאָלטס אין דער געשיכטע: פריער אָדער שפּעטער צאָלן קינדער און אייניקלעך פון פעלקער פאַר די שווערע זינד פון זייערע אור-אבות.

און די געשיכטע האָט שלוי-שטיפעריש, בייז-שעלמיש אַ וואַינק-געטון מיט איר אייביק אָפן, אייביק ווייטזיכטיק, אייביק וואַכזאַם אויג און זי האָט געפירט אַזוי, אַז דאָס דאָזיקע זאָל אויספאַלן גראַדע אינם יאָר ווען דאָס יידישע פאָלק דערמאָנט דעם פינף-הונדערטסטן געבורטס-אַניווערסאַר פון דאָן יצחק אַבּרבּנאַל — דער מאַן, וואָס האָט פּערזאָניפיצירט און פאַראייביקט אין דער יידישער געשיכטע די אַנאָנימע מאַסע פון הונדערטער טויזנטער „פוסגייער פון יידישן פאָלק, וואָס אין שפּאַניע", וואָס זיינען אינם „גלאָרייכן יאָר" פון דער שפּאַנישער פאַראייניקונג און פון דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע. פאַרטריבן געוואָרן פון שפּאַניע.

און אפשר איז עס גאָר קיין צופאַל ניט... ווייל יענע צייט — די לעצטע יאָרן פון פופצנטן יאָרהונדערט, ווען דער מיטלאַלטער האָט זיך געראַנגלט, ניט וועלנדיק פאַרשווינדן פון אייראָפּע דער פאַרמאַטערטער. פון אייראָפּע, וואו עס האָט ערטערווייז שוין געהאַט אָנגעהויבן דאָן צו טאָגן מיטן רענעסאַנס-קאַיאָר

— איז דאָך אין אַזוי פיל פּרטים, אין אַזוי פיל וויכטיקע הינזיכטן ענלעך צו אונדזער איצטיקער צייט, דאָס ערשטע דריטל פון דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, ווען דער מיטלאַלטער, צוריקגעטריבן דורך דעם שטורם פון מלחמה און אומרואיקייט, רייסט זיך צוריק אין די געמאַרקן פון דער אַלטער אַנעמישער אייראָפּע, זוכט צו באַהערשן זי דעפיניטיוו — און ער האָט אויסגעקליבן צו אָפּהאַלטן די אַנטשיידנדיקע שלאַכטן פאַר דער הערשאַפט, וואָס ער זוכט צו דעראָבערן, אין שפּאַניע גראַדע, דאָס עקסטרעם-וויטסטע ווינקל פון אייראָפּע; אין שפּאַניע גראַדע, וואו ער, דער פינצטערער מיטלאַלטער האָט אַמאָל געזעצן אין אַמלענגסטן געקעמפט, איידער ער איז געצוואונגען געווען צו פאַרלאָזן אייראָפּע.

און אפשר איז עס גאָר קיין צופאַל ניט, וואָס נאָך אַ האַלבן יאָרטויזנט האָט די געשיכטע זיך אומגעקערט צום פּונקט, וואו זי האָט געהאַלטן דאַן אין דעם געדראַנג פון דעם מיטלאַלטער צו באַהערשן די וועלט. איצט פירט ער ווידער די מלחמה פון יענער פעסטונג, וואו ער האָט זיך געקענט אַמשטאַרקסטן און אַמלענגסטן פאַרטיידיקן, זייענדיק פאַרויס זיכער, אַז אויב ער, דער מיטלאַלטער, וועט באַהערשן שפּאַניע, וועט ער גאַנץ אייראָפּע, די גאַנצע וועלט פּילייכט, קענען לייכטער צוריק אַריינבאַקומען אין זיין מאַכט.

און אפשר איז עס גאָר קיין צופאַל אויך פון פּערספּעקטיוו פון אונדזער אידישער געשיכטע?

מהמת:

יענע צייט, ווען אברבנאל האָט געלעבט און מיט זיין פאָלק צוזאַמען געוואַנדערט פון „דער ירושלים פון ספרד“ אַרויסגעטריבן, איז דאָך אין פיל, פיל, גאָר פיל פּרטים געווען אַזוי ענלעך — אָראָפּגערעכנט די שינוים פון צייט, טעכניק און פּראַקטישע דערגרייכונגען פון מענטשן — צו דער איצטיקער אַזוי שווערער, אַזוי ביטערער צייט פאַר אונדזער פאָלק...

איצט, ווי דאַן פון שפּאַניע, ווערן צענדליקער טויזנטער יידן אַרויסגעטריבן פון לענדער, וואו זיי האָבן געוואוינט זינט פיל יאָרהונדערטער. אונטער אַנדערע לאָזונגען געשעט עס, ווייל דאָס רעליגיעזע שפּילט שוין מער ניט אַזאַ ראָל אינם לעבן פון מלוכות. ווי דאַן און אויך דאַן איז עס געווען נאָר אַן אויסרייד, אַ מאַסקע צו פאַרשטעלן געלט-זוכט און געלט-גיריקייט; אונטער אַנדערע לאָזונגען ווערן די יידישע מאַסן פאַרטריבן, פאַרשטויסן פון זייערע איינגעזעסענע היימען; אָבער די אכזריות און רשעות איז איצט ווייט ניט קלענער, ווי דאַמאָלסט איז זי געווען.

און דאַן, נאָך דעם גירוש פון שפּאַניע, אַזוי איצט, זיינען די טירן פון כמעט אַלע לענדער פון אייראָפּע פאַרמאַכט געווען פאַר אונדזערע אומגליקלעכע וואַנדערנדע מאַסן און כמעט נאָר דער געהיימניספולער מזרח פון דער אויפגייענדיקער האַלבער לבנה פון טערקיי, די קליינע נעאַפּאָל און שפּעטער אַמסטערדאַם — האָט דערלויבט אויב ניט גערופן צו קומען אויף זייער ערד.

אויך דאַן, נאָך דעם גירוש פון שפּאַניע — האָט איין טרייסט, איין האָפנונג געוואַרימט די פאַרוויטיקטע הערצער פון די יידישע מאַסן, ניט דערלאָזנדיק, אַז דער גיפט פון יאוש און האָפנונגסלאָזיקייט זאָל זיך איינוואָרצלען און

אָפּטויטן זיי נאָך דער אויפטרייסלונג פונם טרויס פון אַסימילאַציע, און ווע-מעס שאָטן, דאַן ווי איצט, גרויסע יידישע שיכטן האָבן געמיינט צו קענען לעבן זאַט און זיכער, זיס און רואיק.

און דאָס איז די טרייסט און האָפנונג פון דערלייזונג; די טרייסט און האָפנונג פון אויפלעב אַלס פאָלק צוריק אין ארץ-ישראל.

דאַן האָט עס אָנגענומען די מיסטישע פאָרם פון כּפּאַראַדיישע משיחישע באַוועגונגען, פון אַ געהיימניספולן „קץ", וואָס האָט לויט דעם אברבנאלס אויס-זיכטן און אויסרעכענונגען געמוזט זיין נאָענט. און איצט... איצט? שיינט דען ניט איצט פאַר פיל, אַז דער „קץ" קומט אָן, אַז די גאולה קלאַפּט שוין אין טיר אין דער געשטאַלט פון דעם אָנבאָט פון אַ יידנשטאַט, וואָס מען האָט די טעג אונדז געמאַכט? (3) באָטיש נעם ווער מיסטיש און הויב אָן צו איינטייטשן, אויף אונדזער צייט איצט די פּסוקים פון שיר השירים, די געהיימניספולע, אומ-פאַרשטענדלעכע וויזיעס-בילדער פון „דניאל" מיט דעם פּירוש „מעיני ישועה", וואָס רבי יצחק אברבנאל, טאַקע, האָט געשריבן צו איס, צו דערווייזן, אַז דניאל האָט טאַקע געזאָגט, אַז משיח קומט באַלד נאָך דעם גירוש פון ספרד...

דאַן איז עס געווען: פרום-גלויבן, מיסטיק, קבלה — משיחיזם; און גאולה אין דער אונטערשטער שורה.

היינט, איצט איז עס: ציוניזם, דיפּלאָמאַטיע, אינטערנאַציאָנאַלע פאַר-האַנדלונגען, גרויסע יידישע האָנגרעסן — און ווידער משיחיזם אין אַ מאָדערנעם לבוש. און אין דער אונטערשטער שורה, די אייביקע, די צוויי טויזנט יעריקע האָפנונג אויף נאַציאָנאַלער גאולה, וואָס זעט אויס צו זיין אַזוי נאָענט אונדז איצט, ווי זי האָט אויסגעזען דאַן אַזוי נאָענט.

אינם האַלבן יאָרטויזנט פון אברבנאלס געבורט — שטייען מיר אין אַן ענלעכער סיטואַציע, ווי דאַן. און די וועלט אויך אַזוי. און שפּאַניע גראָד אין דעם יאָר, צאָלט פאַר די זינד, וואָס זי איז דאַן באַגאַנגען קעגן אונדז, קעגן דער וועלט, קעגן אַלעמען.

איז עס אַ צופאַל? אדער דאָס איז דאָס אייביק-אומפאַרשטענדבאַרע, דאָס אייביק זיך איבערחזרנדיקע געזעץ פון געשיכטע, וואָס איז אויך אייביק? ווער ווייסט?

וואָס איך ווייס נאָר, איז, אַז די צייט איז אַזוי ענלעך, די איצטיקע צו דער דאַמאָלסטיקער; און אַז פון די יידישע מאַסן, צו פאַרגאָמען און גירוש-אויסגעשטעלטע, אין די פינצטערע לענדער פון מיטל- און פון מזרח-אייראָפּע, קען יעדער איינער איבערחזרן די ווערטער וואָס ר' יצחק אברבנאל האָט געשריבן צו ר' שאול הכהן אין קאַנדיע מיט 425 יאָר צוריק, פּאַראַפראַזירנדיק די ווער-טער פון איכה, דער קלאָג-מגילה:

„נאום הגבר ראה עני הגרוש והנדוד מר ונאנה על אבדן מולדתו" א. אַ. וו.

---

(3) די שורות זיינען געשריבן געוואָרן אין די טעג ווען ס'איז אָנגעבאָטן די „מיקרא"-שטאַט אין פּאַלעסטינע.

## די ליבע צו שפאַניע

אין פּאָרטוגאַל, וואו ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1437, איז צו־ערשט געוואָרפן געוואָרן דער לאָזונג אין דער יידישער וועלט, וועגן דער אברבנאַל־פייערונג צום אַניווערסאַר פון 500 יאָר. ווען די לאַגע אין שפּאַניע וואָלט געווען אַן אַנדערע, ווען ניט דער בירגער־קריג און חורבן, וואָס פאַרצערט איצט שפּאַניע, וואָלט מען געוויס אויך דאָרטן געפייערט דעם היסטאָרישן אַניווערסאַר; ווארום, הגם ער, דאָן יצחק אברבנאַל האָט פאַרבראַכט די ערשטע עטלעכע און פערציק יאָר פון זיין לעבן אין פּאָרטוגאַל, דינענדיק אַלץ שאַץ־מייסטער אין הויף פון דעם קעניג אַלפּאָנסאָ, פונקט ווי פריער זיין פאָטער, דאָן יהודה, איז אָבער דער גלאַנץ פון זיין יידיש־געזעלשאַפטלעכער און פּאָליטישער טעטיקייט, ווי בכלל דער אָפּשטאַם פון זיין משפחה פאַרבונדן געווען מיט שפּאַניע, מיט איר געשיכטע, מיט איר קולטור, און אין דעם שרעקלעכן איבערבריך, וואָס איז אַנטשטאַנען פאַר יידן אין שפּאַניע, אין דעם טראַגישן יאָר פון 1492, ווען די „קאַטוילישע מלכים“ פערנאַנדאָ און איזאַבעל האָבן, אויף דער אימפּאָזיציע פון דעם גרויס־אינקוויזיטאָר טאָרקוועמאַדאַ, אַרויסגעטריבן די יידן פון שפּאַניע, איז אים, דאָן יצחק אברבנאַל אויסגעקומען צו שטיין בראש פון די יידישע פאַר־וואָגלטע, אין דער זעלביקער צייט, כמעט, ווען ער האָט פאַרנומען אַ גלענצנדיקע פּאָזיציע אין הויף פון די זעלביקע מלכים...

די משפחה אברבנאַל איז געווען אַ שפּאַנישע, ניט קיין פּאָרטוגעזישע, איר יחוס איז אַ שפּאַנישער; פון דורי־דורות־אָן האָט זיך געצויגן דער יחוס אין שפּאַניע. דאָן יצחק אַליין האָט ליב געהאַט צו אָנווייזן אויף דעם אַלטן יחוס און איינגעזעסנקייט פון זיין משפחה אין שפּאַניע דוקא, כאָטש דער פאָטער זיינער, ר׳ יהודה, האָט געוואוינט אין ליסאַבאָן און ער אַליין איז אין יענער שטאָט געבוירן געוואָרן.

אין אַ פּאָר ערטער פון זיינע פירושים צו דער תורה, קערט רבי יצחק זיך אום צו דעם דאָזיקן ענין און ווייזט אָן אַז זיין משפחה איז פון די ערשטע אַריסטאָ־קראַטישע יידישע משפחות אין שפּאַניע.

אַזוי, אין זיין פירוש אויף זכריה, זאָגט ער: „אין שפּאַניע האָבן זיך באַלד נאָכן ערשטן חורבן בית המקדש באַזעצט צוויי יידישע משפחות פון מלכות בית דוד, איינע איז געווען די משפחה ד אַ ו ד , וואָס האָט זיך באַזעצט אין באַר־צעלאָנאַ, און די צווייטע איז די פאַמיליע א ב ר ב נ א ל , וועלכע האָט זיך באַזעצט אין סעוויליע און פון אָט דער משפחה שטאַם איך אַליין“.

אין אַ צווייטן פּלאַץ פון זיינע תנ״ך־קאָמענטאַרן, אין דעם פירוש צו יהושע ברענגט ער אַ לענגערן גענעאַלאָגישן רעגיסטער פון זיין משפחה: „איך, דער מאַן יצחק בן יהודה, בן שמואל, בן יהודה, בן יוסף, בן יהודה פון די קינדער פון אברבנאַל, אַלע פערזענלעכקייטן, עלטסטע ביי די קינדער פון ישראל פונם וואָרצל־אָפּשטאַם פון ישי פון בית־לחם פון דודס משפחה“.

דאָן יצחק אבּרבּנאל איז, אין דער נאַאיוו-פרומער פאַרגלויבטקייט פון יענער צייט, פון סוף מיטלאַלטער געווען זיכער, אַז זיין גענעאַלאָגישער בוים האָט די וואָרצלען אין דער דינאַסטיע פון דוד המלך. צי די משפחה איז טאַקע נעקומען אויף דעם איבּערישן האַלב-אינדזל באַלד נאָכן ערשטן חורבן, דאָס הייסט, לערך אין דעם זעקסטן יאָרהונדערט פאַר דער קריסטלעכער ערע, דאָס איז, זעלבסטפאַרשטענדלעך, ניט פעסטגעשטעלט היסטאָריש, אָבער אַז די משפחה אבּרבּנאל איז איינע פון די עלטסטע געווען אין שפּאַניע, יעדנפאַלס מיט פיל יאָרהונדערטער עלטער ווי די משפחה פון די קאַטוילישע מלכים און פון די דאָמיניקאַנער פאַנאַטישע מאָנאַכן, וואָס האָבן גערודפט און פאַרטריבן די יידן פון שפּאַניע — אין דעם איז קיין צווייפל ניטאָ...

דער עצם-פאַקט, וואָס דאָן יצחק אבּרבּנאל, אין זיינע פּירושים צו די הייליקע שריפטן און אין זיין אויטאָביאָגראַפישן נאָטיץ, וואָס ער האָט געשריבן, שוין ניט זייענדיק אין שפּאַניע, נאָר אויף דער עלטער, נאָכן גירוש, ווען ער האָט געוואוינט, אַלטערנאַטיוו אין נעאַפּאָל, אין סיציליע, אין קאָרפו און אין ווענעציע — קערט זיך אום און באַטאָנט דעם טיפן שפּאַנישן יחוס און די אַלטקייט פון זיין שפּאַנישן אָפּשטאַם פון דורות אין דורות, באַווייזט קלאָר, אַז ניט קוקנדיק אויף דעם שוואַרצן פאַראַט, וואָס די קאַטוילישע מלכים זיינען באַגאַנגען קעגן אים פּערזענלעך — ער האָט זיי פינאַנציעל דערמעגלעכט דעם לעצטן זיג איבּער די מאָרן און דאָס איינעמען פון גראַנאַדע — און קעגן דעם שפּאַנישן יידנטום, בראָש פון וועלכן ער, דאָן יצחק נשיא, איז געשטאַנען, האָט זיין ליבע צו שפּאַניע, וואו זיין פאַמיליע האָט זינט דורות וואָרצלען געהאַט געשלאָגן, זיך ניט פאַרמינדערט; און ניט די רדיפות פון שמד און אינקוויזיציע, און ניט די גזירה פון דעם גירוש פון 1492 האָבן פאַרמינערט די הייסע ליבע צו שפּאַניע אין דער דאָזיקער פאַמיליע — די לעצטע גרויסע דינאַסטיע — פון יידישן נאָבלטום אין שפּאַניע.

דאָס איז געווען דער כאַראַקטער-שטריך פון יענע אַלט-פאַרצייטיגע יחוס-פאַמיליעס פון שפּאַנישן יידנטום. זייער ליבע צו שפּאַניע, צום איבּערישן האַלב-אינדזל, בכלל, האָבן זיי מיטגעפירט מיט זיך, אין דעם ווייטן גלות, אין וועלכן די פאַנאַטישע שנאה און אומטאָלעראַנץ פון יענע יאָרהונדערטער האָבן זיי נעוואָרפן; זיי האָבן מיטגעפירט מיט זיך די ליבע „צו קאַסטיליע, צו אַנדאַלוזיע, אַראַגאָן, נאַוואַרראַ און לעאָן". צוזאַמען מיט דער שפּאַנישער שפּראַך, וואָס איז זיי ליב און טייער געווען, ווי נאָר אַ מאַמע-לשון קען טייער זיין, ליב און טייער צוגלייך מיט העברעאיש, די הייליקע שפּראַך, אין וועלכער גאָט ברוך הוא האָט מיט די נביאים גערעדט; און אין זייערע ווייטע וואַגלענישן איבּער ימים און מדבריות, צווישן פעלקער פרעמדע, לענדער ווייטע און שפּראַכן גאָר אַנדערע — אין איטאַליע, אין טערקיי, אויף די באַלקאַנען, ווי אין האָלאַנד, אין דער אַמעריקאַנישער ניי-ענגלאַנד און האָלענדישער בראַזיל, אין דער נעבלהאַפטיקער ענגלאַנד, ווי אין דער טראָפּישער אַמעריקע — אומעטום, וואו דער גורל האָט זיי פאַרטריבן, האָבן זיי, דורות-לאַנג, אין משך פון יאָרהונדערטער, וואַרים אָפּגעהיט די דאָזיקע ליבע צו שפּאַניע און איר שפּראַך, צו שפּאַניע און איר

קולטור; און זיי האָבן ליב געהאט צו גרויסהאַלטן זיך מיט זייער אַלטן שפּאַנישן יחוס-אָפּשטאַם, גלייך ווי מיט זייער אַריסטאָקראַטיש-יידישן „אַבּאָלענגאָ“ (4). ניט אומזיסט איז געווען אַ מנהג ביי פיל ספרדים צו חתמענען ס"ט — דער רמב"ם אין כלל — ראשי תבות: ספרדי טהור.

אַ מוסטער פון אַזאַ, באמת רירנדיקער ליבע צו שפּאַניע, גיט אונדז רבי יצחק בן יהודה נשיא אברבנאל אין זיין פּירוש צו דער תורה, וואו רעדנדיק וועגן גאָר הויכע געטלעכע, פרום-רעליגיעזע און פילאָזאָפישע ענינים, קערט ער זיך אום אָפט צו דער באַטאָנונג פון זיין שפּאַנישן אָפּשטאַם און אַלט-אַי-בערישן יחוס.

— 3 —

## פונם זיידן ביזן אייניקל — אַ יאָרהונדערט יידישע געשיכטע אין שפּאַניע

מיט מער רעכט, ווי דאָן יצחק נשיא האָט זיך מיחס געווען אויף זיינע עלטערן און אור-עלטערן „פונם אָפּשטאַם פון דוד המלך'ס דינאַסטיע“, האָבן געקענט און קענען זיך מיחס זיין אויף אים זיינע קינדער און קינדס-קינדער, די ווייטערדיקע אָפּשטאַמלער פון דער דאָזיקער פאַמיליע, וואָס איז געווען, ווייטער, נאָך אים, אין משך פון קנאַפּע דריי הונדערט יאָר, אָנגעזען אין פאַר-שיידענע לענדער, צווישן די ספרדישע קהילות.

ביזן אָנהויב פון דעם אכצנטן יאָרהונדערט ציט זיך די גענעאַלאָגיע פון די אברבנאלס, מיט דירעקטע באַווייזן און יחוס-בריוו אויף דעם אָפּשטאַם פון דער משפחה פון רבי יצחק נשיא, דעם למדן, ביבל-קאָמענטאַטאָר, האר און שאַץ-מייסטער אין די „קאָרטעס“ פון פּאָרטוגאַל און שפּאַניע פריער און שפּעטער האר און ראַטגעבער פון די קעניגן פון נעאַפּאָל, סיציליע און פון דער רעגירונג פון די דאָזשען אין ווענעציע.

אָנהויבנדיק פון דעם סוף פון פערצנטן יאָרהונדערט, איז דער ערשטער באַרימטער פון די אברבנאלס, שמואל פון סעווילע, דער זיידע פון דאָן יצחק אברבנאל. שמואל פון סעווילע איז מער באַקאַנט אין דער געשיכטע אונטערן נאָמען כואַן דע סעווילאַ; דעם דאָזיקן קריסטלעכן נאָמען האָט ער אָנגענומען אין דעם טרויעריק-באַרימטן יאָר פאַר די יידן אין שפּאַניע, אין יאָר 1391, ווען עס זיינען פאָרגעקומען די גרויסע קריסטלעכע רדיפות אויף די יידן אין סע-ווילע, באַרצעלאָנאַ און די אינדזלען מאַיאָרקאַ און מענאָרקאַ.

אין יענעם שרעקלעכן יאָר זיינען טויזנטער יידן אומגעקומען אין שפּאַניע מיט אַ מאַרטירער-טויט; און פילע טויזנטער האָבן זיך געשמדט, אָנעמענדיק, לפנים דאָס קריסטלעכע גלויבן, כדי צו ראַטעווען זיך פונם טויט. פון יענעם יאָר אָן באַקומט אַן אינטענסיוון כאַראַקטער די אַנטוויקלונג פון איינעם פון די

(4) אָפּשטאַם, יחוס, אין שפּאַניש.

טראַגישסטע קאַפּיטלען אין אונדזער געשיכטע: דאָס קאַפּיטל פונם מאַראַנען־טום און פון זייערע ליידן...

צווישן די, וואָס האָבן לפּנים אָנגענומען דעם קאַטאָליציזם, כדי צו ראַטעווען זיך פון אַ זיכערן טויט, איז געווען דער אַריסטאָקראַטישער און רייכער זיידע פון דעם צוקונפטיקן לעצטן פון די יידישע „גראַנדעס ען עספּאַניאַ" (5). דער זיידע פון דאָן יצחק נשיא: שמואל. אָננעמענדיק קריסטלעך גלויבן, האָט באַקומען דעם נאָמען כואַן (ווי יעדער, וואָס שמדט זיך, פּונקט, ווי יעדער קריסט, וואָס איז זיך מגייר באַקומט דעם נאָמען אברהם); און אין דער געשיכטע פון דער אברבנאל־משפּחה איז ער באַקאַנט אונטערן נאָמען כואַן דע סעוויליאַ.

זיין זון יהודה, הפּנים כדי צו קענען אָנהאַלטן ווידער יידישקייט, אָדער וועלנדיק אַוועק פון דעם פּלעק, וואָס דאָס געצוואונגענע טויפן האָט געוואָרפן אויף דער יהוספּולער יידישער משפּחה, האָט עמיגרירט פון סעוויליע קיין ליסאַבאָן, ווערנדיק דאָרטן צוריק אַ פרומער און באַרימטער ייד, שאַץ־מייסטער און פערזענלעכער פריינט פון די פּאָרטוגעזישע מלכים.

דאָרטן, אין ליסאַבאָן, איז געבוירן געוואָרן, ווי שוין געזאָגט, זיין זון יצחק, אין יאָר 1437 און דאָרטן איז ער באַרימט און גרויס געוואָרן, דינענדיק טריי און ערלעך די מלכים פון פּאָרטוגאַל, ביז דער קעניג זשואַן דער צווייטער, אַ ווילדער דעספּאָט און אַבסאָלוטיסט, האָט געלאָזט דערמאָרדן דעם הערצאָג דע בראַגאַנזאַ, רבי יצחקס נאָענטסטן פריינט און האָט אים אַליין אויך געוואָלט לאָזן הינריכטן; רבי יצחק האָט באַוויזן צו אַנטלויפן (אין יאָר 1483) קיין שפּאַניע; ער האָט זיך לכתּחילה באַזעצט אין טאָלעדאָ און דערנאָך געוואָרן פינאַנץ־אַגענט, צוזאַמען מיט אַ צווייטן באַרימטן שפּאַנישן ייד, רבי אברהם סעניאָר, וועמען די מלכים פון שפּאַניע האָבן באַשטימט אויך אַלס רב־הכולל. אין דעם מלוכה־הויף פון פערנאַנדאָ און איזאַבעל די קאַטוילישע. דעם אַמט האָט ער פאַרטראָטן ביזן גירוש, אין יאָר 1492, ווען ער, טראָץ דער בקשה פון די מלכים, האָט פאַרלאָזט, צוזאַמען מיט אַלע יידן „די ערד פון דער ליבער קאַסטיליע", זיין פריינט, דער דערמאָנטער אברהם סעניאָר, האָט ניט געוואָלט גיין אין גירוש, ווי אברבנאלס משפּחה און האָט אָנגענומען דאָס קריסטלעכע גלויבן, האָבנדיק אַלס „קוואַטערס" די קאַטוילישע מלכים אַליין און באַקומענדיק די ברכה פון... טאָרקוועמאַדאָן זעלבסט.

אַזוי איז געווען דער געשיכטלעכער צירקל, וואָס די פאַמיליע אברבנאל האָט דורכגעמאַכט אין אַ משך פון פּונקט אַ יאָרהונדערט:

דער זיידע שמואל, האָט אָנגענומען קאַטאָליציזם אין סעוויליע אין 1391, כדי צו פאַרבלייבן אין שפּאַניע.

דאָס אייניקל, אַ באַרימטער ייד, דער „גרעסטער אין ישראל" אין זיין דור אין שפּאַניע און גרויס און חשוב ביי די מלכים זעלבסט, „באַליבט ביי יידן און ביי קריסטן", האָט אין הונדערט יאָר אַרום פאַרלאָזט שפּאַניע, כדי ניט צו דאַרפן ווערן אַ מאַראַן, אין דער עלטער פון 55 יאָר; און געטון האָט ער עס

(5) ניט אין דעם זינען פון אַן אָפיציעלן טיטול נאָר, סתם ווי אַ פאַרצייכענונג אין שפּאַניש פון דעם, וואָס מיר רופן אַ „גדול".

נאָכדעם, ווי אין משך פון די ניין יאָר, וואָס ער האָט געדינט אין הויף פון די „קאַטוילישע קעניגן", האָט ער מיטגעווירקט פאַר דער פאַריייניקונג, דערגאַנצונג און שטאַרק-ווערן פון דער מלוכה פון קאַסטיליע און נאָכדעם, ווי אַ דאַנק זיין מיזאַמער אַרבעט און קלוגער פינאַנציעלער און אָרגאַניזאַטאָרישער טעטיקייט, איז „די קאַטולישע מלכים" געלונגען דעפיניטיוו צו באַזיגן די מאָרן אין שפּאַניע און איינגעמען זייער לעצטע פעסטונג — גראַנאַדע.

דערפאַר האָט דערנאָך די שפּאַנישע מאָנאַרכיע אַזוי „בריטהאַרציק" באַצאָלט און באַדאַנקט דער אברבנאַל--משפחה און די יידן בכלל: מען האָט זיי פאַרטריבן פון שפּאַניע, מען האָט זייער פאַרמעגן קאָנפיסקירט; און די, וואָס האָבן זיך געשמדט, כדי ניט צו דאַרפן גיין אין גלות, זיינען געוואָרן דאָס קרבן-פלייש פון די אויטאָ-דע-פע'ס, „קעמאַדעראָס", די קרבנות פונם „סאַנטאַ אָפּיסיאָ" אין משך פון דורות...

דאָס האָט געצאָלט די קריסטלעכע, פרום-גלויביקע מאָנאַרכיע פאַר יידישער טריישאַפט, איבערגעגעבנקייט, ליבע און לייסטונגען קולטורעלע, וויסנשאַפטלעכע און עקאָנאָמישע צום פאָטערלאַנד; אַזוי האָט מען געצאָלט אין שפּאַניע... און צי נאָר אין שפּאַניע אַליין, דען, צאָלט מען אַזוי?

פונם זיידן ביזן אייניקל איז אַריבער אַ יאָרהונדערט.

פונם זיידן שמואל - כואַן, דער אַנוס אין סעווילי, בעת די ערשטע רדיפות, ביז דעם אייניקל רבי יצחק, דער למדן און וועלטלעכער געלערנטער, פירער פונם שפּאַנישן יידנטום אין שפּאַניע און פירער זיינער — פשוטו כמשמעו — בעתן וועג פון דעם גירוש; ביז רבי יצחק, וועמען די פּרעכטיקע איזאַבעל, די קעניגין, האָט מיט טרערן אין די אויגן געבעטן ער זאָל זיך שמדן און ניט פאַרלאָזן דעם הויף...

דאָס איז געווען דער לעצטער יאָרהונדערט, דער העראָאישער יאָרהונדערט אין דער גלאָרפולער געשיכטע פון יידן אויף דעם איבערישן האַלב-אינדזל.

און אין דעם משפּחה-קרייז פון אַ יאָרהונדערט, וואָס הויבט זיך אָן מיט די רדיבות אויפן זיידן און פאַרענדיקט זיך מיט די רדיפות און מיט גלות פונם אייניקל, איז סינטעטיזירט, איז אויסגעדריקט, אַזוי צו זאָגן, די געשיכטע פון יענעם יאָרהונדערט אין שפּאַניע אין אַלגעמיין און די יידישע געשיכטע באַזונדער.

דאָס אייניקל מיט זיין מאַרטירער-גלות, דאָס אייניקל, וואָס פאַרציכטעט אויף דעם גלאַנץ פון דעם קעניגלעכן הויף, אויף דער רייכקייט און וואויל-לעבן, וואָס ער האָט געקענט האָבן פאַר זיך און פאַר זיינע קינדער — זיין זון יהודה-לעאָן „מעדיגאָ", איז געווען דער באַרימטסטער הויף-דאָקטאָר פון פערדינאַנד און איזאַבעל און באַרימטער דיכטער-פילאָזאָף — און קלייבן אויס ליבערשט דעם וואַנדער-שטעקן פון גלות און אָרימקייט, אבי צו בלייבן ביי זיין גייסטיקער ריינקייט און אומפאַרענדערטער אין זיין גלויבן; דאָס אייניקל, זאָגן מיר, האָט מתקן געווען דעם פגם, וואָס דער זיידע איז באַגאַנגען...

און ער האָט אייביקייט פאַרשאַפט זיין משפּחה; אייביקייט אין יידישער געשיכטע, אייביקייט, ווי אייביק עס איז דאָס יידישע פאָלק.

און אויב מען האָט געפייערט אומעטום ביי יידן דעם פינף-הונדערטסטן

אַניווערסאַר פון דאָן יצחק אברבנאל, איז עס ווייל ד אָ ס א יי נ י ק ל האָט געהאנדלט אומגעקערט צ ו ז יי ן ז יי ד ן און איז אוועק אין גלות, ער מיט זיינע קינדער, ניט וועלנדיק אפילו אויסערלעך נאָר, פאַלשן זיין גלויבן. ווי דאָס האָט געטון זיין זיידע.

— 4 —

## זיינע וואַגלעניש נאָכן גירוש און גייסטיקע אַרבעט

מיטן אַוועקגיין אין גלות איז ניט אָפּגעשלאָסן געוואָרן די קולטור און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פון רבי יצחק אברבנאל. אין קעגנטייל, זי איז ערשט געוואַקסן מיטן שטייגן פון זיין עלטער. ביי תלמידי-חכמים וואָס עלטער זיי ווערן, וואַקסט זייער וויסן.

די הויפּט-ווערק זיינע, די וואָס האָבן אים געגעבן אייביקע באַרימטקייט אין יידישער געשיכטע און געדעכעניש אין דעם אייביקן אוצר פון יידישן גייסטיקן שאַפן — זיין פירוש צו די הייליקע ספרים פון תורה און פון נביאים — דער פירוש צו יעדער ספר טראָגט אַ באַזונדער נאָמען — האָט ער געשאַפן אין יענעם פּעריאָד פון זיין לעבן; דער פּעריאָד, וואָס איז פול געווען מיט וואָגלענישן, פון לאַנד צו לאַנד, פון שטאָט צו שטאָט אין איטאַליע, און איבער די אינדזלען פון דעם מיטל-ים.

פיל פון די דאָזיקע קאָמענטאַרן-ביכער האָט ער, אמת, אָנגעהויבן נאָך אין דער יוגנט; אָבער זיינע פאַרצווייגטע פּריוואַטע געשעפטן און וויכטיקע אמטן אין די מלוכה-הויפן פריער פונם פּאָרטוגעזישן קעניג, פונם שפּאַנישן שפּעטער, און שוין נאָכן גירוש אין הייף פון דעם נאַפּאָליטאַנישן קעניג און זיין וויכטיקע יידיש-געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, פלעגן אים אַלע מאָל אָפּרייסן פון זיין תורה צימער, פון זיין שרייב-טיש, ניט דערלויבנדיק אים צומאָלס, אין משך פון יאָרן, די נויטיקע קאָנצענטרירונג צו האָבן, כדי צו קענען פאָרזעצן זיין גייסטיקע און שאַפערישע אַרבעט.

ער אליין דערציילט וועגן דעם אין די אריינפירן צו זיינע ספרים, און ער גיט צו נאַאיוו-פרום — ווי אַן אמת קינד פון זיין צייט — אַז אַלע צרות און פורעניותן וואָס ער און זיין פאַמיליע זיינען אויסגעשטאַנען, „אַלע וואָגלענישן און נע-ונדעריי, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט, איז געווען אַ שטראָף פון גאָט פאַר דער גרויסער זינד, וואָס ער האָט זיך אָפּגעריסן פון תורה-לערנען און פון חכמה-פאָרשן אין געיעג נאָך רום און רייכקייט, וואָס זיינען וועלטלעכע „הבל-הבלים“.

ערשט אין דעם לעצטן פּעריאָד פון זיין אינטענסיוון לעבן, וואָס איז פול געווען מיט גרויסע, מיט טראַגישע און מיט העראָאישע איבערלעבענישן, האָט ער געפונען אין זיך די נויטיקע אינערלעכע רו און באַזאַכטקייט, און די נויטיקע צייט צו פאַרענדיקן זיינע לעבנס-ווערק, אייניקע פון וועלכע ער האָט מיט יאָרן צענדליקער פריער נאָך געהאט אָנגעהויבן.

דאָן יצחק אברבנאלס לעבנס-געשיכטע אין משך פון די 16 יאָר וואָס ער האָט געלעבט נאָכן גירוש פון שפּאַניע, (ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1508, אין ווענעציע ווארשיינלעך, און איז באַערדיקט געוואָרן אויף דעם בית-עולם פון דער יידישער קהלה אין פּאַדוא), געהערט שוין צו דער געשיכטע פון יידישן לעבן, שאַפן און ליידן אין דער דאַמאָלסטיקער איטאַליע.

ער האָט זיך באַזעצט אין נעאַפּאָל, וואו ער איז געשיצט און דערהויבן גע-וואָרן פון די נעאַפּאָלער קעניגן פערנאַנד דער ערשטער און שפּעטער זיין זון אַלפאָנסאָ דער 2-טער. דאָרטן איז ער ווידער געוואָרן פינאַנציעלער ראַטגעבער פון דער מלוכה. דאָס רואיקע לעבן נאָך דער אויפטרייסלונג פון דעם חורבן, פון דער קאָנפיסקאַציע פון זיין פאַרמעגן אין שפּאַניע און פונם גלות, האָט אָבער, ניט געדויערט לאַנג: קנאַפּע דריי יאָר, בלויז, האָט געדויערט זיין רו-לעבן אין נעאַפּאָל, נעבן דעם הויף פון די דערמאָנטע מלכים, אין יאָר 1495 האָט דאָן יצחק אברבנאל ווידער געמוזט פאַרלאָזן דעם וואַנדערשטאָק — און געמוזט אַנטלויפן פון נעאַפּאָל קיין סיציליע אין מעסינע, הגם דאָס מאָל צוזאַמען מיטן קעניג אַל-פאָנס, וועלכער האָט געמוזט פאַרלאָזן דאַן דעם טראָן. דאָס איז געשען נאָכדעם ווי דאָס מיליטער פונם פראַנצויזישן קעניג קאַרל דער 8-טער — ר' יצחק רופט אים אין זיין פירוש צו תנ"ך „די פליג" — האָט באַזיגט נעאַפּאָל און צעראַ-בירט די שטאָט. אברבנאל האָט דאַן ווידער פאַרלוירן די רעשט פון זיין פאַרמעגן, זיין ביבליאָטעק, זיינע ביכער און אייניקע פון די מאַנוסקריפּטן פון זיינע קאָ-מענטאַרן.

אין מעסינע (סיציליע) האָט ער ניט לאַנג געוואוינט: זיין פּריינט, דער קעניג אַלפאָנס, איז געשטאָרבן דעם יאָר פון זייער קומען אַהין — און רבי יצחק אברבנאל האָט ווידער גענומען וואַנדערן, אַ קורצע צייט האָט ער געוואוינט אין קאָרפו, דערנאָך זיך באַזעצט אין דער שטאָט מאָנאָפּאָליאַ (אַפּוליאַ). דאָ האָט ער געוואוינט גאַנצע זיבן יאָר (ביז 1503), אָפּגעבנדיק זיך מיט זיינע ליטעראַריש-פילאָזאָפישע אַרבעטן און הויפּטזעכלעך, מיט זיינע קאָמענטאַרן ביכער צו תורה-און-נביאים.

זיין פאַרמעגן האָט ער פאַרלוירן; די פיל-יעריקע איבערלעבענישן און נע-ונד זיין; די צרות און חורבן פונם שפּאַנישן יידנטום האָבן אים פיזיש און מאַטעריעל געבראָכן, אָבער גייסטיק האָט ער זיך געפילט געקרעפטיקט, גע-שטאַרקט און ער האָט מיט מער התמדה געשריבן זיינע פירושים, זיינע ספרים פון פּאָפּולער-פילאָזאָפישן און טעאָלאָגיש-פילאָזאָפישן אינהאַלט און אויך וועגן דעם משיחישן געדאַנק און שטימונגען.

נאָך איין וואָגלעניש אין געשעענישפולן לעבן, האָט דורכגעמאַכט ר' יצחק אברבנאל פון מאָנאָפּאָליאַ קיין ווענעדיק, וואו זיינער אַ זון האָט געלעבט.

דאָרט, אין דער שטאָט, וועלכע איז רעגירט געווען דאַן פון די זקנים, די „רעזשעון", האָט זיין שטערן פון אַ בכבודן און אַנערקענטן שטאַטסמאַן ווידער אויפגעלויכטן, איידער זיין ערדיש לעבן איז אויסגעלאָשן געוואָרן...

די רעגירונג פון דער בריקן-שטאָט האָט אים באַשטימט אַלס ראַטגעבער — אַ מין מיניסטער אָן אַ פּאָרטפעל וואָלטן מיר געזאָגט היינט — און אין אַלע

שווערע פינאַנציעלע אָדער עקאָנאָמיש-פּאָליטישע ענינים פלעגט מען זיך מיט אים באַראַטן און צוהערן זיך צו זיין וואָרט וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיט באַזאָכטקייט און דערפאַרונג פון אַן אַלטן שטאַטסמאַן און פינאַנסיסט.

איינע פון די לעצטע מלוכהשע אויפטועניש פון גרויסן פאַרנעם אין דער דאָפּלאָסטיקער אינטערנאַציאָנאַלער וועלט — די לעצטע שטאַטלעכע דערגרייכונג פון רבי יצחק נשיא — איז געווען דאָס מיטווירקן, אַז עס זאָל ווערן גע-שלאָסן אַ קאָמערציעלער אָפּמאַך צווישן ווענעציע און פּאָרטוגאַל.

אין דעם משך פון די פינף יאָר וואָס ער האָט געוואוינט אין ווענעציע האָט ער, אין דער מיט פון זיינע פליכטן אַלס שטאַטסמאַן, ניט פאַרלאָזט זיין אַרבעט אַלס געלערנטער און פילאָזאָפיש - טעאָלאָגישער שרייבער, אַרבעטנדיק איבער קלענערע און גרעסערע ווערק.

אין יאָר 1508 — אין דער עלטער פון 71 יאָר האָט זיך זיין לעבן אויס-געלאָשן אין די ערדישע רעשטן פון דעם לעצטן פון די גרויסע פירער פונם ספּרדישן יידנטום, זיינען געבראַכט געוואָרן צו קבורה אין פּאַדואַ.

ער, ווי דער נביא ירמיהו, אין זיין צייט, האָט אליין איבערגעלעבט דעם חורבן פון זיין פאָלק, אליין געגאַנגען מיט די חרוב - געוואָרענע אין גלות און אליין באַקלאָגט, אין פאַרשידענע ספרים, דעם דאָזיקן חורבן און גלות. עס איז אַ שווערער גורל אָבער אַ זייער געהויבענער: דער גורל פון אַ פירער פון הונדערטער טויזנטער מענטשן; ער זעט ווי עס ווערט חרוב אַ ישוב, פון דורות איינגע-וואָרצלט און דאַרף אליין זיך שטעלן בראש פון די דאָזיקע מחנות, צו פירן זיי אין דעם אומבאַקאַנטן ווייטן וועג פון אַ נייעם און פרעמדן גלות-לעבן.

— 5 —

## דער פילאָזאָפישער מהות פון ר' יצחק הנשיא

דאָן יצחק אברבנאל האָט געשריבן ווערק פון טעאָלאָגישן, פילאָזאָפישן און אַפּאָלאָגעטישן כאַראַקטער. דאָס הויפּט-ווערק אָבער, מען קען זאָגן, דאָס לעבנס-ווערק זיינס, זיינען די ספרים, אין וועלכע ער האָט געגעבן אַ פירוש צו דער תורה און צו נביאים. די ווערק פון עקזעגעטישן כאַראַקטער.

אין די ווערק פון די ערשטע צוויי גרופּעס איז ער ניט קיין מחדש, ניט קיין פאַרטיפער, ניט קיין אויפטוער; ער איז אָבער אַ פּאָפּולאַריזאַטאָר פון די מיי-נונגען און טעאָריעס פון אַנדערע: ר' יצחק האָט באַזעסן די פעאיקייט צו אי-בערגעבן אין אַן איינפאַכן, פשוטן סטיל און אַ גאָר פיינעם רבנישן העברעאיש די טיפסטע און פאַרפלאָנטערטסטע ענינים פון רעליגיעז-פילאָזאָפישן כאַראַק-טער, וואָס זיינען ביי די ערשטע, וועלכע האָבן עקספּאָנירט די דאָזיקע געדאַנ-קען אַרויסגעקומען טונקל, שווער צו פאַרשטיין פאַרן פשוטן עולם.

אין דער זעלביקער צייט, אָבער, האָט ער די דאָזיקע געדאַנקען און טעאָ-ריעס איבערגעגעבן און פּאָפּולאַריזירט ניט סתם. נייערט ער האָט געהאַט צו זיי זיין אייגנאַרטיקן צוגאַנג און האָט גאַנץ אָפט דיסקוטירט מיט די מחברים פון די רעליגיעזע און פילאָזאָפישע קאָנצעפּציעס, וואָס ער האָט איבערגעגעבן און פּאָפּולאַריזירט אין זיינע ווערק.

אזוי צום ביישפיל האָט ער אָנגעשריבן אַ פירוש אויף דעם רמב"מס „מורה נבוכים", אָבער אין דעם פירוש דיסקוטירט ער גאַנץ אָפּט מיטן רמב"ם, ווייל ער איז ניט געווען קיין ראַציאָנאַליסט: זיין אמונה איז געווען מער אַן אמונה פון וואַרעם געפיל, פון טראַדיציאָנעלן גלויבן, איידער אַ גלויבן, וואָס זוכט באַגרינדונגען אויפן שכל.

דער אברבנאל האָט הויך געשעצט דעם רמב"ם, אָבער, אין אַ סך זאַכן איז ער מחולק געווען אויף אים; און פאַרטייטשנדיק, און אויסטייטשנדיק די מיינונגען און שיטה פון דעם „הרב המורה", איז ער גאַנץ אָפּט אַוועק זייער ווייט פון אים; און פון די אויסטייטשונגען איז אַרויסגעקומען אַ גאַנץ אַנדערע, אַ לחלוטין אַנדערע מיינונג: צומאָלס אפילו אַ גאַנץ אַנדערע שיטה.

דאָס איז צו זען פון פיל חיבורים זיינע און פון פיל ערטער פון זיינע פירושים צו דער תורה. אָבער הויך-שעצנדיק די עיקרים פונם רמב"מס סדר און שיטה, האָט ר' יצחק אברבנאל שטאַרק פאַרדאַמט ר' יצחק אלבו דעם בעל העיקרים איז געוויסנמאָס אויך ר' חסדאי קרשקש (קרעסקאַס) — וועלכן ער האָט אָגב זייער הויך געהאַלטן און געשעצט — פאַרוואָס זיי קריטיקירן דעם רמב"מס עיקרים. איבערהויפּט טרעט ער אַרויס שאַרף, און אין פיל ערטער קעגן דעם ערשטן, קעגן ר' יצחק אלבו דעם „בעל העיקרים", פאַרוואָס יענער האָט אויסגעשלאָסן דאָס גלויבן אין ביאת המשיח פון די עיקרים פון דער יידישער אמונה.

ער פאַרטיידיקט דעם רמב"מס עיקרים קעגן זיינע קעגנער און גייט אַוועק אַזוי ווייט אין זיין אינטערפּרעטאַציע, אַז ער דריקט זיך ווייטער אויס, ב כ ל ל קעגן עיקרים, אַרויסגייענדיק פונם שטאַנדפּונקט, אַז אין דער יידישער אמונה איז ניטאָ קיין עיקר און קיין טפל, אַלעס איז עיקר, און פאָלגלעך איז, בכלל, ניט נויטיק צו פעסטשטעלן באַזונדערע דאָגמעס.

און דאָס איז ניט קיין ווידערשפּרוך פאַר ר' יצחקס אופן פון דרוש, פון פילאָזאָפישער און טעאָלאָגישער עקזעגעטיק: ער איז בכלל ניט געווען קיין מענטש פון סיסטעמאַטיק און קאָנצענטרירטקייט אין זיין לערע און אין זיין הסבר.

אַ מענטש מיט ברייטן וועלטלעכן וויסן, אַ פּאָליטיקער, פינאַנסיסט, שטאַטסמאַן, הומאַניסט, וואָס האָט נאַטירלעך גוט געקענט שפּאַניש און לאַטיין, געשיכטע און אפילו די אַראַבישע פילאָזאָפן קלאַסיקער, ווי אבן ראשד (באַקאַנט אַלס „אווערראָע") און אַנדערע — פלעגט אָבער דאָס אַלעס אַוועקגיין אין אַ זייט, ווען דאָס וואַרעם יידיש האַרץ, וואָס האָט געבלוטיקט איבער די ליידן פון זיינע ברידער האָט גענומען רעדן אין אים און ער פלעגט זיך זעצן ביי זיין שרייב-טיש צו שרייבן — ניין צו זאָגן — תורה. עס פאַרשווינדט דאַן סיסטעם, מעטאָד, קאָנצענטרירטקייט, סדר און ער רעדט און רעדט, זוכנדיק אַראָפּצורעדן זיך פון האַרצן און טרייסטן דאָס ליידנדיקע פאָלק.

מער סדר און סיסטעם, ווי אין זיינע טעאָלאָגישע, אַפּאָלאָגעטישע מחקר- און משיחישע ספרים, איז פאַראַן אין זיינע פירושים צו דער תורה. אָבער אויך דאָרטן, ביי דעם גאַנצן הומאַניסטישן וויסן און אָנווייזונגען פון דער רענעסאַנס-צייט — איז ער פילווערטערדיק, ברייט-דרשנותדיק, אַפּאָלאָגעטיש; מאַכט אָפּ-

בזינגן ווייט-ווייט אין א זייט פון דעם ענין, ווי דאָס ווערט געוויינלעך געטון אין דרוש.

זעלבסטפאַרשטענדלעך אַז אַזאַ טעמפּעראַמענט איז ניט דעם רמב״ם'ס, איז להיפּוך צו דעם רמב״ם. וועלכער איז געווען אַ בויענדיקער מוח. אַ מוח פון לויטער סיסטעם, מעטאָד, קאָנצענטראַציע, סינטעטיזירונג און שיטהמעסיקייט. עס איז בכלל שווער צו איינשליסן דעם רבי יצחק אברבנאל אין וועלכער ניט איז פון די קלאַסיפיצירטע שיטות פון דער יידיש-שפּאַנישער פילאָזאָפיע. ער אליין האָט, ווי געזאָגט, שטאַרק געהאַלטן פונם „רב ומורה״, פונם רמב״ם, ער באַטראַכט זיך פאַר זיינעם אַ נאָכפאָלגער און איז פּאַקטיש געווען אַ קענער זיינער. וויבאַלד ער, ר׳ יצחק נשיא אברבנאל פאַרדאַמט „אַריסטו׳ן און אַפּאַלטו׳ן״ אָנרופנדיק זיי מיט דער באַצייכנונג „נחש הקדמוני״, ווען דעם רמב״םס ראַציאָנאַליסטיישע טעאָלאָגיע איז באַגרינדעט געווען אויף אַריסטאָטעלס לערע, וואָס איז צו אים דערגאַנגען דורך די אַראַבישע אינטערפּרעטאַציעס.

ר׳ יצחק נשיא האָט שטאַרק און הויך געשעצט ר׳ חסדאי קרשקשן — און איז פונדעסטוועגן אָפט, אין זיינע ספרים מחולק אויף אים.

ער האָט אין זיין פּירוש צו דער תורה אָפט אַרויסגעזאָגט זיך אויף קעגן דעם רמב״ן (איבערהויבט אין דער באַציִאונג פון יידן צו אַגריקולטור און פּיצובט). רמב״ן זאָגט, אַז סאיז אַן סכנה, אויב יידן וועלן ניט קיין ערד-אַרבעטער און אברבנאל, מיטן געזונטן חוש פון אַ שטאַטסמאַן טרעט אַרויס. אין זיין פּירוש צו תורה, מיט אַ קאַטעגאָרישער דערקלערונג, אַז דער גלות פאַרמיאוסט דאָס פאָלק, דערפאַר וואָס זיי זיינ׳ען פאַרמיטלער דערפאַר, וואָס זיי זיינען אָפּגעריסן געוואָרן פון ערד-אַרבעט; און אַ גאולה שלימה איז מעגלעך נאָר דאַן פאַרן פאָלק, ווען יידן וועלן, נאָך ביאת המשיח, אומקערנדיק זיך צוריק אין ארץ-ישראל ווידער קענען זיך פאַרנעמען, ווי אַ געזונט פאָלק מיט עבודת האדמה.

דאָס איז איינער פון די פיל ביישפּילן פון זיין באַציִאונג און שטעלונג צו דער גאולה-פּראָבלעם און צו דער פּראָבלעם, פון אומה און אמונה.

אליין, אַלזאַ אַ נאָכפאָלגער פונם רמב״ם, קעגנער פונם רמב״ן און פאַר ר׳ חסדאי קרשקש — איז ער לויט דעם עצם-מהות פון זיין כאַראַקטער די אַנטיטעזע פונם רמב״ם; און גאַנץ אָפט אין חילוקי-דעות מיט קרשקשן.

ער לאָזט זיך ניט קלאַסיפיצירן אין אַ באַזונדער פילאָזאָפישער שיטה; נאָר אויב שוין יאָ קלאַסיפיצירן אים, קען ער לויט זיין פערזענלעכן טעמפּעראַמענט, וואָס איז אַזוי בולט אויסגעדריקט געוואָרן אין זיינע צענדליקער ספרים, פאַררעכנט ווערן נענטער, אַ סך נענטער צו דער גרופּע פון ר׳ יהודה הלוי אָדער גראַדע פונם רמב״ן, ווי צו דער שיטה פונם רמב״ם.

## זיינע ספרים „ראש אמנה" און „מעיני ישועה"

עס איז כדאי צו באטאנען קלארער דעם אונטערשייד אין דער אינטער-פרעטאציע פון א פאר גרונט-פראגן פון צווישן דעם רמב"ם אין דער לערע פון רבי יצחק אברבנאל. דער דאזיקער חילוק איז בולט, קענטיק, אין זייערע רעס-פעקטיווע בליקן וועגן דעם שוין דערמאנטן קעגנשטאנד פון די עיקרים, און הויפט-זעכלעך וועגן נבואה.

ר' יצחק אברבנאל האט אנגעשריבן א באזונדער ספר וועגן די עיקרים פון דער אמונה, אונטערן נאמען „ראש אמנה". דאס איז אן אפאלאגעטישער ספר: ער פארטיידיקט דארטן דעם רמב"ם קעגן די אויסזעצונגען פון ר' יצחק אלבו און ר' חסדאי קרשקש, וואס זיינען ארויסגעטראטן קעגן עיקרים בכלל, אין דער יידישער אמונה. אין דער פארטיידיקונג אבער, צעווארפט — אפשר אומבא-מערקט פאר זיך — אליין — ר' יצחק די גאנצע עיקרים, בכלל.

ער הייבט אן פון דעם, וואס ער טייטשט אויס דעם רמב"מס עיקרים, אויף א גאר אנדער אופן, ווי דער רמב"ם האט עס, געוויס, פארשטאנען:

עיקרים מיינט צו זאגן, אז זיי זיינען דער יסוד פון יידישקייט, ווייל אויב אזוי, וואלט דאך עס געהייסן, אז ווען דער יסוד איז שוואך, קען די גאנצע אמונה, חלילה, כאלן... די כוונה פונם רמב"ם איז לויטן אברבנאלס אויסטייטש געווען אן אנדערע: זיי זיינען נאר די וויכטיקסטע, די הויפטזעכלעכע באשטאנד-טיילן פון דער רעליגיע. דאס מיינט אבער ניט, אז ווען איינער פון די עיקרים ווערט בטל — דארף די גאנצע תורה פאלן.

און ער דערגייט אזוי ווייט אין זיין עקזעגעטישער אויסטייטשונג פון די עיקרים, אז ער איז זיי פאקטיש אין גאנצן מבטל (הגם ער האט אנגעהויבן דעם בוך ספעציעל צו פארטיידיקן זיי) און זאגט טעקסטועל: „די תורה האט גאט ברוך הוא געגעבן, אז מען זאל אין איר גלויבן אין גאנצן און ניט כדי איין יסוד אירער זאל זיין מער עיקר, מער וויכטיק, הלילה, ווי א צווייטער יסוד. אלע מיצוות זיינען גלייך וויכטיק און ווערטיק; ניטא קיין גרעסערע און קלענערע, ווייל אלע שטאמען זיי פון איין קוואל" (6), און ווייטער טרעט ער שוין ארויס פאקטיש קעגן א צווייטער באזע פון דעם רמב"מס שיטה.

דער רמב"ם, א ראציאנאליסט אין זיין טיפער אמונה, א פרומער על פי שכל, מער ווי על פי הארץ און געפיל האט געדארפט זוכן טעמים פאר די מצוות. אברבנאל איז קעגן דעם, ער דארף עס ניט און טרעט ארויס קעגן דאס זוכן טעמים און שכלדיקע בארעכטיקונגען פארן גלויבן.

„און אונדזערע חכמים — זאגט אברבנאל, אין דעם דערמאנטן ספר — נאכ-דעם ווי זיי האבן זיך פארמישט מיט די „כשדים", ארייננטיפנדיק זיך אין זייערע

(6) כי התורה האלוהית אלהים הבין דרכה והוא נתנה לעמו על צד הקבלה והאמונה... ולזה לא נצטרך להנית בה אמונות יותר עקריות אלו מאלו, ולא יותר מקובלות אלו ומאלו"... א. א. ו.

ספרים און אין דער קענטעניש פון זייערע חכמות, האָבן אָפּגעלערנט זייערע מעשים און נאָכגעאָמט זייערע וועגן און ענינים אין דער געטלעכער תורה" (7). פון דאָרטן, הייסט עס, האָט מען עס אָנגעהויבן צו נאָכאָמען אויך די עיקרים.

כאָראָ מאָדנע אַפּאָלאָגעטיק: ער שרייבט אַ בוך צו פאַרטיידיקן דעם רמב"ם און פאַרענדיקט מיט פולער פאַרניינונג פון דעם, וואָס ער האָט אָנגעהויבן צו פאַרטיידיקן.

ער טרעט אויך אַרויס קעגן דעם רמב"מס אויסטייטשונג פון יחזקאלס וויזיע, וועגן דער מעשה-מרכבה (אין דער הקדמה צו זיין פירוש אויף יחזקאל): „דאָס פּאָלק וואָס איז געגאַנגען אין דער פינצטערניש פון דער פילאָזאָפירונג, האָט זיך געצויגן נאָך דער מיינונג פון דעם „הרב המורה" — זאָגט ער דאָרטן — אויס־געדריקט אין זיין פירוש צו דער וויזיע און זיי האָבן צוגעשריבן דעם נביא טעותדיקע און פאַרגרייזטע אויסטייטשונגען".

נאָך בולטער איז זיין אַנטיטעזע צום רמב"מס אויסטייטשונג פון נבואה.

אין זיין ספר „מעיני ישועה" טיילט ר' יצחק נשיא איין די נבואה אין דריי מדריגות, וואָס גייען אַראָפּשטייגנדיק פון אויבן אַראָפּ:

די העכסטע מדרגה (די ערשטע) איז ווען דער נביא באַקומט פון גאָט אַ דירעקטע השפעה, אָן זי זאָל אָנרירן זיין שכל אָדער זיין פאַרשטעלונגס-קראַפט. דאָס איז די מדרגה צו וועלכער משה רבנו האָט דערגרייכט, ווייל גאָט האָט גערעדט צו אים. ניט דורכן חלום, ניט אין נאַכט-זעאונג, נאָר מויל צו מויל, באַשיינפּערלעך.

דאָן יצחק אַבּרבנאל באַצייכנט די מדרגה מיט דער קאַטעגאָריע „אספּקלריה מאירה", אַ שפּיגל וואָס ווערט פון זיך באַלויכטן.

אַ צווייטע מדרגה איז, ווען די געטלעכע השפעה (איינפלוס), ווירקט פריער אויפן שכל פון דעם נביא און דורך דער פאַרמיטלונג פונם שכל קומט עס צו דער פאַנטאַזיע, צום דמיון פונם נביא. טרעפט עס, צומאָלס, אַז דער נביא דערשפירט ניט די געטלעכע השפעה אויף זיין שכל. פאַרוואָס? ר' יצחק דער־קלערט עס קורץ און שאַרף: „מפני עומק המושג וקוצר המשיג" (מחמת דער טיפקייט פון דעם באַגריף און קורצקייט, פלאַכקייט פון דעם באַגרייפנדיקן). אויף אַזאַ אַרט און וויַזע, שפּרייט זיך אויס די געטלעכע השפעה פונם שכל צו דער פאַרשטעלונג און וועבט אויס אויף דעם נביאס פאַנטאַזיע בילדער און געשטאַלטן, וואָס ווערן אויסגעדריקט אין משלים און רעטענישן:

צומאָלס טרעפט, אין אַזאַ פאַל, אַז דער נביא אַליין פאַרשטייט ניט לכתחילה די זעאונג פון זיין פאַנטאַזיע, ווייל זי איז אַדורך איבער דער אויפפאַסונג פונם שכל — די פיר רייטוועגענער, וואָס זכריה הנביא האָט געזען אין זיין וויזיע, איז דער ביישפּיל. דאָן מאַכט דורך דער נבואה-פּראָצעס נאָכאַמאָל צוריק דעם זעלביקן וועג: דער געטלעכער איינפלוס גייט צוריק פון דעם נביאס דמיון, פון זיין פאַנטאַזיע, וואָס האָט אים בילדער געמאָלן, צו זיין שכל; דאָס מיינט צו

---

(7) והכמי אומתנו, אחרי אשר התערבו בכשדים בעיון ספריהם וידיעת חכמותיהם למדו ממעשיהם והעתיקו דרכיהם ועניניהם בתורה אלהית...

זאָגן, אז דער שכל קאָנטראָלירט נ אָ ר דאָס בילד, וואָס ער האָט פ ר י ע ר זיך געשאַפן, אויף אַ ריין-אינטואיטיוון אופן, אין זיין פאַנטאַזיע; און אַזוי דער-קלערט זיך אליין דער נביא, דעם מהות, דעם באַגריף, אָדער דעם זין פון זיין וויזיע; אויף אַן אומגעקערטן פּראָצעס.

אַלזאָ: גאָטס השפעה אויף דעם נביא'ס שכל און פונם שכל צו דער פאַנ-טאַזיע — איז די צווייטע מדרגה פון נבואה; און זי דריקט זיך אויס אַמאָל דירעקט און אַמאָל אומדירעקט, שפּרינגט איבער פונם שכל דירעקט צו דער פאַנטאַזיע, און דערנאָך ערשט קומט די אויסטייטשונג און באַשייד פונם שכל.

די דריטע מדרגה פון נביאות איז, ווען די געטלעכע עמאַנאַציע, השפעה, פאַלט צו-ערשט אויף דעם נביא'ס גייסט, אויף זיין נשמה און פון דאָרטן אויף זיין געפיל און באַרוף, אינערלעכן, ווי אויסערלעכן אַזוי, אַז: „דער נביא טוט פילן מיט דער באַגרייפונג פון זיינע חושים אליין אויף אַזאַ אופן, אַז מיט זיינע אויגן און אויערן זעט ער און הערט די געטלעכע עמפינדונגען, וואָס גע-פינען זיך ניט דרויסן פון דער גשמיותדיקער וועלט“ (8).

מיר ווילן עס רעזומירן קורץ, כדי עס זאָל קלאָרער פאַרשטאַנען ווערן.

ע ר ש ט ע מ ד ר ג ה פון נבואה: ווען די געטלעכע עמאַנאַציע איז אַ דירעקטע און דער נביא באַנוצט זיך ניט מיט זיינע עמפינדונגען און חושים.

צ ו ו יי ט ע מ ד ר ג ה: ווען דעם נביא'ס חושים זיינען לכתחילה פאַר-מיטלער, דירעקט אָדער אומגעקערט: — שכל כוח-הדמיון אָדער פאַרקערט — אָבער זיי ווערן תיכף פאַרטויישט, בטל.

ד ר י ט ע מ ד ר ג ה: ווען דער נביא באַנוצט זיך נאָר מיט זיינע עמפינדונגען דורך די חושים, אָן דירעקטער אומפּיטלבאַרער געטלעכער השפעה.

ווי עס איז צו זען פון דער דאָזיקער קלאַסיפיקאַציע פון נביאות, איז זי אין אַבסאָלוטן קעגנזאַץ צו דער גאַנצער שיטה און דערקלערונג פון נבואה, וואָס דער רמב"ם דריקט אויס אין די געהעריקע קאַפּיטלען פון דעם „מורה נבוכים“.

אין אַ סך זאַכן אָבער איז ער הונדערט-פּראָצענטיק איינשטימיק מיטן רמב"ם: אין דער פראַגע פון „חידוש העולם“ (אין דעם פּרט איז דער רמב"ם געווען קעגן דער מיינונג פון די גריכישע פילאָזאָפן), אין דער פראַגע פון „השגחה פּרטית“ און אַנדערע.

און כדי עס זאָל ניט זיין קיין פראַגע וועגן אַזאַ פאַרשיידנאַרטיקער באַ-ציאונג צום רמב"ם, ווענדט ער פאַרגעטערט, דערקלערט, רבי יצחק אברבנאל, אַז ביי זיין גאַנצער פאַרערונג פונם רמב"ם, הייסט עס נאָך ניט אַז „ער גלויבט אין אַלץ אַבסאָלוט, וואָס דער רמב"ם האָט געשריבן, נייערט דאָס גוטע ווילן מיר מקבל זיין און דאָס שלעכטע ווילן מיר ניט מקבל זיין“ (9).

---

(8) וירגיש הנביא בהשגתו החושית בלבד, באופן שיראה הנביא בעיניו ובאזניו ישמע המוחשים האלהיים הבלתי נמצאים בעולם הגשמי מחוץ.

(9) לא שאאמין אני כל מה שכתב הרב בהחלט, כי את הטוב נקבל ואת הרע לא נקבל...

## דער בעכער פון טרייסט

אַ באַזונדערע גרופּע אין דעם אברבנאַלס טעאָלאָגיש-עקזעגעטישע ווערק זיינען זיינע משיחישע ספרים, וועגן וועלכע מירן זיך אָפּשטעלן מער אויספיר־לעך, באַזונדער, אין דעם קאַפּיטל, וואו מירן ברענגען די פולשטענדיקע רשימה פון זיינע ווערק.

אָבער חוץ די ספּעציעלע ווערק האָט ר' יצחק אברבנאַל גאַנץ אָפט באַרירט דעם ענין פון משיחיזם און די משיחישע דערוואַרטונגען און האָפנונגען. אין אַנדערע פון זיינע ווערק, ווי צום ביישפּיל אין די פירושים אויף תנ"ך, און אַנדערע, ווען זיי זיינען געשריבן געוואָרן אפילו ניט פאַר דעם.

אַז מען פאַרטיפט זיך אין אברבנאַלס ספרים זעט מען קלאָר, אַז משיחיזם און משיחישע שטימונגען זיינען בכלל געווען איינע פון די באַליבטסטע טעמעס זיינע, איינע פון די באַליבטסטע ענינים, צו וועלכע ער האָט זיך אָפט אומגעקערט. אַזוי אָפט, ווי נאָר ער האָט געקאָנט דערוויין; ווי נאָר דער ענין פון משיחישע גלויבונגען איז געקומען אים, ביים שרייבן אָדער מבאר זיין די תורה, אונטער דער פעדער, האָט ער זיך שוין ניט געקענט פון אים באַפרייען און געווידמעט אים אויפמערקזאַמקייט, התלהבות, דרוש, איכפּעט און גערעדט וועגן דעם, און גע־דרשנט וועגן דעם און אַרומגערעדט עס אָבער-און-ווידער אַמאָל.

ער באַהאַנדלט, איז מבאר און מפרש די משיחישע געדאַנקען, רמזים, פּסוקים, וויזיעס און אַלעגאָריעס, וואָס זיינען צעזוואָרפן אין תורה, נביאים וכתובים, אין דעם ברייטן ים-התלמוד און אין די אומצייליקע מדרשים, שווי־מענדיק אין דעם אומענדלעכן ים, ווי אַ געניטער טויכער. ער שרייבט וועגן דעם אין ספרים און ספרים; ער שרייבט אָן אַ גאַנצן ספר, אַלס פירוש אויף דניאל, די באַזע פון אַלע „מחשבי קצים" און פאַראייניגעס טענהעט ער זיך אויס מיט די קריסטלעכע געלערנטע אין מיט אבות פון דער קירכע, וואָס האָבן אַלעגאָריש אויסגעטייטשט די וויזיעס פון דניאל אויף דעם קריסטנטום — אַפּאָקאַליפּטישע אינטערפּרעטאַציעס — און ער גייט אַזוי ווייט, אַז ער פּרובירט אַליין צו אויס־רעכענען דעם קץ, קומענדיק צום שלוס, אַז די דערלייזונג פונם יידישן פאָלק דורך משיחן וועט געשען אין יאָר 1532. און מערקווירדיק, אין יענע יאָרן, מער ווייניקער עטלעכע, זיינען דערנאָך אַנטשטאַנען די באַוועגונגען פון דוד הראובני, אשר לעמלין און ר' שלמה מולכו, וועלכער איז געווען אין זיין יוגנט אַ מאַראַן, מלוכה-פּראָקוראָר פון דעם פּאָרטוגעזישן קעניגלעכן הויף אונטערן נאָמען דיאָגאָ פּירעס — און איז פון אַ מאַראַן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מקובל, אַ תלמיד פון ר' יוסף קאַראָס ישיבה אין צפת, און שפּעטער האָט ער געפּרידיקט אין א־טאַליע און גערמאַניע, אַז יידן זאָלן צוריקפאָרן קיין ארץ-ישראל.

עס איז פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס דער משיחישער געדאַנק איז געווען אַזוי נאָענט און ליב דאָן יצחק אברבנאַל: די שרעקלעכע צרות און רדיפות, וואָס יידן האָבן איבערגעלעבט אין יענער צייט, סיי דורכן גירוש, סיי דורך די רדיפות

פונם אנטיסעמיטיזם אין אנדערע לענדער, און די אלע געשעענישן איז ר׳ יצחק אברבנאלן אויסגעקומען צו בייזיין, צו בייזען, צו מיטלעבן זיי, — האבן דערוועקט אין אים א געוויסע נייגונג צום משיחישן געדאנק, צו משיחישע שטימונגען און געפילן, וואס זיינען געווען לאטענט, אין די יידישע מאסן אין יענער צייט.

דער משיחיזם האט שטענדיק געדינט אלס טרייסט פארן פאלק, אין די שווערע צייטן פון זיינע ליידן; עס איז געווען א מין קאמפענסאציע פארן פאלק; עס ליידט אין דער קעגנווארט אזוי פיל, דערפאר וועט ער אינגיכן געהאלפן ווערן דורך דעם דערלייזער, וואס וועט זיין איצטיקע שפלע לאגע פארוואנדלען אין גלאנץ.

און אין די צייטן פון אברבנאלן, אין דעם סוף פונם 15-טן, און אנהויב פונם 16-טן יארהונדערט, האט דאס יידישע פאלק איבערגעלעבט דורכן גירוש און חורבן אין שפאניע, דורך די רדיפות אויך אין אנדערע לענדער, ווי פראנקרייך, דייטשלאנד און אנדערע, איינעם פון די שווערסטע שרעקלעכסטע פעריאדן אין אונדזער געשיכטע.

איז עס געווען דערום די צייט, וואס איז פסיכאלאגיש איבער די יאוש-שטימונגען, וואס האבן שיעור ניט באהערשט די יידישע מאסן, געווען אמבעסטן צוגעגרייט פאר דעם אויפנעם פון משיחישע גלויבונגען, דרוש און פרעדיקונג וועגן משיחיזם, באהויפטונגען און אויסטייטשונגען, אז די גאולה איז נאענט און אויך באוועגונגען משיחישע, ווען נאר און וואו נאר אזעלכע זיינען אנט-שטאנען.

אזא פסיכאלאגישער צושטאנד איז דאן, אין די צייטן פון אברבנאל ניט געווען דאס ערשטע מאל, וואס איז אנטשטאנען ביי יידן: פ א ר א י ם, איז אנטשטאנען אזא אינטענסיווע שטימונג און אויפשוואונג פון משיחישע האפנונגען אין דער צייט פון די ערשטע קרייץ-צוגן צווישן דייטשישן יידנטום, אויפן באדן פון די שחיטות און גזירות, רדיפות און שרעקלעכע ענויים, וואס יידן זיינען דאן אויסגעשטאנען. נ א ך א י ם, לערך אנדערהאלבן יאר-הונדערט דערנאך איז אנטשטאנען די שבתי-צבי באוועגונג, נאך די שווערע איבערלעבונגען פון גזירת ת״ח ות״ט אין אוקראינע און פוילן...

דער משיחיזם, די אבסטראקטע מיסטישע אידעע ווערט פארשארפט, פאר-וואנדלט ביי אונדזערע פאלקס-מאסן אין א כמעט קאנקרעטע און גאנץ נאענטע שפירונג, תמיד אויפן באדן פון גרויסע רדיפות, גזירות און עינויים, וואס טוען זיך א שאט אויף אונדזער פאלק.

דאס איז א געזעץ אין אונדזער געשיכטע — און ער האט זיין לאגישע באגרינדונג; דאס איז די זעלבע, וואס רבי יצחק אברבנאל האט געזען: עס איז א כוס תנחומין, א בעכער פון טרייסט פאר אונדזער פאלק און זיינע ליידן. און רבי יצחק אברבנאל האט, אין זיין צייט, אונטערגעטראגן די גולי ספרד אט דעם בעכער, א פולן.

## דער ערשטער הומאַניסט און לעצטער פון די תנ"ך־מפרשים אין מיטלאַלטער

ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, איז די קרוין פון אברבנאלס גייסטיקע שאַפונג, די וויכטיקסטע און ווערטפולסטע צווישן די עטלעכע און צוואַנציק ספרים, וואָס ער האָט אָנגעשריבן, די ספרים פון זיין פירוש אויף תורה, נביאים און אַ טייל פון כתבים.

אויב אין זיינע עקזעגעטיש־טעאָלאָגישע כתבים איז ער מער פּאָפּולאַריזאַטאָר, אַפּאָלאָגעטיקער אָדער אָפּאָנענט, ווי אָריגינעלער דענקער און פאָרשער, איז ער דאָ, אין זיין פירוש צו די ספרים תנ"ך, באמת אָריגינעל, גראַנדיעז־רייך און ניי. ער האָט אין זיינע פירושים אויסגעטראָטן גאָר אַ נייעם וועג פאַר דעם באַשייד פון די הייליקע ספרים. ער איז אַוועק ווייט און אין גאָר אַנדערע הדכים, ווי זיינע פאָרגענגער, ניט אָפּגעטענדיק אין דער זעלבער צייט פון דעם אָנגענומענעם אָרטאָדאָקסאַלן צוגאַנג צו דער הייליקייט פון די ספרים פון דער תורה און די נביאים און זייענדיק אין דעם הינזיכט שאַרף קעגן ר' אברהם אבן עזראַן, וועלכער האָט זיך אין זיין פירוש צו תנ"ך דערלויבט צומאָלס געוויסע וויסנשאַפטלעך־קריטישע אָפּווייכונגען פון די תלמודישע באַהויפּטונגען וועגן דער צייט און די מחברים פון אייניקע פון די הייליקע ספרים, זייענדיק פּאַקטיש איינער פון די ערשטע ביבל־קריטיקער.

אין קעגנטייל צו די מחברים, וואָס זיינען געווען פאַר אים און וועלכע האָבן זיך אָפּגעשטעלט מער אויף דער פאַרטייטשונג פון דעם וואָרט אָדער פסוק, האָט אברבנאל געשאָנקען מער אויפמערקזאמקייט דאָס גאַנצע, אין דעם ספר, צו וועלכן ער האָט געשריבן זיין פירוש.

ער איז געווען אַ שטאַטסמאַן, האָט באַזעסן אַ פּאָליטישן חוש, האָט ער דערפאַר אין זיינע קאָמענטאַרן צו דער תורה און די נביאים, ברייט און פול זיך אָפּגעגעבן מיט דער סאָציאַל־פּאָליטישער זייט און ווערט פון דער ביבל, שילדערנדיק, אויף דעם סמך פון די פסוקים און קאַפּיטלען, וואָס ער האָט קאָמענטירט, דאָס יידישע פּאָליטישע און סאָציאַלע לעבן אין יענער צייט. ער האָט יעדן פון זיינע פירוש ספרים פאַרזען מיט אַן אריינפיר, אין וועלכן ער האָט שטודירט די עפּאָכע צו וועלכער דאָס בוך באַציט זיך, די באַציאונגען פון די נביאים און מלכים צום לעבן פון פאָלק און פון די ארומיקע פעלקער. אָפטמאָל טרעפט מען אין די דאָזיקע הקדמות גאַנצע פראַגמענטן אין וועלכע אברבנאל באַציט זיך אָפּן אדער פאַרשטעלט צו אַקטועלע געשעענישן פון זיין צייט; גאַנצע שטיקער מעמואַרן, וועגן דעם גירוש און די מלחמות, וואָס זיינען דערנאָך פאָרגעקומען צווישן פראַנקרייך און נעאַפּאָל. טרעפט מען אין די דאָזיקע הקדמות און דאָס איז זייער אַ וויכטיקער היסטאָרישער מאַטעריאַל.

אַ גרויס נייעס אין זיינע פירושים — און דאָס האָט ער דער ערשטער איינגעפירט — איז געווען דאָס באַנוצן זיך מיט קריסטלעכע ביבל־קאָמענטאַ-

טאָרם, ווען ער האָט געפונען אין זייערע אינטערפּרעטאַציעס באַהויפּטונגען, וואָס האָבן אים אויסגעזען צו זיין לאָגיש. קענענדיק גוט לאטיין, האָט ער עס געטון, אין אַ גאַנץ ברייטער מאָס; און אַזוי ווערן אָפט אין זיינע פּירושים דערמאָנט די מיינונגען פון די קירכע-אויטאָריטעטן העראָנימעס און סאַן אויגוסטין, אפילו פונם משומד פּאַולאָ דע סאַנטאַ מאַריאַ, ברענגט ער אַ געוויסע דערקלערונג... פאַר יענער צייט איז עס געווען אַ גוואַלדיקע אינאָוואַציע און דאָס זאָגט עדות, אַז ביי זיין גאַנצער אָרטאָדאָקסאַלער פרומקייט, איז רבי יצחק אברבנאלן ניט פרעמד געווען דער גייסט פון די הומאַניסטן פון איטאַליע און מער נאָך, אין אַ העכסטער מאָס, רעליגיעזע טאָלעראַנץ; אין יענע יאָרן פון רעליגיעזן פאַנאַטיזם און פון אינקוויזיציע — סאַראַ מערקווירדיקע דערשיינונג דאָס איז.

די וויכטיקייט פון זיין פּירוש פון זיין פּירוש אויף תנ״ך איז אַזוי גרויס, אַז דאָס פאַרדינט אַ באַזונדערע ברייטערע פאָרשונג; אַ סך מער וויכטיקער ווי אַלע זיינע אַנדערע ספרים צוזאַמענגענומען.

ער איז אין פירוש, פאַקטיש, דער ערשטער הומאַניסט צווישן די מפרשים און מבארים פון דער תורה; אַ מערקווירדיקער אינאָוואַטאָר. עס באַפרידיקט אים ניט רש״י, ווייל ער האָט זיך באַנוגנט נאָר מיט די דרשות פון די חז״ל; עס באַפרידיקט אים ניט דער רלב״ג (רבנו לוי בן גרשון), ווייל ער טייטשט אויס צופיל די דערציילונגען פון תנ״ך, זוכנדיק אין זיי מאָדערנע אַנט-פּלעקונגען, וואָס דאָס אליין איז שוין פאַר אים אַ שטיק מינות, ווארום אונדזער הייליקע תורה דאַרף ניט קיין אויסטייטשונגען על פי דרך הטבע, (לויט דעם אברבנאלס באַהויפּטונג), „ווי באַלד יעדעס וואָרט פון אונדזערע נביאים אליין איז אַן אַנטפּלעקונג פון די העכסטע מדות און פּרעכטיקסטע רעיונות; עס באַ-פרידיקט אים ניט דער אבן עזרא, ניט דער רמב״ן (ר׳ משה בר נהמן), ווייל זיי שפּילן זיך מיט רעטענישן ביי זייער פּירוש. און די אינאָוואַציע זיינע אינם פּירוש און אין דעם דרוש אויף דעם תנ״ך באַשטייט אין דעם, וואָס ער „טוט שטרעבן צו פאַרמיידן איבערפלעכלעכקייט און קורצקייט, וואָס זיינען נאָר אַ ראיה אַז דער מבאר האָט ניט באַזעסן דעם פולשטענדיקן באַגריף און די וואַר-האַפטיקייט אין דעם באַשייד פון די פסוקים (10).

זיין פּירוש איז געווען אַ נייעס ניט נאָר אין זיין צייט, נאָר דורות נאָכדעם, ווייל, ביז אים איז די קאָמענטאַריסטיק פון דער ביבל, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט רבי סעדיה-גאון — און מיט וועלכער סהאָבן זיך באַשעפטיקט אַן אַ צאָל גאונים, גדולים און חכמים אין שפּאַניע, אשכנז און צרפת אין משך פון פילע יאָרהונדערטער — געגאַנגען נאָר אויף אַנדערע וועגן: מען האָט זיך באַשעפטיקט מיטן באור און פּירוש אָדער שפּראַכלעך-פילאָלאָגיש, אָדער עקזעגעטיש-פילאָ-זאָפיש, ארייַנטייטשנדיק, אַמיינסטן אין די דרשות פון די חז״ל אָדער זוכנ-דיק צו אויסטייטשן „על דרך הפילוסופיה“ די פסוקים פון דער תורה, כדי עס

(10) ...לא אבוא לנסותך בחידות כרבא״ע ורמב״ן והנה לא נתעסקינו להוציא תועלות מסיפורים כדרך הרלב״ג, להיותו פועל בטל בעיני, כי דברי הנביאים כלם הם עצמם התגלות במדות ובדעות“... ...במקום שראוי להאריך, אינו רשאי לקצר“ א. אַ. וו.

זאָל ניט זיין קיין סתירה צווישן דער היילינקייט פון דער תורה און די לערעס פון די חכמים (פילאָזאָפן): דאָס האָט די פירושים געמאַכט אָדער פּאָעטיש-ראָמאַנטיש, אָדער טרוקן-גראַמאַטיקאַליש, אָדער דעדוקטיוו-פּילאָזאָפיש. (צום ערשטן סוג רש״י; צום צווייטן דער רד״ק, אבן עזרא; צום דריטן רלב״ג און רמב״ן).

עס האָט געפעלט דער ברייטער היסטאָרישער פירוש; דער סאָציאַל-היסטאָרישער צוגאַנג צו דעם פירוש ניט אויפן פסוק, נאָר אויפן גאַנצן קאַפּיטל; אויפן גאַנצן ספר. כהאָט געפעלט דער פירוש, וואָס זאָל אויפפאַסן דאָס גאַנצע, וואָס זאָל זוכן צו פאַרשטיין די צייט, די עפּאָכע, צו וועלכע יעדער תנ״ך-ספר באַציט זיך און אויפפאַסן לויט דער פאַרשטענדי-קונג און אויסטייטשונג אויך פון די קריסטלעכע געלערנטע, וואו זיי האָבן ריכטיק געהעריק, פאַרשטאַנען און פאַרטייטשט דעם תנ״ך; עס האָט געפעלט, אַזוי צו זאָגן, אַ פירוש וואָס זאָל זיין אינגאַנצן אַנדערש, אין זיין וועג און צוגאַנג פון די וועגן און צוגאַנגען, וואָס אַלע אַנדערע מפרשים האָבן ביז איצט געהאַט — און אָט דעם בלויז האָט פאָרגעשטעלט רבי יצחק אברבנאַלס פירוש אויף דער תורה.

ביי אַלע הסרונות וואָס דער פירוש פאַרמאָגט: לאַנג צעצויגן, ערטערווייז פאַרשוואומען אין מליצות און פראזן, פול מיט דרוש, מיט אָפּווייכונגען און אָפּנייגן פון דעם, וואָס ווערט פאַרטייטשט און קאָמענטירט -- איז עס דאָך דער ערשטער פירוש, וואָס האָט אויפגעפאַסט מער דאָס גאַנצע, ווי דאָס פראַגמענ-טאַרישע אינם פסוק אָדער פרשה; מער דאָס היסטאָרישע, סאָציאַל-עקאָנאָמישע און מלוכהשע אין די דערציילונגען אָדער עקספּאָזע פון תורה און נביאים, ווי די דרשות פון חז״ל — פון וועלכע ער ווייכט פונדעסטוועגן אויך ניט אָפּ און שליסט זיי אויך ניט אויס אינגאַנצן, ווי אויך דאָס טרוקן-פילאָלאָגישע און אַק-צידענטאַל-שפּראַכלעכע.

צייט, לעבנס-שטייגער, אומגעבונג, מאָס, וואָג, קליידער, פאַרבינדונגען, פּאָליטישע פאַרהעלטענישן פון יענע עפּאָכעס א. א. וו. — די דאָזיקע באַשטאַנד-טיילן אין דעם פירוש אויף תנ״ך האָט אריינגעפירט דער ערשטער רבי יצחק אברבנאל אין זיין פירוש אויף תורה, נביאים, דניאל און קוהלת: און ווי אַן עכטער בעל-דרשן, האָט ער אין דער זעלבער צייט אויך ניט פאַרפרעמדט פון זיין פירוש די חז״ל-דרשות און אגדות, און האָט אויך ניט אויסגעלאָזן אָנ-דייטונגען אויף פאַקטן און געשעענישן אין יידישן לעבן פון זיין צייט, אויב און ווען נאָר ער האָט געקענט עס איינפלעכטן, אָדער לפחות אָנדייטן אויף דעם, אין דער איינטייטשונג און באשיידונג פון אַ פסוק.

אַ הומאַניסט, וואָס איז באַקאַנט געווען שוין מיט דער השכלה פון רע-נעסאַנס-צייט אין איטאַליע, איז רבי יצחק אברבנאל, אלס „פרשנדתא“ (פרשן-דתא, קאָמענטאַטאָר פון דעם תנ״ך), דאָך געשטאַנען מיטביידע פיס אויפן באָדן פון דער פולער טראַדיציע און טיפער אמונה, ווי אין זיין לעבן — און דערווייזן האָט ער עס בריענגענדיק פאַר דעם דעם גרעסטן קרבן: דעם גירוש, אין

וועלכן ער איז איבער זיין גלויבן נעגאנגען — אזוי אין זיין לעבנס-ווערק: דער באשייד פון דער תורה.

ווען מיר זאָלן וועלן באַצייכנען מיט אַ מאָדערנער דעפיניציע, קורץ און כאַראַקטעריזירנדיק דעם מהות פון אברבנאלס פירוש-דרוש אויף תנ"ך, וואָלטן מיר געדאַרפט זאָגן, אַז:

זיין פירוש אויף תורה, נביאים, דניאל און קוהלת איז: אַ פּאָפּולער-וויסנשאַפטלעכער עסעי, געשריבן איבער די הייליקע ספרים און אין וועלכן עס ווערן באַלויכטן און באַהאַנדלט מיטן ברייטן פאַרנעם און פולער באַרעדעוודיקייט די ענינים וואָס ווערן באַרירט אין תנ"ך, פון היסטאָרישן, סאָציאַל-עקאָנאָמישן און אויך טראַדיציאָנעלן צוגאַנגען.

ד ע ר ע ר ש ט ע ר, דער רודימענטאַרער הומאַניסט צווישן די מפרשים און מבארים פון תנ"ך איז ער געווען און אין דער זעלבער צייט איז אים באַשערט געווען צו זיין ד ע ר ל ע צ ט ע ר פון די מפרשים און מבארים פון דער תורה, וואָס האָבן עקזיסטירט אין שפּאַניע, צרפת און אשכנז — דער לעצטער, וואָס האָט אָפּגעשלאָסן די גלאָררייכע תקופה אין שפּאַניע.

דאָס ליכט פון יידישן וויסן, וואָס האָט יאָרהונדערטער געלויכטן אין שפּאַניע — אַריבערגעטראָגן אַהינצו פון בבל און ארץ-ישראל — און אין פּראָווענס, און אין אשכנז, און וואָס האָט צווישן אַנדערע געביטן זיך אויסגעדריקט, הויפּטזעכלעך, אין ביבל-קאָמענטאַריסטיק. איז מיט אים, מיטן לעצטן „גראַנדע" צווישן די ספרדים, „נשיא" אין דעם גייסטיקן זין פון וואָרט — אויסגעלאָשן געוואָרן דאָרטן.

דער ערשטער הומאַניסט צווישן די ביבל-מפרשים איז געווען דער לעצטער פון די ביבל-קאָמענטאַטאָרס... די תקופה איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן נאָך אברבנאלן, און אַ לאַנגע צייט, איבער צוויי הונדערט יאָר לערך איז אַוועק, איידער עס איז אויפגעשטאַנען אַ נייער גרויסער מבאר און מפרש פון תנ"ך: משה מענדעלסאָן; צווישן דעם אברבנאל און דעם רמב"ן — איז כמעט ניטאָ קיין אַנדערער, אויף וועלכן עס זאָל כדאי זיין צו אָנווייזן, אַלס וויכטיקער ביבל-באַשיידער.

דעם אברבנאלס פירוש צו דער תורה, איז אָפּגעשאַצט געוואָרן, ניט נאָר פון יידן: אויך פיל קריטלעכע געלערנטע אין דער רענסאַנס-צייט און שפּעטער, האָבן פון זיינע קוואַלן פיל געטרונקען — איבערהויפּט אים געפּאָרשט, געלערנט און איבערזעצט אויף לאַטיין, און צווישן די דאָזיקע געפינען זיך ניט קיין קלענערע ווי בוקסדאָרף און בוצעאוס.

— 9 —

## אַ קורצע כאַראַקטעריסטיק פון זיינע ספרים

וועגן זייער ווינציק יידישע גדולים פון מיטלאַלטער איז פאַראַן אַזוי פיל פּינקטלעכע און אויספירלעכע דאַטן — וועגן זייער לעבן און וועגן זייער שאַפן — ווי וועגן דעם לעצטן „גראַנדע" פון די יידן אין שפּאַניע.

די אַנגעזעענסטע ראָל זיינע צווישן יידנטום אין פּאָרטוגאַל, שפּאַניע און שפּעטער אין נאַפּאָלי, ווענעציע, סיציליע און אַנדערע, זיין ראָל אַלס שטאַטס-מאַן, אַלס פינאַנץ-אַגענט און פּאַרמיטלער צווישן מלכים און רעגירונגען, פריער אין שפּאַניע, דערנאָך אין די פאַרשיידענע מלוכות און רעפּובליקן פון דער דאַמאָלסטיקער איטאַליע — האָבן אָן שום ספק מיטגעווירקט פאַר זיין אַנזיכ-טיקייט און פאַר דעם, אַז די גרויסקייט פון זיין פיגור, זאָל אַנזיכטיק זיין און זיינע מעשים און ווערק זאָלן ניט פאַרשווינדן פונם זכרון פון זיין דור און פון די נאָכקומענדיקע דורות.

אויך די גרויסע טראַגישע ראָל וואָס רי"א (רבי יצחק אברבנאל) איז אויס-געקומען צו שפּילן — פון אַ „יושב בשער המלך", אַ מיניסטער און הויף-מאַן ווערן אַ גלות-אָפּריכטער און בראש פון גרויסע יידישע מאַסן, צו וואַנדערן — האָט מיטגעווירקט, אַז די פּרטים פון זיין לעבן און פון זיין שאַפן, זאָלן אָפּגעהיט ווערן אין דער געדעכעניש און קיין איינער פון זיי זאָל ניט פאַרגעסן ווערן.

אַליין אַלס שטאַטסמאַן, הומאַניסט, קענער פון לאַטיין און פון אַנדערע וועלט-לעכע וויסנשאַפטן, האָט רבי יצחק אברבנאל געוואוסט די באַדייטונג פון פינקטלע-כער פאַרצייכנונג פון דאַטעס און געשעענישן, וואָס האָט ניט נאָר אַ פּערזענלעכן כאַראַקטער, נאָר אויך אַ היסטאָרישן ווערט. איבער דעם פּלאַץ, וואָס זיין פּערזאָן האָט פאַרנומען דאַן אינם יידנטום — און ער האָט זיך אַפּט אומגעקערט צו דער שילדערונג פון זיין צייט און פון די געשעענישן; אין זיינע פירושים און אריינ-פירן צו זיינע ספרים, זיינען אין פיל ערטער, ווי געזאָגט, צעוואָרפן וויכטיקע באַ-שרייבונגען און שילדערונגען פון אויטאָביאָגראַפישן כאַראַקטער און פאַרצייכנונגען פון זיינע ספרים און בריוו. עס ווערן דערמאָנט אויך איניקע ווערק, וואָס זיינען צו אונדז ניט דערגאַנגען; זיי זיינען פאַרלוירן געוואָרן אין די שווערע צייטן, וואָס יידן איז אײַנגעקומען צו איבערלעבן אין די נאָכקומענדיקע יאָרהונדערטער פון דער אַזוי גערופענער „נייער צייט-אַלטער", וואָס פאַר יידן איז זי געווען אַלט, אין אַלטע צרות...

אין די הקדמות צו זיינע פירושים אויף דברים, יהושע, מלכים, אין דער הקדמה צום ספר „מעיני ישועה" זיינען צעוואָרפן פיל אַזעלכע אויטאָביאָגראַפישע און מעמוּאַריסטישע פאַרצייכנונגען.

וויכטיקער פון אַנדערע פאַר דער ביאָגראַפיע און, דער עיקר ב י ב ל י אָ-ג ר אַ פ י ע פון רבי יצחק אברבנאלס כתבים, איז זיין שריפט אין דער פאָרם פון אַ בריוו וואָס ער האָט געשריבן צו רבי שאול הכהן מקאַנדיע און וועלכע איז באַ-קאַנט אונטערן נאָמען „תשובות לשאלות רבי שאול הכהן". דאָרטן קומט אַ פול-שטענדיקער רעגיסטער פון זיינע ספרים; און אין דער פאַרצייכנונג וואָס ער אַליין האָט צוזאַמענגעשטעלט קומען אריין איניקע נעמען, וואָס זיינען שפּעטער ניט געפונען געוואָרן. עס איז אָבער ניט אויסגעשלאָסן, אַז ערגעץ-וואו אין אַ „גניזה" פון אַ-וועלכער ניט-איז ביבליאָטעק, זאָלן ליגן פאַרלייגט מאַנוסקריפּטן אָדער קאָפּיעס פון ספרים פון ר' יצחק אברבנאל.

דער פאַקט גופא, וואָס זיינע ספרים — הגם דער גרעסטער טייל פון זיי איז דערשינען אין דרוק-פאָרמע ערשט פיל יאָרן נאָך זיין טויט, און בלויז דריי

זיינען געדוקט געוואָרן פאַר זיין לעבן, זיינען אין פיל אָפּשריפטן און קאָפּיעס פאַרשפּרייט געווען, נאָך פאַר זיין לעבן, זאָגט פיל וועגן דער גרויסער אַכטונג, וואָס די געפּלאָגטע און די געדרודפטע יידישע מאַסן האָבן געפילט צום „האַר און גרויסן אין ישראל", וואָס האָט ניט אויסגעקליבן — ווי דאָס האָט געטון זיין פריינט און מיטמיניסטער, דער רב הכולל פון שפּאַניע רב אברהם שניאור (סעניאָר) — צו לעבן אַלס קריסט, אין שפּאַניע, נייערט צו ליידן פון גלות און וואַנדערונג, פון פּלאָגעניש און יסורים און האָט ניט פאַרלאָזט, ניט אָפּגעטיילט זיך פון די יידישע מאַסן אין זייער גלות-וואַנדערונג.

פאַר דער פאַרשפּרייטונג און פּאָפּולאַריטעט פון אברבנאלס ספרים צווישן די יידישע מאַסן, האָט, געוויס, אויך מיטגעווירקט זייער באַזונדערער אינהאַלט: די משיהישע ט ר יי ס ט ו נ ג ע ן, וואָס פאַרפולן דעם אינהאַלט פון אייניקע זיינען געווען, ווי צוגעפּאַסט צו יענער שווערער צייט, און צו די שווערע צייטן וואָס זיינען נאָכהער געקומען פאַר יידן און פאַר אנוסים אין כמעט אַלע לענדער פון דער דאַמאָלסטיקער אייראָפּע.

די ליידנדיקע יידישע מאַסן, ליידנדיקע פאַר זייער יידישקייט — אָפענער אָדער פאַרבאָרגענער — האָבן געטרונקען אָפּט פון דעם ט ר יי ס ט ב ע כ ע ר פון דעם „מעיני ישועה", פון דעם „משמיע ישועה" און „ישועות משיחו" און פלעגן פילן אַ גייסטיקע דערלייכטערונג, — אין די האָפענונגען — וואָס זיינען פאַר יענע פרום-נאַאיווע צייטן, מאַסן און דורות געווען ווי אַ קאָנקרעטע פאַר-זיכערונג פאַר דעם נאָענטן קין און נאָענטקייט פון משיח בן דוד קומען צו דערלייזן דעם אַזוי פיל געפּייניקט-וואַנדיקן פאָלק.

פרומע דורות און מאַסן — אַז וואויל איז זיי געווען אין זייער גלויבן און זיכערקייט; אַ געזונטע טרייסט איז עס געווען. וואו נעמט מען אַזאַ געזונטן גלויבן און טרייסט פאַר די איצטיקע ליידן אונדזערע?

דער אינהאַלט פון אברבנאלס הויפּט-ווערק, דער כאַראַקטער פון דרוש-ספרים, געמישטע מיט געשיכטע, וויסן, טרייסט און באַשייד, וואָס זיי האָבן געהאַט, דער ברייטער פאַרנעם פון זייער עקספּאָזע און ניט באַשרענקטקייט בלויז אויף קאָנקרעטן וויסן און פירוש פון דעם פּסוק — האָבן מיטגעווירקט פאַר זייער פאַרשפּרייטונג און פּאָפּולאַריטעט צווישן די יידישע מאַסן אין אַלע לענ-דער אין משך פון יאָרהונדערטער.

מירן ברענגען אַ ווי מעגלעך פולע רשימה פון די ווערק, וואָס רבי יצחק אברבנאל האָט געשריבן. מיר באַנוצן זיך מיט דעם שוין דערמאָנטן בריוו צו ר' שאול הכהן ווי אויך מיט אַנדערע ביבליאָגראַפישע מקורות, ספּעציעל פון אברבנאל-פאָרשונג. אויסשעפּנדיק אָבער אין גאַנצן איז זי ניט — און אַזאַ איז בכלל ניט מעגלעך צו צוזאַמענשטעלן.

אין זיין דערמאָנטן בריוו, איינלייטנדיק אַזוי צו זאָגן, די רשימה פון זיינע ספרים, זאָגט רבי יצחק אברבנאל צווישן אַנדערס, דאָס פאָלגנדיקע:

„אַלע טעג, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין די הויפן פון די מלכים און אין זייערע פּאַלאַצן, באַשעפטיקט אין זייער אַרבעט, האָב איך קיין צייט ניט געהאַט

צו מעיין זיין, כהאָב קיין ספר ניט געזען; איך האָב אין נאַרישקייט פאַרבראַכט מיינע טעג און אין טומל און גערודער — מיינע יאָרן, רייכקייט און כבוד צו פאַרשאַפן פאַר זיך, און אַזוי איז די דאָזיקע רייכקייט פאַרלוירן געגאַנגען אין אַ שלעכטן ענין און הער כבוד איז פאַרטריבן געוואָרן פון ישראל".

„ערשט נאָכדעם, ווי איך בין נע-ונד געוואָרן אויף דער ערד פון איין קי-ניגרייך צו אַ צווייט פאָלק און דאָס געלט איז ביי מיר חסר געוואָרן, ערשט דאַן האָב איך אָנגעהויבן צו פאָרשן אויף דעם געטלעכן ספר, ווי די רייד פון דעם ווגוף האָט געזאָגט: „אַז עס פעלט אַ פעלונג, אַזוי הויבט מען אָן דערנאָך צו לערנען" (11).

דאָס מיינט צו זאָגן, אַז דעם גרעסטן טייל פון זיינע ספרים האָט ער פאַר-עפנטלעכט נאָכן גירוש פון שפּאַניע, אין די יאָרן פון זיין לעבן און זיינע וואַנ-דערונגען איבער די מלוכות פון איטאַליע. אַ טייל אָבער, ווי די פירושים אויף תורה, האָט ער אָנגעהויבן אַ סך צייט פריער נאָך: באַלד ווי ער איז געקומען קיין שפּאַניע, אַנטלויפנדיק פון פּאָרטוגאַל.

די רשימה פון זיינע ספרים איז פאָלגנדיקע:

פירוש צו יהושע, שופטים, שמואל א. און שמואל ב' — געשריבן אין יאָר רמ"ד. (1484).

אַ פירוש צו ישעיה — געשריבן אין יאָר רנ"ה (1495) און פאַרענדיקט אין אלול רנ"ה.

אַ פירוש אויף דעם ספר דברים, געשריבן אין יאָר רנ"ו (1496) אונטערן נאָמען „מרכבת המשנה"; שפּעטער איז ער ארייַנגענומען געוואָרן אין דער אַלגע-מיינער אויפלאַגע פון זיין פירוש אויף תורה.

זבח פסח — אַ פירוש אויף דער הגדה און אויף די דינים פון פסח: דאָס בוך איז פאַרענדיקט געוואָרן אין חודש ניסן פון יאָר רנ"ו (1496); דאָס בוך געהער צו די ווינציקע ספרים, וואָס זיינען געדרוקט געוואָרן ביים מחברס לעבן (אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל: 1505 אָדער 1506). דער דאָזיקער ספר איז דערשינען מיט אַ שיר פון זיין זון ר' יהודה-לעאָן, (דע מעדיגאַ), דער באַרימטער דאָקטאָר און דיכטער, מחבר פון דער פּאָעמע „וויכוח וועגן ליבע".

נחלת אבות — אַ פירוש אויף פרקי אבות, געשריבן אין דער זעלביקער דרוש-פאָרמע, אין וועלכער עס זיינען געשריבן זיינע פירושים צו נביאים ראשונים — געשריבן אין יאָר רנ"ו (1496), איז עס דערשינען אין דרוק-פאָרם פאַרן לעבן פונם מחבר, אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל (יאָר 1506).

---

(11) כל הימים שהחייתי בחצרות המלכים ובטירותיהם, עסוק בעבודתם, לא היה לי פנאי לעיין, ולא ידעתי ספר ובליתי בהבל ימי ושנותי בבהלה לעשות עושר וכבוד אתי. וכן אבד העושר ההוא בענין רע וגלה הכבוד מישראל. ואחרי היותי נע ונד בארץ ממלכה אל עם אחר וחסרתי הממון, אז דרשתי מעל ספר ד', כדברי האומר: חסורי מחסרא והכי קתני".

דאָס לעצטע איז ניט מער ווי אַ ווערטער-שפּיל, צוליב וועלכער עס ווערט אויסגע-נוצט אַ דיאַלעקטישע פאָרמולע פון תלמוד, וואָס באַדייטעט אין דער ווירקלעכקייט, אַז: „עס פעלט אַ משנה, אַ דין, א כלל און מען דאַרף אַזוי לערנען" און דערביי ווערט פאַררוכט, וואָס עס פעלט אינם טעקסט.

רבי יצחק אברבנאל האָט דערנאָך אויף אַ שטיקל צייט איבערגעריסן זיינע ריין פּירוש-דרוש אַרבעטן איבער דעם תנ"ך און האָט זיך אַ נעם געטון פאַר די „משיחישע ספרים" זיינע. ער האָט עס געטון, ווייל סאיז געווען אַ צייט-פאָדערונג, ווי ער אליין זאָגט אין דער הקדמה.

די ריין-משיחישע ספרים פונם אברבנאל, בילדן, באמת, אַ ט ר י אָ ל אָ ג י ע, פון דריי באַזונדערע ווערק, מיט באַזונדערע נעמען, וואָס זיינען אָבער אויך באַקאַנט אונטער דעם אַלגעמיינעם נאָמען, וואָס ווערט געגעבן אַלע דריי ביכער צוזאַמען: „מגדל ישועות" (דער טורעם פון הילף). געשריבן האָט ער זיין טריאָלאָגיע וועגן קץ און וועגן די משיח-האָפענונגען און בשורות ביי די נביאים און תלמוד, און באַזונדערס ביי דניאל, מיט אַ גוואַלדיקער שנעלקייט און אימפּעט — אין איבער איין יאָר צייט זיינען פּראַקטיק געוואָרן אַלע דריי ספרים, פון וועלכע ער אליין האָט זייער שטאַרק געהאַלטן.

דער „מגדל ישועות" באַשטייט אַלזאָ פון פאָלגענדע דריי באַזונדערע ספרים:

„מעיני ישועה" — קוואַלן פון הילף" איז צעטיילט אויף „12 קוואַלן און 70 טייטל-בוימער". לויט די „קוואַלן און טייטל-ביימער", וואָס די יידן, וואַנדערנדיק אין דעם מדבר פון זאַמד, האָבן געפונען אויף זייער וואַנדערוועג, אין דעם אַאזיס צו טרייסטן זייער דורשט און הונגער".

דאָס אליין באַווייזט שוין אויף דעם זין און פּאַרוואָס פונם ספר: ער דאַרף דינען פאַר די ליידנדיקע פאַרטריבענע פון ספרד ווי אַן אַאזיס, אין דער וויסטע פון זייערע פיינטלעכע וואָגלענישן און שווערע ליידן.

עס איז אַ מערקווירדיקער פּירוש אויף דניאל. און די סודותדיקע, רמזים-פולע אַלעגאָריעס פון דעם דאָזיקן בוך, אין וועלכן די קריסטלעכע מפרשים האָבן געזען דעם אויסדרוק פון אַפּאָקאַליפּטישע וויזיעס און אָנזאָגנייש אויף דעם אַנטיקריסט, אין דעם דאָזיקן בוך, צו וועלכן אַלע „מחשבי קצים" האָבן זיך תמיד געווענדעט, כדי צו אויסרעכענען די פּינקטלעכע צייט, ווען משיח דאַרף קומען, האָט אברבנאל געזוכט אויך צו געפינען רמזים אויפן קץ און גאולה, וואָס איז נאָענט געווען, לויט זיין מיינונג.

ער דערהויבט דניאלן צו דער מדרגה פון אַ נביא, פאַררעכענענדיק אים אין אַ צאָל פון די נביאים, וואָס האָבן מתנבא געווען וועגן דאָס אָנקומען פון בן-דוד. די קריסטלעכע „אויסטייטשער פון די נביאים" און, בכלל, דאָס קריסטנטום קריגט אַריין פון ר' יצחק, ביי דער געלעגנהייט, אַ היבשע גאָב. דאָס בוך איז געשריבן מיט אַ געוואַלטיקע קאָנצענטרירטקייט, אימפּעט און התלהבות.

ר' יצחק אברבנאל אליין איז פאַרליבט געווען אין זיין „מעיני ישועה" און אין דעם שוין ציטירטע שריפט זיינעם צו ר' שאול הכהן זאָגט ער אליין, גאָר אָן עניוות „אין ערך ליופיו" — זיין שיינקייט איז ניט צום אָפּשאַצן.

„ישועת משיחו" — די הילף פון זיין משיח (דאָס צווייטע בוך פון דער איבנדערמאָנטער טריאָלאָגיע). אין דעם בוך קומט אַ פּירוש, אַ ברייטער און

מיט פאַרנעם פון דרוש אויף אַלע מאמרים אין אגדות וועגן משיחן און משיחס צייט, וואָס זיינען צעוואָרפן אין תלמוד און אין די מדרשים.

דער מחבר דערהויבט אין דעם ספר די משיחישע גלויבונגען צו אַ דאָגמע, צו אַן עיקר פון יהדות און זידלט דעם באַרימטן ר' יצחק אלבו, פאַרוואָס יענער האָט דאָס גלויבן אין משיחן ניט באַטראַכט, ווי איינעם פון די עיקרים פון אונדזער אמונה.

„משמיע ישועה" איז דער דריטער ספר פון זיין משיחישער טריאָלאָגיע. דער ספר האָט זוכה געווען צו אַ לאַטייניישער איבערזעצונג; אין קריסטן האָבן מיט אים זיך באַדינט פאַר טעאָלאָגישע און קאָמענטאַרישע צילן, ביי דער קלאַסי־פיקאַציע פון די נביאים.

די הויפּט־טעזע פונם ספר איז, אַז די 17 נביאים, וואָס ער רעכנט אויס און ניט דוקא יידן אַליין, ווייל בלעם, וועלכער „האָט נבואה־געזאָגט, ניט וויסנ־דיק אַליין וואָס" פיגורירט אויך צווישן דער רשימה פון די נביאים, האָבן נבואה־געזאָגט ניט וועגן בית שני — ווייל דאַן איז ניט געווען קיין פולשטענדיקע גאולה, נאָר אַ פאַרלייכטערונג אין „שעבוד מלכיות" — נאָר אויף דער גאולה, וואָס וועט קומען לעתיד לבוא — פאַר אברבנאלן — אומפאַרזאָמט.

דער ספר איז איינגעטיילט אין 17 „שערים", (קאַפּיטלען־טויערן), לויט דער צאָל פון „די נביאים, וואָס האָבן אָנגעזאָגט די בשורה פון גאולה".

דער ערשטער פון די דאָזיקע איז, ווי געזאָגט בלעם בן בעור „אויף וועמען עס האָט גערוט גאָטס געמיט צו רעדן גוטס אויף ישראל; ער איז דער ערשטער „מבשר טוב לישראל". און דער לעצטער פון די נביאים פון דער גאולה איז דניאל, וועמען ער האָט געווידמעט דעם ערשטן בוך פון דער טריאָלאָגיע.

דער ציל פון דער טריאָלאָגיע ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט אין דער הקדמה צום דריטן ספר, איז: אַז „זיי זאָלן דערוועקן און מאַכן דערוואַכן אונדזער פאָלק צו רו און צו ארב (12).

לויט פאַרשידענע גמטריות האָט אברבנאל אויסגערעכנט, אַז משיח וועט קו־מען אין יאָר רצ"ב (1532) און דאָן, ווי שוין אויבן דערמאָנט, איז ווירקלעך אנטשטאַנען אַ שטאַרקע משיחישע באַוועגונג אין איטאַליע.

פאַרענדיקט מיט דער משיחישער טרילאָגיע האָט דער אַלטער ר' יצחק גע־נומען זיך ווידער פאַר זיינע פילאָזאָפישע, עקזעגעטישע און פירושים־ספרים, ווי אויך פאַר פאַרשידענע געשיכטע־ספרים, וועלכע ער האָט געשריבן אָדער פאַרענדיקט, נאָך יאָרן פון איבעררייס, לויט פאָלגנדיקן סדר:

שמים הדשים (נייע הימלען) — אַ ספר וועלכער איז אייגנטלעך אַ פירוש אויף דעם רמב"ם „מורה נבוכים". הויפּטזעכלעך צו יענע פרקים פונם „מורה", וואו עס ווערט גערעדט וועגן וועלט־שאַפונג און חידוש העולם.

ראש אמנה (דער הויפּט פונם גלויבן) — אַ פאָרשונג און נאָכזוכונג איבער די יסודות פון דעם גלויבן און וואָרצלען פון דער אמונה", איינגעטיילט אין 24 פרקים. פאַרענדיקט אין יאָר 1500 און געדרוקט אין יאָר 1505.

---

(12) כדי שיעירו ויעוררו את עמנו אל המנוחה והנחלה („משמיע ישועות").

דער ספר, וועלכער הויבט זיך אָן מיט אַ „שיר ליהודה בנו“ איז אַ ויכוח וועגן די עיקרים פון דער אמונה, אַ פאַרטיידיקונג — הגם ניט קיין דורכאויסיקע, — ווי מיר האָבן אויבן געזען, וועגן זיינע עיקרים און אַ שאַרפע דיסקוסיע קעגן די מיינונגען פון ר׳ יצחק אלבו און טיילווייז אויך קעגן ר׳ חסדאי קרעשקאַס.

מפעלות אלהים („געטלעכע טאַטן“) — אָנגעשריבן לערך אין יענער צייט (און געדרוקט צום ערשטן מאָל אין ווענעדיק אין 1592). דער ספר איז אַ פי-לאָזאָפישע חקירה וועגן בריאת-העולם, דערווייזנדיק אַז גאָט ברוך הוא איז אַ בורא יש מאין; אַ פילאָזאָפישע אָפּאָזיציע קעגן דער טעאָריע פון „קדמות העולם“, דאָס איז געווען איינע פון די „באַליבטע“ טעמעס. אין מיטלאַלטער און דער רמב״ם אַליין האָט זיך פיל באַשעפטיקט מיט איר. דאָס בוך איז איינגעטיילט אין צען מאמרים, ריכטיקער וואָלט געווען צו זאָגן דרושים, און אין 77 פּרקים.

פירושים צו ירמיהו, יחזקאל, נחום, חבקות, קוהלת — ווי אויך דעם שלום פון די פירושים צו תורה — האָט ער פאַרענדיקט צווישן די יאָרן 1504—1506.

תשובות לשאלות ר׳ שאול הכהן — אַן ענטפער אויף צוועלף פילאָזאָפישע שאלות, וואָס ר׳ שאול פון קאנדיע האָט ביי אים אָנגעפרעגט; דאָס איז די שריפט, וואָס מיר האָבן ציטירט אויבן און אין וועלכער ער ברענגט אַ רשימה פון זיינע ספרים.

עטרת זקנים און אַ צווייט בוך פאַרעפנטלעכט מיט דעם צוזאַמען „צורות היסודות“ — דאָס ערשטע איז „אַ וויסנשאַפטלעכער מחקר אויפן פסוק „הנה אנכי שולח לך מלאך“, איז איינגעטיילט אין 25 קאַפּיטלען. עס איז איינער פון זיינע פריעסטע חיבורים.

דאָס צווייטע בוך איז אויך אַ מין פילאָזאָפישע באַהאַנדלונג אָדער באַ-טראַכטונג איבער „דער פאָרם פון די גרונט-עלעמענטן פון דער שאַפונג“. דאָס איז אויך געווען איינע פון די באַליבטסטע טעמעס און ענינים מיט וועלכע פי-לאָזאָפן און חקרנים, אין מיטלאַלטער האָבן זייער ליב געהאַט צו באַשעפטיקן זיך.

מאמר במעשה-מרכבה — אַ פילאָזאָפיש-עקזעגעטישער חיבור, וואו ער אָפּאָנירט דעם רמב״ם.

צדק עולמים (גערעכטיקייט אין וועלטן) — אַ ספר אין דריי באַזונדערע מאמרים, וואו עס ווערט אַרומגערעדט און באַהאַנדלט די אייביקע פּראָבלעם פון שכר ועונש, פון אַ צדיק וועמען עס איז שלעכט אויף דער וועלט און אַ רשע וועמען עס איז גוט.

דער ערשטער מאמר איז וועגן גערעכטיקייט אויף דער וועלט.

דער צווייטער — וועגן גערעכטיקייט אינם עולם הנשמות אין גן-עדן און גהינום.

דער דריטער מאמר באַהאַנדלט דעם ענין פון „עולם התחיה און יום הדין“.

להקת נביאים, און מחזה שדי — איןביידע ספרים ווערט באַהאַנדלט דער ענין פון נבואה און אברבנאל דריקט אויס דאָרטן זיינע מיינונגען און אָנשוי-אונגען וועגן נביאים און נבואה.

עבודת זקנים און ימות עולם — אַ מין כראָניק פון יידישער געשיכטע פון אברהם אבינו ביז זיינע צייטן.

## דאָס וואָרט אברבנאל

וועגן עטימאָלאָגישן אָפּשטאַם פונם וואָרט „אברבנאל“ (לייען: אבראַבאַנעל) איז, רעלאַטיוו ווינציק געוואָרן געפאָרשט.

פון די פאַרשיידענע וואַרהאַפּטיקסטע מיינונגען איז די, וואָס באַהויפּט אַז דער משפחה־נאָמען, שטאַמט פון אַ פּשוטער פאַרקירצונג פון אַ נאָמען און אַ פאָטערס נאָמען, וואָס עמיצער אין דער דאָזיקער פאַמיליע, מיט פיל דורות פריער איידער זי איז באַקאַנט געוואָרן אַלס אַזעלכע, האָט באַנוצט.

לויט דער דאָזיקער השערה איז די באַדייטונג פון דעם וואָרט „אברבנאל“ אַ גאַנץ פּשוטער ראשי־תיבות פון: אברהם בן אליהו און געשען זאָל עס געווען האָבן אויף אַ פּשוטן אופן.

איינער פון דער משפחה וואָס האָט וואַרשיינלעך געהייסן אברהם, דער זון פון אליהו, פלעגט זיך אונטערשרייבן פאַרקירצט מיט צייכנס פון ראשי־תיבות:

אבר. — פון אברהם, בן — דער זון, אל — פון אליהו; פרומע יידן פלעגן ניט באַנוצן די זילבע „יהו“ אין אַ נאָמען, ווייל עס איז אַ העלפט פון גאָטס הייליקן נאָמען. האָט זיך עס געלייענט: „אבר־בנ־אל“. זיינע קינדער און קינדס־קינדער האָבן באַנוצט די דאָזיקע פאַרקירצונגען פון דעם נאָמען און פאָטער נאָמען פון זייער אָפּשטאַם יאָרן און דורות. מיט דער צייט איז פאַרגעסן געוואָרן דער ערשטער אבר (הם) בן אל (יהו) און עס איז געבליבן איין וואָרט, וואָס האָט שוין געדינט אַלס פאַמיליען־נאָמען פון דער באַריכטער משפחה אברבנאל.

די דאָזיקע היפּאָטעזע איז זייער קרוב לאמת, איבער איר פּשוטקייט.

1937.



# ברוך שפינאָסאַ

— 1 —

## דער גלעזער־שלייפער פון אַמסטערדאַם

ספינאָסעס לעבן איז געווען דאָס לעבן פון אַ שטילן מאַרטירער, וואָס האָט געליטן איבער זיינע אידייען, פאַרפאָלגט געוואָרן איבער זיי און, הגם ער איז פון דער נאַטור ניט געווען קיין ברויזנדער מענטש, וואָס קעמפט אַקטיוו, פאַרטיידיקט זיך קעגן די אָנפאַלן און פאַרפאָלגונגען, נאָר אַ מענטש אַ שטילער, אַן איין זיך פאַרטיפטער, אַ דענקנדיקער מענטש, פאַר וועלכן איין קלאָר און לויטער דורכגעטראַכטער געדאַנק, האָט מער וויכטיקייט און פאַרשאַפט אים מער גענוס, אין דעם עטישן און עסטעטישן זין פון וואָרט, ווי אַלע ערדישע פאַרגעניגנס, האָט ער, דאָך, פאַרעקשנט, אַרויסגעוויזן אַ פאַסיוון ווידערשטאַנד די רבנים פון אַמסטערדאַמער קהלה און דער יידישער געמיינדע, וואָס האָט בלינד נאָכגעפאָלגט אין יענער צייט די אזהרות און דעם חרם פון דעם בית-דין.

אַ שטילע לויטערע נשמה, דורכזיכטיק ווי אַ שפּיגל גלאָז, דורכזיכטיק, ווי דאָס דאָזיקע איינפאַכע גלאָז, וואָס ער האָט געשליפן צו פאַרוואַנדלען עס אין אויגן-גלעזער פאַר קורצזיכטיקע — די אָרעמע שווערע מלאכה פון וועלכער דער גרויסער דענקער האָט אַ צייט לאַנג געצויגן פאַר זיך פרנסה אין דחקות — איז ספינאָזאַ געווען עלנט און אליין כמעט זיין גאַנץ לעבן. ער האָט יאָ געהאַט נאָענטע פריינט, געציילטע אָבער, בלויז; זיי האָבן אים פאַרשטאַנען, דאָס האָט אָבער ניט פאַרמינדערט זיין עלנטקייט. אין איר האָט ער געלעבט, פאַרטריבן פון זיין פאָלק, פון זיין עדה, דורך דער בלינדקייט פון דעם פאַנאַטיזם „מיליטאַנס" פון דער עפּאָכע פון רעליגיעזע אויפברויזן און רעליגיעזע שטרייטן.

פרייע גייסטער האָבן געהאַט דאַן דורכגעבראָכן, ניט לאַנג צוריק, גרויסע טירן און פענצטער-לעכער אין דעם כינעזיישן מויער פון דער פאַרשטיינערט-געוואָרענער קאַטוילישער רעליגיע. די אַלטע צעשעדיקטע אמונה פון דער אָפיציעלער קריכטלעכער וועלט האָט מיט די „ציינער און נעגל", פאַרצווייפלט, פאַרטיידיקט איר עקזיסטענץ און ווייטערדיקע גאַנצקייט. — און ווי עס קריסטלט זיך אַזוי יידלט זיך. האָט דאַן אויך די יידישע געטאָ אין דער האָלענדישער הויפּטשטאָט פאַרטיידיקט איר גאַנצקייט, די אומבאַרירבאַרקייט פון דער רבנישער וועלט-אַנשויאונג, די אומבאַרירלעכקייט פון יידישע עיקרים, וואָס האָבן אונדז געגעבן כוח צו לעבן אונטער די ערגסטע אומשטענדן, די אומבאַרירבאַרקייט פון דער יידישער אמונה קעגן דעם אָנגריף פון דעם נייעם אַנאַליטישן און קריטיקירנדיקן

געראַנק, וואָס האָט, חלילה, ווי די רבנים האָבן געדענקט, געקענט צעשטערן דעם עצם-יסוד, אויף וועלכן די יידישקייט איז געגרונטפעסטיקט.

מען דאַרף פריער גוט פאַרשטיין דעם כאַראַקטער פון דער עפּאָכע, אין וועלכער ספּינאָסאַ האָט אויפגעטרעטן מיט זיין לערע און אויפפירונג, מיט זיין מהות און שטילן, צנועדיקן דענקען, ערשט נאָכדעם קען מען טראַכטן וועגן אים.

די ליטעראַטור לערע פון אַזאַ מענטשן, אין וועלכן די נשמה און די מהשבה בילדן איין גאַנצעס, האַרמאָנישעס און דעם אינגסטן מהות פון אַ וועזן, וואָס קאָן אויף קיין קאָמפּראָמיסן מיט זיך ניט גיין; די עקזאַקטקייט פון דער עקס-פּאָזיציע אין וועלכער מען האָט געקענט זען אַ מאַטעמאַטיקער, צום דינסט פונם פילאָזאָף און די פאַרעקשנטע פּאַסיוויטעט צו ליידן די עלנטקייט און די פאַר-פאָלגונגען מצד די, וואָס האָבן ניט געקענט מסכים זיין, צו זיינע לערעס, ווען אפילו זיי וואָלטן זיי פאַרשטאַנען, דאָן, און באַגריפן — איז גע-ווען ניט פאַר זיין דור און ניט פאַר זיין עפּאָכע. וואָרום עס איז געווען די צייט פון איבעראָפּעס איבערגאַנג אין גייסטיקן און פּאָליטישן זין; פאָלגלעך די צייט, ווען די אָנהענגער פון דאָס אַלטע, דאָס אַרכאַאישע, וואָס איז אין די פּרעמס פון דורות פאַרגליווערט געוואָרן, האָבן ביטער געקעמפט פאַר דעם און מיט אַלע געערכטע און אומגעערכטע מיטלען פאַרטיידיקט זייער אמונה, און זייערע לעבנס-פאָרמען און וועלט-אָנשויאונג. באַקעמפנדיק ביטער דעם אַגרעסיוון נייעם גע-דאַנק, וואָס האָט זיך דאָן, גראַדע מיט אַ באַזונדער שטאַרקייט, געריסן אין אַלע שפּאַרעס און לעכער פון דעם אַלטן מויער פון רעליגיעזיטעט.

מיט איינעם וואָרט, עס איז געווען די ערשטע העלפט פון דעם 17-טן יאָר-הונדערט, דער יאָרהונדערט, וואָס נאָך די ערשטע רעליגיעזע רעפאָרמעס און פאַר די ראַציאָנאַליסטן, דער יאָרהונדערט ווען די רעליגיעזע מלחמות און סתם מלחמות האָבן אויף איין טאָג ניט אויפגעהערט... און די געשיכטע פון דער יידישער געטאָ איז דאָך, נאָך אַלעמען תמיד געווען אַ מיניאַטור-ווערק פון דעם, ווי די געשיכטע האָט זיך געוועבט און געשאַפן אויסער די מויערן פון דער געטאָ — מויערן, אַלץ איינס מויערן צי אין-פיזישן, צי אין מעטאַפאַרישן זין.

די געמיטער פון די קעמפער פון ביידע צדדים זיינען געווען דאָן אָנגע-שטרענגט. די רבנים זיינען געווען פאַרביטערט פון דעם, וואָס דער גייסט פון אפיקורסות און פריידענקען האָט זיך דורכגעריסן אין די אַלטע פענצטער פון דער אַמסטערדאַמער ישיבה „עץ חיים“, וואו עס האָבן זייער שיעור געגעבן אַזעלכע באַרימטע רבנים, ווי ר׳ יצחק אבוהב, ר׳ שמואל מורטירא און ר׳ מנשה בן ישראל. ערשט מיט אַ פּאָר צענדליקער יאָר פאַר דעם האָט די רבנישע קהלה פון אַמסטער-דאַם געהאַט אויסצושטיין דעם קאַמף מיט דער באמת קעמפערישער ברויזנדער נאַטור פון אַן אוריאל ד׳אַקאָסטאַ, וועלכער האָט זיך ניט באַנוגנט מיט דענקען אליין און מיט דער הנאה, וואָס די אַנטדעקטע פילאָזאָפישע אמתן, פאַרשאַפן דעם אַנטדעקער. נאָר האָט שטאַרק געפּרעדיקט און געקעמפט פאַר דער פאַר-שפּרייטונג פון זיינע אמתן.

קיין הידוש ניט דערזוג, וואָס וועגן די „פילאָזאָפיע וואָס פאַרפירט" (1) האָט זיך ווידער אריינגעכאַפּט אין אַ דערצויגענעם אין דער אַלטער אַמסטערדאַמער ישיבה, האָבן די רבנים זיך דערשראָקן און ווידער זיך גענומען צו אָגוועגדן — קעגן דעם רואיקן ווייט ניט קעמפעריש-געשטימטן, שטילן און יונגן דענקער ברוך ספּינאָסאַ — דאָס שרעקלעכע חרם-געווער.

דער שאָטן פון דער אוריאל ד'אַקאָסטאַ-צייט האָט געוואָרפן אַ פּחד אויף דער בלאַסער, שוין דאַן שווינדזיכטיקער פיגור פון דעם אין זיך פאַרטיפטן דענקער ספּינאָסאַ.

און ווידער האָבן די רבנים ביים שאַלן פון די שופרות, ביי שוואַרצע ליכט אויפן עמוד, דורך כרוזים און מודעות, ביי אַן אָפענעם ארון קודש, מחרים געווען, אין יאָר 1656, אין חודש אָב, דעם דענקער ברוך ספּינאָסאַ, אליין אַ געבוירע-נער אין אַמסטערדאַם, אַ דערצויגענער אין יענער ישיבה, אַ זון פון אַ בכבודער יידישער משפּחה, וואָס איז פון שפּאַניע אַנטלאָפן אין דער פרייער האָלאַנד און דאָרטן צווישן יידן זעלבסט אַנגעטראָפן אַן אַגרעסיווע רעליגיעזע אומטאָלעראַנץ, ענלעכע צו דער, וואָס האָט געהערשט צווישן קריסטן.

עס איז געווען די ערשטע העלפט פון 17-טן יאָרהונדערט; און דערמיט ווערט אַלעם דערקלערט.

ספּינאָסאַ איז דעמאָלט, בעת דעם חרם אַלט געווען אין גאַנצן 24 יאָר. אַ טרייער תלמיד פון דעקאַרטס פילאָזאָפישע שיטה, האָט ער קוים נאָך צייט געהאַט, דאַן, צו אָנצייכנען פאַר זיך אַליין זיין אייגענעם וועג אין דער פילאָזאָפיע — און שוין האָט מען אים מחרים געווען מיט דער גאַנצער שטרענגקייט פון דער חרם-מאַכט, וואָס די דאַמאָלסטיקע רבנים האָבן געהאַט.

ווי האָט דער חרם אויף אים געווירקט?

פּונקט אין קעגנזאַץ ווי אויף ד'אַקאָסטאַן. אים האָט דער חרם ניט אָפּ-געשראָקן, ניט געערגערט שטאַרק, און ניט באַזיגט אויך.

ער האָט אין דער געטאָ ניט געהאַט כמעט קיינעם, ווער אָדער וואָס זאָל אים מיט די פּעדים פון ליבע און נאָענטקייט מקרב זיין און דורך דעם אפשר אַרויסרופן ביי אים אַ געדאַנק פון מוותר זיין עפנטלעך אויף זיין פילאָזאָפישער אָנשויאונג, כדי צו פאַרבלייבן נאָענט צו יידן. טאַטע-מאַמע זיינען שוין לאַנג טויט געווען, קיין כלה האָט ער אין דער געטאָ ניט געהאַט. איין איינציקע שוועסטער, רבקה, אין וועמענס הויז ער האָט געוואוינט, וואָלט אים אפשר געווען געקענט צובינדן צו יידן און צו דער יידישער געטאָ, האָט זי אויך אויף אים געקוקט נאָכן חרם — אַ פרום קינד פון איר פרומען דור — ווי אויף אַן אַרויסגעוואָרפענעם, אַרויסגעשטויסענעם פון כלל ישראל. האָט ספּינאָסאַ קיי-נעם מער אין דער אַמסטערדאַמער קהלה ניט געהאַט און האָט מיט די רבנים קיין קאַמף ניט געפירט און זיי קיין צרות אויך ניט פאַרשאַפן.

פאַרשטויסן פון דער אייגענער עדה, איז ער שטיל און צניעותדיק, ווי ער איז געווען, שטיל און באַשיידן אַוועק צו דער וועלט, וואָס האָט זיך געצויגן

---

(1) אַן אויסדרוק פון דעם ווילנער גאון, וועגן רמב"ם.

אויסער דער אַמסטערדאַמער ישיבה-קהלה. האָט געשליפן גלאָז פאַר אויגן-גלע-זער, געלערנט אַליין און יענעם געלערנט, פאַרטיפט זיך אײנזערלעך און אַרויסגעבראַכט אויסערלעך גלייטערטן געשליפענעם געדאַנקן-קריסטאַל וועגן אַזעלכע אייביקע פראַגן, ווי „וואָס און וואו גאָטהייט איז" און וואָס איז דער מענטש אין שאַפונג און אין וואָס דריקט זיך אויס דאָס באַזונדערע און דאָס פּולקאָמע מענטשלעכע גליק אין דעם מענטשלעכן לעבן.

דאָס מאָל האָבן זיך די רבנים פון אַמסטערדאַם געריבן מיט זייער שרעק-לעכן חרם-וואָפן אין אַן אָפענער טיר. עס איז ניט געווען ווער עס זאָל קענען זיי קעמפן, ווער עס זאָל זיי אפילו פאַרדאַמען פאַר זייער אומטאָלעראַנץ, מחמת דער „גלעזער-שלייפער פון אַמסטערדאַם" — וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט שפּעטער צו אָננעמען אפילו אַ קאַטעדרע אין אוניווערזיטעט, ווייל עס איז אים אין לעבן גאָרניט אָנגעגאַנגען — איז ניט געווען פון די, וועלכע פאַרדיקט זיין תורה מיטן פייער פון אַ קנאי, נאָר מיט דער שטילער, קלאָרער דורכזיכטיקייט פון אַ דענקער אַ צדיק, הגם פאַרעקשנט קענען וועלכער ניט איז פשרה.

פאַרשטוויסן פון זייניקע — איז ער אוועק צווישן פרעמדע, וואָס זיינען טאָלעראַנטער געווען צו אים. ער האָט אָבער זייער גלויבן ניט אָנגענומען, ווייל:

דער וואָס האָט באַשאַפן דעם פ א נ ט ע א י ז ם, אין דער פילאָזאָפיע, דער, פאַר וועמען די וועלט און אַלעס, וואָס אין איר געפינט זיך, איז דער אויס-דרוק פון גאָטהייט, האָט דאָך קיין גלויבן, וואָס זאָל זיין אויסגעדריקט אין אַ דאָגמאַטיזירטן גאָט און וואָס שאַפט פאַר אים אַ ריטוס, מנהגים און דינים געוויסע, ניט געקענט אָננעמען.

איז ער פון אייגענע אַוועק, דאָס אָפיציעלע גלויבן ניט אָנגענומען און גע-לעבט אַזוי שטיל און זאַכט, ניט האָבנדיק קיין אַנדער גליק אין לעבן, ווי דאָס גליק וואָס אַ דענקער געפינט אין זיינע גייסטיקע דורך אים אַנטדעקטע אמתן. ער איז אפילו ניט להוט געווען זיינע אמתן און אידייען, זיינע געדאַנקען און אָנשויאונגען פאַרן לעבן צו פאַרעפנטלעכן. איז דערפאַר זיין תורה געווען אַ תורה שבעל פה, וואָס תלמידים, פריינט און אָנהענגער, דורשטיקע נאָך וויכן און אמת, זיינען געקומען צו פאָרשן פון זיין מויל. און דערפאַר טאַקע האָט ער די מערסטע טייל פון זיינע ביכער אַליין ניט פאַרעפנטלעכט. נאָר זיי זיינען ערשט נאָך זיין טויט פאַרעפנטלעכט געוואָרן; און די, וואָס ער האָט יאָ אָפּגעדרוקט פאַר זיין לעבן, האָבן אויך זיין נאָמען אַלס פאַרפאַסער ניט געטראָגן.

אַ שטילער פילאָזאָף און דענקער — און אַנדערש איז שווער צו באַגרייפן אַן אמתן פילאָזאָף און דענקער — וואָס האָט געשטרעבט צו אויסדריקן דעם אַבסטראַקטן פילאָזאָפישן געדאַנק מיט דער עקזאַקטקייט און קאָנקרעטקייט פון מאַטעמאַטיש - באַשטעטיקטע אמתן, האָט שפינאָזאַ, ווי אַ פילאָזאָף אַ וואָרער, אויך אין קאָנקרעטן לעבן, געלעבט צווישן פ ר ע מ ד ע, וואָס זיינען אים קיינמאָל נ אָ ע נ ט ניט ג ע וו אָ ר ן, און ווייט פון א ײ ג ע נ ע, וועלכע זיינען אים קיינמאָל פ ר ע מ ד ניט ג ע וו אָ ר ן, אויסגייענדיק שטיל ווי אַ ליכט פון שווינדזוכט-קראַנקייט, צאַנקענדיק לאַנגזאַם, און דאָס העלע פלעמל פון זיין נשמה איז פאַרלאָשן געוואָרן אין דער שטאָט האַאַג, הויפּט פון

האָלאַנד אין פעברואַר 1677, אין דער עלטער פון עטוואָס מער ווי 44 יאָר. און זיין קערפּער איז אויך צווישן פרעמדע באַערדיקט געוואָרן.

אַ שרעקלעך געוועזן איז דאָן געווען דער חרם. נאָכן טויט אפילו האָט ער פון רחמנות ניט געוואוסט.

איצט פייערט די גאַנצע וועלט פון וויסן און אינטעלעקט דעם צווייהונדערט פופציקסטן יאָרצייט פון א ו נ ד ז ע ר אַמסטערדאַמער צנועדיקן פילאָזאָף, וואָס האָט אַ לעבן לאַנג ג ל ע ז ע ר ג ע ש ל י פ ן פ אַ ר ק ו ר צ ז י כ ט י ק ע, זיי זאָלן בעסער און נאָענטער זען. מיר וועלן זיכער ניט זיין די לעצטע אין דער דאָזיקער פייערונג, און אפשר וועלן די ווענט פון דער אַלטער אַמסטערדאַמער שיל, וואָס האָבן געהערט די שופרות פון חרם אויף ספינאָסאָן, הערן איצט לויב-רעדעס צו זיין אָנדענק.

ברוך ספינאָסאַ: דער גלעזער-שלייפער פאַר קורצזיכטיקע.

איז עס ניט אַ סימבאָל פאַר זיין לעבן, פאַר זיין מהות, פאַר זיין דענקען? גלעזער שלייפן, כדי ליכטיקער און זיכטיקער צו מאַכן די אויגן פון קורצזיכטיקע.

---

זיין לעבן — דאָס טרויעריקע און איינציי̇טיק ליכטיקע לעבן פון א צנועדיקן פילאָזאָף, האָט געדינט אַלס טעמע פאַר אַ קינסטלערישן ראָמאַן, וואָס דער יידישער שריפטשטעלער אין דייטשלאַנד, בערטאָלד אויערבאַך, האָט אָנגעשריבן אונטערן נאָמען: „ספינאָסאַ“. אָבער דאָס איז דאָך נאָך אַלעמען געווען אַן איינפאַך לעבן פון אַ שטילן דענקער, אַן גרויסע אויפטרייסלונגען, אויסער די ערשטע אײפטרייסלונג פון חרם, אַן אַנדערע פריידן און ליידן, ווי די פריידן פון דערקענטעניש און פון דערגרייכונג פון נייע פילאָזאָפישע אמתן.

ניט אַזעלכער, ווי ספינאָסאַ איז געווען, האָט געקענט ווערן אַ העלד פון אַ ראָמאַן, אָדער שטאַרקער טראַגעדיע „אַלאַ ד׳אַקאָסטאַ“. — און דאָך איז ער עס געוואָרן.

באַשיידן און שטיל געלעבט, האָט זיין שטערן אָנגעהויבן לייכטן נאָכדעם, ווי דער דייטש הערדער און דער גרויסער געטע זיינען געוואָרן זיינע פאַרערער און נביאים. קעגנער גרויסע האָט ער געהאַט, וואָס האָבן בלבולים אויף אים, דעם ציכטיק-זויבערן דענקער, אויסגעטראַכט; האָט אָבער דערפאַר נאָך זיין טויט העל זיין שטערן זיך צעפינקלט, און די וועלט די גאַנצע האָט זיין ליכטיקייט דערזען.

באַמיט זיך איצט די וועלט אַוועקצונעמען אים און זיין לערע ביי אונדז: די רבנים האָבן אים פאַרשטויסן, זאָגן זיי. ריכטיק; אָבער ניט דערפאַר איז ער אויס ייד, און ניט דערפאַר הערן אויף אין זייער גרינטלעכער גרינטלעכקייט זיינע אידייען צו זיין אונדזערע, יידישע אידייען — זאָגן מיר — און ניט דערפאַר הערן אויף די קוואַלן, פון וואַנען ער האָט געטרונקען, צו זיין אונדזערע קוואַלן: תנ״ך, משנה, תלמוד, אונדזערע פילאָזאָפן פון מיטלאַלטער.

ספינאָסאָס תורה, דער פּ אַ נ ט ע אַ י ז ם, איז, אין גרונט באַטראַכט, די וועלט-אָנשויאונג פון תלמוד, פון די „פרושים“. וועלכע ער האָט גראַדע אַזוי

ניט ליב געהאט, זעענדיק אין זיי דעם אורשפּרונג פון די פאַרבלענדטע רבנים, וואָס האָבן אים מחרים געווען. ניט אומזיסט ווערט אין תלמוד באַצייכנט דער נאָמען פון גאָטהייט מיטן וואָרט „מקום" (אָרט). די קבלה און איר באַציאונג צו דער שכינה און דער טבע, צו דער גאָטהייט און דאָס מענטשלעכע, האָט אָן ספק, באאיינפלוסט, ספּינאָסאָס געדאַנקען-גאַנג. זיינע עריטטע וויכטיקע אַרבעטן אויף דעם געביט פון פילאָזאָפיע, שפּראַכן-פאָרשונג און ביבל-פאָרשונג, האָט ער דער העברעאישער שפּראַך געווידמעט. — הגם ער האָט ווי אַלע קלאַסיקער-פילאָזאָפן פון דור, זיינע הויפּט-ווערק געשריבן אין לאַטיין. דאָס האָט געמיינט עפּעס צו זאָגן. דאָס לאָזט פיל צו הערן.

אונדזערער איז ער, און קיינער קען אים ביי אונדז ניט אַוועקנעמען — פאַרן לעבן האָבן אים רבנים, קינדער פון זייער צייט און פון זייער עפּאָכע, פאַרשטויסן, פיזיש אַרויסגעשטויסן פון דעב, וואָס זיי האָבן געמיינט, אַז דערמיט ווערט אַרומגעגרעניצט און באַגרעניצט די יידישע עדה. זיין לעבן אָבער און לערע, זיין דענקען און זיין שאַפן — איז אונדזערס; יידישעס.

און ווען די וועלט פייערט איצט דעם דריטהאַלבן הונדערט יעריקן יאָרצייט פונם האָלענדישן פילאָזאָף בענדיקטוס ספּינאָסאַ, לאָמיר הויך פּראָקלאַמירן, אַז דאָס איז דער יאָר פון דעם יידישן פילאָזאָף און דענקער ברוך ספּינאָסאַ.

פון ברוך ספּינאָסאַ, וואָס האָט שלייפנדיק אויגנגלעזער זיך צו דערנערן, געשליפן געדאַנקען און מהות, די פיינצטערניש פון מענטשן, אומטאָלעראַנטקייט פון עפּאָכעס און וויסן פון אַלע צייטן צו באַלויכטן פאַר גאָר דער וועלט, לאָמיר הויך פּראָקלאַמירן — ביי דער געלעגנהייט פון זיין דריטהאַלבן הונדערטסטן יאָרצייט — אַז בענעדיקטוס ספּינאָסאַ, איז ניט דער יונגער האָלאַנדס; נייערט אונדזערער איז ער.

ער, וועמעס גרויסקייט אליין איז גענוג צו פאַרזיכערן די אומשטערבלעכקייט פון אַ גאַנצער אומה אין אַ משך פון אַ גאַנצן געשיכטע-אַלטער, האָט געקענט אַרויסוואַקסן, אַזוי ווי ער איז געווען, ריינהאַרציק, ווי די הייליקסטע פון די קדושים פון יהודה און ישׂראל און ליכטיק און גליקזעליק ווי אַ לייכטנדיקער גייסט, וואָס באַלויכט און דערוואַרעמט, און איז מגלה און דערפרייט, נאָר פון דעם שטאַם דעם אוראַלטן פון יידישקייט, פון וועמעס וואָרצלען די נביאים זיינען אַרויסגעוואַקסן.

איך בין מסופּק צו וועט מען אין דער געשיכטע פון מענטשלעכן געדאַנק און מענטשלעכן טאַט — אין סכום איז עס כּלל די גאַנצע געשיכטע פון מענטשן — געפינען נאָך אַזאַ פאַל ווי ספּינאָסאַ; כמיין אַ פּערזאָן וואָס זאָל קענען פאַרגליכן ווערן צו אים, אין דער יידישקייט פון אידעען אַרויסצעזאָגט-ווערנדיקע, און אין דער זעלביקער צייט זאָל ער באַזיצן אַזוי פיל זויבערקייט, ריינקייט פון האַרצן, אומיטלבאַרקייט אין באַציאונג פון מענטשן צו מענטשן און פון דענקער צו זיינע תלמידים, אַזויפיל פּשטות, און אַזוי פיל אמתע עניוות, נאַטירלעכע טראַנסענדענץ, ביי אומבויגזאַמער איבערגעגעבנ-

קיום צו דער וואַרהייט פון געדאַנק, וואָס ער האָט געלערנט, אָן דעם מינדעסטן אָנשטעל פון „קבלו דעתי“.

— 2 —

## ספּינאָזאַס „טראַקטאַט“

די אויפגאַבע פון די ווייטערדיקע לויפיקע און אויבנאויפיקע נאָטיצן: גע-שריבענע אין די טעג פון ספּינאָזאַס צוויי הונדערט פּופציקסטן יאָרצייט, און דאָס מיינט צו זאָגן: אונטער אַן עטוואָס געשפּאַנטער יום-טובדיקער שטימונג, איז ניט צו אָפּשטעלן זיך אויף זיינע ווערק, ניט צו פאַרטיפן זיך אין זיין קאָנ-צעפּציע, נאָר באַטראַכטן זיין הערלעכע הייליקע געשטאַלט, אין איר איניגסטער שייכות מיט אונדזער פאָלק, — פאָלק אין דעם זינען, ווי ספּינאָזאַ האָט עס פאַרשטאַנען אַלס אַ עטנישער, אַ ראַסן-איינס.

דאָס איז אַן ענין, וואָס האָט אַרויסגערופן פיל דיסקוסיעס, לאַנגע, פאַר-ביטערטע, פּילפּולדיקע, פאַרפלאָנטערטע אין משך פון יאָרהונדערטער. איך לייג דאָס אַליין דאָ אַוועק אין אַ זייט און וועל מיך באַמיען, — ווי רב זירא, בשעתו, וואָס האָט געפאַסט, ער זאָל פאַרגעסן, וואָס ער האָט געלערנט אין בבל — צו פאַרגעסן, וואָס כהאָב ווען געלייענט וועגן דעם.

כדי צו דערפינירן דעם טיפן יידישן מהות פון דער לויטערער געשטאַלט פון דעם גלעזער-שלייפער פון אַמסטערדאַם, איז גענוג, צו באַטראַכטן זיין לעבן פון פרישות און אומקערן זיך דירעקט צום קוואַל פון זיינע ספרים, לייענען זיי אָן פאַראורטיילן, אָן אַ פּילפּוליסטישן צוגאַנג, אָן צו אָנגורטן זיך מיט סברות און „אַרויסדרינגענישן“, נאָר וואָס מער פשוט — און עס באַקומט זיך אַז ד י י י ד י ש ע ג ע ש ט א ל ט פון ספּינאָזאַן איז גאַנץ און הערלעך.

נאַטירלעך, אַז פאַר דעם ציל מיינעם דאַרף מען זיך ווענדן צום „טראַקטאַט“ קודם-כל און דער עיקר, הגם אויך די „עטיק“ איז אין מהות דורכאויסיקע יידיש-קייט; ווייל ספּינאָזאַס קאָנצעפּציע איז דאָך איינע און גאַנץ אין אַלע זיינע ווערק און זי איז: איינע און גאַנץ אין איר יידישקייט מהות.

די באַציאונגען, אָבער, צו זיינע ווערק, אָנהויבנדיק פונם „טראַקטאַט“, וועלן אין די דאָזיקע נאָטיצן קומען נאָר אויף אַזויפיל, אויף וויפיל זיי זיינען נויטיק פאַר דאָס אַרויסברענגען פון ספּינאָזאַס יידישקייט - ג ע ש ט א ל ט און ניט פון זיין אַבסטראַקט-פילאָזאָפישער קאָנצעפּציע.

דער טראַקטאַט איז ניט קיין ווערק פון איינעם, וואָס דערנענטערט זיך צו די ביבלישע ספרים ווי אַן אַנטיקוואַר, וועלכער איז פאַראינטערעסירט צו אָפּוועגן און אָפּשאַצן די ווערט פון אַלטע דאָקומענטן: „איך שרייב ניט איבער די כתבי-הקודש — זאָגט ספּינאָזאַ, אין די ערשטע זייטן פון דעם טראַקטאַט — פאַר די, וועלכע קענען האָבן מער אינטערעס אין די רואינען פון אַלטערטימלעכ-קייט איידער אין דער אייביקייט זעלבסט“; ער דערמאָנט אונדז עטלעכע מאָל איבערחזרנדיק, אַז דער צוועק פון דעם טראַקטאַט איז צו דערווייזן, אַז דאָס

גלויבן און דער שכל, ניט נאָר זיינען ניט אין שטרייט צווישן זיך, נייערט זיי קענען זייער לייכט באַרעכטיקן און מאַכן אַנערקענען „זייערע רעספּעקטיווע רעכטן, אָן דעם, אַז עס זאָל צווישן זיי דאַרפן זיין אַ שפחה אָדער אַ האַרנטע“. ער וויל דערמיט זאָגן, אַז דאָס דאָזיקע ווערק, ווי דאָס ווערט באַהויפּטעט פון דעם נאָמען זעלבסט, איז זיין מהות, אַ מסכתא וועגן טעאָלאָגיע.

דאָס דאָזיקע זאַלץ-קערנדל, דער דאָזיקער תוך, איז דאָס, וואָס פאַרייניקט אין אים די רעליגיעזע פּיעטעט מיט דער וויסנשאַפטלעכער דיסציפּלין: און דורך דעם האָט ער אַרויסגעוואָרפן אויף די ביבל-ספרים אַן אייביק פאַרבלייבנ-דיקע, אַ שטענדיקע, אינטעלעקטועלע קלאָרקייט, אומקערנדיק זיי צוריק דעם גרונט פון אַ לעבהאַפטיקער היסטאָרישער רעאַליטעט. פאַר אָט דעם צוועק נעמט ער אַוועק פון די פאַקטן און פון די פּראָטאַגאָניסטן פון דער ביבלישער דראַמע דעם לבוש פון לעגענדע, מיט וועלכער זיי זיינען אָנגעלאָדן און באַקליידעט געוואָרן דורך דער אומוויסנהייט און פלאַכקייט און דערנאָך ווענדעט ער זיי אָן, באַציט זיי — אין דער נאַטירלעכער נאַקעטקייט, אין וועלכער זיי זיינען געבויירן געוואָרן — צו אַ מאָראַלישער קאָנצעפּציע, וועלכע עס וועלן אומזיסט זיך באַמיען צו אויפנעמען די, וואָס קענען עס ניט פילן, ניט שפּירן, ווייל עס איז אָפּהענגיק, אַליין אין זייער אייגענעם גייסט, אָדער וועלכע מיינען, אַז מען קען עס אויף כוח אַריינכאַפּן, אַריינבאַקומען, — ווי אַ געפאַנגענע זאַך — בלויז מיט וואָפן וואָס הייסט ערודיציע. ספּינאָזאַ נעמט אויף די דאָזיקע ביב-לישע רעאַליטעט, מיט דעם זעלבן מין פון אומיטלבאַרקייט אין זיין שפּירונג, מיט וועלכער די פּערסאָנאַזשן זעלבסט פון דער ביבל, וואָלטן אויפגענומען און אָפּגעשאַצט די דאָזיקע רעאַליטעט. ער דעראָבערט איר און ער באַהעפט איר — אָט די דאָזיקע ביבלישע רעאַליטעט — צו זיין אייגענער נשמה דורך די רעגונגען פון ליידן און פון ליבע: און דאָס זיינען די איינציקע וואָפן, אונטער וועלכע יעדער גרויסע פילאָזאָפיע אָדער מאָראַלישע זעאונג וואַרפט זיך אונטער מיט געוויסערמעסיקער געהאָרכזאַמקייט. מיט די דאָזיקע רעגונגען דרינגט ער אַריין אין דעם סוד פון די מאָראַלישע אידעאַלן פון ישראל, אינם דאָפּלטן פּראָ-צעס פון קאָנטינואיטעט און פון צייטמעסיקייט און ער פאַרענדיקט דערמיט, וואָס ער דערגרייכט אַ קריטעריום צו אונטערשיידן דאָס עכטע יידישע אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט.

אין הסכם מיט אָט דעם דאָזיקן קריטעריום — וועלכער פאַלט צוזאַמען, אגב, מיט די שטאַנדפּונקטן פונם רמב״ם, שיידט ספּינאָזאַ אונטער דאָס יידישע פון דעם, וואָס עס איז ניט, אין דער טענדענץ אָדער נייגונג צו ראַציאָנאַלער פולקאָמענהייט. דער דאָזיקער קריטעריום און צוגאַנג ספּינאָזאַס צו די כתבי-הקודש, האָט אַן איבערוויגנדיקע ראָל אין דעם טראַקטאַט. ער באַוועגט ספּינאָזאַן צו מאַכן דורכגיין, דורכפירן פאַר אונדז די גרעסטע פיגורן פון דער ביבל, אָבער ניט אַלס איינפאַכע פּרעדיקער אָדער באַוואַכער פון די גלויבונגען פון די אבות און פון די פאָריקע דורות, נייערט אַלס ווערטיקע און געלערנטע אויסדריקער און אויסטייטשער פון די גייסטיקע הצטרכותן פונם יידישן פאָלק.

וואָס ספּינאָזאַ איז אויסן געווען מיטן „טראַקטאַט“. וואָס ער האָט זיך פאַר־

גענומען צו דערגרייכן דורך אים איז, אייגנטלעך, דאָס, וואָס מיר וואָלטן געדאַרפט ביז איצט צו טאָג אויסן זיין צו זוכן און צו דערגרייכן דורך יעדן ערנסטן אמתן טראַקטאַט וועגן טעאָלאָגיע בכלל, נעמלעך, אַז: די טעאָלאָגיע, די גאָט-פאָרשונג און גאָט-לערע זאָל ניט דאַרפן אָנקומען צו באַווייזן, פשוט געזאָגט, צו-געצויגענע פאַר די האָר און באַנוצן זיך מיט מיטלען, וועלכע זיינען אין קעגנ-זאַץ צו דער געזונטער לאָגיק און צעטרעטן די נאַטירלעכע פּיעטעט פונם געוויסן.

די ריין טעאָלאָגישע פּאָזיציע פון דעם דאָזיקן ווערק איז אין פולער האַר-מאָניע, מיט אַלץ, וואָס איז פון טעאָלאָגיע פאַראַן אין אונדזער לערע, און אונ-דזער געשיכטע.

מען זעט עס בולט אַרויס, ווען מען נעמט אין אָנבאַטראַכט דעם אונטער-שייד צווישן שפּינאָזאַן און זיינע נאָכפאָלגער, בנוגע די הויפּט-מסקנות פון דער וויסנשאַפטלעכער ביבל-קריטיק.

דאָס זעלביקע זאַלץ-קערנדל, דאַכט זיך, וואָס דינט פאַר די נאָכגעקומענע ביבל-קריטיקער, ווי אַ מין רעאַקטיוו צו אַרויסרופן ביי זיי אַ פאַרניינענדיקע באַ-ציאונג — אין זייערע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען — צו די כתבי הקודש, און זיי טרעטן צו, דארום, צו זיי, מיט עפּעס אַ מין באַמערקבאַרן אומ-צוטרוי — אָט ווי מען טרעט צו צו פאָרשן, וויסנשאַפטלעך אַ מין שווינדל, רחמנא ליצלן, — אָט דאָס זעלביקע זאַלץ-קערנדל, דאַכט זיך מיר, איז פאַר אים, פאַר שפּינאָזאַן, יענער רעאַקטיוו, וואָס מאַכט סטימולירן אין אים זיינע איבערצייגונגען, און ער, באַגרינדנדיק זיי אויף די כתבי-הקודש, איז אויך אי-בערצייגט, אַז אונדזערע הייליקע שריפטן, זיינען אַקצעפּטירבאַר אפילו פאַר אַן עקסטרעם-פאָדערנדיקן ראַציאָנאַליזם.

קיינער האָט אַזוי גוט ווי שפּינאָזאַ ניט אָפּגעשאַצט די איבערשטייגנ-דיקע, אומגעהויערע, מאָראַלע גרויסקייט און הויכקייט, און דאָס געשיכטלעכע, און דאָס פאַרגעשייענע פון אונדזער פאָלק, טאָקע אַ דאַנק דעם אומיטלבאַרן צוגאַנג זיינעם צו די הייליקע שריפטן. ער האָט צו יידן, אַלס פאָלק און צו יידישקייט אַלס מאָראַלישע קאָנצעפּציע אויך געהאַט אַזאַ מין צוגאַנג: ער האָט זיי אָפּגעשאַצט מיט אַ ביבלישער פשטות.

ער האָט קיינמאָל ניט געוואוסט פון יענער קרענקלעכער, זיך זעלבסט-דערעסנדיקער צעקראָכענער אומבאַהאָלפנקייט, — מיט וועלכער מער ווי איין מאָ-דערנעם יידן קומט אויס צו קעמפן, — ווייל ער קען ניט די אַנטעצעדענטן פון זיין פאָלק און קען ניט בייקומען, ניט אַסימילירן זיי צו זיינע אינטעלעקטועלע זאָרגענישן און צעגערונגען פונם איצטיקן מאָמענט, און ער האָט, דערביי אויך מיט דעם נויטיקן מאָראַלן געפיל פון אָנהאַלטן זיי און רעגירן דורך זיי, זיין כאַראַקטער און זיין אויפפירונג.

ער האָט אין דעם דאָזיקן פּרט, פאַרמאָגט די וויזיע און די טוגענד פון די נביאים. ניט אומזיסט איז אים אויסגעפאַלן דער זעלבער גורל, וואָס זיי, די נביאים, צו ווערן צו-שפּאָט און ווערן פאַרפאָלגט פונם אייגענעם פאָלק. די רעליגיעזע אידעע איז אין אים, ווי אין זיי, געווען אַ נאַציאָנאַלע לעבנס-פונק-ציע, אַ גוואַלדיקע פאַרבינדעניש, אַ מיטהעלפערן פון דער פרייהייט און וואַרהייט.

און אויך גלייך ווי זיי, די נביאים, האָט זיין פּערזענלעכע רעליגיעזיטעט, אַרויס-געבראָכן אין אַן אומאיינגעהאַלטענעם שטורעם פון קעגנערשאַפט קעגן די שקרים און דעם פאַנאַטיזם פון אייגענע און פרעמדע.

ער האָט פאַרשטאַנען, ווי דער גרעסטער פון די געטלעכע לייט — ווי משה האָט עס פאַרשטאַנען — אַז דאָרטן ווי די לוחות האָבן ניט געפונען די געהעריקע און פאַרדינטע אויפמערקזאַמקייט, געהאָרכזאַמקייט און מען האָט ניט אויסגע-פאָלגט, וואָס אין זיי ווערט געזאָגט, אויף דעם זעלבן פּלאַץ גופא, אַז צו מאַכן אַ שריט ווייטער, דאַרפן די לוחות הברית, צעבראָכן, צעשמעטערט ווערן אויף שטיקלעך.

אין דער זעלבער צייט האָט ער אריינגעדרונגען מיט אַן אויסערגעוויינלעכער טרעפלעכקייט און פאַרטיפונג אין די מאָראַלישע סודות פון די עלטסטע יידישע דאָגמעס; און אויך קיין איין מאָמענט האָט זיך, איבער דעם, ניט געשפּירט קיין שום צערודערונג אין דער פילאָזאָפישער ספּאָנטאַניטעט פון זיין אייגענעם גייסט; אַזוי צום ביישפּיל איז די ביבל געווען פאַר אים הייליק, פּשוט דערפאַר, וואָס זי באַציט זיך צו עניוים, וואָס אין זייער מאָראַלישן און מעטאַפיזישן עצם און מהות האָבן זיי די ווערטיקייט פון דאָס אומענדלעכע און דאָס אייביקע.

דאָס יידישע פאָלק, איז הוץ דעם, לויט זיין, ספּינאָכאָס, מיינונג, געווען דאָס אויסדערוויילטע פאָלק, איבער דעם פּשוטן טעם, וואָס דאָס אַלעס, וואָס מען מיינט, אַז די גאָטהייט האָט געגעבן אָדער מבטיח געווען צו געבן אים, דעם אויסדערוויילטן פאָלק, איז ניט מער ווי נאָר דאָס דאָזיקע, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט זיך אַנטשלאָסן פאַרגענומען צו דערגרייכן. ער האָט אויך, גלייכ-צייטיק געגלויבט, אַז די וואַרהייטן פון אונדזער דאָגמע זיינען עכטע און אויס-שליסלעכע אַנטפּלעקונגען נאָר פון יידן, דערפאַר ווייל זיי דריקן אויס אין אַ ביז גאָר הויכער מאָס פון ריכטיקייט, חכמה און וואַרהייט דאָס, וואָס עס איז אינמאַנענט אין וועלטאַל און די יידן האָבן עס דערגרייכט צו אויפנעמען, צו עמפינדן דורך אַ רייע פּרינציפּן וואָס זיינען פאַר אַנדערע פעלקער אומבאַקאַנט.

דער טעאָלאָגיש-פּאָליטישער טראַקטאַט קען און דאַרף ווערן באַטראַכט, ווי אַ מאָנומענט פון יידישן וויסן, אויפגעהויבן אינם לעבנס-ווערק פון דעם פי-לאָזאָף, ווי אַ מאָנומענט אין וועלכן עס ווערט אויסגעדריקט, אַזוי צו זאָגן, זיין יידישער אייפער, הגם אין אַ מער פולשטענדיקער פאָרם, איז זיין פילאָזאָפישע קאָנצעפּציע געקומען צום אויסדרוק אין זיינע אַנדערע ווערק, הויפּטזעכלעך אין זיין „עטיק“ און אין זיין „פאַרן תיקון פון דעם אינטעלעקט“.

דער „טראַקטאַט“ איז עס איבער דער אָנווענדבאַרקייט, וואָס עס באַקומט אין אים די ספּינאָסישע וויזיע. ער איז עס איבער דעם אָפּקלאַנג, וואָס עס האָט, אין זיין אַלגעמיינער סטרוקטור, באַקומען די יידישע אַלעקסאַנדרישע פילאָזאָ-פיע און דער יידישער פילאָזאָפישער געדאַנק פון מיטלאַלטער. ער איז עס איבערן דערפאָלג מיט וועלכן ער הויבט אָן צו אָנווענדן דעם מעטאָד, די ענדציל, דעם אינטערעס, און די גרונט-מסקנות פון די מאָדערנע ביבל-פאָרשונגען. און ער איז עס דער „ט ר אַ ק ט אַ ט“, איבער דער קלאָרקייט און הייטערקייט, מיט וועלכער עס ווערט אויסגעדריקט אין אים, דוקא, יענער פּערזענלעכער עלעמענט,

וואָס איז אַזוי אייגנטלעך ספּינאָסאַס עקספּאַזע — ווי אַ שטיק פון זיין נשמה, וואָס איז אין אים פאַראַן אַלס ייד.

דאָס זעלביקע לאָזט אונדז ספּינאָסאַ זען אין די אויסדרוקן וועגן דער אמונה און אין די אָנונגען וועגן דער גאָטהייט.

ער דערווייזט אונדז אַז די ערשטע און די צווייטע האָבן דורכגעמאַכט טיפע פאַרענדערונגען, וועלכע זיינען פאַראורזאַכט געוואָרן דורך פאָדערונגען פון פאַרשיידענע אומשטענדן און עפּאָכעס, הגם זיי האָבן ניט באַרירט דעם תוך, די עסענץ אין דעם כאַראַקטער פון יידישער רעליגיאָזיטעט.

לויט ספּינאָסאַן, זיינען עס טראַנספאָרמאַציעס, וואָס זיינען אַרויסגערופן געוואָרן בכיוון אין וועלכער מדרגה זיי זאָלן ניט שטיין אינם פּרט פון דערנענטערונג צו דער ראַציאָנעלער פולקאָמענהייט — אין די אור-גרונטן, אין די פּרימיטיווע באַזעס פון דער אמונה. אַזוי צום ביישפּיל, ווערן די פּשוטסטע פאָרמען פון גאָטספאָרכטיקייט, וואָס די אבות האָבן געלערנט און געגלויבט, פאַרגרעסערט — אָן צו פּוגע זיין עפּעס וואָס אין דעם, אָן צו אַרויסרופן די מינדעסטע פאַרענדערונג אין דעם — אין תורת משה, אין זיין לערע וועגן געהאָרכזאַמקייט און שפּעטער פאַרגרעסערן די התלהבות פון די נביאים און זייער פערזענלעכער טוגענד, די ווייטערדיקע לערע. אויף דעם זעלבן אופן באַקומט דער גאָט פון ישראל שטופנמעסיק די אומפּערזענלעכע און אומענדלעכע אייגנשאַפטן פון אַלע מענטשן, פון אַלע וועזנס, פון אַלע זאַכן, אין דער זעלבער צייט, וואָס ער האַלט אָן אַן אויסשליסלעכע באַציאונג מיט ישראל, ווי עס שטעלט עס פעסט יעדער איינער פון זיינע פּרימיטיווע אַטריבוטן פון אַ השגחה פּרטית און פון אַ ריין נאַציאָנאַלער. אין די דאָזיקע פּראָצעסן שטרעבט אַלעס צו התעלות פונם גלויבן אין דעם פאַרשטאַנד און פון דאָס וואָס געהער צום פּרט אין דעם כלל, אין דער אוניווערסאַליטעט. די אָריענטאַלע צערעמאָניאַלן און מנהגים און די באַרבאַרישע קרבנות פון וועזנס, טרעטן ביסלעכווייז, לאַנגזאַם אָפּ דאָס פּלאַץ, פאַר אַלץ מער דינע, פיינע, טרעפנדע אויסדרוקן פון עכטער גייסטלעכקייט און פון אַ זייער שטאַרקן, אינטענסיוון אינערלעכן לעבן.

עס איז ריכטיק, אַז די וואַרהייט אין די כתבי-הקודש איז צו-ערשט, באַגרינדעט אויף גשמיותדיקע אויגנשיינלעכקייטן, וואָס די חושים און די פאָרשטעלונגען האָבן פאַרשאַפט. זיי זיינען שפּעטער פאַרפולקאָמט געוואָרן, אויף פאַרשיידענע אופנים, דורך אייניקע העכערע גייסטיקע עמפּינדונגען. אָבער זי, די וואַרהייט פון די כתבי-הקודש, הערט קיינמאָל ניט אויף צו אונטערשיידן זיך פון דעם ספּעקולאַטיוון, פונם גערעכנקלעכן אמת. די ערשטע (די ביבלישע וואַרהייט) איז באַשרענקט נאָר אויף אַן איינפאַכן פאַקטאָר פון געזעצגעבונג, וועגן דער אויפפירונג און האַלטונג. זי איז באַשרענקט אויף געבאָטן און זי שטעלט איר דערפאָלג, נאָר אויף געהאָרכזאַמקייט, אויף אויספאָלג. בעת דער לעצטער, דער צווייטער, דער ספּעקולאַטיוו-גערעכנקלעכער אמת, ווערט געפלעגט מיט אַ ווינציקער באַצייכנטער, ווינציקער דעפינירטער מענטשלעכער אבזיכט און באַגרינדעט איז ער ניט אויף אויספאָלג, ניט אויפן „נעשה ונשמע“, נייערט אויף דערווייזונגען, אויף ראיות. און דאָך, לויטן טראַקטאַט, און אַריינקוקנדיק טיף

אין דער ביבל, באַאָבאַכטעט מען דאָרטן, אַזוי צו זאָגן, געגנטן פון וואַרהייט, אין אַ פיל העכערן זין, ווי אין איר ריין לאָגישן טייטש און באַנעמונג. מען באַגרייפט, אַז די וואַרהייט, אין אַזאַ מין אופן אויסגעדריקט, ליגט פאַר זיך דורך אַ וועג אין די נביאים, אין קוהלת, אין משלי, מיט איינעם וואָרט, אין יענע ספרים פון די „עשרים וארבעה״ וואו עס זיינען מכריע אַזעלכע גייסטן, וואָס דרינגען אריין ביזן תוך פון די מענטשלעכע און געטלעכע זאַכן אין פלאַנטערן זיי אויף, באַשיידן זיי מיט דער הילף פון עטוואָס אַזעלכעס, וואָס ווערט ביי זיי אויסגעדריקט אין טוגענד.

דער אַנטשיידנדיקער שריט ווערט געמאכט אין יעזוסן. ספינאָסאַ באַגרייפט יעזוסעס גייסט אויפן גרונט פון פאַנאַנדערקלייבן זיך, פון דורכשניידן אין דעם וואַלד פון די אַפּאָסטאָלישע און פּאַטריאָטישע באַהויפּטונגען און מאמרים וואָס ווערן אים צוגעשריבן און וועלכע, לויט ספינאָסעס אָפּשאַצונג זיינען אויף אַזאַ שטח ווייט פון יעזוסן זעלבסט, ווי די דיסטאַנץ, וואָס צעשיידט די נביאים און די גאָטהייט. אויפן גרונט פון דער דאָזיקער רעקאָנסטרוקציע, וואָס ברענגט אים צו זען אין יעזוסן „די פאַרקערפּערונג פון דער חכמה־העליונה, שטעלט פאַר מיט זיך יעזוס, פאַר אים, פאַר ספינאָזאַן, דעם העכסטן שטימע־טרעגער, „די ריינע סובסטאַנץ״ פון דעם יודאַאיזם.

די ספינאָסישע פּאָזיציע לגבי יעזוסן איז ניט שווער צו אַרויסדרינגען מיט אַ לאָגישער נאַטירלעכקייט פון דעם קריטעריום, וואָס איז דער וועגווייזער פונם פילאָזאָף אין זיין גאַנצער קאָנצעפּציע פון יודאַאיזם. זי דריקט זיך אויס און באַשרענקט זיך אויף דעם: „יודאַאיזם״ (ביי ספינאָסען: „העברעאיזם״) איז וויזהייט. יעזוס איז די גרעסטע וויזהייט; פאָלגלעך איז יעזוס דאָס העכסטע יודאַאיזם.

מען קען, פאַרשטייט זיך, דיסקוטירן מכוח ספינאָסעס באַגריף וועגן „יודאַאיזם״ (העברעאיזם), אָבער אויב מען זאָגט אין דעם „אלף״, קען מען ניט דערזאָגן „תיו״; אויב מען נעמט אָן ספינאָסעס גרונדלאַגע וועגן מהות פון יודאַאיזם, קען מען ניט, אין דערזעלביקער צייט, אויסזעצן תערומות קעגן אים פאַרוואָס ער זעט אין יעזוסן אַ העכסטע מדרגה פון דער זעלביקער גרונדלאַגע.

— 3 —

## ספינאָזאַ — אין פאַרגלייך מיט זיינע צייט־געניען

עס איז שווער צו געפינען אַן ענלעכן ביישפּיל פון אַ מענטשן, וועמענס אידעען זאָלן זיין אַזוי רעפּרעזענטאַטיוו פאַר דעם, וואָס זיין פערזאָן איז, ווי דאָס איז געווען ברוך ספינאָסאַ: זיינע אידעען וועגן דעם יידישן פאָלק (אין זין אויך פון ראַסע) זיינען מער ווי גליקלעכע און טרעפלעכע איינפאַלן פון זיין אינטעלעקט. זיי זיינען, אין דער ווירקלעכקייט, די ריינסטע ליניע פון זיין מאָראַלישן פּרצוף. עס איז ביי אים, ביי ברוך ספינאָסאַ, ווי אַ מין דעראָבערטע רעכט, אַן אבזיכטלעכע כוונה, דערגרייכטע מיט דעם אויסקוק, אַז אין דעם וועט

ער קענען אָנקוקן זיין אייגענע נשמה, וואָס ווערט אָפּגעשפּיגלט ווי אין אַ פאַרגרעסערונגס-גלאָז: אין דער נשמה פון זיין פאָלק. פאָלגלעך, דאַרף ער באַטראַכט ווערן ווי „אונדזערער“, און ער איז עס ניט איבער קיין שום אַנדער זאַך, ווי נאָר, ווייל ער איז געווען „אונדזערער“ מיט אַלע זיינע כוחות און אָנשטרענגונגען און אין העכסטן זין און טייטש פונם וואָרט. דאָס דאָזיקע באַמיען און אָנשטרענגען זיך זיינס, צו זיין „אונדזערער“ וואַרפט זיך אין די אויגן, ווען אנשטאט צו אָפּשטעלן זיך אויף זיינע ווערק און באַציען זיך צו קאָנקרעטע פאַקטן, וואָס זיי באַהאַנדלען — און וועגן וועלכע מיר קענען, איצט, געוויס האָבן מער געניטערע קריטיש-וויסנשאַפטלעכע ידיעות, ווי די, וואָס ער האָט געהאַט דאַן, ווען ער האָט די ווערק געשאַפן — זאָלן מיר ליבערשט באַמיען זיך צו באַגרייפן, דעם גייסט-צושטאַנד. די שטימונגען, וואָס די דאָזיקע פאַקטן האָבן באַשאַפן אין זיין נשמה.

זיין מצב אַלס ייד, באַקומט אַזוי אַרום אין דעם „טראַקטאַט“ די באַרעכטיקונג און די בולטקייט, וואָס עס האָבן געהאַט אין זיין איידל לעבן.

ווען מיר זאָלן אפילו צוגעבן די השערה, אַז די מיינונגען, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט דאַרפן געענדערט ווערן איצט, אָדער וועלן דאַרפן געענדערט ווערן אין דער צוקונפט; אויב מירן אפילו ניט צולאָזן, אַז די יידישע געשיכטע אַנטהאַלט די וויזהייט און די מאָראַלישע הויכקייט וואָס ער האָט איר צוגעשריבן — וועט מען אָבער קיינמאָל ניט קענען צווייפלען אין דער מאָראַלישער הויכקייט און וויזהייט, וואָס די דאָזיקע געשיכטע האָט געבראַכט פאַר זיין גייסט.

מען וועט שטענדיק זאָגן, אַז: אַ דאַנק דער ראַסן-דערפאַרונג פון יידן, האָט די מענטשהייט געהאַט ספּינאָזאַן, און מען וועט אויך שטענדיק זאָגן, אַז אַ דאַנק ספּינאָזאַן האָט די מענטשהייט געקענט בעסער אָפּשאַצן די ראַסן-דערפאַרונג פון די יידן.

מיר לעבן אין לערך דריי יאָרהונדערטער אַרום נאָך צוויי פון זיינע צייט-גענאָסן: גאַליליי און דעקאַרט, וועלכע האָבן געלערנט דער וועלט, אַז יעדער וועריטיקע דערקענטעניש איז אומפּערזענלעך, אומאָפּהענגיק פון די נויטווענדיקייטן און פון די נאָרמעס פון מענטשן; און אַז יעדער אָביעקט פון דערקענטעניש, איז אַ מאַטעמאַטישער אָביעקט, אַזוי צו זאָגן. פריי פון יעדן בונד, וואָס זאָל אים פאַרבינדן מיטן סוביעקט, מיטן וועזן, וואָס דערקענט אים.

און, געוויסערמאָס, אַ דאַנק דער דאָזיקער לערע טאַקע, איז עס געשען, וואָס ספּינאָזאַ, אויספאָלגנדיק אירע נאָרמען, האָט אין זיין „עטיק“, נעמענדיק זיך פאַרן שטודיום פון מענטשלעכע פאַקטן, אָנגעווענדעט צו דעם, דעם „געאָמעטרישן אופן“, גלייך ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אַ ריין געאָמעטרישן עצם. עס זעט, פאָלגלעך אויס פאַר אייניקע, און זיי זיינען ניט ווינציק ווי אַ פּאַראַדאָקס, אום ניט צו זאָגן אַבסורד, צו רעדן וועגן ספּינאָזאַס יידישקייט; עס זעט, ביי אַזעלכע, אויס אַזוי „לאָגיש“ צו רעדן וועגן דעם יודאַאיזם, וואָס ספּינאָזאַס סיסטעם אַנטהאַלט, ווי צום ביישפּיל רעדן וועגן דער טעמפּעראַטור

פון דעם אָדער יענעם ק אָ ל י ר . אָדער וועגן דעם ק אָ ל י ר פון דעם אָדער יענעם ק ל י מ א ט. און פונדעסטוועגן, איז עס פּאָרט ניט אַזוי אין דער ווירקלעכקייט.

וואָס עס שטרייכט מער אונטער די באַדייטונג און די אָריגינאַליטעט פון ספּינאָסאַס פילאָזאָפיע, איז גראָדע דער ספּעציעלער זין, וואָס עס באַקומט אַ דאַנק איר, אָט דאָס דאַזיקע, טאַקע, וואָס זיינע צייט-קאָלעגן האָבן געזאָגט בנוגע דער מענטשלעכער דערקענטעניש.

לויט דער אָפּשאַצונג פונם פילאָזאָף, שטעלט פאַר מיט זיך די מענטשלעכע דערקענטעניש עטלעכע מדרגות פון היכקייט, די העכסטע פון וועלכע איז די פילאָזאָפישע דערקענטעניש, די, וואָס ער האָט אויסשליסלעך אַליין געפלענט, און וואָס ער האָט באַצייכנט ווי די „אידעע פון די אידעען“, אָדער די דערקענטעניש פון די דערקענטענישן. זי באַזיצט אַלס באַצייכנונג, פאָלגענדע צוויי תנאים: פון איין זייט שטאַמט זי אָפּ פונם באַנעמען, פונם שפּירן די זאַכן, אונטערן אַספּעקט, אין וועלכן זיי שפּיגלען זיך אָפּ אין דאָס אייביקע, אָדער אונטערן אַספּעקט, אין וועלכן דער געדאַנק געפינט זיך איבער זייער צופעליקער סיטואַציע אין דער צייט און אינם רוים; פון דער צווייטער זייט ווערט זי, אָט די שטופּע פון דער פילאָזאָפישער דערקענטעניש, געבוירן דורך אַ שטאַרקן חוש פון פערזענלעכער אחריות פאַר די גרונדן, וואָס האַלטן איר אונטער און פאַר די פאָלגן, צו וועלכע זיי שטרעבט.

וואָס אַנבאַלאַנגט די דאָזיקע באַזעס איז לויט ספּינאָסען, דער דערקענטעניש, עקזאַקט דאָס זעלבע, וואָס לויט דעקאַרטן. וואָס אַנבאַלאַנגט אָבער די קאָנסעקווענצן, שיידט ער זיך ניט אונטער אין קיין ספק, פון דער וויזיהייט, וועלכע ער באַצייכנט, אַלס דערהויבנסטע אין יעדן דף פון דער ביבל. דער קענג-זאַץ וואָס אָט דער דאָזיקער שטאַנדפּונקט ספּינאָסעס שטעלט מיט זיך פאָר לגבי דעם שטאַנדפּונקט, וואָס איז געווען דער הערשנדיקער אין זיין יאָרהונדערט, וואָלט געווען פאַרן געשיכטע-פאָרשער אומדערקלערבאַר, אויב מען וואָלט ניט געקענט זען אַז די טיפע און זאַפטיקע יניקה וואָס ער האָט געצויגן פון ריין-יידישע קוועלן איז קאָמבינירט, ביי אים, מיט זיין אומקאָנדיציאָנעלער אָנגע-שלאָסנקייט צו דער אייזערנער לאָגיק פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט. אָט די טיפע יניקה פון די יידישע קוועלן דירעקט, האָט ער דאָך באַקומען אין משך פון אַ סך יאָרן, ביז דער צייט פון זיין רייף ווערן, ווען ער האָט געווירקט און געלערנט תורה און יידישע חכמה.

די אַנדערשקייט פון ספּינאָסען, וואָס איז אָן ספק אַ קאָנסעקווענץ פון דעם, וואָס ער האָט געצויגן יניקה פון יידישער תורה און חכמה, ווערט באַזונדערס קלאָר און בולט, ווען מען פאַרגלייכט אים מיט אַנדערע זשעניען-פילאָזאָפן פון זיין צייט: הגם זיי האָבן באַשאַפן די מאָדערנע וויסנשאַפט, האָבן, אָבער, ספּינאָ-סאַס געניאַלע צייט-קאָלעגן, דורך זייער לעבן, אין צוזאַמענהאַנג מיט זייער לערע, איבערגעחזרט די מאָראַלישע טראַגעדיע פון די פאַרצייטיקע גריכישע סאָפיסטן. די ענלעכקייט איז ממש איבעראַשנדיק; אין דעם פּרט פון דער גלייכגילטיקייט, מיט וועלכער זיי האָבן זיך באַצויגן צו די פּרוכטן פון זייערע גייסטיקע אָנ-

שטרענגונגען, וואָס זיי האָבן געשטעלט, אַן אונטערשייד און אַן שום צעגערונג צום דינסט פון שלעכטע, אלצאיינס ווי פון גוטע, אויפגאבן און אונטערנעמונגען.

די אַנזאָגער און ברענגער פון דער נייער וויסנשאַפט האָבן דאַן דעם מינ־דעסטן פּרואוו ניט געמאכט צו אויסשפּרייטן, זאָל זיין אפילו נאָר אין דער אַרביטע פון זייער אינדיווידועלן לעבן, די אמתן וואָס זיי האָבן אַנטדעקט. זיי האָבן איבערגעלאָזט אין זייער פּריוואט לעבן, אפילו, אומבאַרירט דעם „טראַדיציאָנעלן" קריטעריום פון אמת, און זיי האָבן פּאַרשעמט און אַנולירט, דורך דעם זייערע וואונדערבאַרע אַנטדעקונגען. פּאַרטיידיקער פון דעם שכל, אין פּרט פון דערקענטעניש און וויסן, זיינען זיי אָבער געוואָרן שותפים פון דער מאָדערנער פּאַרדאַרבנקייט, און דער אָפּנויג האָט געפירט דערצו, אַז נאָך אין אונדזערע טעג זאָלן זיין פּאַרטיידיקער פון דער הערשאַפט, פון מוטוויליקייט און ווילקיר. איין זאַך איז געווען פאַר זיי די וויסנשאַפט און אַ צווייטע איז געווען די דערקענטעניש פון דעם מאָראַלישן אמת אין לעבן. און עס וועט שווער זיין צו געפינען, אין דעם פּרט אַן אויסנאַם צווישן זיי. ניט אפילו דזשיאָרדאַנאָ ברונאָ קען זיין אַן אויסנאַם פון דעם דאָזיקן כלל, ווארום ער גייט אויפן שייטער־הויפן געבראכט ווערן אלס קרבן פאַר דער פרייהייט אויפן געביט אויסשליסלעך פון אידעען; און דאָס געשייט, ווען זיינע אידעען זיינען ווינציקער אומאַקצעפּטיר־באַר פאַר דער וויסנשאַפט, ווי פאַר דער רעליגיע.

וואָס אַנבאַלאַנגט די אַנדערע געניאַלע צייט־גענאָסן פון ספּינאָסאַן און זייער אויפירונג, אין שייכות מיט דעם פאַקט, וועלן מיר דאָ ברענגען אייניקע ביי־שפּילן: ג אַ ל י ל יי איז אַ מוראדיקער „וצדקתך", אלס אַ צו דער קירכע־געגוויגטער מענטש; אין זיין בריוו קיין רוים דריקט ער זיך אויס, אַז ער איז גרייט מיט התלהבות צו גיין קושן דעם פּויפּסט די פיס. ד ע ק אַ ר ט קען אַנ־דערש ניט מאכן קיין גרויסע אַנטדעקונג, סיידן ער ווערט באַוואויגן צו עולה־רגל זיין, צופוס ממש און באָרוויס דערצו, צו דער הייליקער בתולה פון לאָרעטאָ. ק ע פּ ל ע ר שפּירט אין די עצם־געזעצן פון די אינטערפּלאַנעטאַרע באַווע־גונגען וואָס זיין זשעני אַנטדעקט, דעם ליכטיקן געשטאַלט פונם הייליקן גייסט. ב ע ק אָ ן וויל ארגומענטירן און דריקט אויס דעם געדאַנק, אַז די מענטש־לעכע מאָראַליטעט דאַרף זיין אין דירעקטער באַציאונג אין שייכות מיט דאָס אבסורדע פון די רעליגיעזע גלויבונגען וואָס זיינען אַקצעפּטירט; און ניוטאָן — דער גרויסער ניוטאָן — לעבט אין דער איבערצייגונג, אַז די וואונדער פון זיינע מאַטעמאַטישע אַנטדעקונגען זיינען גאָרניט אין פאַרגלייך מיט די וואָך־נעכט פון געדאַנקלעכע סיגופים וואָס ער פאַרברענגט אין משך פון יאָרן צענדליקער, כדי צו באַשטעטיקן און דערווייזן יעדן נס, וועגן וועלכן עס ווערט דערציילט אין דער ביבל. און עס איז איבעריק צו אויפרעכענען נאָך אַנדערע; די געבראכטע ביישפּילן זיינען גענוג.

עס איז קלאָר, וואָס מיט יעדן איינעם פון די אויסגערעכנטע זשעניען פון מענטשלעכן וויסן איז געשען: בעת עס איז דערגרייכט געוואָרן די צעשיידונג צווישן דעם אָביעקט און דעם סוביעקט, וועגן וועלכן מען האָט גערעדט און אויפ־געקלערט — אין דעם שיכט, אויפן געביט פון דער דערקענטניש — האָבן זיי, די

זשעניען פון דער מענטשלעכער וויסנשאפט, ספינאָסאס צייט-קאָלעגן, צוגעלאָזן רואיק צו אַ פאַלשן און אומגעזעצלעכן צוזאַמענלעבן צווישן דער וואַרהייט און דער אילוזיע, אין אַלע שיכטן און געביטן פון דעם לעבן. און אין דעם אַנזיכט פון דאָס דאַזיקע, זעט ניט אויס אַזוי אָפּשיילעך — ווי עס איז געווען שטענדיק — די פיינטלעכע, די קעגנערישע שטעלונג פון דער קירכע צו דער וויסנשאַפט פון דער רענעסאַנס-צייט.

צי וואָלט די קירכע, אין איר ראָל פון אַ וועכטערין איבער דער גייסטיקער שלימות פונם אמת, געקענט געווען פאַרבלייבן גלייכגילטיק צו דער הערשאַפט פון דער טייוואָלישער קעניגרייך, צום סאָציאַלן „פּאַנדעמאָניום“. וואָס זי האָט גע-קענט זען אָנקומען אין געשטאַלט פון די מאָדערנע וויסנשאַפטן? און ווען זי וואָלט אפילו געהאַט דאָס דאַזיקע פּראָוויסגעזען, צי וואָלט זי געקענט פאַר-בלייבן גלייכגילטיק אפילו צום שאָטן, וואָס די וויסנשאַפטן האָבן געוואָרפן אויף די מענטשלעכע טראַדיציעס, די פאָרשטייערן און וואָרט-זאָגערן פון וועלכע די קירכע האָט זיך אַליין תמיד באַטראַכט? טראַדיציעס, וואָס הגם זיי האָבן אָנגעהויבן פאַרלירן קראַפט, אַלס אויסדרוקן פון וואַרהייטן, זיינען זיי אַלץ נאָך פאַרבליבן אפילו פאַר די זשעניען זעלבסט פון דעם רענעסאַנס, די איינציקע אינס-פּיראַציע פון שיינקייט, דער איינציקער קוואַל פון גערעכטיקייט: די איינציקע נאָרמע פון טוגנט?

עס איז ניט אונדזער אויפגאַבע דאָ אַריינצודרינגען אין דעם דאָזיקן ענין; מיר באַרירן, אַזוי צו זאָגן, נאָר, אגב-אורחא, כדי צו באַטאָנען דעם אונטער-שייד, וואָס ספינאָסאָס לעבן — זיין מאָראַלישע הויכקייט און ריינקייט — שטעלט פאַר. און דאָס איז די ירושה פון יידישער עטישקייט.

— 4 —

## די ענלעכקייט און אונטערשייד צווישן סאָקראַטן און ספינאָסאַ

אין דרייסטער, מוטיקער פאַרטיידיקונג פון יענע נאָבעלע טראַדיציעס פון מענטשלעכער גייסטיקייט, וואָס די וויסנשאַפטלעכע זשעניען פון יענער עפּאָכע האָבן געשטעלט אין סכנה, איינפאַך איבער זייער מאָראַלישער גלייכגילטיקייט און עם-הארצות און וועלכע די קירכע האָט פאַרטיידיקט מיט אַ באַוווּנדערנסווערטער פאַרבלענדקייט — מאַכט ספינאָסאַ, אין דער געשיכטע, אַ רוף צום הייטערן פאַרשטאַנד; אין דעם דאָזיקן רוף זיינעם מאַכט ער מיט אַ שטימע, וואָס הילכט אָפּ, ווי אַ שלאָגנדיקער בת-קול פון די נביאים. און וואָס האָט די אייביקע אַק-טואַליטעט פון דער שטימע פון דעם גרויסן פילאָזאָף פון אַטען, וועלכער האָט, אין ענלעכע אומשטענדן, פאַרלאָרן זיין לעבן אינם קאַמף, וואָס ער האָט אויפ-געהויבן דאַן פאַרן גערעכט, פאַרן שכל.

די דאָזיקע נאָענטע ענלעכקייט צווישן ספינאָסאַן און סאָקראַטן איז אַזוי סוגעסטיוו, אָנדייטנדיק, ווי עקזאַקט זי איז. דאָס וועלן באַמערקן — אין דעם פילאָזאָפישן באַרוף — יענע, וועלכע, נאָכפאָלגנדיק ספינאָסאַן, גלייך ער וואָלט

ניט געטון מער, ווי ווידעראויפבאַלעבן דעם גריכישן גייסטיקן פּאַדים, וועלן זיך פאַרהאַלטן, שטיין בלייבן ביי אַ פּונקט, וואו דער דאָזיקער פּאַדים דערשיינט אַ באַנייטער, אַ פאַרשטאַרקטער דורך די ריין־יידישע פאַקטאָרן.

וואָס עס האָט באַרהיט סאָקראַטן פון צו ווערן איינער פון די פיל גריכישע סאָפיסטן איז פונקט דאָס זעלבע, וואָס ראַטעוועט ספינאָסאַן פון צו ווערן און פאַרבלייבן נאָר אַ באַרגענגער און אָנזאָגער פון די וויסנשאַפטן; דאָס איז: די אומבאַשטרייטבאַרע קראַפט, וואָס דער אמת, ברענגט אַרויס, באַקומט אַרויס, ביי ביידע זשעניען, פון דער מיסטיקייט, פון דער דרייסטקייט פון די אידעען און פון דער ריינקייט פון האַרצן. ביי איינעם ווי ביי דעם צווייטן דריקט זיך אויס די דאָזיקע קראַפט אין דער מאָראַלישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט וואָס די מענטשלעכע דערקענטעניש. ביי איינעם, ווי ביי דעם צווייטן פאַרפליכט און, פאַרעקשנט, פאַרנעמט זי דעם אויבנאָן; דער קריטעריום איז עס, אַז אָן דער דאָזיקער אחריות איז די דערקענטעניש ניט דאָס, וואָס זי דאַרף זיין און ניט דאָס לעבן זעלבסט איז ווערט געלעבט צו ווערן אָן אַזאַ מאָראַלישע אחריות.

ביים ערשטן, ווי ביים צווייטן באַקומט זיך דער אמת דערהויבן העכער איבער זיינע אייגענע מיטלען, און ער, דער אמת, ווערט, דעפיניטיוו, ווי פאַר־וואַנדלט אין דעם איינציקן קריטעריום אי פונם טעות אי פון זיך זעלבסט, אויף אַן ענלעכן אופן, ווי „די ליכט איז עס פאַר דער ליכט זעלבסט און פאַרן שאָטן".

ביים ערשטן, ווי ביים צווייטן, אַלץ וואָס הייסט דערקענ־טעניש, ווערט אונטערגעאָרדנט דער נויטווענדיקייט צו באַפרייען די מענטש־לעכע נשמה פון איר היהשער תפיסה, און שטעלן איר אין קאָנטאַקט מיטן תוך און מהות פון דעם וועזן און מיט דער רעאַליטעט פון גוטס.

דאָס איז בנוגע דער ענלעכקייט צווישן זיי. עס איז אָבער, פון דער אַנ־דערער זייט, פאַראַן צווישן די צוויי זשעניען אַן אונטערשייד פון אַזאַ באַדייטונג, ווי עס איז באַדייטנדיק די ענלעכקייט צווישן זיי. און דער דאָזיקער אונטערשייד באַשטייט אין דעם אָביעקט, וואָס יעדער איינער באַטראַכט, ווי אַזעלכן, וואָס איז ביכולת צו אָנרעגן דעם גייסט פאַר זיין באַפרייאונג פון געפענקעניש אין דאָס מאַטעריעלע און אין דאָס וועלטלעכע.

פאַר סאָקראַטן איז דער דאָזיקער אָביעקט, יענע אַלעגאָרישע קאָסמאָגאָניע, וואָס דער זשעני פון זיין ראַסע האָט באַשאַפן — אין רעליגיעזן פּרט — אויף דער באַזע פון פּאָעטישע ערזאַצן פון אומבאַקאַנטע וואַרהייטן און וואָס דאָס פּי־לאָזאָפישע ווערק פון איינעם פון זיינע, סאָקראַטס, תלמידים האָט, שפּעטער, סיסטעמאַטיזירט: מיר מיינען די קאָנצעפּציע פון וועלט אַל, וועלכע האָט זיך, דורך דער סוגעסטיאָנירנדיקער פילאָזאָפיע פון פּלאַטאָן, פאַראייביקט — אין פּאָעטישן אויסדרוק — אין דאַנטען, נאָכדעם ווי זי איז אינגאַנצן אריינגע־נומען געוואָרן, צוזאַמען מיט דער יידיש־ביבלישער מסורה, אין דער דערשיינונג און אויסדרוק פונם קריסטנטום.

פאַר ספינאָסאַן, דאַקעגן, איז דער מאָטיוו פון די אָנרעגונ־גען צו מענטשלעכער שלימות, יענער וועלטאַל, וואָס ווערט באַגריפן אין האַרמאָניע מיטן ראַציאָנאַליזם פון די נייע וויסנשאַפטן און מיטן

פאַנטעאיזם, וואָס איז פאַרבינדלעך מיט דער יידישער קאָנצעפּציע פון דער גאָט-הייט און וואָס האָט בטל געמאַכט אין דעם קריסטנטום, זיין ריין-גריכישן פאַקטאָר.

און דעם דאָזיקן דאָפּלטן פאַקטאָר איז צו פאַרדאַנקען, וואָס די ספּינאָזאַ זעאונג פון דעם אוניווערסום, טראָץ דעם, וואָס אין הינזיכט צו דער באַוועגונג איז זי מסכים מיט דער מעכאַניק, און איז אַטאָמיסטיש וואָס אַנבאַלאַנגט דער לערע וועגן דער סטרוקטור און מאַטעריאַליסטיש בנוגע דעם שטודיום פון דער סובסטאַנץ, איז זי אין דער זעלבער צייט, וואָס אַנבאַלאַנגט פראַגן פון ריין מענטשלעכן אינטערעס — אַ קאָנצעפּציע, וועלכע קען אויסגעדריקט ווערן אין אונטערשייד אין רעליגיעזע ווי אין וויסנשאַפטלעכע דעפיניציעס.

פונם וויסנשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט באַשטייט איר מענטשלעכע באַדייטונג אין דעם, וואָס זי שטעלט צו באַאַרבעטן די פאַרבאָרגנסטע און טיפסטע נאַטירלעכע דערשיינונגען און זי אַנטדעקט דעם געהיימען אַ נ ג ר אַ נ אַ ז י ש פון דעם מעכאַניזם, וואָס ווערט ג ע ב ו י ר ן אין דעם לעבן פונם מענטשן און ער ווערט צ ע ש ט ע ר ט אין הסכם מיט אומפאַרענדבאַרע און אומבוינזאַמע געזעצן.

דאָס איז אַ באַדייטונג, וואָס לאָזט אין דער נשמה אַ געוויסן אָפּזאַץ, אַ געוויסן געמיט פון טרויער, אָבער ווייל עס איז אַ וואַרהייט באַפרידיקט עס דעם מענטשלעכן גייסט, וועלכער איז דורשטיק צו אמתן, צי זיי זיינען טרויעריק צי ניט און אין דער זעלבער צייט באַלייכטן זיי אים איפּן וועג פון אַ גליק, וואָס איז מענטשלעך ניט אומעגלעך.

ווען מען באַטראַכט די שיטה, די ספּינאָזיסטיע, פון שטאַנדפּונקט פון רעליגיעזער פּיעטעט, באַט אָן דער וועלטאַל זעלבסט דעם מענטשן יענע זעאונג, וואָס אין דער אַלטער שפּראַך פון די יידן, האָט עס געהייסן ד י וו אַ ו י נ ו נ ג פ ו ן ג אָ ט. ד י וו אַ ו י נ ו נ ג פ ו ן פ אַ ר ג ע ט ע ר ו נ ג, ניט דערפאַר, ווייל סאיז פאַראַן אַ מענטשן-קאַפּאַציטעט פון פאַרגעטערונג, נייערט איבער דעם צויבער זעלבסט, דורך וועלכן דער וו ע ל ט אַ ל מ אַ כ ט ז י ך פ אַ ר-ג ע ט ע ר ו נ ג ס פ ע אַ י ק.

דער אוניווערסום אַנטהאַלט אים — אין אַנקלאַנג מיט דער דאָזיקער קאָנצעפּציע — ער איז איינגאַנצן אין זיין מהות, אין זיין תוך. און דאָס מיינט צו זאָגן, אַז ער איז אין זיינע אַספּעקטן פון דעם אין-סוף און פון דאָס אייביקע, וואָס טוט דערקלערן, אַז אַלץ וואָס עקזיסטירט, קאָמבינירט זיך, דערזעצט זיך, אין איין גאַנצעס, אין איין צוזאַמענגענומענעס. וואו קיין זאַך איז ניט קעגנעריש, ניט סתירהדיק צו קיין שום זאַך, און, וואָס איז, דערום, די רעאַליטעט פונם וועזן, אָדער פון גאָטהייט; אָדער — נאָך פּינקטלעכער אויסגעדריקט: די איינציקע רעאַליטעט, וועלכע דערלאָזט ניט די שבנהשאַפט פונם אַ ו ר ז אַ ך און פון דעם פאָלג, אָדער פון צייט און פון אָרט, וועלכע קענען, לעתיד לבוא, אַנטדעקט ווערן פון אַ וועלכער פיזיק.

די דאָזיקע קאָנצעפּציע איז געווען זייער מסוגל אויסגעשפּראָכן צו ווערן און דעם פרומען פּיעטעט-פולן סיגנון און לשון, מיט וועלכן יידן, ווען זיי באַציען זיך צו דער גאָטהייט, שיידן זיך אונטער פון אַנדערע פעלקער; און

דאָס איז אין דעם, וואָס די מ אָ ר אַ ל י ט ע ט אַנשטאָט צו זיין אַ מ אָ ט י וו פ ו ן ד י נ ו נ ג צ ו ג אָ ט, אַ מאָטיוו פון פאַרגעטערונג, ווי דאָס איז געוועזן ביי די גריכן און איז ביי די קריסטן, איז עס ביי די יידן נאָר אַ פ ר ו כ ט, אַ פ ו ע ל - י ו צ אַ, און ניט מער, ווי אַזעלכעס, הגם אַ פרוכט אַן אומפאַרמיידלעכער פון דער דאָזיקער פאַרגעטערונג, ווי באַלד עס שטאַמט פון דער צופּאַסונג פון דער מענטשלעכער אויפירונג, צו דער אויפירונג פון דעם אוניווערסום.

און דורך דעם דאָזיקן אונטערשייד צווישן דער מאָראַל אַלס פאַרגעטערונג און דער מאָראַל אַלס פּועל-יוצא פון דער פאַרגעטערונג, דערקלערט זיך, וואָס די גריכן און דאָס קריסטנטום האָבן קיינמאָל ניט געקענט זיך באַפרייען פון ניט צו אַריינפאַלן אין אַנטראָפּאָמאָרפיזם (שאַפן געטער צו מענטשן ענלעכע). דאַן ווען יידן זיינען פריי געוועזן פון דעם. און אין דעם דאָזיקן אונטערשייד ווערט אויסגעדריקט דער פאַקט, וואָס די יידישע רעליגיע טראָגט אַזאַ שטאַרקן אַנזיכטיקן חותם פון נאַטוראַליזם. און דורך דעם ווערט דערקלערט אויך דער ספּעציעלער לשון, אין וועלכן ספּינאָזאַ אידענטיפיצירט דעם וו ע ל ט אַ ל מיט דער גאָטהייט און די דערקענטעניש פון דער נאַטור מיט דער ליבע צו גאָט.

עס דאַרף פאָלגלעך, ניט הידושן, אַז ווען מען איז געוואָרן צודרינגלעך צו אים, אַז ער זאָל אָנטפּלעקן דעם זין פון אייניקע פון זיינע קאָנצעפּטן וועגן דעם אוניווערסום, פילט זיך ס פּ י נ אָ ס אַ אַליין פאַרוואונדערט פון דעם און ער ענטפערט אויף דער דאָזיקער צודרינגלעכקייט, אַז: „מיין שפּראַך איז פּשוט די, וועלכע איז פון יידן באַנוצט געוואָרן אין די געטאָס אין אַלע צייטן“.

צי וועט דעם פילאָזאָף געלינגען צו באַצייכנען אויף אַ געהעריקן אופן אין דער דאָזיקער שפּראַך די אבזיכטן זיינע, וואָס זיינען ענלעך צו סאָקראַטעס? צי וועט די מענטשלעכע נשמה קענען געפינען אין זיין פילאָזאָפיע אַ רעטונג, ווירקלעך, פון דאָס וועלטלעכע און פון דאָס גשמיותדיקע? צי וועט ער אונדז באַוועגן פאַר דעם צוועק, פריער פאַר אַלעס צו פאַרגעטערן דעם וועלטאַל, טראָץ זיינע פאַרברעכנס און זיינע ליידן; און דערנאָך זאָל מען וועגן דעם קענען זאָגן, ווי איוב האָט געזאָגט צו גאָט: „ווען דו זאָלסט מיר אפילו אויף שטיקער צעפּיצלען, וועל איך ניט אויפהערן דיך ליב צו האָבן?“ ספּינאָזאַ גלויבט, אַז יאָ.

ווען אַ סקעפּטיקער אין זיין פילאָזאָפיע האָט אים געפרעגט מיט שלויער כוונה, צי האָט ער אונטערזוכט אָדער געטראַכט אין דער גוטסקייט פון אַלע פילאָזאָפיעס און רעליגיעזע שיטות, וואָס זיינען געוועזן אָדער וואָס וועלן זיין, איידער ער האָט זיך דערגלויבט אין זיין אייגענער, האָט ספּינאָזאַ אים געענטפערט, אַז ער גלויבט ניט. אַז זיין פילאָזאָפיע זאָל זיין די בעסטע, נייערט זי איז די וואַרהאַפטיקסטע און אַז אין דעם איבערצייגן אים, ווי דאָס וואָלט איבערצייגט יעדן, וועלכער וואָלט נאָר געווען קאָנסעקווענט מיט זיין אייגענעם געדאַנק, די זעלבע אופנים פון דענקען, וואָס דערוויזן מענטשן קלאָר, אומצווייפלבאַר, אַז די דריי ווינקלען פון אַ דרייעק זיינען גלייך צו צוויי גלייכווינקלען. און אַזוי האַנדלט ספּינאָזאַ מיט אַ געאָמעטרישן אופן אין זיין „עטיק“ מיט יעדן וואַרהייט-געדאַנק באַזונדער.

אויספירלעך ביז די קלענסטע פּרטים אין דעם סדר, וואָס ער גיט פאַר זיינע פּראָפּאָזיציעס, שטרענג אויסגעהאַלטן אין דער רינג־אַרטיקער פאַרבינדונג, דורך וועלכער ער מאַכט זיי אָפּשטאַמען פון זיינע אַקסיאָמעס און דורך וועלכער ער קאָמבינירט זיי דערנאָך מיט די קאַטעגאָרישע באַווייזן פון זיינע טעאָרעמעס און מיט זיינע מסקנות, וואָס פאָלגן לאָגישערווייז אַרויס פון זיי, ליגט אַריין דער פילאָזאָף אין יעדן וואָרט פון דער „עטיק" די געדולד פון אַ קינסטלער אַ בעל־מלאכה צו איינפאַסן און איינדריקטן זיינע וואַרהייטן, אין די אייביקע פאָדערונגען פון דעם אוניווערסאַלן אָנשוי פון זאַכן און צו די ניט אַזוי ווייט־און־פיל אייביקע פאָדערונגען פון דער אינערלעכער פאַנאָראַמע פון די אידעען. און אַזוי אויך „דורך אַ געאָמעטרישן אופן" באַמיט ער זיך צו אָפּענטפערן דאַנטען, ווען ער באַשרייבט די וויזיע פון דאָס העכסטע גוטס.

אונטערוואַרפן זיך דעם געטלעכן רצון. צום ביישפּיל, באַדייטעט אין דער עטיק, פירן זיך אין הסכם מיט דעם, וואָס, אין וויסנשאַפטלעכער באַצייכנונג, הייסט געזעצן פון דער נאַטור. פאַר דעם, וועלכער קען די דאָזיקע געזעצן אויף אַ געהעריקן אופן און „סוב ספּעציע עטערניטאַטיס", אונטער די אַספּעקטן, הייסט עס, פון דאָס, נויטווענדיקערווייז, אייביקע אין דעם פּרט פון דער נאַטור זעלבסט און ניט שוין פון דעם, וואָס איז נויטווענדיקערווייז, פאַרבייגייענדיק, אין אַנדערע הינזיכטן און געביטן, וואָס דאָס מענטשלעכע, שטעלט פאַר די תנאים פון זיין עקזיסטענץ, דער וועט ניט קענען פאַרמיידן די סטעזשקע, וואָס פירט צום העכסטן גליק אָדער צום העכסטן גוטס, ווייל זען אין אַלעם וואָס געשעט אין דעם וועלטאַל, הייבט ניט קענען זען קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר גוטס; און מהאי טעמא, וועט אַזעלכער, וואָס זעט אַזוי, מיטלעבן מיט אַ גלייכער מדרגה פון אינטענסיוויקייט אין שטאַרקייט אַלץ, וואָס באַשאַפט פאַר אים, וואָס בויט פאַר אים, ווי אַלץ וואָס צעשטערט אים, וואָס פאַרניכטעט אים און ער וועט צוזאַמענפאַלן, מסכים זיין מיט ספּינאָזאַן, וואָס זאָגט, אַז: דער, וועלכער האָט באמת ליב גאָט, קען ניט האָפן, אַז גאָט זאָל אים ליב האָבן".

מיר אויסדריקן אויף אַן אַנדער אופן דעם דאָזיקן געדאַנק, זאָגנדיק, אַז דער, וועלכער וויל ווירקלעך קענען דעם אוניווערסום, קען ניט האָפן צו לעבן און ליבן אויף אַן אַנדער אופן ווי אין דער מאָס, אין וועלכער ער וועט לעבן דאָס לעבן פון דעם וועלטאַל.

— 5 —

## די באַדייטונג פון ספּינאָזאַס שיטה פאַר אונדז

אַז מיר טראַכטן וועגן דעם, וואָס ספּינאָזאַ — זיין קאָנצעפּציע און מער ווי זיין פילאָזאָפישע, דער ביישפּיל פון זיין לעבן, פון זיין ריינקייט, פון זיין דערהויבנקייט — לאָזט אונדז הערן, וואָס ער אַנטהאַלט פאַר אונדז יידן, קומט אונדז אויפן געדאַנק, פאָלגנדיקע באַטראַכטונג:

מיר יידן זיינען מענטשן, וואָס זיינען אַמיינסטן גענויגט — אונדזער גע-שיכטע, אונדזער לעבן-ליידן האָט עס אונדז אויסגעאַרבעט — צו ווידערשטעלן זיך קעגן דאָס אָנגענומענע, קעגן דאָס געוויינלעכע אין לעבן, כדי ניט פאַר-שלונגען צו ווערן אין דער סביבה אין וועלכער מיר וואוינען. מיר זיינען גע-וואוינט צו איינאָרדענען אונדזער לעבן אין אַן אַטמאָספערע פון פרייהייט, כדי צו קענען לעבן מיט אַן אייגענעם קריטעריום די אָנגעלעגנהייטן פון אונדזער לעבן און אָנהאַלטן אונדזער צוגעבונדנקייט צו אונדזער פאָלק; אונדזער ראַסן-אימי-פּעראַטיוו, אַזוי צו זאָגן.

מיר ווילן פילן, מיט איינעם וואָרט, די דורשט, דעם באַגער פון לעבן, נ י ט ו ו י ע ס ל אָ ז ט דאָס לעבן, ניט ווי עס לעבט זיך, נייערט לעבן ווי אַ ייד לעבט.

אין דעם פּרט אַנטהאַלט פאַר אונדז כפּינאָסאַ — דורך זיין פילאָזאָפישער שיטה, ווי דורך דעם ביישפּיל פון זיין לעבן — אַן אמת מאָראַלישע שליחות. מען קען קלאָר אויפנעמען און זען אין ספּינאָסאַס שיטה און אין זיין לעבן דעם מהות פון אַזאַ מאָראַלישן אַפּאָסטאָלאַט, אַזוי צו זאָגן, וועלכער איז ביישפּיל-פול און באַלערנדיק ווי פאַר די, וועלכע האַלטן זיך טריי ביי די טראַדיציעס פון אַלטער יידישקייט. אין דעם רעליגיעז-עטישן זין פונם וואָרט, ביי דער טראַדי-ציע פון יידישער עטיק צו דערהויבן זיך און ווערט זיין די גנאָד פון „המקום" ברוך הוא (גאָטהייט אין דער בחינה פון וועלטאַל, — דער גאַנצער וועלטאַל איז פול זיין כבוד) — אַזוי אויך פאַר אַזעלכע, וואָס איבער האַלב-קלאָרקייט אין זייער געדאַנקען-גאַנג, זיינען זיי פאַרזונקען אין ספקות און אומבאַהאָלפנקייט.

אין אונדזערע צייטן פון דחקות און הונגער נאָך גייסט, אַלס סינאָנים פון מאָראַל, גוטסקייט, פאַרשטענדעניש און טאָלעראַנץ — איז ספּינאָסאַ דורך זיין לעבן און לערע, אַן אָנלען, אַ מורה-דרך, וואָס באַט אונדז אָן, באמת, א ו נ ד ז ע ר א י י ג ן ג י י ס ט י ק ב ר ו י ט, אָט דאָס וואָס האָט געדינט אַלס שפּייז, אַלס באַשטענדיקע גייסטיקע דערנערונג, אונדזערע פאַרגאַנגענע דורות, אַלע יאָר-טויזנטער פון אונדזער לעבן אַלס יידן און מענטשן-געמיינשאַפט.

ספּינאָזאַ מאַכט אונדז צו פילן זיך גליקלעך אין דער טרייהייט און זיכער-קייט אין זיך זעלבסט. ער מאַכט אונדז פילן אַן אינערלעכע פעסטקייט און פאַראייניקט אונדז, ווי מיט שטאָל באַהעפט, — אין דער אַלטער חכמה און אמת פון יידישקייט.

די ספּינאָסישע שיטה שיקט אונדז איבער צו די געבאָטן און די ביישפּילן, וואָס פאַרפולן אונדזער טראַדיציע, כדי צו מאַכן אונדז פאַרזוכן דעם תענוג פון ווייזהייט, אין וועלכער מען לעבט זיך אויס; אַ גענוס וואָס איז טויזנט מאָל גע-שמאַקער — לויט יענע געבאָטן און יענע ביישפּילן אויף וועלכע ספּינאָסאַ באַ-רופט זיך און צו וועלכע ער ריכטעט אונדז — ווי וועלכע ניט איז אַנדער חכמה.

ער הייסט אונדז שמייכלען איבער די צייכנס פון די צייטן, וואָס זאָגן אונדז פאָראויס אַן אומפאַרמיידלעכע געפאַר און הייסט אונדז לאַכן פון די פיינע מצבה-אויפשריפטן, וואָס ברייטהאַרציקע האָבן שוין צוגעגרייט פאַר אונדז, צו-זאַמען מיט אַ שיינער לויה, אַלס פאָלק.

ער לאָזט אונדז, נעדאַנקלעך, איינלעבן זיך אין דעם זינען פון קרעפטן, וואָס מאַכט אונדז פריי און שטאַרק קעגן די פעלערן און פאַרדאָרבנקייט פון אייגענע און פון פרעמדע; און ער לאָזט אונדז שטעלן זיך אין אַ מצב אַזאַ, אַז עס זאָל ניט קאָנען זיין אַזאַ מאַכט, וואָס זאָל אונדז פאַרניכטן, ניט אַזאַ מין וואַרהייט, וואָס זאָל אונדז פאַרמינדערן.

מיט איינעם וואָרט, ער לערנט אונדז, דורך זיינע אייגנטימלעכע אופנים, צו זיין ווירדיקע און פריינטלעכע אייגנוואוינער פונם וועלטאַל, אין וועמעס קעניגרייך עס זאָל ניט זיין קיין פלאַץ פאַר אַזעלכע פּראָבלעמען, ווי דער נידערטרעכטיקער אַנטיסעמיטיזם, ווייל „אין דעם וואַרהאַפטיקן כדר פון די זאַכן איז נישטאָ קיין אָרט, וואָס זאָל באַשטימט זיין פאַר אַזעלכעס, וואָס איז ניט קיין גוטס“.

.1927



# אחד-העם

## פּרקים צו די שלושים

— 1 —

איידער די יובל-חופּה, אונטער וועלכער ער איז געפירט געוואָרן ערשט מיט אייניקע וואָכן צוריק — ער, דער מייסטער פון דעם יידישן געדאַנק און פונם קלאָרן העברעאישן סטיל, פון אונדזער דור, — איז צוריק אריינגעבראַכט געוואָרן אין היכל, טראָגט מען די מיטה, אויף וועלכער ער ווערט געפירט צו זיין אייביקער רו אין אומשטערבלעכקייט; ער, וואָס האָט געוואָלט פאַרבלייבן דער באַשיידענער אַנאָנים, דער „איינער פון פאָלק“ און איז, אָבער, גערופן געוואָרן צו ווערן דער „אייניציקער פון פאָלק“, דער פירער און וועגווייזער.

פון יובל-געזאַנג צו טרויער-הספּד.

און די לעצטע געזאַנג־אַקאָרדן פון דעם אחד-העם יובילעאום-געזאַנג פאַרמישן זיך מיט די ערשטע טרויער-אַקאָרדן פון די הספּדים, וואָס ווערן געהאַלטן אומעטום, וואו יידן לעבן. און די דאָזיקע שירה פון שבח און פאַרהערלעכונג פון יובל און הספּד ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן אַפּאָטעאָז פאַר אחד-העמס אומשטערבלעכקייט.

דען: אחד-העם איז געוועזן איינער פון יענע געציילטע גדולים-דענקער, אין דעם דור, וואָס האָט באַוויזן צו אָנקניפּן זיין יידישקייט-געדאַנק דירעקט אין דעם פּאַרדעס, וואָס ציט זיך פון די צייטן פון נאָך פאַר דער משנה דורך די אמוראים און גאונים. ער האָט אָנגעקניפּט דעם פּאָרדעם פון יידישער מחשבה, גלייך אין דעם תוך-תוך פון יהדות אליין — און ווייטער געוועבט דעם געדאַנק פון אָריגינעלסטן יידישקייט-מהות, רייניקנדיק אים פון די זייטיקע אומבאַהעפטונגען, וואָס האָבן זיך אומפאַרמיידלעך אָנגעהעפט אין מיטל פון די דורות פון לעבן צווישן פרעמדע און איינפלוסן פון פרעמדע.

אין דעם פּרט פון זיין יידישקייט-געדאַנק און אין דעם פּרט און אופן, ווי אַזוי ער האָט אים עקספּאָנירט אין זיין קריסטאָל-ריינעם, לויטערן און פּרעציזן משנה-העברעאיש, מאָדערנהאַפטיק סטיליזירט, איז אחד-העם געוועזן דער — חד בדרא, דער אייניציקער פון פאָלק.

— 2 —

און דער דור, אין וועלכן אחד-העם איז געקומען מיט זיין וואָרט רואיק, באַזאַכט, קלאָר, מיושבדיק, דערהויבן און לאַנגזאַם, פּליסנדיק „ווי די וואַסערן

פון דעם שילוח" — איז געווען אַ דור, וואָס האָט אַזאַ דענקער נויטיק געהאַט.

בעסער ווי עמיצער אַנדערש האָט דעם צושטאַנד פון יענעם דור, דיכטעריש געשילדערט אחד-העמס עלטסטער תלמיד, דער וואָס האָט דירעקט „גענאָסן וואַסער אויף די הענט פון דעם רבין" — ביאַליק — אין דעם ליד, וואָס ער האָט געשריבן צו אחד-העמס פולן יובל, זאָגט ער:

והשעה שעת תוהו ובוהו, שעת ערבוב התהומים
של אחרית וראשית, של סתירה ובנין, של זקנה ועלומים,
אנחנו, ילידי-בינים, ביודעים ובלא יודעים.
לפני שתי הרשויות גם יחד משתחוים ומודים... (1).

אין אַזאַ צייט — דערציילט ווייטער ביאַליק אין זיין שיר — האָבן אַלע אונדזערע האַרצנס-געפילן געפאָדערט, געלעכצט נאָך אַ נביא, אַ נביא פון אמת, וועלכער זאָל קומען און באַרירן אונדזער האַרץ, און זאָל הויך איבער אונדזערע קעפּ אָנצינדן זיין שטערן, און וואָס זיין גייכט זאָל זיין דער אויכפּלוס-קוואַל, פאַר אַלע געדאַנקען, וואָס זיינען געפאַלן אין פילע הערצער. ווי טרוימען אומ-קלאָרע.

ובעוד אנו תועים, נואשים וקטני אמנה.
מתמהמים על פרשת דרכים ושואלים: אנה?
וינצניץ כוכבך, מורנו, וברמז צנוע
קראנו מתוך הערפל, וימשוך אותנו —
ואל תחת כוכבך היחידי נזעקנו כולנו (2).

מען איז געשטאַנען אויף דעם שייד-וועג און ניט געוואוסט וואוהין צו גיין: חיבת ציון פון איין זייט, אסימילאַציע פון דער צווייטער, די לעצטע שפּראָצונגען פון די האַרטע השכלה - גראָזן, אין דעם מערבדיקן נוסח, פון דער דריטער — וואוהין זיך ווענדן? וואוהין גיין?

די ביל"ווער האָבן ניט דערפילט די איבערגעטריבענע האָפנונג, וואָס מען האָט אויף זיי געלייגט, און וואָס זיי אליין האָבן זיך געלייגט. דער חיבת-ציון איז געוואָרן אַ מין פילאַנטראָפּיע-אַרבעט, מיט אַ נאַציאָנאַלער פאָרם אפשר, אָבער אָן אַ נאַציאָנאַלן אינהאַלט. — און דער דור פילט, אַז ניט דאָס איז דער וועג, ניט דאָס איז דער אופן, ניט דאָס איז דאָס, וואָס עס פאָדערט זיך. האָט מען אויף אַ לערער געוואַרט, וואָס זאָל קומען און זאָגן און ווייזן און אָנווייזן

---

(1) געווען איז פאַרמישט יעדע גרעניץ אין צייט פון דעם תוהו ובוהו;
פון עלטער און יוגנט, פון אָנהויב און סוף, פון צעשטערן און בויען.
און מיר, פון דער איבערגאַנגס-צייט, אין באַוואוסטזיין צי נים,
מיר האָבן זיך שטיל פאַר די צווייאיקע כוחות געבוקט און געקניט.

(2) און מיר, די פאַרצווייפלטע האָבן געבלאָנדזשעט אָן גלויבן,
געשטאַנען פאַרווירט אויפן שייד-וועג; וואו גייט מען? — געפרעגט זיך
האָט, אויפגעלויכט, לערער, דיין שטערן, געוואונקען פון אויבן;
פון נעבל אַרויס אונדז גערופן, געצויגן, פאַרנומען —
און מיר זיינען אונטער דיין שטערן צוזאַמענגעקומען.

ת. נ. ביאַליק צו אחד-העמ'ן; איבערזעצט
פון י. י. שוואַרץ.

און מיט זיין וואָרט איבערציינגן. ניט מיטרייסן, ניט הינרייסן, נאָר איבערציינגן, און דורך איבערצייגונג פירן.

און דער ל ע ר ע ר איז געקומען און האָט דעם וועג אָנגעוויזן, דורך זאָגן: „ניט דאָס איז דער וועג".

און אַלע האָבן אים גלייך פאַרשטאַנען. די בעסערע אינטעליגענץ האָט גלייך תופס געווען דעם טיפן מהות פון די ווערטער פון דעם „איינעם פון פאָלק" — און האָט אים דורך אומדיסקוטירבאַרן אמת פאַרן לערער געזאַלבט, פאַר דעם לערער, וואָס איז „ניט איינער פון פאָלק", נאָר דער „איינציקער פון פאָלק".

און אַזוי ווי דער דור האָט זיך אין משך פון די לעצטע פאַר צענדליק יאָר ניט איינמאָל געפונען על פרשת דרכים — אויפן ש י י ד - ו ו ע ג, האָט ער יעדעס מאָל אויפגעהויבן די אויגן צום לערער, און דער לערער פלעגט זיין וואָרט זאָגן, אָנווייזנדיק די ריכטונג, פירנדיק מיט זיין איבערצייגנדיק וואָרט דעם דור, און אַזוי ווי דער פירער איז ניט סתם געקומען פירן, און דער לערער איז ניט סתם געקומען לערנען, נאָר ער איז תמיד אַרויסגערופן געוואָרן דורך אַ צ ו ר ך ש ע ה, ער האָט געזאָגט, ווען ער ה אָ ט ג ע ה א ט וו אָ ס צו זאָגן, איז ער געוואָרן ניט ס ת ם אַ דענקער און לערער, נאָר ד ע ר ד ע נ ק ע ר און ד ע ר ל ע ר ע ר, צו וועמעס וואָרט דער דור אינגאַנצן האָט זיך צוגעהערט און וועמעס וואָרט דער דור האָט אויסגעפאָלגט.

און פונקט ווי אין אַלע בלאָנדזשענישן און פּראָבלעמען־כאַאָס פון דעם דור — איז געווען איין א י נ ע ר ל ע כ ע ר מ אָ ט י וו: „דאָס געצויגן ווערן פון צוויי מאַגנעטן", און ניט וויסן צו וועלכן זיך דערנענטערן, און פון וועלכן זיך אָפּצורייסן, אַזוי איז געווען אויך איין אינערלעכע גאַנצקייט אין דער לערע פון אחד-העם, „דעם לערער פון דור", איין אינערלעכע גאַנצקייט אין זיין גאַנצער יהדות-פילאָזאָפישער תורה, הגם זי איז געפּרעדיקט געוואָרן ניט ט עָ אָ ר ע ט י ש - ס ת ם, נאָר ק אָ נ ק ר ע ט- צ יי ט מ ע ס י ק, אין משך פון דרייסיק יאָר, תמיד ווען די געשעענישן און בלאָנדזשענישן פון דעם דור האָבן געפאָדערט אַ וואָרט פונם פירער.

און די דאָזיקע א י נ ע ר ל ע כ ע ג א נ צ ק יי ט און אויסגעהאַלטנקייט אירע גייט דורך, ווי אַ רויטער שנור אין די צענדליקער ב א ז ו נ ד ע ר ע אַרטיקלען, עסייען, — פּערל פון גערדאַנק, — וואָס אחד-העם האָט געשריבן אין משך פון דריי צענדליק יאָר, הגם אונטער פאַרשיידענע אומשטענדן, ביי פאַרשיידענע אָנגעלעגנהייטן און איבער פאַרשיידענע פראגן, בילדנדיק איין גאַנצע תורה, וואָס האָט טיפע וואָרצלען געשלאָגן אין דעם יידישן געדאַנק, געמאַכט אַרויסוואַקסן אַ פעסטן שטאַם אין דעם יידישן נאַציאָנאַלן לעבן און שאַפן, און הונדערטער אָפּצווייגונגען געמאַכט אַרויסוואַקסן, וואָס נעמען אַרום דעם גאַנצן מהות פון יידנטום און יידישקייט.

איין גאַנצע תורה איז געשאַפן געוואָרן: די תורה פון אחד-העם, וואָס זי איז דעם דור געגעבן געוואָרן אין משך פון דריי צענדליק יאָרן:

אין די פיר חלקים פון דעם „על פרשת דרכים".

דער דור ה אָ ט ג ע פ אָ ד ע ר ט אַ ל ע ר ע ר, שטייענדיק אויפן

שייד-וועג. איז געקומען דער ל ע ר ע ר פ ו ן ד ו ר און האָט זיין תורה געגעבן, פּרקים-ווייז, מגילותווייז, ניט מיט אַמאָל, נאָר תמיד לצורך השעה; אַזוי איז געגעבן געוואָרן יידן, תמיד, תורה: „די תורה איז געגעבן געוואָרן — האָבן אונדזערע הכמים געזאָגט — מגילותווייז", אָבער ווען עס איז געקומען די צייט צו זאַמלען זי פון איר צעזייטקייט און צעשפּרייט-קייט און קאָנאָניזירן זי אין איר איינער-און-איינערער גאַנצקייט און אויס-געהאַלטנקייט, האָט איר דער לערער אַזוי טאַקע אַ נאָמען געגעבן און אַזוי וועט זי פאַרבלייבן אין דעם ספר פון אונדזער גרויסווערטן און גייסטיקן שאַפן:

— על פרשת דרכים.

ווייל אַזאַ איז געווען דער צושטאַנד וואָס האָט דעם לערער אַרויס-גערופן אין וועג צו גיין און אויף דעם שייד-וועג האָט ער זיין דור געפונען.

אחד-העם איז געווען דער לערער פון זיין דור — אַזוי זעען מיר אים, מיר, די, וואָס זיינען געוואַקסן און נאַציאָנאַל-דערצויגן געוואָרן אויף זיין תורה, ווען זי איז שוין געווען אַ געגעבענע אַ גאַנצע, ניט ווי די, וואָס האָבן זי געזען אינם פּראָצעס פון געגעבן ווערן מגילותווייז...

אַזוי זעען מיר אים, אחד-העמען, מיר, דער דור, וואָס איז אויפגעקומען, ווען די שטאַרקייט פון דער פּאָלעמיק, וואָס געוויסע מאָמענטן און זייטן פון אחד-העמס תורה האָט אַרויסגערופן, איז שוין אָפּגעשוואַכט געוואָרן — און די סינטעזע צווישן זיין תורה און דער לערע פון זיינע פּאָליטישע און טעאָרעטישע קעגנער, איז געווען שוין ווייט אויפן וועג פון אויספורעמען.

— 3 —

ווען אחד-העמען איז אַ סך געשריבן געוואָרן: אַרטיקלען, עסייען, פּאָ-פּולערע פאַרטייטשונגען פון זיין געדאַנקען-גאַנג, אָפּהאַנדלונגען, פּאָלעמיק מיט אים און זיין לערע.

קיין חדוש ניט — דער לערער פון אַ דור איז ער... פאַרדערט ער מפרשים, מבארים און... אָפּפרעגער.

זאָגן אייניקע, אַז עס איז ניט פיל: ווען אחד-העם זאָל געווען זיין אַ פּי-לאָזאָף און דענקער, ניט פון יהדות און ניט ביי יידן — זאָגן אַנדערע — וואָלט אַ גאַנצע ליטעראַטור געווען וועגן אים געשאַפן געוואָרן, און ביכער אין די צענד-ליקער וואָלטן וועגן אים אַרויסגעגעבן געוואָרן.

מעגלעך.

מיר ווייזט זיך אָבער אויס, אַז פאַר אונדז איז נענוג און איבערגענוג דאָס וואָס איז וועגן אחד-העמען ביז איצט שוין געשריבן געוואָרן, ווייל:

איבער פיל מפרשים האָט מען די עצם משנה פאַרלאָזט.

איבער דעם, וואָס מען האָט אַזויפיל גערדרשנט איבער אחד-העמען, האָט מען דעם „על פרשת דרכים" אליין פאַרלאָזט, לייענען אים אויפגעהערט.

אַזוי שיינט מיר.

נאָך מערער:

איבער די פיל פּאָפּולאַריזאַציעס און רעזומירונגען פון אחד-העמס שיטה, וואָס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן, זיינען שוין פאַראַן פיל וואָס קומען און שרייבן וועגן אים און זיין שיטה, ניט האָבנדיק אפילו געלייענט אחד-העמען אליין אין זיין העברעאישן מקור.

א סך זעען אחד-העמען אין זיין גאַנצער גרויסקייט און הויכקייט פון א ריזיקן באַרג, וואָס טיילט אים אָפּ פון די אַרומיקע: דערנענטערן זיך אָבער צום באַרג, אָדער לאָזן זיך ביז צו זיין שפּיץ, דאָס פאַרשפּאָרן זיך שוין זייער פיל.

אַ שפּיץ פון אַ הויכן באַרג זעען אַלע, וועגן דער ריינער לופט, דורכזיכטיקייט פון דער לופט, וואָס אויפן שפּיץ באַרג; וועגן די וואָלקנס, וואָס הילן איין צייטנווייז דעם שפּיץ באַרג — וועגן דעם ווייסן אַלע צו רעדן. און מען רעדט.

קוקן אויפן באַרג פון ווייטנס און באַוואונדערן און אַרויסזאָגן השערות וועגן די שטעגן-און-וועגן, די שמאָלע און שווערע, וואָס שלענגלען זיך שפּועדיק אַרויף ביז דער העכסטער הויך — דאָס איז זייער לייכט צו זאָגן פאַר די, וואָס האָבן זיך אַליין ניט אַוועקגעלאָזט צו ג י י ן צום שפּיץ באַרג.

אין דעם פּרט איז אחד-העם געגליכן צו אַ באַרג, וועמעס שפּיץ אַלע זעען פון טאָל אַרויס, באַוואונדערן אים, אָבער דערגרייכן אים ניט. און זוכן אפילו ניט, און מאַכן אפילו קיין אָנשטרענגונגען ניט צו אויפשטייגן ביז אַהין.

אחד-העם איז באַקעמפט געוואָרן אין דעם לאַגער פון די אייגענע העברעאישע שריפטשטעלער און פון די פרעמדע, מערבדיקע ציוניסטן. האָט זיך אַ שטאַרקע פּאָלעמישע ליטעראַטור אַנטוויקלט אַרום אים און אַרום זיין שיטה און תורה; די פּאָלעמיק האָבן זיכער פיל מער, אָן אַן ערך מער געלייענט, ווי די אַרטיקלען און עסייען, אין וועלכע עס איז פון אחד-העם אַרויסגעזאָגט געוואָרן די גרונטלאַגן פון זיין שיטה — האָט מען זיך געשאַפן אַזאַ פּשוטן און פלאַכן באַגריף וועגן דעם מהות פון אחד העמס וועלט-אָנשויאונג, אַז עס ווערט אויסגעדריקט אין איין פראַזע:

„דער שעפער פון דעם גייסטיקן ציוניזם".

אָדער:

„דער, וואָס האָט אַרויסגערוקט די אידעע פון אַ מרכז רוחני, פון אַ גייסטיקן צענטער אין קעגנזאַץ צו הערצלס פּאָליטישן, שטאַטלעכן ציוניזם.

זיינע אַרטיקלען „ניט דער איז דער וועג" און „אמת פון ארץ-ישראל", האָבן געפּלאַצט ווי אַ באָמבע אין דער מיט פון דער יידישער געזעלשאַפטלעךנאַציאָנאַלער מיינונג, וואָס האָט געדרימלט אונטער דעם מאָנאָטאָנעם פּליסטערן פון די מליצה-וואַטעדיקע אַרטיקלען פון „המליץ" און „הצפירה", פון דעם טיפּ, וואָס פלעגט זיך אָנהויבן מיט אַ „למען ציון לא אחשה".

„זיינע אַרטיקלען האָבן אויפגעטרייסלט דאָס דאָמאָלסטיקע יידישע פּובליקום און האָבן אַרויסגערופן אַן אמתע רעוואָלוציע אין דער גאַנצער נאַציאָנאַלער חובב - ציוניסטישער אידעאָלאָגיע".

איך האָב די פּאָר פראַזעס באַצייכנט מיט קלאַמערן, הגם זיי זיינען פון ערגעץ ניט גענומען טעקסטועל — און מען קען זיי טרעפן אומעטום, אין יעדער

גרייטער אָפּהאַנדלונג און אַרטיקל וועגן אחד-העם; מען קען זיי הערן פון יעדן רעפערענט וועגן אחד-העם.

מען קריגט, ווי פּאַרטיקע רעצעפּטן — און מען רעדט און מען שרייבט אין דעם נוסח וועגן אחד-העמען און מען פאַרפלאַכט אחד-העמען און דעם אחד-העמיזם.

— 4 —

און די זאַך איז גאָרניט אַזוי פּשוט, ווי נעמער פון גרייטע רעצעפּטן מיינען.

אחד-העם איז איין זאַך און אחד-העמיזם — אַ צווייטע. דער „על פרשת דרכים", אין זיינע גאַנצע פיר טיילן, זיינען פיר כּדרים פון אַ גאַנצער שיטה, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון אַ דענקער, וועלכער האָט זיין איינענעם וועג זיך אָנגעצייכנט, אין דער מיט פון אַלע פּראָבלעמען און פראַגן פון יידישן לעבן; און ער איז אויף דעם וועג געגאַנגען און מיטגעפירט די בעסערע יידישע אינטע-ליגענץ אין משך פון דרייסיק יאָר. אַזוי לאַנג געגאַנגען, ביז די וועגן פון אַנ-דערע פירער האָבן זיך „ביודעים ובלא יודעים" אָנגעטראָפן אין זיינעם. און עס האָט אָנגעהויבן געשאַפן צו ווערן אַ סינטעזע.

דער „על פרשת דרכים" איז אַן ענין, וואָס פאָדערט מען זאָל אים גוט אַדורכלייענען, ווי די אַמאָליקע יידן פלעגן די תורה לייענען: „שנים מקרא ואחד תרגום". מיט גרייטע מיינונגען, קאָנדענסירטע סענטענצן, קען מען ווייט ניט אַוועקגיין.

אחד-העם — איז איינער פון די קאָנסערוואַטיווסטע יידישע דענקער און פּובליציסטן, דער רואיקסטער, דער באַטראַכטסטער, דער ניכטערסטער מענטש אין דער מיישובדיקסטער, פאַרזיכטיקסטער אין דעם גאַנג פון זיין דענקען.

אחד-העם איז געווען דער מענטש, וואָס האָט געהאַט די אַבסאָלוטע הער-שאַפט איבער זיין דענקען אין געדאַנקען-שיטה, אַ מענטש, וואָס האָט געהאַט אַלע הונדערט פּראָצענט פון ניכטערער, קאַלטער, פילאָזאָפישער באַזאַכטקייט און באַציאונג צו די פּראָבלעמען, וואָס האָבן זיין דענקען פאַראינטערעסירט. און קיין איין פּראָצענט ניט פון אויפּפלאַקערונג, התלהבות, פון מאָמענטאַלער מיט-רייסונג, פון מאָמענטאַלער, פאַרביילויפיקער שטימונג, פון אָנציענדיקן, אָבער מאָמענטאַלן ענטוזיאַזם.

אחד-העם איז געווען דער מענטש פון דעם „אבסאָלוטן אמת" — ווי ער האָט אים פאַרשטאַנען — פון „זיין אמת", — וועלכן ער האָט אַנטפּלעקט ניט כתם, ניט צופעליק, ניט אַזוי לייכט. עס איז אַן אמת, וואָס איז צו אים געקומען ניט דורך אַ מאָמענטאַלער שטימונג, אָדער אַנטפּלעקט מיטן כוח פון אינטואיציע נאָר דורך אַ באַזאַכטן און סיסטעמאַטישן דענקען און דורך אַ געניעם און טיפן אַנאַליטיש-קריטישן פאָרשן אין דעם וואַלד פון דער יידישער געשיכטע און דעם מהות פון אונדזער נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקייט.

און אַרויסבאַקומען פון דאָרטן האָט ער די גרונט-לאַגע, אַז :

היות, די געשיכטע פון יידישן פאָלק האָט זיך אויסגעוויקלט ביז איצט אַנדערש, גאָר אַנדערש ווי די געשיכטע פון אַנדערע פעלקער, — ווי פון מערב

אזוי פון מזרח — קען דערום להבא אויך ניט אַנגעווענדעט ווערן צו אים דער אופן פון היילן אים און ווידערבויען, ווי עס ווערט אַנגעווענדעט צו די פעלקער פון מערב-אייראָפּע.

אָן עם־הספר, וועמענס נשמה איז אין בוך און ניט אין דער גשמיותדיקייט פון דער פּאָליטיק — וועט דורכן גייסט אַנהאַלטן זיין קיום און ניט דורך א שטאַט, וואָס איז געבויט בלויז אויף אַ גשמיותדיק-פּאָליטישער וועלט-איינשטע-לונג, קאָפּירט פון מערבדיקן מאָדערניזם; דאָס איז ניט ל ר ו ח מיט דעם גאַנצן געשיכטליכן גאַנג פון דעם יהדות און סוועט ניט געבן די געהעריקע רעזולטאַטן.

אחד-העם איז געווען אַ דענקער וואָס אין ניינצנטן יאָרהונדערט האָט ער־געדענקט פּונקט, ווי רבי יוחנן בן זכאי, סוף ערשטן יאָרהונדערט. ער האָט מיט אַכצן יאָרהונדערט שפּעטער אָנגעקניפּט זיין מחשבה אין יענעמס אמת:

— דער עיקר איז י ב נ ה און דאָס דאַרף מען זוכן צו ראַטן; דער גייסט וועט דערהאַלטן דאָס פאָלק; און דער עיקר איז נאָר: דאָס פאָלק זאָל ניט חרוב ווערן; וויכטיקער איז עס, ווי דאָס לאַנד ווארום אַ לאַנד, אויב עס ווערט חרוב, קומען אַ עזרה און אַ נחמיה און בויען עס אויף צוריק, און אַ פאָלק, ווען עס ווערט חרוב, ווער וועט עס אויפבויען?

דאָס איז ניט אַזאַ אידעע, וואָס קען באַגייסטערן יוגנט צו אינערלעכער און אויסערלעכער רעוואָלוציע. דאָס איז אַ געדאַנקען-גאַנג, וואָס רופט צו דער ממשלה פון דעם אַלטן פאָריקן געשיכטע-איינשטעל, איבער אַ נייעם, וואָס מען דענקט צו קענען איינשטעלן.

אַזאַ דענקער איז אחד-העם געווען און פונדעסטוועגן האָט ער דאָך מיט־געריסן, מיטגעצויגן און מיטגעפירט מיט זיך די יוגנט פון זיין דור, לערנענדיק זיי ניט צו ענטוזיאַזמירן זיך נאָר צו אריינטראַכטן זיך טיף אין דעם געשלענגלטן וועג פון אונדזער געשיכטע, וואָס ער האָט געזען ווי אַ דרך המלך; און ציען פון דעם עבר אַ לערע פאַרן הווה און פאַרן עתיד.

— 5 —

נאָכדעם, ווי איך האָב ניט מעיין געווען יאָרן, אין דעם פיר בענד-גאַנג פונם „על פרשת דרכים“, האָב איך, מיט אייניקע חדשים צוריק, ווען מען האָט געפייערט אחד־העמס זיבעציק יאָריקן געבורטס-טאָג, גענומען און ווידער גע-בלעטערט אין די בענדער, אין די ווערק פונם דענקער, וועלכער האָט, פאַקטיש, נאָך אין יאָר 1912, זיך צוריקגעצויגן פון דער ליטעראַטור און אָפּגעגעבן זיך אויס-שליסלעך מיט זאַמלען און אַרויסגעבן זיינע בריוו, געשריבענע אין משך פון איבער דרייסיק יאָר. די זעקס בענדער בריוו זיינען אַן און פאַר זיך, אַ זייער וויכ-טיקער ליטעראַרישער מאָנומענט, אַ מין דערגאַנצונג צו די פיר סדרים פון דעם על פרשת דרכים, ווייל זיי אַנטהאַלטן הונדערטער בריוו, וועלכע זיינען איצט וויכטיקע היסטאָרישע דאָקומענטן וועגן דער יוגנט-עפּאָכע פון חיבת-ציון, בני-משה, ציוניסטישע באַוועגונג.

וואָס איך בין אויסן געווען — איז נאָר ב ל ע ט ע ר ן, איבערקוקן די פיר בענדער, כדי צו אָ פּ פ ר י ש ן א י ן ז כ ר ו ן ד ע ם א ל ג ע מ יי-

נעם איינדרוק וועגן דעם גערדאַנקן-גאַנג, וואָס אהר-העמס יידישע וועלט-אַנשויאונג רופט אַרויס; איך בין אויסן געווען דערמיט, הויפּטזעכלעך, צו פילן און אָפּשאַצן די עלטער פון אחד-העמס שאַפונג.

וואָס איך בין אויסן געווען מיט דעם איז צו אָפּשאַצן, צי איז נאָר אחד-העם אַ יובילאַר, אָדער זיינע ווערק זיינען שוין אויך אַלט, און אין פאַרהעלטעניש צו דער אַקטואַליטעט, זיינען זיי שוין אויך יובילאַרן.

פּובליציסטישע ווערק, טרעפט אַמאָל, ווערן זייער שנעל אַלט. אַמאָל ווערן זיי אַלט אַ יובל, — אין דער אָפּשאַצונג פון אַקטואַליטעט — איידער נאָך אַ פּאָר יאָר זיינען אַוועק, אין צייט, און אַמאָל געשעט עס פאַר־קערט: דער אויטאָר ווערט אַ יובילאַר, אַ זקן, און אויף זיינע ווערק קומט קיין עלטער ניט; זיי פאַרבלייבן יונג און צייטמעסיק, גלייך ערשט נעכטן זיינען זיי אַרויס פון דער פעדער פון זייער אויטאָר.

דאָס דאָזיקע איז אָפּהענגיק פון צוויי פאָרבאַדינגען: פון דער שנעל־קייט, מיט וועלכער אַ פאָלק אָדער אַזוי אַ גרויסער קיבוץ לייזט און דערלייזט די וויכטיקע און שאַרפע פּראָבלעמען, וואָס דאָס לעבן רוקט אַרויס אויף דעם סדר-היום פון דעם קיבוצס באַהאַנדלונג און פון דעם, ווי ווייט טיף עס איז געלונגען דעם דענקער-שריפטשטעלער צו אַריינ־דרינגען אין דער טיפקייט פון די פּראָבלעמען, וואָס דאָס לעבן רוקט אַרויס צום באַהאַנדלען.

אַן אויבערפלעכלעכע באַהאַנדלונג פון אַ פראַגע, פאַרלירט שנעל איר אַקטואַ־ליטעט. אַ טיפער אַנאַליז, אַן אַריינגעדרונגענע פאָרשונג אַנטדעקט אַזעלכע קניי־טשן און הוויות אין דעם באַהאַנדלט-ווערנדיקן ענין, אַז דורך איר און אַ דאַנק איר קען מען שפּעטער, ווען די פראַגע אָדער פּראָבלעם ווערט צומאָלס אויסער־לעך, פאַרן אויבנאויפיקן בליק פאַרשוואונדן, מיטן גאַנג פון דער צייט, ווידער אויפדעקן זי, דערקענען איר, אַ פאַרהוילטע, אין דער טיף פון דעם לעבן. במילא פאַרלירן ניט אַזעלכע ווערק זייער אַקטואַליטעט, אפילו ווען זיי ווערן אַלט, כל-זמן עס זיינען להלוטין ניט פאַרשוואונדן יענע פראַגן און צו־שטאַנדן, וועלכע האָבן די באַהאַנדלונג פון דער פראַגע אַרויסגערופן.

אָט דאָס דאָזיקע בין איך אויסן געווען צו אויסגעפונען, דורך אַן איבער־לויפנדיקן בלעטערן, דורך בלויז מעיין זיין אין אהד-העמס „על פרשת דרכים“.

דעם אמת געזאָגט, וואָלט זיך מיר געוויס וועלן דאַן, אַז ניט נאָר אחד-העם זאָל זיין דער יובל בן שבעים, נאָר אויך אַז זיינע ווערק זאָלן זיין שוין יובילאַרן; דאָס הייסט, אַז זיי זאָלן, האָבן פאַרלוירן זייער אַקטואַליטעט; אַז אַלע אינגאַנצן זאָלן קענען באַטראַכט ווערן, ווי דאָקומענטן שוין היסטאָרישע און ניט, אַז איצט, אין דרייסיק, פערציק יאָר אַרום, נאָכדעם ווי פיל פון זיי זיינען אָנגעשריבן געוואָרן, זאָלן נאָך די פיינלעכע, וויטיקדיקע זייטן פון אונדזער פאָלקס-לעבן, וועלכע עס ווערט אין זיי אָנגעוויזן און באַרירט, עקזיסטירן, די עסייען און די אַרטיקלען, וואָס באַרירן אָט די דאָזיקע ענינים זאָלן זיין איצט נאָך אַלץ „יונג“, „פריש“, כמעט מענינא דיומא.

איך ווייס ניט, צי בין איך אינגאַנצן גערעכט מיט מיין אָפּשאַצונג, אָבער

דער איינדרוק, וואָס איך האָב פון מיין לייען-עקסקורסיע אַרויסגעטראָגן, איז פאָלגנדער:

אין קיין פובליציסטיש און עסייאיסטיש ווערק אין דער העברעאישער ליי־טעראַטור, פון דעם לעצטן האַלבן יאָרהונדערט, איז אַ גרויסער טייל פון די פראַגן אין דעם באַהאַנדלטע, ניט פאַרבליבן אַזוי „יונג“, אַזוי צייטמעסיק, ווי אין אחד-העמס.

אַ גרויסער טייל פון די מאמרים, וואָס ער האָט געשריבן פאַר דרייסיק אָדער צוואַנציק יאָר צוריק, זיינען נאָך ווייט ניט פאַרעלטערט געוואָרן; זיי זיי־נען, צומאָל, אַזוי „מעניגא-דיומא'דיק“, גלייך ערשט איצט וואָלטן זיי געוועזן געשריבן.

אָננעמענדיק אַלס אורזאַך, וואָס זאָל דערקלערן די דאָזיקע דערשיינונג, די צוויי הויפט-מאָטיוון, אויף וועלכע איך האָב אָנגעוויזן אויבן, — מוז מען קומען צום שלוס, אַז:

אָדער עס זיינען נאָך אין אונדזער נאַציאָנאַלן און יידיש-געזעלשאַפטלעכן לעבן ניט פאַרשוואונדן, די פּראָבלעמען וואָס האָבן אַרויסגערופן, וואָס האָבן אָנגע־רעגט, אחד-העמס פובליציסטישע באַהאַנדלונגען; דאָס הייסט, אַז עס זיינען נאָך ניט באַרגאַנגען אין גאַנצן די פּראָבלעמען און פראַגן, וואָס האָבן באַוואויגן אחד־העמען צו שרייבן דעם אָדער יענעם מאמר, און איצט, נאָכדעם ווי סזיינען אַריבער דרייסיק יאָר נאָך זייער פאַרעפנטלעכן, זיינען זיי נאָך אַלץ אַקטועל, —

אָדער:

דער אַנאַליז פון די דאָזיקע פּראָבלעמען און פראַגן, ווי אחד-העם טוט עס אין זיינע ווערק, איז אַזאַ טיפער, אַזאַ אַריינדרינגנדיקער דורך און דורך, און עס זיינען דורך אים באַרירט געוואָרן אַזעלכע קנייטשן און פיינלעכע הוויות אין אונדזער לעבן, וואָס, אויב די פּראָבלעמען אַליין זיינען אפילו שוין ניט אַקטועל, זיינען אָבער די עפעקטן און די ס י מ פּ ט אָ מ ע ן זייערע, — אויף וועלכע אחד-העם האָט אָנגעוויזן — ביז-איצט, אומפאַרשוואונדלעך, און לויט אָט די ט י פ ע צ יי כ נ ס דערקענט מען ב ע י ן די עצם-גאַנצקייט און עקזיס־טענץ, דעם מהות פון דער פּראָבלעם אָדער פראַגע, הגם זיי אַליין זיינען, אויבנ־אויפיק, פאַרן פאָרשערס און זעערס אויג פאַרשוואונדן שוין פון אונדזער סדר-היום.

מיר דאַכט זיך, אַז דאָ איז ניטאָ קיין „אָדער, אָדער“, נאָרביידע מאָטיוון זיינען אמת. אחד-העמס באַהאַנדלונג איז אַ דורכדרינגענדיקע, וואָס האָט קיין גלייכן ניט צו זיך אין דער יידישער פובליציסטיק און עס זיינען אויך נאָך ניט פאַרשוואונדן נאָך פון אונדזער לעבן די פּראָבלעמען, וואָס האָבן אַרויסגערופן אחד-העמס שריפטן.

אַזאַ מין באַהויפּטונג קלינגט נאָך אויבנאויפיק אַביסל פּאַראַדאָקסאַל: „ווי הייסט די פּראָבלעמען און פראַגן זיינען נאָך ניט פאַרשוואונדן?“ אין גרונט־געגומען אָבער איז עס אַן אינטערעסאַנטע דערשיינונג, וואָס פאָדערט מען זאָל זיך גוט צוקוקן צו דעם.

אונדזער לעבן איז טאַקע געענדערט געוואָרן, אָבער נאָר אויבנאויפיק. דער אייסערלעכער אויסזען פון דעם לעבן פון אונדזער פאָלק האָט זיך געענדערט אין

משך פון די לעצטע דריי צענדליקער יאָרן; דאָס אינערע לעבן אָבער, דער אינערלעכער איבערבוי, וואָס זאָל ביז די וואָרצלען פאַרענדערן דאָס פאָלק און דורך דער פאַרענדערונג מאַכן באמת, פאַרשוואונדן די וויטיקן און פיינלעכע איבלען, וואָס אחד-העמס דענקער-און-שרייבער ביסטורי האָט אויפגעשניטן און אַנטבלויזט פאַר אונדז, דאָס איז אומגעענדערט פאַרבליבן.

עס איז אין אונדזער נאַציאָנאַלן וועזן אַנטשטאַנען אַ לייכטע אויסערלעכע פאַרוואַנדלונג, אַ מין ענדערונג בלויז פון דעם לבוש פון דעם אינערלעכן פּרצוף און ניט מער; דאָס אינערלעכע אינערלעכקייט האָט זיך כמעט פון אָרט ניט גערירט, און ווייל אחד-העם, דער דענקער-פּובליציסט האָט דערוויזן אַריינצודרינגען אין די וויטפּסטע און טיפסטע נשמה-קעמערלעך פון אונדזערע נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען, און זען דאָרט אַזעלכעס, וואָס קיין אַנדערע האָבן ניט דערזען, האָט ער באַמערקט דאָרט אַזעלכע קנייטשן און נאַציאָנאַלע הוויות, וואָס אין משך פון איין דור אָדער צוויי פאַרשוואונדן זיי ניט, און אין צענדליקער פון זיינע מאמרים — אַזעלכע, צ. ב., ווי „עבדות בתוך חרות" (קנעכטשאַפט אין פרייהייט), „חיקוי והתבוללות" (נאָכאַמונג און אַסימילאַציע) „דרך הרוח" (דער וועג פון גייסט), אָדער „כהן ונביא" -- איך רוף אָן בלויז געציילטע אַלס ביישפּיל — האָט ער אַנטפּלעקט און באַהאַנדלט אַזעלכע דערשיינונגען אין אונדזער נאַציאָנאַלן וועזן, וואָס זיינען אַ רעזולטאַט פון גלות און בכלל פון אַ לעבן פון אַ פאָלק צווישן אַנדערע פעלקער, אַ לעבן ניט נאָר, אין פיזישן זין, נייערט, אין דער עיקר, גייסטיק און אַזוי ווי די פאָרמען פון גלות, הגם זיי ענדערן זיך אויסערלעך, לפּנימדיק, פאַרבלייבן זיי אָבער די זעלביקע, אומפאַרענדערט אין זייער אינערלעכן מהות: תמיד פרעמד. דערנידערנדיק פאַר דעם עצם און דעם מהות פון אַ פאָלק, מוזן במילא פאַרבלייבן, אין תוך גענומען, איינע און די זעלביקע, איינע און אומפאַרענדערטע, די ספּעציעלע אָפּשטעמפּלונגען, וואָס זיי לאָזן אויף דער נשמה פון פאָלק: די שפּורן פון קנעכטשאַפט אין דער כלומרשטער אויסערלעכער פרייהייט, די נאַרישע אויסערלעכע נאָכאַמונג, וואָס מען מיינט און מען נעמט אָן ווי אַ כלומרשט, גרינטלעכע וועזנטלעכע אַסימילאַציע א. ד. גל.

דאַכט זיך: אחד-העם האָט געשריבן אַ מערסטע טייל פון זיינע מאמרים, אַרויסגערופן דערצו דורך צייט-פּראָבלעמען און געשעענישן פון אומיטלבאַרער, קאָנקרעטער, דאַן אַקטועלער ווירקלעכקייט -- און צום סוף איז י ע נ ע  אַ ק ט ו אַ ל י ט ע ט, וואָס ווערט אין דעם אָדער אין יענעם מאמר באַהאַנדלט, איצט אויך פריש אַזוי, און צייטמעסיק אַזוי, גלייך די מאמרים וואָלטן אַרויסגערופן געווען דורך אַ געשעעניש, וואָס איז פאָרגעקומען ניט מיט דרייסיק יאָר צוריק, נאָר נעכטן ערשט.

איין ביישפּיל: דער אַרטיקל „עבדות בתוך חרות" וואָלט זייער גוט געקענט געשריבן ווערן איצט, אַרויסגערופן דורך דעם נאַציאָנאַלן פּאַראַט, וואָס די יידישע נאָטאַבלע אין טערקיי זיינען גאָר לעצטנס באַגאַנגען, אָפּזאָגנדיק זיך פייערלעך פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט און פון די רעכטן פון נאַציאָנאַלער מינדערהייט און, דערקלערנדיק זיך ניט ווינציקער „פייערלעך" אַלס „טערקן פון משהס גלויבן". אַ ווידערהאָלונג, וועט איר זאָגן, פון נאַפּאָלעאָנס סנהדרין-

אפערע? ניין, ניט איבערגעהזירט נאָר פּשוט פאַרגעזעצט. דער געזעץ פון גלות-לעבן איז אומברחמנותדיק: איינע און די זעלבע לעבנס-באַדינגונגען, מוז אומ-פאַרמיידלעך דערפירן צו די זעלבע פאָלגן און ברענגען די זעלבע רעזולטאַטן. און עס דערפירט טאַקע. און, היות אחד-העם האָט אין אַ גרויסער מערהייט פון זיינע אַרבעטן, אַנאַליזירט און באַצויגן זיך נאָר צו אומפאַרמיידלעכע און אומ-געענדערט-פאַרבלייבנדע קאָנסעקווענצן פון דעם לעבן פון אַ פאָלק צווישן אַנ-דערע פעלקער — איז דערפאַר ד ע ר ט יי ל פון זיינע ווערק ב י ז א י צ ט א ק ט ו ע ל, אין אַקטועל וועט ער פאַרבלייבן, כּל-זמן עס וועלן ניט איבערגעאַנדערשט ווערן ביזן יסוד, די סיבות, וואָס פירן צו דעם, אַז אַ פאָלק, לעבנדיק צווישן אַנדערע פעלקער, זאָל ניט קענען זיך שפּירן פונקט אַזוי פריי, אומאָפּהענגיק, גייסטיק און פּאָליטיש און קולטורעל, גלייך עס וואָלט געלעבט פולשטענדיק באַזונדער אויף זיין אייגענער טעריטאָריע.

אין דעם ליגט דער סוד פון דער טיפער און נאָך לאַנג-רויערנדער אַקטוא-ליטעט פון דעם טייל פון אחד העמס כתבים, אין וועלכע ער באַרירט די דאָזיקע פּראָבלעמען פון אונדזער לעבן.

דאָס אָבער, ווי געזאָגט, באַציט זיך נאָר צו אַ טייל פון זיינע ווערק. אַ צווייטע טייל איז פאַראַן, און גראָד די, אין וועלכע עס איז אויסגעדריקט די גרונט-לאַגן פון דעם אַזוי גערופענעם אחד-העמיזם, וו אָ ס ה אָ ט א י צ ט נ אָ ר ש ו י ן א ה י ס ט אָ ר י ש ע ב אַ ד יי ט ו נ ג, אַ באַדייטונג פון דאָקומענטן, דורך וועלכע מען קען אָפּשאַצן דעם געדאַנקען- און אידייען-גאַנג און געראַנגל פון יענער עפּאָכע, ווען זיי זיינען געשריבן געוואָרן.

— 6 —

דער טייל פון אחד-העמס אַרטיקלען און עסייען, אויף וועלכע מיר האָבן דאָ אָנגעוויזן, אַז זייער אַקטואַליטעט און באַדייטונג איז נאָך ניט פאַרשוואונדן איצט צו טאָג, הגם עס איז שוין, אויבנאויפיק באַטראַכט, געענדערט געוואָרן דער לעבנסשטייגער פון פאָלק און עס זיינען, ווידער טאַקע אויסערלעך בא-טראַכט, פאַרשוואונדן די פּראָבלעמען און פראַגן, וואָס האָבן געהאַט אַ ברענענ-דיקע אַקטואַליטעט, ווען עס זיינען געשריבן געוואָרן דורך אחד-העם די דאָזיקע אַרטיקלען און עסייען — שליסט דאַכט זיך מיר ניט איין דעם גרעסטן טייל פון זיינע שריפטן. די אַנדערע פון זיינע שריפטן, האָבן זייער באַדייטונג פון אַקטואַליטעט שוין אָנגעוואָרן איצט, זיינען אפשר מער אין צאָל, און, דאָס דאַרף גלייך ווערן געזאָגט: גראַדע דורך דעם וואָס זיי האָבן אָנגעוואָרן זייער אַקטוא-ליטעט, איז געוואַקסן זייער ווערט, זייער באַדייטונג אַלס דאָקומענטן פון נאַציאָ-נאַל-היסטאָרישער און קולטור-היסטאָרישער ווערט.

איך באַצי מיך דאָ צו דער טייל פון אחד-העמס אַרבעטן, וואָס האָט אַ די-רעקטע שייכות מיטן גאַנצן מהות פון ציוניזם און פון דער ארץ-ישראל-בויאונג, זיין פּאָלעמיק מיט דר. הערצל, און אַנדערע פון דעם מין, אין וועלכע ער האָט תּמיד אַרויסגעזאָגט אויף פאַרשידענע אופנים, אָבער שטענדיק קלאָר, באַזאַכט,

מיט ישוב-הדעת, אָן שום ריקזיכט דעם „אמת פון ארץ-ישראל“ און — געבן מיר צו — דעם אמת ארום ארץ-ישראל און ארום אַלעס, וואָס האָט אַ שייכות מיט דער פּראַקטישער און טעאָרעטישער זייט פון דער בויאונג פון דעם לאַנד, דעם אמת, ווי ער האָט אים געזען, אויפגעפּאַסט און אָפּגעשאַצט.

אַ מערקווירדיקן איינדרוק מאַכן די דאָזיקע אַלע אַרטיקלען און עסייען אויף אַ לייענער, איצט צו טאָג — על-כּל-פּנים אויף מיר האָבן זיי אַזאַ מין איינדרוק געמאַכט, ווען איך האָב זיי לעצטנס, נאָכאַמאָל געלייענט:

דו האָסט פאַר זיך ניט קיין פּובליציסטישע אַרבעטן אין געווײנלעכן זין פון וואָרט, וואָס ווען די צייט און די צייט-פראַגן און געשעענישן, וואָס האָבן זיי אַרויסגערופן, זיינען פאַרשוואונדן, פאַרלירן זיי, די אַרטיקלען, אַבסאָלוט זייער ווערט און האָבן, להבא, אַ באַדייטונג ניט מער ווי אַן אינפאָרמאַציע-מאַטעריאַל פאַר דעם, וועמען עס אינטערעסירן די איינצלהייטן וועגן דעם גאַנג פון געוויסע געזעלשאַפטלעכע און נאַציאָנאַלע שטרעמונגען און גראַנגלען. דאָ, אין פאַל מיט אחד-העמס אַרבעטן איז דער איינדרוק גאָר אַן אַנדערער:

מיר זעען פאַר זיך אַרבעטן פון אַ שאַרפן היסטאָריש-אַנאַליטישן כאַראַקטער, וואָס איצט, ווען ארץ-ישראל ווערט שוין געבויט — אין שווערע געבורטסליידן און אַנגסטן, מיט די אומגעהויערע קרבנות פון די חלוצים, וואָס שאַפן פאַר אונדזערע אויגן אַ נייע רעליגיע פון אַרבעט און מסירת-נפש פאַר דעם לאַנד — וואָס איצט, זאָגן מיר, האָבן זיי אַ באַזונדערע, גאָר אַ באַזונדערע ווערט: אַ ווערט פון אַ קריטישער אָפּהאַנדלונג איבער אַ געשיכטלעכן פּראָצעס, וואָס האָט געפירט צו ניי־אויסגעוויקלטע געשעענישן, עוואָלוציווע אַזוי צו זאָגן. פאָלגלעך, קען מען לויט די דאָזיקע אחד-העמס אַרבעטן, צוריקוועגס, רעסטאווריר ן ניט נאָר דאָמאָלסטיקע געשיכטלעכע פּאַסירונגען, אָפּגעזונדערט און אָפּהענגיק פון די איצטיקע, נאָר נאָכפאָרשן און נאָכגיין, אַלץ מיט דער הילף פון אחד-העמס קאַלטע און שאַרפע אַנאַליזע, דעם גאַנצן פאָדים פון דעם היסטאָרישן פּראָצעס, אין זיין גאַנצער אַנטוויקלונג און גאַנג ביז איצט צו טאָג, אָנהייבנדיק טאָקע פון אונדזער צייט און גייענדיק אין דער כראָנאָלאָגישער ריכטונג צו דער פאַרגאַנגענער.

און נאָך אַן איינדרוק מאַכט איצט דער טייל פון אחד-העמס שאַפונגען, צו וועלכע עס באַציען זיך די דאָזיקע באַטראַכטונגען: דורך זייער פּערפעקטקייט, קלאָרקייט, שאַרפער ניכטערקייט און אַריינדרינגלעכער אַנאַליז אין דער אויסוויקלונג פון די פראַגן, וואָס האָבן זיי געדינט אַלס מאָטיוו, מאַכן זיי אַזאַ רושם פון אמתער קריטיק פון געשיכטלעכע פּאַסירונגען. עס מאַכט דעם איינדרוק, אַז זיי וואָלטן געשריבן געוואָרן ניט אין רעכטן ברען פון די געשעענישן, אין רעכטן מיט פון דער אַנטשטייאונג פון די פּראָבלעמען, וואָס זיי האָבן באַהאַנדלט, ווען מען האָט נאָך ניט געקענט פאָראויסזען, ווי אַזוי וועלן זיך אַנטוויקלען, נאָר אַ צייט נאָכדעם, ווען דאָס פּראָבלעם איז שוין אַראָפּ פון סדר-היום און ווען די אַנטוויקלונג פון דעם פּראָצעס פון די געשעענישן איז שוין געווען פאַרענדיקט און, פאָלגלעך, מען האָט געקענט זיך אָפּגעבן מיט דער קריטיק פון

אַט די געשׂיכטלעכע פּאַבירונגען, כדי צו ציען פון זיי אַ לערע אויף להבא. אין רעכטן ברען פון די געשעענישן האָט אחד-העם געקענט דערווייזן צו רעאגירן אויף זיי, גלייך זיי וואָלטן שוין געוועזן, דאָן, געשיכטע און ניט ווירקלעכקייט.

דאָס איז ווידער די איינגעשאַפט נאָר פון אחד-העמס פּובליציסטיק, וועל-כע עס איז שווער צו טרעפן ביי אַ צווייטן.

דאָס באַווייזט, אַז אחד-העם האָט פיל מאָל **פּאַראויסגעזען** די עוואָלוציע, וואָס אַ געוויסע נאַציאָנאַל-פּאָליטישע פּראָבלעם וועט מאַכן, און דורך זיין שאַרפער און אריינדרינגלעכער צעגלידערונג, האָט ער זיך געפּעדערט פאַר די געשעענישן און עס פּאַראויסגעזאָגט. ניט אַלע מאָל האָט דער עולם, — די ברייטע יידישע געזעלשאַפטלעכקייט, און, זאָגאַר, אונדזערע נאַציאָנאַלע פירער געקענט פּאַראויסזען גלייך ווי אחד-העם, די לאָגישע עוואָלוציע פון דער פּראָבלעם, וואָס איז געשטאַנען אויפן סדר-היום — און דערפאַר האָט מען ניט אַלע מאָל און ניט דורכאויס געקענט מסכים זיין מיט אים; אָבער מיר, איצט צו טאָג, ווען מיר לייענען אים, באַוואונדערן די אייזערנע לאָגיק און איינגאַר-טיקע געדאַנקען-אויסוויקלונג אין דעם טייל פון זיינע שריפטן, וואָס האָט זיך באַצויגן, גראָדע צו צייט-פּראָבלעמען, און מיר מוזן זען אין זיי ניט נאָר באַ-האַנדלונגען פון געוויינלעכן פּובליציסטישן פאַרנעם, וואָס זייער אויפגאַבע איז צו באַלייכטן, קאָמענטירן און קלאָר מאַכן די געשעענישן פאַרן פּובליקום, אין געגעבענעם מאָמענט נאָר אָפּהאַנדלונגען פון קריטיש-היסטאָרישער ווערט וואָס קענען דינען, ווי אַלס דאָקומענטן פאַר דער גרינטלעכער אויספאָרשונג פון יענער צייט, אַזוי, אַלס אַ וויכטיקע לערע פאַר אונדזער צייט און להבא.

— 7 —

אין אַלע גרויסע נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען, וואָס ווערן יאָרנלאַנג דיסקוטירט און ליידנשאַפטלעך דעבאַטירט פון פאַרשיידענע שטאַנדפּונקטן און פון פאַרשיי-דענע אידעאָלאָגיעס, איז **דער גאַנצער אמת קיינמאָל ניט איינגאַנצן אויף איין זייט פון די פּאָלעמיזירער.** צוביסלעך איז ער פון יעדן צד. אין דער פּאָלעמיק זעלבסט און אין דעם גאַנג פון די געדאַנקען און מיינונגען, וואָס ווערן אַרויסגעזאָגט פון אַלע צדדים אין דער פּאָלעמיק, ווערט צוביסלעכווייז, טראָפּנווייז און בהדרגהדיקער אַרויסגעשיילט דער רעאַליסטישער אמת, די וואַרהייט פון דאָס ממשותדיקע. דאָס דריקט זיך תמיד אויס אין אַ סינטעזע, וואָס ווערט געשאַפן פון דאָס אַרויסגעזאָגט'ן פון דעם אָדער פון יענעם צד.

דאָס אַליין איז שוין אַן אַלט באַקאַנטער אמת, אַרום וועלכן עס איז פיל פּאָלעמיזירט געוואָרן — און ער אַליין קומט אויך אַרויס פון פּאָלעמיקעס; און אויב איך באַנוץ אים דאָ, איז עס נאָר כדי צו באַטאָנען, אַז איצט, אין דער צייט, ווען די אַרבעט אין ארץ-ישראל איז אַזוי אַנדערש און פאַרשיידן פון דעם, ווי זי איז געווען ביז דער וועלט-מלחמה און פאַר דער באַלפור-דעקלאַראַציע,

איז בכלל נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר יענע גרויסע הלוקי-שיטות, וואָס זיינען באַקאַנט געווען דאָן אונטערן נאָמען אחד-העמיזם און הערצליזם.

אין שייכות צו דער פּאָליטיש - טעריטאָריעלער און פּאָליטיש-קולטורעלער אויפלעבונג פון אונדזער אומה אין ארץ-ישראל, איז, קען מען זאָגן, אנטשטאַנען אַ סינטעזע, געשאַפן פון ביידע שיטות, זי איז געבוירן פונם שאַרפן אונטערשייד פון ביידע שיטות זעלבסט, געבוירן אין און דורך פּאָלעמיק; דורך איר קלאָר געוואָרן און באַקומען איר באַשטעטיקונג אין דער פּראַקטישער אַרבעט, וואָס ווערט איצט אין ארץ-ישראל געפירט.

קלאָר, אַז איצט איז פּאָריבער די צייט פאַר פאַרשיידענע גרונט-שיטות פון ארץ-ישראל־בויאונג; דער אמת ליגט אין ביידע שיטות; דער עקסטרעמער פּאָליטישער ציוניזם האָט פּונקט אַזוי זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַן אומצוועקמעסיקן, ווי עס וואָלט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַן אומפאַרווירקלעכבאַר און אפשר צוועקלאָז אַ ריינער הונדערט-פּראָצענטיקער „אחד-העמיזם“, אין דער פאָרם ווי די אחד-העמיסטן (אָבער ניט אחד-העם אליין) האָבן פאַרשטאַנען די תורה פונם רבין: אַ ריינער מרכז רוחני אבסאָלוט אָן אַ פּאָליטישן שטאַט.

דער אמת איז געווען ביי ביידן: הערצליזם און אחד-העמיזם האָבן געבוירן די סינטעזע, אויף דעם יסוד פון וועלכן די אַרבעט ווערט דורכגעפירט. עס וואָלט געווען אַ טעות צו מיינען, אַז הלוצים זיינען ריינע הערצליאַנער. די אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס אפילו, אין ארץ-ישראל, האָבן אין זייער פּראַקטישער טעטיקייט אין דער גאַנצער נאַציאָנאַלער קולטור־אַרבעט וואָס זיי פירן אָן דאָרטן, אַ היפּשע דאָזע פון דאָס נאַציאָנאַל-גייסטיקע, וואָס שמעקט מיט אחד-העמישעס און וואָס פריער אָדער שפּעטער, וועט עס מוזן האָבן די נויטיקע און אומפאַרמיידלעכע השפּעה אויך אויף דער אנדערישדיקער אידעאָלאָגיע פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין יענע לענדער, וואו יידישע אַרבעטער לעבן און מוזן לעבן, צוליב דער קאָמפּאַקטקייט פון די יידישע מאַסן און די ספּעציעלע אומשטענדן וואָס הערשן אין יענע לענדער.

אין דער ארץ-ישראל פון נאָך דער באַלפור-דעקלאַראַציע, ווען קאָלאָניזאַציע און אַרבעטער-קאָלאָניזאַציע, קבוצות און גדוד העבודה, געפינען פּלאַץ צוזאַמען מיט אַ התחלה פון אַ העברעאישן אוניווערזיטעט און מיט אַ ברייטער קולטור-אַרבעט — איז ניטאָ מער קיין פּלאַץ פאַר קיין צוויי עקסטרעם-זיך פאַנאַנדערגייענדיקע שיטות. די סינטעזע צווישן ביידע ווערט דאָרט געשאַפן און דער אָנפאַנג פון דער דאָזיקער סינטעזע איז געווען פאַקטיש די באַזע פון דער נייער אַרבעט.

די לעצטע ווייטע אָפּצווייגונג פון דער דאָזיקער פּאָלעמיק אין קאַמף שוין ניט צווישן דעם אחד-העמיזם און דער הערצליזם, נאָר צווישן דער זיך שאַפנדער סינטעזע און דעם פאַרלאַנג צו אָפּהאַקן איר און אומקערן זיך צום געדאַנק פון האַרטער און אבסאָלוטער פּראַקטישער בוי־אַרבעט אין פּאַלעסטינע, אָן אַ שמץ פון צומיש פון „גייסטיקייט“ און קולטור, אַ ווייטע עוואָלוציע פון דעם קאַמף צווישן הערצליזם און דעם אחד-העמיזם — אָבער אין גאָר אַנדערע באַדינגונגען און אונטער פולשטענדיק אַנדערע אומ-

שטענדן — האָט מען געקענט זען אין דעם קאַמף צווישן בראַנדייסן און ווייצ-מאַנען, אין די פּאַרייניקטע שטאַטן; אויסערלעך איז דער קאַמף אַרויסגערופן גע-וואָרן דורך גאָר אַנדערע פראַגן און דורך אַ פולשטענדיק אַנדערער אָריענטאַציע אין ציוניסטישע פראַגן; אָבער אין גרונט איז עס געווען אַ פאַרוואַנדלונג פון דער אַלטער פּאָלעמיק און קאַמף, אַ פאַרזוך צו שטירצן די גרונט-סינטעזע צווישן הערצלס און אחד-העמס שיטות, און אומקערן זיך צו דער הונדערט-פּראָצענטיקער „פּראַקטישקייט" לויטן אופן און פאָרם, ווי עס טייטשן אויס און פאַרשטייען דעם באַגריף פון פּראַקטישקייט יידן, וואָס מ י י נ ע ן, אַ ז ז יי ה אָ ב ן אַ ס י מ י ל י ר ט ג ר י נ ט ל ע ך ד ע ם אַ מ ע ר י ק אַ נ ע ר ג ייסט.

האָבן מיר געזען, אַז אין דער דאָזיקער „לעצטער אַנטשיידענער שלאַכט" האָט גובר געווען ווידער טאַקע — די סינטעזע.

די סינטעזע פון הערצלס שיטה און אחד-העמס, וואָס ווערט געשאַפן דורך די חלוצים און אַרבעטער איצט אויפן באָדן פון ארץ-ישראל איז ניט געווען פרעמד אחד-העמען. עס קען זיין, אַז ווען אחד-העם וואָלט ניט קראַנק געווען אין משך פון די לעצטע יאָרן, וואָלט ער, וואַרשיינלעך, געווען אַליין געזאָגט זיין וואָרט וועגן דעם. ער וואָלט אפשר געווען, מיט דער זעלבער אויפריכטיקייט און לאָ-גישקייט, מיט וועלכער ער האָט זיך אַזוי כאַראַקטעריזירט, אַליין רעווידירט זיין לערע און געזען אויף וויפיל די רעאַלע אומשטענדן, וואָס האָבן זיך געשאַפן אין ארץ-ישראל האָבן געווירקט אויף זיין שיטה. און ווי ווייט האָט זיין שיטה באַ-ווירקט די באַדינגונגען, וואָס זיינען אַנטשטאַנען אין דער ארץ-ישראלדיקער ווירקלעכקייט.

אַז אחד-העם האָט אַליין אַנערקענט די נויטיקייט צו זאָגן זיין וואָרט בנוגע די נייע אומשטענדן, מעגלעכקייטן און באַדינגונגען, וואָס שאַפן זיך אין ארץ-ישראל, איז צו זען פון דער פאָרעדע צו דער לעצטער אויסגאַבע פון די פיר בענ-דער „על פרשת דרכים", וועלכע איז דערשינען אין בערלין, אין יאָר תרפ"ב.

דער אַלטער מאַן, — וואָרום דאַן איז ער שוין אַלט געווען 66 יאָר, און קראַנק און דערשעפּט איז ער דאַן געווען מער, ווי זיין עלטער, — האָט געפילט, אַז עפעס דאַרף ער זאָגן צו דער דאָזיקער נייער אויפלאַגע פון זיינע ווערק, און ער זאָגט: „די דאָזיקע זאַמלונג דערשיינט אין אַזאַ צייט, ווען איך וואָלט גע-דאַרפט געבן פון אָנהאַנג אייניקע דערקלערונגען, וואָס זאָלן לפּחות אויף אַן אומדירעקטן אופן אָנדייטן אין וואָס עס האָבן זיך געענדערט און אין וועלכן עס האָבן זיך ניט געענדערט מיינע אָנשויאונגען וועגן די פראַגן, וואָס האָבן מיך באַשעפטיקט אַלע מיינע יאָרן, נאָכדעם ווי דער שרעקלעכער שטורעם (די וועלט-מלחמה) האָט אַרויסגעריסן מיט די וואָרצלען אַ סך אַלטע אמתן און האָט גע-צוואונגען יעדן דענקער נאָכאַמאָל צו רעווידירן דעם אינהאַלט פון זיין אינער-לעכער וועלט, די באַציאונג צו זיך זעלבסט און צום לעבן פון דעם מענטש און דער געזעלשאַפט בכלל".

אחד-העם האָט אַליין געפילט, אַז אין דעם טייל פון זיינע מאמרים, וואו עס איז עקספּאָנירט זיין שיטה איז נויטיק אַ געוויסע רעוויזיע, וואָס זאָל זיך אויס-דריקן אין באַטראַכטונגען וועגן דער געשאַפענער סינטעזע, אָדער, לפּחות, געוויסע

אַנמערקונגען אין אנקלאַנג מיט די נייע געשעענישן, וואָס האָבן געטראָפן אין אונדזער וועלט, „זאַכן, וועלכע מען האָט פריער ניט געקענט פאָראויסזען“ און וואָס „האָבן געגעבן אַ נייעם אויסזען דער איצטיקער ווירקלעכקייט — אָבער דער שלימזל אונדזערער האָט גורם געווען אַז גראָדע דאַן, איז ער קראַנק געוואָרן און דאָס דאָזיקע האָט אָוועקגערויבט ביי אים די מעגלעכקייט צו באַאָבאַכטן די נייע באַדינגונגען, די נייע געשאַפן־ווערנדיקע ממשותן אין ארץ־ישראל. און, הנם ער האָט ניט געהאַט בדעה, ניט אין כוונה צו שרייבן אַ מאמר, אָדער איי־ניקע מאמרים, וואָס ער אַליין, דער דענקער אחד־העם האָט געדענקט, אַז דאָס וואָלט דאַן (אין יאָר 1922) געווען אַקטועל, האָט ער דאָך אַרויסגעזאָגט אַ זייער טרעפלעכע אָנמערקונג אין דער דאָזיקער הקדמה: „די באַלפור־דעקלאַראַציע, איינצייטיק דערמיט, וואָס זי שאַפט אַ נייע באַזע פאַר אַרבעט, פאַר גרויסע טאַטן און עפנט נייע האָריזאָנטן — האָט באַשאַפן נייע פליגל פאַר די פאַנטאַזיאָרן און טרוימער, וואָס זיינען פאַראַן צווישן אונדז, די אַלע, וואָס זעען קיין אַנדער זאַך ניט פאַר זיך, ווי נאָר די בילדער וואָס זייער צעהיצטע פאַנטאַזיע מאָלט זיי, אָן צו רעכענען זיך מיט די פּראַקטישע מעגלעכקייטן פון דער קעגנוואַרט“...

אחד־העם האָט, אַלזאָ געפילט, אַז די רעוויזיע פון זיין שיטה וואָלט דורך אים אַליין געדאַרפט דורכגעפירט ווערן. אַזוי ווי ער האָט דאָס אָבער ליידער, ניט געקענט טון, האָט ער אין דער נייער פּעריאָדע, כאָטש אָנגעוויזן אויף דער דאָזיקער ענדערונג פון די אומשטענדן, אָבער איינצייטיק — אחד־העם איז ער דאָך, און דעם אמת פון און וועגן ארץ־ישראל האָט ער, ווי ער האָט אים געזען, תמיד אַרויסגעזאָגט — האָט ער גלייך און שוין אין דער זעלביקער פּעריאָדע געוואָרנט קעגן די צו־צעהיצטע פאַנטאַזיאָרן און מענטשן, וואָס צוליב דער אילוזיע, וואָס זיי אַליין שאַפן זיך, דערזעען זיי ניט די ווירקלעכקייט.

אויסגעהאַלטן אין אחד־העמס שיטה וועגן דעם אמת פון ארץ־ישראל.

1927.



# חיים נחמן ביאַליק

## מאָטיוון אין זיין דיכטונג און פּראָזע

### א.

## פון פּרט ביאַליק צו כלל ביאַליק

— 1 —

באַרימטע מאלער, וואָס האָבן געמאָלט ביאַליקס בילד, פלעגן דערציילן, אַז זיי האָבן געהאַט גע͏וואַלדיקע שוועריקייטן ביים אויפכאַפּן דעם אויסדרוק פון זיין געזיכט און פון זיינע אויגן. אַ מאָדנע פאַרענדערבאַרקייט איז געווען אין זיי. אַ מערקווירדיקע פילשאַטירנדיקייט, אַ שלל מיט ניואַנסן, אַ שלל פון קאָלירן און ביי־קאָלירן, קנייטשן, וואָס דער פּענזל פון פאַרבן האָט שווער געקענט אויפכאַפּן און פיקסירן אויפן לייוונט.

אָבער ניט אין דעם האָט זיך אויסגעדריקט הויפּטזעכלעך די שוועריקייט — לויט די מאָלער גיבן־איבער — ביים מאָלן ביאַליקן, נאָר אין גאָר עפּעס אַנדערש: אין דעם, וואָס די אַלע ניואַנסן און שאַטירונגען, דין־דינע, צאַרט־צאַרטע, אין זיינע טיפע אויגן און אויסדרוקפולן געזיכט, ביי די יסורים־קנייטשן פון מויל און אויפן ברייטן גאונישן שטערן, וואָס איז צעאַקערט געווען פאַר דער צייט, זיינען קיין איין מינוט ניט פאַרבליבן איינע־די־זעלביקע, קיין איין רגע ניט פאַרבליבן אין דעם זעלביקן צושטאַנד, נאָר זיך געביטן, געמינעט, געענדערט און פאַרענדערט אינגאַנצן. נ י ו אַ נ ס ן : פון שטיל און צאַרט, אויף כמורנע און אָנגעברוגזטע; פון בלויער שטילקייט און זאַנפטער מידקייט, ווי זיין צנועהדיקע סאַזשעלקע, וואָס ליגט אין וואַלד איינגעהילט אין דרעמל, פאַרווינט אינם שאָטן פון מעכטיקע דעמבעס — די סאַזשעלקע פון זיין אומשטערבלעכער פּאָעמע „הבריכה“ — ביז שוואַרצער אָנגעברויזטקייט און מעכטיקער שטורמישקייט פון דעם אָפּגרונט א ב ד ו ן. פון וואַנען עס הויבן זיך מיטן ברום פון זידיקער סמאָלע ווי פּעך־שוואַרצע כוואַליעס, די לידער פון האַס און צאָרן...

קיין איין מינוט, קיין איין רגע ניט דער זעלבער; נייערט: אַן אייביק זיך־בייטנדיקער שפּיל פון ניואַנסן, פון אויסדריקן, פון שטראַליקן שיין ביז פאַרוואָלקנטער חשכות, אין זיין געזיכט.

אין דעם איז באַשטאַנען די גוואַלדיקע, די אומבאַזיגבאַרע שוועריקייט, וואָס זיין געזיכט און זיינע אויגן האָבן פאַרגעשטעלט פאַר אַ מאָלער, וואָס

האָט געוואָלט אויפנעמען אויפן לייוונט, ניט נאָר זיין אויסזען, נאָר אויך זיין נשמה-אויסדרוק, זיין שעפערישע נשמה, ווי זי שפיגלט זיך אָפּ אין זיינע בליקן און אין דעם ליכט-און-שאָטן פון זיין געזיכט, און דערמיט דערקלערט זיך אויך דער מאָדנער פאַקט, וואָס די בילדער, ביאַליקס, געצייכנטע פון באַרימטע מאַלער, זיינען אַרויסגעקומען אַזוי פאַרשיידן, אַזוי ווייט איינע פון דער צווייטער אין דעם אויסדרוק פון כאַראַקטער, אין דעם פּסיכיק-אויסדרוק, אינטערפּרעטירט דורך די פאַרבן, וואָס זיינען געשטאַנען צום דינסט פון מאַלערס טאַלאַנט און פון זיין טעכנישער פעאיקייט.

די זעלביקע שוועריקייטן, וואָס מאַלערס האָבן געהאַט ביים מאָלן דעם אויסדרוק פון ביאַליקס געזיכט, האָבן קריטיקער און עסייאיסטן, ביים וועלן אריינדרינגען אין ביאַליקס שירה, אויפנעמען און זיך דורכדרינגען מיט די ניואַנסן פון זיין דיכטונג, איינזאַפּן אין זיך די פאַרביקייט, די פיל-שאַטירנדיקייט פון זיין דיכטונג, כדי דורך אָט דעם מ ע ר צ אָ ל דערגרונטעוועו זיך צום א יי נ צ אָ ל, וואָס הייסט ביאַליק, צום איינצאָל אין זיין גאַנצער פולקייט, צו דאָס פאַרשיידנאַרטיקע, דאָס אָפּט קעגנזעצלעכע, אַרויסבאַקומען דאָס איינע, דאָס גאַנצע אין דעם דיכטערישן וואָרצל און שטאַם, פ ו ן וועלכן און ד ו ר ך וועלכן עס שטראָמט אַזאַ שפּע פון יניקה אין זאַפט צו אַלע צווייגן און צווייגלעך פון דעם „אשלי רברבא“, דער גרויסער פאַרצווייגטער, אַזוי רייך און געדיכט באַבלעטערטער בוים פון ביאַליקס דיכטונג אין שירה און אין פּראָזע.

עס איז אַ שווערע, מוראדיקע אויפגאַבע: ברענגען ביאַליקן דעם פאַרשיידנאַרטיקן, דעם פילפאַרביקן, דעם קעגנזעצלעכן אפילו, צו „איין-איינציקן אָנצייגער“.

ווייל:

ביאַליק איז דאָך געווען איינציטיק דער שטילסטער און שטורמישסטער דיכטער ביי יידן. דער ב ל ו י - ש ו וי נ ד י ק ס ט ע ר און דער ש ו ואַ ר ץ-פ אַ ר כ מ אַ ר ע ט ס ט ע ר. דער ווייכסטער און בענטשנדיקסטער און דער האַרטסטער, שטראָפנדיקסטער און שילטנדיקסטער דיכטער ביי יידן. דער לירישסטער און דער עפּישער. דער אינדיווידועלסטער און דער קאָלעקטיווסטער, אַזוי צו זאָגן, אין דעם אויסדרוק פון זיין מוזע. דער נאַציאָנאַלסטער און דער אוניווערסאַלסטער. דער דיכטער, וואָס האָט דעם הערלעכסטן און קלינגענדיקסטן געזאַנג געטון זינגען דעם אַלטן בית-מדרש, דער אַלטער תורה, די אַלטע ווערטן אונדזערע, און אויך דער דיכטער, וואָס האָט דעם שטאַרקסטן און שאַרפסטן קרעכץ אויסגעקרעכצט און דעם שטאַרקסטן און האַרצרייסנדיקסטן טרויער געטון אויסקלאָגן אויף די יונגע לעבנס, וואָס ווערן פאַרוועלקט, פאַרגיין לאיבוד ביי די אַלטע פאַרוועלקטע פאַליאַנטן פון דער גמרא, אין די שטויביקע, האַלבטונקעלע, וויסטע, אויסגעליידיקט-געוואָרענע ישיבות און בתי-מדרשים.

ווייל:

ביאַליק איז געווען דער ליכטיקסטער פון אונדזערע דיכטער, דער גרעסטער ליכט-זויפער צווישן אונדזערע דיכטער: אַזאַ, וועמען „זיבן זונען, אפילו, ווען זיי וואָלטן פאַר אים אין הימל געהאנגען, זיינען ווינציק צו אָנזעטיקן זיין נשמה,

וואָס זויפט ליכט", און אין דער זעלבער צייט דער גרעסטער פאַרכמאַרעטער,
אָנגעוואָלקנטער, צאָרנדיקער, שטראָפנדיקער, ע ר ב - ש ט ו ר ע מ ד י ק ע ר
און ש ט ו ר מ י ש ס ט ע ר פון אונדזערע פּאָעטן. ער איז געווען דער דיכ-
טער, וואָס האָט פאַרהערלעכט אַמהעכסטן די אוצרות פון אונדזער אַלטער קול-
טור און אַלטן יידישן לעבנס-שטייגער און איינציייטיק דער דיכטער, וואָס האָט
אַמצאַרטסטן און אַמליכטיקסטן באַזונגען איצטיקע יידישע פאָלקסטימלעכקייט אין
אומפאַרגלייכלעכע פאָלקס-לידער, די נאַטור א י ן און א ר ו ם דעם יידיש-
שטעטל פון זיין צייט, דעם יידישן שטייגער, די יידישע האָפענונגען און שטרע-
בונגען, פריידן און ליידן פון זיין צייט: געזונגען עס אין דיכטונג און אין
אומפאַרגלייכלעכער פּראָזע.

— 2 —

אַזאַ פאַרבן-בייטעניש, אַזאַ ראַפּסאָדיע פון מאָטיוון, פון קאָנטראַסט-איבער-
גאַנגען, אַזאַ יעדע רגע פאַרענדערטווערנדיקע געשטאַלט, אַזאַ מין געמיש,
„עירבובה" פון קאָלירן און מאָטיוון, פון ליכט-שטראַלן און טרערן-פּערל, פון זון
און שאָטן, פון אַלט-לעבן און קעגנוואַרט-שטרעבן, פון א ר י ס ט אָ ק ר אַ ט י-
ש ע ר מ אַ י ע ס ט ע ט י ש ק יי ט און כמעט פּ ל ע ב ע א י ש ע ר
פ אָ ל ק ס ט י מ ל ע כ ק יי ט, ווי ביאַליקס דיכטונג פאַרמאָגט, באַזיצט —
איז ביי קיין יידישן דיכטער ביז אים ניט צו געפינען.

און מאָדנע:

ביאַליק האָט דאָך ניט באַנוצט קיין מאָטיוון פון געשיכטע, קיין עפּיזאָדן
אָדער מאָמענטן פון אונדזער פאַרגאַנגענעם העראָאיזם, און שטענדיקן, אייביקן
מאַרטירערטום, כאָטש ער איז געווען א ר יי נ ג ע וו אַ ק ס ן און איז
אַ ר ו י ס ג ע וו אַ ק ס ן פון דעם אורשטאַם פון אונדזער קולטור און געשיכטע.
און מאָדנע: ביאַליק האָט ניט איבערזעצט, ער איז ניט באַאיינפלוסט געוואָרן
פון מאָטיוון און ניט נעגאַנגען אין די וועגן פון די גרויסע אייראָפּעאישע דיכטער
— און אַזאַ שפע, אַזאַ רייכקייט און פאַרשידנהייטלעכקייט אין דער שפּיל פון
קאָלירן, פון קלאַנגען, אַזאַ פּזרנות אין בילדער און פייזאַזשן, אַזאַ קאָנטראַסט-
האַפטיקייט אין מאָטיוון.

און דער עיקר פון אַלע שוועריקייטן איז וואָס דאָס דאָזיקע איז ניט אָנ-
געהויפנט ביי ביאַליקן אין עפּאָכנווייזע פלאַכן — ווי שניאור מיינט אין זיינע
עסייען וועגן ביאַליקן, — נייערט איינצייטיק:

כמעט אין דער זעלביקער צייט, וואָס ער האָט געשריבן זיין אומשטערב-
לעכע „בעיר ההרגה", האָט ער געשריבן די זוניקע ליד „עם שמש" — און דער
איבערגאַנג פון זון צו שטורעם, פון טאָג צו נאַכט, פון זאַנפטער מילדקייט צו
רייסנדיקן און שמייסנדיקן פּאַטאָס, אין דער אויסדריכטונג פון נביאישן סיגנון
— איז געווען כמעט אַ הרף-עין-דיקער: אָט פונקט ווי דער בייט פון אויסדרוק
אויף זיין געזיכט, ווי די פאַרענדערונג פון דעם בליק אין זיינע אויגן, וואָס די
מאַלערס פלעגן באַמערקן און האָבן אָנגעמערקט וועגן דעם...

די זעלביקע שווערקייט, וואָס ביאַליקס מאָלערס פלעגן האָבן ביים צייכנען אין פאַרבן זיין געזיכט, האָבן שריפטשטעלער-עסייאיסטן ביים וועלן שילדערן און פאַרצייכנען דעם איינהייטלעכן אויסדרוק און כאַראַקטער פון ביאַליקס פיל-ניואַנסנדיקער דיכטונג.

ער איז דער פילגעשטאַלטיקסטער פון אונדזערע דיכטער, אין דער אויגנשיינלעכער איינגעשטאַלטיקייט פון זיין שירה. ער איז, אין שטענדיקער פאַרענדערונג, אין קאָנסטאַנטן איבערגאַנג, דער דינאַמישסטער אין דער יידישער דיכטונג. און דערפאַר איז שווער צו אויפכאַפּן און פאַרצייכענען דאָס סטאַטישע אין זיין שירה.

און דערפון האָט זיך באַקומען, אַז יעדערער וואָס שרייבט וועגן ביאַליקן — זעט אים אַנדערש, און עס באַקומט זיך ביי אים גאָר אַן אַנדער ביאַליק, ווי דער, וועלכן אַ צווייטער עסייאיסט אָדער קריטיקער האָט געזען און אויפגעכאַפּט, נישטערנדיק אין דעם לידער-בוך פונם דיכטער.

און באַקומען באַקומט זיך, אַז מיר האָבן אפשר, אַ צען ביאַליקס, גענצלעך פאַרשידענע איינער פון דעם צווייטן. און אויב מיר זאָלן זיך פאַרלאָזן אויף די עסייאיסטן, איז ביי יעדן זיין ביאַליק דער עכטער, דער אמתער, דער גאַנצער ביאַליק, ניט דעם צווייטנס ביאַליק, און ניט קיין טיילווייזער, נאָר טאַקע אַ הונדערט-פּראָצענטיקער גאַנצער ביאַליק.

אזוי איז ביאַליק געוואָרן ביי אונדז:

לויט איינעם — דער דיכטער פון דעם אינדיווידועלן טרויער.

לויט אַ צווייטן — דער פּאָעט פון נאַציאָנאַל-קאָלעקטיוון טרויער, אין קעגנזאַץ צום יחיד.

לויט אַ דריטן איז ער דער דיכטער פון זון, שטראַל און ליכט.

לויט אַ פערטן — דער דיכטער פון דער טרער.

לויט אַ פינפטן — דער דיכטער-נביא. אַ שטרויכלונג איז געשען, און בעל-מחשבות האָט פאַרביטן נביאישן סיגנון און נביאישן פּאַטאָס אויף... נביאות אין סובסטאַנץ, אין דעם מהות פון דער דיכטונג.

לויט דעם זעקסטן — דער באַזינגער פון בית-המדרש און ישיבה, פון די אַלטע ספרים, דאָס מיינט צו זאָגן: נאָר פונם אַלטן לעבנס-שטייגער.

לויט אַ זיבעטן — דער מאָדערנסטער שבמאָדערנסטער פון די דיכטער, דערצו נאָך כמעט אַ דעקאַדענט, רחמנא לצלן; והראיה — די פייער-מגלה.

לויט אַן אַכטן — איז ביאַליק גאָר אַן אוניווערסאַלער דיכטער מער ווי אַ נאַציאָנאַלער...

לויט אַ ניינטן, איז ער דער דיכטער, וואָס באַזינגט נאָר אונדזער אויפבוי, אונדזער אויפלעב.

לויט אַ צענטן — איז ביאַליק נאָר דער דיכטער פון צער און צאָרן, דער שרעקלעכער שטראָפער און שמייסער איבער אונדזערע אייטערדיקע וואונדן.

לויט אַן עלפטן איז ביאַליק דער דיכטער, וועמעס ליד פאַלט ווי אַ באַלזאַם פון טרייסט אויף דער אָנגעווייטיקטער נשמה פון דער אומה.

לויט א צוועלפטן איז ביאַליק דער זאנפסטער, צאַרטסטער ליריקער אין דער יידישער פּאָעזיע.

לויט א דרייצנטן, איז ער דער דיכטער-עפּיקער פון ברייטע האָריזאָנטן, פון מדבריות און ערבות, וואו הייסע שטורעמס הוליען אומגעצוימט און פאַר-גליווערטע העלדן געשטאַלטן-אויס פאַנטאַזמעס אין די אומענדלעכע, אייביקע זאַמד-דיונעס, וואו לייבן און לעמפּערטן הויערן, און שלאַנגען און עקדעשן טוען זיך ווימלען.

לויט א פערצנטן איז ביאַליק דער דיכטער פון פאָלקסטימלעכן לעבנס-שטייגער, האַרציק, וואַרים, נאָענט און פשוט, ממש מיט דער האַנט צו דער-לאַנגען פאַר יעדן.

לויט א פופצנטן איז ביאַליק די העכסטע, די וויטסטע, די אומדערגרייכ-באַרע פאַר קיינעם, אויסער אים, אבסטראַקטע דיכטונג א. א. וו.

און באַמערקט:

ביי קיינעם פון די אַלע איז ביאַליק, ז יי ן ביאַליק ד ע ר ד י כ ט ע ר, א י נ ג א נ צ ן א ז ו י, ניט חלילה א דיכטער טיילווייז פון דעם...

— 3 —

הייסט עס, אַז די עסייאיסטן האָבן א טעות געהאַט אין זייערע אָפּשאַצונ-גען און אין זייער אריינדרינגען אינם תוך פון ביאַליקס פּאָעזיע?

ניין, דאָס הייסט נאָר, אַז יעדער איינער האָט געזען ביאַליקן אין אַן אַנדער ליכט, איין מאָמענט פון זיין דיכטעריש געשטאַלט. דאָס הייסט נאָר, אַז די זיך תמיד-ענדערנדיקע געשטאַלט פון ביאַליקס פּאָעטישער יצירה איז געזען געוואָרן פון די מאָלער פון זיין דיכטונג אין אַן אַנדער מאָמענט, און יעדערער האָט אויפגעכאַפּט נאָר ד י געשטאַלט, וואָס ער האָט געזען אין ד ע ם מאָ-מענט, ו ע ן ע ר האָט וועגן ביאַליקן געשריבן. און אַן אַנדערער האָט געזען זיין דיכטונג ווידער פאַרענדערט, ווייל יענער האָט אים געזען ווידער אין אַן אַנדער מאָמענט ווי דער ערשטער.

מער ניט, זיי האָבן מערסטנטייל פאַרגעסן טאַקע אָט דאָס דאָזיקע, אָט דעם געוואַלדיקן רייכן שפּיל פון ניואַנסן, פון מאָטיוון, פאַרבן, אינהאַלטן, פאָר-מען, אויסדרוקן און בילדער אין דער איינער, אָבער שטענדיק זיך בייטנדיקער, קאָנסטאַנט-פאַרענדערטע ווערנדיקער ביאַליקס דיכטונג-געשטאַלטיקייט. און יע-דער האָט אָנגענומען א ניואַנס פאַר דאָס גאַנצע און דאָס קאָנסטאַנטע אין זיין געשטאַלט, וואָס איז אָבער געווים איינע און א גאַנצע ביי דער אומענדלעכער מערצאַליקייט פון אירע פאַרענדערונגען.

עס איז געשען מיט די, וואָס שרייבן וועגן ביאַליקן דאָס זעלבע, אומגעפער, וואָס עס פלעגט געשען מיט די, וואָס האָבן געמאָלט ביאַליקס בילד: מחמת די פּלוצימדיקע, אָפטע און גרינטלעכע פאַרענדערונגען און בייטענישן אין זיין פיזיאָ-נאָמיע — פיזישער און דיכטערישער — איז שווער געווען צו אויפכאַפּן דעם גרונט-שטריך, דאָס סובסטאַנציעלע אינם אויסדרוק פון זיין געשטאַלט — פי-זישן און פּסיכיש-דיכטערישן. און א מאָמענטאַלער אויסדרוק איז אָפט אָנגע-נומען געוואָרן פאַר א גרינטלעכן. און א בלויז פאַרבייגייענדיקע שטימונג —

פאַר אַ קאָנסטאַנטן נשמה-אויסדרוק פונם דיכטער. אין אַ מאָטיוו בלויז, פאַר דאָס גאַנצע אין זיין ניגון, און אַ זייטיקער ביי-קול אין זיין דיכטונג — פאַר דעם עיקר פון זיין שטייגער, פון זיין נוסח.

ביאַליק אַליין האָט דאָס אויך געוואוסט, פאַרשטאַנען און געשפּירט — און ער האָט זיך אָפּטמאָל אומגעקערט, אין פיל לידער און פּאָעמען, צו דעם ענין פון זיין גרונט-ניגון, צו זיין איינציקער תפילה, וואָס נאָר איין מאָל אין לעבן איז מען זי מתפלל: ריכטיקער געזאָגט, וואָס נאָר איר טאָקע איז מען מתפלל דאָס גאַנצע לעבן: צום איינעם געזאַנג, וואָס מען זינגט אויס — פאַרשידנאַרטיק אין זיין איינציקייט — דאָס גאַנצע לעבן.

און ער האָט עס אַליין געזוכט, ווייל ער האָט געשפּירט די גאַנצקייט און איינציקייט פון דעם קערן פון זיין דיכטונג, אונטער די אומאויפהערנדע פאַרענדערונגען פון די מאָטיוון אין זיינע לידער און פּאָעמעס. און ער האָט אָפט געזונגען וועגן דעם, צי אין דער פאָרם פון אַ שטרעבונג, וואָס האָט אים אויסגעזען אומדערגרייכבאַר, צי אין דעם אויסדרוק פון אַ זעאונג, וואָס ער האָט געלעכצט צו זען כאָטש נאָר איין מאָל אין זיין לעבן און וואָס — ווי אים האָט זיך געדאַכט — ער האָט ניט געקענט דערגרייכן אין אַזאַ פולשטענדיקייט ווי ער וואָלט עס געוואָלט.

אַזעלכע שטימונגען זיינען פאַראַן צענדליקער, אין זיינע פּאָעמעס. דאָס איז די שטימונג, דער באַגער — ניין די טיפע איבערצייגונג — אַז דער דיכטער האָט נאָר „איין ליד אין האַרצן און איין תפילה אויף די ליפּן“. ביאַליק אַליין האָט געפילט אינטואיטיוו, זיין איינצאָליקייט אין דעם מערצאָל פון זיין ניואַנסן-רייכקייט. די עסייאיסטן און באַגייסטערטע אויסטייטשער פון זיין שאַפונג, אין פּאָעזיע און פּראָזע, האָבן, אָבער, גאַנץ אָפט אין דעם מערצאָל, פאַרביטן דעם איינצאָל אויף דאָס גאַנצע. דאָס האָט געמוזט געשען אַזוי, מחמת דער געוואַלדיקער עשירות און דער שנעלקייט פון די פאַרענדערונגען אין די אויסדרוקן פון ביאַליקס מוזע, פאַר דעם לעבן פונם דיכטער, בעת דעם גאַנג און פּראָצעס גופא פון זיין דיכטונג-שאַפונג.

איצט, ווען דער דיכטער איז אין דער אומשטערבלעכקייט, ווען עס זיינען שוין אַוועק יאָרן זינט דער פּראָצעס פון זיין דיכטונג איז אָפּגעשלאָסן און די וואונדערבאַרע שפּיל פון דאָס איביק- און אומאויפהערנדיק זיך בייטנדיקע ליכט און שאָטן, זון און וואָלקן, פרייד און לייד, לידיק און פּאַטאָס, שטילקייט און שטורמישקייט, איז איבערגעריסן געוואָרן, אויפגעהערט, איצט, וועט אפשר קענען קומען די ריכטיקע אָפּשאַצונג פון ביאַליק דעם איינעם אין זיין מערצאָל, דעם גאַנצן אין דער שפע פון ניואַנסן-קאָנטראַסטן און מאָטיוון-קעגנזאַצן אין זיין דיכטונג און שעפערישקייט בכלל, אין דעם אָפּגלאַנץ פון די אומענדלעכע און אומצאָליקע פאַרוואַנדלונגען און פאַרענדערונגען פון זיין מוזע.

אָבער כדי צו קענען קומען צו דעם דאָזיקן כלל-ביאַליק, מוז מען גוט אַנאַליזירן יעדן פּרט אין ביאַליקס יצירה. אַנאַליזירן דעם אופן ווי אַזוי די קאָנטראַסטן האָבן ביי אים האַרמאָניזירט, ווי אַזוי די פאַרשיידנסטע ניואַנסן פלעגן ביי אים

זיך פֿאַרוואַנדלען, פֿאַרענדערן, אַריבערגיין פֿון איין מדור און פֿאָרם פֿון דיכ-טונג אין אַ צווייטער. נאָר דורך אַזאַ מיזאַמער ארבעט פֿון אַנאַליז, פֿון מאָטיוו נאָך מאָטיוו, ניואַנס נאָך ניואַנס, אין ביאַליקס יצירה, וו אָ ל ט ן מ י ר ג ע-ק ע נ ט אפשר אַרויסבאַקומען ביאַליקן אינגאַנצן דעם א י י נ ע ם און אומפֿאַרענדערבאַרן אין אַלע זיינע פֿילצאָליקע פֿאַרענדערונגען. ביאַליק דעם א יי נ ע ם ביי זיין גאַנצער מערצאָל. נאָר דורך דערלערנען און דערגרונטעווען זיך צום אומצאָליקן פּרט-ביאַליק, וועלן מיר, אפשר, קענען אַרויסבאַקומען דעם כּלל-ביאַליק.

ב.

## דער שבת-מאָטיוו אין ביאַליקס ווערק

— 1 —

אין דער מערקווירדיק-רייכער גאַמע פֿון די מאָטיוון און ביימאָטיוון אין ביאַליקס דיכטונגען און פּראָזע, פּובליציסטיק און עסיי, פֿאַרנעמט דער מאָטיוו שבת, אַ גאַנץ אָנגעזעענעם פּלאַץ. שבת איז פֿאַר אים איינע פֿון די שענסטע און פֿולקאָמסטע יצירות פֿון אונדזער פֿאָלקס-זשעני; און אַזוי ווי ער איז אַרויס-געוואַקסן פֿון די טיפֿסטע טיפֿענישן, פֿון דעם אמתן קוואַל פֿון דעם פֿאָלקס-זשעני, האָט — דער פֿולקאָם-נאַציאָנאַלער דיכטער — גאַנץ אָפֿט געפֿילט אַ גאָר נאָענטע שייכות, אַ מין התמזגות, וואָלט איך געזאָגט, מיט דער פֿולקאָמ-סטער און אָריגינעלסטער יצירה פֿון אונדזער פֿאָלקס-זשעני, מיט... שבת, וועלכן ער האָט ניט נאָר געזען, נייערט געשפּירט, געפֿילט מיט אַלע חושים זיינע, מיט די תרי"ג טיילכלעך פֿון זיין דיכטעריש וועזן.

און דערום פֿלעגט ער זיך אַזוי אָפֿט אומקערן, אין זיין דיכטונג, צום סימ-באָל פֿון שבת, צום מהות פֿון שבת, צום שבת, וואָלט איך געזאָגט, וואָס איז עפּעס אַ מין לעבעדיק וועזן, אַ מין ווייכע צאַרטע יידישע מאַמע, פֿול מיט צניעות און וואַרימער פֿאַרהוילנקייט, וואָס וואַכט, ווי אַ גוטער מלאך, איבער אונדזער פֿאָלק אין גלות, דערהאַלט זיין לעבן, פֿאַרזיסט זיין טרויער, ווישט אָפּ די טרער פֿון זיין אויג, דינט אים אַלס טרייסט אין זיינע ליידן, אַלס אָפּרו נאָך זיין וואָכעדיקער צעבראָכנקייט און מידקייט, און מורמלט, איינוויגנדיק אים, וועגן אַנדערע וועלטן, וועגן אַנדערע לעבנס, בעסערע, שענערע און הערלעכערע פֿון די, אין וועלכע ער לעבט.

אַזאַ מין מ ו ט ע ר, אַזאַ מין מיסטעריעזע, פֿאַרהוילענע גוטע, צוי-בערפֿולע האָדע איז ביאַליקס שבת-וויזיע. און צו דער דאָזיקער וויזיע פֿון שבת-מוטער, שבת-כּלה, קערט ער זיך אום, דערפֿאַר, אַזוי אָפֿט אין זיינע לידער, אידענ-טיפֿיצירנדיק עס מיט דאָס טייערסטע וואָס יעדער מענטש האָט אין זיין לעבן, מיט דער... מוטער.

שבת ווערט פֿאַר אים אַ סימבאָל פֿון מוטער, פֿון כּלה, פֿון געליבטער, און

ער האָט ליב צו באַנוצן זיך, דיכטעריש, מיט דעם דאָזיקן סימבאָל אין דעם סאַמע פּרעכטיקסטן מאָמענט: ווען דער שבת ווערט אריינגעפירט אין דער יידישער שטוב, דורך די צאַרטע ווייסע הענט פון דער כשרער יידישע מאַמע — אַ סך פריער פאַר קבלת-שבת — דער מאָמענט פון ליכט-בענטשן, דער מאָמענט ווען די זון לאָזט זיך אַראָפּ אונטערן האָריזאָנט; דער דערהויבענער, מיסטעריעפולער, כּמעט-כּמעט פון שקיעה, ווען די יידישע מאַמע ברענגט דורך ליכט-בענטשן אריין אין שטוב די שבת-מלכה; ניין: די שבת-מאַמע.

צוויי ווערטער ווערן אין איינס פאַרוואַנדלט: די יידישע מאַמע און דער שבת; און ביידע ווערן איין גרויסער סימבאָל פון ליכט, צניעות, ווייכע צערטלעכקייט, אומענדלעכע טרייסט און דערהויבנסטע הייליקייט.

צוויי — וואָס זיינען איינס. צוויי סימבאָלן וואָס באַצייכנען איין הערלעכקייט: די יידישע מאַמע, יידישע פרוי, יידישע טאָכטער און שבת, וואָס ווערט דורך איר אריינגעפירט אין דער יידישער שטוב.

און אַזוי שטאַרק איז דער דיכטער דורכגעזאַפּט מיט אָט דעם סימבאָל, און אַזוי איבערפולט איז ביאַליקס דיכטעריש וועזן מיט אָט דעם בילד פון יידישער מוטער און שבת-מוטער — איינס מאָמענט פון ליכט-בענטשן — אַלס סינטעזע פון אַרכיצערטלעכקייט, פון אַרכיגוטסקייט, פון אַרכיהייליקייט, פון אַרכיזוויבערקייט פון העכסטער שלוה און דינסטער צאַרטסטער גייסטיקער דערהויבנקייט, אַז דער דאָזיקער מאָמענט, אין בילד, סטייעט אויף צו אָנטרינקען די נשמה אויף אייביק.

„לי היתה אם וזכרונה מגן לי
היא הורתני לכבוש לבי,
ואוצרות חמדה ומרגליות
לשאת דומם במעמקיו.

ובלילי שבת, אך יתקדש ליל,
תדליק אמי שבע נרות
ולעולמי עד את נפשי השקתה
אור צנוע זוהר קדוש“.

איך האָב געהאַט אַ מאַמע — איר אָנדענק איז מיין שוץ, זי האָט מיך געלערנט מיין האַרץ צו באַצווינגען און צו טראָגן שטיל אין זיינע טיפענישן אוצרות פּרעכטיקע און פּערל. און פרייטיק-צו-נאַכט, ווי נאָר דער הייליקער אָוונט קומט אָן, מיין מוטער זיבן ליכט טוט אָנצונדן און אויף אייביקע אייביקייטן האָט זי מיין האַרץ געטרונקען אָנטרינקען מיט צניעהדיקן ליכט, הייליקער שיין.

דאָס איז אַ ציטאַט פון ביאַליקס פּרעכטיקער ליד „בת ישראל“, וואָס ער האָט געשריבן אין תרמ“ג — אַ יונגערמאַן פון דרייסיק יאָר — דאָ זעען מיר שוין פולקאָם דאָס בילד פון דעם דאָזיקן סימבאָל: שבת-ליכט, אויסגעשטראַלטע אין דעם מאָמענט פון ליכט-בענטשן, אידענטיפיצירט מיטן געשטאַלט פון דער מוטער, פון דער יידישער טאָכטער, שאַפט אַזאַ קוואַל פון קדושה און הערלעכקייט, וואָס אויף אייביקע אייביקייטן טוט זי אָנטרינקען די נשמה פונם יידישן קינד מיט הייליקער שיינונג.

און דער דאַזיקער סימבאָל באַגלייט דעם דיכטער זיין גאַנץ לעבן און אַלס דיכטער קערט ער זיך אום צו אים אַלע מאָל פונדאָסניי, דורך אַנדערע פּאָעטישע פאָרמען און מעטאַפאָרעס, אָבער וואָס זיינען, אין תּוך, אין גרונט דער זעלביקער סימבאָל: שבת ווי אַ לעבעדיק וועזן, ווי אַ מוטער, אַ כּלה, וועמעס שטילער זאַנפטער ניגון — צומאָלס אַ פרייליכער, צומאָלס אַ טרויעריק-מעלאַנכאָלישער, אָבער שטענדיק אַ טרייסטנדיקער דורך שטילקייט, ווייכקייט, זאַנפטקייט און מילדקייט — קלינגט אין דעם זכרון פון דעם דיכטער, שוועבט אַלס הערלעכע וויזיע פאַר זיינע אויגן.

אַזוי צום ביישפּיל, ווען דער דיכטער ווידמעט אַן עלעגיע דער צעשיידונג מיט זיין האַרצנס-געליבטער אַ וואונדערבאַרע עלעגיע, ענלעך צו וועלכער עס זיינען פאַראַן גאָר ווייניק אין דער וועלט-פּאָעזיע — זעט ער פאַר זיינע אויגן, וואָס זוכן אינם עטער דעם פאַרשוואונדענעם געשטאַלט, עפּוואָס ענלעכעס צו אַ ריינעם מלאך, וואָס פליסטערט אַ ברכה, און וואָס ציטערט, פלאַטערט קוים-קוים, ווי די טרער פון אַ מאַמע, וואָס ציטערט-פלאַטערט אין איר ליכטיק אויג, שבת צו-ליכט-בענטשן.

„הולכת את מעמי — לכי לשלום“, הייסט די דאָזיקע וואונדערבאַרע עלעגיע.

„דו גייסט אַוועק פון מיר, גיי געזונטערהייט און זאָל דיין אייגענער ווילן אליין נאָר זיין דאָס ליכט פאַר דיין שטעג“. און פאַר מיר זאָלסטו זיך ניט זאָרגן — זאָגט דער דיכטער; איך בין ניט איינזאַם; מיר איז נאָך פאַרבליבן פיל, אַ סך...

און צווישן די פיל זאַכן וואָס זיינען נאָך פאַרבליבן דעם דיכטער, נאָך דער צעשיידונג מיט זיין האַרצנס-געליבטער, זיינען פאַראַן אַ זון אַ שיינע, שטערן, וואָס ווינקען וואונדערלעך פון הימל צו אים, אַ קוואַל פון טרייסטן, אַ וועלט אַ פּרעכטיקע, אין איר פרילינג-גרינקייט, אין דעם גאָלד פון אירע טוי-זומערן, זוי אין דער פּראַסטיקער ווייסקייט פון אירע ווינטערס — צווישן דעם שלל רייכקייטן, וואָס איז אים נאָך פאַרבליבן, פאַרנעמט דאָס בילד פון דער מוטער-שבת, מיט איר בענטש-ליכט-טרער אין די אויגן, איינעם פון די אָנגעזעענסטע פלעצער. און דאָס דאָזיקע בילד, גיסט זיך צונויף מיט דער וויזיע פון זיין פאַר-שוואונדענער האַרצנס-פריינדין.

ומלאך טהור עמי — דמות דיוקנך,
החופף עוד בחסד אל על ראשי
ולוחש ברכה, רותת ומתאפק,
בדממת הקודשה השאננה
כדמעת־אם, השאית, על נר שבת

„הולכת את מעמי“.

(און אַ ריינער מלאך מיט מיר — דיין געשטאַלט, וואָס ראַנדעט נאָך ווי גאָטס גנאָד אויף מיין קאָפּ און פליסטערט אַ ברכה, פלאַטערט, ציטערט און האַלט זיך איין, ווי אַ מוטערס טרער אַ שטילע, איבער שבת-ליכט, אין דער הייליקער רואיקער שטילקייט).

דאָס איז די העכסטע סימבאָליזירונג פון שבת-ליכט: די טרער וואָס פערלט זיך אין דער מוטערס אויג שבת צו-ליכט-בענטשן — פערלט, אָבער פאַרבלייבט אין אויג, „כבמשבצת יקרה", ווי אין אַ טייערע איינפאַסונג, ווייל אויסגיסן אַזאַ טרער פון אויג טאָר מען ניט: עס איז דאָך שבת... — די טרער, וואָס פערלט זיך אין דעם שבת-אָנקום, ווען די וועלט איז איינגעהילט אין אַ מיסטעריע פון הייליקער שלוה און זאַנפטיקן טרייסט איבער שטילן טרויער, שפּיגלט אָפּ אין זיין פאָרשטעלונג דאָס בילד פון זיין כלה, פון זיין געליבטער, מיט וועלכער ער האָט זיך צעשיידט אויף אייביק; שפּיגלט עס אָפּ פאַר אים און ווערט צוזאַמענגעגאָסן, פאַרוואַנדלט, אַזוי צו זאָגן, אין דער דאָזיקער שבת-וויזיע און בענטש-ליכט-טרער.

דאָס איז דער זעלביקער סימבאָל פון שבת מלכתא, אַ וויזיע פון אַ ניט-ערדישן וועזן, כולה הדרת-קודש, כולה רוך ותמימות, כולה רתת של צניעות, וואָס אונדזערע וויזיאָנערן „פאַר עקסעלענץ", די מיסטיקער און מקובלים, פון דעם שניט פון אַ ר' שלמה אלקביץ דעם צפתער מקובל, האָבן געזען אינם שבת און האָבן עס פאַרהערלעכט, אין הייליקער עראָטיק פון אַ:

לכה דודי לקראת כלה פני שבת נקבלה...

ביי ביאַליקן איז עס אָבער אַ העכערע וויזיע, פּאָעטיש אַ מער פאָלקאָמערע וויזיע: ניט קיין פרינצעסן-שבת, ווי היינעס נאָר אַ... אַ מאַמע-שבת, אַ כלה-שבת, אַ הערלעך געשטאַלט פון טרייסט, רו, פרידן, טרייסט הירך אַ שטיל-ציטערנדיקער פערל-טרער, אין אויג פונם געליבטן וועזן.

— 2 —

פון ר' יהודה הלוי ביז היינען, האָבן אונדזערע דיכטער און פּייטנים, מקובלים און ניט-מקובלים „בעלי תריסין" אין נגלה און אין נסתר באַזונגען שבת; באַזונגען דעם יום-מנוחה און זיין השפּעה און ווירקונג וואָס ער האָט געהאַט און האָט אויף אונדזער פאָלק, אין הינזיכט פון פאַרענדערן זיין שווערע טרויעריקע וואָכעדיקייט אין פיזישער און זעלישער רו און פריידיקייט וואָס קומט פון שלוה.

מען האָט עס באַזונגען פון ליכט-בענטשן ביז מוצאי-שבת, פון דעם קידוש-ווין ביזן הבדלה-געטראַנק, אין אַקראָסטיכן, אין אלף-בית געשמידטע פערזן; מען האָט עס באַזונגען אין אַראַמיִשע מיסטישע „רזא-דרזינדיקע „אתקינו סעודתא" — פערזן און זמירות-געזאַנגען; די זמירות און תפילות, פון קבלת-שבת ביז מוצאי-שבת, אריינגערעכנט ר' לוי יצחק בערדיטשעווערס יידישן האַרציקן „גאָט פון אברהם", וואָס אונדזערע כשרע מאַמעס, פלעגן מיט אַזאַ, ביי דער נשמה-ציפּנדיקן טרויעריקן ניגון אַרויספּליסטערן שבת-צו-נאַכטס, פאַר הבדלה, אין דער נאָך-פינצטערער שטוב, ווען מען זוכט צו פאַרטרייבן די מורא פאַר דער אָנקומענדער שווערער וואָכעדיקייט, וואָס ראַנגלט זיך מיט דער נאָך ניט פאַרשוואונדענער שבתדיקער נשמה-יתירה.

די זמירות, לידער, תפילות און געבעטן, אין העברעאיש, אין אַראַמיש, אין אונדזער האַרציקן יידיש, באַגלייטן שבת פון אָנפאַנג ביזן סוף — בד בבד מיט

דער קדושה פון דער רו, מיט דער „מיז-אַן-סצען" פון שבתדיקער רחבות פון הלבשה, סעודה, ציכטיקייט, הרחבת הנפש.

עס איז געשאַפן געוואָרן אין משך פון דורות אַזאַ מין אָריגינעל יידישע יצירה, וואָס שבת איז איר נאָמען, און וואָס קיין אומה ולשון פאַרמאָגט ניט, אַ מין ת ב ל י ן, אַ הערלעכער „קאָנדימענט" — די חכמי התלמוד האָבן עס פאַרצייכנט אַזוי ושבת-שמחה; אַ „קאָנדימענט" ניט פאַר מאכלים נאָר פאַר גייס-טיקער רו, פאַר גייסטיקער דערהויבונג; פאַר מנוחת-הנפש. דור נאָך דור האָט עפּעס אין דעם שבת אריינגעבראַכט נייעס, אריינגעבראַכט זיינס אייגנס, איינ-גלידערנדיק עס אין דער שבת-ירושה פון די פאָריקע דורות: די חכמי התלמוד — די מסכתא-שבת מיט די דינים; די פּוסקים — די סיגים און סיגי-סיגים, חומרות און מוקצות, כדי צו באַוואָרענען, פאַרהיטן און פאַרצאַמען די וועגן וואָס פירן חלילה צו דער מינדעסטער שטערונג פון שבת-רו; די גאונים — די רחבות פון דעם שבתדיקן צערעמאָניאַל; די פּייטנים — די זמירות, וואָס זיינען פּאָפּולאַריזירט און פאַרפאָלקסטימלעכט געוואָרן אין כל תפוצות ישראל אין משך פון פיל דורות; די מקובלים און בעלי-סוד, די פון צפת, דעם מיסטיציזם און חן פון שבת (חן, אין דעם זין פון ראשי-תבות פון חכמה-נסתרה); די דיכטער — דעם וואוילטאָג פון שבת און די מעכטיקע השפּעה פון שבת אויף דער טראַנס-פאָרמאַציע פונם יידן, דער חסידיזם — די מעכטיקייט פון קאָלעקטיווער חדוה ביי אַ שבת-טיש, וואו רבנישע תורה און שיריים ווערן צוזאַמענגעמישט אין אַ מין מערקווירדיק-פריידיקן האַלב-גייסטיקן, האַלב-ערדישן צערעמאָניאַל; איינער אין זיין אַרט. די פּראָזע און שטייגער שרייבער: די אָפּשפּיגלונג פון שבת אין יידישן לעבן און, קעגנזייטיק, די ווירקונג און השפּעה פונם יידישן לעבן אויפן שבת.

עס איז איינע פון די אָריגינעלסטע שאַפונגען ביי יידן, אינגאַנצן אויסגע-פורעמט פון יידישן גייסט, אויסקריסטאַליזירט אין משך פון דורות יידיש-לעבן, אויף אַזאַ אופן, אַז ער איז פאַרבליבן דורך און דורך יידיש; די אומות-העולם האָבן פּרובירט צו נאָכמאַכן דעם יידישן שבת און האָבן באַשאַפן אַ... רו-טאָג. סאיז אָבער ניט שבת; עס איז אַ רו-טאָג, ווי שבת; סאיז אָבער פאָרט ניט שבת. וואָרום, זאָגט אַליין: איז דען שבת, אין יידישן לעבן געווען נאָר אַ רו-טאָג?... עס איז עפּעס אַזעלכעס וואָס איז שוין איינמאָל קאָמפּליצירט: תרי"ג זאַכן און נאַציאָנאַלע ניואַנסן צוזאַמענגעגאָסן אין אַ כעמישן איינס איז עס, וואָס הייסט — שבת.

עס איז ניט סתם אַ רו-טאָג, ניט סתם אפילו אַ גייסטיקער רו-טאָג — דאָס האָבן אַלע פעלקער; עס איז — שבת; אַ נאַציאָנאַל-גייסטיקער רו-טאָג, אַזאַ וואָס נאָר יידן האָבן עס און נאָר יידן קענען עס האָבן...

די הז"ל, די גאונים און די פּוסקים האָבן געשפּירט אינטואיטיוו, וואָס שבת איז ביי יידן; און דערפאַר איז חילול-שבת בפרהסיא אריינגערעכנט גע-וואָרן צווישן די שרעקלעכסטע, גרעסטע זינד כמעט ווי נאַציאָנאַלע כפירה.

אחד-העם האָט די גרויסע ווערט, וואָס די נאַציאָנאַלע שאַפונג וואָס הייסט שבת האָט געהאַט פאַר יידן, פאָרמולירט אין אַ מערקווירדיק-טרעפלעכער פראַזע,

אין דעם דריטן חלק, פון דעם „על פרשת דרכים״, אין דעם דרייסיקסטן קאפיטל פון זיין „ילקוט־קטן״: „מען דאַרף ניט זיין קיין ציוניסט אָדער אַן אָפּהיטער פון מצוות, כדי צו אָנערקענען דעם ווערט פון שבת״ — זאָגט ער דאָרטן — (אין צריך להיות ציוני או מדקדק במצוות בשביל להכיר ערך השבת) און ער גיט צו, ווייטער: „אפשר לומר בלי שום הפרזה, כי יותר מישראל שמרו את השבת, השבת שמרה אותם״. מער, אַלזאָ, ווי יידן האָבן געהיט שבת, האָט שבת אָפּגעהיט און געוואַכט איבערן יידישן פאָלק, טאַקע ווי נאָר אַ וואַכזאַמע צניעות־דיקע מוטער וואַכט איבערן קינד... שבת האָט געוואַכט איבער יידן פאַרהיטנדיק זיי פון אַסימילאַציע. עס איז געווען דער „תריס בפני הטמיעה״. אַ שוץ־שילד קעגן אַסימילאַציע, ווייל שבת מלכתא, מיט איר אייגנאַרטיקייט איז געווען אַ שטיק יידישער קריסטאַליזירטער שטייגער־לעבן, פון דינים און מנהגים, וועלט־לעכקייט און גלויבן, תורה און עבודה, פרומקייט און צניעות — אַלץ אין סינ טעזע... די זיכערסטע פעסטונג קעגן דער אַסימילאַציע... „מען קען זיך ניט פאַר־שטעלן די עקזיסטענץ פון יידישן פאָלק אָן שבת״.

ביאַליק, וועלכער איז ווי דורך עפּעס אַ מיסטעריעזן כוח פון אַטאַוויזם, ארויסגעוואַקסן דירעקט פון דעם וואָרצל פון דער אור־קולטור פון אונדזער אומה, איינזאַפּנדיק אין זיך ווי אַ שוואָם די קולטור־אוצרות, וואָס אונדזער פאָלק האָט אָנגעזאַמלט זינט יאָרטויזנטער, האָט פאַרמאָגט, אַזוי צו זאָגן, אַ היפּער־עמפּינד־לעכקייט צו אויפנעמען און איבערדריקן דיכטעריש אפילו די ווייטסטע און דינסטע פיברען פון די נאַציאָנאַלע ווערטער; האָט ער דערום מיט אַ באַזונדערע שאַרפ־קייט, אויפגענומען גרינטלעך דעם ענין פון שבת, זיין עסטעטישע ווערט, די פּאָע־זיע פון מנוחת־שבת, זיין עטיש־נאַציאָנאַלע ווערט, די ווייכקייט און צאַרטקייט פון שבת, די טרייסט, וואָס שבת האָט אריינגעבראַכט אין די יידישע היימען, די פאַרוואָגלטע, פאַרחושכטע, גרוי־עצבותדיקע היימען פון אונדזער אָרעמקייט אין דעם גלות, אין דעם תהום. און דאָס האָט געמוזט ווערן ביי אים איינער פון די מאָטיוון, צו וועלכע ער קערט זיך אָפּט אום אין זיינע לעגענדעס, עסייען און קאָנפערענצן; אין זיינע מערקווירדיקע אומפאַרגלייכלעכע דערציילונגען; אין זיין מאָנאָגראַפיע וועגן הלכה און אגדה; און אין דער פּאָעזיע האָט ער דעם ענין שבת דערהויבן, ווי מיר האָבן פריער געזען, ביז צו אַ סימבאָל פון מוטער און כלה, פאַרוואַנדלענדיק שבת — וואָס קומט אריין אין דער יידישער שטוב באַ־גלייט פון שלום־מלאכים — אין אַ וועזן, וואָס טוט, שאַפט, זעט, וואַרט, מיט איינעם וואָרט — אין אַ לעבעדיק וועזן, וואָס ער האָט דיכטעריש געשפּירט און אויסגעטרוימט עס.

— 3 —

די העכסטע שטופע פון באַלעבן שבת אין אַ פּאָעטישער וויזיע, האָט ביאַ־ליק דערגרייכט אין אַ ליד זיינער, אַ דאַטירטע דריי יאָר פאַר זיין טויט, די איינציקע אין דעם מין אין זיין פּאָעזיע־אוצר: „אמי זכרונה לברכה״ הייסט דאָס ליד. ווען ער האָט געשריבן דאָס ליד, וואָס איז אַ שרעקלעך־געזאַנג צו ליכט־בענטשן, האָט ער געהאַט פאַר זיינע אויגן זיין אומגליקלעכע מוטער, די

אלמנה, וועמעס לעבן ער האָט באַקלאָגט-באַזונגען אין דעם אָנפאַנג-וועג פון זיין מוזע אין דער פּאָעמע „שירתי“, און, שפּעטער, האָט ער נאָך אַמאָל, מיט מער קינסטלער-קראַפט און פּאָעטישער גאַנצקייט ארויסגעבראַכט איר, אין דריי קאַ-פּיטלען פון זיין לעצטער און גרעסטער אויטאָביאָגראַפישער פּאָעמע „יתמות“: אין די קאַפּיטלען „שבעה, אלמנות און פרידה“.

אין „אמי זכרונה לברכה“ דערגרייכט די פאַרהערלעכונג פון קדושת-שבת, אינם מיסטישן מאָמענט פון אַ ליכט-בענטשן צו אַזאַ הויך, אַז שבת ווערט פאַר-וואַנדלט אין אַ לעבעדיק איבערנאַטירלעך וועזן, וואָס איז פול מיט רחמים צו די אָרעמע און שוואַכע; און די טרער וואָס ווערט פאַרגאָסן בעתן ליכט בענטשן באַזיצט דעם איבערנאַטירלעכן כוח צו צוזאַמענהעפטן, מאַכן האַרמאָנירן קאָנטראַסטן; און זי, די דאָזיקע טרער, לעשט און צינדט אָן איינצייטיק:

אמי זכרונה לברכה היתה צדקת גמורה
ובאלמנותה עניה מרודה.
ויהי ערב שבת, החמה בראש האלנות,
ובביתה לא נר ולא סעודה.
בדקה ומצאה עוד, מעשה נסים, שתי פרוטות —
הלחם או נרות? פסחה,
רצה, ותשב, ובידה הצנומה משאת הקודש:
שני נרות הברכה...

אין שוואַרצס יידישער איבערזעצונג:

מיין מאַמע זכרונה לברכה, געווען איז אַ גרויסע צדקת,
אַ וויסטע אלמנה געזעסן.
איין פרייטיק פאַרנאַכט — סגליט די שקיעה אין שפּיצן פון בוימער
און אין שטוב ניט קיין ליכט, ניט קיין עסן.
זי זוכט — און מיט נסים פון הימל — געפונען צוויי פּרוטות —
„ברויט אָדער ליכט?“ — מיט דער דעה געשלאָגן.
זי לויפט קומט צוריק — אין איר מאָגערער האַנט אַ מתנה:
צוויי ליכט אויף צום בענטשן געטראָגן.

אַן אָרעמע יידישע מאַמע, אַן אלמנה וועט די לעצטע צוויי פּרוטות, ערב שבת-פאַרנאַכט קיינמאָל ניט פאַרטון אויף קיין אַנדער זאַך, ווי אויף בענטש-ליכט, אויב זי האָט זיי ניט.

שבעה כוכבים במרום, וליל שבת-אמי
שבעה לו נרות עינים
היקבע אלהים שבת קדשו? וכי יקבע מה תעשה אשה?
יהי שמו מבורך על שנים!

דער הימל פאַרמאָגט זיבן שטערן, דער שבת דער מאַמעס
האָט אויך זיבן ליכט, זיבן שטראַמען
וועט גאָט דען פאַרשטערן זיין שבת? און וואָס קען זי העלפן?
געלויבט פאַר די צוויי איז זיין נאָמען.

די פרוי געוואוינט צו בענטשן שבת זיבן ליכט, האָט ביטער געוויינט ביים ליכט-בענטשן אויף צוויי, איר האַרץ איז געווען איבערפולט פון פיין און ווייטיק: אָן אלמנה, אָן אָרעמע... וואָס האָט צו איר דער אויבערשטער, פאַרוואָס שטראָפט ער איר אַזוי? האָט זי בעתן ליכט-בענטשן ביטער געוויינט... „און אַ טרער פון די קנייטשן פון אירע באַקן איז אַראָפּגעפאַלן — און איין ליכט האָט אַ צאַנק געטון, אַ שפּריין געטון און איז פאַרלאָשן געוואָרן".

עמדה השבת נבלמה, עורת עינה האחת,
התפלצה האשה:
— התבזה, אל מתת אלמנה? אם חטאה אמתך —
שבתך מה פשעה?

פאַרשעמט איז דער שבת אויף איין אויג אַ בלינדער געשטאַנען —
די פרוי איז פאַרציטערט געבליבן.
„פאַרשעמט אַן אלמנה אַ גאָב? אויב דיין דינסט האָט געזינדיקט,
צו וואָס נאָך דעם שבת באַטריבן?

באַמערקט, ווי דער דיכטער באַצייכנט דאָ דעם שבת: ווי אַ לעבעדיק וועזן. די פרוי האָט דאָס געזיכט פאַרדעקט מיט די הענט און ביטער געשווידערט אין פורכטזאַמען ציטער; די אַקסלען האָבן איר געציטערט פון פאַרשטיקטן געוויין און אין געוויין אין אין פלאַם און ברען פון געבעט. אָפּגרונטן האָבן אין איר הארצן געבראַכט. דאָס אויער פון דער פמליה של מעלה האָט נאָך ניט געהערט, דער כסא-הכבוד אליין האָט נאָך ניט געזען, אַ זעל אַזוי דערדריקט אין איר טרויער און אומעט.

איז דער נס געשען:

אז תשל מלחיה הצדקנית דמעה עוד אחת בוערה,
רסיס אש להבה,
ובצנחה, ויפול בבית אור מישנה, כי נצת
הנר אשה כבה.

און דאַן איז נאָך איינע אַ טרער פון צדקת געפאַלן,
אַ זודיקער פלאַם פון די גרונטן,
און טאָפּלט איז ליכטיק געוואָרן: ס'פאַרלאָשענע ליכט
האָט נאָכאַמאָל זיך אָנגעצונדן.

און ווי נאָר די פרוי האָט די אויגן געעפנט האָט זי געזען: די בענטש-ליכט לייכטן און ברענען כאור שבעת הימים", דען די שכינה האָט די שבת-ליכט אַ קוש געטון...

די שכינה אליין קושט די בענטש-ליכט פון אַן אָרימער אלמנה. וואָס פאַרגייט אין צער און אין אַנגסט פאַרוואָס איר טרער האָט חלילה די הייליקייטן פון דעם ליבן, פון דעם לעבעדיקן שבת-קודש פאַרשעמט. קען זיין אַ העכערע מדרגה פון פאַרהערלעכן שבת?

דאָס בילד פון שבת אָנקומען איז ביי ביאַליקן פאַרבונדן מיט ליכט בענטשן,

מיטן זון-פארגיין פרייטיק-פארנאכט; ווען ער שילדערט דאָס אָנקומען פון שבת, הויבט ער אָן אָפּט מיט דעם אויסדרוק: „החמה מראש האילנות נסתלקה״; ביאַליק איז געווען בכלל זייער עמפינדלעך צו דער שקיעה-צייט; ווען די זון פארגייט און דער אוונט דערנענטערט זיך, איז עפּעס אַ באַזונדערס שטימונגספּו-לער מאָמענט, אַ מין שעת-רחמים; דער דיכטער שפּירט עס און דריקט אויס דעם דאָזיקן מאָטיוו אין פיל לידער זיינע; אויב שקיעה איז אַ צייט פון רחמים אַלע טעג פון דער גאַנצער וואָך, אַ פּשיטא שוין, אַז דער דאָזיקער מאָמענט איז פול מיט ווייכקייט, קדושה און מיסטעריע ערב-שבת בין השמשות, ווען די זון גייט אַראָפּ פון די בוימער-שפּיצן און עס קומט אָן דאָס געבורט פון אַזאַ הייליק-סימ-באַליש וועזן, ווי שבת, וואָס ווערט אריינגעפירט דורך אַ סוויטע פון מלאכי-השרות אין יעדער יידיש הויז און די מאַמע באַגעגנט דאָס אָנקומען פונם טייערן גאַסט דורך ליכט-בענטשן...

— 4 —

אָבער ניט נאָר אַ סימבאָל, ניט נאָר אַ פּאָעטישע וויזיע פון אַ לעבעדיק וועזן, וואָס דער דיכטער זעט אין זיין דמיון, איז שבת פאַר ביאַליקן. דער דיכטער האָט געוואוסט און געקענט באַזונגען דעם רעאַלן שבת, דעם מעת-לעת שבת, די אידיליע פון שבת פאַר גרויס און קליין, אין פערזן לייכטע, אין פערזן שפּי-לעוודיקע, אין פערזן קלינגענדיקע ווי זילבער-גלעקלעך:

הכמה מראש האילנות נסתלקה
בואו ונצא לקראת שבת-המלכה.
הנה היא יורדת הקדושה הברוכה
ועמה מלאכים צבא שלום ומנוחה
בואי, בואי המלכה!
בוא, בוא המלכה
שלום עליכם מלאכי השלום! א. אַ. וו.

דער פּראָצעס פון דעם שבת-דורכגאַנג אין אַ יידישער שטוב, ווערט אין דער דאָזיקער לייכטער, קלינגענדיקער אידיליע ביאַליקס, פאַרענדיקט מיט דעם, מיט וואָס זי הויבט זיך אָן: מיטן זון-פאַרגאַנג פון שבת פאַרנאַכט; די צוויבער-פּעע, וואָס ברענגט אריין פרייד, שלוה און אידיליע אין יעדער יידיש הויז, פאַרשווינדט צוזאַמען מיט דער שבת-זון, און ווידער קלינגט דעם דיכטערס פערז צו מלוה-מלכה:

החמה מראש האילנות נסתלקה
בואו ונלוה את שבת המלכה.
צאתך לשלום הקדושה הזכה
דעי, ששת ימים שובך נחכה
כן לשבת הבא
צאתך לשלום מלאכי השלום!

ווען אונדזער ליטורגיע, און שבת-צערעמאָניאַל וואָלטן ניט אָנהאַלטן זיך, קאָנסערוואַטיוו, נאָר ביי די אַלטע תפילות, פּיוטים און זמירות, ווען עס וואָלט זיך געלאָזט איינפירן נייעס אָדער ענדערונגען אין דער ליטורגיע פון קבלת שבת,

אדער אין דעם פרייטיק-צו-נאכטיקן „שלום עליכם מלאכי השבת“, מיט וועלכן מען פלעגט אויפנעמען שבת-פרייד פאר דער פרייטיק-צו-נאכטיקער סעודה, וואלט ניט שלעכט געווען צו איינפירן אין דעם שבת-צערעמאניאל אט דעם דאזיקן וואונדערבארן אידילישן זמר ביאליקס לכבוד שבת... צו געבן עס זייט ביי זייט מיט ר׳ שלמה אלקאביצעס מיסטישן זמר, וואס איז פול מיט סימבאליסטיק, מיטן „לכה דודי“.

אזוי ווייט פארליבט איז ביאליק אין שבת, אז אפילו פ ר יי ט י ק, ווען מען פלעגט אין דער יידישער שטוב אנהויבן „מבעוד יום“ די ארבעט פון אריינפירן שבת, איז שוין אויך א יום-טוב, א טאג ניט ווי אלע — און דאס גיט אים א מאטיוו פאר א הערלעכער שפיל-ליד „לכבוד שבת“, אין זיין לידער-בוך פאר יידישע קינדער:

אמי יצאה אל השוק
לקנות צרכי שבת.
אמי שבה מן השוק
ואתה צרכי־שבת
— מה?
סולת, בשר, דגים, פרות
לכבוד שבת, לכבוד שבת...

און אזוי גייט די שפיל פון לויטער פערזן-געקלאנג און שילדערט פאר יידישע קינדערלעך דעם גאנצן פרייטיק-טאג, די הכנות צו שבת, דאס באקן חלה, הייצן אויף שבת, צוואגן און וואשן די קינדערלעך לכבוד שבת, דאס ראמען אין שטוב, צוגרייטן דעם טיש, אנטון שבתדיק די קינדערלעך; דאס גיין אין שול צו קבלת-שבת, דאס קומען פון שול א. א. וו.

א מערקווירדיקע קינדער-שפיל אין פערזן, וואס וואלט כדאי געווען צו איינפירן אין אונדזערע יידישע שולעס, כדי צו געבן די קינדער א פארשטעלונג כאטש וועגן דעם ווי עס האט אמאל אין דער אלטער היים אויסגעזען דער ערב-שבת און דער שבת ביי יידן...

— 5 —

ביאליקס שווערע, ארעמע קינדהייט פון א יתום. א בר-אבהון און וועמענס מוטער, די אלמנה, איז געצוואונגען געווען צו דערנערן אירע יתומים: דורך באקן ברויט און פארקויפן עס אין מארק, איז פארבונדן מיט דערדריקנדיקע זכרונות פון דער צייט ווען זיין פאטער האט נאך געלעבט — וועגן שבתים פון ארימקייט, דלות און הונגער... די דאזיקע דעראינערונג האט געפונען א פאעטישן תיקון אין זיין גרויסער פאעמע „שירתי“. וואס געהער צום ערשטן פעריאד פון זיין דיכטונג —; אן אויטאביאגראפישע פאעמע איז עס. אבער וויפיל פון אונדז האבן אין זייער זכרון, דעראינערונגען פון אזעלכע ארימע, דערדריקטע שבתים אין זייערע פאטערס הייזער?

בעשות אבי חול את שבתו מעני
מחוסר השלחן יין קידוש גם חלות,

המנורות חבולות, במקומן עשנים
מעורים בטיט נרות רזים אחדים
מרקידי הכתלים: ושבעה ילדים
כלמו רעבים וקצתם ישינים
יסובו השלחן, אמנו עגומה
לקול תתם שלום למלאכי השרת
וכאשם על חטאו עני ונכה־רוח
בוצע אבינו בסכין פגומה
על פת לחם שחור וזנב דג־מלוח —

אין .שוואַרצס יידישער איבערזעצונג:

אַז דער טאַטע פלעגט מאַכן פון שבת אַ וואָכן
נישטאָ אויפן טיש ניט קיין ווייַן, ניט קיין חלות;
די לייכטער פארמשכנט און עס רויכערן און צאַנקען
צוויי מאָגערע ליכטלעך, פאַרשטעקטע אין ליים,
וואָס האָבן אין שאָטנס געבראָכן
די ווענט פון דער עלנטער אָרימער היים;
עס רינגלען דעם טיש אַרום קינדערלעך זיבן,
טויט־הונגעריק אַלע, די קלענסטע פאַרשלאָפן;
די מאַמע הערט זיך צו צום ניגון צום טריבן
פון אונדזערע שלום־עליכם געזאַנגען.
דער טאַטע, ווי איינער פאַרמשפּט אָן האָפן,
פאַרלוירן זיין מוט, שנײַדט מיט שטומפּיקן מעסער,
אין שוואַרץ־ברויט אין גראָבן און עק פון אַ הערינג.

„שירתי“.

א פארשטערטער שבת אין א הויז פון אן ארימאן. אויפן טיש איז ניטא קיין חלה, ניט קיין קידוש-וויין; די לייכטער פארמשכנט, עס רויכערן נאר א פאר דארע, קווארע בענטש-ליכטלעך, אין ליים-פארשטעקטע, וואס מאכן, דורך זייער שאטנדיקן ליכט, טאנצן די ווענט; זיצן זיבן קינדער ארום טיש אלע הונגעריק, האלב שלעפערדיקע; די מאמע פארצאגט פון צער, הערט זיך צו ווי „מען גיט אפ שלום די מלאכי השרת". דער טאטע, מיט א דערדריקטן געמיט, ווי ער וואלט זיך געפילט שולדיק פארן „זינד" פון זיין ארימקייט, מאכט א מוציא איבער שווארץ ברויט און אן עק פון א הערינג — ווי באקאנט, ווי נאענט, עס איז דאס בילד פון דער יידישער ארימקייט אין תחום — שבת, אבער איז שבת ביי יידן; און פרייטיק-צו-נאכט, מעג די סעודה באשטיין פון שווארץ ברויט אנשטאט חלה, אן עק פון א הערינג, אנשטאט פיש און עוף, זמירות אבער מוז מען זינ-גען: עס איז דאך שבת-קודש...

עודנו לועסים ובטרם תכרת
הפרוסה הטבולה במלח מפינו,
הפרוסה, התמוצה, הפגומה, התפלה
נעלנה בדמעות, כעלובים וגזולים,
וזמירות נענה בקול אחרי אבינו
מבטן הזמיה מלבבות חלילים

אז נטפל הצרצר גם הוא למקהלה
ויצרצר בזמירות מסדק האפילה.

קינדער קייען דעם ביסן שוואַרץ ברויט אין זאַלץ געטונקטן, דעם ביסן, דעם זויערן, געשמאַקלאָזן, דעם שווערן, מיט טרערן טוט מען אים שלינגען, ווי פאַר־שעמטע, באַגזלטע, אָבער דער טאַטע זינגט שוין שבת־זמירות, און די הונגעריקע שלעפערדיקע, זינגען נאָך די פרייטיק־צו־נאַכט זמירות; אין בויך ברומט הונגער, אין האַרצן נאָגט שטומער, באַנג און פאַרדרוס, אָבער זמירות זינגט מען; און דער גריל — דער זינגער פון דלות, ווי ביאַליק באַצייכנט אים מיט אומאיבער־שטייגבאַרער טרעפלעכקייט — דער גריל צוויטשערט מיט, פונם פינצטערן ווינקל; ער זינגט־מיט מיטן שבת־כאָר אין דער אָרימער יידישער שטוב דעם „כל מקדש שבת כראוי לה”.

אַזאַ מין טרויעריקע דעראינערונג פון זיין קינדהייט וועגן פינצטערע טרויע־ריקע שבתים פון הונגער, עלנט און נויט, האָט פונדעסטוועגן ניט פאַרגיפטעט דעם דיכטערס געמיט, און ער האָט ווי קיינער פאַר אים, געקענט אָפּשאַצן די ווערט פון שבת און זיין פאַרנעם און באַדייט אַלס אייביק־נאַציאָנאַלע ווערט און קיין דיכטער ווי ער, האָט דערהויבן אין זיין פּאָעטישער וויזיע שבת צו דער מדרגה פון אַ סימבאָל פון אַלדאָס־צאַרטקייט. פון אַלדאָס הייליקייט און פריי־דיקייט.

היינע האָט אַמאָל באַזונגען דער פּרינצעסין שבת, וואָס פאַרוואַנדלט דעם דערשלאָגענעם אָרימען וואָכעדיקן יידן אין אַן אַנדער מענטש. ביאַליק דער דיכ־טער, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן, ווי אַ מעכטיקער צעדער פון לבנון, פון דער סאַמע שטיין־האַרטקייט, האָט מיט אַלע אברים געשפּירט דעם שבת, אַ היפּש ביסל אַנדערש ווי היינע, פאַר וועלכן שבת איז, נאָך אַלעמען, געווען אַ פּאָעטישע אַבס־טראַקציע; ער, ביאַליק שפּירט דעם שבת ווי אַ גאָטס־גאָב. אַ מתנה פון דעם אויבערשטן פאַר זיין ליבן פאָלק ישראל, צו דערפרייען דאָס האַרץ פונם אָרימאַן, — דער נגיד האָט דאָך שבת, אויב ער וויל נאָר, אַ גאַנצע וואָך — איז פאַר־שטענדלעך, אַז די דאָזיקע געטלעכע מתנה ברענגט אריין ענדערונגען און פרייד אין יעדער יידיש הויז, ווי אָרים עס זאָל ניט זיין.

און דער דיכטער שילדערט מיט די פיינסטע פאַרבן אין זיינע פּראָזע־שאַ־פונגען און ליד, די שבת־אידיליע צווישן די פאַרשידענע שטאַנדן און שיכטן אינם יידנטום.

אָט איז דער אַלטער שניידער פון זיין ניט־פאַרענדיקטער פּאָעמע „יונה החיט”; וואָס דערמאָנט זיך מיט שרעק די פינצטערע צייטן פון די „פּאָימאַנקעס”... אים אַליין האָט מען קליינערהייט „געכאַפּט” און פאַר אַ סאָלדאַט פאַרקויפט; דערמאָנט ער זיך אין יענע שרעקלעכע טעג, דערמאָנט זיך אין זיין קינדהייט איידער מען האָט אים געכאַפּט, אין דער ברכה, וואָס דער אַלטער טשערנאָבילער ז”ל האָט אים געבענטשט, ווען ער איז נאָך אַ פּיצל געווען און נאָר אַ דאַנק דעם כוח פון אָט דער ברכה האָט ער געקענט ביישטיין די יסורים פון קאַנטאָניסטן־שמד און ניט נשתמד־ווערן...

ער דערמאָנט זיך עס אויף דער עלטער; ער דעראינערט זיך אין די ווייטע

קינדער-יאָרן, אין דעם חדר, דעם אָרימען פּאָטער, וואָס „ציט פון זיך די קליי״, די קינדער זאָלן אין חדר לערנען, תּורה קענען; און ווי ניט-ווילנדיק פון זיך אַליין, שווימט אַרויף אין זכרון פון דעם אַלטן שניידער-קאָנטאָניסט די שבת-אידיליע; זי שווימט אַרויף פון דער ווייטער קינדהייט, פריש, צאַפּלדיק, ווי עס וואָלט ערשט נעכטן געשען:

זיין פאָטערס הויז איז געווען אָרים זיין טאַטע איז געווען אַ פּשוטער אָרימער ייד — קינדער פון רייכע וואָלט מען ניט געכאַפּט צו פאַרקויפן פאַר סאָלדאַטן — אַ פאַרהאַוועטער אין פּרנסה; אַ טרוקן שטיקל ברויט פאַר אַ געזינדל פון אַכט קינדער, אָבער... אויף שכר-לימוד טאָר, חלילה, ניט פעלן... אַ גאַנצע וואָך איז... ווי ניט איז, מען קאָן אויסקומען מיט אַ טרוקן שטיקל ברויט. שבת אָבער... גאָט באַוואָר: דער כּבוד פון שבת טאָר ניט פאַרשטערט ווערן:

כּבוד שבת ומועד לא הפרנו הלילה
הכל הוכן לסעודה: בשר, דגים ויין;
ובשובנו בערב מבית התפילה
בלוית אורח — ראינו עין בעין
מכל פנות הבית, מכל זוית אפלה
את מלאך השלום המאיר לנו פניו.
לקול זמירות שמשון וששת בניו
צללה כל השכונה, כל העיר צהלה.

שבת און יום-טוב-כּבוד האָבן מיר חלילה ניט פאַרשטערט
אַלץ איז גרייט געווען צו דער סעודה: פליישׁ, פיש און וויין.
און אַז מיר פלעגן, אָוונטי, קומען פון שול —
באַגלייט פון אַן אורח, — האָבן מיר ממש געזען
פון יעדן ווינקעלע פון שטוב, פון יעדן פינצטער-ווינקעלע
דעם שלום-מלאך, וואָס טוט אונדז לייכטן אין געזיכט.
און אַז שמשון און זיינע זעקס זין פלעגן נעמען זמירות זינגען
פלעגט די גאַנצע שטאָט קלינגען און דער קוואַרטאַל פלעגט זיך פרייען.

וואָס-זשע מיינט איר? אַז די ברכה פון „טשערנאָבילער״ ז״ל איז בייגעשטאַנען „יונה דעם חייט״, דעם קאָנטאָניסט אין דער ווייטער סיביר, אַז ער זאָל ניט „אויסבייטן דאָס לעצטע רענדל?״ ניין. דאָס איז געווען דער כּוח פון אָט דעם יידישן שבת, וואָס ער האָט איינגעזאַפּט אין זיין בלוט, צוזאַמען מיט זיין מוטער-מילך; דאָס איז געווען דער כּוח פון די בענטש-ליכט פון דער מאַמען, די קראַפט פונם שלום-עליכם און זמירות פונם טאַטן; דער כּוח פון שבת איז עס געווען וואָס האָט ווי אַ טרייע ליבע מאַמע, ווי אַן אמתער מלאך הגואל, באַגלייט אומזיכטבאַר, באַגלייט אין דעם אונטערבאַוואוסטזיין — יעדן יידישן קינד אויף זיין לעבנס-וועג, וואוהין דער גלגל החוזר פונם לעבן זאָל אים ניט געווען פאַרטרייבן!... „דאזשע וו׳ סיבירי״, ווי אַ צווייטער „ניקאָלאַיעווסקע סאָלדאַט״ אין שלום-עליכמס אַ שילדערונג וועלכער הייסט, צופעליק אויך יונה, און מען רופט אים „רבנו יונה״ — און ער איז ניט קיין שניידער, נאָר אַ... בעדער אין כתריאליווקע, דריקט זיך אויס אין זיין פאַרוסישט געוואָרענעם יידיש...

דאָס איז געווען דער כוח פון שבת: שבת האָט געהיט אונדזער פאָלק, כל-זמן אונדזער פאָלק האָט געהיט שבת — ווילט זיך מיר פּאַראַפראַזירן די שוין דערמאָנטע אחד-העמס מימרא.

ביאַליק, האָט עס מיט זיין פולן דיכטעריש ווזן געשפּירט אין אַזאַ מאָס, ווי קיינער און ער האָט עס אויך אויסגעדריקט אין זיינע פּאָעמעס, געשילדערט אין זיין פּראָזע, אָנגעוויזן אויף דעם אין זיינע עסייען מינדלעך ניט מיד געוואָרן צו פּרעדיקן פאַר דעם אין זיינע רעדעס, משאות, און קאָנפערענצן אין „עונג שבת" אין „אהל שם" אין א"י.

באַזונדערס רייך אין שבת-שילדערונגען זיינען ביאַליקס דערציילונגען. זיין פּראָזע, וועלכע איז אַ מוסטער פון פאָלקסטימלעכקייט, און אין דער זעלבער צייט פון קלאַסישקייט, אין פּרט פון העברעאישן סיגנון, פּוצט זיך אויס, אַזוי צו זאָגן, אין אירע פיינסטע סטיל-תכשיטים, ווען ער שילדערט שבת און זיין ווערט און געוויכט, פאַרנעם און באַדייטונג ביי יידן. די לייענער אויב זיי ווילן זיך איבער-ציינן, זאָלן זיי זיך מטריח זיין און נאָכקוקן אין ביאַליקס מאמר „הלכה ואגדה" אויפן דריטן דף, און אין פיל פון זיינע קאָנפערענצן, געהאַלטענע אין פאַרשי-דענע געלעגנהייטן אין געזאַמלטע אין די צוויי בענד פון „ביאַליק שבעל פה". ציטירן אַלץ איז ניט קיין מערכה.

שבת האָט פאַרנומען דאָס צענטראַלע פּלאַץ אין דעם יידישן לעבנס-שטיי-גער אין דער אַלטער היים. פאָלגלעך קאָן אַ רעאַליסט אַ שרייבער, פון ביאַליקס פאַרנעם, ניט אויסמיידן דעם דאָזיקן מעכטיקן פאַקטאָר אין יידישן לעבנס-שטייגער, וואָס שבת איז זיין נאָמען, — און ביאַליק אין זיינע דערציילונגען איז דער רעאַליסטישער רעאַליסט, — דערצו האָט ער ליב שבת, ווי מען האָט ליב די טייערסטע, די ווערטפולסטע זאַך — פאַרשטייט זיך, אַז ניט נאָר ער זוכט ניט צו אויסמיידן שבת, נאָר אדרבה. עס איז כמעט ניטאָ ביי אים קיין דער-ציילונג, וואו ער זאָל ניט שילדערן אַזוי אָדער אַנדערש, שבת:

אריה בעל-גוף, דער מגושמדיקער פּראָסטאַק, דער קליינשטעטלדיקער בעל-גוף בויט זיך אויס אַ נייע הויז, מאַכט ער שבת-חנוכה אַ „קידוש" צו חנוכת-הבית און לאַדט איין די „פּני" פון דער גאַס. מיט וויפיל ליבע ביאַליק באַשרייבט דעם דאָזיקן „קידוש", די משקה, דעם „לעקאַך און בראָנפן", די כלערליי קוגלען, און טאַקע די „פּני", וואָס האָבן „באַערט" דעם „בעל גוף" צו קומען שבת-חנוכה צו זיין חנוכת-הבית... אַ גאַלעריע יידישע טיפּן, געשילדערט מיט אַ מערק-ווירדיקער עפּישער רואיקייט אויפן פאָן פון דעם שבת אין דעם יידישן קליין-שטעטל אין אוקראַינע, אין ליכט פונם אידילישן לעבנס-שטייגער.

שלום-עליכם איז געווען אַ מומחה צו שילדערן יידישע מאכלים; נאָר אין פּרט פון קענען באַשרייבן שבת-קוגלען, שטייגט אים ביאַליק, אין „אריה בעל-גוף" אריבער. עס איז אַ נחת צו לייענען דעם דאָזיקן קאַפּיטל אין ביאַליקס דערמאָנטער עפּישער דערציילונג, באַזונדערס יענעם שטעל, וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווער-טער: „אז יגיע תור הפשטידות לעלות על השלחן"... (דאַן איז געקומען די צייט

פון די קוגלען ארויפגעבראַכט צו ווערן אויפן טיש). אידיליע פון שבת-פאַרוויי-לונג... אָבער די אידיליע ווערט געשטערט דורך אַ קאָמישן צופאַל; דער מלאך, וואָס איז דער ממונה איבער דעם טשאָלענט — כידוע, איז אין יעדן יידישן שבת-אויוון געווען אַזאַ מלאך וועמענס ספּעציאַליטעט איז געווען באַזאָרגן די קוגלען — האָט דאָס מאָל, דווקא פאַראַטן די קוגלען פונם בעל-גופס קידוש און זיי זיינען אַרויס... רוי... עס קומט דער דראַמאַטישער „קלימאַקס"... די שיל-דערונג, ווי דער עולם אויף קידוש, אַנהויבנדיק פון אַלטן גביר, דרייען מיט די נעזער, ווען זיי פאַרזוכן דעם ניט-דערבאַקענעם מאָגן-קוגל...

אַ שטיק אַרכאַאיש יידיש לעבן האָט ביאַליק פאַראייביקט אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל פון זיין אומפאַרגעסלעכער פּאָעמע-דערציילונג און פאַרייביקט האָט ער עס אין שייכות און אויפן פּאָן פון שבת.

שבת אויפן ישוב, ווידער — אַ באַזונדער שבת, אַ באַזונדערן כאַראַקטער טראָגט ער: יידן וואוינען צווישן גויים; ניט אַלעמאָל איז דאָ אַ „מנין", ניט תמיד קאָן מען האָבן דאָס פאַרגעניגן פון תפילת-שבת בציבור... דערפאַר אָבער אַז גאָט העלפט שוין און סקומען אויף שבת אורחים און מקען דאַווענען מיט אַ מנין — איז דער שבת גאָר אַנדערש, ער באַקומט גאָר אַן אַנדער טעם.

און ביאַליק שילדערט אין דער דערציילונג „החצוצרה נתבישה" אַזאַ מין הערלעכן שבת אויפן ישוב: אַן עפּיש בילד פון רואיק לעבן, דער הויפּט-פּאָן פון וועלכן איז אַ... שבת-בילד. און דאַן קומט די טראַגעדיע: — אַ יידישע אי-דיליע, זעלטן ווען זי זאָל ניט פאַרענדיקט ווערן מיט טראַגיזם — עס קומט דער גירוש. מען טרייבט די יידן אַרויס פון דאָרף.

מעשה שטן פאַלט אויס דער גירוש ערב שבת, וואָס איז אויך ערב פּסח. מען גרייט זיך צום יום-טוב, וועלכער איז אַ דרייפאַכיקער: שבת, פּסח און דערצו קומט אויף אורלויב אהיים אַ זון אַ סאָלדאַט — און דאָ קומט די בשורה די ביטערע פונם גירוש. מען טרייבט אַרויס די יידישע משפחה פון דאָרף. דער פּאָגראָם פונם גירוש געשעט ערב-שבת. די פאַרדאַגהטע מאַמע באַגעגנט זיך אין וועג מיטן זון, וואָס פאָרט אהיים אויף אורלויב... שטעלט אייך פאָר אליין די באַ-געגעניש. די מוטער בלייבט געחלשט, פאַרווירט, ווי אַ טויטע, ליגט זי דעם גאַנצן וועג.. עס קומט אָבער די צייט פון... ליכט-בענטשן. עס איז דאָך ערב-שבת און ערב-פּסח... ווי קען מען עס פאַרגעסן ליכט-בענטשן? און ווען מען איז אין דער מיט פון אַ גירוש?... אין דער שרעקלעכער טראַגעדיע פונם גירוש, בעת פרעמדע האָבן געפּאַקט דעם שטוב-סקראַב און וואָגן, האָט די פאַרצווייפלטע מאַמע ניט פאַרגעסן מיטצונעמען ליכט צום בענטשן...

טראַכט זיך אריין אין דעם דאָזיקן עפּיזאָד — און איר וועט שפּירן, ווי גרויס און שטאַרק עס איז געווען דער כוח פון שבת ביי יידן...

עס איז שווער צו געפינען ערגיץ-וואו נאָך אין דער יידישער ליטעראַטור אַ מאָמענט אַזאַ שטאַרקן און אַזוי וואַרהאַפטיק געשילדערט, ווי דער דאָזיקער מאָמענט פון ליכט-בענטשן, ערב־שבת, ערב פּסח, פון אַ דערשלאָגענער, צעבראָ-כענער יידישער מאַמע, אין מיטן גירוש-וועג, נעבן אַ וועלדל. אונטער גאָט-פרייען

הימל און... שלעכטער פארקנעכטעטער ערד... עס איז, דאכט זיך, דאָס שטאַרקסטע וואָס איז אַרויס פון ביאַליקס פּראָזע-פעדער.

— 7 —

שבת ווירקט אויף אַ מאָדנעם כישוף אויף יידן: אַפילו אַ יידישער „פּאַרו-באָק", וואָס איז פאַר אַ שיקסע גרייט אויף אַלץ... ביז צו גיין „פון יענער זייט פלויט" — נחקע פון ביאַליקס דערציילונג „מאחורי הגדר", וואָס ווען יידן גייען צו קבלת-שבת גנבעט ער זיך אַרויס הינטערן שטאָט צווישן די גערטנער, אָפּצו־וואַרטן אויף „מאַרינקען" — אַפילו אויף אים ווירקט דער צויבער פון פּרייטיק-צו-נאַכט, די שטילקייט פון קבלת-שבת - צייט:

ער ליגט הינטערן שטעטל, אָבער צו זיין אויער דערטראָגט זיך, פון בית-מדרש אַרויס, ווייט, דער אָפּקלאַנג פון קבלת-שבת-ניגון; „דאָרטן שטייט דער טאַטע אין דער שבתדיקער קאַפּאָטע און זינגט: „ארבעים שנה אקוט בדור", און ער דאָ, דער פּושע ישראל, ליגט הינטערן פּלויט און לויערט אויף עפּעס אַ שיקסע... אַ שטילער טרויער האָט זיך פאַרגנבעט אין נחס האַרצן, צוזאַמען מיטן אָפּקלאַנג פונם חזנס געזאַנג".

און די טראַגעדיע פון חילול-שבת פעלט אויך ניט אין ביאַליקס ווערק אין פּראָזע.

דער דיכטער, וואָס האָט דערהויבן שבת צו אַ סימבאָל פון מוטער און כלה, דער דיכטער וואָס האָט געשילדערט די שבת-אידיליע אין אַלע אירע שאַטירונגען און וואָס האָט אָפּגעשאַצט אין זיינע עסייען די ווירקונג און די ראָל פון שבת אין יידישן לעבן אויף דעם יידישן מענטשן פון פאַרשיידנסטע שיכטן, האָט ניט געקענט איבערלאָזן ניט געשילדערט די טראַגעדיע פון חילול-שבת. און ער האָט זי ווירקלעך געשילדערט — און מייסטערהאַפטיק, אין זיין דערציילונג: „יום הששי הקצר", דער קורצער פרייטיק...

פאַרשטייט זיך, אַז ווי באַלד ער איז אויסן געווען צו שילדערן די טראַגעדיע פון חילול-שבת, האָט ביאַליק געמוזט שילדערן אַזאַ טיפּ, ביי וועמען חילול-שבת איז, באמת, די שרעקלעכסטע טראַגעדיע אין לעבן, ווען ער באַגייט עס אַפילו ניט, חלילה, במזיד — אַזאַ זאַך איז אויסגעשלאָסן — נאָר געצוואונגען צו דעם דורך אומשטענדן, וואָס איז ניט אין זיין רשות צו ענדערן.

און אַזאַ איז דער פאַל מיט רב ליפּא דעם רב פון שטעטל „אַ ייד אַ חלוש און אַ פּחדן פון דער נאַטור", וואָס הויבט זיך אָן צו קליגלען קעגן דעם קורצן פרייטיק; נאָך פון פאַרטאָג, ווארום די הכנות צום שבת זיינען דאָך אַזויפיל און דער קורצער ערב־שבת איז אַזוי קליין; מען קען חלילה פאַרשפּעטיקן. און, הפּנים, דערפאַר טאַקע איז געשען יענעם שבת מיט אים די מעשה נורא... „קעגן ביטערן פינצטערן מזל — האָבן שוין אונדזערע חכמים געזאָגט — קען מען קיין קלוגער ניט זיין"...

און אין דער דאָזיקער „טראַגישער" דערציילונג, וועלכע איז געשריבן אָבער, מיט אמת פאָלקסטימלעכן הומאָר און מיט ממש עפּישער רואיקייט — וואָס

פארוואנדלט די דערציילונג אין א מייסטער-שטיק... געשעט עס, מעשה שטן, אז ר' ליפא, מוז דוקא אינם קורצן פרייטיק פארן צו א ברית ביים מוכסנס, רבי געציס איניקל, אין א נאענטן דארף; ר' געצי איז אים מכבד מיט סנדק און א גאר פיינע מתנה, טא ווי קען מען זיך אפזאגן און א ברית איז דאך א מצווה... און א מצווה וואס לאזט זיך ניט „איינזייערן"...

אביסל פ א ר ש נ א ש ק ע ט, דער ערל און להבדיל דער רב, פארט ער נאכן ברית צוריק, — קורצן פרייטיק נאך האלבן טאג אהיים — דרעמלען זיי ביידע איין אין וועג און דאס פערדל, וואס ווייסט נעבעך א פערדל פון דער גפאר פון חילול-שבת — גייט אראפ פון וועג און פארפירט זיי ערגעץ-וואו! און קערט איבער דעם וואגן; זיי כאפן זיך אויף: ס'איז שוין אוונט... שבת!.. וואס טוט מען?... „פיקוח נפש דוחה שבת" — טראכט דער רב — „וחי בהם ולא שימות בהם"... און ער פארט ווייטער, איינרעדנדיק זיך היתורים פארשיידענע... אבער, ווען, פארנדיק אין שליטן, איז דער רב מקבל שבת, פארפליען און פארשוואונדן אלע תירוצים און „הירהורים" און די ט ר א ג ע ד י ע פון חילול-שבת און א רב נאך דערצו, טרעטן אויף אין זיין מוח מיטן גאנצן מוראדיקן פארנעם...

האלבע נאכט דערשלאגן זיי זיך ביז צו אן אכסניה; אלע שלאפן שוין; שיעור ניט פארפרוירענע קומען זיי אריין; ר' ליפא פארשטעלט די אויגן פאר בושה, דערזעענדיק די שבת-לייכטער מיט אויסגעברענטע ליכט און עס גיסן אים טרערן פון די אויגן... א פחדן בטבע, זאגט ער אין געדאנק ווידוי... קיינער באמערקט אים ניט אין דער אכסניה: פייווקע דער קרעטשמער איז שוין גע-שלאפן און אריינגעלאזט האט זיי דער פויער, וואס באדינט אין איינפאר-הויז...

פארטאג שטייט אויף פייווקע און דערקענט דעם רב א שלאפנדיקן, אנט-פאלט אים זיין מאמעס מילך פאר שרעק... „שבת ? ווי איז עס מעגלעך?""

מסתמא, האט ער א טעות געהאט, א פויערישער קאפ, וואוינט צווישן פויערים; אוראי האט ער פארציילט א טאג אין דער וואך און געמאכט שבת ווען סאיז נאך וואך... און ער איילט זיך צו אויפראמען פון שטוב די סימנים פון שבת... דער רב זאל ניט באמערקן דעם טעות, ווען ער וועט אויפשטיין. ער צווינגט די ווייב צו איינהייצן דעם אויוון, ארויסגעווארפן אין פאמעניצע דעם קוגל, דעם טשאלענט „אין דרערד אריין אלץ"... אזא מיאוסער טעות...

דער רב איז אויפגעשטאנען און פארטראגן אין זיין אייגענעם אומגליק, באמערקט ער גארנישט, לכתחילה, ווי פייווקע רויכערט מאכארקע און זינגט אונטער דאס וואכעדיקע דאוונען... אבער, אז ער דערזעט עס דערנאך, איז ער זיכער אז ער איז דא אין אכסניה אפגעלעגן דעם שבתדיקן טאג — מחמת מיד-קייט און צעבראכנקייט — ווי אין הינערפלעט... ווארום אז ער איז געקומען איז דאך געווען פרייטיק-צו-נאכט און איצט איז דא אלץ וואכעדיק... א גאנצן שבת אפגעלעגן, טראכט ער, אן דאוונען, אן שבת קידוש... וואס טוט זיך עס מיט אים, רבונו של עולם?... און דא קומט פייווקע, גיט אים שלום, ווי אין דער וואכן, איז דאך שוין זיכער. זעצט זיך שפעטער דער רב ווידער אין שליטן, איבער-צייגט, אז סאיז זונטיק, צו פארן שנעל אהיים. ער רעדט א ווארט ניט מיט פייווקען... רבי ליפא וואלט אוראי געוואלט, אז דער וועג זאל זיך אייביק ציען,

אז א גרוב זאָל זיך עפענען און אים איינשלונגען; אָבער: מעשה שטן, טראָגט דאָס אויסגערוטע פערדל אויפן שליטן-וועג ווי אַן אָדלער און פונקט ווען קהל אין שטעטל גייט אַרויס פון שול נאָכן שבת-דאַווענען, איז וויי און ווינד צו די אויגן וואָס זיי זעען עס — אַנגעפאָרן דער שליטן מיט ר׳ ליפאַן...

א פאָלקס-אַנעקדאָט וועגן א רבל א שלים־מזל וואַקסט אויס, אונטער ביאַליקס צויבער-פעדער, צו א הומאָרפולער און עפּיש-רואיקער שילדערונג פון אַן ערב-שבת אין א רבס שטוב, פון א דאָרפישן ברית, אַן אכסניה אין א דאָרף, אַלץ אויף דעם פאָן פון א טראַגישן חילול־שבת, אין וועלכן קיינער איז ניט שולדיק... אין צוויי דריי שטריכן געשילדערט יעדער טיפּ, אויפן פאָן פון הכנות צום שבת, פון שבת זעלבסט; אָבער: ווי פּלאַסטיש זיי קומען אַלע אַרויס ביי ביאַליקן, ממש מעשה מקשה... און די טראַגעדיע פון חילול-שבת ווערט ביי דעם סאַמע „קלימאַקס — ווען דער שליטן מיטן רב פאָרט אריין אין שטעטל, בעת יידן גייען פונם שבת-דאַווענען — אָפּגעהאַקט אַן ווייטערדיקער שילדערונג... וואָרום וואָס קען זיין קינסטלעריש העכער און שטאַרקער פון דעם פאַקט פון דער טראַגעדיע זעלבסט... און אַלץ אויפן פאָן פון שבת.

דאָס איז דער כוח פון שבת, ווי ביאַליק האָט עס געשפּירט; דער כוח פון שבת, וועלכער איז לויט ביאַליקס א וואָרט, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט ביי א צווייטער געלעגנהייט, די געניאַלסטע יצירה פונם יידישן גייסט „וכל הפוגע בה, כפוגע בבת העין של האומה" (און ווער עס רירט אָן אין איר, איז ווי ער זאָל אָנרירן דאָס שוואַרצאַפּל פון דער אומה).

— 8 —

און מיר קומען צום שלום.

מיר האָבן געזען ווי ביאַליק פּאָעטיזירט דעם מאָמענט פון ליכט־בענטשן: דער העכסטער, דער מיסטישסטער מאָמענט פון שבת-אָנקום: דורך דער האַרציקער תפילה פון א מאַמעס האַרץ אַרויסגעגאָסן, מיט א פּערל-טרער באַשפּרינקלט, ווערט שבת-פרייד אריינגעפירט אין שטוב — איז פאַראַן נאָך א זאַך, וואָס זאָל זיין אַזוי דערהויבן ביי יידן, ווי שבת? וואָס זאָל געגליכן זיין צו שבת. אין דער אָפּשאַצונג פונם דיכטער?

— יאָ.

— וואָס?

— תורה.

אחרי קנין תורה — זאָגט ביאַליק — הקנין הקדוש והיקר ביותר לישראל הוא — השבת, כתורה שהיא ספר הברית לישראל, כן השבת היא אות ברית בין ישראל לאלהיו (נאָך דעם ווערט וואָס הייסט תורה — איז דער טייערסטער און הייליקסטער ווערט פאַר יידן — דער שבת. ווי תורה, וואָס איז א ספר-ברית פאַר ישראל, אַזוי איז שבת א צייכן פון זיכערקייט. צווישן ישראל און זיין גאָט.

און דער גרויסער דיכטער וואָס איז צו אונדזער פאָלק אויפגעשטאַנען אינם 20-טן יאָרהונדערט שפּירט די סינטעזע צווישן שבת און תורה, ניט נאָר סימבאָליש...

שפירט די סינטעזע, זאָג איך, צווישן שבת און תורה.

ניין, איך האָב זיך נישט ריכטיק אויסגעדריקט:

ער שפירט די סינטעזע צווישן דער יידישער מאַמע, דעם שבת און דער תורה. די יידישע מאַמע ברענגט אריין דעם שבת אין שטוב; די יידישע מאַמע זעט אויך אין תורה די בעסטע סחורה. און איר ליבסטן קינד פאַרווינגט זי מיט אַ שלאָף-ליד, וואָס דער הויפט-געזאַנג איז... „דאָס קינד וועט פאָרן לערנען תורה, ווייל תורה איז די בעסטע סחורה".

ו ו י געשעט די דאָזיקע סינטעזע צווישן שבת און תורה — און ו ו ע ן פאַרווירקלעכט די סינטעזע?

עס געשעט אין דעם מאָמענט פון ליכט-בענטשן און פאַרווירקלעכן פאַר-ווירקלעכט עס די יידישע מאַמע, אין דעם מאָמענט, ווען זי ברענגט אריין, דורך הדלקת הנר, אין איר הויז דעם שבת, דעם שבת וועגן וועלכן ביאַליק זאָגט אין אַ צווייטן פלאַץ: „אם נשארה מכל המצוות רק השבת, היתה היא יכולה להציל את היהודים מכליון" (ווען פון אַלע מצוות וואָלט פאַרבליבן נאָר שבת, וואָלט דאָס אליין געקענט רעטן יידן פון אומקום).

און ווי אַזוי און ווען?

אין אַ העכסט פייערלעכן מאָמענט, ווען מען האָט געעפנט דעם העברע־אישן אוניווערזיטעט אויף דעם הר הצופים, איז ר' חיים נחמן ביאַליק, ווי דער נביא מיכה המורשתי בשעתו, געשטאַנען און געהאַלטן אַ רעדע; אין יענעם פייערלעכן מאָמענט האָט דער שבת-ניגון אויפגעקלונגען אין דעם דיכטערס זכרון; פאַר זיינע אויגן האָט פאַרבייגעשוועבט דאָס בילד פון דער יידישער מאַמע צו ליכט-בענטשן און ער האָט זיך דערמאָנט אין דער תפילה-תחינה, וואָס אונדזערע מאַמעס, פלעגן שעפּטשען אין יענעם אויסטערלישן מאָמענט פון ליכט-בענטשן — די תפילה וואָס דריקט אוים די סינטעזע צווישן שבת און תורה.

און ער האָט פאַרייביקט — אָט די אומשטערבלעכע סינטעזע צווישן תורה און שבת, וואָס אונדזערע כשרע מאַמעס האָבן געשאַפן צו ליכט-בענטשן, אין אַ פראַזע, וואָס דאַרף פאַרבלייבן אייביק אין איר טיפקייט און פאָלקסטימלעכקייט.

„אמותינו הכשרות בשפכן שיח לפני ד' על הדלקת הנרות של שבת מה היתה תפילתן הראשונה בשעה קדושה זו? יהי רצון שתאורנה עיני בני תורה"... (אונדזערע כשרע מאַמעס ווען זיי פלעגן פאַרגיסן זייער האַרץ פאַר גאָט, צו ליכט־בענטשן — וועלכע איז געווען זייער ערשטע תפילה, אין דער דאָזיקער הייליקער שעה? יהי רצון, אַז מיין זונס אויגן זאָלן לייכטן אין תורה).

טראַכט זיך אריין אין דער הערלעכקייט פון דעם מאָמענט, אין דער היס-טאָרישער גרויס פון דעם מאָמענט, ווען דער דיכטער האָט אַנטפּלעקט די סינ-טעזע.

די סינטעזע, וואָס אונדזערע כשרע מאַמעס האָבן געשאַפן; די סינטעזע צווישן שבת און תורה; די דרייפאַכיקע סינטעזע: מוטער, תורה און שבת.

# די געשיכטע פון אַ פּערל-טרער און אַ זונען-שטראַל

אך דע לך, כדי דמעה כלואה תיקד עד שאול מטה
ובכי מתאפק עד שמים עולה ובוקע.

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

וכל המדוה כל הכאב
הצרורים בנשמתי
יקיצו עמי ומלב
ישתפכו בדמעתי.

(ביום סתיו)

נאָר ווייס, אַז אַ טרער צוריקגעהאלטן
שפּאַלט די טיפע גרונטן
און אַ פאַרקלעמט געוויין רייסט העכסטע
הימלען איין

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

און גאָר דער וויטיק, גאָר דער פּיין,
וואָס דריקן טריב און שווער —
דערוואַכן מיט מיין האַרצן אויף.
צעגיסן זיך אין טרער.

(די זעלבע ליד אין שוואַרצס איבערזעצונג)

את נשמתי הצילה קרן פז רחמניה,
ועל כנפי הזוהר ימים רבים פזזה
כצפורה לבנה
פעם רכבה בבוקר על גב קרן הזהב
הלך הלכה לבקש פנינת טל בין הדשאים
ודמעה זכה ותמה, אז על לחיי רעדה
ותזדזע הקרן ונשמתי צנחה
ותשתקע בדמעה.

ח. נ. ביאַליק: „ואם ישאל המלאך"

— 1 —

געטראַכט האָב איך אייך צו דערציילן די געשיכטע פון ביאַליקס טרער, אַט ווי ער אליין האָט עס פאַראייביקט אין כמעט אַלע זיינע לידער — ווארום עס איז שווער צו געפינען אַ ליד ביי ביאַליקן, וואו ער זאָל אויף אזא אָדער אַנדער אופן זיך ניט אומקערן צו זיין טרער. אין כמעט אַלע זיינע לידער איז דער פראַצעס פון זיין טרער, אין אַלע צושטאַנדן, וואָס אַ טרער מאַכט דורך, פון דעם מאָמענט, ווען עס הויבט אָן דריקן אין האַרצן, דריקן אויפן געמיט, ביז די טרער בלייבט הענגען, ווי אַ פּערל אויף דער האָריקער שוועל פונם אויג, און אַ שטראַל פון ליכט שפּיגלט זיך אין איר, אויסטריקענענדיק זי; אָדער גאָר ביז זי פאַלט אַראָפּ אויפן באַק — ניט איינע, נאָר אַ סך — אין שטראָם, ווי אַ געזאַלצענער רעגן איבער דער וויסטע פון דעם געמיט.

געטראַכט האָב איך צו דערציילן דאָ די געשיכטע פון ביאַליקס טרערן ניט אויסגעוויינטע, טרערן, וואָס ער האָט טעג און חדשים אין זיין האַרצן געוואַרעמט; און זיי האָבן ביז בלוט דאָס האַרץ געווייטיקט, ביז אַנשטאָט בלוט צו שפּייען — האָט די טרער אַראָפּגעטריפט; געטראַכט האָב איך צו דערציילן וועגן דעם שרעקלעכן כוח פון ביאַליקס אונטערדריקטן, ניט אויסגעבראָכענעם געוויין, אַ גע-בריל, פון טרערן, וואָס פאַרבלייבן אין ברוסט און האַלדז — ביז דער גאַל דער-לאַנגען זיי"' — און ווען זיי ברעכן אויס אָט די טרערן, איז עס ווי אַ שטורעם אין דער וויסטע, אין וועלכן שדים טאַנצן אַ קאַראַהאָד, אַ שטורעם וואָס באַזיצט אַן אומבאַזינגבאַרע צעשטערונגס-קראַפט —

געטראַכט האָב איך דאָ נאָכצופאָלגן דעם פּראָצעס פון ביאַליקס טרערן און געוויין, איינגעהאַלטענער, ניט-איינגעהאַלטענער, אויסגעוויינטער, ניט-אויסגע-וויינטער, אונטערדריקטער, ניט־אונטערדריקטער, שטילער, אין זיך-דרי-קער, שטורמישער, געברילאַרטיקער, דעם הימל-און-דעם-כסא-הכבוד רייסנדי-קער, אָט ווי ביאַליק אַליין האָט אָט דעם פּראָצעס פון זיין טרער פאַראייביקט, ליד-איין, ליד־אויס, יאָר-איין, יאָר-אויס, אין לויף פון זיין גאַנצן דיכטער-לעבן — דען ער איז דער גרעסטער מייסטער פון דער טרער געווען; אָבער ער איז ניט קיין קלאָגער; און קיינער ווי ער קען אַזוי גרינטלעך אַלע געבורטס-פּריידן און זוייען פון אַ טרער. און עס איז כמעט קיין ליד נישטאָ, וואו דער דיכטער זאָל אַזוי אָדער אַנדעריש ניט דערמאָנען עס —

געטראַכט האָב איך, אָבער, איינזאַפּנדיק אין זיך זיינע שירים, שיר נאָך שיר, איז מיר געשען, כמעט דאָס זעלביקע, וואָס ער דערציילט אין זיין וואונ-דערבאַרער ליד — דער נשמה-שליסל צו זיין גאַנצער דיכטונג — „ואם ישאל המלאך" (און אַז דער מלאך וועט פרעגן)... איך האָב זיך פאַרפּלאָנטערט אין אַ זון-שטראַל, אין אַ ליכט-שטראַל, אָט אין דעם זעלביקן, וואָס האָט געראטעוועט, ווי דער דיכטער אַליין דערציילט, זיין נשמה, פון צעגיין, הגם זי איז פאַרזונקען געוואָרן אין אַ טרער.

איך האָב זיך אָנגעשטויסן אויף דעם זון-שטראַל, אויפן ליכט־שטראַל — און נאָך דעם זיינען שוין געקומען גאַנצע שטראָמען ליכט, וואָס פּלייצן און פאַרפּלייצן ביאַליקס טרערן-דיכטונג, מיט אַזאַ קראַפט, גלייך ווי פון זיבן זונען, וואָס הענגען אין רוים, וואָלט אָט די ליכטיקייט, שטראַליקייט אומאויפהערנדיק געגאָסן.

און אונטער דעם כישוף פון דער ליכט-און-שיין איז מיין נשמה געראטעוועט געוואָרן: ביאַליקס טרער איז שוין ניט סתם אַ טרער, נייערט אַ פּערל — און דער געוויין, אַ שנירל פּערל, הייליקע, שעמערירנדיקע, אין אַלע קאָלירן פונם רעגנבויגן שפּילנדיקע; אַ רעגנבויגן, וואָס קומט אָדער פּ אַ ר, אָדער נאָך אַ שטאַרקן שטורעם-רעגן...

און געטראַכט האָב איך שוין, אַז די געשיכטע פון ביאַ-ליקס טרער קען ניט געשריבן ווערן אָן דער געשיכטע פון ביאַליקס זון-שטראַל, ליכט-שטראַל; אָן דער געשיכטע פון זיין זוניקייט, פון זיין ליכטיקייט, פון זיין

פילקאָליריקייט. אָן די געשיכטע פון די מילי-מיליאַרדן פון קאָלירן-ברוך און פאַרבן-שפּיל, וואָס איבערפּילן, ווי אַ ליכט-סימפאָניע זיין לידער-בוך; דען ביידע זיינען איין גאַנצעס: די טרערן און די שטראַלן; דער געוויין און די ליכטיקייט — ווי איינס עס איז דער רעגן, וואָס הענגט אַראָפּ פון די כמאַרעס, ווען ער ווערט דורכגעדרונגען פון אַ זונען-שטראַל, מאַכנדיק געבוירן דעם ר ע ג נ-ב ו י ג ן.

עס איז איין גאַנצעס און אַזוי דאַרף עס באַטראַכט ווערן. עס איז איין גאַנצעס — און אַזוי דאַרף זיין דער צוגאַנג צו דעם: ווי: ווי צו אַ פּערל-טרער, וואָס באָדט זיך אין אַ זונען-שטראַל.

— 2 —

נטוף נטפה הדמעה — ויפול קו אור ויבנה...

סאיז געפאַלן אַ טרער — איז געקומען אַ שטראַל און האָט זי צעשלאָגן;

האָט אַ קעלט פאַרקלעמט סהאַרץ, נאָך אַ רגע און אויס, און די טרער ווערט פאַרטראָגן...

אַזוי זינגט ביאַליק וועגן אַ טרער, וואָס האָט אַראָפּגעטריפן און זון-שטראַל האָט זי דורכגענומען און צעשלאָגן.. ווען די טרער פאַלט שוין אַראָפּ, ווערט ליכ-טער אויפן האַרצן, גרינגער ווערט דער געמיט און לויטערער, הייטערער, שטראַלט דאָן דער בליק. אָט פונקט ווי די זון איז עס: די זון-ליכט זעט אויס העלער, שענער, ליכטיקער, ציכטיקער און אירע שטראַלן זעען אויס מחיהדיקער, נאָך אַ רעגן, וואָס האָט געטון אויסשעפּן די וואָלקנס, נאָך אַ שטורעם-רעגן, וואָס איז געקומען נאָך לאַנגע, שווערע, דריקנדיקע, שטיקנדיקע טעג, ווען די לופט דריקט און אויפן געמיט איז שווער — דו ווייסט אַליין ניט פאַר וואָס — ווי שווער עס זיינען די גרויע בלייענע וואָלקנס, וואָס הענגען נידעריק, נידעריק איבערן האָ-ריזאָנט און דראָען יעדער ווײַלע מיט אַ שלאַגס-רעגן — אַ מבול פון טרערן ביים קאָסמאָס — זיי דראָען, דראָען די אָנגעהויפּנטע בליי-כמאַרעס מיט אַ טרערן-רעגן; אָבער, ווי אויף-צו-להכעיס, ברעכט עס ניט אויס אין אַ דערוואַר-טעט-ווערנד רעגן-שטראָם. אָבער אַז ער קומט שוין פאָרט, אַז די טרערן האָבן שטראָמענווייז אַרויסגעגאָסן זיך פון די וואָלקנס, זעט די זון אויס, נאָך אַזאַ רעגן, ווי אַן אויסגעוואַשענע, ווי זי וואָלט ערשט פון זיבן טבילות אַרויסגעקו-מען. ביאַליקס זון- און ליכט-שירה איז אַזאַ, אין איר באַציאונג צו זיינע טרערן-לידער: עס איז איין לאַנגע דיכטערישע איבערלעבונג פון טרערן און פרייד, כמאַרע און זון, וואָס קעמפן צווישן זיך, אָבער קעמפנדיק דערגאַנצן זיי, זיינען זיי משלים איינע די צווייטע.

נאָך די לידער פון „טרערן ניט אויסגעוויינטע" — וואָס באַדייטן „צרות דערציילטע און נאָך געמיינטע", — טרערן וואָס הענגען איבער זיינע וויעס. הענגען, און אַז זיי פאַלן אַראָפּ, גיסן זיי זיך אויס אין אַ ווירקלעך געוויין, נאָר זייער זעלטן — נאָך אַזעלכע לידער פון בלינדער טרער און שטום-שטאַר; געוויין, קלינגט דאָפּלט שענער, דרייפאַך הערלעכער זיין זון-ליד, זיין לעבן-ליד.

אזוי ווערט זיין מוזע נאָך אַ שווערן, שטומען אנגסט, וואָס האָט וואָכן, חדשים, יאָרן, צומאָלס, זיין געמיט געדריקט:

אך דע לך כי דמעה כלואה תיקד עד שאול מטה
ובכי מתאפק עד שמים עולה ובוקע.
נאָר ווייס, אַז אַ טרער צוריקגעהאַלטן שפּאַלט די טיפע גרונטן
און אַז אַ פאַרקלעמט געוויין רייסט העכסטע הימלען איין.

און זיין טרייסט-און-ליכט-ליד, וואָס קומט נאָך אַזאַ לאַנגען, שטומען טרויער, קלינגט הערלעך; זי לייכט מיט מיליאַרדן ניואַנסן פון פאַרבן און קאָלירן-ברוך און זי קלינגט מיט טענער דין-דינסטע, צאַרט-צאַרטסטע, וואָס נאָר אין העברע-איש, מיט זיין אומדערשעפּלעכן אור-קוואַל, וואו זיי האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין משך פון יאָרן-טויזנטער — איז פאַראַן פאַר דעם ווערטער, באַגריפן, באַצייכנונ-גען... אין דעם העברעאיש נאָר פון ביאַליקס שיר, וואָס איז אַלט און שטאַרק, און פריש און קרעפטיק, און באַטעמט, ווי אַלטער שטאַרקער ווייַן, נאָר-וואָס אויפ-געקוברעוועטער פון אַרכאַאישע פלעשער.

— 3 —

נטוף נטפה הדמעה...

אַז די טרער האָט שוין אָפּגעטריפט און גרינגער איז אויפן האַרצן — איז ביאַליק אַ זון-דיכטער. די וועלט איז פאַר אים פול מיט זון; און וויפיל זון עס איז דאָ אויף דער וועלט און ווען עס זאָל זיין אפילו זיבן מאָל אַזוי פיל זון, איז עס אויך פאַר אים ווינציק, ניט גענוג צום אָנזעטיקן זיין דורשט נאָך זון-ליכט... דאָס איז אָבער נאָר נאָכדעם, ווי די טרער האָט שוין אָפּגעטריפט, אַראָפּגעפאַלן. דאָס קומט אָבער אָן ניט לייכט אונדזער דיכטער; און דאָס טרעפט, דערפאַר, ביי אים ניט אָפט. מערסטנטייל בלייבט ביאַליקס טרער ניט אויסגעוויינט; און זי ברענט, און זי דריקט, און זי פּרעסט דעם דיכטערס האַרץ און זי פאַרדעקט מיט שווערע בליי-וואָלקנס זיינע העלע ליכטיקע זון-לידער, זיינע שטילע צאַרטע ליבע-לידער, זיינע אומפאַרגלייכלעכע שיינע פייזאַזש-לידער פון ווינטער און זומער.

ווען ביאַליקס מוזע וואָלט געווען אַ וויינענדיקע, וואָלט ביי אים ניט געווען קיין ניט אויסגעוויינטע טרער. ער איז עס אָבער ניט, ער איז ניט קיין קלאָגער, נאָר אדרבה, אַ זוניקער דיכטער; און די טרערן איבער די צרות, אינדיווידועלע און נאַציאָנאַלע (מבשרי אחזה אלוה — דורך זיין פערזאָן שפּירט ער דעם יש פון דער גאַנצער אומה) שטיקן אים אָבער דאָך; בלייבן זיי דערפאַר, אממיינסטן, ניט אויסגעוויינטע הענגען און דורך דעם דריקן זיי אים נאָך מער.

ביאַליקס מוזע איז ניט קיין פּזרנטע אויף געוויין, כאָטש דער דיכטער קען זיך זייער זעלטן באַפרייען פון די טרערן, וואָס הענגען אויף זיינע וויעס. ער וואָלט אפשר געוואָלט קלאָגן, וויינען, שרייען — ער, דער דיכטער, כדי עס זאָל אים לייכטער ווערן; קען ער אָבער ניט, ווייל ער איז בטבע ניט פון די וויינער-קלאָגער; ער איז, אין זיין דיכטערישן מהות, צו-שטאַרק. און שטאַרקע וויינען זעלטן.

די טרערן שטיקן אים אין האַלדז, ברענען אים די אויגן, פארשטעלן אים דעם אָטעם, — אַרויסרייסן אָבער, רייסן זיי זיך זעלטן אַרויס דרויסן.

„כי תראה אותי מוריד דמעות
ולמספד אקרא הענגים".
אַז דו זעסט מיך ווען פאַרגיסן טרערן
און וואָלקנס רופן טון צום קלאָג.

זינגט ביאַליק... אַז דו וועסט זען... אַזא זאַך קען מען אָבער זעלטן זען, ווייל זעלטן האָט עס געטראָפן, אַז ביאַליק זאָל פ א ר ג י ס ן טרערן; וואָס מען זעט — און דאָס איז דער הויפּט-כאַראַקטער-שטריך אין דעם פּראָצעס פון ביאַליקס טרער — איז די נ י ט - א ו י ס ג ע ו ויינ ט ע טרער זיינע; די טרער, וואָס קומט אַרויס לאויר העולם.

...וועל איך אויך דיר אן אכזר זיין, אַ גרויסער אכזר —
מיט זיי וועסטו ביי מיר ניט וויינען!...
און הויבט זיך אויף אין דיר אַ בריל און רייסט זיך —
דערשטיק איך אים צווישן דיינע ציין!
— — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — —
און דיין ניט־אויסגעוויינטע טרער באַגראָב אין זיך,
אין האַרצן טיף פאַרמויער זי, בוי־אויס דאָרט
פון האַס, פון גרימצאָרן און גאַל פאַר איר אַ פעסטונג.
(שחיטה־שטאָט).

ער ווייסט דער דיכטער, אַז:

...גאָר דער וויטיק, גאָר דער פיין
וואָס דריקן טריב און שווער
דערוואַכן, מיט מיין האַרצן אויף,
צעגיסן זיך אין טרער.
(ביום כתיו — אין שוואַרצס איבער.)

נאָר ער טוט עס זעלטן, ווייל וויינען, קלאָגן, פאַרגיסן רעגנס מיט טרערן־געזאַלצענע איבער דער וויכטער טרוקנקייט פונם געמיט, איז דער גורל פון שוואַכע, וואָס זוכן אַ פאַרלייכטערונג; און ער — ער איז שטאַרק, אַ האַרץ האָט ער פון אייזן, פון שטאָל געשמידט — זוכט ער ניט קיין פאַרלייכטערונג און פאַרגיסט ניט זיין טרער, אַזוי גיך, אַזוי אָפט, אַזוי לייכט...

אַ שטאַרקער איז דער דיכטער, און אַ שטאַרקער וויינט זעלטן, איבער נאָך אַ מאָטיוו: איבער דעם, וואָס די טרער קומט אים אָן זייער שווער; און דערפאַר איז זי ביי אים צו-טייער — ער זאָל זי אָפט פאַרגיסן; עס איז אַ פערל, אַ בריליאַנט — אַ טרער ביי אַ שטאַרקן — און מען איז ניט מבזבז קיין פערל, מען וואַרפט זיך ניט מיט בריליאַנטן.

די טרער, איידער זי קומט אַרויס, בייס דיכטער, דעם שטאַרקן, פון דעם דעק פון זיין נשמה ביז צום דעקל פון אויג, מאַכט זי דורך אַ לאַנגן גלגול און פאַרשאַפט שמערצפולן פיין דעם דיכטער; מיט בלוט און מאַרך ווערט זי ביים דיכטער אַרויסגעריסן.

ביאַליק דערציילט עס אונדז אַליין: ער ווייזט אָן דעם פּראָצעס פון גע-בורט-ווייען, וואָס די טרער מאַכט ביי איר דורך; ער זאָגט אונדז אויס, פאַר-שידנאַרטיק, אין צענדליקער לידער, דעם סוד, ווי שווער עס קומט איר אָן אויסצעווייגען אַ טרער, און דערפאַר ציטערט ער אַזוי איבער איר און וויל ניט, אַז זי זאָל אַזוי, אָן טיפן שפּור, פאַרשווינדן, אָן אויסגעווײנטע, ווי עס פאַרשווינדט דער געוויטער, אום זומער, ווי נאָר די זון טוט אַ שיין; אום זומער, ווען עס רעגנט זיך לייכט און פיל...

— 4 —

די געשיכטע פון ביאַליקס טרער — ניט פון זיין געוויין, נאָר פון זיין טרער — אין אַ קורץ־געפּאַסטער לירישער ליד דערציילט ער עס אַליין אַמבעסטן, אַמשענסטן:

לא תמח במהרה דמעתי הכבדה
דמעתי מקרקע נשמתי שאבתי;
כל טפה בשעתה בצירי יולדה
ובלחץ שיניים מעיני עצבתי.
לבדי לבדי בלילות אפלים
בסתר, בסתר כאבתי נואשתי,
חרקתי את שיני על לבות ערלים
„עם אובד, עם נבל, עם אובד“ לחשתי
וימים וירחים בלבבי נחמתי
עם פצעי הדמעה עד נצרפה
ובהמק הלב ולהתאפק יגעתי
אז תחת ירק דם — זו הטיפה נטפה.

אין שוואַרצס איבערזעצונג:

ניט גיך וועט מיין ביטערע טרער נאָך פאַרשווינדן,
די טרער פון דער טיף פון נשמה געצויגן;
כהאָב יעטוועדן טראָפּן מיט פיין פון געבורטס־ווייי,
מיט קריצן פון ציינער געשעפּט פון די אויגן.
אַליין, ווי אַ שטיין, אין די נעכט אין די שוואַרצע
געוויטיקט, געליטן, אין צער און אין צאָרן;
געקריצט מיט די ציין אויף די הערצער די טעמפּע,
געשעפּטשעט: „דו אומגליקלעך פאָלק און פאַרלאָרן!“
און טעג און מאָנאַטן געליטערט אין האַרצן
די טרער — ביז די טרער איז געוואָרן געשליפן,
אַז סהאַרץ האָט די לייד ניט געקענט מער פאַרטראָגן —
אנשטאָט שפּייען בלוט — האָט די טרער געטון טריפן...

און ווייטער:

און גאָט איז מיין עדות ווי ערלעך מיין טרער איז,
מיין ווייטיק דער גאַנצער אין איר ליגט באַהאַלטן;
מיט יעטוועדן טראָפּן אַ שטיק פון נשמה
געפירט צו באַגראָבן אין קבר אין קאַלטן.

דאָס איז די געשיכטע פון ביאַליקס טרער, די נישט אויסגעוויינטע. קיין הידוש ניט, וואָס זי איז ביי אים טייער, וואָס ער איז קמצנותדיק-קאַרג צו פאַר-גיסן זי: אַ טרער, וואָס מען וואַרעמט אויס הדשים, יאָרן, אויפן דעק פון האַרצן — ווי פאַרשווענדט מען זי אַזוי?... און גוט איז נאָך אויב, ווען דער דיכטער אַנטשליכט זיך שוין צו לאָזן זי אַראָפּטריפן אַמאָל, אויב זי, די טרער, וועט פאַלן אויף אַ גינסטיקן באָדן און וועט באַפרוכפּערן, נוצן ברענגען. וואו איז אָבער די זיכערקייט, אַז עס וועט אַזוי געשען? עס קען דאָך טרעפן — און דער דיכטער ווייסט, אַז דאָס טרעפט אָפטמערסטן — אַז די טרער, וואָס איז אים אָנגעקומען אַזוי שווער, מיט בלוט ממש, פון דעק פון זיין האַרצן געשעפּט, גייט אין גאַנצן לאיבוד, ביים פאַרגאָסן ווערן; אַז די טרער טרעפט ניט אין ציל, פאַלט אויף אַ באָדן פון וויסטער טרוקעניש... טאָ ווי זאָל ער זי פאַרגיסן אַזוי אָפּט?

און אָט דער ספק, צי די פאַרגאָסענע טרער וועט לאיבוד ניט גיין, ווערט אין דעם באַוואוסטזיין פון דעם זעלטן-וויינענדיקן, געניט-שטאַרקן דיכטער, כמעט ווי אַן אידייע און ער פאַרבייט דעם ספק אויף אודאי און ער זאָגט, דערום:

ידעתי כי בכיי — בכי כוס בין הרבות,
לא יגה אנשים, לא ישבור הלבבות;
כי בכיי עם מטרות דמעותי השפוכים
הם ענן בציה עם מים מלוחים
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
ולמה לב אומלל, תבקש להבל
מרגוע בבכי, ניחומים באבל?

דער דיכטער וויל און ער האָט דאָס רעכט צו פאָדערן, אַז זיין טרער זאָל זיין, ווי אַ רעגן וואָס פאַלט אויף אַ גינסטיקן באָדן צו באַפרוכפּערן אים; אָבער ער איז, אין קעגנזאַץ, זיכער, ער ווייסט, אַז זיין געוויין איז, ווי דאָס קלאָגן פון אַ נאַכט-אייזל צווישן חורבות, וואָס רופט ניט אַרויס קיין טרויער ביי מענטשן און עס צעברעכט ניט די הערצער; דער דיכטער ווייסט, אַז זיין געוויין און די רעגנס פון טרערן וואָס ער וואָלט פאַרגאָסן, — אָבער אין דער ווירקלעכקייט פאַרגיסט ער זיי ניט — זיינען פּונקטלאָז, ווי אַ וואָלקן פון געזאַלצענעם רעגן איבער אַ באָדן פון וויסטע. — ער ווייסט עס; און דערפאַר בלייבט זיין טרער ניט אויסגעוויינט; דערפאַר איז ער שפּאָרזאַם מיט זיין טרער...

געוויס, אויך דאָס דאָזיקע איז ניט לייכט צו פאַרטראָגן; די ניט אויסגע-וויינטע טרער — דער דיכטער האָט אונדז שוין פריער מגלה געווען דעם פיינ-לעכן אמת — דריקט און ברענט, פאַרוואונדעט דאָס לייב און לעבן. „שפּאַלט די טיפסטע גרונטן“ און „רייסט די עכסטע הימלען איין“. דער דיכטער ווייסט אויך אַז ער ליידט פון דעם טאָקע די שרעקלעכסטע יסורים; אָבער ער איז גענוג שטאַרק צו קענען עס ליידן, אַריבערטראָגן און דאָס איז אים אַלץ ליבער, ווי צו לאָזן זיינע פּערל-טרערן לאיבוד גיין, אַז דער ווינט זאָל איבער זיי דעם זאַמד פאַרשאַרן, אין דער וויסטעניש פון אונדזער לעבן; און עס זאָל נאָך זיי קיין שפּור ניט בלייבן.

דער דיכטער ווייסט עס — וואָס ער האָט צו אויסשטיין פון דער ניט-אויסגעוויינטער טרער: ער ליידט יסורים שווערע ווי די ליידן פון אַ געווינערן — ער איז אָבער מקבל באהבה די ליידן; ער איז רעזיגנירט צו אונטערדריקן די טרער, אפילו ווען ער ווייסט — און ער זאָגט עס — אַז די ניט-אויסגעוויינטע טרער פאַרוואַנדלט זיין ליד פון ליכט און זון אין אַ שירה פון „אבדון", פון אום-קום. ער ווייסט עס און איז דאָס אויך מקבל באהבה, צוליב דעם אָנהאַלט אין דער פערל-טרער. ער איז אויף אַלץ גרייט, אבי נישט צו פאַרשווענכן די פערל-טרער.

ווייסט איר אין וואָס די אונטערדריקטע טרער האָט פאַרוואַנדלט ביאַליקס שירה?

אין זיין אומפאַרגלייכלעכער „מגילת האש", אין דער דאָזיקער טיפער פּאָעמע פון ביאַליקס אויטאָ-אַנאַליז און אויטאָ-סינטעז האָט ער אליין אונדז עטוואָס מגלה געווען פון דעם.

„און דאָס ליד פונם וואונדערבאַרן מאַן אויפן ברעג טייך איז געוואָרן שטאַר-קער און רוישנדיקער און איז איבערגעגאַנגען אין אַ שטורעם-געשריי; און מיטן ברום פון אירע כוואַליעס זיינען מיטגעטראָגן געוואָרן אַלע בחורים און אויך זיי האָבן אָנגעהויבן אויפטרייסלען זיך ברומענדיק, ווי לייב-יונגען; און אַזוי ווי זיי ברומען, אַזוי שטייגן אין זייער האַרץ כוואַליעס פון פיינטשאַפט, וואָס זיינען פון טויט שטאַרקער; און די כוואַליעס פאַלן זיי איבער, פאַרשיכורן זיי, מאַכן פאַרקרימען זייערע געזיכטער, אין קראַמף און אַ שוואַרצן פייער מאַכן זיי אָנצינדן און אויפפלאַקערן אין זייערע אויגן... און דער שוואַרצער טייך האָט זיך אַ וויג-געטון מיטן גאַנצן פלאַך פון זיין פעך-געדיכטער וואַסער-מאַסע; הינ-טער אַ וויג-געטון, פון איין ברעג ביזן צווייטן אַ טרייסל, אָט ווי עס וויגט זיך אַ קינד אין וויגל: און וואָס ווייטער ער וויגט זיך, אַזוי ווידמען זיך און מערן זיך און פּישלען זיך פייער-שלאַנגען פון צווישן גאָלדענע שטערן וואָס אין זיין טיפעניש".

הלא היא שירת הזעם הוללוה מוקדי להבות
בליל העברות
מדם עולל וישיש וכבוד גויות תרשיש קדושות
שנפלו חללות...
דאָס איז דאָס געזאַנג פון צאָרן,
וואָס פלאַמען און פייער
האָבן איר צו געבורט־געבראַכט
אין דער גרימצאָרן־נאַכט.
אין בלוטן פון זקנים און קינדער און הייליקער ערע פון
אלבאַסטער־לייבער
וואָס זיינען פאַרשוועכטע געפאַלן.

דערידריקטע — פון אַ ניט־אויסגעוויינטער טרער; פאַרשוועכטע, ווען די אויסגעוויינטע טרער פאַלט פּרוכטלאָז אויף די וויס-טע-זאַמדן פונם געמיט.

אזא איז די געשיכטע פון ביאַליקס ניט-אויסגעוויינטער טרער, ביז וואַנען א זון-שטראַל האָט זי דורכגעדרונגען, געראַטעוועט און פאַרוואַנדלט אין הערלעכע לידער פון ליכט און שיין...

— ד —

## פינף סטאַדיעס אין דעם פּראָצעס פון זיין דיכטונג

שפת אלים חרישית יש, לשון חשאים,
לא קול ולא הברה לה, אך גוני־גונים
וקסמים לה ותמונות הוד וצבא חזיונות.
בלשון זו יתודע אל לבחירי רוחו
ובה יהרהר שר־העולם את הרהוריו,
ויוצר אמן יגלום בה הגיג־לבבו
ומצא פתרון בה להלום לא הגוי;
הלא היא לשון המראות, שמתגלה
בפס רקיע־תכלת ובמרחביו.

---

סאיז דאָ אַ שטילע געטער־שפּראַך, אַ שטילער לשון
וואָס האָט קיין קול און קלאַנגען ניט, בלויז פאַרבן און קאָלירן;
די שפּראַך האָט צויבער, פּראַכט־בילדער און זעאונגען,
אויף דער שפּראַך טראַכט דער האַר פון די וועלטן זיינע טראַכטונגען.
אין איר פאַרקערפּערט יעדער קינסטלער זיינע זעאונגען,
געפינט באַשייד אין איר פאר זיינע חלומות,
דאָס איז די שפּראַך פון זעאונג, וואָס אַנטפּלעקט זיך
אין פּאַס פון בלויען הימל און אין זיינע ברייטקייטן.

ביאַליק: „הברכה", אין שוואַרצס איבערזעצונג

---

דאָרטן עפנט זיך גאָר אַ נייע וועלט,
אַלעס באָדט זיך דאָרט אין אַ ים פון ליכט
פון איר פוטער פּאַס קומט די זון און קוועלט.
ווי דאָס גרעזל וואַקסט, ווי דער וואָרעם קריכט.
גאַנצע וועלטן גייסט גיסט אין מיר אריין
יעדער שטילער בלאָז, יעדער זונען־שטראַל
מיט דעם פולן מויל טרינק איך לופט און שיין,
און אין האַרצן טיף עפנט זיך אַ קוואַל...

ביאַליק — „אויף דעם הויכן באַרג".

— 1 —

ביאַליק, ווי מיר האָבן עס געזען אין פאָריקן פּרק, איז ניט קיין קלאָגער, ניט קיין וויינער, הגם זייער ווינציק לידער איז צו געפינען ביי אים. אין וועלכע די טרער, דער נעווייַן, דער געבריל, דער געשריי, דער ברום-פון-שלוכץ זאָל אין

אזא אָדער אַנדער פאָרם פון זייערע פאַרשיידענע סטאַדיעס, ניט ווערן אויסגע־דריקט אין די פאַרשידנאַרטיקע לידער און פּאָעמעס.

די טרער, האָבן מיר געזאָגט, איז ביי ביאַליקן, אַמערסטן אַ ניט-אויסגע־וויינטע, אַ הענגען-בלייבנדע אויף די האָר פון די וויעס. זיין מוזע איז, געוויינ־לעך, אַ צאַרטע, אַ מילדע, אַ שטילע, אַ האַרציקע, אַ זאַנפטע, אַ פאַרטרוימטע און פאַרחלומטע, ער בענקט נאָך ליבע, וואָס איז אים, דעם דיכטער, ניט געגעבן געוואָרן; ער האָט ליב זיך צו פאַרקוקן אויף די ברייטקייטן פון הימלען, אויף דעמערונגען און מאָרגנרויט, אויף שטילע סאַזשעלקעס אין וועמעס וואַסערן עס שפּיגלען זיך אַלטע, יוסטע, דעמבעס, ליפּעס און ווערבעס; ער האָט ליב צו לאָזן זיך פאַנגען און פאַרפּלאָנטערן אין שטראַלן פון זון, וואָס וויגן זיך און זיפּן זיך דורך די צווייגן אָדער פון די טאַנצנדיקע שאָטנס צעבראָכענע און צעשטויבטע אינם פלאַך פון דער קוים-ציטערנדיקער סאַזשעלקע.

ביאַליקס מוזע איז ניט קיין צאָרנדיקע — און דאָ דאַרף מען ווידער צע־שטערן דעם אָנגענומענעם כּלל, וואָס איז, אויסערלעך נאָר, אמת פאַר אַ קליי־נעם טייל פון זיינע לידער: אַז ביאַליק איז אַ צאָרנדיקער דיכטער, אַ דיכטער פון צער און צאָרן; אַ שטראָפנדיקער און בייזער, דער קנוא ונוקם אין דער יידי־שער דיכטונג.

ביאַליק האָט געווים מאָמענטן פון שרעקלעכן אויפבּרויז: ער האָט מאָ־מענטן פון צ אָ ר ן (ניט קיין סך אין זיין דיכטונג), ווען זיין צונג ווערט ווי אַ שאַרפער קלינג; ווען ער דערשפּירט, אַז ד י ט ו י ב ן, וואָס ער האָט געוואָרעמט פאַר אונדז אין זיין וואַרעם ווייך האַרץ, וואָס איז פ ו ל מ י ט צ ע ר צ ו ם ל יי ד נ ד י ק ן י ח י ד און צו דער ל יי ד נ ד י ק ע ר א ו מ ה, האָבן אויסגעפּיקט ש ל אַ נ ג ע ן, אַ דאַנק דעם, וואָס די אומה פוילט און פאַלט און ווערט מיט יעדן טאָג מער אַלט, ווערט טרוקן ווי גראָז און רופט זיך ניט אָפּ אויף דעם ברום פונם לייב, אויף דעם שאַל פונם שופר, גיט ניט אַ ציטער צומאָל, ווערט ניט מיטגעריסן מיטן פאָנענפלאַטער, נאָר בלייבט ליגן און פוילן, ווי אַ מת; דאַן, אין אַזעלכע מאָמענטן, צאָרנט ער, שילט ער, איז ער גרויזאַם, און זיין נבואה-אַרטיקער פּאַטאָס רייסט בערג, שפּאַלט פעלזן און שטיי־נער, ווי עס רייסט זיך אַרויס אַ שטאַרקער שטורעם, נאָך אַ לאַנג-לאַנגן שטילן אָבער דריקנדיקן וועטער אין אַן אָנגעוואָלקנטן רוים.

ער ברומט דאַן און שמייסט מיט די שאַרפסטע בייטשן פון זיין פּאַטע־טישן שטראָף; ער שילט, ער ברענט אונדזערע וואונדן, ער שיט אויף זיי זאַלץ פון דער שאַרפסטער סאַטירע, אָבער די אויגן זיינע זיינען דאַן טרוקן; ער איז, ווי אַ וואולקאַן, וואָס וואַרפט פלאַמען, אָן רויך און אָן דער פליסיקייט פון צע־גליטער לאַווע ביי די זייטן פונם קראַטער: נאָר פלאַם און פייער פון קללה, טרוקן ווי אַ מדבר, אַ פאַרשרפעט פון דער זון איז זיין צאָרן-וואָרט און ווי שטאָל־שאַרפער שטעכט ער די וואונדן — אָבער אָן אַ טרער; אפילו אָן אַ וואָלקן, ווי אַ שטורעם, ווען ער צעטראָגט זיך איבער אַ מדבר, וואָס איז אָן וואָלקנס, וואָס קענען זיך אויסגיסן אין טרערן-רעגנס, נאָר פון טרוקענע זאמדן-געווירבלען.

„עס טרעפט אמאל“ — ווי ביאליק אליין זינגט אין איינער פון די פאלקסטימלעכע פאעמעס זיינע, אין דער „מתי מדבר“ — וואו עס איז פאראן פיל אויטא-כאראקטעריסטיק, ווי אין דער „מגילת האש“ — „אז דער מדבר צעברויזט זיך, צעצארנט זיך אין זאמדן- געווירבלען... דאן ווערט געבוירן די ליד פון צארן. אין אזעלכע מאמענטן זיינען געבוירן געווארן די „שחיטה שטאט“: בעיר ההרגה; דער „ידעתי בליל ערפל“; דער „קראו לנהשים“ דער צארנדיקער „אכן הציר העם“, א טייל, בלויז א טייל פון זיין „דאס לעצטע ווארט“ (ווייל אין דער פאעמע איז אויך דא דער עלעמענט פון צער, ווי נביאישער פאטאס וואס פלעגט באשטיין ניט בלויז פון שטראף, נאר צומאלס אויך פון טרייסט; די דאזיקע פאעמע איז, דאכט זיך, איינע פון די סינטעטישסטע ביי ביאליקן; אין איר קומען צוזאמען די פארשיידנסטע סטאדיעס, וואס די ט ר ע ר מאכט דורך אין דער געמיט פון דעם דיכטער, איידער זי ווערט דורכגעדרונגען פון א זונען-שטראל...), דער „אכן גם זה מוסר אלהים“, דער „ראיתיכם שוב בקוצר ידכם“ און נאך איינִיקע.

דאס הייסט אבער ניט, אז ביאליק איז א צארנער.

פונקט, ווי ביאליק, איז ניט קיין וויינער, קלאגער, כאטש זיין מוזע האט אזויפיל טרערן, אזוי איז ער ניט קיין צארנער, קיין שילטער, קיין שטראפער, קיין שמייסנדיקער סאטיריקער, ווי א נביא-א-בייזער, כאטש עס זיינען פאראן צווישן זיינע פאעמעס און לידער, אזויפיל שטראף-רייד, צארנדיקע ווערטער, קללות קעגן שוואכקייט און פוילעניש אין דער אומה, אזויפיל בייזע סאטירע אויסגעדריכטעט אין נביאישן פאטאס.

וואס-זשע, וועלכער איז דער מהות פון ביאליקס מוזע?

ער איז דער מערקווירדיקסטער ליריקער. וואס אונדזער פאעזיע האט ווען באזעסן, איך מיין אונדזער צוויישפראכיקע פאעזיע: — ער איז א ליריקער וואס האט באזעסן דעם כוח און געפיל — ווי זאלן מיר עס אויסדריקן קלארער, קורצער? — פון די דיכטער פון ת ה י ל י ם און שטראפער פון די נ ב י א י ם צוזאמען, סינטעטיזירט אין איין גרויסן, טיף-פילנדיקן גייסט און פאעט.

זיין ליריש-ליד גייט דורך סטאדיעס פארשיידענע.

איך מיין ניט צו זאגן כטאדיעס אין צייט, ווי אנדערע האבן עס געוואלט באהויפטן, שניאור, למשל. די געמיט-סטאדיעס פון אזא דיכטער ווי ביאליק, לאזן זיך ניט כראנאלאגיזירן: אין איין ליד צומאלס זיינען אלע סטאדיעס פאראן.

דאס שטילע, צארטע אינם צושטאנד פון א ליריקער, וואס האט ליב די ליכטיקע נאטור, די זון-שיינקייט, הימל-ברייטקייט; פון א ליריקער, וואס האט זיך ליב צו צוהערן צו דער „שפת אלים הרישית“. צו דער שטילער געטער שפראך, וואס האט קיין קול און קלאנג ניט, נאר בלויז פארבן און קאלירן, צויבער, פראכט-בילדער און זעאונגען דאס איז די שפראך, אויף וועלכער דער האר פון די וועלטן טראכט די טראכטונגען פון זיין יצירה און אויך דער קינסטלער שעפער

באַרקערפּערט אין איר זיינע זעאונגען. דאָס איז די ערשטע, די גרונט-און הויפּט-סטאַדיע אין און פון ביאַליקס דיכטונג: די שטילע ליריק: גאָטס ברייטע וועלט, די שטיל-נאַטור און די מיריאַדן-קאָלירן און פאַרבן, קלאַנגען און ביי-קלאַנגען, זעאונגען און ביי-זעאונגען, גראָז-און־בוים, די סאַזשעלקע אין איר שטיל-צושטאַנד: דאָס צוויטשערן פון פויגל, פלי פון שמעטערלינג און שטראַלן-ליכט, וואָס זיפּט זיך דורך דער גרינער פלאַנצן-וועלט אויפן גראָז, ביים ברעג טייך, אָדער אויפן הויכן באַרג; „דאָרטן עפנט זיך פאַרן דיכטער גאָר אַ נייע וועלט“; אין איר, אין דער דאָזיקער וועלט האָט ער ליב זיך לאָזן פאַר-פלאָנטערן, באָדן, טובל זיין זיין גאַנצן דיכטערישן יש, ווארום „גאַנצע וועלטן גייסט גיסט אריין אין אים יעדער שטילער בלאָז, יעדער זונען-שטראַל“.

אַ שטילער לירישער זינגער און דיכטער-מאָלער פון שטיל-נאַטור און שטיל-געפיל, גייט ביאַליק דער דיכטער אַריבער צום מענטשן, און — דאָס וואָרט מענטש קלינגט שטאָלץ — עס אַנטשטייען אַ מענגע געפילן, גע-דאַנקען, טראַכטונגען; און שטילקייט הויבן אָן אַריבערצוגיין אין טרויער.

די אינדיווידועלע איבערלעבונגען פונם דיכטער אין זיין קינדהייט, אָרימ-קייט, פאַרוואָרלאָזיקייט, עלנט פון אַ יתום, דלות, דאָס געזאַנג פונם גריל אין דער פינצטערער, פאַריתומטער שטוב אין ווינטער-נאַכט, דער שבת-קידוש איבער שוואַרצן ברויט און הערינג, די טרער, וואָס די מוטער, די אַלמנה, האָט איינגע-קנאָטן אין ברויט, און דער דיכטער האָט עס קינדווייז געגעסן: דאָס בילד פונם טאַטן דעם למדן, וואָס ליידט גייסטיק און פיזיש אין דער סביבה פונם שענקל, וואו, זיצנדיק איבער אַ גמרא און מדרש, דאַרף ער פאַרקויפן שנאַפּס צו פאַר-גרעבטע שיכורע פּויערים. דאָס, וואָס ביאַליק האָט באַזונגען אין אַ גאַנצער רייע האַלב און גאַנץ אויטאָביאָגראַפישע לידער, אין אָנהויב און צום סוף פון זיין דיכטער לעבן („שירתי“, און די לעצטע פּאָעמעס זיינע, געזאַמלטע אין דעם העפט „יתמות“); די אינדיווידועלע איבערלעבונגען פונם דיכטער, ווען ער טראַכט און פילט וועגן דעם יחיד און זיין צער, רוקן אָן אַ טרויער אויף אים, אויף זיין געמיט, אויף זיין געפיל.

פריער די טרויעריקע קינדהייט; שפּעטער די עלנטע צילאָזע בחורשאַפט פון אַ ישיבה-בחור אַ מתמיד, סיי ווען ער זיצט אין ישיבה און לערנט, סיי שפּעטער ווען ער דערשפּירט זיך אליין („לבדי“), ווען אַלע אַרום, די ישיבה-לייט האָט דער ווינט פאַרטראָגן, נאָר ער מיט זיין דיכטונג-מוזע, זיין שכינה בלייבן אינם אויסגעליידיקטן בית-מדרש און ער שפּירט, ווי אַ טרער טריפט אַראָפּ — אַ טרער פון דער שכינהס אויג כביכול — אויף דער גמרא; נאָך שפּעטער, ווען ער שטייט אויף „דער שוועל פון בית-מדרש“, ווען ער „קערט זיך אום אהיים“ (בתשובתי) און טרעפט ווידער עלנט, פאַרוואָרלאָזיקייט, אַפּאַטיע, צעפרעסנקייט פונם סאַשעל פון אַלטקייט, — טראַכט וועגן דעם, פילט עס איבער- און-דורך נאָכאַמאָל דער דיכטער-ליריקער און אַ טרער, אַ שטילע טרער פון צער, פון צער-איבער-זיך אליין, און איבער טויזנטער אַזעלכע ווי ער יונגעלייט, וואָס האָבן די כוחות און יאָרן פאַרלוירן אויף גאָרניט — באַטריבט זיין געמיט, דאָס געמיט פון דעם דיכטער-ליריקער.

דער טרויער, דער צ ע ר פונם יחיד, פאַרשטעלט פאַר אים די שיינקייט פון שטיל־נאַטור, פון זון־ליכט, פונם ווינטער פּייזאַזש. טרערן ניט אויסגעוויינ־טע, פאַרכמאַרען זיין דיכטער־הימל; עס איז אַ וואָלקן פ ו ן צ ע ר — אָבער ניט פון צאָרן: (מען מוז איינמאָל פאַר אַלע מאָל צעטיילן אין ביאַליקס דיכטונג די דאָזיקע צוויי באַגריפן, וואָס מען פלעגט באַנוצן בנשימה אחת, תמיד ווען מען רעדט וועגן ביאַליקן דעם „דיכטער פון צער און צאָרן"; עס איז ניט אַזוי; זיי געהערן צו צוויי באַזונדערע, ווייטע איינע פון דער אַנדערער סטאַדיעס אין דעם פּראָצעס פון ביאַליקס ליריק) — עס איז אַ וואָלקן פון שטילן צער, פון טרויער, באַהויכטע מיט טרערן דינע, קוים זיך שפּירנדיקע אין דעם דיכטערס אויגן; פון טרערן, וואָס קומען ניט צום צושטאַנד אויסגעוויינט צו ווערן: אָבער זיי פאַר־שטעלן שוין די שטראַלן פון דער שיינער זון און ליכט פאַר אים; און דער שפּיל פון קאָלירן און פאַרבן פאַרשווינדט. ווערט פאַרשטעלט פאַרן דיכטערס אויג דורך דעם וואָלקן פון אינדיווידועלן צער און טרויער.

דאָס איז די צווייטע סטאַדיע, אין דעם פּראָצעס פון פילן און דיכטן, צו־מאָלס אין איינער און דער זעלבער ליד; צומאָלס אין באַזונדערע, אין צייט־אָפּשניט ווייט איינע פון דער צווייטער, פאָעמעס:

דאַן קומט די דריטע סטאַדיע אין דעם דיכטונגס־פּראָצעס פונם שטיל־לירי־קער: דורכן אינדיווידועלן טרויער, דורכן צער־און־טרויער פונם יחיד, הויבט אָן דער דיכטער צו שפּירן, דעם שמערץ פון דער אומה; פון דעם יחיד — ניט פונם ר ב י ם, נאָר פונם נ אַ צ י אָ נ אַ ל ן א יי נ ס; דער שטילער דיכטער שפּירט די געפאַלנקייט, עלנט, אָפּהענטיקייט, שיפלות, צעפּוילטקייט, קליינלעכ־קייט, וואָס צעפרעסט די אומה; זיין צ ע ר וואַקסט, ווערט שטאַרקער וואָס מער נעגטער און אינטענסיווער די שפּירונג ווערט ביי אים. און שטאַרקער ווערן די וואָלקנס, וואָס באַלאַדן, וואָס הויבן אָן צו דריקן די רויטען פון זיין דיכטונג־וועלט.

ער זעט די שרעקלעכע, די הוילע, אייטערדיקע וואונדן פון דער אומה, וואָס ליגט אין איר שאַנדע. עס קומען צו דעמאָלט זייטיקע צייט־עפּיזאָדן, וואָס אַנטפּלעקן שטאַרקער, בולטער, נענטער פאַר דעם דיכטער די וואונדן און שאַנדן פון דער אומה — פאָגראָמען אָן זעלבסטשוץ, טויטקייט און אַפּאַטיע — ווען אפילו דער שופר פון אויפלעב־שאַלונג רופט צו ווידערבוי; און נאָך שפּע־טער, אינערלעכע צערייסונג און פּרוכטלאָזער נוצלאָזער אינערלעכער קאַמף צווישן די פּאַרטייען — און דער הימל פון זיין דיכטונג ווערט מער און מער באַלאָדן מיט שווערע, דריקנדיקע וואָלקנס; דער צער ווערט שניידנדיקער; ביז דער גאַל צומאָלס, ביזן האַרצן, וואָס טריפט בלוט.

דער דיכטער — ווי די שכינה כביכול — הילט איין זיין קאָפּ אין טרויער; ער פּרובירט צו וויינען; אפשר וועט לייכטער ווערן; אָבער ניין, עס וויינט זיך ניט; אַ טרער איז פאַר שוואַכע. צו פאַרטרייבן שווערע וואָלקנס פון טרויער, וואָס דריקן נידעריק, שטאַרק, שווער ווי בליי. אָבער ניט פאַרן שטאַרקן, ניט פאַרן דיכטער.

ער ווייסט, אז די טרער וואָלט געווען פארלוירן, לאיבוד געגאנגען; אפילו רעגנס-טרערן וואָלטן נעווען ווי גערזאַלצענע וואָלקנס איבער אַ וויסטע פון זאמדן. בלייבט די טרער אַ ניט-אויסגעוויינטע; אַ ניט-דערגאנגענע אפילו ביז צום שווארצל פון אויג, אין האלדז בלייבט זי ביים דיכטער שטעקן; די טויב, וואָס ער האָט אין זיין שוים געוואַרעמט, ווערט ביסלעכווייז אין אַ שלאַנג פארוואנדלט; אין אַ גיפטיקער, אין אַ בייסנדיקער; און די רוימען און האָריזאָנטן פונם דיכטער זיינען שווער פארוואָלקנט, אָבער ארום איז נאָך שטיל; דריקנדיק; שטיקנדיק אָבער שטיל. מען שפּירט שוין פון וויטן דאָס אָנקומען פונם שטורעם; אָבער דערווייל איז נאָך שטומער צער דער הערשנדער אינם געמיט פונם דיכטער.

און אָט ווערט ווי אין אַ שטורעם, דער רוים דורכגעשניטן — וויט-וויט, אָבער נידעריק, כמעט שוין ביים האָריזאָנט — פון אַ בליץ-בייטש; עס הערט זיך פון וויטנס אַ טעמפּער קראַכן פון דונער:

דער פּראָצעס פון שטורעם האָט זיך אָנגעהויבן.

דער דיכטער האָט מער ניט געקענט אַריבערטראָגן די טרערן, וואָס זיינען שוין אין אים, פון צופיל דריקן זיי אין זיך, אין גיפט פארוואנדלט געוואָרן; די שטיל-נאַטור האָט מער די שטילקייט ניט אויסגעטראָגן. דער דיכטער האָט דערשפּירט, אַז די טויב, וואָס ער האָט געוואַרימט האָט זיך שוין אינגאַנצן אין אַ שלאַנג אויסגעפּיקט — און ער האָט די שלאַנג געמוזט פון זיין שוים אַרויס־לאָזן, כדי זי זאָל זיין אייגן האַרץ ניט פארוואונדן. זיין רוים האָט מער ניט גע-קענט אַריבערטראָגן דאָס דריקן פון די בליי-אָנגעלאָדענע כמאַרעס און ער האָט געשיקט דעם שטורעם ריין צו מאַכן די לופט... דער דיכטער האָט דערשפּירט, ווי עס האָט אַמאָל געזאָגט, ביי אַנדערע געלעגנהייטן דער גרויסער וואָלטער, אַז: אונטערדריקטע אמתן ווערן אין גיפט פארוואַנדלט און ער וויל זיך נישט פאר-גיפטן — ניט זיך, ניט זיין דיכטונג... און דער שטורעם פון צאָרן ברעכט-אויס אין ביאַליקס דיכטונג, דער שטיל-לירישער.

— 4 —

דאָס איז די דריטע סטאַדיע אינם פּראָצעס פון ביאַליקס דיכטונג; כמעין ניט כראָנאָלאָגיש, נאָר, איינפאַך, סטאַדיעס אין דעם פּראָצעס פון זיין דיכטונג, פון זיין שאַפונגס-מהות.

די סטאַדיע, וואָס מען וואָלט געקענט באַצייכנען מיטן אויסדרוק:

— ווען דער צער ווערט אין צאָרן פארוואַנדלט.

דער שטורעם ברוויזט: דער נביאישער פּאַטאָס פון שטראָף ברוויזט, שמייסט מיט פייער-רוט, ברומט, שרייט, ברילט; ער ברענט מיט פלאַמען ווי אין קאָס-מאָגאָנישער שריפה פון בליץ-איין בליץ-אויס, דונער־איין דונער-אויס; מען זעט שוין ניט די וואָלקנס, נאָר איין גרויסן פעך-שוואַרצן פלאַך וואָס וויגט זיך, הוידעט זיך אין דעם אומאָנזיכטיקן רוים, וואָס ווערט דורכגעשניטן מאָמענט-איין מאָמענט-אויס פון בליצן-רונערן.

דאָס ברומט אויס דער דיכטער זיין צאָרן-ליד: די שירת-הזעם, דאָס ליד פון גרימצאָרן, וועגן וועלכער ער דערציילט אין זיין מגילת האש: דאָס ליד פון צאָרן, וואָס ברויזט אַרויס פונם „תהום האבדון", פון אָפּגרונט פון אומקום.

עס איז שוין ניט מער די „שפת אלים חרישית", דער „לשון-השאים", די שטילע געטער-שפּראַך, דער שטילער לשון, פון „גווני-גוונים", פון מילי-מיליאַכן קלאַנגען-קאָלירן, די דיכטונג, וועלכע איז דער מהות, דער תוך, דער גרונט פון ביאַליקס מוזע, ניין — די דריטע כּטאַדיע איז עס — דאָס איז ווי דער פּאַטאָס פונם פּאַרציייטיקן נביא, וואָס רייסט זיך אַרויס פונם האַלדז פונם דיכטער, ווי א דונער און פון דער צונג פונם דיכטער, וואָס איז אין אַ שאַרפן קלינג, ווי פון שטאָל, פאַרוואַנדלט געוואָרן.

דאָס האָט דער דיכטער אויסגעברומט, כּדי עס זאָל אים לייכטער ווערן — ווי דער פאַרצייטיקער נביא-שטראָפער, וואָס האָט געזאָגט: „איך וועל רעדן, און עס זאָל מיר לייכטער ווערן", כּדי די שטיקונג פון זיין געמיט זאָל דורכגערייניקט ווערן.

דער שטורעם איז אָבער אַ טרוקענער, אַ ברענענדיקער; כּמעט אָן אַ רעגן-טרער; נאָר ווען ניט-ווען-ניט זיפּט זיך דורך אַן איינצלנער, זעלטענער טרער-טראָפּן, וואָס פאַלט אויפן צעגליטן זאַמד פון דער צאָרן-שריפה און ער ווערט אָדער פון דעם זאַמד שפורלאָז פאַרשלונגען; אָדער ער ווערט פונם ווינט פאַר-טראָגן ערגעץ-וואו אין דעם פעך-שוואַרצן רוים. און — נישטאָ אים מער; איינ-צעלנער טרער-טראָפּן; טאָמער טרעפט אַמאָל, אין אַזאַ געווירבל-שטורעם, אַז ער פאַלט אויף אַ געזיכט, אויף אַ האַרץ, אַז ער רינט אפילו אַרויס פון אַן אויג, ווערט אויך ניט לייכטער, נאָר, אין קעגנטייל — אַן איינצלנער טראָפּן-רעגן-שפּריץ איז ווי אַ נאָדל-שטאָך, פאַרשאַפט שמערץ און פאַרגרעסערט דעם אַנגסט. אַ טראָפּן-רעגן בעת עס הוליעט אין אַ געווירבל פון אַ בליצן-דונער שטורעם און שמייסט און ברענט ווי פייער ווען ער פאַלט אויף אַ וועזן.

עס ברומט דער שטורעם פון ביאַליקס שטראָף. צאָרן; עס איז שוין ניט די „שטילע שפּראַך", וועגן וועלכער ער דערציילט אונדז אין דער „בריכה„ אין דער סאַזשעלקע; עס איז שוין די ס אַ ז ש ע ל ק ע א ל י י ן, אין א י ר פ אַ ר וו אַ נ ד ל ו נ ג בעת דער שטורעם קלייבט זיך אויסצוברעכן און שטייט שוין איבער איר, איבערן שפּיץ פון דעם וואַלד און נאָכדעם בעת ער האָט שוין אויסגעבראָכן.

— ופתאם — זיק! ברק־נור! היער חור,
העולם הבהב
הך־הך! התפוצץ רעם. זע היער —
וירתח!
און פלוצים — בליצט דער בליץ! פלים־פלאַם!
דער וואַלד ווערט בלאַס
די וועלט — זי בלינצלט!
טראַך־טראַך! סהאָט אויסגעפּלאַצט דער דונער, זיך צעשאָטן
דער וואַלד האָט זיך צערירט און אויפגעזאָטן.

(„הברכה" — אין שוואַרצס. ייד. איבערזעצונג).

פאַרשיידענע סטאַדיעס אין דעם פּראָצעס פון ביאַליקס דיכטונג־וועזנטלעכ־קייט ווערן פון אים אַליין אַנטפּלעקט אין איין פּאָעמע, אין דער „הבריכה" און אין אַ צווייטער פּאָעמע, אין דער „מגילת האש".

דאָס איז די דריטע סטאַדיע אין ביאַליקס דיכטונג-מהות: דער אויפברויז פון מעכטיקן צאָרן, וואָס פאַרשטעלט אינגאַנצן דעם שטילן ליכטיקן דיכטער פון נאַטור און פּייזאַזש, געמיט און פאַרב.

אָבער נאָר טאַקע פאַרשטעלט מאָמענטאַן — ווי די שטורם-וואָלקנס פאַר־שטעלן די זון; אָבער הינטער די וואָלקנס שטייט די זון אַ גאַנצע, אַ ברענענדיקע, אַ העלע, אַ ליכטיקע, אַ וואַרימע, אַ לאַשטשענדיקע — און זי וואַרט ביז דער שטורעם וועט אַריבער, ביז דער מדבר וועט פון זיין צאָרן שטיל ווערן, די זאַמדן וועלן זיך באַרואיקן, די דונערן וועלן פונם ווינט פאַרטראָגן ווערן. דאַן וועט זי ווידער שיינען מיט טויזנטער חנען און טעמים.

אַזוי איז ביאַליק דער איינער אין דער פילפאַכיקייט פון די סטאַדיעס אין דעם וועזנטלעכן פּראָצעס פון זיין דיכטונג.

אַז ער קומט צו נאַציאָנאַל-טרויער, ווערט זיין טרער אין צער דערדריקט, דער צער אין גרימצאָרן פאַרוואַנדלט, און דער גרימצאָרן ברעכט אויס אין אַ שטורעם פון נביאישן שטראָף-פּאַטאָס, וועלכער איז געגליכן צו אַ וואולקאַן-אויסברוך פון טרוקענע פלאַמען; צו אַ מדבר-שטורעם, וואָס טראָגט זיך מיט וואוט איבער דער וויסטע, וואו „רבוא רבואות" מתים מומיפיצירטע, פון זאַמד און זון-גלוט, ליגן פאַרגליווערטע, פאַרקאַלכטע.

און די שטראָף-דיכטונג שמייסט,

און די צונג פונם דיכטער שניידט, שילט, שימפּט, טוט־ווײ ביזן בלוט.

און דער שטורעם פון זיין סאַרקאַזם שפּאַלט די אָפּגרונטן פון אונדזער עלנט, שיט זאַלץ אויף אונדזער הוילער וואונד, ברענט, ווי זודיקער פעך אויף אַ הויטלאָזיק לייב.

דאָס געשעעט ווען דער צער איבער דעם שפלן מצב פון דער אומה איז אין צאָרן איבער דער אַפּאַטיע, צעפוילטקייט און צעפרעסנקייט פון דער אומה, פאַרוואַנדלט געוואָרן.

די דריטע סטאַדיע אין ביאַליקס דיכטונגס-פּראָצעס איז עס, אָבער ניט די לעצטע, דען:

ניט אייביק הוליעט דער שטורעם איבער דער געוויינלעך-שטילער פּאַזשעל־קע; ניט אייביק קראַכט דער דונער אין דעם פון וואָלקנס געדריקטן געמיט.

דער שטורם — ער קומט ריינער צו מאַכן דעם רוים; און דעם געמיט פון דיכטער.

דער דונער צעשניידט סוף-כל-סוף די וואָלקנס, פאַרטרייבט לאַנגזאַם, אָבער זיכער און פעסט דאָס דריקנדיקע א י ן און א ו י ף דעם געמיט פונם שטילן ליריקער.

און: אין ביאַליקס - דיכטונגס - פּראָצעס זיינען פאַראַן נאָך צוויי — חוץ די דריי, דאָ געשילדערטע סטאַדיעס — פון ת ה י ל י ם, וואָס קומט נאָך די נ ב י א י ם; אַ סטאַדיע, ווען ביאַליק קומט צוריק, לאַנגזאַם, —

און ווידער דורך אַ פּראָצעס פון פּאַרוואַנדלונגען — צו זיין זאַנפט-לירישער שפּילעוודיקער, שטיל-דיכטונג פון זון, קאָליר, פאַרב און פאָלקסטימלעכער פרייד. ניט מיט אַמאָל, נייערט אויך אין כּטאַדיעס, דען ניט מיט אַמאָל ווערט דער שטורעם געשטילט, נאָר אויך בהדרגה.

דאָס זיינען די סטאַדיעס, ווען דער שטורעם ווערט שטילער און איבער די אויסגעראַגנטע וואָלקנס באַווייזט זיך — אויף דער צווייטער זייט פונם האָריזאָנט:

דער רעגנבויגן אין זיין פילפאַרביקייט.

דער רעגנבויגן, וואָס איז די בשורה פון שטילשטאַנד און פון... זונענשיין.

— 5 —

און אַז דער שטורעם הערט אויף, טראָגט זיך פאַרביי. און דער מדבר ווערט אַנטשווינגן: ווארום ניט אייביק שטורעמט דאָך, אייביק קען דאָך ניט דונערן און שטורעמען...

און אַז דער אויסברוך פונם וואולקאַן הערט אויף, די פלאַמען הויבן אָן אויסגעלאָשן ווערן, איינגעטישקעוועט ווערן — ווארום ניט אייביק קען אַ וואול-קאַן אָנהאַלטן אין צושטאַנד פון ערופּציאָן.

און אַז די דונערן און בליצן ווערן זעלטענער, לאַנגזאַמער, הערן זיך יעדעס מאָל פון אָן אַלץ ווייטערער דיסטאַנץ: ווארום ניט אייביק קאָן דאָך אָנהאַלטן אַ שטורעם און ניט שטענדיק קען קראַכן דער דונער —

דאַן הויבט זיך אָן דער פּראָצעס פון באַרואיקונג, פון ריין ווערן אין לופט: אויב סאיז געווען שטאַרק פאַרוואָלקנט רעגנט עס, צומאָלס, מיט שלאַגס-רעגנס. צומאָלס מיט שוואַכערע רעגנס; און די וואָלקנס ווערן לאַנגזאַם אויסגעליידיקט; הויבן זיך אָן פאַנאַנדערדרייסן, שפּאַלטן, און די זון-שטראַלן ווערן בכוח זיי צו דורכשטעכן; און די לופט ווערט ריינער, ליכטיקער, הייטערער, לייכטער.

און ווען סטרעפּט אַמאָל, אַז סרעגנט אפילו ניט; און די וואָלקנס הענגען נאָך אַלץ נידעריק, און פאַרדעקן מיט טריב-טרויעריקער גרויקייט דעם האָריזאָנט — ווערט דאָך נאָך דעם שטורעם שטילער, רואיקער, פרישער די לופט; און מען שפּירט, אַז די זונען-שטראַלן שטייען שוין גאָר-נאָענט, און אַז אָט באַלד וועלן זיי דורכרייסן די וואָלקנס, דורכשפּאַלטן דעם גרויען פאָרהאַנג און אַ שפע פון קאָלירן און ביי-קאָלירן וועט דעם רוים פאַרפלייצן, צוגעבנדיק אַ גאָר באַזונדערן חן דעם הימל, דער ערד, די פלאַנצן, דער לופט; יענע באַזונדערע שיינקייט, וואָס אַלץ באַקומט תיכף נאָך אַ שטורעם, איידער דער הימל האָט זיך אינגאַנצן נאָך אָפּגערייניקט פון כמארעס; דאָס מאָל ווערט דער גאַנצער האָריזאָנט רויט, וויאָ-לעט, צונטער, שימערירט פון צענדליקער קאָליר-שאַטירונגען.

מען זעט ניט דאַן פון וואַנען די ליכט, די שיין קומט; מען זעט נאָר, אַז די נאָך-הענגנדיקע וואָלקנס-שטיקער הויבן אָן לייכטן פון אינעווייניק, פון הינטער זיי, ווי הינטער דעם פאָרהאַנג, וואָס פאַרדעקט נאָך דעם בלויען רוים, וואָלטן אָנגע-צונדן געוואָרן טויזנטער עלעקטרישע ליכטער פון פאַרשידענע קאָלירן און אַ פעאיקער קינסטלער צו דירינירן מיט ליכט-עפעקטן, וואָלט אָנגעפירט מיט דער

דאַזיקער ראַפּסאָדיע פון ליכט און קאָליר, כדי צו דערפרייען די געמיטער, וואָס זיינען דורך דעם ערשט-פאַרגעקומענעם שטורעם געוועזן באַטריבט.

דאָס איז די פערטע סטאַדיע אין דעם וועזנטלעכן פּראָצעס פון ביאַליקס דיכטונג: עס איז נאָכן שטורעם שוין. אָבער די שפּורן זיינע הענגען נאָך אויפן דיכטער-געמיט און דריקן נאָך אויף דער שטימונג פון זיין מוזע.

דאָס נביאישע דונערן און בליצן איז שוין אוועק. די שמייסנדיקע בייטשן פון דעם נביאישן שטראָף-וואָרט, וואָס שניידט ווי מיט אַ שאַרפער קלינג, הערט מען שוין ניט; צו זיין געמיט אָבער פון לויטערער, צער'לאָזער שיינקייט, וואָס קומט פון איינהערן זיך אין דער שטילער געטלעכער שפּראַך, וואָס ער, דער דיכ־טער, הערט אין וואַלד, ביי דער סאַזשעלקע, אויפן הויכן באַרג, אויפן גרינעם גראָז, אָדער אונטער די גרינינקע בוימעלעך — איז ער אָבער נאָך צוריק ניט גע-קומען; דער שטורעם איז דאָך ערשט אוועק: די וואָלקנס הענגען נאָך; און הגם דער געמיט איז שוין אָפּגעפרישט געוואָרן, דריקן נאָך וואָלקנס פון צער אויפן געמיט פון דעם דיכטער און אַ טרער, אַ פּערל-טרער, וואָס איז שטיין געבליבן אין זיין אויג, פאַלט נאָך אַראָפּ אין דעם ים פון דער שטילקייט.

אין אַזעלכע מאָמענטן — זיי זיינען די אויסטערלישע ביים דיכטער — ווען דער צ אָ ר ן איז אַוועק און פאַרבליבן איז נאָך דער שטילער, לירישער צער, האָט אונדז דער דיכטער געזונגען זיינע געפילפולסטע עלעגיעס. זיינע שטילסטע געזאַנגען.

דאָס איז יענע סטאַדיע אינם גאַנג פון ביאַליקס דיכטונג, וואָס קומט אינם פּראָצעס פון זיין אינערלעכער באַרואיקונג. דאָס איז דער אָנזאָג פון אַ העלער זון- און ליכט-ליד, וואָס וועט באַלד קומען, ווען די לעצטע שפּורן פון שטורעם וועלן פאַרשווינדן. די ליכט-שטראַלן דרינגען אריין אינם דיכטערס געמיט, פריער לאַנגזאַם, שטיל, שטיל, וואָס ווייטער, ווערט די ליכט שטאַרקער און די קאָלירן פיל-פאַרביקער, ביז עס געלונגט איר צו דורכשניידן די נאָך הענגענדיקע טרויער-וואָלקנס פון זיין געמיט. דאַן ווערט דער ר ע ג נ ב ו י ג ן אין ביאַליקס ליכט-און-שיין לידער געבוירן.

די פערטע סטאַדיע אין ביאַליקס דיכטונגס-פּראָצעס: די זאַנפטסטע, מילדס־טע, טרויעריקסטע און באַחנטסטע, די שטילסטע עלעגיעס און פיינסטע דיכטע-רישע ליריק גיט ער אונדז ווען ער איז אין אָט דעם געמיט-צושטאַנד:

אין אַזאַ מאָמענט זינגט ביאַליק שטיל, ווי אין אַ דעמערונג-שטימונג:

ים הדממה פולט סודות<br>
וכל העולם כולו שותק<br>
ומאחרי הריתים<br>
שאון הנחל איננו פוסק.

— — — — — — — — — — — — —

ובהשתתק כל העולם,<br>
ארגיש: לבי ער ומדבר<br>
ארגיש מעין מהור אחד

הומה אט שם ומתגבר

— — — — — — — — — — — — — —

ובהשתתק כל העולם
אשב אביט אל כוכבי;
לי אין עולם אלא אחד —
הוא העולם שבלבבי.

אין אברהם רייזנס איבערדיכטונג אין יידיש (עס איז מער איבערדיכטונג, ווי איבערזעצונג).

פון די שטילע נאַכט מיט סודות
סאיז די גאַנצע וועלט אַנטשוויגן;
נאָר די וואַסער־מיל זי וואַרפט זיך
לאָזט דעם טייך ניט רואיק ליגן.

— — — — — — — — — — — — —

שטיל אַרום, מיין האַרץ נאָך פיל איך
וויל ניט שווייגן, וויל ניט שטומען
און איך הער אַ קוואַל אַ ריינעם
אין מיין האַרצן רוישן, ברומען.

— — — — — — — — — — — — —

און איך קוק אַהין, צום שטערן,
ווי סווערט די וועלט אַנטשוויגן —
מיין וועלט, ווייס איך איז נאָר איינע
בפיל זי אין מיין האַרצן ליגן.

אין דעם דאָזיקן זאַנפטן צושטאַנד פון שטיל־ווייכן צער־טרויער, זינגט ב י אַ ל י ק זיינע שענסטע עלעגיעס, זיינע שטילסטע ליבע־געזאַנגען, וואָס זיינען אויך נאָר עלעגיעס, געזאַנג פון שטיל טרויער, איבער אַ ליבע, וואָס איז ניט געקומען.

אין ד ע ר סטאַדיע פון זיין דיכטער־פּראָצעס האָט ער געשאַפן זיינע ווייכסטע אייביקע לידער אויך איבערן אומאויסדריקבאַרן, נאָגנדיקן טרויער פון דעם יחיד, וואָס ווערט זייער אָפט אויך אידענטיפיצירט מיטן צער פון דער אומה — אָבער אין קעגנטייל צום צ ע ר פון דער ערשטער סטאַדיע פונם דיכטונגס־פּראָצעס, וואָס גייט ערשט פאַרוואַנדלט ווערן אין צ אָ ר ן. איז דער איצטיקער אַ צ ע ר, אַ באַשיינט־ווערנדיקער פון אַ י נ ע ר ל ע כ ע ר ל י כ ט.

עפנט אויף ביאַליקס שירים־ביכער און איר טרעפט די לידער, פון אָט דער סטאַדיע, אין זיין דיכטונגס־פּראָצעס, אָן אַ צאָל: „הכניסיני", „ים הדממה", „צנח לו זלזל„ „והיה כי תמצאו מגילת לבבי", „נושנות", „איך", „בערוב היום", „ביום קיץ", „מכתב קטן לי כתבה", „פעמי אביב", „לבדי", „בת ישראל", „ואם ישאל המלאך", הולכת את מעמי", „לנתיבתך הנעלם", „מי אני ומה אני", און נאָך פיל און פיל; און אויך אין זיינע לידער אין יידיש איז פול אָט די

דאַזיקע סטאַדיע פון ביאַליקס דיכטונגס-פּראָצעס, די סטאַדיע, וואָס כוואָלט פאַרצייכנט מיטן נאָמען: „ווען דער שטורעם איז אַריבער און דער הימל איז נאָך ניט ריין אינגאַנצן". זיין יהודה הלוי איבערדיכטונג און היינע-איבערדיכטונג זיינען געמאַכט געוואָרן בעת אַזאַ געמיטס-צושטאַנד פונם דיכטער. „אויפן הויכן באַרג", „עס האָט מיך פאַרפלאָנטערט", שטיקער פון זיין „לעצטן וואָרט" א. אַ. געהערן אויך צו דעם דאָזיקן מאָמענט.

— 6 —

די „סאַזשעלקע" פון ביאַליקס מוזע בלייבט, אָבער, ניט לאַנג אין דעם זעל-ביקן צושטאַנד: דער דיכטער אליין זאָגט, אַז זי האַלט זיך אין איין פאַרענדערן און אַלע פאַרענדערונגען שפּיגלען זיך אָפּ אין איר, אין דער „ברכה"; און עס קומט און מוז קומען די פולשטענדיקע אויסהייטערונג פונם געמיט, נאָכדעם, ווי דער שטורעם איז אַריבער און דער שטילער צער און שטילע טרער ווערן לאַנגזאַם אויסגעזויגן פון דער זאַנפטער, מילדער ליכטיקייט, וואָס שטראַלט אַרויס, קוועלט אַרויס פון די טיפענישן פונם דיכטערס האַרץ.

די ליכט קומט לאַנגזאַם, ווען די וואָלקנס זיינען נאָך דאָ.

פון דעם באַהעפט צווישן שטראַלן און וואָלקנס, צווישן שטראַלן און איינ-צעלנע רעגן-טראָפּנס, וואָס הענגען נאָך ערגעץ-וואו אין רוים, ווערט דער ר ע-ג נ ב ו י ג ן געבוירן; און אין ד ע ר סטאַדיע — די לעצטע, וואָס פאַרשליסט דעם ציקל פון דעם וועזנטלעכן פּראָצעס אין ביאַליקס דיכטונג וואָס איז צו אַ רונד-קרייז געגליכן: ער קומט צוריק צום אָפּשטייג-פּונקט — זיינען ביאַליקס רעגנבויגן-לידער געשאַפן געוואָרן; דאָס זיינען די, וואָס מען באַצייכנט, געוויינ-לעך, מיטן נאָמען „שירי-זוהר".

רעגנבויגן איז אַ העכערע קינסטלערישע מדרגה פון ריינע ליכט: די שפּיל פון פאַרבן אין דער ליכט, דער הימל-רויט פון ש ח ר י ת און ע ר ב י ת, פון דעמערונגען ביים זון-אויפגיין און זון-פאַרגיין, גיט אונדז, אייגנטלעך, די פאָרשטעלונג וועגן דער שיינקייט פון דער זון; אָן די רעגנבויגנס און דעמערונגען — איז די ל י כ ט נאָר ל י כ ט, די זון נאָר ז ו ן, קיין שפּיל פון קאָ-לירן אָבער איז אין דעם ניטאָ, און קיין שיינקייט וואָלט ניט געוועזן.

האָט איר אַמאָל זיך צוגעקוקט צום געבורט פון גאָטס ליכט-צייכן, אויף וועלכן מען טאָר אָן אַ ברכה ניט אַ קוק טאָן? צום געבורט פון אַ רעגנבויגן?

פון דעם זיווג, פון דער באַהעפטונג פון וואָלקן און זונען-שטראַל ווערט ער געבוירן. ערגעץ-וואו אין דער אַטמאָספערע זיינען געבליבן הענגען פאַריתומטע, ניט אַראָפּגעטריפטע איינצעלנע טראָפּנס רעגן, ווי טרערן, הענגען פאַרבליבענע פון די וואָלקנס-מוטערס, וועמעס שוים דער צאָרנדיקער שטורעם האָט מיט וואוט-און-מאַכט צעריסן. ציטערן זיי, פלאַטערן זיי, די דאָזיקע טראָפּנס רעגן-טרערן, פאַריתומטע, פון וואָלקן אַרויסגעפּאַלענע, צווישן הימל און ערד הענגענדיקע. איז זיך אויף זיי מרחם אַ נאָך אומזיכטיקער זון-שטראַל און גיט זיי אַ קוש, באַהעפט זיך מיט זיי, מיט די טראָפּנס-יתומים; ער דרינגט זיי דורך און דורך — און זיי שטאַרבן אָפּ אַ מיתת נשיקה, אָבער: זעט, אַ נס איז געשען... פון

דער באַהעפטונג איז געבוירן געוואָרן דאָס שענסטע, וואָס דער קאָסמאָס פאַר-מאָגט: אַ רעגנבויגן איז געוואָרן.

דאָס איז ניט קיין שטרייט פון זון מיט וואָלקנס, וואָס אָדער די איז גובר אָדער יענע — ווערט אַזוי צי אַנדערש די אַטמאָספער איינקאָלירט; אָדער פאַר-פלייצט פון בלויז זונען-ליכט, אויב די זון איז גובר: אָדער באַדעקט, פאַרדעקט מיט וואָלקנס גרויע, אויב די לעצטע זיינען גובר. ניין, דאָס איז ניט קיין שטרייט, נאָר אַ שפיל פון א יי ן ש ט ר א ל און א יי ן רעגן-טרער-טראָפּן און וויפיל קאָלירן און ביי-קאָלירן, פאַרביקייט און ברוך-פאַרביקייט, עס פאַרפלייצן דעם רוים דורך אַ דעם שפיל...

אַ רעגנבויגן: דאָס זיינען ביאַליקס לידער, וואָס קומען אין יענער סטאַדיע פון דעם פּראָצעס פון זיין דיכטונג, ווען די ניט אויסגעווייינטע נאָך הענגען-גע-בליבענע טרער, פון זאַנפטן טרויער און שטיל צער, נאָכן שטורם פון שטראָף און דונער, פון קללות און כאַרקאַזם, ווערט באַלויכטן, וואָס ווייטער מער פון שטראַלן פון זיין אינערלעכער ליכט.

איידער זי וועט אינגאַנצן פאַרטרייבן פונם דיכטערס געמיט די לעצטע וואָלקנס-שפּורן און וועט אים אומקערן צו זיין אייגנטלעכן צושטאַנד, — צו דעם וואָס ער איז: אַ שטילער שיינער ליריקער, אַ ש ט י ל - ד י כ ט ע ר — קומט פאָר די באַהעפטונג פון דעם שטראַל פון ב י א ל י ק ס ז ו ן מיט זיין פערל-טרער; און פון דער באַהעפטונג ווערן געבוירן די רעגנבויגן-לידער; זיי פאַרמאָגן אַ וואונדערלעכע בונטקייט פון קאָלירן און פאַרבן; זיי שעמערירן, גלאַנצן, פינקלען, בליאַסקען מיט אַ ליכט-שפּיל, וואָס לאָזט זיך נישט באַצייכנען אין מענטשלעכן לשון.

עס איז רעגנבויגן — דער קאָליר פון כסא הכבוד.

קוק זיך ניט איין אין דעם, בן-אדם, ווייל דאָס פאַרבלענדעט. קוק זיך ניט איין צו שטאַרק, צו גלייך, צו טיף, ווייל עס איז ווען דעם געזאָגט געוואָרן: „הציץ ונפגע“; צופיל זיך איינגעקוקט, ווערט מען געפּלאָגט; עטוואָס אָבער, אביסל — קען מען פּרובירן אַ קוק צו טון אין דעם רעגנבויגן; און גלויבט מיר, אַז דאָס ביסל איז אויך גענוג, ווארום דאָס ביסל:

...וקצתם — מי זהב ונוגה וקסם
שברירי אור־שמש ומשטח זהרורים
קשקשי־פז מהור ושרשרות כתם
מבתות שתי שמשות, פרורים, פרורים
של גביש וזכוכית, צהצחות ולהט.

ח. נ. ביאַליק: „זהר“.

אָט איז עס אין שוואַרצס יידישער איבערדיכטונג (אָבער ווי קומט עס צום אָריגינאַל)...

און איין טייל איז רויגגאָלד, צעשמאָלצן, צעפלאָסן,
צעבראָכענע שטיקער פון גלימצער און שטראַלן
גינגאָלדענע שופּן קרישטאָלענע קיימן —
דאָס ברוך פון צוויי זונען, צעפלאַמט און צעגאָסן
פון גלאָזוואַרג צעפּיצלט, קרישטאָלן אָפּאַלן...

אזעלכע לידער און שטיקער לידער, וואו ביאַליקס מוזע שפּילט זיך מיט ברוכוואַרג פונם כסא הכבוד, וואָס זיינען צעשפּרייט אינם אָפּגרונט פון דער סאַזשעלקע, וואוהין אַ מחנה שרעטעלעך ציען אים, ווייל דאָרטן זיינען פּאַלאַצן פון קרישטאָל, טורעמס פון גלאָז, זונען פון דימענט-שטיינער און צענדליקער טויזנטער קושן פון שטראַלן — זיינען די שלום-סטאַדיע, אין דעם פּראָצעס פון די פאַרענדערונגען, וואָס די „שטילע סאַזשעלקע" פון זיין מוזע מאַכט דורך...

די זון גייט נאָכדעם אַרוים אויפן האָריזאָנט; שלאָגט זיך דורך, אַנטשידנד דורך די וואָלקנס, באַלייכט העל, גלייך, די גאַנצע סאַזשעלקע און די וואָלקנס פאַרשווינדן; ער איז ווידער דער שטילער דיכטער, וואָס האָט ליב זון, גרינס, נאַטור, ווי זי איז, אָן טרויער און אָן צער.

דער גאַנצער סוד אָבער פון ביאַליקס גרויסקייט-צויבער באַשטייט אין דעם, וואָס דער שטיל-דיכטער מאַכט דורך אינם פּראָצעס פון זיין דיכטונג פאַרשיידענע סטאַדיעס פון פאַרענדערונג: פון ש ט י ל צו צ ע ר, פון צ ע ר צו ש ט ו ר ע ם, פון ש ט ו ר ע ם צוריק צו ט ר ו י ע ר, וואָס ווערט וואָרעם באַלויכטן פון אומענדלעכן שפּיל פון ליכט און פאַרב, איידער די פולע זון פון הייטערער ליכט, באַלייכט ווידער די האָריזאָנטן פון זיין דיכטונג:

די דאָזיקע בהדרגהדיקע איבערגאַנגען און פאַרענדערונגען איז צו מערקן ניט נאָך אין פאַרשיידענע לידער, נאָר צומאָלס אויך אין איין פּאָעמע... און דעם שליסל צו דעם געפינט מען אין צוויי: אין דער פּאָעמע „הברכה" און אין „מגילת האש".

און דער דיכטער אליין פאַרטרויעט עס אונדז, אין דער ערשטער פון די דערמאָנטע פּאָעמעס:

...בזעף ים, במשובת גליו ובשחוקם
בשעפת ליל, בדמי כוכבים נופלים
וברעש אורים, נהמת-ים שלהבות
של זריחות שמש ושקיעותיו —
בלשון זו, לשון הלשונות, גם הברכה
לי חדה את חידתה העולמית.
וחבויה שם בצל, בהירה, שלוה, מחשה
בכל צופיה והכל צפוי בה ועם הכל משתנה.

---

...אין צאָרן פונם ים, אין ברויז פון כוואַליעס און אין זייער שפּילן,
אין פינצטערניש פון נאַכט, אין שטילשווייגן פון פאַלנדיקע שטערן,
אין רעש פון פייערן, אין ברען פון פלאַמענדיקע יסען,
פון זונען־אויפגאַנגען און זונען־אונטערגאַנגען —
אין שפּראַך דער דאָזיקער, דער שפּראַך פון שפּראַכן, האָט די סאַזשעלקע
איר רעטעניש די אייביקע געפּרעגט מיך,
באַהאַלטן אים דעם שאָטן, דורכזיכטיק און שווייגנדיק
וואָס קוקט אויף אַלץ, און אַלץ טוט שפּיגלען זיך אין איר
און האַלט זיך אין איין ענדערן מיט אַלץ. —
„הברכה" — ביאַליק; „די סאַזשעלקע"
אין י. שוואַרצס איבערזעצונג.

.1938-9

# געשטאלטן

# אויף דער קאַנווע פונם יידנס אַנטיקן

## פּרקים צו מענדעלעס יאָרהונדערט

— 1 —

### דער אַפּאָטעאָז פון מענדעלען

איבער גאַנץ תפוצות ישראל, פון יעהופּעץ ביז כתריאלעווקע, פון קאַבלאַנסק, גלופּסק, טונעיאַדעווקע, ביז ניו-יאָרק און בוענאָס איירעס, פייערט מען דעם ייִדנס אַנדענק, צום ערשטן יאָרהונדערט פון זיין געבורט.

— צום ערשטן יאָרהונדערט?

— אָפיציעל, הייסט עס אַזוי: דער אנערקענטער דאַטום פון מענדעלעס געבורט איז דעם 2-טן יאַנואַר פון 1936. מענטשן אָבער, וואָס האָבן געקענט דעם ייִדן, וואָס האָבן געלעבט מיט אים צוזאַמען אַ סך יאָרן, וואָס האָבן געקענט נאָענט זיינע געוואוינהייטן, זיינע פּאָסטעמפּקעס, זיין „נאַטור", האָבן געצווייפלט אין דער פּינקטלעכקייט פון דעם יאָר-דאַטום, וואָס פלעגט ווערן אָנגעגעבן. מען האָט געוואוסט, אַז דער ייִדע „האָט פ יי נ ט צו פירן חשבונות פון מעטריקעס" און דאָקעגן האָט ער ל י ב געהאַט צו פאַרלייקענען עטלעכע יאָר; איבערהויפּט ווען ער איז געקומען אין דער טיפער עלטער און עס איז אין אים און אין זיין שאַפן מקוים געוואָרן אין פולסטן זין פון וואָרט דער מאמר חז"ל „תלמידי חכמים כל זמן שמזקינין חכמה ניתוספת בהן"... (תלמידי-חכמים, וואָס עלטער זיי ווערן, וואַקסט און ווערט פאַרגרעסערט אין זיי די חכמה, דער טאַלאַנט). צי האָט דער ייִדע פון אונדזער יידישער ליטעראַטור און דער גאוניאַלער שעפער פון צוויי ליטעראַרישע שפּראַכן און סטילן, מורא געהאַט, באמת, פאַר אַן עין-הרע, ווען ער האָט דערגרייכט אין זיין עלטער צו ג ב ו ר ו ת? אָדער דאָס איז געווען אַזוי סתם אַ קאַפּריז פון אַ זקן, צו וועלכן מען קען מער ווי צו ווענדן ניט איז אַנדערן אָנווענדן אַ צווייטן תלמודישן ווערטער-שפּיל — „זקן — זה שקנה חכמה". (זקן — הייסט אַזעלכער, וואָס האָט דעראָבערט ווייסן).

וועלכע סזאָלן ניט געווען זיין די מאָטיוון פאַר דעם, איז עס אַ פאַקט, וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן פריער און איצט, אַז דער ייִדע מענדעלע איז געווען אַ סך עלטער — אפשר מיט אַ צענדליק יאָרן — ווי די עלטער, וואָס ער האָט אָנגעגעבן.

זיין הונדערט-יאָריקער געבורטס-דאַטום, וואָס ווערט איצט געפייערט בכל

תפוצות ישראל, איז אלזא נאָר אַ קאָנווענציאָנעלער, פון ריין כראָנאָלאָגישן שטאַנדפּונקט באַטראַכט: עס איז אַ יאָרהונדערט, וואָס פאַרמאָגט זיבער שוין הונדערט-צען יאָר!... אָבער וואָס איז, אייגנטלעך, די נפקה-מינה? אונדזער פאָלק האָט אָנגענומען דעם דאָזיקן דאַטום פאַר די פייערונגען פון מענדעלען, פאַר דער דערהויבונג און ליב פון דעם גענ יאַלן שעפער פון דער אָריגינעלסטער מאָזאַאיק — מאָזאַאיק פון שפּראַך און פון אינהאַלט, פון פאָרם און פון זשאַנר — וואָס אונדזער ליטעראַטור אין יידיש און העברעאיש פאַרמאָגט, איז דער דאַ-טום הייליק און פייערלעך; און געהייליקט און געפייערט דאַרף און וועט ווערן דער אומשטערבלעכער אָנדענק פון דעם יידן ר' מענדעלע און פון זיין „אַלטער-ענגאָ", ר' שלום יעקב בן משה חיים אבראַמאָוויטש. געהייליקט און געפייערט ז אָ ל און וו ע ט ווערן זיין אומשטערבלעכער אָנדענק אומעטום, אין אַלע הונדערט-זיבן-און-צוואַנציק מדינות פון דער יידישער וועלט-אימפּעריע.

אומעטום, וואו נאָר אַ יי ד י ש וו אָ ר ט ווערט ג ע ר ע ד ט און ג ע ש ר י ב ן און אַ ה ע ב ר ע א י ש וו אָ ר ט ווערט ג ע ש ר י ב ן אָדער ג ע ר ע ד ט — וועט דער נאָמען פונם זיידן מענדעלע ניט פאַרגעסן ווערן, ווי עס ווערט ניט און וועט ניט פאַרגעסן ווערן דער נאָמען פון די גאָר גרויסע און העכסטע גאונים אונדזערע, וואָס האָבן געשאַפן אייביקע, קיינמאָל ניט אונטערגייענדיקע ווערטן פון וויכטיקסטן נאַציאָנאַלן גרונט-פאַרמעגן.

אין דעם דאַטום, ווען עס איז באַשטימט צו פייערן מענדעלעס ערשטן יאָר-הונדערט, זאָל דער אַפּאָטעאָז פון מענדעלען דערגרייכן צו דער העכסטער הויך; צו דער הויך אויף וועלכער עס האָבן געשטיגן די גרעסטע, די גייסטיקסטע שעפער פון אונדזער פאָלק, וועמעס ווערק עס זיינען אייביק, ווי אייביק דאָס פאָלק אליין איז; וואָרום מענדעלעס געהערן צו יענעם מין:

זיי זיינען אייביק אין זייער אַלטקייט, ווי אייביק זיי זיינען אין זייער יונגשאַפט; זיי זיינען אייביק אין זייער קראַפט, אין זייער אויסטערלישן חן און זייער אייגנאַרטיקייט און פרישקייט; אין דער זאַפטיקייט פון זייער טויזנט-טעמימדיקן סטיל: אייביק איז דער זיידע מענדעלע און די ווערק זיינע, אין אונדזערע ביידע שפּראַכן און אייביק איז זיין הערלעכע פּערזענלעכקייט, וואָס איז אַן אינטעגראַלער און אומאָפּטיילבאַרער עלעמענט פון די ווערק זיינע זעלבסט. ווייל מענדעלע און זיין שאַפן — איז איינס, איין גאַנץ אומצעשיידבאַר, אומצעטיילבאַר וועזן.

דאָס איז ניט געזאָגט גלאַט, לשם מליצה אין דעם מאָמענט פון אַן אַפּאָ-טעאָזישער פייערונג פון מענדעלעס אָנדענק: דאָס איז וואָרהאַפטיק, דאָס איז דער פאַקטישער אמת, וואָס עס שטראָמט אַרויס נאָך אַ גרינטלעכער סוב-סטאַנציאָנעלער אָפּשאַצונג און פאָרשונג אין יענעם קאַפּיטל פון אונדזער לי-טעראַטור- און קולטור-געשיכטע, וואָס הייסט מ ע נ ד ע ל ע ס ווערק און דער יאָרהונדערט פון מענדעלעס לעבן.

## אַלט, אָבער אַלטקייט האָט קיין שליטה ניט אויף אים

פאַראַן, צווישן די יונגע איבערהויפּט, אַ סך, וואָס זאָגן, אַז מענדעלע איז אַלט; זיינע שריפטן זיינען אַלט שוין; זיין אַרט שאַפן איז אַרכאַאיש שוין פאַר אַ מענטשן פון אונדזער צייט: עס איז אים שווער צו לייענען איצט א. אַ. וו.

דאָס איז ניט ריכטיק. אָבער דאָס איז אַ ניט-ריכטיקייט, וואָס קומט ניט פון קיין טעות, נאָר פון אַ שלעכטער פאַרשטענדעניש, פון אַ פעלערהאַפטיקן צוגאַנג צו דעם זייער און זייער אייגנאַרטיקן ענין, וואָס הייסט דער מענדעלע-פּרק אין דער געשיכטע פון אונדזער ליטעראַטור.

קען מען·זאָגן ווענן אַן אַלטער קינסטלערישער מאָזאַאיק, אַז זי איז אַ ל ט, ווען אין איר אַ ל ט ק יי ט איז איר עצם, איר מהות, ווען אין איר אַלטקייט איז איר גאַנצער חן, די גאַנצע קאָראַטן-קאָסטבאַרקייט פון איר אומאָפּשאַצבאַ-רער ווערט?

וועט עמיצן איינפאַלן צו זאָגן, לשם מינדערווערטיקן, אַז אַזאַ און אַזאַ קונסט-לייוונט, וואָס האָט באַקומען אַ קאָנסאַגראַציע פון יאָרהונדערטער איז אַ ל ט, ווען די אַלטקייט איז דאָס ס ו ב ס ט אַ נ צ י אָ נ ע ל ע אין דעם, ווען זיין ווערט און די מהות פון דאָס קינסטלערישע און אייננאַרטיקע אין אים, איז דאָס אַ ל ט ק יי ט?

אַזאַ איז דער צוגאַנג, וואָס דאַרף זיין, וואָס מוז זיין צו מענדעלען, וועלכער איז אַנדערש, ווי אַלע אַנדערע שריפטשטעלער, וואָס זיינען געווען פאַר אים און וואָס זיינען געווען נאָך אים.

מען מוז צו אים צוגיין, ווי מען גייט צו צו אַן אַלטער מאָזאַאיק, צו אַן אַל-טער קונסט-בילד — דאַן פאַרשווינדט די אַלטקייט; די אַלטקייט אין הינזיכט פון דעם, וואָס ווערט גערעכנט אין צייט-ציפערן, רעלאַטיוו מיט דעם, וואָס איז איצט די מאָדע אין דער ליטעראַטור און אין דער קונסט.

דען ניט מיט קיין געוויינלעכער מאָס קען געמאָסטן ווערן, ניט מיט קיין געוויינלעכער וואָג קען ווערן געוואוינגן, ניט מיט קיין געוויינלעכן אומפאַנג פאַר אָפּשאַץ קען ווערן געשאַצט דאָס, וואָס הייסט מענדעלע מוכר ספרים אין דער יידישער ליטעראַטור און קונסט-געשיכטע, דער ריז. ווען מען ש. אַנ—סקי האָט נאָך אין יאָר 1910, ווען מען האָט געפייערט מענדעלעס 75־יאָריקן יובילײ, פאַרגליכן צו אַ צעדער, אויף דעם באַרג פון לבנון, אַרויסזאָגנדיק דערביי די פאָלגנ-דיקע פערזן:

> גלייך, ווי אַ צעדער אויף דעם באַרג לבנון
> שטייסטו ר׳ מענדעלע שטאָלץ אויף דיין אָרט,
> און האַלטסט אין דיין מעכטיקער האַנטביידע פאַנען,
> פון הייליקן, כשרן יידישן וואָרט.

דער ריז, ווען מען ש. אַנ—סקי האָט פאַרגליכן צו אַ צעדער פון לבנון, און ווען מען מיכה יוסף בערדיטשעווסקי האָט באַצייכנט אַלס „דער רמב"ם אין דער

יידישער ליטעראַטור", אין דעם פּרט און הינזיכט פון דער קערנדיקייט פון זייגע חיבורים קען ניט געמאָסטן ווערן מיט די געוויינלעכע מאָסן פון צייט און סביבה, רוים און אומשטענדן, מיט וועלכע ליטעראַטור ווערט געוויינלעך געמאָסטן, געוואוינן, אָפּגעשאַצט.

עס איז ניט דאָס. עס איז גאָר עפּעס אַנדערש. עס איז נוסח, עס איז טראַדיציע, עס איז יידישער שביידישער שטייגער. עס איז... מ ע נ ד ע ל ע ; און מיט דעם וואָרט ווערט געזאָגט אַ סך, מיט דעם וואָרט ווערט געזאָגט אַלעס.

געוויס איז מענדעלע אַלט: פאַרגעסט ניט, אַז ער האָט געלעבט מיט איבער אַ יאָרהונדערט צוריק, אין די צייטן פון די „פּאָימעניקעס", כאַפּערס, „סקאַזקעס", פישקע די קרומע, אַלטער די יאַקנעהאָזעס און בנימקעס פון טונעיאַדעווקע.

געוויס איז מענדעלע אַלט: מ'דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז ער אַליין האָט געלעבט אַ יאָרהונדערט, אַז ער אַליין האָט דורכגעלאָזן אויף זיין לעבן- און שאַפונגס-וועג דריי דורות; פון די צייטן פון ניקאָלאַי דעם ערשטן ביז די צייטן פון לענינען און זיין באָלשעוויסטישער איבערקערעניש איז, — ווי מענדעלע אַליין האָט ליב געהאַט צו זאָגן — פּאָלג מיך אַ גאַנג.

געוויס איז מענדעלע אַלט; זיינע ווערק זיינען שוין אַלט געווען, ווען ער האָט זיי געשריבן: די באַרשטיינען פון דער טאַקסע, און פונם פּריזיוו, יידל מיט די זמירות און פּרק שירה. אברהמל תקיף און די גאַלעריע טיפּן פונם „ווינשפינגערל", אַלטער יקנהז און סענדערל די יידענע, בנימין השלישי פון טונעיאַדעווקע און דאָס קבצנים-געזינדל פון פישקע דעם קרומען, זיינען שוין לאַנג ניט געווען — אייניקע — אָדער לאַנג אַלט געוואָרן — אַנדערע — ווען דער זיידע מענדעלע מוכר ספרים האָט זיי געגומען פאַראייביקן אין זיין אייביקבלייבנדיקער מאָזאַאיק, וואָס באַשטייט פון „ספרימלעך" און „מעשה-ביכלעך".

געוויס איז מענדעלע אַלט, ווען דער יידישער שטיינער, וואָס ער האָט אַזוי ע כ ט - יי ד י ש - ש ט יי נ ע ר י ש פאַראייביקט אין זיינע ספרים, איז שוין געווען לאַנג לאַנג אַלט און ווייס-באַהאָרט, גרוי-באַבערדיקט. ווען מענדעלע האָט זיינע דימענטענע ווערק געגומען שלייפן.

ווארום מענדעלע מוכר ספרים אַליין, געשאַצט אין צייט — איז אַזוי צו זאָגן, דער שריפטשטעלער פון דער לאַנג-לאַנגער יידישער פאַרגאַנגענהייט, — דער שריפטשטעלער פון דעם „פּלוסקוואַמפּערפעקטום" אין אונדזער יידיש לעבן.

געוויס איז מענדעלע אַ ל ט — קיין אַ ל ט ק יי ט אָבער איז אין אים, אין זיינע אייביקע ווערק ניטאָ, ניט צו שפּירן. ווי מען שפּירט ניט קיין אַלטקייט אין אומשטערבלעכע מאָלערישע ווערק, אָדער אַרכיטעקטאָנישן דענקמאָל, איבער וועלכן און פאַרביי וועלכן יאָרהונדערטער גייען אַדורך אָן צו לאָזן די מינדעסטע שפּור.

מענדעלע איז אַלט? געוויס. ער איז אָבער דאָך ניט אַלט. אין זין פון אַ ל ט וו ע ר ן. דען:

עס איז שייך צו אָנווענדן דעם באַגריף, דאָס וואָרט אַלט ווערן, פאַר זאַכן

און קעגנשטאַנדן, וואָס האָבן אַ צייטווייליקן ווערט, ניט קיין אייביקן.

נאָר צו דעם, וואָס פאַרמאָגט פאַר זיין עקזיסטענץ אַ באַשטימטע צאָל יאָרן, מעג ווי גרויס עס זאָל ניט זיין די דאָזיקע צאָל, קען אָנגעווענדעט ווערן דער באַגריף אַלט ווערן.

דאָס אָבער, וואָס איז, לכתחילה, אייביק, לכתחילה אייבער־און אויסער פון אַ יאָרן־ציפער, צו דעם איז דאָך אַן אומזין צו אָנווענדן דאָס וואָרט „אַלט" און און דעם באַגריף פון: אַלט ווערן.

אַלט ווערן קען אַ זאַך, וואָס איז אַמאָל יונג געווען. מענדעלע מוכר ספרים איז דאָך אָבער געקומען אַ באַ בשנים. דער באַגריף מענדעלע מוכר ספרים אליין זאָגט דאָך עס. ער איז שטענדיק אַזוי געווען. און אַזוי איז ער. און אַזוי פאַרבלייבט ער: שטענדיק דער זעל־ביקער, דער אומפאַרענדערבאַרער, דער מאָלער פונם יידישן „פּלוסקוואַמפּער־פעקטום־שטייגער". דער מאָלער, וואָס האָט געמאָלן די יידישסטע קונסט־בילד, דער קינסטלער, וואָס האָט געשאַפן די יידישסטע מאָזאַאיק אַזוי, אַז דער הויך פון יאָרהונדערטער האָט זי גלייך באַהויכט, און דער חן פון אייביקייט האָט זי, בעתן שאַפן זעלבסט, גלייך און שוין באַחנט.

די מענדעלע־מאָזאַאיק איז אַלט, געוויס. ווייל אַזוי איז זי אָרגאַניש, וועזנטלעך, פון איר עצם־אַנטשטייאונג. אַלט אָבער ווערט זי ניט, ווייל אַלטקייט האָט ניט און קען ניט האָבן אויף איר קיין שליטה.

די מענדעלע־מאָזאַאיק איז אַלט, געוויס, קיין אַלטע אָבער איז זי ניט און וועט קיינמאָל ניט ווערן.

— 3 —

## פון אַ טערטל־טויב ביז אַ קליאַטשע

אין זיין וואונדערבאַרער מאָזאַאיק האָט דער זיידע מענדעלע ליב געהאַט אָפט, זייער אָפט, צו באַנוצן זיך מיט אַלעגאָריעס. עס איז געווען זיין באַליבטס־טער אופן פון שרייבן, פון שליפן, ווי ער פלעגט זאָגן און ווי מען דאַרף זאָגן, ווען מען רעדט וועגן זיינע ווערק.

פאָרשער פון ליטעראַטור־געשיכטע וועלן געוויס אויסגעפינען און אָנווייזן אויף אָביעקטיווע סיבות — אַ גאַנצע רייע אפשר — וואָס האָבן גורם געווען פאַר דעם: די שטרענגע צענזור אין די צאַרישע צייטן, דער משכילישער כאַ־ראַקטער פון מענדעלעס ערשטע ווערק א. א. וו.

מעגלעך. מיר אָבער, היינט דאָ, גייען אַבסאָלוט ניט אָן די דאָזיקע מאָ־טיוון. וועמען קען דען, אין אַן אַלט בילד אינטערעסירן, פאַרוואָס דער מאָלער האָט גענומען די פאָרם פון ליכט, שאָטן, פון מאָרעל אָדער פון פאַן פאַר זיין בילד — און ניט קיין אַנדערע?

אזא איז די בילד — און אזוי דארף מען זי נעמען; שטיין נעבן איר און באוואונדערן זי; און אז מ'קען, טראכטן וועגן איר און איבער איר — און צו גריבלען זיך און פארטראכטן זיך פארוואס זי איז אזוי און ניט אנדערש — און אויב די בילד, אזא ווי זי איז, אויב זי רופט ארויס ביי אונדז שטימונגען און אידייען-אסאסיאציע, לאמיר ניט זוכן קיין באזונדערע „בארעכטיקונגען" פאר דעם, נאר אויפנעמען אזעלכע אידייען-פארבינדונגען, ווי זיי שפינען זיך, ווי זיי וועבן זיך אין אונדז אויס, נעבן דעם זיידנס בילד שטייענדיק, כמיין זיינע אייביקע ווערק בלעטערנדיק.

דער זיידע האט ליב געהאט אלעגאריעס — און ברייט זיך מיט דעם באנוצט.

דער זיידע האט ניט פיינט געהאט אויך סימבאליזירונגען אין זיינע ווערק דערפאר האבן זיינע העברעאישע ווערק דעם אמתן טעם פון מדרש. און זיינע ווערק אין יידיש — זיינען אויך מדרש און אגדתא. זיכער: ווען מדרש און אגדתא, וואלטן לכתחילה געווען געשריבן, געשאפן אין יידיש — וואלטן זיי אזוי געווען, אזוי אויסגעזען, ווי מענדעלע אין זיינע צוואנציק בענדער. פונקט ווי מענדעלעס ספרים — אן אות ניט געענדערט, א פאסטעמקע ניט געמינערט.

נעם איך, ארויס פון ביבליאטעק זיינע ווערק און בלעטער זיי. זאפ זיך אן מיטן הויך פון אייביקייט, וואס רוט אויף זיי. דרינג זיך דורך מיטן חן פון דעם מדרש-אגדה און מיטן אופן פונם משל למה הדבר דומה, וואס שטראלט פון זיי ארויס מיט טויזנטער חנען ווי פון אנטיקע ווערטן.

און עס ווערן געבוירן, עס אנטשטייען אידייען-אסאסיאציעס, איז שייכות מיט דעם; צי גוטע, צי שלעכטע, צי שיינע, צי מיאוסע, צי קלוגע, צי נארישע, צי ווארהאפטיקע, צי טעותדיקע — איך בין ניט אומשטאנד, און איך וויל איצט ניט זיך פאנאנדערקלייבן אין זיי. איך פארצייכן זיי אזוי ווי זיי זיינען, ווי זיי זיינען צו מיר געקומען, אונטערן הויך פון דעם זיידנס „מגיד" (אין זין פון נייסט. וויביים בית-יוסף, ביי ר' יוסף קארו, וואס האט געהאט א „מגיד", אן אונטערזאגנדיקן גייסט), וואס שטראלט ארויס פון זיינע ווערק.

צוערשט די קליאטשע. די באליבטסטע אלעגאריע פונם זיידן מענדעלעס מאזאאיק. דאס פאפולערסטע אלעגארישע בוך ביי יידן און דער ספר הבהמות, דאס קעלבל פונם תוספות יום-טוב.

דאס יידישע פאלק איז געגליכן געווארן צו א קליאטשע.

אין דעם פרט פון אלעגאריעס איז אויך מענדעלע טיף-שטייענריש, אין אונדזער אלטער טראדיציע, איז ער ביז די אור-קוואלן זעלבסט, איינגעווארצלט:

תלמוד און מדרש — אפערירן דאך אזוי פיל מיט אלעגאריעס, מיט משלים, און מיט סימבאליזאציע.

זיי האבן אויך ליב געהאט, אפט, צו זוכן און מאכן פארגלייכונגען פאר דער כנסת ישראל:

האבן זיי אזוי ארום, פארגליכן אמאל די כנסת ישראל צו א טויב. אויפן סמך פון א פסוק אין שיר השירים אשר לשלמה:

— כנסת ישראל ליונה מתילא —ווערט געזאגט אין דער גמרא ברכות —

דאָס יידישע פאָלק איז צו אַ טויב געגליכן; וואָרום אין שיר השירים ווערט גע-זאָגט: יונתי בחגוי הסלע בסתר המדרגה, מיין טייבעלע אין פעלדזן-שפּאַלט אין דער פאַרבאָרגעניש פון דער באַרג-טרעפּ.

עס איז אַ וואַרימער, צאַרטער, לאַשטשענדיקער, ליבנדיקער פאַרגלייך: צו אַ צאַרט טייבעלע, צו אַ טערטל-טויב איז דאָס יידישע פאָלק געגליכן.

איז געקומען דער זיידע מענדעלע מוכר ספרים, דער טיטאַן, וואָס איז אין דער מסורה איינגעוואָרצלט, און פון דער מסורה די אַלעגאָריע, אַלס אַ מיטל פאַר זיין שאַפונג גענומען, און האָט אויך פאַרגליכן די כנסת ישראל; אָבער ניט צו אַ צאַרטער, פיינער, צו אַ ליבע-רופנדיקער טערטל-טויב. נייערט צו אַן אַל-טער מיאוסער קליאַטשע.

און מערקווירדיק: פּונקט ווי זיי, ווי די חכמי-התלמוד, האָט ער זיין פאַר-גלייך באַזירט אויף אַ פסוק און וואָס נאָך מער מערקווירדיק, גלייך ווי זיי, ווי די בעלי-אגדה, האָט ער זיין אַלעגאָריע באַגרינדעט אויף אַ פסוק פון דעם זעלבן ספר, פון שיר השירים, פון וואַנען זיי האָבן פאָרמולירט זייער פאַרגלייך מיט אַ טויב:

— די כנסת ישראל איז געגליכן צו אַ קליאַטשע, שנאמר, דען עס איז פאַ-ראַן געזאָגט אין שיר השירים — „לסוסתי ברכבי פרעה דימיתיך רעיתי“, צו אַ קליאַטשע אין פרעה'ס רייטוואָגנס האָב איך דיך געטון פאַרגלייכן מיין געזעלן.

די בעלי-אגדה האָבן זייער פאָלק געזען ווי אַ צאַרטע טויב, וואָס וואָרקעט און רופט אין באַנג איר געליבטן.

רבי מענדעלע האָט געזען זיין פאָלק, ווי אַ בידנע ,אַלטע, אויסגעהאָרעוועטע, דאַרע, קוואַרע קליאַטשע, וואָס ווערט געשלאָגן, געפּאַסעוועט, גערודפט און גע-פּייניקט פון יעדן אויסוואָורף און מנובל.

אַ טויב און אַ קליאַטשע: צוויי אַלעגאָריעס פאַר איין פאָלק, פון איין בוך אַרויסגעדרונגען.

וועלכע אַלעגאָריע איז אונדז ניחא'ר?

ניין, ניט אַזוי דאַרף דער זאַץ פאָרמולירט ווערן:

— אַ טויב אָדער אַ קליאַטשע, וועלכע פון די צוויי אַלעגאָריעס איז טרע-פעכער, ריכטיקער, וואַרהאַפטיקער?

ווי ווען — איז דער ענטפער אויף דעם, וואָס ציט זיך צו מיר פון צווישן די דפים פון דער „קליאַטשע“ פון מענדעלעס „מגיד“ אונטערגעזאָגט — ווי ווען.

פאַרצייטנס, אפשר, איז די כנסת ישראל געגליכן געווען צו אַ טויב, וואָס טוט וואָרקען שטיל אין איר נעסט אין דעם פעלדזן-שפּאַלט. צאַרט רופט זי איר געליבטן; שטיל פאַרבאָרגט זי איר קאָפּ אונטער איינע פליגל; און ווען זי פאַרלאָזט שוין די נעסט, איז עס נאָר אויף אַ ווייל, כדי אָוונט-צייט צוריק צו שוועבן מאַיעסטעטיש, צו איר און אין שטילער, זאַנפטער צאַרטקייט קושן זיך אין די פיסקלעך מיט איר בן-זוג, וואָס טוט שוין, מסתמא, וואַרטן אויף איר אין דער נעסט.

פאַרצייטנס, אפשר, האָט מען געקענט פאַרגלייכן אונדזער פאָלק צו אַ טערטל-טויב און זאָגן לירישן-באַנג די ווערטער:

— יונתי בחגוי הסלע בסתר המדרגה... און די ווערטער פון ריינער, זאנפ־טער לאסקע, וואס פאלגן ווייטער ביזן סוף פון דעם פסוק. און די בעלי־אגדה האבן רעכט געהאט, ווען זיי האבן, דאן, סענטענציעז, פארמולירט:

— כנסת ישראל ליונה מתילא.

דער זיידע מענדעלע, אז ער האט זיך פארטראכט צו געפינען א פאסיקע אלעגאריע פאר דער כנסת ישראל פון זיין צייט; און אז ער האט זיך א נעם־געטון, ווי יענע, פארן שיר השירים, האט געהאט פאר זיך שוין אן אנדער מין כנסת ישראל... גאר ניט קיין טויבנארטיקע.

דער בייזער און הארציקער ז יי ד ע האט מיט זיין אדלער־בליק, תיכף געפונען דעם פארגלייך.

— צו א קליאטשע ביסטו ענלעך, צו אן אלטער, פוילער, מיאוסער, דער־שלאגענער, פארהונגערטער און דאך רחמנות־דערוועקנדיקער קליאטשע ביסטו, מיין פאלק, געגליכן. שנאמר, ווארום עס איז פאראן געזאגט:

— לסוסתי ברכבי פרעה דימיתיך רעיתי. צו א קליאטשע אין פרעה׳ס רייטוואגן טו איך דיר גלייכן, מיין געזעלן.

— צו א קליאטשע ביסטו געגליכן, מיין פאלק. צו א פארשמיסן־ווערנדיקער, געפייניקט־ווערנדיקער קליאטשע.

פארוואר:

— ווי א קליאטשע ביסטו פויל צו גיין אליין. און אויב דו רירסט זיך שוין יא ווען, איז עס נאר אונטער שמיץ פון דער בייטש פון דיינע טרייבער, פון דיינע פייניקער, פון די, וואס האלטן דיך אין שפאן און מוטשען דיך.

צו א קליאטשע ביסטו געגליכן, מיין פאלק, צו אן אויסגעדייוווערטער, פאר־מאגערט געווארענער, פארהונגערט געווארענער קליאטשע.

דען:

ווי א קליאטשע, טוען דיך דיינע פיס טראגן און טרייבן, פירן און רירן נאר אהין, וואו דיין זיך יאטערנדיק, האלב־בלינד אויג דערזעט פרנסה־פאשע, אביסל חיונה־גראז צו אנזעטיקן די פארהונגערטע איינגעווייד.

און ווי א קליאטשע, א בידנע, א פארווארלאזע, א פון גאט און לייט פארגעסענע, אז דו זוכסט פאשע, מיין פאלק, קלייבסטו ניט איבער, צי דאס קומט פון ד יי ן פעלד, צי פון פרעמדע פעלדער אדער לאנקעס.

די אלעגאריע פון זיידע מענדעלע איז טרעפנדיקער, שארפער. — כאטש ווימוטיק איז זי — ווי די אלעגאריעס פון די בעלי־אגדה, וועלכע האבן געוואלט נאר זען די כנסת ישראל ווי א צארטע טערטל־טויב, הגם שוין דאן, אין יענע צייטן זייערע, איז געווען מער טרעפלעכער, מער ריכטיקער צוצוגלייכן זי צו א... קליאטשע.

צוויי פארגלייכונגען: א טויב און א קליאטשע: וועלכע פון די דאזיקע צוויי אלעגאריעס וועט זיין די מער פאסנדע, פאר דער כנסת ישראל, אין דער נאענטער צוקונפט? — עגבערט מיר א גערראנק.

און איך פארטרייב אים פון מיר: — „ניט דאס בין איך אויסן“.

ווי קען א פאלק אפשאצן זיין ריכטיקע לאגע?

וועןְ עס פארגלייכט די פארגאנגענהייט מיט דער קעגנוואַרט.

באַרצייטנס — אַ טויב; איצט־צייטנס — אַ קליאַטשע...

בייזער, האַרציקער זיידע מענדעלע: ווי שמערצלעך, אָבער ווי טרעפלעך.

און דער „מגיד“ פונם זיידן קוקט אַרויס צו מיר מילד און צאַרנדיק, שאַרף־קלוג און שמייכלענדיק פון צווישן זיינע ספרים, וואָס זיינען פול־איבערפולט מיט אַזעלכע בייזע שטראָפנדיקע, אָבער האַרציקע און וואַרימע אַלעגאָריעס.

— 4 —

## סימבאָליק אין דעם זיידנס מאָזאַאיק

און איך בלעטער און בלעטער ווייטער דעם זיידנס ווערק און אויף דער קאַנווע פון זיינע משלים, פאַראַבאָלן, אַלעגאָריעס, אַלט־שטיינער־בילדער, אַר־כאַאישע אַנטיקע צאַצקעס, וועבן זיך ביי מיר געדאַנקען איבער געדאַנקען, גע־דאַנקען אויף געדאַנקען און געדאַנקען בתוך געדאַנקען; טאַקע ווי ביים זיידן: אַ מעשה בתוך מעשה, און אַ מעשה על גבי מעשה... אַ געווירבל אַ גאַנצער.

און תוך כדי דיבור כאַפּ איך זיך אליין אויף דער מחשבה, אַז דער זיידע איז מיט זיינע וואונדערבאַר־דערציילטע מעשיות אפשר נאָר אויסן געווען ניט נאָר דעם אַנטיקן יידישן שטיינער צו כאַראַקטעריזירן, צו פּאַראַייביקן, נייערט ער האָט אויך אפשר געוואָלט געבן סימבאָלן נאָר און גאָר, סימבאָלן פון און פאַר זיין יודעל, זיין קראַנק יודעל, וועמעס לעבן איז זייער אַ טרויעריק לידל.

עס דאַכט זיך מיר, אַז דער זיידע האָט ניט געזוכט צו שאַפן קיין אינ־דיווידועלע טיפן, נאָר, ממש, קאָלעקטיווע סימבאָלן פאַרן פאָלק.

אַלע זיינע ווערק — אַזוי דאַכט זיך מיר איצט, זיינען אויסן געווען ניט דאָס, וואָס ער פלעגט זאָגן, אַז „ניט דאָס איז ער אויסן“, נייערט עפּעס אַנדערש טאַקע.

אַלע זיינע ספרים זיינען ,דאַכט זיך, איין גרויסער סימבאָל; מען דאַרף זיך נאָר אַריינדרינגען אין זיי, אָנכאַפּן אין זיך דעם הויך פון זייער אַנטיקייט און מען טאַפּט גלייך אָן דעם סימבאָל:

פּישקע דער קרומער: ווער און וואָס נאָך, ווי דער דאָזיקער פאַרשוין, קען אַזוי נעט סימבאָליזירן אונדזער פאָלק אין גלות. עס איז דער גריילעכסטער קאָלעקטיווער סימבאָל פון אונדזער פאָלק, וואָס נאָר אַ קינסטלער פון גאָטס גענאָד האָט געקענט באַשאַפן אַזעלכן.

— קרום און אויף די פיס הינקענדיק איז פּישקע דער ייד, וואָס הויערט אין גלות־באָד, ווי אַ וואָרעם אין כריין און וויל פון דאָרטן ניט אַרויס, מיינענ־דיק אַז קיין זיסערס פון זיין כריין איז ניטאָ. די כנסת ישראל הינקט און זינקט אין גלות, אָן אַ באָדן אונטער די פיס.

און פאָנפעוואַטע איז זי, רעדנדיק און שאַפנדיק אויף שפּראַכן פרעמדע, ווי

דען אנדערש קומט עס אַרויס אויב ניט, ווי ווערטער פון אונטער אַ נאָז, וואָס פּאַנפּעט?

און די שידוכים און זיווגים אירע? זיינען זיי דען ניט הערלעך סימבאָליזירט אין פּישקע דעם קרומענס שידוך?

און אָט זיינען די מ ס ע ו ת פון ב נ י מ י ן ה ש ל י ש י.

— גוט-מאָרגן פאַנטאַזירנדיקער שווערמער, האַרציקער יידישער ריטער פון טרויעריקן, נעבעכדיקן געשטאַלט, ריטער פון אונדזער לאַמאַנטש, דמתקריא: טונעיאַדעווקע! גוט-מאָרגן בנימקע דאָן קיכאָט!

— גוט-מאָרגן פּאָזיטיווער, האַרציקער, געטרייער סענדערל-סאַנטשאָ-פּאַנסאַ, וואָס דו פלעגסט טון זיצן אויף דער מילכיקער באַנק און פלעגסט טון שיילן קאַרטאָפל.

אייערע וואונדערבאַרע פּאַסירונגען, די מעשה-נוראס, וואָס האָבן אייך געטראָפן, האָבן געטראָפן און טרעפן ניט נאָר אייך אליין, נאָר דער גאַנצער כנסת ישראל.

און איר אליין זענט אין גרונט געווען ניט נאָר א י ר א ל י י ן, נייערט דער קאָלעקטיווער פאָלקס-טיפּ, די כנסת ישראל איז אין אייך פאַרקערפּערט און דורך אייך סימבאָליזירט.

— איר גלויבט ניט?

— נאַט, קוקט, זעט און איר וועט אייך אליין איבערצייגן, אַז די גאַנצע שטרעבונגען פון אונדזער פאָלק זיינען סימבאָליזירט דורך בנימין-איש-טונעיאַדעווקע און דורך זיינע מוראדיקע נסיעות.

רייסן מיר זיך דען ניט צו די „רויטע יידעלעך“, ווי בנימין-איש-טונעיאַדעווקע האָט זיך געטון רייסן אַהינצו, מיינענדיק און טרוימענדיק, אַז דאָס גאַנצע גליק שטייט אײן נאָר ב יי און צ ו י ש ן די „רויטע יידעלעך“; אַ סימבאָל אין וועלכן עס שטעקט אַ שטיק נבואה...

וויל דען אונדזער פאָלק ניט פאָרן קיין ארץ-ישראל פּונקט מיט אַזאַ שטאַרקן ברען, ווי דאָס האָט געוואָלט טון ער, בנימקע פון טונעיאַדעווקע?

און פּונקט, ווי ער, ווייסן מיר ניט אליין דעם וועג אַהינצו; און מ י ר מ ו ז ן אָ נ ק ו מ ע ן צ ו ם ג ו י; און מיר פרעגן אים, ער זאָל אונדז דעם וועג ווייזן; דעם וועג, וואָס פירט אונדזער פאָלק קיין ארץ-ישראל...

איך עפן-אויף דאָס פינפטע קאַפּיטל פון אונדזער יידישן דאָן-קיכאָט, לייען אים איבער-און-ווידער; און איך שווער אייך בנאמנות, אַז דער אייביק-לעבנדיקער זיידע האָט, ממש, נביאיש סימבאָליזירט אין אים די ה י ס ט אָ ר י ש ע ג ע ש ע ע נ י ש ן, וואָס אונדזער פאָלק האָט דורכגעמאַכט, לפּחות פאַר די לעצטע צוויי צענדליק יאָר; ניט אַנדערש, אַז דער קינבטלער אין אים האָט מיט ר ו ח ה ק ו ד ש געזען אויך פאָראויס ניט נאָר דאָס... פאַרגאַנגענע, דאָס שטענדיקע אין אונדזער געשטאַלט און אונדזער לעבן.

אַלע געשעענישן פון יידישע נסיעות פון בירא-בידזשאַן ביזן טייך ירדן און די הרי-יהודה...

— איר געדענקט די סצענע, אין דעם פינפטן קאפיטל פון מסעות בנימין השלישי?

„סענדערל — האט בנימין געזאגט — עס שאדט, כלל ניט, א פרעג צו געבן דעם ערל מכות דעם וועג. גיי אויף ציקאוועשט, גיב א פרעג"...

און ווייטער:

— דאברי דיען! קאזשי נא, טשעלאוויטשע, קודי דאראגי אויף ארץ-ישראל. (גוט-מארגן, זאג נאר, מענטש, וואו איז דער וועג קיין ארץ-ישראל)...

אונדזער ביטערער גורל איז אזוי טרעפלעך, דא, סימבאליזירט: אויב דער גוי וועט ניט ווייזן (מיט גוטן אמאל, מיט שלעכטן אממיינסטן), ווייסט ניט אונדזער פאלק צו זוכן, צו געפינען דעם וועג צו דעם יידישן לאנד.

און דער סימבאל איז ביזן „קלימאקס" דערפירט:

דער קאלעקטיוו-נאציאנאלער טיפ, בנימקע-סענדערל, ווערן אין באד פארנארט, אין באד פארפירט... אנשטאט קיין ארץ-ישראל געפירט צו ווערן.

איר האט דא די „לעצטע היסטארישע געשעענישן" סימבאליזירט אזוי צו זאגן, נביאיש...

און ניט בלויז שטיינגער, איז צו זען אויף דער הערלעכער מאזאאיקע, אויך פונם זיידנס ווינטשפינגערל... א סך פון די פיגורן און די אויסטערלישע טיפן, וואס זיינען אין יענער וואונדערבארער גאלעריע אויסגעקריצט געווארן — זיינען אויסגעצייכנטע סימבאלן...

— 5 —

## ווי איך וואלט דעם זיידנס מאזאאיק אויסגעקריצט

און איך טראכט ווייטער:

— ווען איך וואלט געווען א קינסטלער אין גאלד- און זילבער-קריצעריי, און דימענטן-איינפאסונגען, וואלט איך דעם זיידנס וואונדערבארע יידישע מאזאאיק, זיין גאנצע גאלעריע פון אויסטערלישע פארשוינען, די אנטיקלאך און חפצים פון דעם לעבנס-שטייגער, וואס איז אין דער דאזיקער מאזאאיק זיינער געמאלט, געקריצט און פלאסטיצירט, פאראייביקט און פאראייניקט אויף איין גרויסן אלט-יידישן אנטיקן גינגאלדענעם קידוש-הבדלה-בעכער, מיט דימענטן איינפאסונגען, מיט שטיינדלעך באצירונגען. און אלץ אין מיניאטור; און אין אלטן זילבער וואלט איך דעם דאזיקן קידוש-הבדלה בעכער געלאזט אויסקריצן, און אויף אים וואלט איך אויסגעקריצט אלע ה ע ל ד ן זיינע, מיט זייערע תנועות און האוואיעס, ש ט יי נ ע ר און ב יי נ ע ר, מלבושים און הנהגה, מיט דער גאנצער א ס ט ע - א ו ן - מ א ס ט ע זייערער — ווי דער זיידע פלעגט זאגן; און קיין זאך זאל דארטן ניט פעלן:

עטרות פון טליתים, ראצעמארענע זשופיצעס, טשערקאסענע קאפאטעס, ברעסלער זאקן, פליסענע היטלען, שיך און זאקן, אטלאסענע כאלאטלעך, קרוינען צו ספרי-תורות, א בויד מיט ספרי-רומ"ל, געשלעפט פון א בידנער קליאטשע,

אויף וועלכער די פעל הענגט. און די קליאטשע פיטערט זיך דארטן אויף דער לאנקע, וואס זעט אויס שבעה-עשר בתמוזדיק; און נעבן דער בויד ליגן ר׳ מענדעלע און ר׳ אלטער און קוקן פון ווייטן, אין דער ווייט-ווייטער פערספעק-טיוו אויף דער עדה קבצנים, דלפנים, אמתע און נעפעלשטע קאליקעס און מקבלים, וואס טאנצן א קאראהאד אין לופטן, — ווי אין שאגאלס אנטיקן — איבער די אויסגעקרומטע, איינגעהויקערטע הייזקעס פון גלופסק, קאבצאנסק און טונעיאדעווקע, די אפעלאטיווע נעמען פון די קהלות הקודש בכל אתר, ואתר.

און בנימין און סענדערל, ביים ראנד פונם הבדלה-בעכער, וואלט איך גע-לאזט, ריטערלעך, רייטן אויף א בעזים און פרעגן דעם פויער, וואס פארט רואיק איבערן שטויביקן וועג:

— זאג נאר, מענטשל, וואו איז דער וועג, וואס פירט קיין ארץ-ישראל...

אט אזוי וואלט איך אויסגעקריצט דעם זיידנס מאזאאיק אויף א קידוש-הבדלה בעכער.

אט אזוי, מיטן צונאב פון אן אונטערשריפט:

— ניט דאס בין איך אויסן...

.1936



# שלום עליכם

## פרקים צום צוואַנציקסטן יאָרצייט

— 1 —

### מיט צוואַנציק יאָר צוריק איז נסתלק געוואָרן דאָס געלעכטער

מיט צוואַנציק יאָר צוריק, אין אַזאַ טאָג ווי היינט, איז אין ניו־יאָרק, אין שווערע ליידן, אויסגעגאַנגען דאָס יידישע... געלעכטער.

און פון דאַן אָן ביז היינט צו טאָג, איז פאַרשטערט געוואָרן, פאַרשוואונדן געוואָרן, נסתלק געוואָרן דאָס געלעכטער פון די געמאַרקן פון ישראל; און פאַר־בליבן איז נאָר עצבות, צער, וויימוט, אָן אַ ליכטיקן שטראַל פון געלעכטער, וואָס זאָל זיין ביכולת צו צערייסן די שווערע כמאַרעס פון פאַרדאַגהטקייט, פון מרה-שחורהדיקייט, וואָס הענגען איבער די הימלען אונדזערע, ווי אין אַן אומענד־לעכן בלייענעם, טריבן האַרבסט.

שלום עליכם איז אין יענעם טאָג אַריבער פון צייטווייליקן צו אייביקן לעבן, פון שטערבלעכקייט צו אומשטערבלעכקייט. און מיט אים, זיינען פאַרשטאָפּט געוואָרן די צינורות פון געלעכטער, וואָס מאַכט געזונט, וואָס רייניקט דעם געמיט, הייטערט אויף דאָס פּנים און מאַכט ליכטיק-לייכט אויפן האַרצן, אפילו ווען דאָס לעבן אַרום דריקט-און-שטיקט מיט קלעמענדיקע צוואַנגען.

מיט צוואַנציק יאָר צוריק, אין אַזאַ טאָג ווי היינט — האָט דאָס יידישע פאָלק געליטן די גרעסטע אבידה פאַר יאָרהונדערטער; אַן אמתע אבידה שאינה הוזרת; דאָס געלעכטער, דאָס שפּרודלדיקע קייכנדיקע געלעכטער, דאָס אמת האָמערישע געלעכטער, וואָס איז רואיק, עכט, טיף און טענדרעצלאָזיק געלעכ־טער ניט צוליב א ו י ס ל א כ ן, נאָר פּשוט געלעכטער צוליב זיך אליין, צוליב ג ע ל ע כ ט ע ר, איז אָפּגעשטאָרבן ביי יידן. און דער טיפער טרויער, וואָס האָט דאַן — די ערשטע צוויי יאָר פון דער וועלט-מלחמה — איינגעהילט דאָס יידישע לעבן אין די אַלטע היימען, וועלכע זיינען געלעגן אין רואינע פון מלחמה, רדיפות און גירושים, דער טיפער טרויער און שווערסטער פּיין, איז טיפער געוואָרן, שווערער געוואָרן, פאַרדאָפּלט געוואָרן אין זיין דריקנדיקער משא.

מיט צוואַנציק יאָר צוריק אין אַזאַ טאָג ווי היינט, איז צווישן דער קאַסרי־לעווקע, וואָס האָט „געמופּט" קיין ניו-יאָרק, צווישן די קליינע מענטשעלעך, וואָס זיינען ניט געוואָרן גרעסער דערפאַר, וואָס זיי האָבן אויסגעביטן דעם גלות פון קאַסרילעווקע אויף דעם גלות פון דער איסט-סייד אין דער „גרייטער ניו-יאָרק",

נעשטאָרבן דער גרויסער דיכטער, וועמעס לעבנס־גענאַנג איז געווען איין גרויסע פּאָעמע פון זוניקן שמייכל, איין גרויסע פּאָעמע פון האַרציקן, מהיהדיקן לאַכן...

צוזאַמען מיט זיין קאַסרילעווקע, וואָס איז דאָן פאַרגאַנגען אין רויך פון דער וועלט שריפה, האָט דער דיכטער „געמופּט“, געצוואונגען געווען צו „מופן“, אַנטלויפנדיק פון דער שריפה פון אייראָפּע, כדי צו אויסגיין אין דער ק אַ ל ט ע ר, האַרטער פאַרבי:נעסעוועטער אַמעריקע.

און זייט דאַן האָט זיך אויפן יידישן פּנים קיין געלעכטער גאָר ניט געוויזן; רק טרויער, רק אָנגעכמורעטקייט, רק רוגז פון דער גרויער שווערער ווירקלעכקייט פון לעבן, וועו ניט וועון נאָר און וואו ניט וואו, זייער זעלטן, זייער זעלטן, רייסט זיך צוכאַלס דורך אַ שוואַכער שמייכל, אויף דעם אָנגעכמורעטן, דעם פון יסורים־קנייטשן צעאַקערטן געזיכט פון אונדזער יידישער ליטעראַטור, אַ שוואַכער שמייכל, וואָס איז געגליכן צו אַ שווינדזיכטיקן זון־שטראַל אין אַ טריבן, נאַסן, קאַלטן האַרבסטיקן טאָג, וואָס רייסט זיך קוים מיט מאַטערניש דורך די ימים פלאַכעס פון די שווערע וואָלקנס, מיט אַ מילדן בלייכן קוק אויף דער פאַרקאַטערטער אָנגעברוגזטער וועלט און ווערט גלייך פאַרשטיקט, דערשטיקט, דערדריקט דורך די עטלעכע י ו ס ט ע כ מ א ר ע ס, וואָס רוקן זיך אָן אויף אים אויפן שמייכל־שטראַל פון אַלע זייטן, ווי זיי וואָלטן אים מ ו ס ר ה א פּ ־ ט י ק געשטראָפט:

— קודם איינער! ווי וואַגסטו צו שמייכלען אין אַזאַ צייט, ווי איצט? וואָס פאַרא שמייכלען גאָר, אין דער מיט פון קאַלטן פייכטן האַרבסט? צוריק אין דיין רו אריין, אין די גוצעלטן פון גרויער שווערער פאַרזאָרגטקייט!

און דער שמייכל־שטראַל פאַרשווינדט, און ווידער בלייבט שווער האַרבסטיק, טרויעריק, געמיט־דריקנדיק, קאַלט און אומהיימלעך, אָן דער וואַרימקייט פון אַ שמייכל — וועגן געלעכטער איז שוין אָפּגערעדט — אין די געצעלטן פון אונדזער יידיש שאַפן.

צוואַנציק יאָר אַזוי, פון פיינלעכן ערנסט, פון שווערער יוסטקייט, פון דריקנדיקער הויכנאַטירלעכקייט, פון טרוקענעם רעאַליזם, פון מ ת נ ג ד י ־ ש ע ר וואַרהאַפטיקייט, אָן אַ טראָפּן פון חסידישער וואַרעמער שמייכלענדיקייט — אין אונדזער ליטעראַטור, אין אַלע צענטערן, וואו זי ווערט געוועבט און געשאַפן.

צוואַנציק יאָר אַזוי. זינט אין אַזאַ טאָג ווי היינט, איז אין ניו־יאָרק געשטאָרבן דער גרויסער מייסטער פון יידישן לאַכן, אונדזער גרעסטער הומאָריסט פון אַלע צייטן.

זינט שלום עליכם איז געשטאָרבן.

— 2 —

## דער מהלך פון לאַכן ביז אויטלאַכן

„דאָ ליגט אַ ייד אַ פּשוטער, — געשריבן יידיש־טייטש פאַר ווייבער — און פאַרן פּראָסטן פאָלק איז ער — געווען אַ הומאָריסט אַ שרייבער“.

„דאָס גאַנצע לעבן אויסגעלאכט, — געשלאָגן מיט דער וועלט כפּרות. —
די גאַנצע וועלט גוט געמאכט — און ער — אוי ווײ — געווען אויף צרות“.

די דאָזיקע שווערע, האַמעטנעוואַטע פערזן האָט שלום עליכם געלאָזט פאַר זײַן עפּיטאַפיע. זײ קומען מיר אויפן זינען הײַנט, אין דעם טאָג פון זײַן צוואַנציקסטן יאָרצײַט.

און עס טראַכט זיך מיר:

דער פאַרטרויערטער, אומעטיקער הומאָריסט, ווען ער האָט געשריבן די דאָזיקע גראַמען פאַר זײַן עפּיטאַפיע — וואָס איז ער מיט דעם אויסן געווען? א שפּיצל, א געלעכטער, אפילו פונם טויט זעלבסט; אָדער ער האָט ערנסט געמיינט צו אָנצײכענען אַן אויטאָ-כאַראַקטעריסטיק, אַן אויטאָ-אָפּשאַצונג אין די דאָזיקע נעצײלטע גראַמען, וואָס מאַכן אַן אײַנדרוק מער פון צוגעטראַכטקייט, ווי פון נאַטירלעכקייט?

אויב דאָס איז געווען א שפּיצל, וואָס דער געניאַלער קונדס האָט געוואָלט מאַכן איבער דער קאַלטער האַרטקייט פון דעם מצבה-שטײן, איז עס פאַרשטענדלעך — א הומאָריסט א שרײַבער לאַכט פון דער עפּיטאַפיע-„ליטעראַטור“. אָבער אויב שלום עליכם האָט געמיינט צו געבן דאָ, באמת, אַן אויטאָ-אָפּשאַצונג פון זײַן קינסטלערישן און דיכטערישן מהות האָט ער ניט געטראָפן; ווײַל עס איז ניט דאָס.

„דאָס גאַנצע לעבן א ו י ס ג ע ל א כ ט, געשלאָגן מיט דער וועלט כפּרות“ — עס איז ניט אַזוי: שלום עליכם האָט ק ײ נ ע ם נ י ט „אויסגעלאַכט“, מיט ק ײ נ ע ם נ י ט געשלאָגן קײן כפּרות. שלום-עליכם האָט נ י ט א ו י ס ג ע ל א כ ט גאָרניט און קײנעם ניט, נ ײ ע ר ט ער האָט ג ע ל א כ ט פון אַלעמען און איבער אַלעם.

און א ו י ס ל א כ ן איז ניט ל א כ ן. דער אונטערשייד איז זייער און זייער א גרויסער. דער מהלך פון אויסלאַכן ביז לאַכן איז זייער און זייער א ווײַטער, „פּאָלג מיך א גאַנג“, וואָלט דער זײדע מענדעלע געזאָגט, אַזאַ ווײַטער מהלך, ווי פון א ו י ס ל א כ ן ב י ז ל א כ ן.

עס איז אַזוי ווײַט, ווי פון ג ע ל ע כ ט ע ר ביז ט ר ײ ב ן ש פּ א ס; עס איז אַזוי ווײַט ווי פון ה ו מ א ָ ר ביז ס א ַ ט י ר ע; ווי פון גוטמוטיקייט ביז שטראָפרײדערײ, ווי פון מוחל זײַן מיט א גוטן שמייכל אין די אויגן, ביז צאָרנען מיט א פײַער פון אײַפער אין די בליקן און דערבײַ שפּאָטיש אָפּהוזקן.

האָט באמת שלום עליכם געמיינט, אַז ער האָט „אויסגעלאַכט“ דאָס לעבן און „געשלאָגן מיט דער וועלט כפּרות“? אָדער עס איז געווען בײַ אים נאָר אַזאַ מאָמענטאַנע שטימונג; אָדער עס איז געווען בלויז א הלצה?

ניין, שלום עליכם האָט ניט א ו י ס ג ע ל א כ ט, נאָר ג ע ל א כ ט. אויסצולאַכן האָט פּרובירט מענדעלע דורך די ריטער פון זײַן בײזער, שטראָפנדיקער סאַטירע, וואָס האָבן געשטאָכן ווי שפּיצרוטן אין די אויסגעדײַוועטע קערפּערס פון די פון דער נאָך-גלופּסקער עפּאָכע, פון די קאַבצאַנסקער מקבלים און טונעיאַדעווקער „העלדן“.

שלום עליכם אָבער — ו ו ע ן און ו ו ע מ ע ן האָט ער דען אויסגעלאַכט? ווען און מיט וועמען דען האָט ער געשלאָגן כפרות?

אויסלאַכן מיינט צו זאָגן, האָבן אַ באַשטימטע כוונה, אויסן זיין עפּעס; וועלן פאַריכטן פעלערן, אויסבעסערן עמיצן, דאָס לעבן, די מענטשן דורך סאַטירע; „שלאָגן כפרות מיט דער וועלט“, מיינט צו זאָגן, געבן איר אַ שטראָף פאַר די זינד, וואָס זאָל קומען באַגלייט פון אַ קינסטלערישער פאַרגעבונג.

איז שלום עליכם אויסן געווען דאָס? האָט ער די מינדעסטע כוונה געהאַט, ווען ער האָט געלאַכט, צו ענדערן דורך דעם דאָס לעבן, ווייל עס איז אים חלילה ניט געפעלן געווען אַזוי ווי סאיז, דאָס לעבן? האָט שלום עליכם געמיינט, דורך זיין געלעכטער, צו שטראָפן עמיצן? אַרויסווייזן אונדזער געשטאַלט אין אַ ניט-שיינער שיין? האָט שלום עליכם געהאַט, אין זיין געלעכטער-און-לאַכן וועלכע ניט איז כוונות, טענדענצן צו ברענגען דורך דעם צו פּאָזיטיווירן דאָס, וואָס עס האָט אים אויסגעזען נעגאַטיוו?

חלילה. אַזאַ זאַך איז אים קיינמאָל אויפן זינען ניט געקומען און האָט אים ניט געקענט קומען.

מעגן די הכשרים-שרייבער פון דער פּראָלעטאַרישער „רעצעפּטן-קריטיק“ באַהויפּטן דאָס קעגנזעצלעכע וויפל זיי ווילן — כדי צו כשרן שלום עליכמען אין דעם מאַרקסיסטישן בית-מדרש — וועט עס זיי ניט העלפן.

יעדער בלעטל פון שלום עליכמען איז אַן הכחשה קעגן די דאָזיקע האַרשפּאַלטנדיקע פּלפּולים און דרשות.

שלום עליכם איז ניט געווען אַ טראָפּן אפילו, ניט אַן אונץ אפילו קיין א ו י ס ל א כ ע ר, קיין שטראָפער, קיין כפרות-שלאָגער (מיט דער יידישער בורזשואַזיע און קליינבירגערטום), קיין מוסר-זאָגער, קיין סאַטירע-שרייבער.

נייערט, וואָס דען?

ער איז געווען „אַ ייד אַ פּשוטער וואָס האָט געשריבן יידיש-טייטש פאַר ווייבער און פאַר דעם פּראָסטן פאָלק“, פאַרן ע מ ך, פאַר די מאָטל קאַמזוילס, די הערשקע מאַמציבס. די שוין-איין-מאָל-מישהס, פאַר די ברידער עליעס און פּינים, פאַר די יידישע קינדערלעך און קונדסים; פאַר די בעלי-מלאכה, ווי פאַר די מנחם-מענדלס די מעקלער. פאַר די יידישע גבירים, ווי פאַר די אָרימעלייט, פאַר אַלעמען, פאַר דער גאַנצער כאַליאַסטרע פון קאַסרילעווקע. איז ער געווען אַ הומאָריסט אַ שרייבער“ — אַ שרייבער. וואָס האָט פאַרמאָגט אַן אומדערשעפּלעכן קוואַל פון ל א כ ן — געדענקט-זשע גוט, פון ל א כ ן, אָבער ניט פון א ו י ס ל א כ ן; פון לאַכן, אָבער ניט פון טרייבן שפּאַס; פון לאַכן, אָבער ניט פון שפּעטן; פון לאַכן, אָבער ניט... פון הוזקן — און ער האָט געלאַכט הילכיק, פריש און מונטער, ווי אַ קינד. וואָס לאַכט צומאָלס, אַן אַ פאַרוואָס; ווי אַ קינד, וואָס לאַכט, ווייל סאיז אים גוט, אויפגעלייגט אויפן האַרצן, ווייל דרויסן איז אַ וואַרימע זון, אַ הימל אַ בלויער, און פויגעלעך צווויטשערן און זינגען-צו אַמאָל; ער לאַכט, ווייל... כלאַכט זיך. איי די וועלט איז גאַנץ אָפּט פאַסקודנע, און דרויסן איז קאַלט; און כמאַרעס פאַרדעקן דעם הימל; און מענטשן זיינען צומאָלס מוראדיק שלעכט געמיין און שלאָגן און לאָזן הונגערן, און באַעולהן — נו, איז וואָס?

שפירט מען עס טאקע, אָבער מען נעמט עס אויך אויף דורך... געלעכטער; אויב גאָט האָט נאָר באַשאַנקען מיטן שענסטן, טייערסטן גאָב, וואָס דער אוצר פון זיין יצירה פאַרמאָגט: דער גאָב צו קענען געזונט, פריש מחיהדיק הילכיק לאַכן; לאַכן אַזוי, אַז דער געלעכטער זאָל אָנשטעקן די אַרומיקע און אַריינציען זיי אינם כאָר פון לאַכן.

„ל א כ ן איז געזונט, — דאָקטוירים הייסן לאַכן". א ו י ס ל א כ ן אָבער איז שוין גאָר ניט אַלע מאָל אַזוי געזונט. און אויב דאָקטוירים שרייבן-צו אַלס רפואה — א ו י ס צ ו ל א כ ן, מוז עס זיין אין זייער געמעסיקט קליי-נע דאָזעס; און מען דאַרף גוט אַכטונג-געבן צו פאַרהיטן פון אַ פאַרגיפטונג, וואָס קען קומען דורך אַ צו ראַשיקער אָנווענדונג פון דער „אויסלאַכן-מעדיצין".

שלום עליכם האָט זיין גאַנץ שרייבעריש לעבן ג ע ל א כ ט; ער האָט אָבער קיינמאָל און קיינעם ניט א ו י ס ג ע ל א כ ט; פאַרוואָר:

— אויסלאַכן הייסט מאַכן עמיצן אָדער עפּעס ל ע כ ע ר ל ע ך כדי צו מוסרן, כדי ווײ-צו-טון.

לאַכן, דאַקעגן, הייסט צושטימען, דערמוטיקן, דערהויבן, היילן, טרייסטן.

און דאָס איז געווען שלום עליכם זיין גאַנץ שעפעריש לעבן: אַ היילער, אַ טרייסטער דורך לאַכן, דורך אַ לאַכן, וואָס האָט פאַר קיין פאַל קיינמאָל קיינעם ניט אויסגעלאַכט.

שלום עליכם האָט געלאַכט אָט ווי עס לאַכט צו אונדז די מילדע, גוטע זון, אין אַ פרילינג-טאָג; איר ליבער שמייכל איז פאַר אַלעמען גלייך און גלייך פאַר אַלעס: פאַר ד אָ ס מ י א ו ס ע, ווי פאַר דאָס ש יי נ ע, פאַר דאָס ש ל ע כ ט ע, ווי פאַר דאָס ג ו ט ע.

שלום עליכם, דער הומאָריסט פון העכסטן קאַראַטן-ווערט האָט געהאַט אַ געזונטן, דערהויבנדיקן, טרייסטנדיקן און היילנדיקן געלעכטער פאַר אַלעמען גלייך ווייל ער האָט אַלעמען ליב געהאַט און קיינעם ניט געקענט פיינט האָבן — אַ הומאָריסט קען ניט פיינט האָבן — האָט זיין געלעכטער אַלעמען באַשיינט. אַלעמען דערהויבן, דאָס מיאוסע, ווי דאָס שיינע, אין דעם לעבן פון קאַסרילעווו-קע (עליה השלום), די שלעכטע, ווי די גוטע צווישן די קאַסרילעווקער כאַליאַסטרע.

די זון פרעגט ניט ווער עס איז שיין, ווער עס איז מיאוס; ווער עס איז גוט, ווער עס איז שלעכט — זי לייכט און וואַרעמט גלייך פאַר אַלעמען. זי טרייסט און דערפרייט אַלעמען, וואָס קענען שפּירן און אויפנעמען איר פריידיקע וואַ-רימקייט און שיינענדיקע שמייכל.

אַזוי זע איך שלום עליכמען.

און אַזוי, דענק איך, דאַרף יעדער זען, אויפנעמען, שפּירן און פילן שלום-עליכמען. — ער איז ד ע ר א ו צ ר פון אונדז׳ער פריידיקייט און טרייסט, ווייל דער גאַנצער כוח פון לאַכן, וואָס אונדזער פאָלק האָט אָנגעזאַמלט און אָפּגע-שפּאָרט פאַר דורי-דורות — איז אין אים געקומען צום אויסדרוק אין הילכענדיקע, געזונט-מאַכנדיקע קאַסקאַדן פון שפּרודלדיקן געלעכטער.

## דער דיכטער איז געשטאָרבן ווען זיין וועלט איז פאַרשוואונדן

— איז נאָך ערגעץ-וואו פאַראַן קאַסרילעווקע? איז נאָך ערגעץ-וואו פאַראַן יעהופּעץ? איז נאָך ערגעץ-וואו פאַראַן קאַזאָדאָיעווקע, פּיטשעכוואַסט, פּיטשעיאַ-בערע, מאַזעפּעווקע, טעפּליק?

כמיין ניט געאָגראַפיש, כמיין אַפּעלאַטיוו... ווי שלום עליכם האָט זיי געזען, ווי שלום עליכם האָט זיי געשילדערט.

איז נאָך ערגעץ-וואו פאַראַן יענע אויסטערלישע וועלט, יענער אויכטערלישער לעבנס-שטייגער, דער ליבער, קאָמישער, אָבער אַזוי נאָענטער אונדזער קינדהייט, אונדזער בהורשאַפט, יענער האַרציקער, היימישער יידישער לעבנס-שטייגער פון דעם יידישן קליין-שטעטל אין דער אוקראַינע, אין דער וואָלין, וואָס שלום עליכם האָט געשילדערט מיט אַזוי פיל ליבע, מיט אַזאַ צאַרטן ליריזם, מיט אַזוי פיל ליבן ווניקן געלעכטער, אַז אין די שטראָמען פון פריידיקייט איז דאָס קאָמישע אַפּנעלאָשן געוואָרן, פאַרשוואונדן געוואָרן, נעלם געוואָרן און פאַרבליבן איז נאָר עכטקייט, וואַרהאַפטיקייט און וואַרימע פריילעכקייט, וואָס קומט דורך און נאָך אַן אַלץ פאַרגעבנדיקן, געזונטן פרישן געלעכטער?

כוויים אַז דאָס איז כמעט אַ תפילת-שוא; כוויים אַז סאָציאַל איז עס שוין כמעט ווי נישטאָ; אַלנפאַלס ניט אין יענעם אָרט, וואו שלום עליכם האָט זיין פאַרבנרייך, קאָלירבונטן וועלטל געזען און געמאָלט מיט זיין פּענזל, פון וועלכן שטראָמען צאַרטקייט און שטראָמען געלעכטער האָבן זיך געגאָסן, אפשר האָבן זיך נאָך רעשטן, שטאַרק מאָדיפיצירטע, שטאַרק געענדערטע אונטער די באַדינגונגען געאָגראַפישע, כראָנאָלאָגישע און סאָציאַלע, פאַרוואַלגערט אין די שטעטלעך פון פּוילן, פון גאַליציע, אין רומעניע אָדער, אין אַ שוין גאַר-שטאַרק-מאָדיפיצירטן אויסזען און שטייגער האָבן זיך פאַרוואַלגערט טיפן און פאַרשוינען זיינע אין די שטעטלעך פון אַמעריקע און אין די יידישע קאָלאָניעס פון אַרגענטינע, אויסער מנחם-מענדלען, וועלכער איז חי וקים אין אַן עטוואָס פאַרענדערטן אויסזען אין אַמעריקע, ווי אין ארץ-ישראל, אין אַרגענטינע, ווי טשעכאָסלאָוואַקיע אין פּאַריז ווי אין לאָנדאָן (1) — וואוהין זיי זיינען דורך פאַרשידענע וואָגלענישן און משונהדיקע גילגולים פאַרוואָגלט און פאַרוואַלגערט געוואָרן.

שלום עליכמס אויסטערלישע וועלט, וואָס האָט פאַרן לעבן פון דעם דיכטער אַזוי פיל מעטאַמאָרפאָזעס דורכגעליטן און דורכגעמאַכט — און דער דיכ-

(1) דאָס איז געשריבן אין מאַי 1936; פאָלגלעך פאַר דעם וועלט-חורבן, וואָס האָט אומגעבראַכט די לעצטע רעשטן זייערע.

מער האָט זיי געזען און פאַרצייכנט, און מ י ט ג ע מ א כ ט און מ י ט-ג ע ל א כ ט מיט זיינע פאַרשוינען — איז פאַרשוואונדן געאָגראַפיש און סאָציאַל, כמעט איינצייטיק מיט דעם דיכטער. עס איז כמעט ווי סימבאָליש געוען: שלום עליכם איז געשטאָרבן — אין דער מיט פון דעם גלות פון אַמעריקע, צו די קנאַפּע צוויי יאָר פון דער וועלט-מלחמה — ווען ז יי ן ייִדישע וועלט, דאָס ייִדישע שטעטל פון וואָלין, רייסן, זאַמוט און פוילן, האָט אָנגעהויבן אויסגיין אין דער שריפה פון דער וועלט-מלחמה, אין דעם גלות -פון מלחמה-פליכטלינגס אין דעם חורבן פון דער רעוואָלוציע און דעם בירגער-קריג, וואָס איז נאָכהער דאָרטן אַנטשטאַנען.

דער גרויסער הומאָריסט-ליריקער, שטייגער-שילדערער, קינסטלער-פילאָזאָף, פאָלקס-שרייבער איז געשטאָרבן, ווען די וועלט, וועלכע ער האָט באַוונגען, ב א-ל א כ ט (אָבער פאַר קיין פאַל ניט אויסגעלאַכט), איז אָפּגעשטאָרבן. צוזאַמען מיט איר האָט ער געלעבט, „געמופּט“, געוואונדערט, געליטן, געפרייט זיך, געלאַכט אַליין און איר געצוואונגען לאַכן. און אַז זי איז אומגעקומען דורך דער האַסטיקער וועלט-קאַטאַסטראָפע, מיטן ניט-נאַטירלעכן טויט פון מלחמה-חורבן און רעוואָליציע-חורבן, איז דער דיכטער אירער, דאָס גרויסע געלעכטער אירער אָפּגעשטאָרבן: און דאָס גרויסע „וויגרישנע בילעט“, וואָס דאָס פאָלק האָט פאַרמאָגט, וואָס האָט אים געבראַכט דאָס ג ר ו י ס ע ג ע וו י נ ס פון געזונטן געלעכטער, איז אַרויס אין... „טיראַזש“.

צוזאַמען מיטן לעבנס-שטייגער פון וועלכן ער האָט געשעפּט, מיט וועלכן ער האָט געאָטעמט, אין וועלכן ער איז איינגעוואָרצלט געווען, פון וועלכן ער איז אַזוי הערלעך-פרוכטבאַר, אַזוי זאַפטיק-געשמאַק, אַ וי עכט-און-וואַרהאַפטיק אַרויסגעוואַקסן — איז דער מייסטער פון ייִדישן געלעכטער געשטאָרבן.

אַ לעגענדע דערציילט, אַז ווען די גדולים צווישן די כהנים האָבן דערזען, אַז דער בית המקדש האַלט אין פאַרברענט ווערן, האָבן זיי די שליסלען פונם היכל געוואָרפן אין דער לופטן און אַליין זיך אַריינגעוואָרפן אין פייער — צוזאַמען מיטן מקדש זיינען די כהנים פאַרשוואונדן... און פון דעם טאָג זינט דער בית-המקדש איז חרוב געוואָרן האָט גאָט ברוך הוא קיין געלעכטער ניט און דער הימל איז אין זיין ריינקייט ניט געזען געוואָרן.

די שליסלען פון דעם מקדש פון ריינעם ייִדישן געלעכטער הענגען אין דער לופטן און עס קומט ניט די וואונדער-האַנט, וואָס יאָל זיי אויפנעמען, זינט צוזאַמען מיטן חורבן פון דער דאַמאָלסטיקער ייִדישער וועלט איז איר כהן-גדול פון געלעכטער געשטאָרבן.

און פון יענעם טאָג אָן האָט זיך מער קיין געלעכטער ניט באַוויזן אויפן געזיכט פונם ייִדישן שאַפן און זיין רוים, זיין הימל — איז ניט בלוי-זוניק, נאָר טריב-האַרבסטיק.

— 4 —

**דער כוח פון הומאָר און רעאַליזם, ווען דאָס ווערט איין גאַנצעס**

דעם דיכטערס וועלט פון געלעכטער איז פאַרשוואונדן, אָבער די הערלעכע

ירושה, וואָס ער האָט געלאָזט, די מערקווירדיקע גאַלעריע פון טיפּן, פון פאַר-שוינען, וואָס לאַכן, וואָס זינגען, וואָס ל א כ ן אפילו ווען זיי זעען אויס קלאָגעדיק און ז י נ ג ע ן אפילו, ווען זיי זעען אויס וויינענדיק. טראַגיש — איז גאָט-צו-דאַנקען — פאַרבליבן.

די מערקווירדיקע וועלט פון פאַרשוינען, טיפּן, פיגורן, אַלטע, יונגע, מענער, ווייבער, קינדער, רייכע, אָרעמע, וואוילקענעוודיקע און פּראָסטע „עמכא'ניקעס". בעלי-מלאכה און אַרבעטער, סוחרים ווי מעקלער, כלי-קודש ווי פּראָסטאַקעס; די מערקווירדיקע גאַלעריע פון יידישע שטעטלעך, שטעט, וועלדער, טייכן (אויך יידישע), פעלדער און לאָנקעס, און „אַלץ וואָס טוט אויף זיי געדייען", פון אַ רמש, וואָס טוט פויזן אין דעם שטויב ביז דעם פייער, להבדיל, גאָטס באַשעפע-ניש, וואָס ג ע ד יי ע ט אינם דאָרף און ק ו מ ט אין שטעטל — דאָס אַלעס איז פאַרבליבן. אַ הערלעכער מאָנומענט פון אַ גאַנץ פאָלק, וואָס לאַכט, לאַכט איבער זיך אַליין און פון זיך אַליין, לאַכט פון זיין איינענעם פּיין, פון זיין צער, לאַכט פון זיין אנגסט, וואָס איז אַזוי ג ר ו י ס און פון זיין פרייד, וואָס איז אַזוי וו י נ צ י ק און דערהויבט זיך דורך דעם זינגענדיקן פריילעכן טאַנץ - פון געלעכטער „איבער גאַנצע בערג פון צרות, איבער ימים נויט און פּיין" — דאָס איז פאַרבליבן און דאָס לאָ־ט און דערלויבט צו רעסטאַווירן, אין דער געשיכטע-פּערספּעקטיוו די וועלט, וואָס איז פאַרשוואונדן, דאָס לעבן וואָס איז הרוב געוואָרן, דעם שטייגער וואָס איז נישטאָ מער; די וואָכעדיקייט און די יום-טובדיקייט; רעסטאַווירן זיי מיט אַלע פּאָסטעמיקעס און האַוואַיעס, מיט אַלע פּרטים און דיקדוקים, אָט אַזאַ לעבעדיקע און לאַכנדיקע וועלט, ווי דער דיכטער האָט זי פאַראייביקט אין זיין אומפאַרגלייכלעכער און אומאויסשעפּבאַרער ירושה.

עמיצער — אויב מיין זכרון נאַרט מיך ניט, פרישמאַן דוכט זיך — שרייבנדיק וועגן עמיל זאָלאַן, האָט געזאָגט, אַז ווען די גאַנצע ליטעראַטור, די פראַנצויזישע פון זאָלאַס עפּאָכע, זאָל אָפּגעווישט ווערן און די געשיכטע פון יענער צייט זאָל פאַרשווינדן להלוטין און עס זאָלן פאַרבלייבן נאָר זיינע, זאָלאַס ווערק אליין — וואָלט מען ד ו ר ך זיי און מ י ט זיי געקענט צוריק רעס-טאַווירן דאָס לעבן פון יענער צייט מיט אַלע פּרטים און מינדעסטע קלייניקייטן אפילו.

מיט מער רעכט קען עס אין דאָרף עס אָנגעווענדעט ווערן צו אונדזער שלום עליכם-ירושה.

דאָס לעבן, וואָס ער האָט געשילדערט איז מיט אים צוזאַמען אָפּגעשטאָרבן; דער שטייגער איז פאַרשוואונדן, דאָס שטעטל אפילו איז אי געאָגראַפיש, אי סאָציאַל פאַרשוואונדן. אָבער מען קען עס לייכט רעסטאַווירן, אַ לעבעדיקע, אַ פריילעכע, אַ לאַכנדיקע און אַ זיך ב אַ וו ע ג נ ד י ק ע, ווי עס איז געווען, אָרים-און-נויט-ליידנדיק, משונהדיק, אָבער ליב-און-נאָענט, ווי עס איז געווען: מיט די קלאַסן און שיכטן, מיט די הייזער און די „שפּיזאַרניעס", מיט די קינדער און די אַלטע, מיט אירע ימים-טובים און איר וואָכעדיקייט.

פאַרוואָר: ער איז געווען נ י ט ב ל ו י ז ד ע ר ג ר ו י ס ע ר הומאָריסט, נייערט אויך ד ע ר ג ר ע ס ט ע ר ש ט יי נ ע ר-

ש ר ײ ב ע ר און דער װאָרהאַפּטיקסטער דינאַמיקער - ר ע אַ ל י ס ט, װאָס איז אױפגעשטאַנען בײ ײדן אין זײן צײט. דאָס לעצטע דריטל פונם 19־טן און ערשטע פופצן יאָר פונם צװאַנציקסטן יאָרהונדערט.

אין דעם באַשטײט די גרױסקײט זײנע און די הונדערט־פּראָצענטיקע עכט־קײט:

דער גרױסער לאַכער איז געװען אַ גרױסער אַ מ ת - ק י נ ס ט ל ע ר. עס איז ניט געװען ס ת ם - ג ע ל אַ כ ט, אױסגעטראַכטער גע־לעכטער, ג ע ל ע כ ט ע ר ל ש ם פ אַ ר װ ײ ל ן. אָט, למשל, װי מאַרק טװען, דער אַמעריקאַנער הומאָריסט האָט געלאַכט. עס איז געװען: ד אָ ס ל ע ב ן אַלײן, װאָס האָט געלאַכט — און ניט תמיד, חלילה, פאַר נחת און װאױלטאָג — אין דעם איז באַשטאַנען שלום עליכמס גרױסער כוח, גרױסע מאַכט איבער אונדזער י י ד י ש ל ע ב ן: װאָס זײן הומאָר איז געװען ניט סתם הומאָר, נײערט דער הומאָר פון ײדישן לעבן; װאָס זײן גרױסער טאַלאַנט איז געװען אַ דרײלינג־סינטעזע פון ר ע אַ ל י ז ם, ד י נ אַ מ י ז ם און ה ו מ אָ־ ר י ז ם; ריכטיקער געזאָגט. אַ רעאַליזם דורך הומאָריזם; װאָס זײן רעאַליזם איז ניט געװען ב ל ו י ז רעאַליזם, נײערט ער האָט זיך געבאָדן אין דער זוניקײט פון געלעכטער און אין דער האַרציקײט און אינניגסטקײט פון עכטן לי־ריזם. װאָס האָט באַציאונג, צוגאַנג, פאַרשטענדעניש צום לעבן, װאָס ער שילדערט. פאַרשטײט אים, האָט אים ליב מיט זײנע מיאוסקײטן װי מיט זײנע שײנקײטן, פאַרגעבנדיק די ערשטע, דערהױבנדיק די צװײטע און לאַכנדיק געזונט און עכט ניט פ ו ן דעם דאָזיקן לעבן, נאָר מ י ט אים צוזאַמען, און דערצו איז ער געװען באַװעגלעך ביז גאָר.

אַזאַ מין דערשײנונג פון הומאָר, באַװעגלעכקײט און רעאַליזם. פון הומאָר ד ו ר ך רעאַליזם, און רעאַליזם ד ו ר ך הומאָר, איז זעלטן צו טרעפן אין דער געשיכטע פון ליטעראַטורן בכלל; אָבער דאָרט װאו אַזאַ װאונדער געשעט. דאָרטן װאו עס האָט אַמאָל געטראָפן אַזאַ נס, האָט עס תמיד געבראַכט אױסערגעװײנ־לעכע רעזולטאַטן, פּרוכטן, װאָס דױערן אײביק. מאָנומענטן אין דער ליטעראַטור, װאָס װעלן קײנמאָל ניט אָפּשטאַרבן, קײנמאָל ניט אַלט װערן, קײנמאָל ניט אָפּ־געבליאַקעװעט װערן, נאָר פאַרהאַלטן תמיד די פרישקײט, די עכטקײט פון דעם לעבעדיקן לעבן, װאָס איז א י ן זײ און ד ו ר ך זײ געװאָרן קריסטאַליזירט.

אַזאַ פאַל פון אַ סינטעזע פון עכטן געזונטן הומאָר און געזונטן עכטן רעאַ־ליזם איז געװען טשאַרלז דיקענס, דער אומשטערבלעכער באַשאַפער פון „מיס־טער פּיקװיק", װעמעס יאָרהונדערט מען האָט ערשט געפײערט אין ענגליש־שאַפן (ניט בלױז אין ענגלאַנד), פון מס. ניקאָלאַי ניקלבי, פון מאַרטין טשאַזל־װיט פון בערנעבי ראַדזש, דױד קאָפּערפעלד, דאַמבי־און־זון און פונם „פיצל קינד דאָריט" און פון הונדערטער אַנדערע און אַנדערע טיפּן און פאַרשױנען, פיגורן און אױסעטערלישקײטן פון דעם לעבן, אין יענער צײט אין ענגלאַנד.

אַזאַ פאַל פון סינטעזע־זיװוג, פון הומאָר און רעאַליזם האָט בײ דיקענסן געגעבן ענלעכע רעזולטאַטן — ענלעכע אין עכטקײט, אין גאַנצקײט, אין פריש־קײט, אין פאַרבנרײכקײט, אין פּרוכטבאַרקײט — װי שפּעטער בײ אונדזער

שלום עליכמען, וועמעס טאלאנט האָט אזויפיל געמיינשאפטלעכעס מיט דיקענסעס.

די סינטעז פון הומאָר, דינאַמיק און רעאַליזם, אומעטום און אַלע מאָל, וואו און ווען זי קומט צו אַנטפּלעקונג שאַפט וואונדער, שאַפט אוצרות, קריסטאַליזירט לעבנס־מאָנומענטן אין זוניקער ליבשאַפט געבאָרן, אין טיפן רחמנות און ליבע געהייליקט, אין געזונטן געלעכטער געוואַרעמט — אויף אייביקע אייביקייטן געשאַפן.

אין דעם איז באַשטאַנען און באַשטייט דער צויבער פון דער וואונדער־גאַלעריע, וואָס הייסט שלום עליכמס יידישע וועלט. און דערפאַר האָט ער געהאַט און האָט און וועט אייביק האָבן אַזאַ שטאַרקע שליטה אויף דעם יידישן לייענער־פאָלק: פאַרשוואונדן, איינצייטיק כמעט מיטן דיכטער, איז דאָס לעבן, וואָס ער האָט קינסטלעריש געלעבט, געאָטעמט, געדיכטעט און געלאַכט; אָבער די ירושה איז אַזוי עכט און גאַנץ, אַז מען קען דורך איר רעקאָנסטרואירן, אין דער פּערספּעקטיוו פון דער צייט, דאָס דאָזיקע לעבן מיט אַלע פּרטים און דיקדוקים; און רעקאָנסטרואירן עכט, ניט ווי אין אַ פּאַנאָראַמע, טויט, נאָר לעבעדיק ממש, באַוועגלעך, דינאַמיש, מיטן שטיין־און־גיין, האַנדלען־און־וואַנדלען, לויפן־און־שפּרינגען, זינגען־און־טרויערן, דעם לעבן, מיט זיין קודש־און־חול, שבת־יום־טוב און דערוואָכן, שטאָט־און־דאָרף, הימל־און־ערד; מיט די מאכלים און מלבושים, האַוואַיעס און גלוסטונגען, געלעכטער־און־געוויין, דלות־און־עשירות; מיט איינעם וואָרט רעקאָנסטרואירן הונדערט־פּראָצענטיק עכט, הונדערט־פּראָצענטיק לעבעדיק.

מיט קיינער פון אונדזערע קינסטלערס ליטעראַרישע ירושות, ווי עכט זיי זאָלן ניט זיין, קען מען דעם דאָזיקן וואונדער ניט באַווייזן. בלויז שלום עליכמס ירושה באַזיצט אַזאַ מין כוח פון אויפקערן די נשמה צו אַן איצט שוין טויטער וועלט.

און דער דאָזיקער כוח איז דער רעזולטאַט פון הומאָר, וואָס איז געשטאַנען צו דינסט דעם רעאַליזם און פון רעאַליזם וואָס האָט געדינט דעם אמתן, נאַטירלעכן הומאָר.

דאָס איז דער כוח פון הומאָר און רעאַליזם, ווען דאָס ווערט איין גאַנצעס.

— 5 —

## דער אַנטדעקער פון אידישן קינד

קענט איר זיך פאָרשטעלן אַ פאָלק פון סאַמע דערוואַקסענע? אַ פאָלק אָן קינדער? ריכטיקער געזאָגט, אַ פאָלק, אין וועלכן די קינדער, די קליינע פּיצעלעך, אפילו די כמעט קימפּעט־קינדער זיינען דערוואַקסענע?

אַזאַ זאַך איז ניט מעגלעך צו פאָרשטעלן זיך ביי קיין אומה ולשון. וואָס הייסט: אַ פאָלק אָן קינדער? אונדזער פאָלק איז, אָבער, יאָ געווען אַזאַ. צו אַלע אַנאָרמאַליטעטן זיינע איז צוגעקומען די דאָזיקע אַנאָרמאַליטעט אויך: אַ פאָלק אָן קינדער.

אַלנפאַלס אַזוי האָט עס אויסגעזען אין דער ליטעראַטור, אין דער יידישער — ווי אין דער העברעאישער — פון פאַר שלום עליכמס אויפקום און אַנט-שטייאונג: ניט צו געפינען אין איר קיין באַציאונג, קיין אָנווייזונג, וו ע ג ן אָדער פ ו ן דעם יידישן קינד.

עס איז ניט שוועד צו משיג זיין דעם פ אַ ר וו אָ ס פון אַזאַ מאָדנער דערשיינונג: די ליטעראַטור האָט מיט זייער קליינע אויסנאַמען, קנאַפּ וואָס געהאַט צו טון מיטן לעבן. זי האָט זיך באַשעפטיקט נאָר מיט אַ ב ס ט ר אַ ק-ט ע ג ר ו י ס ן; מיט גייסטיקייט, מיט השכלה-ענינים, וואָס זיינען אויך פאַר גרויסע נאָר באַשטימט און ניט אפילו פאַר אַלע גרויסע, נאָר פאַר יחידים. טאָ ווער זאָל זיך געוועז אַרומזען, אַרומקוקן, באַמערקן דאָס יידישע קינד? יוער?

די משכילים האָבן געבלאָנדזשעט דאָן אין די אומענדלעכע רוימען. אין די הימלען די אַבסטראַקטע פון געדאַנקלעכקייט און פון בילדונג; דאָרטן האָט געגעסטעט די „געדאַנקנס-געליבטע" ניט פון זייער האַרצן און געפיל, ניט פון זייער פאַנטאַזיע און פאָרשטעלונג, נאָר פון זייער מוח און באַוואוסטזיין: די השכלה, „די טאָכטער פון הימל", וועלכע זיי האָבן געטון פאַרקנסן פאַר זייער „עווינגן אידעאַל", צו וועלכן זיי האָבן געדינט טריי. דורך איר און מיט איר הילף — אַזוי האָבן זיי געמיינט — וועלן זיי ראַטעווען דאָס פאָלק ישראל; דאָס פאָלק, צו וועלכן, דעם אמת געזאָגט, זיי האָבן אויך געהאַט נאָר אַן אַב-סטראַקטע, ניט קיין אוממיטלבאַרע באַציאונג; אין דער אמתן האָבן זיי דאָס פאָלק ניט געקענט און זיין לעבן כמעט ווי ניט געזען און אינגאַנצן ניט פאַר-שטאַנען: זיי האָבן עס ניט מיטגעלעבט.

אויב דאָס פאָלק און זיינע דערוואַקסענע מענטשן זיינען געווען פאַר זיי, פאַר די משכילים, די קאַריפען פון דער דאַמאָלטיקער ליטעראַטור, אַן אַבס-טראַקציע — היינט, ווי איז מעגלעך געווען, אַז זיי זאָלן דאָס יידישע קינד באַ-מערקן? דאָס יידישע קינד, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אין די חדרים, אין די ישיבות, אין שול-הויף, הינטער דער באָד, זומער ביים ברעג טייך, תשעה-באב פון יענער זייט שטאָט, אינם וועלדל, וואָס שטייט הינטערן בית-עולם? ווער זאָל געווען באַמערקן דאָס יידישע קינד, וואָס ל"ג-בעומר האָט עס שפּאַצירט מיט „ראָד-ביקסעלעך" און „מלחמה געהאַלטן מיט פלישתים" און שמחת-תורה האָט עס מיט פאָנען געפירט די מ ע ר כ ו ת י ש ר א ל, די יי ד י ש ע אָ נ ג ר יי ט ע כ צ ן, און די סטראַטעגישע צוגן פון הקפות; פסח האָט עס געשפּילט אין ניס, און חנוכה אין... דריידלעך. ווער זאָל עס געווען באַמערקן, די משכילים? וו אָ ס האָבן זיי דען י אָ באַמערקט? וואָס האָבן זיי דען ג ע ק ע נ ט באַמערקן?

און טאָמער האָט שוין געטראָפן צווישן זיי אַ ריז, אַ גיגאַנט, וואָס איז געווען מיט צען קעפּ העכער פון זיי אַלע, וואָס האָט יאָ געזען דאָס יידישע פאָלק, טראָץ די אַבסטראַקטע הימלען פון דער השכלה — ווי דער זיידע מענדעלע צום ביישפּיל, אין דער ערשטער יוגנט פון זיין ריין-השכלה-פּעריאָד — האָט ער אויך דאָס יידישע קינד, אין זיין נאַטירלעכקייט, אין זיין היימישער סביבה, אין זיין וואָכעדיקייט, שבתדיקייט אין תמידער קינדישקייט, ווייל איך זאָגן, ניט געקענט

באמערקן. ער האָט יאָ געהאט אַן אויג, טאַלאַנט פאַר דעם. ער האָט אָבער ניט געהאט קיין צ יי ט, ניט קיין ווילן פאַר דעם, מחמת די השכלה האָט עס ניט גורם געווען.

האָט ער דערפאַר צוערשט געפונען פאַר נויטיק צו פאַרטייטשן אין גראַמען מיט אַ פיינעם פירוש, זמירות און פרקי-שירה — אַלאַ נאַטור-וויסנשאַפט — פאַר יידן; דעם „יודל“ אין גראַמען איינשפּאַנען, דאָס איז וויכטיקער געווען, נויטיקער. און שפּעטער ערשט, העט, העט שפּעטער, ווען ער האָט רעכט איינגעשפּאַנט די ק ל י אַ ט ש ע אין זיין ספרים-בויד און גענומען אַרומפאָרן מיט איר בכל תפוצות ישראל, פירנדיק ספרי רו"מל איבער גלופּסק, קאַבצאַנסק און טונעיאַדעווקע, האָט ער עפּעס ווי יאָ אַ וואָרף-געטון אַ בליק אויפן יידישן קינד און עס דערזען...

— רבונו של עולם, וואָס ער האָט דערזען! —

דער זיידע מענדעלע האָט דערזען אַז ביי יידן איז גאָר קיין קינדער ניטאָ, נאָר „קליינע יידעלעך“, דערוואַקסענע שוין, יידן נאָר אָן אַ באָרד, יידן, הגם פאַר בר-מצוה נאָך, יידן מיט אַלע פּיטשעווקעס, יידן וואָס טראָגן דעם יאָך פון תורה, דרך-ארץ, מצוות און... דעם יאָך פון גלות.

דאָס קינד אָבער אַזוי ווי עס איז, אין זיין קינדישער אוממיטלבאַרקייט, אין זיין קינדישער נאַטירלעכקייט, האָט ער ניט באַמערקט, ווי געהעריק. איין מאָמענט בלויז איז זיין הערשעלע, פונם „ווינטשפינגערל“, אַ קינד און שפּילט זיך ווי אַ קינד; איין מאָמענט בלויז — און תיכף ווערט ער אַ „קליין יידעלע“ מיט די צרות און אַנגסטן פון די גרויסע, די דערוואַקסענע יידן.

— איז טאַקע ניט געווען ביי יידן דאַן, קיין ק י נ ד ע ר פ ו ן ק י נ ד ע ר ל אַ נ ד?

— נאָך אַ מין זיין. קיינער אָבער האָט עס ניט געזען, קיין אויג פאַר דעם ניט געהאט. דאָס יידישע קינד איז אַ נ ס ת ר געווען אין דער יי ד י ש ע ר ל י ט ע ר אַ ט ו ר פון יענער צייט און געוואַרט אויף דעם צדיק, וואָס זאָל עס מגלה זיין.

ווי אַ קליין ערד-ווערעמל, וואָס וואַרט אויף אַ זון-שטראַל, וואָס זאָל עס דערוואַרעמען, עס זאָל פון דעם שטויב זיך אויפטיילן — אַזוי איז דאַן, דאָס יידישע קינד, געווען פאַר דער זונלאָז געוועזענער ליטעראַטור אונדזערער.

דאָס ריינע, שעמערינדע נשמהלע פונם יידישן קינד איז אין שמאַטעס פאַרהילט געווען; פאַר די זינד פון די עלטערן איז עס אָפּגעקומען; עס האָט אָבער נאָך זון און שפּילעוודיקייט געלעכצט און געזוכט צו באַקומען אַ תיקון אין דער ליטעראַטור, כדי די יידישע ליטעראַטור זאָל דורך דעם אליין באַקומען אַ תיקון פאַר דער שרעקלעכער פּגימה פון איר אַבסטראַקטקייט.

אין די חדרים פון די „גאַנטעס“ און די „מלאכי-מות“ איז עס געפייניקט געוואָרן; אָבער אין פּיין האָט עס אַ שפּיל געזוכט, צום זוניקן דרויסן געלעכצט, צום ברעג-טייך און סודותפולן וועלדל האָט עס אים געצויגן, ווי עס ציט אַ פאַרביק זומער-פויגעלע צו ליכט. און פאַר דער דאָזיקער „ציאונג“ פלעגן אים, דעם

יידיש-קינד, די „גאָנטעס“ מקיים פּסק-זיין... ווערט דען אַ זומער-פויגעלע ניט פאַרברענט פון דער ליכט, צו וועלכער עס ציט זיך?

עס איז אָבער קיין דיכטער ניט געווען, וואָס זאָל דאָס באַמערקן.

איז דאָס יידישע קינד פאַרבליבן אַזוי, אומאַנטדעקט, פאַרטייעט, אונטערן שטרענגען בליק פון טאַטע-מאַמע. אין חדר האָט עס, צווישן דער וועלט פון תורה און פרומקייט, געכאַפּט אַ שפּיל אין קנעפּלעך, אַ בייט מיט באָקסער, און האַרטע פּעטש געכאַפּט דערפאַר און שמיץ פונם רבינס קאַנטשיק.

עס האָט געבענקט נאָך אַ מ ע ס ע ר ל; אַ בענקשאַפט אַזאַ נאַטירלעך פאַר אַ קינד; געלעכצט צו הערן, ווי מען שפּילט אויפן פידל, געטרוימט וועגן די נייע מלבושימלעך, וואָס מען נייט אים אויף יום-טוב. טאַטע-מאַמע, עלטערע ברידער און שוועסטער, רבי און לערער, האָבן זעלטן ווען באַמערקט דאָס דאָזיקע בענקעניש, לעכצעניש, נאָגעניש. און וואָס איז דער חידוש: אַז ק י נ ס ט ל ע ר, ש ר י פ ט ש ט ע ל ע ר האָבן עס ניט באַמערקט, ניט געזען, ניט געשפּירט אפילו.

און אויב מען זאָל ריכטן נאָך דער דאַמאָלסטיקער ליטעראַטור, וואָלט זיך באַקומען אַ מאָדנע דערשיינונג: אַ פאָלק פון סאַמע דערוואַקסענע, פון געבוירט-אָן גרויסע, אַלע באַיאָרטע, אַ פאָלק אָן איין קינד אפילו.

איז געקומען שלום עליכם און האָט אַנטדעקט דאָס יידישע קינד.

פאַרוואָס עפּעס ער דוקא?

ווייל ער האָט געהאַט אַ טיף ליבנדיק האַרץ. פול מיט רחמנות און וואַרימ-קייט צו יעדן יידן, גרויס ווי קליין, צו יעדער גאַטס באַשעפעניש, שוואַך צי מעכ-טיק. ווייל אין דער גאונות פון דער גאַב, מיט וועלכער ער איז באַשאָנקען גע-וואָרן, האָט ער באַזעסן די איינפאַכקייט און די עכטקייט פון אַ קינד, איידער די דערציאונג פאַרדאַרבט עס. ווייל ער איז שוין פריי געווען פון דער משכי-לישער אַבסטראַקטקייט און האָט געלעבט מיט זיין פאָלק, מיטן פאָלקס גע-וואוינהייטן און שטייגער און ווייל ער, ווי קיינער, האָט געזען און געקענט די יידישע שטוב, דאָס יידישע הויז און דאָס יידישע הויז-געזינט דורך און דורך.

איז געקומען שלום עליכם — און דער נס איז געשען מיטן יידישן ק ל יי נ-וו אַ ר ג פּונקט ווי ער האָט עס געמאַכט מיטן יידישן ג ר ו י ס וו אַ ר ג: י ע נ ע האָט ער אויסגעלערנט לאַכן, פון זיך אַליין, פון די אייגענע צרות לאַכן; און ד י האָט ער פאַר די גרויסע אַנטדעקט און די קליינע אויסגע-לערנט זיך פרייען; דורך דעם וואָס ער האָט פאַר די אויגן פון דער יידישער וועלט, פאַר די אויגן פון אַלט און פון יונג זייער פריידיקייט געטון אַנטפּלעקן.

ער האָט זיי אַרויסגענומען פון דער באַהעלטעניש פון די הדרים, פון הינ-טערן באָד, פון שול-הויף, פון דער באַהעלטעניש אין דער ווייבערשער שול. האָט זיי אַרומגעוואַשן, אָנגעטון שבת-יום-טובדיקע בגדימלעך, אָנגעפילט זיי פולע קע-שענעס מיט ניס און מיט פּרוכטן, מיט ראָזשינקעס און מיט מאַנדלען; יידישע לידלעך זיי אויסגעלערנט זינגען, יידישע שפּילצייג, מעסערלעך, דריידלעך, ל״ב-קוויטלאַך-קאָרטן, פידעלעך און פאָנען מיט רויטע מערן אָדער רויטע עפּל, זיי אין די הענט געגעבן; אויפן באַרג, אויף די לאָנקעס, אין די וועלדלעך, וואָס ביים

שטעטל זיי ארויסגעפירט, מחנות-מחנותווייז אין ל"ג בעומר, ערב הושענא-רבה, תשעה-באב, ערב שבועות; מיט אַ ברייטער האַנט האָט ער זיי שלח-מנות פאַר-מיילט אָדער אין קאָמפּאַניעס פורים-שפּילער זיי אָנגעבאַהעפט אום פורים; מיט קעלבלעך, מיט „ריאַבטשיקעס“ אָדער מתושלח-פערדלאַך, געלאָזט זיך זיי שפּילן, עוסקן, מחנותווייז, מיט אַ שפע וואָס האָט קיין גלייכן, מיט אַ פּזרנות פון אַן אוקראַינער יידן, און ניט מיט דער קמצנות פון אַ ליטוואַק; גאַנצע אַרמייען פון קינדער, פון האַרציקע טייערע יידישע קינדערלעך, משהלעך און שלמהלעך, האָבן אויפן וואונק פון שלום עליכמס צויבער-שטעקעלע זיך באַ-וויזן אונטער די גרינינקע בוימעלעך; און לעבעדיק איז געוואָרן אין די ג ע-מ אַ ר ק ן פ ו ן י ש ר א ל.

עס איז אַ נס געשען: אַ גרויסער קינדערלער-נס; אַ גרויסער געשיכטע-נס: פון נעכטן ביז מאָרגן איז אַ קינדערלאָזיק פאָלק אין אַ קינדערדרייך פאָלק פאַר-וואַנדלט געוואָרן.

עס איז געשען דער נס, וואָס אין מצרים איז געשען, לויט אַן אַלטע מסורה דערציילט: די פאַרשוואונדענע יידישע קינדער, וואָס דער זאמד פון דעם מדבר מצרים האָט לעבעדיקערהייט איינגעשלונגען, כדי זיי זאָלן אין פרעהס הענט ניט אַריינפאַלן און זיינען פון מלאכים דערנערט געוואָרן, האָבן זיך אין דעם שיינעם שביעי של פסח טאָג, ווען די יידן זיינען געווען ביים ים-סוף, פּלוצים באַוויזן, אויפגעצויגענע, אויסגעכאַוועטע פון די מלאכים רפאל, גבריאל און מיכאל; און זיי האָבן זיך אָנגעבאַהעפט אין דער מחנה יידן וואָס זיינע פרייע צום ים געגאַנגען און צוזאַמען מיט די גרויסע האָבן זיי שירה געזונגען: „זה אלי ואנוהו“ — האָבן זיי געזאָגט, ווייל זיי האָבן דערקענט דעם גאָט, וואָס האָט זיי דערצויגן אין די זאַמדן פון דער וויסטע, זאָגט דער מדרש... ניין, זיי ה אָ ב ן ש י ר ה ג ע ז אָ ג ט דערפאַר, וואָס דער נ אָ ט, וואָס האָט ז יי ד ע ר-צ ו י ג ן, האָט ז יי ד ע ר ק ע נ ט...

אין איין שיינעם פרימאָרגן איז דער נס געשען: דאָס יידישע פאָלק האָט זיינע קינדער, די פאַרשוואונדענע, די ביז דאַן ניט באַמערקטע, דערזען, דער-קענט — אין גרויס און קליין, האָבן צוזאַמען, ביי שלום עליכמען, שירה געזונגען.

שירה פון געזונטער לאַכנדיקער פריידיקייט.

אויף אָט דעם גרויסן גליק האָבן מיר שלום עליכמען, דעם אומפאַרגעסלעכן, צו פאַרדאַנקען.

.1936



# אינם צענטן יאָרצייט פון י. ל. פּרץ

— 1 —

## ווי אין די „דריי מתנות"

צען יאָר ווערט היינט זינט י. ל. פּרץ איז געשטאָרבן, אזוי פּלוצלינג, מען קען זאָגן אין דער מיט פון זיין אַרבעט. פּריצייטיק געשטאָרבן, ווען דער שאַפונגס-זשעני זיינער, דער אומרואיקער, דער שטענדיק זוכנדער, דער וואָס האָט אַלע מאָל אין אונדזער שאַפונגס-ריכטונג זיך געלאָזן האָט נאָך די אַנגענומענע וועגן פון די פאָלקסטימלעכע געשיכטעס ניט געהאַט פאַרלאָזן און וואָלט זיכער נייע געווען זוכן און... געפינען. געשטאָרבן איידער זיין שאַפונגס-כוח איז אויסגעשעפּט געוואָרן. געשטאָרבן אין דעם רעכטן מיט פון דער מלחמה, ווען עס האָט אויסגעזען, אַז די אַלטע וועלט גייט אונטער אויף אייביק; געשטאָרבן, אין אַ שווערן, טראַגישן מאָמענט פאַר דער יידישער וועלט, ווען יידן זיינען פון די מלחמה געביטן געטריבן געוואָרן, ווען יידן האָבן זיך געוואַלגערט אין וואַרשע, אַנגעלאָפן פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, אויס מורא פאַר מיליטער-פּאַגראָמען; ווען יידישע קינדערלעך האָבן זיך געוואַלגערט אין הונגער, אין ברויט-מאַנגל און שולע-דחקות. און ער איז געשטאָרבן שאַפנדיק אַ לידל פאַר זיי, פאַר די יידישע קינדערלעך, וואָס האָבן אין פּיין און יסורים, ביי'ן אַנגסטפולע וואָכן און חדשים געלעבט. דאָס גרויסע האַרץ האָט ניט אויסגעהאַלטן, ניט געקענט אַריבערטראָגן דעם צער פון תנוקות של בית רבן — און עס האָט געפּלאַצט.

אַלץ האָט געקענט פאַרטראָגן, אַלץ האָט געקענט מוחל זיין דאָס אייביק-יונגע האַרץ פון דעם גאון פון אונדזער ליטעראַטור — ווילט זיך ווייט פּאַראַפראַזירן דאָסטאָיעווסקיס אַ געדאַנק — נאָר די טרערן פון קינדער האָט עס ניט געקענט איבערטראָגן, ווייל טרערן פון קינדער ווערן ניט פאַרגעבן, טרערן פון קינדער שרייען און שפּאַלטן די הימלען.

און אין מיטן פון אַ וויג-לידעלע, פון אַ קינדער-לידעלע, איז דער גרויסער דיכטער איינגעשלאָפן, „שטיל אָן גערודער".

צען יאָר — זיינען פון יענעם טאָג אַוועק. שרעקלעכע צען יאָר אין דעם לעבן פון יידישן פאָלק; אַזעלכע זאָלן זיך מער ניט אומקערן:

דער ערשטער פאַרלוסט — דער גרעסטער פאַרלוסט. אומצייליק זיינען געווען די אבדות וואָס אונדזער ליטעראַטור אין ביידע שפּראַכן האָט געליטן, אין משך פון די צען יאָר; אַ דור אַ גאַנצער איז אויסגעשטאָרבן. דער ערשטער ליטעראַרישער דור איז עס געווען, דער וואָס האָט דעם פונדאַמענט געלייגט, דעם בנין אַרויסגעהויבן.

אַלע כמעט זיינען זיי אויסגעשטאָרבן פאַר דער צייט, אַלע כמעט אין דער בליענדסטער צייט פון זייער שאַפן די גרויסע און די יונגע זיינען יונג, צו־יונג ניט דערוואַקסן; צוויי דריי יהידי סגולה זיינען צו לענגערע יאָרן פאַרבליבן, אין מיט פון אַ דור אָנפאַנגער, גאָר יונגע, יונגע און מיטעלע. ביז וואַנען אַט די וועלט וועט צייטיק ווערן — מי יודע וויפל יאָרן עס וועלן אַוועק. דערווייל איז אונדזער ליטעראַטור פאַרבליבן כמעט אָן גרויסקייטן, אָן וואַגיקע שעפער — מיטן אויסנאַם בלויז פון געציילטע — נאָך יונגע, צוזאַגנדיקע, דערווייל אָבער געוויינלעכע, כדי ניט צו זאָגן מיטלמעסיקע.

דאָס איז דער צייכן פונם צעניאָריקן אַפשניט, וואָס פּרץ פעלט.

עס געשעעט איצט מיט דער יידישער ליטעראַטור דאָס זעלביקע וואָס י. ל. פּרץ ז"ל האָט געזען אין אונדזער יידיש לעבן און וואָס האָט אים אַזוי ווי געטון; דאָס זעלביקע וואָס מיט דער גראָענקער וואַגלאָזער נשמה פון זיינע ד ר יי מ ת נ ו ת :

ניטאָ קיין גרויסעס, ניטאָ קיין וואַגיקעס, ניט פאַראַן אַזעלכעס, וואָס זאָל קענען איבערוועגן דאָס צינגל פון דער וואָגשאָל — די ווערט — אויף איין זייט. אהער אָדער אהין : אָבער איבערוועגן שטאַרק, בולט : ניטאָ קיין גרויבע נשמות, נאָר מיטעלע, וואַגלאָזע, אהין און אהעריקע, וואָס טוען קוים, קוים אַ שאָקל דאָס צינגל פון דער וואָגשאָל פון אונדזער יידישן שאַפן.

שוועבט אַרום, זייט פּרצס טויט — די נשמה פון אונדזער ליטעראַטור צווישן די הימלען און דער ערד און קען צו ביידע ניט קומען. זוכט אַ תיקון פאַר מיטלמעסיקייט; זוכט אַן עליה פאַר זיך, זוכט עפעס צו קענען ברענגען כאָטש איין גרויסע מתנה אין דער פמליה של מעלה פון דעם יידישן שאַפונגס־אוצר, וועלכע זאָל דורך איר וואָגיקייט ביכולת זיין צו מאַכן איבערוועגן דאָס צינגל פון די וואָגשאָלן און געפינט ניט. דאָס לעבן איז כאָטייש, די נשמה פונם שאַפן צאַפּלט זיך צווישן גראָקייט פון דאָס נישטיקע, פון דאָס ט אָ ג ־ ט ע ג ל ע כ ע, אָדער פון דאָס ב אַ נ אַ ל ע, אָדער פון דאָס פ אַ ל ש ־ א י ב ע ר ג ע ־ ט ר י ב ע נ ע, אָדער פון דאָס פ אַ ל צ ע ט ־ ק ו ו י ט ש נ ד י ק ע, היי־זעריק־שרייענדיקע, אָן קול, אָן לשון : קליינינקע ל י ט ע ר אַ ר י ש ע מ צ ו ו ה ל ע ך, קליינע נישטיקע ל י ט ע ר אַ ר י ש ע ע ב ר ו ת ל ע ך, קוים באַמערקבאַרע, ניטאָ וואָס אויפצוכאַפּן, ניטאָ וואָס צו דער פמליה של מעלה אַרויפברענגען, מען זאָל קענען אויף דער וואָגשאָל אַרויפלייגן מיט אַ האָפענונג, אַז עס זאָל איבערוועגן. קיין מ ת נ ה אפילו ניט, שוין אָפּגערעדט בין ד ר יי.

שוועבט אונדזער ליטעראַטור שוין צען יאָר אין אַ ת ו ה ו ־ ו ב ו ה ו פון י צ י ר ה ל אָ ז י ק יי ט, ווערט געוואָרפן אין דעם כף הקלע פון גרויער ק נ אַ פּ ו ו ע ר ט י ק יי ט.

וועט זי נאָך געפינען כאָטש איין מתנה — וואָס זאָל איר געבן רעכט אויף אַ גרויסן תקון — פון דריי מתנות איז שוין אָפּגערעדט.

אַזוי ציט זיך עס גרוי אַ יי נ ט אָ נ י ק — ריכטיקער וואָלט געווען צו זאָגן, גרוי אָ נ ט אָ נ י ק — שוין צען יאָר; זינט פּרץ איז געשטאָרבן; פּרץ, דער ערשטער און נאָך אים דער גאַנצער, דער גרויסער דור.

פאַר צען יאָר, ווי ווייט מיר זיינען צוריקגעוואָרפן געוואָרן אין דער
אַ י כ ו ת פון אונדזער יידיש-שאַפן.

עס טראַכטן זיך אין דעם גרויסן יאָרצייט-טאָג, טרויעריקע מחשבות:

— 2 —

## דער בריסקער רב און דער ביאַלער רבי

פרץ און שלום עליכם...

איך מיין דאָ ניט צו דורכפירן אַ פּאַראַלעל צווישן די צוויי אַזוי ווייטע צווישן זיך, אַזוי פאַרשיידענע אין זייער שאַפונג. דער „יכין" און דער „בועז", די הויפּט-זיילן אין אונדזער ליטעראַרישן בית-המקדש.

איך מיין דאָ נאָר, אַז דורך דעם צוזאַמענשטעל פון זייביידן בולט זיך נענטער אויס, די קאָנטורן, די הויפּט-שטריכן פון דעם, וועמענס אומשטערבלעכ־קייט די יידישע וועלט אינגאַנצן, דערמאָנט היינט צום צענטן יאָרצייט.

שלום עליכם און פּרץ — דער ב ר י ס ק ע ר ר ב און דער ביאַלער רבי, ווילט זיך זאָגן.

דער ערשטער — האָט אין זיין גאַנץ לעבן ניט פאַרלאָזט כמעט דעם ברייטן וועג, דעם איינמאָל אויסגעפונענעם וועג פון שאַפן. דער וועג, וואָס האָט אים, ווי ש. ניגער באַמערקט, געפירט צום גליק.

ער איז געגאַנגען זיין גאַנצן שאַפונגס-לעבן אין דעם זעלבן וועג, מיטמאַכנ־דיק אין זיין גאַנג פאַרשיידענע צייטן: בעסערע, ערגערע, גלענצענדערע, טונ־קעלע, — אָבער שטענדיק דעם זעלביקן וועג.

זיין שאַפונגס-גייסט, מילד ווי ער איז געווען, האָט אָבער נאָר איין ה י מ ל פאַר זיך, איין ע ר ד א ו נ ט ע ר זיינע פּ י ס.

ער האָט איין אויסקריסטאַליזירטע פאָרם פאַר זיין שאַפן; איין ג ר ו נ ד־פּ א ר ב; איין פאַר אים געהייליקטן קאַנאָן נאָר האָט זיי שאַפנדע נשמה.

ווי דער ב ר י ס ק ע ר ר ב, זוכט ער ניט קיין נייע וועגן, נאָך דעם איינמאָל געפונענעם.

ער דאַרף ניט מער, ווי איין הימל, וועלכן ער זעט אין זיינע נאַטירלעכע קאָלירן; וואָלקנס זיינען וואָלקנס; אַלטע קאַפּאָטעס זיינען אַלטע קאַפּאָטעס; אָפּגעריבענע שטריימלען זיינען אָפּגעריבענע שטריימלען און אַלטע, צעפאַלן־ווערנדיקע טליתים ווערן ניט נייער, ווען אפילו זילבערנע עטרות באַפּוצן זיי...

קיין געדיכטע בייזע ברעמען, ווי דער בריסקער רב, האָט ער, אמת, ניט. אָבער זיין גייסט — איז איינער, וואָס ענדערט זיך ניט אין משך פון אַלע יאָרן פון זיין שאַפונג. ער איז ניט קיין ר ע ג נ ב ו י ג נ ד י ק ע ר, ער האָט ניט קיין ש ל ל - צ ב ע י ם, ווי די מתנגדישע תורה, וואָס איז תמיד די זעלבע. ביכטער וואָלט איך געזאָגט; הגם ער איז דער קעגנזאַץ פון האַרטקייט, שטרענג־קייט, אַריסטאָקראַטישקייט; נייערט: ער איז ווייך, מילד, לייכט, פרייליך — אָבער שטענדיק דער רואיקער ניט-זוכער נאָך דעם איינמאָל געפונענעם וועג...

ווי דער בריסקער רב, איז ער: אין דער שטרענגקייט פון זיין געפונענעם וועג פון רעאַליזם.

פ ר ץ — איז ווי ד ע ר ב י אַ ל ע ר:

אַ נגון; אַ ב ר ו ך פ ו ן אַ נ ג ו ן; אַ שפּיל פון קאָלירן וואָס בייטן זיך, פון קאָלירן וואָס מינען זיך יעדער ווייל אַנדערש אין זייער שלל-צבעימדיקייט: הימלען אָן אַ שיעור, ערדן אַלע מאָל נייע; וועגן דוקא ניט קיין אויסגעטראָטענע; אַ ל יי ן דורכלייגן, אַ ל יי ן אויסטרעטן; און, ווי נאָר אויסגעטראָטן, אָפּגענויגט פון אים און ווידער, געזוכט אַ נייעם... רק לאַנג ניט גיין אויף איינעם און דעם זעלביקן דרך... קוים דורכגעלייגט, אַ טריט, אַ פּאָר טריט אויף אים געמאַכט, איז גלייך פאַרלאָזן, גלייך גענומען זוכן נייע וועגן, נייע פאָרמען.

ווי דער ב י אַ ל ע ר וואַרפט ער צו אַ נגון אַלע מאָל אַ נייעם; און די הימלען זיינען הימלען, ווערן זוניקער, שטראַליקער; די וואָלקנס נ י ט ג ר ו י, נאָר פ אַ ר ב י ק; און צעריבענע קאַפּאָטעס ווערן גאַנץ, מהודרדיק; און אָפּגעבליאַקעוועטע שטריימלען באַקומען אַ יום-טובדיקע נייקייט, און די לאַנקע זינגט שמחת-תורהדיק.

יעדע ווייַלע נייעס, עס זאָל ניט אַלט ווערן, עס זאָל ניט וואָכעדיק ווערן, עס זאָל צו יעדער מאָמענט מעשה בראשית געשאַפן ווערן; חדשים לבקרים:

מלאכים ווערן אויך געבוירן אַלע מאָל נייע, חדשים לבקרים: זיי ווערן געבוירן, נאָר כדי צו קענען איינמאָל אָפּזאָגן שירה פאַרן בורא ברוך הוא; צוויי מאָל די זעלבע שירה, זאָגט ניט און טאָר ניט זאָגן אַ וואַרהאַפטיקער מלאך, ווייל ווידערהאָלונג איז פּגול. ווערט ער געבוירן, נאָר צוליב איין מאָל שירה-זאָגן, צוליב איינטאָגיקער שירה — און דאָס איז גענוג און צוליב דעם איז כדאי געבוירן צו ווערן. אָבער כדי צו קענען זאָגן אָט די איינע שירה פאַר דעם בורא, דאַרף זיך דער מלאך פריער באָדן אין אַ נהר-דנורא, אין טייך פון פייער-פלאַם. יעדן טאָג אַן אַנדער שירה; יעדן טאָג אַן אַנדער ניגון — און געבאָדן זיך אין דעם פייער-טייך פון שעפערישן ווידערגעבורט.

און פּרץ האָט יעדן טאָג אַן אַנדער שירה באַשאַפן; ער האָט ניט געקענט, ניט געוואָלט זיך ווידערהאָלן צוויי מאָל; פאַר זיין קינסטלער-נשמה איז פּגול געווען דאָס מינדסטע איבערחזרן זיך, ווייל עס ווערט גלייך וואָכעדיק, גלייך גרוי און זיינע הימלען וואַלטן פאַרלאָרן דעם קאָליר דאַן; ווען מען זעט זיי צוויי מאָל די זעלביקע; און די וואָלקנס קענען, חלילה, ווערן דאַן צוריק וואָלקנדיק גרוי...

דער ב י אַ ל ע ר איז ער: ער וואַרפט צו זיינע חסידים אויף דער לאַנקע, פון דער הייך פון דעם גאַניק זיינעם, יעדעסמאָל אַן אַנדער נגונדל; און עס ווערן געענדערט מעשה בראשית — און די נאַטור זינגט שירה.

און אַז די נאַטור זינגט שירה, מיינט עס צו זאָגן, זי זינגט יעדעס מאָל אַנדערע.

די חסידים תלמידים האָבן ניט דערהויזן נאָך צו אונטערכאַפּן ווי געהעריק די נגונים, פון דעם רבין געוואָרפענע, דאָס איז אגב אורחא.

עס איז אָנגענומען צו זאָגן, אַז אַ קינסטלער האָט און מוז האָבן איין גרונט-טאָן, וואָס איז ז יי ן גרונט-טאָן; איין גרונט-שטריך, ז יי ן גרונט-שטריך;

און דער דאָזיקער טאָן און שטריך — אזוי איז אָנגענומען צו באהויפּטן — מוז קומען צום אויסדרוק, אין דעם גרונט פון זיין שאפן, אין א גרונט-לאגע, וואָס ווידערהאַלט זיך, צומאָלס ניט אָנזיכטיק, צומאָלס אונטערבאוואוסטזיניק, צומאָל אין קאַרדינאַלע מעטאַמאָרפאָזעס, אָבער ווידערהאַלט זיך דאָך...

אזא באהויפּטונג איז אָנגענומען ווי אַן אקסיאָמע, וואָס פאָדערט ניט קיין באווייזן. און דאָך איז פּרץ דער שטאַרקסטער, די איבערצייגנדיקסטער אָפּפרעג פאַר אָט דער באהויפּטונג.

זיין פערזאָן איז פּילפּאַרביק אין זיין שאפן, פאַרשיידן אין זיין שאפן ניט נאָר אויסערלעך, ניט נאָר אין מיטלען און אין זשאַנרען, נאָר אינערלעך, אין גרונט, אין דעם תוך אַלע מאָל ניי.

עס זיינען פאַראַן א סך שריפטשטעלער, וואָס האָבן געהאַט דערפאָלג אויף פאַרשיידענע געביטן פון ליטעראַרישן שאפן, אויף וועלכע זיי זיינען, באמת עכט. דאָס אָבער נאָר אויסערלעך, אזוי צו זאָגן. דער גרונט-טאָן אָבער זייערער איז איינער און דערזעלביקער אומעטום.

ביי פּרצן דאַקעגן איז אין דעם עצם פאַרשיידנקייט, דער גאַנצער מהות פון זיין קינסטלערישן אויסדרוק; און דער אומרואיקער שטענדיקער זוכעניש פון נייע וועגן, נייע פאָרמען, נייעם אינהאַלט, נייע געדאַנקען, נייע שיינקייט — איז דער עצם און די נשמה פון זיין קינסטלערישן מהות. פּונקט ווי מען קען ניט פאָרשטעלן זיך, אַז זיין ביאַלער צדיק זאָל זיך קוויקן מיט איינער און דער זעלבער תורה, מיט איינעם און דעם זעלבן ניגון, מיט איינעם און דעם זעלבן קאָליר, ווייל דאָס איז דער ניגוד צו זיין אייגנטימלעכקייט, צו זיין מהות, אזוי קאָן מען זיך ניט פאָרשטעלן פּרצן אָן דער קינסטלערישער פּילפּאַכיקייט זיינער, אָן דאָס זוכן שטענדיק טאָן-טענלעך נייע, נאָך ניט דורכגעלייגטע וועגן פאַר זיין שאפן.

און דערביי, — און ווידער, ווידער טאַקע אין קעגנזאַץ צו דעם „בריסקער רבין" — פּלעגט ער זוכן וועגן, וואָס ניט תמיד האָבן זיי אים, פּרצן, געפירט צום גליק.

1925



# ה. ד. נאָמבערג און בונאָס אײרעס

## (אַ קאַפּיטל זכרונות)

— 1 —

ביי יידן איז געווען אַן אַלטער, האַרציקער מנהג: צום יאָרצייט פון אַ נאָענטן קרוב, פריינט, חבר, זאָל מען לערנען אין משניות פּרקים, וועלכע הויבן זיך אָן מיט די אותיות פונם נאָמען פונם נפטר — אַ מין אַקראָסטיך פון פּרקים — און פאַרענדיקן מיט אַ רייע משנות, וואָס גייען איינס נאָכן צווייטן און די ראשי-תיבות פון וועלכע עס שטעלן צוזאַמען דאָס וואָרט „נשמה". אַן אַלטער, האַר-ציקער רעליגיעזער מנהג, דורך וועלכן עס פלעגט ווערן אַרויסגעוויזן אַזוי פיל באַציאונג און וואַרעמקייט צום אָנדענק פון דעם נפטר...

ווער געדענקט נאָך היינט, ביי אונדז, אָט דעם דאָזיקן מנהג פון אונדזערע טאַטעס און זיידעס? —

מיר טוען עס איצט אויף אַ מער וועלטלעכן אופן: מיר דערמאָנען דעם אָנדענק פון די גרויסע, וואָס זיינען אונדז טייער און ליב, דעם אָנדענק פון די שעפער פון אונדזער גרויסקייט און קולטור, אין פאַרשיידענע אָנדענק-אַקטן; מיר שאַצן אָפּ זייערע אויפטועו און דערגרייכונגען פאַר אונדזער קולטור-וועזן, אין עפנטלעכע אַקטן, דורך רעפעראַטן, פאָרלעזונגען א. אַ. וו.

די כוונה איז די אייגענע, וואָס ביי אונדזערע טאַטעס און זיידעס: אַרויס-צואווייזן פאַרהערלעכונג, וואַרעמקייט צום אייביקן אָנדענק פון די נאָענטע נפטרים, צום אייביקן אָנדענק פון די גדולים אין יידנטום, וואָס האָבן, יעדער אויף זיין שטייגער און אין איינקלאַנג מיט זיינע גלויבונגען, באַציאונגען און באַנאַבטקייט, געשאַפן קולטור-ווערטן לאַנגדויערהאַפטיקע פאַר אונדזערע פאָלקס-מאַסן.

די כוונה איז די אייגענע, הגם די מיטלען און אופנים, דורך וועלכע די דאָזיקע כוונה ווערט אויסגעדריקט איז אַזוי ווייט פאַרשידן — און דער ציל, וואָס ווערט דערגרייכט איז אויך דער זעלביקער: דאָס איז דער, וואָס איז אַזוי טרעפלעך אויסגעדריקט געוואָרן אין אַ מאַמר חז"ל, אויף אַ פּסוק פון שיר השי-רים: „דובב שפתי ישנים", ער מאַכט רעדן די ליפּן פון די שלאָפנדיקע... ווער עס דערמאָנט איינעם אינם טאָג פון יענעמס פטירה, דורך אַ תורה-וואָרט, וואָס יענער האָט געזאָגט, מאַכט ער אים רעדן אין זיין אומשטערבלעכקייט, מאַכט ער דעם נפטרס ליפּן באַוועגן און שמייכלען...

מיין אויפגאַבע דאָ איז אויך צו מאַכן באַוועגן די ליפּן פון ה. ד. נאָמבערג,

אין זיין אייביקער רו, צום פופצנטן יאָרצייט זיינעם, וואָס דערנענטערט זיך. ער איז אונדז אַלעמען געווען נאָענט און טייער; ער איז אונדז נאָענט און טייער געווען אַלס שריפטשטעלער, אַלס שעפער פון קולטור-ווערטן, אַלס שאַרפזיני-קער פעליעטאָניסט, אַלס דיכטער וואָס האָט פאַרשטאַנען צו באַטראַכטן דאָס לעבן, ווי בלויז „קופּלעטן", און גענומען עס און אויסגעזונגען עס, און אליין געלעבט עס, מיט רעזיגנאַציע, פון איינעם, וואָס זעט און פאַרשטייט, אַז דאָס לעבן איז ניט מער, ווי אַן אומאיבערגעריסענע שערענגע פון „אוי ווייען און כאַ-כאַ-כאַען"; אַלס דערציילער פון שיינע מעשהלעך, אין וועלכע דער געדאַנק פון נירוואַנאַ און פאַטוס, איז דאָמינירנדיקער אַלס זשורנאַליסט, וואָס האָט דורך זיין רעאַגירן שאַרף און קאַנטיק אויף זאַכן און געשעענישן, קהלשע און סאָציאַלע, אין אונ-דזער יידיש לעבן, אָפטמאָל געפירט צו גאַנצע אויפברויזן און צו געזונטמאַכנ-דיקע רעאַקציעס.

ער איז אונדז נאָענט און טייער געווען פערזענלעך, אַלס חבר און פריינט, אַלס האַרציקער מענטש, וועלכער האָט אין אונדזער מיט פאַרבראַכט זעקס חדשים צייט, צווישן דעם 14-טן מערץ און 25-טן אָקטאָבער פון יאָר 1922, — ווען ער האָט אומגערייזט אונדזער יידישע אַרגענטינע לאַרכה ולרחבה, אין איר לענג: פון טוקומאַן און סאַלטאַ ביז בערנאַסקאָני און איר ברייט: פון בוענאָס איירעס ביז מענדאָסאַ.

מיט אַ סך פון אונדז האָט ער זיך באַפריינדעט, שטאַרק באַפריינדעט פאַר דער צייט, וואָס ער איז דאָ געווען; און צו אַלעמען האָט ער אַרויסגעוויזן באַ-ציאונג, אָפּשאַצונג און האַרציקייט. דער גורל פון אונדזער היגן יידישן שריפט-שטעלער האָט אים נאָענט אינטערעסירט, פון דעם ערשטן מאָמענט, וואָס ער האָט געשטעלט זיין פוס אויף דער אַרגענטינער ערד. ער האָט געלייענט און אינ-טערעסירט זיך מיט אַלעס, וואָס דאָ איז געשריבן געוואָרן, און זיך פאַרנומען מיט דער אַרבעט פון מיטהעלפן פאַר דער גרינדונג פון אַ יידישן שרייבער-פאַריין, אינם לאָקאַל פון וועלכן ער האָט דערנאָך געהאַלטן אַן אומפאַרגעסלעכן רעפעראַט וועגן פרצן; דאָס איז דער פאַריין, וואָס האָט דערנאָך, מיט יאָרן שפּעטער, נאָך פאַרשיידענע פאַרוואַנדלונגען, געשעענישן און ענדערונגען, באַשלאָסן צו מתיחס זיין זיך אויף זיין נאָמען.

איך האָב מיר דאָ היינט אָנגעצייכנט די אויפגאַבע איבערצוגעבן איינעם-צוויי מאָמענטן, וואָס באַציען זיך צו דער צייט, ווען ער איז געווען צווישן אונדז. עס איז פאַראַן אַ סך צו דערציילן, אַ סך צו איבערגעבן.

אַז איך טראַכט וועגן נאָמבערגן און דער צייט, וואָס ער האָט פאַרבראַכט צווישן אונדז, שווימען מיר אַרויף אין זכרון אַ סך עפּיזאָדן און שמועסן, וואָס כאַראַקטעריזירן נאָמבערגן און געשעענישן, וואָס וואַרפן אַ ליכט אויף זיין פער-זענלעכקייט, אויף זיין לעבנס-שטייגער און כוואַלט געזאָגט, אויף זיין לעבנס-פילאָזאָפיע; כוואָלט, אַלזאָ, געקענט און געדאַרפט אפשר, איבערגעבן אַ סך פון אַזעלכע עפּיזאָדן און שמועסן, וואָס האָבן זיך אויפגעהיט אין מיין זכרון, פריש, גלייך ערשט נעכטן וואָלט עס געשען. הגם עס זיינען שוין אַריבער צוויי צענדליקער יאָרן. אָבער, דערווייל, דאָ, וועל איך אויסקלויבן פון די פיל, צוויי-

בלויז: איינער באַציט זיך צו „נאָמבערג און די איק״א", און אַ צווייטער, וואָס קען כאַראַקטעריזירן נאָמבערגן אין דער באַציאונג צו זיך אַליין; די אַנדערע וועלן מיר לאָזן ביז אַ צווייטער געלעגנהייט.

איך הויב אָן פון דעם ערשטן:

— 2 —

נאָמבערגס אַרויסטרעטונגען קעגן דער איק״א און איר אַדמיניסטראַציע אין אַרגענטינע, פריער און שפּעטער, סוף יאָר 1922 און אָנהויב 1923, ווען ער האָט זיך אומגעקערט קיין וואַרשע, זיינען גוט באַקאַנט דעם לייענער-פּובליקום, וואָס האָט זיך אינטערעסירט ביי אונדז מיט נאָמבערגס פּובליציסטישער טעטיקייט און זיי זיינען גוט באַקאַנט געווען אין פּוילן, אין יענע ברייטע יידישע קרייזן, וואו מען האָט דאַן שטאַרק אינטערעסירט זיך מיט דער יידישער עמיגראַציע נאָך אַרגענטינע און מיט די באַדינגונגען און אומשטענדן פאַר דער יידישער קאָלאָניזאַציע.

די אַרטיקלען, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט דאַן קעגן דער קאָלאָניזאַציע אין מאָנטעפיאָרע, האָבן געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן אָפּקלאַנג אין אַלע עמיגראַציע-גרייטע שיכטן פון דער יידישער אָרימקייט און מיטלקלאַס אין פּוילן און אין ליטע: זיי האָבן, אָן גוזמא, געשטערט דער איק״א פאַרצווזעצן דאָס רעקרוטירן פאַמיליעס און גרופּעס צום קאָלאָניזירן אין סערעס, אויף די באַדינגונגען, וואָס זי האָט דענסמאָל אָנגעווענדעט (איצט האָבן זיך די דאָזיקע באַדינגונגען באַדייטנדיק געענדערט); און די איק״א האָט, אַזוי אַרום, געפילט דאַן, אין אַ גאָר שאַרפער פאָרם, די קאָנסעקווענצן פון נאָמבערגס באַזוך אין אַרגענטינע און די שניידנדיקע שאַרפקייט פון זיין זשורנאַליסטישער פעדער.

אַ סך געדענקען עס ביי אונדז דאָ, און אין פּוילן. וואָס עס איז אָבער ניט באַקאַנט, פּיליכט, ווייכן עס און געדענקען עס בלויז אַ פּאָר פון אונדזער היגן זשורנאַליסטישן קרייז — איז נאָמבערג ביי זיין אָנקומען צו אונדז אַהער, איז ניט נאָר ניט געווען געשטימט אָפּאָזיציאָנעל קעגן דער איק״א און איר היגע דירעקציע, נייערט ער האָט געטאַדלט אונדז, אַרגענטינער שרייבער, פאַר זיער אָפּאָזיציע צו איר. און ניט נאָר אונדז האָט ער פאַר דעם געמוסרט, נייערט ער האָט אויך געמאַכט אַ שאַרפן פאָראורטייל קעגן כאַזאַנאָוויטשן — כהריאל ע״ה, פאַר זיין אַנטי-איק״א׳אישער אַגיטאַציע. ער באַטראַכט כאַזאַנאָוויטשעס באַוואוסטע שטעלונג, ווי אַן אויסדרוק פון אַ שאַרף-סוביעקטיווער שפּירונג. ער, כאַזאַנאָוויטש, — פּלעגט נאָמבערג טענהן מיט מיר, דעם שאַרפסטן קעגנער פון דער איק״א דאַן — קען ניט אָפּטיילן אין זיך זיינע שפּירונגען און געפילן, דעם סוביעקטיוו-פּערזענלעכן מאָמענט זיינעם די ליידן, וואָס אים איז אויסגעקומען צו איבערטראָגן דאַן, אין אַרגענטינע, איבער דער מסירה, אַרעסט און דאָס דעפּאָרטירן אים פון דאַנען, אין וואָס עס איז שולדיק געווען, ווי ער פּלעגט באַהויפּטן, אַ היגער איק״א-פאַרוואַלטער, פון דער אָפּשאַצונג וועגן דער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע אַלס ווערק פון דער איק״א און אַזוי טאָר אַ זשור-

נאַליסט ניט האַנדלען, ווען עס גייט אין דער אָפּשאַצונג פון אַ פאָלקס-ווערק, פון אַזאַ איבערבויענדיקן און איבערדערציענדיקן פאַרנעם און געוויכט, ווי די איק"א-קאָלאָניזאַציע איז.

דאָס פלעגט נאָמבערג איבערחזרן אָפטמאָל באַלד נאָך זיין אָנקומען קיין בוענאָס איירעס, און — לאָמיך עס דאָ גלייך זאָגן — איידער ער האָט באַזוכט די קאָלאָניעס.

אין זיינע שמועסן מיט אונדז, זשורנאַליסטן און שריפטשטעלער, פלעגט ער דאַן ניט פאַרבאָרגן זיין פאַרוואונדערונג איבער דעם, וואָס כמעט אַלע יידישע שרייבער אין אַרגענטינע, האָבן אַ שאַרף-אָפּאָזיציאָנעלע באַציאונג צו דער איק"א, קריטיקירן איר אַרבעט אויף דעם שאַרפסטן אופן, באַשולדיקנדיק די איק"א אין דעם דורכפאַל און שיעור ניט אין דער צעפאַלונג פון דעם יידישן קאָלאָניזאַציע-וועזן אין אונדזער לאַנד.

„דאָס איז אַן איינבילדונג, אַן איינרעדעניש — פלעגט נאָמבערג טענהן מיט אונדז — און זי שטאַמט פון דער „רעוואָלוציאָנערישקייט", פון דעם טעמפּעראַמענט, וועלכער איז דאָמינירנדיק ביי אונדזערע יידישע זשורנאַליסטן.

„צו דער איק"א און איר טעטיקייט — פלעגט דאַן נאָמבערג איינטענהן מיט אונדז — מוז מען האָבן אַן אָביעקטיווע באַציאונג; מען דאַרף ניט און מען טאָר ניט פאַרניינען אירע פאַרדינסטן פאַר דער יידישער קאָלאָניזאַציע; און עס קען דאָך ניט זיין, אַז אַלעס זאָל זיך ניט געפינען אין איר איבער דרייסיק יאָריקער (דאַן) קאָלאָניזאַטאָרישער טעטיקייט אין אייער ישוב".

אַ אַ איז געווען נאָמבערגס באַציאונג צו דער איק"א תיכף ביי זיין אָנקומען קיין בוענאָס איירעס. און די דאָזיקע באַציאונג איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ דיאַמעטראַל קעגנזעצלעכע, גלייך נאָכדעם, ווי ער האָט זיך אומגעקערט פון זיין רייזע אין דער קאָלאָניע ריוועראַ, די ערשטע פון אַרגענטינער יידישע קאָלאָניעס, וואָס נאָמבערג האָט באַזוכט.

דאָס רעדט קלאָר וועגן דער הויכער זשורנאַליסטישער אויפריכטיקייט, גראַדליניקייט און האַרציקייט, וואָס נאָמבערג האָט באַזעסן.

ער האָט אַליין אַנערקענט און מודה געווען אויף זיין טעות, ווי נאָר ער איז געקומען אין אומיטלבאַרן קאָנטאַקט, מיט די קאָלאָניעס זעלבסט, מיט די קאָלאָניסטן, מיט די איק"א-באַאַמטע און מיט די מעטאָדן, וואָס ווערן פון זיי און דורך זיין אָנגעווענדעט.

---

נאָמבערג איז אָנגעקומען קיין אַרגענטינע אין העלפט פון חודש מערץ, פורים-צייט. אין אַ דריי וואָכן אַרום, עטלעכע טעג פאַר פסח, דערמאָנט זיך מיר אַ שאַרפע דיסקוסיע, וואָס מיר, אַ גרופּע זשורנאַליסטן, האָבן געהאַט מיט אים צוליב אָט דער באַציאונג אונדזערער צו דער איק"א.

עס איז געווען אַ הייסער האַרבסט-טאָג, אַ שווערער און פייכטער טאָג, ווען דער הימל איז באַדעקט מיט שווערע, מיט שטורעם-דראָענדיקע וואָלקנס און מען פילט דאָך דאָס שרעקלעכע ברענען און באַקן פון דער זון. פון אונטער די וואָלקנס. עס פעלט אויס לופט אין אַזאַ טאָג, וועלכער איז, געוויינטלעך, האַלב-פאַר-

וואָלקנט; אָבער ווען די זון כאַפּט זיך אַרויס פון צווישן די שטיקער כמאַרעס באַקט זי מיט סכנות נפשות. בייסט זיך איין אין לייב מיט אַזאַ הייסן כעס, ווי אַ פאַרשפעטיקטע פליג אין טיפן האַרבסט.

זיינען מיר, אַ גרופּע זשורנאַליסטן, געזעסן אין דעם קאַפע „כאַפּאַנעס", — דאָן די ליטעראַרישע קיבעצאַרניע — און דיסקוטירט און געריבן זיך אַרום דער פראַגע פון אייביקער אַקטואַליטעט פאַר יידישע זשורנאַליסטן אין אַרגענטינע:

די איק"א, איר קאָלאָניזאַציע אין אונדזער רעפּובליק, אירע פעלערן (וועגן אירע פאַרדינסטן האָט קיינער, אויסער נאָמבערגן, ניט גערעדט), דער וועג, צו וועלכן אירע פאַטאַלע טעותן, וועלן אומפאַרמיידלעך דערפירן די הינגע יידישע קאָלאָניזאַציע א. אַ. וו.

נאָמבערג איז געזעסן אין מיטן פון דער גרופּע און האָט זיך געהיצט. ער איז געווען איינער קעגן עטלעכע, און די עטלעכע זיינען געווען אַלע הינגע זשור-נאַליסטן און שרייבער, וואָס האָבן געקענט די פראַגע גרינטלעך, וואָס האָבן גע-קענט גוט דאָס הינגע יידישע קאָלאָניזאַציע-וועזן און די מעטאָדן פון דער איק"א, דאָן ווען נאָמבערג האָט זיך ערשט געקליבן צו אַרויספאָרן אויף זיין ערשטן טור אין דעם דרום-טייל פון די הינגע קאָלאָניעס.

די קאַווע-כוסות זיינען געשטאַנען האַלב ניט דערטרונקען. דער אַש פון די ניט-דעררויכערטע סיגאַרעטלעך האָט גרוי פאַרדעקט די שעלעכלעך און איבער אונדזער טיש האָט זיך געהויבן אַ היפּשער עמוד הענן.

נאָמבערג האָט אויף אַ מינוט ניט אַרויסגעלאָזן דאָס ציגאַרעטל פון מויל און ליידנשאַפטלעך פאַרטיידיקט די איק"א קעגן אונדז, די אַנפאַלער.

— אָבער אַזוי ווי איר באַציט זיך צו דער איק"א און צו איר טעטיקייט ביי אייך, קען מען זיך דאָך ניט באַציען, — האָט ער זיך געהיצט — עס איז דאָך אַן אַבסורד צו פאַרניינען אַלץ, וואָס די איק"א האָט אויפגעטון דאָ. לאָמיר צוגעבן, אַז זי איז, מאַנכעס מאָל, באַגאַנגען פעלערן, אַז זי האָט געקענט גרייזן די ערשטע יאָרן, ניט האָבנדיק קיין עקספּעריענץ. אָבער זאָגן, ווי איר באַהויפּטעט און ווי כאַזאַנאָוויטש טענהט, אַז זי האָט בכיוון פאַרקריפּלט די קאָלאָניזאַציע, אַז עס איז קיין גאַנצער אבר אין דער איק"א און אין איר קאָלאָניזאַציע ניטאָ — דאָס איז דאָך, איינפאַך, לעכערלעך.

— און פון וואַנען ווייסט איר, אַז דאָס איז אַן אַבסורד, ווי איר האָט זיך אויסגעדריקט — האָט עמיצער פון אונדזער גרופּע אַ פרעג געטון דעם גאַסט.

— די לאָגיק זאָגט אונטער, אַז עס איז אַן אַבסורד — האָט נאָמבערג גע-ענטפערט — ווייל ווען דאָס זאָל זיין ריכטיק, וואָלט עס געהייסן, אַז די איק"א האָט די גאַנצע צייט געהאַנדלט קעגן זיך אַליין, קעגן אירע אייגענע אויפגאַבן און צילן, קעגן דעם באַרוף פאַר וועלכן זי איז פון לכתחילה אָן געשאַפן געוואָרן, צו אַנטשטייאונג געקומען. און דאָס לייגט זיך ניט אויפן שכל, דאָס איז אומ-מעגלעך: קיין אָרגאַניזם, אין נאָרמאַלע פונקציעס, אַקטואירט ניט קעגן זיך אַליין, קעגן דער אייגענער עקזיסטענץ.

— ל אָ ג י ש און ב י אָ ל אָ ג י ש געזען די זאַך, זענט איר גערעכט — האָב איך געענטפערט, — אָבער צו דער איק"א-דירעקציע קען אַזאַ מאָס פון באַ-

טראכטונג ניט אנגעווענדעט ווערן, ווייל עס איז, משמעות, אן ארגאניזם ניט אין נארמאלע פונקציעס. דאס וואס איך וועל דא זאגן וועט אפשר אויסזען, ווי א פאראדאקס, עס איז אבער א ביטערער אמת. די איק"א־דירעקציע האט אין משך פון די דרייסיק יאר פון איר קאלאניזאציע־טעטיקייט, געטון אלעס מעג־לעכעס צו צעשטערן די קאלאניזאציע. און אויב עס עקזיסטירט דאך א געזונטער קאלאניזאציע־וועזן אין פיל פון אונדזערע היגע קאלאניעס, איז עס געשען, אזוי צו זאגן, קעגן דעם ווילן פון דער איק"א און עס איז ניט איר פארדינסט. דאס באווייזט נאר, אז דער אמת פון קאלאניזאציע אין אונדזער יידיש לעבן, טראגט אזא שטארקן קערן אין זיך, אז אפילו די פארדארבונגס־מעטאדן פון דער איק"א־ביוראקראטיע, האבן עס ניט געקענט צעשטערן.

נאמבערג איז אויפגעשפרונגען פונם בענקל. דער קאלטער פיקח און שארפ־זיניקער זשורנאליסט, האט פארלוירן די געדולד, דערהערנדיק פון מיר אזא... פאראדאקס.

— עס איז מער, ווי אן אבסורד — האט ער זיך געהיצט און געווישט בעת־מעשה דעם שווייס מיט א גרויס טאשן־טיכל; עס איז ביי אייך א סוגעסטיע, אן איינרעדעניש אזא, איר זענט צו נאענט, איר זאלט קענען זען די זאכן ריכטיק און צו פערזענלעך, צו ליידנשאפטלעך ארייננגעצויגן, אז איר זאלט קענען ריכטן קאלט, אביעקטיוו. אזוי צו רעדן און צו משפטן וועגן דער טעטיקייט פון א רי־זיקער קאלאניזאציע־געזעלשאפט, דארף מען האבן וואגיקע פאקטן.

— איר ווילט פאקטן? אין די הונדערטער וועלן מיר אייך ברענגען — האבן זיך אייניקע אפגערופן.

און עס האט גענומען האגלען און שיטן מיט פאקטן פון שלעכטער פאר־שווענדערישער אדמיניסטראציע, פון בייזוויליקער רשעות מצד דער איק"א־אד־מיניסטראציע; מיט פאקטן וועגן קאמפן, וואס מען האט צו גוויס פארקויפט, ווייל די איק"א־אדמיניסטראציע האט געצוואונגען דערצו דורך דראאונגען פון דעסאלאכא און רעדוקציע; מיט פאקטן וועגן פארדינגען רעזערוו־פעלדער צו ניט־יידן און לאזן אין טרוקעניש־צייטן די קאלאניסטישע פי אויסצופגרן פון הונגער, מיט פאקטן פון ביוראקראטישער געליימטקייט, וואס שטערט דעם גאנג פון דער קאלאניזאציע; מיט פאקטן פון שוחד, גענומען פון אדמיניסטראטארן, און נאך אנדערע.

די פאקטן זיינען דאן געווען נאך פריש און אקטועל (איצט איז שוין צוואנ־ציק יאר זייט דאן), און די פראגן, וואס זיינען באהאנדלט געווארן האבן יעדן פון אונדז פיינלעך געברענט, ממש ווי געטון.

א פאר שעה האט זיך אזוי געצויגן דער שמועס. נאמבערג האט זיך שוין ניט געהיצט, ניט דיסקוטירט, ער איז געזעסן שטיל, האלב צוגעמאכט זיינע לעבעדיקע גרא־בלוילעכע אויגן און מיט א קוים־באמערקבארן שמייכל, וואס האט זיך פון צייט צו צייט באוויזן ארום דעם יסורים־קנייטש, ביי די זייטן פון זיין מויל, האט ער זיך צוגעהערט צום מבול פון פאקטן, דאטן, נעמען און געשעענישן, וואס האט זיך פון אלע זייטן, ארום דעם טישל אין קאפע־הויז, געגאסן, געשאטן קעגן זיין טעזע.

— גוט — האָט ער נאָך אַ לאַנגן שווייגן זיך אָפּגערופן, — פאַקטן זיינען אוודאי פאַקטן. און דאָך איבערצייגט עס מיך ניט, ווייל פאַקטן באַקומען אויך די באַפאַרבונג פון דעם אויג, וואָס זעט די פאַקטן און וואָס ווילט זיי אויס. ד י פ אַ ר ב קומט לויט דער ליכט, וואָס מען וואַרפט אויף אי ר, און איר אַלע זעט מיר אויס צו ליידנשאַפטלעך פאַרקאַכט קעגן דער איק"א.

— 3 —

נאָמבערגס פאַרעקשנטקייט האָט אָנגעהויבן ביי אונדז אַלעמען צו וועקן אַ פיינלעכן פאַרדרוס, אַ מין דענערווירונג.

— און מיט וואָס דערקלערט איר דעם פאַקט, וואָס אַלע וואָלטן מיר זיך, ווי צוגויפגערעדט צו זיין קעגנעריש צו דער איק"א — האָב איך אַ פרעג געטון — אין אַנדערע פראַגן הערשט דאָך ווייט ניט צווישן אונדז אַזאַ ד י ר נ ד י ק ע איינשטימיקייט?

נאָמבערג האָט אַ ווײַלע געשוויגן. ער האָט אַ קוק געטון אויף מיר, געמאַכט אַ מינע, ווי ער וואָלט געוואָלט עפּעס זאָגן און אָפּגעשטעלט זיך.

— איך וואָלט אייך געקענט דערקלערן די זאַך, אָבער... כוויל ניט, איר וועט זיך נאָך באַליידיקן.

— בשום אופן! אדרבא, זאָגט.

— אייער אַלעמענס שאַרפע, קריטישע פאַרניינענדיקע שטעלונג צו דער איק"א, דערקלער איך מיט דעם געפיל פון איינגעבוירענער „רעוואָלוציאָנעריש-קייט", וואָס יעדער זשורנאַליכט בכלל און אַ יידישער זשורנאַליסט באַזונדערס האָט און מוז אָרגאַניש באַזיצן, אויב ער איז נאָר ווירקלעך אַ זשורנאַליסט. דאָס גיט פייער, דאָס גיט שוואונג צו זשורנאַליסטישער טעטיקייט. ביי אונדז, אין דער אַמאָליקער רוסלאַנד, איז אין די רעדאַקציעס פון די צייטונגען, צווישן די זשורנאַליכטן, אומגעגאַנגען אַ ווערטל אַזאַ, אַן אמת כאַראַקטעריסטישעס: „נוזשנאָ סטאָליפּינאַ רוהאַט!" סטאָליפּינען, די רעגירונג, הייסט עס, דאַרף מען שילטן, זידלען; צי זי טוט שלעכטס, צי זי טוט גוטס — איר דאַרף מען שילטן און זידלען, ווארום סטאָליפּין טאָר ניט, קען ניט טון גוט... זידלען די רעגירונגען, זיין אין דער אָפּאָזיציע איז אַ מין פּרינציפּ, אַ מין „באָהעמעריע" ביי יידישע זשורנאַליסטן. עס איז שיין, עס איז פיין, עס איז אַ מין זשורנאַליסטישער פיי-נער טאָן... און ער האָט איבערגעהאַקט, פאַרציענדיק זיין ציגאַרעטל:

— אייער סטאָליפּין — האָט נאָמבערג פאָרגעזעצט נאָך אַ קליינער פויזע — איז די איק"א. איר האָט דאָ ניט קיין אָרגאַנישע, קיין גאָר נאָענטע באַציאונג צו אַנדערע יידישע פראַגן, וואָס זיינען ווייט פון אייך. די אַלגעמיינע לאַנדעס-פראַגן געבן, הפּנים, ניט קיין שטאָף דאָ צו באַציען זיך שאַרף אָפּאָזיציאָנעל צו דער רעגירונג... געפינט איר די באַפרידיקונג פאַר אייער אָרגאַנישער זשורנאַליס-טישער „רעוואָלוציאָנערישקייט" אין אַ פּערמאַנענטן קאַמף קעגן דער איק"א, אַזוי שטעל איך עס מיר פאָר.

מיר האָבן פּראָטעסטירט דאָן; אָבער אינטים פאַר זיך, האָט יעדער איינער, אָן ספק, געפילט, אַז אין נאָמבערגס דערקלערונג זיינען פאַראַן אַ סך עלעמענטן פּסיכאָלאָגיש-וואַרהאַפטיקע, הגם דאָס האָט ניט געהאַט צו טון, פון דער אַנדערער זייט, מיט דער אויך אַבסאָלוטער וואַרהאַפטיקייט פון אונדזערע אָפּשאַצונגען וועגן דער איק"א.

— מיר ווילן זיך ניט פאַרשטיין, חבר נאָמבערג, — האָבן אייניקע פון אונדזער דאַמאָלסדיקער גרופּע געענטפערט.

— איר קלייבט זיך דאָך צו אַרויספאָרן אין די קאָלאָניעס — האָב איך באַמערקט — ווילן מיר אָפּלייגן דעם סוף פון דער איצטיקער דיסקוסיע אויף נאָכדעם, ווי איר וועט זיך האָבן אומגעקערט פון די קאָלאָניעס. איר פאָרט, זעט, באַאָבאַכטעט, זאַמלט דאַטן, שמועסט זיך דורך מיט די קאָלאָניסטן פון אַלע שיכטן, אָרימע און רייכע, קוקט זיך צו צו דער טעטיקייט פון די איק"א-אַדמי-ניסטראַטאָרן אויף די ערטער, און ווען איר וועט האָבן צוריקגעקומען פון די קאָלאָניעס, ווילן מיר דאָן פאַרענדיקן אונדזער איצטיקע דיסקוסיע, אויב... אויב איר וועט דאָן בלייבן ביי דער זעלבער מיינונג, וואָס איצט.

— 4 —

און נאָמבערג איז געפאָרן איבער די קאָלאָניעס; ער האָט באַזוכט ריווערא, מאָזעסוויל, מאָנטעפיאָרע. געווען אין דער פּאַמפּאַ, געזען, געזאַמלט דאַטן, גע-שמועסט מיט קאָלאָניסטן, מיט אָרימע, מיט רייכע, מיט אָנהענגער פון דער איק"א און מיט אירע קעגנער, געפירט שמועסן מיט אַדמיניסטראַטאָרן פון דער איק"א און מיט איינעם פון אירע הויפּט-דירעקטאָרן, מיט שטאַרקמעטן ע"ה. און ער האָט זיך דערנאָך גוט און גרינטלעך פאַנאַנדערגעקליבן אין דער גאָר ניט אַזוי איינפאַכער פראַגע, אָבער דיסקוטירן ווייטער און נאָך אַמאָל מיט אים איבער דער שטעלונג צו דער איק"א איז געווען איבעריק, ווייל באַלד ווי ער איז געקומען פון זיין ערשטער רייזע (אויב איך בין זיך ניט טועה, איז עס געווען אין ריווערא), האָט ער אַבסאָלוט געענדערט זיין שטעלונג צו דער איק"א.

— קינדערלעך — האָט ער פריילעך אַ זאָג געטון איינמאָל, אַריינקומענדיק אין קאַפע, נאָכן צוריקקומען פון זיין טור אין דער קאָלאָניע — איר זענט גערעכט. איך האָב אַ טעות געהאַט. מען טאָר וועגן איר קיין גוט וואָרט ניט זאָגן, אָבער איך וועל מיך אָפּהאַלטן צו שרייבן און ריידן וועגן איר, ביז וואַנען איך וועל ניט האָבן באַזוכט אַנדערע קאָלאָניעס.

און די דאָזיקע איבערצייגונג זיינע-אונדזערע, אַז די איק"א-ביוראָקראַטיע איז פּאַקטיש די שאַרפסטע קעגנערין פון דער קאָלאָניזאַציע, איז געוואָקסן אין אים שטאַרקער און טיפער, נאָך יעדן נייעם באַזוך, וואָס ער האָט געמאַכט אין אַ קאָלאָניע, אַזוי, אַז פון אַ פאַרטיידיקער איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שאַרפן קעגנער.

די דאָזיקע עקסטרעם-נעגאַטיווע באַציאונג צו דער איק"א האָט אָנגענומען אַן אַקטיוון כאַראַקטער נאָך זיין באַזוך אין דער קאָלאָניע מאָנטעפיאָרע (סערעס),

און ער האָט די דאָזיקע שטעלונג, ווי באַקאַנט, אָנגעהאַלטן דערנאָך, ווען ער איז צוריקגעקומען קיין וואַרשע. ער איז דאַן שאַרף אַרויסגעטראָטן אין דעם „מאָמענט" קעגן די מעטאָדן פון דער איק"א-קאָלאָניזאַציע בכלל און באַזונדערס אין דער קאָלאָניע מאָנטעפיאָרע און אַז זיינע אַרויסטרעטונגען האָבן געהאַט אַ ברייטן געזעלשאַפטלעכן אָפּקלאַנג, דאָס האָבן מיר געזען דאָ, ווען אימיגראַנטן, גע-בראַכטע קאָלאָניזירט צו ווערן, זיינען אָנגעקומען קיין בוענאָס איירעס, האָבן זיי בשום אופן ניט געוואָלט פאָרן קיין מאָנטעפיאָרע, ווען זיי האָבן זיך דערוואוסט, נאָך אין עמיגראַנטן־הויז זייענדיק, אַז מען האָט באַשטימט צו שיקן זיי אַהינצו, און זיי האָבן עס מאָטיווירט מיט די אַרגומענטן פון נאָמבערגס אַרטיקלען אינם „מאָמענט", אָבער אַ צייט פריער נאָך, זייענדיק דאָ אין אַרגענטינע, האָט נאָם-בערג פאַרעפנטלעכט אין „די אידישע צייטונג" זיין באַרימטן אַרטיקל: „און די איק"א שווייגט"... עס איז געווען דאַן אַז אינטערעסאַנטער מאָמענט אין דער טעטיקייט פון דער איק"א, ווען נאָמבערג האָט דעם אַרטיקל אָנגעשריבן:

די בערנאַסקאָניער קאָלאָניסטן האָבן ניט געוואָלט אונטערשרייבן די קאָנ-טראַקטן איבער אַ געוויסן דראַקאָנישן פונקט אין דעם באַרימטן איק"א-קאָנטראַקט און די דירעקציע האָט געדראָעט די ווידערשפּעניקע קאָלאָניסטן מיט „דעם-אַלאָכאָ" (אַראָפּוואַרפן פון פעלד).

נאָמבערג האָט מיט איניקע וואָכן פאַר דעם געטראָפן זיך, בעת זיין רייזע איבער דער פּאַמפּאַ, מיט איינעם פון די איק"א-דירעקטאָרן, מיט שטאַרקמעטן, און יענער האָט אים צוגעזאָגט, אַז די בערנאַסקאָניער קאָלאָניסטן וועלן ניט גע-צוואונגען ווערן און עס וועלן קעגן זיי קיינע רעפּרעסיעס ניט אָנגענומען ווערן און דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער דירעקטאָר פון דער איק"א האָט ניט געהאַלטן וואָרט.

אונדז האָט עס ניט איבעראַשט: מיר האָבן געקענט דעם דאָזיקן דירעקטאָר פון לאַנג שוין, אַלס אַ פּערזאָן, ביי וועלכן אַ ליגן זאָגן איז לייכטער, ווי פאַר אַ קאַצאַפּ אויפצועסן אַ טולער פּריאַניק"; נאָמבערג, אָבער, איז איבעראַשט גע-וואָרן פון אַזאַ מין מעשה:

— ווי קען אַזעלכער זיין אַ דירעקטאָר פון קאָלאָניזאַציע? — האָט ער געטענהט, — ער איז דאָך פּשוט אַ ליגנער!

דער שרייבער פון די שורות האָט דאַן פאַרעפנטלעכט אין „די אידישע צייטונג" אַ סעריע אַרטיקלען איבער דער קאָלאָניזאַציע און דער פראַגע פון די איק"א-קאָנטראַקטן אין שייכות מיט דעם דאַמאָלסדיקן בערנאַסקאָניער ענין. און בכלל איז געווען לעבעדיק און „וואַרים" דאַן אַרום דער איק"א-פראַגע.

עס איז געווען אין מיטן ווינטער. איינמאָל, שפּעטלעך שוין אין אָוונט, איז נאָמבערג אַריינגעקומען צו אונדז אין רעדאַקציע און אַ זאָג געטון מיט אַ קאַלטן, שאַרפן טאָן:

— איך האָב עפנטלעך אויפגעפאָדערט די איק"א-דירעקציע צו ענטפערן מיר וועגן דעם בערנאַסקאָניער ענין און דעם צוזאָג, וואָס דער דירעקטאָר האָט מיר געמאַכט, און די איק"א שווייגט, זי ענטפערט ניט... גוט, וועל א י ך ענטפערן... כ'ל רעאַגירן.

דאָס איז געווען אין געציילטע טעג, נאָכדעם, ווי ער האָט זיך אומגעקערט פון זיין רייזע איבער א קאָלאָניע. וואו ער איז געקומען אין אומיטלבארער באַרי־רונג מיט די פאַקטן, מיט דער קאָלאָניסטישער ווירקלעכקייט.

יענער מאָמענט, ווען נאָמבערג האָט געשריבן זיין: „און די איק״א שווייגט״ איז מיר פארבליבן איינגעקריצט אין זכרון, אויף אייביק. אין רעדאַקציע זיינען דאַן געווען נח וויטאַל, איצט אין טשילע, און, זאָל זיין ווייט אָפּגעשיידט, ישראל העלפמאַן.

נאָמבערג איז צוגעגאַנגען צו מיין שרייב־טיש, אויסגעטון זיין ווינטער־מאַנטל און אַ:ווי שטייענדיק, האָט ער אין א קנאַפּער האַלבער שעה אָנגעשריבן איינעם פון די שטאַרקסטע, שענסטע און טרעפלעכסטע אַרטיקלען, וואָס זיינען ווען פון זיין פעדער אַרויס.

— „און די איק״א שווייגט״ — האָט דער אַרטיקל געדונערט.

זיינע גראָע אויגן האָבן געבליאַסקעט מיט א קאַלטער ליכט, זיין געזיכט איז געוואָרן קנייטשלאָזיק, אין יענעם מאָמענט. נאָר דער יסורים־קנייטש, ביים ווינקל פון זיין מויל, האָט קוים־קוים געציטערט.

און די שורות האָבן זיך פון אונטער זיין האַנט געשאָטן מיט א שרעקלעכער, ממש פיבערהאַפּטער, מהירות. מיר, אין רעדאַקציע, זיינען געשטאַנען אַרום און געקוקט, ווי נאָמבערג שרייבט וועגן דער איק״א־פּראָבלעם... עס איז געווען דער ערשטער אַרטיקל, וואָס ער האָט געשריבן וועגן דעם דאָזיקן ענין, וועגן וועלכן ער האָט שפּעטער, אין וואַרשע, געשריבן א סך אָפטער, — און געשריבן האָט ער מיט א געוואַלטיקער ענערגיע.

אין א ווייַלע אַרום האָט ער אָוועקגעלייגט די פּען און א זאָג געטון, ווי זיין שטייגער:

— נו, גענוג... דאַכט זיך, אַז איצט וועט זי שוין מער ניט שווייגן, סיידן זי איז שטום! און די איק״א האָט, א קורצע צייט, נאָכדעם, ווירקלעך אויפ־געהערט שווייגן... אויך נאָר אויף א געוויסער צייט...

און ער האָט אָפּגעווישט דעם שטערן, וועלכער איז באַדעקט געווען מיט שווייס, קענטיק פון דערשעפּטקייט, פון ענערגיע־אָנשטרענגונג.

---

— 5 —

א יוני־נאַכט 1922.

עס איז געווען א באַזונדערס רעגנדיקער ווינטער. א שווערער ווינטער פון נעצן און נעדריכטע קאַלטע אין לייב־און־לעבן איינעסנדיקע טומאַנען, אַזעלכע ווי עס טרעפט צומאָל אין בוענאָס איירעס אין די ווינטער־חדשים יוני, יולי און אויגוסט. נאָמבערג האָט שרעקלעך שווער געליטן פון די דאָזיקע פייכטע קעלטן, אין שטיקנדיק נעבלדיקע קאַלטע, אין די ביינער אַריינדרינגנדיקע נעכט.

— וואָס איז דאָ ביי אייך פאַר א קלימאַט? — פלעגט ער טענהן, ווען ער פלעגט אַריינקומען כמעט יעדע נאַכט אין רעדאַקציע — ווי לעבט איר דאָ אין דער נעץ, אין די אומאויפהערנדיקע רעגנס און נעפּל? איך שפּיר מיך דאָ דורכ־

געווייקט דורך און דורך ביזן בלוט. איך נעם צווישן די פינגער די הויט פון מיין האנט, פיל איך אונטער דער הויט די פייכטקייט. זי דרינגט מיך דורך און דורך. ווי אזוי האלט איר דא אויס אזא פייכטקייט?

— מיר זיינען שוין געוואוינט געווארן צום קלימאט — האב איך אים געענטפערט — פאר אזוי פיל יארן זיין אין ארגענטינע, אקלימאטיזירט מען זיך. אגב ניט אלע ווינטער איז דא אזא פייכטקייט און נאסע קעלט, עס טרעפן קאלטע, טרוקענע ווינטערן.

און נאמבערג האט זיך ארייננגעזעצט אין דער טיפער סאפא, איינגעהילט זיך ענגער אין זיין מאנטל, ווי ער וואלט זוכן מער ווארימקייט און שיץ קעגן דער פייכטקייט אין זיין אייגענעם קערפער, וועלכער, טראץ דעם, וואס האט פארמאגט אזוי פיל אינערלעכע גייסטיקע ווארימקייט און ליכטיקייט, איז געווען ארים אין פיזישע „קאלאריעס".

נאמבערג האט געבלעטערט די צייטונגען פון פוילן און צפון־אמעריקע, וועלכע זיינען באקומען געווארן מיט דער לעצטער פאסט און בלעטערנדיק, האט ער פיל גערויכערט. גערויכערט און פארהוסט זיך. געהוסט לאנג און שטארק מיט א טרוקן, אפגעהאקט הוסטל.

אין דרויסן האט א שפריי-רעגנדל, א קאלט פאסקודנע ווינטער- רעגנדל, גע-טריפט, געזייעט זיך איינגעגעסן און קאלט-לאנגווייליקדיק.

קוים זיך אויסגעהוסט, אפגעעטעמט, האט נאמבערג מער ארויסגעשטאמלט, ווי ארויסגערעדט:

— ני, ס'קאלט, ס'נאס ביי אייך!

זיין הוסט האט גערופן מיין אויפמערקזאמקייט:

— פארוואס היט איר אייך ניט, נאמבערג? — האב איך אים פארזיכטיק באמערקט — עס איז שעדלעך פאר אייער געזונט ארומצוגיין אין אזא נאכט. איר וואלט בעסער געבליבן אין קאפע אין אזא נאכט אין דער ווארים; איר דארפט זיך אויסרוען, איר זענט ערשט געקומען פון דער פאמפא, א שווערע נסיעה.

— ני, ני! אט באלד וועל איך מיך איועקזעצן, ווי א אידענע ביים פייער-טאפ ווארעמען מיין אינגעווייד. וואס וועל איך טון אין קאפע אין אזא נאכט, איך קען ניט אויסקומען אן קיין רעדאקציע-לופט. עס ציט מיך, ווי א שיכור צום ביטערן טראפן...

— יא, אבער דאס געזונט דארף מען דאך היטן.

— וואס? איר מיינט באמת, אז איך דארף לעבן צו היטן דאס געזונט? א פיינע מערכה פאר מיר. וויפל איך לעב און וועל לעבן וויל איך לעבן, ווי א פולשטענדיק געזונטער מענטש. ס'א דאגה איך האב! וועל איך לעבן ווינציקער מיט פופצן אדער צוואנציק יאר, אבער די יארן, וואס איך וועל לעבן, וועל איך לעבן ווי איך וויל, ניט ווי די דאקטוירים ווילן, אז כזאל לעבן!... וואס-זשע, סאיז רען א מערכה פאר מיר נאכקומען, וואס די דאקטוירים הייסן? ניט רויכערן, ניט טרונקען, ניט לייגן זיך שפעט, אפהיטן זיך... עסן לויט א שולחן-ערוך, וואס הייסט „דיעטע", לייגן זיך שלאפן בין מנחה למעריב... דער נוטער יאר

ווייסט זיי, וואָס זיי צייכנען דאָרטן אָן פאַר מיר... אַ לעבן פון אַ קאָרפּוער אתרוג, איינגעוויקלט אין וואַטע, צוליב שמירה מעולה, דער פּיטום זאָל זיך ניט אָפּברעכן, און פאַרשפּאַרט אין אַ פיינער פּושקע... פע, דאָס איז ניט פאַר מיר... צו וואָס טויג עס? ניט לעבן, הייסט עס, די עטלעכע יאָר, וואָס איך קען נאָך לעבן, ווי אַ מענטש, לעבן, מיין איך, כדי צו קענען לעבן אַ לעבן, וואָס איז פאַר מיר ק יי ן ל ע ב ן נ י ט. נאָך עטלעכע יאָר... מוחל, מוחל, אַזאַ פּלאַן איז ניט פאַר מיר. בעסער לעבן ווינציקער, אָבער לעבן אָן צו ציטערן פאַרן לעבן, אָן צו מאַכן זיך אַ ווּעזן פון דעם, וואָס די רעצעפּטן־שמירער זאָגן דאָרט און פאַר־אָרדנען... א י ב ע ר מ י ר וועלן זיי קיין בעלי־בתים ניט ווערן.

אַזאַ איז ער געווען. ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז זיינע לונגען זיינען ניט נאָר אין אָרדנונג, און קיין איבעריק געזונטן גוף האָט ער אויך ניט געהאַט — אָבער ער האָט זיך געהאַט זיין פילאָזאָפיע וועגן לעבן און די פילאָזאָפיע האָט ער דורכגעפירט אין דער פּראַקטיק:

מיטן טאָג פלעגט ער זיך לייגן שלאָפן. שפּילן אין שאַך, אַמאָל ביליאַרד ביזן ווייסן טאָג אריין; ניט די ווינטער־קעלט, ניט די נעפּלען, ניט די נעצן האָבן אים אָפּגעהאַלטן. געהוסט און געריוכערט דורך נעכט. געריכערט און געהוסט — און דערנאָך דעם גאַנצן טאָג אָפּגעשלאָפן; ריכטיקער געזאָגט, אָפּגעלעגן אין בעט; ניט געגעסן צ ו ד ע ר צ יי ט און יאָ געגעסן, ניט צו דער צייט, און אַזעלכעס וואָס האָט אים ניט געקענט אָפּהיטן דאָס באַמערקבאַר אונטערבראָכענע געזונט.

און אָוונט־צייט פלעגט ער אַ בלייכער מיט בלייכע זעקלעך־צייכנס אונטער די אויגן, אריינקומען אין רעדאַקציע:

— גוט־מאָרגן, חברה!

און דער „גוט־מאָרגן" איז געווען שוין וועטשערע־צייט...

אַזוי האָט ער געלעבט די זעקס חדשים צווישן דעם 14־טן מערץ און 25־טן אָקטאָבער פון יאָר 1922, וואָס ער האָט צווישן אונדז פאַרבראַכט; אַזוי האָט ער אומגערייזט איבער די יידישע ישובים אין אַרגענטינע פון דער ווייטער, צווישן די ווינטן און זאַמדן פון דער פּאַמפּאַ פאַרלוירענער קאָלאָניע נאַרסים לעוון (בערנאַסקאָני), ביז דער צפונדיקסטער פון די קאָלאָניעס — מאָנטעפיאָרע.

זיין געזונט־צושטאַנד איז געווען שוואַך, אָבער זיין ענערגיע און דער עיקר די לעבנס־פילאָזאָפיע, וואָס ער האָט זיך אויסגעאַרבעט: לעבן ווי אַ געזונטער, וויפל עס וועט זיך לאָזן און פאַר קיין פאַל ניט אריינפאַלן אין די הענט פון „רעצעפּטן־שמירער", האָט אים געגעבן כוח, זעקס יאָר נאָך דעם דאָזיקן קאַלטן רעגנדיקן אַרגענטינער ווינטער, צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, קיין אַמעריקע, קיין ראַטנרוסלאַנד: רייזן, אַרבעטן און שרייבן אַ סך...

זיין לעבנס־פילאָזאָפיע האָט אים געגעבן כוח; אָבער די, וואָס זיינען געווען נאָענט צו נאָמבערגן, בעת זיין זיין אין בוענאָס איירעס, האָבן געזען, ווי זיין געזונט איז געבראָכן.

און לייענענדיק פון דער ווייטנס, אַז נאָמבערג נעמט אונטער איין נסיעה נאָך דער צווייטער און שרייבט פון דאָרט אַזוי פיל און אַרבעט אַזוי אינטענסיוו (אַ בוך וועגן אַרגענטינע, בריוו פון זיין רייזע קיין ארץ־ישראל) איז מיר מער ווי

איין מאָל געקומען אויפֿן זינען דער געדאַנק, אַז נאָמבערג שטרענגט זיך צו־פֿיל אָן, אַז ער מיִסבּרויכט, איינפֿאַך, מיט זיין לעבן.

און אפשר האָט נאָמבערג געשפּירט אינעווייניק, אַז זיין לעבן דערנענטערט זיך שנעל צו שקיעה, אַז זיינע קראַנקע לונגען וועלן לאַנג ניט אויסהאַלטן און דער פֿאַר טאַקע האָט ער זיך אָנגעשטרענגט צו־פּיל, וועלנדיק „אַריינכאַפּן וואָס מער"; וועלנדיק לעבן ביזן לעצטן טראָפּן, אויף דעם ענערגישסטן און שעפֿערישסטן אופֿן, די לעצטע לעבנס־כּוחות, וואָס זיינען אים נאָך דאָ געבליבן, און דער־פֿאַר האָט ער אַזוי פּיל געריייזט, דערפֿאַר האָט ער אַנטוויקלט די לעצטע פֿאַר יאָר אַזאַ היפּער־אַקטיוויטעט...

אַ:אַ השערה איז זייער וואַרשיינלעך. זי שטימט איינגאַנצן מיט נאָמבערגס דאָ דערמאָנטער לעבנס־פֿילאָזאָפֿיע.

.1942



# שלום אש — און זיין „קידוש השם" (1)

— 1 —

שלום אש איז ניט נאָר דער פּרוכטבאַרסטער פון די יידישע קינסטלער אין פּראָזע, איצט צו טאָג, נאָכדעם ווי זיין ליטעראַרישער אינוועגטאַר באַשטייט ביז איצט — 37 יאָר שאַפן אין אַן עלטער פון 57 יאָר — פון עטלעכע-און-פערציק בענד שריפטן, וואָס אַנטהאַלטן צענדליקער ראָמאַנען, פּאָעמעס און דראַמעס און הונדערטער דערציילונגען און סקיצעס פון יידישן לעבן פון אַלע צייטן און פון אַלע לענדער פון דער דיאַספּאָראַ — פון דער אוראַלטער צייט, דער ביבלישער און תּלמודישער עפּאָכע — ביז אונדזער איצטיקער ביטערער און שווערער צייט; אש, זאָג איך, איז ניט נאָר דער פּרוכטבאַרסטער שאַפער, וואָס אונדזער פאָלק פאַרמאָגט איצט, אין יידישן לשון, נייערט ער איז איינער פון די קאָמפּליצירטסטע און פאַרשיידנאַרטיקסטע אין דער טעמאַטיק, פון די פילפאַכיקסטע אין דער פאָרם, פון די אינטערעסאַנטסטע אין זיין בונטקייט. ער נעמט אַרום און באַהערשט מיט גלייכער מייסטערשאַפט אַלע באַקאַנטע זשאַנרן אין דער ליטעראַטור: די קורצע דערציילונג, ווי די גרעסערע נאָוועלע, דעם ראָמאַן פון רעאַליסטישן כאַראַקטער, ווי דעם גרויסן היסטאָרישן ראָמאַן, וואָס מאַכט אויפלעבן עפּאָכן לאַנג-פאַרגאַנגענע און רופט-אַרויס אין דער קונסט אָפּקלאַנגען לאַנג-אָפּגעשטאָרבענע.

ער איז אַ דראַמאַטיקער, וואָס האָט דורך זיינע דראַמעס פאַרנומען איז משך פון פיל יאָרן אַן אָנגעזען אָרט אויף די גרעסטע בינעס, יידישע, ווי רוסישע און דייטשישע, אַרויסרופנדיק פרענעטישע אַפּלאָדיסמענטן ביי ריזיקע פּובליקומס. אין פאַרשיידענע לענדער און שפּראַכן; אין דער זעלביקער צייט איז ער אַ מייסטער צו דערציילן פאַר גרויס און קליין, מיט אומאיבערשטייגבאַרן חן, מעשהלעך פון חומש און פּאָעמעס וועגן אידילישן און פּאַטריאַרכאַלן יידישן לעבן אין שטעטל פון פּוילן, רוסלאַנד, וואָלין, ארץ-ישראל און אויך אַמעריקע.

ער איז דער מייסטער פון דעם גרויסן פיל-בענדיקן ראָמאַן-טרילאָגיע, וועלכער איז ווי אַ וואָלקנקראַצער, אַ הויך, אַ משופּעדיק, אַ קאָמפּליצירט אין אַרכיטעקטור און קאָנסטרוקטור, אויסערלעכער ווי אינערלעכער מיט צענדליקער שטאָקן, הונדערטער דעפּאַרטאַמענטן און קאָרידאָרן. אומענדלעכע אין צאָל און פאַרנעם ציען זיך אין דער לענג און אין דער ברייט פון די דאָזיקע מאָנומענטאַלע

---

(1) פּראָלאָג געשריבן צו דער שפּאַנישער איבערזעצונג פונם ראָמאַן „קידוש השם"

ווערק געבײדעס, וואָס אַש האָט אױפגעהױבן אין דער ײדישער ליטעראַטור (די טרילאָגיע: „פּעטערבורג, װאַרשע, מאָסקװע", „דער תהילים-ײד", דער ראָמאַן אין צװײ גרױסע בענדער „בײם אָפּגרונט" א. א.). ער איז דער ערשטער מײסטער, אין ײדיש פונם היסטאָרישן ראָמאַן, וואָס לעבט־אויף לאַנג פאַרגאַנגענע עפּאָכעס, װי פון אַ ראָמאַן, װאָס לעבט אױף אױך אַ היסטאָרישע עפּאָכע. אָבער אַ רעלאַטיװ ערשט־פאַרשװאונדענע („קידוש־השם" און „די כישוף־מאַכערין פון קאַסטיליע" — פון דער ערשטער: „דער תהילים-ײד" און „בײם אָפּגרונט" — פון דער צװײטער קאַטעגאָריע).

דאָס גאַנצע ײדישע לעבן פון הדר ביזן קוילער-געסל, פון קלױז ביז דער אַריסטאָקראַטיש-גביריש-נגידישער שטוב, דאָס ײדישע לעבן פון אַלע קלאַסן, פון דעם אָפּפאַל פון מאָטקע גנב און יאַנקל שאַפּשאָװיטש, אין שטעטל, ביז די פאַבריקאַרבעטער פון „אַנקל מאָזעס" אין אַמעריקע; פון דער רעװאָלוציאָנערער באַװעגונג אין רוסלאַנד און פױלן פון 1905 ביז דער אינפלאַציע אין דײטשלאַנד פון דער ערב היטלער-צײט, פון דעם אָנהױב פונם צעפאַל פונם שטעטל אין דעם ערשטן צענדליק פונם לױפנדיקן יאָרהונדערט, דורך די לײדן פון די יאָרן פון מלחמה און בירגער-קריג, ביז דער באַנײטער באַװעגונג פון אױפבױען די ײדישע אַלט-נײע היים אין ארץ-ישראל, װאָס װערט דורכגעפירט דורך העלדן חלוצים, װעלכע מאַכן זינגען װיסטע טאָלן און קלינגען שטומע נאַקעטע בערג אין פאַלעסטינע; דאָס ײדישע לעבן אין שטעטל פון מזרח-אײראָפּע, אין דער אַמעריקאַנער ײדישער געטאָ, אין די דײטשישע געװעזענע טראַנזיט-צענטערן און אין ארץ-ישראל; דאָס ײדישע לעבן דאָס אַלזײטיקע, דאָס בונטע לעבן אין אַלע ײדישע ישובים, אין זײן ברײט און לענג, דאָס אַלעס האָט אין אַשן זײן קינסטלער, דיכטער און מײסטער: זײן טרײען גרינטלעכן שאַפער.

ער איז דערצו אױך אײנער פון די דינאַמישסטע ײדישע קינסטלער: ער זיצט זעלטן-װען לאַנג אױף אײן פּלאַץ, נײערט ער פאָרט אום פון אָרט צו אָרט, פון אײן ײדישן צענטער אין אַ צװײטן; ער לעבט מיט דער ײדישער דיאַספּאָראַ און מאַכט דורך מיט איר צוזאַמען אירע װאַנדער-װעגן: אָט איז ער אין זײן געבױרטסהײם אין פױלן; אָט װאױנט ער אין די גרױסע ײדישע צענטערן אין אַמעריקע; אין אַ װײלע אַרום איז ער אין פּאַריז, אין ניצע, אין שפּאַניע, אין איטאַליע, אין ארץ־ישראל, אין ראַטנפאַרבאַנד. ער לעבט מיט אומעטום דאָס ײדישע לעבן, װאו אַזאַ לעבן לעבט איצט, און מאַכט עקסקורסיעס אין דער ײדישער געשיכטע, אין יענע לענדער, װי שפּאַניע און איטאַליע, װאו אַזאַ לעבן האָט אַמאָל געלעבט, און װאו ער זאַמלט מאַטעריאַלן און אינספּירירט זיך פאַר אַזעלכע װערק זײנע, װי „די כישוף־מאַכערן פון קאַסטיליע", „רײזעבריװ פון שפּאַניע", „אַלט-רהײן", „קידוש השם" א. א. װ.

ער איז אײנער פון די דינאַמישסטע שרײבער, ניט נאָר אין געאָגראַפישן זין — ניט נאָר אין זין פון באַװעגן זיך אין רײזן פון לאַנד צו לאַנד, פון ישוב צו ישוב — נײערט ער איז דינאַמיש אױך אין קינסטלערישן זין, אין שעפערישן

זין; ער באוועגט זיך מיט איבערראשנדיקער לייכטקייט איבער דער אומבאגרעניצטקייט פון זיין שאפונגס-אימפעריע: איבער עפאכעס און איבער זשאנרן.

— 2 —

אזא איז שלום אש, איצט, אין דער עלטער פון 57 יאר, מיט א פארמעגן פון עטלעכע-און-פערציק בענדער, צווישן וועלכע עס זיינען, נאטירלעך, פאראן בעסערע און ערגערע, שוואכערע און שטארקערע אין קינסטלערישן פארנעם און דערגרייכונג: צווישן וועלכע אבער עס איז ניטא קיין איינער, וואס זאל ניט קענען אריינגענומען ווערן אין דער קאטעגאריע פון ווערק, פון קינסטלערישער ליטעראטור.

אזא איז ער שלום אש, איצט, ווען זיין נאמען האט געגרייכט צו וועלט-באריסטקייט, און ער האט דורכגעמאכט א וועג פון כמעט פיר צענדליק יאר פון שאפן, א רייכן וועג און א ,ייער קאמפ:יצירטן וועג; א וועג, וואס איז ניט ווי דער וועג פון אנדערע שריפטשטעלער, גלייך, שאסיי-מעסיק, ברייט און גראדליניק, ציענדיק זיך פון דעם אפשטייג-פונקט דירעקט צו אן איינמאל אנגעצייכנטער ריכטונג.

ניט אזא איז דער וועג פון שלום אש אין דער ליטעראטור: עס איז א וועג א זיג-זאג-ארטיקער, אהין-און-צוריק-גייענדיקער, אין דעם רוים פון געשיכטע און אין דעם געאגראפישן שטח און אין דער אימפעריע פון טעמעס, זשאנרען און מיטלען פארן שאפן. עס איז א וועג, וואס איז פול מיט בייוועגן, מיט ברייטערע און שמאלערע סטעזשקעס, וואס נויגן־אפ פון דעם הויפט-וועג פון זיין שאפן, אבער פירן דערנאך צוריק צו אים.

אש איז געקומען צו דער יידישער ליטעראטור אין יאר 1900, אין דער עלטער לערך פון צוואנציק יאר; א יונגער לעבנסלוסטיקער אינגל, איז ער געקומען פון זיין פראווינץ-שטעטל קוטנע, אין דער גרויסער שטאט, קיין ווארשע, צו פרצן, וועלכער האט געהאלטן דאן דעם סצעפטער פון דער יידישער ליטעראטור, האט אימפאנירט מיט זיין פערזענלעכקייט, האט גרופירט ארום זיך פריינט יונגע שרייבער און אנהויבער.

אט דער דאזיקער אריינקום אין דער יידישער ליטעראטור: פון שטעטל אין שטאט אריין — דער דאזיקער אריינקום, אין נעאגראפישן פרט, וויל איך זאגן — איז געווארן סימבאליש פאר אשס גרויס-ליטעראַרישער צוקונפט און האט אנגעצייכנט דעם טראיעקט זיינעם אין דער ארביטע פונם יידישן שאפן.

און דער דאזיקער טראיעקט איז: פון שטעטל און וועגן שטעטל, צו דער שטאט...

דאס איז דער ערשטער גרויסער עטאפ אין אשס ליטעראַרישן וועג; דער ערשטער קינסטלערישער וועג זיינער, אויף וועלכן ער האט אין דער יידישער ליטעראטור געשאפן אזעלכע ווערק, וואס פארבלייבן אייביק און וואס זיינען פערל אין דער אוניווערסאלער ליטעראטור.

דאָס איז דער ערשטער עטאַפּ זיינער אינם אויפשטייג-וועג און אין דעם זיג-זאַג-שטייגנדיקן וועג זיינעם איבער דער ליטעראַרישער קונסט.

פון שטעטל צום שטאָט. און ער דווערט לערך צען יאָר, אָנהויבנדיק זיך מיט דער גרויסער עפּישער פּאָעמע „דאָס שטעטל“ און ווערנדיק אָפּגעשלאָסן מיט אַן ענלעכער פּאָעמע „ר׳ שלמה נגיד“. אין דעם דאָזיקן פּעריאָד איז ער הויפּטזעכלעך דערציילער, עפּיקער און ראָמאַנטיקער פונם שטעטל, פון וועלכן ער איז אַוועק צו דער גרויסער שטאָט; אַוועק געאָגראַפיש אַזוי צו זאָגן; קינסטלעריש, אָבער, פאַרבלייבט ער איינגעוואָרצלט, איינגעפלאַנצט אין אים, אינם שטעטל און באַזינגט דאָס גאַנצע, דאָס ביז דאַן אויסגעפורעמט געוועזענע יידיש לעבן אין שטעטל, וואָס האָט אָבער, אין יענער צייט, ווען איש האָט זיך באַוויזן אויף דער אַרענע פון דער יידישער ליטעראַטור, אָנגעהויבן שוין צו פאַרגיין, צו צעפאַלן זיך, איבער דער דירעקטער און אומדירעקטער גראַוויטאַציע, וואָס עס האָט אויסגעאַיבט און געמוזט אויסאַיבן אויפן לעבן פון דעם יידישן שטעטל די גרויסע שטאָט.

אַזוי אַרום איז שלום איש געוואָרן — אין דעם ערשטן עטאַפּ פון זיין ליטעראַרישן וועג, וועלכן מיר באַצייכנען פון שטעטל צו דער שטאָט — דער דיכטער וואָס האָט באַזונגען דאָס פּאַטריאַרכאַלע יידישע לעבן אין שטעטל, ווען עס האָט שוין געהאַלטן ביים מערב, ביי זיין זון-פאַרגאַנג.

אפשר דערמיט דערקלערט זיך, וואָס שלום איש, אַזאַ לעבנס-לוסטיקער, אַזאַ געזונטער, פרישער פּראָווינץ-בחור, איז אין די ערשטע דערציילונגען זיינע פון שטעטל אַזוי עלעגיש אין זיין טאָן און קוקט מיט אַזעלכע טרויעריקע אויגן אויף דעם הימל און ערד און אויף די מענטשן וואָס גערייען אין דער מיט פונם שטעטל...

דער געזונטער מונטערער דיכטער האָט שפּעטער טאַקע אין זיין „שטעטל“ פּאָעמע, זיך באַפרייט פון די עלעגיישע טרויער-טענער וואָס זיינען די פּרעדאָמינירנדיקע געווען אין זיינע ערשטע דערציילונגען, און מיט אַן עפּישער רואיקייט און מיט רייפקייט פון אַ גרויסן, אַ שוין אויסגעפורעמטן קינסטלער, האָט ער נאָכגעזשיקט דעם לעבן אין שקיעה, וואָס אין שטעטל, אַ געזאַנג, וואָס האָט אים פאַראייביקט, אַ געזאַנג וואָס האָט אויף אייביק איבערגעלאָזט אין דער קונסט און אין דער ליטעראַטור, די ראָמאַנטיק פון דעם יידישן לעבן אינם שטעטל, זיין שטייגערישן לעבן, די פּאַטריאַרכאַלישקייט פונם דאָזיקן לעבן, זיין געפּירמיטקייט, זיינע טיפן אין העלהן, וואָס זעען אוים אַזוי עקזאָטיש, אַזוי אויסטערליש פאַר די בליקן פון אַ... שטאָטישן, פאַר די בליקן פון אַ פרעמדן.

די עלעגישע טענער, די טרויער-מאָטיוון, וואָס האָבן זיך געהערט אַזוי נעט אין דעם טאָן פון זיינע ערשטע דערציילונגען, אין אָט דעם פּעריאָד, זיינען שנעל פאַרשוואונדן; דאָס איז געווען אַ נאַטירלעכער אָפּקלאַנג פון דעם טרויער פון צעשיידונג, וואָס דער דיכטער האָט געשפּירט, ווען ער האָט זיין שטעטל פאַרלאָזט און נאָך ניט דערוויין צו איינוואָרצלען זיך, פיזיש און קינסטלעריש, אין דער גרויסער שטאָט, וואוהין ער איז געקומען; און מעגלעך, אַז דאָס איז געווען די קינסטלערישע אינטואיציע,

וואָס האָט אונטערגעזאָגט דעם דיכטער, אַז ער זינגט זיין ראָמאַנס, וועגן אַ שיינעם לעבנס-שטייגער, וואָס שטאַרבט אָפּ שוין, וואָס האַלט אין פאַרגיין.

אין יענעם פּעריאָד-עטאַפּ פון זיין וועג אין דער ליטעראַטור האָט ער גע-שאַפן הערלעכע ווערק, פּאָעמעס און דערציילונגען, וואָס שילדערן אין אַלע זייערע פאַרבן און טענער דאָס לעבן אין שטעטל; ער האָט זיי דערנאָך געזאַמלט אין בענדער, באַקאַנטע אונטערן נאָמען: „דאָס שטעטל", „הימל און ערד", ביל-דער און הומאָרעסקעס, צוויי וועלטן, ר' שלמה נגיד און אַנדערע.

פיל צענדליקער דערציילונגען, עטלעכע דראַמעס און צוויי גרויסע פּאָעמע-ביכער זיינען שלום אַשס ליטעראַרישער אינווענטאַר, פון דעם דאָזיקן ערשטן און גרויסן עטאַפּ אויף אַשס קינסטלער-וועג, פ ו ן ש ט ע ט ל א י ן ש ט אָ ט.

און צוויי גרויסע ווערק באַצייכנען כראָנאָלאָגיש אָט דעם פּעריאָד אין זיין שאַפן: ד אָ ס ש ט ע ט ל ב יי ם אָ נ ה ו י ב און ר' ש ל מ ה נ ג י ד ב יי ם ס ו ף.

— 3 —

דער צווייטער עטאַפּ אויפן וועג פון שלום אַשס ליטעראַרישן שאַפן לאָזט זיך באַצייכנען מיטן נאָמען:

— „אין שטאָט" און „פון שטאָט צו דער וועלט".

איידער ש. אַש האָט פאַרענדיקט צו באַזינגען דאָס פּאַטריאַרכאַלע לעבן פונם שטעטל — גאָר אינגאַנצן הערט עס קיינמאָל ניט אויף ביי אים, און טענער און מאָטיוון ראָמאַנטישע און עלעגישע וועגן דעם שטעטלשן שטייגער, הערן זיך גאַנץ אָפט אין זיינע דערציילונגען און ראָמאַנען אויך פון די שפּעטערדיקע פּעריאָדן — האָט ער אָנגעהויבן פילן זיך ווי אַ בן-בית א י ן ש ט אָ ט; שוין רייף אַלס קינסטלער, האָט ער דערשפּירט קראַפט און גענומען דאַן שילדערן די שטאָט, די גרויסע שטאָט, וואו ער איז אַנטפּלעקט געוואָרן אַלס שרייבער. דאָס לעבן פון די יידישע מאַסן, אין זייערע פאַרשיידענע שיכטן און איינצלנע טיפּן אין שטאָט, ווערט די באַליבטע טעמאַטיק פון אַשס דערציילונגען, דראַ-מען און ראָמאַנען פון דעם פּעריאָד, וועלכן איך באַצייכן כראָנאָלאָגיש צווישן די יאָרן 1909 און 1910 און דעם אויסברוך פון דער וועלט-מלחמה; פאַרן ערשטן טייל — און די ערשטע יאָרן פון דער וועלט-מלחמה, פאַרן צווייטן טייל פון דעם דאָזיקן עטאַפּ, אויבן באַצייכנטן: „פון שטאָט צו דער וועלט".

איך מוז אָבער פריער מוסר-מודעה זיין, אַז ביי קיין קינסטלער איז אומ-מעגלעך צו אָפּגרעניצן פּעריאָדן אין דעם שאַפן, אויף אַ דעפיניטיוון און קאַ-טעגאָרישן אופן, אין הינזיכט פון טעמאַטיק, מיטלען, פאָרמען און אינהאַלט.

אויב מיר באַצייכנען פאַרשידענע פּעריאָדן אין דעם קינסטלערישן טראַיעקט פון אַשס שאַפן, איז עס ניט אין אַ ב ס אָ ל ו ט ן זינען, נאָר ריכטנדיק לויט די מאָטיוון און לויט דער טעמאַטיק, וואָס זיינען די פּרעדאָמינירנדיקע אין זיינע ווערק אין דעם פּעריאָד; און אין דעם צווייטן פּעריאָד זיינען עס די שטאָט — און פון ד ע ר ש ט אָ ט צ ו ד ע ר וו ע ל ט:

ער שילדערט הויפטזעכלעך דאָס לעבן פון די יידן אין די גרויסע שטאָטישע צענטערן פון דער צאַרישער רוסלאַנד און פון איירןאָפּע, וואוהין די וואנדערונג פון זיינע העלדן פירט אים און ברענגט אים; ער ברענגט אַרויס אין ראָמאַנען, דערציילונגען און דראַמעס די סאָציאַלע מאָמענטן און מאָטיוון, וואָס זיינען אַזוי אייגנטימלעך געווען דער ליטעראַטור פון יענער צייט: די יאָרן צווישן דעם דורכפאַל פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע און דער וועלט-מלחמה.

אויך די פאָלגן וואָס דער דורכפאַל פון דער רוסישער רעוואָלוציע האָט גע־בראַכט, ווי פאַר איינצעלנע טיפן אַזוי פאַר די מאַסן, האָט אַש אָפּגעשפּיגלט אין אַ רייע ווערק, דערציילונגען און ראָמאַנען פון יענער צייט. צו אָט דעם פּעריאָד פון זיין שאַפן געהערן די ראָמאַנען „מערי", „דער וועג צו זיך", אַ רייע דער־ציילונגען אין דראַמעס, ווי „דער בונד פון שוואַכע", „יחוס", „מיטן שטראָם", און אַנדערע.

און פון שטאָט — אין דער וועלט: דער האָריזאָנט פון אַשס קינסטלערישן שאַפן ווערט אויסגעברייטערט און שטייגט העכער, מיטן גאַנג פון די יאָרן: פונם שטעטל אין שטאָט; און פון שטאָט צו דער וועלט — צו דער וועלט אינם דאָפּלטן זין פון דעם וואָרט:

צו דער וועלט דער יידישער וואָס ליגט אויסער דעם תחום, אויסער די גרעניצן פון דער דאַמאָלסטיקער רוסלאַנד, נייערט: ווייטער, ברייטער; אין מיטל, אין מערב איירןאָפּע, אין אַמעריקע, אין ארץ-ישראל: וואו די אידישע דיאַספּאָראַ איז צעשפּרייט וואוהין זי איז געגאַנגען אין גייט און וואו זי האָט פאַרמירט אָדער האַלט אין פאַרמירן נייע צענטערן: און צו דער וועלט דער אוניווערסאַלער, שוין ניט בלויז דער יידישער, שוין ניט בלויז דער איצטיקער, נייערט אויך צו דער פאַרגאַנגענהייט, צו דער גע־שיכטע, און אַש פילט זיך אין כוח איבערצולעבן די דראַמאַטישע עפּאָכעס אין ווערק פון גרויס ליטעראַרישער ווערט, פון קינסטלערישן פאַרנעם און וואָגיקייט.

און אַ רייע ווערק: קינסטלערישע, רייזע־כראָניקעס פון דייטשלאַנד, פון שפּאַניע, איבערן מיטללענדישן ים, פון רוסלאַנד און אין אַמעריקע, צווישן מיט איינציקע דראַמעס ווערן געשאַפן דורך אַשן אין דעם דראַמען עטאַפּ, וועלכער איז דער גרעסטער און דער פרוכטבאַרסטער אין אַשס שאַפן — און וואָס נעמט אַרום, צו אָמען, ווי געזאָגט אַ פּעריאָד פון אַזעלכע צוועלף־פופצן יאָר אין אַשס שאַפונג. (מאָטקע גנב, אָנקל מאָזעס, די מוטער, היים לעדערער, טויט-אורטייל א. א. וו.).

גאַנץ אָפּט קערט ער זיך אום צוריק צום שטעטל, מיט וועלכן ער שיידט זיך, ווי געזאָגט קיינמאָל ניט. דורך ייִטיקע וועגן, דורך שמאָלע זיג-זאַגן פון כמעט־קעס אין זיין שאַפן קומט ער צוריק, קערט ער זיך אום צוריק צו זיין שטעטלשן אָפּשטאַם — איבערהויפּט אין די ערשטע יאָרן פון דער וועלט־מלחמה, ווען דער דיכטער האָט דערשפּירט די גבֿיסה פון שטעטל און פון שטעטלשן שטייגער, וואָס ווערט, כמעט אינגאַנצן פאַרניכטעט דורכן חורבן, וואָס די מלחמה און די אָקו־פּאַציע ברענגען („דאָס בוך פון צער", „אַ שניידל פּערל", „נייע דערציילונגען").

אָט דאָס אָפּטע אומקערן זיך פון דער שטאָט, פון דער וועלט צוריק אין שטעטל צו שילדערן עלעגיש זיין חורבן, זיין לעצטע דעמערונג איז

דאָס וואָס איך האָב באַצייכנט אויבן אַלס זיג-זאַג אין אַש׳ס שעפערישן וועג: צי אין דער פאָרם פון באַזונדערע דערציילונגען, צי אין דער פאָרם פון קאַפּיטלען אין די גרעסערע ראָמאַנען, אָבער אָט דער זיג-זאַג וואָס דערנענטערט אַשן צום שטעטל. ווען ער איז אַפילו אין דער ברייטער וועלט פון זיין שאַפונג, איז איינער פון די הויפּט-כאַראַקטער-שטריכן פון אַשן דעם קינסטלער. ניט בלויז שטייגעריש, ניט בלויז אין דער טעמע, נייערט אויך אינם טאָן, אין דער ראָמאַנטיק, אין דער ווייכקייט, איך וואָלט געזאָגט ווייבלעכקייט, פון זיין לירישן סטיל, וואָס באַהויכט מיט אַזאַ עכטער פרישקייט די ווערק פון דעם ערשטן ריין-שטעטלשן פּעריאָד אין זיין שאַפן.

אָבער דאָס פּרעדאָמינירנדיקע אין דעם דאָזיקן פּעריאָד — באַזונדערס אין דעם צווייטן העלפט איז די שטרעבונג צו דער וועלט צו דאָס אוניווערסאַלע, צו דאָס אוניווערסאַל-יידישע, אין קינסטלערישן זין פון דעם וואָרט; צו דאָס אוניווערסאַל יידישע אין צייט און רוים — און דאָס דאָזיקע דערגרייכט אַש אין דעם דריטן, איצט אָנהאַלטנדיקן פּעריאָד פון זיין שאַפן: דער פּעריאָד פון גרויסע היסטאָרישע ראָמאַנען זיינע און פון די גרויסע רעאַליסטישע ראָמאַנען וואָס זיינען אויך, אַזוי צו זאָגן, היסטאָרישע ראָמאַנען, מיטן אונטערשייד, וואָס יענע באַהאַנדלען עפּאָכעס לאַנג פאַרגאַנגענע און די דאָזיקע באַהאַנדלען אַן עפּאָכע, וואָס איז פאַרגאַנגען, רעלאַטיוו, ניט לאַנג צוריק: צו די ערשטע געהערן די ראָמאַנען: קידוש השם, די כישוף-מאַכערן פון קאַסטיליע און דער תהילים ייד; צו די צווייטע: די טרילאָגיע: פּעטערבורג, מאָסקווע, וואַרשע, ביים אָפּגרונט און דאָס געזאַנג פון טאָל, וואָס נעמען אַרום דאָס יידישע לעבן אין רוסלאַנד, פּוילן, דייטשלאַנד און ארץ-ישראל פון פאַר דער מלחמה און רעוואָלוציע, דורך דער צייט פון באַלד נאָך דער מלחמה, ביזן אויפשטייג פון היטלערן און דייטשלאַנד און דער ווידערבוי אין ארץ-ישראל.

— 4 —

אין זיינע היסטאָרישע ראָמאַנען וואָס געהערן, ווי געזאָגט, צום דריטן פּעריאָד פון אַש׳ס שאַפן, האָט דער דיכטער געזוכט צו געפינען אַ סינטעז-אויס-דרוק פונם יידישן לעבן און ליידן.

ער האָט אים געזוכט אין די אַלטע כראָניקעס פון גזירת ת״ח און ת״ט, אין דעם צויבער און ליידן פונם יידישן געטאָ־לעבן אין איטאַליע; ווען אייראָפּע איז נאָך, רעכט ניט אַרויס פונם מיטלאַלטער; ער האָט געזוכט אַ באַשייד פאַר די יידישע ליידן פון אונדזער צייט, פאַר די יידישע ליידן און די גרויסע שחיטות פון דער הײַדאַמאַטשטשינע אין אוקראַינע אין די יאָרן 1918-1920.

און ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין זיין ערשטן היסטאָרישן ראָמאַן, „קידוש השם“ אויף מאָמענטן אין דער געשיכטע פון יידישע ליידן, וואָס זיינען געווען זייער ענלעך צו די וואָס יידן האָבן געליטן דאַן, ווען ער האָט גענומען שרייבן דעם ראָמאַן...

די גרויסע שחיטות אין אוקראַינע אין די יאָרן 1648 און 1649 זיינען דאָך אין אַזוי פיל פּרטים ענלעך צו די ליידן פון יידן אין אוקראַינע אין די יאָרן פון דעם בירגער-קריג און פון די אויפשטאַנדן וואָס האָבן דאָרטן אויסגעבראָכן באַלד נאָך דער מלחמה.

האָט אַש געזוכט אַ באַשייד אין דער געשיכטע, אַ באַשייד פאַר אונדזערע ליידן; און אין זיין היסטאָרישן ראָמאַן „ק י ד ו ש  ה ש ם", האָט ער געגעבן אַ קינסטלערישע פאָרשטעלונג פון דאָס געזוכטע.

עס איז קלאָר, אַז אַש דער רעאַליסט, האָט, אין יאָר 1920, ווען אין אוקראַינע האָט נאָך ניט געהאַט אָפּגעטרוקנט דאָס בלוט פון די קדושים און עס האָבן נאָך געראויכערט די רואינעס פון די חרובע הונדערטער קהילות קדושות ב כ י ו ן  אויסגעקליבן אַלס טעמע פאַר זיין ערשטן היסטאָרישן ראָמאַן, די איבערלעבונגען אין שחיטות פון דער כמעלנישטשינע און אוקראַינע, כדי, שרייבנדיק דעם היסטאָרישן ראָמאַן זאָל ער קענען, איינצייטיק, אויסלעבן זיך אין דער אַקטועלער ר ע אַ ל י ט ע ט  פ ו ן  ד ע ר  צ י י ט: דורך געשיכטע, לעבן און שילדערן דאָס קעגנוואַרטיקע.

אַש האָט אויפגעלעבט אַן עפּאָכע פון  ד ר ײ  י אָ ר ה ו נ ד ע ר ט  צוריק, האָבנדיק פאַר די אויגן  ד י  ק ע ג נ וו אַ ר ט  פון דער צייט, ווען ער האָט דעם ראָמאַן געשריבן: צי האָט אַש דערגרייכט און געפונען אין דעם ערשטן פון זיינע היסטאָרישע ראָמאַנען, אין „קידוש-השם" דאָס וואָס ער האָט געזוכט; דעם באַשייד פאַר אונדזערע ליידן, דעם זין פאַר אונדזערע יסורים, — וועגן דעם קענען זיין פאַרשיידענע מיינונגען. וועגן וואָס אָבער אַלע מוזן מסכים זיין איז, אַז אין זיין ראָמאַן „קידוש השם" (און מער-ווייניקער דערגרייכט ער עס אויך אין די אַנדערע, אין די שפּעטער פון אים געשאַפענע היסטאָרישע ראָמאַנען) האָט אַש דערגרייכט צו יענעם פּונקט פון זיין קינסטלערישן וועג, אין וועלכן עס גיסן זיך צונויף צו איינציקע סטעזשקעס, און בייוועגן, איבער וועלכע ער איז געגאַנגען אין די פאַרשיידענע פּעריאָדן און עטאַפּן פון זיין קינסטלערישן שאַפן. איך וויל דערמיט ניט זאָגן, אַז אין דעם ראָמאַן האָט ער דערגרייכט קינסטלערישע שלימות, ווייל פאַר אַן עכטן קינסטלער מיינט צו זאָגן  ש ל י מ ו ת, זוכעניש פון נייע וועגן, נייע פאָרמען, נייע בילדער, און נייע דערגרייכונגען. דאָס מיינט אָבער יאָ, אַז אין זיינע היסטאָרישע ראָמאַנען — און איך נעם דעם „קידוש השם" אַלס מוסטער — האָט אַש דערגרייכט צו צוזאַמענגיסן אין איין גאַנצעם די באַזונדערע פּעריאָדן אין זיין שאַפן.

ער שילדערט דאָ ניט נאָר דאָס פּאַטריאַרכאַלישע לעבן פון דער פאַרגאַנגענהייט אין דעם יידישן שטעטל, נייערט ער דערהויבט זיך נאָך העכער, נאָך ווייטער, נאָך פריער: ער ווייזט אונז דעם  ב ר א ש י ת,  פון דער אַנטשטייאונג פונם יידישן שטעטל, דעם  מ ה ו ת,  דעם  וו י  אַ ז ו י  און דעם  צ ו ל י ב  וו אָ ס  סווערט געשאַפן אַ יידישער  י ש ו ב  און די העכערע צילן און מאָטיוון, וואָס אַ ייד, ווי פּראָסט ער זאָל ניט זיין, איז אויסן צומאָל  נ אָ ר  און  נ אָ ר  אונטערבאַוואוסטזיניק מיטן שאַפן פון אַ שטעטלשן ישוב: ניים-

טיקייט, העכערע צילן; תורה-לערנען, א יידישע געזעלשאַפט זאָל געשאַפן ווערן; א רב, א שול, א קהילה קדושה.

און ער ווייזט אונז ווייטער, מיטן אמתן שטילן געזאַנג פון זיין ערשטן שאַפונגס-פעריאָד, ווי אַזוי דאָס יידישע שטעטל, פון פאַרצייטנס, וואַקסט אויף, ווערט גרעסער, ווערט קערנדיקער, דורך יידישער תורה. דורך יידישער גייסטיקייט און ריינקייט: עס אנטשטייט זלאַטשעוו, א קהילה ווערט זי, א „שטאָט און מוטער אין ישראל" ארום א קרעטשמע וואַקסט זי אויס, איבער דער עקשנות פון איין יידן דעם קרעטשמער, וואָס האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר דערנידערונגען, פאַר ליידן, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען פונם פּריץ, אבי דערגרייכן דעם העכערן יידישן ציל: שאַפן א יידישן ישוב, וואו תורה און יידישע טראַדיציעס זאָלן בליען.

דאָס דערציילט אונז אַש, אין פּרעכטיקע בילדער, אין דעם ערשטן טייל פונם „קידוש השם", אין בילדער, וואָס זיינען א געזאַנג פונם ב ר א ש י ת פון שטעטל, און שפּעטער א געזאַנג פונם ר יי נ ע ם פ א ט ר י א ר כ א ל ן ל ע ב ן א י נ ם ש ט ע ט ל.

און אין דעם ווייטערן טייל, נאָכן „בראשית", קומט דער חורבן פונם יידישן שטעטל. אין דעם רוים פון דער געשיכטע האָט אַש געשילדערט די שוידערלעכע הריגות פון נעמיראָוו, די היסטאָרישע באַלאַגערונג פון טולטשין, דעם חורבן פון די יידישע קהילות אין אוקראַינע, דעם אומקום דורך ליידן, דורך שחיטות און די דערהויבונג צו קידוש השם און אפשר צו א נאָך העכערע מדרגה: אָ פּ ז אָ ג ן ז י ך צ ו פ א ר ג י ס ן ד אָ ס ב ל ו ט פ ו ן ד י ר ו צ ה י ם א ו ן פ ו ן ד י וו אָ ס ה אָ ב ן פ א ר ר א ט ן ד י יי ד ן; ווען געטריבן, פון פאַרצווייפלונג, וועקט זיך יאָ אויף אַ־אַ מאָמענט ביי די יידן, וואָס גייען אויף קידוש השם; יידן פאַרגיסן ניט קיין בלוט אפילו בעת די גרויסע ליידן און דער עקסטרעמסטער פאַרצווייפלונג.

אַש האָט געשילדערט דאָס אומקום פון יידישן שטעטל אינם פייער פון שחיטות, פּאָגראָמען און חורבן, אין רוים פון געשיכטע. אין דער פּערספּעקטיוו פון ת״ח און ת״ט; פאַר די אויגן אָבער האָבן אים געשוועבט בילדער פון דער סעגנוואַרט, די שחיטות פון פּראָסקוראָוו, פון טעפּליק, די נייע טולטשין, דיבאָווע, מיאסטאָווקע, טשערקאַס, סמילע, סאַווראַן און הונדערטער אַנדערע יידישע קהילות, וואָס זיינען חרוב געוואָרן מיט א יאָר פאַר דעם, פון די ווילדע היידאַמאַקעס...

ווען די געשיכטע האָט זיך איבערגעחזרט, אַזוי גרוילהאַפטיק, ווערט א היסטאָרישער ראָמאַן — א רעאַליסטישע שילדערונג.

אַזוי אַרום דערגרייכט אַש אין „קידוש השם" — און ווי מיר האָבן געזאָגט, חזרט זיך עס איבער אין אַנדערע פון זיינע היסטאָרישע ראָמאַנען, — א מין קאָנצענטרירונג אין איין קינסטלעריש ווערק, פון די פאַרשיידענע עטאַפּן פון זיין שאַפן: פון דעם געזאַנג פון דער פּאַטריאַרכאַלער מילדקייט פונם ב ר א ש י ת פונם יידישן שטעטל ביזן אונטערגאַנג. דאָס וואָס איז, אייגנטלעך, אַשס טראַיעקט אין דער ליטעראַרישער קונסט, דורך צענדליקער בענדער — איז קאָנדענסירט אין זיין היסטאָרישן ראָמאַן.

די פארגאנגענהייט, ווערט פארוואנדלט אין קעגנווארט, ווייל די יידישע ליידן און דאס יידישע מארטירערטום אין דער קעגנווארט איז דען ניט ווי אין דער פארגאנגענהייט? אקטואליטעט און געשיכטע פארמישן זיך אין אזא קונסט, ווייל, איז דען די יידישע אקטואליטעט, די יידישע קעגנווארט, אין גאנצן גרויסן געמומען און טיף גרינטלעך באטראכט ניט די זעלביקע וואס זי איז געווען אין די פארגאנגענע צייטן און ערגער? ליידן מיר דען איצט ניט ווי מיר האבן געליטן אמאל? ווערן דען איצט אונדזערע ישובים די שטעט־שע און גרויס־שטאטישע ניט חרוב, ווי זיי זיינען אומגעקומען אין די צייטן לאנג פארגאנגענע? און בויען מיר דען ווייטער ניט נייע ישובים אין אנדערע ערטער, ווי מיר האבן תמיד געבויט? אנטשטייען דען ניט קיין נייע יידישע ישובים אין אנדערע ערטער, וואו יידן האבן פריער ניט געוואוינט, ווען די אלטע ווערן חרוב — ווי עס איז געשען פאר די צייטן, בעת די צייטן און נאך די צייטן פון כמעלניצקין?

איז: אויב די געשיכטע און קעגנווארט פארמישן זיך אין לעבן, מוז דער זין פון אונדזערע ליידן און דער טרייסט פאר אונדזערע ליידן איצט, געזוכט ווערן, קינסטלעריש, מיינען מיר, אין דער געשיכטע; אין דער פערספעקטיוו פון די פארגאנגענע צייטן, וואס זיינען כמעט ווי די איצטיקע.

דאס איז דער אינערלעכער זין פון אזא היסטאריש־רעאליסטישן ראמאן.

דער זין פון אונדזערע ליידן איז אונדזער בארוף צו ריינקייט, צו גייסטי־קייט, צו אומקומען פאר יידישקייט, אויב דער דאזיקער קרבן ווערט נעפאדערט פון דער ארומיקער חיהשער וועלט; אומקומען ווי הייליקע, אין ווייסן געהילט, מיט א זעליקער רואיקייט אויף די געזיכטער און מיט א שמע ישראל אויף די ליפן.

און דער טרייסט פאר אונדזערע ליידן איז, אז אין אט דעם אומקום אויף קידוש השם, וואס חזרט זיך איבער פאר אונדז, דור איין, דור אויס, אין משך פון דער געשיכטע — וואס איז פאר אונדז תמיד כמעט די זעלביקע קעגנ־ווארט — איז אונדזער ניט אומקומבארקייט, איז אונדזער אייביקייט פון זוי־בערקייט, איז ריינקייט און גייסטיקייט.

.1937



# ש. פרוג און דאָס יידישע ליד

## פּרקים צו זיין צוואַנציקסטן יאָרצייט

— 1 —

ווער ער וואָלט געלעבט וואָלט ער איצט אַלט געווען עפּעס מער ווי 75 יאָר. און איצט האָט מען אומעטום, דאַכט זיך, פאַרגעסן צו דערמאָנען זיין 20-טן יאָרצייט.

ווי גיך מען פאַרגעסט ביי אונז דיכטער און שריפטשטעלער, אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן אַ גאָר גרויסע ראָל געשפּילט אין זייער צייט.

ווי גיך מען פאַרגעסט ביי אונז אַפילו אַזעלכע, וואָס זיינען אַריין שוין אין דער געשיכטע פון אונדזער ליטעראַטור.

ווי גיך מען פאַרגעסט ביי אונז אַפילו אַזעלכע, וואָס ווערן פאַררעכנט, און, געוויס, ניט אָן רעכט, אַלס קלאַסיקער, און וואָס האָבן אָן שום ספק באַווירקט זייער דור דורך זייערע לידער און שריפטן און געלאָזט שפּורן אומאָפּמעקבאַרע אויף דער יידישער דיכטונג און יידישער פּראָזע.

שמעון שמואל פרוג — איז אָט דער פאַרגעסענער דיכטער, פרוג, דער דיכ־טער אין צוויי שפּראַכן:

אין ר ו ס י ש, די שפּראַך אין וועלכער ער האָט אָנגעהויבן שרייבן און אין וועלכער זיין פּערז איז געווען אויסטערליש שיין, געשליפן, גראַציעז, פּרעכטיק און האָט געקלונגען שיעור ניט ווי די פּערזן פון לערמאַנטאָוו, פּושקין און פעט,

אין יי ד י ש, די שפּראַך צו וועלכער ער איז געקומען אין אַ פּאָר יאָר אַרום, ניט אויפהערנדיק צו דיכטן, איינצייטיק, אויך אין רוסיש.

שמעון שמואל פרוג איז געווען דער ערשטער דיכטער אין יידיש, וואָס האָט איינגעפירט „צעזור" און משקל, געשאַפן לידער, אמת ניט פון אַזאַ פּאָעטיישן און לירישן ווערט, ווי זיינע רוסישע, אָבער דערפאַר מיט אַ קלינגענדיקן האַר־מאָנישן און גוט-געבויטן פּערז, און אין אַ ריינעם גוטן, אמת פאָלקסטימלעכן סטיל, כאָטש דער דיכטער אַליין האָט אָנפאַנגס ניט איבעריק ליב געהאַט די שפּראַך, דעם „זשאַרגאָן", ווי ער פלעגט זיך אויסדריקן, וואָס האָט דאַן געשמעקט נאָך מיט „ווילנער מאַרק און דינאַבורגער יאַטקעס"...

אגב, פרוג איז ניט געווען דער איינציקער דיכטער און שריפטשטעלער, וואָס האָט געהאַט, אין יענע יאָרן אַזאַ באַציאונג צו יידיש. אַ סך גרעסערע און וויכ־טיקערע פון אים, האָבן זיך דאַן באַצויגן פון אויבן אַראָפּ, צו יידיש, די שפּראַך

אין וועלכער זיי האָבן געשריבן און געדיכטעט... פּרץ אליין האָט אין יענע יאָרן געהאט אזא מיינונג וועגן יידיש.

אנדערש וואָלט מיין ליד געקלונגען
כזאָל פאר גוים גויאיש זינגען,
ניט פאר יידן, ניט „זשארגאָן".
קיין רעכטן קלאנג, קיין רעכטן טאָן.
סהאָט פאר ליבע פאר געפיל
ניט קיין פּאסנד וואָרט, קיין סטיל...
אונדזער יידיש האָט נאָר וויצן,
האָט נאָר שפּיצן, בלאנקע בליצן.

עס האָט קיין טעם, עס האָט קיין זאַלץ און עס שמעקט נאָך חזיר־שמאַלץ...

די דאָזיקע פּערזן, וועלכע עס האָט גענומען געוועגט געוועגט שרייבן פּרוג, האָט גע־שריבן ניט קיין קלענערער, ווי פּרץ אין זיין „מאָניש". דאָס איז געווען די זעל־ביקע באַציאונג, וואָס פּרוג און וואָס אנדערע האָבן געהאַט צו יידיש... א ריין משכילישע, א מין אריסטאָקראַטישע באַציאונג פון א ל י ב ע ר א ל - ג ע - ש ט י מ ט ע ר באַלעבאָסטע צו דער שפּחה, מיט וועלכער זי באַנוצט זיך פאר הויז־אַרבעט: פ א ר א י נ י ק ע פון די משכילים איז די ה א ר נ ט ע געווען דאָן ה ע ב ר ע א י ש, פאר א נ ד ע ר ע, ווי פאר פּרוגן, איז די ווירטין פון שטוב, אין יענע יאָרן, געווען רוסיש, די שפּראַך פון זיין יום־טובדיקער מוזע — דער צד השוה פאַר ביידע מינים משכילים דיכ־טער און שריפטשטעלער איז געווען, זייער באַציאונג צו יידיש; ווען זיי האָבן זיך באַנוצט, אפילו מיט „זשארגאָן", איז עס געווען נאָר אוים רחמנות צו די עם־הארצים און פּרויען, און מיט א ריין־אוטיליטאַרער אויפגאַבע צו בילדן די מאסן...

זעלטן ווען עמיצער פון די דיכטער און שרייבער פון יענער צייט האָט געהאט א געזונטע נאַטירלעכע באַציאונג צו יידיש, ווי צו זיין לשון. און נאָך זעלטענער זיינען געווען די פאַלן, ווען שריפטשטעלער פון יענער צייט — פון די אכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט — זאָלן געווען זוכן צו פאַר־פיינערן, צו אויסאיידעלן דעם אינסטרומענט, אויף וועלכן זייער מוזע האָט גע־דיכטעט, דעם אינסטרומענט י י ד י ש.

צווישן אָט די זעלטענע, זיינען חוץ דעם זיידן מענדעלע, וועלכער איז דאָן שוין ניט געווען קיין יונגערמאַן, געווען שלום עליכם, פּרץ און שפּעטער איז צו־געקומען אויך פּרוג.

מיר טאָרן און קענען ניט פאַראיבל האָבן אויף אים, א י צ ט פאַר זיין דאָמאָלסטיקער באַציאונג צו יידיש: זאַכן און דערשיינונגען פון קולטור־היס־טאָרישן כאַראַקטער טאָרן ניט באַטראַכט ווערן פון דעם שטאַנדפּונקט, ווי מ י ר באַציען זיך איצט, ווי מ י ר שאַצן אָפּ א י צ ט אַזעלכע דערשיינונגען. נייערט מיר מוזן נעמען א י ן ז ייע ר דאָמאָלסטיקער ס ב י ב ה, מיר מוזן זיי אָפּשאַצן אין אנקלאַנג פונם קאָמפּלעקס פון שטימונגען, מאָטיוון,

באַציאונגען, אומשטאַנדן און צוגאַנגען, וועלכע האָבן געהערשט דאַן, ווען די דזשיקע דערשיינונגען זיינען פּאָרגעקומען, און דאַן, צום סוף פון דער השכלה-עפּאָכע, האָט אָנגעהאַלטן אַזאַ מין באַציאונג, „אַ פון אויבנאַראָפּדיקע" צו יידיש

אָבער דער שיינער, דער עלעגאַנטער רוסישער דיכטער, וואָס איז געווען אין פרוגן האָט אים דאַן שוין, ניט געלאָזט באַציען זיך נאַבלעסיק אויך צו זיין יידיש ליד — און ער האָט, טראָץ דער נידערשאַצנדיקער באַציאונג צו יידיש אַלס „זשאַרגאָן", דאַן שוין געזוכט צו אויסשמידן פיינע, שיינע פערזן אויך אין יידיש, און ער האָט אונז איבערגעלאָזט אָן אַ שיעור לידער, וואָס זיינען לאַנג שוין אריין אין דעם אוצר פון אונדזער יידישער פאָלקס-דיכטונג, ווי „זאָמד און שטערן", „האָט רחמנות", „צוויי טראַיקעס", וואָס ווערן געזונגען בכל תפו־צות ישראל ווי אמתע פאָלקס-לידער.

— 2 —

איבעריקנס: די דאָזיקע באַציאונג זיינע, די ריין משכילישע צו יידישער דיכטונג, צום יידיש ליד, האָט פרוג שפּעטער, אין יאָרן אַרום, ווען אויף דער יידישער גאַס האָבן גענומען ווייען אַנדערע ווינטן אין דער באַציאונג צו יידיש, קאַרדינאַל געענדערט.

אין אַ שטימונגס-נאָטיץ, וואָס הייסט „דאָס יידישע ליד", און מיט וועלכן ער האָט איינגעלייטעט די דריי-בענדיקע ניו-יאָרקער אויסגאַבע פון זיינע לידער (אגב, ווייט ניט קיין פולע), האָט פרוג אין סוף 1909 געגעבן אַ לירישע אָנדיי־טונג וועגן זיין גאָר־נאָענטער און האַרציקער באַציאונג — שוין ניט קיין קאַלטע אַריסטאָקראַטיש-משכילישע — צום יידיש ליד, וואָס ער האָט געזונגען אין משך פון פינף-און-צוואַנציק יאָר.

„שוועסטער מיינע — זאָגט ער אין יענעם שטימונגס-נאָטיץ — שוועסטער טרייע! סרופט צום אַלטן ליד, דאָס אַלט פאַרביטערטע האַרץ (פונם דיכטער, וועלן מיר צוגעבן). און טוליעט עס צו, און פּרעסט עס צו צו זיך, און גיסט אריין אין אים נייע פרישע קלאַנגען און שעפּט אליין פונם אַלטן ליד נייע יונגע טרייסט און פרישע יונגע האָפענונגען"...

„לעבן און בליען, און וואַקסן און קלינגען זאָל דאָס אָרים, עלנט יידיש ליד".

און דער דאָזיקער וואונטש פונם דיכטער, וועלכער האָט זיינע בעסטע גע־זאַנגען געזונגען אין אַ ניט-יידישן לשון, כאָטש געזונגען האָט ער ניט פאַר גויים, נאָר פאַר יידן — און דאָך האָט אַ רוסישער ליטעראַטור-היסטאָריקער אים באַ־טראַכט, ווי „אַ רוסישן דיכטער, וואָס זינגט יידישע מאָטיוון" — דער דאָזיקער וואונטש פון דעם דיכטער פון „ציון-לידער" און פון דעם פעליעטאָניסט אין לייכטע גראַמען, וועגן „שמעונעוקע און גרוינעווקע" — מער ווי אַ וואונטש, איז געווען אַ נבואה, וואָס איז הערלעך מקוים געוואָרן:

דאָס ליד „דאָס אָרעמע, עלנטע יידיש ליד" אין די צייטן פון דעם דיכטער, וואָס האָט אין אַ לירישער ווענדונג צו זיינע לעזער געזונגען:

בעט פון מיר קיין זיסע שטימען.
בעט קיין פרייעס ליד:
אויף מיין פידל ליגט דער סימן
מיטן שטעפל ייד.
אוי דאָס איז אַ טיפע חתימה
נאָר געוויין און שמערץ.
און עס גיסט זיך פון מיין שטימע
אויף מיין קראַנקעס הערץ.

„דאָס ליד, דאָס אָרעמע עלנטע יידיש ליד" פון פרוגן און פון פרוגס צייטן האָט אויפגעלעבט, האָט הערלעך זיך צעוואַקסן און צעקלונגען פאַר די לעצטע צוויי צענדליק יאָר אין אַלע הונדערט-זיבן-און-צוואַנציק מדינות פון דער יידי־שער וועלט-איבערעריע; און עס קלינגט און עס שאַלט, און מיט אַלערליי מעלאָ-דיעס און קלאַנג־ניואַנסן אונטער אַלע הימלען, אויף אַלע ערדן, צווישן אַלע קול-טורן און שפּראַכן.

— 3 —

פרוג האָט וועגן זיך אליין געזונגען:
„איך בין אַ חזן אָן אַן עמוד
כמעט שוין פינף-און-צוואַנציק יאָר".

ביי אים האָט דער ווייניטשאַק מתפלל געווען אויף טל ומטר אין דער צייט; די וועלדער האָבן אים געהאָלפן זאָגן הלל, דער שטורעם האָט מיט אים צוזאַמען תקיעות נעבלאָזן אין אָסיען-נאַכט. די זון האָט מיט געזונגען „מכלכל חיים" און הושענות האָט דער ווינט ביים טייך געשלאָגן; ער האָט געזוכט, ער האָט געוואָלט און געשטרעבט צו זינגען פאַר זיינע יידישע לייענער „אַ ניגון נאָר אַ נייעם", און האָט עס ניט דערוויזן, ווייל זיין „האַרץ איז געווען ווי אין רינגען געפּאַסט. אנשטאט זינגען האָט עס אים וויינען געצווינגן" און עס רייסט זיך אַרויס ביי אים אַ קרעכץ איבער זיין גורל:
מיט וואָס איך הויב ניט אָן צו זינגען
מיט „מן-המצר" ענדיק איך!..."

היינט זינגט און קלינגט אין דער נאָרער וועלט הויך און פּרעכטיק דאָס יידישע ליד, אין אַלע פּאַרמען, אין אַלע זשאַנרען פון פּאָעטישן שאַפן, און אַלע מענטשלעכע אידייען און נעשטאַלטן, און נאָר די ליידן און פריידן פון פעלקער און מענטשן געפינען אין דעם ליד אַן אויסדרוק, אַן אָפּקלאַנג, פון ניו-יאָרק ביז מאָסקווע, פון וואַרשע ביז יאָהאַנעסבורג, פון אונדזער בוענאָס איירעס ביז סאַן-פּראַנציסקאָ.

און אַ יידיש-דיכטער וועט ניט זאָגן איצט, אז ער איז „אַ חזן אָן אַן עמוד"; קיין דיכטער וועט ניט זאָגן היינט, ווי פרוג האָט אין זיין צייט אַרויסגעשליכצט אַרויסגעקרעכצט וועגן יידישן דיכטערס גורל, וועגן זיין גורל:

ווי איז צו אים, ער וועט זיין ווי דער קול,
וואָס רעדט אין דער מדבר צו ביינער, צו שטיינער,
עס וועלן אים הערן דער בארג און דער טאָל,
דער וואַלד און דאָס פעלד,
אָבער מענטשן ניט איינער.

היינט שפּירן יידישע דיכטער אַן אוידיטאָריום, לייענער און צוהערער, וואָס זיי האָבן פאַר זייער ליד.

און אויב מיר ווילן וויסן און אָפּשאַצן, ווי ווייט דאָס יידישע וואָרט, דאָס פּאָעטישע און ניט-פּאָעטישע האָט זיך אַנטוויקלט, געוואַקסן, איז געשטיגן, ווי ווייט איז עס קינסטלעריש געוואָרן פולקאָמער, לאָמיר אַ קוק טון אויף צוריק אין אַ שטח פון אַ צייט־אָפּשניט בלויז פון אַ עלכע צוויי צענדליקער יאָרן — זינט פרוג האָט פאַרענדיקט צו זינגען זיינע „מן המצר לידער", און מיר קענען, אין דער דיסטאַנץ, דערזען דעם ריזיקן פאַרנעם פון אונדזערע דערגרייכונגען, די גוואַלדיקע צעוואַקסנקייט פונם יידישן וואָרט, פונם פּאָעטישן און ניט-פּאָעטישן.

---

לאָמיר מיט ערנפורכט דערמאָנען זיין אָנדענק.

ער האָט אין זיין צייט ערלעך און טייער געהאַלטן די פאָן פון יידישן וואָרט, די פאָן פון יידישן ליד און יידיש — הגם איבער דעם טראַגישן גורל פון זיין אייגענעם לעבן און פון לעבן פון רוסישן יידנטום אין יענער צייט, האָט זיין מוזע געזונגען אין רוסיש, אין דער שפּראַך אין וועלכער ער האָט דערגרייכט, איבערלעך, טעכנישע פולקאָמענהייט, אָבער וועלכע איז אים פאָרט פאַרבליבן פרעמד אין מהות, פרעמד אין גייסט, ווייל... ווייל זיין מאַמע-לשון איז דאָך געווען יידיש.

לאָמיר מיר ערנפורכט דערמאָנען זיין נאָמען, קאָנסטאַטירנדיק דערביי זיין גרויסן טעות:

ניט פ אַ ר ש אָ ל ט ן, נאָר ג ע ב ע נ ט ש ט איז דער, וועמען גאָט האָט באַשערט צו זיין אַ דיכטער ביי יידן.

און פרוג איז אויך ניט, ווי ער האָט געמיינט, געווען „אַ חזן אָן אַן עמוד". זיינע לידער ווערן געזונגען אין אַלע יידישע ישובים פון דער וועלט, ווערן געזונגען פון גרויס און קליין און ווערן געלייענט.

זיין פערז, אין יידיש און אין רוסיש, האָט באַאיינפלוסט, דיכטעריש אויף זייערע ערשטע טריט, דיכטער וואָס זיינען דערנאָך געוואַקסן גרויס און מעכטיק; דיכטער, צווישן אַנדערע, ניט קיין קלענערע, ווי ביאַליק, טשערניכאָווסקי און רייזען. די סאָציאַלע און אַרבעטס-לידער זיינע זיינען נאָך היינט צו טאָג היים-אָטעמדיק, זיי זיינען אַ שטאַרקער, פּאָעטישער פּראָטעסט קעגן אומגערעכטיקייט און קריוודעס; און זיינע ניט פּאָעטישע שאַפונגען, פעליעטאָנען, מעשהלעך און גראַמען, שטימונגען און זכרונות — זיינען מאַטעריאַלן פון קולטור היסטאָרישן וווערט, דאָקומענטן צו דער געשיכטע פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין זיין צייט.

.1936

# יידיש און העברעאיש אין פרישמאנס שאפן

— 1 —

ניט ווילנדיק מיז מען אנהויבן גלייבן אין זאכן, וואס ווילט זיך ניט גלויבן. אז די עלטער פון 57 יאר איז עפעס א פאטאלע, א קריטישע פאר גרויסע יידישע שריפטשטעלער. די טרויעריקע ווירקלעכקייט פון די לעצטע עטלעכע יאר, באשטעטיקט עס מיט פיל ביישפילן: שלום עליכם איז געשטארבן אין דער עלטער פון 57 יאר, פרוג — דאס גלייכן; און איצט אויך דוד פרישמאן.

דער בית עלמין פון דער יידיש-העברעאישער ליטעראטור איז גרעסער געווארן, פארגרעסערט מיט נאך איין פילזייטיקן יידישן שריפטשטעלער, וועלכער, הגם ניט גאר אריגינעל און ניט אלע מאל אריגינעל זיינען געווען די וועגן פון זיין שאפונג און די מיטלען, מיט וועלכע ער האט זיך באנוצט פאר זיין שאפונג, איז ער, געוויס, גרויס געווען אלס פעליעטאניסט, אלס עסייאיסט, אלס לערער, דערציער און באווירקער אין דער יידישער ליטעראטור.

דער בית עלמין פון יידישע קינסטלער, גאונים און שרייבער האט זיך שטארק אויסגעברייט פאר די לעצטע יארן: דער זיידע איז געשטארבן, פרץ, די אייניקלעך פרוג און שלום עליכם און איצט אויך דוד פרישמאן.

א בית עלמין איז א געוויסער סימן אויף געשיכטע, אויף פארגאנגענהייט: „ווען דו פארסט לאנג-לאנג איבער ברייטע פעלדער און וועלדער און טרעפסט קיין בית עלמין ניט, זאלסטו וויסן זיין, אז איבער א מדבר רייזעסטו; ווען אבער דו טרעפסט א בית עלמין אין וועג, וויסן זאלסטו אז נאענט קומט די מדינה, קומט דער ישוב“.

די דאזיקע טיפזיניקע תלמודיישע באמערקונג, ווילט זיך מיר אנווענדן אלס טרייסט־ווארט פאר דער יידיש-העברעאישער ליטעראטור, וואס פאר די לעצטע יארן באווייזט זי כמעט ניט אראפצוציען דעם טרויער-שלייער פון איר געזיכט: דארט, א-וואו א בית-עלמין פון ליטעראטור-גאונים איז פאראן, איז אויך א גרויסע לעבעדיקע ליטעראטור פאראן, א ליטעראדישע „מדינה“, אינם מעטאפארישן זין פון ווארט. און וואס גרעסער עס איז דער ב י ת ע ל מ י ן — דער רעאלער, דער קאנקרעטער אויסדרוק פון דער פארגאנגענהייט — אלץ גרעסער מוז זיין די ליטעראטור די לעבעדיקע, אלץ ברייטער און פארצווייגטער דארף זי ז יי ן אדער וו ע ר ן, אלץ רייכער אין פארבן, אין קאלירן, אין אינהאלט מוז זי זיין.

איך באצי מיך צו ביידע צווייגן פון אונדזער יידישער ליטעראטור: דער יידישער און דער העברעאישער, ווארום נאר די ענג-גייסטער, פון ביידע לאגערן

קענען מער, ווי איינע ניט משיג זיין, ניט סובל זיין, ניט אויפנעמען; נאָר פּאָר ענג-גייסטער פוןביידע לאַגערן שטרייטן זיי צווישן זיך. ביי דעם גרעסטן טייל פון אונדזערע טוער אויפן פעלד פון יידישן גייסטיקן און ליטעראַרישן שאַפן, — אין דוד פרישמאַן ע"ה איז אין זייער כלל — איז קיין שפּראַכן-פּראַגע ניט געווען; קיין שפּראַכן-פּראָבלעם האָט פאַר זיי ניט עקזיסטירט. זיי האָבן לאַנג שוין געהאַט דערהויבן די „דינסט" צו דעם ראַנג פון א „דאַמע", אָבער דער כבוד פון דער „דאַמע" האָט פון דעם זיכער קיין האָר ניט געליטן.

צוויי טעכטער פון איין פאָלק, האָבן זיי ביידע, ביי די ברייטע קונסט-שעפער אויפן פעלד פון יידישער ליטעראַטור, גלייכע רעכטן, נאַטירלעך: איינער זוייזט אין זיין שאַפן אַרויס מער נייגונג, מער סימפּאַטיע צו דער עלטערער דאַמע העברעאיש און א צווייטער האָט מער סימפּאַטיע צו דער יונגע-רער דאַמע יידיש. דאָס איז ניט מער ווי אַ זאַך פון גוסט פון פּערזענ-לעכער נייגונג און געוויסערמאָס אויך א פּראָדוקט פון דער דערציאונג, וואָס דער שריפטשטעלער האָט באַקומען און פון דער סביבה, אין וועלכער ער לעבט.

— 2 —

פרישמאַן האָט געהאַט די סימפּאַטיע פאַר דער עלטערער „דאַמע" — פאַר העברעאיש. ער האָט אויך יידיש געשריבן; אָבער טאַקע נאָר „אויך"... דאָך וועט איר אין זיין שאַפונג ניט טרעפן די מינדסטע אָנדייטונג, רעכ קלענסטן אומבאַדייטנדיקן וואונק אָדער אָנצוהערעניש, וואָס זאָל גרינגשעצן אָדער „לייכט" זיך באַציען צו אונדזער יידיש פאָלקס-לשון, ווי דאָס איז געווען דער כאַראַקטעריסטישער צייכן פון די לעצטע משכילים; די גרעסטע אכטונג האָט ער אַרויסגעוויזן און די וואַרימסטע סימפּאַטיע צו יידיש האָט ער געהאַט, כאָטש ער האָט פאַרהעלטניסמעסיק ווינציק געשריבן אין יידיש.

אַז מען פאַרגלייכט די אַרבעט פון פרישמאַן אין יידיש און העברעאיש צווישן זיך, קען דער פאַרגלייך אויסגעדריקט ווערן אין פאָלגנדיקע באַצייכנונג:

אין העברעאיש האָט פרישמאַן געשריבן מיט דער רעכטער האַנט. און די רעכטע האַנט איז, מיט קליינע אויסנאַמען, די שטאַרקסטע ביים מענטשן, די, וואָס האָט די מערסטע קראַפט.

אין יידיש האָט ער געשריבן מיט דער לינקער — און די לינקע האַנט, מעג זי ווי שטאַרק אַנטוויקלט זיין, איז פאָרט שוואַכער ווי די רעכטע.

אין העברעאיש איז פרישמאַן געווען א שעפער, א גייסטיקער ריז, ער האָט געבויעט וועלטן און אליין זיי חרוב געמאַכט; ער האָט געפירט מלחמות, געלערנט, געשטראָפט, געלאַכט און געטון קולטור־אַרבעט, אריינברענגענדיק אין די אוצרות פון דער העברעאישער ליטעראַטור און אין א מייסטערהאַפטער איבערזעצונג אַזעלכע אייביקע זאַכן, ווי בייראָנס „קין", ניטשעס „זאַראַטוסטראַ", קאַפּיט-לען פון האָמערס „איליאַדע" און „אָדיסייע", שוהמאַכערס „בעראַניקאַ", עליאָטס „דעראָנדאַ" און אַנדערע.

אין זיין יידיש איז פרישמאַן געווען א שריפטשטעלער, א מיטשאַפער.

אַ װיכטיקע רינג אין דער גאָלדענער קייט פון דער יידישער ליטע-ראַטור פון די לעצטע פופציק יאָר, אָבער קיין מלחמות האָט ער ניט גע-פירט, קיין נייע וועגן האָט ער ניט אָנגעצייכנט. נאָר ער איז געגאַנגען אין יידיש פאַראַלעל אויף דעם זעלבן וועג, וואָס ער אַליין האָט פריער דורכ-געהאַקט פאַר זיך אין דעם געדיכטן ווילד-וואַלד פון דער העברעאישער מליצה און בטלנות, פּלוידעריי און ישיבה-בחורישע-אינטעליגענטישער מאַמריסטיק פון די זעכציקער און זיבעציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט.

אין העברעאיש האָט פרישמאַן געהאַט אַ שטאַרקע שטימע, וואָס פונם „תוהו ובוהו“ אָן, מיט פערציק יאָר פריער האָט זי ניט אויפגעהערט צו דונערן איבער אַלע בטלנים און איבער דער בטלנות אין דער העברעאישער ליטעראַטור, איבער דער בטלנות, וואָס האָט געענדערט איר פאָרם מיט דער ענדערונג אין דער צייט, אָבער איז אין תוך געבליבן, ניט פאַרשוואונדן אין איר וועזנטלעכקייט.

אין יידיש איז די שטימע ביי אים געווען שוואַכער, שטילער; זי איז געווען מער אַ בת-קול, איידער אַ קול; אַן אָפּקלאַנג פון דעם, וואָס ער האָט פריער און מער ענערגישער געזאָגט אין העברעאיש.

און דער אָפּקלאַנג איז שטענדיק שוואַכער פון דעם קלאַנג.

אין העברעאיש איז פרישמאַן געווען דער, וועלכער האָט געשאַפן אַן עפּאָכע; אַליין אויסנאַם איז ער זיין וועג געגאַנגען און פון ערשטן ביזן לעצטן טאָג, איז ער פון דעם וועג ניט אַראָפּ.

אין יידיש האָט ער קיין עפּאָכע ניט געשאַפן; די עפּאָכע אין דער יידישער ליטעראַטור איז פאַר אים און חוץ אים געשאַפן געוואָרן און אויף דעם וועג, וואָס ער איז געגאַנגען, זיינען נאָך פיל געגאַנגען, מיטגעגאַנגען צוזאַמען מיט אים.

אין פרישמאַנס העברעאישע שאַפן, ניט געקוקט אויף זיין ניט הונדערט-פּראָצענטיקער אָריגינאַליטעט, איז פאַראַן עטוואָס ספּציפיש עס. עטוואָס אַזעלכעס, וואָס נאָר פרישמאַן האָט געטון און געקענט טון. ער האָט זיין שטעמפּל, זיין זיגל געלאָזט טיף איינגעקריצט אין דער מאָדערנער העברעאישער ליטעראַטור פון דעם „תוהו ובוהו“ אָן, דער ערשטער הילכיקער געשריי, מיט וועלכן פרישמאַן, דאַן אַן אכצן-יאָריקער בחור, איז אַרויס אויף דער ליכטיקייט פון דער וועלט פון דער דעמאָלסטיקער העברעאישער ליטעראַטור, ביזן לעצטן פּאָעטיש מעשהלע און קינסטלערישער איבערזעצונג, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין דעם לעצטן „התקופה“, פון אים רעדאַקטירט. אַזוי טיף איז דער זיגל, דער פרישמאַנישער פיין-שרייבערישער סאַרקאַזם, זיין עכט-יידישער בטול, די טיפקייט פון זיין ליריזם, זיין אולטראַ-אייראָפּעאישע פאָרם, זיין ראַ-פינירטער סטיל און עסטעטישער געשמאַק, איינגעקריצט געוואָרן אין דער העברעאישער ליטעראַטור פון די לעצטע פערציק יאָר, אַז עס איז זיך אומ-מעגלעך פאָרצושטעלן איר אָן פרישמאַנען; עס איז אוממעגלעך צו פאָרשטעלן זיך, וואָס וואָלט פון דער העברעאישער ליטעראַטור געוואָרן, ווי אַזוי וואָלט זי זיך אויסגעוויקלט, וואָס פאַר אַ פּרצוף וואָלט זי באַקומען אָן פרישמאַנס אנטייל.

אין יידיש האָט פרישמאַן **אויך געשאַפן**: געשריבן דערציילונגען, לירישע לידער געזונגען, סאַרקאַסטישע פעליעטאָנען געשריבן און יעדער פעליעטאָן איז אַ קונסט-ווערק אין מיניאַטור, קריטישע אַרטיקלען געשריבן מיט ניט־ווייניקער בייזקייט אפשר, אָבער עס איז ניט דאָס, וואָס אין דער העברעאישער. **זיין חותם**, **זיין** נשמה-זיגל האָט ער אויף דער יידישער ליטעראַטור ניט געלייגט. און מען קאָן **גאַנץ פּערפּעקט** פאַרשטעלן זיך די יידישע ליטעראַטור **אָן פרישמאַנען**; און פון דער חשיבות פון דער ליטעראַטור וואָלט גאָרניט געמינערט געוואָרן דורך דעם.

זיינע נשמה-געזאַנגען: דעם „משיח", די „הנדבה" האָט פרישמאַן געזונגען אין העברעאיש. און ווען ער האָט עס געשריבן אין יידיש, איז עס ביי אים אַרויסגעקומען איבערגעזונגען.

אין **העברעאיש** איז פרישמאַן **דער מאָלער וואָס שאַפט דעם אָריגינאַל**; אין יידיש איז פרישמאַן **דער מאָלער**, וואָס **מאָלט נאָך אַ בילד**, וואָס מאַכט אַ קאָפּיע.

עס מאַכט ניט אויס, וואָס די קאָפּיע איז פון אַן אייגן בילד, וואָס דער זעלבער מאָלער האָט אַליין פריער געשאַפן. ווי גוט דאָס בילד זאָל דורכן מאָלער ניט זיין קאָפּירט פון זיין אייגן בילד, וואָס ער האָט פריער אַליין געשאַפן, ווי נאָענט זי זאָל ניט זיין צום אָריגינאַל, איז עס דאָך נאָר **נאָענט**, אָבער ניט דער אָריגינאַל אַליין. עס פעלט עטוואָס, עס איז ניט דאָס: אַן אָריגינאַל ווערט נאָר איינמאָל געשאַפן, דאָס איבעריקע איז נאָר מער־ווייניקער געלונגען קאָפּירט. דער זיידע מענדעלע איז דער איינציקער אויסנאַם פון דעם כלל, ווייל ער איז בכלל **אַנדערש פון אַלע אַנדערשדיקע**...

אין **העברעאיש** האָט פרישמאַן געשפּילט די ערשטע פידל, זיין טאָן איז אַ **לאַנגע צייט** געווען דער דאָמינירנדער, די **גאַנצע צייט** האָט מען אים קלאָר און שאַרף געהערט אין מיטן פון דעם אַלגעמיינעם ליטעראַרישן אָרקעסטער.

אין **יידיש** האָט פרישמאַן געשפּילט אַ **פידל**, געווען **איינער פון אָרקעסטער**. אמת, ניט דער לעצטער, אָבער עס וואָלט שווער געווען צו באַמערקן זיין אָפּוועזנהייט אינם אָרקעסטער, ווען ער וואָלט דאָרטן געפעלט. די שיינקייט, קלאַנג און האַרמאָניע אינם אָרקעסטער וואָלט גאָר ניט אָנגעוואוירן, ניט געליטן דורך זיין אָפּוועזנהיים.

אין **העברעאיש** איז פרישמאַן ניט פשוט **נאָר אַ שעפער**, **אַ עסייאיסט** און אַ פעליעטאָניסט, נייערט אויך **אַ קינסטלער** ניט פון קליינער און פון גאַנץ אייגנאַרטיקער ווערט.

אין **יידיש** איז פרישמאַן אַ שיינער, אַ באַדייטנדער פעליעטאָניסט, אַ פאַרנעמפּולער שריפטשטעלער; די סטיכיע זיינע, אָבער, איז אין העברעאיש, ניט אין יידיש.

און איצט, נאָכדעם ווי פרישמאַן איז פאַרשוואונדן, איז עס פאַר דער העברעאישער ליטעראַטור געוויסער-מאָסן אַן „אבידה שאינה חוזרת". עס איז ניטאָ דערווייל ווער עס זאָל זיין פּלאַץ פאַרנעמען, אַלס פעליעטאָניסט, אַלס קריטיקער-

עסייאיסט. פאַר דער יידישער ליטעראַטור איז עס זיכער אַ באַדייטנדער פאַרלוסט, אַ גרויסער פאַרלוסט, אָבער אין ערך אַ קלענערער, ווי פאַר דער העברעאישער.

— 3 —

איך בין אַבסאָלוט ניט אויסן געווען מיט דעם דאָזיקן פאַרגלייך צו פאַרמינדערן די באַדייטונג פון פרישמאַנען, דערפאַר, וואָס זיין שאַפן אין יידיש איז ניט גלייך צו זיין שאַפן אין העברעאיש. איך האָב עס אויך ניט געבראַכט מיט אַ ספּעציעלער כוונה צו דרשנען עם לשבח אָדער לגנאי. איך געהער ניט צו יענע ענג-גייכטיקע, וואָס האָבן נאָר באַציאונג צו איין שפּראַך אין אונדזער איינער און צוויישפּראַכיקער ליטעראַטור. איך האָב גלייך ליב און וואָלט וועלן גלייך טון, וואָס אין מיין כוח איז פאַרביידע שפּראַכן אין וועלכער די נשמה פון אונדזער פאָלק ווערט אויסגעדריקט און די ליטעראַטור אירע ווערט געשאַפן: איין ליטעראַטור אין צוויי שפּראַכן.

איך מיין אָבער, אַז דער בעסטער שבח פאַר אַ שריפטשטעלער איז אָפּשאַצן אים ווי געהעריק, ניט איבערשאַצן; די בעסטע באַציאונג צו אַ יידישן שריפטשטעלער וואָס האָט אין ביידע שפּראַכן געשאַפן, איז אָפּשאַצן די פאַרדינסטן פאַר יעדער שפּראַך באַזונדער, דורך פאַרגלייכן איינער צו דער צווייטער, הגם ביידע זיינען גלייך ייִדיש און ווערטפול פאַר אונדזער פאָלק.

און נאָך אויף איין הויפּט-שטריך אין פרישמאַנס שאַפן וועל איך דאָ אָנווייזן; אויף איין הויפּט-שטריך, וואָס איז גלייך כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין שאַפן אין ביידע שפּראַכן:

קיינער ווי פרישמאַן, אין זיין יידישן, און זיין העברעאישן שאַפן, האָט, ביי אונדז, אַזוי ניט פיינט געהאַט די פּוסטע פראַזע, די וואָס קלינגט און זאָגט גאָרניט. די פראַזע, וואָס האָט ניט אונטער זיך האַרץ און געדאַנק צוזאַמען.

דער שטאַרקסטער קעמפער איז ער געווען קעגן דער פּוסטער קלינגענדיקער פראַזע, וואָס האָט זיך אין אונדזער ליטעראַטור איינגעגעסן אַזוי, אַז ס'איז ניט פּטור צו ווערן פון איר — געוויסערמאָס איצט נאָך אויך — און דאָס גראָדע אויך אין ביידע שפּראַכן: די פּוסטע פראַזע; פריער אין דער פאָרם פון מליצה, פון פּסוקים און שברי פּסוקים, וואָס האָבן פאַרטונקלט דאָס שטיקל געדאַנק, אויב אַזעלכעס איז געווען ביי יענע „מאמריסטן"; דערנאָך אין דער פאָרם פון פּאָליטיש-געזעלשאַפטלעכער אָדער רעוואָלוציאָנערער דעקלאַמאַציע, וואָס איז אייגנטלעך די אַלטע מליצה אין אַ מאָדערנעם לבוש.

ווי אַ רויטער שנור ציט זיך די דאָזיקע אייגנשאַפט פרישמאַנס און נייט דורך דער גאַנצער שאַפונג זיינער, אין משך פון אַלע פערציק יאָר. די שאַרפסטע פיילן, דעם ביטערסטן סאַרקאַזם האָט ער ניט נאָר געהאַט פאַר די אַמאָליקע בטלנים, נייערט אויך פאַר די איצטיקע. אין דעם — איז דער כאַראַקטעריסטישער אויסדרוק פון פרישמאַנס שאַפן אין ביידע שפּראַכן. ניט אומזיסט האָט ער אַלס מאָטאָ צו זיינע לידער אָוועקגעשטעלט פאָלגענדן פערז:

„לגועל לי מחשבות, מחשבות ומוחות אינם.
ולתועבה לי רגשות, רגשות ואין לבבות
ולזרא לי התלהבות שאין בה אש להבות״.

ג ע ד אַ נ ק און ה אַ ר ץ און ניט פּראָזעס ליידיקע און דעקלאַמאַציעס פּוסטע, — דאָס איז געווען פ ר י ש מ אַ נ ס לעבנס-וועג און דאָס האָט ער געפאָדערט פון אונדזערע ליטעראַטן, ווי פון דער יידישער ליטעראַטור בכלל, פון דער יידישער ליטעראַטור, דער איינער אין איר צוויי-שפּראַכיקייט.

.1922



# דער דיכטער פון איין ליטעראַטור אין צוויי שפּראַכן

## — 1 —

### עס איז אומגלויבלעך, אָבער עס איז פּונקט אַזוי

„זאַלקינד שניאור איז אַלט געוואָרן פופציק יאָר“. אַז איר לייענט איבער די דאָזיקע פראַזע, איז דער ערשטער געדאַנק, וואָס פאַלט אייך איין, א מין געמיש פון אומגלויבונג און איבעראַשונג:

— ווי הייסט: זאַלקינד שניאור איז ע ר ש ט אַלט געוואָרן פופציק יאָר? ווי איז עס מעגלעך? ער שרייבט דאָך שוין, דאַכט זיך, א קימא לן... א קימא לן; וואָרט א ווײַלע, לאָמיר אָקאָרשט גוט אויסרעכענען?... זיין ערשט העברעאיש לידל האָט ער פאַרעפנטלעכט אינם העברעאישן קינדער־זשורנאַל „עולם קטן“ אין יאָר 1901, א קיימאלן פון 36 יאָר, זיין ערשטער באַנד העברעאישע שירים „עם שקיעת החמה“, איז דערשינען אין דער ביבליאָטעק פון „תושיה“ אין יאָר 1906 א קימא לן פון 31 יאָר, טאָ... שוין־זשע איז ער ערשט 50 יאָר אַלט?...

רעכנט אהער, רעכנט איר אהין: אַז ער איז פּונקט מער ניט אַלט ווי 50 יאָר!... וואָרום:

אַז מען איז געבאָרן אין יאָר 1887 איז מען אין יאָר 1937, קיינמאָל מער ניט אַלט, ווי פופציק יאָר, מעג מען האָבן אָנגעשריבן פאַר דער צייט: דרייסיק גרויסע בענדער, אין אונדזערעביידע שפּראַכן; מעג מען האָבן אָנגעשריבן פאַר דער צייט, צענדליקער בענדער מיט הונדערטער וואונדערבאַרע לידער און פּאָעמעס, פיל פון וועלכע זיינען יעדער איינע פאַר זיך אליין א באַזונדער בוך, ווי צום ביישפּיל „ווילנה“, „עם צלילי המנדולינה“, „בהרים“, „אנכי אנכי לא אסלח“, „משירי הגורל“, „חזון השיבמין“, „פרקי יער“, „מחזה אוקראניה“ און נאָך און נאָך — וועט קען זיי דען אויסרעכענען און אָנגעדענקען, א ווי אויפן זכרון.

אַז מען ווערט געבוירן אין יאָר 1887 איז מען היי־יאָר פּונקט מער ניט אַלט, ווי פופציק יאָר, מעג מען פאַר דער צייט האָבן אָנגעשריבן דריי צענדליק דיקע בענדער, צווישן וועלכע עס געפינען זיך מייסטערווערק ווי די שקלאָווער עפּאָפּייע זיינע, א עלכע וואונדערבאַרע דערציילונגען, ווי דאָס פאַרפיקסירן דעם עפּאָס פון דער פּאָלעסיע; אַזעלכע מערקווירדיקע, קינסטלעריש־רייפע (כאָטש ער האָט עס געשריבן אין דער גאָר יונגער יונגשאַפט זיינער) דערציילונגען, ווי „אויף די ברעגן פונם דניעסטער“, וועלכע געהער עד־היום צו די בעסטע דערציילונגען

זועגן פאָגראמען אין אונדזער ליטעראטור, אין אונדזערע ביידע שפּראַכן, „ברייַנע די מויד" און פיל אַנדערע.

אַז מען איז געבוירן אין שקלאָוו אין יאָר 1887 איז מען היי־יאָר פּאָרט מער ניט אַלט ווי פופציק יאָר, כאָטש מען האָט שוין אריינגעבראַכט אין דער יידישער און העברעאישער ליטעראַטור ווערטפולע אוצרות פאַר יאָרן הונדערטער, ווערטפולע אוצרות פון דיכטונג לירישער, עפּישער, ביכער־פּאָעמעס, דערציילונגען, ביכער־עסייען, ראָמאַנען, בענדער גרעסערע און קלענערע פון לידער, באַלאַדן, שטימונגען, זכרונות וועגן עלטערע שרייבער און דיכטער, א. אַ. וו.

עס איז טאַקע אומגלויבלעך, אַז צו דער עלטער פון ערשט פופציק יאָר זאָל אַ דיכטער, אַ פּילזייטיקער שריפטשטעלער, אַן אמתער פּ אָ ל י ג ר אַ ף אין צוויי שפּראַכן, אַ פּ אָ ל י ג ר אַ ף מיט אַ ריזן־טאַלאַנט, וואָס איז גלייך ריזיק, גלייך קרעפטיק, גלייך קינסטלעריש־מעכטיק, אין אַלע מעגלעכע און עקזיסטירנדיקע זשאַנרען אין דער ליטעראַטור און פּאָעזיע אין פּראָזע, האָבן געשאַפן אַזוי פיל, וויפיל שניאור האָט געשאַפן ביז איצט, — עס איז אָבער פּאָרט אַזוי.

עס איז טאַקע אומגלויבלעך, אַז אַ שעפער — און אַ גרויסער שעפער, ווי שניאור איז, זאָל אין דער עלטער פון פופציק יאָר האָבן שוין אריינגעבראַכט אין אונדזער צווייישפּראַכיקע ליטעראַטור אַ פּאַרמעגן אינווענטאַר פון ליטעראַטור, וואָס וועט כטייען פאַר מער ווי דרייסיק בענדער, פון וועלכע אַ העלפט לערך איז דיכטונג אי ן פּ אָ ע ז י ע, און די צווייטע העלפט איז דיכטונג א י ז פּ ר אָ ז ע, און אין דעם איז פאַראַן אַלץ — ממש פון כל טוב — סאיז אומגלויבלעך, אָבער פּאָרט אַזוי...

דאָס וואָרט, וואָס כהאָב באַנוצט, דאָס וואָרט „אומגלויבלעך", איז ניט דער פּאַסיקער אויסדרוק. ריכטיקער וואָלט געווען צו זאָגן: סאיז אַ וו א ו נ ד ע ר ל ע כ ע דערשיינונג, און סאיז באמת אַזוי.

— 2 —

## פון אַ וואונדער־קינד צו אַ וואונדער־שרייבער

שניאור איז אַ וואונדער אין דער יידישער ליטעראַטור אין אונדזערע ביידע שפּראַכן.

אַ וו א ו נ ד ע ר אין אַלע פּרטים.

אַ וו א ו נ ד ע ר, וואָס ציט זיך שוין 37 יאָר (שניאורס ערשטע שירים, וואָס ער האָט אריינגענומען אין זיינע זאַמלונגען טראָגן דעם דאַטום פון יאָר 1900) און הלואי נאָך אויף לאַנגע, לאַנגע יאָרן.

אַ וואונדער פון פּ ר ו כ ט ב א ר ק יי ט.

אַ וו א ו נ ד ע ר פון דיכטערשע, שרייבערישע און קינסטלערישע ר יי פ ק יי ט (אין צוויי שפּראַכן) וואָס האָט זיך אָ נ ג ע ה ו י ב ן פאַרן מענטשן זאַלע שניאור, ווען ער איז נאָך רעכט פון ק י נ ד ע ר - ע ל ט ע ר נ י ט א ר ו י ס.

אַ וואונדער פון פּ י ל פ א כ ק יי ט.

א וואונדער פון א ר ב ע ט ז א מ ק י י ט און פון ה ת מ ד ה.

א ו ו א ו נ ד ע ר פ ו ן פ א ר ש י י ד נ א ר ט י ק י י ט, וואָס קומט ניט אויפן חשבון פון פ אָ ר מ ע ן - א ו ן - א י נ ה א ל ט ט י פ ק י י ט, ניט אויפן חשבון פון קינסטלערישער באַזאַכטקייט.

א וואונדער פון אַ קינסטלער, וואָס איז אליין אַ גאַנצע... שיינע ליטעראטור. אין איר פילפאַכיקייט פון: לידער, פּאָעמעס. עפּאָס, באַלאַדעס, ליריק, שטימונג, פּאָעזיע און פּראָזע, דראַמאַטישע פּאָעמעס. פילאָזאָפישע פּאָעמעס, דערציילונגען, סקיצעס. עטיודן, ראָמאַנען, עסייען און נאָך, און נאָך. אין אַלע ניט קיין „אַמאַטאָרישע" פּרואוון, ניט קיין זוכעניש פון דעם אייגענעם שרייבערישן-וועג, נאָר שאַפונגען פון קינסטלערישן פּאַרנעם, שאַפונגען וואָס טראָגן דעם חותם פון קינסטלער-באַוואוסטזיין און איבעראַשנדיקער רייפקייט און דערפאַרונג פון אַן אַלטן, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן ביי אַ גאָר-גאָר יונגן נאָך...

א ו ו א ו נ ד ע ר פון אַ שריפטשטעלער, וואָס איז אליין אַ גאַנצער אָרקעסטער און שפּילט אליין, צוגלייך, פילראַב, מיט פולער מייסטערשאַפט גלייך אויף אַ גאַנצער ריי ליטעראַרישע זשאַנרען.

א וואונדער אויך פון אייגנאַרטיקייט אין שפּראַכלעכן אינהאַלטלעכן זין, אין פאָרם און אין געדאַנק.

ער איז אַלט ע ר ש ט פופציק יאָר — און איז ש ו י ן אזוי רייך, האָט ש ו י ן אזוי פיל געשאַפן.

ער איז ש ו י ן אַלט פופציק יאָר — מעג מען עס אים שוין זאָגן...

ער איז דער וואונדער אין דעם איצטיקן העברעאישן און יידישן שאַפן — פון איין ליטעראַטור אין צוויי שפּראַכן.

ער האָט אָ נ ג ע ה ו י ב ן, ווי אַ וואונדער-קינד, אזוי ווערט וועגן אים דערציילט — און זעענדיק זיין מערקווירדיקן פּאַרנעם, אין משך פון זיבן און דרייסיק יאָר, זעט מען, אַז דאָס איז וואַרהאַפטיק — וואָס האָט צו אַכט-ניין יאָר געשריבן העברעאישע שירים, וואָס זיינען שוין ר א ו י געווען צום דרוק.

ער האָט פ אָ ר ג ע ז ע צ ט, ווי אַ וואונדער-קינד; צו בר-מצוה איז זיין ערשטע העברעאישע ליד פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דעם „עולם קטן".

ער האָט זיך ווייטער אַנטוויקלט און איז געוואַקסן ווי דאָס ו ו א ו נ ד ע ר - ק י נ ד אין דער העברעאישער און יידישער ליטעראַטור; צו 18 יאָר ווערט אַרויסגעגעבן אין דער העברעאישער ביבליאָטעק „תושיה" — די ערנסטסטע און געאַכטעסטע אין יענער צייט — זיין ערשטער באַנד לידער, וואָס רופט אַרויס פ א ר ו ו א ו נ ד ע ר ו נ ג.

ער האָט אָנגעהויבן אַלס וואונדער-קינד — און צום גליק איז ניט געשען מיט אים, וואָס עס געשעט געוויינלעך מיט... וואונדער-קינדער (איעלכע פּאַלן זיינען זייער אָפט אין דער ליטעראַטור און אין דער מוזיקאַלישער קונסט מיט... וואונדער-קינדער): זיי, די ק י נ ד ע ר, וואַקסן און דער ו ו א ו נ ד ע ר, וואַקסט ניט, אַנטוויקלט זיך ניט צוזאַמען מיטן קינד; קומט פּאַלגלעך אַ מאָמענט ווען דאָס קינד האָט אויפגעהערט צו זיין אַ קינד און דער וואונדער א... ו ו א ו נ-

ד ע ר (דערמיט, משמעות, דערקלערט זיך דער פאַקט, וואָס וו א ו נ ד ע ר־ק י נ ד ע ר זיינען פאַראַן אַזוי פיל און וואונדער־מענטשן זיינען פאַראַן אַזוי... ווינציק).

ביי שניאורן האָט זיך דער וו א ו נ ד ע ר אַנטוויקלט און איז געוואַקסן פּאַראַלעל אין ביידע ריכטונגען:

דאָס קינד איז געוואַקסן, און:

ד ע ר וו א ו נ ד ע ר א י ז ג ע וו א ק ס ן. געוואַקסן, ביז עס איז אויסגעוואַקסן — איך הזר איבער דאָס שוין אויבן־געזאָגטע — אַ וואונדער פון פילפאַכיקייט, פון פרוכטבאַרקייט, פון שפּראַכיקער און אינהאַלטלעכע אייגנאַרטיקייט, פון אַרבעטסזאַמקייט און פון שרייבערישער־און־קינסטלערישער רייפקייט.

אַזאַ מין דערשיינונג איז זעלטן אין דער ליטעראַטור און ניט בלויז פון אונדזערער; אַ שרייבער וואָס זאָל זיין גלייך ע כ ט אין אַלע זשאַנרען פון דער ליטעראַטור. עס זיינען אָבער פאַראַן; זיי געהערן צו די געציילטע גרויסע און זאַלקינד שניאור געהער צו די דאָזיקע געציילטע.

— 3 —

## מיט צוויי שפּראַך־פאָנען אין ביידע הענט

זאַלקינד שניאור געהער איצט צו טאָג צו די געציילטע גרויסע שריפטשטעלער אין דיכטער אונדזערע, צו די קאָריפעען פון דער יידישער ליטעראַטור וועלכע האַלטן אין זייער „מעכטיקער האַנט" — ריכטיקער געזאָגט אין ביידע הענט — „ביידע פאָנען" פונם הייליקן בית „יידישן וואָרט", שאַפנדיק, שרייבנדיק און דיכטנדיק מיט גלייכער מייסטערשאַפט, מיט גלייכער ליבע, מיט גלייכער באַציאונג, מיט גלייכער אויפמערקזאַמקייט און התמדה, מיט גלייכער פרוכטבאַרקייט און גלייכער ווערטפולקייט פון דאָס געשאַפענע אין ביידע שפּראַכן פון אונדזער איינער און איינציקער ליטעראַטור.

ער האָט אָנגעהויבן כמעט גלייך, כמעט איינצייטיק, אין ביידע שפּראַכן; ער איז באַרימט געוואָרן פריער אין העברעאיש. געווען פריער מער טעטיק אין העברעאיש. אַ לענגערע צייט הגם אויך דאַן האָט ער יידיש ניט פאַרלאָזן אין גאַנצן.

האָט ער געשריבן אין העברעאיש „מות" (שפּעטער האָט ער געענדערט דעם נאָמען אויף „לשם") אין „הבתולה בתיה" און „על גדות הדניסטר" און האָט גלייכצייטיק געשריבן אין יידיש: „טויט" (שפּעטער געענדערט דעם נאָמען אויף „אהין") אין „ברייניע די מויד" און „אויף די ברעגן פון דניעסטער" א. א. וו.

האָט ער געדיכטעט. די „מאַרגאַריטקעס", „די מתנה", דאָס „בערג־בוך", דאָס „ליד פון קיילן־גרעבער", „ביים אייזערנעם פולט" און אין העברעאיש (עטוואָס פריער פאַרעפנטלעכט) „מרגניות", „המתנה", „בהרים", די „משירי־הגורל", „משא דממה" א. א. וו. און ער זעצט אַזוי פאָר פון די ערשטע יאָרן פון זיין שאַפונג ביז איצט צו טאָג:

געשעט עס אַמאָל, אַז ער ווערט אימפּעטפולער, קאָנסטאַנטער, מיט מער ברען און התלהבות אין העברעאיש — הויבן אָן די עקסטרעמע העברעאיסטן צו

זינגען „הידד!" „יחי שניאור המשורר העברי!" ער איז אינגאַנצן העברעאישער דיכטער אונדזערער — און פאַרגעסן זיין טוץ בענדער אין יידיש...

און עס טרעפט, ווידער אַמאָל: מיט מער ברען, מיט מער אימפּעט, מער קאָנסטאַנט, מיט אַ גרעסערער התמדה, אין יידיש — ווערן די עקסטרעמע יידי-שיסטן אויפגעפלאַמט, פאַלן אריין אין התפּעלות, הויבן אָן צו זינגען די טי-ראַמבען צו שניאורן דעם יידישן, דעם לויטער־יידישן און נאָר יידיש שרייבער אין דיכטער: „עס איז זיכער אַז ער איז נאָר אונדזער אַ יידישער שרייבער אין גאַנצן".

און זיי פאַרגעסן דערביי דעם איבער אַ טוץ בענדער פון פערלדיקער דיכטונג אין אַן אומפאַרגלייכלעכן, אומאיבערשטייגבאַרן העברעאיש, אין וועלכן שניאור דער דיכטער האָט אריינגעפירט אָן צאָל הידושים, נייע טערמינען, ווערטער און אַ רייכע נאָמענקלאַטור פאַר בלומען, ביימער, פאַר דוממים וואָס אין דעם איננעווייד פון דער ערד, פאַר זאַכן, וואָס אויף דער ערד און פאַר אינסטרומענטן פון די אויכטערלישע באַשעפטיקונגען; און זיי פאַרגעסן, דערביי, אין דעם אַזאַ אַ טוץ, אויב ניט מער, בענדער פון דער פיינסטער, דינסטער בעלעטריסטיק, וואָס אַלקינד שניאור האָט ביז איצט גע-שאַפן אין אַ העברעאיש אַן אייגנאַרטיקן, אַ זאַפטיקן, אַ געשמאַקן און אַ פער-פעקטן אין זיין פרעציזקייט און קערנדיקייט.

אַזוי איז ער, שניאור, פאַר די צוויי שטרייטנדע עקסטרעמען-צדדים אין אונדזערע שפּראַך-געמאַרקן:

אָדער ער ווערט פאַרעכנט „כולו עברי". ווען עס גייט אַוועק אַ צייט אין ער פאַרעפנטלעכט נאָר אין העברעאיש און די העברעאיסטן „מיליטאַנס" מיינען, אַז ער שאַפט נאָר אין דער שפּראַך; אָדער ער ווערט פאַרעכנט אינגאַנצן אַלס „יידישער שרייבער", ווי אין די לעצטע יאָרן, ווען ער האָט פאַרעפנטלעכט אומציי-ליקע פּאָעמעס און לידער אין יידיש, און די בענדער אין בענדער פון זיין גרויסער שקלאָוו-עפּאָפּייע, וואָס האָבן זיך געדרוקט און דרוקן זיך אין די גרעסטע יידישע צייטונגען אין ביידע קאָנטינענטן; די בענדער און בענדער פון זיין שקלאָוו-עפּאָפּייע, וועלכע האָבן פאַרוואַנדלט זאַלקינד שניאורן אין איינעם פון די מער געלייענט-ווערנדיקע, פּאָפּולערסטע און יידישע בעלעטריסטן אין גאָר דער וועלט.

ביידע מחנות שפּראַכן-שטרייטלער רייסן זיך איבער אים, שרייענדיק „כולו שלי" — און שניאור אליין... משמעות, אַז ער יאָגט וועגן דעם גאָרניט; ער שאַפט אין ביידע שפּראַכן מיט דער זעלביקער קרעפטיקייט; אין ביידע שפּראַכן מיט דער זעלביקער גבורה; אין ביידע שפּראַכן אין דער זעלביקער צייט; אין ביידע שפּראַכן מיט דער זעלביקער פּרוכטבאַרקייט, התמדה, ליבע און פּילפּאַכיקייט. ער האַלט אין ביידע הענט גלייך הויך, גלייך פעסט, גלייך שיין און הערלעך די צוויי פאָנען פונם כשרן יידישן וואָרט.

דען ז. שניאור, הגם ער איז ערשט אַלט פופציק יאָר און הגם ער שאַפט שוין דאָס זיבן-און־דרייסיקסטע יאָר, געהער צו יענעם דור פון אונדזערע קלאַסיקער, — ער געהער צו זיי גייסטיק, שעפעריש, הגם ניט כראָ-

נאָלאָגיש — ביי וועלכע ביידע שפּראַכן פון אונדזער ליטעראַטור, העברעאיש און יידיש, האָבן געלעבט בשלום, האָבן געלעבט ווי גלייכע, ניט ווי אַ „האַרנטע" און „שפּחה"; ווי זיי האָבן געלעבט ביי מענדעלען, ביי שלום-עליכמען און אויך ביי... פּרצן (אפילו נאָך דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ), — ניט ווי פּ יי נ ט, נאָר ווי פּ ר יי נ ט; ניט ווי קעמפנדיקע איינע קעגן דער צווייטער, נייערט ווי זיך קאָמפּלעטירנדיקע, ווי אַזעלכע וואָס זיינען משלים איינע דער צווייטער.

ז. שניאור אין זיין צוויי שפּראַכיקן שאַפן געהער צו יענעם דור יידיש-העברעאישע אָדער העברעאיש־יידישע שעפער, ביי וועלכע עס איז גילטיק געווען דער לאָזונג, וועלכן בעל-מחשבות, אין זיין צייט, האָט אַזוי געלונגען פאָרמולירט: „איין ליטעראַטור פון צוויי שפּראַכן"; יידיש און העברעאיש זיינען צוויי צווייגן פון איין שטאַם וואָס ציען יניקה דורך איינע און די זעלביקע וואָרצלען, פון איין באָדן, פון איין פאָלק. שניאור אין זיין צוויי שפּראַכיקן שאַפן, גלייך קרעפּטיק אויף ביידע, געהער צו יענעם דור שריפטשטעלער, פון וועלכן עס איז איצט אַזוי ווינציק פאַראַן, פאַר וועלכע ביידע שפּראַכן זיינען ווי צוויי הענט פון איין קערפּער; איינע ניט שוואַכער פון דער אַנדערער; אָן צו אונטערשיידן וועלכע איז ביי אים די רעכטע און וועלכע די לינקע: ביידע האָבן זיי דיזעלביקע קראַפט און ער דינט זיך מיט ביידע מיט גלייכער געשיקטקייט, פעאיקייט; מיט גלייכער מייסטערשאַפט; אַמאָל מער אין העברעאיש, אַמאָל מער אין יידיש — וחוזר חלילה, כדי עס זאָל זיך כוף-כל-סוף אויסגלייכן דער חשבון.

שניאור געהער צו יענע, איצט ביי אונז אַזוי זעלטענע, שאַפער, וועמעס כמעט אַלע ווערק ווערן אויסגעדריקט, אויכגעפירעמט, איבערגעגאָסן אין ביידע שפּראַכן, דורך דעם שעפער אליין. זיבן-און-דרייסיק יאָר, פון די פופציק וואָס ער איז איצט אַ ל ט — איך וויל זאָגן י ו נ ג — געוואָרן גייט ער, אַזוי אין זיין וועג פון אַ גרויסן ה ע ב ר ע א י ש - יי ד י ש ן און יי ד י ש - ה ע ב ר ע-א י ש ן ד י כ ט ע ר און דערציילער, אָן צו קימערן זיך וועגן די געשרייען, וואָס דערטראָגן זיך צו אים אַמאָל פון דעם שפּראַך-צד, אַמאָל פונם צווייטן שפּראַך-צד. ביי אים לעבן ביידע שפּראַכן האַרמאָניש, אינם אַבסאָלוטן פרידן פון פּערפעקטער שאַפונג, איינע דערגאַנצט די צווייטע, אין אַ מין „שני לוחות הברית"; צוזאַמען בילדן זיי, אין שניאורס שאַפן איין אָרגאַניש גאַנצעס.

מער ווי אַנדערע, קאָנסטאַנטער ווי אַנדערע, אויסגעהאַלטענער ווי אַנדערע, האָט ביז איצט ז. שניאור פאַרווירקלעכט און זעצט פאָר צו פאַרווירקלעכן אָט דעם אידעאַלן לאָזונג, וואָס בעל-מחשבות האָט אַמאָל פאָרמולירט:

— איין ליטעראַטור אין צוויי שפּראַכן.

ער רעאַליזירט אים אומדערמידלעך, אומאיבערגעריסן, אָן אָפּנויג, דורך די איצרות פון זיין דיכטונג און פּראָזע, וואָס ער ברענגט אריין צוגלייך אין ביידע שפּראַכן.

ער רעאַליזירט אים איבער די קעפּ פון די פאַרביסענע עקסטרעמע העברעאיסטן, און:

ער פאַרווירקלעכט אים איבער די קעפּ פון די פאַרביסענע, עקסטרעמע יידישיסטן.

כאָטש דאָס קומט אים ניט אָן אַזוי לייכט. אים קומט אויס גאַנץ אָפט צו האָבן קעגן זיך אַמאָל דעם צד, אַמאָל יענעם צד.

ווען עס ווערט געפּייערט ז. שניאורס פופצן-יאָריקער יובל, פאַרדינט ער, באמת, אַז, לפּחות, ביי אָט דער פייערלעכער געלעגנהייט זאָלןביידע שפּראַך־צדדים אים באַגריסן הערצלעך אויך פאַר אָט דער שאַפונגס־ליניע זיינער, פאַר אָט דעם „אני מאמין" זיינעם וואָס ער היט אָפּ אָן דער מינדסטער אָפּשוואַכונג?

איין ליטעראַטור אין צוויי שפּראַכן.

— 4 —

## אַ פאַרגלייך־שטודיום וואָס קען, ליידער, נאָך ניט געמאַכט ווערן

אַז מען וויל שרייבן, ווען אפילו אין אַלגעמיינע שטריכן וועגן ז. שניאורן, אַלס דיכטער אין צוויי שפּראַכן, אַלס שריפטשטעלער פון איין ליטעראַטור אין צוויי שפּראַכן, שלאָגט מען זיך אָן אויף דער ערשטער אומבאַזיגבאַרער שוועריקייט, וואָס דער גרעסטער טייל פון זיינע לידער און פּאָעמעס אין יידיש הויפּטזעכלעך, ווי אויך זיינע צענדליקער עסייען וועגן שריפטשטעלער, דראַמאַטישע פּאָעמעס, דערציילונגען, ראָמאַנען א. אַ. וו. אין יידיש (און אַ גאָר גרויסער טייל אויך אין העברעאיש) זיינען ביז איצט ניט אויסגעלייזט געוואָרן פון די צייטשריפט־קאָמפּלעטן און ניט דערשינען אין בוך־פאָרם.

פון אַ ליטעראַרישן אינוועטאַר וואָס נעמט אַרום אַזעלכע דרייסיק בענדער, איז ביז איצט דערשינען אין יידיש זייער און זייער ווינציק; לידער — נאָר די ערשטע, דערציילונגען אויך דאָסזעלביקע; הוץ די פּאָר בענדער פון דער שקלאָווער עפּאָפּייע, איז דער גרעסטער טייל פון זיינע דערציילונגען נאָך אַלץ צעוואָרפן איבער די טאָג־צייטונגען פון ניו־יאָרק, בוענאָס־איירעס, לאָנדאָן, פּאַריז און וואַרשע. פון זיינע גרויסע פּאָעמעס אין יידיש, וואָס ז. שניאור האָט פאַרעפנטלעכט אין משך פון אַ סך יאָרן, זינט נאָך דער מלחמה הויפּטזעכלעך, אין יידישע זשורנאַלן און צייטשריפטן, איז ביז איצט, אין בוך־פאָרם, כמעט גאָר ניט דערשינען.

עס ווערט איצט אַנונסירט אַן אויסגאַבע פון זיינע ווערק אין ביידע שפּראַכן, וואָס זאָל באַשטיין פון אַ דרייסיק בענדער, אריינגערעכנט, נאַטירלעך, די שוין דערשינענע.

הלואי וואָלט דאָס אַנונסירטע פאַרווירקלעכט געוואָרן, ווי מעגלעך שנעלער, דערווייל, אָבער אַז מען וויל שרייבן וועגן שניאורן דעם איין דיכטער אין צוויי שפּראַכן, דעם איין דערציילער און עסייאיסט אין ביידע שפּראַכן פון אונדזער איין ליטעראַטור, שלאָגט מען זיך אָן אויף דער שוועריקייט, וואָס זיינע לידער אין יידיש זיינען צעוואָרפן אין זשורנאַלן פאַרשידענע, אין משך פון יאָרן געדרוקטע, פראַגמענטאַריש אַמערסטן; עס איז פּשוט ניט מעגלעך צו אויסזוכן זיי, צו האָבן זיי צו דער האַנט; עס איז שווער צו שאַפן זיך אַן איינדרוק פון דאָס גאַנצע, אַן איינדרוק אַן

אומפּאַסנדן, וואָס מען קען אַרויסבאַקומען נאָר דורך בענדער געזאַמלט, געאָרדנטע כראָנאָלאָגיש.

און עס וואָלט דאָך געווען אַזוי אינטערעסאַנט צו מאַכן אַ פאַרגלייכונגס-שטודיום צווישן די גרויסע פּאָעמעס שניאורס אין העברעאיש און יידיש: פאַר-גלייכן די איבערגעדיכטעטע פון איין שפּראַך אין דער אַנדערער; פאַרגלייכן די ניט איבערגעדיכטעטע, די פ אַ ר ש יי ד ע נ ע אין ביידע שפּראַכן, אָבער דאָך פּ אַ ר אַ ל ע ל ג ע ש אַ פ ע נ ע, פּאַראַלעל אויסגעדיכטעטע אין העברעאיש און יידיש. און וואָס האָבן מער ווי גרויסע פראַגמענטן, צווישן זיך, אייב ניט אינגאַנצן אידענטישע, איז יעדנפאַלס זייער ענלעכע, כמעט, ווי וו אַ-ר י אַ צ י ע ס פון איינע און די זעלביקע פּאָעמעס, וואָס זיינען געזונגען און געדיכטעט געוואָרן באַזונדער אין יידיש, באַזונדער אין העברעאיש, צומאָלס ווייט אין צייט-שטח, איינע פון דער צווייטער, אונטער ווייט דיפערענטע שטימונגען, אונטער פאַרשיידענע אומשטענדן.

אַזאַ מין פאַרגלייכונגס-שטודיום איז מער ווי אַ קוריאָז. עס וואָלט געווען באַלערנדיק פאַר דער קענטעניש פון אַזאַ קאָמפּליצירטן און אייגנאַרטיקן דיכ-טער, ווי שניאור איז.

עס וואָלט געווען באַלערנדיק פאַר דער פאָרשונג פון דער „איין ליטעראַ-טור" און זאָגאַר „איין דיכטונג", אין די צוויי שפּראַכן פון אונדזער פאָלק.

אַזאַ מין קאָמפּאַראַטיווער אונטערזוך וואָלט אונז אפשר אויך געוויזן, אין וועלכער שפּראַך איז דער צענטער פון דענקען, פון שאַפן ביים דיכטער זאַלקינד שניאור, צי אין יידיש, צי אין העברעאיש. און פאַר דער אָפּשאַצונג פון זיין דיכטונג, וואָס מיר לייענען זי, געניסן פון איר אין ביידע שפּראַכן פון אונדזער איינער ליטעראַטור, וואָלט אַזאַ מין פאָרשטעלונג, געווים, געווען פון גאָר וויכטיקער וויכטיקייט.

דערווייל איז ווי אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט פון אַזאַ פאַרגלייך, כל-זמן עס איז ניטאָ קיין פולשטענדיקע זאַמלונג פון שניאורס ווערק אין ביידע שפּראַכן און פון זיינע יידישע לידער — איז בכלל, כמעט, ווי קיין זאַמלונג ניטאָ אין בוך-פאָרם.

די באַטראַכטונגען און אָפּשאַצונג, וואָס ווערן געמאַכט וועגן ז. שניאורן דעם דיכטער און דעם פּראָזאַאיקער קענען דעריבער ניט האָבן די גאַנצקייט און גרינטלעכקייט וואָס זיין ווערטפולע דיכטונג פון איבער זעקס-און-דרייסיק יאָר פאַרדינט.

.1937



# דער נ״ס פון פילפאַכיקייט

— 1 —

נהום סאָקאָלאָוו אַלס שריפטשטעלער און זשורנאַליסט, אַלס פּאָליגראַף און פּאָליגלאָט, ווי אויך אַלס פילשפּראַכיקער רעדנער, אַלס רייזנדער און אַלס דיפּלאָמאַט — איז אַ פענאָמענאַלע דעראייגניש אין דעם קולטור- און נאַציאָנאַלן לעבן פון יידישן פאָלק אין משך פון דעם לעצטן האַלבן יאָרהונדערט.

זיין באַליבטסטער פּסעוודאָנים אין דער „הצפירה“, די צייטונג מיט וועלכער ער איז פאַרבונדן געווען מער ווי אַ העלפט פון זיין זשורנאַליסטישן און שריפטשטעלער לעבן — איז געווען נ. ס. די איניציאַלן פון זיין נאָמען און פאַמיליע; אין העברעאיש לייענט זיך עס אָבער: „נס“ און דאָס מיינט צו זאָגן אַ וואונדער, אַ נס, און אַזוי איז ער פּאָפּולער געוועזן צווישן דעם ברייטן לייענער־פּובליקום פון יענע יאָרן אין העברעאיש, אין אַלע לענדער פון דער וועלט, וואו יידן וואוינען: אַלס נ ס, אַלס וואונדער, אַלס פילפאַכיקער שרייבער, וואָס איז אַ מייסטער, ממש אַ „ווירטואָז“ אויף אַלע זשאַנרען און געביטן, אַ מאַרים אויף שפּראַכן און אַ פּובליציסט, וועמעס פרוכטבאַרקייט, ערודיציע, גלאַנץ און פאַרשידנפאַרביקייט איז ממש אַ פענאָמענאַלע.

אַזאַ איז געווען סאָקאָלאָוו דער שריפטשטעלער, אַזאַ איז געווען סאָקאָלאָוו דער מענטש, די פּערזאָן, דער מינדלעכער סאָקאָלאָוו, אַזוי צו זאָגן: אַ שריפטשטעלער און אַ טוריסט, אַ שריפטשטעלער, וואָס האָט מיט דער זעלביקער לייכטקייט, וואָס אין העברעאיש, געשריבן אין פּויליש, אין רוסיש, אין יידיש, אין דייטש אין ענגליש. עס איז געווען מער ווי איין מאָמענט אין זיין זשורנאַליסטישער און פּובליציסטישער אַרבעט ווען ער האָט געשריבן און רעדאַקטירט און אַרויסגעגעבן פּעריאָדישע אויסגאַבן און צייטונגען אין העברעאיש, פּויליש, אין דייטש, מיטאַרבעטנדיק אין דער זעלביקער צייט אין ענגלישע צייטונגען, אין אַ זאַפטיקן רייכן ענגליש, וואָס האָט אַרויסגערופן די באַוואונדערונג פון גרויסע ענגלישע זשורנאַליסטן.

זיין פּוילישער סטיל האָט באַקומען די בעסטע שבחים פון באַרימטע פּוילישע סטיליסטן; אין דייטש האָט ער רעדאַקטירט „די וועלט“ אין אַן אומטאַדלבאַרן דייטש. זיין סטיל אין רוסיש איז געווען, אויך ריין און עכט, „ריכטיק-אַ-זשורנאַליסטישער“ רוסיש. זיין יידיש, הגם מיט אַ לייכטן צומיש צומאָלס פון דייטשמערישקייטן, איז אַ זאַפטיקער און אַ פאָלקסטימלעכער, ער איז פולבלוטיק און רייך אָן אַ שיעור מיט ניואַנסן און אַלט-יידישע רעדנסאַרטן.

און זיין העברעאיש... וועגן דעם איז ניט אַזוי לייכט צו געבן אַ כאַראַק-

טעריסטיק, ווארום סאָקאָלאָוו האָט געהאַט ניט איין ס ט י ל אין העברעאיש, נאָר אַ סך סטילן; און אין אַלע איז ע ר אומפאַרטוישבאַר, אין אַלע איז ער אַנדערש ווי אַנדערע און צענדליקער זיינען געווען אויך די זשאַנרען אין וועלכע ער האָט געשריבן און געשאַפן, אין העברעאיש, איבערהויפּט.

אַ סטיל פאַר די עדיטאָריעלן אין „הצפירה", וואָס האָבן געשאַפן געשיכטע אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכער און אין דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג פון די אכציקער יאָרן פון פאָריקן ביז דעם ערשטן צענדליק פון דעם לויפנדן יאָרהונדערט; אַ סטיל פאַר זיינע פּאָליטישע אַרטיקלען און איבערזיכטן, באַקאַנטע אונטערן נאָמען „דברי הימים"; אַ באַזונדערער סטיל פאַר זיינע וועכנטלעכע שמועסן, וואָס פלעגן דערשיינען יעדן פרייטיק אין דער זעלביקער „הצפירה" אונטערן פּסעוודאָנים „אורח לשבת"; אַן אמת ליריש-צאַרטער העבריאיש נאָר ניט זיין פּובליציסטישער, אין זיינע לידער און פּראָזע און פּאָעמעס; אַ סטיל אַ ניכטערער און פּינקטלעכער, ווי עס פּאַסט פאַר אַ רעאַליסט, וואָס שרייבט דערציילונגען און סקיצן פונם רעאַלן לעבן; אַ סטיל אַן אַלטער כמעט אַן אַנטיקער אין די פאַרזוכן זיינע פון אַ היסטאָרישן ראָמאַן; אַ גאָר באַזונדערער סטיל אין די פיינע רייזע-שילדערונגען, וואָס ער, דער „גלאָב-טראָטער" האָט פאַרעפנטלעכט אין משך פון אַ כך יאָרן; און ווידער אַ באַזונדערער סטיל פאַר די איבערזעצונגען. צענדליקער העברעאישע סטילן פאַר צענדליקער זשאַנרען, האָט סאָקאָלאָוו פאַרמאָגט אין אַלע זיינע עכטע, טיף-העברעאישע, אַנדערע ווי דער העברעאיש פון די גרויסע סטיליסטן, ווי ביאַליק, מענדעלע און אחד-העם. עס איז גענוג געווען איבערלייענען עטלעכע סאָקאָלאָווס אַרטיקלען אָדער אַ פּאָר פון זיינע באַרימטע מאָנאָגראַפיעס וועגן פּערזענלעכקייטן, וואָס זיינען געזאַמלט געוואָרן שפּעטער אין די דריי בענדער „אישים" אַז מען זאָל דערנאָך שוין קיין טעות ניט האָבן וועגן סאָקאָלאָווס העברעאיש; און אויב דער לייענער איז אַ פאַרשטייער און איז באַקאַנט מיטן סאָקאָלאָווס אופן און אַרט פון אויסדרוק און שרייבן — וועט ער גלייך דערקענען זיינע אַ ניט-אונטערגעשריבענע אַרבעט, צווישן הונדערטער אַרטיקלען אויך ניט אונטערגעשריבענע, אָבער פון אַנדערע מחברים.

די פראַנצויזן האָבן אַ וואָרט, אַז דער סטיל איז דער מענטש; וואָס דער מענטש איז, איז, הייסט עס, זיין סטיל. ווי-זשע איז דער פאַל מיט סאָקאָלאָוון, וועלכער האָט פאַרמאָגט אָן גוזמא, צענדליקער סטילן, פאַר צענדליקער זשאַנרען אין העברעאיש אַליין, און האָט געשריבן אויך פיל-סטיליש אין קרוב צו צען אייראָפּעאישע שפּראַכן?

אויב דער מענטש איז וואָס זיין סטיל, איז דער מענטש וואָס שרייבט שיין, קלוג, ערודיט, מיט וויכן און מיט פיינקייט, וואָס גרעניצט זיך מיט קונסט, אין צענדליקער סטילן — אַליין אַ גאַנצער אָרקעסטער, אַ מענטש וואָס איז אַליין אַן אָרקעסטער, ווייל ער שפּילט אויף אַלע מוזיקאַלישע אינסטרומענטן.

און דאָס איז געווען סאָקאָלאָוו.

דאָס איז ניט געווען קיין קונצנמאַכעריי, ניט קיין דילעטאַנטיזם, וואָס מיר באַצייכנען אויף יידיש מיטן „ליב-האַרציקן" וואָרט „השלמה". ניין, דאָס איז

געווען ממש אַ וואונדערלעכע „ווירטואָזיטעט“, אין דעם פיינסטן זין פון דעם וואָרט:

„אַ פענאָמענאַלע ווירטואָזיטעט, וואָס טרעפט זעלטן ביי אַ שרייבער. דאָס דאָזיקע איז געווען צו מערקן ניט נאָר אין סאָקאָלאָוו דעם שריפטשטעלער נייערט אויך אין סאָקאָלאָוו דער פּערזאָן; דאָס האָט באַמערקט אין אים שוין דר. הערצל אַליין, וועלכער האָט וועגן אים פאַרצייכנט פאָלגנדיקע כאַראַקטע-ריסטישע אָפּשאַצונג: „פאַר די יידן פון מערב-אייראָפּע, וואָס זיינען אין זייער קולטור-אויפפאַסונג פאַרזונקען און נאָכאַמונגען פון די קולטורן פון די אַרומיקע נאַציעס, איז אַזאַ פּערזאָן ווי סאָקאָלאָוו אַ לחלוטין אומפאַרשטענדלעכע דער-שיינונג“.

ניט נאָר פאַר דעם מערב-יידן איז דער אָסט-ייד סאָקאָלאָוו געווען אַן אומבאַ-גרייפבאַרע דערשיינונג פון שרייבער-און-פּערזאָן, וואָס איז אַליין אַ גאַנצע אַקאַדעמיע, אַ גאַנצע רעדאַקציע, אַ גאַנצע ליטעראַטור — און ניט אין איין שפּראַך, נייערט אויף אייניקע — נאָר אויך פאַר די מזרח-יידן, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן פאַר די לעצטע דריי-פערטל יאָרהונדערט אַ שפּאָר ביסל גרויסע שעפער, געניאַלע מוחות, טיפע דענקער, פרוכטבאַרע שריפטשטעלער, שטאַרקע ערודיטן, איז סאָקאָלאָוו געווען אַ ניט געוויינלעכע, אַ מערקווירדיקע דערשיינונג, און דאָך אַ פאַקט — פון אַ פּערזאָן, וואָס האָט אַלץ געקענט, אַלץ געוואוסט, וועגן אַלץ געשריבן, פון אַן עדיטאָריעל אין העברעאיש ביז די געשיכטע פונם ציוניזם אין ענגליש; פון אַ פּאָעמע אין העברעאיש, ביז שילדערונגען פונם אַלטן ענגלישן פּאַרלאַמענט און זיינע טראַדיציעס, אויך אין העברעאיש, פון אַ היסטאָרישן ראָמאַן פון די צייטן פון אָנפאַנג-קריסטנטום, ביז זעלטן-פיינע מאָ-נאָגראַפיעס וועגן די ראָטשילדס, לאָרד ראָטשילד, קלאָטשקאָ, בערגסאָן, וואַמבערי און אַנדערע, פון רייכע-כראָניק אין פאַרשיידענע לענדער, פון אַ שילדערונג פון אַן אָקסן-קאַמף אין שפּאַניע אין אַ מייכטערהאַפטן אומפאַרגלייכלעכן ריין-משנה-און מדרש-סטיל, ביז אַ היסטאָריש-פילאָזאָפישן בוך וועגן שפּינאָזאַן און זיין דור; פון שיינע לידער אין פּראָזע וועגן דער אַלטער עגיפּטישער מיטאָלאָגיע (אין העברעאיש) ביז אַ רעאַליסטישן ראָמאַן; פון אַ פּרימיטיווער געאָגראַפיע אין העברעאיש אונטערן נאָמען „מצוקי ארץ“, וואָס ער האָט געשריבן און פאַר-עפנטלעכט מיט 60 יאָר צוריק, ביז אַרטיקלען וועגן „נאַציאָנאַליזם און נאַפט“, וואָס ער האָט געשריבן געציילטע טעג פאַר זיין טויט; פון אַ בוך וועגן דעם אַנטיסעמיטיזם און זיין אָפּשטאַם (אונטערן נאָמען „שנאת עולם לעם עולם“) ביז פיינע שילדערונגען פון אַנטיקן לעבן אין רוים, אָנגעוויזענע דורך אַ שפּאַציר צווישן די רואינעס פון פּאָמפּעאַ און הערקולאַנום; פון אַ סעריע אַר-טיקלען געשריבן אין אַן עכט-רבנישן מוסטער-סטיל אונטערן נאָמען „למרנן ורבנן“ מיט דער גאַנצער ערנסטקייט און, כוואָלט געזאָגט, טעאָלאָגישער באַלאַדנקייט פון תורה און תלמוד, פּוסקים און מדרשים, ביז לעבעדיקע, כמעט שטיפערישע שמועסן וועגן די וועלטלעכסטע און איינפאַכסטע זאַכן פון דער אַקטואַליטעט; פון אַ געאָגראַפיע און באַשרייבונג פון ארץ-ישראל אין העברעאיש, ביז אַ געשיכטע פון ציוניזם אין ענגליש, מיט אַ פאָררעדע פון לאָרד באַלפור.

עס איז אַן אויסערגעוויינלעכע ווירטואָזיטעט פון אַ שריפטשטעלער, רעד־נער, דיפּלאָמאַט, פירער פון אַ נאַציאָנאַלער רענעסאַנס־באַוועגונג — און דער עיקר, און פאַר אַלעם און איבער אַלעם פון אַ זשורנאַליסט און פון אַ גוואַלטיק פּרודוקטיווער און אין אַרבעטסזאַמקייט אומפאַרגלייכלעכן שרייבער.

עס איז אַ דערשיינונג פון אַ מענטש אַן אָרקעסטער, וואָס האָט געשפּילט מיט פעאיקייט און קענטעניש אויף אַלע שריפטשטעלער - אינסטרומענטן, ניט אַ קורצע צייט, נאָר אומאיבערגעריסן, אומאָפּגעשטעלט אין משך פון 60 יאָר, פון די איבער 76, וואָס ער האָט געלעבט און געווירקט צווישן יידן און געוויסער־מאָס אויך צווישן... ניט־יידן.

יאָ, אויך צווישן ניט־יידן; באַזונדערס פאַר די לעצטע צוואַנציק יאָר, זינט זיין דעפיניטיווע רע־ידענץ איז געוואָרן לאָנדאָן, און זיינע פאַרבינדונגען — געוויסע אַריסטאָקראַטיש־דיפּלאָמאַטישע קרייזן פון דער הויפּטשטאָט פון גרויס־בריטאַניע.

— 2 —

עס איז שווער, אין דער אמתן, צו רעדן וועגן איין שריפטשטעלער סאָקאָ־לאָוו, ווען פאַראַן זיינען צענדליקער פאַרשידענע שריפטשטעלער אין דעם איינעם סאָקאָלאָוו און ווען יעדער באַזונדער שריפטשטעלער פאַרדינט באַזונ־דערס אַן אָפּשאַצונג.

עס איז באמת שווער צו געבן, אין איין אַרטיקל, מער ווי אַן אַלגעמיינע און זייער פּינטעטישע כאַראַקטעריסטיק וועגן אַ שריפטשטעלער פּערזענלעכקייט, וואָס האָט געשריבן זעכציק יאָר, זעכציק פולע יאָרן — און פאַר סאָקאָלאָוו האָט עס געהייסן, ווי אַ קריטיקער האָט זיך אויסגעדריקט — 18 טויזנט טעג פון שרייבן — און האָט, אין משך פון זיי, אָנגעשריבן טויזנטער אַרטיקלען, הונדערטער עסייען, הונדערטער דערציילונגען, לידער אין פּראָ ע־און־פערזן, פע־ליעטאָנען, רייזע־איינדרוקן, הונדערטער מאָנאָגראַפיעס, צענדליקער ביכער־ווערק אָריגינעלע און צענדליקער איבערזעצטע, און געשריבענע פון אים אַליין אין עטלעכע שפּראַכן.

אויב מען וויל ניט שרייבן באַזונדערע אַרבעטן וועגן יעדן איינעם פון די פיל סאָקאָלאָווס, איז באמת שווער צו געבן עפּעס מער, ווי נאָר אַן אַלגע־מיינע געשטאַלט וועגן אַ שרייבער, ווי ער, וואָס האָט אָנגעהויבן אין רעכטן מיט פון דער משכילישער עפּאָכע, כמעט איינצייטיק מיט מענדעלען און האָט אין משך פון דער דאָזיקער לאַנגער עפּאָכע מיטגעמאַכט אַליין און צוזאַמען מיט דער גאַנצער יידישער און העברעאישער ליטעראַטור און פּובלי־ציסטיק, אַלע פאַרוויקלונגען, אַלע עוואָלוציעס און אַנטוויקלונגס־פּראָצעסן, וואָס זיי האָבן פאַר דער דאָזיקער צייט דורכגעמאַכט פון דער צייט פון דער השכלה, ביזן רעאַליזם, חיבת־ציון. מאָדערניזם פון פאַר דער מלחמה און די אידייען אין מאָטיוון פון נאָך דער מלחמה.

און סאָקאָלאָוו האָט זיך מערקווירדיק טיף איינגעלעבט אין זיי אַלע, אין

די הערשנדיקע פאָרמען און „מאָדעס" אין דעם שרייבן און שאַפן, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן, געוואַקסן און אָפּגעשטאָרבן, נאָכדעם ווי זיי האָבן געמאַכט געבוירן אַנדערע. ער האָט זיך אין אַלע מאָדעס און אַרטן אריינגעלעבט און איז, אין אַלע געווען פּראָדוקטיוו, עכט, פיינשרייבעריש, באַלאָדן מיט וויסן, רייך אין שרייבערישער דערפאַרונג, אינטערעסאַנט און שעפעריש.

אַזאַ דערשיינונג פון שריפטשטעלערישער פילפאַכיקייט, ווי נחום סאָקאָלאָוו, איז, ווי געזאָגט, איינציק אין דער העברעאישער קולטור- און ליטעראַטור-געשיכטע פון דעם לעצטן יאָרהונדערט.

און איינציק איז עס ניט דערפאַר, ווייל אַזעלכעס איז ניט געווען, נייערט ווייל ביי אַנדערע איז, פילפאַכיקייט אין די שאַפנדיקע כוחות, אַ צייכן פון דילעטאַנטיזם, פון השלמה בלוי, ניט מער; אַ צייכן פון מאַנגלהאַפטער קאָנצענטרירטקייט, אַ *כמות*, וואָס קומט אויפן חשבון פונם *איכות*; אַ *רחבת* אויפן חשבון פון דער *טיפקייט* — מיט איינעם וואָרט, אַ נותן טעם לפגם פאַרן טאַלענט פון דעם שרייבער; און ביי סאָקאָלאָוו דעם שריפטשטעלער-ווירטואָז, דעם פּאָליגראַף-און-פּאָליגלאָט, ביי סאָקאָלאָוו דעם ייד און וועלט-מענטש, דעם דיפּלאָמאַט און למדן, דעם שרייבער און שעפער, דעם בעלעטריסט און פּובליציסט, דעם דיכטער אין פּראָזע, דעם פעליעטאָניסט און איבערזעצער, דעם היסטאָריקער און פּאַרלאַמענטאַרישן כראָניקער, דעם רייזע־שרייבער און שאַרפזיניקן מיט יידישער פּיקחות שפּרודלדיקן סאַלאָן-מענטש, ביי סאָקאָלאָוו פון די „האסיף"ס ביז די „איישים" (און דאָס איז כולל דעם „א" און „תיו" פון זיין שריפטשטעלערישער טעטיקייט) — איז די פילפאַכיקייט, די געוואַלטיקע פאַרשידנאַרטיקייט געווען אַ גרויסע מעלה, אַן אויסדרוק פון אַ מערקווירדיקן, פון אַן *איינציקן* טאַלענט, וואָס אַלץ קען ער, אַלץ ווייסט ער, אומעטום איז ער אין דער היים, אומעטום איז ער עכט, גרינטלעך, ניט דילעטאַנטיש, נייערט שריפטשטעלער און טאַלענט אין דעם פולסטן און ברייטסטן זין פון דעם וואָרט.

אין דעם באַשטייט די אייגנאַרטיקייט פון דער דאָזיקער מערקווירדיקער דערשיינונג, וואָס הייסט נחום סאָקאָלאָוו — אַן אמתער *נס* אין דעם העברעאישן שאַפן און פּובליציסטיק — אין דעם דווקא, וואָס ער האָט ניט געקענט קאָנצענטרירן זיך אויף איין געביט, ניט געקענט צאַמען, באַגרעניצן זיין שרייבן אויף איין אָדער איינציקע שרייבערישע זשאַנרען, אין דעם, וואָס ער האָט ניט געזוכט, ניט געקענט ספּעציאַליזירן זיך אין דעם, אפילו, וואָס ער האָט ניט געקענט זיין, ווערן און פאַרבלייבן בלויז שריפטשטעלער אליין. נייערט ער איז אויך געוואָרן און געווען רעדנער און פירער פון דער גרעסטער נאַציאָנאַלער באַוועגונג, וואָס איז ווען אַנטשטאַנען ביי יידן.

סאָקאָלאָווס גרויסקייט און אָריגינאַליטעט דריקט זיך טאַקע אויס אין *זיין* טאַלענט ניט צו פאַרבלייבן *איינגעשרומפּן* אין די ד' אמות פון איין געביט, אין אָפּטיילונג, נאָר זיין פאַרצווייגט ווי אַ בוים אַ *ברייט-פאַרצווייגטער*, אַ געדיכט-באַבלעטערטער, וואָס האָט *אָבער אויך טיפע, גאָר טיפע וואָרצלען געשלאָגן* אין אונדזער אַלטער תורה און חכמה, אין ש"ס, פּוסקים, אין הלכה און אגדה, צו גלייך — אַזוי-

טיף זיינען די ווארצלען, וואס סאקאלאווס טאלענט האט געשלאגן אין דעם מקור פון דעם אל-אומאלטן יידישן שאפן, אז די פילפארצווייגטקייט און געדיכט-באבלעטערטקייט פון זיין פילשרייבעריי, פון זיין געביטן-בונטקייט, האט קיין מורא ניט געהאט פאר קיינע ווינטן אין דער וועלט: דער גוט-איינגעווארצלטער בוים פון זיין שאפן, ווי פילצווייגיק עס איז ניט, וועט אפילו פון דעם שטארקסטן ווינט ניט אויפגעטרייסלט ווערן.

סאקאלאוו אליין האט עס פארשטאנען, האט עס געוואוסט, האט עס אפגע-שאצט; און האט גערעדט און געשריבן וועגן דעם — וועגן דעם הסרון אדער מעלה פון פילפאכיקייט ביי א שריפטשטעלער — נאטירלעך, אנווענדנדיק די אפשאצונג צו אנדערע שרייבער, וואס האבן געהאט אלס כאראקטעריסטישע אייגנשאפט די פיל-שרייבעריי; אבער אין דער דאזיקער אפשאצונג און אין די באטראכטונגען, וואס סאקאלאוו האט דערביי ארויסגע-זאגט, זעט מען בחוש, אז ער האט אין זינען געהאט אויך זיך אליין, זיין אייגענעם אופן פון פילשרייבעריי.

עס קומט מיר אויפן געדאנק, אז אין דעם עסיי וועגן דוד פרישמאן, וואס סאקאלאוו האט פארעפנטלעכט פריער אין איינער פון די „התקופות", און, לעצ-טנס, געזאמלט אין דעם צווייטן באנד פון די „אישים", כאראקטעריזירנדיק דעם גרעסניז פון אונדזערע פעליעטאניסטן און עסייען-שרייבער, אלס פילפאכיקן שריפטשטעלער, האט ער, אונטערבאוואוסטזיניק, געגעבן אן אויטא-אפשאצונג וועגן דעם מהות פון פאליגראפיע אין דער פערזענלעכקייט פון א טאלאנטירטן שרייבער.

אלנפאלס, די ווערטער, וואס סאקאלאוו שרייבט דארטן וועגן פרישמאנען, זיינען אלע הונדערט פראצענט אנווענדבאר אויך צו אים זעלבסט. און זאגן זאגט דארטן סאקאלאוו אט-וואס:

„עס איז א געוויינלעכער נוסח אין מויל פון די קריטיקער צו זאגן אויף איינעם, וואס האט געארבעט אויף פיל געביטן: „ווען דער דאזיקער וואלט ניט געוועסט צעשפרייטן און צעשטויבן די פונקען פון זיין טאלענט אין פארשיי-דענע זייטן, און צעטיילן זיך און צעברעקלען אויף פיצלעך-שטיקלעך, ווען ער וואלט געווען שטיין אויף זיין ארט און זאל געווען ריכטן און קאנצענטרירן זיין גאנצע ארבעט נאר אויף איין געביט, דאן וואלט ער, זיכער, געוועסט ווערן א פארהערלעכט וויכטיקער גאון, א חד בדרא; און עס קען זיין, אז עס וועלן זיך געפינען אזעלכע, וואס וועלן זאגן וועגן פרישמאנען, אז די באשרענקטקייט וואלט געווען גלייכער, בעסער פאר אים; און אז ער וואלט געקענט געווען זיין א גרויסער דיכטער, ווען ער וואלט זיין וואוין-פלאץ געווען באשטימט אפשטעלן אויפן פארנאס און ניט ארפנידערן פון דארטן. איך קען דעם דאזיקן פזמון; אבער גלויבן גלויב איך ניט אין דעם. דער ווער סאיז געבוירן געווארן פאר איין געביט, קאנצענטרירט זיך אויף איין געביט; און ווער סאיז געבוירן געווארן פאר א מער אומפאסנדן און ברייטערן ארט פון ארבעט, ווען מען וואלט אים איינגעשפארט אין באשרענקטע ראמען, וואלט מען פארמינדערט און פארקלע-נערט זיין געשטאלט. איין-אדער-פילזייטיקייט פון דעם

*שרייבער*, *איז ניט א זאך פונם צופאל אָדער אומשטענדן-צופעליקייט*, *נייערט עס איז א זאך*, *וואָס ליגט אין דער נאַטור זעלבסט פונם שריפט-שטעלער*".

סאָקאָלאָוו האָט דאָס געזאָגט און געשריבן וועגן דוד פרישמאַנען, נאָר גע-מיינט האָט ער, אויב ניט באַוואוסטזיניק איז אונטערבאַוואוסטזיניק, זיך אליין, זיין אייגענעם *טאַלענט* ניט צו בלייבן קאָנצענטרירט, ניט צו פאַרבלייבן באַגרעניצט בלויז *אויף* און *אין* איין געביט אָדער איין זשאַנר.

אויב עס איז צווייפלהאַפטיק צו דער געדאַנק, וואָס סאָקאָלאָוו האָט ארויס-געזאָגט אין דעם ציטירטן זאַץ, איז וואַרהאַפטיק אין דער אָנווענדונג צו יעדן פּאָליגראַף, איז אָבער ניט פאַראַן דער מינדסטער ספק, אַז אין דער אָנווענ-דונג צו אים אליין, איז געוויס הונדערט-פּראָצענטיק אמת די באַהויפּטונג, אַז זיין פילזייטיקייט איז „ניט געווען קיין זאך פונם צופאַל אָדער פון אומשטענדן"; נייערט עס איז געווען א זאַך, וואָס איז *אָרגאַניש*, וואָס איז אין נאַטור זעלבסט פון סאָקאָלאָוו דעם שריפטשטעלער-ווירטואָז, פון סאָקאָלאָוו די פיל-פאַכיקע פערזענלעכקייט: *אַזאַ* איז ער געווען, אַזאַ איז ער סאָקאָלאָוו, דער „נס" — די וואונדער-דערשיינונג אין דעם העברעאישן שאַפן. ווען ניט, ווען אַנדערש, וואָלט עס ניט געווען דאָס, וואָס ווערט שוין אין אַנדער פילשפּראַ-כיקן שאַפן באַצייכנט מיט די צוויי ווערטער: נחום סאָקאָלאָוו.

1936.



# מיט צוויי וואָפן קעגן צוויי פראָנטן

— 1 —

הונדערט יאָר איז געוואָרן, חודש פעברואַר פון לויפנדיקן יאָר 1942, זינט אין שקלאָוו איז געבאָרן געוואָרן פּרץ בן משה סמאָלענסקין.

דער נאָמען באַצייכנט אַ באַשטימטן צייט-אָפּשניט, אין דער געשיכטע פון אונדזער קולטור און ליטעראַטור.

דער דאָזיקער נאָמען איז פאַרבונדן מיט אַ נייער לערע, וואָס איז דאַן, און הויפּטזעכלעך פון אים, פאָרמולירט געוואָרן, צו-ערשט נעבל-האַפט, קאָנטורנמעסיק בלויז אָנגעצייכנט פאַר אים זעלבסט און שפּעטער מער קלאָר, נעטער, דעפינירטער, מער עקזאַקט פאָרמולירט, אויב ניט אין גאַנצן אויסקריסטאַליזירט נאָך.

דער נאָמען איז אריין אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק אינם ניינצנטן יאָרהונדערט, פאַרבונדן מיט באַוועגונג, מיט קאַמף, מיט אינטענסי-ווער שריפטשטעלערישער אַרבעט, וועלכע האָט אָנגעהאַלטן, אמת, אַ קורצע צייט, אַכצן יאָר בלויז, אָבער דערפאַר איז זי געווען אַזוי אימפּעטפול, אַזוי קערנדיק, אַזוי רייך אין רעזולטאַטן, אין השפּעה אויפן דאַמאָלסטיקן און נאָכגע-קומענעם לעבן אין די יידישע געטאָס פון אוקראַינע, פּוילן, ליטע, גאַליציע און אויך אויפן מיטל און מערבדיקע ישובים, גלייך ניט אַכצן נאָר אַכציק יאָר וואָלט זיך געוועסט ציען אומאיבערגעריסן, קאָנסטאַנט זיין שריפטשטעלערישע אַר-בעט, זיין קעמפערישע אַרבעט.

דער נאָמען פּרץ סמאָלענסקין, אין דעם דאַטום פון זיין ערשטן יאָרהונ-דערט, רופט צו אונדז פון דער שוועל פון צוויי תקופות, וואָס באַגעגענען זיך, וואָס קומען אין צוזאַמענשטויס, הגם אין תוך-תוך געזען און באַטראַכט, איצט אין פּערספּעקטיוו פון צייט — און ניט ווי די דאַמאָלסטיקע האָבן עס געזען — זיינען זיי גאָר ניט געווען אַזוי דיאַמעטראַל קעגנעריש, אַזוי פיינטלעך איינע צו דער צווייטער און די ערשטע האָט געטראָגן אין זיך, אומבאַוואוסטזיניק, אונ-טערבאַוואוסטזיניק די קערנער פון וועלכע עס איז אַרויסגעוואַקסן די צווייטע, די נאָך-געקומענע עפּאָכע. די דאַמאָלסטיקע פירער און וואָרט-זאָגער, טוער און שריפטשטעלער, פּובליציסטן און קינסטלער האָבן אָבער געזען די צוויי שטרע-מונגען, די דאָזיקע צוויי אָנשויאונגען און די דאָזיקע צוגאַנגען צו יידן און יידיש-קייט, אין דעם עבר, אין דעם הוה און במילא אויך אין דעם עתיד, ווי קעגנערישע, ווי צווישן זיך קעמפערישע, און ער איז געווען דער ראש המדברים אין דעם דאָזיקן שטרייט, וואָלט איך געזאָגט, צווישן צוויי תקופות, וואָס טרעפן

זיך איינע ביים ראַנד פֿון איר אָפּשלוס און די צווייטע ביים כּמעט האָריזאָנט פֿון איר אויפֿקום, איינע ביי איר מערב, די אַנדערע ביי איר קאַיאַר.

דער נאָמען פּרץ סמאָלענסקין, איז לאַנג שוין אַ ירושה אין צוויי באַזונדערע היכלען פֿון אונדזער קולטור: אין דעם היכל פֿון דעם פּובליציסטישן שאַפֿן און אין דעם היכל פֿון בעלעטריסטיק; געוויסנמאָס אפילו אין דעם היכל פֿון דער ליטעראַרישער קונסט; מעגן פֿיינשמעקער מאַכן אַ מינע פֿון אומצופֿרידנקייט און אויסזעצן די „קלישע"-טענות, אַז טענדענץ קען קיין קונסט ניט זיין, אַז סמאָלענסקינס ראָמאַנען זיינען אָנגעוואָרפֿענע, כאַאָטישע, ניט-באַאַרבעטע, אַז דאָס זיינען פּובליציסטישע ווערק, אין דער פֿאָרם פֿון ראָמאַנען און דערציילונגען. אַ קונסט-ווערק קען ניט באַטראַכט ווערן, דאַכט זיך מיר, אין דאָס אַבסאָלוטע און אין דאָס אַבסטראַקטע, אויסגעהיילט און אויסגעשיילט פֿון צייט-אָנקליידונג, פֿון סביבה-אָנווייזונגען, פֿון ליטעראַרישע מאָדעס. וואָס זיינען געווען דאָמינירנדיק אין דער געזעלשאַפֿט פֿאַר וועלכער די ווערק זיינען געווען באַשטימט; ניט מען קען זיך ניט רעכענען מיט די גוסטן פֿון די לייענער, פֿאַר וועלכע די ווערק זיינען אין יענער צייט, ניט אין אונדזערער געווען באַשטימט.

מען מוז ביי אַזאַ אָפּשאַצונג זיך רעכענען מיט די גוסטן פֿון די לייענער און מיט דאָס קאָנקרעטע; אָנגעבונדן, וויל איך דערמיט זאָגן, מיט דער צייט ווען דאָס איז געשריבן געוואָרן, מיט די באַדינגונגען, אין וועלכע די ווערק זיינען געשאַפֿן געוואָרן און מיט דעם פֿאַרנעם, ניוואָ, ליטעראַריש-קינסטלערישע געוואוינהייטן, געשמאַק, פֿאָדערונגען און באַדערפֿענישן פֿון דעם יידישן לייען-פּובליקום פֿון דער צייט. צו וועלכער דער בעלעטריסט, דער קינסטלער האָט אַפּעלירט, אויף וועלכן ער האָט געוואָלט ווירקן מיט זיין בעלעטריסטישער און קינסטלערישער שאַפֿונג. און אַזוי געזען די זאַכן, איז גאָר ניט צו אַוועקמאַכן מיט דער האַנט אויך אויף דער קינסטלערישער, ניט נאָר אויך דער קולטור-היסטאָרישער ווערט פֿון פּרץ סמאָלענסקינס ראָמאַנען, אין וועלכע עס איז געקומען צום אויסדרוק ערלעך און טריי, רעאַליסטיש, הגם ניט גאָר טענדענצלאָזיק, דאָס יידישע געטאָ-לעבן אין די פֿופֿציקער, זעכציקער און זיבעציקער יאָרן פֿונם פֿאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט אין ווייסרוסלאַנד, פּוילן און טיילווייז אויך אוקראַינע און גאַליציע.

אָבער אַזוי ווי דאָס איז אייגנטלעך, ניט דער הויפּט-ענין וואָס איך האָב מיר אָנגעצייכנט דאָ, אין דעם קורצן אַרטיקל וועגן פּרץ סמאָלענסקין, וועל איך מיר ניט אַריינלאָזן אין ווייטער און גרינטלעכער חקירות וועגן איינצעלנע, וועגן באַזונדערע טיילן און זייטן פֿון סמאָלענסקין, די אָן-ספק קאָמפּליצירטע פּערזאָן, און וועל ניט פֿאַרנעמען זיך דאָ מיט אַנאַליזירן באַזונדער זיינע בעלעטריסטישע ווערק. ווער עס קען אים. ווער עס האָט אים גוט דורכגעלייענט, אין אונדזער צייט, אָבער מיט אַ צוגאַנג און פֿאָדערונג פֿאַר קונסט, פֿאַר שיינער ליטעראַטור ניט פֿון אונדזער צייט, נאָר פֿון יענער צייט, ווען ער האָט די ווערק זיינע געשאַפֿן, וועט מוזן מסכּים זיין, אַז דער „קבורת חמור„ דער „גמול ישרים" און דער „נקם ברית" זיינען

זוערק אויף דער קינסטלערישער ווערט פון וועלכע מען טאָר ניט און מען קען ניט אוועקמאַכן מיט דער האַנט אין אונדזער העברעאישער ליטעראַטור, און אַז אַזאַ ריזן-געביידע, ווי דער „התועה בדרכי החיים“, ביי דער גאַנצער כאַאָטישקייט און ניט באַאַרבעטקייט פון דעם ווערק, איז געגליכן צו אַ וואָלקן-קראַצער פון אַ זייער אייגנאַרטיקער אַרכיטעקטור, וואו איינצייטיק מיט אַ צ ע נ ט ר אַ ל ע ר ד י ר ה, אַזוי צו זאָגן, שלענגלען זיך, פּלאָנטערן זיך, פאַרצווייגן זיך, צענדליקער פיינע דעפּאַרטאַמענטלעך, וואָס יעדער איינער פון זיי איז אַן און פאַר זיך אָנציענדיק, דריקט אויס אין זיין אַרכיטעקטור, געבוי, אָרנאַמענטיק, ניט נאָר פ אַ נ ט אַ ז י ע פון דעם בויער, נייערט אויך ס ט י ל און אינהאַלט, מ אָ ד ע און פאָדערונג, ג ו ס ט ן און וואונטשן פון זיין צייט.

מיין אויפגאַבע דאָ איז אַ זייער באַשרענקטע — פריוווּליק האָב איך זי מיר אַליין באַגרעניצט — ניט צו אָפּשטעלן זיך באַזונדערס אויף דעם אָדער יענעם טייל אין פרץ סמאָלענסקינען, וועלכער, ווי מיר שיינט איז, נאָך אַלעמען, גאַנץ, אומצעטיילבאַר, נאָר פשוט, אָנצוּוואַרפן אַ פּאָר שטריכן פון דער קעמפערישער געשטאַלט; פון דער פערזענלעכקייט, וואָס האָט געקעמפט אויף צוויי פראָנטן מיט צוויי פאַרשיידענע געווערן און ד ו ר ך אָט דעם קאַמף און פ ו ן אָט דעם קאַמף האָט זיך אויסגעוויקלט, פאַקטיש, די פאָרמולירונג — אויב עס האָט ניט אין גאַנצן נאָך זיך אויסגעשטאַלט, דאַן — פון אונדזער וועלטלעך-יידישן מאָדערנעם נאַציאָנאַלן געדאַנק.

— 2 —

פרץ בן משה סמאָלענסקין — לאָמיר איס דאָ באַצייכנען ווי ע ר אַליין האָט ליב געהאַט צו אונטערשרייבן זיך איז, ווי אויבן דערמאָנט שוין, געווען אַ שריפטשטעלער-קעמפער, וואָס איז רייף געוואָרן, אויסגעוואַקסן און האָט אַקטואירט אויף דער אָפּגרעניצונג פון צוויי תקופות, איינע וואָס האָט געהאַלטן ביי ווערן אָפּגעשלאָסן, די תקופה פון דער ה ש כ ל ה און ער אַליין האָט מיטגעהאָלפן מיט זיין וואָרט אַלס שריפטשטעלער און פובליציסט צו אָפּשליסן זי; און אַ צווייטע, וואָס האָט געהאַלטן אין אָנטשטיין און אריינרייסן זיך אין לעבן און ענדערן דאָס יידישע לעבן, די תקופה, וואָס ווערט געריכט דורך דעם מאָדערנעם וועלטלעכן יידישן נאַציאָנאַלן געדאַנק. די תקיפה פון דעם אָנטשטייענדיקן ציוניזם, די ערשטע סטאַדיע פון וועלכער איז „חיבת ציון“; און ער אַליין, סמאָלענסקין, איז געווען איינער פון די ערשטע שעפער פון דער דאָזיקער יידיש-נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע, וואָס דאָט אָנגעהויבן מיט דער דאָקטרינע פון „אַ נאַציע פון גייסט און קולטור“, און איז געקומען, סוף-כל-סוף, צו דער איינציקער לאָגישער אויסוויקלונג, צו וועלכער די דאָזיקע געדאַנקען-סיסטעם האָט לאָגישערווייז געמוזט דערפירן: צום ציוניזם, צו דער נאַציאָנאַלער „דרייאייניקייט“, איין לאַנד, איין שפּראַך און איין פאָלק.

אויף דער גרעניץ פון צוויי תקופות איז ער געשטאַנען אין זיין שאַפן, אין זיין גייסטיקן מהות און האָט געקעמפט אויף צ וו יי פ ר אָ נ ט ן מיט צוויי שאַרפע וואָפן, וואָס זיין פערזענלעכקייט האָט פאַרמאָגט.

מיט דעם וואָפן פון אַ ב ע ל ע ט ר י ס ט, פ ו ן אַ ר אָ מ אַ נ י ס ט און דערציילער, וואָס פאַרמאָגט אַ ברייטן פאַרנעם, אַן אומגעהויערן שוואונג, אַ רייכע פאַנטאַזיע, האָט ער געקעמפט קעגן דעם אַלטן יידישן לעבנס-שטייגער, דעם שרעקלעכן יידישן לעבן אין די געטאָס פון רוסלאַנד, ליטע און פוילן, די גע-טאָס פון די זעכציקער, זיבעציקער יאָרן פונם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, מיט דער הערשאַפט פון די „תקיפים", פון די בעלי-טאַקסע, פון די קליינשטעטלדיקע גבירים-צבועקעס. — די זעלבע קעגן וועלכע דער זיידע מענדעלע האָט געקעמפט, כמעט אין דער זעלביקער צייט, הגם מיט אַן אַנדער פאַרנעם — פאַרמעכט — און מיט אַנדערע פאָרמען אין זיינע ערשטע ווערק אין יידיש.

און מיט וואָפן פון אַ פובליציסט און עסייאיסט האָט ער, אין דער זעלביקער צייט, און אין דעם זעלביקן זשורנאַל זיינעם — אינם „השחר", וואָס ער האָט געשאַפן און וואָס איז געוואָרן זיין לעבנס-אידעאַל, און איז אידענטיפיצירט מיט דער פיגור און שעפערישער פערזענלעכקייט פון סמאָלענסקין — געקעמפט קעגן דער מערבדיקער „השכלה", קעגן דער אויסגעליידיקטער, מומיפיצירטער, סינאַגאָגיש-רעפאָרמירטער יידישקייט וואָס איז באַשטאַנען פריער און שפעטער פון אַן אָרגעל, אַ כאָר פון שיקסעס, אַ רעפאָרמירטן סידור אין דייטש, „פרעדיקעריי אַ... טויט-קאַלטער הכמת-ישראל, אַ ניט-וויכטיקער מומיפיצירטע, ווי די „רעליגיעז-רעפאָרמירטע בערלינער יידישקייט".

דער ענערגישער, דער דינאַמישער סמאָלענסקין האָט אין זיינע פובליציס-טישע ביכער, הויפטזעכלעך, אינם „עם עולם" און אינם „עת לטעת" געגעבן אַ לעבעדיק, אַ גאַנצדיק בילד פון אַט יענעם מין יידנטום, וואָס איז אויסגעליידיקט געוואָרן פון וועלכן ניט איז אינהאַלט, וואָס האָט ניט קיין מגע-משא מיט די לע-בעדיקע און ליידנדיקע יידישע מאַסן, ניט מיט זייערע ליידן, ניט מיט זייערע פראָ-בלעמען, און מיינט צו האָבן אַ קיום און עקזיסטענץ-מעגלעכקייט, נאָר אויפן ע ב ר, דורך פאָרשונגען פון ה כ מ ת י ש ר א ל און יידישע געשיכטע.

סמאָלענסקין, דער מזרח-ייד, וואָס האָט אין זיינע יונגע יאָרן איבערגעלעבט, אויפן אייגענעם ליב, איבערגעליטן די „זיסקייטן" פון דעם דאָמאַלסטיקן געטאָ-לעבן, האָט ביי זיין גאַנצער קעגנערשאַפט און קאַמף קעגן דער פאַרגליווערטקייט פון יענעם לעבן און קאַמף פאַר זיין באַנייאונג, אָפּפרישונג, איבעראַנדערשונג, דאָך פאַרשטאַנען, אַז מיט בילדונג אליין, מיט „רעליגיעזע רעפאָרמעס" און דורך פאַרבייטן אַ ב ע ל - ת פ י ל ה אויף אַ „כאָר-חזן", אַ כ אָ ר פ ו ן מ יי ד ל ע ך, ר ב נ י ם אויף ר אַ ב י נ ע ר ס, מ ג י ד י ם אויף פ ר יי ד י ק ע ר, און דאָס דאַווענען אין העברעאיש אויף אַ „סערמאָן" און „ליטורגיע" אין דייטש (פאַר די רוסישע יידן אין רוסיש) — ווי די משכילים האָבן נעפריידיקט און מיטן צוגאָב אפילו פון מער רעכטן, וועט קיין ישועה אויף יידן ניט קומען; מען וועט דאָך דעם יידן ניט אויפהערן פיינט צו האָבן, ניט אויפהערן צו רודפן; און זייער לעבן, אינערלעך, וועט אויך ניט דערהויבן ווערן, דורך דעם אליין; ניט דערהייבן ווערן און אודאי ניט אויסגעלייזט ווערן ניט גייסטיק-יידיש, ניט סאָציאַל.

ער, דער מזרח-ייד, וואָס האָט אין ז יי נ ע ב ע ל ע ט ר י ס ט י ש ע

וו ע ר ק נעקעמפט אַזוי עקסטרעם-פאַרביסן, דורך שילדערן און דערציילן וועגן דעם פינצטערן געטאָ-לעבן פון מזרח-יידנטום, מיט זיין גאַנצער פאַרנאַרישטקייט און אָפּגעשטאַנענקייט, שלעכטסקייט און איבלען, האָט ניט מיט ווינציקער שאַרפ־קייט, ניט מיט ווינציקער עקשנות — די עקשנות פון אַ כמעט איינזאַמען — געקעמפט אין זיינע צענדליקער מאמרים, אין זיינע פּ ו ב ל י צ י ס ט י ש ע וו ע ר ק ק ע ג ן ד ע ר מ ע ר ב - ה ש כ ל ה, קעגן דעם מ ע נ ד ע ל - ס אָ נ י ז ם, וואָס האָט לויט זיין מיינונג, באַגרינדעט די יידישקייט אויף דער פּוסטער דאָגמע פון „פּראַקטישע מצוות" און ווען די געביידע פון קולט-אינהאַלט איז זיך צעפאַלן פון זיך, אונטערגעגראָבן דורך דעם נאַטירלעכן גאַנג פון דעם גייעם לעבן, איז דאָס מערב-יידנטום געבליבן הענגען אין לופטן, אָן שום אחיזה, אָן אַ פונדאַמענט, אויכגעליידיקט פון יעטוועדער אינהאַלט און ממשות; און דאָס האָט דערפירט און פירט צו עקסטרעמער אַסימילאַציע, צו נאַציאָנאַלן שמד.

דער מזרח-ייד סמאָלענסקי, ביי זיין גאַנצער קעגנערשאַפט צו די פּ אַ ר-מ ע ן און אוי ס ע ר ל ע כ ן שטייגער פונם יידישן געטאָ-לעבן אין רוס־לאַנד, וואָס ער האָט געשילדערט אַזוי קאַנטיק-שאַרף נעגאַטיוו, אין זיינע ראָמאַ־נען און דערציילונגען, האָט געזען, געפילט און ריכטיק אָפּגעשאַצט, אַז דאָס דאָזיקע לעבן האָט מער אינהאַלט, מער קערן, מער גרונט און פעסטקייט — אפילו אָט ווי עס איז — פון דעם „השכלה-יידנטום" פון דער מערב-אייראָפּע, וואו ער האָט געלעבט און געשאַפן.

און קעמפנדיק, אין זיינע בעלעטריסטישע ווערק, ווי אַ ן אמתער משכיל, נאָך, ווי אַן אמתער משכיל פון זיין צייט און פון זיין תקופה, פאַר דער איבעראַנדערשונג פון די פאָרמען און שטייגער פון יענעם לעבן, כדי צו אַ ריינברענגען ליכט פון פרייהייט, פון וויסן און פון בעסער לעבן אין די געמאַרקן פון ישראל, קעמפט ער איינצייטיק און מיט מער פאַרביסנקייט אַלס פובלי־ציסט קעגן דער השכלה, ווי זי האָט דאַן אויסגעזען אין דעם ווירק־לעכן קעגנוואַרטיקן לעבן, פונם מערב-יידנטום; און דאָס האָט געמיינט צו זאָגן, לויט די באַגריפן פון יענער צייט, אַז ער האָט געקעמפט קעגן דער השכלה, ווי די טיפּישע משכילים אין רוסלאַנד פון יענער צייט, האָבן עס פאַרשטאַנען: אַ שטרעבונג צום אידעאַל פון רעליגיעזע רעפאָרמעס און בילדונג פאַרן רוסישן יידנטום „אַלאַ בערלינער השכלה". אין וועלכער זיי זעען אַ פּאַנאַצעאַ, אַ רפואה פאַר אַלע קראַנקייטן פונם רוסישן יידנטום. און דאָס וואָפן האָט געטראָפן: ניט אומיסט, דאָך, האָט דער דיכטער פון דער השכלה אין יענער צייט, א. ב. גאָטלאָבער — מיט זיין העברעאישן פסעוודאָנים „ברכיה" אָדער מהללאל — געזען אין דעם „השחר" בסמאָלענסקינס און אין זיינע אַטאַקעס אויף דעם מענדעלסאָנישן ראַציאָנאַליזם, אַ שינא פון דער השכלה באַוועגונג און האָט גע־גרינדעט בספּעציעל צו קעמפן קעגן דעם „השחר" דעם זשורנאַל „הבוקר אור". וואָס האָט גענומען אונטער זיין שוץ די „בן-מנהמשע השכלה".

אויף דער שוועל פון צוויי תקופות איז ער געשטאַנען, צווישן צוויי וועלטן — דער מזרח-ייד סמאָלענסקין — וואָס איז רייף געוואָרן אין אָדעס, די שטאָט פון משכילים, און געלעבט און אַקטיוירט אין ווין, די שטאָט, וואָס איז געווען דאַן די גרעניץ, אַזוי צו זאָגן צווישן די צוויי יידישע וועלטן: דעם רוסישן-גאַליציאַנער געטאָ-יידנטום און דעם רעפאָרמירטן משכילישן מיטל-און מערב-יידנטום פון בערלין און פון פאַריז.

עס איז ניט קיין צופאַל פאַראַן אין דעם אַלעמען, נאָר אַ מין היסטאָרישע נויטווענדיקייט.

עפּעס, ווי אַ מין היסטאָרישער מוז איז געווען אין אָט דעם צוזאַמענטרעף פון אַ מזרח-יידן, וואָס איז געקומען צו דער מערב-השכלה און געלעבט און אַקטיוירט אין ווין, אַ הויפּט-שטאָט, וואָס האָט געהאַט אין זיך פיל פון די דאָזיקע צוויי, אַנטאַגאָניסטישע יידישע וועלטן: פונם מזרח און פונם מערב-יידנטום, ווייל זי איז אויפן גרעניץ פון אָט די צוויי וועלטן געווען דאַן.

נאָר אַזאַ פּערזאָן, אַזאַ דינאַמישע, אַזאַ אָפּפּער-פעאיקע, אַזאַ אַקטיווע און אומדערשראָקענע, ווי סמאָלענסקין איז געווען — וואָס איז געקומען פון דעם מזרח-יידנטום, וועלכן ער האָט געטראָגן אין זיך, אין זיין וועזן, אין זיין לייב און נשמה צום מערב-יידנטום, אויפן גרעניץ פון צוויי תקופות, און זיך געשטעלט, געאָגראַפיש, אין דער פּאָזיציע צו קענען זען, צו קענען האָבן קאָנטאַקט פאַר זיינע אייגן ביידע יידנטומס, מיט זייערע כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן, פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע, לעבנדיק אין ווין, דער הויפּטשטאָט, וואו מזרח און מערב האָבן צוזאַמענגעשטראָמט, ניט פאַרמיישנדיק זיך, ווי עס שטראָמען אריין די וואַסערן פון אַ טייך אין ים און אויף אַ לאַנגן שטח פאַרמישן זיי זיך נאָך ניט — נאָר אַזאַ צוזאַמענטרעף פון די אַלע זאַכן און „צופעליקייטן" אין איין פּערזאָן, זאָג איך, האָט געקענט פירן צום שאַפן פון אַ סינטעזע, אין וועלכער עס זיינען אריינגעקומען די וויכטיקסטע עלעמענטן פון ביידע תקופות, פון דער אַלטער יידישער און פון דער נייער השכלהשער און דאָקטרינעס און אידעאָלאָגיעס פּאָזיטיוו־איבערגעוויילטע און פון ביידע יידנטומס געשאַפענע.

דאָס איז די סינטעזע פון דעם וועלטלעך-יידישן נאַציאָנאַלן געדאַנק, וואָס נעמט אריין אַלס פאַרמעגן עלעמענטן פון יידישקייט און פון יידישן פאָלק, אַלץ וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט געשאַפן, גייסטיקעס און נאַציאָנאַלעס, ניט אויסגעשלאָסן גאָרניט: זיין רעליגיע, ווי זיין וועלטלעכע קולטור און עס זיינען סובסטאַנץ-עלעמענטן פון אָט דער סינטעזע, נאַטירלעך: דאָס פאָלק, זיין שפּראַך און זיין לאַנד.

דאָס איז געווען די סינטעזע, וועלכע סמאָלענסקין האָט געשטרעבט צו שאַפן זיין גאַנץ קורץ לעבן פון 43 יאָר, וואָס איז פאַרצערט, פאַרברענט געוואָרן אין פיבערישער, איבערמענטשלעכער אָנשטרענגונג פון אַ שריפטשטעלער-לעבן פון 18 יאָר.

און צו דער דאָזיקער סינטעזע איז ער געקומען — ער, דער בעלעטריסט-

משכיל און פובליציסט-נאַציאָנאַליסט — דורך קעמפן מיט זיינע צוויי וואָפנס: בעלעטריסטישן און פובליציסטישן, קעגן דעם וואָס ער האָט געזען צוגלייך נעגאַטיוו אין ביידע יידישע וועלטן, וואָס האָבן, מאַטעריאַליזירט, אַזוי צו זאָגן, די צוויי פּאָלוסן פון דער עפּאָכע: דאָס פרום-אָרטאָדאָקסישע אָפּגעשטאַנען-מזרחדיקע, זאָג איך, געטאָ-לעבן פון רוסישן יידנטום און דאָס מוטמפּיצירט-פאַרגליווערטע, אויסגעליידיקט-אַסימילירטע לעבן פונם מערב־יידנטום.

דער דאָזיקער קאַמף מיט ביידע וואָפנס זיינע, קעגן די צוויי פראָנטן, איז געווען ביי סמאָלענסקין ניט קיין ענין פון בלויז אינטואיציע, ניט קיין אונטער-באַוואוסטזיניקער דראַנג, נאָר אַ קלאָרע, אַ באַוואוסטזיניקע שריפטשטעלער-אויפ-גאַבע, אַ פּראָגראַם, וואָס ער האָט זיך פאָרגענומען גלייך פון אָנהויב אָן פון זיין באַקענען זיך נענטער מיט דער פוסטקייט און באָדנלאָזיקייט פון דעם אַסימי-לירטן מערב-יידנטום.

די דאָזיקע פּראָגראַם פון קאַמף קעגן ביידע פראָנטן, פאַר דער דערגרייכונג פון אַ סינטעזע פון אַ מאָדערנעם נאַציאָנאַלן געדאַנק האָט סמאָלענסקי קאָנקרעט און אָפן אָנגעצייכנט אין דעם פּראָגראַם אַרטיקל פונם ערשטן העפט פון זיין זשורנאַל „השחר", וואָס איז דערשינען אין ווין, אין יאָר 1868.

אינם „פּתח-דבר", ווערן דאָרטן געזאָגט אַזעלכע קלאָרע ווערטער ווי די פאָל-גנדיקע, וואָס רעדן וועגן דעם קאַמף קעגן ביידע פראָנטן און וועגן דער סינטעזע פונם נאַציאָנאַלן יידנטום:

„לכן ידעו כולם מראש: כי כאשר נטיתי את ידי על המתקדשים החנפים, אשר יתכסו בבגד קודש, והמה תחת שואה יתגלגלו, להשבית דעת מבית יעקב, כן גם אדים ידי על המתחכמים הצבועים, אשר ידיהו את בני ישראל בחלקת-לשון מאחרי ירושת אבותיהם" (זאָלן זיי, אַלזאָ, וויסן פאָראויס, אַז פונקט ווי איך הויב אויף מיין האַנט קעגן די צבועקעס-פרומאַקעס, וואָס זיינען פאַרקליידעט ווי היי-ליקע און אין דער אמתן זיינען זיי וויסט־און-לער און שטרעבן צו פאַרשטערן וויסן פון יעקבס-הויז, אַזוי אויך וועל איך מיין האַנט הויבן קעגן די געבילדעטע צבועקעס, וואָס שטויסן אַוועק, דורך גלאַטע רייד, די יידן פון דער ירושה פון זייערע על-טערן).

און פריער פאַר דעם ווערט גערעדט, וועגן דער סינטעז פּראָגראַם:

„אָט זאָגט מען אונז: לאָמיר זיין ווי אַלע פעלקער! אויך איך יועל איבער-חזרן צוזאַמען מיט זיי: „לאָמיר זיין ווי אַלע פעלקער צו שטרעבן און דער-גרייכן דאָס וויסן, אוועקצולאָזן די פאַרנאַרישטע, שלעכטע וועגן, לאָמיר זיין טרייע בירגער אין די לענדער פון אונדזער צעשפּרייטונג, אָבער לאָמיר אויך זיין ווי אַלע פעלקער ניט צו שעמען זיך מיטן קוואַל פון אונדזער אָפּשטאַם; לאָמיר זיין ווי אַלע פעלקער צו האַלטן טייער אונדזער שפּראַך און דעם כבוד פון אונ-דזער פאָלק, און זאָל אונז ניט זיין צו שאַנד אָדער צו חרפּה דאָס גלויבן, אַז עס וועט קומען אַן ענדע צו אונדזער גלות, אַז עס וועט קומען אַ טאָג, ווען די מלוכה וועט זיך אומקערן צו ישראלס הויז, פונקט ווי עס שעמען זיך ניט אַנדערע פעלקער מיט דער האָפנונג צו ווערן אויסגעלייזט פון פרעמדנס מאַכט".

דאָ איז קלאָר אויסגעדריקט די גאַנצע פּראָגראַם פון סמאָלענסקינס שריפט-

שטעלער אויפגאבע: א קאמף אויף צוויי פראָנטן. קעגן דעם אפגעשטאנענעם געטאָ־לעבן מיט זיינע איבלען און מאָדערנעם לעבן און קעגן די אסימילאטאָרן פון מערב, וואָס טרייבן די אַסימילאַציע, די פארניינונג פונם יידישן איך, פון דער יידישער נאציע פארן טאָפּ לינדזן פון השכלה און גלייכבארעכטיקונג; קעגן די, וואָס באטראַכטן זיך ווי „גערמאַנער פון מאָזאאישן גלויבן אָדער ווי פראנצויזן, ווי פּאָליאקן פון דעם מאָזאאישן גלויבן".

קעגן די דאָזיקע צוויי פראָנטן — פאַר דער שאַפונג פון א יידישער נאציאָנאלער — צו ערשט, און שפּעטער דערפירט ביז ציוניסטישער — דאָקטרינע. דאָס איז געווען פרץ סמאָלענסקינס לעבנס־אויפגאבע, וואָס ער האָט אנגעהאלטן און פארפאָלגט מיט א געוואָלטיקער קאָנסטאנץ, אין זיין „השחר", אין משך פון 17 יאָר צייט:

דורך בעלעטריסטיק האָט ער געקעמפט קעגן די „מורדי־אור" פון מזרח, פון דעם געטאָ־יידנטום.

דורך פובליציסטיק האָט ער געקעמפט קעגן דעם „גלויבנס־נענאָכנטום" פון די „בערלינער משכילים"; און בערלין איז דאָ די אפּעלאציע באציכנונג פארן גאַנצן רעפאָרמירטן מערב־יידנטום, וועמעס יידישקייט און אָנגעבונדנקייט צום יידנטום האָט זיך געהאלטן אויף אַן אָרגל, באַר, פרעדיקער און פארבאַלזאמירטער חכמת־ישראל.

און דורך דער אויפקלערונג פון ביידע נעגאטיוון קומען צו דער פּאָזיטיווער סינטעזע פון דער מאָדערנער נאציאָנאַל־יידישער דאָקטרינע.

— 4 —

און עס איז אויך ניט קיין צופעליקייט וואָס קעגן די ערשטע האָט זיך סמאָלענסקי באנוצט הויפּטזעכלעך מיט א בעלעטריסטיש וואָפן, וואָס איז געוויינלעך שאַרפער, איבערצייגנדיקער, ווירקנדיקער, טיפער, און קעגן דעם צווייטן נאָר מיט פובליציסטיק. אויך אין דעם איז צו זען א שרייבערישן באוואוסטזיין און א קלאָרקייט פון אויפגאבע:

סמאָלענסקין האָט געשריבן און געשאַפן הויפּטזעכלעך פאַרן מזרח־יידן. ער האָט אים געוואָלט אויפהויבן, איבערציייגן, איבעראנדערשן זיין לעבן. ער איז אליין געווען א מזרח־ייד און האָט אין זיין יוגנט געלעבט אַלע זייטן און זייטן פון יענעם אויבערלעך שפּלן דאמאָלדיקן געטאָ־לעבן אין רוסלאנד. האָט ער דערום, אלס שרייבער, אויסגעקליבן פאַר דעם קאַמף קעגן יענעם דאָס שאַרפע, דאָס מער ווירקנדיקע וואָפן: דעם ראָמאַן, די דערציילונג, די רעאַליסטישע שילדערונג, וואָס איז דורכגעוועבט מיט פאנטאַזיע. אגב, האָט ער יענץ לעבן געטראָגן טיף איינגעקריצט אין זיין וועזן; ער האָט געבלוטיקט איבער דעם מיט זיינע אַלע רמ"ח אברים. האָט ער בעלעטריסטיש דערפאַר געשריבן כמעט נאָר וועגן מזרח־יידישן לעבן.

דאָס מערב־אייראָפּעאישע לעבן האָט ער געקענט נאָר דורך באָאבאכטונג,

דורך דער דערקענטעניש, ניט ווי אַן אייגענער, נאָר ווי אַ פרעמדער; ער האָט עס גוט געזען, פאַרשטאַנען אַלזייטיק; געזען די פּוסטקייט זיינע און די שמד-אַסימילאַציע געפאַר, וואָס דאָס אַנטהאַלט; אָבער האָט עס ניט געלעבט אינער-לעך, ניט דורכגעלעבט; האָט ער געהאַט צו דעם נאָר אַ צוגאַנג, אַ דאָקטרינערע באַציאונג, אַזוי צו זאָגן, אָבער ניט קיין ווע:נט-לעכע, קיין אָרגאַנישע באַציאונג, וואָס בעלעטריסטיק פאָדערט. דערפאַר האָט ער עס גענומען אַלס אָביעקט נאָר פאַר פּובליציסטיק, אַלס אָביעקט נאָר פאַר שטודירן און אָנווייזן אויף דעם אַלס נעגאַטיוו; און ניט מער.

און דערמיט דערקלערט זיך אויך, פאַרוואָס די געציילטע טיפּן פון מערב-אייראָפּעאישער השכלה-וועלט, וואָס געפינען זיך יאָ וואו-ניט-וואו, זעלטן, אין סמאָלענסקינס ראָמאַנען, זיינען אַזוי בלאַס, אַזוי ניט לעבעדיק, אַזוי צוגעטראַכט. אַזוי ווייט און ניט עכט: די מזרח-אייראָפּעאישע, האָט סמאָלענסקין גע-לעבט; אין דעם „התועה" האָט ער נאָר געראַפּט אויטאָביאָגראַפירן; אין מערב-אייראָפּע האָט סמאָלענסקין נאָר געוואוינט. געשאַפן האָט ער אָבער, פאַרן מזרח-יידנטום; דערפאַר האָט ער בנוגע צום מערב-יידנטום אין זיין קעמפערישקייט, געדראַפּט און געקענט זיך באַנוגענען נאָר מיט דעם וואָפן פון פּובליציסטיק, פון דאָקטרינע, פון געדאַנק, ניט פון בילד, געשטאַלט וואָס ביים שריפטשטעלער בעלעטריסט איז עס בלוט און פלייש.

---

אַזאַ איז געווען די פּערזענלעכקייט, וואָס האָט געהייסן פּרץ בן משה סמאָ-לענסקין.

ניט דער גרעסטער צווישן שריפטשטעלער פון זיין צייט; ניט דער גרעסטער צווישן די פּובליציסטן פון זיין צייט. ווארום דאַן האָט געלעבט גאָרדאָן, ליליענ-בלום און שלום יעקב אַבראַמאָוויטש (מענדעלע איז ער געוואָרן שפּעטער) — האָט ער אָבער געלאָזט אַ זייער דויערהאַפטע ירושה, אין דער געשיכטע פון אונדזער ליטעראַטור, געזעלשאַפטלעכקייט און נאַציאָנאַלער באַוועגונג און אין דער געשיכטע פונם נאַציאָנאַלן יידישן געדאַנק.

און דערגרייכט האָט ער עס דורך דעם, וואָס שטייענדיק אויף דער שוועל פון צוויי תקופות האָט ער פאַרשטאַנען מער ווי אַנדערע, פריער ווי אַנ-דערע, גאַנצער און אויסגעהאַלטענער ווי אַנדערע, צו קעמפן מיט צוויי שריפטשטעלער-וואָפן, פאַרשיידענע, אויף די צוויי פראָנטן פון אונדזער דראַ-מאַטיסטיקער שאַפונג פאַר אַ פּאָזיטיווער, נאַציאָנאַלער סינטעזע.

.1942



# בעל מחשבות

— 1 —

דער האַלבער יובל פון בעל מחשבותס ליטעראַרישער אַרבעט איז, אייגנטלעך, דער ערשטער האַלבער יובל פון דער יידישער ליטעראַטור.

בעל מחשבות, דער באַשיידנסטער צווישן די יידישע שריפטשטעלער, וואָס זאָגט אַליין אין אַן אַרטיקל אַז „כל ימי האָב איך אויסגעמיטן יובילעאומס און לויות", קען רואיק אויפנעמען דעם איצטיקן האַלבן יובילי, ניט פאַרשוועכנדיק זיין באַשיידנקייט, זיין וועלן אַנטלויפן פון באַריִמטקייט, ווייל דאָס איז דער יום-טוב פון דער יידישער ליטעראַטור, איבער וועלכער ער האָט אין משך פון 25 יאָר געוואַכט און ווי אַ געטרייער גערטנער, אַכטונג געגעבן אויף יעדער יונג טאַלאַנט-בלימעלע, אויסכאָוועדיק זאָרגפעלטיק יעדער קנאָספּעלע פון טאַלאַנט, אין פּראָזע אָדער פּאָעזיע, וואָס האָט זיך באַוויזן אין דער צייט אויף דעם אָנפאַנגס-מאָגערן און איצטן רייכן פעלד פון יידיש-ליטעראַרישן שאַפן. זיין יום-טוב איז דער יום-טוב, אַלזאָ, פון דער יידישער ליטעראַטור, וועלכע ער האָט געשאַפן דורך אומדערמידלעכע אַרבעט, פון לערנען, אָנווייזן, דערמוטיקן, רייניקן, אָפטמאָל איראָניזירן, מערערע מאָל אָנווייזן אויף דער סביבה, וואָס שאַפט די ליטעראַטור, דורך דער אַרבעט פון אויספיינערן דעם געשמאַק, פאַרברייטערן די האָריזאָנטן ניט נאָר פון די לייענער, נאָר איבערהויפט פון די שרייבער.

דער יום-טוב פון זיין זילבער-התונה מיט דער יידישער ליטעראַטור איז אויך דער יום-טוב פון דער ליטעראַטור, און צוליב איר מוז ער אים אָנעמען, מעג בעל מחשבות פּערזענלעך ניט ליב האָבן קיין יובילעאומס.

פאַר אונז, יונגע, וואָס זיינען מיט עטלעכע יאָר קוים עלטער פון דער צייט, ווען די יידישע ליטעראַטור האָט זיך אָנגעהויבן שאַפן; פאַר אונז, וואָס זיינען אַזוי ווייט פון יענער עפּאָכע, ווען יידישע ליטעראַטור איז נאָך גערעגן אין די וויקעלעך און סאיז, אייגנטלעך, ניט געווען קיין ליטעראַטור אין דעם געוויינלעכן טייטש פון וואָרט, נאָר ביכער זיינען געווען, איינצעלנע, געציילטע, און שרייבער זיינען געווען, וועמעס צאָל עס האָט צו קיין מנין ניט געגרייכט, וואָס האָבן געשריבן „זשאַרגאָן", „עברי-טייטש", כדי צו לערנען דעם פּראָסטן המון, פאַר וועמען די „המליץ" און „הצפירה"-דיקע הריפות און מליצות זיינען געווען אַ פאַרמאַכטער, אומפאַרשטענדלעכער בוך; פאַר אונז, וואָס זיינען שוין געקומען אויף אַלעמען גרייטן, געטראָפן אַ פיינע שפּראַך, אַנשטאַט דעם זשאַרגאָן, וואָס האָט געשמעקט מיטן ניט-דופטיקן ריח פון „ווילנער מאַרק און דינאַבורגער יאַטקעס מיט אַלערליי פאַרוואַלגערטע אָסטאַטקעס", אַ שפּראַך אין וועלכער עס

קענען איצט אויסגעדריקט ווערן די פיינסטע, דינסטע נשמה-ניואַנסן, די קאַמפּ־ליצירטסטע סיטואַציעס אין דינסטע שבדינסטע פּסיכאָלאָגישע שטריכלאַך אין קנייטשלאַך; פאַר אונז, וואָס האָבן שוין געטראָפן אַ פיינע פאַרצווייגטע ליטע־ראַטור, מיט הונדערטער קלענערע און גרעסערע פּובליציסטן און בעלעטריסטן, און דראַמאַטורגן; פאַר אונז יונגע, וואָס זעען איצט אַ געזונטן וויט-פאַרצווייגטן און געריכט באַבלעטערטן בוים, וואָס הייסט יידישע ליטעראַטור אין אייראָפּע, אין אַמעריקע, אין זיד-אַפריקע, אַזוי אויך ווי אין דער „וויטער" אַרגענטינע, און מיר פילן זיך אַזוי שטאַרק און שפּירן אונטער זיך, אַזעלכע פעסטע וואָרצלען. אַז מיר האָבן קיין מורא ניט פאַר אַלערליי רייסערייען אין דער ליטעראַטור, פון אין-זיכיזם, ביז עקספּרעסיאָניזם, פון אהרן-צייטליניזם, ביז פראָ און קאָנטראַ פּרץ-מאַרקישיזם — אונז קומט עפּעס אויס מאָדנע, זייער מאָדנע, ווען מיר שטעלן זיך אָפּ אַ ווײַלע אין מיטן פון דעם דאָזיקן ליטעראַריש-זשורנאַליסטישן הו־האַ און טוען אַ רעכן, און טוען אַ צייל די יאָרן, די פאַרגאַנגענע געשיכטלעכע עפּאָ־כע און דערמאָנען זיך, אַז בסך-הכל איז אונדזער ליטעראַטור אַלט אַ האַלבן יובל, אַט פּונקט אַזוי פיל יאָרן, וויפיל עס איז אַוועק זינט דער „גר־צדק" בעל מחשבות האָט זיך באַוויזן אין די יידישע פּעריאָדישע אויסגאַבן און גענומען פון איינ־צעלנע ביכער שאַפן דאָס, וואָס ביי די אומות העולם הייסט ליטעראַטור; האָט גענומען מסביר זיין פאַר דעם יידישן איידימל אויף קעסט, וואָס האָט געלייענט בגנבה, דער שווער זאָל ניט זען, אַ זשאַרגאָניש מעשה-ביכל, געשריבן פון פּרץ, פּרוג, שלום עליכמען אָדער דינעזאָנען, דעם ענין פון שיינע ליטעראַטור און די אוטיליטאַרע באַדייטונג, וואָס „שיינע שריפטן" האָבן און קענען האָבן פאַר אַ פאָלק.

— ווי ווייט מיר זיינען איצט — טראַכט זיך ניט ווילנדיק — פון יענער „ווילדער" צייט!

ניט אַזוי ווייט, סך-הכל פינף-און-צוואַנציק יאָר. כאָטש עס זעט אויס, לויט דער דיסטאַנץ, וואָס אונדזער ליטעראַטור איז אַוועק פאַר דער צייט, אַז צענד־ליקער דורות זיינען שוין אַריבער פון דענסטמאָל, פון יענער צייט, ווען בעל מחשבות האָט דעם ערשטן מאָל גענומען מסביר זיין — פאַר וועמען? ווען ער האָט דאָך קיין לעזער אפילו ניט געהאַט — מענדעלען, אָנווייזן אויף דער יידי־שער עדה, וואָס מענדעלע שילערט, מאָלן אין בילדער די יידישע מיליע און מענ־דעלעס סביבה — און לייגן דערמיט דעם גרונטשטיין פון דער נייער יידישער לי־טעראַטור.

עס איז אַ וואונדער. דער פאָרשריט, וואָס די יידישע ליטעראַטור האָט גע־מאַכט פאַר דעם ערשטן פערטל יאָרהונדערט פון איר געבורט, — מעגן קלאַנ־מוטערס וויינען, פאַרוואָס ביי אונז איז ניט אַזאַ עשירות. ווי ביי לייטן-גוים — האָט קיין גלייכן צו זיך אין אַנדערע ליטעראַטורן. און דעם גרעסטן טייל פון אָט דעם ליטעראַרישן מופת האָט דורכגעפירט דורך זיין קראַפט און טאַלאַנט, דורך זיין אויסערגעווײַנלעכער געטריישאַפט צום יידישן וואָרט און שריפט, דער „גר־צדק" בעל מחשבות, דער בעל מופת, וואָס האָט זיך אַ שבועה געגעבן, ווי ער אַליין האָט עס לעצטנס געזאָגט, צו איבערלייענען און קענען אַלצדינג וואָס ווערט געשריבן מיט אותיות מרובעות.

געקומען איז ער צו דער יידישער ליטעראטור ווי א „גר-צדק“, ווי א מענטש וואס קערט זיך אום פון דער פרעמד צוריק אהיים. פאר די יארן פון לעבן און שטודירן אין דער פרעמד, האט ער זיך דערשפירט אפגעריסן פון דעם יידישן לעבן און יידישער סביבה, און אנטשליסנדיק זיך צו שרייבן אין „זשארגאן“, וואס האט נאך דאן, ווי אין די צייטן, ווען „מאניש“ איז אויף דער וועלט געגאנגען, „פארמאגט נאר וויצן“, האט ער גערעכנט צו פארבלייבן א לאנגע צייט א גר-צדק, א מענטש א פרעמדער, וואס נעמט פון דעם וואס אנדערע האבן צוגעגרייט מער, ווי ער גיט פון דאס מיטגעבראכטע מיט זיך.

זייענדיק פון דרויסן, האט ער געמיינט, אז אינעווייניק איז שוין דאן עפעס געווען. — געווען איז אבער גארניט, אדער כמעט ווי אזוי. פאר אונז, ערשט-געקומענע צו דער יידישער ליטעראטור און זשורנאליסטיק, זעט יענע צייט אין דער יידישער ליטעראטור (אין דער העברעאישער איז שוין עפעס יא געווען, ווייל פרישמאן האט שוין געדייניקט איר 25 יאר דורכאנאנד) אויס ווי א מין פארהיסטארישע עפאכע.

מיר באוואונדערן דעם נס, וואס דער דאקטאר פון דעם היידעלבערגער אוניווערסיטעט, וואס האט שפעטער אויך אין רוסלאנד אפגעגעבן „גאספאדארסטווענני עקזאמען“ א פראפעסיאנאל, אן אינטעליגענט, האט געהאט מוט צו נעמען זיך פארן גארניט שיינעם, פון אלעמען פאראכטעטן זשארגאן און שרייבן פאר אים ניט נאר צוליב לערנען און אויפבילדן די מאסן — פון דער השכלה-טענדענץ אין אייגנטלעכן זין פון ווארט, איז שוין צו יענער צייט כמעט גארניט געבליבן — נאר פאר זיך אליין, צו באפרידיקן זיין אינערלעכן קינסטלעריש-פובליציסטישן דראנג. מיר באוואונדערן, פון געשיכטלעכער ווייטקייט באטראכט, דעם דאזיקן מוט פון דעם „גר-צדק“ וואס האט געמיינט, אז ביי אונז איז עפעס פאראן, און ער וועט קענען נעמען; אבער גאר אין גיכן האט ער זיך איבערצייגט, אז ער וועט דארפן געבן אנשטאט נעמען; און דער „גר-צדק“ איז אין א „בעל מהשבות“ פארוואנדלט געווארן, אין א מענטשן, וואס ווארפט פון צייט צו צייט זיינע געדאנקען, אזוי זיך צופעליק כמעט, שטריכנמעסיק נאר געדאנקען וועגן דער יידישער מליצה אין דער ליטעראטור, געדאנקען וועגן די יידישע ימים טובים, וואס ווערן פארן אינטעליגענט אויסגעליידיקט פון זייער אינהאלט, ווייל ליידיק איז ער אליין; געדאנקען ארויסגערופענע צום לעבן דורך די פארשידנסטע מאמענטן און מאטיוון; ער איז קיינעם גארניט אויסן צו לערנען מיט דעם צופעליק אנגעשריבענעם קורצן ארטיקל אדער עסיי; ער האט אים געשריבן מער פאר זיך ווי פאר די לעזער, וואס האבן פון גארניט אנגעהויבן באשאפן צו ווערן; ער האט געשריבן פאר זיך, ווייל ער איז א „בעל מחשבות“. א מענטש פון געדאנקען, א מענטש וואס האט די געוואוינהייט צו טראכטן און די רעיונות אויסדריקן אין מיניאטורע קונסט-ווערק, מערסטנטייל לירישע שטימונגען, הארץ-און נשמה אויסגיסונגען, מאנכעס-מאל איראניש-רואיקע, סאטיריש-בייסנדע אדער גאר סקעפטישע. געשריבן מער פאר זיך, ווי פאר אנדערע,

אבער טאַקע אַט די צופעליקייט פון דעם שרייבן, אַט די שטריכנמעסיקייט פון דעם, אין אַ קינסטלערישער מיניאַטור-פאָרם אויסגעדריקטן געדאַנק, האָט גע־ווירקט מער ווי די שווערע אַרטילעריע פון „פּראָפּעסיאָנעלע“ שרייבער. וואָס זיינען געקומען צום לעזער, צום דעליקאַטן, נאָך גאָרניט דערצויגענעם דאַמאָלס-טיקן יידישן לעזער מיט דער „מיסיע“ פון לערנען אים, בילדן אים.

בעל מחשבותעס פּובליציסטיק, זיינע פיין-געשליפענע, האַרץ-ווייכע פעליע-טאָנען, געדאַנקען-שטיקער פון אַ מענטשן וואָס דענקט און איז פון גאָט באַ-שאָנקען מיט אַ טאַלאַנט אַרויסצוברענגען די געדאַנקען, האָט געצוואונגען אויך דעם לעזער צו איבערטראַכטן עס, צו אַריינטראַכטן זיך אין זיי און דאָס האָט דעם לעזער דערצויגן, געהויבן, אויסגעבילדעט און געשאַפן.

דאָס זעלבע וואָס בעל מחשבותעס שטריכן און געדאַנקען זיינען געווען פאַרן לעזער, זיינען זיינע ליטעראַרישע און קריטישע עסייען געווען פאַר די שרייבער פאַר דער ליטעראַטור. אַזוי האָט זיך עס באַקומען דאָס בעל מחשבות האָט דורך זיין ליטעראַרישער אַרבעט אויף ביידע געביטן: ריין פּובליציסטישן און קריטיש-ליטעראַרישן, געהאָלפן שאַפן און בויען ביידע זאַכן, וואָס זיינען נויטיק פאַר אַ ליטעראַטור: לעזער און שרייבער.

— 3 —

עס בעט זיך אויפן פּאַפּיר אַ פאַרגלייך, פאַרגלייכן זיינען דער בעסטער מיטל צו העלפן אויסבולטן דעם געדאַנק און אָנזיכטיקער מאַכן דאָס בילד.

וואָס איז בעל מחשבות פאַר דער יידישער ליטעראַטור?

זאָגן אייניקע מיט דער ניט באַטראַכטקייט. נאָר אויסגעהזרטקייט פון גימ-נאַזיסטן, וואָס ענטפערן אויף אַ פראַגע מכוח ליטעראַטור: „ער איז דער יידי-שער בעלינסקי“. יידן זיינען געוואוינט נעמען גרייטע יאַרליקעס פון גויאישער ליטעראַטור און אָנקלעפּן אויף יידישע היטלען. מענדעלע איז דער יידישער שטשעדרין; שלום עליכם, דער יידישער מאַרק טווען; רייזען, דער יידישער טשע-כאָוו; בעל מחשבות — דער יידישער בעלינסקי. אַזאַ פּנים האָט עס.

קומען אַנדערע און זאָגן: בעל מחשבות איז פאַר דער יידישער ליטעראַ-טור דאָס זעלבע און דער זעלבער, וואָס פרישמאַן איז געווען: וויל מען דערמיט זאָגן, אַז ער איז דער אייראָפּעער אין דער יידישער ליטעראַטור, פּונקט ווי פריש־מאַן איז עס געווען אין דער העברעאישער ליטעראַטור; מיינט מען דערמיט צו באַטאָנען, אַז ער איז געווען דער, וועלכער האָט אין דער יידישער ליטעראַטור אַריינגעפירט דעם אייראָפּעאישן גוסט, געשמאַק, ראַפינירטקייט, וועלטלעכקייט, די אייראָפּעאישע מאַנערן און אופנים פון שאַפן און שרייבן, פּונקט ווי פריש-מאַן האָט די אַלע גוטע זאַכן אַריינגעבראַכט אין דער העברעאישער ליטעראַטור. וויל מען מיט דעם וואָרט באַטאָנען אַז בעל מחשבות האָט אין יידיש, פּונקט ווי פרישמאַן אין העברעאיש, ניט נאָר געשריבן קריטיק, דאָס הייסט אַרויסגע-זאָגט מיינונגען וועגן דעם וואָס און ווי אַזוי אַנדערע שרייבן, נאָר אויך אַליין געוויזן, אַ מוסטער געגעבן ווי אַזוי מען דאַרף שרייבן, וואָס הייסט „אייראָפּע-איזם“ אין דער ליטעראַטור.

דאָס איז אַזוי און דאָס איז ניט אַזוי; דאָס וואָרט „איראָפּעאיזם“ אין דער באַגריף איראָפּעאישקייט אין דער יידישער ליטעראַטור זיינען שוין געוואָרן באַנאַל, אויסגעליידיקט פון זייער אינהאַלט צוליב צו אָפט און צופיל באַנוצן עס. ווארום סוף-כל-סוף דאַרף מען גאָר ניט האָבן קיין גרויסן טאַלאַנט צו קענען געבן צו פאַרשטיין די ישיבה-בחורים, קרעמער און איידימלעך אויף קעסט, די קונסט-טעאָריע פון טענען און די באַגריפן פון „פּערפּענדיקולאַר“ אָדער אפילו דעם חשבון פון לאָגאַריטמען און פון אַן ערשט-גראַדיקע אַלגעבראַישע גלייכהייט. יעדער מער-ווינציקער געבילדעטער סטודענט אָדער עקסטערן האָט עס געקענט טון. פאַר אַזאַ מין „איראָפּעאיזם“ איז ניט נויטיק קיין טאַלאַנט. אַזאַ מין פאַרגלייך, וואָס מען פירט דורך צווישן בעל מחשבותן און פרישמאַנען דאַרף אויך אָנגענומען ווערן נאָר רעלאַטיוו; זיי קענען געגליכן ווערן צו צוויי פּאַראַלעלע ליניעס, וואָס געפינען זיך אויף איין פלאַך און באַגעגענען זיך ניט, גייען זיך קיינמאָל ניט צוזאַמען; די ליטעראַרישע מעטאָדן און אייגנשאַפטן פון זייער טאַלאַנט זיינען ווייט ניט גלייך און אין קעגנזאַץ זיינען אויך זייערע קינסטלעריש-ליטעראַרישע מיטלען:

פרישמאַן איז געקומען מיט אַ גרויסן בעזים צו דער העברעאישער ליטעראַטור, אויסצוקערן פון דאָרטן דעם שימל, די מליצה, דאָס פוסטקייט, דעם ישיבה-בחוריזם; אָבער עפּעס איז שוין געווען, — ווי באַלד מען האָט געדאַרפט רייניקן — אין דער העברעאישער, זאָל זיין ניט ליטעראַטור, נאָר מאַטריסטיק.

בעל מחשבות איז אין קעגנטייל געקומען ניט א ו י ס ק ע ר ן, נאָר צ ו נ ו י פ ק ע ר ן, צונויפזאַמלען יעדער קערנדל באַזונדער, יעדער ביכעלע, שלעכט ווי גוט, וואָס איז אין „זשאַרגאָן“ געשריבן געוואָרן פאַר אים. און געשריבן איז געווען פאַרשיידן: אייזיק מאיר דיק האָט געשריבן „יידיש-דייטש“ און מיז"ה האָט געשריבן „זשאַרגאָן העברעאיש“; מענדעלע האָט שוין דאַן געהאַט די „קליאַטשע“ פאַרפאַסט, מיט זיין קינסטלערישן אינסטינקט גענומען פאַרוואַנדלען דעם זשאַרגאָן אין יידיש און שלום עליכם האָט אויך שוין זיינע ערשטע פּרוואון געהאַט געמאַכט; עס זיינען געווען ליים, ציגל, אָבער קיין בנין איז ניט געווען; אין קעגנטייל צו העברעאיש. וואו עס איז געווען א שטיקל שטוב, אָבער דער מאַטעריאַל אינעווייניק איז געווען א נויטיקער צו אויסריינינקן, האָט בעל מחשבות גענומען בויען: א ציגל צו א ציגל צוגעשטעלט, אַ ביך צו א בוך דערנענטערט, פאַרגלייכט, אויסגעפאַרשט, אויפגעדעקט די אומזיכטבאַרע פעדים, וואָס האָבן די איינציקע ביכער און אינדיווידועלע שאַפונגען דאָך פאַראייניקט און אַזוי איז פון אים און דורך אים אַוועקגעלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פון דער יידישער ליטעראַטור. בעל מחשבותעס אַרבעט איז אַלזאָ אין די ערשטע יאָרן געווען אַ קעגנזעצלעכע צו פרישמאַנס: י ע נ ע ר האָט געדאַרפט צעשטערן צוליב פאַרבעסערן, פאַרריכטן דעם בנין וואָס איז שוין געווען געבויט פאַר אים, הגם ניט געשמאַק; ד ע ר האָט געבויעט פון ניט נאָר שלעכטן מאַטעריאַל, אַ נייעם בנין, אויף אַ כמעט ליידיקן פּלאַץ; יעדנפאַלס האָט ער ניט צעשטערט.

פרישמאַן האָט געשריבן בייזע קריטיקן; ער האָט געלאַכט און אויסגעלאַכט מיט נאַל; מיט בייזער גאוה און מיט שטאָלצקייט האָט ער געוואָלט איינפירן אַ

גוטן גוסט, א פיינעם געשמאק אין דער ליטעראטור און ער האט געשוואָרן צו אויסראָטן מיט א שטארקער האנט און אויסגעשטרעקטן אָרים דעם שלעכטן טעם אין נומען, פארבייטנדיק אים אויף א גוטן. אין ליטערארישע פראגן האט ער שטענדיק געפסקנט לחומרא. ער האט געלערנט דורך שטראָפן, דורך א נעגאטיוויר באציאונג און נעגאטיווע מיטלען האט ער געפרואווט צו אויכפיינערן דעם גע־שמאק. צו יונגע טאלאנטן האט ער זיך באצויגן מיט בייזן אומצוטרוי. סיידן ער האט זיי געזען שוין געלייטערטע.

בעל מחשבות איז פונקט דער היפוך פון דעם; ער האט אין דעם, וואס איז געווען, געזוכט תמיד דאס גוטע, ארויסוויזן דעם קערן; זיין קריטיק איז זעלטן־ווען, סיידן שוין גאר ביי א טאלאַנט־לאָזיקייט געווען א בייזע; ער האט זעלטן ווען סאטיריזירט, מער זיך באנוצט מיט איראָניע און תמיד איז ער געווען ליריש־הארציק, קיינמאָל ניט בייז־גאליק. ער האט געווירקט דורך פּאָזיטיווע מיטלען; קיינמאָל ניט געוואָלט מיט געוואלד עפּעס וואָס דורכפירן, נאָר דורך מיטלען און ארגומענטן איבערצייגנדע. אין ליטעראריישע פראגן האט ער דאָס רוב מקיל געווען. קיינעם ניט מדחה געווען און אלעמען מקרב געווען. צו א סימן, א שפּראָץ פון טאלאנט ארויסגעוויזן צוטרוי, געשטיצט אים, געהאָלפן ארויסהויבן: בעסער אָפּנארן זיך אין איבערשאַצן, איידער א טעות האָבן אין ניט דערשאצן.

פרישמאַן איז געווען אן עלעקטרישער שטראָם, וואָס אז מען רירט זיך צו צו אים, ווערט מען אָפּגעשטויסן; בעל מחשבות איז געווען א מאגנעט, וואָס אז מען רירט זיך צו, ווערט מען צוגעצויגן, אָנגעקלעפּט אָן אים.

פרישמאַן האט די גאנצע צייט געוואָלט אריינפירן דעם ברייטן אייראָפּעאיזם אויף דער שמאָלער, ענגער גאס פון דער העברעאיש־יידישער ליטעראטור. איך זאָג ניט, אז דאָס איז שלעכט, אָבער בעל מחשבות האט גע־וואָלט דאָס שמאָלע ענגע געסל פון דער יידישער ליטעראטור אריינפירן אין דער ברייטער אייראָפּעאישער גאס.

פרישמאַן האט געשריבן קריטיק אין העברעאיש קעגן דעם שונדיזם, מליציזם און פּסוקיזם אין איר.

בעל מחשבות האט ניט קריטיקירט, קיין מלחמה ניט געפירט קעגן דעם שונדיזם; דאָס האָבן פאר אים געטון שלום עליכם, פרץ און אנדערע, און דאָך זיינען זיי ניט קיין קריטיקער געווען. בעל מחשבות איז א שאפנדיקער, א בויענדער קריטיקער און אין דעם איז ער דער ערשטער אין יידיש.

---

דער ערשטער יובילעאום פון בעל מחשבותעס פערטל יאָרהונדערט איז דער יובילעאום פון דער יידישער ליטעראטור, ווען בעל מחשבות האט אָנגעהויבן בויען זיין ליטעראַרישן בנין, איז דער יידישער ישוב אין ארגענטינע נאָך קיין פינף יאָר ניט אַלט געווען. איצט, צום ערשטן יום־טוב זיינעם און פון דער יידי־

שער ליטעראטור בליט דאָס יידישע געדרוקטע וואָרט אויך אין דער „ווייטער ארגענטינע״ ווי מען איז געוואוינט צו זאָגן.

איז דען די דאָזיקע אויפבליאונג פון דער יידישער ליטעראטור אין אַלע לענדער פון גלות, די ווייטע אַרגענטינע אין כלל, ניט דער בעסטער באַווייז, אַז די ארבעט פון אונדזער יובילאַר איז געווען מיט ברכה?

.1923



# עפּעס וועגן יוסף אָפּאַטאָשו

אונדזער ליטעראַטור פייערט אַ הערלעכן יום־טוב: דעם פולן יובל פון איינעם פון די פּרוכטבאַרסטע טאַלאַנטן, פון איינעם פון די אימפּעטפולסטע נאָוועליסטן: יוסף מאיר אָפּאַטאָשו. אין דער עלטער פון 50 יאָר ציילט אָפּאַ־טאָשו 27 יאָר ליטעראַרישע אַרבעט, און זי איז געזאַמלט — ווייט נאָך ניט אין גאַנצן — אין אַזעלכע 15 בענדער ראָמאַנען, דערציילונגען און סקיצן. און צווישן זיי די וואונדערבאַרע אַרבעטן זיינע פון אַלט־יידישן לעבן און אַלט־יידיש: „אַ טאָג אין רעגנסבורג", „אליהו בחור" און „פונדקאָ רטיבתא" און צענדליקער און צענדליקער אַנדערע דערציילונגען גרעסערע און קלענערע, היס־טאָרישע און פון קעגנוואַרטיקן לעבן אין די פאַרייניקטע שטאַטן וואו ער וואוינט מיט קליינע איבעררייסן זינט 1907, און פון פוילן, וואו ער האָט געוואוינט די ערשטע 20 יאָר פון זיין לעבן.

י. אָפּאַטאָשו איז אין רעכטן בלי אין פאַנאַנדערוואוקס פון זיין טאַלאַנט: ער האָט ביז איצט געגעבן אַזעלכע זאַפטיקע קערנדיקע היסטאָרישע נאָוועלן, ווי „אין די פוילישע וועלדער", „1863", „אַ טאָג אין רעגנסבורג", „אליהו בחור", „רבי עקיבא" און „פונדקא רטיבתא", — וואָס האָבן אים קאָנסאַגרירט אַלס גרויסן מייסטער אין דעם דאָזיקן זשאַנר, וועלכער האָט פאַר אים כמעט ווי ניט עק־זיסטירט אין אונדזער ליטעראַטור (אויב מען זאָל ניט רעכענען ש׳׳ום אַשם „קידוש השם", וועלכער איז דערשינען מיט אַ קורצער צייט פאַר „אין פוילישע וועלדער"). ער האָט ביז איצט געגעבן דער יידישער ליטעראַטור אַזעלכע ראָמאַנען ווי „אליין", ווי „היברו" — וואָס שפּיגלען אָפּ, רעכפּעקטיוו, דאָס פאַרגאַנגענע יידישע לעבן אין פוילן און דאָס לעבן, דאָס לאַנגווייליכדיק־גראָע, נעבעכדיקעס, פאַרטריקנט־זאַפטלאָזיק לעבן, פון אַ שטיק יידיש־אַמעריקאַנישער געזעלשאַפט, די העברעאישע לערער און די צוגאָב־שולע, די קאָמיסיעס און „פּרעזידענטן", כלל־טוער און כלי־קודש, וואָס דרייען זיך, וואָס ווימלען אַרום דעם דאָזיקן ענין, וואָס הייסט „יידישקייט", דערציאונג פון די יידישע קינדער אין צפון־אַמעריקע, (און דאָס זעלביקע: אויך ביי אונז אין דרום־אַמעריקע).

ער האָט ביז איצט אריינגעבראַכט אין דעם אוצר פון דער יידישער ליטע־ראַטור הונדערטער דערציילונגען און סקיצעס, גרעסערע און קלענערע אין וועלכע עס קומט צום אויסדרוק דאָס לעבן אין די פאַרייניקטע שטאַטן — אין ניט דווקא פון דער יידישער געטאָ דאָרטן, נאָר אויך פון דער ניט־יידישער — דאָס לעבן פון דער אַרבעטערשאַפט, פונם קליינבירגערטום, פון דער ניו־יאָרקער אונטערוועלט; און דאָס לעבן אין דער אַלטער פוילן, ווי פון פאַר דער וועלט־

מלחמה, אַזוי אויך דאָס לעבן „אַרום די חורבות", וואָס די וועלט-מלחמה האָט פאַראורזאַכט און איבערגעלאָזן.

הונדערטער טיפּן און פּאַרשוינען יידישע און ניט-יידישע; פון דער קעגנוואַרט און פון דער פאַרגאַנגענהייט; פון אַמעריקע און פון פּוילן; פון ראַטנפאַרבאַנד און פון ארץ-ישראל; פון אַלט-דייטשישער יידישער געטאָ און פונם איטאַליענישן רענעסאַנס, ווי ער האָט זיך אָפּגעשפּיגלט, ווי ער האָט אָפּגעקלונגען און באַווירקט אין די ד' אמות פונם דעמאָלסטיקן יידישן געטאָ; פון די צייטן פון די תנאים און פון די צייטן פון באַלד נאָכן חורבן; הונדערטער יידישע און ניט-יידישע טיפּן און פּאַרשוינען, וואָס געהערן צו די *פאַרשיידנסטע עפּאָכעס*: קעגנוואַרטיקער, ניט-לאַנג פאַרגאַנגענער און אַלט-היסטאָרישער; וואָס געהערן כמעט צו אַלע לענדער, וואו יידן לעבן *איצט* אָדער וואו יידן האָבן געלעבט אין דער פאַרגאַנגענהייט; און דאָס מיינט צו זאָגן; גאָר־די-וועלט — אין געאָגראַפישן שטח אירן; גאָר-די-געשיכטע — אין צייט-דיסטאַנץ און אין כראָנאָלאָגישער פּערספּעקטיווע. דאָס איז די אַרענע פון אָפּאַטאָשוס נאָוועליסטישער שאַפונג ביז איצט. דאָס איז דער ביז-איצטיקער בייטראָג זיינער פאַר דער יידישער ליטעראַטור.

ער איז דער *וועלט-שריפטשטעלער, דער וועלט-דערציילער* „פּאַר עקסעלאַנס" אין דער יידישער ליטעראַטור; וועלט-שריפטשטעלער, וועלט-נאָוועליסט — מיינען מיר, אין דעם ברייטסטן קאָנצעפּט. אין טייטש פון דעם וואָרט: געאָגראַפיש און היסטאָריש, סאָציאַל און נאַציאָנאַל; ווייל זיין שריפטשטעלער-אויג שפּירט זיך ניט אָפּגעגרעניצט נאָר און בלויז אויף אַ געוויסער סביבה, — אין שטח פון אָרט אָדער אין דעם גאַנג פון צייט — נייערט עס שוועבט אום אין דעם חלל פון גאָר דער וועלט און פון אַלע געשיכטעלעכע עפּאָכעס, אויפנעמענדיק קינסטלעריש טיפּן און פּאַרשוינען, פאַקטן און סיטואַציעס, וואָס זיינען אַסימילירבאַר פאַר דעם ראָמאַנטיש-דעסקריפּטיוון טאַלאַנט אָפּאַטאָשוס.

אין אַזוי איז ער עכט און קערנדיק, זאַפטיק און וואָרהאַפטיק, ראָמאַנטיש און איינציייטיק רעאַליסטיש ווי אין די שילדערונגען פונם פּאַרצייטיקן יידיש-חסידישן לעבן אין פּוילן אָדער אין דער יידישער געטאָ אין אַלט-דייטשלאַנד, מאַכנדיק אויפלעבן אין זיינע היסטאָרישע ראָמאַנען און דערציילונגען ניט דעם אָדער יענעם היסטאָרישן פּאַרשוין אָדער העלד, נאָר די אַנאָנימע מאַסע, דאָס לעבן פונם דאַמאָלסטיקן פּשוטן המון; אַזוי אויך אין די שילדערונגען פונם קעגנוואַרטיקן לעבן אין פּוילן און צפון-אַמעריקע, פון אונטערוועלט, פון דער יידישער געטאָ אין ניו-יאָרק, פון די לערער, רעדל-פירער, כלל-טוער, אַרבעטער, באַהעמיעס, נעגער, כינעזער — אַ גאַנצע וועלט אין איר מערקווירדיקער בונטקייט, נאַציאָנאַלער, ראַסישער, אין דער בונטקייט פון סביבה און סאָציאַלער פאַרשיידנקייט און דיפערענצירונגען.

אָפּאַטאָשו איז איצט אין רעכטן בלי פון זיין שאַפונגס-כוח; עס איז ווייט ניט די צייט נאָך פאַר אָפּשאַצונגען, פאַר אונטערצי, פאַר כך-הכלל פון זיין מערקווירדיק-בונטן, פון זיין אומאיבערשטייגבאַר־רייכן ביז-איצטיקן קינסטלעריש-לי-

טעראַרישן שאַפן. פון אַזאַ אומרואיקע פּרוכטבאַרקייט ווי די, וואָס זיין טאַלאַנט באַזיצט איז צו דערוואַרטן אַ סך נאָך גרעסערס ווי דאָס גרויסע, וואָס ער האָט אונז ביז איצט געבראַכט; אַ סך מער פולקאָ־מערעס, אין זין פון מייסטערשאַפט און קונסט, ווי דאָס פולקאָמע, וואָס דער קינסטלער און מייסטער האָט ביז איצט געשאַפן אין אונדזער ליטעראַטור.

און דאָס איז דער הייסער וואונטש און באַגער וואָס ווערט פון אַלע זיינע פריינט און פאַרערער אויסגעדריקט איצט צו זיין יובל.

ניין: עס איז ניט קיין וואונטש און באַגער, אייגנטלעך — ווייל „וואונטש", „באַגער" אַנטהאַלטן שוין עטוואָס ספקות, אַנטהאַלטן אַ הנחה, אַז ס'איז מעגלעך, אַז ניט — עס איז אַן אויסדרוק פון זיכערקייט, פון טיפער איבערצייגונג, אַז אָפּאַטאָשו וועט נאָך שאַפן אין דער יידישער ליטעראַטור אַ.עלכעס, וואָס וועט פיל פיל איבערשטייגן דאָס ביז־איצט פון אים געשאַפענע.

אויף דעם, וואָס אין הינזיכט פון טעמאַטיק, אין הינזיכט פון זען, פון באַאָבאַכטן און אויפנעמען מאַטעריאַלן און טיפן פאַר דער לאַבאָראַטאָריום פון זיין גרויסן קינסטלער־טאַלאַנט איז אָפּאַטאָשו — ווי ער האָט עס דערוויזן דורך זיין ביז־איצטיקן שאַפן — ממש אומבאַגרעניצט: אומבאַגרעניצט אין שטח פון צייט, אומבאַגרעניצט אין געאָגראַפישן שטח און ניט אָפּגעגרעניצט דורך נאַציאָנאַלע אָדער סאָציאַלע באַריערן, דורך וועלכע שרייבער, קינסטלער און דערציילער זיינען ביי אונז, ווי ביי אנדערע פעלקער, געוויינטלעך יאָ אָפּגעגרעניצט.

און דאָס גיט אים אומדערשעפּלעכע מעגלעכקייטן און אומענדלעך־רייכע יניקה פאַר זיין גרויסן שאַפן.

אין דעם פרט איז יוסף מאיר אָפּאַטאָשו — דער אָפּשטאַם פון אַ גאַנצער קייט רבנים, לומדים, מופלגים, גאונים אין נגלה און אין נסתר, די גענעאָלאָגיע פון וועלכע ציט זיך פונם 16־טן יאָרהונדערט אומאיבערגעריסן ביז אים, אונדזער יובילאַר־שריפטשטעלער — כמעט אַן איינציקער ביז איצט אין דער יידישער ליטעראַטור; אַלנפאַלס דער אומאיבערגעשטיגענער ביז איצט דורך קיינעם פון אונדזערע אַנדערע קאַריפעען־בעלעטריסטן:

אַזאַ אומבאַגרעניצטקייט אינם אויסוואַל פון זיין טעמאַטיק, אַזאַ בונטקייט פון טיפן, סיטואַציעס, שילדערונגען; אַ אַ פאַרשיידנקייט אינם אויסוואַל פון צייט, סביבות, לענדער, שיכטן און עפּאָכעס פון וואַנען צו שעפן מאַטעריאַל פאַר זיינע דערציילונגען און ראָמאַנען, ווי יוסף מאיר אָפּאַטאָשו באַזיצט, פאַרמאָגן איצט צו־טאָג זייער ווייניק יידישע שריפטשטעלער — דאָס דאָזיקע, צוזאַמען מיט דער מייסטערשאַפט פון זיין עצם שרייבן, געבן אים רעכט צו טראָגן דעם נאָמען פון וועלט־שרייבער אין דער יידישער ליטעראַטור.

.1937



# תנ״ך אין יידיש

אזא ריזיקע ארבעט איז עס, וואָס דאַרף און קען באַרייכערן יידיש מיט טויזנטער און טויזנטער נייע פאָרמען פון אויסשפּראַך, נייע טערמינען פאַר באַגריפן, נייע אופנים פון סינטאַקסישן געבוי, אַזעלכע וואָס זיינען שוין לאַנג פאַרגעסן געוואָרן אין אמתן יידיש. זינט יידישע קינדער האָבן אויפגעהערט גיין אין די חדרים און לערנען ביי „אַרכאַאישע" מלמדים תורה, נביאים וכתובים אין יענער יידישער פאַרטייטשונג, — ניט איבערזעצונג, נאָר פאַרטייטשונג — וועלכע נאָר אונדזערע פּאַרציטיקע מלמדים האָבן געקענט, געוואוסט און פאַרשטאַנען, ווי מאַכן פאַרשטיין עס דעם קינד.

די דאָזיקע טייל פון אונדזער אמתער יידישער שפּראַך איז געווען, אַזוי צו זאָגן, די פייערלעכסטע טייל אירע. עס איז אָבער געווען אַ מין תורה שבעל פה: זי איז פון מלמדים געלערנט געוואָרן מיט יידישע קינדער אין פּאַרציטיקע חדרים און זי פלעגט ווערן איבערגעגעבן אויף אויסנווייניק. קיין תורה שבכתב איז זי כמעט ניט געווען. געשריבן האָט מען העברעאיש, אָדער יידיש, וואָס איז איבערגעמיישט געווען מיט ספּעציעלע העברעאישע אויסדריקן, וואָס האָבן צוגעגעבן אַ באַזונדערן חן און געשמאַק דעם יידישן; אָבער דעם יידישן תורה-לשון און נביאים-פאַרטייטשונג האָט מען נאָר אין חדרים באַניצט. נאָר ביי תנ״ך-פאַרטייטשונגען, באַגלייט מיט אַ ספּעציעלן ניגון, וואָס האָט אַריינגעדרונגען אין קינדס האַרץ, אין קינדס מוח, געשאַפן אַ באַזונדערע אַטמאָספערע, אַ מין באַזונדערע איינהילונג, אַ באַזונדערע שטימונג, וועלכע האָט מיטגעהאָלפן; און געמאַכט, אַז די קינדער זאָלן פאַרשטיין די ווייטע פאַר זיי באַגריפן און זאָלן באַנעמען — אויב ניט דורכנעדרונגען ווערן מיט דעם אויפ׳ען אין מהות פון אַזעלכע זאַכן און צושטאַנדן, וואָס זיי האָבן פאַר די אויגן קיינמאָל אליין ניט געזען און וואָס האָבן געמוזט קלינגען פאַר זיי אין אַבסטראַקט, — צום ביישפּיל:

אשה — אַ פייער-אָפּפער; עולה — אַ בראַנדאָפּפער; שלמים — אַ פריד-אָפּפער; מעקה — אַ געלענדער; זדון — מיטווייליק; בליעל — אַ שאַלקהאַפטיקייט; במרמה — מיט שלויהייט; תועבה — אַן אומווירדיקייט; לשחת — צו מאַכן פאַרדאַרבן; רק — נייערט; אמנם — פאַרוואָר; וימרדו — און זיי האָבן געטון ווידערשפּעניקן; חן — ליטזעליקייט; רחמים — באַרימהאַרציקייט; לאמר — אַזוי צו זאָגן; אשרה — אַ לינדנבוים; קטורת — רעמפּפן; וישכם — און ער האָט זיך געפעדערט; בראשית — אין אָנפאַנג; לבונה — ווייערויך.

איז עס געווען אַ מין תורה שבעל פה — די אמתע פאַרטייטשונג פון דער תורה, וואָס אין משך פון דורות און יאָרן איז זי איבערגעגעבן געוואָרן, אומאָפּגעטיילט פון דעם „פנים" פון תנ״ך צו אונדזערע קינדער אין די חדרים,

און אין זייער מוח, צוזאַמען מיטן טעקסט פון דער תורה איז זי איינגעקריצט גע־וואָרן ביז עס איז געוואָרן איין גאַנצעס, איין תורה, אַ מין תורה אין יידיש, וואָס יידישע קינדער — ניט פון וואָוילקענענדיקע רעד איך, נאָר פון די „פּאַרגרעבטס־טע" אפילו, פון דעם המון עם, וואָס גלייך פון חדר זיינען זיי געגאַנגען לערנען אַ מלאכה, אָדער צו שווערער אַרבעט — האָבן געקענט אינגאַנצן, אָדער שטיקער־ווייז, און דאָס איז געווען זייער דערהויבנקייט, זייער נשמה־יתירהדיקייט, דאָס איז געווען זייער יום־טובדיקער יידיש אויף לעבנלאַנג.

אַ תורה שבעל־פּה איז די דאָזיקע אייגנאַרטיקכטע און יידישסטע פּאַרטײַ־טשונג פון חומש און נביאים געווען, אין משך פון דורות, און עס איז אַזוי פאַר־בליבן אַ תורה שבעל פּה, אויך שפּעטער, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן שוין דער אויפבלי פון יידישער ליטעראַטור; מען איז ניט געגאַנגען צו די אורקוואַלן פון יידישן לשון, צו דער פאַרטייטשונג פון תנ"ך, וואָס האָט געלעבט אין דעם מויל פון אונדזער פאָלק, מען האָט זיך ניט באַנוצט מיט דעם דאָזיקן יידישסטן סטיל פאַר דער באַשיינונג פון אונדזער ליטעראַטור. נאָר מען איז אַוועק אויף אַנדערע דרכים — די תורה שבעל־פּה פאַרלאָזט און גענומען זיך צו „פאַרשענערן" יידיש דורך איינפירן אין איר אויסדרוקן, אַ סינטאַקסישן געבוי פון זאַצן, וואָס איז ניט אַלעמאָל און ניט דורכאויס אייגן דעם גייסט פון אונדזער לשון; און דאָס פאַראַנענע, און דאָס גרייטע, האָט מען פאַרגעסן, דעם אמתן סטיל פון יידיש, וואָס האָט זיך געוועבט דורות־לאַנג אין דער הונדערט־פּראָצענטיקער יידישער סביבה פון די חדרים און בתי־מדרשים, ביים תורה־לערנען, מקרא־הערן פון די מגידים און דרשנים און ביים תהילים־זאָגן.

געציילטע פּאַרזובן זיינען אינם משך פון די דורות יאָ געמאַכט געוואָרן די דאָזיקע תורה שבעל־פּה צו פיקסירן אין כתב: דער צאינה וראינה, וואָס האָט אַזאַ ריזיקן דערפאָלג געהאַט ביי אונדזערע מאַמעס און שוועסטער פון די פאַרגאַנגענע דורות ביז אונדזער דור כמעט, איז געווען אַזאַ מין פאַרזוך. אַ מין חומש מיט מדרש און אגדתאָס צוזאַמען, פאַר ווייבער באַשטימט. דער מחבר האָט זיך אָוועקגעלאָזט אויף פרייע פליגל פון זיין פאַנטאַזיע, אָבער גע־שאַפן האָט ער אין דער אמתן יידישן סטיל פון דער תנ"ך־פאַרטייטשונג.

איינצלנע פאַלן זיינען ניט בכוח געווען צו פאַרוואַנדלען די תורה שבעל־פּה פון דער תנ"ך־פאַרטייטשונג אין אַ תורה שבכתב, וואָס זאָל גענוצט און קול־טיווירט ווערן אין אונדזער מאָדערנער ליטעראַטור — און אַזוי זיינען פאַרבליבן אָפּגעזונדערט און אומאויסגענוצט די רייכסטע קוואַלן פון אונדזער מינדלעכער פאָלקס־שאַפונג.

און אַזוי ווי די דאָזיקע מינדלעכע למודים, די ספּעציעל „פרייע שאַפונג" אויף דעם געביט פון ביבל־פאַרטייטשונג, ווערן וואָס ווייטער אַלץ ווינציקער און ווינציקער ווערט די צאָל פון די יידישע קינדער, וואָס לערנען אין אַזעלכע חדרים „חומש מיט היבור", מיט פאַרטייטשונג, און וואָס ווייטער ווערט אַלץ מער פאַרשוואונדן די ספּעציעלע סביבה און באַזונדערע שטימונג, וואָס אַזעלכע חדרים זיינען ביכולת געווען צו שאַפן, איז קלאָר, אַז דער דאָזיקער גינגאָלדענער טייל פון יידיש־לשון, וואָס האָט זיך אין און אַרום דעם חדר געשאַפן, אויף די קני

פון דעם תנ"ך און זיין פאַרטייטשן אויף יידיש, אין דער גייסטיקער ריינקייט און ציכטיקייט פון אמתער יידישקייט און וואָס איז אַזאַ אומדערשעפּלעכער אוצר פון אויסדריקן, ווערטער שפּראַך-באַגריפן, איינגאַרטיקע פּראָזן-גענגען, קורצע און קאָנקרעטע מאַדיזמען פאַרווייטע און אַבסטראַקט-פרעמדע קענטשטאַנדן, וואָס איז ביז איצט פאַרבליבן כמעט ווי פרעמד און כמעט אומבאַנוצט פון אונדזער ליטעראַטור, וואָלט כוה-כל-סוף פאַרגעסן געוואָרן און פאַרלוירן געגאַנגען פאַר דעם הווה און צוקונפט פון אונדזערע שאַפונגען אין יידיש.

אַ תורה שבעל-פה קאָן זיך אָנהאַלטן אַ געוויסע צייט. דערנאָך מוז עס פאַרגעסן ווערן, אויב עס ווערט ניט פיקסירט אין שריפט.

ענלעכעס האָט מיט אַן אַנדער פאָלקס-שאַפונג געטון מיט איבער זיבעצן-הונדערט יאָר צוריק רבי יהודה הנשיא, וואָס האָט פאַרצייכנט און מסדר געווען די דאַמאָלסטיקע שאַפונג אין די ישיבות, די מינדלעכע לערע פון די אבות פון פאָלק, פון זיינע לערער — אין די זעקס סדרים פון דער משנה. דער זעלבער צוועק איז פאַרפאָלגט געוואָרן מיט עטלעכע הונדערט יאָר שפּעטער, צוריק מיט אַזעלכע פערצן-פופצן הונדערט יאָר, בעת מען האָט פאַרענדיקט מסדר צו זיין און געשלאָסן דעם תלמוד בבלי; עס זאָל ניט פאַרגעסן ווערן די שאַפונגען פון די לערער פון פאָלק; די שאַפונגען וועלכע האָבן ביז דאַן געהאַט נאָר אַ מינדלעכע פאַרשפּרייטונג אין די חדרים, אין די ישיבות, אין די בתי מדרשים, ביי די דרשות, וואָס מען פלעגט דרשנען עפנטלעך פאַר גרויסע פאָלקס-פאַרזאַמלונגען, אין באַשטימטע פעריאָדן פון יאָר.

ענלעך צו דעם איז די באַדייטונג פון דער גרויסער אַרבעט, וואָס יהואש, דער דיכטער פון יידישן געדאַנק, דער פּאָעט, דער אינטעלעקטואַליסט, האָט אויף זיך גענומען צו דורכפירן: איבערזעצן, פאַרטייטשן די ביבל אויף דער שפּראַך פון יידישן פאָלק און דערביי באַנוצן זיך פאַר דעם מיט די אַלע אוצרות פון פאָלקס-לשון, וואָס זיינען אָנגעזאַמלט און געשאַפן געוואָרן אין משך פון דורות, ווען תורה איז געלערנט געוואָרן בכל תפוצות ישראל, אויף יידיש, אויף אַמתן יידיש, הגם די לערער און מלמדים, ווי אמתע קינסטלער פון אונדזער יידיש לשון האָבן געשאַפן בלינדערהייט, אומבאַוואוסט יניקערהייט, און זיך קיין רעכענונג ניט אָפּגעגעבן פון די אוצרות, וואָס זיי גרייטן צו פאַר דעם עתיד פון אונדזער פאָלקס-לשון.

יהואש, מיט זיין באַזונדערן חוש פאַר שפּראַכן-קענטעניש און שפּראַכן-פאַרשטענדעניש, און מיט זיין שאַרפער אינטואיציע, האָט באַגריפן, האָט גוט אָפּגעשאַצט דעם אייביקן ווערט פון דעם פאָלקס-אוצר, פאַר דער פאַרשענערונג פון יידיש, פאַר דער פאַרברייטונג און באַרייכערונג פון יידיש און ער האָט געזאָרגט, אַז עס זאָל פון יידיש אין יידן ניט פאַרגעסן ווערן דער דאָזיקער ווי-ציאָנאַלער ווערט: די פאָלקסטימלעכע פאַרטייטשונג בעל־פה פון דעם תנ"ך; און ער האָט באַטראַכט צו אָפּהיטן איר אין דער זעלבער כלי, אין דעם זעלבן מקור, אויף דעם זעלביקן באָדן, אויף וועלכן זי איז געשאַפן געוואָרן — אין איין צוזאַמען מיטן תנ"ך: איבערזעצן די תורה אויף יידיש, אַזוי ווי מען פלעגט זי ביז גאָר ניט לאַנג צוריק פאַרטייטשן בכל תפוצות ישראל, כדי די אָנגעזאַמלטע

אוצרות זאָלן שוין ניט נאָר ניט פאַרגעסן ווערן, נאָר אדרבה, אָפּן און צו דער האַנט צוגענגלעך ווערן פאַר יעדן ייד, וואָס וויל קענען די תורה אין יידיש, און אַזוי, אַז עס זאָל ווי ווייט מעגלעך ניט געמינערט ווערן איר נאָענטקייט צו דעם מקור, נאָענטקייט אין זין פון פּינקטלעכער, פּרעציזער און ווערטלעכער פאַרטייטשונג.

א שווערע, אַ געוואַגטע אויפגאַבע, אַ צו-גרויסע אפשר פאַר די כוחות פון איין מענטשן.

זיינען מיר, אָבער, יידן, שוין געוואוינט געוואָרן, אַז ביי אונז זאָל איין מענטש אָנלאָדן אויף זיינע פּלייצעס אַזעלכע שווערע אונטערנעמונגען, וואָס ביי די אומות העולם איז עס אַן אַרבעט פאַר אַ גאַנצער קאָרפּאָראַציע פון ווי-סנשאַפטסלייט, פאַר אַ פולער אַקאַדעמיע. מיר האָבן קיין אַנדער ברירה ניט

האָט יהואש גענומען אויף זיך די אַרבעט פון איבערזעצן — א י ב ע ר-נ י ס ן, וואָלט בעסער געווען צו זאָגן — גאַנץ תנ"ך אין יידיש, און פאַרציי-כענען בכתב, דורך דער דאָזיקער פאַרטייטשונג, פאַר אונדזערע און די קומענ-דיקע יידישע דורות, די גאַנצע בעל פּה פאַרטייטשונג פון דער תורה, וואָס האָט אָנגעהאַלטן דורות צענדליקער אין אונדזער אומה, פון די פאַרצייטיקע ערשטע גלאָסאַרן אין „יידיש-דויטש" ביזן ביאור פון משה מענדעלסאָן.

און ער האָט פאַרענדיקט זיין אַרבעט איינצייטיק מיט זיין ערדישן לעבן: אַן אַרבעט פון אַ גאַנץ לעבן: פשוטו כמשמעו...

פאַר יהואשן האָט אַן ענלעכע אויפגאַבע דערוויזן צו דורכפירן מאַרטין לוי-טער, דער פאָטער פון דער רעליגיע-רעפאָרמאַציע: זיין איבערזעצונג פון דער ביבל אויף דייטש איז פון דער געשיכטע פון אַלע פעלקער פאַרצייכנט געוואָרן אַלס אַן איבערמענטשלעכע אַרבעט, וואָס האָט אריינגעגאָסן אַ נייע לעבנס-זאַפט, נייע קרעפטן אין דער דייטשער שפּראַך, האָט באַרייכערט, דערהויבן די שפּראַך, האָט אָנגעצייכנט פאַר איר אַ נייעם סטיל און נייע ברייטע האָריזאָנטן פון שאַפונג.

פאַר זיין איבערזעצונג פונם תנ"ך, האָט יהואש זיך באַנוצט ניט נאָר מיט דעם, וואָס איז אין יידיש געשאַפן געוואָרן פאַרן עצם פון דער תורה-פאַרטייטשונג. נייערט ער האָט אויך אריינגעבראַכט אין איר די פאַסיקע און גוטע אויפטואונגען, וואָס זיינען אויף דעם געביט פון ביבל-פאָרשונג דערגרייכט געוואָרן, אַזוי, אַז די איבערזעצונג יהואשס, איז שוין ניט נאָר אַ פאַרטייטשונג, נאָר צוזאַמען אויך אַ פירוש, אין ליכט פון דער מאָדערנסטער ביבל-קריטיק און ביבל-פאָר-שונג, אויף דער תורה: די אומקלאָרע, צומאָלס, טונקעלע אומפאַרשטענדלעכע שטעלן, פאַרגרייזטע פסוקים אין די נביאים און אין תורה, די פאַרשיידענע נוסחאות אין געוויסע ערטער, און די מעגלעכע השערות פון ביבל-קריטיקער, ארויסגעזאָגטע צו באַשיידן אין אַזעלכע פלעצער אין דעם תנ"ך — אויב זיי האָבן נאָר אַ גרונט פון וואַרשיינלעכקייט. — האָט יהואש פריער נאָכגעפאָרשט, דערקלערט פאַר זיך אַליין פריער, און מיט זיין קריטעריום פון אַ גרינטלעכן שפּראַך-קענער, האָט ער דערוויזן צו אָננעמען די סברות און די מכקנות, וואָס

לאָזן זיך, וואָס ליגן זיך אויפן שכל און ער האָט פאַרוואָרפן די פילע, וואָס זיינען פרעמד דעם יידישן אויער, דעם יידישן טעם און דער יידישער הבנה.

---

דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז מיט איינִיקע טעג פריער, איידער עס איז דערהאַלטן געוואָרן די ידיעה פון יהואשס טויט, זאָל דאָ אין בוענאָס איירעס באַקומען ווערן דער ערשט-דערשינענער חומש פון יהואשס איבערזעצונג, אַרויס-געגעבן אין צוויי פראַכטפולע בענדער פון פאַרלאַג „תנ"ך". האָבן מיר דאָ, אַ דאַנק דעם די מעגלעכקייט צו זען דעם ערשטן טייל פון יהואשס לעבנס-ווערק אין אַ שיינעם רהבותדיקן, קלאַסישן בוך-פאָרמאַט, דערשינען, מיט פולקאָמער הגהה; די תנ"ך-איבערזעצונג איז, ביז תרי-עשר אויך שוין פאַרעפנטלעכט געוואָרן, אין המשכים אינם ניו-יאָרקער „טאָג".

די געזאַמלטע אָנמערקונגען און מסקנות פון ביבל-קריטיק, און ביבל-פאָר-שונג, וועלכע באַציען זיך צום תנ"ך, וועט, לויט מען אָנונסירט, דערשינען באַ-זונדער אין צוויי בענד.

דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות האָט נאָכגעפאָלגט יהואשס חומש און תנ"ך-פאַרטייטשונג, די גאַנצע צייט, זינט זיי ווערן פאַרעפנטלעכט אין המשכים, אין ניו-יאָרקער „טאָג". און איצט, האָבנדיק ווידער דורכגעקוקט גרינטלעך די דאָזיקע פראַכטפולע צוויי בענדער פון יהואשס חומש — תורה אין יידיש — ווייסט ער באמת ניט וואָס פריער צו באַוואונדערן:

צי די גרויסקייט און שטאַרקייט פון דעם ווילן פון יהואשן, וואָס האָט דורכגעפירט איינער אַליין דאָס כמעט אומדורכפירבאַרע פאַר די כוחות פון איין פערזאָן;

צי דעם כוח, דעם באַהאַלטענעם וואונדערלעכן כוח אין די פאַרבאָרגן געוועי-זענע יאָרנלאַנג רייכקייט אין פאָרמען און איבערדריק-מאָדיזמען, וואָס אונדזער יידיש-לשון, פאַרוויגטע אַלס אַן אָרימע אומביגזאַמע שפּראַך, פאַרמאָגט אין זיך, אַזאַ רייכקייט אין פאַרבן און שפּראַך-מאָדימען, אַז עס זאָל דורך איר אויסגעדריקט ווערן די קורצקייט און געפרעסטקייט און איינציייטיק די שלימות און פרעציזקייט פון דעם קלאַסישן העברעאיש פון תנ"ך.

עס איז אַ וואונדער אַ צווייפאַכער, דאָס וואָס יהואש האָט דערוויזן צו דורכפירן; אַ וואונדער פון שפּראַכן-קענטעניש אין פּראַקטישער אָנווענדונג, און אַ וואונדער פון התמדה און אַרבעטסזאַמקייט.

און בלעטערנדיק מיטן גרעסטן יראת הכבוד אין יהואשס חומש אין יידיש, קומט מיר אויפן געדאַנק, אַז די ערשטע, וועמען דאָס דאָזיקע ריזיקע ווערק וועט ברענגען תיכף ומיד די גרעסטע ניצן, איז גראָדע ניט אונדזערע שול-קינדער, נאָר איינציייטיק דעם יידישן פשוטן פאָלקס-מענטש, וואָס „קען ניט קיין פסוק חומש" אין וועט עס זוכן צו לערנען פון יהואשס פאַרטייטשונג און אויך אין אַ גרע-סערער שטופע נאָך, און תיכף און אומפאַרזאַמט די יידישע ליטעראַטן: בעלע-טריסטן ווי זשורנאַליסטן, דיכטער ווי פאָרשער; שרייבער וועלן לייענען דעם חומש, און באַוואונדערנדיק די דערגרייכונגען פון סטיל, צו וועלכע יהואש איז אין זיין אַרבעט געשטיגן, וועלן זיי זיך אין דעם דאָזיקן נייעם יידישן שפּראַך-

אוצר, וואָס יהואש האָט אנטדעקט און אנטפּלעקט, קענען אינספּירירן: נייע פאָרמען, נייע אויסדריקן, נייע פארגלייכונגען, נייע יידיש שביידישע אייגנאַר-טיקע אופנים פון שרייבן געפונען. וועט עס אַ נייעם הויך געבן אונדזער לי-טעראַטור; עס וועט אריינגיסן אַלטן געשמאַקן, דופטיקן, שטאַרקן וויין אין די מאָדערנע, נייע לאָגלען פון אונדזער יידיש-לשון.

פון יהואשס תנ"ך איבערזעצונג וועלן יידישע שרייבער, דיכטער, פּובלי-ציסטן, דערציילער, זשורנאַליסטן א. א. וו. קענען לערנען ווי מען שרייבט יידיש, אַז עס זאָל זיין יידיש טאַקע אינגאַנצן; אָפּגערעדט פון דעם, אַז דער תנ"ך אויף יידיש וועט באַרייכערן די אינספּיראַציע פון אונדזערע דיכטער און וועט עפענען פאַר זיי נייע האָריזאָנטן, אמת - יידישע, אַלט-יידישע, אָן אַ שמץ פון פרעמדע אָנווייאונגען, יידישע ווי יידיש עס איז דער סאַמע אורקוואַל פון אונדזער נאַציאָנאַלער שאַפונג.

.1927



# דער שרייבער וואָס איז געווען לויטער געזיכט

## עפּעס וועגן א. קאַראַלניק

— 1 —

„היינט אינדערפרי איז פון אַ האַרץ-שלאַג געשטאָרבן דר. א. קאַראַלניק".

לייען איך איבער נאָכאַמאָל די דאָזיקע פּראָזע פון דער דרינגענדיקער טעלעגראַמע, וואָס איז דערהאַלטן געוואָרן ביי אונז אין רעדאַקציע פון ניו-יאָרק, פּריציטיק האַלבן טאָג. לייען איבער די ביטערע בשורה וועגן דער נייער גרויסער אבידה וואָס די יידישע ליטעראַטור האָט געליטן. עס גלויבט זיך ניט; עס ווילט זיך ניט גלויבן; דער געדאַנק, דאָס גאַנצע וועזן רעסיסטירט זיך צו גלויבן אין דער דאָזיקער מוראדיקער בשורה, וואָס קומט אָן אַזוי פּלוצים, אַזוי אומגעלומפּערט, אַזוי אומדערוואַרט...

דר. א. קאַראַלניק איז געשטאָרבן!

מען האָט געוואוסט, אַז ער איז לעצטנס געווען עטוואָס ניט געזונט, שוואַך זיך געפילט — אָבער קיינער האָט ניט געקענט דערוואַרטן אַזאַ אומגליק.

אַזוי לעבנסלוסטיק, ביי דעם עצם כקעפּטיישקייט אין זיין סטיל פון שיינשרייבן, ווי ער איז געווען; אַזוי לייכט, אַזוי שמייכלענדיק, ביי דעם גאַנצן העלן טרויער, וואָס איז ווי אַ דין-דינער דורכזיכטיקער שלייער אויסגעשפּרייט געווען אויף די עסייען און פעליעטאָנען, וואָס ער האָט די לעצטע יאָרן פאַרעפנטלעכט אין ניו-יאָרקער „טאָג" און אין „די אידישע צייטונג" וואָך-איין וואָך-אויס... ווער וואָלט געזאָגט, אַז דאָס שמייכלט צו אונז, אַזוי סקעפּטיש-קלוג, אַזוי ווייך-מילד, אַזוי אַלץ-וויסנדיק, אַלץ-זעענדיק, אַלעס-פאַרשטייענדיק און פאַרגעבנדיק, אַ מענטש וואָס שטייט מיט איין פוס ביים ראַנד פון לעבן און וועלכער קוקט אַריבער מיט זיין בליק און פאַרשטאַנד פון אַ שיין-שרייבער, לייכט-שרייבער און טיף-שרייבער פון יענער זייט פונם לעבן, וואָס ער האָט אַזוי גוט, אַזוי טיף פאַרשטאַנען?

אַזוי פריציטיק געשטאָרבן... אַזוי פּלוצים פאַרשוואונדן פון צווישן די לעבעדיקע, אַזוי אומדערוואַרטעט פאַרשוואונדן, ווי אומדערוואַרטעט ער האָט זיך באַוויזן אויף דער אַרענע פון דער יידישער עסייאיסטיק, ווען ער איז שוין געווען גרויס און באַרימט אין דער ניט-יידישער ליטעראַטור פון דעם זעלביקן זשאַנר.

געשטאָרבן!

עפּעס קלינגט עס אַזוי מאָדנע: דער מענטש, וואָס איז אין שרייבן געווען פול מיט לעבן, דורכאויס לעבן, וואָס האָט רעאַגירט אַזוי פיין-שפּילעוודיק, אַזוי שטימונגספול אויף אַלע רעגונגען און אָנרעגונגען פון לעבן — איז מיטאַמאָל, פּלוצים געבליבן פון יענער זייט פון לעבן... עפּעס קלינגט עס אַזוי מאָדנע אומגלויבלעך.

און עס קומט מיר פּלוצים אויפן זכרון די ווערטער קאָראַלניקס, פון זיין עסיי וועגן שעקספּירן, ווען ער רעדט וועגן שעקספּירס אידייאישער וועלט:

„ביי אים איז ניטאָ קיין א י י ן אידייע, סאיז אַ ים, סאיז דאָס לעבן אַליין מיט אַלע זיינע ווידערשפּרוכן, מיט אַלע זיינע יאָ און ניין, מיט זיין קינדיש לאַכן און אַלט-קלוגן שמייכל. אַלצדינג געפינט מען דאָרט. סאיז אַ ים“.

און גלייך נאָכדעם אַ צווייטע:

„ער איז אַ רעטעניש, זיין שאַפן איז אַ רעטעניש. דורכדרינגען זיין טיפן סוד וועלן מיר קיינמאָל ניט קענען. מיר קענען אים נאָר אונז פאָרשטעלן, מער צי ווייניקער, אין שפּיגל פון זיין טויט“.

פאַרוואָס זיינען מיר נעקומען אויפן זכרון דווקא די דאָזיקע ווערטער קאָראַלניקס אינם מאָמענט ווען כהאָב איבערגעלייענט דעם דערשטוינענדיקן אָנזאָג וועגן זיין פּלוצימדיקן טויט? אפשר דערפאַר, ווייל אין זיי איז פאַראַן אַ גע-וויסע אומדירעקטע כאַראַקטעריסטיק וועגן אים אַליין, וועגן קאָראַלניקן, דעם עסייאיסט, דעם א יי נ צ י ק ן אין זיין גלאַנץ און אין זיין זשאַנר אין דער יידישער ליטעראַטור?

ריכטיק: עס איז געווען ביי מיר אַן אומווילקיקע אידייען-פאַרבינדונג, וואָס איז ספּאָנטאַן אַרויפגעשוואומען אין דער ספערע פונם באַוואוסטזיין, ביים ערשטן קאָנטאַקט מיט דעם דערשיטערנדיקן אָנזאָג וועגן קאָראַלניקס טויט:

ער איז אַ רעטעניש. זיין שאַפן איז אַ רעטעניש, אפשר וועלן מיר קענען מער-ווינציקער פאַרשטיין אים אין דעם שפּיגל פונם טויט...

און ווען איך וואָלט געטראַכט אָדער געזוכט אַן עפּיגראַף צו אויפשרייבן איבער די דאָזיקע אָפּגעריסענע שורות, געשריבענע אונטערן ערשטן שווערן רייעס פון דער ידיעה וועגן זיין טויט, וואָלט איך אָט די דאָזיקע פראַזע אויפ-געשריבן:

„ביי אים איז ניטאָ קיין איין אידייע, סאיז אַ ים. סאיז דאָס לעבן אַליין מיט אַלע זיינע ווידערשפּרוכן, מיט אַלע זיינע יאָ און ניין, מיט זיין קינדיש לאַכן און אַלט-קלוגן שמייכל; אַלצדינג געפינט מען דאָרטן. סאיז אַ ים“.

און כדענק, אַז דאָס וואָלט געווען אַ טרעפלעכע און קורצע כאַראַקטעריס-טיק — און אַזעלכע האָט קאָראַלניק ליב געהאַט — וועגן א. קאָראַלניק, דעם גלאַנץ פון דעם יידישן עסיי, וועגן א. קאָראַלניק, דעם יי ד י ש ן מ אָ נ ט ע ן, וואָלט איך געזאָגט, דעם יידישן מאָנטען, וואָס האָט מאָנטענען, — דעם פּאַטער און שאַפער פון דעם עסיי, אַלס ליטעראַרישער זשאַנר אין דער וועלט-ליטעראַ-טור — איבערגעשטיגן אין פּראַכט, אין גלאַנץ, אין דינקייט, אין פאַרטרוימטקייט.

אין רייכקייט פון אידייען, אינם שאַרפזין פון זיין סקעפּטיציזם, אין דער טיפער שטימונג וואָס עס רופט אַרויס דער זאַנפטער, קלוגער, דערקוויקנדיקער הומאָר, וואָס איז איבערגעשפּרייט געווען אויף זיין שרייבן און פון וועלכן עס האָט געשלאָגן, ווי פון אַ מעין המתגבר לעבנס-חכמה; וועגן א. קאַראַלניק, דעם שעפער פונם עסיי אין דער יידישער ליטעראַטור, פונם עסיי, וואָס איז דערהויבן געוואָרן דורך אים צו דער הויכער מדרגה פון אמתער קונסט.

— 3 —

קאַראַלניק איז געקומען צו דער יידישער ליטעראַטור ניט ווי דער דרך־העולם איז פון אַ שריפטשטעלער צו קומען צו אַ ליטעראַטור: ער איז אין איר ניט געוואַקסן; ער איז ניט דורכגעגאַנגען אין איר קיין אַנטוויקלונגס-סטאַדיעס, ווי יעדער שרייבער מאַכט עס געוויינלעך דורך; ער איז אין איר, אין דער יידישער ליטעראַטור ניט געווען קיין אָנפאַנגער, קיין שרייבער-קינד, כדי דערנאָך גרויס און רייף צו ווערן, אין זיין הערלעכער אַנטוויקלונג. ער איז געקומען צו אונז שוין אַ גרויסער, אַן אַנטוויקלטער, אַ באַרימטער, אַן אָנערקענטער פון דעם יידישן פּובליקום וואָס לייענט תמיד פרעמדע שפּראַכן מער ווי זיין שפּראַך און גיט מיט מער ברייטקייט און ברייטהאַרציקייט אָנערקענונג פאַר זיינע גרויסע, ווען ער דערקענט זיי און לייענט זיי אויף אַ פרעמד־שפּראַכיקער ליטעראַרישער אַרענע... ער איז געקומען צו אונז שוין אַ ברייט-באַרימטער אויך ביים ניט-יידישן פּובליקום; אַ באַרימטער אין דער רוסישער שיין-פּובליציסטיק, וואו ער האָט מיטגעאַרבעט אַלס אויסלענדישער קאָרעס-פּאָנדענט, אינם ליבעראַלן, קאַדעטישן „רעטש“ אַ באַרימטער אין דער דייטשער שיין-פּובליציסטיק, וואו ער האָט מיטגעאַרבעט, נאָך דער ציוניסטישער „וועלט“, אין די וויכטיקסטע דייטשע צייטשריפטן און צייטונגען.

ער איז אַריינגעקומען אַ גרויסער, אַ באַרימטער, אַ ברייט-אָנערקענטער אין דער אָרעמער וואוינונג פון דער יידישער ליטעראַטור; זי איז געווען פאַר אים, לכתחילה, צו-אָרים, צו באַשיידן אַביסל. פרעמד אָבער האָט ער זיך קיינמאָל ניט געשפּירט אין איר — ווי אייניקע האָבן לכתחילה, באַלד נאָך זיין אַרויפקומען אויף דער בינע פונם יידישן עסיי, גערעכנט — ער האָט זיך נאָר געשפּירט מאָדנע עטוואָס; ניט איינגעוואוינט, ניט צוגעוואוינט, וואָלט איך געזאָגט. ער איז געוואוינט געווען צו גרעסערס, צו ברייטערס, צו אַ מער אים-פּאָזאַנטן פאַרנעם, צו אַ מער רחבותדיקן היכל פאַר דער שיין-פּובליציסטיק, ווי די באַשיידענע וואוינונג, וואָס דער יידישער עסייאיסטישער זשאַנר האָט אים געקענט ליפערן, דאַן אין יאָר 1915.

אַ פרעמדער אָבער איז ער ניט געווען, ווייל ער האָט נאָך מיט אַזעלכע צוועלף־פופצן יאָר פאַר דעם געשריבן אין אברהם רייזענס אַ זאַמלבוך אין קראָקע, יידיש, און נאָך אין יאָר 1912, האָט ער פאַר דעם „העתיד“ הורוויצעס אָנגעשריבן אין העברעאיש אַ קאַפּיטאַלע מאָנאָגראַפיע וועגן אונדזער „צענטראַל-פּראָגע“ — די עקזיסטענץ פון יידנטום און די פּראָגע פון אַסימילאַציע און נאַ־

ציאָנאַליזם, וואָס איז דאַן געווען אַקטועל אין דער בעסערער העברעאישער פּובליציסטיק.

קיין פּרעמדער איז ער קיינמאָל ניט געווען אין דעם בנין פון דער יידישער ליטעראַטור; מער ניט, ווי איינער וואָס האָט יאָרנלאַנג פּאַרווײַלט אין דער פּרעמדה, געוואוינט און אַקטואירט צווישן רייכע, אין דעם רייכן היכל פון דער דייטשער און דעם געררימען שיינעם פּאַלאַץ פון דער רוסישער פּובליציסטיק, וואו ער האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ, האָט ער זיך לכתחילה געשפּירט ניט צוגעוואוינט צו דער אָרעמקייט, וואָס האָט דאַן געהערשט אויף אָט דעם געביט אין אונדזער פּובליציסטיק.

ניט ווי אַ פּרעמדער און ניט ווי אַ גאַסט — ווי מען האָט אים לכתחילה באַטראַכט אין דער יידישער ליטעראַטור — איז קאָראַלניק צוגעקומען צום יידישן עסיי-שאַפן אין ניו-יאָרק, נאָר ווי אַן אייגענער, וואָס איז יאָרנלאַנג געווען אין דער פּרעמד, אַ מין „נשבה לבין העכום“, און איז געוואוינט געוואָרן צו אַ מער רהבותדיקער ליטעראַרישער שאַפונגס-אַטמאָספערע, צו אַ ברייטערער פאַרנעמפּולער קינסטלערישער סביבה. האָט עס געמוזט נעמען אַ קורצע צייט ביז ער זאָל זיך צופּאַסן צו דעם אָרעמיקן שטייגער און די אָרעמיקע ליטעראַריש-עסייאיסטישע סביבה צו אים...

און דאָס איז אים געלונגען אין אַזאַ ברייטער מאָס, אַז קאָראַלניק איז איינס-און-צוויי, געוואָרן דער געלייענטסטער שיין-שרייבער פון דער יידישער אינטעליגענץ אין אייראָפּע און אין ביידע אַמעריקעס. און קאָראַלניק איז געוואָרן דער עסייאיסט פּאַר עקסעלאַנס אין דער יידישער בעלעטריסטישער פּובליציסטיק, וואָלט איך געזאָגט.

אויב סאיז אפילו ניט דערלאָבאַר אַזאַ מין אויסדרוק, אַזאַ מין באַצייכנונג, איז עס וועגן קאָראַלניקן יאָ דערלאָזבאַר, ווייל דאָס איז, אייגנטלעך, די באַצייכנונג וועגן זיין זשאַנר, וועגן דעם זשאַנר, וואָס ער, דער ערשטער און ביז איצט דער איינציקער כמעט, האָט געשאַפן און אַנטוויקלט אין דער יידישער ליטעראַטור: בעלעטריסטישע פּובליציסטיק. עסיי, וואָס מער ווי עסיי איז עס בעלעטריסטיק, געשריבן אויף אַקטועלע טעמעס און וועגן פּערזענלעכקייטן אין דער ליטעראַטור און אין דער געזעלשאַפט: בעלעטריסטיק געשריבן אין אַ שיין־פּובליציסטישער פאָרם, מיט אַ סקעפּטיש-פילאָזאָפישן, שטיל-טרויעריקן און שטיל-שמייכלענדיקן צוגאַנג און באַלויכטונג פון די ענינים.

ניט קיין פּרעמדער, ניט קיין גאַסט, נאָר אַן אייגענער, וואָס איז ווידער געקומען נאָך יאָרן פון אָפּוועזנהייט און געבראַכט מיט זיך, אין דער היימישער, באַשיידענער וואוינונג, פון כל טוב, וואָס ער האָט אין דער פּרעמד געזען, פאַראייגנט, אָפּגעשפּאָרט און אָנגעזאַמלט, דאָרטן אין דער רייכער וועלט.

קאַראַלניק האָט אין זיינע שריפטן ניט ליב געהאַט צו רעדן וועגן זיך, וועגן זיין וועג און באַרוף אַלס שריפטשטעלער, הגם עסיי איז דער אינדיווידואַליסטי-שער זשאַנר אין דער ליטעראַטור, ווארום עס איז כמעט אַ שמועס מיט זיך אַליין, האָט פונדעסטוועגן קאַראַלניק זעלטן-ווען דירעקט געשריבן וועגן זיך און וועגן זיין אייגענעם שרייבערישן איך: דערפאַר אָבער אומ-דירעקט זיינען באַצייכנונגען, כאַראַקטעריסטיקעס, געדאַנקען און פילאָ-זאָפישע באַמערקונגען, וואָס קענען אָנגעווענדעט און אויסגעטייטשט ווערן אַלס אַזעלכע, וואָס זיינען צו אים און וועגן אים אַליין געווענדעט, צעוואָרפן אין אַ שיעור איבער די הונדערטער און הונדערטער עסייען זיינע, אין וועלכע ער האָט גאַנץ אָפט, שרייבנדיק וועגן אַנדערע, אומווילנדיק אומדירעקט זיין אייגענע סקעפטיש-פילאָזאָפישע שטימונג אַנטפּלעקט, זיין באַציאונג און קוק אויף זיין אייגענער שריפטשטעלערישער פערזענלעכקייט אַרויסגעוויזן.

דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יעדן עסייאיסט-שריפטשטעלער, וועלכן מאָנטען האָט באַצייכנט מיטן אויסדרוק: אַ פּערזאָן, וואָס איז לויטער, אינגאַנצן געזיכט, אַ מענטשן וואָס איז דורכאויס פּנים. איז שווער צו באַהאַלטן, צופאַרבאַרגן תמיד אויך זיין אינערלעך געשטאַלט, ווייל דער סטיל איז דער שפּיגל פון דער פּסיכיק...

דאָס איז כאַראַקטעריסטיש, זאָגן מיר, פאַר יעדן עסייאיסט; עס איז אָבער באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש פאַר קאַראַלניק, דעם עסייאיסט צווישן עסייאיסטן: זיין גאַנץ שרייבן איז אייגנטלעך שמועסן מיט זיך אַליין און וועגן אַנדערע און דאָס דאָזיקע איז דערום גאַנץ אָפט אומגעקערט, פאַרוואַנדלט געוואָרן, ניט-ווילנדיק און אומווילנדיק אין שמועסן מיט אַנדערע וועגן זיך אַליין.

בלעטערט מען קאַראַלניקס פינף בענדער געזאַמלטע עסייען, וואָס זיינען אַזוי ווי אַ טראָפּן אין דעם ים פון זיינע עסייען, שמועסן, פעליעטאָנען, בילדער און געשטאַלטן, וואָס זיינען נאָך ניט געזאַמלט — איז מען שטויסט זיך אָן אויף טריט און שריט אין אַזעלכע שטעלן, באַצייכנונגען, געדאַנקען אַרויסגעזאָגטע, פילאָזאָפישע באַמערקונגען, שאַרפזיניקע, לאַקאָניש-שאַרף פאָרמולירטע סענטענצן — ווי אויסגעהאַקטע אין שטיין — וואָס זיינען, דאַכט זיך, פון אים פאַר אים אַליין און וועגן אים אַליין אַרויסגעזאָגט, אויסגעדריקט געוואָרן; הגם גע-שריבן האָט ער זיי וועגן אַנדערע אָדער וועגן גאָר אַ זייטיקער, ווייטער זאַך אָדער אָנגעלעגנהייט.

אָבער ניט אויף די דאָזיקע וויל איך זיך איצט אָפּשטעלן — נייערט גראָדע אויף יענע זעלטענע שטעלן און עסייען אין זיינע שריפטן, איינער אָדער אפשר צוויי אינגאַנצן, ווען און וואו קאַראַלניק דער קלוגער, דער שאַרפזיניקער, דער ניכטערער, דער אויסגעהייטערטער אייראָפּעער אין אונדזער קליינשטעטלדיקער פּראָווינציעלער ליטעראַטור, רעדט גראָדע יאָ, דירעקט און אָפן וועגן זיך און וועגן זיין שריפטשטעלער-באַרוף און זשאַנר.

זיין ערשטן בוך פון געזאמלטע עסייען, „דאָס בוך פון וואָרצלען" עפנט קאַראַלניק מיט אַ מיניאַטורקע, וואָס הייסט „אָן אַ הקדמה" און וואָס איז די אויסשעפנדיקסטע — ביי איר גאַנצער אויסערלעכער קורצקייט און דינקייט — ווי אַן אמתער קונסט־פיליגראַנע — אויטאָכאַראַקטעריסטיק, וואָס אַ יידישער שריפטשטעלער האָט ווען דערוויזן צו קענען געבן.

ער באַטראַכט זיין שריפטשטעלערישע אַרבעט, ווי אַ הערבאַריום; ניט פרוכטן, ניט פון בלומען, נאָר... בלעטער.

..."עס זיינען בלויז בלעטער און גראָז, ווייל עס זיינען שטימונגען, מיינונגען — פון דעם מאָמענט דיקטירט, אָפט מיט דעם מאָמענט אוועקגעפלויגן".

מיינט עס, אַז דאָס וואָס קאַראַלניק האָט געשריבן זיינען נאָר צייט־זאַכן, טאָג־זשורנאַליזם, פון דעם בעסערן, שענערן סאָרט?

— ניין!

דאָס מיינט, אַז דער מאָמענט, די צייט־טעמע איז געווען נאָר די אָנרעגונג פאַר זיין שטימונג, דער מאָטיוו, אויף וועלכן ער האָט אויסגעשפילט זיין „פיאַניסימאָ"־ניגון, וואָס הייסט עסיי, אָבער ניט אויף אַ מאָמענט, נאָר אויף לאַנגלאַנגער און שיין־שיינער דויערהאַפטיקייט.

דאָס מיינט, אַז די שטימונג און די מיינונג זיינען דיקטירט געוואָרן פון דעם מאָמענט... אָנרעגונג; דער מאָטיוו פונם מאָמענט איז געווען די אינספּיראַציע פאַר דער שטימונג, פאַרן עסיי, וואָס האָט פריער טיף אין זיין שרייבערישן אונטערבאַוואוסטזיין געלעבט; די אָנרעגונג וואָס פלעגט די מיינונג און שטימונג מאַכן אַריבערפירן פונם אונטערבאַוואוסטזיין אין די גרעניצן און פעלדער פון שרייבערישער ציל־באַוואוסטער און באַוואוסטזיניקער שפּירונג.

און ווייטער וועגן דעם אופן פון זיין בלעטער - ש יי נ ש ר יי ב ע ר יי און ט י פ ש ר יי ב ע ר יי:

„די צייט האָט צו מיר גערעדט און איך האָב איר געענטפערט. קורץ און אימפּעטיק איז אָפט געווען איר פרעגן און דער ענטפער אויך מיט דעם אייגענעם ריטם: אָפּגעהאַקט".

„ניטאָ קיין פולשטענדיקייט, ניטאָ קיין אויסשעפונג פון די טעמען, נאָר מאָטיוון, בלויז שטריכן".

— פאַר וואָס?

קאַראַלניק אַנטוויקלט דאָרט, אין דער געפּרעסטקייט, קורצקייט פון זיין סטיל אַ גאַנצע טעאָריע וועגן אַ „גרונט אָנשויאונג", וואָס ער האָט: ער „גלויבט ניט אין אויסשעפנדיקע ענטפערס און אויך ניט אין אַלזייטיקע באַלייכטונגען".

עס איז פאַרשפּאָרט געווען צו אַנטוויקלען אַזאַ מין טעאָריע.

ער שרייבט אַזוי, ווייל וועזנטלעך איז ער ד ע ר ע ס יי א י ס ט אין שרייבן ניט דער מ אָ נ אָ ג ר אַ ף, ער איז דער שריפטשטעלער... וואָס שאַפט ניט קיין „אָפּוס", הגם ער שפּילט אָפט אויס אין זיינע עסייען די פיינסטע בעלעטריסטישע און שטימונגס־פילאָזאָפישע קאָמפּאָזיציעס.

און דאָס איז גענוג. מען דאַרף ניט קיין מער ברייטערע „אויסשעפנדיקע" דאָקטרינעס און דערקלערונגען.

שרייבט קאַראַלניק פּאָרטרעטן — ווי ער אליין באַצייכנט עס קורץ און טרעפּ-לעך — זיינען עס כּילועטן; אָבער סילועטן, וואו עס קומט דאָך אָנגעצייכנט אמקלאָרסטן, אמשאַרפּסטן, אמאויסדריקלעכסטן דאָס פּנים; און דאָס פּנים איז דער שפּיגל פון דער פּסיכיק.

שרייבט ער וועגן „פּראַגן“ — ווי ער אליין כאַראַקטעריזירט עס קאַנטיק, מיט פעסטע שטריכן געצייכנט — הייסט עס: בלויז אַ „דיאַלאָג מיט זיך אליין“.

און אין אָט דעם דיאַלאָג קומט אָבער דער אויסדרוק פון דעם שרייבערס איך אין פון זיין ענטפער אויף דער „פּראַגע“, וואָס האָט געדינט אַלס אָנרעגונג פאַרן „דיאַלאָג מיט זיך אליין“, דער אויסדרוק פונם שרייבערס איך, אונטער דער שטימונג פונם מאָמענט אָבער ניט אויף אַ מאָמענט בלויז.

„מיין וועלט איז ניט אין ליניען — זאָגט ווייטער קאַראַלניק אין אָט דעם קורצן עסיי וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר אים — נאָר אין פּאַסעטן, און וואו דער שטראַל פאַלט זעט זי אַנדערש אויס“.

זי זעט ניט אַנדעריש אויס, זי ווערט נאָר אַנדעריש באַלויכטן... אינערלעך אָבער איז זי שטענדיק די זעלביקע... און דאָס איז די וועלט פונם עסייאיסט. וואָס ער, קאַראַלניק, האָט אַזוי שיין, אַזוי טרעפלעך געשילדערט אין אַן עסיי וועגן דעם... עסייאיסט טאָקע: אַ שריפטשטעלער מענטש, וואָס איז אין גאַנצן געזיכט, אין גאַנצן אָפנקייט, אינגאַנצן דורכזיכטיקייט, ווי נאָר אַן אָפענער פּנים, אַ גרויס, ליכטיק פּנים, מיט דער חכמה פון פילאָזאָפישן טרויער באַ-לויכטן, קען זיין דורכזיכטיק...

1937



## דער שרייבער וועמעס בילד מען האָט ניט געזען

אין נאָוועמבער איז געוואָרן צען יאָר זינט מיכה יוסף בערדיטשעווסקי איז געשטאָרבן אַזוי איינזאַם, ווי איינזאַם ער האָט געלעבט און ווי איינזאַם ער איז געווען אין זיין שאַפן.

עס איז געווען צו דערוואַרטן, אַז די העברעאישע און יידישע צייטונגען וועלן ווידמענען זייער אויפמערקזאַמקייט דעם אָנדענק פון דעם דאָזיקן ריז פון דער העברעאישער — און אויך פון דער יידישער — ליטעראַטור, דעם ריז, אין וועלכן נאָמבערג האָט געזען די לעצטע רינג אין דער גינגאָלדענער קייט וואָס ציט זיך אין דעם יידישן גייסטיקן שאַפן „נאָך אַלטע גאונים און גדולים איבער קראָכמאַל און אחד העם".

ליידער איז אַזאַ אויפמערקזאַמקייט ניט געווען צו מערקן. עס איז שוין אַ חודש נאָך דעם צען-יאָריקן יאָרצייט — און ביז איצט איז ניט געווען צו באַמערקן אַזאַ אויפמערקזאַמקייט: אַ פּאָר מאָגערע, האַלב מליצהדיקע, שוואַכע אַרטיקלען אין די העברעאישע זשורנאַלן און צייטונגען, וואָס דערשיינען אין ארץ-ישראל; וואו-ניט-וואו אַ נאָטיצמעסיקער אַרטיקל אין אַ יידישער צייטונג; איינער אָדער צוויי שריפטשטעלער האָבן זיך דערמאָנט צו פאַרעפנטלעכן פּערזענלעכע זכרונות וועגן אים אין דער פאָרם פון אָפּגעריסענע, איינצעלנע עפּיזאָדן; דער „מאזנים" האָט פאַרעפנטלעכט עטלעכע אינטערעסאַנטע בריוו זיינע צו שריפטשטעלער און דער מיט איז פאַרענדיקט, דאַכט זיך, דער צושטייער פון אָנדענק, וואָס דאָס יידישע וואָרט אין ביידע שפּראַכן איז מחויב געווען דעם גרויסן דענקער און שרייבער, וואָס האָט געוואָלט רעוואָלוציאָניזירן, געדאַנקלעך, די מאַסע יידישע לייענער; וואָס האָט באַרייכערט דאָס יידישע און העברעאישע דענקען מיט אַ פּאָר צענדליקער בענדער שריפטן, אין וועלכע קונסט, פּובליציסטיק, לעגענדע, דערציילונגען, קריטיק, נאָוועלן, ראָמאַנען אין העברעאיש; און האַרציקע, שטימונגס-לידער און זשאַנר-מיניאַטור, געשריבן אין אַ ליבן ווייכן, אַרכאַאישן אַביסל, האַלב צאינה-וראינהישן, האַלב לומדישן יידיש — זיינען געמישט אין אַ וואונדערבאַרער, איינצלנער אין איר מין מאָזאַאיק.

בערדיטשעווסקי איז איינער פון די מערקווירדיקסטע שרייבער אין ביידע אונדזערע שפּראַכן; זיינע פּובליציסטישע און בעלעטריסטישע ווערק זיינען אין זייער גרעסטן רוב, איצט נאָך ווייט ניט פאַרעלטערט, פיל פון די ערשטע קלינגען איצט — און אפשר גראַדע איצט — ווי צייטמעסיקע, ווי אַזעלכע אין וועלכע אונדזער איצטיקער יונגער אונטערוואַקסנדיקער דור קען זען ניט נאָר געשיכטע פון דעם „שטורם און דראַנג פּעריאָד" פון דעם נאַציאָנאַלן געדאַנקען-גאַנג צום סוף פון פאָריקן און אָנהויב פון אונדזער יאָרהונדערט, קען זען, ניט נאָר געשיכטע פון דער געדאַנקלעכקייט און פון דעם

קולטור-פּראָצעס ביי אונז, נייערט דער איצטיקער דור, קען געפינען געוויסע אַקטואַליטעט אין די געדאַנקען וואָס זיינען איינגעדריקט אין זיין „שינוי ערכין", אין זיין „הספר והסייף" אין זיינע אַרטיקלען און באַמערקונגען וועגן קריטיק (שדה-ספר) און אודאי און אודאי אין זיינע ליבע יידישע מאמרים און נאָטיצן וועגן פאָלק, וועגן דער בייזער שפּראַכן-פראַגע און וועגן הייליקע און וואָכעדיקע זאַכן, וואָס זיינען געזאַמלט געוואָרן (און דוקא דורכן העברעאישן פאַרלעגער שטיבעל) אין בערדיטשעווסקיס „יידישע כתבים פון אַ ווייטן קרוב" אונטער אַזעל-כע פּשוט-קלינגענדיקע י י ד י ש ע נעמען ווי „עם ולשון" און „דברי קודש און דברי חול".

טאָ מיט וואָס דערקלערט זיך אַזאַ פאַרגעסנקייט צו בערדיטשעווסקין?

זאָל עס זיין דערפאַר, וואָס דער געדאַנקען-גאַנג פון בערדיטשעווסקיס תורה, באַזונדערס אין די ערשטע יאָרן אין זיין יונגנט-פּעריאָד, איז געווען אַ רע-וואָלוציאָנערע, אַ „רעוויזיאָניסטישע" אַזוי צו זאָגן, אַ ניט-ציוניסטישע, אַ פול-שטענדיקע אַנטיטעזע צו אחד-העמען, אַ רעוואָלוציע קעגן דאָס צופיל גייסטיקע אין אונדזער נאַציאָנאַלן מהות, אַ רעוואָלוציע קעגן בוך אין נאָמען פון דער שווערד (אָן שרעק — מען מיינט עס מעטאַפאָריש), אַ רוף צי דער אייראָפּעאישער וועלט-לעבנקייט אַלס קעגנגיאין צי אחד-העמס יהדות-טעאָריעס? אונדזער היימישער ניטשעאַניזם, אַזוי צו זאָגן...

זאָל עס זיין דערפאַר?

אויב עס איז אמת, אַז געזיגט האָט אחד-העמס געדאַנקען-גאַנג אין ארץ-ישראל און די העברעאישע זשורנאַליסטיק איז אין דעם גייסט, איז אָבער ניט ווייניקער אמת אַז די קאַנטיקייט, די שאַרפקייט צווישן אחד-העמס טעזע און בערדי-טשעווסקיס אַנטיטעזע, איז לאַנג שוין אָפּגעריבן און פאַרשוואונדן געוואָרן דורך דעם וואונדערבאַרן כוח פון דער ווירקלעכקייט זעלבסט. וואָס דיקטירט אין ארץ-ישראל די נאָרמען פון דער „באַדערפעניש" אין פון דער „מעגלעכקייט", און דיקטירט מיט דער אייזערנער האַנט, וואָס נאָר דאָס לעבעדיקע לעבן, דאָס טאָג-טעגלעכע לעבן באַזיצט און פאַראָרדנט; און פאַר אָט דער דאָזיקער פאַר-אָרדענונג בויגן זיך אַלע קאַבינעט-טעאָריעס צוזאַמען און מאַכן שלום צווישן זיך, אַנטזאָגנדיק זיך יעדער איינע פון אַ טייל פון איר שאַרפקייט.

אין ארץ-ישראל זיגט אחד-העמס גרונט-געדאַנק; אָבער מיט די הוספות און תיקונים, צוגאָבן און גרונדלאַגן, וואָס דער מחבר פון „שינויי ערכין" און דער פאַרטייטשער פון „אחר" האָט אַמאָל פעסטגעשטעלט.

דאָן איז עס געווען קאַמף, אַ דירעקטע אַנטיטעזע; אַ רעוואָלוציע אינם דענקען; די צייט האָט, אָבער אָפּגעריבן און פאַרגלייכט — און אין ארץ-ישראל ווערט געשאַפן די סינטעזע צווישן א ח ד - ה ע ם און מ י כ ה - י ו ס ף ב ן - ג ר י ו ן; אין דער יידישער גייסטיקער און קולטור-וועלט, וואָס ווערט געוועבט אויפן גרויסן-קליינעם שטח צווישן גליל און דעם נגב און פון דעם ים-התיכון ביזן עבר-הירדן און דעם ים-המלח, זיינען איינגעוועבט און איינגעהעפט אַלע פעדים פון דעם יידישן געדאַנק; און אחד העמס קולטור-אויטאָקטאָניזם, לעבט בשלום און האַרמאָנירט מיט בערדיטשעווסקיס יידישן „ניטשעאַניזם" אין

אינדיווידואַליזם, מיט זיין פאַרטיידיקן די היסטאָרישע באַדייטונג פון די בריונים קעגן דעם פרושענטום און „רבי יוחנן בן זכאיאיזם" (אויב אַ.אַ באַצייכנונג קען דינען אַ״ס דעפיניציע פאַר דער שיטה, פון דעם ערשטן זוכער צו ראַטעווען דעם נאַציאָנאַלן קולטור-צענטער, ווען דער פּאָלי-טישער האָט געהאַלטן אין פאַרשוואונדן).

ניין. ניט דאָס איז דאַכט זיך די סיבה, וואָס בערדיטשעווסקיס אָנדענק איז אַזוי ווייט אָפּגעשוואַכט געוואָרן, פאַר צען יאָר נאָך זיין פלוצימדיקן טויט, אַז מען האָט אים קוים דערמאָנט. דאָס איז גיכער, אין דעם מהות זעלבסט פון אָט דעם דאָזיקן גרויסן שריפטשטעלער, וועלכער איז אין זיין שאַפן געווען אַליין אַ ליטעראַטור אַ גאַנצע, אַיינער אין פילפאַכיקייט, אין דעם שאַפן, אין זיין ליטעראַטור — אָבער אין לעבן:

אין לעבן איז ער געווען ווייט פון דעם לייענער און פון זיינע שריפטשטעלער-קאָלעגן, ווייט אָפּגעזונדערט אין זיין אולטראַ-אינדיווידואַליסטישקייט, ווייט אָפּ-געזונדערט אין זיין צוריקגעהאַלטנקייט.

ווייט און אָפּגעזונדערט אַזוי, אַז:

קיינער האָט זיין בילד ניט געזען...

ניט די מאַסן לייענער, וואָס האָבן אין משך פון איבער צוויי צענדליקער יאָרן געלייענט, זיך פאַרטראַכט איבער די טיפזיניקייט פון זיינע רעיונות אין דער נעשליפנקייט פון זיינע מעטאַפאָרן און בילדער, אויף דער בונטער מאָזאַאיש-קייט אין קאָלירנגעמיש פון זיין עטוואָס נאַכלעסיקן, אָבער שטענדיקן פולבלו-טיקן און טרעפלעכן סטיל — האָבן געהאַט די געלעגנהייט צו זען אַמאָל זיין בילד, דאָס בילד פון דעם שריפטשטעלער, וואָס האָט איבערגעלאָזן אַ ירושה פון איבער צוואַנציק ווערטפולע בענדער אויף אַלע געביטן און זשאַנרן פון פובלי-ציסטיק אין ליטעראַטור, מיטן אויסנאַם פון דראַמע, ניט אויך די שריפטשטעלער זיינע צייט-גענאָסן, וואָס האָבן זיך מתוכח געווען מיט אים, פּאָלעמיזירט, אָדער מסכים געווען, געהאַלטן פון אים, אָדער פאַרניינט אים — האָבן ווען אַמאָל גיצ-קענט זען זיין בילד, אויב זיי האָבן פערזענלעך אים ניט געזען אָדער ניט געקענט.

עפּעס ווי דורך אַן „עב-הענן" איז ער תמיד געקומען צום לייענער, צום אינטעליגענט, צום שריפטשטעלער, אין אַ וואָלקן פון אומבאַקאַנטקייט, פון אומדורכזיכטיקייט איז זיין געזיכט איינגעהילט געווען; און דאָס דאָזיקע האָט געשאַפן דיכטאַנין; דאָס דאָזיקע האָט נאָך מער געדיכטער געמאַכט די אָפּגעזונ-דערטקייט זיינע; דאָס דאָזיקע האָט ווילנדיק-ניט-ווילנדיק, געשאַפן פרעמדקייט צווישן זיין פערזאָן און דעם לייענער און שריפטשטעלער. דאָס דאָזיקע האָט געווירקט, אַז די פיגור פונם שריפטשטעלער זאָל ווי פאַרטווישט ווערן און עס זאָל שנעל אָפּגעריבן ווערן די פאָרשטעלונג, וואָס יעדער איינער האָט זיך, אפשר יאָ געהאַט געשאַפן וועגן אים, וועגן זיין פּיזש-גייסטיקן אויסזען, יעדער איינער אויף אַן אַנדער אופן, ווי באַלד:

זיין בילד, זייןווירקלעך בילד האָט קיינער, קיינ-מאָל ניט געזען, אויסער די וואָס האָבן אים פערזענלעך געקענט.

עס איז ניט קיין גוזמא:

עס איז ביז איצט אין ערגיץ דאַכט זיך, אין די יידישע און העברעאישע צייטונגען און זשורנאַלן, מאַספּים און צייטשריפטן, קיינמאָל ניט פאַרעפנט־לעכט געוואָרן בערדיטשעווסקיס אַ פּשוט פאָטאָגראַפיש בילדל. ניט אפילו, ווען ער איז געשטאָרבן, ניט אין דער פולשטענדיקער זאַמלונג פון זיינע אַלע כתבים אין העברעאיש און יידיש, וואָס דער שטיבעל פאַרלאַג האָט מיט אַזאַ רירנ־דער זאָרגפעלטיקייט אַרויסגעגעבן.

קיינער האָט קיינמאָל דאָס בילד פון דעם ראָזיקן, איינציקן אין זיין אַרט העברעאישן און יידישן שריפטשטעלער ניט געזען; דאָס פּשוטע פאָטאָגראַפישע קאַרטל, וואָס מאַכט באַליבטער, נענטער, צוגעבונדענער דעם שרייבער צום לייענער און צום קאָלעגע שריפטשטעלער; דאָס פּשוטע פאָטאָגראַפישע בילדל וואָס העלפט אַזוי מעכטיק צו פּאָפּולאַריזירן אַ שריפטשטעלער פאַרן לעבן און אַנצוהאַלטן נענטער, וואַרימער, צוגעבונדענער זיין געדעכעניש און אָנדענק נאָכדעם ווי ער האָט פאַרלאָזן דאָס ערדישע לעבן — האָט געפעלט אין דעם פאַל פון מיכה־יוסף בערדיטשעווסקין; ווערבער איז אויך אין דעם פרט געווען, אפשר דער איינציקער צווישן אונדזערע שריפטשטעלער, פון באַדייט און רום, נאָמען און פאַרנעם אין אונדזערע ביידע ליטעראַטורן.

דאָס וואָס קיינער פון די לייענער און זייער, זייער ווינציק פון די שריפט־שטעלער און פּובליציסטן, באַזונדערס פון אונדזער דור, דעם יונגערן, האָט זיין פ י ז י ש ן א ו י ס ז ע ן נ י ט ג ע ק ע נ ט, האָט געווירקט און געמוזט ווירקן אַז די ג יי ס ט י ק ע נאָענטקייט, וואָס מען האָט צו אים געשפּירט, זאָל אין לויף פון די יאָרן, ווערן באַדייטנד מער ווייטער און קעלטער צו אים, ווי דאָס וואָלט געווען געשען, ווען זיין בילד און אויסזען, דער פיזישער, דער אויסערלעכער וואָלט געווען זיין נאָענט און געווען ווירקן פאַר אונדזערע אויגן.

ווארום נאָך אַלעמען איז דאָך תמיד אמת דאָס פּשוטע רוסישע שפּריכ־וואָרט: „ווייטער פון די אויגן — ווייטער פונם האַרץ”; און פון דעם געדאַנק, און פון דעם גייסט, און פון דער באַציאונג, ווילט זיך מיר צוגעבן.

ער איז דער איינציקער פון די שריפטשטעלער פון באַדייט און פאַרנעם אין ביידע שפּראַכן אונדזערע, וועמעס פ י ז י ש ע ר א ו י ס ז ע ן איז פאַרבליבן פרעמד און אומבאַקאַנט פאַר די מאַסן לייענער און שריפטשטעלער פון צוויי דורות.

דאָס איז, דאַכט זיך, ניט קיין צופאַל; אדרבה, מיר דאַכט זיך, אַז אַזוי האָט עס געמוזט זיין; מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז אַ שטריך, וואָס דערגאַנצט די שריפטשטעלערישע פיזיאָגנאָמיע פון מיכה יוסף בערדיטשעווסקי; מיר דאַכט זיך, אַז אָט דער דאָזיקער שטריך איז משלים זיין שעפערישן מהות.

עס איז אַ סימבאָל וואָס דריקט אויס אין איין פראַזע וואָס מיכה־יוסף בערדיטשעווסקי איז געווען:

דער שריפטשטעלער, וועמעס בילד איז ניט פאַרעפנטלעכט געוואָרן. קיינער האָט זיין בילד קיינמאָל ניט געזען, אָט אַזוי פּשוט, אָנזיכטיק פיזיש־

עקזאקט, ווי מען קען זען דאָס בילד, דאָס פאָטאָגראַפישע בילד פון יעטווערער אנדערן יידישן אָדער העברעאישן שרייבער.

און ווייל ק יי נ ע ר האָט זיין בילד ניט געזען און צ וו יי ד ו ר ו ת האָבן זיינע ביכער און מאמרים, ראָמאַנען און לעגענדעס זאַמלונגען, פּובליציס־טיק און קריטיק, דערציילונגען און וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן, יאָ געלייענט און פאַרטראַכט זיך און געטראַכט איבער זיי — און אַז מען דענקט און מען פאַר־טיפט זיך איבער אַ שרייבער, שאַפט מען זיך ניט־ווילנדיק אַ פאָרשטעלונג וועגן זיין בילד און אויסזען, אויף וויפל דאָס גייסטיקע איז אין אונדזער פּסיכיק, פאַרבונדן מיט דאָס פיזישע — האָט זיך יעדער איינער אין דער פאָרשטעלונג געשאַפן אַן אַנדער בילד פון בערדיטשעווסקין; אַ גייסטיק בילד, מיין איך; אין דערפון האָט זיך באַקומען אַ מאָדנע זאַך, אַז איינער אין מערצאָל, אַן איי־נער אין זיין ווייט, וויטער אָפּגעזונדערטקייט, וואָס האָט דאָס גאַנצע לעבן גע־זוכט און געגאַנגען פון איין וועג צו אַ צווייטן, פון איין ליטעראַרישן זשאַנר צו אַן אַנדערן, פון איין פּובליציסטישן געביט צו אַ צווייטן. און איז אומעטום גע־וואָרן און געווען אַ שעפער, וואָס איז פאַרבליבן אליין, אָפּגעזונדערט, פאַרדעקט, פאַרהוילן, ווי מיט אַ געדיכטן וואָלקן, דורך וועלכן מען האָט געהערט זיין שטימע, אָבער זיין אויסזען, זיין געשטאַלט, זיין נעטע, קלאָרע, אָפענע, פיזישע, אַזוי צו זאָגן, געשטאַלט, איז פאַרט פאַרבליבן דאָס גאַנצע לעבן אומבאַקאַנט און אומגעזען.

דאָס, וואָס זיין בילד האָט מען ניט געזען, איז געווען ניט קיין פּאָזע, ניט קיין עניוות. וואָס איז אין תוך גדלות, — בערדיטשעווסקי איז דאָך, פּערזענ־לעך געווען אַזוי ווייט פון דעם אַלעמען — און אויך ניט אַ צופאַל וואָס האָט אָן שוין צען יאָר נאָך זיין טויט.

עס איז אַ מין סימבאָלישער שטריך, וואָס דערגאַנצט די כאַראַקטעריסטיק פון דעם דאָזיקן מערקווירדיקן ריז וואָס האָט געהייסן בערדיטשעווסקי, און וועלכער איז געקומען צו אונז מיט אַ געשריי פון רעוואָלוציע קעגן דער קאָנסער־וואַטיווער יהדות — און אַליין איז ער ניט אָפּגעטראָטן פון אָט די קוואַלן..

געקומען איז ער מיט אַ רוף פון רעוואָלוציע קעגן דעם בוך — און אַליין איז ער פאַרבליבן זיין גאַנץ לעבן דער מענטש פון בוך, דער מאַן, וואָס איז זיין גאַנץ לעבן ניט אַרויס פון די ד׳ אמות פון דעם בוך:

געקומען מיט אַ רוף צום לעבן, צום וועלטלעכן, צום וואַכעדיקן לעבן — און איז כל ימיו געווען און פאַרבליבן ווייט פון לעבן און איז אינגאַנצן און דורכאויס ליטעראַטור.

געקומען מיט קעגנערשאַפט קעגן דעם „ר׳ יוחנן זכאיאיזם“. ווי עס וואָלט זיין אונדזער אומגליק — און האָט כל ימיו געזאַמלט די פּערל פון לעגענדעס און פון סיינטענצן און אונדזערע אַלטע אוצרות, וואָס איז די גרונטלאַגע פון דעם „זכאיאיזם“ ביי אונז.

און נאָך אַלעמען, זיינען עס ניט געווען קיין היפּוכים ביי אים, ניט קיין קאָנ־טראַסטן צווישן דער פּערזאָן און זיין דענקען און שאַפן, נייערט:

— אַט אַזוי איז זי געווען די גייסטיקע פיזיאָנאָמיע — איינע אין איר איינגאַרטיקייט איינע פון דער שלשלת פון אונדזערע גייסטיקע זשעניען, וועמעס ריכטיקע בילד איז, ביי איר גאַנצער אָנזיכטיקייט, געווען און פאַרבליבן אומגעזען אין זיין פולגעשטאַלטנקייט אַזוי בעת זיין לעבן ווי נאָך זיין לעבן.

.1931



# קאַרלאָס גידאָ אי ספּאַנאָ

— 1 —

דאָס אַרגענטינישע פֿאָלק האָט געבראַכט צו קבורה דעם לעצטן פֿון די פּאַט-ריאַרכן, פֿון די אבות, פֿון איר יונגער ליטעראַטור, דעם דיכטער קאַרלאָס גידאָ אי ספּאַנאָ.

קאַרלאָס גידאָ אי ספּאַנאָ איז, איבער זיין טיפן עלטער — 91 יאָר — געוואָרן פֿאַר אַרגענטינע עטוואָס מער ווי אַן אַלטער דיכטער, ווי אַ קלאַסיקער; ער איז געוואָרן פֿאַר זיין פֿאָלק ווי אַ מין לעבעדיקע רעליקוויע פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט; ער איז געווען פֿאַרן לעבן נאָך אַ זכרון פֿון דער יונגער אַרגענטינער געשיכטע; פֿון יענער העראָישער עפּאָכע, ווען דאָס פֿאָלק האָט געהאַלטן אין איין זוכן פֿאָרמען פֿאַר זיין אינערלעכן נאַציאָנאַלן לעבן — זוכן און ניט געפֿונען.

דאָס זוכן האָט געשאַפֿן אַ פֿאַרשאַרפֿטן קאַמף צווישן פֿאַרשיידענע פּאַר-טייען און ריכטונגען און האָט געבראַכט צו בירגער-קריג, צו דער טיראַניע פֿון ראָסאַסן, צו דעם האַסטיקן קאַמף צווישן די אוניטאַרן און פֿעדעראַלן.

ער, דער אַריסטאָקראַטישער דיכטער, וואָס האָט פֿאַרלאָזט דאָס לעבן אין דער עלטער, כמעט פֿון די אַמאָליקע אור-אַלטע פּאַטריאַרכן, האָט אַליין דורכגע-מאַכט, אַליין דורכגעלעבט די דאָ יקע „שטורעם און דראַנג"-עפּאָכע פֿון אַרגענ-טינער יוגנט און האָט פֿאַר די לעצטע דורות געדינט אַלס לעבעדיקער דענקמאָל פֿון יענער פֿאַרגאַנגענהייט. דערפֿאַר האָט מיט אים אַזוי שטאָלצירט אַרגענטינע, און דערום האָט אים די יוגנט אַזוי פֿאַרגעטערט. און יאָר-איין יאָר-אויס פֿלעגט צו זיין קראַנקן בעט, פֿון וועלכן ער, — אַ פּאַראַליזירטער — איז 30 יאָר ניט אַראָפּגעגאַנגען, די יוגנט, די שטודירנדיקע, די אינטעליגענטע ברענגען אים אַ מתנה בלומען... און דאָס איז געוואָרן אַ טראַדיציע ביי דער יוגנט; אַ יערלעכע פּראָצעסיע פֿון בלומען, געטראָגן צו אַ לעבעדיקער רעליקוויע פֿון דער קלאַ-סישער אַרגענטינער דיכטונג.

— 2 —

מיט דעם טויט פֿון דעם אַלטן טרובאַדור פֿון יענער ריטערלעכער ערא פֿון אַרגענטינע, ווערט אונטערגעצויגן דעפֿיניטיוו דער סך-הכל צו דער ראָמאַנטישער עפּאָכע פֿון איר פּאָעזיע, וואָס האָט זיך אָנגעפֿאַנגען מיט די גלענצענדע דיכטער עטשעווערי‌אַ און מאַרמאָל, און איז, אין דער אמתן לאַנג שוין פֿאַרשוואונדן.

דער אַרגענטינער ראָמאַנטיזם האָט געשעפּט דאָן זיין יניקה אין די העל-דישע טאַטן פֿון די וואָס האָבן געהערט צו דער עפּאָכע פֿון דער רעוואָלוציע, צו דער צייט פֿון די אָנפֿאַלן פֿון די אינדיאַנער, די צייט פֿון אַ קאַלאָריטנעם, שפּאַ-

נענדן און העכסט-עקזאָטיש אָנציענדן פאַר דער אויפמערקזאַמקייט פון דער אייראָפּעער — דאָן האַלב-נאָמאַדן לעבן. עטשעווערריאַ איז געווען דער גרעסטער דיכטער פון יענער עפּאָכע. קיינער, ווי ער פון די ארגענטינער דיכטער, האָט אַזוי פיין באַזיננגען דאָס לעבן און זיטן פון נאָמאַדן־שבטים. קיינער, ווי ער האָט אַזוי גוט ניט געקענט אריינדרינגען אין די טיפע פאַרבאָרגענע אוצרות פון דעם ארגענטינער פאָלקס-גייסט. אָבער ניט אַלע מאָל איז זיין פּערז ארויסגעקומען געשליפן, ניט אַלע מאָל האָט ער געקענט דערוויזן צו אויסנוצן ריין קינסטלעריש דעם רייכן מאַטעריאַל.

די שאַפונג פון דעם פאַרשטאָרבענעם גידאָ אי ספּאַנאָ איז פּונקט דער היפוך צו עטשעווערריאַן. אַ ראָמאַנטיקער ווי דער לעצטער, איז ער אָבער קינסטלערישער, לירישער, כּפּאַנאָס לידער זיינען מער געפילפולטער, זיין פערז איז מער-געשליפן, מער נעשניצט. ער פאַרמאָגט קלאַסישע שיינקייט און אויסגעהאַלטנקייט און צו זאָגן אויך מער לייכטקייט, אין סטיל און פאָרם, פון אַלט-גריכישע און רוימישע דיכטער.

ניט לייכט איז אָנגעקומען דעם דיכטער ביז וואַנען ער האָט אינגאַנצן איינגעזאַפּט אין זיך דעם אַלט-קלאַסישן ארט שאַפונג. נאָך אַ שווערער לאַנגיאַריקער ארבעט, נאָך אַ נאָענטער, גאַנץ נאָענטער באַקאַנטשאַפט מיט דער ליטעראַטור און פּאָעזיע פון די גריכן און רוימער -- אין אָריגינאַל, איז ערשט, דעם יונגן ספּאַנאָ געלונגען צו אויסאַרבעטן פאַר זיך זיין געשליפענע פאָרם, וואָס דינט נאָך ביז איצט אַלס מאָדעל פאַר דער גאַנצער פּלעיאַדע פון די יונגע דיכטער אין ארגענטינע.

און הגם גידאָ אי ספּאַנאָ האָט שוין אייגנטלעך אונטערגעפירט דעם סך-הכל צו זיין דיכטערישער שאַפונג נאָך מיט דרייסיק יאָר צוריק, ווען ער איז פּאַראַליזירט געוואָרן — דאָך איז זיין פּאָעזיע קיין שמץ ניט אַלט געוואָרן ביי היינט צו טאָג; ווי פריער מיט דרייסיק יאָר, זיינען זיינע קורצע און לענגערע לירישע לידער אַזוי פריש און פיל מיט חן, אַזוי ש יי ן און י ו נ ג, ווי ז יי וואָלטן ערשט נ ע כ ט ן געשריבן געווען.

דאָס איז דער ערשטער סימן פון אמת-לירישער פּאָעזיע: זי לעבט אי-בער די צייט און איז שטענדיק נייַ, ווייל די אינטימע געפילן פון די מענטשן, זיינען ווי האַרציקע אַקאָרדן, וואָס קלאַפּן אויסער דער צייט, זיי קומען פון יענעם טיפן נשמה-קוואַל, וואו שטאַט, סביבה, אומגעבונג, צייט-באַדינגונגען האָבן אַ קנאַפּע שליטה — זיינען זיי דערפאַר תמיד פריש און עכט אין אַלע פעריאָדן פון דער געשיכטע, ביי אַלע פעלקער: דאָס איז די פּאָעזיע פון אינטימלעכקייט — די ליריק — און דערפאַר איז זי אויך תמיד אוניווערסאַל.

און דאָס איז דער צווייטער אונטערשייד צווישן די ביידע ארגענטינער דיכ-טער-ראָמאַנטיקער. עטשעווערריאַס מוזע איז באַאיינפלוסט געווען פון ענג-נאַ-ציאָנאַלן אַרגענטינישן לעבן; זיין פּאָעזיע איז געווען מער מ אָ ל ע ר י ש, ווי ליריש; זי האָט זיך באַצויגן צו אַ געוויסער סביבה, צו אַ געוויסער עפּאָכע און דערום מוז זי געלייענט ווערן איצט מיט... אַ קנייטש אין שטערן; מען מוז זיך איבערטראָגן אין יענער עפּאָכע, ווען דער דיכטער האָט געלעבט.

גידאַ אי ספּאַנאַ אָבער, הגם אַ נאַציאָנאַלער פּאָעט, נאָך מערער, אַ בוענאָס-איירעסער, איז ער אַ דיכטער פון אַלגעמיין-מענטשלעכע געפילן, וועלכע זיינען נע־טיינזאָם אַלע עפּאָכעס. די מאָטיוון פון זיין דיכטונג זיינען איינצייטיק אַרגענ-טינער און אַלמענטשלעכע — ער האָט געגעבן דאָס אַלמענטשלעכע דורך אַ נאַציאָ-נאַלער-אַרגענטינער אויסדרוק און פאָרם, דאָן ווען עטשעווערריאַס לידער זיינען ה ו י פ ט ז א כ ל ע ך ענג אַרגענטינער; גידאַ אי ספּאַנאַס מוזע באַזינגט אין ווארעמע, אָבער קלאַסישע ווי פון בראָנז אויסגעהאַקטע פערזן, דאָס גליק פון פאַמיליען-לעבן ("At home") און די ליבע צום פאָטערלאַנד. זיין קלאַסישע עלעגיע „נעניאַ", אין וועלכער ער שילדערט דעם חורבן פון פּאַראַגוואַי, איז די דערהויבנדיקסטע קלאָג-ליד פון אַ פאָלק, וואָס וויינט אויף דעם אייגענעם חורבן, ניט מיט אַ פלוך, ניט מיט דראָענדיקע צונויפגעקראַמפּטע פויסטן, ניט מיט קללות, נאָר שלוכצנדיק, שטיל, ווייך, אָבער מיט אַ האַרצרייסנדיקן טיפן טרויער.

די דאָזיקע עלעגיע, אַזאַ געשליפענע און קלינגענדיקע, אַזאַ ענלעכע צו אַ דינער טרויעריקער סימפאָניע, איז אויך איינצייטיק איינע פון די שטאַרקסטע פּאָעטישע בילדער פון פאַרניכטונג, צעשטערונג פון פאָלק און פאַמיליע, בכלל, פון אַ יחיד און אַ קאָלעקטיוו, וואָס קומט אַלס קאָנסעקווענץ פון מלחמה.

די שטאַרקייט פון בילד אין דער דאָזיקער עלעגיע קומט דורך איר צימצום. אַ יידישע איבערזעצונג פון דער דאָזיקער שיינער עלעגיע איז געדרוקט געוואָרן מיט עטלעכע מאָנאַטן צוריק אין „די אידישע צייטונג". ליידער גיט אָבער ניט איבער די דאָזיקע איבערזעצונג, — הגם זייער אַ קלינגענדיקע, — קיין אָנונג אפילו פון דעם טיפן געפיל, וואָס שלאָגט פון יעדן וואונדערלעכן פערז פון דער דאָזיקער פּאַראַגוואַיער קינה-קלאָג-ליד, געדיכטעט פון דעם גרויסן אַרגענטינער טרובאַדור.

זיין ליד, אָדער בעסער געזאָגט, זיין באַצויבערנדיקע אידיליע „אַל פּאַסאַר", דופטעט מיט וואַלד־וויאָלעטן, מיט גראָז און גרינקייט, און איז אייביק פריש און לויטער, טאַקע נאָר ווי איינע פון די אַלטע קלאַסישע אידיליעס.

— 3 —

ניט קיין פּראָדוקטיווער דיכטער איז געווען קאַרלאָס גידאַ אי ספּאַנאַ, סך-הכל צוויי בענדער לידער זיינע זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן — „בלעטער אויפן ווינט" און „ווייטע אָפּקלאַנגען", און עטלעכע בענדער פּראָזע, אַזאַ געשליפענע און קריסטאַליזירטע, ווי זיין פּאָעזיע — דאָס איז אַ זעלטענע דערשיינונג ביי די לאַטינער פּאָעטן, וועלכע זיינען מערסטנטיילס שטאַרק פּראָדוקטיוו, צו פיל פרוכטבאַר שוין, — אָבער צי שאַצט מען דען אַ דיכטער לויט דער צ אָ ל פון די אָנגעשריבענע לידער? אַ דיכטער ווערט געשאַצט לויט דעם ווערט פון זיין שאַפונג און אין דעם פּרט האָט קאַרלאָס גידאַ אי ספּאַנאַ מיט רעכט פאַרדינט דעם נאָמען פון פּאַטריאַרך פון דער אַרגענטינער פּאָעזיע, מיט וועלכער דאָס פאָלק אליין האָט שוין לאַנג געקרוינט דעם אַלטן טרובאַדור מיט דעם זילבער-נעלאָקטן לייבן-קאָפּ, וועלכער איז איצט געבראַכט געוואָרן צו קבורה אין דעם פּאַנטעאָן פון בוענאָס איירעס, אין רעקאָלעטאַ.

.1918

# „מאַרטין פיעררא“ און זיין מחבר

— 1 —

אין גאַנצן לאַנד ווערט געפייערט מיט ערפורכט דער אָנדענק פון דעם לעצטן פון די גרויסע דיכטער פון גאַוטשאָ-לעבן, כאָסע הערנאַנדעס, וואָס האָט איבערגעלאָזן דער אַרגענטינער ליטעראַטור איין איינציקן גרויסן פּאָעמע-בוך, דאָס פּאָפּולערסטע בוך אין דער אַרגענטינער פאָלקס-ליטעראַטור און פאָלקס-שפּראַך — „מאַרטין פיעררא“.

מער ווי אַ באַצייכנונג פון אַ בוך, פון אַ פּאָעמע, איז „מאַרטין פיעררא“, לאַנג שוין געוואָרן אַ באַצייכנונג פון אַ קלאַס, פון דעם גאַוטשאָ-קלאַס, וואָס איז שוין כמעט ווי פאַרשוואונדן, יעדנפאַלס טראַנספאָרמירט אין אַן אַנדער טיפּ „קריאָ'שאָ“ אָדער אַרגענטינער פויער „מאַרטין פיעררא“ איז לאַנג שוין געוואָרן אין אַרגענטינע אַן אַפּעלאַטיווע באַצייכנונג פון רעוואָלט, פּראָטעסט קעגן סאָציאַלער אומגערעכטיקייט, קעגן רדיפות און באַשרענקונגען פון פרייהייט, אינדיווידועלע ווי געזעלשאַפטלעכע.

ניט אומזיסט האָט מיט יאָרן צוריק (אין מיטן פון יאָר 1919) אַ גרופּע היגע זשורנאַליסטן, בילדנדיק אַ קרייז מיטן צוועק צו רעאַגירן קעגן אומגערעכטיקייט און דערדריקונגען פון דער עפנטלעכער מיינונג און קעמפן פאַר אַ פריי וואָרט אין דער געזעלשאַפט, אַ נאָמען געגעבן דעם קרייז און דעם אָרגאַן, וואָס מען האָט דאַן געגרינדעט, „מאַרטין פיעררא“. ניט אומזיסט ווערט פון צייט צו צייט ווידערהאָלט דער דאָזיקער נאָמען אַלס באַצייכנונג פון קאַמף פאַר פאָר-שריט, פאַר נייע טענדענצן אין דער היגער קונסט, מאָלערייַ, ליטעראַטור א. אַ. וו.

דאָס איז דערפאַר, וואָס די פּאָעמע „מאַרטין פיעררא“ איז געווען אַ נייעס דאַן אין דער ליטעראַטור — ווען איר מחבר כאָסע הערנאַנדעס האָט איר אַרויס-געגעבן צום ערשטן מאָל אין יאָר 1872 — אָדער וואָס דורך איר זיינען געזוכט געווען נייע וועגן פאַרן אַרגענטינער שאַפן. דעם מחבר פון „מאַרטין פיעררא“ איז אַזעלכעס אפילו אויפן זינען ניט געקומען, ניט ער איז געווען באַרופן צו דעם. דאָס איז דערפאַר אָבער, וואָס אין דער פּאָעמע, וואָס אַנטהאַלט היבשע עטלעכע טויזנט פערזן, איז מיט עפּישער רואיקייט און מיט אַ גוואַלדיקער פאַרשטענדע-ניש און קענטעניש פון דער מיליע און צייט, באַזונגען און באַקלאָגט געוואָרן דאָס לעבן פון דעם פרימיטיוון גאַוטשאָ, דעם אַרגענטינער ניט-אַנטוויקלטן פאָלקס-מענטש פון יענער צייט, און אין דער עפּישער רואיקייט פונם געזאַנג ווערט, אָבער אויך אויסגעדריקט וואַרעמע באַציאונג צום גאַוטשאָס ליידן, צו די רדיפות, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטיין פון דער אַזוי גערופענער און פאַלש-פאַרשטאַנענער ציוויליזאַציע, וואָס האָט געהאַלטן דאַן אין אַוואַנסירן פון שטאָט אויפן „מדבר“,

איינגעמען די וויסטע און פארניכטן די אינדישע שבטים, צוזאמען מיט די גאַ־טשאָס, די מענטשן די פרימיטיווע, וואָס האָבן געלעבט האַלב-נאָמאַדיש, האַלב אַגריקולטורעל - איינגעזעסן אין די דאַמאָלסטיקע אומענדלעכע פאַמפּאַס, דאָן נאָך ניט צעטיילט-געוועזענע, מיט דראָטענע צוימען, ניט צעפּערטלטע, נאָך פון די רעגירונגען, ניט צעשאָנקן-געוואָרענע צו מיליטאַרן-לאַטיפונדיסטן.

„מאַרטין פיעררא" — הערנאַנדעס גרויסע פּאָעמע, איז דערפאַר לאַנג שוין געוואָרן אַ באַצייכנונג פון אַ דראַנג צו אינדיווידועלער און געזעלשאַפטלעכער פרייהייט און גערעכטיקייט, ווייל דער נאָמען-טרעגער פון אָט דעם דאָזיקן פּאָ־פּולערסטן בוך אין אַרגענטינע, איז אַזאַ קעמפער פאַר זיין פּערזענלעכער פרייהייט.

אין איינפאַכע, אָבער קלינגענדיקע פערזן, דערציילט ער וועגן דעם קאַמף פון אַן ערלעכן וואוילן אָבער בראַוון גאַוטשאָ, וואָס איז אונטערן דראַנג פון די שלעכטע אומשטענדן, אונטער אומפּאַרדינטער פאַרפאָלגונג, וואָס ער — אַן אַפּעלאַטיווער טיפּ פאַרן גאַנצן גאַוטשאָ-קלאַס — האָט געהאַט אויסצושטיין מצד דעם גרעניץ-מיליטער, פרידנס-ריכטער, רעגירונגס-לייט, קהלשע צאַפּעס. פּאָליטישע „קאַודיזשאָס" און אַנדערע מינים פון דער דאַמאָלסטיקער אַרגענ־טינער מלוכה-פּאַונאַ.

אָט דער דאָזיקער קאַמף פאַרוואַנדלט אים אין אַ „גאַוטשאָ מאַטרעראָ", אין אַ גאַוטשאָ וואָס מאָרדעט צוליב זעלבסטפאַרטיידיקונג און סוף-כל-כוף אַ פאַר־צווייפלטער אין זיין פרימיטיוון ·מעכטיקן דראַנג צו אינדיווידועלער פרייהייט, פאַרלאָזט ער די „ציוויליזאַציע", וואָס פאַרלענדט אים, ווייל זי פאַרשטייט ניט, ווי צו צופאַסן אים. ווי טראַנספאָרמירן אים אין ניצלעך פאַר די נייע אומשטענדן, און ער אַנטלויפט ליבערשט צו די אינדיער-שבטים.

— 2 —

דאָס דאָזיקע ווערט דערציילט, ווערט געזונגען אין דעם ערשטן טייל פון דעם „גאַוטשאָ מאַרטין פיעררא".

אין קנאַפּע 7 יאָר אַרום נאָך דעם דערשיינען פון דעם ערשטן טייל פון דער דאָזיקער גרויסער, פאָלקסטימלעכער פּאָעמע, וואָס אַנטהאַלט דרייצן „געזאַנגען", האָט דער דיכטער הערנאַנדעס אַרויסגעגעבן (אין יאָר 1878) דעם צווייטן טייל פון זיין פּאָעמע. דאָס פּובליקום, וואָס האָט מיט אַ גוואַלדיקן ענטוזיאַזם אויפ־גענומען דעם ערשטן טייל (פאַר קנאַפּע 7 יאָר זיינען פאַרקויפט געוואָרן אין דער דאַמאָלסטיקער ווינציק-באַפעלקערטער אַרגענטינע, קרוב צו 50 טויזנט עקזעמ־פּלאַרן פון אַ קאָנטראָלירטער אויפלאַגע פון „מאַרטין פיעררא". הוץ אַ שלל פון אַנאָנימע אויפלאַגעס), האָט דעם צווייטן טייל פון הערנאַנדעסעס פּאָעמע, נאָך איידער דער איז דערשינען, געקרוינט מיטן נאָמען „דער צוריקקער פון מאַרטין פיעררא", ווייל מען האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָרטן וועט דערציילט ווערן, וועגן דעם, ווי דער גאַוטשאָ קערט זיך צוריק אום פון די אינדיאַנישע „טאָלדאָס" (גע־צעלטן), צו דער „קריסטלעכער וועלט": צום טייל פון לאַנד, הייסט עס, וואו עס האָט שוין דאַן געהערשט די... ציוויליזאַציע.

דער צווייטער טייל פון „מאַרטין פיעררא" אַנטהאַלט דריי און דרייסיק גע־

זאנגען (וויפיל דאַנטעס געטלעכע קאָמעדיע — דער ליטעראַטור היסטאָריקער ריקאַרדאָ ראָכאַס איז געווען דער, וואָס האָט אויף דעם דאָזיקן מער ווי צוזאַמענפאַל, גערופן דער ערשטער די אויפמערקזאַמקייט), אין עטלעכע טויזנט פערזן.

מאַרטין פיערראָ דערציילט אין אים די געשיכטע פון זיין צוריקפאָרן, פון זיין אַנטלויפן פון צווישן די אינדישע שבטים און געצעלטן אין דער פּאַמפּאַ, נאָכדעם ווי ער האָט געראַטעוועט אַ געפאַנגענע, וועלכער ער האָט מיטגענומען און געהאָלפן אַריבערפאָרן צוזאַמען מיט אים די וויסטע.

דער דאָזיקער טייל איז שטאַרק צעצויגן און האָט ניט דעם גלאַנץ, די שטאַרקייט און ברויזנדיקייט פונם פּראָטעסט, וואָס דער ערשטער טייל און עס פעלט אין אים די אינערלעכע וואַרעמקייט, די קינסטלערישע אומפיטלבאַרקייט און דער עפּישער הויך, וואָס מאַכט אַזוי וואַרהאַפטיק דעם ערשטן טייל פון דער פּאָעמע. חוץ די דערציילונגען וועגן דער צוריקרייזע פון „מאַרטין פיערראָ" און דער באַפרייאונג פון דער געפאַנגענער, ווערט אין אים באַזונגען זיין צוריקקומען און געפינען זיינע קינדער שוין דערוואַקסענע, און דערנאָך די עצות און לעבנס-חכמה, וואָס ער פאַרזאָגט זיי, די „גייסטיקע" ווערטן אַזוי צו זאָגן, פון דעם פּאַמפּאַ-מענטש קומט צום אויסדרוק אין די דאָזיקע אַפאָריזמען.

איצט ווערט דער „מאַרטין פיערראָ" געדרוקט און אַרויסגעגעבן אַלס איין גאַנצער בוך, ביידע טיילן צוזאַמען: עס איז אָבער קלאָר, אַז ווען הערנאַנדעס האָט פאַרענדיקט און אַרויסגעגעבן דעם ערשטן טייל פון דעם „מאַרטין פיערראָ". האָט ער ניט געהאַט בדעה צו שרייבן אַ צווייטן טייל; דער גאַנצער שניט און אינערלעכער כאַראַקטער, דער עצם-מהות פונם בוך, ווייזן, אַז ער האָט געדאַרפט ווערן פאַרענדיקט ביים סוף פונם דריטצנטן ליד, ווען דער גאַוטשאָ-העלד קומט צו די אינדישע געצעלטן; אָבער דער גרויסער ערפאָלג פונם מאַרטין פיערראָ אין אַרגענטינע און אורוגוואַי, די גוואַלדיקע פאַרשפּרייטונג, וואָס ער האָט באַקומען אין שטאָט און דער עיקר אין דאָרף, אין די ווייטע פעלדער-ישובים, אין די „וויזשאַריאָס" און „ראַנטשאָס" — וואו די פּרימיטיווע דאָרפס-קרעמער, די „פּולפּעראָס", פלעגן דעם „מאַרטין פיערראָ" אויסשרייבן פון שטאָט צוזאַמען מיט די נויטיקסטע קאָנסום-אַרטיקלען, ווי זשערבאַ, צוקער, לאַמטערנעס, „באָמבאַטשעס", א. אַ. און פאַרקויפן אים אין פילע טויזנטער עקזעמפּלאַרן — דער ריזיקער דערפאָלג און פּאָפּולאַריטעט, וואָס „מאַרטין פיערראָ" האָט געהאַט. האָבן באַוואויגן זיין מחבר, הערנאַנדעס, צו פּרובירן נאָכאַמאָל דאָס גליק און אָנשרייבן אַ צווייטן טייל, וועלכער האָט געהאַט דעם זעלבן מאַטעריעלן דערפאָלג און גרויסע פאַרשפּרייטונג, וואָס דער ערשטער, אָבער איצט, אין דער פּערספּעקטיוו פון צייט געזען, האָט ער ווייט ניט די זעלביקע קינסטלערישע ווערט, ניט די זעלביקע געשיכטלעכע וויכטיקייט פאַר אַרגענטינער קולטור, ווי דער ערשטער.

מיטן צווייטן טייל פון „מאַרטין פיערראָ" איז געשען דאָס זעלביקע, אומגעפער — אַראָפּברעכנדיק נאַטירלעך די דיסטאַנץ און באַדייט; אייביקייט און גרויסקייט פון ביידע ווערק וואָס זיינען אפילו ניט צום פאַרגלייכן — וואָס מיטן אומשטערבלעכן סערוואַנטעס איז געשען ביים שרייבן און אַרויסגעבן דעם צווייטן טייל פון דעם אייביקן „דאָן קיכאָטע, דער אדל-מאַן פון לאַ מאַנטשאַ". מיטן

ערשטן טייל איז די געשטאַלט פונם „טרויעריקן ריטער" פאַרענדיקט גע־וואָרן; פאַרטיק; אויסגעשעפּט; עס איז ניט געווען צו צוגעבן אָדער מינדערן פון אים; אָבער דער גוואַלדיקער דערפאָלג האָט געלאָקט, האָט געצויגן און באַוואויגן דעם „פירשט פון די שעפער אין שפּאַניש" צו שרייבן אַ צווייטן טייל — און ער האָט עס געטון.

דער דערפאָלג פאַרבלענדט און אויך גרויסע שריפטשטעלער און דיכטער קענען, צומאָלס, ניט ביישטיין דעם נסיון, די שערלעכע ווירקונג פון דער הצלחה. און עס איז דאָך שווער צו צעשיידן זיך מיטן וועג, וואָס האָט איינמאָל געפירט צום גליק...

— 3 —

פאַראַן שרייבער און דיכטער, וואָס קויפן-איין, פאַרדינען און האַלטן אָן זייער אייביקייט מיט איין ווערק בלויז, וואָס זיי האָבן אָנגעשריבן אין משך פון גאַנצן לעבן; צומאָלס ווערט עס געטון באַוואוסטזיניק; צומאָלס זיינען די אומ־שטענדן פון לעבן אַזעלכע, וואָס האָבן דעם דיכטער ניט געלאָזט, ניט דערלויבט צו שרייבן, צו דיכטן מער.

כאָסע הערנאַנדעס, דער מחבר פון דעם פּאָפּולערסטן פּאָעמע-בוך, אין דרום-אַמעריקע — קיין בוך, וואָס איז דאָ דערשינען זינט דער טייל פון אַמעריקאַנער קאָנטינענט איז אַנטדעקט געוואָרן האָט ניט איבערגעשטיגן ביז איצט די פאַר־שפּרייטונג און פּאָפּולאַריטעט פון „מאַרטין פיערראָ" — געהערט צו אָט דער קאַטעגאָריע גליקלעכע-אומגליקלעכע דיכטער: ער האָט מער ניט איבערגעלאָזן קיין לידער ביכער, קיין פּאָעמעס, קיין ביכער בכלל, חוץ „מאַרטין פיערראָ", דאָס הייסט, געשריבן האָט ער געראָדע אַ סך; ער האָט געשריבן לידער, וואָס זיי־נען היינט פאַרגעסן און וועלכע קיינער וואָלט ניט דערמאָנט אפילו, ווען זיי האָבן ניט דעם זעלבן שעפער, וואָס „מאַרטין פיערראָ"; ער האָט אויך אָנגע־שריבן אַ בוך, וואָס איז אַ מין „קיצור שולחן ערוך פאַר עסטאַנסיעראָס" און וואו עס ווערט געגעבן אינסטרוקציעס, ווי צו איינאָרדענען און אָנפירן אַ מאָדערנע „עסטאַנסיאַ"; ביכער, אָבער דיכטונגען וואָס זאָלן ענלעך זיין, ווען אפילו וויייט, צו יענער פאָלקסטימלעכקייט, עכטקייט און וואַרהאַפטיקייט מיט וועלכער עס אָטעמט, פּולברוסטיק און קרעפטיק דאָס אוממיטלבאַרע ליד פון מאַרטין פיערראָ דעם גאַוטש וואָס רודפט, ווייל ער איז אַ נרדף; אַזעלכעס האָט אויסער „מאַרטין פיערראָ" הערנאַנדעס ניט געשריבן.

זיין לעבן האָט זיך אויסגעוויקלט אַזוי, אַז ער איז געווען, וואָס ער איז ניט געווען, נאָר פון דיכטן איז ער געווען וויייט. ביז אין דער עלטער פון 38 יאָר (סך-הכל האָט ער געלעבט 52 יאָר) ווען ער האָט איינמאָל אויסגעדיכטעט דעם „מאַרטין פיערראָ" — די שוואַנען-ליד פון אַ קלאַס, פון גאַוטשן-קלאַס, וואָס האָט געהאַלטן אין אונטערגאַנג אין וועלכן ער האָט פאַרייביקט דורך זיין ליד.

עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז „מאַרטין פיערראָ", הערנאַנ־

דעמעס, איז אַ שאַפונג בלויז פון איינמאָל, פון אַ פּאָר חדשים, אָדער אַ פּאָר יאָר, וואָס עס האָט געדויערט ביים דיכטער פונם פאַרטראַכטן ביז אַרויסברענגען זיין ווערק — עס איז אַ שאַפונג פון אַ גאַנץ לעבן; עס איז אַ דיכטערשער אויסדרוק און אויסגוס פון איבערלעבענישן פון אַ גאַנצן דור עס איז דער אויסדרוק פון אַ לעבנס-שטייגער, פון אַ סביבה, פון אַ גאַנצן קלאַס, וואָס איינער, דער באַגאַבטער יחיד, זאַמלט אָן אין זיך, באַוואוסטזיניק און אונטערבאַוואוסטזיניק אין משך פון אַ גאַנץ לעבן — און עס קומט דערנאָך צום אויסדרוק, ריכטיקער געזאָגט צום אויסברוך, אין איין געגעבענעם מאָמענט. ווי אַ וואולקאַן, וואָס זאַמלט אָן אין זיך לאַווע און ברענשטאָף פאַרהוילן פון אויג, אין משך פון יאָרהונדערטער, און אין איין געגעבענעם מאָמענט קומט עס צום אויסברוך צו אַן אַקטיוויטעט, וואָס דויערט אַ קורצע ווייַלע — אין פאַרגלייך מיט די דורות פון צוגרייטונג — און, אריבער דער קורצער פּעריאָד פון ערופּציע, באַרואיקט זיך דער וואולקאַן ווידער, ווי גאָרניט געווען.

הערנאַנדעס האָט געהאַט אַן אַקטיוון, באַוועגונגספולן לעבן; ער איז געווען אַ מלחמה-מאַן, אין די דאַמאָלסטיקע אומאויפהערנדיקע בירגער-קריגערייען און מלחמות מיט די אינדיעס פון דרום פון בוענאָס איירעסער פּראָווינץ; ער איז געווען אַ זשורנאַליסט אַ קעמפער, וואָס האָט פאַרביטערט געקעמפט קעגן סאַרמיענטאָס און מיטרעס פּאָליטיק, קעגן דער פּראָווינץ בוענאָס איירעס און פאַר דער קאָנפעדעראַציע. כאָטש געווען איז ער אַליין אַ געבאָרענער נעבן בוענאָס איירעס (אין דער היסטאָרישער טשאַקרע פון פּועירעדאָן, זיינער אַן עלטער-זיידע פון דער מוטערס צד). ער איז געווען פינאַנץ-מיניסטער אין קאָריענטעס, אַ דעפּוטאַט און סענאַטאָר אין פּראָווינץ בוענאָס איירעס, אַ סטענאָגראַף אין פּאַראַנאַ פון ענטרע ריאָס, אַ צייטונגס-אַרויסגעבער אין בוענאָס איירעס. וואָס איז דאָן נאָך ניט געווען די הויפּטשטאָט פון דער רעפּובליק; — ער איז געווען אַן אָפיציר אין דער אַרמיי פון ראָזאַסעס אַ ברודער, האָט אַנטייל גענומען אין דער רעוואָלוציע פון דעם „קאַודיזשאָ" כאָרדאַן קעגן סאַרמיענטאָן. ער איז דערנאָך געווען אַ פּאָליטישער עמיגראַנט, אַן עסטאַנסיערא אין דרום פון בוענאָס איירעס א. א. וו.

אָבער דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבן האָט ער פאַרבראַכט אין די עסטאַנסיעס פון דעם דאַמאָלסטיקן דרום, אויפן ראַנד פון דעם ציוויליזירטן ישוב; ער האָט זיך צוגעקוקט צום לעבן פון די גאַוטשאָס, האָט איינגעזאַפּט אין זיך זייערע פריידן, ליידן, זייער שטייגער, זייער אומיטלבאַרקייט, זייער נאַטירלעכן געפיל צו יושר און זייער דראַנג נאָך סאָציאַלער גערעכטיקייט. זייער ליבע צו פרייהייט און קאַמף פאַר דער פרייהייט, וואָס זיי האָבן שוין דאַן אָנגעהויבן צו פאַרלירן אונטערן דראַנג פון דער ישוב-ציוויליזאַציע וואָס די קאָלאָניזירט-ווערנדיקע אימיגראַנטן האָבן מיטגעפירט מיט זייער באַזעצונג, און אַלס קאָנסעקווענץ אומפאַרמיידלעכע. פון דעם עצם-פּראָצעס פון דער קאָלאָניזאַציע. ער האָט דאָס אַלעס איינגעזאַפּט, איינגעלעבט, אידענטיפיצירט מיט זיין וועזן, פילן, דענקען און איבערלעבן, שפּירנדיק ווי ער אַליין וואָלט געווען דער גאַוטש. דער „מאַרטין פיעררא", וואָס פאַרלירט דעם באָדן אונטער זיין עקזיסטענץ. די פרייהייט און די אומגעהויערע רחבות פון זיין פּאַמפּאַ — ער האָט געשפּירט, הגם ער איז ניט

געוועזן פון דעם גאוטשן-קלאס, נייערט ער האט געהערט צו דעם העכערן קלאס, צום אפשטאם פון די „פאטריציעס", און, איינמאל אין דער עלטער פון 38 יאר האט ער אויסגעדיכטעט די איבערלעבונג פון דאס גאנצע לעבן און גאנצן קלאס — און דערמיט פארענדיקט.

— 4 —

א שוואנען-ליד איז עס געווען פון א דור, וואס האט געהאלטן אין פאר-שווינדן, וואס האט געמוזט פארשווינדן, ווייל ניט ער, דער גאוטשן-דור האט געוואוסט, ווי צו צופאסן זיך צום נייעם לעבן, וואס האט זיך אין ארגענטינע געבויעט, אין דער פארענדערונג פון מדבר אויף ישוב; ניט די מאכט האט גע-וואוסט ווי אזוי צו צופאסן אים, דעם גאוטש צו אן איינגעזעסן, און דער עיקר צו אן א יי נ ג ע צ ו י מ ט בירגער-פויעריש לעבן.

הערנאנדעס האט מיט זיין איינפאכן געזאנג — דאס געזאנג פון זיין לעבן — געמיינט אפשר צו קענען ראטעווען פון אונטערגאנג דעם וואס האט דאן קיין רעטונג ניט געהאט.

דאס האט סארמיענטא בעסער פון אים פארשטאנען און אין זיין אקטיוויטעט אלס שטאטסמאן און אלס שרייבער פונם „פאקונדא", די געניאלע פאעמע אין פראזע, וואס איז די אנטיטעזע צום עפאס פון „מארטין פיערא", האט ער עס קלאר באטאנט: דער גאוטשא-דור מוז פארשווינדן.

הערנאנדעס האט געזונגען דעם עפאס פון גאוטשא מארטין פיערא; ער האט ניט דערגרייכט, וואס ער האט געהאט בכוונה, דערפאר האט ער דערגרייכט עפעס אנדערש און פיל מער: ער האט געשאפן אן ארגענטינער פאלקס-פאעמע, פאראייביקנדיק קינסטלעריש און ווארהאפטיק דעם, וואס איז שוין דאן פון דעם פראצעס זעלבסט פון דער געשיכטע פארמשפט געווען צו אומקום: דעם ארגענטינער גאוטשא.

און דאס ארגענטינער פאלק האט אינטואיטיוו אויפגענומען די גרעסטע פאלקס-פאעמע, וואס איז אין איר ליטעראטור ביז איצט געשאפן געווארן; ער האט זי אזוי טיף איינגעזאפט אין זיך, אז די פערזן, די מאריזמען, די רעדונגס-ארטן, די אפאריזמען און לעבנס-חכמה פון „מארטין פיערא" איז שנעל ארייג-געדרונגען אין פאלק; און שטיקער פון אים ווערן געזונגען פון „פאיאדארן", אין די פארנאכטן פון דער פאמפא, אין די קיכן פון די עסטאנסיאס, אין די פאר-ווארפענע „פולפעריאס" אונטערן מאנאטאנעם נעקלאנג פון דער גיטארע, ווי מארטין פיעררא אליין וואלט עס געזונגען; ווי עס וואלט געווען באמת א פאלקס-עפאס, אן אנאנימע שאפונג.

און א פאלקס - עפאס איז עס, ווארום: ברייט אפעלאטיוו, ברייט בא-קאנט איז דער נאמען פון „מארטין פיעררא", א סך מער באקאנט און פאפולער, ווי זיין שעפער הערנאנדעס, וועמעס אנדענק ארגענטינע דערמאנט מיט פייער-לעכער אנערקענונג אין דעם טאג פון זיין הונדערטיאריקן געבורט.

.1934

# האָראַסיאָ קיראָגאַ — אַ מייסטער פון דער אַרגענטינער דערציילונג

נאָך אַ לאַנגער קראַנקייט, איז שטיל געשטאָרבן, ווי שטיל און רואיק ער האָט געלעבט, דער שריפטשטעלער, דער דערציילער — און לאָמיר שוין עס זאָגן: איינער פון די בעסטע היגע דערציילער — האָראַסיאָ קיראָגאַ.

ער איז געשטאָרבן אין קליניק-שפּיטאָל, וואוהין ער איז מיט וואָכן צוריק געקומען זיך היילן און וואו ער האָט פאַרנומען אַ בעטל, אין די אַלגעמיינע זאַלן, ווי אַ געוויינלעכער, אַ דורכשניטלעכער אָרימער חולה. ניט ווי האָראַסיאָ קיראָגאַ, דער טאַלאַנטירטסטער צווישן די דערציילער און שריפטשטעלער אין די ליטע-ראַטורן פון אַרגענטינע און אורוגוואַי, לפּחות, אום ניט צו זאָגן — דער טאַ-לאַנטירטסטער צווישן די דערציילער אין דרום-אַמעריקע.

דער טויט זיינער איז געווען אין פולן איינקלאַנג מיט זיין לעבן: געלעבט באַשיידן, שטיל, אָן רעש, אין דער וויטער מיסיאָנעס — און געשטאָרבן שיעור ניט פאַרגעסן פון דער ברייטער אַרגענטינער אינטעלעקטועלער וועלט, שיעור ניט פאַרגעסן פון פריינט, פון פאַרערער, פון לייענער.

---

האָראַסיאָ קיראָגאַ האָט אַמאָל אַליין דערקלערט, אַז ער האָט זיך געפונען אונטער דער השפּעה פון עדגאַר פּאָ, דעם גרויסן אַמעריקאַנער דערציילער. דאָס איז אָבער געווען אַמאָל, אין די ערשטע יאָרן און ערשטע עטאַפּן פון זיין ליטעראַ-רישער אַרבעט. פּונקט ווי נאָך פריער, גלייך ביים אָנהויב פון זיין אויפטריט אַלס שרייבער, ווען ער האָט נאָך געוואוינט אין אורוגוואַי (ער איז אַ געבוירענער אין סאַלטאַ, אורוגוואַי) און האָט געשריבן לידער. האָט ער זיך געפונען אונטער דער השפּעה פון פראַנצויזישע דעקאַדענטישע דיכטער „פון סוף פון דעם יאָרהונ-דערט", אין וועמענס וועגן עס זיינען דאָ געגאַנגען אַזעלכע דיכטער ווי רובען דאַריאָ און דער דאַן יונגער לעאָפּאָלדאָ לוגאָנעס. דאַן, אין יאָר 1901, האָט האָראַסיאָ קיראָגאַ פאַרעפנטלעכט אַ באַנד לידער — דוכט זיך דעם איינציקן באַנד לידער, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט — אונטערן נאָמען... „אַרעסיפּעס דעל קאָראַל", און אין זיי איז ער אונטער דער השפּעה פון די פראַנצויזישע דעקאַדענטן.

גיך, אָבער, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ניט דאָס איז זיין וועג; און הגם אין זיין ערשטלינג בוך, איז קענטיק אַ טאַלאַנט גאָר ניט קיין אומבאַדייטנדיקער, פון אַ דיכטער, האָט ער, קיראָגאַ, שנעל זיך צעזעגנט מיט די דעקאַדענטס-שטי-מונגען, מיט דער פּאָעזיע בכלל און אויך מיט זיין געבורטס-לאַנד אורוגוואַי, און איז אַוועק אַהער קיין בוענאָס איירעס און איז געוואָרן דאָ אין אַרגענטינע דאָס, וואָס ער איז באַרופן געווען צו ווערן: ד ע ר  ד ע ר צ יי ל ע ר

„פאר עקסעלאנס“, דער מייסטער פון דער דערציילונג; דער אומאיבערגעשטייג-טער ביז-איצט דערציילער אין די שפאניש-רעדנדיקע לענדער פון דרום-אמעריקע; דער אומאיבערגעשטיגענער אין אלע הינזיכטן: אין דער טעכניק, אין דער פארם, אין אינהאלט, אין דער טעמאטיק, אין דעם סטיל, אין דער טיפקייט און אין דער מאדנער געהיימניספולקייט, אין וועלכער דער אינהאלט און די פארם — ער אלס גאנצעס, אלס איינס — זיינען איינגעוויקלט.

געוויס האט ער זיך געשפירט די ערשטע צייט פון זיין שרייבן נאוועלן — און דער אויפמערקזאמער לייענער שפירט עס אויך אין די ערשטע דערציילונגען-בענד זיינע, וואס ער האט פארעפנטלעכט נאך מיט עטלעכע און דרייסיק יאר צוריק — אונטער דער השפעה פון עדגאר פא: דער עצם-אויסוואל פון די טעמעס פאר די דערציילונגען; די אפגרונטן פון מורא, פון געהיימניש, פון פאטאליטעט. אין וועלכע ער גריבלט זיך אין יענע דערציילונגען, זאגן עדות אויף דער השפעה. וואס דער גרויסער צפון-אמעריקאנער דערציילער און דיכטער האט געהאט אויף קיראגאן אין יענער צייט.

דאס איז אבער געווען אן אויסערלעכע, ניט אן אינערלעכע השפעה; אן איינפלוס, וואס קומט פון א געוויסער ע נ ל ע כ ק י י ט, וואס האט עק-זיסטירט צווישן די צוויי גרויסע טאלאנטן, און דערפאר טאקע האט האראסיא קיראגא שנעל זיך באפרייט — אלס באמת גרויסער אריגינעלער טאלאנט פון נאוועליסט, אלס אמתער מייסטער פון דער קורצער נאוועלע — פון דעם דאזיקן איינפלוס.

און אויב שוין יא זוכן פארגלייכונגען, כדי קורצער און שנעלער דעפינירן, באצייכנען דעם מהות פון קיראגאס טאלאנט אלס דערציילער, פארגלייכונגען מיט אזעלכע קאריפעען פון דער וועלט-ליטעראטור — וועמעס ליטערארישער מהות איז שוין לאנג אזוי ווייט דעפינירט קלאר און באקאנט, אז זיי קענען דינען אלס איינס, אלס מאסשטאב פאר דער אפשאצונג פון אנדערע, וועלכע האבן געוויסע ענלעכקייטן צו זיי — וואלט מען געקענט און געדארפט באצייכנען דאס ליטע-ראַרישע פלאץ פון האראסיא קיראגאן צווישן דזשעק לאנדאן און ראיארד קיפלינג פון איין זייט און צווישן עדגאר פא און גיו דע מאפאסאן פון דער צווייטער זייט.

ווי די ערשטע צוויי — און כלעבן ניט ווינציקער מייסטערהאפטיק פון זיי — האט ער געשילדערט דאס לעבן פון די חיות אין די ווייטע וועלדער פון אונ-זער ד ר ו ם - אמעריקאנישן הייסן צ פ ו ן אין די וועלדער אין מיסיאנעס און פון טשאקא; ביי לאנדאנען איז עס אין דעם קאלטן צפון, ביי קיפלינגען איז עס אין דעם ווילדן-וואלד פון דער דזשאנגל, ביי קיראגאן איז עס אין די סוב-טראפישע וועלדער, וואס ציען זיך אומענדלעך ביים ראנד פון ארגענטינע, בראַ-זיל, פאראגוואי און באליוויע. טיגערס, שלענג, עקדעשן, ווילדע חיות און פויגלען; זייער לעבן און די „סביבה“, אין וועלכער זיי לעבן; וועלדער אומדורכדרינגבארע, די ברייטע גרויסע טייכן, און קלענער שטורמישע טייכלעך, וואס פליסן אין יענע אריין; מיט די מיסטעריעזע אינזלען, שווימענדיקע, האלב-אומבאוואוגלעכע פאר-וואקסענישן, אין וועלכע עס רויען זיך אלערליי שלענג, רמשים, גיפטיקע און גע-

פערלעכע באשעפעניש; זייער מיסטעריעזע וועלט, זייער פסיכאָלאָגיע, זייער לעבן און קאַמפּן מיטן מענטש און מיט די אַנדערע חיות.

דאָס איז בלויז איין עלעמענט פון דער פלאָרא און פאונא פון האָראַסיאָ קיראָגאַס ליטעראַרישן לאַנד-און-נגבים.

ווי די ערשטע צוויי, ווי רזשעק לאָנדאָן און קיפּלינג, האָט האָראַסיאָ קיראָגאַ אַרויסגעבראַכט אין זיינע בעסערע דערציילונגען אויך די מענטשן פון יענער סביבה, פון יענער וועלט; די פּרימיטיווע מענטשן און די פאַרשטויסענע מענטשן, וואָס לעבן אין כמעט שטענדיקן קאַמף מיט דער שטייפער, האַרטער, ווילדער, נאַטור פון יענער געגנט, כמעט ביים ראַנד פון דער ציוויליזאַציע; דער שרעק-לעכער גיהנום פון די „אָבראַבעס״ (וואַלד-אינדוסטריע); דאָס לעבן אין די פּלאַנ-טאַציעס פון זשערבאַ-מאַטע; שיכורים, וואַגאַבונדן, עלנטע מענטשן, אומאַנט-וויקלטע פאַרשוינען, צוזאַמענגעלאָפענע פון אַנדערע לענדער, געגנטן; אַפּאַטיקער, וואָס זיינען איבער פערזענלעכע אומגליקן און צופאַלן אַנטלאָפן פון דער שטאָט אין דער וויסטע, אין דער וואַלד-ווילדעניש און דאָרטן אַראָפּגעלאָזן זיך אויפן ראַנד פון לעבן, אויפן ראַנד, וואָס גרעניצט מיט... ווילדעניש.

דאָס איז די פאַרשוינען-וועלט פון קיראָגאַס נאָוועלן אין זיינע בעסטע דערציילונגען ביכער, אין די וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט צווישן די יאָרן 1917 און 1926, „דער ווילדער״, „דערציילונגען פון וואַלד״, „אַנאַקאַנדאַ״, „דער מדבר״, „די פאַרטריבענע״ — זיינען די נעמען פון די דאָזיקע ביכער. דאָס איז אַ קיפּלינגישע וועלט, אַ רזשעק לאָנדאָנישע וועלט — אויף דעם פאָן פון דרום-אַמע-ריקאַנער פּייזאַזש.

און ווי עדגאַר פּאָ, איז קיראָגאַ — וואָס אַנבאַלאַנגט דעם אַנדערן עלעמענט פון זיינע דערציילונגען: די דערציילונגען, וואָס עמיצער האָט באַצייכנט ניט אינגאַנצן ריכטיק און טרעפלעך, אַלס פּרווידיאַנישע; דערציילונגען, אין וועלכע עס ווערן באַהאַנדלט ענינים, אַזוי צו זאָגן, פון דער „פערטער דימענסיע״... ריכ-טיקער וואָלט געווען צו זאָגן: דערציילונגען פון ליבע, מישוגעת און טויט; דער-ציילונגען, אין וועלכע עס ווערן באַהאַנדלט ענינים „פון יענער זייט״ ניט פון ד ע ר זייט יעדנפאַלס... פון טויט, פון יענער זייט פון ערדישן לעבן.

עס איז נאַטירלעך אַ צופאַל נאָר, וואָס דאָס לעצטע בוך זיינס טראָגט דעם נאָמען „מאַס אַזשאַ״ („ווייטער דאָרטן״) און אין אים זיינען געזאַמלט די דערציי-לונגען וואָס געהערן צו דעם זשאַנר — די פּסיכאָלאָגיע פון מענטשן, וואָס האָבן אַריינגעקוקט פון י ע נ ע ר ז יי ט לעבן אָדער אפילו איבערגעטראָטן שוין די שוועל פון „יענער זייט״; עס איז, זאָג איך, אַ צופאַל בלויז, וואָס דאָס איז זיין לעצט בוך; אָבער דער צופאַל איז ווי אַ סימבאָל פאַר זיין ליטעראַריש שאַפן אין משך פון די לעצטע יאָרן. אין זיינע דערציילונגען פון ד ע ם געביט, פון דעם עלעמענט, איז ער אַ וויזיאָנער, וואָס זעט, וואָס „פון יענער זייט״ פון לעבן און פון דער פּסיכאָלאָגיע פון לעבן טוט זיך, און ער דרינגט אריין אין דער מיסטעריע פונם ניט-זיין.

צו גיו-דע-מאָפּאַסאַן קען מען און מען מעג איבּ פאַרגלייכן, און מיט דער מאָס פון דעם דאָזיקן מייסטער פון דער פראַנצויזישער נאָוועלע קען מען און

מען מעג מעסטן האָראַסיאָ קיראָגאַן אַלס מייסטער פון דער קורצער נאָוועלע אין דרום-אַמעריקע, אַלס מייסטער פון פאָרעם, פון אינהאַלט, פון סטיל.

אַזאַ איז געווען דער שריפטשטעלער האָראַסיאָ קיראָגאַ. און מיט רעכט זאָגט זיין לאַנדסמאַן, דער אורוגוואַיער אַלבערטאָ צום-פעלדע, אין אַן עסעי וועגן קיראָגאַן, אַז ער, „קיראָגאַ איז פון די ווינציקע, זייער ווינציקע אַמעריקאַנער שרייבער, וואָס געהערן צו דער וועלט-קאַטעגאָריע".

ווען קיראָגאַ וואָלט געווען אַ שרייבער ניט אין דרום-אַמעריקע, נייערט אין אייראָפּע, אין שפּאַניע אפילו, וואָלט ער, אַלס דערציילער, לאַנג שוין געווען וועלט־באַרימט — דרום-אַמעריקע לעבט אָבער פון יענער זייט פונם ראַנד פון אייראָפּעאישער אויפמערקזאַמקייט — און ער איז באַקאַנט נאָר דאָ... און סאיז אַ גרויסער שאָד — אַ שאָד פאַר די לייענער פון אַנדערע לענדער און שפּראַכן, וואָס האָבן, איבער דעם ניט די מעגלעכקייט געהאַט צו קענען און געניסן אַזאַ גלענצענדן שריפטשטעלער.

.1937



# דער ראָמאַנטיקער פון דער היגער יידישער קאָלאָניזאַציע

## וועגן דער נייער אויפלאַגע פון אַלבערטאָ גערשונאָווס בוך „לאָס גאַוטשאָס כודיאָס“

— 1 —

אין דעם פאַרלאַג „מ. גליזער“ איז דערשינען אַלס ערשטער נומער פון דער „ביבליאָטעק פון אַרגענטינער שרייבער“ אַ נייע אויפלאַגע פון אַלבערטאָ גערשונאָווס בוך „לאָס גאַוטשאָס כודיאָס“.

עס איז געווען באמת אַ גוטער און לויבנסווערטיקער איינפאַל מצד דעם פאַרלעגער אַרויסצוגעבן איצט דאָס בוך „די יידישע גאַוטשאָס“, דער בכור פון די ווערק פון אונדזער באַרימטן שריפטשטעלער אין דער אַרגענטינער אין שפּאַנישער ליטעראַטור. עס איז אַריבער אַ האַלבער יובל יאָרן זינט דאָס בוך איז דערשינען אין אַ פאַרלאַג, אין לאַ פּלאַטאַ, און עס איז שוין איבער אַ האַלבער יובל יאָרן זינט דאָס דערמאָנטע בוך איז... אויסגעגאַנגען פונם ביכער־מאַרק, ווייל די אויפלאַגע פונם בוך איז אויספאַרקויפט געוואָרן תיכף ווי זי איז דערשינען און דאָס בוך איז געווען באמת אַ יקר־המציאות.

עס איז פאַראַן נאָך אַ מאָמענט, וואָס מאַכט דאָס דערשיינען פון אַ נייער אויפלאַגע פון „לאָס גאַוטשאָס כודיאָס“ גראַדע איצט, פאַר באַזונדערס וויכטיק: עס איז קיין סוד ניט, אַז אין איניקע קרייזן פון דער מיינונג אין לאַנד מערקט מען אַ נאָז־קרימעניש קעגן דער יידישער אימיגראַציע. אַפילו אין דעם גאָר־קליינעם טעמפּאָ, מיט וועלכן זי גייט איצט — באשר: „ס׳איז אַן אימיגראַציע הויפּטזעכלעך אַ שטאָטישע, ניט קיין דאָרפישע, ניט קיין אַגריקולטורעלע; און וואָס אַרגענטינע דאַרף איז אַן אימיגראַציע, הויפּטזעכלעך אַ קאָלאָניסטישע“... און די נאָז־קרימער פאַרגעסן דערביי, אַז נאָך אַלעמען, רעלאַטיוו צו דער פאַרהעלטעניש, וואָס איז פאַראַן אין אַרגענטינע צווישן דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג אין לאַנד און דעם קליינעם ערד־אייגנטימער־באַשטאַנד, איז דער פּראָצענט פון יידישן קאָלאָניסטנטום לגבי דעם אַלגעמיינעם גרויס פון אונדזער ישוב אין דער רעפּובליק ניט קיין קליינער.

מען האָט אין די ניט־יידישע קרייזן, אַפילו פון דער ליבעראַל־ראַדיקאַלער מיינונג אין לאַנד אָנגעהויבן פאַרגעסן אין דער יידישער קאָלאָניזאַציע. אַנדערע, דער יונגערער אונטערגעוואַקסענער דור פון אַרגענטינער — אויב ער איז ניט פון ענטרע ריאָס אָדער מאָזעסווילער געגנט, וואו די יידישע קאָלאָניזאַציע איז קאָנצענטרירט, הויפּטזעכלעך — ווייסט פּשוט ניט וועגן דער עקזיסטענץ פון

יידישן פויערטום אין לאנד, וועגן דער עקזיסטענץ פון א יידישער קאלאניזאַציע, דער אָנהויב פון וועלכער דאַטירט נאָך פון יאָר 1889, וועגן דער עקזיסטענץ פון א יידישן קאָלאָניסטנטום, וואָס ציילט איבער דריי טויזנטע משפחות. קוקט מען דערום אויף דעם יידישן איינוואוינער ווי אויף א פּאַרמיטלערישן, ווי אויף א שטאָטישן הויפּטזעכלעך; און מען קוקט קרום.

מיר שעמען זיך ניט און מיר האָבן זיך ניט פּרוואָס צו שעמען אויך מיט אונדזער שטאָטישן ישוב, וואָס האָט אַנטוויקלט די קאָמערץ, האָט איינגעפירט אין לאַנד צענדליקער צווייגן און בראַנזשעס פון וויכטיקער אינדוסטריע, וואָס האָבן, א דאַנק דער פּריוואַטער יידישער איניציאַטיוו - אונטערנעמונגס־פעאיקייט און אויך ניט ווינציק א דאַנק דער יידישער... עקשנות, זיך איינגעוואָרצלט און אויפגעבליט אין אַרגענטינע, דערגרייכנדיק צו א שטופּע פון קענען קאָנקורירן מיט דעם אימפּאָרט פון די זעלבע אַרטיקלען און פאַבריקאַטן פון אויסלאַנד.

מיר שעמען זיך ניט און האָבן זיך ניט וואָס צו שעמען מיט אונדזער שטאָטישן ישוב — וואָס באַשטייט פון אַרבעטער, אינדוסטריאַלן, סוחרים און פּראָפעסיאָנאַלן — וואָס האָט זיך געשאַפן אַן ערלעך פּאַרדינטן נאָמען אויף אַלע געביטן פון נוצלעכער אַקטיוויטעט אין לאַנד: דאָס הייסט אָבער ניט, אַז מיר דאַרפן פאַרציכטן אויף דער וויכטיקייט און באַדייטונג פון דער עקזיסטענץ פון אונדזער קאָלאָניסטישן ישוב אין לאַנד. און אויב דער יונגער דור אַרגענטינער ווייסט ניט פון דעם — ווייל זיינט גערשונאָווס „גאַוטשאָס כודיאָס" מיט 25 יאָר צוריק איז כמעט ווי גאָר ניט דערשינען אין שפּאַניש, ניט קיין בעלעטריסטיק, ניט קיין פּובליציסטיק, וואָס זאָל דערציילן, שילדערן דאָס יידישע לעבן אין די קאָלאָניעס אָדער אינפאָרמירן, אפילו, וועגן דעם קאָלאָניזאַציע-וועזן — איז לאַנג שוין נויטיק געווען צו פאַרפולן דעם דאָזיקן בלויז, דורך אַרויסגעבן אין שפּאַניש ווי אינפאָרמאַטיווע, אַזוי אויך שיינע ליטעראַטור וועגן דער געשיכטע, אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע. און מיטן דערשיינען פון דער נייער אויפלאַגע פון גערשונאָווס „לאָס גאַוטשאָס כודיאָס" איז דער דאָזיקער גוטער אָנהויב געמאַכט געוואָרן.

— 2 —

גערשונאָווס „לאָס גאַוטשאָס כודיאָס" איז א בוך, אין וועלכן עס איז געקומען צום אויסדרוק דער ראָמאַנטיזם, אַזוי צו זאָגן, אין וועלכן עס איז איינגעהילט געווען די יידישע קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע אין די ערשטע יאָרן פון איר אַנטשטייאונג, אין דעם ערשטן פּעריאָד, דעם האָניק-פּעריאָד, לאָמיר זאָגן, פון איר בויאונג און איינצייטיק, אויך שווערער פּיאָנערן־פּעריאָד.

ער איז געשריבן אין א לירישער פּראָזע; אויף טריט און שריט ווערט אַרויסגעבראַכט, דירעקט און אומדירעקט, דער איבערברוך, וואָס עס האָט אין יענער צייט פאַר די ערשטע אימיגראַנטן באַדייטעט זייער איבערשיכטונג: דאָס איבערגיין פון לופט-פּרנסות צו שווערער אַגריקולטור־אַרבעט, צו אַרבעט, וואָס מיט איבער פיר צענדליק יאָר צוריק איז עס געווען פיל שווערער ווי איצט.

מיר קענען זיך קוים פאָרשטעלן, ווי שווער, ווי שמערצלעך, ווי פּיינלעך דער דאָזיקער איבערברוך האָט געמוזט זיין פאַר די, וואָס האָבן אים אויף דעם אייגענעם לייב-און-וועזן געדאַרפט פילן — און דער מחבר פון די „גאַוטשאָס כודיאָס" און זיין פאַמיליע געהערט צו יענעם דור פון דער ערשטער יידישער אימיגראַציע אין אַרגענטינע.

מלמדים, קרעמער, מעקלער, שטאָטישע בעלי-מלאכה, זיינען אַריבערגע-בראַכט געוואָרן אין די ווילדע אומפאַרצוימטע פּאַמפּעס, פון אַ קאַפּריציעזן קלי-מאַט, אין געגנטן דאַן נאָך וויסטע אומבאַזעצטע און מען האָט זיי געגעבן ערד צו אַרבעטן, אויסקאַרטשעווען וועלדער, צעוואַרפן מוראַשניקעס, אויפרייסן צע-לענע — אַן עובדה אַ שווערע אפילו פאַר פּויערים געניטע, פאַר פּויערים ניט פון ערשטן דור.

עס האָט זיך גענויטיקט אַ גאָר גרויסע מאָס אידעאַליזם פאַר ערד-אַרבעט; עס איז נויטיק געווען צו זיין דורכגעדרונגען דורך-און-דורך פון יענעם נאַאיוון גלויבן אין דער טוגנטנטהאַפטיקייט און געזונטקייט פון דער עבודת-האדמה, וואָס אליקום צונזער, אונדזער פאָלקס-באַרד פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, האָט באַ-זונגען אין זיין „סאָכע"-ליד, וואָס איז געווען דאַן כמעט אַ פאָלקס-ליד און געוואָרן כמעט ווי אַ הימן, ביי אונדזערע ערשטע יידישע קאָלאָניסטן אין דעם לאַנד.

אָט מיט דעם מאָדנעם מין ראָמאַנטיזם צו ערד-אַרבעט איז באַהויכט גער-שונאָווס בוך „לאָס גאַוטשאָס כודיאָס": אין אַלע סקיצעס און דערציילונגען, שטייגער-בילדלעך און פּייזאַזשן פון דעם בוך, דאָמינירט דער דאָזיקער דער-הויבענער, מיר וואָלטן געזאָגט, פּייערלעך-לירישער טאָן פון אַ באַזונדערער באַ-ציאונג, פון אַ מין יום-טובדיקער באַציאונג צו דער קאָלאָניזאַציע, וועלכע דער-שיינט פאַר אונז, פאָלגלעך, אידעאַליזירט, פאַרהילט אין אַ מין שלייער פון פּיינע קאָלירן, וואָס לאָזן שווער זען די פּיינלעכע ווירקלעכקייט, די שווערע נסיונות, וואָס די קאָלאָניסטן האָבן איבערגעלעבט און געמוזט איבערלעבן אין יענע יאָרן ווען דער עקספּערימענט פון איבערישיכטונג פון די ערשטע יידישע אימיגראַנטן אַהער האָט זיך ערשט געהאַט אָנגעהויבן.

ניט קיין גרויער, ניכטערער רעאַליזם קומט אין דעם בוך און פאַליש וואָלט געווען דער צונאַנג פון די, וואָס ווילן זוכן און זען אין די „גאַוטשאָס כודיאָס" רעאַליסטישע שילדערונגען פון די ערשטע קאָלאָניזאַציע-יאָרן. מען זעט ניט אין דעם בוך די שווערע ליידן, וואָס די קאָלאָניסטן זיינען אויסגעשטאַנען ביים בויען די קאָלאָניע, ביים באַצווינגען די ווילדע סטיכיע פון דער פּאַמפּאַ. מען געפינט דאָ כמעט קיין זכר ניט פון די „מעשים טובים" פון די ערשטע איק"אישע אַד-מיניסטראַטאָרן און אַגענטן, וואָס האָבן געזוכט צו שאַלטן-און-וואַלטן איבער די ערשטע קאָלאָניסטן, כמעט ווי פּעאָדאַלע הערשער.

מען זעט ניט אין די סקיצן פון דעם בוך די איבערלעבונגען די שווע-רע,, די בענקשאַפטן די נאָגנדיקע, וואָס האָבן אומבאַדינגט געמוזט זיין ביי די ערשטע קאָלאָניסטן; איבערלעבונגען און בענקשאַפטן, נאָך די לעבנס-פאָרמען פון פריער, נאָך דעם לעבנס-שטייגער אין דער אַלטער היים; די בענקשאַפט נאָך

די אַלטע פרנסות, נאָך די פאַבריקע באַשעפטיקונגען, וואָס קומט געוויינלעך צו עמפּינדונג שטאַרקער, בעת דורכפאַלן און שוועריקייטן וועלכע זיינען אַזוי פּיל געווען אין די ערשטע יאָרן פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע.

אין גערשונאָווס בוך, וואָס איז געשריבן געוואָרן מיט 25 יאָר צוריק איז דאָס נישטאָ. פאַרוואָס? גערשונאָוו האָט אַ שאַרף-שריפטשטעלעריש-אויג צו זען, צו באַאָבאַכטן, צו אויפנעמען און אויסדריקן אַזעלכע שטריכן. אין זיין בוך וועגן דעם ערשטן, דעם ראָמאַנטישן פּעריאָד פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע האָט ער עס ניט געגעבן. פאַרוואָס?

ערשטנס, ווייל די אַלע זאַכן, וועלכע זיינען אַן און פאַר זיך אַזוי וויכטיק, זיינען גאָרניט לגבי דעם ווערט און דער וויכטיקייט פון דאָס גאַנצע, לגבי דעם פאַקט פון דעם „בראשית“ פון דער קאָלאָניזאַציע, לגבי דעם עפּישן אויפטו פון באַזעצן יידן אויף אַרגענטינער פּאַמפּעס און פאַרוואַנדלען זיי אין אַקער-פּויערים. אַט דאָס דאָזיקע גרויסע, וואָס באַראָן הירש האָט געפּלאַנעוועט, פאַרדינט באמת אויסגעדריקט צו ווערן אין אַ מעכטיקן עפּאָס.

די פּרטים, די שוועריקייטן, די טאָג-טעגלעכע אומפאַרמיידלעכע איבלען פון דער קאָלאָניזאַציע באַזונדערס אין איר ערשטן פּעריאָד, זיינען אין פאַרגלייך מיט דאָס גאַנצע, מיטן העראָאישן פאַקט אַליין, אַזוי קליין און אומוויכטיק, אַז סאיז באמת אפשר ניט כדאי צו שטערן דעם געהויבענעם טאָן פון זוניקן ליריזם און פייערלעכער ראָמאַנטיק, אין וועלכן דאָס ערשטע בוך וועגן דעם ערשטן פּעריאָד פון יידישער קאָלאָניזאַציע ביי אונז אין לאַנד האָט געדאַרפט געווען זיין אויסגעדריקט.

צווייטנס: גערשונאָווס בוך איז געשריבן געוואָרן הויפּטזעכלעך פאַר דעם ניט-יידישן לייענער, פאַר דעם ברייטן אַרגענטינער פּובליקום. און עס איז טאַקע ניט נויטיק געווען צו דערציילן פאַר אָט דעם פּובליקום אַזעלכע דעטאַלן פון דער גרויער קאָלאָניסטישער ווירקלעכקייט פון יענער צייט, וואָס זיינען נוגע געווען אינערלעכע היימישע יידישע איבלען און וועלכע די ברייט ניט-יידישע וועלט וואָלט ניט געווען פאַרשטאַנען גאָר, וואָלט ניט געווען אויפנעמען; וואָס יאָ, עס וואָלט נאָר געווען אָפּגעשוואַכט, פאַר דעם אָנזיכט פונם ניט-יידישן לייענער-פּובליקום, די גאַנצקייט און שיינע באַדייטונג פון דעם עצם-פאַקט, וואָס יידישע קאָלאָניזאַציע האָט באַדייטעט אין יענער צייט (און איצט ווידעראַמאָל) פאַר דער אַרגענטינער עפנטלעכקייט.

עס איז אַ בוך וועגן יידישן איבערבוי און איבערשיכטונג אין די אַרגענטינער פּאַמפּעס, וואָס איז געשריבן געוואָרן מיט 25 יאָר צוריק און אַזאַ בוך האָט גע-מוזט טראָגן אַ הערלעך-לירישן טאָן און אַ פייערלעך-אַפּאָלאָגעטישן אונטער-טאָן, אַזוי צו זאָגן; ער האָט געדאַרפט געשריבן ווערן — און אַזוי איז ער — מיט אַ באַזונדער כאַראַקטער און אויסגעהאַלטן אין אַ באַזונדערע ריכטונגס-ליניע, וואָס האָט אָפּגעווייכט פון דער שווערער רעאַליטעט פון די ערשטע יאָרן פון גרויקייטן, פון די היימישע יידישע צרות פון יענעם קאָלאָניזאַציע-פּעריאָד און האָט באַלויכטן דאָס אַלגעמיינע בילד מיט אַ וואַרימער הומאָרפולער, ראָזע-ווער שיין.

און דריטנס: און דאָס איז די וואַרהייט, דער טאָן פון אידעאַליזאַציע, דער טאָן פון פייערלעכער יום-טובדיקייט — איז טאַקע געווען דער הויפּט-טאָן, וואָס האָט באַגלייט, וואָס האָט באַהויכט, וואָס האָט געוואַרימט די יידישע קאָלאָניזאַציע אין דער רעפּובליק אין משך פון די ערשטע אַנדערהאַלבן צענדליק יאָר (מער-ווינציקער) פון איר אַנטוויקלונג: די ערשטע קאָלאָניסטישע פּירער אַליין, אין ענטרע ריאָס און אין סאַנטאַ פע, זיינען געווען דורכגעדרונגען, דורכגעהויכט פון אַזאַ מין אידעאַלער באַציאונג צו „עבודת האדמה"; זיי האָבן אויף דער קאָלאָניזאַציע געקוקט באמת, ווי אויף אַ מין עבודת-קודש, ווי אויף אַ נאַציאָנאַלער דערהויבונג און אויף זיך ווי אויף איבערגעבוירן-ווערנדיקע, ווי אויף פּיאָנערן פון אַ גרויסן נאַציאָנאַלן איבערבוי-ווערק. דעם טאָן האָבן געגעבן די פּירער און די מאַסע קאָלאָניסטן האָט אים אויסגעדריקט אין דער האַלטונג, אין דער באַציאונג, אין דער אַרבעט; און, אפשר אַ דאַנק טאַקע אָט דער דאָזיקער ראָמאַנטיק פונם ערשטן קאָלאָניזאַציע-פּעריאָד, האָבן אונדזערע ערשטע יידישע אַקער-פּויערים דאָ אין לאַנד, געפּונען אין זיך כוח צו איבערטראָגן די געוואַלדיקע שוועריקייטן און ליידן, וואָס זיי האָבן געהאַט צו אויסשטיין ביז די קאָלאָניזאַציע האָט דורכ-געריסן די „צעלענע" אויך אין הינן יידישן לעבן פון דעמאָלט, און טיפע וואָרצלען געשלאָגן אין דעם באָדן פון די גרעניצלאָזע פּאַמפּעס.

גערשונאָווס „גאַוטשאָס כודיאָס" איז אַלזאָ אַן אויסדרוק פון דער באַציאונג, וואָס האָט געהערשט צווישן די קאָלאָניסטן זעלבסט צו דעם קאָלאָניזאַציע-ווערק, אַן אויסדרוק פון די שטימונגען, וואָס האָבן באַהערשט יידן אין לאַנד און אין די אַלטע היימען, ווענן דעם מהות אין דעם פאַקט פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אַלס גאַנצעס.

— 3 —

אַזאַ איז גערשונאָווס בוך, וועלכער איז דערשינען מיט פּינף און צוואַנציק יאָר צוריק, „געווידמעט דעם געאַכפּערטן אַנדענק פון באַראָן משה הירש, דעם גרינדער פון די יידישע קאָלאָניעס אין אַרגענטינער רעפּובליק".

„זיינער איז געווען דאָס ערשטע ברויט, וואָס מיינע היימישע — זאָגט דער מחבר אין דער ווידמונג — האָבן געגעסן אויף אַמעריקאַנער ערד און אַלס אויס-דרוק פון פּשוטער דאַנקבאַרקייט, שטעל איך זיין נאָמען בראש פון דעם דאָזיקן בוך".

דער טאָן פון באַגייסטערונג מיטן עצם-ענין פון קאָלאָניזאַציע ווערט אויס-געדריקט פונם מחבר נאָך בולטער אין די געציילטע שורות, מיט וועלכע ער האָט איינגעלייטעט דעם בוך, אין זיין ערשטער אויפלאַגע, אין יאָר 1910, דאָס יאָר פונם יום-טוב, פונם ערשטן יאָרהונדערט פון אַרגענטינער באַפרייאונג. דער מחבר שטעלט אַלס עפּיגראַף פונם בוך דעם פּסוק: „כי ביד חזקה ובזרוע נטויה", דען מיט אַ שטאַרקער האַנט און פעסטן אָרעם האָט אונז גאָט דער האר באַ-פרייט פון מצרים. די יידישע באַפרייאונג פון צאַרס מדינה, דאָס אריינקומען צו קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע ווערט ביי אים אַקטואַליזירט דאָ, מיט די סענטע-נאַריום-פייערונגען פון אַרגענטינער באַפרייאונג; און דער אַלגעמיינער טאָן, וואָס זינגט פונם בוך אַרויס, איז דערום: אַ לירישראָמאַנטישער; אַ געהויבענער

געזאנג פון מענטשן, וואָס ווערן ווידערגעבוירן דורך קאָלאָניזאַציע, אין אַ לאַנד וואָס האָט זיי אויפגענומען וואַרים, מוטערלעך, און גיט זיי ברויט און פרייהייט.

אָבער אין דער דאָזיקער ראָמאַנטיק איז פאַראַן אויך געזונט שטייגער-בילד־לעך, געזונט טרייע, וואָר-שילדערונגען פונם יידישן טאָג-טעגלעכן לעבן אין די קאָלאָניעס פון פיר צענדליקער יאָרן צוריק; און געשריבן פון אַזאַ סטיל-מייסטער ווי גערשונאָוו, זיינען זיי איצט נאָך פריש, לעבעדיק און דאָס לייענען פון דעם בוך פאַרשאַפט אַן אמתן געניס.

1936.



# אַ פּאָר ווערטער צום סוף

אַלע אַרבעטן, וואָס קומען אַריין אין דער דאָזיקער זאַמלונג זיינען פאַרעפנטלעכט געוועןָ —ווי דאָס ווייזט דער ציפער פונם יאָר, אונטער יעדער, און וואָס דאַרף העלפן דערמאָנען די לייענער די געשעעניש אָדער דעם געלעגנהייטס-דאַטום אין שייכות מיט וועלכער די אַרבעט איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן— צווישן די יאָרן 1918 און 1942; מיטן אויסנאַם פון צוויי, וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט געווען אין „שפּיגל“ און די צוויי אַרבעטן וועגן רש״י, וואָס זיינען (אונטער פּסעוודאָנימען) געדרוקט געווען אין דעם רש״י-בוך, זיינען אַלע אַרבעטן געדרוקט געווען אין „די אידישע צייטונג“.

די קאַפּיטלען דריי און פיר פון דער אַרבעט „ברוך ספּינאָסאַ“, זיינען לכתּחילה געווען געשריבן אין שפּאַניש אין דער מיטאַרבעטונג מיטן פאַרשטאָרבענעם יידיש־שפּאַנישן שריפטשטעלער ד״ר א. כאַצקאַלעוויטש. די קאַפּיטלען האָט דער מחבר איצט גענצלעך איבערגעאַרבעט און איבערזעצט פון שפּאַניש. צוליב דער גאַנצקייט פון דער אָפּהאַנדלונג. ניט געקוקט אויף דער מיזאַמער הגהה, זיינען אין בוך וואַרשיינלעך אַריינגעפאַלן, געוויסע דרוק־פעלערן. מיר מאַכן אויפמערקזאַם בלויז אויף צוויי וויכטיקע: אויף דעם דף 65, זיבעטע שורה, אנשטאַט נ יי ע יי ד ן, דאַרף ווערן געלייענט נ יי ע ק ר י ס ט ן. און אויף דף 236, שורה 13 זיינען אַרויסגעפאַלן די ווערטער „ווי קאָנקרעט“; די גאַנצע שורה דאַרף ווערן געלייענט אַזוי: „מער אונטערבאַוואוסטזיניק, אַבסטראַקט, ווי קאָנקרעט און נאָענט“ א. א. וו.

ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט, וויל איך אויסדריקן מיין האַרציקן און וואַרימסטן דאַנק די פריינט דוד גרויסמאַן, מאַרק טורקאָוו, כוליאַ לעווין, אברהם טורניאַנסקי און ר' מרדכי ראָזאָווסקי, פאַר דער באַזונדערער מיזאַמער אַרבעט, אינטערעס און ענערגיע, וואָס זיי האָבן אַנטוויקלט און אַרויסגעוויזן ביי דער מאַטעריעלער רעאַליזירונג פון דער דאָזיקער אויסגאַבע. זיי, אין דער ערשטער רייע, מיין האַרציקן דאַנק פאַר דער איניציאַטיוו און דער אַרבעט. און אַ האַרציקן דאַנק אויך אַלע פריינט און לייענער, וואָס האָבן זיך וואַרים אָפּגערופן אויף דער איניציאַטיווע און דורך דעם מעגלעך געמאַכט אַז דאָס בוך זאָל דערשיינען.

י. מ.

★

# אינהאַלט

זייט

